אינסטיטוט פאר יידישער קולטור בא דער אלוקראינישער
וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע. ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע

# ביבליאָלאָגישער זאמלבוך

באנד I



צענטערפארלאג

INSTITUT FÜR JIDDISCHE KULTUR AN DER UKRAINISCHEN
AKADEMIE DER WISSENSCHAFTEN. BIBLIOLOGISCHE KOMISSION

# BIBLIOLOGISCHES SAMMELBUCH

## I

Redigiert
von
J. LIEBERBERG

1 9 3 0

ZENTRALER VÖLKER-VERLAG U. S. S. R.
MOSKAU CHARKOW MINSK

אינסטיטוט פאר יידישער קולטור בא דער אוקראאינישער
וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע. ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע

# ביבליאָלאָגישער זאמלבוך

## I

אונטער דער רעדאקציע
פון
י. ליבערבערג

1930

צענטראלער פארלאג פאר די פעלקער פון פ. ס. ר. ר.
מאָסקווע כארקאָוו מינסק

# פאָרוואָרט

שוין מיט אנדערהאלבן יאָר צוריק האָט דער פרעזידיום פונעם אינסטיטוט (דעמאָלט—קאטעדרע) אָנגענומען א באשלוס ארויסצוגעבן א פערטליאָר־שריפט „דער ביבליאָלאָגישער זשורנאל". דעמדאָזיקן זשורנאל האָט די קאטעדרע געזאָלט ארויסגעבן צוזאמען מיטן אוקראַיִנישן וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן.ליידער אָבער, האָט זיך איבער א ריי סיבעס ניט אײַנגעגעבן דעם אָנגענומענעם באשלוס צו רעאליזירן.

ערשט איצט האָט דער אינסטיטוט באקומען די מעגלעכקײַט צו ברענגען פאר דער ברייטער עפנטלעכקײַט די רעזולטאטן פון זײַן בוכוויסנשאפטלעכער פאָרשונג־ארבעט, עמעס, ניט אין פאָרם פון א פעריאָדישן זשורנאל, נאָר אין פאָרם פון א זאמלבוך.

שטרעבנדיק צו זײַן אויסגעהאלטן אין זײַן אינהאלט און אָפּגעבן די גאנצע אופמערקזאמקײַט זײַנע אויסשליסלעך דער יידישער ביבליאָלאָגיע, האָט אונדזער זאמלבוך דאָך ניט אויסגעמיטן א געוויסן „אָפּנויג": א פארהעלטניסמעסיק גרויסן אָרט אין אים פארנעמט דער שכיינעסדיקער געביט, די ליטעראטור־געשיכטע (לעמאָשל, די ארטיקלען פון די כ"כ נ. אויסלענדער, מ. ווינער, מ. עריק). אָבער מיר גלויבן, אז אן ענגע צוזאמענארבעט פון דער יונגער יידישער ביבליאָלאָגיע און ליטעראטור־קענטעניש איז א גאנץ נאטירלעכע זאך און אז דידאָזיקע צוזאמענארבעט וועט זײַן זייער נוצלעך פארביידע דיסציפּלינען. אכוצדעם דארף מען האָבן אינזינען, אז די ליטעראטור־געשיכטלעכע ארטיקלען, וואָס גייען ארײַן אין אונדזער זאמלבוך, האָבן אין טאָך א ביבליאָגראפישע אָריענטאציע: די ארבעטן פון די כ"כ ווינער און עריק שטעלן מיט זיך פאָר גענויערע רעצענזיעס און דער ארטיקל פון כ' אויסלענדער איז ניט נאָר א ליטעראטור־היסטאָרישער, נאָר אויך א ביבליאָגראפיש־היסטאָרישער עטיוד.

פון אָנהייב האָבן מיר גערעכנט ארויסגעבן דעם זאמלבוך אין נאָמען פון אונדזער ביבליאָגראפישער צענטראלע. אף וויפל אָבער עס האָט זיך באם אינסטיטוט געגרינדעט א ריין טעאָרעטישע אינסטאנץ פאר בוכוויסנשאפט, די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע, האָבן מיר באשלאָסן דעם זאמלבוך ארויסגעבן אין איר נאָמען.

רעדאקציע.

---

י. ליבערבערג.

# די אופגאבן פון יידישער ביבליאָלאָגיע[1]

.I

ביבליאָלאָגיע[2]) איז זייער א יונגע וויסנשאפט. אף אזויפיל יונג, אז ס'זיינען נאָך פאראן אזוינע געלערנטע, וואָס ווילן זי ניט אנערקענען. נאָך ביז איצט גייט א דיסקוסיע, צי איז ביבליאָלאָגיע א זעלבשטענדיקע וויסנשאפט־דיסציפלין צי בלויז א היפלפס־וויסנשאפט. מיר מיינען אָבער, אז די וויכטיקסטע אָרגאניזאציאָנעל־וויסנשאפטלעכע און מעטאָדאָלאָגישע פראָבלעמען פון ביבליאָלאָגיע זיינען שוין געלייזט. די וויסנשאפט האָט שוין קלאָר געמאכט סיי דעם אָביעקט פון איר פאָרשונג, סיי די מעטאָדן פון איר ארבעט. וואָס איז שייעך דער פראגע וועגן זעלבשטענדיקייט אָדער אָפּהענגיקייט האָט זי פאר ביבליאָלאָגיע (און באזונדערס פון מארקסיסטישן שטאנדפונקט) שוין אויך ניט קיין אקטועלן ווערט. די קאָנסטיטויִרונג אין א באזונדער וויסנשאפט־דיסציפלין איז שוין פאָרגעקומען. דאָס איז א פאקט. די אָפּגרענעצונג אין אינהאלט און מעטאָד (די אָפּגרענעצונג אין א רעלאַטיוון זינען פון וואָרט, ווייל קיין איין באזונדערע וויסנשאפט איז ניט ענלעך צו א אינזל אין יאם) האָט זיך שוין פארענדיקט.

---

1) דערדאָזיקער ארטיקל איז געווען דורכגעלייענט אין פאָרם פון א פאָרטראג אין אינסטיטוט פאר יידישער קולטור אין קיעוו און אין דער יידישער וויסנשאפטלעכער געזעלשאפט אין מאָסקווע.

2) ווי באוווּסט, איז ניטאָ קיין איינהייטלעכע און אלגעמיין־אנערקענטע ביבליאָלאָגישע טערמינאָלאָגיע. אין פארשידענע לענדער און אף פארשידענע שפראכן ווערן באנוצט פארשידענע טערמינען. בענעגייע צו א גאנצער ריי איינע און דיזעלביקע ביבליאָלאָגישע באגריפן באנוצט מען ניט זעלטן פארשידענע טערמינען אפילע אף איין און דערזעלביקער שפראך. אפילע דער נאָמען פון דער וויסנשאפט גופע איז ניט שטאנדהאפטיק. אזוי, לעמאָשל, רעדן אייניקע וועגן ביבליאָטעקאָנאָמיע, ביבליאָטעק־וויסנשאפט אָדער ביבליאָטעקאָגראפיע (רעמדאָזיקן טערמין באנוצן באזונדערס גערן יענע וויסנשאפטלער, וואָס רעכענען, אז דער הויפט־טייל פון ביבליאָלאָגיע איז די ביבליאָטעק־קענטעניש. אלס א בייַשפּיל קאָן דאָ דינען ג ע אָ ר ג ל יי ד י נ ג ע ר, וואָס אָפּהיטנדיק די אלטע טראדיציעס פון דער דייטשישער וויסנשאפט — פונעם באוווּסטן ביבליאָטעק־קענער אייכלער אָן (זע אייכלערס „Begriff u. Aufgabe der Bibliothekswissenschaft“). האלט ער, אז די ביבליאָטעק־וויסנשאפט דארף זיך פארנעמען ניט נאָר מיטן אייגנטלעכן ביבליאָטעק־וועזן, אין פארגאנגענהייט און געגנוואַרט, נאָר אויך מיט „Buchkunde und Literaturkunde“ מיר נעמען, זאָגט ליידינגער „alles in unsere Bibliothekswissenschaft herüber, was geeignet ist, die Kenntnis von Buch jeder Art uns zu überliefern und insbesondere buchtechnische und buchkünstlerische Zusammenhänge begreifen zu lassen und zu erläutern oder uns Aufschlüsse über die Geschichte der Schrift zu geben“). (G. Leidinger. „Was ist Bibliothekswissenschaft“? „Zentralblatt für Bibliothekswesen“. 1928, S. 447—8) אנדערע רעדן וועגן ביבליאָפיליע אָדער ביבליאָסאָפיע (דאָס טוען איבערהויפט די רעאקציאָנערסטע געלערנטע, וואָס גייען צו צום בוך פון א מיסטיש־פילאָזאָפישן שטאנדפונקט); דריטע—וועגן בוכקענטעניש (אף רוסיש—книговедение און אף אוקראיניש—книгознавство); פערטע באנוצן דעם טערמין ביבליאָלאָגיע; פינפטע—ביבליאָגראפיע (דאָס טוען יענע געלערנטע, וואָס לייגן אין גרונט פון ביבליאָלאָגיע די בוכבאשרייבונג. דידאָזיקע אידענטיפיצירונג פון ביבליאָגראפיע און בוכקענטעניש איז אגעוו זייער כאראקטעריסטיש פאר דער ר ו ס י ש ע ר וויסנשאפט. פארן טערמין ביבליאָגראפיע, וואָס האָט געזאָלט באצייכענען דעם ג א נ צ ן סכום ידיעות וועגן דעם

ווי געזאָגט זײַנען פאראן פארשידענע מיינונגען וועגן דעם אינהאלט, פארנעם, און אינערלעכער קאָנסטרוקציע פון דער בוכקענטעניש. דער באוווסטער רוסישער ביבליאָלאָג א. מ. לאָוויאגין[1]) האלט, לעמאָשל, אז די ביבליאָלאָגישע וויסנשאפט דארף דערלערנען סײַ די בוכגענעטיק, ד. ה. די אנטשטייונג און אנטוויקלונג פונעם בוך, סײַ די בוכסטאטיק, ד. ה. די סטאטיסטיק און באשרײַבונג פונעם בוך (ביבליאָגראפיע) און סײַ די בוכדינאמיק, ד. ה. די פארשפרייטונג פונעם בוך (ביבליאָטעקערײַ, פארלעגערײַ, בוכהאנדל א. א. וו.).

דער צווייטער רוסישער בארימטער ביבליאָלאָג נ. ליסאָווסקי[2]) גיט אָן מיט אנדערע ווערטער און אין אן אנדער סיידער דיזעלביקע סכעמע. לויט זײַן מיינונג פארנעמט זיך ביבליאָלאָגיע (אָדער בוכקענטעניש, לויט זײַן טערמינאָלאָגיע) מיט: 1) ביבליאָגראפיע (בוכבאשרײַבונג), 2) געשיכטע פונעם בוך און 3) סאָציאלער פונקציע פונעם בוך — (דאָ האָט ליסאָווסקי אײַנזינען אייגנטלעך די פארשפרייטונג פונעם בוך. אין א צווייט אָרט גיט ליסאָווסקי אגעוו אָן אן אנדער קלאסיפיקאציע פון בוכקענטעניש. ער טיילט אײַן ביבליאָלאָגיע אף דער וויסנשאפט וועגן בוכפראָדוקציע, בוכפארשפרייטונג און בוכבאשרײַבונג[3]).

בא אן אנדער סיסטעם פון בוכקענטעניש האלט זיך מ. מ. קופאיעוו, אויך איינער פון די אָנגעזעענסטע (עמעס, איינציקער אייך איינער פון די קאָנסערוואטיווסטע) רוסישע ביבליאָלאָגן[4]). לויט זײַן פאָרמולירונג מוז „די בוכקענטעניש שטודירן דאָס גאנצע בוך, אין אלע סטאדיעס פון זײַן פראָדוקציאָנעל־טעכנישן און שעפערישן פראָצעס, אין אלע האנדלונגען און וואנדלונגען פון זײַן לעבנס־דינאמיק". לויט קופאיעוון פאָרשט די בוכקענטעניש דעם בוך: 1) אין דער סטאדיע פון אווטאָרשאפט, 2) אין דער סטאדיע פון מאטעריאליזירן דעם אווטאָרס געדאנקען און ווערטער און 3) אין דער סטאדיע פון לייענער־דינאמיק (ד. ה. אין דער סטאדיע פון פארשפרייטונג דורכן ביכער־מארק, דורך ביבליאָטעקן א. א. וו.). דעם שטודיום פון דידאָזיקע סטאדיעס לייגט קופאיעוו ארויף אף א ריי ספעציעלע דיסציפלינען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אָרגאנישע באשטאנד־טיילן פון דער בוכקענטעניש. איבעריקנס, כאפט לויט קופאיעוון די בוכקענטעניש ארום ניט אלע יעדיעס וועגן דעם בוך. בוכקענטעניש איז לויט זײַן דעפיניציע בלויז א פראקטישע וויסנשאפט. איבער איר שטייט די ריין־טעאָרעטישע און הויך־אבסטראקטע ביבליאָלאָגיע, וואָס שטודירט די פילאָזאָפיע פון בוכקענטעניש און וואָס גרייט פאר איר צו די אלגעמיינע מעטאָדאָלאָגיע.

ענדלעך, איז מיט אן אייגענער פראָגראם און קלאסיפיקאציע פון בוכקענטעניש ארויסגעטראָטן מ. שטשעלקונאָוו[5]). ארויסגייענדיק פון דעם, אז דאָס בוך גייט דורך אלס

בוך, האָבן זיך שטארק געהאלטן סײַ אנאסטאסעוויטש און סײַ סאָפיקאָוו — ביידע גרינדער פון דער רוסישער בוכקענטעניש. (זע: Н. Лисовский. „Книговедение, как предмет преподавания, его сущность и за- дачи" П. 1905, стр. 2—5 און А. М. Ловягин. „О содержании библиологии или библиографии". „Биб. Общест.". П. 1916).

לויט אונדזער מיינונג איז דער בעסטער און דער פאסיקסטער טערמין פאר דער בוכוויסנשאפט — ביבליאָלאָגיע. ניט שלעכט איז אויך דער ניט לאנג אײַנגעפירטער טערמין — ביכוויסנשאפט אָדער בוכקענטעניש. אף רוסיש אָדער אוקראַיניש איז עפּעס דערדאָזיקער טערמין אפילו דער אדעקוואטסטער און דער פינקטלעכסטער, אין יידיש אָבער קלינגט דער טערמין אביסל שווער. וואָס איז שײַעך ביבליאָגראפיע איז דאָס א באקוועמער און א פאסיקער טערמין, אָבער פאר א טייל פון ביבליאָלאָגיע, דעהײַנע פאר דער בוכבאשרײַבונג אָדער „בוך־דאָקומענטירונג" (לויטן געלונגענעם אויסדרוק פון קופאיעוון), און ניט פארן גאנצן ביכוויסנשאפטלעכן קאָמפּלעקס.

[1]) זע זײַנע: „Основы книговедения". Ленинград, 1926

[2]) זע זײַן ארטיקל „Книговедение, его предмет и задачи" אינעם זאמלבוך „Sertum Bibliologicum" Петербург, 1922.

[3]) זע: Н. Лисовский. „Книговедение, как предмет преподавания, его сущность и задачи". П. 1905 זײַט 1.

[4]) זע: М. Куфаев. „Наукові та організаційні проблеми книговивчення". „Бібліологічні Вісті", № 2. 1927.

[5]) זע: М. Щелкунов. „История, техника, искусство книгопечатания" М.—Л. 1926.

אזעלכעס פיר סטאדיעס — 1) די סטאדיע פון פראָדוקציע, 2) פון קלאסיפיקאציע, 3) פון פארטיילונג און 4) פון געברויך, — שטעלט ער איין פיר אנטשפרעכנדיקע אָפּטיילונגען פון ביבליאָלאָגיע: 1) וועגן ביכער־פראָדוקציע, 2) וועגן ביכער־קלאסיפיקאציע (ביבליאָגראפיע), 3) וועגן ביכער־פארשפרייטונג (ביבליאָפּאָליע) און 4) וועגן ביכער־געברויך (ביבליאָטעק־וועזן). אין די אלע אָפּטיילונגען דארף דאָס בוך שטודירט ווערן סיי פונעם היסטאָרישן און סיי פונעם געגנווארטיקן שטאנדפונקט. יעדע אָפּטיילונג טיילט זיך אכוצדעם איין אין דרײַ סעקציעס, אף וויפל אומעטום אין אלע סטאדיעס פונעם בוכוועזן ווערט דאָס בוך שטודירט פון דרײַ זײַטן: פון אידעאָלאָגישער (אינהאלט), מאטעריעל־קינסטלערישער (גראפיק, קאָמפּאָזיציע א. א. וו.) און עפנטלעך־רעכטלעכער (געזעצלעכע נאָרמעס, וואָס זײַנען שײַעך דעם אווטאָר, דעם בוך און דעם לייענער). ס'איז נייטיק דערבײַ אונטערצושטרײַכן, אז דעם באגריף „בוך" טײַטשט שטשעלקונאָוו אויס זייער ברייט. אין דעמדאָזיקן באגריף שליסט ער איַין, ערשטנס, ניט נאָר דאָס געדרוקטע, נאָר אויך דאָס געשריבענע בוך און, צווייטנס, ניט נאָר דאָס בוך, נאָר אויך צײַטונגען, אופרופן און ביכלאל יעדן געדרוקטן דאָקומענט [1].

אָבער ניט געקוקט אף די איינצלנע כעלוקע־דייעס בענעגייע דעם אינהאלט, פארנעם און טערמינאָלאָגיע, וואָס עקזיסטירן צווישן די ביבליאָלאָגן און בוכקענער, שטייען זיי דאָך, אין גרונט גענומען, קימאט אלע אף איין און דעמזעלביקן באָדן. ווײַל סאָפּקאָלסאָף גייען זיי זיך אלע צונויף אף דעם, אז ביבליאָלאָגיע איז אן ענציקלאָפּעדישע קאָמפּלעקס־וויסנשאפט, וואָס כאפּט ארום אלע יעדיעס און קענטעניש וועגן דעם געשריבענעם און געדרוקטן בוך. אלע זײַנען זיי אויך מאסקים, אז אין באשטאנד פון ביבליאָלאָגיע — וואָס קען קורץ דעפינירט ווערן אלס א וויסנשאפט איבער דער אנטשטייונג, עוואָליוציע און פארשפרייטונג פונעם בוך — גייט ארײַן א גאנצע ריי קלענערע וויסנשאפט־דיסציפּלינען, ווי די געשיכטע פונעם בוך, ביבליאָגראפיע (בוכבאשרײַבונג), ביבליאָטעק־קענטעניש, גראפיק א. א. וו. [2].

קעדיי אויסצומײַדן א מיספארשטייעניש, וועלן מיר דאָ אין קלאמערן באמערקן, אז שטודירנדיק דעם בוך שטעלט זיך די ביבליאָלאָגישע וויסנשאפט, פארשטייט זיך, אנדערע אופגאבן, ווי די ליטעראטור־קענטעניש. פאר דער לעצטער איז וויכטיק אויסצופאָרשן דעם אידעאָלאָגישן אינהאלט און די שפּראכלעך־קינסטלערישע פאָרם פון א ווערק. פאר ביבליאָלאָגיע איז דער הויפּט־צוועק די מאטעריעל־קינסטלערישע, ד. ה. די טעכנישע פאָרם פונעם בוך. ס'איז איבעריק צו רעדן, אז דערבײַ ווערט דער שטודיום פון דערדאָזיקער טעכנישער פאָרם, ד. ה. די פאָרשונג פונעם בוך, וואָס ווערט באטראכט, ווי

---

[1]) ווי באוווסט, האלט זיך די לעצטע צײַט בא אזא ברייטן שטאנדפונקט אויך דער בריוסעלער אינטערנאציאָנאלער ביבליאָגראפישער אינסטיטוט, וואָס באנוצט זיך איצט אין זײַנע אָפיציעלע פובליקאציעס מיטן נײַעם טערמין דאָקומענטאלע ביבליאָגראפיע אנשטאָט דעם אלטן טערמין ביכער־ביבליאָגראפיע. מיר האלטן, אז דערדאָזיקער „דאָקומענטאלער" שטאנדפונקט איז אין טאָך גענומען א גאנץ ריכטיקער, ווײַל מע טאָר ניט איגנאָרירן אנדערע געדרוקטע מאטעריאלן אויסער די ביכער (אופרופן, פראָקלאמאציעס און ביכלאל וואלאנציע). בא די בורזשואזע ביבליאָגראפן, וואָס גייען צו צו די אופגאבן פון ביבליאָגראפיע שטרענג פאָרמעל, דערגייט אָבער דידאָזיקע דאָקומענטאלע אָריענטאציע ביז א ווילדן און אינהאלטלאָזן ביבליאָגראפישן מאקסימאליזם.

[2]) ווי ס'איז צו זען פון אונדזער פאָרמולירונג זײַנען מיר אינגאנצן מאסקים מיט יענער דעפיניציע פון ביבליאָלאָגיע, וואָס עס גיט ליסאָווסקי (זע זײַן: „Книговедение, как предмет преподавания, его сущность и задачи". П. 1905, стр. 11). אָט איז דידאָזיקע דעפיניציע: „Под книговедением мы должны понимать научную дисциплину, объединяющую технические, практические и теоретические познания, касающиеся книги как таковой в ея прошлом и настоящем и имеющая целью выяснение условий возникновения, распространения и эксплоатации произведений письменности и печати, а также выяснение причин и следствий количественного состава этих произведений при различных обстоятельствах".

א באשטימטער מאטעריעל־קינסטלערישער קאָמפּלעקס, ענג פארבונדן סײַ מיטן אינהאלט און סײַ מיטן סטיל פונעם בוך[1].

דער אומיטלבארער מעטאָד פון ביבליאָלאָגישער פאָרשונג איז א צווייענדיקער: א היסטאָרישער — ווען מ'האָט צו טון מיט דער אנטשטייונג און עוואָליוציע פונעם בוך, און סטאטיסטיש־ביבליאָגראפישער, ווען עס האנדלט זיך וועגן דער באשרײַבונג און פארשפרייטונג פונעם בוך. דידאָזיקע פאנאנדערטיילונג איז, עמעס, א ריין־טעכנישע. אין די הענט פון פארשידענע פאָרשער קענען דידאָזיקע ביידע מעטאָדן אָנגעווענדעט ווערן אף א פארשידענעם אופן. דאָס הענגט שוין אָפּ פון דער אלגעמיינער מעטאָדאָלאָגיע פון דעם אָדער אנדערן געלערנטן. נאָר וועגן דעם וועלן מיר נאָך רעדן ווײַטער. דאָ איז פאר אונדז דערווײַלע וויכטיק פעסטצושטעלן, אז ביבליאָלאָגיע האָט ניט נאָר א באשטימטן אָביעקט פון פאָרשונג — דאָס בוך אלס א געוויסער טעכניש־קינסטלערישער קאָמפּלעקס — נאָר אז זי פארמאָגט אויך געוויסע מעטאָדן, מיט וועלכע זי גייט צו צו אירע אופגאבן.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דער ביבליאָלאָגישער וויסנשאפט קומט נאָך אלץ אויס צו קעמפן פאר אנערקענונג, האָט זי דאָך פאר די לעצטע עטלעכע יאָר דערלאנגט, און דאפקע בא אונדז אין פ. ס. ר. ר., צו א גאנץ הויכער אנטוויקלונג־מאדרייגע. ס'איז אלנפאלס ניט צו פארגלײַכן דעם איצטיקן צושטאנד, אין וועלכן ס'געפינט זיך דידאָזיקע וויסנשאפט, מיט יענעם צושטאנד, אין וועלכן זי האָט זיך געפונען אין אלטן רוסלאנד. ס'איז גענוג צו ברענגען א פּאָר פאקטן. אין דער צײַט פון דער רעוואָליוציע איז אינגאנצן רעאָרגאניזירט געוואָרן די מעלוכישע דרוק־רעגיסטראציע. די ארבעט פון די ביכער־קאמערן איז שטארק פארברייטערט געוואָרן. אין לענינגראד איז אָרגאניזירט געוואָרן א ספּעציעלער אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן, און אין מאָסקווע — א אינסטיטוט פאר ביבליאָטעק־קענטעניש. אין קיִעוו האָט זיך אויך געעפנט א אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן. אינעם גאנצן לאנד האָט זיך ביז גאָר צעצווײַגט די ביבליאָגראפישע, ביבליאָטעקארישע און אפילע גראפיש־טעכנישע פאָרשערישע ארבעט. א גאנצע נעץ ביכער־קאמערן, וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן, ביבליאָגראפישע קאבינעטן, ביכער־מוזייען, פארלאגן און אנדערע אינסטיטוציעס ווי אויך פארשידענע פּעריאָדישע אויסגאבן האָבן באוויזן פארן צענדליק יאָר פון אָקטיאבער־רעוואָליוציע צו פארעפנטלעכן א מאסע ביכער, בראָשורן, ארטיקלען איבער ביבליאָלאָגיע און אירע באזונדערע פּראָבלעמען. אכוצדעם האָבן דערשײַנט און דערשײַנען אדאיעם א גאנצע ריי זשורנאלן, וואָס זײַנען געווידמעט אלגעמיינע און ספּעציעלע פראגן פון ביבליאָלאָגיע.

אָבער די אלגעמיינע סאָוועטישע ביבליאָלאָגיע האָט פאר דער צײַט פון אָקטיאבער־רעוואָליוציע דערלאנגט ניט נאָר צו א קאמעסדיקן דערפאָלג, דאָס הייסט עס האָט זיך ניט נאָר שטארק פארברייטערט דער מאסשטאב פון דער ארבעט, נאָר עס האָט זיך אויך אין א גרויסער מאָס געביטן דער מעהוס אירער. אנשטאָט אינדיווידואליסטיש־אידעאליסטישע בלאָנדזענישן און נאַיִווער פּלאפּלערײַ וועגן דעם בוך אלס א געטלעכער „זאך אין זיך"[2], האָט די נײַע ביבליאָלאָגיע אָנגענומען א פעסטע אָריענטאציע אף דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישער מעטאָדאָלאָגיע און האָט אָנגעהויבן אויסטײַטשן דעם בוך אלס א טרעגער פון א געוויסער סאָציאל־אידעאָלאָגישער פונקציע.

1) אייב אין אלגעמיין לאָזט זיך די דעמארקאציע־ליניע צווישן ליטעראטור־קענטעניש און ביבליאָלאָגיע איינשטעלן גאנץ לײַכט, זײַנען דאָך אין אייניקע באזונדערע געביטן פאראן גרענעץ־שטרײַטן. דער ווײַכטיקסטער פון זיי איז דער שטרײַט וועגן דעם, ווער דארף שטודירן די פּראָבלעם פון לייענער און ביכלאל פון בוכווירקונג. אייניקע ליטעראטור־פאָרשער (איבערהויפּט די לעצטע צײַט) האלטן, אז דידאָזיקע פּראָבלעם דארף מען שטודירן בלויז אלס אן אָרגאנישן עלעמענט פון דער ברייטערער פּראָבלעם וועגן געשמאק און ליטעראַרישער ווירקונג. די ביבליאָלאָגן ווידער רעכענען, אז זייער אופגאבע איז אויך פאָרשן דעם בוך ניט נאָר ווי א פּאסיוון סאָציאל־אידעאָלאָגישן פּראָדוקט, נאָר אויך ווי אן אידעאָלאָגיש־ווירקנדיקן פאקטאָר.

2) זע לעמאָשל די ארבעטן פון קופאיעוון.

מיר האָבן אויבן גערעדט וועגן היסטאָרישן מעטאָד פון ביבליאָלאָגישער פאָרשונג. ס׳איז קימאט ניטאָ אזוינע געלערנטע, וואָס זאָלן ניט אנערקענען, אז דאָס בוך מוז מען פאָרשן ניט נאָר סטאטיסטיש־ביבליאָגראפיש, נאָר אויך היסטאָריש. ניט יעדערער אָבער באנוצט זיך מיטן היסטאָרישן מעטאָד אף איינעם און דעמזעלביקן אויפן.

בא קופּאיעוו, לעמאָשל [1], איינעם פון די — ווי געזאָגט — רעאקציאָנערסטע רוסישע ביבליאָלאָגן, פירט דאָס בוך א צווייענדיקע עקזיסטענץ: אן עמפּירישע און א אידעאלע. פאָרשן היסטאָריש קען מען בא אים, פארשטייט זיך, בלויז די עמפּירישע אנטוויקלונג פון בוך, ווייל אידעאל האָט דאָס בוך ניט עוואָלוציאָנירט. דידאָזיקע אידעאלע עקזיסטענץ זײַנס, אגעוו, פירט דאָס בוך שיר ניט פון יענער צײַט אָן, ווען אף דער וועלט זײַנען נאָך קיין מענטשן ניט געווען. „זײַן מעהוס — זאָגט קופּאיעוו וועגן דעם בוך [2]) — איז אינעם וואָרט (דאָוואָר, לאָגאָס) און זײַן אינהאלט איז אין דער פערזענלעכקײַט". „צום אלעם אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט און דאָס וואָרט איז געווען בא גאָט", און ניט באם מענטשן, „און דאָס וואָרט איז געווען גאָט", ד. ה. אלץ. „דאָס וואָרט איז געווען פון אור־אייביק אָן און נאָר מיט דער צײַט איז עס געוואָרן א ליכט פון דער מענטשהײַט"...[3]) דאָס איז פאָרגעקומען דאן, ווען דאָס וואָרט איז פארפיקסירט געוואָרן אין ליים און שטיין און ווען ס׳איז אנטשטאנען דאָס בוך, וואָס האָט, אגעוו, „א לאנגע צײַט ניט אָנגעוווירן זײַן מיסטישע באדײַטונג" [4]).

אָבער אפילע די עמפּיריש־גאשמיִעסדיקע עקזיסטענץ פונעם בוך, וואָס איז בא קופּאיעוון בלויז א בלאסע אָפּשפּיגלונג פון זײַן אידעאל־רוכניִעסדיקן קיִעם, איז אף אזויפיל באשטימט, פאנאנדערגעשריבן און דעטערמינירט פונעם „אייבערשטן", אז די בוך־געשיכטע האָט קימאט ניט וואָס צו טון, אכוץ רעגיסטרירן פארשידענע מאטעריִעלע פאָרמען פון געטלעך־גײַסטיקער עמאנאציִע [5]).

קעגן דערדאָזיקער טעאָלאָגישער און טעלעאָלאָגישער געשיכטע פונעם בוך שטעלט די יונגע סאָוועטישע (אין א גרויסער מאָס שוין א מארקסיסטישע) ביבליאָלאָגיִע גאָר אן אנדער קאָנצעפּציִע. אלס א מאטעריִעל־קינסטלערישער קאָמפּלעקס איז דאָס בוך מיט אלע זײַנע טעכנישע איינצלהײַטן, טעקסט־קאָמפּאָזיציִע, איליוסטראציִע, גראפיק א. א. וו. א באַ־שטימטער פאקט פון קולטור־לעבן, א פאקט, וואָס אין א גרעסערער אָדער אין א קלענערער מאָס דריקט ער מיט זיך אויס דעם טאָך פון דער גאנצער ארומיקער געזעלשאפטלעכער קולטור־סוויווע.

פונקט אזוי ווי יעדע קולטור־דערשײַנונג, קען מען דעם בוך און זײַן געשיכטע פאַר־שטיין נאָר אין אן ענגן צוזאמענהאנג מיט יענע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קוי־כעס, וואָס דעטערמינירן דאָס גאנצע קולטור־לעבן פון דער געזעלשאפט מיט אלע אירע קעגנגעשטעלטע קלאסן. באגלײַך מיט יעדער קינסטלערישער פאָרם איז די מאטעריִעלע פאָרם פון בוך דורכגעגאנגען אין איר אנטוויקלונג א ריי עטאפּן. דידאָזיקע עטאפּן פאלן אינגאַנצן צונויף סײַ כראָנאָלאָגיש און סײַ נאָך זייער אינהאלט נאָך מיט די גרונט־עטאפּן פון דער אלגעמיינער קונסט־עוואָליוציִע. די סטילן, וואָס האָבן געהערשט אין קונסט, האָבן אין דערזעלבער צײַט געהערשט אין בוכדרוק. די געשיכטע פון בוך וויים אויך וועגן רענעסאנס, באראָקאָ־ראָקאָקאָ, אמפּיר א. א. וו. אפילע אזא דעטאל ווי טאָוולען איז ניט געווען פרײַ פון דער

---

1) זע זײַן אַרטיקל „Проблемы философии книги" אין „Sertum Bibliologicum", ז. 22. דער אַרטיקל איז אַרויס אויך אין בוכפאָרם (לענינגראד, 1924).

2) Ibidem, ז. 24.

3) Ibid.

4) Ibid.

5) אין גרונט גענומען איז קופּאיעוו א פרימיטיווער ריקערטיאנער. „די אויפגאבע פונעם היסטאָריקער — זאָגט ער, לעמאָשל, אין זײַן ארבעט „История и книговедение" (לענינגראד, 1924) — באשטייט אין באשרײַבן וואָס פולער און פארשידנפארביקער די אינדיווידועלע דערשײַנונגען פונעם סאָציאלן לעבן, וואָס כא־זערן זיך קיינמאָל ניט איבער".

ווירקונג מיצאַד דעם הערשנדיקן סטיל. אין XVI יאָרהונדערט, זאָגט, לעמאָשל, לאָוויאגין, זײַנען „באשאפן געוואָרן די אייראָפּעיִשע טאָוולען, וואָס לויט זיי קאָן מען זיך בעסער באקענען מיט דער געשיכטע פון פארשידענע ארכיטעקטור־סטילן, אָנגעהויבן פונעם שפּעטערן רענעסאנס און געענדיקט מיט דער רעסטאווראציִע, ווי לויט די געבײַדעס"[1].

דער סאָוועטישער בוך, וואָס פארנעמט שטענדיק אזא בעקאָוועדיקן אָרט אף פארשידענע אינטערנאציאָנאלע אויסשטעלונגען און ציט צו מיט זײַן אָריגינעלער גראפיק און קינסטלערישער טעכניק די אלגעמיינע אופמערקזאמקײַט, דריקט אויך אויס דעם הערשנדיקן (זאָל זײַן נאָך ניט אינגאנצן אויסגעפורעמטן) סטיל פון זײַן עפּאָכע און פון זײַן קלאס, דעם סטיל פון דער סאָציִאלער פּראָלעטארישער רעוואָליוציִע.

---

דזָסזעלביקע, וואָס מיטן היסטאָרישן מעטאָד, איז מיטן סטאטיסטיש־ביבליִאָגראפישן. אויב עס זײַנען ניטאָ קיין פאָרמעלע קעגנער פונעם ערשטן מעטאָד, זײַנען זיי אוודע ניטאָ בענעגייע דעם צווייטן מעטאָד. אָבער די פראגע שטייט דאָ ווידער וועגן דעם, וויאזוי מע באנוצט זיך מיט דעמדאָזיקן אלגעמיין־אנערקענטן מעטאָד.

„פון איין זײַט — זאָגט וולאדיסלאוולעוו — זײַנען פאראן סימאָנים פון א בעהאדראָגעדיקער אויספּאָרמירונג פון א וויסנשאפטלעך־סאָציִאליסטישן געדאנק אין בוכקענטעניש און ביבליִאָגראפיִע. דערדאָזיקער פּראָצעס מערקט זיך באזונדערס בוילעט אָן בא אונדז אין פ. ס. ר. ר. די ביבליִאָגראפיִע זוכט איר סאָציִאלע זעלבסטבאשטימונג, זי פילט אָן מיט א נײַעם אינהאלט איר ארבעט, גיט איר א נײַע ציל-אָנווענדונג און זוכט אָן אָריִענטירונג אינעם בוך נאָך דעם טאָך נאָך. „דער פאקט, וואָס די (סאָוועטישע) ביבליִאָגראפיִע אנערקענט אלס איר אופגאבע די אָפּשאצונג פונעם בוך — איז דער וויכטיקסטער שטריך, וואָס שיידט זי אונטער פון דער פאר־רעוואָלוציִע־ביבליִאָגראפיִע" — לייענען מיר אינעם רעדאקציִע־ארטיקל פון ערשטן נומער פונעם פּאָליטופּקלערישן ביבליִאָגראפישן זשורנאל „Бюллетень Книги", וואָס האָט אָנגעהויבן ארויסצוגיין אין 1922 יאָר. דער איבערגעבורט־פּראָצעס פון ביבליִאָגראפיִע איז ריכטיק אונטערגעשטראָכן אין דידאָזיקע ווערטער. ס'איז געווען, פארשטייט זיך, פריִער אויך אָן אָפּשאצונג און א אינערלעכע באשרײַבונג פונעם בוך; נאָר בלויז אינעם XX יאָרהונדערט, צוזאמען מיט דעם סאָציִאלן איבערגעבורט פון דער געזעלשאפט, ווערט דידאָזיקע דערשײַנונג ביסלעכווײַז א גרינטלעכע, איקערדיקע ריכטונג אין דער ביבליִאָגראפיִע.

דאָס איז איינס.

און פון דער צווייטער זײַט פורעמט זיך בעהאדראָגעדיק אויס טעאָרעטיש אויך א פארקערטע ריכטונג אין דעם ביבליִאָגראפישן געדאנק — א פאָרמעל־סכאָלאסטישע שול, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט דער אלטער אידעאָלאָגיִע און שאצט אָפּ אפן אלטן אויפן די אופגאבן פון דער ביבליִאָגראפיִע אלס אן אָנפּרינציפּלעכע קאָלעקציִאָנירונג פון יעדער מענטשלעכער דערפארונג"[2].

אלזאָ, אנשטאָט דעם פארגליווערטן ביבליִאָפיליש־מעכאנישן צוגאנג צו די אופגאבן פון ביבליִאָגראפיִע שטעלט זיך אין פ. ס. ר. ר. אײַן א ציל־באוווסטער און סאָציִאל־אָריִענטירטער צוגאנג צו דידאָזיקע אופגאבן. ניט סטאם ביבליִאָגראפיִע, אויך ניט ביבליִאָגראפיִע פונעם קליינבירגערלעך-אינטעליגענטישן קולטור־נאכעס וועגן, נאָר ביבליִאָגראפיִע צוליב קאָנקרעטע קולטור־באדערפענישן און באשטימטע וויסנשאפטלעכע צוועקן — אָט וואָס ס'צייכנט אויס די מארקסיסטישע בוכבאשרײַבונג.

---

1) ז. 59. А. М. Ловягин. „Основы книговедения".

2) И. В. Владиславлев. „Библиография и социализм. К вопросу о построении марксистской теории книговедения. Доклад, прочитанный на II Всероссийском библиографическом съезде". ГИЗ, 1928, זײַט 19

אפאַר ווערטער נאָך וועגן כאַראַקטער פון באַשרײַבונג. אין דער אויבנגע־בראַכטער ציטאַטע איז שוין אָנגעוויזן, אַז דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פאַר דער סאָוועטי־שער ביבליאָגראַפיִע איז ניט די פאָרמעלע באַשרײַבונג פונעם בוך, אָדער ריכטיקער פון זײַן שאַרבלעטל, נאָר די אינערלעכע באַשרײַבונג זײַנע, ד. ה. די באַשרײַבונג פונעם אינהאַלט און די אָפּשאַצונג פונעם בוך. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט פאַר־נעמט אין דער סאָוועטישער ביבליאָגראַפיִע אַ בעקאָוועדיקן אָרט ניט נאָר די סכעדאָגראַ־פירונג און אַנאָטירונג, ד. ה. קורצע און פאָרמעלע בוכבאַשרײַבונג, נאָר אויך רעפערירונג און רעצענזירונג, ד. ה. גענויע און קריטיש־אָריִענטירנדיקע בוכבאַשרײַבונג.

---

דערזעלביקער מעטאָדאָלאָגישער קאַמף, וואָס קומט פאָר אין בוכגעשיכטע און ביבליאָ־גראַפיִע, קומט אויך פאָר אין די איבעריקע ביבליאָלאָגישע דיסציפּלינען, און אין דער ערשטער ריי אין ביבליאָטעק־קענטעניש. די אַלטע ביבליאָטעק־וויסנשאַפט איז געווען ניט ווייניקער פאָרמאַליסטיש און „אָביעקטיוו“־פאַרגליווערט, ווי די אַלטע, ניט אַזוי סטאַטי־סטישע, ווי סטאַטישע ביבליאָגראַפיִע. שוין לענין האָט אָנגעוויזן [1] אַף יענע גרויסע

---

1) זע: Н. Крупская. „Что писал и говорил Ленин о библиотеках“. Сборник отрывков из статей и речей Ленина, касающихся библиотечного дела. ГИЗ, Москва, 1929 г.

М. Смушкова. „Ленин и организац. задачи библ. дела“ („Красный библиотекарь“ № 1 (4) 1924)

О. Прозоровская. „Заветы Ленина и библиотека“ (Ibidem, № 2—3 (5—6), 1924).

А. Покровский. „Директивы Ленина“ (Ibid., № 4—5 (7—8) 1924).

אינטערעסאַנט, אַז נאָך אין 1913 יאָר איז לענין אין אַן אַרטיקל וועגן פאָלקסבילדונג אַרויסגעטראָטן אַפן שאַרפסטן אויפן קעגן דער פאַרגליווערט־קאָלעקציאָנערישער און „אַקאַדעמישער“ ביבליאָטעקערײַ. אין דעמדאָזיקן אַרטיקל („וואָס קען מען מאַכן פאַר דער פאָלקס־בילדונג“) ברענגט לענין אַ ריי פאַקטן וועגן דער אַקטיווער לייענער־פּאָליטיק פון די גרויסע אײראָפּעיִשע און אַמעריקאַנער (דעריקער ניו־יאָרקער) ביבליאָטעקן און זאָגט דערבײַ פאָלגנדיקס:

„דאָרט שטעלט מען פאַר זיך אַ מעשונעדיקע, אומפאַרשטענדלעכע, ווילדע אויפגאַבע — מאַכן די דאָזיקע אומגעהייער גרויסע ביבליאָטעקן צוטריטלעך ניט נאָר פאַרן צעך געלערנטע, פראָפעסאָרן און אַנדערע ספּעציאַליסטן, נאָר אויך פאַר דער מאַסע, פאַרן המון, פאַר דער גאַס. (קורסיוו אונדזערער — י. ל.).

ס׳אַרא פראָפאַנאַציִע פונעם ביבליאָטעק־וועזן! ס׳אַרא מין פעלן פון יעטווידער „אָרדענונג“, וואָס מיט איר קענען גראַדע מיר (ד. ה. דאָס אַלטע רוסלאַנד — י. ל.) מיט רעכט שטאָלצירן. אַנשטאָט קלאָלים, וואָס ס׳האָבן זיי באַהאַנדלט און אויסגעאַרבעט אַ צענדליק ביוראָקראַטישע קאָמיסיִעס, קאָמיסיִעס, וואָס קלערן בלויז צו הונדערטער פאָרמאַליטעטן און באַגרענעצונגען פאַרן ביכער־באַנוץ, אַנשטאָט דעם ווענדן די אויפמערקזאַמקייט דערויף, אַז אַפילע קינדער זאָלן קענען נוצן די רײַכע ביכער־קאָלעקציִעס; זאָרגן דערפאַר, אַז די לייענער זאָלן קענען בא זיך אין דער היים לייענען ביכער פון מעלוכע־ביבליאָטעקן; האַלטן פאַר דער גרעסטער דערגרייכונג פון די עפנטלעכע ביבליאָטעקן ניט דאָס, וואָס אין זיי ווערן אָפּגעהיט אַזויפיל און אַזויפיל ראַריטעטן, דרוק־אויסגאַבעס פון XVI י״ה און קסאָוויאַדן פון X י״ה, נאָר דאָס וואָס אַזויפיל און אַזויפיל ביכער צירקולירן צווישן די מאַסן, וואָס אַזויפיל און אַזויפיל נײַע לייענער זײַנען צוגעצויגן צום בוך, וואָס די פאָדערונג אַפן בוך ווערט אַפן שנעלסטן אויפן באַפרידיקט, וואָס אַזויפיל און אַזויפיל ביכער זײַנען צעגעבן אַף די הענט, וואָס אַזויפיל און אַזויפיל קינדער זײַנען צוגעצויגן צום לייענען, צו נוצן זיך מיט אַ ביבליאָטעק“.

ס׳איז איבעריק צו רעדן, אַז לענין, וועלכער האָט הויך אָפּגעשאַצט די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע און אַמעריקאַנישע ביבליאָטעק־טעכניק און וועלכער האָט נאָכן ניצאָכן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציִע אויך דאָ אַוועקגעשטעלט פאַר דער פּאַרטיי און פאַרן גאַנצן לאַנד די אויפגאַבע צו דעריאָגן און איבעריאָגן די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס, האָט פון דער צווייטער זײַט גוט געוווּסט, ווי ווײַט דאָס גאַנצע ביבליאָטעק־וועזן איז דאָרט, אין אייראָפּע און אַמעריקע, דורכגעדרונגען מיטן גײַסט און אידעאָלאָגיִע פונעם הערשנדיקן קלאַס. אין אַמעריקע אָדער אין ענגלאַנד טראָגט די ביבליאָטעק־אַרבעט אַ העכסט אַקטיוון כאַראַקטער. די ביבליאָטעק דערציט און קלערט אויף. ניט וואַרטנדיק ביז דער לייענער וועט אַליין קומען צום בוך, טראָגט זי אונטער דעם בוך יעדן, וואָס קען נאָר לייענען. זי טוט אַלץ קעדיי דעם לייענער אויפצוּוועקן און אַקטיוויזירן. אָבער די אידעאָלאָגישע ריכטונג און די קולטור־פּאָליטישע קאַוואָנע איז דאָ, פאַרשטייט זיך, גאָר אַן אַנדערע, ווי בא אונדז. דאָרט, אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, איז דידאָזיקע קולטור־טרעגערישע אַקטיווקײַט פון דער ביבליאָטעק, ווי פון אַלע בילדונג־און קולטור־אַנשטאַלטן ביכלאַל, געווענדעט קעגן די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן, דאָרט דינט זי

אופגאבן, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געשטעלט סײַ פאר דער ביבליאָטעקארי־שער פראקטיק און סײַ פאר דער ביבליאָטעקארישער טעאָריע.

פאר דער אלטער ביבליאָטעק־קענטעניש איז זייער כאראקטעריסטיש איר העכסט־פאסיווע באציִונג צום לייענער. אין גרונט פון איר אופמערקזאמקײַט איז געשטאנען בלויז דאָס בוך אליין. די טיפע פארבינדונג, וואָס די ביבליאָטעק שאפט צווישן דעם בוך און לייענער און וואָס וואָלט געדארפט זײַן דער הויפט־אָביעקט פון ביבליאָטעק־פאָרשונג, פלעג זייער ווייניק שטודירט ווערן. „ביבליאָטעקן — דאָס זײַנען ניט קיין לייענער. די ארבעט פונעם ביבלאָטעקער באשטייט אין דער אָרגאניזאציע פון די ביכער לויט באשטימטע ביבליאָטעכנישע קלאָלים קעדיי די פאראנענע פאָנדן זאָלן ווערן אמבעסטן אָפגע־היט און אויסגענוצט. וועגן דער ארבעט מיטן לייענער, וועגן פאָרשן זײַנע באדערפענישן, וועגן העלפן אים אף א וועלכן ס׳איז ניט איז אויפן קען דאָ אפילע קיין רייד ניט גיין. אָט דאָס איז דער אויסגאנג־שטאנדפונקט קימאט פון דער גאנצער ביבליאָטעקארישער טעאָריע ביזן לעצטן פערטל פונעם פאָריקן יאָרהונדערט“ [1].

ווי מיר זעען איז די בורזשואזע וויסנשאפט געשטאנען אין ביבליאָטעק־קענטעניש קימאט אף דיזעלביקע פאָזיציִעס, ווי אין אנדערע ביבליאָלאָגישע דיסציפּלינען. פונקט אזוי ווי אין ביבליאָלאָגישער גענעטיק, ווו מע דארף קלאָר מאכן די אנטשטייונג און עוואָליוציע פונעם בוך, ד. ה. אנטפּלעקן אין א היסטאָרישער פערספּעקטיוו די אידעאָלאָגיש־פונקציאָנעלע ראָל פונעם בוך און די הויפּט־פאקטאָרן, וואָס האָבן דידאָזיקע ראָל דעטערמי־נירט, האָט מען שטודירט דאָס בוך סטאם אזוי, sub specie aeternitatis, אויסער דער לעבעדיקער היסטאָרישער קולטור־סוויווע; פונקט אזוי ווי אין ביבליאָלאָגישער סטאטיק, ווו מע דארף געבן א צילבאוווסטע און סאָציאַל־אָריענטירטע בוכבאשרײַבונג, האָט מען זיך פארנומען מיט מעכאנישער פאָטאָגראפירונג און סטאטיסטיש־„אָביעקטיווער“ רעגיסטראציע פון די שארבלעטלעך און טיטלנעמען, — פונקט אזוי האָט מען אויך אין ביבליאָלאָגישער דינאמיק (און אין דער ביבליאָטעק־וויסנשאפט אין דער ערשטער ריי), ווו דאָס בוך דארף ספּעציעל שטודירט ווערן אלס אן אקטיוו־באווירקנדיקער פאקטאָר און אלס א טרע־גער פון קאָנדענסירטער קולטור־ענערגיע און ווו דער וויכטיקסטער מעטאָדאָלאָגישער קלאל דארף זײַן: באטראכטן דאָס בוך אלס אן אָרגאנישן גליד פונעם קאָמפּלעקס — אווטאָר־בוך־לייענער — ווערט דאָס בוך גענומען אלס א מאטעריִעלער ביבליאָטעק־איינס און אלס א טויטער אינווענטאר־נומער.

גאָר אנדערע אופגאבן שטעלט פאר זיך די נײַע, די סאָוועטישע ביבליאָטעק־קענטע־ניש. פאר איר איז די ביבליאָטעק באופטראגט מיט א גרויסער סאָציאַל־פּעדאגאָגישער פונקציע. א ביבליאָטעק איז לויט איר מיינונג ניט קיין ביכער־בייסוילעם. זי איז אויך ניט קיין ביבליאָפילישע קאָלעקציע. לויט איר עמעסן טאָך איז א ביבליאָטעק (אויב זי פירט אן אנטשפּרעכנדיקע לייענער־פּאָליטיק) אן אקטיווער קולטור־קויעך, אן עלעקטרישע קולטור־סטאנציע.

---

פארקערט די סאָציאַל־פּאָליטישע אינטערעסן פון דער בורזשואזיע און איז דעריבער דורכגעדרונגען מיטן פארסא־מענדיקן גײַסט פון קאפּיטאליסטישער אפּאלאָגעטיק. דאָ אין ראטנפארבאנד איז די ביבליאָטעק איינע פון די שטארקסטע מיטלען פון פּראָלעטארישן קולטור־קאמף און פּאָליטופּקלער, א מיטל פון דער אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער מאָביליזאציע פון די ברייטסטע ארבעטנדיקע מאסן. אויב אין די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס, לעמאָשל, איז אזא וויכטיקער איניען ווי קאָמפּלעקטירן די ביכער און דאָס צונויפשטעלן די רעקאָמענדיר־צעטלען א זאך פון „דעמיסיאָנירטע פּאָלקאָווניקעס, פילאנטראָפּיש־געשטימטע פּאטראָנעסעס און גאָטספאָרכטיקע פּאסטאָרס“ (זע (Ч. Беус, „Классовое в библ. деле“, „Красный Библиотекарь“ № 4—5 (7—8) 1924), איז דאָס בא אונדז א פראגע פון דער גאנצער אָרגאניזירטער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט.

[1]) „Читатель и книга. Методы их изучения“. Сборник статей. Ривлин. „Методические течения в области истории библиотековедения (Опыт социологического обзора)“, стр. 9.

דער לייענער מיט אלע זײַנע באדערפעמישן און אינטערעסן שטייט דעריבער אין סאמע צענטער פון דער סאָוועטישער ביבליְאָטעק־ארבעט [1]. „די גרונט־אקס, ארום וועלכער עס דרייט זיך די גאנצע ביבליְאָטעק־ארבעט, — זאָגט דער כאווער פ. גוראָוו, — איז דער לייענער“ [2]. „די ערשטע אופגאבע פון דער ביבליאָטעק — זאָגט דער כ׳ ב. באָראָוויטש — באשטייט אין דעם, אז זי זאָל אויספאָרשן איר אייגענעם לייענער“ [3]. כאראקטערי־סטיש, אז אפילע וויסנשאפטלעכע ביבליְאָטעקן, וואָס האָבן צו טון מיט קוואליפיצירטע לייענער און וואָס האָבן א קנאפע סאָציְאל־דערציְערישע באדײַטונג, אז אפילע זיי טראָגן אין ראטנפארבאנד אריבער די הויפט־אופמערקזאמקײַט זייערע פונעם בוך אפן לייענער. „די קאָנפערענץ פון די וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן פון פ. ס. ר. ר., וואָס איז פאָרגעקומען דעם 7—11 דעקאבער 1924 יאָר, איז דורכגעגאנגען אינגאנצן אונטערן לאָזונג: די ביבליְאָטעק — איז דער לייענער“ [4]. ס׳איז איבעריק צו ריידן, אז דערבײַ האָט מען אינזינען דעם ארבעטנדיקן לייענער, ווײַל „לויט לענינען דארף די ביב־ליְאָטעק אריבערטראָגן דעם צענטער פון איר אופמערקזאמקײַט אף דער באדינונג פון די ארבעטנדיקע מאסן“ [5].

די סאָוועטישע ביבליְאָטעק־קענטעניש האָט אָבער ניט נאָר אוועקגעשטעלט פאר זיך די אופגאבע צו פאָרשן און באדינען דעם לייענער, זי האָט שוין אויך דידאָזיקע אופ־גאבע, אויב ניט אינגאנצן, איז טיילווײַז, געלייזט. אלנפאלס די מעטאָדאָלאָגיְע פון דער לייענער־פאָרשונג, וואָס אָן איר קען אפילע קיין רייד ניט זײַן וועגן א סיסטעמאטישן שטודיְום, איז שוין אין אירע גרונט־יעסוידעס געשאפן [6].

די אויסקריסטאליזירונג פון דערדאָזיקער מעטאָדאָלאָגיְע איז פאָרגעקומען אין א גרוי־סער מאָס אין קאמף מיט דער באוווסטער ביבליְאָפסיכאָלאָגישער שול, וואָס בעראָש פון איר שטייט נ. א. רובאקין. אגעוו, האָט דאָ ניט קיין קליינע ראָל אויך אָפגעשפילט דער זיגרײַכער שטרײַט פון דער יונגער מאטעריְאליסטישער רעפלעקסאָלאָגיְע מיט דער אלטער אידעאליסטיש־דואליסטישער פסיכאָלאָגיְע. נאָר אדאנק דעמדאָזיקן שטרײַט האָט די לייענער־פאָרשונג באקומען דעם נייטיקן וויסנשאפטלעך־פסיכאָלאָגישן הילפס־מאטעריְאל.

רובאקינס שול אנערקענט די פראָבלעם פונעם לייענער. מערער. פונקט ווי די סאָוועטישע ביבליְאָטעק־וויסנשאפט, רוקט זי אפילע ארויס דידאָזיקע פראָבלעם אפן פאָדערשטן פלאן. „דער עצעם אליין פון דער ביבליְאָטעק־ארבעט — זאָגט רובאקין — באשטייט ניט אינעם בוך און אפילע ניט אין זײַן רײַכן אינהאלט, נאָר אינעם לייענער“ [7]. אָבער צום שטו־דיְום פונעם לייענער גייט צו רובאקינס שול אפן אלטן אינדיווידואליסטיש־אידעאליסטישן שניט. פאר איר עקזיסטירט ניט קיין סאָציְאלע פסיכאָלאָגיְע. וועגן פסיכאָלאָגישע קלאסן־טיפן ווייסט זי ניט. די פראָבלעם פונעם לייענער איז פאר איר אן אויסשליסלעכע פראָבלעם פון אינדיווידועלער פסיכאָלאָגיְע. יעדער לייענער איז פריְער פאר אלץ אן איזאָלירטער יאָכיד מיט זײַנע אייגענע אײַנגעבוירענע נעטיְעס, שטרעבונגען, שטימונגען, פעיְקײַטן אוכעדוימע. די קלאסיפיקאציְע און גרופירונג פון די לייענער קומט פאָר אפן סמאך

---

1) „Сборник статей по библиотечной работе“. Вып. I, под ред. Н. К. Крупской. Статья М. Смушковой: „Активная политико-просветительная работа библиотеки“.

2) П. Гуров. „Психология и библиотечная работа (К постановке вопроса об изучении читателя и книжном влиянии)“. Вологда. 1925. 5 זײַט

3) „Читатель и книга“. Б. С. Борович: „Пути изучения читателя“, 70 זײַט

4) Ibidem. Я. В. Ривлин: „Методические течения“ etc. 20—30 זײַט

5) О. Прозоровская. „Заветы Ленина и библиотека“ („Крас. Биб.“ № 2—3 (5—7) 1924).

6) וועגן דער לייענער־פראָבלעם איז אין פ. ס. ר. ר. אנטשטאנען זייער א רײַכע ליטעראטור. אכוץ ביכער דרוקן זיך סיסטעמאטיש אין די וויכטיקסטע בוכפאָרשערישע זשורנאלן זייער פיל ארטיקלען. אין דידאָזיקע זשור־נאלן זײַנען קימאט אומעטום פאראן ספּעציְעלע אָפּטיילונגען פאר דער פאָרשונג פון לייענער און זײַנע אינטערעסן.

7) „Читатель и книга“. 43 זײַט Н. А. Рубакин: „Работа библиотекаря с точки зрения библио-психологии. К вопросу об отношении книги и читателя“.

פון אייביקע פסיכאָלאָגישע קאטעגאָריעס. די פסיכאָלאָגישע טיפּאָלאָגיזאציִע פון די לייענער האָט אבסאָלוט גאָרניט געמיינזאמס מיט דער סאָציִאַל־עקאָנאָמישער טיפּאָלאָגיזאציִע זייערער, ד. ה. מיט דער קלאסן־דיפערענציאציִע פון די לייענער. די גאנצע אויפגאבע פון דער לייענער־פאָרשונג — זאָגט גוראָוו — „באשטייט בא רובאקינען אין אויפשטעלן געוויסע פסיכישע טיפּן, וואָס זייערע אייגנשאפטן ווערן באשטימט דורך זייער פסיכיק גופע״...[1]). דערבײַ ווערט דידאָזיקע פסיכיק באטראכט ווי א זאך, וואָס עקזיסטירט זעלבשטענדיק, ד. ה. ווי א איזאָלירטער „Ding an sich״.

אכוצדעם טרעט דאָס בוך ארויס בא רובאקינען ניט ווי אן אקטיווער פאקטאָר, וואָס באווירקט דעם לייענער, נאָר ווי א פאסיווער מאטעריאל, וואָס ווערט פאָרמירט דורך דער פסיכיק און פארשטאנד פונעם לייענער גופע. ווי א ריינער אידעאליסט, און דערבײַ נאָך פון אן עקסטרעמסטן, בעעמעס סאָליפסיסטישן שניט [2]), לייקנט רובאקין ביכלאל אָפּ די אָביעקטיווע עקזיסטענץ פון א בוך, אלס א ווערק מיט א באשטימטן אינהאלט און אלס א מאטעריִעל־קינסטלערישער קאָמפּלעקס מיט א באשטימטער פאָרם. סײַ דער אינהאלט פון בוך און סײַ זײַן טעכניש־קינסטלערישע פאָרם ווערט לויט רובאקינען אָפּן פארשידנסטן אויפן קאָנסטרויִרט פון יעדן לייענער באזונדער, אָפּהענגיק פון זײַנע אינדיווידועלע פסיכישע אייגנשאפטן אָדער, לויט רובאקינס טערמינאָלאָגיִע, פון זײַן מנעמע [3]). „יעדער בוך — פאָרמולירט געלונגען רובאקינס גרונט־געדאנק כ׳ שאפיר — איז ניט מער ווי א פונקציִע פונעם לייענער און פון זײַן פסיכאָלאָגיִע, אינדיווידועלער, סאָציִאלער, גענעטיווער א. א. וו. דעם אינהאלט לייגט ארײַן אינעם בוך יעדער לייענער אליין. ביז ער האָט עס ניט געטון, שטעלט מיט זיך פאָר דאָס ביכל א טויטן קאפיטאל״ [4]). „וויפל פארשידענע לייענער ס׳האָט א ביכל — זאָגט רובאקין אליין — אזוי פיל פארשידענע אינהאלטן האָט עס״ [5]).

גאָר אנדערש גייט צו צו דער לייענער־פאָרשונג די מארקסיסטישע שול. פריִער פאר אלץ איז פאר איר דאָס בוך אן אָביעקטיוו־עקזיסטירנדיקער און דערבײַ נאָך אן אקטיוו־ווירקנדיקער פאקטאָר און ניט קיין קאפריזע לייענערישע פראָעקציִע. דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט סויסער דעם גרונט־קלאל, אז דאָס בוך גופע, סײַ אלס א ליטעראַרישע און סײַ אלס א קינסטלעריש־טעכנישע דערשײַנונג, איז א פונקציִאָנעלער אויסדרוק פון באשטימטע סאָציִאַל־דעטערמינירנדיקע פאקטאָרן. ס׳איז אויך קלאָר, אז דיזעלביקע פאקטאָרן, וואָס באשטימען דעם אָביעקטיוון אינהאלט פון בוך, דעטערמינירן אויך די ריכטונג און דעם פארנעם פון זײַן לייענערישער ווירקונג. אזוי ארום, איז ניט נאָר דער לייענער שאפט ניט פראנק און פרײַ דעם אינהאלט פון בוך, נאָר אויך דער אינהאלט שאפט ניט די פסיכיק פון לייענער. פונקט אזוי ווי דאָס בוך איז א רעזולטאט פון געוויסע סאָציִאלע באדינגונגען, איז דאָך אויך דער לייענער מיט אלע זײַנע באדערפענישן און פסיכישע אייגנשאפטן א פראָדוקט פון דער קלאסן־דיפערענצירטער געזעלשאפטלעכער סוויווע. איבער דער ווירקונג־קראפט פונעם בוך הערשן אָביעקטיווע פאקטאָרן, וואָס קענען פארקלענערן און אפילע אָפּשאפן דידאָזיקע קראפט אָדער, פארקערט, אויפהייבן זי אף דער העכסטער מאדרייגע. באטראכטן

1) פ. גוראָוו. זײַט 24.

2) עמעס, רובאקין אליין סטארעט זיך, באזונדערס ווען ער ווענדט זיך צים סאָוועטישן לייענער־עולם, באפוצן זײַן טעאָריִע מיט מארקסיסטישער פראזעאָלאָגיִע. דאָס קען אָבער ניט פארשטעלן דעם אידעאליסטישן מעהוס אירן. ווי ווײַט גאָענט ס׳איז די ביבליִאָפסיכאָלאָגישע טעאָריִע צום סאָליפסיסטישן מאכיזם און עמפּיריִאָקריטיציזם ווײַזט אגעוו דער פאקט, אז דער דירעקטער פאָרגייער פון רובאקינען אין ביבליִאָפסיכאָלאָגיִע איז מאכס א טאלמיד, פ. ענגעל־מײַער. (זע: Я. Шафир. „Библиопсихология и вопросы изучения читателя". „Печать и Революция". II, 1927)

3) א קורצע כאראקטעריסטיק פון רובאקינס טעאָריִע ווערט געגעבן אין ארטיקל פון סאָמאָוון:

„О библиологической психологии", „Печать и Революция". Ноябрь—декабрь, 1926.

א געלונגענע קריטיק פון רובאקינס שטאנדפונקט קען מען געפינען אינעם ערשט־דערמאָנטן ארטיקל פון שאפיר: „Библиопсихология" etc.

4) Я. Шафир. „Библиопсихология" etc.

5) Н. Рубакин. „Что такое библиологическая психология". Ленинград, 1924, זײַט 12

און שטודירן דעם קאָמפלעקס צווישנבאַציִונגען אווטאָר — בוך — לייענער דאַרף מען דעריבער ניט פונעם שטאַנדפונקט פון „אַן און פאַר זיך" עקזיסטירנדיקער איזאָלירטער אווטאָרישער און לייענערישער פסיכיק, נאָר פונעם שטאַנדפונקט פון יענע סאָציִאַל־עקאָנאָמישע און קלאַסן־אידעאָלאָגישע קויכעס, וואָס באַשטימען סײַ די אווטאָרישע און לייענערישע פסיכיק און סײַ דעם כאַראַקטער, אינהאַלט און פאָרם פון זייער קעגנזײַטיקער ווירקונג. באַשטימען דעם סאָציִאַלן קאָאָרדינאַציע־קאָעפיציִענט (פאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון) פונעם קאָמפלעקס אווטאָר—בוך—לייענער איז די ערשטע און די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער ביבליִאָלאָגישער וויסנשאַפט [1].

איצט אַ פאָר ווערטער וועגן דער לייענערישער קלאַסיפיקאַציִע. ווי געזאָגט, איז פאַר דער מאַרקסיסטישער שול ניטאָ קיין פסיכיק סטאַם אַזוי. די לייענערישע פסיכאָלאָגיִע איז אַ פראָדוקט פון סאָציִאַלע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס פאָרמירן די דאָזיקע פסיכאָלאָגיִע. די קלאַסיפיקאַציִע פון די לייענער דאַרף דעריבער דורכגעפירט ווערן ניט אַפן יעסאָד פון אינדיווידועלער פסיכאָלאָגיִע, ווי עס טוט רובאַקין, נאָר מיט דער הילף פון דער סאָציִאַלער פסיכאָלאָגיִע. די אײַנטיילונג פון די לייענער לויטן סאָציִאַלן סימען, ד. ה. לויטן קריטעריִום פונעם דעטערמינירנדיקן פאַקטאָר, וועט שוין בעמיילע צונויפאַלן מיט זייער אײַנטיילונג לויטן פסיכאָלאָגישן סימען, ד. ה. לויטן קריטעריִום פון דער דעטערמינירטער פונקציִע. און פאַרקערט, די אײַנטיילונג לויט פסיכישע אייגנשאַפטן פון די לייענער איז נאָר דאַן ריכטיק דורכגעפירט, ווען זי פאַלט צונויף מיט דער אײַנטיילונג זייערער לויט די סאָציִאַלע אייגנשאַפטן.

אָבער צוליב וואָס דאַרף מען זיך אַזוי טיף גריבלען אין דעם לייענערס פסיכאָלאָגיִע? דאָס, גלויבן מיר, איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. קאָלזמאַן די ביבליִאָטעק וויל אָנפירן מיטן לייענער און אים אַקטיוו דערציִען, מוז זי אים פריִער פאַר אַלץ קענען. עמעס, ניט יעדערער פאַרשטייט די אָנפירונג אַף איינעם און דעמזעלביקן אויפן. פאַר רובאַקינען מיט זײַן פילאַנטראָפיש־ליבעראַלן האַסקאָלע־שטאַנדפונקט איז גענוג, אַז די ביבליִאָטעק, וואָס ווייס די אימאַנענט־פסיכאָלאָגישע אייגנשאַפט פונעם לייענער, זאָל פאַר אים צוקלײַבן בלויז אַ פאַסיקע ליטעראַטור. די לעצטע ווערט צוליב דעם, אָן אונטערשייד פון איר פרינציפּיִעל אידעאָלאָגישן כאַראַקטער, צעטיילט אַף גרופעס, פונקט אַזוי ווי עס ווערט צעטיילט אומאָפהענגיק פון דער סאָציִאַלער לאַגע (נאָר אַפן יעסאָד פון רייִנער פסיכאָלאָגיִע) די גאַנצע לייענערישע קליִענטור [2]. פאַר די מאַרקסיסטישע ביבליִאָטעקאַרן טראָגט אָבער די אָנפירעריש־פעדאַגאָגישע אַרבעט גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער, ניט קיין „אָביעקטיוון", נאָר אַ קלאַסן־סוביעקטיוון. פאַר זיי איז אָנפירן מיט דער לייענערישער מאַסע הייסט „פאַרשפרייטן צווישן איר יענעם טייל פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג, וואָס איז נייטיק דעם פראָלעטאַריִאַט קעדיי אָפצוהאַלטן אַ ניצאָכן איבער די קלאַסן־סאָנים און

---

1) קאָלזמאַן דער מאַרקסיסטישער מעטאָד ווערט אָנגענומען, איז קלאָר, אַז ער מוז אַרומכאַפּן אַבסאָליוט אַלע עלעמענטן פון דער וויסנשאַפט. קיין איין טעאָרעטיש ווינקעלע טאָר ניט איבערגעלאָזט ווערן פאַרן אידעאַליזם אָדער דואַליזם. ביבליִאָלאָגיִע שטודירט, ווי געזאָגט, דאָס בוך אין זײַן אַנטשטייונג, עוואָליוציִע און פאַרשפרייטונג אָדער, אַנדערש געזאָגט, אין זײַן גענעטיק, סטאַטיק און דינאַמיק. הייסט עס, אַז אויך דער מאַטעריִאַליסטיש־דיִאַלעקטישער מעטאָד ווערט אָנגעווענדעט באַם שטודירן סײַ די געשיכטע, סײַ די באַשרײַבונג און סײַ די פאַרשפרייטונג פון בוך. אַלע סטאַדיִעס פונעם בוך־פראָצעס ווערן באַטראַכט פון איין און דעמזעלביקן מעטאָדאָלאָגישן שטאַנדפונקט. דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס אין דער ערשטער סטאַדיִע (אַנטשטייונג) ווערן אַנטפלעקט יענע סאָציִאַל־דעטערמינירדיקע פאַקטאָרן, וואָס שאַפן דעם בוך (סײַ אין זײַן אינהאַלט און סײַ אין זײַן טעכנישער פאָרם), אין דער צווייטער סטאַדיִע (עוואָליוציִע) ווערן אַנטפלעקט יענע פאַקטאָרן, וואָס פאָרמירן דעם אַנטוויקלונג־גאַנג, די געשיכטע פונעם בוך, און אין דער דריטער סטאַדיִע (פאַרשפרייטונג) ווערן אַנטפלעקט יענע פאַקטאָרן, וואָס באַשטימען דעם געברויך און די ווירקונג פון בוך.

2) זע רובאַקינס אַרטיקל אינעם זאַמלבוך „Читатель и книга". ווײַטער זײַן בראָשור „Что такое библиологическая психология" און זײַן גרויסע צווייבאַנדיקע אַרבעט, וואָס איז דערשינען אין פראַנצויזיש „Introduction à la psychologuie bibliologique". Paris, J. Povolotzky et C-ie

צו באהערשן די נאטור־קויכעס... ארויסשליידערנדיק דעם גאנצן רעליגיעזן, מיסטישן און אנדערע שיימעס, שטעלן פאר זיך די ביבליאָטעקן נאָר איין אויפגאבע — צו קעמפן פארן ניצאָכן פון קאָמוניזם"[1].

## II

צי האָט אָבער די אלגעמיינע אנטוויקלונג פון ביבליאָלאָגיע אין ראטנפארבאנד באריִרט אויך דאָס יידישע בוך? צום גרויסן באדויערן, קומט אויס אף דערדאָזיקער פראגע צו געבן א נעגא־טיוון ענטפער. אפילע אף אזוינע געביטן, ווו די וויסנשאפטלעכע ארבעט האָט א באזונ־דערס גרויסן פראקטישן ווערט און ווו ס'וואָלט זיך געדארפט שוין איבער דעם אליין פירן א געוויסע ארבעט, איז אויפגעטון געוואָרן ביז גאָר ווייניק, קימאט ווי גאָרניט.

און דערפאר זיינען די אויפגאבן, וואָס שטייען איצט פאר דער יידישער ביבליאָלאָגיע אומגעהייער גרויס. אייגנטלעך קומט אויס אָנצוהייבן פון סאמע אָנהייב.

אין דער ערשטער ריי שטעלט זיך פאר דער יידישער בוכקענטעניש די מעטאָדאָלאָגישע פראָבלעם. ווי מיר האָבן געזען, האָט די סאָוועטישע ביבליאָ־גיע זייער וויכטיקע מעטאָדאָלאָגישע דערגרייכונגען. אויב קיין פולשטענדיק־פארענדיקטע מארקסיסטישע מעטאָדאָלאָגיע איז נאָך ניטאָ, ווערט זי דאָך געשאפן. די יידישע מארק־סיסטישע ביבליאָלאָגיע, וואָס דארף זיך, אייגנטלעך געזעגט, ערשט אויסבילדן, מוז אפן ברייטסטן אויפן אויסנוצן די אָנגעזאמלטע דערפארונג פון דער אלגעמיינער וויסנשאפט. אין דער פאָרשונג־ארבעט איבערן יידישן בוך דארף דידאָזיקע דערפארונג, ווי וויַיט מעגלעך, פאר־ברייטערט ווערן. אויך די יידישע ביבליאָלאָגן (ביבליאָטעקערס, ביבליאָגראפן א. א. וו.) דארפן אריינטראָגן זייער צושטייער אין דער וויכטיקער וויסנשאפטלעכער ארבעט איבער די אלגעמיינע פראָבלעמען פון בוכקענטעניש, אויך זיי דארפן מיטהעלפן צו שאפן אן איינהייטלעכע מארקסיסטישע מעטאָדאָלאָגיע פון בוכפאָרשונג.

א באזונדערס אקטועלן ווערט האָט אגעוו דידאָזיקע מעטאָדאָלאָגישע ארבעט פאר די יידישע ביבליאָלאָגן־מאַרקסיסטן אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס זיי קומט דאָך אויך אויס צו פירן באגלייך מיט אלע ביבליאָלאָגן אן אומ־טלבארן אידעאָלאָגישן קאמף, א קאמף קעגן „אייגענע" רעאקציאָנערן.

פון איין זייט, זיינען דאָך אף דער יידישער גאס נאָך פאראן ביבליאָלאָגן פונעם אלטן, דייטשיש־יאהודישן און העברעיִסטישן שניט, וואָס שטרעבן מיט אלע קויכעס אָפּ־היטן די פארשימלטע טראדיציִעס פון דער לאָשנקוידעשדיקער ביבליאָפיליע און, פון דער אנדערער זייט, האָט זיך פאר דער לעצטער צייט שוין ענדגילטיק אויסגעפורעמט די קליינ־בירגערלעך־יידישיסטישע ריכטונג אין דער יידישער ביבליאָלאָגיע, וואָס כאראקטעריזירט זיך טאקע מיט יענער „אָנפרינציפּלעכער קאָלעקציאָנירונג פון יעדער מענטשלעכער דערפא־

[1]) זע דאָס אויבנציטירט ביכל פון פ. גוראָוו. ז. 34. מיר באגרענעצן זיך אגעוו אין אונדזער ארטיקל מיט דער פרינציפּיעל־מעטאָדאָלאָגישער פראגע וועגן לייענער־פאָרשונג און מיר באריִרן ניט דעם גאנצן קאָמפּלעקס פראקטישע פראגן, וואָס זיינען שייעך דער לייענער־באדינונג. מיר טועָן עס איבער גאנץ פארשטענדלעכע סיבעס. אינעם ערשטן פאל (לייענער־פאָרשונג) האָבן מיר צו טון מיט אַן ערשט־ראַנקער אלגעמיינער פראָב־לעם פון מעטאָדאָלאָגיע און אין צווייטן פאל (לייענער־באדינונג) — מיט א ווייניקער שטרייטיקער, דעריקער פעדאגאָגיש־פראקטישער פראַגע פון מעטאָדיק. מיר ווילן דערמיט ניט מינערן די גרויסע באַ־דייטונג פון דער ביבליאָטעקארישער מעטאָדיק. מיר האלטן נאָר, אז מיט איר אוּן ביכלאל מיט דער פראגע וועגן פארשידענע פאָרמען פון לייענער־באַדינונג רעקאָמענדיר־צעטל, קאָנסולטאציע, ליטעראַרישע אָוונטן, לייענער־קאָנפע־רענציִעס, שמועסן, לעקציִעס, דיספּוטן, אויסשטעלונגען, פלאקאטן א. א. וו.) דארף מען זיך פאַרנעמען אין ספּעציעלע אַרטיקלען. אין אונדזער ארבעט האָבן מיר געוואָלט בלויז כאראקטעריזירן די דערגרייכונגען פון דער אלגעמיינער מעטאָדאָלאָגיע פון בוכקענטעניש (און ביבליאָטעק־וויסנשאפט בעסויכאָם), ד. ה. יענע דערגרייכונגען, וואָס באשטימען סאָפּקאָלכאָף די גאנצע ריכטונג פון דער פראקטישער און מעטאָדישער ארבעט איבערן בוך און זיין לייענער אויך.

דאָסזעלביקע וואָס בענעגייע די פאָרמען פון לייענער־באדינונג איז אויך בענעגייע די קאָנקרעטע אויפגאבן אירע. קאָלזמאַן מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אז די ביבליאָטעקן זיינען א שארף אידעאָלאָגיש געווער אין די הענט פינעם קלאס און זיין פּאָליטישן און סאָציאַלן קאמף, איז קלאָר, אז דער קאָנקרעטער אינהאלט, לעמאָשל, פון אונדזער

רונג״ אָן אונטערשייד פון איר אידעאָלאָגישן כאראקטער און קולטורעלן ווערט, וואָס צייכנט אויס די בורזשואזע ביבליִאָלאָגיִע [1].

די דײַטשיש־יאהודישע ביבליִאָלאָגיִע קאָנצענטרירט זיך ארום די „Soncino-Blätter" — א פעריִאָדישע אויסגאבע, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט עטלעכע יאָר צוריק (פון 1925) דערשײַנען אין בערלין [2]. דאָס איז זייער א רײַכער זשורנאל, וואָס האלט זיך אגעוו אף א גאנץ הויכער פּאָרמעל־וויסנשאפטלעכער ניוואָ, נאָר וואָס איז דורכגעדרונגען ביזן גרונט מיטן אלט־פרענקישן גײַסט פון בורזשואזן עסטעטיזם און מעצענאטיש־פילאנטראָפּישער ליבהאָבערײַ.

די הויפּט־אופמערקזאמקײַט זײַנע גיט אָפּ דער זשורנאל נאטירלעך דעם העברעיִשן און דעריקער דעם רעליגיִעזן סייפער. אן אלטע סייפער־טוירע, א טאלמודישער טראקטאט, אן עקזאָטיש פילפּל־ווערק — אָט וואָס פארנעמט אינעם זשורנאל דעם אויבנאָן.

דער זאמלפונקט פון העברעיִסטיש־ציִאָניסטישער בוכקענטעניש איז, פארשטייט זיך, דער יערושאָלאיִמער אוניווערסיטעט און זײַן „נאציִאָנאלע יִדישע ביבליִאָטעק", וואָס גיט ארויס דעם פערטליאָר־שריפט „קרית ספר". ס׳איז איבעריק צו רעדן וועגן דעם, אז אפן דאָזיקן זשורנאל ליגט פונקט דערזעלביקער אויסדריקלעכער שטעמפּל פון טעאָלאָגישן יודאיִזם, וואָס כאראקטעריזירט די גאנצע ציִאָניסטיש־שטרײַמלדיקע „וויסנשאפט". אינעם זשורנאל ווערט געגעבן אכוץ ארטיקלען די לויפנדיקע ביבליִאָגראפיִע פון דער „יודאיִסטישער" ליטעראטור אף אלע שפראכן. אין די רעשימעס ווערן דערבײַ ארײַנגענומען אבסאָליוט אלץ, וואָס האָט דעם מינדסטן שײַכעס צו יִדן. אין דעדאָזיקער סיסטעמלאָזיקײַט איז, עמעס, ווייניק וויסנשאפט, אָבער אין איר איז דאָך פאראן א באשטימטע לאָגיק; פונקט אזוי ווי א באשטימטע לאָגיק איז פאראן אין דער גאנצער ארבעט פון דער יערושאָלאיִמער „אוניווערסיטי", דעדאָזיקער עקזאָטיש־בוטאפאָרישער יאוונע פון XX י״ה. די לאָגיק פון דער „קרית ספר״ישער ביבליִאָגראפיִע שטעקט אין די טיף־קלעריקאלע, פאניודאיִסטישע קאוואָנעס, וואָס דידאָזיקע ביבליִאָגראפיִע האָט, אין דער רעאקציִאָנערער שטרעבונג אירער צו געבן א פולע ביבליִאָ־ענציקלאָפּעדיִע פונעם „יִדישן נאציִאָנאלן און רעליגיִעזן גײַסט".

דער הויפּט־צענטער פון יִדישיסטישער ביבליִאָלאָגיִע האָט זיך אויסגעבילדעט מיט עטלעכע יאָר צוריק מיט דער אָרגאניזאציִע פונעם ווילנער יִדישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט, בא וועלכן ס׳עקזיסטירט א ספּעציִעלע ביבליִאָגראפישע קאָמיסיִע. לויט איר סאָציִאל־אידעאָלאָגישן מעהוס איז די יִדישיסטישע בוכקענטעניש, אייגנטלעך גערעדט, ניט ווײַט אוועקגעגאנגען פון דער ציִאָניסטיש־העברעיִסטישער. אי דאָ אי דאָרטן איז דער הויפּט־סטימול פון דער ארבעט די סאָציִאל־אבסטראקטע נאציִאָנאליסטישע קוויקעניש איבערן יִדישן סייפערל. דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס דאָרטן, בא די ציִאָניסטן, איז דאָס א ביבליִאָפילישע קוויקעניש פון „העברעיִשע" יִדן איבער א העברעיִש ביכל, און דאָ, בא די יִדישיסטן, איז דאָס א קוויקעניש פון „יִדישע" יִדן איבער א יִדיש ביכל. דער מאסשטאב פון קוויקעניש איז אָבער אי דאָ אי דאָרטן סײַוויסײַ אן „אלוועלטלעכער", דאָרט א פאניודאיִסטישער און דאָ א פאניִדישיסטישער (וואָס איז שײַעך דעם קלעריקאלן מאָמענט, איז דאָס

לייענער-באדינונג דארף אנטשפרעכן די עטאפּן פונעם פּראָלעטארישן קלאסנקאמף און יענע אימיטלבארע אופגאבן, וואָס זיי רוקן ארויס. אין דער צײַט פון מיליטערישן קאָמוניזם, אשטייגער, האָבן די ביבליִאָטעקן געדינט בא אונדז פריִער פאר אלץ דער ברייטער מיליטעריש-פּאָליטישער אגיטאציִע און פּראָפּאגאנדע, אין דער טקופע פון רעקאָנסטרוקציִע ווערן זיי א צענטער פאר סאָציִאליסטיש-פּראָדוקציִאָנעלער אופקלער-ארבעט א. אז. וו.

[1]) די „ביכער-וועלט" שרײַבט, לעמאָשל, אין א רעדאקציִע-ארטיקל, אז די אופגאבע פונעם יִדישן ביבליִאָגראף איז „רויִק און קאלטבלוטיק, אָן לײַדנשאפט און פּניִעס פארצייכענען יעטווידער געדרוקטע אויסגאבע, אלצײַנס א וואָגיקע, צי א נישטיקע, אן ערנסטע, צי א צופעליקע" (1923, נומ. 6).

[2]) כ׳איז פאראן נאָך א פעריאָדישע אויסגאבע אין דײַטש, וואָס פארנעמט זיך (טיילווײַז) מיט בוכפאָ־שונג. דאָס איז דער ווינער זשורנאל „Jüdisches Archiv. Zeitschrift für jüdisches Museal- und Buchwesen. Geschichte, Volkskunde und Familienforschung" וואָס גייט ארויס אונטער דער רעדאקציִע פון ל. מאָזעס. דער זשורנאל איז העכסט רעאקציאָנער, ווערט געפירט אין א „פאמיליִענפאָרשעריש" גײַסט (Berühmte Persönlichkeiten!) און האָט זייער א קנאפּן וויסנשאפטלעכן ווערט.

אגעוו שוין אויך איצט ניט קיין אויסשליסלעכע מאָנאָפּאָליִע פון די ציִאָניסטן. די וועלטלעכקייט פון די ייִדישיסטן, וואָס איז געווען א פּויעליויצע ניט אזוי פון זייער דעמאָקראַטישן ראדיקאליזם, ווי פון זייער שפּראכלעכן נאציִאָנאליזם, איז שוין פון לאנג פּראָבלעמאטיש. ווען מ׳וואָלט קענען, מיט א האָפענונג אף א דערפאָלג, שאפן אן „אווטאָקעפאלישע״ ייִדישע שול מיט ייִדיש־ייִדישע ראבאָנים און כאזאָנים און מיט ייִדישע — ייִדישע, ניט העברעיִשע — סידורים, וואָלטן זיך די ייִדישיסטן גאנץ לייַכט צעשיידט מיט זייער דעקלאראט־יווער וועלטלעכקייַט).

די ייִדישיסטן פארמאָגן ניט קיין וויסנשאפטלעכן ביבליאָלאָגישן (אָדער ביבליִאָגראַפישן) זשורנאל. די קליינשטעטלדיק־באלעבעסלדיקע „ביכער־וועלט״ פארנעמט זיך דעריקער מיט ליטעראריש־פּובליציסטישע פראגן [1]. דער ייִדישער ביבליאָגראפיִע, דעם ביבליִאָטעקוועזן און בוכגעשיכטע גיט זי אָפּ זייער ווייניק אָרט. ס׳איז איבעריק צו רעדן, אז יענע ארטיקלען, וואָס זייַנען אין „ביכער־וועלט״ שוין יאָ געווידמעט די ביבליִאָלאָגישע פראגן, זייַנען אויסגעהאלטן אינעם אלגעמיינעם פּראָווינציִעל־מאסקילישן סטיל פונעם גאנצן זשורנאל און זייַנען דורכגעדרונגען מיטן גייַסט פון שרייַענדיקן, כאָטש איינצייַטיק הילפלאָזן און נעבעכדיקן „ייִדישיזמוס מיליטאנס״.

דער ווילנער אינסטיטוט האָט ארויסגעגעבן א ניט־פעריאָדישן זאמלבוך, דעם „ביבליִאָגראפישן יאָרבוך״. קיין ארטיקלען איבער פּרינציפּיִעלע און אפילע פראקטישע פראגן פון ביבליִאָגראפיִע איז אין דעמדאָזיקן „יאָרבוך״ ניטאָ. מיר האָבן אין אים אַ הוילע ביבליִאָגראפיִע. אָבער דידאָזיקע ביבליִאָגראפיִע איז אויך א גענוגנדיקע מעטאָדאָלאָגישע „testimonium paupertatis״ פון די ייִדישיסטישע ביבליִאָלאָגן. אין דעמדאָזיקן בוך (וועגן זייַנע וויסנשאפטלעך־טעכנישע פעלערן רעדן מיר שוין נים) שטעקט אזא כיריק־נאציִאָנאליזם און אזא שאבעסדיקע צופרידנקייַט מיטן וווקס און פארשפרייטונג פונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט, אז ס׳ווערט פאָשעט פריקרע.

די גרויסע מעטאָדאָלאָגישע אופגאַבע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ביבליִאָלאָגיִע באשטייט, אין דער ערשטער ריי, אינעם אנטשיידענעם קאמף קעגן אָט־אָ דערדאָזיקער בורזשואזער און קליינבירגערלעכער ייִדישער בוכפאָרשונג. אומבעראכמאָנעסדיק דארף דער מעטאָדאָלאָגישער אנאליז פונעם סאָוועטישן ייִדישן וויסנשאפטלער אנטפלעקן אונטער דער קלוימערשטיקער „אָביעקטיווקייַט״ און „שטרענגן פאָרמאליזם״ פון די יאהודישע, העברעיִסטישע און ייִדישיסטישע ביבליִאָלאָגן די פארבאהאלטענע אטאָבעכארטאָנעסדיקע קאוואָנע און די ספּעציפישע נאציִאָנאליסטיש־„אמהאסייפערישע״ גייַווע.

---

ניט געקוקט אף דעם, וואָס די ייִדישע סאָוועטישע בוכפאָרשונג הייבט זיך ערשט אָן, דארף זי פון לעכאַטכילע אָן ארומכאפן אלע געביטן פון ביבליִאָלאָגיִע. און בעעמעס. לאָמיר נעמען געשיכטע. דאָ איז נאָך קימאט גאָרנישט ניט אופגעטו געוואָרן. די פּראָבלעם גופע פון דער פארגאנגענהייַט פונעם ייִדישן (ייִדישן, ניט העברעיִשן) בוך איז נאָך קימאט ווי ניט אוועקגעשטעלט געוואָרן. פארשטייט זיך, ניט אוועקגעשטעלט געוואָרן אין ביבליִאָלאָגישן און ניט ליטעראטור־היסטאָרישן זינען פון וואָרט. כאָטש מע דארף זאָגן, אז אפילע ליטעראטור־היסטאָריש ווערט דער עלטערער ייִדישער בוך אן אָביעקט פון ערנסטן שטודיִום ערשט איצט, פאר אונדזערע אויגן. יענע ברעקלעך אופמערקזאמקייַט, וואָס מע פלעגט דערעכאגעוו שענקען דעם ייִדישן בוך בעשאס דער העברעיִשער אָדער אלגעמיין־אָריִענטאלישער בוכפאָרשונג (און באזונדערס בעשאס דער ביבליִאָלאָגישער ארבעט איבערן העברעיִשן בוך)

[1]) דער זשורנאל „דער ייִדישער גראפיקער״, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשייַנען אין יאנוואר 1929 יאָר אין ווארשע (ארויס, דאכט זיך, נאָר איין נומער), איז א פּראָפעסיִאָנעלער אָרגאן פון קליינע דרוקעריַי־אייגנטימער און האָט אבסאָליוט קיין וויסנשאפטלעכן ווערט נים.

קען נאטירלעך, אויסער געוויסע אויסנאמען, ניט גיין אין באטראכט. אכוצרעם איז, אויב מע האָט שוין יאָ עפּעס אופגעטון אפן געביט פון יידישער בוכגעשיכטע, באציט זיך עס, ווי באוווסס, קימאט אויסשליסלעך צו ביבליאָטעקאָגראפיע און ביבליאָגראפיע (קאטאלאָגיזאטאָרישע באשרייבונג פון די פאראנענע עלטערע פאָנדן). ס'איז באקאנט, וואָס פאר א באציונג צום יידישן, אָדער ריכטיקער „jüdisch-deutschen“ בוך עס האָט געהערשט צווישן די יאהודיש-העברעיסטישע ביבליאָלאָגן. אפילע פאר שטיינשניידערן, וואָס האָט פאר דער געשיכטע פונעם עלטערן יידישן בוך אופגעטון מער ווי ווער ס'ניט איז אנדערש (ס'איז גענוג צו דערמאנען זיין „Jüdisch-Deutsche Literatur“ אין „Serapeum“), איז דער שטודיום פונעם יידישן בוך געווען בלויז א געצוווּנגענע בייזאך. שטודירנדיק די העברעישע ביבליאָגראפיע, איז פּאָשעט אומעגלעך געווען אינגאנצן אויסצומיידן דעם יידישן בוך. בא די איבעריקע יאהודיש-העברעיסטישע בוכפאָרשער, לעמאָשל, בא נויבאוערן, בען-יאקאָבן און אנד. איז די באציונג צום יידישן בוך געווען גאָר א גלייכגילטיקע.

איבער דער יידישער בוכגעשיכטע דארף זיך דעריבער אָנהייבן גאָר פונסניי א זעלבשטענדיקע סיסטעמאטישע פאָרשונג-ארבעט. צום אלעם ערשטן דארף מען זיך פארנעמען מיט דער געשיכטע פון יענע דרוקערייען, וואָס האָבן אָנגעהויבן ארויסלאָזן יידישע ביכער. דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז מע דארף איגנאָרירן די עלטערע געשיכטע פון יידישן בוכדרוק, וואָס איז פארבונדן קימאט אויסשליסלעך מיטן העברעישן און רעליגיעזן סייפער. אויך דערדאָזיקער עלטערער געשיכטע דארף אָפּגעגעבן ווערן א באשטימטע אופמערקזאמקייט, אף וויפל דאָס איז וויכטיק אי פאר דער אלגעמיינער יידישער קולטור-געשיכטע, אי פאר דער ספּעציעלער יידישער ביבליאָלאָגיע. ס'איז נאָר נייטיק, אז דערביי זאָל א באזונדער אכט געלייגט ווערן אף דער מעטאָדאָלאָגישער זייט פון דער פאָרשונג, אף וויפל גראָד אינעם שטודיום פונעם העברעישן בוכדרוק זיינען שוין פאראן אויסגעטראָטענע וועגן און פעסטע טראדיציעס און אף וויפל דידאָזיקע וועגן און טראדיציעס זיינען ווילד-פרעמד דער נייער מארקסיסטישער יידישער וויסנשאפט. שטודירנדיק די העברעישע בוכגעשיכטע, שטייט יעדער וויסנשאפטלער פאר א גרויסער סאקאָנע: אָפּטמאָל אפילע ניט ווילנדיק קען ער ארייננפאלן אינעם טאָן און סטיל פון דער דייטשיש-יאהודישער ביבליאָפיליע אָדער ציאָניסטיש-העברעיסטישער „אמהאסייפערישקייט“ [1]).

אָבער אין צענטער פון יידישער וויסנשאפטלעכער ארבעט דארף דאָך אוועקגעשטעלט ווערן דאָס יידיש-שפּראכיקע בוך. און דאָס איז, זעלבסטפארשטענדלעך, ניט צוליב יענע יידישיסטיש-ליבהאָבערישע קאוואָנעס, וואָס הערשן אין דער ארבעט פון די ווילנער און ביכלאל יידישיסטישע וויסנשאפטלער, נאָר צוליב דעם, וואָס גראָד די אנטשטייונג און די עוואָלוציע פונעם יידיש-שפּראכיקן, און באזונדערס פונעם וועלטלעכן יידיש-שפּראכיקן בוך, האָט אָפּגעשפּיגלט די גרויסע קולטור-באוועגונג פון די ברייטע יידישע פאָלקס-מאסן.

באגלייך מיט דער געשיכטע פון דרוקערייען דארף געגעבן ווערן א גענויערע קינסטלעריש-טעכנישע באשרייבונג פון די עלטערע עדיציעס און פאראנענע אוניקא. עס דארף אופגעשטעלט ווערן דער גאנצער אנטוויקלונגס-וועג, וואָס עס איז דורכגעגאנגען די יידישע בוך-קונסט. דער יידישער שריפט (וואָס אין איינציקע און דערביי זייער כא-

1) ווי ווייט מיר זיינען געדעכט, קען מען איינזעען פון דער ארבעט פון ש. באָראָוואָי וועגן דעם היסטאָרישן וועג פונעם יידישן בוכדרוק אין אוקראינע. (זע С. Боровий. „Нариси з історії єврейської книги на Україні“. „Бібліологічні Вісті“ ч. I—II, 1925 און ч. I, 1926) דידאָזיקע אַרבעט, וואָס איז אין אלגעמיין אַ גאנץ אינטערעסאנטער צושטייער צו דער געשיכטע פון יידישן קולטור-לעבן אין אונדזער לאנד, האָט דעם כיסאָרן, וואָס עס מיידט אויס דעם סאָציאָל-אידעאָלאָגישן אנאליז פון די געבראכטע פאקטן און באנוגנט זיך מיט דער אזוי-גערופענער „אָביעקטיווער“ קאָנסטאטאציע. (אונטער דערדאָזיקער „אָביעקטיווקייט“ וואָלט אגעוו געווען גאָר ניט שווער אָנטאפּן די גאנץ סוביעקטיווע אָריענטאציע פונעם אווטאָר ניט אפן סאָציאלן, נאָר אפן „נאציאָנאלן“ אנאליז פון די פאקטאָרן און קוילעס פונעם יידישן קולטור-געשיכטלעכן גאנג).

ראקטעריסטישע פראַטים איז ער גאָר ניט דאָס אייגענע וואָס דער העברעישער), די זאץ־טעכניק, די קאָמפּאָזיציע, די בוכבאפוצונג, אָרנאמענטיק, ביכלאל גראפיק — אלץ דארף אריינגיין אין קרייז פונעם ערנסטן שטודיום.

אלס א ספעציעלע אופגאבע דארף דאָ אגעוו ארויסגעשטעלט ווערן דער שטודיום פון דער סאָוועטישער יידישער גראפיק, וואָס האָט פאר די 12 יאָר פון אָקטיאבער־רע־וואָליוציע דורכגעמאכט א גאנצע געשיכטע. דער טאָך פון דערדאָזיקער געשיכטע באשטייט דערין, וואָס פון דער נאציאָנאליסטיש־עסטעטיזירנדיקער גראפישער סטיליזאציע אָדער פון די מיטלאלטערלעכע, דעריקער רעליגיעזע, קינסטלערישע מאָטיוון, אָדער פונעם קליינשטעטל־דיק־פראָווינציעלן צייכנערישן פרימיטיוו (אזוינע זיינען, לעמאָשל, געווען די מערהייט אויס־גאבעס פון דער קיעווער „קולטור־ליגע" אין די יאָרן 19—1917. איצט איז דאָס א מאָנאָ־פּאָליע פון פוליש־אמעריקאנישע יידישע פארלאגן) איז מען אריבערגעגאנגען צו דער אינ־טערנאציאָנאליסטישער צייכנערישער קונסט פון דער אלגעמיינער רעוואָליוציאָנערער גראפיק. (עמעס, אין הינזיכט פון טעכניק און אפילע אידעאָלאָגישער אויסגעהאלטנקייט איז נאָך איצט אויך ניט אלץ קעשורע אין דעם סאָוועטישן יידישן בוכדרוק, אָבער דאָך איז דאָ דער רע־וואָליוציאָנערער איבערברוך שוין פאָרגעקומען [1]). מיט דער אויספאָרשונג פון די וועגן, מיט וועלכע די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט זיך אריינגעריסן אין דער סאָוועטישער יידישער בוכקונסט, און מיט דער דערלערנונג פון יענע גרויסע ענדערונגען, וואָס זי האָט אין דער־דאָזיקער בוכקונסט אריינגעטראָגן, וועט די סאָוועטישע יידישע בוכגעשיכטע אויספילן איינע פון אירע וויכטיקסטע אופגאבן.

איינצייטיק מיטן היסטאָרישן שטודיום פון יידישער בוכטעכניק דארפן געקליבן ווערן מאטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער פארשפרייסונג פונעם יידישן בוך, ד. ה. צו דער געשיכטע פון בוכהאנדל, פארלעגעריי, ביבליאָטעקעריי א. אז. וו. א בעקאָוועדיקן אָרט דארף אויך פארנעמען די געשיכטע פון דער יידישער פרעסע און פלוג (וואָ־לאנציע) - ליטעראטור (אופרופן, פלאקאטן, פראָקלאמאציעס א, אז. וו.). ס'איז איבעריק אונ־טערצושטרייכן, אז אין דער גאנצער אויבנאָנגעוויזענער היסטאָרישער ארבעט דארף מיט א ספעציעלער אופמערקזאמקייט און אין דער ערשטער ריי דורכגעארבעט ווערן די רעוואָליוציאָנערע יידישע ליטעראטור פון גרעסערע יידישע ביכער־אויסגאבעס ביז די קלענסטע פלוג־בלעטלעך.

דאָס בוך און ביכלאל דאָס געדרוקטע וואָרט האָט אינעם יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן שטענדיק געשפילט א לעפיערעך גרעסערע ראָליע, ווי אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון אנדערע פעלקער. דערדאָזיקער פאקט האָט זיך, פארשטייט זיך, גענומען ניט פון דער איבעריקער רייכקייט און אלזייטיקייט פונעם יידישן קולטור־לעבן — ווי עס מיינען די קאָל־האמינים נאציאָנאליסטן און „אמהאסייפערניקעס" [2])—נאָר גראָד פון זיין באגרענעצטקייט און אָרעמקייט. בא דער אָפּוועזנהייט אָדער שוואכקייט פון אנדערע קולטור-מעגלעכקייטן האָט זיך די ספעציפישע וואָג פונעם בוך געלאָזט פילן שטארקער. אכוץ דעם — און דאָס איז די הויפּטזאך — האָט זיך אין דער פארהעלטניסמעסיק גרעסערער ראָליע פונעם בוך אינעם יידישן לעבן געלאָזט פילן דער פאקט, וואָס צווישן די צוגאנג־מיטלען, וואָס די יידישע בורזשואזיע האָט געהאט קעגן די ברייטע פאָלקס־מאסן, האָבן איבערן מאנגל אין דירעקט־פאָליטישע רעסורסן (ניט געווען קיין אייגענער פאָליטישער אפאראט; קאָהאָל, וואאר אוכעדוימע זיינען געווען בלויז סוראָגאטן) א בעקאָוועדיקן אָרט

1) באזונדערס אינטערעסאנט איז אין דעם פראט די דרוק-פראָדוקציע פאר די לעצטע פאָר יאָר. אן אויס-שליסלעכע אופמערקזאמקייט ציען צו, לעמאָשל, די אויסגאבעס פארן 1928 און 1929 יאָר פון אזוינע פארלאגן ווי דער אוקראינישער מעלוכע-פארלאג און דער צענטרפארלאג. ביידע האָבן זיי דערהויבן די גראפיק פונעם יידישן בוך, דעריקער בעלעטריסטיק, צו אזא מאדרייגע, אף וועלכער זי איז נאָך קיינמאָל ניט געשטאנען.

2) זע, לעמאָשל, דעם פילאָזאָפיש-פרעטענציעזן און יאהודיש-נאציאָנאליסטישן אריינפיר־ארטיקל אינעם ערשטן נומער פון די „Soncino-Blätter".

פארנומען די מאָראלע צוואנג־מיטלען, ד. ה. רעליגיע, טוירע א. ד. גל. דער סייפער און שפעטער דאָס בוך און די צײַטונג איז אין די הענט פון דער יידישער בורזשואזיע געווען א וויכטיקער פאָליטישער אינסטרומענט. בא אזא מין לאגע איז קלאָר, אז די געשיכטע פונעם יידישן בוך, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אן ערשטקלאסיקן און אן אומפארבײַטלעכן קוואל באם דערלערנען די פארגאנגענהײַט, האָט א באזונדערן אינטע־רעס, און ניט נאָר פון ביבליאָלאָגישן, נאָר אויך פונעם אלגעמיינעם קולטור־היסטאָרישן שטאנדפונקט.

---

ניט קיין קלענערן ווערט, עמעס, ניט אזוי פאר געשיכטע, ווי פאר דער געגנוואַרט, האָט די ביבליאָגראפיע פונעם יידישן בוך. גראָד אף דעם געביט איז עפּעס שוין יאָ אופגעטון געוואָרן, באזונדערס פאר דער לעצטער צײַט. מיר פארמאָגן איצט א גאנצע ריי ספּעציעלע ביבליאָגראפישע קאָמיסיעס, וואָס עקזיסטירן אָדער בא וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס, אָדער בא אקאדעמישע ביבליאָטעקן. מיט א קורצער צײַט צוריק איז בא דער קאטעדרע פאר יידישער קולטור (איצטיקן אינסטיטוט) אָרגאניזירט געוואָרן אן אלפאר־באנדישע יידישע ביבליאָגראפישע צענטראלע. דערדאָזיקער אינטערעס צו ביבליאָגראפיע, וואָס איז אָן יעדן פארגלײַך גרעסער, ווי דער אינטערעס צו א וועלכער ס'ניט איז אנדערער דיסציפּלין פון בוכקענטעניש, איז א גאנץ נאטירלעכער. אָן א גוט אוועקגעשטעל־טער ביבליאָגראפישער ארבעט קען ניט געמאָלט זײַן קיין שום ערנסטער שטודיום. נאָך מער. אָן א שטענדיק פונקציאָנירנדיקער ביבליאָגראפישער ארבעט ווערט פארהאלטן דער טעמפּ אויך פון דער אלגעמיינער קולטור־ארבעט.

אָבער דאָס, וואָס ס'איז אופגעטון געוואָרן אפן געביט פון יידישער ביבליאָגראפיע, איז זייער קנאפּ, סײַ אין קאמעס און סײַ אין אייכעס. די ביבליאָגראפישע רעשימעס (רעגיסטרירנ־דיקע ביבליאָגראפיע), וואָס ווערן פארעפנטלעכט, זײַנען אין זייער איבערגרעסטער מער־הײַט א פּראָדוקט פון צופעליקער און דילעטאנטיש דורכגעפירטער ארבעט. קיין שום פּלאן איז אין דערדאָזיקער ארבעט ניטאָ, שוין אָפּגערעדט וועגן א וועלכער ס'ניט איז אָרגאנישער פארבינדונג מיט דער וויסנשאפטלעכער ארבעט אָדער מיט די אָדער אנדערע קולטור־באדערפענישן. די צונויפגעשטעלטע רעשימעס דרוקן זיך פון פאל צו פאל אין סאמע פארשידענע אויסגאבעס. די אנאָטירנדיקע און רעצענזירנדיקע ביבליאָגראפיע, וואָס מיט איר פארנעמען זיך אין א געוויסער מאָס אונדזערע צײַטונגען און זשורנאלן, איז אויך אוועקגעשטעלט זייער שוואך. לעסאָף, גאָר שלעכט איז מיט דער ביבליאָגראפישער סטאַ־טיסטיק. די ביכער־סטאטיסטיק איז א וויכטיקער קולטור־געזעלשאפטלעכער ווײַזער. א סטאטי־סטיק פון פאראנענע, ארויסגעגעבענע און געלייענטע ביכער [1], באזונדערס אויב זי טראָגט ניט נאָר אן אלגעמיינעם כאראקטער, נאָך אויך א רעאלן און טעמאטישן און אויב זי ווערט געגעבן אין א סאָציאלן אספּעקט, קען אנטפּלעקן אפן בוילעטסטן אויפן די אלגעמיינע קול־טור־פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין א געזעלשאפט. אין אונדזערע זשורנאלן ווערן געגעבן צומאָל ארטיקלען אָדער מאטעריאלן איבער יידישער ביכער־סטאטיסטיק, אָבער די ארבעטן זײַנען זייער שוואך און גיבן זייער ווייניק.

פאר דער יידישער וויסנשאפטלעכער ביבליאָגראפיע שטייען אזוי ארום זייער גרויסע אופגאבן. ערשטנס, דארף סאָפּקאָלסאָף אוועקגעשטעלט און געלייזט ווערן די פּראָבלעם פון א פולן רעפּערטואר פון יידישער בוכפּראָדוקציע. עמעס, אין אויס־לאנד ווערט שוין יאָ עפּעס געטון אף דעמדאָזיקן געביט. לויט די פאראנענע ידיעס גרייט זיך שוין אפילע צום דרוק ד״ר שאצקיס א גרויסע ביבליאָגראפישע ארבעט, וואָס זאָל

---

1) עמעס, ידיעס וועגן פאראנענע און געלייענטע ביכער געהערן ניט צו דער ביבליאָגראפישער, נאָר צו דער ביבליאָטעקארישער סטאטיסטיק. נאָר וועגן דעם וועט אונדז נאָך אויסקומען צו דערמאנען.

ארומכאפן דעם גאנצן רעפערטואר פון עלטערער יִידישער ליטעראטור ביז א. מ. דיק [1]. אָבער מיר טאָרן זיך אַף דעם ניט פארלאָזן. די ביבליִאָגראפישע צענטראלע באם אינסטיטוט פאר יִדישער קולטור דארף שוין צוטרעטן צו זאמלען מאטעריִאלן פארן יִדישן ביכער־רעפערטואר. עס דארפן שוין צוגעצויגן ווערן די געהעריקע הילפס־קויכעס, געשאפן ווערן די נייטיקע מיטלען א. אז. וו. אגעוו, ווערט איצט אין קיִעוו, ווו ס'עקזיסטירט א ווויסנשאפטלעכער ביכער־אינסטיטוט, אן אקאדעמישע ביבליִאָטעק מיט א קימאט צווימיליִאָניקן ביכער־פאָנד און אנדערע בוכוויסנשאפטלעכע אינסטיטוציִעס, צונויפגעשטעלט א פולער רעפערטואר פון דער אוקראַיִנישער דרוק־פראָדוקציִע. די ארבעט ווערט געפירט אונטער דער אָנפירונג פון דער ביבליִאָגראפישער קאָמיסיִע פון דער אלוקראַיִנישער ווויסנשאפטלעכער אקאדעמיִע. דאָס שאפט א מעגלעכקייַט פאר די יִדישע ביבליִאָגראפן אויסנוצן די דערפארונג פון א שטארקערער ביבליִאָגראפישער אינסטיטוציִע, וועלכע פירט גראָד דורך דיזעלביקע ארבעט, וואָס ס'וועט דארפן דורכפירן די יִדישע ביבליִאָגראפישע צענטראלע.

ארום דער פראָבלעם פונעם אלוקראַיִנישן ביכער־רעפערטואר ווערט געפירט א ברייטע דיסקוסיִע [2]. דידאָזיקע דיסקוסיִע וויַיזט, ווי קאָמפליצירט, הען אין טעאָרעטישן און הען אין פראקטישן הינזיכט, עס איז די ארבעט פון צוזאמענשטעלן דעם פולן נאציִאָנאלן ביכער־רעפערטואר, דעמדאָזיקן, לויטן אויסדרוק פון פראָפ. באָדנארסקי, אלגעמיינעם ביבליִאָגראפישן אדרעס־בוך. און בעעמעס. לאָמיר נעמען אזא פונדאמענטאלע פראָבלעם, ווי די פראגע וועגן דעם פארנעם פונעם רעפערטואר. אַף וואָס פאר אן אָפּקלייַב־פרינציפ דארף מען אים בויען, — אַף אן עטנאָגראפישן אָדער טעריטאָריִאלן? וואָס איז, לעמאָשל, דער אוקראַיִנישער ביבליִאָגראפישער רעפערטואר, צי יענער סכום דרוק־זאכן, וואָס זיַינען, אומאָפּהענגיק פון זייער שפראך, ארויסגעגעבן געוואָרן אַף דער אוקראַיִנישער טעריטאָריִע זינט ס'עקזיסטירט אַף איר די דרוק־טעכניק, צי יענער סכום אויסגאבעס, וואָס אומאָפּהענגיק פון דער טעריטאָריִע, זיַינען זיי דערשינען אין דער אוקראַיִנישער שפראך? און וויַיטער, צי דארף אריַינגענומען ווערן אינעם אוקראַיִנישן ביבליִאָגראפישן רעפערטואר די פרעמדשפראכיקע און אויסלענדישע אוקראַיִניקע, ד. ה. די ליטעראטור, וואָס איז אוקראַיִניש (אינגאנצן אָדער טיילוויַיז) ניט לויט דער שפראך און ניט לויט דער טעריטאָריִע, נאָר לויטן אינהאלט?

דידאָזיקע פראגן וועגן די ראמען און דעם מאסשטאב פון דער ביבליִאָגראפישער ארבעט ווערן נאָך שארפער, ווען מע גייט אריבער צום יִדישן ביבליִאָגראפישן רעפערטואר [3].

אויב די כראָנאָלאָגישע גרענעצן זיַינען דאָ פונקט אזוי קלאָר, ווי בענעגייע צו יעדן ביבליִאָגראפישן רעפערטואר — פון די ערשטע דרוק־אויסגאבעס ביזן היַינטיקן טאָג — זיַינען אָבער אנדערע קריטעריִומס פונעם ארבעט־פארנעם זייער אומקלאָר און פראָבלעמאטיש.

1) זע — ד"ר מ. ווייַנרייך. „בילדער פון דער יִדישער ליטעראַטור־געשיכטע", ז. 44.

2) איבערהויפט אין די צוויי אוקראַיִנישע בוכוויסנשאפטלעכע זשורנאלן: „Бібліологічні Вісті" (זשורנאל פונעם אינסטיטוט פאר בוכוועזן) און „Журнал Бібліотекознавства та Бібліографії" (אויסגאבע פון דער אלוקראַיִנישער אקאדעמישער ביבליִאָטעק) און אין די פעריִאָדישע זאמלביכער פון דערזעלבער ביבליִאָטעק „Бібліотечний Збірник" (זע נומ. 3 מיט אן אונטערקעפל: „Бібліографія на Україні").

3) אגעוו, אין דער דיסקוסיִע וועגן אוקראַיִנישן רעפערטואר ווערט אויך דירעקט באריִרט די פראגע וועגן דער ליטעראטור פון די נאצמינדערן אין אוקראַיִנע. אייניקע, — דאָס זיַינען די אָנהענגער פונעם טעריטאָריִאלן פרינציפ — האלטן, אז אין אוקראַיִנישן נאציִאָנאלן רעפערטואר דארפן אריַינגיין אויך אלע אויסגאבעס פון יענע נאצמינדערהייַטן, וואָס וווינען אין אוקראַיִנע. אנדערע, — דאָס זיַינען אָנהענגער פונעם ריין־עטנאָגראפישן פרינציפ — האלטן, אז פאר די נאצמינדערהייַטן דארף מען שאפן באזונדערע ביבליִאָגראפישע רעפערטוארן און אז זייער ליטעראַטור דארף דעריבער ניט איַינגעשלאָסן ווערן אינעם אוקראַיִנישן רעפערטואר. פון דעם איז קלאָר, אַף וויפל ס'איז וויכטיק, אז איינציַיטיק מיט דער אוקראַיִנישער רעפערטואר־דיסקוסיִע זאָל זיך וואָס גיכער עפענען אן אנטשפרעכנדיקע דיסקוסיִע צווישן די נאַצמינדערן. (וועגן די נאצמינדערן און דעם אוקראַיִנישן רעפערטואר. זע: С. Постернак. — „До дискусії про український бібліографічний репертуар". „Журнал бібліотекознавства та бібліографії" № 2, Київ. 1928 און П. Іноземцев. „Проблема національної бібліографії на Україні". „Бібліологічні Вісті" № 2—3, 1929).

זאָל דער ייִדישער ביבליִאָגראפישער רעפערטואר ארומכאפן ניט נאָר אלע צײַטן, נאָר אויך אלע לענדער? דאָס איז, פארשטייט זיך, זייער געוווּנטשן און, אלנפאלס פאר דער עלטערער צײַט, אומבאדינגט נייטיק. אָבער ס'איז אזא גראנדיִעזע אופגאבע, וואָס קיין באזונדערע ביבליִאָגראפישע אינסטיטוציִע קען זי פאר זיך ניט אוועקשטעלן. אלנפאלס, ס'איז קלאָר, אז אזא „אלוועלטלעכע" ארבעט קען אף זיך די סאָוועטישע ייִדישע ביבליִאָגראפיִע דערווײַל ניט נעמען. זי דארף זיך באנוגענען, אין בעסטן פאל, מיטן מיזרעך־אייראָפּעיִשן געביט.

דאָסזעלביקע וואָס מיט טעריטאָריִאַלע גרענעצן איז מיטן שפראך־לימיט. א פולער רעפערטואר פון דער ייִדישער דרוק־פראָדוקציִע הייסט, לויט אונדזער מיינונג, פריִער פאר אלץ די ביבליִאָגראפיִע פון דער ליטעראטור אין ייִדיש. אלשפראכיקע ביבליִאָגראפישע רעשימעס זײַנען זייער נייטיק, אָבער ניט פאר אן אלגעמיינעם רעפערטואר, נאָר פאר א ספעציִעלער ביבליִאָגראפיִע, וואָס האָט א באשטימטן און קלאָר פעסטגעשטעלטן וויסנשאפטלעך־פראקטישן צוועק און ווו גראָד דער פראָווינציִעל־באגרענעצטער ייִדישיזם פונעם ווילנער אינסטיטוט איז פונקט אזוי שעדלעך, ווי ס'איז אין באצוג צום אלגעמיינעם רעפערטואר שעדלעך דער פאניודאיִסטישער און שפראכלעך־קאָלבויִישער אוניווערסאַליזם פון דער יערושאָלאיִמער ביבליִאָטעק [1].

פונעם געזאָגטן איז קלאָר, אז אין גרונט פונעם סאָוועטישן ייִדישן ביבליִאָגראפישן רעפערטואר דארף אוועקגעלייגט ווערן ניט דער ריין־טעריטאָריִאַלער און אויך ניט דער ריין־עטנאָגראפישער (שפראכלעכער) פרינציפ, נאָר א געמישטער עטנאָגראפיש־טעריטאָריִאַלער פרינציפ (לעמאָשל, ייִדישע דרוק־אויסגאבעס אין מיזרעך־אייראָפּע). איבעריקנס דארף נאָך דידאָזיקע פראגע — וועגן מאסשטאב פונעם רעפערטואר — גוט דורכגעלײַטערט ווערן אין אן אלזײַטיקער דיסקוסיִע. דאָסזעלביקע איז אויך מיט אנדערע זייער וויכטיקע פראגן, וואָס זײַנען שײַעך די מעטאָדן פון צוזאמענשטעלן דעם רעפערטואר, דעם סיידער פון די ארבעטן, דער סיסטעם פון דער קארטאָטעק, דעם אינהאלט אָדער ריכטיקער דער פאָרם פון דער באשרײַבונג־קארטע א. אז. וו., א. אז. וו.

באגלײַך מיט דער היסטאָרישער ביבליִאָגראפיִע פון דער שוין א צײַטלאנג דערשינענער ליטעראטור איז אויך זייער וויכטיק אוועקצושטעלן ווי געהעריק די לויפנדיקע ביבליִאָגראפיִע. פיל מאטעריִאַלן און רעשימעס ווערן געדרוקט און פארעפנטלעכט, און דאָך האָבן מיר ניט קיין רעגלמעסיקע ביבליִאָגראפישע רעגיסטראציִע. עמעס, וואָס איז שײַעך דער אלגעמיינער רעגיסטראציִע פון דער לויפנדיקער דרוק־פראָדוקציִע איז

1) דער יווישער פּאָדערט צו באמערקן, אז אויך צווישן די ייִדישיסטישע ביבליִאָגראפן זײַנען פאראן אָנהענגער פונעם שפראכלעך-יודאיִסטישן מאקסימאליזם. אָט פריידיקט, לעמאָשל, איינער ש. שפיגעל אין „ביכער-וועלט" (№ 3, 1922 אינעם ארטיקל „ביבליִאָגראפיִע און ביבליִאָגראפישע אינסטיטוטן") אן אלגעמיינע ייִדישע ביבליִאָגראפיִע, וואָס זאָל זיך „פארשפרייטן כוץ ייִדיש, אויך אף העברעיִש, אף שפאנאָליש און אנדערע ייִדישע לאָקאלע דיִאלעקטן, ווי אויך אף יודאיִקע". עמעס, סאָפקאָלסאָף איז אויך בא שפיגעלן, וואָס בענעגייע דער אלגעמיינער ביבליִאָגראפיִע שטייט ער, ווי מיר זעען, שיר ניט אפן ראסן־סעמיטישן שטאנדפונקט, איז די הויפטזאך די ייִדישע דרוק-פראָדוקציִע. איבעריקנס, ניט נאָר די דרוק-פראָדוקציִע, ווײַל אויך אלס ייִדישיסט איז שפיגעל ניט ווייניקער מאקסימאליסטיש, ווי אלס יודאיִסט. פונקט אזוי ווי מיט א ברייטער האנט פון אן עכטן מעגאכעם-מענדל ווארפט ער אָן גאנצענע פראָיעקטן וועגן ייִדישע ביבליִאָגראפישע אינסטיטוטן אין אלע לענדער פון דער וועלט, פונקט אזוי און מיט דערזעלביקער מענאכעם-מענדלשער ברייטקײַט פארשפרייט ער די קאָמפּעטענץ פון דער ייִדישער ביבליִאָגראפיִע אף דער גאנצער גראפישער פראָדוקציִע פון אלע צײַטן און מעלוכעס, ניט אויסגעשלאָסן אפילע פאָנאָגראפישע וואליקעס און גראמאָפאָנע פלאסטינקעס. אָט וואָס עס שרײַבט דערדאָזיקער פריידיקער פון א ייִדישער היפער-ביבליִאָגראפיִע: „דער אָביעקט פון דער ייִדישער ביבליִאָגראפיִע איז יעדע ייִדישע גראפישע פאָרם, ווי קסאָוויאָדן, דרוק, ליטאָגראפיִע, גראוויור, צייכנונג, מאָלערײַ, סטענאָגראפיִע, פאָטאָגראפיִע, העקטאָגראף, שרײַבמאשין, פאָנאָגראף א. אז. וו. — אלץ וואָס איז דערשינען אין דער עפנטלעכקײַט, האָט אָרער קען מיט דער צײַט האָבן (!?) אן עפנטלעכן אינטערעס". דערדאָזיקער ווילדער ביבליִאָגראפישער מאקסימאליזם פון די ייִדישיסטן איז ניט קיין איזאָלירטע און צופעליקע זאך. ס'איז א כאראקטעריסטישער אויסדרוק פון זייער עכט קאסרילעווקער שטרעבונג צו זײַן מיט „לײַטן גלײַך", אויב ניט אין דערווירקלעכקײַט, איז כאָטשבי אין פראָזשעקטערײַ, אין פאנטאזיִע, אין פראזעאָלאָגיִע.

די לאגע מער-ווייניקער נאָרמאל. אין די באזונדערע פובליקאציעס פון די רעפובליקא־נישע ביכער־קאמערן (לעמאָשל „Книжная летопись“, „Літопис українського друку“, („Летапіс беларускага друку“ ווערן באגלייך מיטן מערהייטלעכן פאָלק געבראכט אויך די דרוק־רעשימעס פון אלע מינדערהייטלעכע פעלקער, יידן בעסויכאָם. ס׳איז נאָר ניט באקוועם, וואָס די אלגעמיינע רעגיסטראציע פון דער יידישער דרוק־פּראָדוקציע איז צעוואָרפן אין עטלעכע אויסגאבעס. קעדיי צו פארייניקן די ביבליאָגראפישע מאטעריאלן פון א באשימטער נאציאָנאלער גרופע אין איין אויסגאבע האָט די אלפארבאנדישע קאָנפערענץ פון אלע ביכער־קאמערן באשלאָסן ארויסצוגעבן א ספעציעלן ביבליאָגראפישן רעגיסטריר־בוך פאר דער פארשידנשפראכיקער ליטעראטור. די יידישע אָפּטיילונג פון דער־דאָזיקער ביבליאָגראפישער אויסגאבע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו פארעפנטלעכן דער ווייס־רוסישער ביכער־קאמער. ליידער אָבער, איז זי נאָך ביז איצט ניט צוגעטראָטן צו פארווירק־לעכן דעם אָנגענומענעם באשלוס.

אָבער באזונדערס שלעכט איז מיט דער ספעציעלער, ד. ה. רעאלער (זאכ־לעכער) און טעמאטישער יידישער ביבליאָגראפיע. קיין שום אינסטיטוציע האָט זיך ביז אהער ניט פארנומען מיט דערדאָזיקער וויכטיקער ארבעט. אָפּטער פון אלץ ווערן די אָדער אנדערע טעמאטישע ביבליאָגראפישע רעשימעס געשאפן אין פראָצעס פון וויסנשאפטלעכער ארבעט גופע. בא נאָרמאלע באדינגונגען דארף זיין גאָר אן אנדער סיידער: די ביבליאָגרא־פישע רעשימעס דארפן זיין ניט קיין שלוס־רעזולטאט פון דער וויסנשאפטלעכער ארבעט, נאָר איר פּאָרהאנאָכע. אנדערש געזעדט, דארף די טעמאטישע ביבליאָגראפיע (וואָס געוויינלעך שטעלט זיך צונויף פאר זיך יעדער וויסנשאפטלער אליין), געגעבן ווערן דעם וויסנשאפטלער, ווי א פארטיקע זאך. דערמיט וועט געווונען ווערן זייער פיל קוואלי־פיצירטע ענערגיע, וואָס דער פאָרשער פאטערט אף זוכן די געהעריקע ליטעראטור.

פאר דער יידישער וויסנשאפט האָט די רעאלע און טעמאטישע ביבליאָגראפיע נאָך א באזונדערע באדייטונג דערפאר, וואָס יידישע ביכער ווערן ארויסגעגעבן אין דער גאנ־צער וועלט, דאן ווען די אלגעמיינע רעגיסטראציעס פון דער יידישער דרוק־פּראָדוקציע ווערן פארעפנטלעכט נאָר אין פ. ס. ר. ר. אכוצדעם איז פאראן נאָך א מאָמענט, וואָס מאכט די רעאלע ביבליאָגראפיע וויכטיק גראָד פאר דער יידישער וויסנשאפט. דאָס איז דער פאקט, וואָס אין דער יידישער ליטעראטור שפילט, בא איר פארהעלטנמעסיקער אָרעמ־קייט, אן אויסעראָרדנטלעכע ראָליע די פעריאָדיקע, אָנהייבנדיק פון א צייטונג און ענדיקנ־דיק מיט א דיקערן זשורנאל. טעמאטישע רעשימעס, וואָס כאפן ארום אלץ, וואָס איז פאראן אין דער ליטעראטור וועגן דער געגעבענער פראגע, האָט בא אונדז צו טון, אויב ניט דעריקער, איז אין זייער א היפשער מאָס, מיט ארטיקלען. ס׳איז ניט זעלטן צו טרעפן טעמעס, וואָס זייער ביבליאָגראפיע וועט באשטיין אפילע אויסשליסלעך פון ארטיק־לען. אָבער ניט אונדזערע צייטונגען (וועגן דעם איז שוין אָפּגערעדט) און ניט אונדזערע זשורנאלן גיבן ארויס — כאָטשבי איינמאָל אין א יויוול — אַלגעמיינע ביבליאָגראפישע פאר־צייכענישן פון זייער אינהאלט. בא אזא מין לאגע איז אָן דער ביבליאָגראפישער הילף פון א ספעציעלער אָרגאניזאציע זייער שווער צו ארבעטן.

די ביבליאָגראפישע צענטראלע דארף אזוי ארום פאַקטיש ווערן א ביבליאָ־סטאנציע, וואָס זאָל אויספילן די ספעציעלע ביבליאָגרא־פישע באשטעלונגען, וואָס עס וועלן מאכן די אָדער אנדערע יידי־שע וויסנשאפטלער און פאָרשער.

אין קלאמערן האלטן מיר דערבײַ פאר נייטיק ווידער אונטערצושטרייכן, אז ס׳איז באם צוזאמענשטעלן די סיסטעמאטיש־טעמאטישע ביבליאָגראפיע העכסט וויכטיק, גראָד פאר דער סאָוועטישער יידישער וויסנשאפט, אריבערצוטרעטן די ענגע נאציאָנאל־שפראכלעכע יידי־שיסטישע גרענעצן און געבן די רעשימע פון דער גאנצער ליטעראטור איבער דער אָדער אנדערער „יידישער“ טעמע אומאָפּהענגיק פון דער שפראך, אף וועלכער דידאָזיקע

ליטעראטור איז אָנגעשריבן. מיר זאָגן, אז די אופגאבע איז באזונדערס וויכטיק פאר דער סאָוועטישער ייִדישער וויסנשאפט, ווײַל די ייִדישיסטישע ביבליאָגראפן, וואָס פאלן שטענדיק ארײַן אין א שפראכלעך־ביבליאָפילישן טראנס און לעקן מאמעש די פינגער פון יעדן ייִדיש סייפערל, איגנאָרירן ניט זעלטן זייער וויכטיקע אויסגאבעס נאָר דערפאר, וואָס זיי זײַנען נים פארעפנטלעכט אף ייִדיש.

וואָס איז שײַעך רעצענזירנדיקער און קריטיש־אָריענטירנדיקער ביבליאָגראפיִע זײַנען אויך דידאַזיקע פאָרמען פון בוכבאשרײַבונג זייער וויכטיק. וועגן דעם האָבן מיר שוין אויבן גערעדט. די רעצענזירנדיקע ביבליאָגראפיִע דארף אויך אָנעמען א פלאנמעסיקן כאראקטער און פארנעמען א גרעסערן אָרט אין אונדזערע פעריאָדישע אויסגאבעס, ווי ביז איצט. ס'איז אן אלגעמיין באוווּסטער פאקט, אז די רעצענזיִע־אָפטיילונגען פון אונדזערע צײַטשריפטן ביכלאל און פון די ייִדישע ביפראט זײַנען אוועקגעשטעלט זייער שלעכט. אגעוו, גיט אָפּ די ייִדישע רעצנזירנדיקע ביבליאָגראפיִע, וועלכע טראָגט ביכלאל זייער א צופעליקן און ניט־שטאנדהאפטיקן כאראקטער, צופיל אופמערקזאמקײַט דער קינסטלערישער ליטעראטור און צו ווייניק דער איבעריקער בוכפראָדוקציִע. ס'איז דעריבער נייטיק באם רעגולירן די רעצענזיִע־ארבעט ארײַנטראָגן א ריכטיקערע פּראָפּאָרץ צווישן באזונדערע ליטעראטור־עלעמענטן, כאָטש ס'איז קלאָר, אז די קינסטלערישע ווערק וועלן מוזן גראָד אין אונדזער ביבליאָגראפישער ארבעט פארנעמען א באזונדער אָרט. די רעצנזירנדיקע ביבליאָגראפיִע וועט דארפן אויך מער אָרט אָפּגעבן דער קינסטלעריש־טעכנישער און גראפישער זײַט פונעם ייִדישן בוכדרוק.

ענדלעך, דארף אוועקגעשטעלט ווערן די ביכער־סטאטיסטישע פאָרשונג. אכוץ דער פרימיטיווער סכעדאָגראפיִע און רעצענזיִעס זײַנען קיינע אנדערע פאָרמען פון בוכבאשרײַבונג ניט באוווּסט דער ייִדישער ביבליאָגראפיִע. אלנפאלס ווערט דער סטאטיסטישער מעטאָד אין איר ניט אָנגעווענדעט, ניט געקוקט אף דעם, וואָס גראָד דערדאַזיקער מעטאָד שאפט א מעגלעכקײַט צו מאכן די אינטערעסאנטסטע און באלערנדיקסטע אויספירן סײַ וועגן גאנג פון די אלגעמיינע קולטור־פּראָצעסן, סײַ וועגן דער אנטוויקלונג פון דער בוכפראָדוקציִע. סטאטיסטישע טאבעלן וועגן דער אבסאָליוטער צאָל ארויסגעגעבענע ביכער און וועגן זייער טיראזש, פונקט אזוי ווי וועגן דער פארטיילונג פון דער בוכפראָדוקציִע צווישן באזונדערע געביטן און ספּעציִעלע גרופּעס, קאטעגאָריִעס און רובריקעס—אָפּהענגיק פונעם פאָרשונג־שטאנדפונקט – קענען אין געניטע הענט ווערן דער ווערטפולסטער און באַווײַזלעכסטער קוואלן־מאטעריִאל פאר וויכטיקע קולטור־היסטאָרישע און קולטור־פּאָליטישע אָפּשאצונגען און אויספירן. ביבליאָגראפישע סטאטיסטיק, ד. ה. דער סכום יעדיִעס וועגן דער עלטערער און נײַ דערשינענער ליטעראטור, וועגן איר כאראקטער, אינהאלט און פארשידענע אייגנשאפטן, אויסגעדריקט אין ציפערן און צאָלן, דארף ווערן א באשטענדיקער עלעמענט פון דער ייִדישער בוכפאָרשונג.

---

אפן געביט פון ייִדישער ביבליאָטעק־קענטעניש זײַנען די אופגאבן ניט קיין קלענערע, ווי אף אנדערע געביטן פון ייִדישער ביבליאָלאָגיִע. דאָס ערשטע אָרט צווישן דידאַזיקע אופגאבן דארף, לויט אונדזער מיינונג, פארנעמען ביבליאָטעקאָגראפיִע, ד. ה. ביבליאָטעק־באשרײַבונג. מיר מוזן פריִער פאר אלץ, נאָך איידער מיר טרעטן צו צו דער אייגנטלעכער ביבליאָטעק־פאָרשונג, קלאָר מאכן, וואָס פאר א ייִדישע ביכער־פאָנדן (וויפל און וועלכע) מיר פארמאָגן אין אונדזער לאנד (און אויב מעגלעך—אויך אין אנדערע לענדער).

באשרײַבן א ביבליאָטעק קען מען, אין גרונט גענומען, אף א צווייענדיקן אויפן. אָדער מע דערציילט וועגן גאנצענע פאָנדן פון דער ביבליאָטעק, באגרענעצנדיק זיך דערבײַ בלויז מיט אן אלגעמיינער כאראקטעריסטיק, אָדער מע ברענגט א פולע רעשימע פון אלע ביכער,

וואָס געפינען זיך אין דער ביבליאָטעק. אינעם צווייטן פאַל באַקומט די ביבליאָטעק־באַשרייבונג א פאָרם פון א קאטאלאָג. דער פולער קאטאלאָג פון דער ביבליאָטעק גיט וועגן איר די בעסטע און בוילעטסטע פאָרשטעלונג. און דעריבער טאַקע פאַרנעמט די פּראָבלעם פון קאטאלאָגיזאציע דעם וויכטיקסטן אָרט אין ביבליאָטעקאָגראפיע.

לויט איר כאראקטער איז די דעטאלע, ד. ה. מיט דער הילף פון קאטאלאָג צונויפגעשטעלטע ביבליאָטעקאָגראפיע זייער נאָענט צו ביבליאָגראפיע. אי דאָ, אי דאָרטן קומט אויס באַשרײַבן ביכער, אינעם ערשטן פאַל,—ביכער, וואָס זײַנען פאראן אין א באַשטימטן פ אָ נ ד, אין צווייטן פאַל,— ביכער, וואָס זײַנען דערשינען אין א באַשטימטער צ יי ט. און דעריבער באַנוצט זיך די ביבליאָטעקאָגראפיע קימאַט מיט דיזעלביקע ארבעט-מעטאָדן, וואָס די ביבליאָגראפיע. א ביבליאָטעק קען באַשרײַבן ווערן סכעדאָגראפיש — דאַן האָבן מיר — ענלעך צו א געוויינלעכער ביבליאָגראפישע רעשימע — א פאָרמעלן קאטאלאָג. זי קען באַשרײַבן ווערן גענויער מיט אנאָטאציעס וועגן יעדן בוך און אָוטאָר, דאַן האָבן מיר — ענלעך צו דער קריטיש־אָריענטירנדיקער ביבליאָגראפיע, — א קריטישן אָדער וויסנשאַפטלעכן קאטאלאָג. זי קען ענדלעך באַשריבן ווערן אין צאָלן און ציפערן, דאַן האָבן מיר — ענלעך צו דער ביבליאָגראפישער סטאטיסטיק — די ביבליאָטעק־סטאטיסטיק (עמעס, אין ביבליאָטעק־סטאטיסטיק גייט אַרײַן ניט בלויז די סטאטיסטיק פון ביכער, נאָר אויך די סטאטיסטיק פון לייענער). דיזעלביקע ענלעכקײַט, וואָס עקזיסטירט צווישן די א ר ב ע ט ־ מ ע ט אָ ד ן פונעם קאטאלאָג און ביבליאָגראפישער רעשימע איז אויך פאראן צווישן זייערע קלאסיפיקאציע־פּרינציפּן. פונקט אזוי ווי עס זײַנען פאראנען (אָפּהענגיק פונעם סיידער און מאסשטאב, א י ן און מ י ט וועלכן דער מאטעריאַל ווערט פאנאנדערגעטיילט) אלגעמיינע און ספּעציעלע ביבליאָגראפישע רעשימעס, פונקט אזוי זײַנען אויך פאראַנען אלגעמיינע און ספּעציעלע קאטאלאָגן. די ביבליאָגראפיע כאַפּט ארום סײַ די עלטערע בוכפּראָדוקציע, סײַ די נײַע ליטעראטור. אויך די ביבליאָטעקאָגראפיע פארצייכנט ניט נאָר די עלטערע ביכער־פאָנדן, נאָר אויך דעם לויפנדיקן צופלוס. דער רעגיסטרירנדיקער ביבליאָגראפישער רעשימע אַנטשפּרעכט אין ביבליאָטעקאָגראפיע דער צופלוס־קאטאלאָג (קאטאלאָג פון נײַ־דערוואָרבענע ביכער).

פון דערדאָזיקער ענלעכקײַט פון ביבליאָגראפיע און ביבליאָטעקאָגראפיע (עמעס, ענלעכקײַט און ניט אידענטישקײַט, ווי עס מיינען אייניקע בוכפאָרשער) איז צו זען, ווי אָרגאַניש פארבונדן זײַנעןביידע דיסציפּלינען און ווי וויכטיק עס איז, אז זייער ארבעט זאָל דורכגעפירט ווערן בא אן ענגסטן קעגנזײַטיקן קאָנטראָל. פאַר דער ווירקלעך־וויסנשאפטלעכער ביבליאָגראפיע, וואָס גייט ארויס פונעם שטרענגן פּרינציפּ, אז באַשרײַבן דאַרף מען בלויז de visu, איז ביבליאָטעקאָגראפיע די איקערדיקסטע שטיצע. אין אסאך פאַלן, ווען מ'האָט צו טון מיט א רײַכער און גוט־קאָמפּלעקטירטער ביבליאָטעק, פארבײַט דער קאטאלאָג א ביבליאָגראפישע רעשימע. און פאַרקערט. ניט זעלטן העלפט א ביבליאָגראפישע רעשימע צו שאַפן א וויסנשאפטלעכן קאטאלאָג פון גרויסע און ווערטפולע ביבליאָטעקן.

די קעגנזײַטיקע הילפס־פארבינדונג, וואָס עקזיסטירט צווישן ביבליאָגראפיע און ביבליאָטעקאָגראפיע האָט פאַר דער יידישער בוכפאָרשונג נאָך א ספּעציעלע באַדײַטונג אין צוזאמענהאנג מיט דער ריזיקער פּראָבלעם פון א יידישן ביבליאָגראפישן רעפּערטואַר. ס'איז קלאָר, אז דעמדאָזיקן רעפּערטואַר וועט מען קענען צוזאמענשטעלן בלויז מיט פאראייניקטע אָנשטרענגונגען פון אלע אונדזערע ביבליאָלאָגישע קריכעס. די ארבעט וועט דאָ דאַרפן געפירט ווערן איינצײַטיק אין פארשידענע ריכטונגען. יעדע מינדסטע ביבליאָגראפישע רעשימע, יעדער קלענסטער קאטאלאָג וועט דאָ האָבן א באַשטימטן ווערט. ס'וועט אויסקומען מאמעש נישטערן אין אלע ביבליאָטעקן און ארכיוון, ווו מע וועט נאָר כאָטשבי האָפן צו געפינען עפּעס א יידיש דרוק־זאך. און אלס די וויכטיקסטע פאָרהאנאָכע פונעם ביבליאָגראפישן רעפּערטואַר וועט מען באַטראַכטן דעם אלגעמיינעם פאראייניקטן קאטאלאָג פון אלע יידישע אויסגאבעס, וואָס זײַנען פאראנען אין די גרעסטע ביב־

ליִאָטעקן פון פּ. ס. ר. ר. פאר דער ביבליִאָטעקאָגראפיִע האָט דידאָזיקע פּראָבלעם פון א פולן פאראייניקטן קאטאלאָג פון אלע ייִדישע ביבליִאָטעק־פאָנדן פונקט דיזעלביקע באדײַטונג, וואָס דער ביבליִאָגראפישער רעפּערטואר פאר ביבליִאָגראפיִע.

אָבער דער פאראייניקטער קאטאלאָג וועט האָבן א קאָלאָסאלן ווערט ניט נאָר פארן רעפּערטואר, פאר וועלכן ער וועט פאקטיש זײַן א מין רעפּעטיציִע. אויך פאר אנדערע געביטן פון בוכקענטעניש און פאר דער גאנצער וויסנשאפט־ארבעט ביכלאל וועט דער קאטאלאָג האָבן דעם גרעסטן ווערט.

פארשטייט זיך, ניט מיטאמאָל וועט מען קענען דעם קאטאלאָג צוזאמענשטעלן. מע דאַ־ף ניט פארגעסן, אז גוט אײַנגעאָרדנטע קארטאָטעקע־קאטאלאָגן, ווער שמועסט שוין פון געדרוקטע און פארעפנטלעכטע קאטאלאָגן, פארמאָגן מיר זייער ווייניק. ס'וועלן ערשט מוזן אָנגענומען ווערן די געהעריקע מיטלען קעדיי צו נאָרמאליזירן און רעגולירן די קאטאלאָגיזאטאָרישע ארבעט אין אונדזערע ביבליִאָטעקן. און דעריבער וועט מען זיך דערווײַלע דארפן באנוגענען מיט אלגעמיינע איבערזיכטן פון די פאראנענע פאָנדן, מיט טיילווײַזע רעשימעס פון די אָדער אנדערע וויכטיקערע זאמלונגען א. אז. וו. ערשט בעהאדראָגע און אין רעזולטאט פון א לענגערער ארבעט וועט זיך אײַנגעבן צו קאָנצענטרירן אין איין אָרט די קאטאלאָגן פון ייִדישע ביבליִאָטעקן און לייגן אזוי ארום א גרונט פאר א פולער קארטאָטעקע פון ייִדישע דרוק־זאכן אין די ביבליִאָטעקן פון לאנד.

אכוץ דער באשרײַבונג און אויספאָרשונג פון די עקזיסטירנדיקע ייִדישע ביבליִאָטעקן און ביכער־פאָנדן האָט די ביבליִאָטעקאָגראפיִע נאָך איין וויכטיקע אופגאבע — דאָס איז שטודירן („באשרײַבן”) דעם געשיכטלעכן גאַנג, וואָס ס'האָט דורכגעמאכט די ייִדישע ביבליִאָטעקערײַ. אינעם אלגעמיינעם ייִדישן געזעלשאפטלעכן און קולטור־פּאָליטישן לעבן האָבן די ייִדישע ביבליִאָטעקן שטענדיק געשפילט א גאנץ באדײַטנדיקע ראָליע. עמעס, אין אלטן צארישן רוסלאנד זײַנען לעגאלע ייִדישע ביבליִאָטעקן, אָדער ריכטיקער, ייִדישע אָפּטיילונגען בא די העברעיִש־רוסישע ביבליִאָטעקן [1], געווען זייער קנאַפּ אין צאָל. און דערבײַ זײַנען זיי אין א גרויסער טייל געווען אָדער אין פּריוואטע הענט פון די ביכער־הענדלער [2], אָדער אין די הענט פון די מעפיצע־האסקאָלעדיקע פילאנטראָפּן. ביז דער רעוואָליוציִע פון 1905 יאָר האָבן די ייִדישע ביבליִאָטעקן געהאט אויסצושטיין אזויפיל שטערונגען מיצאד דער רעגירונג, אז ס'איז געווען פּאָשעט אומעגלעך זיי צו דערהאלטן. נאָך דער רעוואָליוציִע פון 1905 יאָר האָט זיך אָבער די צאָל ביבליִאָטעקן שטארק פארגרעסערט [3]. באגלײַך מיט „אָפּע”־ביבליִאָטעקן (אייגענע און סובסידירטע) האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאניזירן דעמאָקראטישע און אפילע פּראָלעטארישע ביבליִאָטעקן, בא די פאראיינען א. ד. גל. די לעצטע האָבן, פארשטייט זיך, זייער גיך אָנגעווירן זייער לעגאלן כאראקטער און זײַנען צוזאמען מיט דער גאנצער פּאָליטישער און פּראָפעסיִאָנעלער באוועגונג פונעם ארבעטער־קלאס אריבערגעגאנגען אף אן אונטערערדיש־אומלעגאלער לאגע. א היפּשער טייל פון זיי זײַנען זיך דערבײַ אינגאנצן צעפאלן. די געשיכטע פון אומלעגאלע ייִדישע ביבליִאָטעקן בא די פּראָפּאגאנדיסטישע קרײַזלעך, הילפקאסעס, פארשידענע קולטור־פארבאנדן און אנדערע אָרגאניזאציִעס שטעלט מיט זיך פאָר אגעוו א אינטערעסאנט קאפּיטל פון דער אלגעמיינער ייִדישער ארבעטער־באוועגונג. שטודירן דאָסדאָזיקע קאפּיטל איז איינע פון די

[1] ביכער אין דער ייִדישער שפּראך האָבן דורכשניטלעך אויסגעמאכט א צענטכיילעק פון דער אלגעמיינער צאָל ביכער פון ייִדישע ביבליִאָטעקן פאר דער רעוואָליוציִע. די איבעריקע 9/10 האָבן געהערט דער העברעיִשער און רוסישער שפּראך. גענייער וועגן דעם זע אין דער העאָרע אף זײַט 42—41.

[2] לויט דער אויספאָרשונג פון די ביבליִאָטעקן, וואָס איז געמאכט געוואָרן אין 1904 יאָר, זײַנען ניט ווייניקער פון 70% ייִדישע ביבליִאָטעקן געווען אין פּריוואטע הענט. נאָך דער רעוואָליוציִע, עמעס, איז דער פּראָצענט פון פּריוואטע ייִדישע ביבליִאָטעק-אייגנטימער שטארק געפאלן (זע „האנטבוך פאר ייִדישע ביבליִאָטעק־איניאָנים” פון „כעוורע מעפיצי האסקאָלע” און דעם ארטיקל פון וו. איזראעליטינען אין ”Восход„ פארן 1905 יאָר).

[3] אין 1904 יאָר איז געווען אין רוסלאנד אנערעך 100 ביבליִאָטעקן און אין 1907—08 יאָר בא 300. (זע „האנטבוך פאר ייִדישע ביבליִאָטעק-איניאָנים” פון „כעוורע מעפיצע האסקאָלע” ז. 78).

וויכטיקסטע אופגאבן פון דער היסטאָרישער יידישער ביבליאָטעקאָגראפיע, וואָס דארף „באשרייבן" אין א סאָציאלן אספעקט אלע עטאפן, וואָס ס'האָט דורכגעמאכט די יידישע ביבליאָטעקערײַ.

אכוץ די אומלעגאלע ביבליאָטעקן פון צארישן רוסלאנד האָט די מארקסיסטישע יידישע ביבליאָטעקאָגראפיע נאָך א אינטערעסאנטן און זייער א וויכטיקן אָביעקט פון פאָרשונג. דאָס איז די סאָוועטישע יידישע ביבליאָטעק-נעץ. פאר דער צײַט פון אָקטיאבער־רעוואָלוציע איז דידאָזיקע נעץ אויסגעוואקסן מיט א ריזיקן טעמפּ. הונדערטער און הונדערטער ביבליאָטעקן, זעלבשטענדיקע און אָפּטיילונגען (בא די קלובן, פויערים־הײַזער, דאָרפס־ראטן, שולן א. אז. וו.), וואָס ווערן אויסגעהאלטן אויסשליסלעך אפן מעלוכישן, אָרטיקן אָדער פראָפעסיאָנעלן ביודזשעט, זײַנען אָרגאניזירט געוואָרן אין אלע שטעט און שטעטלעך און אויך אין אלע דערפער מיט א יידישער באפעלקערונג. געבן דעם בילד פון דעמדאָזיקן אימפעטפולן וווקס פון יידישע ביבליאָטעקן אין ראטנפארבאנד אין צוזאמענהאנג מיטן אלגעמיינעם קולטור־אופשטײַג פון די יידישע האָרעפאשנע מאסן איז אויך א דירעקטע אופגאבע פון יידישער ביבליאָטעקאָגראפיע.

אָבער דער צענטראלער אָביעקט פון יידישער ביבליאָטעק־פאָרשונג איז, פארשטייט זיך, ניט דער ביכער־פאָנד, נאָר דער לייענער. פונעם ערשטן קאפיטל ווייסן מיר שוין, וואָס פאר א בעקאָוועדיקן אָרט ס'פארנעמט דער לייענער סײַ אין דער פראקטישער און סײַ אין דער טעאָרעטישער ארבעט פון די אלגעמיינע סאָוועטישע ביבליאָטעקן. אויך אין דער יידישער ביבליאָטעק־פאָרשונג דארף די גאנצע ארבעט אָריענטירט ווערן אף די לעבעדיקע אינטערעסן פונעם לייענער. די לייענער־פראָבלעם איז אָבער, צום גרויס באדויערן, נאָך אפילע ניט אוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער יידישער בוכקענטעניש. עס זײַנען נאָך אפילע ניטאָ די געהעריקע רויע מאטעריאלן. עס פעלן די עלעמענטארסטע סטאטיסטישע און סאָציאל־פסיכאָלאָגישע ידיעס. אין א זעלטענער יידישער ביבליאָטעק ווייסט מען, כאָטשבי אין אלגעמיינע שטריכן, די אייגענע קליענטור. אין דער איבערגרעסטער מערהײַט ביבליאָטעקן באדינט מען די לייענער אָן א וויסנשאפטלעכן קאָמפּאס אין דער האנט, בלינדערהייט, בלויז אפן סמאך פונעם פעדאגאָגישן כוש פון יעדער ביבליאָטעקער באזונדער[1].

די וויסנשאפטלעכע ארבעט איבערן יידישן לייענער דארף זיך דעריבער אָנהייבן פריער פאר אלץ פון דער מאסן־אויספאָרשונג, קעדיי צו באקומען די ערשטע און די נויטווענדיקסטע ידיעס וועגן דעם יידישן לייענער. מיר וועלן דאָ איצט ניט ריידן וועגן דעם, מיט וואָס פאר א מעטאָדן דארף מען דידאָזיקע אויספאָרשונג דורכפירן. גיכער פון אלץ וועט דאָ אויסקומען אויסנוצן אלע פאראנענע מעטאָדן. מיר וועלן נאָר אונטערשטרײַכן, אז לויט אונדזער מיינונג, וועט א באזונדערע ראָליע שפילן די לייענערישע סטאטיסטיק, ווײַל דאָס ערשטע, וואָס מע וועט דארפן פעסשטעלן, איז די אלגעמיינע צאָל יידישע לייענער און זייער סאָציאלער, עלטערלעכער, געשלעכטלעכער, קולטורעלער א. אז. וו. באשטאנד. צוליב דעם וועט מען דארפן דורכפירן אן אלגעמיינע ציילונג פון יידישע לייענער. דידאָזיקע ציילונג, וואָס וועט האָבן פאר דער יידישער ביבליאָטעק־וויסנשאפט נאָך א גרעסערע באדײַטונג, ווי דאָס צונויפשטעלן אן אלגעמיינעם קאטאלאָג פון אלע יידישע ביכער־פאָנדן, דארף

1) ווי גלײַכגילטיק עס באציען זיך די יידישע ביבליאָטעקערס צו דער פאָרשונגס-ארבעט איבערן לייענער, באווײַזט דער פאקט, וואָס אין דער רעזאָליוציע פונעם וו אלפארבאנדישן יידישן קולטור-צוזאמענפאָר געווידמעט די ביבליאָטעק-איניאָנים ווערט די אופגאבע פון דער לייענער-פאָרשונג אפילע ניט דערמאָנט (זע די רעז. אין „ראטנבילדונג" 7—6 №, 1928). ס'איז אויך כאראקטעריסטיש, אז אין אלע אונדזערע זשורנאלן (פעדאגאָגישע אײַנגעשלאָסן) זײַנען פאר דער גאנצער צײַט פון רעוואָלוציע קיימאס ניט געווען קיין ארטיקלען וועגן דעם יידישן לייענער. און ניט נאָר וועגן דעם לייענער. וועגן די איבעריקע איניאָנים פון ביבליאָטעק-וועזן האָבן אונדזערע זשורנאלן און צווישן זיי אפילע אזוינע, ווי „ראטנבילדונג", וואָס זײַנען ספעציעל געווידמעט דער פאָלקס-בילדונג און פאָליטאופקלער, אויך גאָרניט געשריבן.

דורכגעפירט ווערן, לויט א שטרענג אויסגעהאלטענעם איינהייטלעכן מוסטער, דורך אלע ביבליאָטעקן. א באַשטימטער אָנפירנדיקער אָרגאַן, לאָמיר זאָגן, די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע אָדער די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע פונעם אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור, ארבעט אויס א גענויע לייענער־אַנקעטע, וואָס ווערט צעשיקט אין אלע ביבליאָטעקן. די פאַרפולטע אַנקעטעס, וואָס ווערן ווידער קאָנצענטרירט אין איין אָרט, שאַפן דעם גרונט־קוואַל פאַר דער אַלגעמיינער סטאַטיסטיק פונעם יידישן לייענער.

איינצייטיק מיט דערדאָזיקער אַלגעמיינער אויספאָרשונג וועט דאַרפן דורכגעפירט ווערן א סיסטעמאַטישע ארבעט איבער באַזונדערע טיפּן יידישע לייענער, איבערן ארבעטער־לייענער[1], קוסטאַר, פויער, אינטעליגענט, איבער עלטערע און יונגע לייענער, איבער גרויס־שטאָטיקע, שטעטלדיקע און דאָרפישע לייענער, איבער מענער און פרויען, איבער לייענער פון פאַרשידענע פּראָפעסיעס א. אז. וו. די אויספאָרשונג דאַרף אויך פעסטשטעלן, ווי ווייט מעגלעך גענויער און פּינקטלעכער, דעם ספּעציעלן אינטערעס פון יעדער אויבן־איבערגערעכנטער גרופּע צו דעם אָדער אַנדערן מין ליטעראַטור,—צו בעלעטריסטיק, פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ביכער, פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און אַנדערע. א ספּעציעלער שטודיום דאַרף פּירגענומען ווערן אויך איבערן לייענער פון פעריאָדיקע, באַזונדערס איבערן לייענער פון פּאָליטישער פּרעסע[2].

צווישן א גאַנצער ריי איינצלנע פראַגן, וואָס וועלן דאַרפן פאַרענטפערט ווערן באַם דעטאַלן אויספאָרשן דעם יידישן לייענער, וועט אַגעוו זייער אינטערעסאַנט זיין אויך פעסטשטעלן די צווישנפאַרהעלטעניש (אין צאָל און אינהאַלט) פון דער ליטעראַטור אין פאַרשידענע שפּראַכן, וואָס ווערט גענוצט פונעם יידישן לייענער. ס'איז אויך וויכטיק קלאָר צו מאַכן די ווירקונג, וואָס עס האָט אויפן לייענער די אויסערלעך־קינסטלערישע פאָרם פונעם יידישן בוך.

ס'איז איבעריק צו ריידן וועגן דעם, וואָס פאַר אן אײַנפלוס ס'וועט האָבן די געהעריק דורכגעפירטע לייענער־פאָרשונג אויפן גאַנצן יידישן בוכפּראָצעס. ס'איז קלאָר, אַז די אויסגעפאָרשטע און וויסנשאַפטלעך באַגרינדעטע באַדערפענישן פונעם יידישן לייענער וועלן מוזן אויפן שטאַרקסטן אויפן ווירקן אף אלע בוכטוער און בוכשעפער, אָנהייבנדיק פונעם אַוטאָר, קריטיקער און ביבליאָטעקער און ענדיקנדיק מיטן זעצער און מעטראַנפּאַזש.

---

פּאַראַלעל מיט דער פאָרשונג־ארבעט איבער דער געשיכטע פון יידישן בוך, ביבליאָגראַפיע און ביבליאָטעקערײַ, איבער דידאָזיקע וויכטיקסטע געביטן פון בוכקענטעניש, דאַרף גיין אויך די ארבעט איבערן בוכהאַנדל, פאַרלעגערײַ און אַנדערע אָפּטיילונגען פון ביבליאָלאָגיע, וואָס האָבן א קלענערע באַדײַטונג[3].

---

[1]) אָט איז, לעמאָשל, אין מינסקער „שטערן" פאַראַן א קליין אַרטיקעלע פונעם כ' מ. ליבערמאַן „וואָס לייענט דער ארבעטער?" אינעם אַרטיקל ווערט געגעבן א סאַכאַקל פון די פאָדערונגען אַפן קינסטלערישן בוך און באַזונדערע אַוטאָרס בעמעשעך פונעם 1928—29 יאָר, אין דער ביבליאָטעק באַם מינסקער צענטראַלן; פאַרטייאישן יידישן ארבעטער־קלוב א. נ. פון וו. אי. לענין. אינעם אַרטיקל איז פאַראַן א גאַנצע ריי דעפעקטן און מעטאָדאָלאָגישע פעלערן, אָבער א געוויסן מאַטעריאַל גיט ער דאָך. אַלנפאַלס, איז זייער גוט, וואָס אין א ביבליאָטעק פון א יידישן ארבעטער־קלוב האָט מען זיך ערנסט פאַרינטערעסירט מיטן לייענער און מע קלײַבט זיך אַוועקשטעלן ברייט די אויספאָרשונג פון זײַנע אינטערעסן. דעמדאָזיקן פּרוּוו פון די מינסקער כאַווייִרים וואָלט מען געדאַרפט פאַרשפּרייטן אין אלע אונדזערע מעלוכישע, פּראָפעסיאָנעלע, פאַבריק־זאַוואָדישע און אַנדערע ביבליאָטעקן.

[2]) דידאָזיקע פאָרשונג דאַרפן דורכפירן ניט נאָר ביבליאָטעקן און לייענשטיבלעך, נאָר אויך די רעדאַקציעס פון די צײַטשריפטן אַליין. וועגן א פּרוּוו פון אַזא רעדאַקציע־אויספאָרשונג, וואָס עס האָט דורכגעפירט דער מינסקער „אָקטיאַבער" און וואָס האָט געגעבן זייער א אינטערעסאַנטן און באַלערנדיקן מאַטעריאַל, דערציילט דער כ' כ. ד. אין „שטערן" (מינסק, 1927, יאַנוואַר, „וועגן מאָדערנעם יידישן ארבעטער־לייענער").

[3]) וועגן בוכקונסט רעדן מיר דאָ ניט, ווײַל מיר האָבן די פראַגע וועגן איר שוין באַרירט בעשאַס מיר האָבן באַהאַנדלט די אויפגאַבן פון בוכגעשיכטע.

ס'איז ניט נייטיק דאָ צו באווייזן, אז דער יידישער בוכהאנדל אין ראטנפארבאנד איז, ניט געקוקט אף דעם, וואָס ער באנוצט זיך מיטן אלגעמיינעם מעלוכישן און קאָאָפּעראטיוון פארשפרייטונג־אפּאראט, אוועקגעשטעלט זייער און זייער שלעכט. עס זיינען פאראן א גאנצע ריי סיבעס, וואָס זיינען גורעם דערצו, אז דער יידישער בוך ווערט פארשפרייט ווייט ניט אין יענעם מאסשטאב, אין וועלכן ער וואָלט געקענט פארשפרייט ווערן. צווישן די דאָזיקע סיבעס פארנעמט ניט דאָס לעצטע אָרט אויך דאָס, וואָס מיר וויסן ניט, ווי ס'געהער צו זיין, די באדינגונגען און פאָדערונגען פונעם יידישן ביכער־מארק. די יידישע בוכוויסנשאפט דארף דאָ קומען צו הילף דעם מעלוכישן און קאָאָפּעראטיוון פארלעגער און בוכפארקויפער. אכוץ דער ריין־אָרגאניזאציאָנעלער זייט, וואָס נייטיקט זיך אגעוו אויך אין א געוויסער אופמערקזאמקייט, דארף מען פריער פאר אלץ קלאָר מאכן אזוינע גרונט־מאָמענטן, ווי די אופנעם־פעיקייט פונעם יידישן ביכער־מארק און זיינע טענדענצן, דעם כא־אקטער פונעם נאָכפרעג, די פּראָבלעם פון פרייזן, — מיט איין וואָרט, דעם גאנצן סכום פראגן, וואָס זיינען שייך דער **עקאָנאָמיק פונעם יידישן בוך**[1].

ענדלעך, דארף אין א געהעריקער מאָס באלויכטן ווערן די **רעכטלעך־יורידישע** זייט פונעם יידישן בוכוועזן, ווי, לעמאָשל, די פראגע פון אווטאָרישע רעכט, איבערזעצונגען, האָנאָראר א. אז. וו.

.III

אכוץ טעאָרעטישע אופגאבן האָט די יידישע ביבליאָלאָגיע צו לייזן אויך א גאנצע ריי פּראָבלעמען פון א ריין **אָרגאניזאציאָנעלן** כאראקטער. די ביבליאָלאָגישע פאָרשונג־ארבעט טראָגט בא אונדז קימאט אויסשליסלעך א אינדיווידועלן און צופעליקן כאראקטער. מיר פארמאָגן ניט, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, קיין איין וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיך ספּעציעל פארנעמען מיט דער טעאָרעטישער ארבעט אפן געביט פון בוכקענטעניש[2]. **די זעלבסטאָרגאניזאציע פון דער יידישער ביבליאָלאָגיע איז אלזאָ איינע פון די אקטועלסטע אופגאבן פון דער יידישער וויסנשאפט.**

קוידעמקאָל מוז געשאפן ווערן א **באשטימטער וויסנשאפטלעכער צענטער**, וואָס אונטער זיין אָנפירונג זאָל דורכגעפירט ווערן די גאנצע ארבעט. די פראגע וועגן אזא צענטער האָט אגעוו שוין מיט עטלעכע יאָר צוריק אוועקגעשטעלט די קאטעדרע פאר יידישער קולטור. נעמענדיק אין אכט, אז אין קיעוו איז פאראן אן אוקראינישער אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן, האָט די קאטעדרע גערעכנט, אז דאָס בעסטע וואָלט געווען צו קאָנצענטרירן די יידישע ביבליאָלאָגישע פאָרשונג־ארבעט אין דעמדאָזיקן אינסטיטוט. באגלייך מיט דער פראגע וועגן יידישע סעקציעס אין אלוקראינישער פאָלקס־ביבליאָטעק און אין היסטאָרישן ארכיוו האָט די קאטעדרע דעריבער אויך געשטעלט די פראגע וועגן א ספּעציעלער יידישער סעקציע (אָדער קאָמיסיע) אין אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן. אין דערדאָזיקער ריכטונג האָבן זיך שוין אפילע געפירט אונטערהאנדלונגען און דערמיט דערקלערט זיך אויך דער פאקט, וואָס דער געפלאנטער „ביבליאָלאָגישער זשורנאל" (דער איצטיקער „ביבליאָלאָגישער זאמלבוך") האָט געזאָלט זיין א געמיינזאמע אויסגאבע פונעם אוקראינישן אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן און פון דער קאטעדרע פאר יידישער קולטור. די ווייטערדיקע פּראקטיק האָט אָבער באוויזן, אז פיל בעסער און ראציאָנעלער וועט זיין צו קאָנצענטרירן די

[1] א אינטערעסאנטן איבערבליק איבער די אלגעמיינע פראגן פון דער בוכעקאָנאָמיק גיט אין זיין בראָשור "Проблемы экономики книги" (מאָסקווע. 1929) נ. וו. זדאָבנאָוו. א צאָל ארטיקלען וועגן דעמזעלביקן אינין קען מען אויך געפינען אינעם ביולעטען פונעם רוסישן מעלוכע־פארלאג „На красном фронте" Москва—Ленинград.

[2] די ביבליאָגראפישע קאָמיסיעס, וואָס עקזיסטירן בא אייניקע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן און אָרגאניזאציעס, קענען דאָ ניט גיין אין באטראכט, ווייל, ערשטנס, ארבעטן זיי זייער שוואך, און, צווייטנס, כאפן זיי דאָך ארום בלויז איין געביט פון בוכקענטעניש און דערביי נאָך דעם אמווייניקסט טעאָרעטישן.

יידישע ביבליאָלאָגישע פאָרשונג-ארבעט אין דער קאטעדרע גופע, אין וועלכער דידאָזיקע ארבעט וועט זיך **אָרגאניש** פארבינדן מיט דער גאנצער וויסנשאפטלעכער ארבעט איבער די פראָבלעמען פון יידישער קולטור. אין צוזאמענהאנג מיט דערדאָזיקער נײַער אָריענטאציע אירער האָט די קאטעדרע אָרגאניזירט די יידישע ביבליאָגראפישע צענטראלע, וואָס איז דערנאָך (אפן װ קולטור־צוזאמענפאָר) אנערקענט געוואָרן אלס אן אלפארבאנדישע אינסטיטוציע.

מיט אָרגאניזירן די ביבליאָגראפישע צענטראלע איז אָבער די פראָבלעם פון א **טעאָרעטישן** ביבליאָלאָגישן צענטער ניט געלייזט געוואָרן. פון דער צווייטער זײַט אָבער שאפן באגלײַך מיט דער צענטראלע אויך א ביבליאָלאָגישע וויסנשאפטלעכע קאָמיסיע אָדער סעקציע איז די קאטעדרע ליידער ניט געווען ביכולעס, זי איז שוין אזוי אויך געוואָקסן צו שנעל און האָט ניט אומעטום באוויזן צו באפעסטיקן ווי געהעריק אירע פאָזיציעס. אכוצדעם האָט זיך די קאטעדרע שטענדיק געהאלטן אָן דעם פרינציפ, אז א טעאָרעטישע ארבעט איבער דעם אָדער אנדערן געביט דארף מען פאנאנדערוויקלען נאָר דאן, ווען עס ווערן געשאפן די אנטשפרעכנדיקע **הילפס־וויסנשאפטלעכע** אנשטאלטן. און דעריבער האָט די קאטעדרע אנשטאָט דער ביבליאָלאָגישער קאָמיסיע (אָדער סעקציע) אוועקגעשטעלט אלס איר ערשטרייִקע אופגאבע דאָס שאפן א ביבליאָגראפישע צענטראלע און — וואָס איז נאָך דרינגענדיקער — א גרויסע אקאדעמישע ביבליאָטעק און א פרעסע־ארכיוו. אָבער איצט האָט זיך שוין געשאפן א נײַע סיטואציע. די קאטעדרע איז פארוואנדלט געוואָרן אין א אינסטיטוט. פארמאָגנדיק פיל גרעסערע רעסורסן ווי די קאטעדרע, וועט דער אינסטיטוט קאָנען אָן שוועריקײַטן לייזן די פראגע וועגן א ספעציעלער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוציע פארן יידישן בוכשטודיום. די פאסיקסטע אָרגאניזאציעלע פאָרם פאר אזא אינסטיטוציע איז לויט אונדזער מיינונג א ספעציעלע ביבליאָלאָגישע סעקציע, וואָס דארף געגרינדעט ווערן אינעם אינסטיטוט לויטן מוסטער פון די שוין עקזיסטירנדיקע זעקס סעקציעס. דידאָזיקע סעקציע דארף זיך פארנעמען מיטן גאנצן סכום וויסנשאפטלעכע פראָבלעמען פון יידישער בוכקענטעניש, זיך שטיצנדיק דערבײַ אין איר ארבעט אף די דרײַ וויסנשאפטלעכע הילפס־אנשטאלטן — ביבליאָטעק, פרעסע־ארכיוו און ביבליאָגראפישע צענטראלע, — וואָס זײַנען **שוין** אָרגאניזירט און וואָס דארפן בלויז פארברייטערן זייערע פאָנדן און פונקציעס 1).

**די ביבליאָלאָגישע סעקציע פונעם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור דארף ווערן יענער אלפארבאנדישער צענטער פאר יידישער בוכקענטעניש**, וואָס שאפן אים איז, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, די וויכטיקסטע אָרגאניזאציאָנעלע פאָרהאנאָכע פאר דער ווײַטערדיקער סיסטעמאטישער פאָרשונג־ארבעט. דערדאָזיקער פראָיעקט וועט מינאסטאמע פון קיין זײַט ניט ארויסרופן קיין דערוויידערונגען, ווײַל ער איז א נאטירלעכער פועליוציע פון דער גאנצער ביזיצטיקער פראקטיק צו דיפערענצירן די ארבעט צווישן באזונדערע יידישע וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס. ניט די מאָסקווער יידישע וויסנשאפטלעכע געזעלשאפט און ניט דער יידסעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע האָבן ביז איצט געפירט א ספעציעלע ביבליאָלאָגישע פאָרשונג־ארבעט. פארקערט, גראָד די קיעווער קאטעדרע (אינסטיטוט), וואָס פארמאָגט צוויי **אלפארבאנדישע** אנשטאלטן, די ביבליאָגראפישע צענטראלע און דעם פרעסע־ארכיוו, האָט פון סאמע אנטשטייונג אירער ארויסגעוויזן א גרויסן אינטערעס צו דער יידישער בוכפאָרשונג.

קעדיי די ביבליאָלאָגישע סעקציע זאָל קענען ארומכאפן ווי געהעריק אלע עלעמענטן פון דער יידישער בוכקענטעניש, דארפן בא איר פונקציאָנירן פיר שטענדיקע

1) אף איינע פון זײַנע לעצטע זיצונגען האָט דער פרעזידיום פונעם אינסטיטוט באשלאָסן צו שאפן א ספעציעלע ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע אויסער דעם שטאט. דידאָזיקע קאָמיסיע וועט צוגרייטן צום קומענדיקן יאָר די אָרגאניזאציע פון דער ביבליאָלאָגישער סעקציע, פונקט אזוי ווי, לעמאָשל, די פעדאגאָגישע און עטנאָגראפישע קאָמיסיעס פון דער קאטעדרע האָבן צוגעגרייט די אָרגאניזאציע פון דער פעדאגאָגישער און עטנאָגראפישער סעקציעס.

קאָמיסיִעס: פאר דער געשיכטע פונעם ייִדישן בוך, פאר דער ייִדישער ביבליִאָטעק־קענטעניש, פאר ביבליִאָגראפיִע און פאר בוכקונסט.

דער אלפארבאנדישער כאראקטער פון דער ארבעט, וואָס ס'וועט פירן די ביבליִאָלאָגישע סעקציע וועט געפינען איר אויסדרוק ניט נאָר אין דעם, וואָס זי וועט זײַן די העכסטע טעאָרעטישע אינסטאנץ פאר דער ייִדישער בוכקענטעניש אין גאנצן פ. ס. ר. ר., נאָר אויך אין דעם, וואָס זי וועט פראקטיש פאראייניקן אלע וויסנשאפטלעכע קויכעס, וואָס שטודירן דאָס ייִדישע בוך און וועט אף א פלאנירנדן אופן אָנפירן מיט זייער ארבעט. צוליב דעם וועט זיך די ביבליִאָלאָגישע סעקציע דארפן ענג פארבינדן סײַ מיט ייִדישע און סײַ מיט אלגע־מיינע אינסטיטוציִעס, וואָס האָבן א וועלכע עס איז שײַכעס צו דער ייִדישער בוכפאָרשונג.

---

דערמיט, וואָס מיר האָבן אונטערגעשטראָכן די באזונדערע אקטועלקײַט פון א טעאָרעטיש־וויסנשאפטלעכער אינסטאנץ פאר ייִדישער ביבליִאָלאָגיִע האָבן מיר פונדעסטוועגן ניט געוואָלט זאָגן, אז מיט די בוכפאָרשערישע הילפס־אינסטיטוציִעס איז שוין די פראגע אינגאנצן געלייזט. עמעס, א געוויסע, און ניט קיין קליינע, צוגרייטונג־ארבעט איז שוין דורכגעפירט. ווײַטער וועט אויסקומען ניט אזוי עפענען נײַע אנשטאלטן, ווי פארברייטערן די שוין עקזיסטירנדיקע. אָבער דאָך שטייט נאָך פאָר אויך דאָ זייער א באַדײַטנדיקע ארבעט.

צום אלעם ערשטן דארף געלייזט ווערן די פראגע וועגן די אקאדעמישע ייִדישע ביבליִאָטעקן. דידאָזיקע פראגע האָט, נאטירלעך, די גרעסטע באדײַטונג ניט נאָר פאר דער ביבליִאָלאָגישער וויסנשאפט. אויך פאר אנדערע וויסנשאפטלעכע דיסציפלינען אין ביכלאל פאר דער גאנצער פאָרשונג־ארבעט איז דאָס איינע פון די וויכטיקסטע און גרינטלעכסטע פראָבלעמען. אגעוו, אויב קיין וויסנשאפטלעכע ארבעט קען זיך איבערהויפט ניט באגיין אָן א סאָלידער ביבליִאָטעק, איז די ראָל פון ביכער (און דאָקומענטן) אין דער ייִדישער פאָרשונג־ארבעט א באזונדערס גרויסע, מאמעש א דעצידירנדיקע. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דערווײַלע כאפט די ייִדישע וויסנשאפט־ארבעט ארום קימאט אויסשליסלעך הומאניטארע דיסציפלינען, ווו דער עקספערימענטאלער פאָרשונג־מעטאָד ווערט באנוצט אין אן אומבאדײַטנדיקער מאָס. די פארשפרייטונג פון דער ייִדישער וויסנשאפט־ארבעט אף אזויגערופענע „אלגעמיינע" און באזונדערס אָנגעווענדעטע נאטור־וויסנשאפטלעכע דיסציפלינען (לעמאָשל, אגראָנאָמיִע) קומט פאָר — צוליב גאנץ פארשטענד־לעכע טײַמים — זייער לאנגזאם. ניט קיין לאבאראטאָריִעס, ניט קיין קאבינעטן און ניט קיין פרוווסטאנציִעס, נאָר ביבליִאָטעקן און ארכיוון זײַנען דעריבער דער הויפט־אָרט פון ייִדישער וויסנשאפטלעכער ארבעט [1].

אין וואָס־זשע פאר א צושטאנד געפינען זיך בא אונדז די אקאדעמישע ייִדישע ביבליִאָטעקן? מע דארף זאָגן אָפן: אין זייער און זייער א שלעכטן. אייגנטלעך גערעדט, ווען מ'זאָל צוגיין צום איניען שטרענג, וואָלט מען אפילע געדארפט אנערקענען, אז מיר האָבן ביכלאל ניט קיין אקאדעמישע ביבליִאָטעקן. ווײַל דאָס וואָס מיר פארמאָגן זײַנען בלויז אקאדעמיש־טיטולירטע ביבליִאָטעקן, וואָס אין דער וואָר זײַנען זיי גאָר ווײַט פון ווירקלעך־וויסנשאפטלעכע ביכער־זאמלונגען. און בעעמעס. לאָמיר נעמען, לעמאָשל, די אָדעסער ייִדישע אקאדעמישע ביבליִאָטעק. דאָס ערשטע, אף וואָס מע דארף דאָ אָנווײַזן איז דאָס, אז די ביבליִאָטעק געפינט זיך אין העכסט אומנאָרמאלע מאטעריִעלע באדינגונגען.

[1] דערמיט ווילן מיר, פארשטייט זיך, ניט זאָגן, אז לאבאראטאָריִעס און אנדערע עקספערימענטאלע אנשטאלטן האָבן קיין ווערט ניט אין דער ייִדישער וויסנשאפט־ארבעט. פאר א ריי וויסנשאפט־געביטן (לעמאָשל, פעדאָלאָגיִע, פילאָלאָגיִע א. א. וו.) האָבן זיי גאָר א גרויסע באדײַטונג. מע דארף אויך ניט ארויסלאָזן פון אויג, אז באגלײַך מיטן עקספערימענטאלן מעטאָד מוז אין דער ייִדישער פאָרשונג־ארבעט פארנעמען א כאָשעווען אָרט אויך דער עקספעדיציִע־מעטאָד, וואָס איז פארבונדן מיט אָרגאניזאציִע פון מוזייען און קאבינעטן.

די געבײַדע אירע איז ענג און קליין. טויזנטער ביכער ליגן שטאבלווײַז אין זײַטיקע צימערן און קאָרידאָרן. אכוצדעם איז די געביידע זייער אלט און איז אבסאָליוט ניט צוגעפאסט פאר א ביבליאָטעק, און דערבײַ ניט נאָר פאר אן אקאדעמישער אָדער צענטראלער, נאָר אפילו פאר א ראיאָנער [1]). דער שטאט פון דער ביבליאָטעק איז א נישטיקער. קיין וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער האָט זי ניט (אין וואָס־זשע באשטייט איר אקאדעמישקײַט?), אסיגנירונגען אף אײַנקויפן נײַע ביכער זײַנען אזוי קליין, אז עס סטײַעט בלויז פאר לויפנדיקער סאָוועטישער ליטעראטור. אף אײַנצוקויפן אויסלענדישע ליטעראטור און פארשיידענע צופעליקע אנטיקווארע זאמלונגען (ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זײַן) זײַנען קיין געלט ניטאָ. דער צופלוס פון נײַע ביכער איז דעריבער א מינימאלער. אויב נעמען אין אכט, אז די אלגעמיינע צאָל ביכער אין דער ביבליאָטעק דערגרייכט — אויב מיר האָבן קיין טאָעס ניט — בלויז ביז 30—25 טויזנט בענדער [2]), וועט קלאָר ווערן אף וויפל עס איז פראָבלעמאטיש די אקאדעמישקײַט פון דער ביבליאָטעק סײַ בא הײַנטיקן טאָג און סײַ אין דער פערספעקטיוו.

אביסל בעסער איז די לאגע אין דער קיִעווער ביבליאָטעק א. נ. פון מ. ווינטשעווסקי. די ביבליאָטעק פארמאָגט ביז 50 טויזנט בענדער. באזונדערס גרויס איז איר יידישע אָפּטיילונג (ביכער אין יידיש). אין דעם הינזיכט איז זי, זעט אויס, איינע פון די רײַכסטע ביבליאָטעקן אינעם גאנצן פארבאנד. די ביבליאָטעק געפינט זיך אויך אין א פיל בעסערער געביידע, ווי די אָדעסער (כאָטש אויך אין קיִעוו איז די געבײַדע ניט צוגעפאסט ספעציעל פאר א ביכער־זאמלונג). און דאָך איז אויך דאָ די לאגע ווײַט ניט קיין נאָרמאלע.

עמעס, די ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק טראָגט ניט קיין אקאדעמישן נאָמען. זי הייסט צענטראלע ביבליאָטעק. אָבער דאָס לייגט אף איר ארויף נאָך א גרעסערע פאראנטוואָרטלעכקײַט. אכוצדעם, אומאָפּהענגיק פון איר יורידישן טיטל, איז די ביבליאָטעק שוין לויט איר ביכער־פאָנד אליין א העכסט־וויכטיקע פאר דער יידישער וויסנשאפט־ארבעט.

ביז מיט 3—2 יאָר צוריק איז די ביבליאָטעק געווען אין גאָר א כאאָטישן צושטאנד. ס'איז גענוג צו זאָגן, אז ס'איז ניט געווען קיין פולער אינווענטאר־בוך. ערשט פאר דער לעצטער צײַט איז די ביבליאָטעק אביסל אײַנגעאָרדנט געוואָרן. ס'איז רעמאָנטירט און פארגרעסערט געוואָרן די געבײַדע, מ'האָט פאריִנווענטאריזירט די ביכער, מ'איז צוגעטראָטן צו קאטאלאָגיזאציע א. אז. וו.

און דאָך איז, ווי געזאָגט, דער צושטאנד פון דער ביבליאָטעק ניט קיין באפרידיקנדיקער. אלנפאלס, פאר א גענוגנדיקער ביכער־באזע פון דער יידישער וויסנשאפטלעכער ארבעט אין קיִעוו קען זי בעשומויפן ניט אנערקענט ווערן. דאָס שוואכסטע אָרט פון דער ביבליאָטעק איז — ווי אין אָדעס — די קנאפע קאָמפּלעקטירונג. עס קומען אָן אין דער ביבליאָטעק פארהעלטניסמעסיק זייער ווייניק נײַע אויסגאבעס. ווי אין אָדעס, איז דאָ גאנץ גאראנטירט בלויז די קאָמפּלעקטירונג פון נײַע סאָוועטישע אויסגאבעס. כאָטש אפילו אין דעם פראט איז כאראקטעריסטיש, אז ניט די קיִעווער און ניט די אָדעסער ביבליאָטעק באקומט ניט קיין פליכט־עקזעמפּליאר פון אלע יידישע אויסגאבעס אין פ. ס. ר. ר., ווי דאָס פראקטיצירט זיך בענעגייע אנדערע אקאדעמישע און ביכלאל גרעסערע ביבליאָטעקן. די ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק באקומט אגעוו יאָ א יידישן פליכט־עקזעמפּליאר, אָבער, ערשטנס, אומדירעקט, און, צווייטנס, בלויז פון או. ס. ר. ר. נײַע אויסגאבעס פון אויסלאנד, באזונדערס די פרעמדשפּראכיקע, פונקט אזוי ווי עלטערע אויסגאבעס, וואָס זײַנען אין

1) לויט פאראנענע ידיעות גייט די ביבליאָטעק אינגיכן אריבער אין א נײַעם, א פיל בעסערן לאָקאל.

2) אין 1927 יאָר איז אין דער ביבליאָטעק געווען, לויט ווי עס ווײַזט אָן ל. קאהאן, 20 טויזנט ביכער (זע זײַן ארטיקל: „Библиотечная жизнь Одессы до и после Октября", „Красный Библиотекарь", № 9—10, 1927), אָבער אין אן ארטיקל פון ש. ב., וואָס איז אָפּגעדרוקט אין 1926 יאָר, ווערט אָנגעגעבן 20.000 ביכער בלויז פאר דער וויסנשאפטלעכער אָפּטיילונג פון דער ביבליאָטעק (זע: С. Б. „Одеська Єврейська Академічна Бібліотека (iм. M. M. C.)", „Бібліологічні Вісті", № 4, 1926). אגעוו, איז וויסנשאפטלעכן אָפּטייל פארעכנט דער אוטאָר פונעם ארטיקל בלויז העבראיקע און יודאיקע. א מאָדנער קריטעריי פאר אקאדעמישקײַט פונעם בוך!

ביבליאָטעק ניט פאראנען און אנטיקווארע זאמלונגען ווערק, איבער באגרענעצטקייט אין מיטלען, דערוואָרבן אין זייער א קליינער צאָל. דערביי נאָך איז איבער דעם, וואָס סיי די אָדעסער און סיי די קיעווער ביבליאָטעק באדינט ניט נאָר די וויסנשאפטלער, נאָך אויך דעם מאסן־לייענער, ווערן אין דער ערשטער ריי איינגעקויפט ביכער פארן מאסן־געברויך און ניט פאר דער וויסנשאפט־ארבעט [1].

די קיעווער ביבליאָטעק האָט נאָך א כיסאָרן – די אָדעסער איז אין דעם פראט אין א בעסערער לאגע — א כיסאָרן, וואָס באזונדערס שטארק פילן אים גראָד די וויסנשאפטלעכע טוער: די גאנצע פרעמדשפראכיקע אָפטיילונג האָט נאָך ניט קיין קאטאלאָג. די באזוכער באנוצן זיך מיט א אינווענטאר־בוך. וועגן דעם אף וויפל דאָס איז אומנאָרמאל איז איבעריק צו רעדן. פונקט ווי אין אָדעס, האָט אויך די קיעווער ביבליאָטעק ניט קיין ספעציעל־וויסנשאפטלעכן שטאט. אין דעם פראט זיינען, זעט אויס, אלע יידישע ביבליאָטעקן שטארק הינטערשטעליק אין פארגלייך מיט די אלגעמיינע אקאדעמישע ביבליאָטעקן [2].

אין קיעוו איז אכוץ ווינטשעווסקיס ביבליאָטעק פאראן נאָך צוויי יידישע ביבליאָטעקן פון א וויסנשאפטלעכער באדייטונג: דאָס איז די יידאָפטיילונג פון דער אלוקראינישער פאָלקס־ביבליאָטעק בא דער אוקראינישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע („ואַן") און די ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור.

די יידאָפטיילונג בא דער „ואַן"־ביבליאָטעק האָט זיך געגרינדעט מיט א קורצער צייט צוריק. אין איר באשטאנד זיינען דערווייל איינגעשלאָסן בלויז די יידישע און העברעישע פאָנדן פון דער ביבליאָטעק. די פארשידנשפראכיקע „יודאיקע" איז נאָך צעוואָרפן ווי פריער צווישן די באזונדערע אָפטיילונגען פונעם אלגעמיינעם פאָנד. עס ווערט איצט ערשט קלאָר געמאכט, ווו און אין וואָס פאר א צאָל זיינען פאראן אזוינע ביכער, וואָס קענען אריבערגעצויגן ווערן אין דער יידישער אָפטיילונג. אגעוו, קען מען זיין זיכער, אז אפילע יידישע און העברעישע ביכער פון דער ביבליאָטעק זיינען גאָך ווייט ניט אלע מאָביליזירט אין דער יידישער אָפטיילונג, ווייל פונעם ריזיקן צוויי־מיליאָניקן ביכער־פאָנד פון דער ביבליאָטעק איז נאָך קאָרעוו צו 35—40% ניט פאנאנדערגעקליבן און ליגט אין א קאָנסערווירטן צושטאנד. ס'איז גאנץ ווארשיינלעך, אז אין דעמדאָזיקן ניט אינווענטאריזירטן ביכער־הויפן זיינען פאראן גאנצענע יידישע דרוק־זאמלונגען.

בא אזא מין סיטואציע איז קלאָר, אז פעסט קען מען נאָך גאָרניט ניט זאָגן וועגן דעם אייכעס און קאמעס פון דער נייגעגרינדעטער יידישער ביבליאָטעק. איינס קען מען אָבער יאָ זאָגן: די ביבליאָטעק פארמאָגט א צו קליינעם שטאט און אסיגנירט צו ווייניק געלט אף איינקויפן נייע ביכער. רעגלמעסיק באקומט זיך אין ביבליאָטעק בלויז די סאָוועטישע ליטעראטור, עמעס, מיט אן אויסשעפנדיקער פולקייט, ווייל די אלוקראינישע אקאדעמישע ביבליאָטעק באקומט א פליכט־עקזעמפליאר פון אלע אויסגאבעס פונעם גאנצן ראטנפארבאנד [3].

די ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט איז אויסגעוואָקסן בעמעשעך פונעם לעצטן יאָר, אדאנק דער ענערגישער זאמל־קאמפאניע, וואָס די קאטעדרע (דער איצטיקער אינסטיטוט) האָט דורכגעפירט. די ביבליאָטעק פארמאָגט ביז 45 טויזנט בענדער. אין דערדאָזיקער צאָל גייט אריין א ריי ווערטפולע פאָנדן פון עלטערער ליטעראטור אין העברעיש און יידיש,

1) זע וועגן דעם איבעם ווייטערדיקן ארטיקל פון כ׳ בראָווארניק „די קיעווער צענטראלע יידישע מעלוכע־ביבליאָטעק אפן נאָמען פון מ. ווינטשעווסקי". אגעוו, אויסלענדישע ביכער אין דער יידישער שפראך קויפט די ביבליאָטעק פונדעסטוועגן איין. קימאט אינגאנצן אויסגעשלאָסן איז דערפאר דער איינקויף פון דער פרעמדשפראכיקער און העברעישער ליטעראטור (יודאיקע און העבראיקע).

2) גענויער וועגן דער ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק זע ווייטער אינעם ערשט דערמאָנטן ארטיקל פון כ׳ בראָ־ווארניק. דער כ׳ בראָווארניק כאראקטעריזירט, אגעוו, די ארבעט פון דער ביבליאָטעק און אירע ביכער־אוצרעס ניט פון אקאדעמישן, נאָר פון פאָליטופקלערישן שטאנדפונקט און דערפאר קומט ער צו אנדערע, מער פאָזיטיווע, אויספירן, ווי מיר.

3) גענויער וועגן דער יידאָפטיילונג פון דער אלוקראינישער ביבליאָטעק זע ווייטער אינעם ארטיקל פונעם כ׳ מיטלמאן.

ס'איז אויך פאראן א גאנץ באַדײַטנדיקע זאמלונג פון פרעמדשפראכיקער יודאִיקע. אין אלגעמיין גענומען אָבער איז די ביבליִאָטעק נאָך רוי און פול מיט בלויזן. באזונדערס שוואך איז פאָ־געשטעלט אין דער ביבליִאָטעק דער אומיטלבאר יִדישער טייל (ליטעראטור אין יִדיש). אכוצדעם דארף מען נעמען אין אכט, אז די ביבליִאָטעק, וואָס האלט זיך אייגנטלעך ערשט אין שאפן, איז נאָך אינגאנצן ניט אײַנגעאָרדנט. ערשט איצט, אין צוזאמענהאנג מיט דער רעאָרגאניזאציִע פון דער קאטעדרע אין א זעלבשטענדיקן אינסטיטוט, איז די ביבליִאָטעק אויסגעטיילט אין א באזונדערן אנשטאלט מיט א ספעציִעלן שטאט. די אָנגעזאמלטע ביכער ווערן פאנאנדערגעקליבן, אינוועטאריזירט און צוגעגרייט צום געברויך[1].

ניט בעסער, ווי אין אוקראִינע, איז די לאגע מיט אקאדעמישע יִדישע ביבליִאָטעקן אין ר. ס. פ. ר. ר. און וו. ס. ר. ר.[2]. אין מאָסקווע איז דאָ א יִדישע אָפּטיילונג אין לענין־ביבליִאָטעק. דידאָזיקע אָפּטיילונג איז אגעוו אָרגאניזירט געוואָרן,— און דאָס איז אויך זייער כאראקטעריסטיש פארן צושטאנד פון יִדישע אקאדעמישע ביבליִאָטעקן,— גאָר ניט לאנג. צען יאָר אָקטיאבער-רעוואָליוציִע האָט די סאָוועטישע יִדישע געזעלשאפטלעכקייַט געדארפט ווארטן אף דעם, אז די מאָסקווער צענטראלע ביבליִאָטעק, וואָס טראָגט דעם גרויסן נאָמען פון כ' לענין, זאָל ענדלעך אָרגאַניזירן פון אירע גאנץ באַדײַטנדיקע יִדישע און יודאִיסטישע פאָנדן א יִדישע אָפּטיילונג.

וועגן דעם, אין וואָס פאר א צושטאנד עס האָבן זיך געפונען, ביז דער אויסבילדונג פון דער יִדאָפּטיילונג, די יִדישע ביכער־פאָנדן (באזונדערס די ביכער אין יִדיש), ווייסן מיר שוין פונעם באריכט־פאָרטראג, וואָס דער ערשטער פארוואלטער מיט דערדאָזיקער אָפּטיילונג, כ' ז. גרינבערג האָט דורכגעלייענט אין דער ביבליִאָגראפישער קאָמיסיִע פון דער מאָסקווער יִדישער וויסנשאפטלעכער געזעלשאפט[3]. אזויוויַ קיין ארטיקל וועגן דער יִדאָפּטיילונג פון לענין־ביבליִאָטעק איז אינעם „ביבליִאָלאָגישן זאמלבוך“ ניטאָ, וועלן מיר זיך דערלויבן ברענגען א גרעסערן אויסצוג פון דעם כ' גרינבערגס באריכט[4]. „די לענין־ביבליִאָטעק, — לייענען מיר אין באריכט,—וואָס עקזיסטירט שוין קימאט 70 יאָר, האָט לויט אירע טאקאָנעס פון אָנהייב אָן געדארפט רעגולער באקומען אן אָבליגאטאָרישן עקזעמפליאר פון דער גאנצער יִדישער דרוק־פראָדוקציִע אין דער געוועזענער רוסישער אימפעריִע. די ערשטע עטלעכע צענדליק יאָרן זײַנען אָבער דידאָזיקע טאקאָנעס געבליבן אפן פאפיר. די יִדישע דרוק־פראָדוקציִע האָט זיך כאדאָשים און יאָרן געוואלגערט אין דער צענזור בא די גאלאָכים־העברייער, וועלכע פלעגן נאָר א טייל אירן — און דאָס צופעליק — איבערגעבן דער ביבליִאָסעק. אין דער ביבליִאַטעק גופע איז די לאגע אויך געוועזן ניט בעסער. די פירער און טוער פון דער ביבליִאָטעק — רעאקציִאָנערע פראָפעסאָרן, גאלאָכים, קאָנסערוואטיווע באאמטע — האָבן פאר דער יִדישער פראָדוקציִע קיין שום אינטערעס ניט געהאט, און די באקומענע קאסטנס ביכער האָבן געפוילט אין די ביבליִאָטעק־קעלערס.

ניט געקוקט אָבער דערוף, האָבן זיך אין דער ביבליִאָטעק פאר א האלבן יאָרהונדערט צונויפגעקליבן גרויסע אויצרעס יִדישע ביכער און פעריִאָדישע אויסגאבעס, וואָס האָבן

---

[1]) גענויער וועגן דער ביבליִאָטעק פון אינסטיטוט זע ווײַטער אין אונדזער צווייטן ארטיקל.

[2]) מיר שטעלן זיך ניט אָפּ אף די ביבליִאָטעקן פון אנדערע שטעט אין אוקראִינע, ווײַל, כוץ דער אָדעסער און קיִעווער, טראָגט קיין איינע פון זיי ניט קיין וויסנשאפטלעכן כאראקטער. מ'וואָלט דאָ געקענט נאָך דערמאָנען די יִדישע אָפּטיילונג פון דער קאָראָלענקאָ-ביבליִאָטעק אין כארקאָוו, אָבער זי איז נאָך דערווײַלע זייער קליין און שטעלט אויך פאר זיך ניט קיין „דירעקטע וויסנשאפטלעכע אופגאבן (כאָטש ס'איז קעדײַ צו פארצייכענען, אז די כארקאָווער ביבליִאָטעק איז די איינציקע אין אוקראִינע, וואָס האָט פארעפנטלעכט א ספעציִעלע יִדישע ביבליִאָגראפישע ארבעט. אויסער אוקראִינע האָט, ווי באוווּסט, א יִדישע ביבליִאָגראפישע ארבעט ארויסגעגעבן בלויז די ווײַסרוסישע מעלוכע-ביבליִאָטעק אין מינסק). גענויער וועגן דער כארקאָווער ביבליִאָטעק זע ווײַטער אינעם ארטיקל פונעם כ' נאדעל.

[3]) מיר ציטירן לויט דער נאָטיץ, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין „עמעס“ № 280, פארן 2 דעקאבער 1928.

[4]) זע וועגן דעמזעלבן אויך אינעם ארטיקל פון ש. אײַזנשטאט „דער רומיאנצעווער מעלוכע-מוזעום און זײַן יִדישע אָפּטײלונג“ אין „קולטור און בילדונג“ (18—19) 1—2 № און (20—21) 3—4 №.

געהאט א קאָלאָסאלן ווערט, אָבער באנוצן זיך מיט זיי האָט מען ניט געקענט, ווייל זיי האָבן זיך געפונען אין א שרעקלעך כאאָטישן צושטאנד.

די ערשטע פרווון צו ברענגען אין א וועלכער ניט איז אָרדענונג די ביכער־אויצרעס פונעם רומיאנצעווער מוזיי איז געמאכט געוואָרן אין די יאָרן פון דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע. העיוים אָבער דאָס איז געטון געוואָרן לויט דער איניציִאַטיוו פון דער ציִאָני־סטיש־קלעריקאלער קעהילע מיט די הענט פון אירע „ספּעצן", האָט דאָס געבראכט צו גאנץ קנאפּע רעזולטאטן.

נאָך דער רעוואָליוציִע האָט זיך די לאגע געענדערט, אָבער גאנץ ווייניק. קיין באזונ־דער ייִדאָפּטייל איז ניט אויסגעטיילט געוואָרן, די אלטע קאָנסערוואַטיווע פירער פון דער ביבליִאָטעק האָבן פאקטיש, ווי פאר דער רעוואָליוציִע, באטראכט די ייִדישע פּראָדוקציִע, ווי אן אָנשיקעניש, און האָבן איר ניט געשענקט די מינדסטע אופמערקזאמקייט, האגאם אדאנק דער רעוואָליוציִע איז זי באַרייכערט געוואָרן מיט א ריי קאָלעקציִעס, וואָס אייניקע פון זיי האָבן א וועלט־באַדייטונג.

בעראָש פונעם מיזרעך־אָפּטייל, וואָס אין זיין באשטאנד גייט אריין אויך די ייִדישע פּראָדוקציִע, איז געבליבן א פּראָפעסאָר, וואָס קען ניט די ייִדישע שפּראך און האָט ניט צום ייִדישן בוך קיין שום אינטערעס, מער ניט, וואָס פאר דער ייִדישער פּראָדוקציִע איז איינ־געלאדן געוואָרן א שטענדיקער מיטארבעטער, און מיט דער הילף פונעם ציִאָניסטישן וויסנ־שאפטלעכן מיטארבעטער זיינען פארעגיסטרירט געוואָרן די ייִדישע און העברעיִשע אויסגא־בעס און מ'האָט זיי אָנגעהויבן ארויסגעבן אין לייענזאל. פארשטייט זיך, אז דערדאָזיקער מיטארבעטער, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אין דער ביבליִאָטעק דורך דער ציִאָניסטישער קעהילע, האָט מער פון אלץ באמיט זיך פּאָפּוליאריזירן די העברעיִשע און ציִאָניסטישע אויסגאבעס. אין קאטאלאָג, וואָס ער האָט צונויפגעשטעלט פארן לייענזאל און וואָס איז דאָרט געשטאנען ביזן לעצטן יאָר, האָבן די לעצטע פארנומען דעם רעכטן אויבנאָן...

פאר די לעצטע צען כאדאָשים (נאָכן באשטימען א נייעם פארוואלטער מיטן ייִדאָפּ־טייל — י. ל.) איז ניט געקוקט אף די אויסערגעוויינלעכע שווערקייטן איבער די טיף איינ־געוואָרצלטע קאָנסערוואַטיווע טראדיציִעס, האָט זיך דאָך איינגעגעבן א היפּש ביסל אופצוטון אין פראט פון ברענגען אין אָרדענונג די ייִדישע אויצרעס פון דער ביבליִאָטעק. עס איז אויסגעטיילט געוואָרן א באזונדער ייִדישער אָפּטייל, וועלכער פארמאָגט ביז 15 טויזנט העב־רעיִשע נעמען און 8 טויזנט ייִדישע. ס'איז צונויפגעשטעלט געוואָרן א קאטאלאָג (ביז 1400 נעמען) פון די ייִדישע ביכער, וואָס זיינען דערשינען אין ראטנפארבאנד נאָך דער רעוואָ־ליוציִע, און ער איז ארויסגעשטעלט געוואָרן אין אלגעמיינעם לייענזאל. א גרויסע ארבעט איז אָפּגעטון געוואָרן איבער דער זייער רייכער ביבליִאָטעק, וואָס האָט פריִער געהערט דעם באראָן גינזבורג. זי איז שוין אינגאנצן פארעגיסטרירט. בא 500 נעמען פּעריִאָדישע אויס־גאבעס אין פארשיידענע אייראָפּעיִשע שפּראכן, וואָס נעמען ארום דעם גאנצן XIX יאָרהונ־דערט, זיינען שוין וויסנשאפטלעך באארבעט און וועלן אינגיכן איבערגעגעבן ווערן צום באנוץ. א באזונדער גרויסע און וויכטיקע ארבעט ווערט געפירט איבער דער מאנוסקריפּטן־קאָלעקציִע פון דערדאָזיקער ביבליִאָטעק, וועלכע איז באוווסט צווישן די געלערנטע פון דער גאנצער וועלט. ביז 100 מאנוסקריפּטן זיינען פאר דער געגעבענער צייט וויסנשאפטלעך באשריבן געוואָרן. די ייִדישע סוב־אָפּטיילונג איז אויך צוגעטראָטן צו ביבליִאָגראפירן די ייִדיש־רוסישע פּעריִאָדיקע.

אין לענינגראד זיינען פאראן זייער גרויסע ייִדישע ביכער־פאָנדן, אין דער ביבליִאָטעק פון „אָפּע" און אין דער עפנטלעכער ביבליִאָטעק. דידאָזיקע פאָנדן זיינען אין אלגעמיין איינגע־אָרדנט[1], אין דער באזונדערס שטארק אויסגעוואָקסענער פאר דער צייט פון מילכאָמע און רע־וואָליוציִע ביבלאָטעק פון „אָפּע". אָבער איבער דעם, וואָס זיי געפינען זיך אין א שטאָט, וואָס איז

[1]) וועגן די רייכע קאָלעקציִעס פונעם אזיִאטישן מוזיי רעדן מיר דאָ ניט, ווייל זיי זיינען באוווסט דער גאנצער וועלט. (זע וועגן אזיִאטישן מוזיי אין "Евр. Энц." אין די ווערטער: "Библиотеки", "Азиатский музей").

זייער ווײַט פון די צענטרען פונעם יידישן קולטור־לעבן בכלל און יידישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט בפרט, זײַנען זיי וויניק צוטריטלעך. אגעוו, זײַנען די יידישע פאָנדן פון דער עפנטלעכער ביבליאָטעק נאָך ניט אינגאַנצן פעסטגעשטעלט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין דערדאָזיקער צווייטער, לויט איר ביכער־פאָנד, ביבליאָטעק אין דער וועלט, איז נאָך ליידער אַדאַיעם ניטאָ אַזאַ יידישע אָפּטיילונג, וואָס זאָל באַזאָרגן די קאַטאַלאָגיזיר־באַאַרבעטונג פון אירע יידישע אויצרעס, אַנטשפּרעכנדיק די באַדערפענישן פון דער סאָוועטישער יידישער וויסנשאַפט־אַרבעט.

וואָס איז שײַעך דער „אָפּע״־ביבליאָטעק איז, לויט פאַרשיידענע קוואַלן, האָט זי ערעוו דער מילכאָמע פאַרמאָגט אַ ביכער־פאָנד פון 20 טויזנט בענדער [1]. אין דערדאָזיקער צאָל זײַנען געווען זייער ווערטפולע פאָנדן פון יידישיסטיק און באַזונדערס פון העבראַיקע און יודאַיקע. דער איצטיקער ביכער־באַשטאַנד פון דער ביבליאָטעק ציילט אָן, אויב מיר האָבן קיין טאָעס ניט, העכער 60 טויזנט בענדער.

אין מינסק זײַנען דאָ צוויי יידישע ביבליאָטעקן פון אַ גרעסערן פאַרנעם, דאָס איז די יידישע אָפּטיילונג באַ דער אַלגעמיינער אַקאַדעמישער מעלוכע־ביבליאָטעק און די יידישע קרײַז־ביבליאָטעק אָפּן נאָמען פון י. ל. פּערעץ.

די יידישע אָפּטיילונג באַ דער מעלוכע־ביבליאָטעק איז אָרגאַניזירט געוואָרן ערשט מיט דרײַ יאָר צוריק. ניט געקוקט אָף דעם, פאַרמאָגט זי שוין אַ היפּשן ביכער־פאָנד, באַ 20 טויזנט ביכער. עמעס, דער ביכער־באַשטאַנד פון דער ביבליאָטעק איז זייער אַ דיספּראָפּאָר־ציאָנעלער. די איבערגרעסטע מערהײַט ביכער זײַנען העברעיִשע. ווי אין דער ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור, איז די ליטעראַטור אין יידיש פאַרגעשטעלט דער־ווײַל זייער שוואַך [2].

וואָס איז שײַעך דער ביבליאָטעק אָפּן נאָמען פון י. ל. פּערעץ איז, זעט אויס, אַז קיין וויסנשאַפטלעכן ווערט האָט זי ניט. מיר ווייסן, ליידער, ניט, ווי גרויס איז דער איצטיקער ביכער־פאָנד פון דער ביבליאָטעק. אונדז איז בלויז באַוווסט, אַז אין 1927 יאָר האָט די ביב־ליאָטעק פאַרמאָגט אינגאַנצן 7.000 ביכער [3].

פון די געבראַכטע קורצע יעדיִעס וועגן דעם פאַקטישן צושטאַנד פון די יידישע וויסנ־שאַפטלעכע ביבליאָטעקן זעען מיר, ווי ריכטיק עס איז די אַלגעמיינע אָפּשאַצונג פון דער זאַכלאַגע, וואָס מיר האָבן געגעבן אין אָנהייב קאַפּיטל, אַז קיין אַקאַדעמישע יידישע ביבליאָטעקן זײַנען נאָך דערווײַלע באַ אונדז ניטאָ [4].

---

1) זע „Евр. Энц.״ און דעם „יאָרבוך פאַר יידישע ביבליאָטעקן אָפּן י. 1914״, רעד. א. קירזשניץ.

2) גענויער וועגן דער מינסקער ביבליאָטעק זע ווײַטער אין דעם אַרטיקל פון כ׳ רובינשטיין.

3) זע: Бас. „Библиотеки Минска", „Красный Библиотекарь" № 1, 1927.

4) אונטערפירנדיק דעם סאַכאַקל פון אונדזערע גרויסע קולטור־דערגרייכונגען, פאַרצייכענען מיר, און מיט פולער רעכט, אויך אונדזערע דערגרייכונגען אָפּן געביט פון ביבליאָטעק־וועזן. און בעעמעס. מיר פאַרמאָגן איצט אין פ.ס.ר.ר. אַזאַ געדיכטע נעץ פון יידישע ביבליאָטעקן, וואָס עס האָט זיך אַפילע ניט געכאָלעמט די אַמאָליקע יידישע קולטור־טוער. אַנשטאָט די 130 ביבליאָטעקן, וואָס זײַנען געווען אָף דער איצטיקער טעריטאָריע פונעם ראַטנפאַרבאַנד אין 1914 יאָר (זע די ביבליאָטעק־רעשימע אינעם „יאָרבוך פאַר יידישע ביבליאָטעקן אָף 1914 יאָר״ רעדאַגירט פון א. קירזשניץ), זײַנען איצט פאַראַן בלויז אין אוקראַינע העכער 300 ביבליאָטעקן (זע כ׳ א. קיפּערס בראָשור „X יאָר אָקטיאַבער״, קיִעוו. 1927, ז. 82). לויט די יעדיִעס פון כאַווער מ. קיפּער איז שוין אין 1925—26 י. געווען אין אוּ.ס.ר.ר. 253 יידישע ביבליאָטעקן, אין 1926—27 י. איז דידאָזיקע צאָל דערגאַנגען ביז 289. נעמענדיק אין אַכט דעם אומופהערלעכן וווּקס פון אַלע אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטן, קענען מיר רעכענען, אַז די צאָל יידישע ביבליאָטעקן (אָדער אָפּטיילונגען באַ אַלגעמיינע ביבליאָטעקן) איז איצט פיל העכער פון 300. וואָס איז שײַעך ר.ס.פ.ר.ר. איז לויט די ציפערן, וואָס עס גיט אָן כ׳ א. טשעמעריסקי (זע זײַן בוך „די אַלפאַרבאַנדישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) און די יידישע מאַסן״ ז. 84) איז דאָרט געווען נאָך אין 1926 י. 71 ביבליאָטעקן. דערבײַ נעמען מיר ניט אין אַכט די גאַנצע נעץ פון די קליינע ביבליאָטעקן באַ די קלובן, אַרבעטשולן א. ד. גל., וואָס זייער צאָל לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן.

פאַרגלײַכנדיק די איצטיקע יידישע ביבליאָטעק־נעץ אין פ.ס.ר.ר. מיט דער ביבליאָטעק־נעץ אין אַמאָליקן רוסלאַנד, דאַרף מען נאָך דערבײַ האָבן אינזינען דעם פאַקט, אַז אין איצטיקע יידישע ביבליאָטעקן פאַרנעמט דעם

וואָס־זשע דאַרף מען טון, קעדיי אײַנצורעגולירן אַזאַ וויכטיקן ענין?

פריִער פאַר אַלץ דאַרפן מיר פעסטשטעלן: וואָס ווײניקער אַקאַדעמישע ביבליאָ־טעקן מיר וועלן האָבן, איז בעסער. די יידישע ביכער־פאָנדן זײַנען צו שטאַרק צעוואָרפן. די וויכטיקסטע אופגאַבע אונדזערע באַשטייט אין דעם, אַז מיר זאָלן זיי קאָנצענטרירן. אונדז דוכט זיך, אַז אינעם גאַנצן פאַרבאַנד דאַרפן מיר האָבן מאַקסימום פיר אַקאַדעמישע יידישע ביבליאָטעקן: אין מאָסקווע, קיִעוו, מינסק און אָדעס. די אַרגומענטאַציִע איז דאָ אַ גאַנץ קלאָרע: בלויז אין די אויבנדערמאָנטע שטעט האָבן מיר ערנסטע יידישע וויסנשאַפט־לעכע אינסטיטוציִעס, וואָס פירן אַ קאָנצענטרירטע פאָרשערישע אַרבעט. וואָס איז שײַעך צו לענינגראַד איז דאָ גאָר אַן אַנדער לאַגע. די אַמאָליקע „פּייטערבאַרגער" יאַהודיש־„מעפיצע־

---

אויבנאָן טאַקע דאָס יידישע ביכל, ראַן ווען אין דער אַלטער ביבליאָטעק איז ניט ווײניקער פון 90%—80 פונעם גאַנצן ביכער־פאָנד באַשטאַנען פון רוסישע און העברעישע ביכער. בעשאַס די „מעפיצע־האַסקאָלע" האָט דורכגעפירט אין 1912 יאָר אַן אויספאָרשונג פון יידישע ביבליאָטעקן האָט זי באַקומען אַזוינע רעזולטאַטן: אין 85 אויסגעפאָר־שטע ביבליאָטעקן זײַנען געווען בעסאַכאַקל 239.410 בענדער, פון זיי 180.623 ביכער (75,3%) אין רוסיש, 29.605 ביכער (12,6%) אין העברעיִש און בלויז 29,182 ביכער (12,1%) אין יידיש. (זע „יאָרבוך פאַר יידישע בי־ליאָטעקן אַף 1914 יאָר" ז. 14).

לויט אַן אַנדער אויספאָרשונג פון דערזעלביקער „מעפיצע־האַסקאָלע" זײַנען אין 32 יידישע ביבליאָטעקן געווען אין אַלגעמיין 51.038 ביכער, פון זיי רוסישע—40.369 (79,1%), העברעיִשע—5.763% (11,3%) און יידישע בלויז 4.906 (9,6%) (זע: И. Эдельман. „Еврейские библиотеки в могилев. и витеб. губ." „Вестник просвещения евреев" № 16, 1912).

וועגן דעם, ווי קלאָגעדיק ס'האָט געהאַלטן מיט יידישע ביבליאָטעקן אין אַלטן רוסלאַנד זע אויך: „Библиотечное дело у евреев и задачи О. П. Е." („Вест. Прос. Евреев", № 11. 1912). בעשאַס דער מילכאָמע איז דער אַזוי אויך טרויעריקער צושטאַנד פונעם יידישן ביבליאָטעק־וועזן געוואָרן נאָך שווערער. (זע. א. קירזשניץ „אונדזערע ביבליאָטעקן אין צײַט פון קריג", „די וואָך" ווילנע, 1915, נומ. 29).

אָבער די אַלע דערגרייכונגען פון דער סאָוועטישער יידישער ביבליאָטעק־אַרבעט זײַנען פריִער פאַר אַלץ שײַעך די מאַסן־ביבליאָטעקן. מיט די אַקאַדעמישע ביבליאָטעקן האַלטן מיר, ליידער, ניט אַזוי גוט. עפּעס, אויך דאָ האָבן מיר אַ באַדײַטנדיקן וווּקס. קימאַט אומעטום האָבן זיך די גרעסערע ביבליאָטעקן, וואָס האָבן באַדינט ניט נאָר דעם מאַסן־לייענער, נאָר אויך דעם קולטור־טוער און וויסנשאַפטלער, שטאַרק פאַרגרעסערט. אַנשטאָט דער „אָפּע"־ביבליאָטעק אין קיִעוו, לעמאָשל, וואָס האָט פאַרמאָגט ערעוו דער רעוואָלוציִע אַ 15 — 14 טויזנט ביכער, איז איצט פאַראַן די ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק מיט 50 טויזנט בענדער. דאָסזעלביקע איז אין אָדעס, ווו ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ביבליאָטעק מיט אַ פאָנד פון 30 טויזנט ביכער, ווי אויך אין מינסק, אין מאָסקווע, אין לענינגראַד א. ד. גל. אָבער דערדאָזיקער וווּקס פון גרעסערע יידישע ביבליאָטעקן, וואָס איצט דאַרפן זיי אויס־פילן אַקאַדעמישע פונקציִעס, קאָן בעשומויפן ניט באַפרידיקן די נאָך שטאַרקער אויסגע־וואָקסענע באַדערפעניש. אַף אַ באַזע פון 50—40 טויזנט ביכער קאָן זיך די יידישע וויסנשאַפט־אַרבעט איבער אַלע געביטן פון יידישער קולטור ניט שטיצן. ס'איז נייטיק צו שאַפן אַזוינע אַקאַדעמישע ביבליאָטעקן, וואָס זאָלן האָבן, אויב ניט קיין אויסשעפנדיקן, איז לעכאָלאַפּאָכעס אַ ברייט צוגעקליבענעם און פיל קאָמפּלעקטירטן ליטע־ראַטור־פאָנד. די קאָנצענטראַציִע פון די ביכער־פאָנדן אין די יידישע וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעקן איז אַלזאָ געגאַנגען בע־שאַס דער רעוואָלוציִע שוואַך ניט אַליין און פאַר זיך גענומען, נאָר לעגאַבע די באַדערפעניש. דידאָזיקע קאָנצענטראַציִע זעט זיך נאָך דערבײַ ווייניק אָן דערפאַר, וואָס זי איז געגאַנגען אײנצײַטיק אין עטלעכע ביבליאָטעקן. איבער דער צעוואָרפנקײַט פונעם יידישן קולטור־לעבן איבערן גאַנצן פ.ס.ר.ר. האָבן זיך אין צײַט פון דער רעוואָלוציִע געשאַפן צו פיל גרויסע יידישע ביבליאָטעקן. בײַ די אוקראַיִנער און ווײַסרוסן, לעמאָשל, וואָס קאָנצענטרירן זייער קיל־טור־לעבן אַף אַ טעריטאָריִע פון איין רעפּובליק, האָט די פאַרייניקונג פון די ביכער־פאָנדן געגעבן אָן אַ פאַרגלײַך מאַמאָשעסדיקערע רעזולטאַטן: ס'זײַנען געשאַפן געוואָרן אי אין מינסק, אי אין קיִעוו גרויסע נאַציִאָנאַלע (אַ אוקראַיִנישע און אַ ווײַסרוסישע) ביבליאָטעקן. די קאָנצענטראַציִע פון די יידישע ביכער־פאָנדן האָט לעסאָף, אַכוץ דער צעוואָרפנקײַט אירער, נאָך איין כיסאָרן. זי האָט אַרומגעכאַפּט בלויז די גרויסע ביִערושע איבערגעגאַנגענע אָרגאַניזירטע פאָנדן. אין דער קאָנצענטראַציִע איז זייער ווייניק אַרײַנגעצויגן געוואָרן די פּראָווינציִעלע פּריִוואַטע, ד. ה. די פּריוואַטע ביבליאָטעקן און ביכער־אוצרעס פון די קליינע שטעט און שטעטלעך. דאַן ווען אַלע גרויסע ביבליאָטעקן פון לאַנד האָבן געזען מיט אַלע מיטלען אַרײַנציִען אין זייער פאָנד אַלץ, וואָס ס'איז נאָר געווען מעג־לעך,—געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן, רעקוויזירטע פאָנדן, פּריוואַטע זאַמלונגען, אַנטיקוואַרע קאָלעקציִעס א. א. וו.,— האָבן די יידישע ביבליאָטעקן זיך באַגרענעצט קימאַט אויסשליסלעך מיט די גרעסערע פאָנדן פון די שוין פריִער עקזיסטירנדיקע ביבליאָטעקן. די אַלע פעלערן פונעם זאַמלונג־מאַסשטאַב מוזן פאַריכט ווערן. קעדיי אָניאָגן דאָס פאַרלאָרענע מוז אין דער קאָנצענטראַציִע פון די יידישע ביכער־פאָנדן אַרײַנגעטראָגן ווערן אַ ברייטערער פאַרנעם און אַ שטאַרקערער טעמפּ.

האסקאָלעדיקע" מעמשאָלע, וואָס איז געווען אזוי כאראקטעריסטיש פאַרן אלטן צארישן רוסלאנד, איז פארבײַ אף אייביק. פון דער צווייטער זײַט, האָט זיך אינעם הײַנטיקן רויטן לענינגראד — איבער גאנץ פארשטענדלעכע סיבעס — ניט אויסגעבילדעט קיין סאָוועטישע יידישע ווויסנשאפטלעכע אינסטיטוציע. ניט געקוקט אף זײַן גרויסער ראָליע אין דער אלגעמיינער קולטור־רעוואָליוציע, קען דער פראָלעטארישער לענינגראד, ליידער, ניט ווערן קיין אומיטלבארער צענטער פאר יידישער סאָוועטישער וויסנשאפט. אין די באדינגונגען פון דער ראטנמאכט זײַנען די יידישע קולטור־צענטרען אריבערגעטראָגן געוואָרן אין יענע ערטער, ווו עס לעבן און שאפן די ברייטע מאסן פון יידישע ארבעטער, קוסטארן און פויערים. לענינגראד פארמאָגט זייער גרויסע, עפשער די רײַכסטע אינעם גאנצן פארבאנד, יידישע ביכער־אויצרעס. זיי האָבן ביז איצט געדינט בלויז דער בורזשואזער יידישער וויסנשאפט. קעדיי דידאָזיקע פאָנדן זאָלן ווי געהעריק אויסגענוצט ווערן פון דער סאָוועטישער און פראָלעטארישער יידישער וויסנשאפט, דארף מען זיי אריבערפירן אין די נײַע יידישע קולטור־צענטרען, אין די צענטרען פון דער יידישער מאַסן־קולטור. אין א געוויסער מאָס, באזונדערס בענעגייע דעם דובלעטן־פאָנד, איז דאָס שײַעך אויך צו מאָסקווע. אויך דאָ געפינען זיך גרויסע ביכער־זאמלונגען, וואָס קענען בעסער פון אלץ אויסגענוצט ווערן אין אוקראינע און ווײַסרוסלאנד. מע דארף, אזוי ארום, מיט דער גאנצער שארפקײַט אוועקשטעלן די פראגע וועגן איבערפארטיילן די אקאדעמישע יידישע ביכער־פאָנדן, אנטשפרעכנדיק דער רעאלער וויסנשאפטלעכער ארבעט, וואָס ווערט געפירט און געפלאנט אין די באזונדערע רעפובליקן. בענעגייע צו אוקראינישע און ווײַסרוסישע ביכער־פאָנדן איז אגעוו אזא איבערפארטיילונג שוין טיילווײַז פאָרגעקומען. ר.ס.פ.ר.ר. האָט איבערגעגעבן או.ס.ר.ר. און וו.ס.ר.ר. געוויסע פאָנדן — ליטערארישע און דאָקומענטאלע,— וואָס האָבן א ספעציעלן ווערט פאר אוקראינער־און ווײַסרוסן־קענטעניש.

אָבער ניט נאָר אין דער צווישנרעפובליקאנישער איבערפארטיילונג פון די ביכער־פאָנדן דארף באשטיין די קאָנצענטראציע־ארבעט פון די יידישע אקאדעמישע ביבליאָטעקן. איינצײַטיק מיט דער צווישנרעפובליקאנישער קאָנצענטראציע, דארף אפן ענערגישסטן און אנטשיידנסטן אויפן דורכגעפירט ווערן אויך די אינערלעך־רעפובליקאנישע קאָנצענטראציע. אין צענדליקער ביבליאָטעקן אין די קלענערע שטעט, אין די פראָפאריינישע ביבליאָטעקן, אין די קלובן, שולן, אָרטיקע מוזייען, לייענשטיבלעך, אין די ספעציעלע ביבליאָטעקן פון די הויכשולן און וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן געפינען זיך גאנץ באדײַטנדיקע יידישע ביכער־פאָנדן (סײַ אין יידיש און העברעיש און סײַ אין אנדערע שפראכן), וואָס קיינער נוצט זיי ניט אויס. דידאָזיקע אלע פאָנדן דארף מען אפן ברייטסטן אויפן מאָבילוזירן אין די צענטראלע יידישע אקאדעמישע ביבליאָטעקן. אכוץ דערדאָזיקער קאָנצענטראציע פון די געזעלשאפטלעכע און מעלוכישע יידישע ביכער־פאָנדן דארף אויך אוועקגעשטעלט ווערן ווי געהעריק די געזעלשאפטלעך־פרײַוויליקע אײַנזאמלונג פון פריוואטע פאָנדן. אין די קליינע שטעטלעך קאָן מען אָפט געפינען בא פריוואטע מענטשן זייער ווערטפולע ביכער און אפילע גאנצענע פאָנדן, וואָס וואָלטן געקאָנט זײַן א צירונג פאר יעדער אקאדעמישער ביבליאָטעק. אין דעם פראט ווי אזוי דורכצופירן אָט־אָ די ברייטע ביבליאָטעקארישע קאָנצענטראציע־ארבעט וואָלט מען געקענט אגעוו נעמען א בײַשפיל פונעם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור, וואָס האָט פאר א קורצער צײַט געשאפן, דורך דער אײַנזאמלונג פון מעלוכישע און פריוואטע ביכער־פאָנדן, א גרויסע ביבליאָטעק פון 45 טויזנט ביכער[1]. פארשטייט זיך, אז ניט אלץ, וואָס דער אינסטיטוט האָט צונויפגעקליבן האָט איינעם און דעמזעלביקן ווערט. עס זײַנען פאראן ביכער און פאָנדן, וואָס האָבן א קנאפן ווערט פאר דער וויסנשאפט־ארבעט. עס זײַנען אָבער איינצײַטיק מיט דעם פאראן א היפש ביסל אזוינע ביכער (און צווישן זיי ניט וויניק זעלטנקײַטן און פאלעאָטיפן), וואָס אפילע פאר געלט זײַנען זיי ניט בענימצע, ווײַל זיי זײַנען שוין ניטאָ אפן ביכער־מארק. דערדאָזיקער

[1]) זע ווײַטער אונדזער ארטיקל „די ביבליאָטעק און פרעסע-ארכיוו פונעם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור".

ביישפּיל פונעם אינסטיטוט איז אגעוו אויך די בעסטע אילוסטראַציע צום אויבן אַרויסגע־זאָגטן געדאנק, אז מיר האָבן מיט דער קאָנצענטראציע פון די יידישע ביכער־פאָנדן שטארק פארשפעטיקט אין פארגלייך מיט דער אלגעמיינער ביבליאָטעק־בויונג, האגאם אין א גע־וויסער מאָס לאָזט זיך די זאך נאָך פאריכטן.

באגלייך מיט דער איבערפארטיילונג פון די פאָנדן און מיט דער זאמלונג־טעטיקייט דארפן אויסגענוצט ווערן אין דער פולער מאָס אויך אנדערע קאָמפּלעקטירונג־קוואלן, ווי דער פליכט־עקזעמפּליאר, וואָס ס׳מוזן אים באקומען אלע יידישע אקאדעמישע ביבליאָטעקן, דער אויסטויש (באזונדערס מיט אויסלאנד), דער איינקויף (באזונדערס וויכטיק איז עס בע־נעגייע צו די אנטיקווארע זאמלונגען) א. א. וו.

די אייראָפּעישע אקאדעמישע ביבליאָטעקן האָבן זיך געשאפן בעמעשעך פון יאָרהונ־דערטער. דער טעמפּ פון דער סאָוועטישער קולטור־בויונג שטייגט אריבער אלע היסטאָרישע רעקאָרדן. בעמעשעך פונעם ערשטן צענדליק יאָר פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָבן זיך די פאָנדן פון די גרעסטע סאָוועטישע ביבליאָטעקן פארצוויי־און פארדרייפאכט. עס זיינען אנטשטאנען אין אייניקע שטעט נייע „מיליאָנערע" ביבליאָטעקן [1]). דאָס יידישע קולטור־לעבן טאָר ניט אָפּשטיין פון דעמדאָזיקן אלגעמיינעם מעכטיקן בויונג־טעמפּ. מיט אלע מעגלעכקייטן, מיט אלע קויכעס מוזן אויך דאָ געשאפן ווערן בעעמעס אקאדעמישע, ד. ה. פול קאָמפּלעקטירטע און זאָרגעוודיק צוגעקליבענע ביבליאָטעקן, וואָס זאָלן שאפן א פעסטן יעסאָד ניט נאָר פאר דער יידישער וויסנשאפט, נאָר פארן גאנצן סאָציאליסטישן יידישן קולטור־בויניען ביכלאל [2]).

---

[1]) ווי שטארק עס זיינען אויסגעוואָקסן אין לאנד בעמעשעך פון דער רעוואָליוציע די וויסנשאפטלעכע ביב־ליאָטעקן זעען מיר פון פאָלגנדיקע ציפערן.

אין 1909/10 יאָר איז אין דער פעטערבורגער עפנטלעכער ביבליאָטעק געווען 2 מיליאָן בענדער. אין 1927 יאָר האָט זי שוין פארמאָגט 4 1/2 מיליאָן ביכער. די מאָסקווער רומיאנצעווער (די איצטיקע לעניניש) ביבליאָטעק האָט אין 1909/10 יאָר פארמאָגט א פאָנד פון איין מיליאָן, אין 1915 — 1,4 מיליאָן און אין 1927 יאָר האָט דער פאָנד דערגרייכט די צאָל פון 3 1/2 מיליאָן בענדער. די ביבליאָטעק פון דער אלפארבאנד־ישער וויסנשאפטלעכער אקא־דעמיע, וואָס האָט געהאט ערעוו דער רעוואָליוציע בעסאכאקל איין מיליאָן, באשטייט איצט פון 3 1/2 מיליאָן ביכער (אויסער א 1/2 מיליאָן ביכער פון באזונדערע אינסטיטוציעס פון דער אקאדעמיע). אכוץ דעם וווקס פון אלטע וויסנ־שאפטלעכע ביבליאָטעקן זיינען אנטשטאנען א ריי נייע ביבליאָטעקן, אזוי איז אין מאָסקווע, לעמאָשל, אָרגאניזירט געוואָרן די ביבליאָטעק פון דער קאָמאקאדעמיע (בא 1 מיליאָן בענדער), פון לענין־אינסטיטוט (העכער 140 טויזנט א. א. וו.) (זע: Л. Б. Хавкина: „Наши научные библиотеки до и после революции", „Красный Библиотекарь" 1927, № 10; „Большая Сов. Энц." „Библиотеки"). אין קיעוו האָט זיך אויסגעבילדעט די גרויסע ביבליאָטעק פון דער אלוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, וואָס האָט לויט דעם טעמפּ פונעם וווקס געשלאָגן כמעט א וועלט־רעקאָרד. די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן ערשט אין 1918 יאָר, ווען זי האָט באקומען די ערשטע עט־לעכע הונדערט ביכער. אין 1919 יאָר האָט די ביבליאָטעק באקומען 350 טויזנט ביכער, אין 1920 — 200 טויזנט, אין 1921 — איבער 150 טויזנט, אין 1922 — איבער 100 טויזנט, אין 1923 — איבער 250 טויזנט. אכוצדעם האָט די וויניצער פיליע פון דער ביבליאָטעק צונויפגעזאמלט פאר דיזאָזיקע יאָרן העכער 100 טויזנט ביכער. גאָרניט לאנג האָט די אקאדעמישע ביבליאָטעק באקומען נייע 500 טויזנט ביכער פונעם קיִעווער אינסטיטוט פאר פאָלקסבילדונג (אמאָליקן אוניווערסיטעט) און האָט דערפירט אדאנק דעם איר גרונט־פאָנד (ביכער וואָס געפינען זיך אין קיִעוו) ביז 2 מיליאָן בענדער. מיר רעדן שוין ניט וועגן יענע פאָנדן, וואָס דארפן לויט די אָנגענומענע באשלוסן אריבערגיין אין בי־בליאָטעק (לעמאָשל, 150 טויזנט ביכער פון זשיטאָמיר) — (זע: С. Постернак. „Всенародня бібліотека України" „Бібліогічні Вісті", 1923, № 4; Б. С. Э.).

ס׳איז אינטערעסאנט אויך צו פארצייכענען, אז אין די געזעלשאפטלעכע סאָוועטישע ביבליאָטעקן, וואָס האָבן דעם צוועק צו באדינען א ברייטן עולעם, איז באזונדערס אויסגעוואָקסן דאפקע דער פאָנד פון וויסנשאפטלעכע ביכער. אזוי איז אין לענינגראד, לעמאָשל, דער אלגעמיינער פאָנד פון אלע געזעלשאפטלעכע ביבליאָטעקן ביז דער רעוואָליוציע באשטא־נען פון 57.762 ביכער און נאָך דער רעוואָליוציע איז דערדאָזיקער פאָנד דערגאנגען ביז 447.055 ביכער, דערביי האָט זיך דער וויסנשאפטלעכער טייל פונעם פאָנד פארגרעסערט אין 10 מאָל, דאן ווען דער איבעריקער — אין 6 מאָל. (זע: Б. Банк: „Ленинградские библиотеки к десятилетию Октября", „Красный библиотекарь", № 10, 1927)

[2]) די יידישע בורזשואזיע אגעוו און איר כאָכמאס-האיעהאדוסדיקע אינטעליגענץ האָט שטענדיק געוויסט און ווייסט אויך איצט ווי אזוי צו שעצן דעם אקאדעמישן ביבליאָטעק-וועזן, אלס א שטארקן געווער אינעם אידעאָלאָגיש קלאסנקאמף. בא פארשידענע קלעריקאלע סעמינארן פאר „כאָכמאס-ייִסראָעל" און בא די טעאָלאָגישע „הויכשולן"

אן ענלעכע באדײַטונג, ווי די אקאדעמישע ביבליאָטעקן, האָבן אויך די יִדישע פרעסע־ארכיוון. ביז אהער האָט די פראקטיק פון דער יִדישער וויסנשאפטלעכער ארבעט ניט גע־ווּסט וועגן ספּעציעלע פרעסע־ארכיוון. פרעסע און בכלל פּעריאָדיקע פלעג מען אין א געווּיסער מאָס קלײַבן און היטן בלויז אין די ביבליאָטעקן. ס'איז אָבער באוווּסט, ווי שלעכט עס זײַנען געווען אוועקגעשטעלט די פרעסע־אָפּטיילונגען אפילע. אין די גרעסערע יִדישע ביבליאָטעקן. אף די פרעסע־אָפּטיילונגען זייערע פלעגן די ביבליאָטעקן ווענדן די

---

זײַנען אומעטום פאראן זייער גוט אײַנגעאָרדנטע און רײַך קאָמפּלעקטירטע ביבליאָטעקן. אזוי, לעמאָשל, האָט נאָך אין 1925 יאָר דער יִדישער טעאָלאָגישער סעמינאר אין ניו־יאָרק (Jewish Theological Seminary) פארמאָגט העכער 70 טויזנט ביכער (איצט האָט ער בא 90 טויזנט), ספּעציעל געווידמעטע די פראגן פון כאָכמאס־האיעהאדוס; אכוצ־דעם באזיצט דער סעמינאר 6.000 מאנוסקריפּטן. (אויב מיר האָבן קיין טאָעס ניט, איז דאָס שיִר ניט די גרעסטע יִדישע ביכער־זאמלונג אף דער גאנצער וועלט, ווײַל זי שטײַגט אריבער לויט דער צאָל פון אירע העבראיקע־ און יודאיקע־ביכער אפילע די ירושאָלאיִמער „נאציאָנאל־ביבליאָטעק"). דער צינצינאטער העברעישער קאָלעדזש (Hebrew Union College in Cincinnati) האָט אין דעמזעלבן 1925 יאָר געהאט א יִדישע ביבליאָטעק פון 60 טויזנט בענדער. די בערלינער „Hochschule für Wissenschaft des Judentums" האָט אין 1926 יאָר באזיצט א ביכער־פאָנד פון העכער 40 טויזנט בענדער. (אכוצדעם איז אין בערלין פאראן א גרויסע יִדישע געמיינדע־ביבליאָטעק מיט 50 טויזנט בענדער און א ריי אנדערע ביבליאָטעקן). דער ווינער „Jüdisch-Theologische Lehranstalt" האָט אויך א ביבליאָטעק פון 40 טויזנט בענדער (אכוץ דער רײַכער געמיינדע־ביבליאָטעק מיט אירע 30 טויזנט בענדער). דער לאָנדאָנער „יִדישער קאָלעדזש" (Jewish College) האָט פארמאָגט אין 1926 יאָר 35 טויזנט ביכער, דער בודאפּעשטער ראבינער־סעמינאר — 30 טויזנט, דער יִדיש־טעאָלאָגישער סעמינאר אין ברעסלע — 25 טויזנט, דער פאריזער „Alliance Israelite" — אויך 25 טויזנט, דער פילאדעלפער Dropsie-College — 22 טויזנט, דער אמסטער־דאמער פּאָרטוגעזיש־יִדישער טעאָלאָגישער סעמינאר — 20 טויזנט. (זע „Jüdisches Lexikon"). זייער באדײַטנדיקע ביבליאָטעקן פארמאָגן אויך אייניקע סינאגאָגעס, דעריקער אין די הויפּטשטעט פון אייראָפּע און אמעריקע. (מיר רעדן שוין ניט וועגן דעם, אז אויך אין די אלגעמיינע ביבליאָטעקן פון דידאָזיקע הויפּטשטעט איז פאראן א היפּש ביסל העברעישע און יודאיקע־ביכער, ווי אויך מאנוסקריפּטן).

ס'איז דאָ קעדײַ אויך צו באצייכענען דעם ווּקס פון דער ירושאָלאיִמער ביבליאָטעק. דידאָזיקע ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן, ווי באוווּסט, נאָך אין 1895 יאָר. ביז 1919 יאָר האָט זי קיין באזונדער דערפאָלג אין איר זאמל־ארבעט ניט געהאט. בלויז נאָך דעם, ווי זי איז געוואָרן די צענטראלע ציאָניסטישע ביבליאָטעק („די יִדישע נאציאָנאלע און אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק") האָט זי אָנגעהויבן זייער שטארק וואקסן. אין 1920 יאָר פארמאָגט די ביבליאָטעק 32 טויזנט בענדער (פון זיי 13 טויזנט העבראיקע און 4.800 יודאיקע). אין 1925 דערגרייכט שוין איר פאָנד ביז 100 טויזנט ביכער (25 טויזנט העבראיקע און 12 טויזנט יודאיקע) און אין 1927 — ביז 150 טויזנט (דערפון שוין 31 טויזנט העבראיקע). אָנהייב 1928 האָט די ביבליאָטעק געהאט בא 200 טויזנט בענדער. איצט פאַרמאָגט זי לויט דער מיטיילונג פון מאגנעס 250 טויזנט בענדער (זע „Davar" № 8, 22/IX 1929). דער דורכשניטלעכער יערלעכער צופלוס פאר די לעצטע יאָרן איז דערגאַנגען ביז 25 טויזנט בענדרע. (זע וועגן דער ביבליאָטעק: „האוניברסיטה העברית בירושלים — ירושלים" תרפ"ט, „קרית ספר" און W. Gotschalk. „Die jüdische Nationalbibliothek in Jerusalem", „Zentralblatt für Bibliothekswesen", 1926, Heft II. Bergmann, „Die jüdische National-Bibliothek". Loewe. „Der Aufbau der Jerusalem-Bibliothek in „Soncino-Blätter" Bd. II, 1927) דערדאָזיקער ווּקס פון דער ביבליאָטעק דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אָנגעהויבן פון 1920 יאָר איז שטארק פאר־גרעסערט געוואָרן איר ביודזשעט. אכוצדעם האָט די ביבליאָטעק דורכגעפירט א גרויסע זאמל־קאמפאניע צווישן דער יִדישער בורזשואזיע פון דער גאנצער וועלט.

די ירושאָלאיִמער ביבליאָטעק, ווי אויך די ביבליאָטעקן פון די קלייקווידישדיקע סעמינארן זײַנען, פארשטייט זיך, אנדערע לויט זייער ביכער־פאָנד, ווי די יִדישע ביבליאָטעקן פונעם ראטנפארבאנד. זייער א גרויסן אָרט, אויב ניט דעם איבערוועגנדיקן, פארנעמט אין דידאָזיקע ביבליאָטעקן די שיימעס־ליטעראטור וועגן כאָכמאס־האיעהאדוס אף העברעיש און אנדערע שפראכן. אכוצדעם איז פאראן א געוויסע אלגעמיינע ליטעראטור. קיין ווערטפולע יִ ד י ש ע פאָנדן (ביכער אין יִדיש) פארמאָגן זיי ניט. אין 1926 יאָר, לעמאָשל, איז אף 120 טויזנט ביכער געווען אין דער נאציאָנאל־ביבליאָטעק בלויז 3.500 „זשארגאָן־שריפטן" (ווי עס דריקט זיך אויס וו. גאָטשאלק), אָבער בעיִס מיר טרעטן צו איצט צו דער גרויסער ארבעט אפן געביט פון אקאדעמישן יִדישן ביבליאָטעק־וועזן, וואָלט געווען שער־לעך, ווען מיר וואָלטן ניט דערשאצט די גרויסע הילפס־ראָליע, וואָס עס שפּילן אינעם אידעאָלאָגישן קאמף פון דער יִדישער בורזשואזיע אירע אקאדעמישע ביבליאָטעקן. אין די ק ל יי נ ב י ר ג ע ר ל ע כ ע יִדישע וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס האלט עס מיטן ביבליאָטעק־איניען פיל ערגער. אלנפאלס, האָט זיך דעם ווילנער וויסנשאפטלעכן איג־סטיטוט, דעמדאָזיקן „אלוועלטלעכן" צענטער פון יִדישיסטישן „כאָכמאס־יִסראָעל", אײַנגעגעבן — פאר אלע 5 יאָר פון זײַן עקזיסטענץ און בא דער גאנצער הילפס־אקציע פון זײַנע „17 אויסלענדישע צווײַג־אָרגאניזאציעס" — צו שאפן א ביבליאָטעק בלויז פון 15 טויזנט בענדער (זע „ליט. בלעטער" נומ. 42, 1929, ז. 832), אלזאָ, אין ז'רײַ מאָל א קלענערע, לויט איר פאָנד, ווי די ביבליאָטעק, וואָס עס האָט פאר א יי ן יאָר געשאפן די קאטעדרע (אינסטיטוט) פאר יִדישער קולטור.

קלענסטע אופמערקזאמקײַט. און אלס רעזולטאט דערפון האָבן מיר איצט אזא צושטאנד, אז קעדיי צו באקומען דעם אָדער יענעם קאָמפלעקט פון אן עלטערער ייִדישער צײַטונג אָדער זשורנאל קומט זיך אויס צו ווענדן אײַנצײַטיק אין פארשידענע שטעט. ניט בעסער ווי מיט דער עלטערער ייִדישער פרעסע איז אייגנטלעך אויך די לאגע מיט דער מאָדערנער פרעסע, באזונדערס פארן פעריאָד 1917—1923. ס'איז גענוג צו זאָגן, לעמאָשל, אז אין קיִעוו אַיז קימאט ווי אומעגלעך צו געפינען א קאָמפלעקט פון דער „קאָמוניסטישער פאָן", ד. ה. פון דער צײַטונג, וואָס איז דערשינען אין קיִעוו גופע און וואָס איז אגעוו זייער א וויכטיקער קוואל פאר דער געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער באוועגונג צווישן די ייִדישע ארבעטער אין אוקראַינע[1].

אף וויפל עס איז אונדז באוווסט, איז אין די ארכיוון פון די צײַטונג־רעדאקציִעס אויך ניט אלץ קעשורע. ניט זעלטן פעלן אין די רעדאקציִע־ארכיוון גופע די פולע קאָמפלעקטן פון זייערע אייגענע אויסגאבן[2].

ווי שמאָל מיר האלטן מיט אונדזערע פרעסע־פאָנדן באווײַזט אגעוו א קליינע אויס־פאָרשונג, וואָס די קאטעדרע פאר ייִדישער קולטור האָט דורכגעפירט אין די קרײַז־ביבליאָ־טעקן פון אוקראַינע. צעשיקנדיק א ספעציִעלע אנקעטע, האָט די קאטעדרע פעסטגעשטעלט, אז אין קיין איינער פון די קרײַז־ביבליאָטעקן, אלנפאלס פון יענע, וואָס האָבן געענטפערט, איז ניטאָ קיין מער אָדער ווייניקער באדײַטנדיקע זאמלונג ניט נאָר פון צײַטונגען (פון דעם איז ביכלאל ניטאָ וואָס צו רעדן), נאָר אפילע פון ייִדישע זשורנאלן.

נעמענדיק אין אכט אָט־אָ דעם צושטאנד פון די ייִדישע פרעסע־פאָנדן און צײַטונג־ארכיוון, האָט די קאטעדרע באשלאָסן צו אָרגאניזירן א צענטראלן ייִדישן פרעסע־ארכיוו. דער ערשטער פלענום פונעם צענטראל־ביוראָ פון די ייִדישע וויסנשאפטלעכע אינסטי־טוציִעס אין פ. ס. ר. ר. האָט באשטעטיקט דעמדאָזיקן באשלוס פון דער קאטעדרע און האָט — ווי אויבן דערמאנט — אנערקענט איר פרעסע־ארכיוו כאר אן אלפארבאנדישער אינסטיטוציִע.

דער צענטראלער ייִדישער פרעסע־ארכיוו האָט מיטן שנעלסטן טעמפּ אנטוויקלט זײַן ארבעט. בעמעשעך פון א קורצער צײַט האָט דער ארכיוו דערפירט די צאָל פעריאָדישע אויסגאבעס, וואָס ער באקומט, ביז 350 נעמען. אָבער עס שטייען נאָך פאר אים זייער גרויסע אופגאבן. אין א געוויסער מאָס דארף מען דעם ארכיוו נאָך שאפן, ווײַל אכוצדעס, וואָס די 350 נעמען שעפן ניט אויס די גאנצע ייִדישע פרעסע, איז דער פאָנד פון דער אלטער ייִדישער פרעסע, וואָס געפינט זיך אינעם ארכיוו, דערווײַלע זייער קליין. ווי אין די אקא־דעמישע ביבליאָטעקן, דארף אויך דאָ דורכגעפירט ווערן א גרויסע קאָמפלעקטירונג־ארבעט. נאָר דאן, ווען אינעם ארכיוו וועלן קאָנצענטרירט ווערן די וויכטיקסטע פעריאָדישע אויס־גאבעס, סײַ די איצטיקע און סײַ די אמאָליקע, וועט ער קענען ווי עס באדארף צו זײַן אויספילן די ארופגעלייגטע אף אים פונקציִעס פון א צענטראלער אינסטיטוציִע.

אויסער דער קאָמפלעקטירונג־פראגע זײַנען בנוגע די אקאדעמישע ביבליאָטעקן און דעם פרעסע־ארכיוו פאראן נאָך אנדערע אָרגאניזיר־פראגן אויך. די וויכטיקסטע פון זיי איז אָן שום סאָפעק די שוין אויבנדערמאָנטע קאטאלאָגן־פראגע. אין אלע אקאדעמישע ביבליאָטעקן דארף געשאפן ווערן ענדלעך א פעסטער קאטאלאָג פונעם פאראנענעם פאָנד און א

---

1) דער איינציקער קאָמפלעקט פון דער צײַטונג, וואָס איז דאָ אין דער ווינטשעווסקי-ביבליאָטעק, איז ניט קיין פולער.

2) ארום דער פראגע וועגן די צײַטונג-ארכיוון איז געגאנגען אין מײַ—יוני 1928 יאָר א גאנצע דיסקוסיִע אין „עמעס". דער כ' קירזשניץ האָט פארטראָטן א מער אָפּטימיסטישן שטאַנדפּונקט בנוגע צו די אָפּגעהיטע צײַטונג-פאָנדן אין דער כ' אגורסקי — א מער פעסימיסטישן. די פראגע דארף מען נאָר אויספאָרשן, מע דארף פּאָטשט צונויפשטעלן א פאראייניקטן צײַטונג-אינווענטאר פון אנדערע ביבליאָטעקן. דערווײַלע אָבער, אפן סמך פון יענע ידיעות, וואָס זײַנען שוין פאראן, קאָן מען זאָגן, אז גיכער איז גערעכט דער כ' אגורסקי, ווי דער כ' קירזשניץ.

צופּליס־קאטאלאָג פון די נײַ־אָנקומענדיקע ביכער און צײַטשריפטן. נאָר דערמיט וועלן געשאפן ווערן די פּאָרהאנאָכעס פאר יענעם פארייניקטן קאטאלאָג פון אלע יִדישע, העברעיִשע און יודאיִסטישע פאָנדן פונעם גאנצן לאנד, וואָס צוזאמענשטעלן אים איז — ווי געזאָגט — איינע פון די מאָנומענטאלסטע אופגאבן פון דער קינפטיקער ביבליאָלאָגישער סעקציע באם אינסטיטוט פאר יִדישער קולטור.

די דריטע אינסטיטוציִע, וואָס פון איר אָרגאניזאציִע און ארבעט וועט אָפּהענגען אין א גרויסער מאָס די גאנצע פּאָרשערישע טעטיקייַט איבער די פּראָבלעמען פון יִדישער קולטור ביכלאל און איבערן יִדישן בוך ביפראט — איז די אלפארבאנדישע יִדישע ביבליאָגראפישע צענטראלע. דידאָזיקע צענטראלע איז אָרגאניזירט געוואָרן לויטן באשלוס פונעם וו־טן אלפארבאנדישן יִדישן קולטור־צוזאמענפאָר בא דער קאטעדרע פאר יִדישער קולטור. די צענטראלע האָט זיך אָבער ביז איצט געפונען אין זייער שווערע מאטעריִעלע באדינגונגען. ערשט פון דעם יאָר האָט זי באקומען א ספּעציִעלן שטאט, עמעס, דערווײַלע זייער א קליינעם, באזונדערס לעגאבע די גוואלדיק־גרויסע אופגאבן, וואָס שטייען פאר איר. די געהעריקע אויסשטאטונג פון דער צענטראלע, די פארברייטערונג פון איר פערסאָנאלן שטאט און די אָנזאמלונג פון א פונדאמענטאלער קארטאָטעקע — דאָס זײַנען די אָרדנטלעכע קאָנסטרוקטיוו־אָרגאניזאציִאָנעלע פראגן, וואָס די צענטראלע דארף אין דער נאָענטסטער צײַט לייזן. א וויכטיקע אופגאבע פאר דער צענטראלע איז אויך די אײַנרעגולירונג פון אירע באציִונגען מיט די אלגעמיינע ביבליאָגראפישע אנשטאלטן פון או. ס. ר. ר., וו. ס. ר. ר. און ר. ס. פ. ר. ר., ד. ה. מיט די ביכער־קאמערן און אָפּיציעלע אקאדעמישע ביבליאָגראפישע קאָמיסיִעס. קעדיי אויסצומײַדן א פאראלעליזם, דארף אין דער ארבעט פון דער צענטראלע און פון די דערמאנטע אנשטאלטן אײַנגעשטעלט ווערן א שטרענגע ארבעט־פארטיילונג, באזונדערס אפן געביט פון רעגיסטרירנדיקער ביבליאָגראפיִע. דיזעלביקע פונקציאָנעלע פארטיילונג דארף אײַנגעשטעלט ווערן אויך אין דער ארבעט פון דער צענטראלע און די פארשיידענע יִדישע ביבליאָגראפישע קאָמיסיִעס, דער קאָנטאקט מיט וועלכע האָט א באזונדערע באדײַטונג פאר דער רעאלער ביבליאָגראפיִע.

אכוץ דער ביבליאָטעק, דעם פרעסע־ארכיוו און דער ביבליאָגראפישער צענטראלע איז פאראן נאָך א אינסטיטוציִע, וואָס האָט פאר ביבליאָלאָגיִע א גרויסע הילפס־וויסנשאפטלעכע באדײַטונג — דאָס איז דער ביכער־מוזיי, אָדער ווי די דײַטשן רופן עס, מוזיי־ביבליאָטעק. מיר פארמאָגן ניט קיין יִדישן ביכער־מוזיי. צום ערשטן מאָל האָבן מיר וועגן דעם גערעדט אין אונדזער ארטיקל „צו דער פראָגראם פונעם מענדעלע־מוזיי" [1]. מיר האָבן דאן אָנגעוויזן אף דער נייטיקייַט צו שאפן אין מוזיי אן אָפּטיילונג פון יִדישער דרוק־פּראָדוקציִע. ליידער איז דאָס ביז איצט נאָך ניט פארווירקלעכט געוואָרן. ס'איז פארשפרייט א מיינונג, אז א מוזיי האָט בלויז פּאָפּוליאריזאטאָרישע און אופקלערערישע פונקציִעס. דידאָזיקע מיינונג איז אָבער א פאלשע, ווײַל א מוזיי האָט אינדערעמעסן זייער א גרויסע הילפס־וויסנשאפטלעכע באדײַטונג אויך. דער אינסטיטוט פאר יִדישער קולטור שטעלט איצט אוועק פאר די אנטשפרעכנדיקע אָרגאנען די פראגע וועגן שאפן בא אים א שטענדיקן ביכער־מוזיי. מיר האלטן, אז אן ענלעכע אינסטיטוציִע (אין דער אָדער אנדער פאָרם) דארף געשאפן ווערן אויך אין מינסק.

ניט קיין קלענערן ווערט, ווי דער מוזיי, און ווידער טאקע ניט בלויז פאר דער פאָלקס־בילדונג און פארן פּאָליטופקלער, נאָר אויך פאר דער וויסנשאפט, האָבן פעריאָדישע אויסשטעלונגען פון דער יִדישער דרוק־פּראָדוקציִע. די עקספּאָנירונג פון יִדישע ביכער, צײַטונגען, וואָלאנציִע־ליטעראטור א. אז. וו. וועט געבן די בעסטע מעגלעכקייַט אונטערצופירן

[1] זע דעם „ביולעטען פון דער קאטעדרע פאר יִדישער קולטור" נומ. 2.

א סאכאקל פון די דערגרייכונגען פון ייִדישער בוכקונסט און וועט אמבוילעטסטן אנטפלעקן די טענדענציעס פון דער ייִדישער דרוק־פראָדוקציע. נאָך דער אויסשטעלונג פון דער ייִדי־שער דרוק־פראָדוקציע פאר די יאָרן 1921—1917, וואָס ס׳האָט אין קיִעוו אָרגאניזירט די קאטעדרע פאר ייִדישער קולטור, און נאָך דער אויסשטעלונג פון דער ייִדישער קאָמוניסטי־שער פרעסע און פון די ייִדישע וואנט־צייַטונגען אין מאָסקווע, וואָס עס האָט אָרגאניזירט דער „עמעס״, איז געקומען די ריי צו אָרגאניזירן אן אלפארבאנדישע אויסשטעלונג פון ייִדישער גראפיק.

---

מיט דער ביבליאָלאָגישער סעקציע באם קיִעווער אינסטיטוט, מיט די אקאדעמישע ביב־ליאָטעקן, פרעסע־ארכיוון, ביבליאָגראפישער צענטראלע, ביכער־מוזייען און דרוק־אויסשטע־לונגען האָבן מיר אויסגעשעפט אלע אָרגאניזיר־פראגן, וואָס זייַנען שייַעך דעם אָ ב י ע ק ט פון דער פאָרשערישער ארבעט — די דרוק־פראָדוקציע. ס׳איז אָבער נייטיק אויך צו האָבן אינזינען דעם ס ו ב י ע ק ט פון דערדאָזיקער ארבעט, דעם וויסנשאפטלער. מיט בוכקענטעניש פארנעמט מען זיך בא אונדז, ווי מיר האָבן שוין איינמאָל אָנגעוויזן, צופעליק און ניט אָר־גאניזירט. מערסטנטיילס טוען עס די ליטעראטור־פאָרשער, וואָס שטעלן זיך אָפּ בעשאס זייערע ריין־ליטעראַרישע שטודיעס אויך אף די אָדער אנדערע ביבליאָלאָגישע פראגן (לע־מאָשל, ביבליאָגראפיע, בוכגעשיכטע א. א. וו.). אָבער פאר זיי, פונקט אזוי ווי פאר די הי־סטאָריקער, איז דאָס א הילפס־ארבעט און א בייַזאך. די פּראָבלעם פון וויסנשאפטלעכע קאד־רען, וואָס שטייט איצט מיט אזא שארפקייַט פאר דער גאנצער ייִדישער וויסנשאפט, האָט אזוי ארום א ספּעציִעלע באדייַטונג פאר דער ייִדישער ביבליאָלאָגיִע. ס׳איז נייטיק אָנצונע־מען אלע מיטלען, אז מיר זאָלן בעמעשעך פון די נאָענטסטע יאָרן אויסבילדן, זאָל זייַן ניט קיין גרויסן, אָבער א גוט צוגעגרייטן קאדר ייִדישע בוכהיסטאָריקער, ביבליאָגראפן און ביב-ליאָטעק־וויסנשאפטלער. קעדיי צו לייזן דידאָזיקע פראגע, דארף מען, ערשטנס, קאָנצענטרירן ארום דער פּראָיעקטירטער ביבליאָלאָגישער סעקציע (איצטיקער קאָמיסיִע) פונעם אינסטי־טוט פאר ייִדישער קולטור אלע פאראנענע וויסנשאפטלעכע קיכעס און, צווייטנס, שאפן סיַי בא דערדאָזיקער סעקציע און סיַי בא די אלגעמיינע אנשטאלטן (לעמאָשל, באם לעניג־גראַדער אינסטיטוט פאר ביבליאָטעק־קענטעניש) א ספּעציִעלע אספּיראנטור פאר ייִדישער ביבליאָלאָגיִע. אכוצדעם — כאָטש דאָס איז שוין אן אופגאבע, וואָס, אייגנטלעך גערעדט, האָט זי ניט קיין דירעקטן שייַכעס צו דער פראגע וועגן וויסנשאפטלעכע קאדרען — דארף בא־זאָרגט ווערן די איבערקוואַליפיקאציִע פון די פּראקטישע בוכטוער (ביבליאָטעקערס, ביבליִ־אָגראפן א. אז. וו.). דידאָזיקע איבארקוואליפיקאציִע דארף דורכגעפירט ווערן אין פאָרם פון קורצטערמיניקע קורסן פאר ביבליאָטעק־קענטעניש און ביבליאָגראפיִע. איבעריקנס, אויב קיין דירעקטן שייַכעס צו דער ביבליאָלאָגישער וויסנשאפט וועט די איבערגרייטונג פון די פּראק-טישע ייִדישע בוכטוער ניט האָבן, וועט זי פונדעסטוועגן א ו מ ד י ר ע ק ט דאָך שטארק ווירקן אף דער וויסנשאפט־ארבעט, אף וויפל די ייִדישע ביבליאָטעקערס, קאטאלאָגיזאטאָרס און ביבליאָגראפן וועלן זיך אקטיוו באטייליקן אין דער מאסן־אויספאָרשונג פון די ייִדישע לייענער און ביכער־פאָנדן.

א. קירזשניץ

# דער אָנהייב פון דער סאָציאַליסטישער פרעסע אין יִדיש אין רוסלאנד

## (אלגעמיינער איבערזיכט)

## I

### די רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע קרײַזלעך פון די 70־ער יאָרן וועגן דער פּראָפּאַגאנדע אין יִדיש

די אנטשטייונג פון דער סאָציאַליסטישער פרעסע אין יִדיש, אלס אקטיווער און ווירק־זאמער פאקטאָר פון דער באוועגונג צווישן די יִדישע ארבעטער־מאסן, באציט זיך, ווי באוווסט, צום סאָף פון דער ערשטער העלפט נײַנציקער יאָרן פונעם פאַריקן יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך פארענדיקט דער איבערגאנג פון קרײַזל־פּראָפּאַגאנדע צו מאסן־אגיטאציע. דידאָזיקע פרעסע איז אָבער אנטשטאנען ניט אף קיין ליידיקן פלאץ. זי האָט געהאט א פאָרגייערן — די „ארבייטער צײַטונג“ — וואָס א גרופע יִדן־„נאראָדאָוואָלצעס“ האָבן אָנהייב 1881 ארויסגעגעבן אין פעטערבורג. פארשטייט זיך, אז אויך די לעצטע איז ניט פלוצלינג אראָפּגעפאלן פונעם הימל. איידער זי איז דערשינען זײַנען פאָרגעקומען דיסקוסיעס אין פארשיידענע קרײַזלעך פון יִדן־רעוואָליוציאָנערן און ס'איז געמאכט געוואָרן א פרווו מיצאד א גרופע יִדן־סאָציאַליסטן צו שאפן אין אויסלאנד א „פרײַע דרוקערײַ“ אף ארויסגעבן פּראָפּאגאנדע־ליטעראטור אין יִדיש.

קעדיי פולער און בולעטער צו אנטפלעקן די באדינגונגען און די סוויווע, אין וועלכע ס'זײַנען אנטשטאנען די ערשטע סאָציאַליסטישע פרעסע־אָרגאנען אין יִדיש, וועלן מיר אין קורצן דערמאָנען ווי אזוי האָבן זיך באצויגן די פאָרגייער פון דער מאסאָווער סאָציאַליסטישער באוועגונג אין דער יִדישער סוויווע צו יִדיש, אלס געווער פון פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע, און אויספירלעכער זיך אָפּשטעלן אפן וויייניק באלויכטענעם פרווו פון דער זשענעווער גרופע יִדן־סאָציאַליסטן צו שאפן א „פרײַע דרוקערײַ“.

אף וויפל מע קען מישפּעטן לויט די פארעפנטלעכטע מאטעריאַלן, איז די פראגע וועגן אָנווענדן יִדיש אין דער פּראָפּאגאנדע פון די רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישע אידייען אנטשטאנען צום ערשטן מאָל אין 1874, אינעם ליבערמאן־זונדעלעוויטשעס ווילנער קרײַזל. ניט געקוקט אף דעם, וואָס דערדאָזיקער קרײַזל האָט זיך ניט געשטעלט פאר קיין ציל צו פירן אן ארבעט אין דער יִדישער סוויווע, פונדעסטוועגן, ווי עס דערציילט אין א בריוו ארן זונדעלעוויטש, איז בעשאס ס'איז צווישן זײַנע מיטגלידער געבוירן געוואָרן דער גע־דאנק וועגן ארויסגעבן פּראָפּאגאנדישע ליטעראטור, אנטשטאנען די פראגע „אף וואָס פאר א שפּראך זאָל מען זי ארויסגעבן: אף העברעיִש אָדער זשארגאָן“ [1], און דידאָזיקע פראגע האָט דאן ארויסגערופן א היפּש ביסל מאכלויקעס.

1) Б. М. Фрумкин: „К истории револ. движения среди евреев в 1870-х годах“. „Евр. Старина“. С. П. Б. Вып. II, стр. 228.

קיין אויספירלעכע ידיעות וועגן אינהאלט פון דערדאָזיקער דיסקוסיע, ווי אויך וועגן דעם, ווער איז פון די קרייַזל־מיטגלידער געשטאנען פאר ייִדיש און ווער פאר העברעיִש, זייַנען ליידער ניט פאראן. די צוויי קוואלן, אין וועלכע דידאָזיקע פראגע ווערט באלויכטן, שילדערן בלויז ליבערמאנס פּאָזיציע.

דער באקאנטער רעוואָליוציאָנער וו. יאָכעלסאָן, א מיטגליד פונעם דאָזיקן קרייַזל, דערציילט אין זייַנע זיכרוינעס אָט וואָס וועגן דער אנטשטייונג פון דער פראגע און וועגן דער דיסקוסיע ארום איר: „... די אידייע וועגן דער נייטיקייַט פון א ספּעציעלער סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע צווישן די ייִדישע מאסן איז צום ערשטן אנטשטאנען אין ווילנער קרייַזל. די איניציאַטיוו פון דערדאָזיקער אידייע האָט געהערט א. ליבערמאנען... אין אונדזער קרייַזל האָט ער דאָס אופגעהויבן די פראגע וועגן נאציאָנאלן באוווסטזייַן און קולטורעלע באזונדערקייַטן פון ייִדישן פאָלק און וועגן דער נייטיקייַט פון סאָציאַליסטישער ליטעראטור אין דער שפּראך פון די ייִדן (на еврейском яз.). נאָר די פראגע, אף וואָס פאר א שפּראך: זשארגאָן אָדער העברעיִש — האָט ליבערמאן געלייזט צום גונסטן פונעם לעצטן, ווייַל ער האָט געהאלטן, אז פריִער פון אלץ איז נייטיק צוגרייטן א קאדר פּראָפּאגאנדיסטן פון דער אינטעליגענטער טאלמודיסטישער יוגנט (יעשיווע-באָכערים), און ווייַל וויסנשאפטלעך שרייַבן וועגן סאָציאַליזם איז מעגלעך נאָר אף אָט דער שפּראך, וואָס, האָגאם מע רעדט ניט אף איר, האָט זי א רייַכע ליטעראטור...“ 1).

א צווייטער אנטיילנעמער פונעם דאָזיקן קרייַזל, ארן זונדעלעוויטש, באשטעטיקט אויך, עמעס אומדירעקט, אז די פראגע וועגן באנוצן זיך מיט ייִדיש אלס פּראָפּאגאנדע־מיטל איז געשטאנען און דיסקוסירט געוואָרן אינעם ערשטן ווילנער קרייַזל. אין זייַן, פריִער שוין ציטירטן, בריוו צו ב. פרומקינען שרייַבט ער: „ליבערמאן האָט אויך בענעגייע ייִדיש פארנומען א גאנץ אנדערע פּאָזיציע (ווי די איבעריקע ייִדן־רעוואָליוציאָנערן)... ער פלעגט באטאָנען די אנטוויקלונגס־פעיִקייַטן פון ייִדיש און די מעגלעכקייַט, אז ייִדיש זאָל מיט דער צייַט ווערן צוגלייַך מיט העברעיִש א פולקאָם ליטערארישע שפּראך, וואָס וועט קענען דינען אלס מעכטיקער ווערקצייַג צו אנטוויקלען דעם ייִדישן נאציאָנאלן גייַסט“ 2).

אויך פון זונדעלעוויטשעס בריוו איז צו זען, אז אינעם געגעבענעם מאָמענט האָט ליבערמאן נאָך געהאלטן פאר ניט מעגלעך צו באנוצן זיך מיט ייִדיש פאר פּראָפּאגאנדע־צוועקן. ס'איז ווארשייַנלעך, אז בעייס דער דיסקוסיע אין קרייַזל איז דאָרט אויך ארויסגעזאָגט געוואָרן אן עקסטע מיינונג קעגן ייִדיש, און אָט זי האָט ער עס באקעמפט.

אגעוו, מיט 2—3 יאָר שפּעטער האָט ליבערמאן, וועלכער איז ביזן סאָף פארבליבן א הייסער אָנהענגער פון העברעיִש, אין איינצלנע פאלן אָנגעהויבן צו דערלאָזן און אפילע רעקאָמענדירן צו באנוצן זיך מיט ייִדיש פאר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע.

אינעם „סטאטוט פונעם סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערן פארבאנד צווישן די ייִדן אין רוסלאנד“, וואָס ליבערמאן האָט אין יאנוואר 1876 צוגעשיקט פון אויסלאנד קיין ווילנע צום מיטגליד פונעם רעוואָליוציאָנערן קרייַזל, מייער בארעל, ווערט אונטערגעשטראָכן די נייטיקייַט צו פירן די פּראָפּאגאנדע אין דער שפּראך פון די מאסן. די עצעם אָרגאניזירונג פון די קרעפטן, וואָס זייַנען ספּעציעל באשטימט צו ארבעטן אין דער ייִדישער סוויווע, ווערט, לויטן „סטאטוט“, דיקטירט דורך דער נייטיקייַט צו פירן „די פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע צווישן די ייִדן אף א · ב א ז ו נ ד ע ר ד י ַא ל ע ק ט, אין באזונדערע קולטור־באדינגונגען“ 3).

---

1) В. Иохельсон. „Далекое прошлое“. „Былое“. Пгд. 1918. № 13, стр. 57.

2) ארכיוו פון „בונד“, א. זונדעלעוויטשעס בריוו (1908) וועגן ליבערמאנען און דער ווילנער גרופע. ציטירט לויט א. טשעריקאָווערס „דער אָנהייב פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באוועגונג“. „היסטאָרישע שריפטן“. 1-ער באנד. ווארשע 1929, שפּ. 523.

3) Н. А. Бухбиндер. „История евр. раб. движ. в России“. Лгд. 1925. стр. 30.

אין אווגוסט און סענטיאבער 1877 האָט זיך מ. ווערסטמאַן (קאמיאָנסקי) צוויי מאָל גע־ווענדעט צו ליבערמאנען מעקויעך ארויסגעבן אין יִידיש זיַינעם (ליבערמאנס) אָן אופ־רוף, אין ליבערמאן האָט אף דעם מאסקים געווען.

„דער מאצעוו פון די יִדן — שרייַבט קאמיאָנסקי אין זייַן בריוו פון 15־טן אווגוסט 1877 — איז זייער ניט פעסט און זיי שטייען פאר א סאקאָנע, אפילע אויב ס'וועט קומען די קלענסטע געוועלע (געמיינט — רעוואָליוציע — א. ק.)... ס'איז א שאָד די צייַט, וואָס גייט פארלאָרן. מע וואָלט באדארפט פירן די נייטיקע ארבעט און ווירקן אף די יִדן, אָבער נאָר אין זשאר־גאָן". „איינער, הער ג. — שרייַבט קאמיאָנסקי צו ליבערמאנען אין זייַן בריוו פון 19 סענ־טיאבער 1877 — איז גרייט צו געבן 25—35 (רובל), קעדיי דו זאָלסט אָפדרוקן דעם קויל־קוירע, וואָס געפינט זיך בא דיר אין יִדיש. אויב דו נעמסט זיך אונטער, שיקט ער דאָס געלט ארויס" [1].

ס'זייַנען באוווסט נאָך אייניקע פאקטן, וועלכע באווייַזן, אז ליבערמאן איז אין געוויסע פאלן ניט געווען קעגן דעם, אז די פראָפּאגאנדע זאָל געפירט ווערן אויך אין יִדיש. ס'איז דעריבער דורכויס מעגלעך, אז אויך אין 1874 יאָר, אין דער דיסקוסיע אינעם ווילנער קרייַזל, זאָל ליבערמאן ארויסזאָגן זיך וועגן יִדיש אזוי, ווי עס דערציילט אין זייַן בריוו ארן זונדעלעוויטש.

אזוי אָדער אנדערש, אָבער דער עצעם פאקט, אז אין ווילנער קרייַז פון 1874 יאָר איז דיסקוטירט געוואָרן די פראגע וועגן באנוצן זיך מיט יִדיש פאר פראָפּאגאנדע־צוועקן און אז צווישן די מיטגלידער פונעם קרייַזל זייַנען געווען אויך אָנהענגער פון יִדיש, איז זיכער אויסער יעדן סאָפעק.

עמעס, צו קיין פראקטישע רעזולטאטן האָט די שטעלונג און באהאנדלונג פון דערדאָ־זיקער פראגע ניט געבראכט. אָבער א באשטימטן שפּור האָט דאָס געוויס איבערגעלאָזן. די ווירקונג פון דעם לאָזט זיך גאנץ בוילעט מערקן אין דער באציִונג צו יִדיש און אפילע אין דער פראקטישער טעטיקייַט פונעם צווייטן ווילנער קרייַזל, וואָס איז אנטשטאנען באלד נאָכן דורכפאל פונעם ליבערמאן־זונדעלעוויטשעס קרייַזל.

דער צווייטער ווילנער קרייַזל האָט שוין ניט בלויז דיסקוטירט די פראגע וועגן ארויס־געבן פראָפּאגאנדע־ליטעראטור אין יִדיש, נאָר ער האָט שוין אויך געפּרווט צו לייזן זי פראקטיש. אין די בריוו פון די קרייַזל־מיטגלידער צו ליבערמאנען לייענען מיר: „צווישן די ביכער, וואָס מיר גרייטן צו, איז אויך פאראן מייַנס א בוך מיטן נאָמען „ווּעמען איז ערגער"... נאָך איינער שרייַבט (א בוך) אין העברעִיש, איינער אין רוסיש און אן אנדער שטאָט און נאָך איינער אויך אין זשארגאָן" [2].

דעם פאקט, אז די מיטגלידער פונעם צווייטן ווילנער קרייַזל האָבן זיך פארנומען מיט צוגרייטן צום דרוק פראָפּאגאנדע־ליטעראטור אין יִדיש, באשטעטיקן אויך די אָפיציעלע באריכטן פון דער זשאנדארמעריע. אין באריכט פונעם שעף פון דער ווילנער זשאנדארמען־פארוואלטונג פונעם 12־טן מייַ 1876 ווערט דערציילט, אז בעייס דער אונטערזוכונג באם מיטגליד פונעם קרייַז וואָלפסאָן האָט מען געפונען א מאנוסקריפּט אין יִדיש (на разговорно-еврейском яз.), וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אן איבערזעצונג פון א רוסישער אגיטאציע־בראָשור. אינעם דאָזיקן מאנוסקריפּט „איז געשילדערט געוואָרן די שווערע לאגע פון דער יִדישער באפעלקערונג (אינעם אָריגינאל — сословие) אין מייַרעוו־רוסלאנד [3], וואָס לייַדט פון די אויסערגעוויינלעכע שטייַערן, דערבייַ ווערן פראָפּאגאנדירט קאָמוניסטישע און דעמאָקראטישע אידייען" [4].

---

1) „מוסף לדבר" פון ב' און ט' ניסן תרפ"ח (1923). מ. ווערסטמאנס (קאמיאָנסקיס) בריוו פון 15-טן אווגוסט און 19-טן סענטיאבער 1877. ציטירט לויט דעם אויבנאָנגערופענעם ארטיקל פון א. טשעריקאָווער. שפּ. 525.

2) ד"ר ב. ברקוביץ: „ממערכת האמת". „הצפירה", 1920, נומ. 166. ציטירט לויט א. טש. שפּ. 522.

3) אינעם אָריגינאל — „מייַרעוו־אייראָפּע", מיר מיינען אָבער, אז ס'איז א פּאָשטער דרוק־פעלער.

4) Н. А. Бухбиндер. „История евр. раб. движ. в России". стр. 23.

דאָס באשטעטיקט אויך א צווייטער אָפיציעלער דאָקומענט — דער מעמאָראַנדום פון דער דריטער עקספּעדיציע פון דער באַרימטער 3־טער אָפּטיילונג „וועגן דער באשולדיקונג פון 38 איינוווינער פון צאָפּן־מײַרעוו־קאנט אין פארברעכערישער פּראָפּאגאנדע".

דערדאָזיקער מעמאָראַנדום דערציילט, אז דער באשולדיקטער מוישע וואָלפסאָן האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש צום דרוקן פאַרבאָטענע ביכער, וואָס ס'איז צו זען „פון די מאַנו-סקריפּטן זײַנע, וואָס מ'האָט בא אים געפונען בעיס דער אונטערזוכונג: — „וועגן גלײַכ־הײַט פון די עלטערן און קינדער", וועגן דעם, אז „די רעליגיע איז ניט נייטיק" און אן איבערזיכט פון דער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, אין וועלכן עס ווערט דורכגעפירט דער געדאנק, אז אלע צאָרעס פונעם פאָלק האָבן זיך אָנגעהויבן זינט מע האָט אויסגעקליבן א קייסער [1].

אויך בא אייניקע ייִדן־רעוואָליוציאָנערן אין אוקראַינע, ווי ס'איז צו זען פון די פריִערגעבראַכטע אויסצוגן פון קאמיאָנסקיס בריוו צו ליבערמאנען, איז בערעך אין דער־זעלביקער צײַט (1877) געשטאַנען די פראגע וועגן ארויסגעבן פּראָפּאגאַנדע־ליטעראַטור אין ייִדיש.

לעצטנס איז אָבער געוואָרן באקאנט אויך א קאָנקרעטער פאַקט. דאַפּקע אין שכיי־נעס מיט ווילנע — אין מינסק — ווו ס'איז שוין געווען א באוועגונג ניט נאָר צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ, נאָר אויך צווישן די ארבעטער (סטאָלערס), האָט מען אין 1879 געמאכט ערנסטע האכאָנעס ארויסצוגעבן רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור אין העברעיִש.

וועגן דעמדאָזיקן פאַקט האָט דערציילט אין אירע זיכרוינעס אין דער ייִדישער סעקציע בא דער געזעלשאַפט פון די געוועזענע פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס די אלטע טוערן פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין מינסק, יע. א. הורוויטש.

דערדאָזיקער געדאַנק, ווי עס דערציילט יע. א. הורוויטש, איז אנטשטאַנען בא איר ברודער (דאָס איז דער באקאנטער פּראָפעסאָר און ייִדישער פּובליציסט ייִצכאָק־אײַזיק האַלייווי הורוויטש, געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָרן צוריק אין אמעריקע), בא איר און נאָך בא אייניקע אינטעליגענטן. מיט דערדאָזיקער ליטעראַטור איז אָט די גרופּע ייִדן־רעוואָליו־ציאָנערן אויסן געווען אַרײַנצוציִען אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג די יעשיווע־באָ־כערים, וואָס זײַנען געווען אין א גרויסער צאָל אין מינסק. מע האָט שוין אָפּגעקליבן איי־ניקע לאסאלס און פיסאַרעווס ארטיקלען, מע האָט שוין אָנגעמערקט אן איבערזעצער — דאָס איז געווען דער העברעיִשער לערער וואָלמאַן. יע. א. הורוויטש מיט איר ברודער זײַנען גראָד געפאָרן קיין פּעטערבורג, האָט מען זיי באפולמעכטיקט צו קויפן און אריבערשיקן אין מינסק א ליטאָגראַפישן שטיין. אין פּעטערבורג אָבער האָט מען די הורוויטשעס אפן פערטן טאָג ארעסטירט, און איבער דעם איז דער גאנצער איניען באָטל געוואָרן.

אין די 70-ער יאָרן, הייסט עס, איז די פראגע וועגן באנוצן זיך מיט ייִדיש פאר פּראָ־פּאגאנדע־צוועקן געשטעלט געוואָרן אין די קרײַזן פון די ייִדן־רעוואָליוציאָנערן, וואָס האָבן געארבעט אין די שטעט מיט א קאָמפּאַקטער ייִדישער באפעלקערונג. ס'איז שוין אפילו געווען א פּרווו פּראַקטיש צו לייזן דידאָזיקע פראגע, אָבער צוגלײַך מיט דעם איז נאָך אין אָט די קרײַזן ניט געווען אינגאנצן אויסגעלעבט די אָריענטאציע אפן יעשיווע־באָכער, אלס איינעם פון די וויכטיקסטע אָביעקטן פאר דער פּראָפּאגאנדע פון די רעוואָליו־ציאָנער־סאָציאַליסטישע אידייען, און בעמיילע שוין אף העברעיִש, אלס שפּראַך פאר דער־דאָזיקער פּראָפּאגאנדע.

[1] „Историко-революционный сборник" Под ред. В. Невского. Вып. I. М. 1924. стр. 53—54.
בײַלאגע צו ג. בוכבינדער־ס ארטיקל „די געשיכטע פון דער רעוואָליוציאָנערער פּראָפּאגאנדע צווישן די ייִדן אין רוסלאנד אין די 70-ער יאָרן".

## II.

## דער אופרוף פון דער „גרופּע יִדן־סאָציאַליסטן“

דער ערשטער ערנסטער פּרווו פּראַקטיש צו שטעלן און צו לייזן אין א ברייטן מאס־שטאב די פראגע וועגן שאַפן א סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יִדיש איז, ווי באַוווּסט, געמאכט געוואָרן אין רוסלאנד, אין 1880־טן יאָר.

אין אָט דעם יאָר האָט א גרופּע יִדן־סאָציאַליסטן פאַרעפנטלעכט אין זשענעווע אן אופ־רוף (אין רוסיש) וועגן העלפן איר אָרגאניזירן א „פרייַע יִדישע דרוקערייַ“ און אַרויסגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יִדיש.

די דאָזיקע אַרויסטרעטונג, וועלכע איז פאַר זיך געווען אויסערסט אינטערעסאַנט צוליב דער אייגנאַרטיקער און ניט גאָר געוויינלעכער פאַר יענער צייַט שטעלונג פון דער פּראַגע, באַקומט נאָך א באַזונדערן אינטערעס צוליב דער אויסשליסלעכער ראָליע, וואָס אין איר האָבן געשפּילט א גרופּע אוקראַיִנער עמיגראַנטן מיט מ. דראַגאָמאַנאָוון בעראָש.

דער דאָזיקער אופרוף, וועלכער איז דערשינען אלס באַזונדער בלעטל און איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער דרוקערייַ פון דער אוקראַיִנער „גראָמאַדע“, איז געווען אונטערגע־שריבן: „פאַר די איניציאַטאָרן פון דער זאך ראָדין“ און דאַטירט „דעם 15־טען יוני 1880 י.“

וועגן צאָל און פּערזענלעכן באַשטאַנד פון אָט דער „גרופּע“ איז דערווייַל זייער ווייניק באַוווּסט. עס איז פאַראַן בלויז א האַשאָרע, אז אכוץ דעם אונטערגעשריבענעם ראָדין, האָט צו איר אויך געהערט דער געוועזענער סטודענט־טעכנאָלאָג אראָן וועלער, וואָס האָט אין י. 1878 אָרגאניזירט אין מינסק א קרייַזל פון יִדישע אַרבעטער־סטאָלערס. נאָך זייַן דורכפאַל איז ער אנטלאָפן קיין אויסלאנד. אין דער צייַט פונעם „ליבעראַלן“ אינערן־מיניסטער לאָריס־מעליקאָוו האָט ער זיך אומגעקערט קיין רוסלאנד און זיך באַזעצט אין אָדעס, ווו ער איז, איבער אומבאַקאַנטע סיבעס, באַגאנגען זעלבסטמאָרד [1].

ביז דער לעצטער צייַט זייַנען געווען מער־ווייניקער באַקאַנט בלויז אייניקע גרעסערע אויסצוגן פונעם דאָזיקן אויסערסט אינטערעסאַנטן דאָקומענט. האגאם דער „בונד“ האָט גע־האט אין זייַן אויסלענדישן אַרכיוו דעם אָריגינאַל פונעם אופרוף מיט אלע ביילאגעס צו אים [2], דאָך האָט מען אין ערשטן טייל פונעם היסטאָרישן זאמלביכל (אין רוסיש) „מאַטע־ריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג“ (פּעטערבורג, 1906, פאַר־

---

[1]) זע זשעניע הורוויטשעס אַרטיקל „די ערשטע פּראָפּאגאנדיסטישע קרייַזן“ אין די „רויטע בלעטער“, אויס־גאבע פונעם יִדסעקטאָר פון דער ווייַסרוסישער וויסנשאפט-אַקאַדעמיִע. מינסק, 1929. אגעוו, וועלך אין א זאמלבוך פון דער סעקציִע צו שטודירן די געשיכטע פונעם אנטייל פון די יִדן אין דער רעוואָליוציאָנערער און אַרבעטער-באַ-וועגונג אין רוסלאנד בא דער געזעלשאפט פון די געוועזענע פּאָליט-קאַטאָרזשאַנעס, וואָס ווערט איצט צוגעגרייט צום דרוק, אויך פאַרעפנטלעכט ווערן זש. (יע.) הורוויטשעס זיכרוינעס, וואָס האָבן א שייַכעס צו דער דאָזיקער פּראגע.

[2]) ווי עס דערציילט אין אירע זיכרוינס יע. א. הורוויטש, האָט דעם דאָזיקן דאָקומענט אין איר אָנוועזנהייַט איבערגעגעבן דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם „בונד“ א. ליאַכאָצקי, א מיטגליד פון דראַגאָמאַנאָווס גרופּע, אפן פייַערלעכן אָוונט אין זשענעווע לעקאָווער דעם 5-יאָריקן יובילייַ פונעם „בונד“ (1902). פאַרבייַגייענדיק ווילט זיך פאַרײכטן א טאָעס, וועלכן עס דערלאָזט יע. א. הורוויטש. זי באַהויפּטעט גאַנץ קאַטעגאָריש, אז דעם דאָזיקן אופרוף האָט צוזאמענגעשטעלט לייזער צוקערמאַן. דאָס איז אָבער בעפּיירעש ניט ריכטיק. ל. צוקערמאַן האָט זיך, ווי באַוווּסט, אומגעקערט פון אויסלאַנד האַרבעסט 1879, אין יאַנוואַר 1880 איז ער אַרעסטירט געוואָרן אין דער פּעטערבורגער געהיימער דרוקערייַ פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און אין פרילינג פונעם זעלביקן יאָר האָט מען אים געשיקט (דער א. ג. „פּראָצעס פון 16“) אויף פאַרמישפּעט צו 8 יאָר קאַטאָרגע. פון דעם אליין איז שוין קלאָר, אז ל. צוקערמאַן האָט צום אופרוף פון דער „גרופּע יִדן-סאָציאַליסטן“ ניט געקאָנט האָבן קיין שום שייַכעס, בעפּראַט נאָך צונויפשטעלן אים.

עס זייַנען פאַראַן נאָך אַנדערע באַווייַזן, אז הורוויטשעס באַהויפּטונג איז ניט ריכטיק. דער אופרוף פאַרופט זיך לעמאָשל אפן יאָרבוך „Российская библиография“, וואָס איז דערשינען אין 1880 יאָר. ס'ווערט אויך אינעם אופרוף געבראַכט א ציטאַטע פונעם „Рассвет“ נום. 5 פאַרן 1880 יאָר. אין דער דאָזיקער צייַט איז אָבער צו־קערמאַן, ווי געזאָגט, געזעסן אין טורמע.

לאג „טריבונא”) פארעפנטלעכט נאָר אייניקע גרעסערע אויסצוגן פון אים און אינגאנצן ארויסגעלאָזן די ביז גאָר אינטערעסאנטע און וויכטיקע בײַלאגעס, איבער וואָס עס איז אויך געבליבן אומבאקאנט די ראָליע פון דראגאָמאנאָווס גרופּע אין דערדאָזיקער ארויסטרעטונג [1].

דער כאוו. ד. זאסלאווסקי אין זײַן קריטיש־ביאָגראפישן עטיוד וועגן מ. דראגאָמאנאָוון (רוסיש, קיִעוו — 1924) דערמאָנט אפילו וועגן דער „גרופּע”, איר אופרוף און דער באציִונג צו זיי מיצאד דראגאָמאנאָוון, אָבער נאָר פארבײַגייענדיק און זייער קורץ.

דער גרונט־אינהאלט פונעם אופרוף קאָן אין קורצן איבערגעגעבן ווערן אזוי:

די ייִדישע באפעלקערונג פון מיזרעך־אייראָפּע האָט שוין געגעבן א באדײַטנדיקע צאָל סאָציאַליסטן, נאָר די ייִדישע מאסן זעלבסט זײַנען נאָך לאכלוטן ניט אָנגערירט פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע. און די נייטיקײַט פון א ספּעציעלער פּראָפּאגאנדע צווישן די ייִדישע מאסן פון רוסלאנד, גאליציע און רומעניע איז אויסער יעדן סאָפּעק. דאָס ווערט דיקטירט פון א ריי סאָציאַלע און קולטור־שטייגערישע באזונדערקײַטן, אין וועלכע זיי לעבן אין דידאָזיקע לענדער.

ערשטנס, זײַנען דאָ קאָנצענטרירט די גרונט־מאסן פונעם ייִדישן פאָלק — העכער 4 מיליאָן, און זיי לעבן דאָ אין קאָמפּאקטע גרופּעס. צווייטנס, פארייניקט די ייִדישע מאסן פון אָט די אלע לענדער איין שפּראך — ייִדיש; די באהויפּטונג, אז פאר די ייִדן זײַנען צו־טריטלעך די שפּראכן פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן, איז, פארשטייט זיך, ניט ריכטיק. דערפאר אָבער איז קײן שום סאָפּעק ניט, אז אין ייִדיש זײַנען זיי קימאט אלע אָן אויסנאם שריפטיק; אין ייִדיש זײַנען שוין פאראן א וועלטלעכע ליטעראטור און טעא־טער, וואָס האָבן א באדײַטנדיקן דערפאָלג בא די מאסן. דריטנס, דארף מען אפן סאמע אנטשיידנעם אויפן באקעמפן דעם אבערגלויבן, אז די גאנצע ייִדישע באפעלקערונג בא־שטייט קלוימערשט פון עקספּלואטאטאָרן, און דעריבער, הייסט עס, איז אין דער ייִדישער סוויווע ניטאָ קיין באָדן פאר סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע; דער פּראָצעס פון סאָציאַלער דיפערענצירונג האָט זיכער ארומגעכאפּט אויך די ייִדישע באפעלקערונג; אויך בא ייִדן איז שוין פאראן א באדײַטנדיקער שיכט האנטווערקער און שווארץ־ארבעטער; א גינסטיקן באָדן פאר סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע שטעלט מיט זיך פאָר אויך די ייִדישע אינטעליגענץ — סײַ די וואָס לערנט אין די יעשיוועס, סײַ די „ליבעראלע יוגנט”.

בא אָט די אלע גרופּעס וואָלט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאגאנדע זיכער באגעגנט א לעבעדיקן אָפּקלאנג, נאָר די ייִדן־סאָציאַליסטן האָבן ביז איצט לאכלוטן איגנאָרירט דידאָ־זיקע אופגאבע און האָבן ניט דערשאצט, ווי וויכטיק עס איז צו דערנעענטערן צווישן זיך צוליב אן אלגעמיינעם קאמף די פּראָלעטאריִער ייִדן מיט די פּראָלעטאריִער פון די איבע־ריקע פעלקער. אלס פּויעליויצע פון דעם, האָבן מיר א פולשטענדיקע אָפּגעפרעמדקײַט פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער יוגנט פון די ארבעטנדיקע מאסן. ליבערמאנס פּרווו מיטן „האמת” קאָן, פארשטייט זיך, ניט געגומען ווערן אין אכט, ווײַל צוליב דער ניט צוטריט־לעכקײַט פון העברעיִש פאר די מאסן איז ער לעכאטכילע געווען פארמישפּעט אף א דורכ־פאל. אינעם נאָמען פון די אינטערעסן פונעם סאָציאַליזם פּראָטעסטירט דער אופרוף קעגן דער אָפּגעריסנקײַט פון די ייִדן־סאָציאַליסטן פון די ייִדישע מאסן און רופט „צוציִען צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע אויך די מאסן ארבעטער־ייִדן”.

ארויסגייענדיק פון אָט די אלע פּאָרהאנאָכעס, דערקלערט „די גרופּע ייִדן־סאָציאַ־ליסטן”, אז זי האָט באשטימט אָרגאני־זירן אין זשענעווע א „פרײַע ייִדישע דרוקערײַ” און

[1]) אגעוו, א פולן טעקסט פונעם אופרוף מיט בײדע בײַלאגעס קאָן מען געפינען אין מ. פּ. דראגאָמאנאָווס ווערק (אין צווייטן באנד), וואָס זײַנען דערשינען אין פאריז, 1906. אין דער בײַלאגע נ. 1 צו אונדזער ארטיקל געבן מיר דעם אָריגינאל אין די ייִדישע איבערזעצונג פון בײדע בײַלאגעס צום אופרוף. איבערדרוקן דעם אופרוף גופא האלטן מיר פאר ניט צוועקמעסיק, אף וויפל ער איז דאָך פארעפנטלעכט, זאָל זײַן בלויז אין גרעסערע קי־צורן, אין די בונדישע „מאטעריאלן”. אכוצדעם, קומט אונדז אויס סײַ־ווי־סײַ איבערצוגעבן אין קורצן דעם אינהאלט פונעם אופרוף אינעם ווײַטערדיקן גאנג פונעם ארטיקל.

ארויסגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראטור אין ייִדיש. די גרופע ווענדעט זיך צו אלע ייִדן־סאָציאַליסטן פון מיזרעך־אייראָפּע נאָך מאטעריִעלן און ליטעראַרישן מיטהילף און דער־קלערט דערבײַ, אז די נײַע דרוקערײַ וועט גערן קומען צו הילף „אלע פערזאָנען און קרײַזלעך, וואָס ווילן זוכן צו באנוצן זיך מיט אונדזער דרוק־ווארשטאט פאר סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע, אומאָפּהענגיק פון זייערע מיינונגען וועגן די מעטאָדן צו לייזן די סאָציאַלע פראגע".

קעדיי אויסצושעפּן דעם אינהאלט פונעם אופרוף, דארף מען נאָך אין קורצן דערמאָנען וועגן די צוויי בײַלאגעס צו אים [1]). אין איינער פון זיי ווערט געגעבן א גאנץ דעטא־ליזירטע פּראָגראם פאר זאמלען און באארבעטן פאר די ארויסגאבעס פון דער „גרופע" לי־טערארישע מאטעריִאלן וועגן די ייִדן אין רוסלאנד און גאליציִע. די פּראָגראם באשטייט פון 3 אָפּטיילן און 31 פונקטן, וואָס שטרעבן קלאָר צו מאכן: די אלגעמיינע עקאָנאָמישע פּיזיִאָנאָמיִע פונעם געגעבענעם ראיאָן אָדער יישעוו, דעם סאָציאַלן באשטאנד פון דער ייִדי־שער באפעלקערונג, דעם ספּעציפישן געוויכט פון די ייִדן און ניט־ייִדן אין דער פאבריק־אינדוסטריִע, די ארבעט־באדינגונגען, דעם דורכשניטלעכן ארבעטס־לוין, די צאָל און כא־ראקטער פון די קאָנפליקטן אין דער אינדוסטריִע, די קעגנזײַטיקע באציִונגען צווישן די ארבעטער ייִדן און ניט־ייִדן; צי זײַנען פאראן אינעם געגעבענעם פונקט וועלכע ניט איז ארבעטער־געזעלשאפטן, הילפס־קאסעס א. א. וו., די שריפטקײַט און אינטעלעקטועלע אנט־וויקלונג פון די פאבריק־ארבעטער און האנטווערקער, די צאָל יוגנטלעכע אין די טאלמוד־טוירעס און יעשיוועס, זייער מאטעריִעלע לאגע און אינטעלעקטועלע אנטוויקלונג; די ווײַ־טערדיקע פונקטן פון דער פּראָגראם אינטערעסירן זיך מיט דער פארשפרייטונג און גרייס פונעם מיסכער, מיט דער צאָל פּראָצענטניקעס, קאָמיסיִאָנערן, קליינע הענדלער, פארדינסט פון יעדערער פון אָט די געזעלשאפטלעכע גרופּעס און ווי זיי עקספּלואטירן די אָרעמע שיכטן פון דער באפעלקערונג א. א.; דער לעצטער אָפּטייל פון דער פּראָגראם (8 פונקטן) איז געווידמעט דער ערדארבעט בא ייִדן און דער לאגע פון די ייִדישע קאָלאָניִעס.

די צווייטע בײַלאגע שטעלט מיט זיך פאָר א מין „נאָכוואָרט" צום אופרוף, וואָס איז געווענדעט צו די אוקראַיִנער סאָציאַליסטן און איז אונטערגעשריבן דורך דראגאָמאנאָוון, דעם זעצער פון דער „גראָמאדע"־דרוקערײַ א. ליאכאָצקי און דעם רעדאקטאָר פון לעמבער־גער (לוואָווער) אוקראַיִנישן זשורנאל „Громадський Друг" („פאָלקס־פרײַנט"), מ. פּאוולִיק.

אינעם נאָכוואָרט ווערט אונטערגעשטראָכן, אז ניט געקוקט אף דעם, וואָס אין דער נאָענטסטער שכײנעשאפט מיט די אוקראַיִנער לעבט א גאנצער מיליאָן ייִדן, פון וועל־כע א דריטל באשטייט פון ארבעטער, נאָך א דריטל — פון דינערשאפט, אָנגעשטעלטע, קליינע פארמיטלער, וועלכע לעבן אויך אין אָרעמקײַט, לויערן פונדעסטוועגן איבער די קעגנזײַטיקע באציִונגען צווישן אָט די ביידע פעלקער נאָכווייעניִשן פון דער אלטער סאָ־ציאַל־נאציִאָנאלער פײַנטשאפט. און דאָס דראָט, פון איין זײַט, מיט בלוטיקע ייִדישע פּאָ־גראָמען בא דער סטיכעיִשער סאָציאַלער באוועגונג צווישן די אוקראַיִנישע מאסן און, פון דער צווייטער זײַט, האלט ראָס אונטער און פארשטארקט בא די ייִדישע ארבעטנדיקע די געפילן פון נאציִאָנאלער סאָלידאריטעט מיט די ייִדישע קאפּיטאליסטן, האגאם זייערע אינ־טערעסן זײַנען קעגנזעצלעך. פאר די סאָציאַליסטן פון אוקראַיִנע איז דעריבער אויסערסט וויכטיק צו אָרגאניזירן אזא פּראָפּאגאנדע, וועלכע זאָל אָפּרײַסן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן פון די ייִדישע קאפּיטאליסטן און פאראייניקן די ייִדישע ארבעטער מיט די ארבעטער פון די ארומיקע פעלקער. אזא פּראָפּאגאנדע קען אָנגעפירט ווערן מיט דערפאָלג נאָר אין ייִדיש, און דעריבער איז קיין שום ספק ניט, אז די סאָציאַליסטן פון אוקראַיִנע וועלן אקטיוו מיטהעלפן צו פארווירקלעכן די איניציִאטיוו פון די ייִדישע כאוויירים, ד. ה. אָרגאניזירן א „פרײַע ייִדישע דרוקערײַ".

[1]) זע צום סאָף די בײַלאגע נ. 1.

דער אנאליז פונעם דאָזיקן דאָקומענט אנטפּלעקט גאנץ בולעט אייניקע ביז גאָר אינטערעסאנטע שטריכן פאר דער כאראקטעריסטיק פון אָט דער ווייניק באקאנטער „גרופּע ייִדן־סאָציאַליסטן".

דידאָזיקע „גרופּע" איז געווען די ערשטע צווישן די ייִדן-סאָציאַליסטן, וואָס האָט באמערקט דעם פּראָצעס פון קלאסן־דיפערענציאַציע אין דער ייִדישער סוויווע און פאקטיש אנטדעקט דעם ייִדישן ארבעטער, וואָס ווערט עקספּלואטירט צוגלײַך מיט די ארבעטער פון די איבעריקע פעלקער, און וועלכער מוז דעריבער אויך ארײַנגעצויגן ווערן אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג, קעדיי האנט בא האנט מיט אלע פּראָלעטאריִער קעמפן פאר דער אלגעמיינער באפרײַונג. זי האָט די ערשטע געזוכט צו אָריִענטירן זיך הויפּטזאכלעך אפן ארבעטער, ריכטיקער—אף די ארבעטנדיקע, און ניט אפן יעשיווע־באָכער, ווי אירע פאָרגייער (ליבערמאן א. א.). און דאָס איז אָן סאָפעק איינער פון די גרעסטע פארדינסטן פון דער „גרופּע".

די „גרופּע ייִדן־סאָציאַליסטן" איז אָבער אויך געווען די ערשטע, וואָס האָט ארויסגע־באוויזן גאנץ בולעטע שפּורן פון קלייןבירגערלעכן נאציאָנאליזם און נאציאָנאלער באגרע־נעצטקײַט, וואָס עס מאכט זי אין אָט דער הינזיכט פאר דער דירעקטער פאָרגייערן פונעם „בונד".

נאציאָנאליסטישע טענער לאָזן זיך גאנץ שטארק הערן אין די שארפע אָנפאלן אף די ייִדן־סאָציאליסטן, וואָס רײַסן זיך אָפּ און דערווײַטערן זיך פון דער ייִדישער סוויווע. עמעס, פאָרמעל פּראָטעסטירט די „גרופּע" קעגן דעם ניט אינעם נאָמען פון וועלכע ניט איז נאציאָנאלע אידייען, נאָר אויסשליסלעך אין די אינטערעסן פונעם סאָציאַליזם. „אין די אינטערעסן פונעם סאָציאַליזם גופע—לייענען מיר אינעם אופרוף—פּראָטעסטירן מיר קעגן אָט דער פולשטענדיקער דערווײַטערונג פון די ייִדן־סאָציאַליסטן פון זייערע מאסן. מיר ווען, פארשטייט זיך, קיינעם ניט אָנווײַזן וואָס פאר א פאָלק ער זאָל אויסוויילן פאר זײַן טעטיקײַט. מיר באהויפּטן נאָר, אז עס איז שוין צײַט, אז אויך די מאסע ארבעטער־ייִדן זאָל צוגעצויגן ווערן צו דער זאך פון דער סאָציאלער רעוואָליוציע". אָבער די גאנצע שטעלונג פון דער פראגע און די ארגומענטאציע, וואָס די גרופּע ווענדעט אָן, לאָזן איבער א באשטימטן נאציאָנאליסטישן בײַגעשמאק.

דאָס אייגענע צו ייִדיש, דערקלערט די „גרופּע", איז זי געקומען, ניט ארויסגייענדיק פון וועלכע ניט איז נאציאָנאליסטישע האנאָכעס, נאָר אויסשליסלעך צוליב דעם קאָלאָסאלן פּראקטישן ווערט פון דערדאָזיקער שפּראך פאר דער דערפאָלגרײַכער פּראָפּאגאנדע פונעם סאָציאַליזם צווישן די ברייטע ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן. ייִדיש אלס לעבעדיקע שפּראך פון די פאָלקס־מאסן, ווערט דערקלערט אינעם אופרוף, איז א מעכטיק געווער אף ארײַנ־צודרינגען אין די סאמע טיפענישן פון זייער לעבן און זייערע געפילן און מיטן דאָזיקן געווער מוז מען זיך ברייט באנוצן אויך באם פּראָפּאגאנדירן צווישן זיי דעם סאָציאַליזם. פאָרמעל, הייסט עס, זײַנען אויך דאָ ניט פאראן קיין אויסגעשפּראָכענע נאציאָנאליסטישע טענדענצן. אָבער דער גאנצער רעפּערטואר ארגומענטן, דאָס קעסיידערדיקע פארופן זיך אפן „ראזסוועט" און דראגאָמאנאָוון און א ריי ריין „ייִדישיסטישע" האנאָכעס, מיט וועלכע עס אָפּערירן די אווטאָרן פונעם אופרוף, אנטפּלעקן גאנץ בולעט פונוואנען און וווהין ציט די באציִונג פון דער „גרופּע" צו ייִדיש.

א גאנץ בולעטן, און אין דעם פאל גראָד א פּאָזיטיוון, שטריך פאר דער כאראקטע־ריסטיק פון דער אידעאָלאָגישער פיזיאָנאָמיִע פון דער „גרופּע" גיט אויך דער פּלאן פון דער פארלאג־ארבעט, וואָס זי האָט פאר זיך אָנגעמערקט אף דער ערשטער צײַט. ווי עס איז צו זען פונעם אופרוף, האָט די „גרופּע" אין דער ערשטער ריי געקליבן זיך באלויכטן אין אירע אויסגאבעס אזעלכע פראגן, ווי: די לאגע פון די ייִדישע ארבעטער בא די ייִדישע קאפּיטאליסטן, די באציִונגען פון די פּראָלעטאריִער־ייִדן צו די אָרעמע קלאסן פון דער ניט־ייִדישער באפעלקערונג, דעם מעהוס פונעם לויפנדיקן סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערן

קאמף אין רוסלאנד און די ארבעטער-באוועגונג אין מיַרעוו־אייראָפּע. אנדערש געזאָגט, איר הויפּט־אופגאבּע האָט די „גרופּע" געזען אין אנטפּלעקן פאר די ייִדישע ארבעטנדיקע דעם קלאסן־אנטאגאָניזם אין דער ייִדישער סוויווע, דערנענטערן זיי מיט די ניט־ייִדישע ארבעטנדיקע און פאראינטערעסירן זיי מיטן רעוואָליוציאָנערן קאמף אין רוסלאנד און מיט דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג.

א געוויסע אופמערקזאמקייַט פארדינט די „פּראָגראם פאר זאמלען ליטערארישע מאטע־ריאלן", וואָס איז צוגעלייגט צום אופרוף. די עצם אָנווענדונג פון אָט דעם מעטאָד, ווי אויך דער אינהאלט און פארנעם פון דער „פּראָגראם", באווייַזן קלאָר און בוילעט, אז די „גרופּע" האָט פון אָנהייב אָן געשטרעבּט צו באזירן איר ארבעט אפן אלזייַטיקן אנאליז פון די סאָ-ציאל־עקאָנאָמישע פארהעלטענישן אין דער ייִדישער סוויווע.

אָבער נאָך א גרעסערן אינטערעס שטעלט מיט זיך פאָר דער „נאָכוואָרט" פון דער אוקראַיִנישער גרופּע צום אופרוף. צוזאמען מיט נאָך א ריי דראגאָמאנאָווס ארויסטרעטונגען העלפט דער „נאָכוואָרט" צו אנטפּלעקן ביז א געוויסן גראד דעם פּאָנעם און מעהוס פון דער ווייניק באקאנטער „גרופּע ייִדן־סאָציאַליסטן" און צו דערקלערן טיילווייַז איר אייגנ־ארטיקע און אומגעוויינלעכע פאר דער געגעבענער טקופע פּאָזיציע.

אגעוו, דידאָזיקע דראגאָמאנאָווס אקטיווע ארויסטרעטונג פאר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע צווישן די ייִדישע מאסן אין ייִדיש איז געווען ניט די איינציקע און ניט קיין צופעליקע. דאָס איז א קאָנסעקווענטער פּראקטישער אויספיר פון זייַן גאנצער נאציאָנאל־פעדעראליסטישער קאָנצעפּציע, וואָס ער האָט אין מעשעך פון יאָרן פארטיידיקט אין דער פּרעסע און אין די עמיגראנטישע קרייַזן.

די פראגע וועגן דער נייטיקייַט צו שאפן א סאָציאַליטישע ליטעראטור אין ייִדיש האָט דראגאָמאנאָוו ארויסגערוקט אף די זשענעווער פארזאמלונגען פון די עמיגראנטן נאָך אין פרילינג 1880. אין דריטן און פערטן טעזיס, וואָס ער האָט אנטוויקלט אף דידאָזיקע פארזאמלונגען, לייענען מיר:

3. „אין די אינטערעסן פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע אין מיזרעך־אייראָפּע אנערקענט די פארזאמלונג פאר דורכויס נייטיק צו אָרגאניזירן א סאָציאַליסטישע פּרעסע אף די פאָלקס־שפּראכן, און ניט נאָר אף די מעלוכע־שפּראכן און די שפּראכן פון די הע־כערע שטאנדן". 4. „העיויס ווי פון די פאָלקס־שפּראכן פון מיזרעך־אייראָפּע איז שוין פאראן א סאָציאַליסטישע פּרעסע אין רוסיש, אוקראַיִניש, פּויליש און רומעניש, אנערקענט די פאר־זאמלונג פאר דער אָרדנטלעכער אופגאבע צו אָרגאניזירן אזא פּרעסע אין די שפּראכן פון די עסטאָנער, לעטן, ליטווינער און ווייַסרוסן, אין די שפּראכן פון די ייִדן און קאווקאזער, און אויך צופאסן די דייַטשישע סאָציאַליסטישע ליטעראטור צום שטייגער פון די דייַטשישע ארבעטער אין מיזרעך־אייראָפּע" [1].

צו דערזעלביקער פראגע האָט זיך דראגאָמאנאָוו ניט איינמאָל אומגעקערט אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אינעם ארטיקל „די נאטירלעכע געגנטן און די סאָציאַליסטישע פּראָ־פּאגאנדע אין די פלעבעיִשע שפּראכן פון מיזרעך־אייראָפּע" (לעכאטכילע געווען געדרוקט אין „ווילנא ספּילקא", בייַלאגע צו „גראָמאדא" נומ. 1, 1881) פארשארפט דראגאָמאנאָוו ווידער די פראגע וועגן דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע אין די שפּראכן פון די „פּלעבעיִשע" פעלקער. דאָ שטעלט ער שוין די פראגע קאָנקרעט און פּראקטיש... „אין אלע געגנטן — שרייַבּט ער — דארפן אָרגאניזירט ווערן שטענדיקע פעדעראטיווע קאדרען פון די סאָציאַלי־סטישע פאָלקס־פּארטייען, וואָס דארפן פריִער פאר אלץ צוטרעטן צו אָרגאניזירן א סי־סטעמאטישע ליטערארישע פּראָפּאגאנדע פון זייערע אידייען אין די שפּראכן פון די אָרטי־קע פעלקער. דערבייַ דארף געלייגט ווערן אכט אויך אף די שפּראכן פון די קאָלאָניעס: דייַטשישע, ייִדישע, באָלגארישע, טאָטערשע, סערבישע א. א." [2].

---

[1]) זע: „Внимани ю соц. эмигрантов из России". М. П. Драгоманов. Собр. соч. т. II. стр. 316

[2]) דאָרט, ז. 337.

צום דריטן מאָל האָט דראגאָמאנאָוו באַרירט דידאָזיקע פראגע אין 1882 אין זײַן ארטיקל „די ייִדן־פראגע אין סלאווישן קרײַזל אין לאָנדאָן“. דער לאָנדאָנער „סלאווישער“ (סאָציִאליסטישער) קרײַזל האָט אָרגאניזירט א פראָטעסט־מיטינג קעגן די ייִדישע פאָגראָמען אין אוקראַיִנע, אף וועלכן ס'איז ארויסגעטראָטן מיט א פּאָרטראַג פּיאָטר קראָפּאָטקין. דער מיטינג האָט אָנגענומען א שארפע רעזאָליוּציִע קעגן די שולדיקע אין די פאָגראָמען. נאָר דאָס האָט דראגאָמאנאָוון ניט באַפרידיקט. באַ דער געלעגנהײַט האָט ער נאָך אמאָל איבערגעכאזערט און אונטערגעשטראָכן דעם געדאנק, וואָס ווערט ארויסגעזאָגט אינעם „נאָכוואָרט“ צום אופרוף פון דער „גרופּע ייִדן-סאָציִאליסטן“, און צוגעגעבן: ... „מיט באַדויערונג דארף מען פארצייכענען, אז ניט געקוקט אף דער גרויסער צאָל ייִדן אין די רוסישע און פּוילישע סאָציִאליסטישע קרײַזן, באַגעגנט נאָך ביז איצט דער געדאנק וועגן „גיין אין ייִדישן פאָלק“ זייער ווייניק מיטגעפיל אפילע צווישן די סאָציִאליסטן, אפילע צווישן די סאָציִאליסטן־ייִדן, ווי מע האָט זיך געקאָנט דערין איבערצײַגן פון דעם, ווי אזוי עס איז אופגענומען געוואָרן דער פאָרשלאג פון אייניקע סאָציִאליסטן־ייִדן און אוקראַיִנער... וועגן ארויסגעבן בראָשורן אף דער לעבעדיקער שפּראך פון די ייִדן פון מיזרעך־אייראָפּע“ [1].

מיר האָבן זיך אביסל לענגער פארהאלטן אף די מאטעריִאלן, וואָס כאראקטעריזירן די באַציִונג פון דראגאָמאנאָוון צו דער פראגע וועגן סאָציִאליסטישער פּראָפּאגאנדע צווישן די ייִדישע מאסן, ווײַל אין זייער שײַן ווערט פיל פארשטענדלעכער די אנטשטייִונג און די פּאָזיציִע פון דער „גרופּע ייִדן־סאָציִאליסטן“.

איצט, מיינען מיר, איז שוין קימאט אינגאנצן קלאָר, אז דידאָזיקע „גרופּע“ איז אנטשטאנען אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון דראגאָמאנאָווס טעטיקײַט, אז זי האָט זיך געפונען אין דער ענגסטער אידעיִשער און אָרגאניזאציִאָנעלער (אויב דערדאָזיקער אויסדרוק איז פּאסיק פארן געגעבענעם פּעריִאָד) פארבינדונג מיט דראגאָמאנאָווס קרײַזל. א שטארקע ווירקונג פון דראגאָמאנאָווס אידייען איז ניט שווער צו געפינען אינעם עצעם אופרוף פון דער „גרופּע“ (דער אינטערעס צו די ייִדן פון גאליציִע, דאָס פארופן זיך אף דער אופלעבונג פון די „פלעבעיִשע“ שפּראכן אין גאנץ אייראָפּע א. אז. וו.). עס איז קימאט אויסער ייִדן סאָפעק, אז אפילע די עצעם ארויסטרעטונג — די פארעפנטלעכונג פונעם אופרוף — האָט די „גרופּע“ געמאכט, אויב ניט לויט דער דירעקטער איניציִאטיוו, איז לעכאָלאפּאָכעס אונטער דער ווירקונג און באַ דער אקטיווער מיטווירקונג פון דראגאָמאנאָוון און זײַן קרײַזל.

און טאקע דערפאר, וואָס די „גרופּע“ איז אין אלגעמיין געשטאנען אף דער פּאָזיציִע פון דראגאָמאנאָווס קרײַזל, איז זי געבליבן איזאָלירט צווישן די איבעריקע ייִדן־סאָציִאליסטן אין אויסלאנד, און איר אופרוף האָט צווישן זיי ניט געפונען קיין שום מיטגעפיל. ווי עס דערציילט דראגאָמאנאָוו, איז אף דער אויבנדערמאָנטער פארזאמלונג, אף וועלכער ער האָט פארטיידיקט זײַנע טעזיסן, ארויסגעטראָטן אויך די „גרופּע“ מיט איר פאָרשלאג וועגן ארויסגעבן סאָציִאליסטישע ליטעראטור אין ייִדיש, נאָר דערדאָזיקער פאָרשלאג איז אופגענומען געוואָרן אזוי, אז עס איז שיר ניט געקומען צו א סקאנדאל. „דאכט זיך — שרײַבט וועגן דעם דראגאָמאנאָוו — וואָס פאר א דערווידערונג האָט געקאָנט ארויסרופן דער געדאנק וועגן ארויסגעבן דיזעלביקע (בראָשור) „כיטראיא מעכאניקא“ נאָך אף א שפּראך, זאָל זײַן אף „זשארגאָן“, און פונדעסטוועגן איז נאָר אדאנק די אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונגען פון דעם טאקט פונעם פאָרזיצער האָט זיך די אויבנדערמאָנטע פארזאמלונג ניט געענדיקט מיט א גרויסן סקאנדאל. מיט אזא אופרייצונג האָבן זיך דאָס צו אים (ד. ה. צום געדאנק וועגן ארויסגעבן די בראָשור אין ייִדיש—א. ק.) באַצויגן די רעדנער פון דער רוסישער און פּוילישער סאָציִאליסטישע פארטייען, און באַזונדערס—פערזאָנען פון ייִדישער אָפּשטאמונג“ [2].

1) דאָרט, ז. 541.

2) ציטירט לויט דער אייבנאָנגעוויזענער ד. זאסלאווסקיס קריטיש-ביִאָגראפישער ארבעט וועגן דראגאָמאנאָוון, ז. 113.

און דאָס איז גאנץ נאטירלעך און פארשטענדלעך. די ייִדן־סאָציאַליסטן אין די 70־ער און אָנהייב 80־ער יאָרן זײַנען אין זייער ווײַט גרעסטער מערהײַט, ווי באוווּסט, געווען נאיִוו־קאָסמאָפּאָליטיש, פון קיין ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן האָבן זיי ניט געוווּסט, און דעריבער האָבן זיי אפילע ניט געטראכט וועגן א ספּעציִעלער ארבעט אין דער ייִדישער סוויווע. זיי האָבן זיך באטראכט בלויז ווי מיטגלידער פון דער רוסישער (פּוילישער) רעוואָ־ליוציִאָנער־סאָציאַליסטישער אָרגאניזאציִע; פאר זייער איינציקער אופגאבע האָבן זיי, צוגלײַך מיט זייערע כאווערים ניט־ייִדן, געהאלטן בלויז די ארבעט צווישן די גרונט־מאסן פון דער באפעלקערונג — די רוסישע און פּוילישע ארבעטער און פּויערים. און דעריבער איז קלאָר, אז די פּאָזיציִע פון דער דראגאָמאנאָווישער „גרופּע ייִדן־סאָציאַליסטן" און אירע ארויס־טרעטונגען האָבן זיי געדארפט אופנעמען, ווי טיף נאציִאָנאליסטישע, ווי אזעלכע, וואָס ווידערשפּרעכן די עצעם יעסוידעס פונעם סאָציאַליזם און רעוואָליוציִאָנערן קאמף.

אינגיכן נאָכן ארויסגעבן דעם אופרוף איז זיך די „גרופּע ייִדן־סאָציאַליסטן", ווײַזט אויס, צעפאלן. יעדנפאלס, אף קיין שפּורן פון איר ווײַטערדיקער טעטיקײַט האָט מען זיך דערווײַל נאָך ניט אָנגעשטויסן.

## .III

## די פּעטערבורגער „ארבייטער צײַטונג".

בעערעך אין א האלב יאָר ארום נאָך דער פארעפנטלעכונג פונעם אופרוף פון דער זשענעווער „גרופּע" איז אין רוסלאנד, אין רעוואָליוציִאָנערן צענטער פון לאנד—אין פּעטער־בורג — ארויס א נומער פון אן אונטערערדישער רעוואָליוציִאָנער-סאָציאַליסטישער צײַטונג אין ייִדיש — „ארבייטער צײַטונג".

ניט געקוקט אף דעם, וואָס דידאָזיקע צײַטונג האָבן ארויסגעגעבן ייִדן־„נאראָדאָוואָל־צעס", ד.ה. פּרינציפּיִעלע קעגנער פון דראגאָמאנאָווס נאציִאָנאליסטיש־פעדעראליסטישער אידעאָלאָגיִע, און בעמיילע שוין אויך פון זיין „גרופּע ייִדן־סאָציאַליסטן", פונדעסטוועגן רוכט אונדז, אז אן אויסערלעכע פארבינדונג איז צווישן אָט די ביידע דערשײַנונגען באשטימט פאראן, האגאם קיין דירעקטע און דאָקומענטאלע באווײַזן זײַנען פאר דעם דערווײַל נאָך ניטאָ.

בא די נאיִוו־אינטערנאציִאָנאליסטישע אָדער ריכטיקער קאָסמאָפּאָליטישע אנשויונגען און שטימונגען, וואָס האָבן אינעם דאָזיקן פּעריִאָד געהערשט צווישן דער ייִדישער רעוואָ־ליוציִאָנערער יוגנט, איז פּאָשעט קימאט ווי ניט מעגלעך, אז דער געדאנק וועגן ארויסגעבן א סאָציאַליסטישע צײַטשריפט אין ייִדיש זאָל בא דער אָדער יענער גרופּע אירער אנטשטיין זעלבשטענדיק. ביפראט נאָך אין פּעטערבורג, ווײַט פון די צענטרען מיט קאָמפּאקטע ייִדישע מאסן. עס איז דעריבער קלאָר, אז דאָ האָט געמוזט זײַן אוועלכע ניט איז ווירקונג פון דער זײַט. פארגלײַכן מיר כראָנאָלאָגיש אָט די ביידע פאקטן — יוני 1880 — יאנוואר 1881 — באקומען מיר א באשטימטן גרונט צו רעכענען, אז דער זשענעווער אופרוף איז געווען יענער סטימול פון דער זײַט, וואָס האָט באוועגט א גרופּע פּעטערבורגער ייִדן־סאָציאַליסטן אוועקשטעלן און פּראקטיש לייזן די פּראגע וועגן שאפן א סאָציאַליסטישע צײַטשריפט אין ייִדיש.

אזא האשאָרע האָט דער ערשטער ארויסגעזאָגט ר. קאנטאָר, וואָס האָט אויסגעפאָר־נען די „ארבייטער צײַטונג" און האָט זי אויספירלעך באשריבן [1], און דידאָזיקע האשאָרע לאָזט זיך פולקאָם אָנעמען.

די „ארבייטער צײַטונג" איז, ווי באוווּסט, די ערשטע רעוואָליוציִאָנער־סאָציאַליסטישע צײַטשריפט אין ייִדיש ניט בלויז אין רוסלאנד, נאָר אין דער גאָרער וועלט: ראדקינזאָנס קעניגסבערגער „קול לעם" (1876—1879) אפילע אין זײַן לעצטן פּעריִאָד, ווען עס האָבן אים פון צײַט צו צײַט אויסגענוצט מ. ווינטשעווסקי מיט זײַנע כאווערים, קאָן, פארשטייט זיך,

1) זע: Р. М. Кантор, „Arbeiter Zeitung". „Евр. Летопись". Вып. III. Лгр, 1925. Стр. 197—204

ניט אריינגענומען ווערן אין כעשבן—דער „סאָציאַליזם" אפילע פון ווינטשעווסקיס ארטיקלען איז געווען הויפטזאכלעך א „ביבליש־נעוויעשער", אָדער ער האָט זיך אויסגעדריקט אין נעפלהאפט־צעשוווּמענע רעמאָזים. דער אינטערעס, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די „ארבייטער צייטונג", איז דעריבער באזונדער גרויס. צום באדויערן אָבער, איז סיי וועגן דער אנטשטייונג פון דערדאָזיקער צייטשריפט, סיי וועגן אירע רעדאקטאָרן און מיטארבעטער, סיי וועגן איר פארשפרייטונג — קאָן מען נאָך דערווייל באשטימט קיין זאך ניט זאָגן.

באשטימט קאָן מען לעסאטע גאָרנישט ניט זאָגן אויך וועגן דעם, אף וויפל די „ארבייטער צייטונג" האָט באקומען א פארשפרייטונג אין די ראיאָנען מיט א קאָמפאקטער יידישער באפעלקערונג, פאר וועלכע זי איז אָן שום סאָפעק געווען באשטימט. עס איז נאָר באוווּסט, אז צוויי עקזעמפליארן פון איר האָט מען בעיס אן אונטערזוכונג געפונען אין גראָדנע [1]. אין מינסק, פארקערט, ווו אין די גענעבענע יאָרן זיינען געווען טעטיק רעוואָליוציאָנערע קרייזלעך, אין וועלכע עס איז געווען אריינגעצויגן א היפשע צאָל יידישע ארבעטער, האָט מען, ווי עס דערקלערט די אויבנדערמאָנטע י. הורוויטש, וועגן דער „ארבייטער צייטונג" אפילע ניט געהערט.

אין אונדזער רעשוס געפינט זיך ניט די עצעם צייטונג, נאָר א פינקטלעכע קאָפיע פון איר, וועלכע עס האָט געמאכט דער געוועזענער פארוואלטער פונעם לענינגראדער רעוואָליוציע־מוזיי, ד. מאכלין. דעם כ׳ מאכלין געהערט אויך די אויסערלעכע באשרייבונג פון דער צייטונג.

די „ארבייטער צייטונג" באשטייט פון 6 זייטן גרויסן פאָסט־פאָרמאט (24 · 21). דער טעקסט (אין צוויי שפאלטן) איז העקטאָגראפירט מיט פיאָלעט־טינט און ארומגערינגלט מיט א בלייך־רויטן רעמל. דאָס קעפל פון דער צייטונג איז געמאכט מיט גרויסע געדרוקטע (געצייכנט מיט דער האנט) אויסיעס. אין מיטן, איבערן קעפל, איז אָנגעגעבן „נומ. 1", און לינקס — די דאטע „15־טען יאנוואר 1881". אין טעקסט פון דער קאָפיע, איבערהויפּט אף דער ערשטער זייט, זיינען דורכגעלאָזן אסאך ווערטער, וועלכע זיינען, ווייזט אויס, אָפגעריבן אינעם אָריגינאל.

קימאט דער גאנצער אינהאלט פון דער „ארבייטער צייטונג", ווי עס דערווייזט ר. קאנטאָר מיט טעקסטועלע פארגלייכן פונעם לייט־ארטיקל און ערשטן אבזאץ פון דעם צווייטן ארטיקל, איז אן עטוואָס געענדערטע און פארקירצטע איבערזעצונג פונעם ערשטן נומער פון דער רוסישער „ראבאָטשאיא גאזעטא", וואָס איז דערשינען אין דעקאבער 1880, אונטער דער רעדאקציע פון א. אי. זשעליאבאָוו. די „ארבייטער צייטונג", האגאם עס איז ניט פעסטגעשטעלט, ווער עס האָט זי ארויסגעגעבן און רעדאגירט, קאָן, אף אזא אויפן, באשטימט אנערקענט ווערן פאר אן אָרגאן פון א גרופע יידן־„נאראָדנאָוואָלצעס". בא דער שיין פון די ביז איצטיקע פאָרשטעלונגען און הערשנדיקע מיינונגען וועגן דער באציונג פון די יידן־„נאראָדנאָוואָלצעס" צו דער ארבעט אין דער יידישער סוויווע און צו יידיש באקומט דערדאָזיקער פאקט א באזונדערן אינטערעס און באדייטונג.

דער אינהאלט פון דעם פאראנענעם נומער „ארבייטער צייטונג" באשטייט פון: 1) א טרויער־מיטיילונג וועגן דעם, אז אין דער פעטראָפּאוולאָווער פעסטונג איז אויסגעפירט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבער די „נאראָדנאָוואָלצעס" קוויאטקאָווסקי און פרעסניאקאָוו; 2) א לייטארטיקל, אונטערן קעפל: „פעטערסבורג דען 15 יאנוואר 1881" און 3) אן ארטיקל, אונטערן נאָמען: „פאן ארבייטערס לעבען".

דער לייטארטיקל פאָרמולירט אין קורצן און אין א פאָפולערער פאָרם די פראָגראם פון דער „נאראָדנאיא וואָליא". נאָך דעם, ווי עס ווערן דערקלערט די צילן און אופגאבן פון דער צייטונג — „צוא עפענען דיא אויגען פון אָרעמען אונגליקלעכען נאראד", ווערן פונקט נאָך פונקט אויסגערעכנט און פאָפולער קאָמענטירט אלע הויפט־פאָדערונגען, פאר

1) זע: Н. А. Бухбиндер. „Ист. евр. раб. дв.“ стр. 43

וועלכע עס קעמפט די „נאראָדנאיא וואָליא״, האגאם דער עצעם נאָמען פון דערדאָזיקער פארטיי פיגורירט אינערגעץ ניט אין דער צײַטונג.

ניט געקוקט אף דעם, וואָס די צײַטונג איז געווען באשטימט פאר א לייענער, וואָס איז נאָך לאכלוטן ניט אָנגערירט דורך רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישער פראָפּאגאנדע, פונ־דעסטוועגן האָט די רעדאקציע געפונען פאר מעגלעך גלײַך צו פארשארפן פאר אים אלע גרונט־פּאָדערונגען פון דער „נאראָדנאיא וואָליא״, ווי פארניכטן די צארישע זעלבסטהער־שונג און פארבײַטן זי מיט א פּאָלקס־פארטרעטונג, אָפּנעמען די ערד בא די פריצים און איבערגעבן זי דעם פאָלק, נאציאָנאליזירן די פאבריקן און ליקווידירן די שטענדיקע ארמײ.

די צײַטונג האָט, נאטירלעך, אין זינען דערהויפּט, אויב ניט אויסשליסלעך, דעם שטאָ־טישן האָרעפּאשניק, און דעריבער שטעלט זיך אָפּ דער לייטארטיקל מער אויספירלעך אף דער עקספּלואטאציע פון די ארבעטער דורך די פאבריקאנטן און שטרײַכט דערבײַ אונטער, אז דער קייסער און זײַנע באאמטע שטייען שטענדיק פאר די קאפּיטאליסטן און העלפן זיי אונטערצודריקן און עקספּלואטירן די ארבעטנדיקע מאסן.

דער לייטארטיקל פארענדיקט זיך מיט א הייסן רוף צו די ארבעטער צערײַסן די קייטן, עפענען די אויגן זייערע ברידער און דערקלערן זיי, אז ס׳איז פאראן א וועג, וואָס וועט באפרײַען זיי און זייערע קומענדיקע דורות פון קנעכטשאפט און אָרעמקײַט.

...„גייא, ווער ניט שוואך אין דיין שטרייט, האב ניט קיין מורא; וואס דו וועסט זיך מעהר סטארען, וועט אויף דיין זייט שטארקער ווערין, און דער שונא וועט פאלען ביי דיר אונטער דיא פיס. און ווען אפילו דו וועסט אריין פאלען צום שונא, וועסטו אלץ ווי־סען, אז דוא שטארבסט מיטין שווערד פון ווארהייט און פרייהייט אין דיא הענד פאר דיינע ברידער און קינדער, דיינע קינדס קינדער וועלין דיר האבען צוא דערמאנען אויף אייביק אז דוא האסט אוועקגילייגט דיין לעבען פיר פרייהייט און ווארהייט״ 1).

דער צווייטער ארטיקל „פאן ארבייטערס לעבען״ פארנעמט זיך אויך אויסשליסלעך מיט אגיטאציע און אנטהאלט ניט לאכלוטן קיין קאָנקרעטע פאקטן, ווי מע וואָלט דאָס גע־קאָנט דערוואַרטן, אורטיילנדיק לויט זײַן נאָמען.

דערדאָזיקער ארטיקל הייבט זיך אָן פון א פארגלײַך צווישן לעבן אף דער ערד, ווען עס זײַנען נאָך ניט געווען קײַן קייסאָרים, באאמטע, פריצים, פאבריקאנטן און סאָכרים, מיט די לעבנס־באדינגונגען בא דער צאריסטיש־קאפּיטאליסטישער אָרדענונג. בוילעט און פארביק שילדערט דער ארטיקל די אָרעמקײַט און ליידן פון די פיל צענדליקער מיליאָנען האָרע־פּאשניקעס, און צוגלײַך מיט דעם — דאָס רײַכע, זאָרגלאָזע לעבן פון די עקספּלואטאטאָרן און אונטערדריקער, וואָס עס קומען זיי צו הילף, פון איין זײַט, די זעלבסטהערשנדיקע רע־גירונג מיט אירע געזעצן, און, פון דער צווייטער, די קלייקוידעש, וואָס שרעקן די אָפּ־געשטאנענע מאסן מיט גענעם און אנדערע שטראָפן פון גאָט, אויב מע וועט ניט זײַן געהאָרכזאם און ניט אויספילן דעם ווילן פון די הערשער. ניט אייביק וועט אָבער דאָס פאָלק געדולדיק שווײַגן און לײַדן. די אלע, וואָס ווילן ניט שטארבן פון הונגער און איבערלאָזן זייערע קינדער פארשקלאפט, וועלן זיך אופהייבן, און דענסטמאָל וועט מען פּאָ־טער ווערן פון אלע צאָרעס, „ווארעם דער שווערד פון אמת מוז צוא ברעכען אונזערע שונאים חאך זיי בעהאלטען זיך אונטער דיא פלייצעס פון דיא טשערקעסין, נאָר זיי ווע־לען פון אונז ניט אנטלויפען!... א טויט וועט זײַן דעם וואָס וועט אונז פערשטעלין דיא וועג!״...

דערדאָזיקער ארטיקל, און מיט אים צוזאמען דער גאנצער נומער, פארענדיקט זיך מיט דער פּאָלגנדיקער דעקלאראטיווער דערקלערונג, וואָס איז, ווײַזט אויס, געווען ספּעציעל באשטימט פאר די ייִדישע ארבעטער:

1) זע בײַלאגע נ. 2.

„בייא אונז איז אזויא: ניט קוקענדיק ווער פון וועלכער רעליגיאן און פון וועלכער פאָלק איז, גיבען מיר זיך איינער דעם אנדערען דיא הענד און אונזער דעוויז איז: איינער פיר אללע און אללע פיר איינעם!" 1).

לויט איר אינהאלט איז די „ארבייטער צײַטונג", אף אזא אויפן, געווען אן עמעסע רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישע צײַטשריפט. זי האָט די ערשטע פאנאנדערגעוויקלט פאר די ייִדישע אַרבעטער די פּראָגראַם פון דער קעמפּפערישער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי פון יענער צײַט, קלאָר פאַרמולירט די איקערדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אופגאבן פון דער רעוואָליוציִע, ווי עס האָט זיי פארשטאנען די „נאראָדנאיא וואָליא", אופגעדעקט דעם קלאסן־מעהוס פונעם צאריזם און דער רעליגיִע און אונטערגעשטראָכן דעם אינטערנאציאָנאלן כאַראַקטער פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. דאָ דארף אויך פארצייכנט ווערן דער כאַראַקטעריסטישער פאקט, וואָס אינעם גאנצן נומער ווערט לאכלוטן ניט באַרירט די א. ג. ייִדן־פראגע, ווי אויך די נאציאָנאלע פראגע ביכלאל; אפילע צוליב אגיטאציִע־צוועקן איז דער רעדאקציִע ניט אײַנגעפאלן אונטערצושטרײַכן די באזונדערע רעכטלאָזיקײַט פון די ייִדישע מאסן אין צארישן רוסלאנד. דאָס איז גאנץ כאראקטעריסטיש פאר די שטימונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט צווישן די ייִדן־„נאראָדאָוואָלצעס".

לויט איר כאראקטער איז די „ארבייטער צײַטונג" געווען א פּאָפּולערער קאמפּף־אָרגאן, צוטריטלעך פאר יענע שיכטן ייִדישע ארבעטער, פאר וועלכע ער איז געווען באשטימט.

עס איז אויך נייטיק אונטערצושטרײַכן די פארהעלטנישמעסיק גוטע ייִדישע שפּראך פון דער „ארבייטער צײַטונג". אין אָט דער הינזיכט איז די לאגע פון אירע רעדאקטאָרן און מיטארבעטער, אלס פּיאָנערן פון דער פּאָליטישער פרעסע אין ייִדיש, געווען בעעמעס אן אויסשליסלעך שווערע. נאָך מער איז די לאגע פארשוועריקט געוואָרן איבער דעם, וואָס דעם גאנצן מאטעריאל פאר דער צײַטונג איז אויסגעקומען איבערצוזעצן פון רוסיש. און ניט געקוקט אף דעם אלעמען, איז די שפּראך פון דער „ארבייטער צײַטונג" אין אלגעמיין א לײַכטע און לעבעדיקע. זי איז זייער נאָענט צום ייִדיש, אף וועלכן מע האָט דעמאָלט גערעדט, זי איז אויך ניט צופיל איבערגעלאָדן מיט רוסיציזמען, ווי מע וואָלט דאָס געקענט דערווארטן פאר יענער צײַט. פארהעלטנישמעסיק זעלטן באגעגענען זיך אויך שווערוואָגיקע גערמאניזמען, פון וועלכע עס האָט אזוי שטארק געליטן די ייִדישע ארבע־טער־פרעסע סאָף די 90־ער און אָנהייב די 900־ער יאָרן. העברעיִזמען באגעגענען זיך קימאט אויסשליסלעך אזעלכע, וואָס זײַנען שוין פעסט ארײַן און זיך אײַנגעפונדעוועט אין דער לעבעדיקער שפּראך פון די מאסן.

די „ארבייטער צײַטונג" פון דער אומבאקאנטער גרופּע ייִדן־„נאראָדאָוואָלצעס", וואָס האָט אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון דער פּראָלעטארישער פרעסע אין ייִדיש, האָט גע־עפנט איר געשיכטע מיט א פארביק און רומפול בלעטל.

## IV

## די געשריבענע און העקטאָגראפישע צײַטשריפטן פון די 90־ער יאָרן.

אין מעשעך פון די נאָענטסטע 10—12 יאָר, נאָכן דערשײַנען פון דער „ארבייטער צײַטונג", איז אין רוסלאנד, אף וויפל ס'איז באוווסט, ניט געמאכט געוואָרן קיין איין פּרווו פאַר־צוזעצן די ארבעט, וואָס ס'האָט אָנגעהויבן די אומבאקאנטע גרופּע ייִדן־„נאראָדאָוואָלצעס". (דאָס „פּוילישע יודל" פון 1884 יאָר איז ארויס אין לאָנדאָן). אין די רעוואָליוציאָנער־סאָ־ציאַליסטישע קרײַזלעך, וואָס האָבן אינעם דאָזיקן פעריאָד ספּאָראדיש פונקציאָנירט אין ליטע און ווײַסרוסלאנד, איז די דאָזיקע פראגע אפילע ניט געשטאנען. און דאָס איז גאנץ

1) Ibidem

פארשטענדלעך. די אָרגאניזאטאָרן און אָנפירער פון דידאָזיקע קרײַזלעך האָבן געהאַלטן פאר זייער הויפּט־אופגאבע די צוגרייטונג פון פּראָפּאגאנדיסטן פאר דער ארבעט אין דער ניט־יידישער סוויווע. די ארבעטער, וואָס זײַנען געווען ארײַנגעצויגן אין די קרײַזלעך, האָבן אויך געשטרעבט דעריקער צו בילדונג, און פאר דעם איז דאָך געווען נייטיק אין דער ערשטער ריי באהערשן די רוסישע שפראך, באקומען א צוטריט צום רוסישן בוך. ס'איז דאָך געוו׳ס ניט קיין צופאל, וואָס די מינסקער און ווילנער קרײַזלעך פון די אכציקער יאָרן פלעגן אָנהייבן זייער ארבעט פון אויסלערנען די ארבעטער לייענען און שרײַבן רוסיש. „אונדזער הויפּט־ציל — דערציילט אין זײַנע זיכרוינעס כאוו. צ. קאָפּעלזאָן (טימאָפּיי), וועלכער איז געווען טעטיק אין די ערשטע ווילנער קרײַזן — איז דאן געווען דורך די ארבעטער־קרײַזלעך אויסבילדן אזוינע אינטעליגענטן, ווי מיר זײַנען אליין. און אונדזער פּראָפּאגאנדע האָט דעריבער געטראָגן א כא־אקטער פון קולטור־ארבעט... אונדזערע קרײַזלעך זײַנען געווען קליינע בילדונג־פאריינען, ווו מע פלעגט לערנען רוסישע „גראמאָטע״, נאטורוויסנשאפט, געשיכטע א. א. וו.״ [1]). אין אָט דעם פּעריִאָד האָט די פראגע וועגן שאפן א סאָציִאליסטישע פרעסע און ליטעראטור אין יידיש, אף אזא אויפן, נאטירלעך, ניט געקאָנט אנטשטיין.

די באדערפעניש אין סאָציִאליסטישער ליטעראטור אין יידיש האָט זיך אָנגעהויבן פילן ערשט סאָף די אכציקער יאָרן, ווען ס'האָבן זיך אָרגאניזירט די ערשטע ארבעטער־קאסעס און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער עקאָנאָמישער קאמף. „נאָך מער בוילעט — לייענען מיר ווײַטער אין די ציטירטע זיכרוינעס פון קאָפּעלזאָנען — האָט זיך ארויסגעוויזן די אומעגלעכקײַט אויסצוקומען אָן דער יידישער שפראך אין דער ריין עקאָנאָמישער אגיטאציִע, וועלכע מיר האָבן דאן שוין אָנגעפאנגען צו פירן. אין 1888 יאָר האָבן שוין אין ווילנע עקזיסטירט אייניקע ארבעטער לײַ־קאסעס: צווישן דרוקער־ארבעטער, זאָקן־מאכערקעס, שנײַדערקעס, שלאָסער און אייניקע אנדערע פאכן... ווו נאָר אונדזער ארבעט פלעגט אָנעמען א מער אָדער ווייניקער מאסן־כאראקטער, פלעגט זי זיך מוזן פירן אף יידיש״ [2]).

די ערשטע סאָציִאליסטישע ליטעראטור אין יידיש, וואָס די ווילנער יידישע ארבעטער האָבן באקומען, איז געווען פ. דיקשטיינס בראָשור „פון וואָס איינער לעבט״ אין ש. ראבינאָוויטשעס איבערזעצונג, וואָס די פּוילישע סאָציִאליסטישע פּארטיי „פּראָלעטאריִאט״ האָט אין 1889 ארויסגעגעבן אין אויסלאנד. צופעליק פלעגן פון צײַט צו צײַט ארײַנפאלן אויך אייניקע לאָנדאָנער סאָציִאליסטישע אויסגאבעס.

אין דער ערשטער העלפט פון די נײַנציקער יאָרן, נאָכן איבערגיין פון קרײַזל־פּראָפּאגאנדע צו מאסאָווער אגיטאציִע, האָט זיך די באדערפעניש אין סאָציִאליסטישער ליטעראטור אין יידיש, נאטירלעך, נאָך מער פארשארפט און, קעדיי זי צו באפרידיקן, האָט מען אין 1893 יאָר אָנגעהויבן איבערזעצן פון רוסיש און איבערשרײַבן מיט דער האנט אין 2—3 עקזעמפּליארן ארטיקלען און בראָשורן (וועגן ארבעטס־טאָג, קאָנקורענץ, וועגן אגיטאציִע, בריוו צו אגיטאטאָרן און אנד.). אין 1895 יאָר, נאָכדעם ווי יוזעף פּילסודסקי האָט ספּעציִעל פאר די ווילנער יידישע סאָציִאל־דעמאָקראטן געבראכט פון אויסלאנד א מימעאָגראף, האָט מען דאָ אָנגעהויבן ארויסלאָזן אין א היפשער צאָל עקזעמפּליארן (ביז 300) העקטאָגראפירטע בראָשורן: „דער ארבעטס־טאָג״ (פּאטי־קרעמער), „וואָס דארף וויסן און געדענקען יעדער ארבעטער״, „וועגן שכירות״ (לנר־גאזשאנסקי), „דער ווילנער שטאָדט־מגיד״ (גאזשאנסקי) און „א ויכוח איבערן מזל״ [3]).

---

[1]) צ. קאָפּעלזאָן: „די ערשטע שפּראָצונגען״ (זיכרוינעס פון די יאָרן 1887—1890). „ארבעטער לוח״, ווארשע, 1922 זײַט. 65.

[2]) דאָרט, ז. 66.

[3]) „25 יאָר״. זאמלבוך. פארלאג „די וועלט״, ווארשע, 1922, ז. 112.

דידאַקטיקע ליטעראַטור, צוזאַמען מיט דער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציִע, וואָס ס'האָט זיך געפירט רעגולער אין די קרײַזלעך און אויף די פאַרזאַמלונגען פון די קאַסע־מיטגלידער, האָט צוביסלעך דערוועקט בײַ די אַרײַנגעצויגענע אין דער באַוועגונג אַרבעטער אַן אַקטיוון אינטערעס צום פּאָליטישן לעבן, און באַזונדער צום פּראָלעטאַרישן קאַמף אין רוסלאַנד און צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג, ד. ה. צוביסלעך איז צוגעגרייט געוואָרן אַ באָדן און ס'האָט זיך פאַרשאַרפט די באַדערפעניש אין אַ פּעריאָדישן פּרעסע־אָרגאַן אין ייִדיש.

פּראַקטיש איז די פראַגע וועגן באַפרידיקן דידאַקטיקע רײַף געוואָרענע באַדערפעניש געלייזט געוואָרן אין סאָף פון דער ערשטער העלפט פון די נײַנציקער יאָרן נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך פאַרענדיקט דער קאַמף מיט דער „אָפּאָזיציִע“ און ס'איז דורכגעפירט געוואָרן דער איבערגאַנג צו מאַסאָווער אַרבעט.

די ערשטע פּעריאָדישע אויסגאַבע אין ייִדיש, וואָס איז אַנטשטאַנען אויפן באָדן פון די אויסגעוואָקסענע באַדערפענישן פון דער מאַסאָווער באַוועגונג, איז געווען דאָס געשריבענע בלעטל „נייעס פון רוסלאַנד“, וואָס איז דערשינען אין ווילנע אין 1894 [1].

דאָסדאָזיקע בלעטל האָט זיך אונדז ניט אײַנגעגעבן צו זען און וועגן זײַן אויסער־לעכן אויסזען, כאַראַקטער און אינהאַלט קאָנען מיר מיטיילן בלויז די קורצע און צופעליקע ידיעס, וואָס זײַנען וועגן דעם פאַראַן אין דער ליטעראַטור.

„נייעס פון רוסלאַנד“ — דערציילט א. ג. אין „אַרבייטער שטימע“ נום. 25 — איז ניט געווען קיין אָרגאַן פון וועלכער ניט איז אָרגאַניזאַציִע. ס'איז געווען אַן אונ־טערנעמונג פון איין פּערזאָן. דאָס בלעטל איז באַשטאַנען בלויז פון איין בויגן שרײַב־פּאַפּיר. דאָס בלעטל פלעגט ברענגען פון די צײַטונגען נײַס, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַן אינטערעס פאַר די אַרבעטער און זײַנען פאַר זיי צוטריטלעך. לויטן טאָן און דער באַ־לויכטונג איז די אויסגאַבע געווען ניט פון קיין הויכער מאַדרייגע (невысокого пошиба), זי האָט זיך צוגעפּאַסט צום געשמאַק פון די סאַמע דורכשניטלעכע אַרבעטער — און פונ־דעסטוועגן האָט דאָס בלעטל געהאַט אַ דערפאָלג“ [2].

לויטן וואַרשעווער בונדישן זאַמלבוך „25 יאָר“, האָבן זיך אין דער רעדאַקציִע פון דעם בלעטל באַטייליקט: שוועק, אַלעקסאַנדער קרעמער און מ. טאָביאַש; דאָס בלעטל איז דערשינען וואָכנטלעך, בעסאַכאַקל זײַנען אַרויס 5 נומערן [3].

אי. אײַזענשטאַט־יודין האָט אַמאָל דערציילט [4], אַז אויך ער האָט זיך באַטייליקט אין צוזאַמענשטעלן און אַרויסגעבן די „נײַעס פון רוסלאַנד“. דאָס בלעטל האָט מען צוזאַ-מענגעשטעלט אויסשליסלעך לויט דער לעגאַלער רוסישער פּרעסע, דעריקער לויט דער ליבעראַלער צײַטונג „רוסקיִא וועדאָמאָסטי“, פון וועלכער מע פלעגט אַרויסנעמען הויפּט־זאַכלעך אַלגעמיינע פּאָליטישע נײַס און אינפאָרמאַציִע פונעם אַרבעטער־לעבן, וואָס איז צופעליק פון צײַט צו צײַט אַרײַנגעפאַלן אין דערדאָזיקער צײַטונג.

[1] ד. מאַכלין אין יובילייַ-נומער „גאָלאָס בונדאַ“ (1917, נום. 6) פאַרצייכנט דאָסדאָזיקע בלעטל אונטערן יאָר 1896 און רופט עס אָן „וואָס הערט זיך אין רוסלאַנד?“ מיר מיינען, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן דיזעלביקע „נײַעס פון רוסלאַנד“, דעם נאָמען פון וועלכן ד. מאַכלין האָט, ווײַזט אויס, איבערגעזעצט פון רוסישן „Что слышно в России“, ווי אָט דאָס בלעטל איז אָנגערופן אין דער רוסישער אויסגאַבע פונעם יובילייַ-נומער „אַרבייטער שטימע“ (1901, נום. 25). דער פאַקט, אַז די ערשטע געשריבענע פּעריאָדישע אויסגאַבע אין ייִדיש איז דערשינען אין 1894 ווערט באַשטעטיקט דורך דער „כראָניק“ פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אינעם דערמאָנטן וואַרשעווער זאַמלבוך „25 יאָר“. קיין אויסגאַבע אונטערן נאָמען „וואָס הערט זיך אין רוסלאַנד“ ווערט ניט דערמאָנט ניט אין אָט דער „כראָניק“, ניט אינעם וואַרשעווער „אַרבעטער-לוח“, ניט אין אַ ריי אַנדערע קוואַלן.

[2] „אַרבייטער שטימע“ (רוסישע אויסגאַבע), 1901, נום. 25, ז. 13.

[3] „25 יאָר“. ז. 113.

[4] האַרבסט 1917, אויף אַ באַנקעט אין מינסק.

„נײַעס פון רוססלאנד“, ווי די געשריבענע בראָשורן, פלעגן איבערגעשריבן ווערן ניט מער ווי אין 3—5 עקז. דידאָזיקע אויסגאבע האָט, הייסט עס, אפילו אין די באדינגונגען פון יענער צײַט ניט געקאָנט באקומען קיין וויפל ניט איז ברייטע פארשפרייטונג. פונדעסט־וועגן האָט אויך דאָסדאָזיקע בלעטל, וואָס האָט א געוויסע צײַט אינפאָרמירט די אָקאָרשט אופגעוואכטע צום פּאָליטישן לעבן יידישע ארבעטער וועגן די גרונט־פאקטן פון דער רוסי־שער פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכער ווירקלעכקײַט, אָן שום ספק געהאט א באשטימטע באַ־דײַטונג און געבראכט געוויסע נוצן דער באוועגונג. דאָס בלעטל האָט אויך פארשטארקט בא זײַנע לייענער דעם אינטערעס צום פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן פון לאנד און דערמיט פארשארפט בא זיי די באדערפעניש אין א פרעסע־אָרגאן.

אלס דירעקטער באווײַז ווי שטארק עס איז פאר אָט דער צײַט אויסגעוואַקסן די באַ־דערפעניש אין א רעגולערער צײַטשריפט, קאָן דינען דער פאַקט, אז אף דער א. ג. „מינסקער קאָנפערענץ“ (יוני 1895) איז, צווישן אנדערש, אויך באהאנדלט געוואָרן די פראגע „וועגן ארויסגעבן אן אלגעמיינעם אָרגאן, וואָס זאָל באלויכטן די וויכטיק־סטע געשעענישן פון דער ארבעטער־באוועגונג אין רוסלאנד און אין אויסלאנד“, וועגן וואָס עס דערציילט אין זײַנע זיכרוינעס איינער פון די אנטיילנעמער פון דערדאָזיקער קאָנפערענץ, מ. דושקאן.

אגעוו, דער/זעלביקער מ. דושקאן דערציילט אויך, אז אין מינסק איז דענסטמאָל (1895) שוין דערשינען א העקטאָגראפירטע פּעריאָדישע אויסגאבע „מינסקער פלוגבלאט“. אין די ליטערארישע קוואלן, וואָס זײַנען אונדז באקאנט, ווערט אזא אויסגאבע אינערגעץ ניט דערמאָנט. ס'איז דעריבער ניט אויסגעשלאָסן, אז מ. דושקאן מיינט עס דאָס העקטאָגרא־פירטע „ארבייטער בלעטעל“, וואָס איז דערשינען אין מינסק אָנהייב 1897 [1]).

די ערשטע צוויי נומערן פון דערדאָזיקער אויסגאבע האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן צו זעען. דער ערשטער נומער איז ארויס דעם 14־טן מארט 1897, און ער איז באשטאנען פון 11 זײַטן, פאָרמאט 22 × 17, אף דער ערשטער זײַט איז דער טעקסט העקטאָגראפירט אין איין שפאלט, אף די איבעריקע — אין צוויי. וועמעס אָרגאן ס'איז דאָס „ארבייטער בלעטעל“, אָדער ווער האָט עס ארויסגעגעבן, איז ניט אָנגעוויזן. ס'איז דעריבער מעגלעך, אז אויך דאָס „ארבייטער בלעטעל“, ווי „נײַעס פון רוססלאנד“, האָט אָפּיציעל ארויסגעגעבן ניט אן אָרגאניזאציע, נאָר אוועלכע ניט איז גרופּע אָרטיקע טוער. נאָך דער דאטע־באצייכענונג פונעם נומער און דעם נאָמען פון בלאט קומט דער לאָזונג: „ארבייטער אללער לאֶנדער פערײיניגט אייך!“ בעסאכאַקל זײַנען פון „ארבייטער בלעטעל“ דערשינען 9 נומערן, צו 50־80 עקז. א טייל פונעם טיראזש איז פארשפרייט געוואָרן אויך אויסער מינסק: א געוויסע צאָל עקזעמפּליארן פלעגט דערגיין אויך אין ווילנע, און אפילו אין ווארשע.

דער ערשטער נומער פון „א. ב.“ איז צונויפגעשטעלט פארהעלטניסמעסיק גאנץ פאר־שיידנארטיק. דער לייטארטיקל דערקלערט אין קורצן די סיבעס, וואָס האָבן ארויסגערופן צום לעבן די אויסגאבע און פאָרמולירט אין אלגעמיינע שטריכן אירע אופגאבן.

„פון דער צײַט — לייענען מיר אין אָט דעם פּראָגראם־ארטיקל — זינט אין דיא אידישע שטעדט האָט זיך אָנגעהייבען א ארבייטער בעוועגונג, פון דער צײַט זינט צו דיא אין צוויי־ענדיק פערקנעכטעטע אידעשע ארבייטער אין רוסלאנד האָט דערגרייכט דער פרײַער אויס־רוף פון דעם קעמפּפענדען אייראָפּייאישען פּראָלעטאריאט: „ארבייטער אללער לאֶנדער פערײיניגט אייך!“ — פון דער צײַט אָן האָט זיך בייא דעם ארבייטער, וועלכער נעהמט א אנטהייל אין דער בעוועגונג, דערוועגט א פארלאנגען צו וויססען וואָס עס טהוט זיך אויף

[1]) די זיכרוינעס פון מ. דושקאן דרוקן זיך אינעם זאמלבוך פון דער ייִדסעקציִע בא דער געזעלשאפט פון די געוועזענע פּאָליטקאַטאָרזשאנעס. וועגן דעם, אז אף דער „מינסקער קאָנפערענץ“ איז באהאנדלט געוואָרן די פראגע וועגן ארויסגעבן א פּעריאָדישן פרעסע־אָרגאן ווערט דערמאָנט אויך אינעם ווארשעווער „ארבעטער־לוח“ פאר 1922, ז. 101.

דער ווייסער וועלט, וויא עס לעבט אומעטהום דער אונטערדריקטער ארבייטער, ווי קעמפט ער פיר זיין בעפרייאונג, צו פערשטעהן דיא פערבינדונג, וועלכע עס עקזיסטירט צווישען איהם און דער געזעלשאפט אין אלגעמיין, און איבערהויפט צווישען זיין טהון און דער ארבייטער בעוועגונג אין כלל. צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון דער בעוועגונג האָט זיך אויך ענטוויקלט דיא סאָזנאניע פון דער ארבייטער מאססע, און דיא בעדערפניס ארויס צו גיין פון דיא אייגענע ד׳ אמות פון דעם אייגענעם פינסטערען לעבען איז געוואָרען אלץ שטארקער און שטארקער. און דיא בעדערפניס איז טאקע זייער א נאטירליכע און ריכ־טיגע. אום איהר צו בעפרידיגען וועלין מיר פרובען מיט דיא בלעטלעך. בעשרייבענדיג אלץ וואָס דעם סאָזנאטעלען ארבייטער קען אינטערעסירען און דאָס, וואָס עס פאסירט אין פערשידענע מדינות און אין אונזער בריימען רוססלאנד, שילדערענדיג דאָס לעבען פון דיא אונטערדריקטע, און וויא דיא אונטערדריקער בענוצען זייער קראפט אום פאָליטיש און עקאָנאָמיש צו פערקנעכטען דיא ארבייטער מאססע — האָפפען מיר צו ענטוויקלען דיא סאָז-נאניע פון די ארבייטער, מאכען זיי בעקאנט מיט אלץ, וואָס עס האָט א שייכות צו זייי־ערע אינטערעסען, זייא מעגליכסט קלאָר צו מאכען זייער פּאָלאָזשעניע אין דער וועלט און דעם וויכטיגען זין, וועלכען עס האָט בייא איצטיגער צייט זייער פעראייניגונג און זייער שטרייט. און ווען אונז וועט זיך איינגעבען דאמיט חאָך איין פונק ליכטיגקייט ארייננוואר־פען אין דעם פינסטערען ארבייטער־לעבען — וועט אונזער ציעל זיין דערגרייכט״.

מיר האָבן מיט א קיוון געבראכט דעם גאנצן פּראָגראַם־אַרטיקל וואָרט בא וואָרט, ווײַל ער איז, ווי אונדז דוכט, ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַרן אינהאַלט, סטיל און טאָן פון דער אָנפאַנגלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אגיטאַציע צווישן די ייִדישע אַרבע־טער אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד. ניט דער גרונט־ציל פונעם פּראָלעטאַרישן קאַמף — די פאַרניכטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און די פאַרווירקלעכונג פונעם סאָציאַליזם — ניט די נאָענטסטע פּאָליטישע אויפגאַבע פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד — די ליקווידאַציע פון דער צאַרישער זעלבסטהערשונג — ווערן אינעם פּראָגראַם־אַרטיקל אפילו ניט דערמאָנט. אומזיסט איז אין אים אויך צו זוכן אפילו די סאַמע עלעמענטאַרע מאָמענטן פון דער סאָציאַליסטישער אגיטאַציע, ווי קלאַסן־באַוווּסטזײַן, עקספּלואַטאַציע, בורזשואַזיע, קלאַסנקאַמף א. ד. גל. אנשטאָט די קלאָרע און בוילעטע רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישע לאָזונגען און פאָדערונגען אין דער „אַרבייטער צײַטונג״ פון די יידן־„נאַראָדאָוואָלצעס״, האָבן מיר אינעם „אַרבייטער בלעטעל״ פון די ערעוו־בונדיסטן אזעלכע בלייך־נעפּלהאַפטע, קלאַסן־אינהאַלטלאָזע פאָרמולירונגען, ווי „ענטוויקלען די סאָזנאַניע״, „קלאָר מאכען די פּאָלאָ־זשעניע״ א. א. וו. דער פּראָגראַם־אַרטיקל אינעם מינסקער „אַרבייטער בלעטעל״ איז א בעפּיירעשער אויסדרוק פון די עקאָנאָמיסטיש־אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן, וואָס כאַראַקטע־ריזירן דעם בונדיזם שוין אין זײַן אָנפאַנגלעכער אנטוויקלונג־סטאַדיע און אפילו נאָך איידער ער איז אָרגאַניזאַציאָנעל אויסגעפורעמט געוואָרן.

אכוץ דעם פּראָגראַם־אַרטיקל, געפינען מיר אין ערשטן נומער פונעם „אַרבייטער בלעטעל״ א גאנץ רײַכע און פאַרשיידנאַרטיקע אינפאָרמאַציע וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע און די אַרבעט־באַדינגונגען פון די מאָסקווער און פּעטערבורגער אַרבעטער, דער שווערער לאַגע פון די לערן־ייִנגלעך אין וויטעבסק, וועגן אײַנפירן אַרבעט־ביכלעך אין די אופּימער אײַזנבאַן־וואַרשטאַטן, זעלבסטמאָרד פון דער פּאָליטישער אַרעסטירטער וועטראָוואַ, וואָס דער פּראָקוראָר האָט זי פאַרגוואַלדיקט, און אַרעסט פון די 200 סטודענטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין א רעוואָליוציאָנערער האַזקאָרע נאָך איר, אַרעסטן אין ווילנע א. א.

באַזונדער דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די קאָמענטאַרן, מיט וועלכע די רעדאַקציע באַ־גלייט די אינפאָרמאַטיווע מיטיילונג וועגן ייִדישן פּאַגראָם אין שפּאָלע (געוו. קיִעווער גוב.). „הערענדיג די „מעשה״ — באַמערקט די רעדאַקציע — וועט א אידישער גביר אוואדע מנדב זיין פאר דיא אומגליקליכע שפּאָלער אידען א פּאָר זיפצען, אין צוגאָב אפשר א קארב; א אידעשער רב וועט גוזר תּענית זײַן; גלאט א פרומער איד וועט א איבעריגען מאָל דיא

אויגען צו גאָט פערגלאָצען. אָבער פאר אונז אידעשע ארבייטער דארף דאָס דינען פאר א איבעריגען בעווייז, וויא שטארק עס איז נאָך אין רוססלאנד דיא הערשאפט פון פינסטער־ניס און אונוויסנהײַט און וויא נייטיק עס איז צו פיהרען א מוטהיגען שטרייט פאר פריי־הייט און ליכטיגקייט".

אינעם נומער זײַנען אויך פאראן צוויי אינפאָרמאטיווע ארטיקלען וועגן לעבן פון די ארבעטער אין אויסלאנד: „ווילהעלם דער 2־טער און דיא סאָציאַל־דעמאָקראטען" און „דער צווייטער קאָנגרעס פון דיא ארבייטער־פעראיינען אין אויסטרייך".

דער צווייטער נומער „ארבייטער בלעטעל" איז ארויס דעם 20־טן מארט 1897. אין אים איז ווייניקער אינערלעכע אינפאָרמאציע, דערפאר אָבער איז ער באַדײַטנדיק רײַכער אין ארטיקלען, און דאָס וויכטיקסטע — זיי ריידן שוין מער קלאָר און אָפן וועגן דער נייטיקײַט צוצושטיין צום קאמף, שטרײַכן אונטער די פארבינדונג, וואָס עקזיסטירט צווישן דער רעגירונג מיט די קאפיטאליסטן א. א. וו.

דער לייטארטיקל איז געווידמעט דעם יערלעכן רעוואָליוציאָנערן יאָנטעוו פונעם 1־טן מארט — דעם יאָרטאָג פון אלעקסאנדער דעם צווייטנס קעפונג דורך די „נאראָדאָוואָלצעס". דער ארטיקל גיט א קורצן איבערזיכט פון דעם, ווי אזוי ס׳איז דורכגעגאנגען דער לעצטער 1־טער מארט, פירט אונטער א סאכאקל פונעם קאמף, פארצייכנט דעם וווּקס פונעם באַוווסטזײַן בא די ארבעטער־מאסן און רופט די ייִדישע ארבעטער צושטיין צום קאמף. דער צווייטער ארטיקל — „קאפיטאליזמוס, פראוויטעלסטווע און פאָלקס־בילדונג" — דערקלערט די עמעסע סיבעס, פארוואָס די צארישע רעגירונג האָט ניט דערלויבט דער פעטערבורגער טעכנישער געזעלשאפט צו אָרגאניזירן בילדונג פאר לערן־ייִנגלעך. דער דריטער — „וועגן פאבריצנע קראָמען" — דערווײַזט, אז די לעצטע שטעלן מיט זיך פאר א נײַעם מיטל אף צו עקספלואטירן די ארבעטער.

אינעם נומער איז פאראן נאָך אינפאָרמאציע וועגן אומגליק־פאלן בא דער ארבעט, אן ארטיקל וועגן שטרײַק פון די שווייצארישע טראנספּאָטלער און א גרעסערע נאָטיץ וועגן קאמף פון דער באפעלקערונג פונעם אינזל קריט קעגן דער טערקישער דעספּאָטיע.

צום סאָף איז נאָך קעדײַ צו פארצייכענען, אז אינעם „ארבייטער בלעטעל" (ווייניקסטנס אין די ערשטע צוויי נומערן) ווערט לאכלוטן ניט באריט די נאציאָנאלע פראגע און די ספּעציפישע לאגע פון די ייִדן אין רוסלאנד. פאר דער אָרגאניזאציאָנעלער אויספורעמונג פונעם „בונד" זײַנען די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראטישע גרופּעס נאָך ניט געווען אזוי באַ־הערשט פון נאציאָנאלער באגרענעצטקײַט.

דאָס „ארבייטער בלעטעל" איז, ווי עס זעט אויס, ארויסגעגאנגען ביז עס האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען די „ארבייטער שטימע".

* * *

א לאנגן און געשלענגלטן וועג האָט דורכגעמאכט די סאָציאַליסטישע פרעסע אין ייִדיש פונעם ערשטן ניט זיכערן פּרווו צו שטעלן די פראגע וועגן באנוצן זיך מיט דער שפּראך פון די מאסן פאר פּראָפּאגאנדע־צוועקן סאָף די 70־ער יאָרן ביז אירע ערשטע פעסטע טריט אפן ברייטן שליאך פון דער מאסאָווער באוועגונג. ס׳איז פּונקט אזא וועג, ווי עס האָט דורכגעמאכט די גאנצע רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישע באוועגונג אין דער ייִדי־שער סוויווע, אָנהייבנדיק פון די ערשטע אינטעליגענטישע קרײַזלעך ביז די מאסאָווע אָרגאניזאציעס, וואָס האָבן פארייניקט און אָנגעפירט מיטן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאמף פון טויזנטער ייִדישע ארבעטער אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון ליטע און ווײַסרוסלאנד.

אנטשטאנען אינעם רעזולטאט פון דעם, וואָס א קליין הײַפל סאָציאַליסטישע אינטע־ליגענץ איז געקומען צום באַוווסטזײַן, אז עס איז נייטיק ארײַנצוציִען אין רעוואָליוציאָנערן

קאמף די יידישע ארבעטנדיקע, ווערט די סאָציאַליסטישע פּרעסע א מעכטיקער און ווירק־
זאמער פאקטאָר ערשט דעמאָלט, ווען אין דער באוועגונג ווערן אריינגעצויגן די ברייטע
ארבעטער־מאסן אפן באָדן פונעם אויסגעוואַקסענעם בא זיי קלאסן־באוווסטזיין און אופגע־
שטייגטער רעוואָליוציאָנערער אקטיווקייט.

---

## ביילאגע I.

ווי געזאָגט, איז דער אופרוף פֿון „א גרופּע יידן-סאָציאַליסטן" מיט ביידע ביילאגעס צו אים פארעפנטלעכט אין דראגאָמאנאָווס ווערק „Собрание политических сочинений М. П. Драгоманова". Изд. редакции „Освобождение", т. II. Paris, 1906, стр. 320—329.

אין רוסלאנד איז אָבער פארעפנטלעכט געוואָרן, אין גרויסע קופירן, בלויז דער אופרוף (זע, „Материалы для истории евр. раб. движ." Вып. I. 1906.). אָט פארוואָס מיר ברענגען דאָ דעם אָריגינאל און די יידישע איבערזעצונג נאָר פון די ביילאגעס. אף וויפל עס איז אונדז באוווסט זיינען זיי אכוץ די ווייניק צוטריטלעכע דראגאָמאנאָווס ווערק נאָך אינערגעץ ניט אָפּגעדרוקט. איבערדריקנדיק דעם אָריגינאל פון די ביילאגעס, האָבן מיר געענדערט די אָרטאָגראפיע. די איבערזעצונג האָט געמאכט דער כ׳ נ. שטיף.

### דראגאָמאנאָווס נאָכוואָרט צום אופרוף:

В области, заселенной украинским народом, в России и Австрии, живет теперь более 1 миллиона евреев. С другой стороны, вряд ли где-нибудь происходила столь ожесточенная борьба между массами туземного населения и евреями, как в Украине в XVII и XVIII ст., в которой евреи являлись органами противного народу государственного и социального порядка.

В настоящее время только треть евреев украинской области может быть причислена к явно эксплоататорскому классу, другая же треть должна быть отнесена к классу рабочему, и эта треть, равно как и значительная часть из остальной трети помощников и прислуги у первой далеко не пользуется выгодами доходов, извлекаемых, хотя бы и при помощи ее членов, еврейскими капиталистами, и живет в нищете, часто даже превосходящей нищету „христианского пролетариата". Между тем, старая социально-национальная борьба между украинцами и евреями оставила по себе живую память у потомков обеих сторон, и память эта удаляет одни от других и также те слои обоих элементов населения, которые принадлежат к одинаково рабочим и одинаково терпящим от теперешних экономических порядков. При теперешнем отношении между украинским народом и евреями можно ожидать, что всякое движение первого против этих порядков будет сопровождаемо кровавыми сценами еврейского избиения, гораздо более несправедливыми, чем сцены XVII и XVIII вв. С другой стороны, антагонизм между евреями и нееврейскими массами народа в Украине служит одною из причин солидарности между такими слоями населения самих евреев, которых интересы в сущности противоположны между собою.

Вот почему для социалистов Украинской области представляется делом особенной важности организация пропаганды, которая бы имела целью, с одной стороны, отделение рабочих еврейских масс от еврейских капиталистов, а с другой—соединение еврейских рабочих с рабочими других племен. Так как одним из самых действительных средств для начала этой пропаганды может служить социалистическая печать на разговорных языках евреев, то мы не сомневаемся, что все наши товарищи в украинской области окажут поддержку вышеизложенному предприятию товарищей-евреев.

Редакт. укр. сборн. „Громады" в Женеве М. Драгоманов.
Наборщик типографии „Громады" А. Ляхоцкий.
Редактор „Громадського Друга" во Львове М. Павлик.

---

[איבערזעצונג]

אין די געגנטן אין רוסלאנד און אין עסטרייך, וואָס זייַנען באזעצט מיטן אוקראיִנישן פאָלק, ווױנט איצט אריבער א מיליאָן ייִדן. ווידער איז שווערלעך ערגעץ ווו פאָרגעקומען אזא שארפער קאמף צווישן די מאסן אָרטיקע באפעלקערונג און ייִדן, ווי אין אוקראיִנע אין XVII און XVIII יאָרהונדערט, בעייס ייִדן זייַנען געווען די אויספירער (אָרגאנען) פון א מעלוכישער און סאָציאַלער אָרדענונג, וואָס זי איז געווען דערווידער דעם פאָלק.

בא הייַנטיקן טאָג קען מען פארעכענען צום אָפּן-עקספּלואטיִרנדיקן קלאס נאָר א דריטל ייִדן פון דער אוקראיִנישער געגנט; דאָס אנדערע דריטל קען מען פאו עכענען צום ארבעטער-קלאס. דאָסדאָזיקע דריטל, אויך א היפשער טייל פונעם דריטן דריטל — העלפער און באדינער באם ערשטן דריטל—האָבן גאָרנישט קיין נוצן פון די האכנאָסעס, וואָס ס׳ציִען ארויס—זאָל זייַן אפילע מיט דער הילף פון דידאָזיקע גרופעס—די ייִדישע קאפי-טאליכטן, און זיי לעבן אין אן אָרעמקייַט, וואָס אָפטמאָל שטייַגט זי איבער די אָרעמקייַט פונעם „קריסטלעכן פראָלעטאריאט".

אָבער דער אלטער סאָציאַל-נאציאָנאלער קאמף צווישן די אוקראיִנער און ייִדן האָט געלאָזט א לעבעדיקן אָנ-דענק בא די נאָכדוירעס פון ביידע צדאָדים, און דערדאָזיקער אָנדענק דערווייַטערט איינס פון אנדערן אפילע אזוינע שיכטן בא ביידע טיילן באפעלקערונג, וואָס געהערן גלייַך צו ארבעטער און זיי לייַדן גלייַך פון די איצטיקע עקאָ-נאָמישע צושטאנדן. בא די איצטיקע באציִונגען צווישן אוקראיִנישן פאָלק און ייִדן איז מעגלעך, אז יעדער באוועגונג פונעם אוקראיִנישן פאָלק קעגן דידאָזיקע צושטאנדן, וועט ציִען מיט זיך בלוטיקע סצענעס פון שלאָגן ייִדן,—סצע-נעס, וואָס וועלן זייַן אסאך מער אומגערעכט איידער די סצענעס אין XVII און XVIII י״ה.

דער אנטאגאָניזם ווידער צווישן ייִדן און ניט-ייִדישע מאסן פאָלק אין אוקראיִנע איז איינע פון די סיבעס, וואָס אף זיי האלט זיך די סאָלידארישקייַט צווישן אזוינע שיכטן באפעלקערונג בא ייִדן גופע, וואָס זייערע אינ-טערעסן זייַנען בעעצעם סויסער איינס דאָס אנדערע.

דעריבער איז פאר סאָציאַליסטן אין דער אוקראיִנישער געגנט באזונדערס וויכטיק, ס׳זאָל אָרגאניזירט ווערן א פראָפּאגאנדע, וואָס זאָל האָבן דעם צוועק, פון איין זייַט, אָפּצוטיילן די ייִדישע ארבעטער-מאסן פון ייִדישע קאפי-טאליסטן און, פון דער צווייטער זייַט, פארייניקן ייִדישע ארבעטער מיט ארבעטער פון אנדערע פעלקער. אַזויווי איינס פון די ווירקלעכסטע מיטלען אָנצוהייבן אזא פראָפּאגאנדע קען זייַן א סאָציאַליסטישע ליטעראטור אף די גערעדטע שפראכן בא ייִדן, איז צווייפלען מיר נישט, אז אלע אונדזערע כאוויירים אין דער אוקראיִנישער געגנט וועלן שטיצן דעם פריִער דערמאָנטן אופטו פון די כאוויירים-ייִדן.

רעדאקטאָר פון די אוקראיִנישע זאמלביכער „הראָמאדא" אין זשענעווע מ. דראגאָמאנאָוו.
זעצער פון דער דרוקערייַ פון „הראָמאדא" א. ליאכאָצקי.
רעדאקטאָר פון „הראָמאדסקי דרוג" אין לוואָוו מ. פּאווליק.

---

# ПРОГРАММА

## для собирания литературных материалов о евреях России[1] и Галиции.

### Отдел I.

§ I. Общий состав и численность населения данного города, местечка, села; цифра еврейского элемента.

§ 2. Какие существуют в данной местности системы производства: ремесленное, заводское, фабричное.

§ 3. Виды ремесл: сапожное, портняжное, шапочное, кузнечное. столярное и т. д.

§ 4. Количество евреев-ремесленников (хозяев), заводов, фабрик и занятых ими рабочих (евреев и неевреев).

§ 5. Число учеников.

§ 6. Есть ли у рабочих семейства и состав их.

§ 7. Женский и детский труд дома и вне его.

---

1) В местах их постоянного жительства: 9 южных и юго-западных губерниях—Черниговской, Екатеринославской, Херсонской, Полтавской, Бессарабской, Таврической, Киевской, Подольской, Волынской; Северо-западном крае—губерниях Витебской, Виленской, Ковенской, Гродненской, Минской, Могилевской; 10 губерниях Привислянского края—Варшавской, Калишской, Келецкой, Ломжинской, Петроковской, Плоцкой, Радомской, Сувалкской, Седлецкой.

§ 8. Общее количество рабочих дней в году, величина рабочего дня и средний заработок работников.

§ 9. Расход (недельный или месячный, или годовой) одинокого и семейного работника.

§ 10. Гигиеническая обстановка в мастерских и в жилищах и главные болезни.

§ 11. Отношения и столкновения между хозяевами и рабочими.

§ 12. Отношения между рабочими евреями и неевреями.

§ 13. Какие существуют в данной местности еврейские чернорабочие: носильщики, водовозы и водоносы, извозчики, тележники, балаголы (ломовые извозчики) и пр. Численность и средний заработок их.

§ 14. То же разного рода прислуги.

§ 15. Существуют ли какие-нибудь рабочие товарищества, кассы помощи и т. п. Характер этих товариществ.

§ 16. Грамотность (чтение и письмо еврейское или иностранное) и степень интеллектуального развития рабочих ремесленных, заводских, фабричных.

§ 17. Количество обучающихся в талмуд-торах и ешиботах и средний возраст первых. Их материальное положение и умственное развитие.

## Отдел II.

§ 1. Какие (кроме упомянутых в отделе I) существуют в данной местности другие занятия.

§ 2. Какие существуют или преобладают виды торговли: мелочная, магазинная, оптовая.

§ 3. Количество ростовщиков, факторов, мелких торговцев и более или менее крупных промышленников.

§ 4. Заработок каждой категории и степень эксплоатации бедного населения.

§ 5. Как велики разные налоги, прямые и косвенные (сборы коробочный, свечной и др.), общие и специально еврейские, платимые еврейским населением.

§ 6. Насколько удовлетворяются нужды еврейского населения соответственно всей сумме взимаемых с них налогов.

§ 7. Налоги и сборы вне-государственные, специально налагаемые кагалами (на содержание духовных раввинов, резников и пр.).

## Отдел III.

§ 1. Количество еврейских земледельческих колоний данной местности.

§ 2. Форма владения землею: на правах собственности или чинша.

§ 3. Где и каким процентом мелких землевладельцев исполняются работы при помощи собственных или же наемных рук.

§ 4. Число душ в семействе.

§ 5. Величина земельного надела (качество почвы и пр.).

§ 6. Величина податей и платежей на земли.

§ 7. Отношение платежей к доходности земли.

§ 8. Отношение правительства к еврейским земледельческим колониям.

P. S. Просим сообщать и сведения, не упомянутые в этом опыте программы, а также доставлять памятные книжки разных губерний за последние годы, вообще книги, календари на еврейском и других языках, касающиеся той или другой стороны быта и экономического положения евреев.

[איבערזעצונג]

# פראָגראַם.

**פאר זאמלען ליטעראַרישע מאטעריאַלן וועגן ייִדן אין רוסלאנד 1) און אין גאליציִע.**

## טייל I.

§ 1. דער אלגעמיינער צונויפשטעל און די צאָל באפעלקערונג אין א געוויסער שטאָט, שטעטל, דאָרף. וויפל איז דאָרט פאראן ייִדן.

§ 2. וואָסערע סיסטעמעס פראָדוקציִע זײַנען פאראן אין דעם אָרט: מעלאָכע, זאוואָדן, פאבריקן.

§ 3. וואָסערע מעלאָכעס: שוסטערײַ, שנײַדערײַ, קירזשנערײַ, שמידערײַ, סטאָלערײַ א. אז. וו.

§ 4. די צאָל ייִדן-באלמעלאָכעס (באלעבאטים), זאוואָדן, פאבריקן און די צאָל באשעפטיקטע ארבעטער (ייִדן און ניט-ייִדן).

§ 5. די צאָל לערנייִנגלעך.

§ 6. צי האָבן די ארבעטער פאמיליִעס, און זייער צונויפשטעל.

§ 7. פרויען־און קינדער־ארבעט אינדערהיים און אויסער דער היים.

§ 8. די צאָל ארבעט-טעג אין יאָר, ווי גרויס איז דער ארבעט-טאָג; דער מיטעלער פארדינסט פון ארבעטער.

§ 9. די הויצאָע (טעגלעכע, כוידעשדיקע אָדער יאָריקע) פון אן ארבעטער אָן פאמיליִע און מיט א פאמיליִע.

§ 10. דער היגיִענישער צושטאנד אין די ווארשטאטן און אין די וווינונגען; די וויכטיקסטע קראנקײַטן.

§ 11. די באציִונגען און סיכסוכים צווישן באלעבאטים און ארבעטער.

§ 12. די באציִונגען צווישן ייִדן און ניט-ייִדן.

§ 13. וואָסערע ייִדישע שווארצארבעטער זײַנען פאראן אין דעם אָרט: טרעגער, וואסערפירער און וואסער-טרעגער, פורמאנעס, וואָגנסטרײַבער, באלעגאָלעס א. אנד., זייער צאָל און זייערע פארדינסטן.

§ 14. דאָסזעלבע וועגן פארשידענע מינים דינערשאפט.

§ 15. צי איז פאראן וואָסערע ס'ניט איז ארבעטער-געזעלשאפטן, הילף-קאסעס א. ד. גל. דער כאראקטער פון דידאָזיקע געזעלשאפטן.

§ 16. די איוורעדיקײַט (לייענען און שרײַבן אף ייִדיש אָדער אף אנדערע שפראכן) און דער גראד אינ-טעלעקטועלע אנטוויקלונג פון ארבעטער בא באלמעלאָכעס, אין זאוואָדן, אין פאבריקן.

§ 17. וויפל לערנט אין די טאלמוד-טוירעס און דער מיטעלער עלטער זייערער, וויפל—אין יעשיוועס. זייער מאטעריִעלע לאגע און אינטעלעקטועלע אנטוויקלונג.

## טייל II.

§ 1. וואָסערע אנדערע באשעפטיקונגען (כוץ די, וואָס זײַנען אויסגערעכנט אין טייל I) איז פאראן אין דעם אָרט.

§ 2. וואָסערע פאָרמעס האנדל איז פאראן אָדער איז דעריקער: קליינהאנדל, מאגאזינען, הורט-האנדל.

§ 3. די צאָל וואָכערניקעס, פאקטערס, קליינהענדלער, און מער ווייניקער גרויסע אונטערנעמער.

§ 4. דאָס פארדינסט פון יעדער קאטעגאָריִע און דער גראד עקספּלואטאציִע פון דער אָרעמער באפעלקערונג.

§ 5. ווי גרויס זײַנען פארשידענע שטײַערן, דירעקטע און אומדירעקטע (די טאקסע, די ליכט-פאכט א. אנד.), אלגעמיינע און ספּעציִעל-ייִדישע, וואָס די ייִדישע באפעלקערונג צאָלט.

§ 6. ווי ווײַט ווערן באפרידיקט די נויטן פון דער ייִדישער באפעלקערונג אקעגן דער גאנצער סומע שטײַערן, וואָס מע נעמט בא איר.

§ 7. נישט-מעלוכישע שטײַערן און אָפּצאָלן, וואָס קאָהאָל נעמט (אף אויסצוהאלטן ראבאָנים, שאָכטים און אנדערע).

## טייל III.

§ 1. די צאָל ייִדישע לאנדווירטשאפטלעכע קאָלאָניִעס אין דעם אָרט.

§ 2. די פאָרמע פון ערד־באזיץ: מיט אייגנטום-רעכט און אף צינש.

§ 3. ווו און וואָסער פּראָצענט קליינע ערד-אייגנטימער טוען די ארבעט אליין אָרער דינגען ארבעטער.

§ 4. די צאָל נעפאשעס אין א פאמיליִע.

§ 5. ווי גרויס איז דער ערד-כיילעק; די קוואליטעט פונעם באָדן א. אז. וו.

§ 6. די גרייס פון די שטײַערן און צאָלונגען פון דער ערד.

1) אין די ערטער, ווו זיי האָבן שטענדיק וווינרעכט: 9 דאָרעמדיקע און דאָרעם-מײַרעוודיקע גובערניִעס: טשערניגאָווער, יעקאטערינאָסלאווער, כערסאָנער, פּאָלטאווער, בעסאראבער, טאווּרישער, קיִעווער, פּאָדאָלער, וואָ-לינער; אין צאָפן-מײַרעוודיקן קאנט — אין די גובערניעס: וויטעבסקער, ווילנער, קאָוונער, גראָדנער, מינסקער, מאָ-לעווער; אין 10 גובערניעס פון דעם ווײַסל-קאנט: ווארשעווער, קאלישער, קעלצער, לאָמזשער, פּעטראָקאָווער, פּלאָצקער, ראדאָמער, סוּוואלקער, סעדליעצער.

§ 7. די פאַרהעלטעניש צווישן די צאָלונגען און דער האכנאָסעקייט פון דער ערד.
§ 8. די באַציִונג פון דער רעגירונג צו די ייִדישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניִעס. _

P. S. מיר בעטן מיטיילן אויך אזוינע יעדיִעס, וואָס זײַנען ניט דערמאָנט אין דעם איצטיקן פּראָגראַם-פּרווו, אויך צושיקן די אָפיציִעלע יאָר-ביכער (памятные книжки) פון פאַרשיידענע גובערניִעס פאַר די לעצטע יאָרן, בּיכלאַל אַלצדינג—ביכער, קאַלענדאַרן אף ייִדיש און אַנדערע שפּראַכן—וואָס האָט אַ שײַכעס צו דעם אָדער אַנדערן טייל פונעם שטייגער און פון דער עקאָנאָמישער לאַגע בּאַ ייִדן.

———

# בּיילאַגע II[1].

№ 1. 15־טען יאנוואר 1881.

## ארבּייטער צייטונג.

| |
|---|
| דעם 4 נאָוועמבער 1880 אום 8 דעם זייגער פריא זיינען אויפגע־האנגען געווארען אין פּיאטראפּאוולאווסקין קרייפּאסט סאציאליסטען־רע־וואלוציאנערן (מענשען וואס אפּפערן זייער לעבען כדי צו פארבעסערן דאס פאלקס לאגע) דווארינין א. קוויאטקאווסקי און ארבּייטער א. פּרעסניאקאוו. |

פּעטערסבורג דען 15 יאנוואר 1881.

פון אייביג אן האבען דיא קייזערן נישט געליעבּט קיין ווארהייט און זיי האבען איהר מיט אללע קרעפטען געטריבען. געליעבט האבען זייא נאר חניפה און פאלש, זייא האבן טויזענ־דער מענשען איבער געפיהרט ווער עס האט זיך איינגעשטעלט צו זאגען איין ווארט פון גערעכטיגקייט און פרייהייט. נאר עס האט זיך אבער זייא ניט איינגעגעבען צוא פערשטיקען דיא ווארהייט אין מענשליכע הערצער. די מענשען געדריקט און געשטיקט מיט אלערליי און דער ווארט פון ווארהייט און פרייהייט אלק גרעסער און שטארקער קייזערן מיט זייערע גאנצע באנדעס זיינען ניט אין שטאנד איין גערעכטיגקיים, וועלכע שטעכט זייא דיא אויגען.

אט אין דעם בעשטייט אונזער ארבּייטער צייטונג, דיא ציל פון וועלכער איז צוא עפענען דיא אויגען פון אָרעמען אונגליקליכען נאראד און ווייזען איהם אז פון ווארהייט און גליק, וועלכער עס וועט באפרייען דעם נאראד און זיינע שפעטערדיגע דורות פון שקלאווערייא, ארעמקייט, און ליידען

צוא בעגרייפען אונזער ציל האבען מיר וועלכע וועלין ווייטער ארום גערעט ווערן.

1) ניט קיין קייזער נאר דער נאראד דארף זײַן דער פיהרער פון דער לאנד, דארום מוז די רעגיערונג זיין צו בּראכען און דיא פיהרונג דארף איבּערגע־געבען ווערען צוא דיא מענשען וואס דער נאראד וועט אויסקלייהען אויף איין דאטא.

2) דיא ערד דארף זיין דעם נאראדס, דאס הייסט דאס דיא ערד טאר ניט גיעהרין צוא איינעם אסאך און דער אנדערער זאל פרעמד זיין פון איהר און שטארבען פון הונגער. ניין! יעדער מענש מעג זיך נעהמען א שטיקעל ערד. וויאפיל זיינע קרעפטען זיינען אין שטאנד אויסצוארבייטען און דאס קען ער בעזיצען.

1) ווי עס ווײַזט אָן דער כ׳ קירזשניק דערקלערן זיך די פאַראַנענע בלויזן אין זײַן קאָפּיע פון דער „ארבּייטער צײַטונג“ דערמיט, וואָס אייניקע ווערטער זײַנען אָפּגעריבן אינעם אָריגינאַל.—רעדאַקציע.

פיעללייכט וועט איר מיינען אז עס וועט ניט סטייען קיין ערד? ניין, מיינט דאס ניט, דען עס איז אויסגערעכענט געווארען אז פון דיא גאנצע ערד וואס געפינט זיך אונ־טער רוסלאנד, איז נאר איין פינפטער טהייל געהערט צוא בוירען און 4 טהיילען האט פראוויטעלסטוואָ מיט זיינע פאמיעשציקעס אוועקגערויבט פון נאראד. קענט איהר שוין אליין פערשטיין.

3) אלערהארט פאבריקען און זאוואָדען דארפען געהערען דעם נאראד, דאס הייסט אז ניט איין מענטש זאל אויף הונדערטער טויזענדער ארבייטער און אללע זאלען אויף איהם ארבייטען און מיט אלעמענס שוייס און בלוט זאל זיך איינער אנפרעסען און לעבען אין וואהלזיין און רייכקייט, האלטענדיג דעם קנוט פון הונגער איבער דיא פלייצעס פון ארבייטער. ניין! ניטא קיין פריצים! דיא פאבריקען און דיא הויפען וואס פאבריקאנטען האבען איז דאס אלץ פון ארבייטערס שוויס און בלוט! ניין, ניט אזוי דארף זיין! יעדער מענש דארף ארבייטען.

4) צוא בעהיטען דיא פרייהייט און וואהלזיין פון דער לאנד דארף מען ניט האבען קיין זעלנערייא, דען אז דער נאראד וועט זיין פרייא און וועט ניט ליידען קיין נויט וועט איהם דאס פאטערלאנד זייער ליעב זיין און ער אליין וועט איהר בעשיצען. מיט דעם וועט מען איינבריינגען אז מיליאנען מענשען וועלין זייערע יונגע יאהרען ניט איבערפיהרען אין צרות אונטער דיא אראפניקעס פון אפיצירען און פעלדפעבעלס און פון דער סלוישבע פאראַרעמט ווערען. אויך בערעכענט נאר וויפיעל הונדערטער מיליאנען גייען אוועק אפין טייוועל, וואס מיא דארף דאס גאר ניט, און וואו נעמט מען דיא געלד וועז ניט פון ארעמען ארבייטער, פון ארעמען נאראד? בייא אזא איינפיהרונג נאך אונזער מיינונג וואלט דער נאראד געווען פרייא און גליקליך, נאר בייא אונז אלץ פערקערט: דער קייזער איז דער גאנצער פיהרער און דער נאראד איז גארניט. אנשטאט וואס דארפען זיין אויסגע־קליעבענע פון נאראד זיינען פיהרערס דעם קייסערס צינאוונִיקעס וואס שטייען מיט קנוטען איבער דיא קעפּ פון נאראד און רייסען ארויס פון איהם זיין לעצטע בלוטיגע קאפייקע. אויף יעדער מענשען ליעגט שטענדיג א מורה א ציטערניש, ווי יעדער טאג שטייט פיר איהם פארטיג אסטראג, קאטערשנע סיביר... אז א פאבריקאנט וויל רייסען דעם ארבייטער דעם לייז און דער ארבייטער לאזט זיך ניט, וואס איז זיין ערשטער ווארט? איר וועט בייא מיר גיין אין אסטראג, אין סיביר! און דער ארעמער אונגליקליכער ארבייטער מוז שווייגען, דען ער ווייס אז דער סטראשונעק קען גרייליך מקוים ווערען, און וועז אפילו דער ארבייטער בעשליסט זיך שוין שטארבען בעסער אין הונגער אביא פאר אזא קליינעם לוין ניט צוא ארבייטען און ניט אוועק לייגען אומזיסט זיינע לעצטע קרעפטען און בלוט, און דער פאבריקאנט זעהט אז ער קען ניט אויספיהרען וואס טהוט ער? קויפט ער אונטער דעם צינאוואניק און מיט סאלדאטען ווערין נעבאך געטרייט צוא גיין אין זייער שלאכט. פרא־וויטעלסטווא העלפט דעם פאבריקאנט און דער פאבריקאנט העלפט אונטער פראוויטעל־סטווא. אזוי פיהרט זיך בא אונז! ווער עס ארבייטעט לעבט אין אָרעמקייט אין צרות און שקלאווערייא און ווער עס ארבייט ניט לעבט אין פערגעניגען, אין ווייל־טאג און כבוד!..

מיליאנען סאלדאטען האלט מען אויף און מיא קארמעט זייא מיט אייער שוייס, מיט אייער בלוט, צוא וואס האלט מען זייא? פאר אייך זעלבסט! מיא זאל קענען אייך זעלבסט דיא קעפּ אראפדרייען! טאמער וועט דער געדריקטער נאראד וועלין דיא קעפּ אויפהייבען, טאמער וועלין זיך געפינען מענשען וואָס קענען ניט אנזעהן דיא אלע פערברעכען און וועלין ווייזען עפּעס א וועג זאל מען זיי קענען שיסען, אויפהייגען, אויף קאטארשנע אוועק שיקען, אזוי וויא מיר זעהען דאס שוין אלע טאג.

און דוא אָרעמער ארבייטער, דיר האט מען אנגעטאהן א מאסקע אויף דיינע אויגען, דוא זעהסט ניט ווער איז דיין שונא און ווער איז דיין גוטער פריינד. דוא שטייסט פון ווייטען און העלפסט גאר ניט דיין ברודער וועלכער לאזט זיך שיסען און היינגען צוא ליב

דיר. נאר ביז ווילאלאנג וועסט דוא אזוי שווייגען? ביז ווילאלאנג וועסט דוא זיין אזוי א אָרעמער קנעכט? ביז ווילאלאנג וועסט דו נאך אנשטעלין דיינע זייטען, דאס דער קופעץ, דער פאבריקאנט זאל זייגען פון איין זייט און פראוויטעלסטווא מיט זיין לעגיאן פון דער אנדערער זייט?

יע, דוא ארעמער ארבייטער, דוא האסט גאר דיין האפנונג פערלארען, דוא האסט גאר פערגעסין אז דיא גאנצע רייכטונג פון דער וועלט איז דיינע, דאס נאר דו בעשאפסט זיא אויף דער וועלט, דוא האסט גאר פערגעסין, אז דער ארבייטער קען זיין גאנץ גליקליך ווען ער זאל אראבווארפען פון זיך דיא קייטען וועלכע מיה האט איהם אויף די הענט אויפגעהאנגען, אז ער האט פראוו און איז אין שטאנד צואברעכען זייא, ווען אלע זאלען האלטען איינער פיר דעם אנדערן שטאל און אייזין. נאר איך פערשטייא, דוא האסט מורא, דוא האסט מורא פארין קייסער מיט דיא סאלדאטען? אבער האסט דוא ווידער פערגעסין, אז דער סאלדאט איז אויך דיינען א ברודער, ווארעם ער ליידעט ניט וויניגער וויא דוא, און אז דוא וועסט עם עפענען דיא אויגען, וועט ער אויך איבערגיין אויף דיין זייט.

אזוי אונזער ליעבער ברודער, צורייס פון זיך דיא קייטען אין וועלכע מען האט דיך פערשמידט דיינע הענט מיט דיא פיס. גייא, עפין אויף דיא אויגען דיינע ברידער, ווייז זייא דעם גרונט פאר וואס זייא זיינען אומגליקליך, ווייז זייא אז עס איז דא א וועג וואס וועט אייך מיט אייערע קינדס קינדער אויסקויפען פון קנעכטשאפט, פון ארעמקייט, אייערע קינ־דער וועלין ניט דארפען שטארבען מיט הונגער טויט, וויא מיא שטארבט היינט...

גייא! זאל דיר דיין מויל ניט שווייגען וואָ עס ווערט פערגאָסען אונשולדיג בלוט,

גייא, ווער ניט שוואך אין דיין שטרייט, האָב ניט קיין מוירא; וואס דוא וועסט זיך מעהר סטארען, וועט אויף דיין זייט שטארקער ווערין, און דער שונא וועט פאלען בייא דיר אונטער דיא פיס. און ווען דוא וועסט אפילו ארייַן פאלען צום שונא, וועסטו אלץ וויסען, אז דוא שטארבסט מיטין שווערד פון ווארהייט און פרייהייט אין די הענט פאר דיינע ברידער און קינדער. דיינע קינדס קינדער וועלין דיר האבען צוא דערמאנען אויף אייביג, אז דוא האסט אוועקגילייגט דיין לעבען פיר פרייהייט און ווארהייט.

## פאן ארבייטערס לעבען.

עס איז גיוועזן א צייט ווען אויף דיא פעלדער און וועלדער און טייכען איז גיוועזן איין ווירט דער נאראד. נישט קיין קייזערן מיט זייערע צינאווניקעס, ניט קיין פאמיעשציקעס ניט קיין פאבריקאנטען מיט קופצעס האט דער נאַראד ניט געקאנט. ער זעלבסט האט בעשיצט און געפיהרט די לאנד. ער האט ניט געדארפט קיין סאלדאטען עס זאָל אבקאסטען מיליאנען געלד, ער האט זיך אליין ארויסגעגעבען זאקאָנען, יעדער האט זיך געהאקערט, געארביי־טעט, געפיהרט געשעפטען אן פארוועהרונג, אן אבראהלונג, מיא האָט נאר גיקוקט איינער דעם אנדערן זאל קיין שלעכץ ניט שאפן, יעדערער זאל לעבען אויף דער וועלט. אזוי איז געוועזן די פיהרונג.

פון דיעזער צייט אן איז פערוויסטעט געווארען אונזער וועלט. דיא פעלדער, דיא וועלדער, דיא טייכען זיינען פערקויפט, איינער פארשפרייט זיך איבער הונדערטער מאָרגעס ערד, קיינער זאל דארט ניט ארויף טרעטען, איינער נעהמט צו גאנצע וועלדער, קיינער טאר קיין שטיקעל האלץ ניט אנרירען, איינער קויפט אב גאנצע טייכען, קיינער טאר קיין פישעל ניט פאנגען, איינער פארשפרייט זיך מיט גאנצע מויערן דער אנדערער האט ניט וואו א קליין שטיבעלע צו שטעלען. דיא צייט ווערט וואס א טאג ערגער, וואס א טאג ווערט מעהר הונגער, מעהר נויט, מער קראנקהייטען אויף דער וועלט, יעדער מענש ווארפט זיך וויא א פיש אין וואסער, יעדער מענש הארעוועט ביז איבער די קרעפטען און ראק עס איז וויניג... פערפאלען גיווארען די פריילִיכע צייטען!... נאר א פינסטערער טומאן פערדעקט יעדער ·מענשען די אויגען, מיא זעהט נאר ארום שווימענדיג אויסגעדארטע לע־

בעדיגע טרופעס. עס בלישצען נאָר ארויס די אויגען פון אונטער דיא ברעמען... פערפאלען געווארען פריינדשאפט צוואווישען מענשען, א ברודער א ברודער פערקויפט, א מוטער א טאָכטער פערקויפט, א פאָטער איז ניט צופרידען אז עס קומט צוא א קינד אין זיין געזינד... מיט איין ווארט דיא וועלט איז פוסט, דיא וועלט איז טויט... נאָר וויא קען זיין גוטעס אויף דער וועלט אז וואס מיא רייסט ארויס ביין הונט פון דיא ציין, חאפט צוא דער וואלף? אז די פערהארעוועטע קאפייקע וואס דער קופיעך גיט כדי דעם ארבייטער זאל נאָך סטייען קרעפטען צוא הארעווען אויף איהם, נעהמט דאס צו פראוויטעלסטווא?

בייא יעדער מענשען ציילט מען נאר וויפיעל קאפייקעס ליגט נאָך בייא עם אין קעשענע בייא יעדער מענשען זיינען פערשלאסען דיא הענט, ער טאר קיין זאך ניט טאהן וואו ער זאל ניט אבצאהלען צעהן מאל אזוי פיעל וויפיעל די ארבייט איז ווערט. און אלץ מיטין זאקאן, דער קופּעץ מיטין זאקאן, דער פארבריקאנט מיטין זאקאן, דער צינאווניק מיטין אוקאז... און אונזער דוחאווניקעס שטייען אויך ניט פון ווייטען, זיי שטייהען נאר און ווייזען אן דעם נאראד אויפען הימעל דיא אייזערנע ריטער, זייא זעהן נאר איינבילדען דעם מענשען אז פאר אים איז אנגעגרייט דער גהנם מיט קאפיקאל אויף יעדער טריט. זייא זעהן נאר צו־נעהמען דעם מוטה פון מענשען, אז ער זאל זיך גאר ניט ארום זעהן וואו ער איז אין דער וועלט, אז זיינע גאנצע דאגות זאלן זיין נאר וועגען יענער וועלט און דער וויל זאל מען קענען צאפען פון איהם דיא בלוט. מיט איין ווארט, נאָך זייער רעכענונג נאָך מוז דער ארעמער ארבייטער וועלכער פערדינט זיין שטיק ברויט מיט בלוטיגען שווייס, אויף דער וועלט שטארבען פון הונגער און אויף פערבייסענס אויף יענער וועלט פארפוילען ווערען אין גהנם.

אזוי ווערט דאס פערארעמט אונזער נאראד, אזוי ווערט ער דאס אן זיין דרייסטיג־קייט, אז אפילו אמאל א פאלשקייט שטעכט איהם דורך דיא הארץ און קעהרט אים איבער דיא בלוט, האָט ער גאר ניט קיין מוטה צוא געבען אפילו א געשרייא איי!

און איהר, אָ־עמע שעפסען, איהר בעמערקט גאר ניט וואס פאר א ראָלעס מיא שפיעלט אויף איבער אייך, איהר זייט שוין אזוי צוגעוויינט צו אייערע צרות, אז איהר גייט נאר גאנצענע טעג ארום דיא קאפּ אין דער ערד, דער קארג איז אנגישטעלט צום קנוט ריכטיג וויא דער פערד צום בייטש, און איהר הייבט גאר ניט אויף די אויגען קיין מאהל זעהען וויא פאר אייך גייט א שטרייט מיט פראוויטעלסטווא. איהר זעהט גאר ניט וויא אייערע בעסטע גוטע פריינד, אייערע קינדער שלאָגען זיך פיר ווארהייט און טרייהייט!

נאר מיר דיינקען אז דיא אייזערנע קייטען וועלין אין גיכען אראבפאלען פון אונז, מיר דיינקען אז דער נאראד וועט ניט אייביג אזויא שווייגען און דיא אלע מענשען וואס ווילען ניט שטארבען פון הונגער און נויט און זייערע קינדער לאזין אין קנעכט, וועלין ארויסגיין צו אונז און דאן וועלין מיר אלע פון אונזערע אלע היינטיגע מכות פטור ווערען, וואָ־רעם דער שווערד פון אמת מוז צוא ברעכען אונזערע שונאים האַץ זיי בעהאלטען זיך אונטער דיא פלייצעס פון דיא טשערקעסין, נאר זיי וועלען פון אונז ניט אנטלויפען!.. א טויט וועט זיין דעם וואס וועט אונז פערשטעלין דיא וועג!..

בייא אונז איז אזויא:

ניט קוקענדיג ווער פון וועלכער רעליגיאן און פון וועלכער פאלק איז גיבען מיר זיך איינער דעם אנדערן דיא הענד און אונזער דעוויז איז:

איינער פיר אללע און אללע פיר איינעם!

א. יודיצקי.

# וועגן א פּראָיעקט פון א ייִדישן זשורנאַל אין רוסלאַנד אין די 50-ער יאָרן.

(לויט מאַטעריִאַלן פון דער ייִדסעקציִע באַם קיִעווער צענטראַלן היסטאָרישן אַרכיוו).

אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע איז אָנגענומען צו רעכענען צעדערבוימס „קול מבשר" [1]) פאַרן אָנהייב פון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד [2]). די 60־ער יאָרן זייַנען ביכלאַל געווען די געבורט־יאָרן פון א ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד אויך אין רו־סיש („Рассвет", „Сион") און העברעיִש („המליץ", „הכרמל", „הצפירה"). ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס די ערשטע צייַטשריפט אין ייִדיש איז געקומען אף דער וועלט ניט ווי א זעלבשטענדיקער אָרגאַן, נייַערט ווי א הויסאָפּע צום העברעיִשן „המליץ". בא יענעם ביטל און פאַראַכטונג, מיט וועלכן די דעמאָלטיקע מאַסקילים האָבן זיך באַצויגן צום „עקל־האַפטן זשאַרגאָן", איז אַפילע אַזאַ מין אופטו, ווי „זשאַרגאָנישע בייַלאַגעס", געווען א גרויסע דרייסטקייַט. האָבן מיר דאָך געזען, ווי אַזוי אָסיף ראַבינאָוויטש און יאָאַכים טאַרנאָפּאָל (שפּעטערדיקע רעדאַקטאָרן פון „ראַזסוויעט") האָבן אין זייער מעמאָראַנדום פון 1856 י. וועגן דער נייטיקייַט פון אן אופקלערונג־זשורנאַל פאַר ייִדן אין דער לאַנדס־שפּראַך באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז „דער צעקאַליעטשעטער זשאַרגאָן, אף וועלכן סע ריידן די ייִדן אין רוסלאַנד, איז א גרויסער שטער פאַר זייער אופקלערונג". פון דער האַקדאָמע צו ליפּשיצעס רוסיש־ייִדישן ווערטערבוך ווייסן מיר, אַז אַפילע צעדערבוים אַליין האָט פון אָנהייב געמאַכט כויזעק פון ליפּשיצעס פּלענער וועגן דער ייִדישער פאָלקס־שפּראַך. בלויז נאָך א פּאָר יאָר אַרויסגעבן דעם „המליץ" האָט דער פּראַקטישער צעדערבוים זיך איבערצייַגט, אַז די דייַטשישע אַרטיקלען אין „המליץ" (מיט ייִדישע אויסיעס) ווערן פון קיינעם ניט געלייענט און ברענגען בלויז שאָדן דער צייַטונג. און אַזוי אַרום איז ער געקומען צום סייכל וועגן אַרויסגעבן א בייַלאַגע צום „המליץ" אף דער ייִדישער פאָלקס־שפּראַך [3]).

פון אַנדערע פּרוּוון אַרויסצוגעבן א צייַטונג אין ייִדיש ביזן „קול מבשר" ווייסן מיר פון א הישטאַדלעס, וואָס אייניקע ווילנער ייִדן האָבן דערוועקט אין די יאָרן 1813 און 1817 [4]) און פון י. מ. ליפּשיצעס א הישטאַדלעס בא פּיראָגאָוון, וועלכע באַציט זיך צו 1861 י. [5]). אָבער אויסער דעם עצעם פאַקט פון אַזאַ מין הישטאַדלעס האָט זיך נאָך ביז הייַנטיקן טאָג ניט אייַנגעגעבן צו געפינען קיין מער אויספירלעכע פּראָטים וועגן דערדאָזיקער קאַמפּאַניִע פאַר א ייִדישער צייַטונג, וואָס ליפּשיץ האָט געפירט.

1) דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 11-טן אָקטיאַבער 1862.

2) דער „בעאָבאַכטער אן דער ווייַכסל" פון 1823—1824 (אין ייִדיש און פּויליש) איז, ווי ס'איז צו זען פונעם נאָמען גופע, געווען אין טאָך א דייַטשישע צייַטשריפט בלויז מיט ייִדישע אויסיעס און האָט נאָך זיך ניט געלאָזט קיינע שפּורן.

3) זע א. שולמאַנס אַרטיקל אין „יוד", 1900, № 18.

4) זע ש. גינזבורג, "Минувшее„, זייַט 207.

5) זע ר. מלאכי'ס אַרטיקל אין „טעאַליט", 1924, № 3.

אין די ארכיוון פון דער זשיטאָמירער ראבינער־שול און פונעם קוראטאָר פון קיִעווער לערן־ראיאָן, אף וועלכע מיר ארבעטן איצט, האָבן מיר געפונען אייניקע אינטערעסאנטע מאטע־ריאַלן וועגן א פּלאַן ארויסצוגעבן א ייִדישן זשורנאל אין די יאָרן 1856—1857, ד. ה. מיט פינף—זעקס יאָר פריִער, איידער ס'האָט אָנגעהויבן ארויסצוגיין דער „קול מבשר”.

אף וויפל ס'איז צו זען פון די מאטעריאַלן, איז דער פּלאַן פון א ייִדישן זשורנאל געווען פארבונדן מיט די פּראָיעקטן פון א העברעיִשן זשורנאל, מיט וועלכע די אָנפירער פון די ראבינער־שולן האָבן זיך יאָרגלאנג ארומגעטראָגן און ניט געקאָנט פאר־ווירקלעכן. מ'דארף געדענקען, אז צום סאָף 40־ער יאָרן, ווען ס'האָבן זיך אין זשיטאָמיר און ווילנע געגרינדעט ראבינער־שולן, איז זשיטאָמיר, באגלײַך מיט ווילנע, געוואָרן א צענטער, ארום וועלכן ס'האָבן זיך גרופּירט די בעסטע קױכעס פון דער דעמאָלטיקער האסקאָלע־באוועגונג. ס'איז געגנוג אָנצורופן אזעלכע זײַלן פון דער האסקאָלע אין די 40 — 60־ער יאָרן, ווי י. אייכנבוים, א. צ. צווייפל, א. ב. גאָטלאָבער, כ. ז. סלאָ־נימסקי א. א., וואָס זײַנען געווען לערער אין ראבינער־שול. פון זשיטאָמירער ראבינער־שול זײַנען אויך ארויס די בעסטע האסקאָלע־טוער פון די 70—80־ער יאָרן (י. ל. קאנטאָר, ד"ר י. ל. קאצענעלסאָן, א. י. פּאפּערנאָ, מ. מארגוליס א. א.). שוין פון די ערשטע יאָרן נאָכדעם ווי ס'האָט זיך געגרינדעט די ראבינער־שול טרוימען די לערער פון שול מיטן אינספּעקטאָר י. אייכנבוימען בעראָש פון אן אייגענער טריבונע, פון א פּעריאָדישן זשורנאל אין העברעיִש, דורך וועלכן זיי זאָלן קענען פארשפּרייטן זייערע האסקאָלע־אידייען. אין מע־שעך פון אריבער 10 יאָר האָבן זיי ניט אופגעהערט צו באָמבארדירן די העכערע „נאטשאל־סטווע” מיט מעמאָראנדומס וועגן דער נייטיקײַט פון א פּעריאָדישן אָרגאן, וואָס זיי טראכטן ארויסצוגעבן בא דער ראבינער־שול. און אָט, צווישן די מעמאָראנדומס און ביט־שריפטן וועגן א פּעריאָדישן אָרגאן אף העברעיִש האָט זיך פארוואלגערט אויך א פּראָיעקט פון א ייִדישן זשורנאל, וועגן וועלכן מיר וועלן טאקע דאָ דערציילן. נאָר העיויס ווי דאָסדאָזיקע בלעטל געשיכטע פון פּרעסע־פּרווון אין זשיטאָמירער ראבינער־שול איז נאָך ביכלאל זייער ווייניק באלויכטן[1], רעכענען מיר פאר ניט איבעריק צו דערציילן די גאנצע געשיכטע פון דעמדאָזיקן איניען, ווי ער ווערט באלויכטן אין די ארכיוו־מאטעריאַלן.

יעדיִעס וועגן דעם געפינען זיך אין ארכיוו פון ראבינער־שול, אקט № 2, פאר די יאָרן 1848—1851 און אין ארכיוו פונעם קוראטאָר פון קיעווער לערן־ראיאָן, אקט № 108 פאר די יאָרן 1851—1853 און № 23 פאר די יאָרן 1857—1860.

דעם 13־טן פעווראל 1851 ווענדעט זיך דער דירעקטאָר פון זשיטאָמירער ראבינער־שול, קאָוואַליעווסקי, צום קיעווער גענעראל־גובערנאטאָר מיט א הישטאדלעס צו דערלויבן דעם אינספּעקטאָר פון ראבינער־שול, י. אייכנבוימען, ארויסצוגעבן אף העברעיִש א פּעריאָדישן זשורנאל אונטערן נאָמען „לקח טוב”. דער דירעקטאָר שטרײַכט אונטער די וויכטיקײַט פון אזא פּעריאָדישער אויסגאבע, וועלכע „וואָלט געקענט האָבן א ווירקונג אף אָפּצוציִען די ייִדן פון די סעקטאנטישע לערעס, וואָלט זיי אוועקגעשטעלט אפּן וועג פון זייערע אלטע גלוי־בונגען און וואָלט געדינט, ווי א רעאקציִע קעגן דער גרויסער צאָל ספאָרים, וועלכע זײַנען אייגנטלעך באשטימט פאר דער רעליגיִעזער סעקטע כאסידים”. צום סאָף פון דער היש־טאדלעס בעט ער דערלויבן צו דרוקן דעם זשורנאל אין דער זשיטאָמירער ייִדישער דרו־קערײַ, וואָס „אירע אייגנטימער (די ברידער שאפּירע) וועלן זיכער מיטן פרײַען ווילן ניט מאסקים זײַן צו דרוקן..., ווײַל סע לוינט זיך זיי בעסער צו דרוקן פאנאטישע ספאָרים”.

1) ס'זײַנען פארבליבן בלויז א פּאָר קליינע קאָרעספּאָנדענצן פון זשיטאָמיר פונעם ראבינער־קאנדידאט א. בריק אינעם רוסיש־ייִדישן זשורנאל „Сион” פאר 1861 י. (№№ 19 און 24) וועגן א זשורנאל „דורש טוב לישראל”, וואָס האָט געזאָלט אָנהייבן ארויסגיין אונטער דער רעדאקציִע פונעם אינספּעקטאָר פון ראבינער־שול י. אייכנבוים און פונעם לערער כ. צ. לערנער. אין דער לעצטער קאָרעספּאָנדענץ איז געמאָלדן געוואָרן, אז דער זשורנאל קען ניט דערשײַנען, ביז ס'וועלן ניט צונויפגעקליבן ווערן ניט ווייניקער פון 400 אבאָנענטן. זע אויך י. צינבערג: „История еврейской печати” ז. 76.

דערבײַ ווערט צוגעלייגט א קורצע פראָגראם פונעם זשורנאל, וועלכער דארף באשטיין פון 4 ביכלעך א יאָר און האָבן אין זיך פאָלגנדיקע אָפטיילן: 1) רעליגיִע, 2) העברעיִשע ליטעראטור, 3) וויסנשאפט, 4) רעגירונגס־מאָסמיטלען און 5) נײַס און פארשיידענעס. די הישטאדלעס איז געבליבן אָן אן ענטפער.

מיט א פאָר יאָר שפעטער, דעם 7־טן פעווראל 1853, כאַזערט דער דירעקטאָר איבער זײַן באקאָשע פארן קיִעווער גענעראל־גובערנאטאָר. אין דער רעזאָליוציִע פונעם גענעראל־גובערנאטאָר אף דערדאָזיקער באקאָשע ווערט געזאָגט, אז „לויטן איצטיקן צושטאנד פון דער יידישער בילדונג איז א פעריאָדישע אויסגאבע פריצײַטיק און שטימט ניט מיטן ציל".

דערבײַ ווערט אָנגעוויזן, אז די ניט לאנג געעפנטע שולן האָבן נאָך ניט אנטוויקלט בא יידן א באדערפעניש אין לייענען א צײַטונג אָדער א זשורנאל. דאָס ביסל געבילדעטע יידן, וואָס איז דאָ, קען זיך באגיין מיט רוסישע צײַטונגען און זשורנאלן.

ס'גייען אוועק נאָך א פאָר יאָר, די מאסקילים, לערער פון זשיטאָמירער ראבינער־שול, זאָגן זיך ניט אָפּ פונעם געדאנק צו האָבן אן אייגענע טריבונע. זיי ווארטן בלויז אף בעסערע צײַטן. און אזא בעסערע צײַט איז טאקע אָנגעקומען צום מיט פון די 60־ער יאָרן, נאָך סעוואסטאָפּאָליער מאפּאָלע, וואָס האָט געבראכט צו ניקאָלײַ דעם ערשטנס זעלבסטמאָרד און האָט אביסל אָפּגערייניקט די שוועד־דריקנדיקע לופט. אין לאנד הייבט אָן בלאָזן עטוואָס א פריש ליבעראל ווינטל. די יידישע אינטעליגענץ הייבט אָן אפּעלירן צו דער געזעלשאפטלעכער מיינונג פונעם רוסישן ליבעראליזם און מיינט אזוי ארום געהאָלפן צו ווערן פון איר שווערער רעכטלאָזער לאגע. אין דערדאָזיקער צײַט טאקע ווערט געבוירן דער געדאנק וועגן א יידיש־רוסישן אָרגאן, וועלכער דארף דינען פאר דער אויסערלעכער וועלט, ווי דער אויסדריקער און אָרגאניזאטאָר פון דער יידישער געזעל־שאפטלעכער מיינונג.

און אָט אין דידאָזיקע נײַע, אומגעביטענע פּאָליטישע אומשטענדן לעבט אוף אויך בא זשיטאָמירער מאסקילים די האָפענונג צו פארווירקלעכן זייער לאנגאָניקן טרוים וועגן ארויסגעבן א פעריאָדישן אָרגאן בא דער ראבינער־שול. זיי באנײַען זייער אלטע היש־טאדלעס. אין 1857־טן י. האָט גראָד דער בילדונג־מיניסטער באזוכט די זשיטאָמירער ראבינער־שול. די יידישע לערער מיט אייכנבוימען בעראָש נוצן אויס דידאָזיקע פאסיקע געלעגנהײַט און דערלאנגען דעם מיניסטער א מעמאָראנדום וועגן דער נייטיקײַט ארויס־צוגעבן בא דער ראבינער־שול א העברעיִשן זשורנאל מיט בײַלאגעס אין רוסיש און דײַטש. צווישן די איבעריקע פונקטן ווערט אָנגעוויזן דערוף, אז אזא זשורנאל וועט ברענגען נוצן דער ראבינער־שול, ווי אויך אנדערע יידישע שולן. „צום סאָף יאָר וועלן די בעסטע ווערק פון די טאלמידים אין העברעיִש, רוסיש און דײַטש, נאָכדעם ווי זיי (די ווערק) וועלן באַ־וויליקט ווערן פונעם פעדאגאָגישן ראט, קענען געדרוקט ווערן אינעם דאָזיקן זשורנאל. מ'וועט דאָרט אויך קענען פארעפנטלעכן די נעמען פון יענע טאלמידים, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט און פארדינען אריבערצוגיין אין די העכערע קלאסן. און דאָס וואָלט געווען דער בעסטער מיטל ארויסרופן בא די טאלמידים פלײַס און וויסנבײַגער".

צום סאָף דריקן זיי אויס די האָפענונג, אז די העכערע „נאטשאלסטווע" וועט זיכער אסיגנירן די נייטיקע סומען פאר אזא מין אויסגאבע.

דער בילדונג־מיניסטער שיקט איבער דעם מעמאָראנדום צום קוראטאָר פון קיִעווער לערן־ראיאָן (פאפיר № 913 פון 15 V) און בעט אים זיך ארויסזאָגן וועגן דערדאָזיקער פראגע. דער לעצטער, פון זײַן זײַט, פרעגט אָן דעם דירעקטאָר פון זשיטאָמירער ראבינער־שול.

אין זײַן ענטפער פון 15/VI 1857 (פאפיר № 357) איז דער דירעקטאָר מוידיע, אז ער האָט שוין פאָרמולירט זײַן מיינונג וועגן דעמדאָזיקן איניען אין זײַן ענטפער פון 31/XII 1856 צום וואָלינער גובערנאטאָר אף אן אָנפראגע מיקויעך „א זשורנאל, וואָס דער געלערנטער

ייִד באם ווילנער לערן־ראיאָן, פּין[1]) האָט בעדייע ארויסצוגעבן״. א קאָפּיִע פון דערדאָזיקער מיינונג ווערט טאקע דערביי צוגעלייגט. דער דירעקטאָר רוקט ארויס אין דערדאָזיקער מיינונג עטלעכע וויכטיקע מאָמענטן, וואָס זייַנען שטארק נייטיק פארן דערפאָלג פון א „פּעריאָדישער ליטעראַרישער אויסגאבע, וואָס האָט דעם ציל מיטצוהעלפן דער רעגירונג אין אירע מאָסמיטלען צו בילדן די ייִדן״. קוידעמקאָל דארף דער ארויסגעבער פונעם זשורנאל באזיצן גרויסע פעיִקייַטן און גרינטלעך וויסן די העברעיִשע ליטעראטור. דערצו דארף ער זייַן אינגאנצן פרייַ פון פאָרורטיילן און פאנאטיזם. בא דעם אלעם וועט מען נאָך דארפן „שארף נאָכשפּירן, אז ער (ד. ה. דער ארויסגעבער — א. י.) זאָל צוליב אויסזיכטן פון אייגננוץ ניט נויטע זייַן אפן צאד פון די פאנאטיקער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם ראָוו ייִדן״.

דער דירעקטאָר לייגט טאקע דעריבער פאָר, אז די קאזנא זאָל נעמען אף איר כעשבן די הויצאָעס פונעם זשורנאל און זאָל באשטימען דעם ארויסגעבער א גענוגנדיקן געהאלט. וואָס איז שייַעך דער פארשפּרייטונג, לייגט ער פאָר, אז דער זשורנאל זאָל צעטיילט ווערן צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג גאָר אומזיסט, אָדער פאר זייער א קליינער פרייַז, און די האכנאָסע זאָל זייַן לעטויוועס די פּריוואטע שולן. פון דיזאָזיקע אויסערלעך־טעכנישע פראָטים גייט ער איבער צו דער טאָך־פראגע. ער שטרייַכט אונטער, אז „ארטיקלען, וואָס זייַנען באשטימט פארן ראָוו אוילעם, זאָלן געדרוקט זייַן אין דער פּאָשעטער פאָלקסשפראך[2]) (простонародный язык), אנדערש וועט ניט געלייזט ווערן די הויפּט־אופגאבע — צו פארשפּרייטן זיי צווישן די אומאנטוויקלטע און פארגרעבטע אין אומוויסנהייַט מאסן״. אינעם ווייַטערדיקן שרייַבט דער דירעקטאָר, אז ס׳איז זייער וויכטיק, אז אינעם זשורנאל זאָלן זיך דרוקן פּאָלעמישע ארטיקלען וועגן דער וויכטיקייַט פון בילדונג פאר ייִדן, וועגן די פּאָרורטיילן און אָבערגלויבנס פון ייִדן, אז מ׳זאָל אין זיי פּאָרזיכטיק אָנרירן די סעקטאנטישע פארבלאָנדזשענישן און ד. גל.

„אָן אזא פּאָלעמיק וועט די האשפּאָע פונעם זשורנאל זייַן אן אויבנאויפיקע און וועט ניט ברענגען צו קיין באוווסטזיניקן איבערקער אין די באגריפן פונעם האמוין, וואָס האלט זיך בא זייַנע גלויבונגען ניט צוליב איבערצייַגונג, נאָר שלעפּט זיך בלינדערהייט נאָך נאָך זייַנע אָנפירער (פרומאקעס) בלויז אויס טראדיציִעס פון די עלטערן און אויס רעגילעס״.

צום סאָף איז דער דירעקטאָר מוידיִע, אז ער האָט שוין אפילע א פּאסיקן קאנדידאט פארן ארויסגעבער פונעם זשורנאל. דאָס איז דער דאָקטער רוווּן קולישער, וועלכער האָט געענדיקט מיט אן אויסצייכענונג צוויי פאקולטעטן פון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, איז איצט מיליטער־דאָקטער אין לוצק און האָט אויסגעדריקט זייַן ווונטש צו זייַן דער ארויסגעבער פון ייִדישן זשורנאל. „זייַנע פעיִקייַטן, ענערגיִע און ליבע צו זייַנע גלויבנסברידער זייַנען באוווּסט און קאָנען דינען ווי אן אָרוועס פארן דערפאָלג פונעם זשורנאל״.

1) איינער פון די אָנגעזעענסטע מאסקילים אין די 40—70־ער יאָרן פון XIX יאָרהונדערט, אווטאָר פון א רייִ היסטאָרישע ווערק, לערער אין ווילנער ראבינער־שול און טאקע שפּעטערדיקער רעדאקטאָר פונעם העברעיִשן זשורנאל „הכרמל״, וואָס האָט אין 1860 יאָר אָנגעהויבן ארויסגיין אין ווילנע.

2) אינעם קאָנטעקסט איז ניט קלאָר, צי דער דירעקטאָר מיינט, אז אינעם פּראָיעקטירטן העברעיִשן זשורנאל זאָלן פון צייַט צו צייַט געגעבן ווערן אויך געוויסע ארטיקלען אף ייִדיש, אָדער די רייד גייט וועגן א באזונדער בייַלאגע אָדער אפילע זעלבשטענדיקן פּעריאָדישן אָרגאן אף ייִדיש, וועלכער זאָל טראָגן א מאכן־כאראקטער און זאָל זייַן באשטימט פארן ראָוו אוילעם פּאָשעטע לייענער. ווען מע לייענט אָבער אופמערקזאם די דערוווידערונגען, וואָס פּיראָראָוו און רובינשטיין רוקן ארויס קעגן דעם דירעקטאָרס פּאָרשלאג (זע 2־טע און 3־טע בייַלאגעס) און באזונדערס די טייַנע, אַז אן אופקלערונג־זשורנאל פאר ייִדן דארף זייַן אויסגערעכנט „ניט אפן נידעריקן, נאָר אפן מיטעלן קלאס״, אפן „טאלמודיש געבילדעטן, וואָס באנוצט זייער זעלטן דעמדאָזיקן זשארגאָן״, איז זיך לייַכט צו איבערצייַגן, אז ס׳האנדלט זיך וועגן א זעלבשטענדיקער פּעריאָדישער אויסגאבע אין ייִדיש.

דאָס, וואָס דער דירעקטאָר רוקט ארויס אלס רעדאקטאָר פונעם זשורנאל דעם ד״ר ר. קולישער (זע ווייַטער) און ניט דעם אינספּעקטאָר אייכנבוימען און דעם לערער לערנער, וועלכע האָבן די גאנצע צייַט געבעטן א דערלויבעניש אף א העברעיִשן זשורנאל (זע אַבִיסל ווייַטער), איז אויך א רייִע, אז ס׳איז געמיינט געוואָרן א זעלבשטענדיקער פּעריאָדישער אָרגאן אין ייִדיש.

ווי מיר זעען, האָט דעם דירעקטאָרס ענטפער צוגעגעבן א נייַע ווענדונג דער גאנצער פראגע פונעם פראָיעקטירטן זשורנאל. אינעם מעמאָראנדום צום מיניסטער האָט, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, זיך געהאנדלט וועגן א העברעיִשן זשורנאל מיט בייַלאגעס אין רוסיש און דייַטש, וואָס זייַן צוועק איז צו באדינען די ראבינער־שול דורך „דרוקן די בעסטע ווערק פון די טאלמידים", „פארעפנטלעכן די נעמען פון יענע טאלמידים, וואָס האָבן זיך אויס־געצייכנט" א. א. וו.

גאָר פון אן אנדער מין האָט געוואָלט זייַן דער זשורנאל, וועגן וועלכן ס'רעדט דער דירעקטאָר. די ארטיקלען אין אים דארפן טראָגן א מאסן־כאראקטער, זיי דארפן זייַן צו־געפאסט צום ניוואָ און באדערפענישן פון די ברייטע פאָלקס־מאסן, באקעמפן זייערע פאָרורטיילן און אָבערגלויבונגען און דארפן צוליב דעם טאקע זייַן געדרוקט אין דער שפראך פון דידאָזיקע מאסן, אין דער פּאָשעטער פאָלקס־שפראך.

אין דערדאָזיקער נייַער פאָרמולירונג האָט די פראגע וועגן זשורנאל באקומען גאָר א נייַעם כאראקטער, און דער קוראטאָר גיט איבער דעם דירעקטאָרס שריפט צום צענזאָר איבער ייִדישע ספאָרים וול. פיאָדאָראָוו און צום געלערנטן ייִד באם קיעווער לערן־ראיאָן מ. רובינשטיין, אז זיי זאָלן ארויסזאָגן זייער קוק אף דער זאך.

ווי טיפּישע מאסקילים פון זייער דאָר האָבן ביידע, אי פיאָדאָראָוו [1], אי רובינשטיין, זיך ארויסגעזאָגט קעגן דעם, אז דער געפלאנטער זשורנאל זאָל זייַן אין ייִדיש. זיי כאזערן ביידע איבער דעם באוווּסטן מאסקילישן פּיזמען וועגן „ניט־גראמאטיקאלישקייַט", „וואול־גארקייַט" א. ד. גל. פון „זשארגאָן". בא דער אלגעמיינער נעגאטיווער שטעלונג צו ייִדיש איז אָבער דאָך דאָ אן אונטערשייד אינעם צוגאנג צו דערדאָזיקער פראגע בא פיאָדאָראָוון און בא רובינשטיינען, ווי מיר וועלן באלד זען.

אין זייַן ענטפער פון $7/_{X}$ 1858 יאָר הייבט פיאָדאָראָוו אָן דערפון, אז „ייִדן, באזונ־דערס יענע, וועלכע זייַנען וויפל ניט איז טאלמודיש געבילדעט (און אזעלכע זייַנען דער ראָוו), באנוצן זייער זעלטן דעמדאָזיקן זשארגאָן אין זייערע שריפטלעכע באציִונגען. אלס בוך־שפראך טרעט ער ארויס בלויז אין ניט קיין סאך ווייַבערשע טפילעס, אין א גאָר קליינער צאָל ווערק, וואָס זייַנען א מין איבערדערציילונג פון די הייליקע ספאָרים און זייַנען אָנגעשריבן פאר פרויען וועגן, ווי אויך אין אזא נישטיקער צאָל בראָשורן מיט א וועלטלעכן אינהאלט, וואָס זייַנען אלע אָנגעשריבן אין דער נייַסטער צייַט. א זשורנאל, וואָס וועט ארויס־געגעבן ווערן אפן דאָזיקן זשארגאָן, ווען מיר זאָלן אפילע דערלאָזן די מעגלעכקייַט פון אזא מין זשורנאל, וועט דעריבער קיינמאָל ניט געלייענט ווערן פון מענטשן אפילע מיט אן אויבנויפיקער טאלמודישער בילדונג, ווייַל זיי זייַנען ניט געווינט צו זען קיין שום ערנסט אין דערדאָזיקער מעגושעמדיקער שפּראך. ס'וועט אָבער אף אזויפיל אויך זייַן אומבאדייַטנדיק דער דערפאָלג פונעם דאָזיקן זשורנאל באם נידעריקן קלאס, וועלכער האָט א טעווע אומעטום, און באזונדערס בא ייִדן, נאָכצוטון די מער פארמעגלעכע און מער ווױלקענעוודיקע. דערצו וואָלט דער פּראָיעקטירטער זשורנאל, אלס ערשטער פארפלאנצער פון בעסערע באגריפן צווישן ייִדן, געדארפט, לויטן נאטירלעכן גאנג פון בילדונג בא אלע פעלקער, אויסקלייַבן אלס הויפּט־קרייַז פון זייַן ווירקונג ניט דעם נידעריקן, נאָר דעם מיטעלן קלאס פון פאָלק, וואָס האָט א גרעסערע האשפּאָע אין דער געזעלשאפט צוליב זייַן פילצאָליקייַט, צוליב זייַנע גענוגנדיקע מיטלען צום לעבן און באדייַטנדיקער גייַסטיקער אנטוויקלונג, וואָס איז פארבונדן מיטן שטודירן די ייִדישע רעליגיִעז־יורידישע ליטעראטור".

---

1) וול. פיאָדאָראָוו, א געשמאַדטער מאסקיל, איז אויך נאָכן שמאד געבליבן טרײַ זײַנע פריִערדיקע האסקאָלע־אידעאלן און האָט צוזאמען מיט די איבעריקע מאסקילים פון זײַן דאָר געפירט דעת האסקאָלע־קאמף. זע קולישערס „Итоги" ז.ז. 36, 50, 65—66 א. א. זע אויך סאָקאָלאָווס ארטיקל „הצפירה והמבקרים מטעם" אינעם „ספר היובל" תרע"ב.

ער רוקט דערנאָך ארויס א צווייטן מאָמענט קעגן דעם, אז דער זשורנאַל זאָל זײַן אין ייִדיש. „לויט דער אָרעמקייט אין אויסדרוקן און לויט דער ניט־באארבעטקייט פון זײַנע פאָרמען, קאָן דערדאָזיקער זשארגאָן טויגן עפּשער בלויז פאר ארטיקלען, אין וועלכע ס'ווערן באשריבן די כאראקטעריסטישע מאָמענטן פונעם טאָגטעגלעכן ייִדישן לעבן, אזוי ווי דאָס איז קלאָר צו זען פון אלע פּרוּוון, וואָס זײַנען געמאכט געוואָרן אפן דאָזיקן גע־ביט אין דער פאָרם פון ניט קיין גרויסע דראמאטישע פּיעסן, לידער אָדער סקיצן מיט א מאָראלישער סענטענץ. נאָר קעדיי אויסצופילן מיט דערפאָלג דידאָזיקע אויפגאבע, פאָדערט זיך פרישקייט, שעפּעדיקייט און שפּראך־בוי, ווי מ'שעפּט זיי פונעם ערשטן קוואל — פון פאָלקס־מויל".

„דער ארויסגעבער, וועלכער ווערט פאָרגעלייגט אין דער שריפט, איז א דאָקטער, וואָס האָט געענדיקט דעם קורס פון צוויי פאקולטעטן אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. אויב מ'זאָל נאָך צורעכענען דעם גימנאזיע־קורס, האָט ער בא צוויי צענדליק יאָר פאר־בראכט אין א רוסישן לערן־אנשטאלט, ווײַט פון ייִדן. ס'איז דעריבער שווער צו רעכענען, אז דער זשארגאָן פון זײַנע קינדער־יאָרן זאָל בא אים האָבן אײַנגעהיט די לעבעדיקייט און רײַכקייט אין אזא מאָס, אז ער זאָל קענען ארויסגעבן אף אים א פעריאָדישן ליטערארישן זשורנאל, וואָס זאָל זײַן אינטערעסאנט און אלגעמיין־פארשטענדלעך פאר הײַנטיקע ייִדן, וועלכע זײַנען אזוי ווײַט אוועק פונעם ייִדנטום פון די 30־ער יאָרן".

נאָכדעם, ווי פּיאָדאָראָוו קלײַבט אויספירלעך פונאנדער די פראגע וועגן טאָן און כא־ראקטער פון די ארטיקלען אינעם זשורנאל, ווי אויך די פראגע, צי דארף דער זשורנאל ארויסגעגעבן ווערן אויסשליסלעך אפן כעשבן פון קאזנא, קערט ער זיך ווײַטער אום צו דער שפּראך־פראגע און רעזיומירט: מע דארף „דערלויבן דעם ארויסגעבער צו דרוקן דעם פּראָ־יעקטירטן זשורנאל פאר ייִדן אף צוויי שפּראכן — העברעיִש און אלגעמיין־געברויכלעכן זשארגאָן, אָפּהענגיק פונעם ארט פארעפנטלעכטע ארטיקלען. אָט אזוי, ארטיקלען, וועלכע אנטהאלטן אין זיך אלגעמיין־נוצלעכע יעדיִעס און וויסנשאפטלעכע באגריפן, און ארטיק־לען, וועלכע באריִרן ריין ייִדישע איניאָנים, ווי רעליגיִע אָדער מאָראל, ארכעאָלאָגישע אויספאָרשונגען און קאָמענטארן צו די שווערע ערטער אין די הייליקע ספאָרים — קענען און דארפן געדרוקט ווערן אין העברעיִש. קעדיי אָבער צו שילדערן בילדער פונעם געוויינ־לעכן ווירקלעכן לעבן פון הײַנטיקער ייִדישער געזעלשאפט, קען מען אויך געברויכן דעם ייִדישן זשארגאָן, אויב דער ארויסגעבער וועט דאָס, צוליב זײַנע טײַמים, געפינען פאר פּאסיק [1]. דידאָזיקע פרײַהײַט אינעם אויסוואל פון דער שפּראך וועט געבן דעם ארויסגעבער די מעגלעכקײַט צו פארברייטערן די ראמען פונעם זשורנאל, צו מאכן זײַן אינהאלט פארשיידנ־ארטיק און וועט אים אף אסאך פארלײַכטערן צוצוקלײַבן פאר זיך ווערטפולע מיטארבעטער".

ווי מיר זעען, האָט פּיאָדאָראָוו ניט אָפּגעוואָרפן קאטעגאָריש דעם פּראָיעקט פון א זשורנאל אף ייִדיש. ער האלט טאקע, אז דער זשורנאל דארף דערהויפּט אינזינען האָבן דעם מיטעלן קלאס, וועלכער איז טאלמודיש געבילדעט און „באנוצט זעלטן דעם זשארגאָן אין זײַנע שריפטלעכע באציִונגען". ער לייקנט אָבער אויך ניט אָפּ, אז די ארטיקלען, אין וועלכע „ס'ווערן באשריבן די כאראקטעריסטישע מאָמענטן פונעם טאָגטעגלעכן לעבן" קענען זײַן געדרוקט אפילע אין זשארגאָן. ער קומט אפילע צום באשלוס, אז דער זשורנאל דארף זײַן אײַנצײַטיק אף ביידע שפּראכן: אף העברעיִש און „זשארגאָן", אָפּהענגיק פונעם כאראקטער פון די ארטיקלען.

א באזונדער אופמערקזאמקײַט פארדינט אָבער פּיאָדאָראָווס פאָדערונג, אז דער „זשאר־גאָן" פונעם זשורנאל זאָל זײַן זאפטיק, פּליסיק און רײַך אין אויסדריקן, אזוי ווי ער ווערט

[1]) די גאנצע ארגומענטאציִע, פארוואָס מע דארף דרוקן דעם זשורנאל אִף ביידע שפּראכן מאכט דעם אײַנדרוק, אז אינעם עצעם־פּראָיעקט האָט זיך געהאנדלט בלויז וועגן איין שפּראך — ייִדיש — און אז דער פאָרשלאג פון צוויי שפּראכן איז ארויסגערוקט געוואָרן פון פּיאָדאָראָוון.

געברויכט אין פאָלקס־מויל, און דאָס אונטערשטרייַכן, אַז בלויז דאַן וועט דער זשורנאַל זייַן אינטערעסאַנט און אַלגעמיין פאַרשטענדלעך פאַר הייַנטיקע ייִדן. אין יענער צייַט האָבן אַזעלכע האַנאָכעס געקלונגען נאָך גאַנץ פרעמד אינעם מויל פון א מאַסקיל. האָבן מיר דאָך געזעען, ווי אַזוי אינעם „המליץ" האָבן זיך די ערשטע צייַט געדרוקט די אַרטיקלען אין העברעיִש און דייַטש (מיט ייִדישע אויסיעס) און ס'האָט געדאַרפט אַוועקגיין א פּאָר יאָר ביז צעדערבוים איז געקומען צום סייכל וועגן אַרויסגעבן אַלס בייַלאַגע א זשורנאַל אויף פּראָסט ייִדיש.

דער צווייטער עקספּערט, דער „געלערנטער ייִד" מ. רובינשטיין האָט זיך אַרויסגעזאָגט קאַטעגאָרישער. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פונעם מאַסקילישן אַרסענאַל אַלע סקאַרבאָווע טייַנעס קעגן „זשאַרגאָן": ער „באַשטייט פון צעקאַליעטשעטע ווערטער פון אַלע אייראָפּעיִשע און אַזיִאַטישע שפּראַכן", האָט ניט קיין גראַמאַטיק און מ'קען אויף אים קלאָר ניט אויסדריקן קיין זאַך. דערצו האָט יעדע פּראָווינץ איר זשאַרגאָן. די אויסדרוקן און ווערטער פון איין פּראָווינץ פאַרשטייט מען גאַנץ שווער אין א צווייטער פּראָווינץ. צוליב דעם אַליין לוינט זיך ניט אַרויסצוגעבן א זשורנאַל אין ייִדיש. רובינשטיין באַהויפּט דערצו, אַז פאַרן פּאָשעטן פּאָלק, פאַר די פּאָלקס־מאַסן, איז א זשורנאַל אַן איבעריקע זאַך, ווייַל „זיי לייענען ניט קיין זאַך, אַכוץ טפילעס".

בנוגע צו דעם אינהאַלט און כאַראַקטער פונעם זשורנאַל איז ער מסכים מיט דער פּראָגראַם, וואָס דער פּעדאַגאָגישער ראַט בא דער ראַבינער־שול האָט אויסגעאַרבעט און צוגעשטעלט דעם בילדונג־מיניסטער אין 1857 י.

וואָס איז שייַעך דער פראַגע וועגן אַרויסגעבער, האַלט רובינשטיין, אַז די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל דאַרף זייַן אין די הענט פונעם פּעדאַגאָגישן ראַט, וואָס זייַנען מיטגלידער זייַנען באַוווּסט דער רעגירונג. בנוגע צו אַן אַנדער פּערזאָן, ווי, לעמאָשל, קולישער, דאַרף מען זיך נאָך איבערצייַגן, צי באַזיצט דידאָזיקע פּערזאָן די נייטיקע ידיִעס און קענטעניש.

וועגן ווייַטערדיקן גוירל פונעם געפּלאַנטן זשורנאַל זייַנען אין די אַקטן מער ניטאָ קיין ידיִעס. ווי ס'ווייַזט אויס, האָט דער קוראַטאָר אָפּן סמאַך פון פּיאָדאָראָווס און באַזונדערס פון רובינשטיינס מיינונג, אָפּגעזאָגט דעם דירעקטאָר אין זייַן הישטאַדלעס, ווייַל שפּעטער אַביסל טרעפן מיר שוין אין דיזעלביקע אַקטן א ריי פּאַפּירן וועגן א העברעיִשן זשורנאַל מיטן נאָמען „דורש טוב לישראל" אונטער דער רעדאַקציע פון אייכנבוימען און לערנערן. [1]

* * *

ווי מיר זעען פון די אַרכיוו־מאַטעריִאַלן, האָט זיך דער געדאַנק פון א ייִדישן זשורנאַל אַזוי ווי אַרייַנגעריסן אינמיטן דער קאַמפּאַניִע פאַר א העברעיִשן זשורנאַל, וואָס די ייִדישע לערערשאַפט בא זשיטאָמירער ראַבינער־שול האָט געפירט אין משך פון אַריבער 10 יאָר. די אַרכיוו־מאַטעריִאַלן גיבן אָבער ניט קיין ענטפער אויף א גאַנצער ריי פראַגן, וואָס שווימען דערבייַ נאַטירלעך אַרויף. ערשטנס, פונוואַנען, פון וואָס פאַר א קרייַז האָט עס געשטאַמט דערדאָזיקער פּלאַן פון א ייִדישן זשורנאַל, ווער איז געשטאַנען הינטער די פּלייצעס פונעם דירעקטאָר? האָבן מיר דאָך געזעען, אַז די זשיטאָמירער לערערשאַפט פון ראַבינער־שול פלעגט אירע הישטאַדלעסן און ביטשריפטן וועגן א העברעיִשן זשורנאַל צו דער העכערער נאַטשאַלסטווע אַריבערשיקן דורכן

[1] ווי מיר דערוויסן זיך פון אַן אַנדער אַקט פונעם אַרכיוו פון ראַבינער-שול פאַרן יאָר 1861, האָט די צענזור-הויפּט-פאַרוואַלטונג איבערגעגעבן דעם 14 יולי 1861 דעם קיעווער צענזור-קאָמיטעט די אַלערהעכסטע דערלויבעניש פון 29/VI אויף אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל. דער זשורנאַל איז אָבער, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין א פריִער-דיקער באַמערקונג, ניט דערשינען, ווייַל ס'האָט זיך ניט אייַנגעגעבן צונויפצוקלייַבן קיין 400 אַבאָנענטן, אָן וועלכע דער זשורנאַל האָט ניט געקאָנט עקזיסטירן.

דירעקטאָר. זאָל דאָס הייסן, אז דער פלאַן פון דעם דערמאָנטן ייִדישן זשורנאַל זאָל אויך שטאמען פונעם לערער־קרײַז בא דער ראבינער־שול? דאָס גלויבט זיך קוים. ווייסן מיר דאָך פון דער שוין ציטירטער האקדאָמע צו ליפשיצעס רוסיש־ייִדישן ווערטערבוך, אז צווישן די איבעריקע מאסקילים איז אים אויסגעקומען צו פירן א קאמף אויך מיטן אינספעקטאָר פון ראבינער־שול, אייכנבוימען, וועגן דער וויכטיקייט פון דער ייִדישער שפּראַך.

אומפארשטענדלעך בלייבט אויך די גאנצע מײַסע מיט ד״ר קולישערס רעדאקטאָרשאפט. אין דער דערמאָנטער ליפשיצעס האקדאָמע ווערט צווישן די קעגנער פון ליפשיצעס פלענער אָנגערופן אויך קולישערס נאָמען [1]. ווי זשע קומט עס, אז קולישער זאָל אויסדריקן זײַן ווונטש צו ווערן א רעדאקטאָר פון א פעריאָדישער אויסגאבע אין ייִדיש?

צי האָט טאקע דערזעלביקער י. מ. ליפשיץ, דער אומדערמידלעכער און אקשאָנעסדי־קער קעמפער אין די 50—60־ער יאָרן פאר דער אָנערקענונג פון דער ייִדישער שפראך, וועל־כער האָט געוווינט אין בארדיטשעוו און איז געווען פארבונדן מיט זשיטאָמירער מאסקילים־קרײַז, ניט געהאט קיין שײַכעס צו דערדאָזיקער קאמפאניע?

לײדער קאָן מען דערווײַל אפן סמאך פון די געבראכטע דאָקומענטן ניט געבן קיין קלאָרע טשוווע אף דידאָזיקע פראגן.

---

## ערשטע בײַלאגע [2]

### מיינונג פונעם דירעקטאָר פון זשיטאָמירער ראבינער־שול וועגן דער נייטיקייט פון א זשורנאל אף ייִדיש

(בײַגעלייגט צום דירעקטאָרס ענטפער פון 15/VI, 1857 (№ 357) [3])

Периодическое литературное издание с целью содействовать видам правительства к образованию евреев весьма ускорить может желанную реформу. Одним влиянием училищ и при усилии административных мер дело это будет подвигаться медленно, хотя и верно. Но благоразумное соединение с средствами сими литературного влияния (непрерывного) в состоянии быстро его двинуть вперед. Для сего необходимо нужно, дабы издатель журнала для евреев, если он не пользуется еще авторитетом, обладал замечательными способностями и основательным знанием еврейской литературы и был вполне свободен от предрассудков и фанатизма. При том, допустив и требуемые в издателе дарования, необходимо зорко следить чтобы из видов корысти не наклонился он на сторону фанатиков, составляющих большинство. И посему надлежало бы издержки по изданию принять на казенный счет, определить издателю достаточное жалованье и распространять периодические листки по еврейскому населению безденежно или за весьма малую плату в пользу частных школ. Надобно еще от издателя требовать, чтобы статьи, назначенные для большинства, печатаны были на простонародном языке. Иначе же главная задача—распространение их в массах народа огрубелого в невежестве и не развитого—решена не будет. В издаваемом журнале следует также допустить полемические прения о важности образования евреев, о их предрассудках и суеверии, осторожно касаясь заблуждений сектаторских и пр. Без такой полемики влияние журнала будет поверхностное и не произведет

---

1) זע אויך ליפשיצעס בריוו צו קולישערן פון 1861 י. אינעם שוין פון אונדז ציטירטן א. ר. מלאכי׳ס אַרטיקל אין „טעאַליט״, 1924, № 3.

2) מיר ברענגען די דאָקומענטן אין דער נײַער אָרטאָגראַפיע.

3) ארכיוו פונעם קוראטאָר פון קיִעווער לערן־ראיאָן, 2־טער טיש, נ. 23 פארן יאָר 1857.

сознательного переворота в понятиях толпы, чуждой убеждения в своих повериях, и (доверяющей) идущей вслепую за своими руководителями (святошами) лишь по обычаю предков и по привычке.

Противники образования, по большей части, остаются по неведению, их надобно вразумить и они же будут за то благодарны. Из обоюдных и популярных прений видна будет им истина, и тогда они в состоянии будут отличать свои верования от заблуждений.

При таких условиях издание журнала будет существенно полезно, а при отсутствии их, ежели не окажет действия отрицательного, не достигнет ожидаемых последствий.

Окончивший с отличием курс по 2-м факультетам в Петербургском университетѣ, состоящий ныне военным врачем в г. Луцке. Рувим Кулишер изъявил свое желание быть издателем еврейского журнала. Его способности, энергия и любовь к своим единоверцам известны и могут быть порукой его успеха.

[איבערזעצונג]

א פעריאָדישע ליטעראַרישע אויסגאַבע, וואָס האָט דעם ציל מיטצוהעלפן דער רעגירונג אין אירע מאָסמיטלען צו בילדן די יידן—קאָן זייער פארשנעלערן די געוווּנשטע רעפאָרם. בלויז מיט דער ווירקונג פון שולן, אפילו אויב מ'זאָל פארשטאַרקן די אדמיניסטראַטיווע מאָסמיטלען, וועט דער איניען זיך באַוועגן, כאָטש אפילו זיכער, נאָר לאנגזאַם. אָבער אויב מ'וועט צו דידאָזיקע מיטלען ווילפארשטאַנדיק פארייניקן א ליטעראַרישע ווירקונג (אַן אומופהערלעכע), וועט דאָס אימשטאנד זיין שנעל צו באַוועגן פאָרויס די זאַך. דערצו איז נייטיק, אַז דער ארויסגעבער פונעם זשורנאַל פאר יידן, אויב ער איז נאָך ניט אָנגענומען פאר קיין אויטאָריטעט, זאָל ער באַזיצן אויסגעצייכנטע פעיקייטן, זאָל גרינטלעך וויסן די העברעיִשע ליטעראַטור און זאָל אינגאַנצן זיין פריי פון פאָרורטיילן און פאַנאַטיזם. דערביי, אויב אפילו דער ארויסגעבער וועט באַזיצן אַלע באַגאַבטקייטן, וואָס פאָדערן זיך, איז נייטיק שאַרף נאָכצושפירן, אַז ער זאָל צוליב אויסזיכטן פון אייגננוץ ניט נויטע זיין אַפן צאַר פון די פאַנאַטיקער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם ראָוו יידן. און דעריבער וואָלט מען געדאַרפט די הויצאָעס פון דער אויסגאַבע נעמען אַפן כעשבן פון קאַזנאַ, באַשטימען א גענוגנדיקן געהאַלט פארן ארויסגעבער און פארשפרייטן די פעריאָדישע בלעטער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אָן געלט אָדער פאר זייער א קליינער פריַיז לעטויוועס די פריוואַט-שולן. מ'דאַרף נאָך דערצו פאָדערן פונעם ארויסגעבער, אַז אַרטיקלען, וואָס זיינען באַשטימט פארן ראָוו אוילעם, זאָלן געדרוקט זיין אין דער פּאָשעטער פאָלקסשפּראַך. אַנדערש וועט ניט געלייזט ווערן די הויפּט-אויפגאַבע — צו פארשפרייטן צווישן די אומאַנטוויקלטע און פארגרעבטע אין אומוויסנהייט מאַסן. אינעם ארויסגעגעבענעם זשורנאַל דאַרף מען אויך דערלאָזן פּאָלעמישע וויקוכים וועגן דער וויכטיקייט פון בילדונג פאר יידן, וועגן זייערע פאָרורטיילן און אָבערגלויבנס; מ'דאַרף פאָרזיכטיק אָנרירן די סעקטאַנטאָרישע פארבלאָנדזשעניש א. ד. ג. אָן אַזאַ פּאָלעמיק וועט די האַשפּאָע פונעם זשורנאַל זיין אָן אויבנאויפיקע און וועט ניט ברענגען צו קיין באַוווסטזיניקן איבערקער אין די באַגריפן פונעם האַמוין, וואָס האַלט זיך בא זיינע גלויבונגען ניט צוליב איבערצייַגונג, נאָר שלעפּט זיך בלינדערהייט נאָך נאָך זיינע אָנפירער (פרומאַקעס) בלויז אויס טראַדיציִעס פון די עלטערן און אויס רעגילעס.

די קעגנער פון בילדונג בלייבן עס, אין גרעסטן טייל, צוליב אומוויסנהייט. מ'דאַרף זיי אויפקלערן און זיי וועלן זיין דאַנקבאַר דערפאַר. פון ביידעזייטיקע און פּאָפּולערע וויקוכים וועט זיי קלאָר ווערן דער עמעס, און דאַן וועלן זיי זיין אימשטאַנד אונטערצושיידן זייערע גלויבונגען פון פארבלאָנדזשעניש.

בא אַזעלכע באַדינגונגען וועט די אויפגאַבע פונעם זשורנאַל זיין העכסט נוצלעך. באַם אויספעלן פון דידאָזיקע טנאָיִם, איז אויב דאָס וועט ניט האָבן קיין נעגאַטיווע ווירקונג, וועט דאָס אָבער ניט ברענגען צו די דערוואַרטע רעזולטאַטן.

רוווּן קולישער, וועלכער האָט געענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג דעם קורס פון צוויי פאַקולטעטן אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט און איז איצט א מיליטער-דאָקטער אין לוצק, האָט אויסגעדריקט זיין ווונטש צו זיין דער ארויסגעבער פון א יידישן זשורנאַל. זיינע פעיקייטן, ענערגיִע און ליבע צו זיינע גלויבנסברידער זיינען באַוווּסט און קענען דינען ווי אַן אָרוועס פארן דערפאָלג פונעם זשורנאַל.

## צווייטע בײַלאגע

### פּיאָדאָראָווס ראפּאָרט צום קוראטאָר פון קיִעווער לערן־ראיאָן פון x 7, 1858, № 121 [1]

При всей несомненности пользы, какую может принести здешнему еврейскому обществу повременное издание исключительно для него писанное, нельзя не согласиться, что успех, ожидаемый от подобного издания, вполне зависит: 1) от языка, на котором оно будет издаваться, 2) от направления его и тона и 3) от программы и удачного выбора статей, более или менее сообразных с потребностями евреев.

I. Язык. В рассмотренной мною записке предложено одним из непременных условий для успеха журнала издание его на жаргоне, употребляемом здешними евреями в житейских своих отношениях. Выбор сего нестройного, не обработанного и речениями весьма бедного языка исключительным органом распространения в большинстве евреев общеполезных сведений и понятий, противных устарелым их предрассудкам, кажется мне крайне неудобным по следующим соображениям:

а) евреи, в особенности те, которые сколько нибудь образованы талмудически (а эти составляют большинство) весьма редко употребляют сей жаргон в своих письменных сношениях. Как язык книжный он является лишь в немногих женских молитвах, в весьма малом числе сочинений, составляющих парафрастику священных книг и написанных для женщин же, и в столь же незначительном числе брошюр светского содержания, которые все суть произведения новейшего времени. Поэтому журнал издаваемый на сем жаргоне, если допустим возможность сего, никогда не будет читаться людьми с поверхностным даже талмудическим образованием, так как они не привыкли видеть ничего серьёзного на сем грубом языке. Но столько же незначителен будет успех его в низшем классе, который везде, а в особенности у евреев подражает людям более состоятельным и высшим по книжному образованию. При том предлагаемый журнал, как первоначальный рассадник лучших понятий в еврействе, должен бы был, по естественному ходу образования всех народов, выбрать главным кругом действий не низший, а средний класс народа, как наиболее в обществе влиятельный по своей многочисленности, по достатку в средствах к жизни и значительному умственному развитию вследствие изучения религиозной юридической литературы еврейской.

б) жаргон этот по бедности речений и необработанности форм может годиться разве для одних статей, описывающих характеристические моменты ежедневной еврейской жизни, как это ясно видно из всех сделанных на сем новом поприще попыток в виде небольших драматических пьес, стихотворений или нравоучительных повестей. Но для исполнения с успехом этой задачи требуется свежесть, обилие и склад речи, почерпнутые у самого источника народного говора. Издатель же, предложенный в записке, врач, окончивший курс наук в С.-Петербургском Университете по двум факультетам, провел, считая и курс гимназический, около двух десятков лет в русском учебном заведении вне еврейства. Поэтому трудно предположить, что он сохранил жаргон детства в такой степени живости и богатства, чтобы издавать на нем периодический литературный журнал, интересный и общепонятный для современного еврейства, так далеко ушедшего от еврейства 30-х годов.

II. Полемика. Составитель записки полагает, что задача достигнется не иначе, как если ему дано будет направление полемическое. Такое требование, осуждаемое существующими правилами цензуры, едва ли может быть оправдано самой сущностью предмета. Полемика и прение, увлекаясь духом пристрастия и односторонности, редко в состоянии вести доказательства спо-

1) אַרכיוו פונעם קוראטאָר פון קיִעווער לערן-ראַיאָן, 2-טער טיש, 23 № פארן יאָר 1857.

койно и убедительно, не затрагивая ничьих интересов и не оскорбляя ничьего самолюбия. Тон полемический может в особенности быть вреден в делах совести и религии. Обиженный резкой полемикой, обличающей народные предрассудки и религиозные заблуждения прямо и аподиктически, еврей скорее отвергнет журнал, как произведение еретическое, достойное осуждения, нежели убедится в нелепости того, чем он доселе руководствовался, как учением божественным.

III. Издание журнала на казенный счет и постоянное жалованье издателю.

В записке признается необходимым устроить ближайший за издателем надзор со стороны правительства. Затем требуется в записке чтобы все издержки по изданию были приняты на казенный счет, а издателю определено было постоянное жалованье. Эта зависимость может скорее повредить успеху предприятия, чем содействовать ему. Находя достаточное обеспечение своих выгод в помощи от правительства, а не во внутреннем достоинстве журнала издатель тем легче может из корыстных видов склониться на сторону фанатиков или же впасть в бездействие и вовсе не радеть об усовершенствовании издания, о добросовестности и целесообразности котораго правительству придется судить по единичным лишь отзывам какого нибудь специалиста. При том, такое деятельное вмешательство правительства не может же оставаться тайной для евреев, которые, как известно, весьма подозрительно смотрят на все меры, предпринимаемые правительством в пользу их преобразования. Раздача же журнала евреям безденежно, как то требует записка, может окончательно уронить его в глазах не просвещенного еврейства, возбудив в нем опасение о каких то тайных враждебных намерениях начальства. Кто из евреев не помнит как ни один из них не осмеливался с спокойной совестью брать даром от английских миссионеров, во время пребывания их в России, библию, хотя она ни чем не отличалась от обыкновенных изданий священного писания, так чтимого евреями.

В сих убеждениях удобнее всего:

1) Предоставить издателю предполагаемый журнал для евреев издавать вместе на двух языках — еврейском и обще-потребляемом жаргоне, смотря по роду помещаемых статей. Так, статьи, содержание коих составляет какие-нибудь обще-полезные сведения и научные понятия и статьи, касающиеся предметов чисто-еврейских в виде религии или нравственности, изыскания археологические и изъяснения трудных мест священных книг могут и должны издаваться на еврейском языке. Для изображения же картин, обнимающих собою обыкновенную, действительную жизнь настоящего еврейского общества, можно и употреблять жаргон еврейский, если издатель найдет это по своим соображениям удобным.

Эта свобода в выборе языка доставит издателю возможность расширить пределы журнала, разнообразить содержание его и во многом облегчит ему приискать для себя достойных сотрудников.

Так, известный по своему влиянию на прусских евреев в период деятельности Мендельсона журнал „Меасеф“ издавался на немецком и еврейском языках. Единственная уступка, сделанная тогда в пользу обще-употребляемого жаргона состояла лишь в том, что немецкие свои сочинения и переводы с еврейского последователи Мендельсона писали, для облегчения чтения, еврейскими буквами. Прошло полстолетия и ныне не встретишь в Германии ни одного еврея, который бы говорил на сем хаотическом жаргоне. Обильная жатва благородных усилий сих преобразователей языка и нравственности не указывает ли и нашим передовым евреям путь, по коему они должны следовать к желаемой цели, к скорейшому достижению которой так отечески призывает их и благодетельное правительство, и неодолимый дух времени, и неотразимыя потребности века. Задача журнала для евреев состоит не в укреплении их в жаргоне,

лишенном всех элементов к усовершенствованию и составляющем нестройную и грубую смесь разных наречий без общей живительной идеи, а в распространении в еврействе правильной письменности языка еврейского, русского или немецкого, литература которых может в организм сего народа, зараженного вследствие исторической необходимости, предрассудками и фанатизмом, влить новую лучшую жизнь. В том, а не в ином духе издаются и ныне заграничные журналы: „Иешурун“, „Ойцер Нехмод“ и др.

2) Предположенный к изданию журнал, содержа в себе статьи всегда поучительные, должен однако-ж быть совершенно чужд полемической желчи и запальчивости. Одно спокойное, не лишенное сердечной теплоты изложение спорного предмета, с возможной осторожностью, там, где дело идет о религиозных убеждениях, наиболее в состоянии благотворно действовать на ум и сердце читателей. Для искоренения предрассудков народа могли бы с большой пользой быть употребляемы, между прочим, повести и рассказы юмористические, в коих заблуждения и ложныя направления изображались бы в смешных, но не оскорбительных картинах.

3) Нет сомнения, что издатель журнала с целью содействовать столь трудному делупреоб разования евреев, вполне заслуживает поощрения и поддержки со стороны правительства. Но участие это должно выразиться не в плате издателю постоянного жалованья, или в принятии всего издания на счет казны, так как это могло бы повлечь за собой много неудобств, а в временных пособиях денежных или других наградах, смотря по благонамеренности и достоинству журнала. В видах облегчения сбыта журнала можно бы было также дозволить выписку его в определенном числе экземпляров для еврейских казенных училищ. Такая помощь со стороны правительства, не выходя из обыкновенного порядка вещей, не может возбудить никаких опасений и подозрений в еврействе.

Изложив мое письмо о сем, столь важном по своим последствиям предприятии, со всей должной откровенностью, долгом считаю присовокупить, что за неимением полной программы предлагаемого журнала, окончательного о нем суждения в настоящее время дано быть не может.

Коллежский ассесор В. ФЕДОРОВ.

7/x—1858.
№ 121.

[איבערזעצונג]

בא דעם גאנצן נוצן, וואָס א פעריִאָדישע אויסגאבע, וועלכע איז ספעציִעל געשריבן פאר יִידן קען אָן צווייפל ברענגען דער היגער יִדישער געזעלשאפט, קען מען ניט ניט מאסקים זײַן, אז דער דערפאָלג, וואָס מ'קען דערווארטן פון אזא מין אויסגאבע, הענגט אינגאנצן אָפּ : 1) פון דער שפראך, אין וועלכער די אויסגאבע וועט ווערן געדרוקט, 2) פון איר ריכטונג און טאָן, און 3) פון דער פראָגראם און געלונגענעם אויסוואל פון ארטיקלען, מער אָדער ווייניקער צוגעפאסטע צו די באדערפענישן פון יִידן.

I. שפראך. אין דער באטראכטער שריפט ווערט אלס איינער פון די אומבאדינגטע טנאָים פארן דערפאָלג פונעם זשורנאל פאָרגעלייגט צו דרוקן אים אף זשארגאָן, וואָס די היגע יִידן געברויכן אין זייערע טאָגטעגלעכע באציִונגען. דער אויסוואל פון דע־דאָזיקער דיסהארמאָנישער, ניט באארבעטער און זייער אָרעמער אין אויסדרוקן שפראך, אלס אויסשליסלעכן מיטל אף צו פארשפרייטן צווישן דאָוו יִידן אלגעמיין נוצלעכע יעדיִעס און באגריפן, וועלכע זײַנען קעגן זייערע פארעלטערטע פאָרורטיילן, שײַנט מיר צו זײַן עקסט ניט פאסיק צוליב פאָלגנדיקע טײַמים:

א) יִידן, באזונדערס יענע, וועלכע זײַנען וויפל ניט איז טאלמודיש געבילדעט (און אזעלכע זײַנען דער דאָוו), באנוצן זייער זעלטן דעמדאָזיקן זשארגאָן אין זייערע שריפטלעכע באציִונגען. אלס בוך-שפראך טרעט ער ארויס בלויז אין ניט קיין סאך ווײַבערשע טפילעס, אין א גאָר קליינער צאָל ווערק, וואָס זײַנען א מין איבערדערציילונג פון די הייליקע ספאָרים און זײַנען אָנגעשריבן פאר פרויען וועגן, ווי אויך אין אזא נישטיקער צאָל בראָשורן מיט א וועלטלעכן אינהאלט, וואָס זײַנען אלע אָנגעשריבן אין דער נײַסטער צײַט. א זשורנאל, וואָס וועט ארויסגעגעבן ווערן אפן דאָזיקן זשארגאָן, ווען מיר זאָלן אפילע דערלאָזן די מעגלעכקײַט פון אזא מין זשורנאל, וועט דעריבער קיינמאָל ניט געלייענט ווערן פון מענטשן, אפילע מיט אן אויבנאויפיקער טאלמודישער בילדונג, ווײַל זיי זײַנען ניט געוווינט צו זען קיין שום ערנסט אין דערדאָזיקער מעגושעמדיקער שפראך. ס'וועט אָבער אף אזויפיל אויך זײַן

אומבאַדײַטנדיק דער דערפאָלג פונעם דאָזיקן זשורנאַל באַם נידעריקן קלאַס, וועלכער האָט א טעווע אומעטום, און באַזונדערס באַ ייִדן, נאָכצוטון די מער פאַרמעגלעכע און מער ווילקענעוודיקע. דערצו, וואָלט דער פּראָיעקטירטער זשורנאַל, אַלס ערשטער פאַרפלאַנצער פון בעסערע באַגריפן צווישן ייִדן, געדאַרפט, לויטן נאַטירלעכן גאַנג פון בילדונג באַ אַלע פעלקער, אויסקלײַבן אַלס הויפּט-קרײַז פון זײַן ווירקונג, ניט דעם נידעריקן, נאָר דעם מיטעלן קלאַס פון פאָלק, וואָס האָט א גרעסערע האָפענונג אין דער געזעלשאַפט צוליב זײַן פּילצאָליקײַט, צוליב זײַנע גענוגנדיקע מיטלען צום לעבן און באַדײַטנדיקער גײַסטיקער אַנטוויקלונג, וואָס איז פאַרבונדן מיטן שטודירן די ייִדישע רעליגיעז-יורידישע ליטעראַטור.

ב) לויט דער אָרעמקײַט אין אויסדרוקן און לויט דער ניט באַאַרבעטקײַט פון זײַנע פאָרמען, קאָן דער דאָזיקער זשאַרגאָן טויגן עפּשער בלויז פאַר אַרטיקלען, אין וועלכע ס׳וועט באַשריבן די כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פונעם טאָגטעגלעכן ייִדישן לעבן, אַזוי ווי דאָס איז קלאָר צו זען פון אַלע פּרוּוון, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אויפן דאָזיקן געביט אין דער פאָרם פון ניט קיין גרויסע דראַמאַטישע פּיעסן, לידער אָדער סקיצן מיט א מאָראַלישער סענטענץ. נאָר קעדיי אויסצופילן מיט דערפאָלג די דאָזיקע אויפגאַבע, פאָדערט זיך פרישקײַט, שעפעדיקײַט און שפּראַך-בוי, ווי מ׳שעפּט זיי פונעם ערשטן קוואַל — פונעם פאָלקס-מויל. דער אַרויסגעבער, וועלכער ווערט פאָרגעלייגט אין דער שריפט, איז א דאָקטער, וואָס האָט געענדיקט דעם קורס פון צוויי פאַקולטעטן אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. אויב מ׳זאָל נאָך צורעכענען דעם גימנאַזיע-קורס, האָט ער באַ צוויי צענדליק יאָר פאַרבראַכט אין א רוסישן לערן-אַנשטאַלט, ווײַט פון ייִדן. ס׳איז דעריבער שווער צו רעכענען, אַז דער זשאַרגאָן פון זײַנע קינדער-יאָרן זאָל באַ אים האָבן אײַנגעהיט די לעבעדיקײַט און רײַכקײַט אין אַזאַ מאָס, אַז ער זאָל קאָנען אַרויסגעבן אויף אים א פּעריאָדישן ליטעראַרישן זשורנאַל, וואָס זאָל זײַן אינטערעסאַנט און אַלגעמיין-פאַרשטענדלעך פאַר הײַנטיקע ייִדן, וועלכע זײַנען אַזוי ווײַט אַוועק פונעם ייִדנטום פון די 30-ער יאָרן.

II. פּאָלעמיק. דער צונויפשטעלער פון דער שריפט רעכנט, אַז די אויפגאַבע קאָן מען אויספילן ניט אַנדערש, נאָר סײַדן די ריכטונג וועט זײַן א פּאָלעמישע. אַזאַ פאָדערונג, וואָס איז פאַרורטיילט לויט די עקזיסטירנדיקע קלאָלים פון צענזור, קאָן קוים באַרעכטיקט ווערן לויטן עצם איניען. פּאָלעמיק און דעבאַטן זײַנען דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פון ליידנשאַפט און אײנזײַטיקײַט און זיי זײַנען זעלטן אימשטאַנד רויִק און איבערצײַגנדיק צו ברענגען באַווײַזן און ניט אָנרירן דערבײַ קיינעמס אינטערעסן, ניט באַליידיקן קיינעמס אייגנליבע. א פּאָלעמישער טאָן קאָן באַזונדערס שעדלעך זײַן אין איניאָנים פון געוויסן און רעליגיע. א באַליידיקטער פון דער שאַרפער פּאָלעמיק, וואָס דעמאַסקירט אָפן און אַפּאָדיקטיש די פאָרורטיילן פונעם פאָלק און די רעליגיעזע פאַרבלאָנדזשעניש, וועט דער ייִדיבער אָפּוואַרפן דעם זשורנאַל, אַלס אַפּיקאָרסיש ווערק, וואָס פאַרדינט צו ווערן געטאַדלט — איידער צו איבערצײַגן זיך אין דער אומגעלומפּערטקײַט דערפון, וואָס ער האָט ביז איצט גערעכנט פאַר א געטלעכער לערע.

III. די אויסגאַבע פונעם זשורנאַל אויפן כעשבן פון קאַזנאַ און א שטענדיקער געהאַלט דעם אַרויסגעבער.

אין דער שריפט ווערט אָנערקענט פאַר נייטיק, אַז די רעגירונג זאָל אײַנאָרדנען א נאָענטן אויפזיכט אויפן אַרויסגעבער. דערנאָך פאָדערט זיך אין דער שריפט, אַז אַלע הוצאָעס פון דער אויסגאַבע זאָל די קאַזנאַ נעמען אויף איר כעשבן, און מ׳זאָל דעם אַרויסגעבער באַשטימען א שטענדיקן געהאַלט. אַזאַ אָפּהענגיקײַט קאָן גיכער ברענגען שאָדן דעם דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג, איידער מיטהעלפן איר. אויב דער אַרויסגעבער וועט געפינען א גענוגנדיקע פאַרזיכערונג פון זײַנע נוצן אין הילף מיצאַד דער רעגירונג, און ניט אין די אינעווייניקסטע מײַלעס פונעם זשורנאַל, וועט ער קאָנען אַסאַך לײַכטער צוליב די אויסזיכטן פון אייגננוץ נויטע זײַן אויפן צאַד פון די פאַנאַטיקער אָדער גאָר ווערן אומעטיק און קלאָל ניט זאָרגן וועגן דער פאַרפולקומונג פון דער אויסגאַבע, און די רעגירונג וועט קאָנען אורטיילן וועגן דער געוויסנהאַפטיקײַט און צוועקמעסיקײַט פון דער אויסגאַבע בלויז לויט די דערקלערונגען פון א ספּעציאַליסט. דערבײַ וועט אַזאַ אַקטיווע אַרײַנמישונג פון דער רעגירונג ניט קאָנען בלײַבן קיין-סאָד פאַר די ייִדן, וועלכע קוקן, ווי באַוווּסט, זייער פאַרדעכטיק אויף אַלע מאָסמיטלען, וואָס די רעגירונג נעמט פאַר לעטוויוועס זייער רעפאָרמירונג. צעטיילן דעם זשורנאַל צווישן די ייִדן אָן געלט, ווי דאָס פאָדערט זיך אין שריפט, קאָן אים ענדגילטיק בלאַמירן אין די אויגן פון די ניט געבילדעטע ייִדן און דערוועקן באַ זיי א כשאַד וועגן עפּעס געהיימע פײַנטלעכע קאַוואָנעס מיצאַד נאַטשאַלסטווע. ווער פון די ייִדן געדענקט ניט, ווי אַזוי קיין איינער פון זיי האָט זיך ניט געוואַגט מיט א רויִקן געוויסן צו נעמען אומזיסט באַ די ענגלישע מיסיאָנערן, בעשאַס זיי זײַנען געווען אין רוסלאַנד, א טאַנאַך, כאָטש ער האָט מיט גאָרניסט זיך ניט אונטערשיידט פון די געוויינלעכע אויסגאַבעס פון טאַנאַך, וואָס ייִדן האַלטן אַזוי הייליק.

צוליב דיזאָזיקע טײַמים איז באַקוועמער פון אַלץ:

1. דערלויבן דעם אַרויסגעבער צו דרוקן דעם פּראָיעקטירטן זשורנאַל פאַר ייִדן אויף צוויי שפּראַכן — העברעיִש און אַלגעמיין-געברויכלעכן זשאַרגאָן, אָפּהענגיק פונעם אַרט פאַרעפנטלעכטע אַרטיקלען. אָט אַזוי, אַרטיקלען, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך אַלגעמיין-נוצלעכע ידיִעס אין וויסנשאַפטלעכע באַגריפן, און אַרטיקלען, וועלכע באַרירן ריין ייִדישע איניאָנים, ווי רעליגיע אָדער מאָראַל, אַרכעאָלאָגישע אויספאָרשונגען און קאָמענטאַרן צו די שווערע ערטער אין די הייליקע ספאָרים — קענען און דאַרפן געדרוקט ווערן אין העברעיִש. קעדיי אָבער צו שילדערן בילדער פונעם געוויינלעכן ווירקלעכן לעבן פון הײַנטיקער ייִדישער געזעלשאַפט, קען מען אויך געברויכן דעם ייִדישן זשאַרגאָן, אויב דער אַרויסגעבער וועט דאָס, צוליב זײַנע טעמים, געפינען פאַר פּאַסיק.

דידאָזיקע פרײַהײַט אינעם אויסוואל פון דער שפראך וועט געבן דעם ארויסגעבער די מעגלעכקײַט צו פארברייטערן די ראמען פונעם זשורנאל, צו מאכן זײַן אינהאלט פארשיידנארטיק און וועט אים אף אסאך פארלײַכסערן צוצוקלײַבן פאר זיך ווערטפולע מיטארבעטער.

אָט אזוי האָט דער זשורנאל „מאסף״, וועלכער איז באַוווסט לויט זײַן האשפּאָע אף די פרײַסישע ייִדן אינעם פעריאָד פון מענדעלסאָנס טעטיקײַט — זיך געדרוקט אף דײַטש און אף העברעיִש. די איינציקע האנאָכע, וואָס מ׳האָט דעמאָלט געמאכט לעטויוועס דעם אלגעמיין - געברויכלעכן זשארגאָן, איז באשטאנען דערין, וואָס מענדעלסאָנס נאָכפאָלגער האָבן, קעדיי צו פארלײַכטערן דאָס לייענען, זייערע דײַטשישע ווערק און איבערזעצונגען פון העברעיִש געשריבן מיט ייִדישע אויסיעס. ס׳איז אריבער א האלבער יאָרהונדערט, און איצט קאָן מען ניט באגעגענען אין דײַטשלאנד קיין איין ייִדן, וועלכער זאָל רעדן אפן דאָזיקן כאאָטישן זשארגאָן. צי באוויײַזט ניט די שעפעריקע גערעטעניש, וואָס די דערהויבענע אָנשטרענגונגען פון דידאָזיקע רעפאָרמאטאָרס פון דער שפראך און זיטלעכקײַט האָט געגעבן — צי באוויײַזט זי ניט אויך אונדזערע פאָרגעשריטענע ייִדן דעם וועג, אף וועלכן זיי דארפן נאָכפאָלגן צום געווונשטן ציל. צו דער וואָס שנעלערער דערגרייכונג פונעם דאָזיקן ציל רופט זיי אזוי פאָטערלעך אי די ווילטעטיקע רעגירונג, אי דער אומבאזיגבארער צײַט-גײַסט, אי די פעסטע באדערפענישן פונעם דאָר. די אופגאבע פונעם זשורנאל פאר ייִדן איז ניט צו פארפעסטיקן זיי אינעם זשארגאָן, וואָס ס׳פעלן בא אים אויס אלעמענטן צו פארפולקומונג און וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר א דיסהארמאָנישן און מעגושעמדיקן געמיש פון פארשיידענע דיאלעקטן, אָן אן אלגעמיינער באפרישנדיקער אידייע. די אופגאבע באשטייט אין פארשפרייטן צווישן ייִדן א ריכטיקע שריפטלעכקײַט פון העברעיִש, רוסיש אָדער דײַטש, וואָס זייער ליטעראטור קאָן ארײַנגיסן א נײַ בעסער לעבן אינעם אָרגאניזם פונעם דאָזיקן פאָלק, וועלכער איז אראנק דער היסטאָרישער נויטווענדיקײַט אָנגעשטעקט מיט פאָרורטיילן און פאנאטיזם. אָט אין דעמדאָזיקן, און ניט אין קיין אנדער גײַסט ווערן אויך איצט ארויסגעגעבן די אויסלענדישע זשורנאלן: „ישורון״, „אוצר נחמד״ א. א.

2. דער פראָיעקטירטער צום ארויסגעבן זשורנאל, וועלכער וועט אנטהאלטן באלערנדיקע ארטיקלען, וועט אָבער אינגאנצן דארפן זײַן ווײַט פון פּאָלעמישן גאַל און היץ. בא א שטרײַט-טעמע איז בלויז א רויִקע פאָרמולירונג, וועלכע האָט אין זיך אביסל הארציקע ווארעמקײַט און איז ווי מעגלעך פאָרזיכטיק דאָרט, ווו ס׳האנדלט זיך וועגן רעליגיִעזע איבערצײַגונגען — בלויז אזא פאָרמולירונג איז אימשטאנד צו ווירקן אפן סייכל און הארץ פון די לייענער. קעדיי אויסצוּוואָרצלען די פאָרורטיילן פון פאָלק קאָן מען מיט מער נוצן געברויכן, אגעוו אורכע, סקיצן און הומאָריסטישע דערציילונגען, אין וועלכע די פאלשע ריכטונגען און די פארבלאָנדזשענישן ווערן געשילדערט אין קאָמישע, אָבער ניט אין באליידיקנדיקע בילדער.

3. ס׳איז אָן צווייפל, אז דער ארויסגעבער פון א זשורנאל מיטן ציל מיטצוהעלפן אזא שווערער זאך, ווי רעפאָרמירן די ייִדן, פארדינט צו ווערן געשטיצט מיצאד דער רעגירונג. דערדאָזיקער אנטייל דארף זיך אָבער אויסדריקן ניט אין צאָלן דעם ארויסגעבער א שטענדיקן געהאלט, אָדער אין איבערנעמען די גאנצע אויסגאבע אפן כעשבן פון קאזנא, ווײַל דאָס וואָלט געפירט צו אסאך אומבאקוועמלעכקײַטן. דאָס דארף זיך אויסדריקן אין צײַטווײַליקע געלט-שטיצעס אָבער אנדערע באלוינונגען, לויט דער ווילאָנשטענדיקײַט און ווערט פונעם זשורנאל. קעדיי צו פארלײַכטערן דעם אָפּזאץ וואָלט מען געקאָנט אויך דערלויבן אויסצושרײַבן א באשטימטע צאָל עקזעמפּליארן פונעם זשורנאל פאר די קאזיאָנע ייִדישע שולן. אזא הילף מיצאד דער רעגירונג גייט ניט ארויס פון די געוויינלעכע ראמען און זי קאָן דעריבער ניט דערוועקן בא ייִדן קיינע געפארן און כשאָדים.

פאָרמולירט מיט דער גאנצער געהעריקער אָפּנקײַט מײַן מיינונג וועגן דערדאָזיקער זייער וויכטיקער לויט אירע פאָלגן אונטערנעמונג, רעכן איך פאר מײַן כויוו צוצוגעבן, אז צוליבן אויספעלן פון דער פולער פראָגראם פונעם פראָיעקטירטן זשורנאל, קאָן מען בא הײַנטיקן טאָג ניט ארויסזאָגן וועגן אים קיין ענדגילטיקע מיינונג.

קאלעזשסקי. אכעסאָר וו ל. פ י אָ ד אָ ר אָ וו.

.7/X 1858 № 121

---

# דריטע בײַלאגע

## אן אויסצוג פונעם ראפּאָרט פון „געלערנטן ייִד״ מ. רובינשטיין פון $16/_X$ 1858 [1].

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

а) Что касается до языка, на котором журнал будет издаваться, то г. Директор Житомирского Равинского училища предлагает издавать его на еврейском разговорном языке, т. е. на жаргоне, состоящем из исковерканных слов всех европейских и азиатских языков, на жаргоне без грамматики, на котором нельзя ничего ясно выразить. Кроме того, этот жаргон меняет свои выражения в каждой

1) ארכיוו פון קוראטאָר פון קיִעווער לערן ראיאָן, 2 טייל 23 № פארן 1857 יאָר.

провинции до того, что слова и выражения одной провинции с трудностью понимают в другой, потому что если в здешних губерниях употребляют много русских слов худо произносимых, то в губерниях смежных с Польшей употребляют польские слова. Я говорю это по опыту. Таким образом, уже по этим причинам невыгодно издавать журнал на этом жаргоне. При том очень справедливы замечания г. Федорова, что на этом жаргоне читает только простой народ без всякого образования, даже религиозного, а для них журнал совершенно лишняя вещь, ибо они ничего не читают кроме молитв. Евреи же, имеющие религиозные познания совсем не употребляют этого жаргона, и журнал, издаваемый на нем непременно будет почитаться недостойным чтения. Равным образом не можно предлагать издавать его на немецком языке еврейскими буквами, как перевод священного писания Мендельсона, потому что на моих командировках я достаточно убедился, что здешние евреи менее понимают немецкий язык, чем еврейский, даже менее чем русский. Следовательно полезнее всего будет издавать его на еврейском языке только с тем, чтобы стараться облегчить стиль, т. е. употреблять слог комментаторов священного писания, которые более всего учатся и к которым более всего привыкли; можно еще прибавить один из двух языков, немецкий или русский, для тех, которые получили европейское образование и не знают еврейского языка, именно для гимназистов и студентов...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

[איבערזעצונג].

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

א) וואָס איז שייַך דער שפראך, אף וועלכער ס׳וועט ארויסגעגעבן ווערן דער זשורנאל, לייגט דער הער דירעקטאָר פון זשיטאָמירער ראבינער-שול פאָר ארויסצוגעבן אים אף דער יידיש-געברויכלעכער שפראך, ד. ה. אף זשארגאָן, וואָס באשטייט פון צעקאליעטשעטע ווערטער פון אלע אייראָפעיִשע און אזיאטישע שפראכן, אף זשארגאָן אָן א גראמאטיק, וואָס מ׳קען אף אים גאָרניט ניט קלאָר אויסדריקן. כוצדעם בייַט דערדאָזיקער זשארגאָן זייַנע אויסדרוקן אין יעדער פראָווינץ אף אזויפיל, אז ווערטער און אויסדרוקן פון איין פראָווינץ איז שווער צו פארשטיין אין א צווייטער פראָווינץ, ווייַל אויב אין די היגע גובערניעס געברויכט מען אסאך רוסישע ווערטער, וועלכע מ׳רעדט אויס ניט ריכטיק, איז אין די שכייניש מיט פוילן גובערניעס געברויכט מען פוילישע ווערטער. איך זאָג עס אפן סמאך פון דערפארונג. אזוי ארום, שוין לויט דידאָזיקע פרינציפן לוינט זיך ניט ארויסגעבן א זשורנאל אפן דאָזיקן זשארגאָן. דערבייַ זייַנען זייער ריכטיק די באמערקונגען פונעם הער פיאָדאָראָוו, אז אפן דאָזיקן זשארגאָן לייענט בלויז דאָס פּאָשעטע פאָלק אָן קיין שום בילדונג, אפילו א רעליגיעזער, פאר זיי איז אָבער א זשורנאל א איבעריקע זאך, ווייַל זיי לייענען ניט קיין זאך, אכוץ טפילות. יידן-יִעשע מיט רעליגיעזע קענטעניש באנוצן גאָרניט דעמדאָזיקן זשארגאָן, און א זשורנאל, וואָס וועט געדרוקט ווערן אפן דאָזיקן זשארגאָן, וועלן זיי רעכענען, אז ער פארדינט ניט צו ווערן געלייענט. מ׳קען אָבער אויך ניט פאָרלייגן צו דרוקן דעם זשורנאל אין דייַטש מיט יידישע אויסיעס, אזוי ווי מענדעלזאָנס איבערזעצונג פון טאנאך, דערפאר ווייַל אין מייַנע קאָמאנדירונגען האָב איך זיך גענוג איבערצייַגט, אז די היגע יידן פארשטייען ווייניקער דייַטש, איידער העברעיִש, אפילו ווייניקער, איידער רוסיש. הייסט עס, אז נוצלעכער פון אלץ וואָלט געווען צו דרוקן אים אין העברעיִש, בלויז מיטן טנאַי, זיך סטארען צו פארלייַכטערן דעם סטיל, ד. ה. צו געברויכן דעם סטיל פון די קאָמענטאטאָרן אף טאנאך, וואָס מ׳לערנט זיי מער פון אלץ און מ׳איז צו זיי מער פון אַלץ געוווינט; מ׳קען אויך צוגעבן איינע פון די צוויי שפראכן, דייַטש אָדער רוסיש פאר יענע, וועלכע האָבן באקומען אן אייראָפעיִשע בילדונג און קענען ניט קיין העברעיִש, נעמלעך, פאר גימנאזיסטן און סטודענטן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ש. באָראָוואָי.

# אקסענפעלדס פרווו צו גרינדן א דרוקערײַ אין אָדעס

(לויט ארכיוו־מאטעריאַלן)

## I

דאָס איז געווען מיט 25 יאָר נאָכדעם, ווי די רוסישע רעגירונג האָט, צוליב דער „באַלעטויוועס־פארזאָרגערישער" אופקלערונג־ארבעט צווישן די ייִדן, פארמאכט אלע ייִדישע דרוקערײַען, קעדיי צו „פארלײַכטערן דעם אופזיכט"[1]). די מאָנאָפּאָליע־רעכט אף ארויסגעבן ייִדישע ביכער האָט די מעלוכע איבערגעגעבן נאָר צוויי דרוקערײַען: דער ווילנער (ראָם) און דער זשיטאָמירער (שאפירא). געוואָרן די הערשער איבערן ייִדישן ביכער־מארק, האָבן די צוויי דרוקער געדרוקט נאָר דאָס, וואָס ס'האָט זיי געלוינט און וואָס ס'איז געווען קאָשער אין זייערע אויגן. כוצדעם זײַנען זיי ביכלאל ניט געווען ביעכוילעס צו באשטאטן דעם גרויסן ביכער־מארק, וואָס האָט געהאלטן, אין צוזאמענהאנג מיט דער פארשפרייטונג פון דער האסקאָלע צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג, אין איין וואקסן.

„די באלעבאטים פון דער ווילנער און זשיטאָמירער דרוקערײַען, באזונדערס פון דער לעצטער—אזוי האָבן זיך באקלאָגט אין 1861־טן יאָר פארן אָדעסער צענזור־קאָמיטעט די אָרטיקע מאסקילים (צווישן זיי אויך י. אקסענפֿעלד)—קענען ניט באפרידיקן די באדערפעניש פון אונדזער לייענער־אוילעם צוליב פאָלגנדיקע סיבעס: 1) זיי דרוקן נאָר ווערק פון דער אלטער העברעיִשער ליטעראטור, אָדער סידורים און איבערזעצונגען, דערלאָזנדיק דערבײַ פארשידענע נאכלעסיקײַטן, 2) זיי לייגן ווייניק אכט אף דער שפראך און 3) אויסנוצנדיק זייערע מאָנאָפּאָלישע רעכט, באשטימען זיי פרײַזן, וואָס אנטשפרעכן ניט דעם עמעסן ווערט פון די ביכער"[2]).

פארשידענע מאטעריאַלן דערווײַזן גאנץ קלאָר, אין וואָס פאר א גרויסער מאָס די דרוקמאָנאָפּאָליע האָט באשטימט דעם גוירל פון דער ייִדישער ליטעראטור אין יענער צײַט. ס'איז דעריבער פארשטענדלעך, פארוואָס פארשידענע „וועלטלעכע" שרײַבער און אפילע ארויסגעבער פון פעריאָדישע צײַטשריפטן, וואָס האָבן זיך אָריענטירט אפן רוסישן לייענער, האָבן געמוזט אָנקומען צו אויסלענדישע דרוקערײַען[3]).

די אומגעהייערע שוועריקײַט פון דער דרוקערײַ־מאָנאָפּאָליע האָט זיך באזונדערס שטארק געפילט אין דער סוויווע פון די דאָרעם־רוסישע ייִדן, וווּ אונטער דער אָנפירונג פון דער בורזשואזער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ און דער נײַ־אופגעקומענער ייִדישער בורזשואזיע האָט זיך געפירט אן אינטענסיווע קולטור־ארבעט. אז די אויסגעוואָקסענע באדערפעניש אין אן אייגענער דרוקערײַ זאָל מען באפרידיקן אין אָדעס,—איז אין די באדינגונגען פון ניקאָלײַס רעזשים געווען אומעגלעך; די ווילנער דרוקערײַ האָט געזאָרגט איבערהויפּט וועגן

1) גענויער זע אין מײַן ארבעט: „Нариси з історії єврейської книги на Україні", Ч. II, Київ, 1926. זע אויך: „Бібліологічні Вісти" 1926, № 1—2.

2) אַרכיוו פון אָדעסער קאָמיטעט איבער אינערלעכער צענזור, 1861 יאָר. — „Дело об устройстве в Одессе центра для еврейских книг" № 23.

3) זע, צום בײַשפּיל, „Рассвет" 1860, ז. 186, № 12; ז. 138, № 9.

די באַדערפענישן פון ליטע מיט אירע ראַבאָנים און מאַסקילים. די זשיטאָמירער האָט זיך אָריִענטירט אפן כסידישן לייענער־אוילעם [1].

אפן דאָרעם איז אָבער אויסגעוואָקסן א גרויסע באַדערפעניש אין א ייִדישן וועלטלעכן בוך, באַזונדערס האָט זיך דאָס באַמערקט אין די ערשטע יאָרן פון אלעקסאנדער דעם צווייטן, צוליב דער געוויסער אופלעבונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין דער ייִדישער בורזשואַזער געזעלשאפטלעכקייַט. אין 1850־טן יאָר האָט דער „זון פון א האַנדלסמאַן" סאַמויִל וואַרשאַווסקי דערלאנגט א באַקאָשע דעם מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג וועגן דערלויבן אים עפענען אין איינער פון די שטעט פון כערסאָנער גובערניִע (וויַיזט אויס, אין אָדעס) א ייִדישע דרוקעריַי, ווי אויך ארויסגעבן „בלעטלעך אין זשאַרגאָן ווי א מין צייַטונג" — „Листки в роде газеты"... דער מיניסטער האָט אים אָפּגעזאָגט און האָט זיַין באַקאָשע אפילע ניט באַטראַכט [2].

מיט אייניקע יאָר שפּעטער האָט מיט דער פראַגע וועגן גרינדן אין אָדעס א צייַטונג (דאָס הייסט אויך א דרוקעריַי) זיך באַשעפטיקט אלעקסאנדער צעדערבוים, דער קינפטיקער רעדאַקטאָר פון „המליץ" און „קול מבשר". זייַענדיק אין אָדעס א פרעמדער, האָט ער גענרמען זוכן פאַרבינדונגען מיט „נוצלעכע פּערזאָנען". ס'איז גאַנץ נאַטירלעך געווען דעריבער, וואָס ער האָט זיך באַקענט מיט ייִסראָעל אקסענפעלדן, וועלכער האָט דעמאָלט פאַרנומען פאַרהעלטניסמעסיק אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אָדעסער „געזעלשאַפט"; ס'איז אויך ניט אָפּגעפרעגט די האַשאָרע, אז אקסענפעלד האָט גענומען א גאַנץ נאָענטן אנטייל אין צעדערבוימס אָפּטע הישטאדלעסן [3], האַגאַם אין די אָפיציִעלע דאָקומענטן זייַנען קיינע שפּורן פון דעם ניט פאַרבליבן.

דעם 22־טן אָקטיאַבער 1859־טן יאָר האָט דער „ייִדישער קאָמיטעט" מיט דער האַסקאָמע פון זיַין „קייזערלעכער הויכקייַט" געגעבן צעדערבוימען א דערלויבעניש ארויסצוגעבן אין אָדעס א צייַטונג. דעם 27־טן נאָיאַבער זייַנען באַזייַטיקט געוואָרן אלע איבעריקע ריין־אָפיציִעלע מעניִעס [4]. בא די שווערע צענזור־באַדינגונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט דעמאָלט, איז דאָס געווען א גאָר ניט־געוויינלעכער פאַל.

דאָס איז געווען דער ערשטער געלונגענער אָנגריף אף דער צענזור. און ס'איז טאַקע געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די מאַסקילים האָבן צעדערבוימס דערפאָלג געוואָלט פאַרוואַנדלען אין א פּרעצענדענט פאַר די ווייַטערדיקע באַציִונגען מיט דער צענזור.

## II

אנערעך 30 קסאַוויאַדן האָבן זיך אָנגעקליבן בא אקסענפעלדן אין פאַרלויף פון זיַין פּיליאָריקער ליטעראַרישער טעטיקייַט (מערסטנטייל צווישן 1820 — 1840). זיי האָבן שוין לאַנג געוואַרט אף א געלעגנהייַט פאַרעפנטלעכט צו ווערן. אקסענפעלדס ווערק, וואָס זייַנען געשריבן געוואָרן פאַר דער ברייטער מאַסע און האָבן זיך געשטעלט דידאַקטישע אופגאַבן, האָבן געוויס ניט געקענט פאַרשפּרייט ווערן אין געשריבענע עקזעמפּליאַרן, ווי דאָס איז געשעען מיט ווערק פון אנדערע ייִדישע שרייַבער. דערצו זייַנען זיי ניט געווען פּאַסיק, פריִער פאַר אלץ, לויט זייער ליטעראַרישער פאָרם (גרעסערע דערציילונגען, ראָמאַנען). אקסענפעלד האָט געוואָלט זייַנע ווערק דרוקן, קעדיי זיי זאָלן פאַר־

[1] פאַרגל., וואָס ס'האָט געשריבן וועגן דער באַזונדער שווערער לאַגע פון אָדעסער מאַסקילישע שרייַבער מ. בעלינסאָן, דער שפּעטערדיקער אָדעסער דרוקער און פאַרלעגער, אין זייַנעם א בריוו, וואָס ער האָט געשיקט אין יאָר 1857: „וכי יש עם לבב החכם פינסקער ווערבעל, הערצנבערג וכו' להדפיס ספריהם אשר עמלו בהם שנים רבות — עליהם לשאת ולתת עוד שנים שלש על מבקרים (צענזורי') ומדפיסים ועם אנשי הבינים במרחק 1146 ווערסט, וחלפו ועברו שלשת השנים ואור הדפוס עודנה לא נגה על ספריהם" — „עלי הדס" אָדעס 1865, ז. 49.

[2] זע: „Казенные еврейские училища". т. I, Петроград, 1920, стр. 362

[3] בּ ר נ ש ט ײ ן ד״ר, „חז״ס ואר״ז". — ספר היובל של „הצפירה", ורשה, 1912, עמ' 79.

[4] ארכיוו פונעם ניַי־רוסישן גענעראַל־גובערנאַטאָר, יאָר 1858 — „Дело о разрешении купцу Цедербауму... издавать газету на еврейском языке". № 1958.

שפּרייט ווערן צווישן די ברייטע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט און קעדיי זיי זאָלן ווערן א געוועהר אינעם קאַמף, וואָס די האַסקאָלע האָט געפירט קעגן פאַנאַטיזם.

אַקסענפעלדן האָט געמוזט שוין נימעס ווערן צו לייענען זײַנע ווערק בא זיך אינעם גאַסט-צימער פאַר זײַנע פריינט און באַקאַנטע. א טייל פון זײַנע צוהערער האָבן, צוליב זייערע אסימיליאַטאָרישע אָדער העברעיִסטישע סימפּאַטיעס, ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס שרייבט עפּעס אַקסענפעלד דאַפקע אף אַזא ניט „ליטעראַרישער" שפּראַך ווי יידיש. אַסאַך פון זײַנע געסט זײַנען פּאַשעט ניט געווען צופרידן מיט דעם באַלעבאָס' רעגילעס מעכאַבעד צו זײַן זיי מיט די אומפאַרשטענדלעכע ווערק. אַנדערע האָבן אים גלאַט געהאַלטן פאַר א גראַפאָמאַן (דידאָזיקע מיינונג האָבן מיר געהערט פון אַן אַלטן אָדעסער טוישעוו). אָבער איינצײַטיק דערמיט האָט אויך שוין אַקסענפעלדן אַרומגערינגלט א גרופּע פאַרערער, וואָס האָבן אים שטאַרק געשעצט,— ווער, פאַר זײַנע ליטעראַרישע פעיִקײַטן און ווער, אַזעלכע זײַנען געווען מער, פאַר זײַנע דידאַקטישע טענדענציִעס. פאַר דידאָזיקע פאַרערער איז געווען קלאָר, אַז ס'איז שוין צײַט אַקסענפעלדס ווערק זאָלן אַרויסגעטראָגן ווערן פון ענגן קרײַז פון פריינט און באַקאַנטע און אַרײַנגעבראַכט ווערן אין דער ברייטער עפנטלעכקײַט אַרײַן. און טאַקע אונטער דער ווירקונג פון זײַנע פרײַנט מאַכט אַקסענפעלד, נאָך א צוואַנציקיאָריקער האַפּסאָקע [1], דעם צווייטן פּרווו אָפּצודרוקן זײַנע ווערק, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז אין די באַדינגונגען האָט זיך פאַר דער צײַט ווייניק וואָס געענדערט.

בעערעך צו יענער צײַט האָט אַקסענפעלד, ווי ס'ווײַזט אויס, באַקומען די געהעריקע מאַטעריִעלע מעגלעכקײַטן אַרויסצוגעבן זײַנע ווערק [2]. די מעניע איז געווען נאָר אין א דרוקערײַ. „די איינציקע עקזיסטירנדיקע דרוקערײַען אין רוסלאַנד, אין ווילנע, און אין זשיטאָמיר — האָט זיך אַקסענפעלד געקלאָגט — זײַנען אין די הענט פון פאַנאַטיקער, וואָס דרוקן ניט דאָס, וואָס ס'איז לויט זייער מיינונג שעדלעך, און ווען אפילע זיי זאָלן יאָ מאַסקים זײַן דרוקן מײַנע ווערק, איז ניט אָרעוו צו זײַן, אַז זיי וועלן זיי ניט פאַרדאַרבן" [3]. נאָך איין שווערִיקײַט האָט אַקסענפעלד געהאַט פאַר זיך—ער האָט געשריבן אין יידיש, און אין ווילנע האָט מען דעמאָלט קיין יידישע ביכער ניט געדרוקט. די זשיטאָמירער דרוקערײַ פלעגט פאַרקערט דרוקן פיל יידישע ביכער. דאָס האָט אפילע אַרויסגערופן א גרויסע אומצופרידנקײַט באַם קיִעווער „אוטשאָני יעווריי" באַראַצן, וואָס האָט אין 1860-טן צי אין 1861 יאָר רעווידירט די זשיטאָמירער דרוקערײַ. אין זײַנעם א באַריכט האָט פיאָדאָראָוו—גרינבוים, דער באַרימטער באַאַמטער פאַר ספּעציִעלע שליכעסן באַם קיִעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר, געשריבן אַזוי: „באַזונדערס פאַרורטיילט באַראַץ ביכער, וואָס דרוקן זיך אף יידישן זשאַרגאָן ספּעציִעל פאַר יידישע פרויען. די ביכער שטעלן מיט זיך פאָר לויט באַראַצס מיינונג דעם מאָקער פון „שעדלעכע מיִאַזמען", וועלכע פאַרסאַמען די ערלעכקײַט פון דער יידישער פרוי" [4].

---

1) אין 1841 יאָר האָט אַקסענפעלד, ווי באַקאַנט, געמאַכט דעם ניט-געלונגענעם פּרווו אָפּצודרוקן זײַן „ספר החסידים" אין ווילנער דרוקערײַ (ש. ג י נ ז ב ו ר ג — נײַעס וועגן י. אַקסענפעלדן — „פילאָלאָגישע שריפטן", ב. II) די דרוקערײַ אין ווילנע איז דעמאָלט געווען די איינציקע יידישע דרוקערײַ אין דער גאַנצער אימפּעריע, ווײַל די דערלויבעניש צו עפענען א דרוקערײַ אין קיעוו איז געבליבן אין מעשעך פון א ריי יאָרן ניט רעאַליזירט (פ. ק אָ ן — „די פּראָיעקטירטע יידישע דרוקערײַ אין קיִעוו אין יאָרן 1836—1840" — „ביכער-וועלט" (וואַרשע) 1929 № 3—4). די צווייטע יידישע דרוקערײַ אין זשיטאָמיר איז געגרינדעט געוואָרן אין 1847 יאָר.

2) וועגן אַקסענפעלדס פעסטער מאַטעריִעלער לאַגע אין דידאָזיקע יאָרן זאָגט איידעס, לעמאָשל, דער פאַקט, וואָס ער איז געווען איינער פון די „כאַשעווסטע באַלעבאַטים אין דער בראָדער שול", געגרינדעט פון א גרופּע בירזשעוואַזע מאַסקילים. ער האָט געצאָלט 20 רובל א יאָר (די דורכשניט-פרײַז איז געווען א פיל-קלענערע סומע). פאַרגל. „Rechenshafts-Bericht der Synagoge d. Brodyer Gemeinde in Odessa über die letzte 4 Jahre 1854—1858", Odessa, 1858.

3) אַרכיוו פון אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק, יאָר 1860 Распоряд. стол. № 552. „Дело о дозволении купцу Аксенфельду открыть типографию". אין דעמדאָזיקן „איניען" געפינען זיך די אַלע אַקסענפעלדס ביט-בריוו (זע בײַלאגעס), ווי אויך איניקע דאָקומענטן וועגן זיי, וואָס איך ציטיר ווײַטער.

4) קיִעווער היסטאָרישער אַרכיוו — Записки Федорова. „Записки по еврейскому вопросу" אויסצוגן פון דעמדאָזיקן מעמאָראַנדום זײַנען פּובליקירט געווען אין מײַן אַרטיקל „Новое о Ковнере" — „Еврейская Мысль" Ленинград, 1926, стр. 234—235.

נאָר די זשיטאָמירער דרוקעריַי האָט ביכלאל ניט געדרוקט קיין „ספרים חיצונים״. ווייניקער פון אלעמען האָט אקסענפעלד געקענט אָנקומען אין דער זשיטאָמירער דרוקעריַי, צוליב זייַנע אנטיכסידישע טענדענציעס. אלס געוועזענער כאָסיד, האָט ער גוט געוווסט אלע טראַדיציעס פון די שאַפּירעס און, קענענדיק זיי ווי פאַרברענטע כסידים, אייניקלעך פון רעבּ פּינכעס קאָרעצער, האָט ער אפילע ניט געוואָלט טראַכטן פון זייער דרוקעריַי.

ס׳איז געבליבן איין אויסוועג: דרוקן זייַנע ווערק אין אויסלאַנד. איז דאָס אָבער גע־ווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייַטן, מאכמעס דער היכער פּרייַז, וואָס וואָלט געמוזט געשטעלט ווערן אפן בוך. דער מעכאַבער וואָלט דעמאָלט ניט געקאָנט האָפן, אז זייַנע ווערק זאָלן שטארק פאַרשפּרייט ווערן צווישן די דאָרעם־לייענער, אף וועלכע אקסענפעלד האָט זיך הויפּטזאכלעך אָריענטירט. דאַ אין דאָרעם איז נאָך דערבייַ קיין צענזאָר פון יידישע ביכער ניט געווען, דעריבער פלעגט מען דאַרפן די פון אויסלאַנד געבראַכטע ביכער פירן צענזורירן קיין ווילנע אָדער קיין קיעוו, ווו זיי פלעגן — לויט די אָנקלאָגעס פון די כערסאָנער מאסקילים — „זיך פאַרהאַלטן א לענגערע צייַט אָדער אינגאנצן פאַרלאָרן גיין״ [1].

צו יענער צייַט איז אין אָדעס, באַם צענזור־קאָמיטעט, באַשטעטיקט געוואָרן ספּעציעל צוליב דעם „המליץ״ דער פּאָסטן פאַר א צענזאָר, וועלכן ס׳האָט פאַרנומען דער לערער העניקוס. נאָר באַ צעדערבוימען איז נאָך ניט אַלץ געווען גרייט צום אַרויסגעבן די צייַ־טונג: ס׳איז נאָך ניט געווען דערלייזט די פראַגע פון דער דרוקעריַי. ער האָט באַקומען א דערלויבעניש פון זייַן „קייזערלעכער הויכקייַט״ אַרויסצוגעבן אין אָדעס א יידישע צייַ־טונג, הייסט דאָס, אין אָדעס האָט געמוזט אויך געגרינדעט ווערן א יידישע דרוקעריַי. די פראַגע איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, צי וועט מען דערלויבן דרוקן אין דער דרוקעריַי אויך אנדערע זאכן, אויסער דער צייַטונג.

אין דערדאָזיקער צייַט דערלאַנגט אקסענפעלד זייַן ביט־בריוו דעם אָדעסער גראַדאָנאַ־טשאַלניק וועגן עפענען א יידישע דרוקעריַי. דער מאָמענט איז געווען זייער א גינסטיקער. עפענען אזא דרוקעריַי וואָלט איצט געלוינט, ווייַל דאָ וואָלט זיך געדרוקט די נאָר־וואָס דערלויבטע צייַטונג. גאנץ מעגלעך, אז דעם ביט־בריוו זייַנעם האָט אקסענפעלד אָנגעגעבן נאָכדעם, ווי ער האָט די זאך באַטראַכט צוזאמען מיט צעדערבוימען. פאַר צעז׳ערבוימען איז געווען קלאָר, אז אקסענפעלדס דערפאָלג וואָלט אים פאַרשפּאָרט איבעריקע מאַטערנישן אַרום דער פראַגע פון דרוקעריַי. אקסענפעלד, ווי אונדז וועט שפּעטער קלאָר ווערן, איז דע־ריקער אויסן געווען וואָס גיכער אַרויסגעבן זייַנע אייגענע ווערק.

אין זייַן ביט־בריוו האָט אקסענפעלד זיך באַמיט באַשטעטיקן די מייַלעס פון זייַנע ווערק דורך א גאנצער ריי צייַגענישן און האסקאָמעס. צום באַדויערן זייַנען די אלע האסקאָמע־בריוולעך אין ארכיוו־איניען ניט פאַרבליבן. פונדעסטוועגן קענען מיר זיך מעשאער זייַן, אז דאָ האָבן זיך באַטייליקט דיזעלבע פאַרערער, וואָס האָבן ערשט שפּעטער מיט פיר יאָר זיך באַמיט, און אָן שום דערפאָלג, אז די „חברה מפיצי השכלה״ זאָל אָפּ־קויפן באַ אקסענפעלדן זייַנע מאנוסקריפּטן—יאָסיף ראַבינאָוויטש, לעווענסאָן, ד״ר פּינסקער [2]. מעגלעך, אז צווישן זיי זייַנען אויך געווען מושע זשוויק, אבע פעלדמאַן, געדאַליע אייני־מער, וועלכע האָבן אין 1869־טן יאָר געשאפן דעם פּראָיעקט צו גרינדן א פאָנד אף אַרויס־געבן אקסענפעלדס ווערק [3].

דער ביט־בריוו אייניִנעם מיט די האסקאָמע־בריוולעך איז איבערגעגעבן געוואָרן אין קאַנצעלאַריע פון אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק דעם 18־טן אווגוסט 1860־טן יאָר (זע בייַלאַגעס, I). רעדנדיק אין זייַן ביט־בריוו פון אנדערע „נוצלעכע ווערק״, האָט אקסענפעלד, ווי ס׳איז צו זען, געהאט אינזינען צעדערבוימס צייַטונג.

1) ארכיוו פון אָדעסער קאָמיטעט איבער אינערלעכער צענזור. 1861, № 23.

2) ראָזנטאַל ל. תולדות חברת מרבי השכלה (ספ״ב 1860—1885) I ט., II 21.— Черпковер И. „История об-ва распространения просвещения“, Пет. 1913, стр. 120.

3) „קול מבשר״ 1869, № 36.

דער ערשטער ביט־בריוו האָט קיינע פּאָזיטיווע פאָלגן ניט געבראכט; ס׳איז אפילע ניט איינגעפירט געוואָרן קיין באזונדער איניען וועגן אים, מאשמאָעס, צוליב דעם, וואָס ס׳זיינען ניט דורכגעפירט געוואָרן אייניקע פאָרמאליטעטן. אין עטלעכע טעג ארום, ווען אקסענפעלדן איז קלאָר געוואָרן, אז זיין ביט־בריוו איז דורכגעפאלן, האָט ער צוריקגענומען די ביינעלייגטע צייגענישן און האסקאָמעס פון די „געבילדעטע לייט", קעדיי זיי אויסצו־נוצן אין זיין ווייטערדיקער שטאדלאָנעס.

אין א קורצער צייט ארום האָט צעדערבוים באקומען אלץ, וואָס איז נייטיק געווען צום ארויסגעבן די צייטונג: ער האָט געמאכט שוטפעס מיט א דייטשישער דרוקעריי־פירמע ניטשע, און דעם 29־טן סענטיאבער איז דערשינען דער ערשטער נומער „המליץ".

ניט געקוקט אף דעם דורכפאל, דערלאנגט אקסענפעלד אין צוויי כאדאָשים ארום (דעם 4־טן אָקטיאבער) זיין צווייטן ביט־בריוו, געשריבן מיט דעמזעלבן נוסעך (זע ביילאגעס, II). דערביי לייגט אקסענפעלד צו אויך א שיין פון דער פּאָליציי וועגן זיין „קאשרעס" און וועגן דעם, אז „די היגע פּאָליציי האָט גאָרנישט קעגן דעם, אז מע זאָל עפענען אין אָדעס א יידישע דרוקעריי". ער לייגט אויך צו ווידעראמאָל דיזעלבע צייגענישן און האסקאָמעס פון „אָדעסער בירגער". דער פּויעליויצע פון דעם צווייטן ביט־בריוו איז געווען גאָר אן אומגעריכטער.

דער גראדאָנאטשאלניק האָט זיך באלד געווענדעט אין אָדעסער צענזור־קאָמיטעט, און האָט אין זייער א שטרענגן טאָן אָנגעפרעגט, פארוואָס איז, ניט געקוקט אף די עק־זיסטירנדיקע געזעצן, דערלויבט געוואָרן ארויסצוגעבן אין אָדעס א יידישע צייטונג. דער אנטשלאָסענער ענטפער פונעם צענזור־קאָמיטעט, אז אף ארויסגעבן אין אָדעס דעם „המליץ" איז דאָ א דערלויבעניש פון זיין „קייזערלעכער הויכקייט", האָט באפרייט צעדערבוימען פון אומאנגענעמלעכקייטן.

אקסענפעלדער האָט פון זיין זייט ניט אופגעהערט צו באמיען זיך וועגן זיין איניען. ער פארלירט נאָך אלץ ניט די האָפענונג. נאָך אין דעם זעלבן כוידעש, ווען ער באקומט זיין ענטפער (דעם 27־טן אָקטיאבער), דערלאנגט ער זיין דריטן ביט־בריוו (זע ביילאגעס, III).

אקסענפעלד האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז דער נוצלעכער כאראקטער פון זיין טעטיקייט (נוצלעך — אפילע פונעם רעגירונג־שטאנדפונקט), וועט אים געבן די רעכט און די מעג־לעכקייט, ניט געקוקט אף די שטרענגע געזעצן, ארויסגעבן זיינע ווערק. אָבער די רוסישעווירקלעכקייט האָט אים גיך אנטוישט.

## III

אין א יאָר ארום האָט אקסענפעלד אין נאָמען פון די דעמאָלטיקע 54 אָרטיקע מאסקי־לים געבעטן דעם אָדעסער צענזור־קאָמיטעט באשטימען אין אָדעס א צענזאָר פאר העב־רעיִשע און יידישע ביכער. אף דעם פּאָסטן האָבן זיי אָנגעמערקט דעם צענזאָר פון „המליץ", לאזאר העניקוס. העניקוס האָט עס געהאלטן „פיר נוצבאר, אום צווישן מיינע גלויבנסגענאָססע דאס מאָדערנע בילדונג צו פערשפּרייטען", און דעריבער איז ער איינגעגאנגען אף דעם פאָרשלאג צו פארטרעטן די שטעלע „אונענטגעלטליך פון דער רעגירונגס זייט" [1].

ס׳דערנעענטערט זיך דאָס 1862־טע יאָר — דער ענדע־טערמין פון דער דרוקעריי־מאָ־נאָפּאָליע. אקסענפעלד באקומט ווידער א האָפענונג דורכצופירן זיין פּלאן. ער ווערט ווידער אן אָפּטער באזוכער אין די געהעריקע אנשטאלטן, און דעם 5־טן דעקאבער 1861־טן י. דערלאנגט ער ווידער א ביט־בריוו (זע ביילאגעס, IV) וועגן דערלויבן אים עפענען א דרו־קעריי. העניקוס ווי דעם פּאָסטן פון גראדאָנאטשאלניק האָט דעמאָלט פארטראָטן גאָר א נייע פּערזאָן, געפינט אקסענפעלד פאר נייטיק ווידער איבערדערציילן אין זיין ביט־בריוו די גאנ־צע געשיכטע פון זיינע מאטערנישן. צוליב טאקטישע צוועקן שטרייכט ער אונטער באזונ־דערס שארף און בוילעט, אז זיינע ווערק זיינען הויפּטזאכלעך געווענדעט קעגן די כסידים

1) ארכיוו פון אָדעסער קאָמיטעט איבער אינערלעכער צענזור 1861, № 23.

און צאדיקים, און אז דאָס ארויסגעבן זיי (און דערצו מוז ער גרינדן א דרוקעריַי) וואָלט געווען דאָס בעסטע געווער קעגן פאנאטיזם.

צום סאָף 1860־טן יאָר האָבן די אָרטיקע מאסקילים זיך דערפילט באזונדערס צעטומלט און אופגערעגט. קיין אָדעס איז געקומען לויט א ספעציעלער איַינלאדונג ר׳ דאָווידל טווערסקי, וועגן דעם האָט מען דעמאָלט שטארק באומרויִקט געשריבן אין דעם נאָר־וואָס געגרינדעטן „ראזסוועט“ [1].

די אָדעסער גראדאָנאטשאלסטוואָ האָט זיך גענומען אויספאָרשן אייניקע אָנגעלעגנהיַיטן, וועלכע זיַינען געווען פארבונדן מיט ר׳ דאָווידל טווערסקיס זיַין אין אָדעס. דער בריוו־אויסטויש וועגן דעם האָט זיך פארצויגן גאנץ לאנג, ביזן 1862־טן יאָר [2].

דער גראדאָנאטשאלניק, וואָס האָט זיך ערשט פאנאנדערגעקליבן אין דעם איניען וועגן ר׳ דאָווידל טווערסקי, האָט זיך באצויגן מיט מיטגעפיל צו אקסענפעלדס באקאָשע. ער האָט איַינגעפונען, אז ס׳איז נייטיק געבן אקסענפעלדן די מעגלעכקיַיט אָפּצודרוקן זיַינע ווערק, „וואָס זיַינען אָנגעשריבן אף א פראָסטער שפראך („זשארגאָן“) פאר דעם פראָסטן פאָלק און דערמיט אריַינגעבן די פראָסטאקעס פארנינפטיקע באגריפן און דערוויַיזן זיי די שעדלעכקיַיט און לעכערלעכקיַיט פון דעם כאסידיזם און זיַינע שווינדלערישע וווּנדערמאכער“. דאָס איז געווען דער ערשטער ניצאָכן נאָך אלע אקסענפעלדס מאטערנישן. דעם 23־טן דעקאבער האָט דער אָדעסער גראדאָנאטשאלניק זיך געווענדעט צום גראף סטראָגאנאָוו, דעם ניַי־רוסישן און בעסאראבישן גענעראל-גובערנאטאָר. אין זיַין ווענדונג האָט ער געשריבן, אז לויט זיַין מיינונג איז „דאָס עפענען אין אָדעס א יִדישע דרוקעריַי ניט נאָר נוצלעך, נאָר אפילע זייער נייטיק אלס מיטל מיטצווּוירקן אין דער מאָראלישער אנטוויקלונג פון דעם באדיַיטנדיקן טייל יִידן, וואָס וווינט אין די שטעט“.

דאָס וואָרט האָט אלזאָ געדארפט באקומען דער גובערנאטאָר אָדער, ריכטיקער, זיַין „אוטשאָני יעווריי“. דאָס איז געווען דעמאָלט דער באקאנטער מארקוס הוראָוויטש, א פאר־ביסענער סוינע פון יִידיש.

אומקערנדיק זיך אין 1856־טן יאָר פון זיַינער א רעוויזיִע־ריַיזע איבערן ניַי־רוסישן קאנט, האָט ער אנגעוו אין א באריכט צו סטראָגאנאָוון געשריבן: „ס׳וואָלט געווען זייערן נוצלעך אָפּצושטעלן דאָס ארויסגעבן ווערק אף דער יִדישער שפראך און אָנעמען די ווירקזאמסטע מיטלען, קעדיי איַינצופירן צווישן יִידן רוסיש און דיַיטש אלס אלגעמיין־געברויכלעכע שפראכן אין ליטעראטור און אין לעבן“ [3].

שפּעטער מיט 6 יאָר (אין 1862) האָט הוראָוויטש ווידער געמאכט א פרווו, און אָן שום דערפאָלג, צו פויעלן מ׳זאָל פארווערן דרוקן ביכער אין „זשארגאָן“ [4]. דערנאָך האָט ער געפרווּוט זיך צו ראנגלען מיטן „קול מבשר“ און געוואָלט אים פארמאכן.

גראף סטראָגאנאָוו האָט אין די פראגן פון „יִדישער פּאָליטיק“ געפאָלגט זיַין „אוטשאָני יעווריי“. איז דעריבער גאנץ נאטירלעך געווען סטראָגאנאָווס ענטפער אף אקסענפעלדס ביט־בריוו. ער האָט געשריבן גאָר איינפאך: „אזויווי די רעגירונג באטראכט איצט די אלגעמיינע פראגע וועגן דעם סיידער פון עפענען יִדישע דרוקעריַיען, געפין איך אומבאקוועם פריִער איידער די פראגע וועט געלייזט ווערן צו באהאנדלען דעם ביט־בריוו פון דעם אָרטיקן האנדלסמאן איזראעל אקסענפעלד“.

———

1) זע: „Рассвет“ 1860 № 22, стр. 207—211.

2) ארכיוו פון אָדעסער גראדאָנאטשאלניק — Секретный стол. 1860. № 22. „О прибывшем из Польши „цадике“ Реба Дувид Тверском“

3) זע מיַין ארטיקל — „Еврейские газеты перед судом ученых евреев“. „Еврейская Мысль“, Ленинград, 1926, стр. 284—285

4) זע: С. Цинберг — „Жаргонная литература и ее читатели“. — „Восход“, 1903, III, 36—80

זע אויך: П. Усов, — „Историч. Вестник“. 1883, № 2, стр. 324.

אין א פאָר כאדאָשים ארום איז די דרוקעריי־פראגע געלייזט געוואָרן. נאָר אקסענפעלד האָט דאָס, ווי באקאנט, ניט אויסגענוצט. אין דעמזעלבן 1862 יאָר דערשיינען זיינע צוויי ביכלעך אין אויסלאנד, אין לייפציג (דאָס זיינען געווען די איינציקע ווערק, וואָס ער האָט באוויזן אָפצודרוקן פאר זיין לעבן). דאָ איז ניט דאָס אָרט צו ריידן וועגן ווייטער־דיקן גורל פון זיינע קסאָווים. ס'וועט נאָר זיין געגוג צו דערמאָנען, אז ס'ראָוו פון זיינע ווערק זיינען פארלאָרן געוואָרן און מיט זיי איז אונטערגעגאנגען א וויכטיקער אויצער פאר דער יידישער ליטעראטור.

---

# ביילאגעס

די ביי גע לייגטע ארכיוו־דאָקומענטן ווערן געגעבן בוכשטעבלעך לויט די אָריגינאלן, מיר היטן אייַן אפילו די אלטע אָרטאָגראפיע. די דאָקומענטן זיינען געשריבן ניט מיט אקסענפעלדס האנט, וואָס איז צו זען באם פארגלייכן די האנטשריפטן פון טעקסט און אונטער־שריפט. די דאָקומענטן זיינען פיל מיט גראמאטישע און סטיליסטישע גרייזן. די יידישע איבערזעצונג איגנאָרירט דידאָזיקע גרייזן פון די דאָקומענטן און גיט איבער בלויז פינקטלעך זייער אינהאלט.

I

Его превосходительству Господину Исправляющему должность Одесскаго Градоначальника, Дѣйствительному Статскому Совѣтнику Барону Павлу Ѳедоровичу Местмахеру.

От Одесскаго купца Израиля Аксенфельда, жительствующаго г. Одессы 1 части, на Италіанской улице, въ домѣ Силарда

Распространеніе у евреевъ хасидизма, возникшаго лѣтъ 80 тому назадъ, есть зло, противъ котораго, мѣры правительства, сказались столько же безсильными, сколько противодѣйствія ему благомыслящей части евреевъ.

Признавая, что это и подобные ему заблужденія, могутъ уступить одному только живому слову, понятному для простого класса народа, я посвятилъ на этотъ предметъ нѣсколько лѣтъ жизни, и поставилъ себѣ задачею въ популярной формѣ романовъ, повѣстей, или драмъ, писанныхъ на простом жаргонѣ между евреями употребляемые, внушить простолюдинамъ здравыя понятія о жизни, истинно нравственныя и гуманныя идеи, равно какъ и показать имъ весь вредъ и всю смѣшную сторону хасидизма и ихъ лживыхъ чудотворцевъ, существующихъ у нихъ подъ названіемъ цадикимъ.

Въ удостовѣреніе достоинства моихъ трудовъ, честь имѣю представить Вашему превосходительству свидѣтельство нѣкоторыхъ изъ самыхъ образованныхъ моихъ соплеменниковъ нашего города, не разъ поощрявшихъ меня издать в свѣтъ мои сочиненіи.

Къ сожалѣнію печатаніе этихъ моихъ трудовъ, встрѣтило неопредолимое препятствіе въ томъ, что единственно существующія въ Россіи еврейскія типографіи въ Вильнѣ и Житомирѣ, завѣдываемые старовѣрами, несоглашаются печатать сочиненій вредныхъ по ихъ понятіямъ. Да, если бъ они и согласились, то ничто не ручается за то, что труды мои [не] появится въ совершенно искаженном видѣ.

Эти изложенныя обстоятельства, внушаютъ мнѣ смѣлость обратиться къ Вашему превосходительству съ всепокорнѣйшею просьбою удостоить вниманіе этому предмету, представить куда слѣдуетъ, о дозволеніи мнѣ устроить въ Одессѣ типографія еврейскими литерами, дабы я могъ подъ моей коррекціей напечатать какъ мои помянутые рукописи, такъ и другихъ полезныхъ сочиненій.

Одесскій купецъ Израиль Аксенфельдъ.

Одесса,
[1]) августа 1860 г.

Упомянутые въ сей запискѣ свидѣтельства Одесскихъ гражданъ отъ 10 августа 1860 года получилъ обратно. Аксенфельдъ.

---

1) דער טאָג איז ניט אָנגעוויזן. די דאטע פון רעגיסטרירונג איז דער 18-טער אויגוסט.

II

Его превосход... и т. д.

Одесскаго купца, публичнаго нотаріуса, присяжнаго стряпчаго при Одесскомъ коммерческомъ судѣ, Израиля Яковлева сына Аксенфельда.

По изложеннымъ въ поданномъ мною Вашему Превосходительству въ августѣ м-цѣ сего года докладная записка, мотивы заставляющаго мнѣ въ пользу простого народа Евреевъ незнающія значеніе, ни древно-еврейскаго, ниже читанія чего либо нравственнаго содержанія на русскомъ языкѣ. Печатать мои рукописы, драми, романы и сказки, сочиненные мною для техъ же простого класса евреевъ на простомъ языкѣ между евреями употребляюмые. А какъ въ Одессѣ типографія еврейскими литерами по нынѣ неимѣется, то покорнѣйше прошу Вашее Превосходительство, удостоить мнѣ разрѣшеніемъ заводить въ Одессѣ типографія еврейскими буквами, для напечатанія всѣхъ полезныхъ къ образованію простого народа евреевъ, подъ надзором исправляющаго нынѣ должность цензура при выдаваемаго Г. Цедербаумомъ еврейская газета „Гамелицъ“, а именно учителя одесского казеннаго Еврейскаго Училище Г. Лейзера-Гейникуса, состоящаго подъ начальствомъ Одесскаго Цензурнаго Комитета.

При настоящее мое прошеніе, честь имѣю прилагать свидѣтельство Одесской градской полиціи, удостовѣряющая, какъ о моемъ характера, такъ и о неимѣніи со стороны Полиціи препятствіе на открытіе мною въ Одессѣ типографія еврейскими литерами, также завѣренія въ томъ же знатныхъ лицъ въ Одессѣ, и мое собственноручное подписка объ исполненіи мною при заведенномъ мною типографіи все законое постановленіе.

Одесскій купецъ, присяжный стряпчій при одесскомъ Коммерческомъ судѣ Израиль Аксенфельдъ.

4-ое Октября 1860
Одесса

Свидѣтельство Одесскихъ купцовъ отъ 30 сентября 1860 года получилъ обратно. Аксенфельдъ.

1860 года сентября 30 дня. Я нижеподписавшійся Одесскій купецъ Израиль Яковлевъ сынъ Аксенфельдъ, даю сію подписку въ томъ, что въ открываемой мною въ городѣ Одессѣ частное типографіе подъ моею фирмой не будетъ печататся не только книги, журналы и газеты, но и никакія объявленія и афишы частныхъ лицъ безъ предварительнаго разрѣшенія мѣстныхъ властей. За малѣйшее же отступленіе отъ закона, подвергаю себя законной отвѣтственности. Въ чемъ и подписываюсь.

Одесскій 3 гильдіи купецъ Израиль Яковлевъ сынъ Аксенфельдъ.

(Свидетельство Одесской полиціи отъ 24 сент. 1860 г. за № 7185)

І. Аксенфельдъ, находясь въ Одессѣ суду и слѣдствію не подлежалъ, ни въ чемъ предосудительномъ не замѣченъ и къ открытію въ Одессѣ еврейской типографіи со стороны сей полиціи препятствій не имѣется.

III

Его Превосходительству и т. д.

На объявленное мнѣ въ канцеляріи Ваш. Превосход. затрудненія, препятствующая для удовлетворенія меня мое просьба, о дозволеніи мнѣ открыть въ Одессѣ типографіи еврейскими литерами, послучаю, что Житомирскому и Виленскому типографщикамъ по контракту представлено имъ исключительное право до 1862 года имѣть своихъ заведеній для напечатанія Еврейскихъ книгъ. Я считаю нужнымъ изъяснить слѣдующее; какъ въ прошеніи моего поданнаго Ваш. Превосх. заключается два разныя дѣла заставляющих мнѣ искать разрѣшеніе открыть в Одессѣ типографія Еврейскими литерами, во первыхъ: ради напечатанія мои сочиненіи на простомъ еврейскомъ языкѣ: драмы, комедіи, повѣсти и романы, имѣющихъ нравственный цель для простого народа евреевъ, вывести ихъ изъ заблужденіи хасидизма, основанный на принципахъ лживыхъ фанатизмъ. Во вторыхъ: ради пользоватся правом заводить в Одессѣ типографія для напечатанія вообще еврейскихъ молитвенныхъ и религіозныхъ книгъ, наравнѣ с житомирской и виленской типографіи получающія хорошаго дохода съ продажею оныхъ евреямъ. Нынѣ же повыше сказанной причинѣ, я долженъ оставить ходатайство на право открытіи въ Одессѣ типографія для печатаніе общихъ Еврейскихъ книгъ. А удовольствоваться покуда до 1862 г. (т. е. до окончанія Виленскому и Житомирскому откупщикамъ контрактного срока) печатать единственно моихъ вышеписанныхъ сочиненій, которые вовсе не вхо-

дятъ въ числѣ общихъ еврейскихъ книгъ. А потому Вашему Превосходительству всепокорнѣйше прошу, разрѣшить мнѣ заводить в Одессѣ Еврейская типографія, съ ограниченіемъ, что до 1862 года, дозволяется мнѣ напечатать только мои собственные сочиненій.

Одесскій купецъ нотаріусъ присяжный стряпчій
Израиль Аксенфельдъ.

27 октября 1860
Одесса.

IV

Его Превосходительству Господину Градоначальнику Генералъ-Майору и Кавалеру Платону Александровичу Антоновичу.

Одесского купца и присяжнаго стряпчаго
Израиля Аксенфельда

Прошеніе

Въ прошломъ 1860 году, подано мною прошеніе предмѣстнику Вашему Его Превосходительству Барону Местмахеру, просилъ о дозволеніи мнѣ открыть в Одессѣ типографія еврейскими литерами — какъ въ сводѣ Законовъ, таковое дозволеніе зависитъ отъ Г.г. Градоначальниковъ При поданной прошеніи, приложена было свидѣтельство разныхъ лицъ изъ лучшаго образованнаго класса Одесскихъ евреевъ, завѣряющіе, что цѣль моего ходатайства есть то, что я удостоенъ имѣть свое типографія, дабы я могъ напечатать мои рукописи въ пользу еврейскаго простонародія (т. е. для 90 процентовъ изъ числа евреевъ въ Россіи живущихъ, попавшихъ въ суевѣрномъ заблужденіи хасидизмовъ, и ихъ вожды, такъ называемые цадиковъ или чудотворцовъ; Въ сказанное свидѣтельство описано, что упомянутые мои рукописи, какъ сочинено мною на простомъ жаргонѣ между евреями употребляемые, суть, единственно въ состояніи открыть глаза тѣхъ 90 процентовъ, что бы презирать секты хасидовъ, а лживыхъ цадиковъ и чудотворцевъ искоренить. Сверхъ того я представилъ требовавшихся (необходимо по этому дѣлу) свидѣтельство Одесской Градской Полиціи обо мнѣ. Бывшій Градоначальник г. Баронъ Местмахеръ, былъ готовъ выдать мнѣ просимое разрѣшеніе; но узнали, что Житомирскій и Волынскій типографщики, имѣютъ контракты заключеннаго ими съ казной, чтобы до 1862 года, они только имѣютъ право печатать еврейскихъ книгъ. Слѣдственно до 1-го января 1862 года нельзя было мнѣ выдать дозволеніе открыть въ Одессѣ еврейскими литерами типографія.

Въ канцеляріи Ваш. Превосход., навѣрное, находиться всѣ выше приведенные бумаги,—на этомъ основаніи я осмѣливаюсь всепокорнѣйше просить: съ 1862 года, во уваженіе, что въ томъ зависить общеполезное дѣло для 90 процентовъ евреевъ живущихъ въ Россіи, а тѣмъ болѣе для живущихъ въ Одессѣ, снабдить меня разрѣшеніемъ открыть въ Одессѣ типографія еврейскими литерами.

Одесскій купецъ Израиль Аксенфельдъ.

5 декабря 1861 года
Одесса

---

[איבערזעצונג]

I

## צו זײַן עקסעלענץ דעם הער גראדאָנאטשאלניק אין אָדעס, דעם ווירקלעכן סטאט־סאָוועטניק באראָן פּאוועל פּיאָדאָראָוויטש מעסטמאכער

פון דעם אָדעסער סוחר איזראיל אקסענפעלד,
וואָס וווינט אין שטאָט אָדעס, 1 באצירק אף דער
איטאליענישער גאס, סילארדס הויז

דער כאסידיזם, וואָס פארשפּרייט צווישן די ייִדן, וואָס אויפגעקומען איז ער מיט א 80 יאָר צוריק, איז אזא צאָרע, וואָס קענען אים זײַנען, ווי ס'ווײַזט זיך ארויס, אומעכטיק סײַ די מאָסמיטלען פון דער רעגירונג, סײַ דער ווידערשטאנד פונעם בעסערן טייל צווישן די ייִדן גופא.

איך האַלט, אז אָט די און אנדערע ענלעכע פארפירעניש קען מען גיוועלער זײַן נאָר מיטן לעבעדיקן וואָרט, וואָס איז פארשטענדלעך דעם פּאָשעטן קלאס מענטשן פונעם פאָלק. דעריבער טאקע האָב איך דערויף אָפּגעגעבן עטלעכע יאָר לעבן און האָב זיך געשטעלט די אויפגאבע אין א פּאָפּולערער פאָרמע פון ראָמאנען, דערציילונגען

אָדער דראמעס אף פראָסט זשארגאָן, וואָס עס געברויכן יידן, אריַינצובריינגען פארן האמוין געזונטע באגריפן פון לעבן, עכט הומאנישע אידייעס און אויך באוויַיזן זיי די שעדלעכקיַיט און לעכערלעכקיַיט פון דעם כאסידיזם און פון די ליגנערישע באלעמאָפסים, וואָס הייסן בא זיי צאדיקים.

אף צו וויַיזן דעם ווערט פון מיַינע ארבעטן, האָב איך דעם קאָוועד צוצושטעלן פאר איַיער עקסעלענץ די ציַיגענישן פון אייניקע געבילדעטע פון אונדזער אומע בא אונדז אין שטאָט, וואָס האָבן מיך ניט איינמאָל צוגערעדט ארויסצולאָזן מיַינע ווערק.

ליידער איז אָבער צום דרוקן מיַינע ווערק שטערט דורכויס דאָס, וואָס די באלעבאטים פון די אייניציקע רוס-לענדישע יידישע דרוקעריַיען אין ווילנע און אין זשיטאָמיר זיַינען אלטפרענקיש-גלויביקע יידן און זיי זאָגן זיך אָפּ צו דרוקן ווערק, וואָס לויט זייערע האסאָגעס זיַינען זיי שעדלעך, און ווען אפילע זיי וואָלטן שוין יאָ איַינגעגאנגען צו דרוקן מיַינע ווערק, קען אָבער קיינער ניט אָרעוו זיַין, אז די ווערק וועלן ניט ארויס צעקאליעטשעטע.

די אלע געבראכטע אומשטאנדן גיבן מיר דעם מוט צו ווענדן זיך צו איַיער עקסעלענץ מיט דער אונטערטע-ניקסטער ביטע צו שענקען אופמערקזאמקיַיט דעמראָזיקן איניען און איבערגעבן וואוהין מע באדארף, אז מע זאָל מיר דערלויבן שטעלן אין אָדעס א דרוקעריַי מיט יידישע אויסיעס, קעדיי איך זאָל קענען, אליין קאָריגירנדיק, דרוקן מיַינע אייגענע אויבנדערמאנטע שריפטן און אויך אנדערע נוצלעכע ווערק.

דער אָדעסער סויכער איזראיל אקסענפעלד.

אָדעס, אווגוסט 1860 יאָר.

די דערמאָנטע דאָ ציַיגענישן פון די אָדעסער בירגער פונעם 10-טן אווגוסט 1860 יאָר האָב איך צוריק באקומען.

אקסענפעלד.

II

## צו זיַין עקסעלענץ און א. וו.

פון דעם אָדעסער סויכער, דעם עפנטלעכן נאָטאריוס, געשוואָרענעם אדוואָקאט באם אָדעסער קאָ-מערץ-געריכט איזראיל יאקאָווס זון אקסענפעלדן.

איבער די מאָטיוון, וואָס איך האָב ארויסגעזאָגט אין דעם ביט-בריוו צו איַיער עקסעלענץ אין אווגוסט כוידעש הײַיאָר, איז פאר דעם פראָסטן אוילעם יידן, וואָס ווייסן ניט קיין טיַיטש-וואָרט אפן לאָשן-קוידעש און קאָנען ניט לייענען א מאָראליש ביכל אף רוסיש, דארף איך דרוקן מיַינע מאנוסקריפטן, דראמעס, ראָמאנען און דערציילונגען, וואָס איך האָב פארפאסט טאקע פאר אָט דעם פראָסטן קלאס יידן, אף דעם פראָסטן לאָשן, וואָס ער געברויכט.

אין אָדעס אָבער איז בא היַינטיקן טאָג ניטאָ קיין דרוקעריַי מיט יידישע אויסיעס, דעריבער בעט איך אונטער-טעניקסט איַיער עקסעלענץ צו באוויליקן און דערלויבן מיר עפענען אין אָדעס א דרוקעריַי מיט יידישע אויסיעס צו דרוקן יידישע ביכלעך, וואָס נוצן צו בילדן דאָס פּאָשעטע פאָלק אונטער דער האשגאָכע פונעם צענזאָר בא דער יידישער ציַיטונג „המליץ״, וואָס עס לאָזט ארויס דער הער צעדערבוים, דאָס איז דער לערער אין דער אָדעסער קאזיאָנער יידישער שול, הער לייזער העניקוס, וואָס דינט אין דעם אָדעסער צענזור-קאָמיטעט.

צו דעמדאָזיקן ביט-בריוו מיַינעם האָב איך דעם קאָוועד צוצולייגן א ציַיגעניש פון דער אָדעסער פאָליציי, וועגן מיַין כאראקטער און וועגן דעם, אז די פאָליציי האָט גאָרניט קעגן עפענען אין אָדעס א דרוקעריַי מיט יידישע אויסיעס, אויך א פארזיכערונג וועגן דעמזעלבן פון די אָדעסער פאָרנעמע לײַט און מיַין אייגנהאנטיקע אונטערשריפט וועגן אויספילן אין דער דרוקעריַי, וואָס איך וועל עפענען, אלע געזעצן און פאראָרדענונגען.

דער אָדעסער סויכער, געשוואָרענער אדוואָקאט
באם אָדעסער קאָמערץ-געריכט איזראיל אקסענפעלד.

אָדעס, 4-טן אָקטיאבער 1860 יאָר.

די ציַיגעניש פון די אָדעסער סאָכרים פונעם 30-טן סענטיאבער 1860 י. געקראָגן צוריק. אקסענפעלד.

1860 י. 30 טאָג אין סענטיאבער. איך, דער אונטערגעכאסמעטער, דער אָדעסער סויכער איזראיל יאקאָוולעוו אקסענפעלד צעשריַיב זיך, אז אין דער פריוואטער דרוקעריַי, וואָס איך וועל עפענען אין דער שטאָט אָדעס, אונטער מיַין פירמע, וועט ניט געדרוקט ווערן ניט נאָר קיין ביכער, זשורנאלן און ציַיטונגען, נאָר אפילע קיין אנאָנסן, אפישעס פון פריוואטע פערזאָנען אָן א פריערדיקער דערלויבעניש פון דער אָרטיקער מאכט. פאר דאָס מינדסטע איוועער זיַין אפן געזעץ בין איך גרייט צו טראָגן אכריַיעס לויטן געזעץ און דערויף שריַיב איך זיך אונטער.

דער אָדעסער כויכער פון דער דריטער גילדיע
איזראיל יאקאָוולעוו אקסענפעלד.

(די ציַיגעניש פון דער אָדעסער פאָליציי פונעם 24-טן סענטיאבער 1860 י. № 7185)

די גאנצע ציַיט, וואָס אי. אקסענפעלד איז אין אָדעס, האָט ער אף זיך קיין שום מישפעט און אויספאָרשונג ניט געהאט, אין קיין שום פארדעכטיקע זאכן ניט געווען באמערקט. די היגע פאָליציי האָט גאָרנישט קעגן דעם, אז מע זאָל עפענען אין אָדעס א יידישע דרוקעריַי.

III

## צו זײַן עקסעלענץ א. א. וו.

אין דער קאנצעליאריע פון אײַער עקסעלענץ האָט מען מיר געמאָלדן, אז מע קען ניט דערפילן מײַן באקאָשע וועגן עפענען אין אָדעס א דרוקערײַ מיט יידישע אויסיעס, מאכמעס דעם, וואָס לויט א קאָנטראקט איז ביזן 1862 י. האָבן אויסשליסלעכע רעכט אף צו דרוקן יידישע ביכער נאָר ווילנער און זשיטאָמירער דרוקערײַען.

איך געפין פאר נייטיק צו דערקלערן: אין מײַן ביט-בריוו, וואָס איך האָב דערלאנגט אײַער עקסעלענץ, זײַנען פאראן צוויי איניאָנים, וואָס צוליב זיי האָב איך געזוכט א דערלויבעניש אף צו עפענען אין אָדעס א דרוקערײַ מיט יידישע אויסיעס. ע ר ש ט נ ס, איך וויל דרוקן אף פראָסט יידיש מײַנע ווערק: דראמעס, קאָמעדיעס, דער-ציילונגען און ראָמאנען, וואָס זײַנען אויסן מאָראליש צו ווירקן אפן פאָשעטן יידישן אוילעם, ארויספירן אים פונעם פארפירערישן כאסידיזם, וואָס איז געבויט אפן פאלשן פאנאטיזם. צ ו ו ײ ט נ ס, איך וועל אויסנוצן די רעכט צו עפענען א דרוקערײַ אין אָדעס ביכדיי צו דרוקן יידישע געבעט-ביכער און אנדערע רעליגיעזע ספאָרים, באגלײַך מיט די זשיטאָמירער און ווילנער דרוקערײַען, וואָס האָבן א שיינע האכנאָסע פון פארקויפן יידן דידאָזיקע מינים ספאָרים.

איצטער אָבער איז איבער דער אויבנאָנגעוויזענער סיבע לאָז איך שוין אוועק די הישטאדלעס צו עפענען אין אָדעס א דרוקערײַ אף צו דרוקן דאָרט אלגעמיינע יידישע ביכער. איך מוז זיך באנוגענען דערמיט, אז דערווײַלע, ביזן 1862 י. (ד. ה. ביז עס וועט זיך ענדיקן דער קאָנטראקט-טערמין מיט די ווילנער און זשיטאָמירער דרוקער) זאָל איך דרוקן מײַנע אויבנבאשריבענע ווערק, וואָס גייען קלאל ניט ארײַן אין דער צאָל פון אלגעמיינע יידישע ביכער. און דעריבער בעט איך אלערונטערטעניקסט אײַער עקסעלענץ דערלויבן מיר אײַנצושטעלן אין אָדעס א יידישע דרוקערײַ, מיט דער באגרענעצונג, אז ביז 1862 יאָר איז מיר דערלויבט צו דרוקן נאָר מײַנע אייגענע ווערק,

דער אָדעסער סוחער, נאָטאריוס, געשוואָרענער אדוואָקאט

א י ז ר א י ל א ק ס ע נ פ ע ל ד.

אָדעס, 27-טן אָקטיאבער 1860.

IV

## צו זײַן עקסעלענץ דעם הער גראדאָנאטשאלניק אין אָדעס, דעם גענעראל־מאיאָר קאוואלער פלאטאָן אלעקסאנדראָוויטש אנטאָנאָוויטש.

פון דעם אָדעסער סוחער און געשוואָרענעם אדוואָקאט
איזראיל אקסענפעלדן.

### ב י ט ע

אין פאָריקן 1860 יאָר האָב איך אָנגעגעבן א ביטע אײַער פאָרגייער, זײַן עקסעלענץ דעם באראָן מעסט-מאכער און געבעטן דערלויבן מיר צו עפענען אין אָדעס א דרוקערײַ מיט יידישע אויסיעס, — ווײַל לויטן געזעץ-קאָדעקס קענען דאָס דערלויבן די הערן גראדאָנאטשאלניקעס. צו מײַן ביט-בריוו האָב איך דאמאָלט צוגעלייגט א צײַגעניש פון פארשיידענע פערזאָנען פונעם מער געבילדעטן קלאס אָדעסער יידן, וואָס פארזיכערט, אז איך בין ווערט צו האָבן אן אייגענע דרוקערײַ און אז איך בין זיך מישטאדל נאָר צוליב דעם, קעדיי צו קענען אָפדרוקן מײַנע מאנוסקריפטן פארן יידישן האמוין, ד. ה. פאר 90 פראָצ. יידן, וואָס וווינען אין רוסלאנד און זײַנען פאר-נארישט און פארגלויבט אין דעם כ א ס י ד י ז ם און זײַנע פירער, די אזויגערופענע צ א ד י ק י ם אָדער ב א ל ע-מ אָ פ ס י ם.

אין דעראָזיקער צײַגעניש ווערט געזאָגט, אז די דערמאנטע מאנוסקריפטן, וואָס זײַנען געשריבן פאָשעט אף זשארגאָן, וואָס יידן געברויכן, דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס קען עפענען די אויגן אָט די 90 פראָצענט, אז זיי זאָלן פאראכטן די סעקטעס כאסידים און אויסוואָרצלען די פאלשע צ א ד י ק י ם און ב א ל ע מ אָ פ ס י ם. אכוצדעם האָב איך צוגעשטעלט די געפאָדערטע (וואָס איז נייטיק געווען צום איניען) צײַגעניש פון דער אָדעסער שטאָט-פאָליציי וועגן מיר.

דער גראדאָנאטשאלניק, דער הער באראָן מעסטמאכער, האָט שוין מיר געוואָלט ארויסגעבן די געבעטענע דערלויבעניש, נאָר מע האָט זיך דערוווסט, אז די זשיטאָמירער און ווילנער דרוקער האָבן א קאָנטראקט מיט קאזנא, אז ביז 1862 האָבן נאָר זיי אליין דאָס רעכט צו דרוקן יידישע ביכער. הייסט עס, אז ביזן ערשטן יאנוואר 1862 י. האָט מען ניט געקאָנט מיר דערלויבן צו עפענען אין אָדעס א דרוקערײַ מיט יידישע אויסיעס. אין דער קאנצעליא-ריע פון אײַער עקסעלענץ געפינען זיך געוויס אלע אויבנויסגערעכנטע פאפירן—אף דעם סמאך וואג איך אלערונ-טערטעניקסט צו בעטן — צוליב דעם, וואָס פון דערינען הענגט אָפּ אן אלגעמיין נוצלעכע זאך פאר 90 פראָצ. יידן, וואָס וווינען אין רוסלאנד און ביפראט נאָך פאר די יידן פון אָדעס,—געבן מיר א דערלויבעניש פונעם יאָר 1862 עפענען א דרוקערײַ מיט יידישע אויסיעס.

דער אָדעסער סוחער א י ז ר א י ל א ק ס ע נ פ ע ל ד.

אָדעס, 5-טן דעקאבער 1861 יאָר.

## א. קירזשניץ

# 11 יאָר יִדישע פּרעסע אין ראטנפארבאנד [1]

### (סטאטיסטישער עטיוד)

די סטאטיסטישע מאטעריִאלן, וואָס מיר באנוצן פארן דאָזיקן עטיוד, זײַנען ארויסגענומען פון דער כראָנאָלאָגישער רעשימע פון דער יִדישער פּרעסע אינעם ראטנפארבאנד פאר די יאָרן 1917 — 1927, וואָס איז ניט לאנג דערשינען אין דער אויסגאבע פון דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק [2].

אף וויפל אין דערדאָזיקער רעשימע זײַנען געווים פאראן אייניקע בלויזן און גרײַזן, זײַנען זיי, נאטירלעך, פארבליבן אויך אין די ציפער־מאטעריאַלן, וואָס זײַנען אף איר געבויט. העיויס אָבער די צאָל דורכגעלאָזענע און פארגרײַזס־באשריבענע צײַטשריפטן איז, ווי אונדז דוכט, לעפּיערעך א קליינע, האָט דאָס פארן סטאטיסטישן אנאליז א קנאפּע באַדײַטונג. מע קאָן גאנץ רויִק אָפּערירן מיט דידאָזיקע ציפערן און דרייסט מאכן אלע אויספירן, וואָס דרינגען פון זיי ארויס [3].

I

דעם אלגעמיינעם אנטוויקלונג־וועג, וואָס די יִדישע פּרעסע־נעץ האָט דורכגעמאכט פאר די 11 רעוואָליוציִע־יאָרן, און די וויכטיקערע עטאפּן פון איר באוועגונג אין פארשיידענע פעריִאָדן פון אָט דער טקופע אנטפּלעקט גאנץ בוילעט די ערשטע טאבעלע.

**טאבעלע 1. די אלגעמיינע באוועגונג פון דער יִדישער פּרעסע־נעץ**

| יאָרן | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | 1922 | 1923 | 1924 | 1925 | 1926 | 1927 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| געבליבן פון פאָריקן יאָר . . . . . | 1 | 15 | 13 | 19 | 26 | 12 | 12 | 8 | 11 | 15 | 18 |
| אָנגעהויבן דערשײַנען . | 48 | 48 | 49 | 79 | 36 | 15 | 9 | 13 | 11 | 12 | 24 |
| סאכאקל דערשינען אין געגעבענעם יאָר . | 49 | 63 | 62 | 98 | 62 | 27 | 21 | 21 | 22 | 27 | 42 |

1) פּאָרטראג געלייענט אין דער ביבליאָגראפישער סעקציִע פון דער „געזעלשאפט צו שטודירן די יִדישע שפּראך און געשיכטע“ (מאָסקווע) דעם 21 אפּריל 1928.

2) א. קירזשניץ. די יִדישע פּרעסע אין ראטנפארבאנד (1927—1917). מינסק, 1928.

3) אדאנק די אָנווײַזונגען פון די כ״כ. ג. רובינשטיין (מינסק) און ש. באָראָוואָי (אָדעס), האָבן מיר, אגבֿ, באקומען די מעגלעכקײַט ארײַנצופירן אין די טאבעלן נײַע 8 אויסגאבעס, וואָס פעלן אין דער א ״בנרערג־אָנטער רעשימע; די אָנגערופענע כאווײרים דריקן מיר אויס אונדזער טיפסטן דאנק.

די אונטערשטע שורע פון אָט דער טאבעלע באצייכנט גאנץ גענוי אלע וויכטיקערע ענדערונגען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין צאָל־באשטאנד פון דער ייִדישער פרעסע־נעץ אין די געגעבענע יאָרן.

צום אָנהייב פון דער רעוואָליוציִע איז, ווי באוווסט, אין רוסלאנד קיין ייִדישע פרעסע פאקטיש ניט געווען. אין מעשעך פון ערשטן מילכאָמע־יאָר האָט די צאַרישע רעגירונג אָפּגעשטעלט אלע ייִדישע צײַטשריפטן און ניט דערלויבט קיין נײַע. מער ווי א יאָר איז אין גאנץ רוסלאנד ניט געווען קיין איין פּעריאָדישע אויסגאבע אין ייִדיש. ערשט זומער 1916 האָט זיך דעם ארויסגעבער פונעם אָדעסער (פריִער דערשינען אין ווארשע) „אונזער לעבען״ (ש. האָכבערג) אײַנגעגעבן צו באקומען א דערלויבעניש אף באַנײַען זײַן צײַטונג. דאָס איז געווען די איינציקע ייִדישע צײַטונג, וואָס איז דערשינען אין רוסלאנד באם אויסברוך פון דער רעוואָליוציִע.

די רעוואָליוציִע האָט ניט נאָר באזײַטיקט אלע אויסערלעכע שטערונגען, נאָר זי האָט אויך געשאפן א שטארקן אינערלעכן סטימול פאר דער אנטשטייונג פון א ברייטער און פארצווײַגטער פרעסע אין ייִדיש. די טיפע דיפערענציִאציִע פון די געזעלשאפטלעכע קרעפטן אין דער ייִדישער סוויווע, דער פארשארפטער קאמף צווישן די פארטייען און גרופּירונגען פאר דער ווירקונג אף די מאסן, די פארשיידענע וואלן און אנדערע פּאָליטישע קאמפאניִעס, מיט וועלכע עס איז געווען אזוי רײַך דאָס ערשטע יאָר פון דער רעוואָליוציִע,—דאָס אלץ האָט אין מעשעך פון בלויז 10 כאדאָשים 1917 יאָר ארויסגערופן צום לעבן 48 נײַע פּעריאָדישע און איינמאָליקע אויסגאבעס אין ייִדיש.

די גרעסטע מערהײַט פון דידאָזיקע צײַטשריפטן האָט אָבער ניט געהאט קיין אריכאס יאָמים. א טייל פון זיי איז לעכאטכילע ארויס, ווי איינמאָליקע אויסגאבעס, אין צוזאמענהאנג מיט פארשיידענע טאָג־קאמפאניִעס; אנדערע האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָך די ערשטע עטלעכע נומערן. פון די 49 אויסגאבעס, וואָס זײַנען דערשינען אין 1917, האָבן דערלעבט דאָס 1918 יאָר בלויז 15, ד. ה. קוים 30 פראָצענט.

דער ניצאָכן פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציִע, דער אָנהייב פון אן אָרגאניזירטער קאָמוניסטישער ארבעט אין דער ייִדישער סוויווע, פון איין זײַט, און די פּויליש־דײַטשישע אָקופּאציִע מיט דער העטמאנשטשינע, פון דער צווייטער, זײַנען געווען די הויפּט־פאקטאָרן, וואָס האָבן באשטימט דעם אנטוויקלונג־טעמפּ פון דער ייִדישער פרעסע אין 1918 יאָר. ווי עס איז צו זעען פון דער טאבעלע, האָבן אין אָט דעם יאָר אָנגעהויבן דערשײַנען נײַע 48 אויסגאבעס און צוזאמען מיט די פארבליבענע פון 1917 זײַנען אין מעשעך פון יאָר דערשינען 63 צײַטשריפטן, ד. ה. מיט 14 מער, ווי אין פאָריקן יאָר. דערדאָזיקער צוּוואוקס געהערט אף $^2/_3$ דער קאָמוניסטישער פרעסע אין ייִדיש, וועלכע איז אנטשטאנען אין 1918 יאָר. פון מארט ביז סאָף יאָר האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען 9 קאָמוניסטישע צײַטשריפטן — די פּיאָנערן פון דער קאָמפרעסע אין ייִדיש.

פון די 63 אויסגאבעס, וואָס זײַנען דערשינען אין געגעבענעם יאָר, האָבן נאָר 13 (קנאפּע 20 פראָצ.) דערצויגן ביז 1919. די איבעריקע 50 זײַנען אָפּגעשטאָרבן נאָך אין מעשעך פון 1918 יאָר. טיילווײַז איבער דיזעלביקע סיבעס, וואָס אין פאָריקן יאָר, טיילווײַז (בענעגייע דער בורזשואזער פּרעסע) אין צוזאמענהאנג מיט דער פארווירקלעכונג פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אין דער ייִדישער סוויווע, און טיילווײַז (בענעגייע דער רעוואָליוציִאָנערער פרעסע) איבער דער פּויליש־דײַטשישער אָקופּאציִע און דער העטמאנשטשינע.

אין די יאָרן פונעם בירגער־קריג און „קריגס־קאָמוניזם״ — 1919, 1920 און אָנהייב 1921 יאָר — זײַנען אנטשטאנען ביז גאָר אייגנארטיקע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג און עקזיסטענץ פון דער פרעסע, די ייִדישע, נאטירלעך, ניט אויסגעשלאָסן. פון איין זײַט, זײַנען שטארק פארשווערן געוואָרן די טעכנישע פארלאג־באדינגונגען (מאנגל אין פּאפּיר און דרוק־מיטלען), עס האָבן זיך פארקלענערט די פארשפּרייטונג־מעגלעכקײַטן, און אין צוזאמענהאנג מיט די סטראטעגישע ענדערונגען אף די פראָנטן און אָפטע עוואקואציִעס פון

די בײַפּראַנט־שטעט, האָט די פּרעסע, נאַטירלעך, זיך ניט געקאָנט באַפּעסטיקן. פון דער צווייטער זײַט, אָבער, איז גראָד אין אָט די יאָרן אומגעהייער אויסגעוואַקסן די באַדײַטונג פון דער פּרעסע, אַלס איינע פון די שאַרפסטע מיטלען אינעם קאַמף פאַר דער ראַטן־רעפּובליק און פאַר דער קאָמוניזירונג פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן. דאָס, צוזאַמען מיט די אייגנאַרטיקע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פאַר פאַרלאַג־אַרבעט אין די יאָרן פונעם „קריגס־קאָמוניזם", ווען אַ צײַטונג האָט זיך לאַכלוטן ניט געניייטיקט אין קיין פינאַנציעלער באַזע, האָבן סטימולירט אַ ראַשיקן וווּקס און ברייטע פאַרצווײַגונג פון דער יידקאָמפּרעסע, און טיילווײַז אויך פון דער פּרעסע פון די אָפּגעשפּאָלטענע לינקע טיילן פון די קליינבירגערלעכע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען („קאָמבונד", י. ק. פּ. „פּויאַלעציאָן").

פאַר די יאָרן פונעם בירגער־קריג איז די יידישע פּרעסע־נעץ באַרײַכערט געוואָרן מיט אַ ריי צײַטשריפטן, פון וועלכע זי האָט ביז דענסטמאָל קיינמאָל ניט געוווּסט: רויטאַרמייִשע, אָפּיציעלע רעגירונג־אָרגאַנען, קאָמיוגישע, אַנטירעליגיעזע א. ד. גל.

אין פּראַט פון שטאַנדהאַפטיקײַט האָט זיך די לאַגע פון דער פּרעסע־נעץ אין אָט די יאָרן, נאַטירלעך, ניט געקאָנט פאַרבעסערן. אויך אין דעררדאָזיקער טקופע האָט זיך די גרעסטע מערהײַט צײַטשריפטן (70—75 פּראָצ.) געוויינטלעך אָפּגעשטעלט אין זעלביקן יאָר, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען. די סיבעס פון דעם זײַנען, מיינען מיר, קלאָר און פאַרשטענדלעך.

אין 1921 יאָר איז אין דער לאַגע פון אונדזער פּרעסע פּאָרגעקומען אַ טיפע ענדערונג. עס האָט זיך געענדיקט דער בירגער־קריג; עס האָט זיך ליקווידירט דער „בונד" מיט זײַן גאַנץ פאַרצווײַגטער פּרעסע; עס איז אײַנגעפירט געוואָרן די נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק („נעפּ"), וועלכע האָט ראַדיקאַל געענדערט דיווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון אונדזער גאַנצער פאַרלעגערישער אַרבעט, די יידישע, פאַרשטייט זיך, בעסויכאָם.

די נײַע עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן אַנטשיידן געפאָדערט, אַז די פּרעסע זאָל ווערן ווירטשאַפטלעך זעלבשטענדיק און אַריבערגיין אַפן אייגענעם אויסהאַלט. עמעס, באַלד דורכפירן די נײַע פּאָליטיק אין אַ פולער מאָס איז בענעגייע דער פּרעסע געווען ניט מעגלעך. מע האָט דערצו געמוזט בעהאַדראָגע צוגרייטן סײַ די לייענער, וואָס האָבן אין די פריערדיקע יאָרן באַקומען צײַטונגען אינגאַנצן אומזיסט, סײַ די פּרעסע־פאַרלאַגן, וואָס האָבן אין די יאָרן פונעם „קריגס־קאָמוניזם" לאַכלוטן ניט געדאַרפט זאָרגן וועגן אַ פינאַנציעלער באַזע פאַר זייערע אויסגאַבעס.

די ערשטע צײַט האָט דעריבער די ראַטן־רעגירונג נאָך געדעקט אַלע, אָדער קימאַט אַלע, הויצאָעס פון אַ געוויסער צאָל צײַטשריפטן. אָבער וואָס ווײַטער איז די דאָזיקע צאָל געוואָרן אַלץ קלענער, און די צײַטשריפטן, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט באַפעסטיקן, האָבן נאָך פאַרשיידענע אָנשטרענגונגען אײַנצוהאַלטן זיך, אויב ניט ווי טעגלעכע, איז כאָטש ווי וועכנטלעכע אָדער צווייוועכנטלעכע אויסגאַבעס, סאָפּקאָלסאָף געמוזט אונטערגיין. אופגעהאַלטן האָבן זיך נאָר די פעסטערע און נייטיקערע, און אַזעלכע זײַנען די ערשטע צײַט, נאַטירלעך, געווען ניט קיין סאַך.

קימאַט דרײַ יאָר האָט געדויערט דעררדאָזיקער קריזיס אין דער יידקאָמפּרעסע, ביז זי האָט זיך סטאַביליזירט און אָנגעהויבן אַרויסווײַזן געוויסע סימאָנים פון וווּקס.

אין 1921 יאָר זײַנען נאָך דערשינען 62 צײַטשריפטן, נאָר 50 פון זיי, ד. ה. גאַנצע 82 פּראָצ., האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין זעלביקן יאָר. אין מעשעך פון גאַנצן 1922 יאָר זײַנען שוין דערשינען בלויז 27 צײַטשריפטן, און אין 1923, 1924 און 1925 — בלויז צו 21—22.

פון 1925 יאָר, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרברייטערונג און פאַרצווײַגונג פון דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אופבויונג־אַרבעט אין דער יידישער סוויווע און דער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויזירונג פון די ברייטסטע יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן, הייבן זיך אָנצומערקן קענטלעכע סימאָנים פון אופלעבונג אויך אין דער יידישער פּרעסע־נעץ. פון די 21 אויסגאַבעס, וואָס זײַנען דערשינען אין 1924 יאָר, זײַנען העכער אַ העלפט (52 פּראָצ.)

פארבליבן אויך אפן 1925; אין 1926 און 1927 יאָר האָט זיך די יידישע פרעסע־נעץ אי פאר־גרעסערט אין צאָל (אף 5 און 20 אויסגאבעס אין פארגלייך מיטן 1925), אי באפעסטיקט (אפן 1926 יאָר זיינען פארבליבן העכער 68 פראָצ. פון דער צאָל צייטשריפטן, וואָס זיינען דער־שינען אין 1925, און אף 1927 — העכער 66 פראָצ.), אי פארצוייגט אין א ריי נייע געביטן (עס זיינען אנטשטאנען זעלבשטענדיקע אויסגאבעס פאר פויערים, קוסטארן, פּיאָנערן, וויסנ־שאפטלעכער ארבעט א. א. וו.). צום אָנהייב פון 1928 האָבן מיר שוין פארמאָגט א גאנץ אָנגעזעענע פרעסע־נעץ פון 22 פעריאָדישע אויסגאבעס. דער וווּקס פון דער יידקאָמפרעסע פאר די לעצטע 2—3 יאָר איז פאָרגעקומען אויך אפן כעשבן פון אופלעבן די פראָווינציעלע פרעסע (באַרדיטשעוו, אָדעס, קיעוו, האָמעל א. א. וו.).

אָט אזוי שטעלט זיך פאָר אין קורצן בא דער שיין פון ציפערן די אלגעמיינע באווע־גונג פון דער יידישער פרעסע אין ראטנפארבאנד פאר די 11 רעוואָליוציע־יאָרן.

II

אין דער ערשטער העלפט פונעם געגעבענעם פעריאָד זיינען די געזעלשאפטלעכע קויכעס, וואָס האָבן געווירקט און געזוכט צו ווירקן אין דער יידישער סוויווע, ווי באוווּסט, געווען שטארק דיפערענצירט. באלד נאָך דער רעוואָליוציע זיינען ארויס אפן געזעלשאפט־לעכן אויבערפלאך די פארטייען, וואָס זיינען פארן צאריזם געווען אומלעגאל. עס זיינען אופגעשטאנען טכיאס־האמייסים פארטיי־גרופירונגען, וואָס האָבן א צייט לאנג פאר דער רעוואָליוציע ניט ארויסגעוויזן קיין שום סימאָנים פון לעבן. די טאָנגעבער אין געזעלשאפט־לעכן לעבן פון דער יידישער סוויווע זיינען די ערשטע צייט געווען די קליינבירגערלעך־סאָציאליסטישע און בורזשואזע נאציאָנאליסטישע פארטייען. זיי האָבן אומבאגרענעצט גע־הערשט אויך אין דער יידישער פרעסע. דער ניצאָכן פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די קאָמוניסטישע ארבעט אין דער יידישער סוויווע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באלד נאָכדעם, האָבן ראדיקאל געענדערט דידאָזיקע קויכעס־פארהעלטעניש. די ווירקונג פון די פריערדיקע „העגעמאָנען" פאלט קעסיידער, די יידישע מאסן קערן זיך פון זיי אָפּ, און צוביסלעך פארשווינדן דידאָזיקע גרופירונגען — און צוזאמען מיט זיי אויך זייער פרעסע — אינגאנצן פונעם געזעלשאפטלעכן אויבערפלאך. די ווירקונג פונעם קאָמוניזם אין דער יידי־שער סוויווע איז, פארקערט, קעסיידער געוואָקסן און פארשטארקט געוואָרן, ביז די קאָמ־פארטיי איז ניט געוואָרן דער איינציקער און עמעסער העגעמאָן אין דער יידישער געזעל־שאפטלעכקייט, און בעמיילע שוין אויך אין דער יידישער פרעסע, פונעם ראטנ־פארבאנד.

א גאנץ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן אָט דיביידע פראָצעסן, וואָס האָבן דורכגעמאכט פארשיידענע עטאפן און האָבן זיך פארצויגן אף 3—4 יאָר, ווייזט די צווייטע טאבעלע (זע זייט 108).

אין פולן איינקלאנג מיטן וווּקס און פארברייטערונג פון דער קאָמוניסטישער ווירקונג אף די יידישע מאסן, וואקסט אויך קעסיידער די צאָל קאָמוניסטישע צייטשריפטן אין יידיש. אין 1918 יאָר האָט זי באטראָפן בלויז 18 פראָצ. פון דער אלגעמיינער צאָל יידישע צייטשריפטן, אין 1919 — 52 פראָצ., אין 1920 — קימאט 70 פראָצ. און אין 1921 — שוין גאנצע 80 פראָ־צענט. פאר די 4 יאָר האָט זיך איר ספעציפישער געוויכט פארגרעסערט מער ווי אין־ פיר מאָל.

די בונדיסטישע פרעסע — די שטארקסטע צווישן דער פרעסע פון די קליינבירגערלעכע סאָציאליסטישע פארטייען — פארקלענערט זיך סיסטעמאטיש פון יאָר צו יאָר; דער אויס־נאם פון 1920 יאָר דערקלערט זיך מיט דער געוויסער אינערלעכער אופלעבונג אין „בונד" נאָכן אָנעמען די קאָמוניסטישע פראָגראם אף דער XII קאָנפערענץ און נאָכן אויסשליסן די רעכטע עלעמענטן.

טאבעלע II. די באוועגונג פון דער פרעסע־נעץ לויט די ריכטונגען

| יאָרן / ריכטונגען | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| קאָמוניסטישע . . . . . . | — | 9 | 30 | 66 | 50 | 155 |
| בונדיסטישע . . . . . . | 13 | 10 | 7 | 13 | 4 | 47 |
| „פאריייניקטע" . . . . . . | 11 | 6 | 3 | — | — | 20 |
| פויאלעציאָן . . . . . . | 2 | 5 | 6 | 12 | 7 | 32 |
| פאָלקספארטיי . . . . . | 3 | 3 | — | — | — | 6 |
| ציאָניסטישע . . . . . . . | 11 | 16 | 3 | 2 | — | 32 |
| אָרטאָדאָקסישע . . . . . . | 2 | 1 | — | — | — | 3 |
| פארשיידענע . . . . . . | 7 | 13 | 13 | 5 | 1 | 39 |
| סאכאקל . . | 49 | 63 | 62 | 98 | 62 | 334 |

דער ספּעציפישער געוויכט פון דער פרעסע פון די „פאריייניקטע" (ס. ס. און י. ס.), וועלכער איז אין 1917 יאָר געווען לעפּיערעך א גאנץ באדייטנדיקער (בא 23 פראָצ. בענעגייע דער אלגעמיינער פרעסע־נעץ אין יידיש און בא 43 פראָצ. פון דער קליינבירגערלעך־סאָציאַליסטישער פרעסע), פאלט קאטאסטראָפיש פון יאָר צו יאָר, און אין דער ערשטער העלפט 1919, נאָכדעם ווי די מערהייט פון דערדאָזיקער פּארטיי איז אריינגעטראָטן אין קאָמפארבאנד, פארשווינדט זי אינגאנצן.

אן אייגנארטיקן וועג האָט אין אָט די יאָרן דורכגעמאכט די פויאלעציאָניסטישע פרעסע. ביזן 1921 יאָר איז זי קעסיידער געוואָקסן. דאָס איז אָבער געווען אן אייגנארטיקער וווקס. אין 1917 יאָר האָבן די פ״צ פארמאָגט א ריי צענטראלע און אָרטיקע צייטשריפטן אין רוסיש. אין 1918 זיינען זיי (דער גרעסטער טייל) פארביטן געוואָרן מיט יידישע אויסגאבעס. דער וווקס פון דער צאָל פ״צ צייטשריפטן אין די ווייטערדיקע יאָרן דערקלערט זיך טיילוויז אויך מיט די אָפטע שפּאלטונגען אין דערדאָזיקער פּארטיי, נאָך וועלכע ביידע טיילן פלעגן בלייבן עקזיסטירן ווי זעלבשטענדיקע פארטייען מיט אייגענע אויסגאבעס (די רעכטע טיילן פון די איבעריקע קליינבירגערלעכע סאָציאַליסטישע פארטייען זיינען נאָך די צעשפאלטונגען געוויינטלעך צעשטויבט געוואָרן). אף דער באוועגונג פון דער פ״צ פרעסע־נעץ האָבן, פארשטייט זיך, געווירקט נאָך אנדערע סיבעס, ווי, לעמאָשל, די מער פּאָזיטיווע באציִונג צו דער ראטנמאכט, פון איין זייט, און די אָריענטאציע אף פאלעסטינע, וואָס האָט די ערשטע יאָרן נאָך דער באלפור־דעקלאראציע שטארק אימפּאָנירט באשטימטע שיכטן פונעם יידישן קליינבירגערטום, פון דער צווייטער א. א.

וואָס איז שייעך די בורזשואזע גרופּירונגען, האָט די שטארקסטע פרעסע פארמאָגט די ציאָניסטישע פּארטיי. ניט געקוקט אף איר פרינציפּיעלער קעגנערשאפט און האס צו דער שפּראך פון די מאסן, האָט דידאָזיקע פּארטיי, אף וויפל זי האָט געזוכט זיי צו באווירקן, געמוזט, אכוץ דער פרעסע אין רוסיש און העברעיש, שאפן אויך צייטשריפטן אין יידיש. שוין אין 1917 האָט די ציאָניסטישע פרעסע לויט איר צאָל פארנומען דאָס צווייטע אָרט. אין 1918, נאָך דער באלפור־דעקלאראציע און אדאנק די אָקופּאנטן, וואָס האָבן „באפרייט" ווייסרוסלאנד און אוקראינע פון דער ראטנמאכט, איז זייער פרעסע נאָכמער אויסגעוואָקסן. אָבער ניט אף לאנג. דער ניצחון פון דער ראטנמאכט אין די אָנגערופענע ראיאָנען און די פארווירקלעכונג פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אין דער יידישער סוויווע האָבן אינגאנצן ליקווידירט די ציאָניסטישע פרעסע.

די פאָלקיסטישע און אָרטאָדאָקסישע פרעסע איז געווען נישטיק אין צאָל אפילע ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. באלד נאָך איר ניצאָכן איז זי אינגאנצן פארשוואונדן.

עטלעכע ווערטער וועגן דער גרופּע „פארשיידענע“. פאָרמעל זײַנען דאָס געווען אָדער אומפארטייִשע, אָדער צווישנפארטייִשע אויסגאבעס. א טייל פון זיי איז געווען מער־ווייניקער קלאָר גענויגט צו די בורזשואזע פארטייען (אייניקע הומאָריסטישע, ליטעראַרישע א. א. צײַטשריפטן), אייניקע — צו די קליינבירגערלעך־סאָציאַליסטישע (די אויסגאבעס פון דער „קולטור־ליגע“, לערער־פארבאנד, קיעווער און כארקאָווער קאָאָפּעראטיווע אָרגאניזאַציעס א. א.). פון 1919 יאָר ווערט זייער צאָל פארקלענערט און פון 1922 פארשווינדן זיי אינגאנצן פון אונדזער פרעסע־נעץ, וועלכע ווערט אינגאנצן א סאָוועטיש־קאָמוניסטישע.

III

מער אויספירלעכע סטאטיסטישע מאטעריאַלן וועלן מיר ברענגען וועגן דער קאָמ־פרעסע אין ייִדיש — איר אנטוויקלונג אין פארשיידענע פעריאָדן פון אָט דער טקופע אין באזונדערע פארבאנדישע רעפּובליקן, איר באשטאנד לויט דער פעריאָדישקײַט און פאר־צווײַגונג לויט די געביטן.

דער טעמפּ, מיט וועלכן די ייִדקאָמפרעסע האָט זיך אין פארשיידענע פעריאָדן אנט־וויקלט אין יעדער רעפּובליק באזונדער, ווײַזט גאנץ קלאָר די דריטע טאבעלע.

טאבעלע III

די באוועגונג פון דער ייִדקאָמפרעסע אין באזונדערע רעפּובליקן

| רעפּובליקן / יאָרן | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | 1922 | 1923 | 1924 | 1925 | 1926 | 1927 | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| או. ס. ר. ר. . . . . . . . . . | — | 11 | 34 | 22 | 7 | 9 | 5 | 7 | 8 | 22 | 125 |
| וו. ס. ר. ר.[1] . . . . . . . | 3 | 13 | 24 | 21 | 9 | 5 | 4 | 8 | 12 | 10 | 109 |
| ר. ס. פ. ס. ר. . . . . . . . . | 6 | 6 | 8 | 7 | 6 | 6 | 10 | 6 | 7 | 9 | 71 |
| אוזבעקיסט. ס. ר. ר. . . . . . | — | — | — | — | — | 1 | 2 | 1 | — | — | 4 |
| אזערביידזשאנ. ס. ר. ר. . . . | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| לעטלענד. ס. ר. ר. . . . . . | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 |
| סאכאקל . . . . . | 9 | 31 | 66 | 50 | 22 | 21 | 21 | 22 | 27 | 42 | 311 |

אנטשטאנען איז די ייִדקאָמפרעסע אין ר. ס. פ. ר. ר. אוקראַינע איז דאָס ערשטע יאָר פון אָקטיאבער־רעוואָליוציע געווען אינגאנצן אָקופּירט, און ווײַסרוסלאנד — קימאט אינגאנצן. אין אוקראַינע איז דעריבער אין 1918 י. גאָרניט געווען קיין קאָמפרעסע אין ייִדיש, און אין ווײַסרוסלאנד איז זי אנטשטאנען סאמע סאָף יאָר.

פון 1919 יאָר ענדערט זיך די געאָגראַפיע פון דער קאָמפרעסע־נעץ. אין די יאָרן פון בירגער־קריג פארנעמט דאָס ערשטע אָרט לויט דער צאָל צײַטשריפטן אוקראַינע, דאָס צוויי־טע — ווײַסרוסלאנד, ר. ס. פ. ר. ר. רוקט זיך אָפּ אפן דריטן אָרט. און דאָס איז גאנץ נאטירלעך און אנטשפרעכט פולשטענדיק דער אקטיווער ראָליע, וואָס די ייִדקאָמפרעסע האָט

1) אין די איצטיקע גרענעצן; אהער זײַנען אויך צוגערעכנט געוואָרן אלע צײַטשריפטן, וואָס זײַנען דערשינען אפן מײַרעוו־פראָנט און אין די שטעט ווילנע, לידע, סלאָנים און ביאַליסטאָק, ווען זיי זײַנען געווען פארנומען דורך דער רויטער ארמיי.

געשפּילט אין דידאַקטישע יאָרן סײַ אין פּראַט פון באַקעמפן די ווירקונג פון די קליינביר־גערלעכע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זייערע צענטרען און פּרעסע־אָרגאַנען האָבן זיך געפונען אין געוויסע „טכום“, סײַ אין פּראַט פון מאָביליזירן די יידישע פּראָלעטאַרישע מאַסן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער ראַטנמאַכט קעגן די ווײַסגוואַרדעיִשע און אינטער־ווענטישע אַרמייען.

אין די ערשטע יאָרן פונעם „נעפ“, און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אַכוץ דעם לעצטן, האָט די אַנטוויקלונג פון דער יידקאָמפּרעסע אין די אָנגערופענע רעפּובליקן פאַר־לאָרן איר געזעצמעסיקײַט און פּראָפּאָרציאָנעלקײַט לעגאַבע דער גרייס און ספּעציפישן געוויכט אין זיי פון די יידישע מאַסן. אין די ערשטע יאָרן נאָכן בירגער־קריג, ווען קיין סטאַביליזירטע קאָמפּרעסע־נעץ איז ביכלאַל ניט געווען, האָט קיין באַשטימטע געזעצמע־סיקײַט אין איר געאָגראַפיִע ניט געקענט זײַן. פאַרן דאָזיקן איבערבראָך־פּעריאָד איז בלויז כאַראַקטעריסטיש דער לעפּיערעך שטאַרקער וווּקס פון דער יידקאָמפּרעסע אין ר. ס. פ. ר. ר., ווו עס האָבן זיך געפונען די אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אין דער יידישער סוויווע אין אַלע ראַטן־רעפּובליקן.

אין די ערשטע צוויי יאָר פון דער נײַער טקופע פון דער אינטענסיווער און פאַר־צווײַגטער בויונג איז דער אַלגעמיינער וווּקס פון דער יידקאָמפּרעסע נאָך אַזאַ אומבאַ־דײַטנדיקער, אַז ווירקן אַף דער איבערגרופּירונג פון איר נעץ לויט די רעפּובליקן איז ער ניט בעקויעך. בלויז אין סאַמע לעצטן יאָר קומט פאָר אַ באַדײַטנדיקע איבערגרופּירונג אין דער געאָגראַפיִע פון דער פּרעסע־נעץ, און עס ווערן אײַנגעשטעלט אַזעלכע פאַרהעלטענישן צווישן פאַרשיידענע רעפּובליקן, וואָס אַנטשפּרעכן מער־ווייניקער זייער ספּעציפישן געוויכט אין דער יידישער סוויווע.

אין די איבעריקע אָנגערופענע ראַטן־רעפּובליקן, ווו קיין קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן זײַנען ניטאָ, איז קיין באָדן פאַר רעגולערע יידישע צײַטשריפטן, נאַטירלעך, ניט פאַראַן. אַדאַנק אָבער דער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויזירונג פון דער אָרטיקער יידישער האָרעפּאַש־נער באַפעלקערונג נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז געוואָרן מעגלעך, אַז אויך אין אָט די רעפּובליקן, ווו פאַר דער רעוואָליוציע האָבן די יידן אפילו קיין ווינרעכט ניט גע־האַט, זאָלן פון צײַט צו צײַט דערשײַנען קאָמוניסטישע צײַטשריפטן אין יידיש. דאָס איז אַ פאַקט, וועלכן עס איז קעדײַ צו פאַרצייכענען.

אַ באַשטימטן אינטערעס פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פונעם אינערלעכן וווּקס פון דער יידקאָמפּרעסע שטעלן מיט זיך זיכער פאָר די ציפערן וועגן איר צעטיילונג לויט דער פּעריאָדישקײַט.

טאַבעלע IV

די צעטיילונג פון דער יידקאָמפּרעסע לויט דער פּעריאָדישקײַט

| יאָרן / פּעריאָדישקײַט | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | 1922 | 1923 | 1924 | 1925 | 1926 | 1927 | סאַכאַקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| טעגלעך . . . . . | 3 | 6 | 15 | 6 | 3 | 3 | 3 | 4 | 3 | 3 | 49 |
| $^1/_2$ און $^1/_3$ וועכנטלעך . . | — | 5 | 3 | 3 | 2 | — | — | — | — | — | 13 |
| וועכנטלעך . . . . . . . | 1 | 8 | 8 | 11 | 2 | 1 | — | 5 | 8 | 7 | 51 |
| צוויי וועכנטלעך . . . . . | — | 3 | 1 | 3 | 3 | 3 | 1 | — | — | 3 | 17 |
| מאָנאַטלעך . . . . . . . . | — | 3 | 2 | 2 | 4 | 4 | 6 | 7 | 7 | 6 | 41 |
| צוויי מאָנאַטלעך . . . . . . . | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 1 | 3 |
| איינמאָליק . . . . . . | 1 | 1 | 15 | 11 | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 | 18 | 66 |
| אומבאַשטימט . . . . . | 4 | 5 | 22 | 14 | 4 | 6 | 7 | 1 | 4 | 4 | 71 |
| סאַכאַקל . . . . . | 9 | 31 | 66 | 50 | 22 | 21 | 21 | 22 | 27 | 42 | 311 |

אין די יאָרן פונעם בירגער־קריג, ווען די קאָמפּריעסע האָט געמוזט קעסיידער רעאגירן אף די געשעענישן פונעם טאָג און אומופהערלעך וועקן און רופן צום קאמף, האָבן אין דער פּרעסע־נעץ, נאטירלעך, געמוזט פּרעוואלירן טעגלעכע, $1/2$ און $1/3$ וועכנטלעכע ציַיטשריַפטן און איינמאָליקע אויסגאבעס, וואָס זיַינען געווען געווידמעט פארשיידענע שלאָגקאמפאניעס. נאטירלעך איז אויך, וואָס אינעם דאָזיקן פעריִאָד האָבן א ריי ציַיטשריפטן לעכאטכילע ניט באצייכנט זייער פעריִאָדישקיַיט. דאָס איז שווער געווען צו באשטימען פון פריִער. דאָס איז זייער אָפט געווען אָפּהענגיק ניט פונעם ווילן פון די ארויסגעבער, נאָר פון פארשיידענע אָביעקטיווע באדינגונגען — פּאפּיר־רעזערוון, צושטאנד פון דער דרוקעריַי, אָנוועזנהיַיט פון דער נייטיקער צאָל זעצער א. ד. גל. אגעוו, קימאט אלע ציַיטשריפטן, וואָס האָבן אפילע אָנגעגעבן זייער פעריִאָדישקיַיט, אכוץ עפּשער די טעגלעכע, זיַינען צוליב די־זעלביקע סיבעס זעלטן דערשינען רעגולער. דער אָפיציִעל אָנגעוויזענער דערשיַינונגטערמין כאראקטעריזירט מער דעם ווילן און די שטרעבונג פון די ארויסגעבער, איידער די ווירקלעכע פעריִאָדישקיַיט פון די ציַיטשריפטן.

מיט דער סטאביליזירונג פון דער פּרעסע־נעץ און איר וויַיטערדיקן וווקס און באפעסטיקונג ווערט אויך איר צעטיילונג לויט דער פעריִאָדישקיַיט א מער נאָרמאלע, און אין לעצטן יאָר האָבן מיר שוין אין איר פארטראָטן מער־וויניקער פּראָפּאָרציִאָנעל קימאט אלע פארשפּרייטע — לויט דער פעריִאָדישקיַיט — מינים ציַיטשריפטן.

צולעצט וועלן מיר נאָך ברענגען איייניקע ציפערן, וואָס כאראקטעריזירן די פארצוויַיגונג פון דער ייִדקאָמפּרעסע לויט די געביטן, וואָס זי נעמט ארום.

טאבעלע V

די צעטיילונג פון דער קאָמפּרעסע לויט די געביטן

| | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | 1922 | 1923 | 1924 | 1925 | 1926 | 1927 | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע . . | 8 | 18 | 23 | 20 | 7 | 5 | 4 | 6 | 6 | 7 | 104 |
| קאָמיוגישע . . . . . . . . . | — | — | 13 | 14 | 5 | 7 | 3 | 3 | 3 | 3 | 51 |
| קינדערש־פּיִאָנערישע . . . . . | — | 2 | — | — | 1 | 1 | 1 | 3 | 3 | 4 | 15 |
| פּראָפעסיִאָנעלע . . . . . . . | — | — | — | 3 | 2 | — | 2 | 2 | 1 | 1 | 11 |
| רויטארמייִשע און פאר לאנדשוץ . | — | 1 | 8 | 1 | — | — | 1 | — | — | 2 | 13 |
| ליטעראריש־קינסטלערישע . . | — | 1 | 1 | — | 1 | 1 | 2 | 3 | 4 | 7 | 20 |
| פאר פּעדאגאָגיק און בילדונג־ארבעט . . . . . . . . | 1 | 3 | 3 | 2 | 1 | 1 | 2 | 4 | 5 | 8 | 30 |
| הילף־ארבעט און קאָאָפּעראציִע . | — | — | 1 | — | 3 | 1 | — | — | 1 | — | 6 |
| אנטירעליגיִעזע . . . . . . . . | — | — | — | 2 | — | 4 | 3 | 1 | — | — | 10 |
| פּאָפּולער־וויסנשאפטלעכע און וויסנשאפטלעכע . . . . . . . | — | — | 1 | — | — | 1 | — | — | 1 | 1 | 4 |
| פויעריש־קוסטארישע . . . . . | — | 3 | — | — | — | — | — | — | 1 | 4 | 8 |
| אינפאָרמיר־ביולעטענס . . . . . | — | 2 | 5 | 2 | 1 | — | — | — | 1 | — | 11 |
| וואלן־און קאמפּאניעס־בלעטער . | — | 1 | 7 | 6 | 1 | — | 3 | — | — | 5 | 23 |
| פארשיידענע . . . . . . . | — | — | 4 | — | — | — | — | — | 1 | — | 5 |
| סאכאקל . . . . | 9 | 31 | 66 | 50 | 22 | 21 | 21 | 22 | 27 | 42 | 311 |

דידאַקטישע טאבעלע דערגאנצט מיט אייניקע אינטערעסאנטע שטריכן די כאראקטעריס־טיק פונעם אנטוויקלונג־וועג, וואָס די ייִדקאָמפרעסע האָט דורכגעמאכט פאר די צען יאָר אָקטיאבער-רעוואָליוציִע.

אין די יאָרן פון פארשארפטן קאמף אף די מיליטערישע און אידעאָלאָגישע פראָנטן, ווען אלע אויסגאבעס האָבן געדינט איין זאך: דער פארטיידיקונג פון דער ראטנמאכט און דעם ניצאָכן פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיִע, איז קימאט די גאנצע פרעסע־נעץ געווען אן איינהייטלעכע, זי איז קימאט אינגאנצן געווען געווידמעט דידאַקטישע אופגאבן. אין דעם פּראט איז פאקטיש ניט געווען קיין שום כילעק צווישן דער אלגעמיינער פאָליטיש־געזעל־שאפטלעכער פרעסע און דער פרעסע, וואָס איז געווען בארופן צו באדינען באזונדערע גרופעס פון די ארבעטנדיקע מאסן (קאָמיוגישע, רויטארמייִישע א. א. וו.).

אין דערזעלביקער צייַט איז אָבער נייטיק אונטערצושטרייַכן, אז אפילע בא יענע שווע־רע און אָנגעשטרענגטע באדינגונגען האָט זיך די פארטיי און די ראטנמאכט באמיט צו באפרידיקן אויך די קולטורעלע באדערפענישן פון די ייִדישע מאסן.

נאָכן בירגער־קריג קומט פאָר א נאטירלעכע איבערגרופּירונג אין באשטאנד פון דער פרעסע־נעץ לויט די געביטן. די צאָל פאָליטיש־געזעלשאפטלעכע צייַטשריפטן פאר־קלענערט זיך און אף זייער כעשבן אנטשטייען צייַטשריפטן אף נייַע געביטן, אין העסקעם מיט דער פארברייטערונג און פארשטארקונג פון דער קאָמוניסטישער ארבעט אין דער ייִדישער סוויווע. אין די ערשטע יאָרן פונעם „נעפּ" ווערט פארשטארקט די הילף־ארבעט פאר די געליטענע פון דער קאָנטער־רעוואָליוציִע (פּאָגראָמען), עס פארברייטערט זיך די פראָפּארבעט, עס ווערט אינטענסיוו געפירט די אנטירעליגיִעזע פּראָפּאגאנדע, און דאָס אלץ שפּיגלט זיך אָפּ אף דער פארצווייַגונג פון דער פרעסע־נעץ: זי ווערט בארייַכערט מיט א ריי נייַע צייַטשריפטן פאר די אָנגערופענע געביטן.

די לעצטע יאָרן, ווען דער טעמפּ פון דער ווירטשאפטלעכער און קולטורעלער אופ־בויונג־ארבעט אין דער ייִדישער סוויווע האָט זיך נאָך מער פארשטארקט און פארטיפט און אין איר זייַנען ארייַנגעצויגן געוואָרן נייַע שיכטן פון דער האָרעפּאשנער באפעלקערונג, האָט זיך אנטשפּרעכנדיק אויך פארצווייַגט די פרעסע־נעץ. עס איז קענטלעך אויסגעוואָקסן די צאָל ליטערארישע אויסגאבעס, דאָס אייגענע די צייַטשריפטן, וואָס זייַנען געווידמעט די פראגן פון בילדונג און קולטור־ארבעט, עס איז אנטשטאנען א פּיִאָנערישע, א פויעריש־קוסטארישע און א וויסנשאפטלעכע פּעריִאָדיקע.

די ווייַטערדיקע אנטוויקלונג און פארטיפונג פון דער ייִדארבעט אינעם רעקאָנסטרוקציִע־פּעריִאָד וועט אָן סאָפעק ארויסרופן צום לעבן באזונדערע צייַטשריפטן פאר א ריי נייַע געביטן.

די ערשטע טריט, וואָס אונדזער פרעסע האָט געמאכט אין צווייטן יאָרצענדליק פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציִע, באשטעטיקן פולקאָם דידאַקטישע באהויפּטונג.

---

מ. ווינער

# די אויסגאַבע פון עטינגערס שריפטן

## (ביבליאָגראפישער און ליטעראַר־היסטאָרישער עטיוד)

דר שלמה עטינגערס כתבים, ארויסגעגעבן, לויט די מאנוסקריפטן, מיט א ביאָגראפישן אריינפיר און מיט הערות פון ד״ר מאקס ווײַנרײַך. ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין. 1925. באנד I ז. LXIV+286; באנד II ז.ז. פון 287 ביז 616.

1

די ליטעראטור־געשיכטע האָט ביז איצט עטינגערס ווערק, וואָס זענען א אינטערעסאנטער ווערטפולער אָריענטיר־פונקט באם אויספאָרשן די ייִדישע ליטעראטור אין דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט, נישט געקענט דערלערנען און אָפּשאצן, פּינקטלעך באשטימען זייער באטײַט און זייער האשפּאָע, ווײַל עס האָט געפעלט די עלעמענטארסטע פאָרהאַנאָכע פאר אזא ארבעט,—צוטריטלעכע, ד. ה. געדרוקטע פארלאָזלעכע טעקסטן. עטינגערס ווערק זענען געווען א מין ליטעראטור־געשיכטלעכע לעגענדע; יעדיִעס וועגן זיי האָט איין שרײַבער געמוזט אָפּשרײַבן פון צווייטן נישט געזעענערהייט. אָפּגערעדט פון גרויסן שאָדן פארן ליטעראטור־לייענער, וואָס האָט זיך נישט געקענט באקענען מיטן שאפן פונעם באַדײַטנדיקסטן קינסטלער און סטיליסט אינעם ביז־מענדעלע־פעריאָד, איז אויך דעם פאָרשער נישט מעגלעך געווען צו באקומען א ריכטיקן באגריף וועגן דער ייִדישער ליטעראטור אין יענער צײַט, אזוי לאנג עס זענען נישט געווען געזאמלט און געדרוקט עטינגערס ווערק.

דעריבער דארף מען באגריסן די שיינע, זאָרגעוודיקע, טעקסטקריטיש מיט אסאך מי און פלײַס צונויפגעשטעלטע אויסגאבע פון אלע שריפטן עטינגערס, וואָס ווײַנרײַך האָט ארויסגעגעבן. אין דער אויסגאבע גייען ארײַן: „סערקעלע״, דראמאטישע פראגמענטן, אלע לידער, מעשאָלים, קליינע מײַסעלעך און קאטאָוועסלעך (עפּיגראמעס), געלעגנהײַטסלידער, פראגמענטן און אנדערע הויסאָפּעס, א ביאָגראפיִע, ביבליאָגראפיִע, בריוו, דאָקומענטן צו עטינגערס ביאָגראפיִע, העאָרעס א. אז. וו. א היפּשער טייל פון די טעקסטן ווערט דאָ ביכלאל צום ערשטן מאָל געבראכט, אן אנדערער צום ערשטן מאָל טעקסטקריטיש גערייניקט און נישט ווי פריִער פארדרייט און פארגרײַזט.

א נייטיקע ארבעט. צום ערשטן מאָל זענען די ווערק פון א ייִדישן „קלאסיקער״ ארויסגעגעבן געוואָרן אף אזא זאָרגעוודיקן אויפן. איצט האָט יעדער די מעגלעכקײַט צו לייענען און אויסצופאָרשן עטינגערס ווערק.

יעדע ארבעט, ווי זי זאָל ניט זײַן, גוט אָדער שלעכט, אויב זי איז נאָר אן ערשטע אף א באשטימטן געביט — ווי דאָ אפן געביט פון וויסנשאפטלעכער עדיציִע — דינט זי אָפּט אלס מוסטער, ווי מע ד א ר ף אזא מין ארבעט מאכן, אָדער ווי מע ט א ָ ר זי נישט מאכן. מע לערנט פון איר, זי עפנט פראָבלעמעס, עס ליגט אף איר א באזונדער אכרײַעס. דעריבער מוז מען קריטיש באטראכטן נישט בלויז אירע מײַלעס, נאָר אויך אירע כעסרוינעס.

באַזונדערס די כעסרוינעס פון אַ באַשטימטן פּרינציפּיעלן כאַראַקטער. וואָרעם אויב עס פאַרשטייט זיך אַליין, אַז לעמאָשל טעקסטקריטישע אָדער אַנדערע דעטאַלע כעסרוינעס וועלן אין שפּעטערדיקע אויסגאַבעס קאָריגירט אָדער אויסגעמיטן ווערן, איז וואָס שייַעך פעלער אינעם אידעאָלאָגישן צוגאַנג פאַראַן אַ סאַקאָנע, אַז אַנדערע זאָלן זיי שפּעטער אויך איבערכאַזערן. די שלאַגווערטער, מיט וועלכע אַן עלטערער טעקסט ווערט אַרומגעשטעלט, האָבן אַ טעווע, אַז זיי שלעפּן זיך נאָך און ווערן אומרעווידירטערהייט איבערגעכאַזערט יאָרצענדליקער לאַנג.

מיר מיינען די אידעאָלאָגיִע, וואָס באַווייַזט זיך אינעם „אַרייַנפיר פון מאַקס ווייַנרייַך“ (ז. XIII—XLIV). אַזעלכע אַרייַנפירן, וואָס דינען ווי אַ ליטעראַטור־געשיכטלעכער פאָן פאַר די טעקסטן אַליין, שפּילן נאָך דערווייַל אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָל אין דער ייִדישער ליטעראַטור־קענטעניש. קיין ערנסטע צוזאַמענהענגנדיקע געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין 19 יאָרהונדערט איז נאָך נישט פאַראַן. איר בילד שטעלט זיך דערווייַל צונויף, ווי געווײנלעך אין אַזעלכע סיטואַציִעס, פון אַרייַנפירן, ביִאָגראַפיִעס און צופעליקע מאָנאָגראַפישע אָפּהאַנדלונגען, וואָס ווערן דערנאָך די באַזע פאַר אַ ליטעראַטור־היסטאָרישער קאָנצעפּציִע. דעריבער איז באַזונדערס וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אויף דעם פּרינציפּיעלן צוגאַנג ווייַנרייַכס צו עטינגערס ביִאָגראַפיִע און ווערק. ווייַטער וועלן אויך באַהאַנדלט ווערן פאַרשידענע ד ע ט א ל ן אין ווייַנרייַכס אויסגאַבע.

*

ווייַנרייַכס אידעיִשע שטעלונג צו זייַן טעמע וואַקסט אַרויס פון זייַן באַציִונג צו דער ייִדישער ליטעראַטור ווי צו אַ טייל פון די טראַדיציִאָנעל־נאַציִאָנאַליסטישע ייִדישיסטישע איניאָנים. ווייַנרייַך שטייט אויף אַ באַלעבעסלדיק־ייִדישיסטישן שטאַנדפּונקט. דאָס ווירקט באַשטימענדיק אויפן פאַקטן־אָפּקלייַב אין זייַן פאָרשונג, אויף זייַן שטייגער פאַקטן צו גרופּירן און אונטערצושטרייַכן צוליב זייַן אידעאָלאָגישער פּאָרהאַנאָכע. פונדאַנען נעמט זיך אויך דער זיסלעך־בוימלדיקער פרומלעכער טאָן, מיט וועלכן ער דערציילט און שאַצט אָפּ באַשטימטע פאַקטן, וואָס קענען אונטערהאַלטן זייַן טראַדיציִאָנעל־נאַציִאָנאַליסטישע, באַלעבעסלדיק־ייִדישיסטישע קאָנצעפּציִע.

לעמאָשל: באַלד אין אָנהייב באַגעגענען מיר אַזאַ זאַך (ב. I, ז. XIII): „ער (עטינגער) איז געוואַקסן פון אַ ייִכעסדיקער מישפּאָכע, אין וועלכער ס׳איז געווען היימיש אי טוירע, אי סכוירע“. ווייַנרייַך איז אַזוי פאַרכאַפּט פונעם ייִכעסדיקן פאַקט, וועגן וועלכן ער דערציילט, אַז ער פּילט אָפּ אָפּאָנעם גאָרנישט די טראַפּאַרעטישע באַנאַליטעט און געשמאַקלאָזיקייַט פון „אי טוירע, אי סכוירע“.

אין דעם פּראַט איז שוין אַפילע דער טיטל, וואָס ווייַנרייַך האָט דער אויסגאַבע געגעבן, כאַראַקטעריסטיש. ד״ר — און כתבים, באַלעבאַטישקייַט און ייִדישלעכקייַט. באַ מעדיציִנישע אָדער סטאַם פאַך־וויסנשאַפטלעכע ווערק וואָלט דער „ד״ר“ פאַרשטענדלעך געווען, אַזוי אָבער קלינגט עס געשמאַקלאָז, אַשטייגער ווי „ד״ר היינריך היינעס ווערק“, אָדער „פּראָפעסאָר ד״ר פרידריך שילערס ווערק“. און פאַרוואָס „כתבים“ און נישט שריפטן אָדער ווערק? „שלוימע עטינגערס שריפטן“ וואָלט אַסאַך פּאַסיקער געווען.

עטינגערס „אופגעקלערטקייַט“ איז נישט געווען קיין לײַדנשאַפטלעך צעשטערערישע. ער איז טאַקע ביכלאַל ניט געווען קיין ל ײַ ד נ ש אַ פ ט ל ע ך קעמפערישע נאַטור. זייַנע געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן זענען נישט געווען אַזוי ברייט ווי, לעמאָשל, באַ לעווינזאָנען, אַקסענפעלדן און גאָטלאָבערן. ער האָט זיך אָריִענטירט אויף אַ בירגערלעך אַנטוויקלטערן שיכט אייזער די דערמאָנטע שרייַבער [1]. אָבער גראָד וואָס שייַעך אַזעלכע האַסקאָלע־פּראָבלעמעס ווי, לעמאָשל: נעגאַטיווע באַציִונג צו פרומלעכקייַט און

1) זע „שריפטן“ פון דער קאַטעדרע פאַר ייִדישער קולטור באַ דער אַלוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיִע. ערשטער באַנד, ז. 90.

צוואקישקייט, קאמף פאר אופקלערונג און בילדונג האָט ער זיך צווישן די מאסקילים פון זײַן פּעריאָד און סוויווע ניט גאָר באזונדערס אויסגעטײלט. די סטירעס פון זײַן „אופגעקלערטקייט" געפינען מיר מער אָדער ווייניקער בא אלע זײַנע צײַט־כאווײרים און א היפּשע צײַט שפּעטער אויך. אָבער מיט וואָסער טאָן און אָפּשאצונג באמיט זיך ווײַנרײַך פעסטצושטעלן, אז עטינגער איז נישט געווען קיין „פורץ גדר", קיין „צוימענברעכער". צו דער קאָנסטאטירונג גופע קאָן מען, פארשטייט זיך, אין פלוג, קיין טײַנעס נישט האָבן, אָבער דער אויפן ווי ווײַנרײַך שאצט אָפּ אָט־אָ די פעסטשטעלונג ווירקט מאָדנע. מע פילט מאמעש, ווי ווײַנרײַך קוויקט זיך מיטן פאקט, וואָס מע גיט אים איבער, אז דאָס בעסדין האָט באלייט עטינגערס לעווײַע „און געטראָגן דעם אָרן ביזן בייסוילעם". „דאָס — זאָגט ווײַנרײַך — איז געווען א געוואלטיקער קאָוועד, א רײַע אף דעם, ווי שטארק דאָס שטעטל האָט פון אים געהאלטן ... עטינגער איז טאקע נישט געווען קיין פורץ־גדר, קיין שטורעמער פון דער ייִדישער טראדיציע ... און שטאָט האָט אויך געהאט וועגן אים אזא מיינונג..." ווײַנרײַך רעזומירט: „דאָס בילד פון אָט דעם ריינעם, ציכטיקן, פּאָשעטן ייִדן שטייט פאָרט קלאָר פאר אונדזערע אויגן, ווייניקער פאר אלץ איז ער געווען א צוימענברעכער".

דעם פאקטישן מאטעריאל, אזוי ווײַט ער איז וויסנשאפטלעך פעסטגעשטעלט, טאָר דער ביאָגראף בעשומויפן נישט פארשווײַגן. עס גייט אָבער וועגן דעם, ווי ווײַנרײַך גרופּירט די פאקטן, אין וואָסער טאָן ער דערציילט וועגן זיי, ווי אזוי סומירט ער זיי, ווי באציט ער זיך אליין צו די שטריכן, וואָס ער שטעלט צונויף צו א בילד פון א פארשוין אָדער פון א געשיכטלעכער סיטואציע. דער שטאָטס מיינונג דרינגט ווײַנרײַך ארויס פון עטינגערס לעווײַע און פון א מײַסע מיט א רעבן און ראבאָנים (די קוואלן וועגן דעם גיט ווײַנרײַך נישט). עס דארף זיך באקומען, אז קיין שום אנטאגאָניזם צווישן עטינגערן און דעם קלעריקאליזם איז נישט פאראן געווען. מיר וויסן אָבער, אז אין עטינגערס, דעם אָנהענגער לעווינזאָנס, ווערק (און צום טייל אויך אין זײַן לעבנסגאנג), וועלכע ער האָט נישט באהאלטן און נישט פארשוויגן, ווערן שוין אויסגעדריקט די וויכטיקסטע פונקטן פון דער מאסקילישער פּראָגראם פּראָפּאגאנדע קעגן אָבערגלויבן, צוואקישקייט, קאָהאָל־ווירטשאפט, און פאר וועלטלעכער בילדונג און פּראָדוקטיווער ארבעט (אף ערד, לעמאָשל). שוין־זשע האָט דער קלערוס אזוי אידיליש מאסקים געווען צו אזעלכע מיינונגען און צו זייער פארשפּרייטונג? ווײַנרײַך ווייסט גאָרנישט וועגן דעם צו זאָגן, גוט! אָבער צי קלעקט דאָס, קעדיי צו מאכן פון עטינגערן א פרומלעכן ייִדן? וואָס פארא מעשונעדיקע באלײַכטונג וועט זיך באקומען פאר דער ביאָגראפיע פון אסאך באדײַטנדיקע האסקאָלע־שרײַבער, אויב מיר וועלן זי באטראכטן דורכן אספּעקט פון די פאקטן אף זייער לעווײַע!

ווי שטארק פילט זיך ווײַנרײַכס היספּײַלעס, ווען ער דערציילט, אז „אין זשדאנאָוו גופע האָבן עטינגערס (מע דארף זײַן א מייוון אפן טאם פונעם נעגידישן לאָשן־ראבים! 1) געהאט פינף פײַנע צימערן. טיילמאָל פלעגן קומען צו זיי געסט, און כאָשעווע: געווען א מאָל א גענעראל, אן אינזשענער (!), איינמאָל אפילע דער גובערנאטאָר אליין (!). אן אנדער מאָל זענען ארײַנגעפאָרן צו זיי פיר ראבאָנים, צווישן זיי דער טישעוויצער, דער זאמאָשטשער און דער נײַשטעטישער (I, XLII)". מע פילט מאמעש, ווי א באלעבאטיש הארץ קוועלט אָן מיט שטאָלץ פון אָט־אָ די מײַסעס. עס איז קלאָר, אז ווײַנרײַך וויל, מע זאָל באנעמען עטינגערן ווי אן עלטער־זיידן נישט בלויז פון דער ייִדישער ליטעראטור, נאָר אויך פון גאנצן באלעבעסלדיק־ייִדישיסטישן נוסעך אין לעבן און אינעם טראכטן.

„אין דער טאָלעראנטער שטוב פונעם פעטער האָט דער יונגער שלוימע געזען, אז טוירע און כאָכמע זענען ניט דאפקע קעמפנדיקע עלעמענטן (!), און דאָ איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאר זײַן שפּעטערדיקן גאנג: אז מע קען זײַן א געבילדעטער, אן אופגעקלערטער מענטש און פונדעסטוועגן ניט אָפּרײַסן זיך פון דעם טראדיציאָנעלן ייִדישן

1) די באמערקונגען אין די קלאמערן שטאמען אומעטום פון מיר — מ. ווינער.

שטייגער־לעבן". ס׳איז דורכויס נישט באוויזן, צי איז דאָס דערדאָזיקער דעוויז טאקע געווען דער „גרונטשטיין" פאר עטינגערס גאנג. אָבער דער ביאָגראף, וואָס שטעלט אוף די באהויפטונג — ווי פארהאלט ער זיך צו דעם דערציילטן פאקט?

*

ווײַנרײַך איז א פאָרשער, אָבער ווי עס קומט צו זײַן באלעבעסלדיק־ייִדישלעכער קאָנצעפּציִע, ווערט ער זיסלעך און סענטימענטאל, פאנטאזירט אין א וואָלוול־פּעליעטאָניסטישן נוסעך גאנצע מײַסעס, נויגט אפילע ערטערווײַז אָפּ פונעם קוואלן־מאטעריִאל, אשטייגער, ער וואָלט אליין בא די געשעענישן געשטאנען [1]. דאָס דארף קלויערשט „לעבעדיקער" מאכן די טעמע; אינעמעסן אָבער ווערט זי, דורך דער וואָלוועלער ראָמאנהאפטיקײַט א לא שאָמער, דערפירט צו באנאליטעט.

„דער יונגער באָכער (עטינגער אין זײַן יוגנט), וואָס איז נאָך דערצו (?) געווען א וויל־לערנער מיט א פלינק קעפּל, האָט זייער אויסגענומען בא די שאדכאָנים (!). אָבער ר׳ מענדל (זײַן פעטער) האָט ניט געוואָלט אוועקגעבן דעם ברודערן־זון פאר אבי־וועמען. ער האָט זיך געמעגט פארגינען צו זײַן אן איבערקלײַבער, ביזוואנען עס האָט אים ענדלעך אָפּגעגאָלטן צו געפינען א פאסיקן זיווועג (!): ער האָט „געטון" מיט דעם זאמאָשטשער גוויר יעהודע לייב וואָלף („וואָלף" — אפאָנעם א דרוקפעלער; ס׳דארף הייסן „גאָלד"), וועלכער האָט געוואָלט האָבן דעם מושלעם פאר זײַן ייִנגסטער טאָכטער גאָלדען. שלוימע האָט צו מאזל כאסענע געהאט (!) ... יעדער אײנער האָט אים מעקאנע געווען אף דעם גליק, וואָס האָט אים געטראָפן... א. אז. וו." (I, ז. XIV). אין אזא סטיל פאלט ווײַנרײַך אומעטום ארײַן, ווו ער וויל איבערגעבן ייִדישלעכן אָדער באלעבאטישן שטייגער [2].

זייער „דראמאטיש" און אויספירלעך „מאָלט" ווײַנרײַך דעם באשלוס פון עטינגערס פרײַנט אין אָדעס, אים צו שיקן קיין לעמבערג שטודירן מעדיצין, און די אינעווייניקסטע קאמפן, וואָס עטינגער האָט קלוימערשט מיט זיך געדארפט פירן באם פארבײַטן שטרײַמל און קאפטן אף הוט און ראָק (I, ז. XVIII—XX). דאָס פאסט גראָד צום בילד, וואָס ווײַנרײַך וויל אונדז געבן וועגן עטינגערן. דער גאנצער אָרט איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר ווײַנרײַכס „שיינשרײַבערישן" שטייגער, אז מיר מוזן אים, ווי ווייניק אינטערעסאנט ער זאָל נישט זײַן, געניער באהאנדלען. די קוואלן צו דעם אָרט זענען די בריוו נומ. 1—2 (II, ז. 559—567). אין זיי ווערט די סיטואציִע צוויי מאָל באריכעס און אין א מעליצעדיק פלוידערדיקן סטיל (אגעוו אין א זייער גרײַזיקן דײַטשמעריש) פון עטינגערן דערציילט. אינעם ערשטן אויספירלעכערן מער ערנסטן בריוו צו י. צעדערבוים איז דער געוויסנסקאמף וועגן „שטרײַמל" ביכלאל נישט דערמאָנט. עטינגער דערציילט דאָ בלויז וועגן זײַנע דײַגעס, פון וואָס ווײַב און קינדער וועלן אין דער לאנגער צײַט פון זײַן שטודיִום לעבן [3], און ווי זײַן אופגערעגט און

[1] זע, לעמאָשל, די וואָלוועלע אומוויסנשאפטלעכע „ראָמאנהאפטיקײַט" לויט פארשידענע צווייפלהאפטיקע קוואלן אין „שטורעמווינט, בילדער פון דער ייִדישער געשיכטע אין 17 יאָרה." ווילנע 1927. ז. 8—11, ז. 82—85, ז. 97—102, 111—116 א. א. וו. א. א. וו.

[2] אסאך מאָל פארפירט ווײַנרײַכן פאָשעט זײַן קלוימערשט „פאָלקסטימלעכע" שאמעסטע-שפראך נאָך ווײַטער איידער זײַן קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיִע דארף עס האָבן.

[3] ווײַנרײַך כאזערט איבער עטינגערס מעליצעדיקע גוזמע („איידער צוזען, ווי די פאמיליִע גייט אויס פון נויט") ; כאָטש אינעמעסן איז עטינגערס פאמיליִע גאָר ווײַט געווען פון נויט, און זײַן ווײַב מיט די קינדער האָבן זיך אסאך יאָרן נישקאָשע מעפארנעס געווען אָן אים. ס׳איז ביכלאל פראָבלעמאטיש, צי איז עטינגער טאקע בלויז צוליב פארנאָסע געפאָרן שטודירן. זײַן ווײַב האָט געהאט א קראָם, צו וועלכער עטינגער האָט אפאָנעם נישט געוואָלט האָבן קיין שײַכעס, און ביכלאל איז זי אויך שפעטער געווען פארמעגלעך. די הויפט-האכנאָסעס פאר פארנאָסע האָט זייער אָפט נישט עטינגער כיט זײַן דאָקטעריי ארײַנגעבראכט אין שטוב. מיר ווייסן, אז זײַנע כאַווײרים, די זאמאָשטשער מאסקילים, האָבן אים שוין אסאך פריִער געייצעט פאָרן שטודירן: דאָס איז דאָך געווען דער טיפּישער אידעאל פון א יונגן מאסקיל. יעדנפאלס איז „פארדעכטיק", וואָס עטינגער האלט פאר נייטיק זיך צוויי מאָל צו פארטיידיקן און אונטערצושטרײַכן (אין בריוו 1 און 2) „דאָס נאָטה די אורזאכע וואהר, אום דערענטוויללען איך מיך נאך אָדעס בעגאב".

ביז װײַב װעט אופנעמען זײַן באשלוס, צו פאָרן קיין לעמבערג און דאָרט צו שטודירן מע־דיצין, א שטודיום, װאָס מע װעט עפשער האלטן פאר „ניכט אנשטענדיג געגוג". דער צװייטער, װייניק ערנסטער בריװ, װאָס איז, לויט װײַנרײַכן, געשריבן א האלב יאָר שפּעטער צו זײַן געשװעסטער־קינד כאנע־רױזע, איז אינגאנצן אויסגערעכנט נישט אזוי פאָרן אדרעסאט װי פאַרן אייגענעם װײַב, װאָס האָט אים אויסגעװאָרפן זײַן „דײַטשע טראכט (קליידונג)", װײַל זי האָט מוירע געהאט, אז ער װעט צו איר (און איר מישפּאָכע אין זאמאָשטש, פון װעל־כער זי איז מאטעריעל אָפּהענגיק געװען, װעט צו זיי ביידע) צוליב דעם פארפרעמדט װערן. דער גאנצער פלוידערדיקער בריװ דארף אייגנטלעך „דינען" „צור פערטהיידיגונג מײַנער יעצטיגן טראכט" (II, ז. 564, 6). און דאָ ערשט, א האלב יאָר שפּעטער, באקומען מיר צום ערשטן מאָל צו הערן װעגן די שטרײַמלשע געװיסנסקאמפן! די זאכלעך אויסגעקליבענע פאקטן פון ביידע בריװ [1] האָבן געדארפט צונויפגעשטעלט װערן אין טרוקענע 6—10 שורעס. טױג אָבער גראָד דער ׳איניען (א מישפּאָכע־באשלוס אין א באלעבאטישער סװיװע, געװיסנס־קאמף פונעם נישט־צוימענבערעכער צוליב דעם שטרײַמל) פאר װײַנרײַכס קאָנצעפּציִע, און עס װערט דערפון א ברייטלעך אויסגעמאָלטע „דראמאטישע סיטואציִע".

אויב װײַנרײַך באשרײַבט אזוי אויספירלעך אזעלכע אין טאָך װייניק װיכטיקע סיטואַ־ציִעס, פרעגט זיך, פארװאָס מערקט ער נישט אָן, זאָל זײַן כאָטש אין אלגעמיינע שטריכן, דעם געזעלשאפטלעכן מעהוס פון עטינגערס שאפן: פון װאָסערע געזעלשאפטלעכע באדינ־גונגען שטאמט עטינגערס שאפן; צו װעמען, צו װעלכע קרײַזן און שיכטן האָט ער זיך געװענדט מיט זײַנע װערק; װאָסערע געזעלשאפטלעכע באדערפענישן האָט זײַן שאפן גע־דארפט באפרידיקן? װאָס איז דער געזעלשאפטלעכער באטײַט פון עטינגערס שרײַבן אין יידישער שפּראַך? ס׳איז דאָך עפשער דאָס ערשטע מאָל, אז א ייִדיש־שרײַבער (אין פוילן־רוסלאנד) שטעלט זיך ריין־קינסטלערישע צילן און נעמט זיך באװוסטזיניק פיר, מיט איבערגעגעבנקײַט און אסאך ׳געזונטן געשמאק צוצוגרייטן און פאסיק צו מאכן די שפּראַך פאר א קומענדיקער ליטעראטור. אָט־אָ דער גאנצער פראגן־קאָמפּלעקס װערט אין װײַנרײַכס ארײַנפיר מיט קיין איין װאָרט נישט באריכט. כאָטש ער האלט פאר נייטיק, אויספירלעך צו דערציילן װעגן דער „שטאָטס" (געמיינט איז דאָך יענער טייל פון שטאָט, װאָס האָט נישט געקאָנט האָבן קיין שום שײַכעס צו עטינגערס שאפן!) מיינונג װעגן עטינגערן און אנדערע לאכלוטן נישט װיכטיקע און נישט צענטראלע דעטאלן. װײַנרײַך װײַזט, אז ער איז נישט פארינטערעסירט צו באהאנדלען דעם אייגנטלעכן געזעלשאפטלעכן באטײַט פון דער „לי־טעראַרישער דערשײַנונג עטינגער". מיט דער „שטאָטס" מיינונג און מיט דער דערציי־לונג װעגן עטינגערס פילאנטראָפּישער טעטיקײַט װערט אויסגעשעפּט אינעם ארײַנפיר דער געזעלשאפטלעכער באטײַט פון דעם שרײַבער.

דאָס איז דער צװייטער װיכטיקער גרונטפעלער פון װײַנרײַכס שטעלונג צו דער טעמע. װי דער פריִער־אָנגעװיזענער הויפּט־פעלער, דער בוימלדיק־פרומלעכער נוסעך, איז אויך דערדאָזיקער פעלער פארװאָרצלט אין זײַן ייִדישיסטיש־באלעבעסלדיקער קאָנצעפּציִע, לויט װעלכער עס קלעקט טאקע אָנצװײַזן אף דער באציִונג פון „שטאָט" און בעסדין צו זײַן לעװײַע אָדער אף עפּעס א באזוך פון ראבאָנים און דעם גובערנאטאָר, קעדיי אויסצושעפּן דעם געזעלשאפטלעכן באטײַט פון אזא ׳װיכטיקן שרײַבער װי עטינגער.

.2

די קװאלן פאר אזא זיסלעכער כאראקטעריזירונג עטינגערס װערן ניט געבראכט און ניט אָנגעװיזן (איבערצײַגנדיק) ניט פון װײַנרײַכן און ניט פון די, נאָך װעמען װײַנרײַך

[1]) פארשטייט זיך: די בריװ עטינגערס גופע זענען דאפקע יאָ זייער אינטערעסאנט, און קענען פון א ביאָ־גראף אף פארשידענע אויפאנים רײַך אויסגענוצט װערן (צו עטינגערס פסיכאָלאָגיִע, צום שטייגער פון דער צײַט, צום עקאָנאָמישן שטייגער א. א. װ.). נאָר נישט אף דעם אויפן, װי װײַנרײַך טוט עס: אין דירעקטער איבערדער־ציילונג. בא דעם שטייגער האָט די איבערדערציילונג געמעגט פארנעמען העכסטנס עטלעכע שורעס.

שרײַבט זי נאָך. עס איז אינטערעסאַנט נאָכצושפּירן, פונוואַנען דידאַזיקע „ליטעראַר־היסטאָ־רישע טראַדיציע" שטאַמט, פעסטצושטעלן, ווי ווײַט זי שטימט מיט דעם, וואָס מיר קענען אַרויסלייענען פון עטינגערס ווערק, און אַזוי אַרום קלאָר צו מאַכן, וואָס פאַראַ ווערט אַזעלכע „טראַדיציעס" קענען האָבן, אַזוי לאַנג מיר זעען ניט געדרוקט די ווירקלעכע דאָ־קומענטן אויף וועלכע זיי בויען זיך. נישט ווײַל עס לוינט זיך אין דער מינדסטער מאָס ערנסט צו נעמען די מיינונגען פון די שרײַבער, וועלכע מיר וועלן אַרומרעדן, נאָר ווײַל גראָד דידאַזיקע מיינונגען, וואָס זענען דערווײַל אַנערקענט אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן „אָרי־גינעלס" וועגן עטינגערן, האָבן געשאַפן אַזאַ פעסטע טראַדיציע, ריכטיקער, אַזאַ פאָרורטייל, אַז דאָס ווירקט, באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק, אויף אַלע, וואָס רירן זיך צו צו דער טעמע עטינגער. עס וועט אונדז אַזוי אַרום אויך קלאָר ווערן, ווי ווייניק מע קען זיך פאַרלאָזן אויף די „וויסנשאַפטלעכע" ליטעראַר־היסטאָרישע פאָראַרבעטן, וואָס שטאַמען פונעם מוטנעם ייִדישיסטישן קוואַל, און ווי ערנסט עס שטייט די אויפגאַבע פאַר דער לי־טעראַטור־פאָרשונג קוידעמקאָל אָפּצוראַמען די פוילע קלעטער־געשטעלן, וואָס די ייִדי־שיסטן האָבן אָנגעוואַלגערט פאַרן געבײַ פון אַ צוקונפטיקער ליטעראַטור־וויסנשאַפט.

אין ב. גאָרינס געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער בד. I, ז. 115 געפינען מיר אַזאַ מין פעסטשטעלונג: „גאָטלאָבער איז געווען דער הייפּעך פון עטינגער און אַקסענפעלד. די לעצטע צוויי האָבן ניט געהאַט צו שאַרפן קיין מעסערס קעגן וועלכער עס איז פאַרטיע און האָבן געלעבט בעשאָלעם מיט פרומע און מיט געבילדעטע. זיי האָבן זיך געכאַוועט מיט אַלעמען און זענען געווען אויסגעמישט מיט אַלעמען. זיי האָבן ניט געהאַט מיט קיינעם קיין כעשבוינעס און ניט געהאַט קיין שום פאַרביטערטקייט קעגן קיינעם, און אויב זיי האָבן פאַרשפּרייט אַרום זיך האַסקאָלע איז דאָס געטון געוואָרן אויף אַ רויִקן אופן". מיילע, ווי קאָמיש און לעכערלעך דידאָזיקע פעסטשטעלונג איז בענעגייע אַקסענפעלדן — איז קלאָר יעדערן, וואָס האָט כאָטש איינמאָל בלויז געכאַפּט אַ קוק אין אַקסענפעלדס ווערק, לעמאָשל, אין „שטערנטיכל" אָדער אין „די גענאַרטע וועלט". דערצו איז ניט נייטיק זיך צו פאַרופן אויף אַקסענפעלדס אייגענעם איידעס־זאָגן וועגן זײַן קאַמף קעגן כסידעס און אָבערגלויבן אַלס הויפּט־טענדענץ — ווי ער אַליין זאָגט — פון זײַן ליטעראַרישן שאַפן. דער־צו איז אויך ניט ערשט נייטיק אָנצווײַזן, אַז גראָד דערדאָזיקער קאַמף אַקסענפעלדס איז געווען די סיבע, פאַרוואָס ער האָט זײַנע ווערק ניט געקענט דרוקן. (זע ש. גינזבורג. נײַעס וועגן ייִסראָעל אַקסענפעלד. „פילאָלאָגישע שריפטן", בד. II, ווילנע 1928, ז. 43—54). אָבער אויך בענעגייע עטינגערן איז דידאָזיקע זיסלעכע כאַראַקטעריזירונג טענדענציעז און פאַלש.

דער „אורקוואַל" פון דערדאָזיקער קאָנצעפּציע וועגן עטינגערן ווי וועגן אַ שרײַבער, וואָס איז געווען „אויסגעמישט מיט אַלעמען" און וואָס האָט „ניט געהאַט קיין שום פאַר־ביטערטקייט" קעגן „וועלכער עס איז פאַרטיע" איז דער אַרטיקל א. קאַפּעלס אין ווילנער „פּנקס" (תרע"ב). דעמדאָזיקן אַרטיקל דערקלערט ווײַנרײַך פאַר אַן „ערשטע גרונטיקע (מײַן קורסיוו—מ. ווינער) אַרבעט וועגן עטינגערן" און אין אים געפינט ז. רייזען אַ „גרונטלעכן אַנאַליז" פון „סערקעלע". דאָס איז דער הויפּט־קוואַל, פון וועלכן עס שעפּן סײַ גאָרין און ז. רייזען, סײַ ווײַנרײַך, דעריבער איז נייטיק זיך אויף דעם אַרטיקל אביסל גענויער אָפּצושטעלן, כאָטש טאַקע ניט געננוג אויספירלעך אויף צו באַווײַזן אַלע אַבסורדיטעטן, וואָס געפינען זיך דאָרט.

א. קאַפּעל דערציילט: „עטינגער איז געווען עפּשער דער איינציקער מאַסקיל אין זײַן צײַט, וואָס האָט ניט געשלעפּט דעם פראַק אויף די אַלטע פלייצעס פון זײַן שטעטל (אַ דע־פיניציע וועגן די אויפגאַבעס פון דער האַסקאָלע!). ער איז געווען דער איינציקער מאַסקיל, וואָס האָט געפילט די עמעסע ריינע ליבע צו די אַלטע פאָרמעס פונעם ייִדישן לעבן (באַ־ווײַזן ווערן אַפילע שוין אין דעם „אורקוואַל" ניט געבראַכט—מ. וו.). ער האָט קיינעם ניט געמוסערט (?), ניט אויסגעלאַכט (?) און האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט אַרויסשטעלן פאַר אַ לערער און פּריידיקער..." „דאָס ייִדישע לעבן אין דער אַלטער פאָרם איז אים געווען ליב

און טײַער. ער האָט זיך אליין געהאלטן פאר איינעם פון די אלטע...״ ער האָט „געלעבט און געאָטעמט מיט דער לופט פון דער אלטער ייִדישקייַט...״ „קיין קאָנפליקטן מיט די פרומע ייִדן פון זאמאָשטש״ האָט עטינגער „ניט געהאט״ און אַזוי ווײַטער אין דעם ערעך און אין דעם טאָן.

צי איז דאָס טאקע ריכטיק און צי איז אזא פאָרמולירונג עמעס? וואָס באדײַטן אָבער די שארפע עפיגראמעס עטינגערס קעגן פארשידענע אָנפירנדיקע פארשוינען פונעם קאָהאָל אין זײַן שטאָט?

פארוואָס האָט א. צעדערבוים, וועלכער האָט עטינגערן און זײַן שאפן בעסער באנומען און געקענט איידער קאפעל, געהאלטן פאר נייטיק צו רעקאָמענדירן, אז פון דער אויסגאבע, וואָס ער לייגט פאָר עטינגערס יאָרשים, זאָלן ניט געדרוקט ווערן א טייל לידער און עפיגראמעס: „די ניט פאסטענדע, וואָס ער האָט ביי מאנכע געלעגענהייטען געשריבען צום שפאס [1]״ („קול מבשר״, 1869, נומ. 23)? מיר ווייסן, אז דערדאָזיקער אָנזאָג צעדערבוימס האָט נאָך געווירקט אפילע אין ווײַנרײַכס אויסגאבע (זע ווײַטער), כאָטש מיר ווייסן ניט גענוי אין וואָסער מאָס; אזוי ארום איז שוין פון אָנהייב אָן געווען די טענדענץ צו פארשמירן דעם כאראקטער פון עטינגערס שאפן. אָבער אויך אין די ווערק, וואָס זענען יאָ געדרוקט געוואָרן, האָבן מיר גענוג שארפע בײַשפּילן פון קאמף קעגן כסידעס, קעגן קלעריקאליזם און לעפּאָכעס קעגן באשטימטע קאָהאָלשע אָנפירער, — גענוג בײַשפּילן, קעדיי צו דערווײַזן, אז ער האָט יאָ „געשארפט מעסערס״ קעגן א באשטימטער „פארטיע״ און אז ער האָט ניט געלעבט אין אזא אידילישן שאָלעם מיט קאָהאָל, כסידים און דעם קלעריקאליזם [2].

עטלעכע מוסטערן:

... וואָס, מיינט עך דען, זוכן דאָרט
יענע שטאָט-גאבאָיִם?
איך ווייס דאָך שוין איטלעכעס וואָרט,
זיי זוכן נאָך כאטאָיִם.
איך וועל מיך אָבער מיט זיי וועטן:
די כאטאָיִם זענען אין זייערע אייגענע [בעטן].
אסוסע!

---

1) די דערקלערונג, וואָס צעדערבוים גיט, אז דידאָזיקע עפיגראמעס זענען געשריבן בלויז קעדיי „צו צײַגען, אז מען קען אללעס ארויסברענגען אים יודישען מיט געשמאק״ איז, פארשטייט זיך, ניט ערנסט געמיינט און טאָר ניט ערנסט גענומען ווערן.

2) פארשטייט זיך: דאָס באטײַט נאָך ווײַט ניט, אז עטינגער איז אין זײַן פריוואטן לעבן געווען אויך פ ר א ק ט י ש אויסגעהאלטן אנטירעליגיִעז. אפילע אין דער אייראָפּעיִשער אופקלערונג אין איר קלאסישער צײַט איז נאָר א טייל פון די ראדיקאלסטע פאָרשטייער געווען אין דעם פרינט אינגאנצן אויסגעהאלטן. אסאך אָפטער אָבער האָט זיך די בירגערלעכע אופקלערונג געווענדט נאָר קעגן באשטימטע סאָציאַל-פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פרעטענזיִעס פון קירכע און קלערוס; זעלטענער — קעגן דער רעליגיִעזער לערע און פראקטיק גופע. די ייִדישע מאסקילים געהערן צו יענעם טייל אופקלערער, וואָס זענען אין דעם פרינט געווען גאָר ווייניק אויסגעהאלטן. קריטיקירן קלערוס און רעליגיִע — און אליין אין פריוואטן לעבן זי אָפּהיטן, איז „זײַט מענדעלסאָן ביז מענדעלען״ געווען א געוויינלעכע דערשײַנונג (מע טאָר ניט פארגעסן די פאראלעלע דערשײַנונג בא דעם ווײַט גרעסטן טייל אייראָפּעיִשע און רוסישע שרײַבער פון יענער צײַט). דער אופבליִענדיקער בורזשואזער קלאס איז דערעך-קלאל ניט געווען פארינטערעסירט אויסצוראָטן די רעליגיִע, נאָר ערטערווײַז, טיילווײַז און צײַטנווײַז אָפּצו-שוואכן דעם סאָציאַל-פּאָליטישן און עקאָנאָמישן באטײַט פון דער רעליגיִע און אירע אָרגאניזאציִעס.—

עטינגער איז אין פּ ר א ק ט י ש ן לעבן, נאָך אלעם וואָס מיר ווייסן וועגן אים, בעליסאָפעק ניט געווען מער רעליגיִעז איידער, לעמאָשל, מענדעלסאָן, לעווינזאָן און אפילע גאָטלאָבער אָדער מענדעלע. עס איז א סוואָרע, אז דער שטארק-וועלטלעכער לעבנס-פריילעכער „לוסטיגע זאלאָמאָ״, ווי מע האָט אים א צײַט לאנג גערופן, איז אין דעם פרינט געווען אפילע א „קל״, אסאך פרײַער איידער די דערמאָנטע מאסקילים. באזונדערס אין זײַן ייִנגערער צײַט. דערי-בער איז עס פאלש און אבסורד, אויב די ייִדישיסטישע ביִאָגראפן ווילן דאפקע כון אים מאכן א מין פרומאק.

וואָס פּיַיניקט זיך דאָרט דער ייִד,
גאָר גאַנצע טעג און נעכט?
ער פאַסט און פאַסט, ווערט נישט מיִד,
איז ער דען אזוי שלעכט?
ניין, ער איז אָסער גאָר קיין כויטע,
נאָר ער איז נעבעך א גרויסער [שויטע].
אסוסע!

ווער איז דער אין טאַלעס און טפילין
מיט דער גרויסער בריל?
פאַר אים ליגט אָפן די גמאָרע חולין
און ער לערנט שטיל.
דאָס איז דאָך, דאַכט זיך מיר, ר׳ נאָכום,
וואָס רייַסט בא די אָרעמע אסאך [רעוואָכים].
אסוסע!

... א גרויסן פּידיען געבן מענטשן
דעם רעבן פאַר א בראָכע,
ער זאָל זיי א גאַנץ סאַך בענטשן
זיי זאָלן האָבן האצלאָכע.
איך האַלט עס אפילע פאַר א גרויסן יוישער:
דער רעבע באַדאַרף דאָך צו ווערן אַן [אוישער].
אסוסע! [1]

דאָס מיַיסעלע עטינגערס, אף וועלכן קאַפּעל און גאָרין בויען עפּשער זייער כאַראַקטע־ריזירונג: „דער הוילעך־ראָכיל" (I, ז. 246—251), איז גראָד פול מיט ביטל, שפּאָט און סאַרקאַסטישע שטעכענישן בענעגייע דעם צאַדיקיזם. פונעם צאַדיק ווערט אין דער מיַיסע סיַי־וויסיַי שאַרף אָפּגעלאַכט, כאָטש עטינגער איז ניט מאַסקים צו באַשטימטע פּראָוואָקאַציִעס פון די שטעטלדיקע מאַסקילים בענעגייע די רעבעס. די פיגור פון רעבן ווערט דאָך אויס־געמאָלט ווי א נעבעכדיקע און באַטריגערישע. —

עטלעכע מוסטערן פון זיַינע שטעכיקע עפּיגראַמעס קעגן קאָהאָל־לייַט האָבן זיך דאַפּקע יאָ אָפּגעהיט:

רעבע שמערל לימענטאָל
איז געווען אַ ראָשהאַקאָהאָל
אין זיַין שטאָט, מער ווי צוואַנציק יאָר.
האָט געהאַט צו טון מיט די האָר
פון אָרעמע אלמאָנעס צו רייַסן.
איז ער נישט געווען קיין קיַיסן.
אשירים פלעגט ער צו פאַרשוינען;
זיי פלעגן אים דערפאַר באַלוינען.
ער פלעגט נישט צו נעמען מאַטאָנעס
פון אָרעמעלייַט און אלמאָנעס;
האָבן זיי נאָר זיַין וויַיב באַלוינט,
האָט ער זיי טאַקע פאַרשוינט.
ער איז געווען קאָהאָלס-מאַן א יאָר זיבן
און איז פאָרט אַן אוישער געבליבן [2].

1) פונעם ליד „אסוסע" I, 269—274. זע אויך די סאַרקאַסטישע אנטיצאַדיקישע עפּיגראַמע, וואָס מיר ציִ־טירן וויַיטער (ז. 134) און וואָס וויַינרייַך האָט זיך געשעמט אריַינעמען אין זיַין אויסגאַבע. זייער מעגלעך, אז די־דאָזיקע עפּיגראַמע איז א לעצט רעשטל, וואָס איז געבליבן פון דעם מין. אויב „וויסנשאַפטלעכע" עדיטאָרן באַציִען זיך אזוי צו דעם בלעטל פון עטינגערס שאַפן, איז דאָך שוין קלאָר, ווי אנדערע אָפּהיטערס פון זיַין ירושע האָבן זיך געדאַרפט באַציִען צו אלע מאָמענטן פון זיַין שאַפן, וואָס האָבן געקאָנט „וואַרפן אַ שאָטן" אף דער באַשטימ־טער קאָנצעפּציִע וועגן דעם כאַראַקטער פון עטינגערס פערזענלעכקיַיט.

2) II, ז. 544.

דידאַזיקע עפּיגראַמעס זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און זענען געווען גאָר אַ „שאַרף מעסער" קעגן קאָהאָל. אין איין שאַרפער עפּיגראַמאַטישער סאַטירע שפּיגלען זיך אָפּ באַשטימטע פאַקטישע מאָמענטן פון זײַן קאַמף קעגן קאָהאָל־לײַט.

נו! בין איך מיר אויך אַמאָל
אַ מאַשטשישקער [1]) ראָשהאַקאָהאָל.
איך גיב מיר מיט דעם... אַ דריי
און דעם גאַנץ גרויסן געשריי;
איך לאָז קיינעם קיין רו;
צו איטלעכן זאָג איך דו...
דעם הייס איך אויס דער שטאָט אַרויסטרײַבן,
דעם — אין דער קאָנסקריפּציע (רעקרוטן) אַרײַנשרײַבן,
דעם הייס איך אַרויסטרײַבן אויס דער דירע,
אַף דעם זאָג איך מיר אַ שטיקל מעסירע,
דעם אַסאַך נעסינע שטעלן;
נו זאָל איך נישט קוועלן?... אַ. אַ. וו. [2])

מע דאַרף האַלטן, אַז דאָס אָנצוהערעניש וועגן „שטיקל מעסירע" האָט אַ שײַכעס צו עטינגערס ביאָגראַפיע. דערדאָזיקער ראָשהאַקאָהאָל טאַקע האָט דאָס עפּשער עטינגערן גע־מאַסערט, אַז ער פּראַקטיקירט אַלס דאָקטער אָן אַ געהעריקן דיפּלאָם. קאַפּעל וויל אָבער דאַפקע, אַז דאָס זאָל ניט באַטראַכט ווערן, ווי עס זאָגט אַ ריכטיקע טראַדיציע, אַלס אַ נעקאָמע־אַקט פון די אַנטימאַסקילישע אָבסקוראַנטן („מורדי־אור"), און ער קאָריגירט די־דאָזיקע ידיעה, אַז „געמאַסערט האָבן אים ניט, ווי מע מיינט, די „מורדי אור", נאָר אַ באַ־לעבאָס, וואָס האָט געהאַט אַ האַרץ אַף אים איבער אַן אַליע". פונוואַנען קאַפּעל ווייסט דאָס, זאָגט ער אונדז ניט אויס. אַ סוואָרע, אַז ער טײַטשט אויס אַן אומוויכטיקן (און עפּ־שער טאַקע אַן עמעסדיקן) עפּיזאָד אינעם ליד—ווי אַ הויפּט־מאָטיוו, כאָטש דאָס גאַנצע ליד זאָגט, פּונקט קאַפּויר, איידעס קעגן קאַפּעלס קאָנצעפּציע.

נאָכאַמאָל: עטינגערס קעגנערישע באַציִונג צו קאָהאָל, צו קלעריקאַליזם אַ. אַז. וו. איז ניט געווען אַזוי שטאַרק אָנגעזאַפּט מיט קעמפעריש־סאָציאַלן אינהאַלט, באַוווסטזײַן און פּרינציפּיעלער אויסגעהאַלטנקײַט ווי, לעמאָשל, לעווינזאָנס אַרויסטרעטונגען [3]). אָבער אָפּ־לייקענען זי ביכלאַל, הייסט: שטעלן זיך אין אַ סטירע צו די פאַקטישע ידיעס און ווערק, וואָס מיר האָבן פון עטינגערן ביז איצט, הייסט: טענדענציעז־פאַלש מאָלן זײַן לי־טעראַריש־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. קוידעמקאָל דאַרף אָט־אָ די פולע טראַדיציע אָפּגע־שאַפט ווערן, קעדיי די פאָרשונג זאָל קענען אופשטעלן אַן אָביעקטיוו בילד וועגן עטינגערס געזעלשאַפטלעכן מעהוס. אַזעלכע שאַרף־סאַטירישע ווערק ווי „די פרומע בערן" און „ווי־טעלע" [4]), וואָס זענען געווענדט קעגן קלעריקאַליזם און צוואַקישקײַט, אַזעלכע סקעפּטישע לידער ווי „נעמאָנע־ווידע", „דאָס שטערנטיכל" און „די מוירע"; די שאַרפע ספּייקעס אין די איקאָרים פון דער רעליגיע, וואָס קומען אין זיי צום אויסדרוק, האָבן אַוואַדע ניט גע־קענט האָבן די קאַוואָנע און די ווירקונג „צו פאַרפעסטיקן די אַלטע פאָרמעס פונעם ייִדישן לעבן". די בוילעטע „אַנטי־צוואַקישע" טענדענץ פון „סערקעלע" און פון אַסאַך לידער און עפּיגראַמעס עטינגערס דערלויבט בעשום־אופן ניט אָנצונעמען די באַהויפּטונג, אַז ער „האָט קיינעם ניט געמוסערט, ניט אויסגעלאַכט און האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט אַרויסשטעלן

[1]) אַפּאָנעם — זאַמאָשטשער.

[2]) „דער ראָשהאַקאָהאָל", בד. II, ז. 538—541.

[3]) אין „די העפקער־וועלט" אָדער „פּורים־שפּיל אויסגערופן אין שול".

[4]) אין דעם צוזאַמענהאַנג איז ניט וויכטיק, וואָס די ווערק זענען ניט קיין אָריגינאַלן, נאָר נאָכמאַכונגען פון אַנדערע שפּראַכן. וועגן „די פרומע בערן" האָט שוין לאַנג אַ קריטיקער געזאָגט, אַז „לשונו צחה והבקרת עמוקה היא ורחבה", „די שפּראַך איז לויטער און די קריטיק איז טיף און ברייט" (הנך: בראש הומיות, הצפירה 1888, נומ. 14. ציט. נאָך ווײַנרײַכן).

פאר א לערער און פריידיקער". קעדיי דאָס צו באשטעטיקן רעווידירט קאפּעל די ריכטיקע מיינונג, אז „סערקעלע" איז געבויט אפן טארטיוף־מאָטיוו. פאר קאפּעלן טויג דאָס ניט. ער האלט, אז עטינגער איז אין דעם ווערק אויסן געווען גאָר עפּעס אנדערש. דעהיינע, וואָס? צו באקעמפן „דאָס ניט נאָרמאלע אין יידישן לעבן פון יענער צייט... די דאָ ניט לאנג־פארגאנגענע מאטריזארכאטס־טקופע באַ יידן". און קאפּעל פארזיכערט אונדז, אז „דאָס איז די טענדענץ פון דער גאנצער קאָמעדיע, און אומזיסט באמיען זיך אייניקע אויסצוזוכן עכט־מאסקילישע טענדענצן אין דער קאָמעדיע סערקעלע". א סוואָרע, אז דידאָזיקע „אייניקע", צו וועלכע עס געהערן אויך א. צעדערבוים[1] און עטינגער גופא[2], זענען ניט געווען אזוי גוט באהאוונט אין די פּראָטים פון דער יידישער „מאטריארכאט־טקופע", וואָס האָט זיך, אפּאָנעם, אף אזויפיל טויזנטער יאָרן שפּעטער ווי בא אנדערע פעלקער, פארענדיקט בא יידן ערשט „דאָ ניט לאנג". —

ניט קאפּעל און ניט די, וואָס שרייבן אים נאָך, זאָגן קלאָר, אף וואָס זיי באזירן די כאראקטעריסטיק עטינגערס. עס זענען בלויז פאראן אָנצוהערענישן, אז דערעך־קלאל האָבן זיי זיך באנוצט אויך מיט יעדיעס פון זיין מישפּאָכע. אז די כאראקטעריסטיק עטינגערס שטאמט פון דעם קוואל זאָגן זיי ניט. אָבער אפילע ווען דאָס וואָלט אזוי געווען, דארף מען זיך צו כאראַקטעריסטיקעס, וואָס ווערן געגעבן פון אייגענע, און ביפראַט — נאָך אזויפיל צענדליקער יאָרן, באציִען מיט גרויסער פאָרזיכטיקייט; זייער אָפט באקומען מיר אין אזעלכע פאלן גיכער די כאראקטעריסטיק פון די קרויווים גופא. דורך עטינגערס ווערק — און דאָס איז דער איקער — און דורך די דאָקומענטן, וואָס ווײַנרײַך ברענגט יאָ, ווערט די כאראקטעריסטיק ניט בארעכטיקט. פון עלטערע שרייבער, וואָס האָבן עטינגערן געקענט פערזענלעך און האָבן וועגן אים געשריבן, איז זי ניט גענומען געוואָרן[3]. —

אין עטינגערס ווערק און פערזענלעכקייט זענען בעלי־סאָפעק פאראן באשטימטע שטריכן פון פיליסטערישקייט, פון באלעבאטישקייט. עס איז אָבער גאָר א גרויסער כילעק צווישן דעם מעהוס פון זיין בורזשואז־אופקלערערישער פיליסטערישקייט און דער קליינבירגערלעך מאנירירטער און פארקריפּלטער באלעבעסלדיקייט פון זיינע יידישיסטישע אויספאָרשער און ביאָגראפן, אין וועלכער זיי ווילן אים מיט געוואלד איינהילן. און ווייל זיי זעען ניט דעם גרויסן כילעק, קומען זיי צו פאלשע רעזולטאטן. בא עטינגערן, דעם בירגערלעכן מאסקיל פון אָנהייב ביז מיט 19 י"ה. פילט זיך א הויך פון דעם האָפערדיקן מוט און שטרעבן פון דער בורזשואזיע ווי פון אן אופגייענדיקן קלאס, וואָס באמיט זיך צו גע־

1) „סערקעלע אשה עלולה לכל תועבה ומסוה הצניעות ויראת שמים על פניה".

2) זע דאָס „מאָטאָ", וואָס עטינגער גיט זיין „סערקעלע" פון שעקספּירס שיילאָק. II, 289.

3) סיידן עס זאָל מיט געוואלד און פאלש אויסגעטייטשט ווערן א באשטימטער אָפּזאץ אין א. צעדערבוימס ארטיקל „ד"ר שלמה עטטינגער", המליץ, 1889, נומ. 86 — אגעוו: דאָס אינהאלטסרייכסטע און בעסטע, וואָס איז ביז איצט געשריבן געוואָרן וועגן עטינגערן. דער מאסקיל צעדערבוים שטרייכט אונטער (אין די 90-ער יאָרן) מיט א באזונדערער היספּײַלעס דעם פאקט, אז אן אקאדעמיש-געבילדעטער מענטש ווי עטינגער, וואָס איז געווען אויסגעמישט מיט ניט-יידישע אינטעליגענטן, האָט זיך ניט אָפּגעריסן פון דער יידישער געזעלשאפטלעכקייט און סוויווע, איז געבליבן נאָענט צו איר, האָט אין איר אופקלעריש געווירקט, געשריבן דאפקע אין דער פאָלקסטימלעכער „צעקאליעטשעטער" פאראכטעטער יידישער שפּראך און זיך געמיט זי „צו מאכן פאר א לייט". צעדערבוים האָט פאר די אויגן יענע קרייזן פון דער גרויס-בורזשואזער אינטעליגענץ פון זיין צייט, וואָס פלעגן זיך אינגאנצן דערווייטערן פון דער יידישער געזעלשאפטלעכקייט צוליב באשטימטע סאָציאלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן און וואָס פלעגן אונטערשטרייכן דעם אָפּרייס אפילע דורך א „רעליגיעזער איבערעגיסטרירונג", אריבערגייענדיק צו דער קריסטלעכער רעליגיע. דעמדאָזיקן טייל בורזשואזער אינטעליגענץ האָט ער אין זינען, ווען ער שטעלט ארויס עטינגערן פאר א מוסטער און זאָגט: „...ואם באמת ובתמים יאבו להשאר אמונים לעמם ו א מ ו נ ת ם (אומעטום מיין קורסיוו — וו.) לא יעמדו להם לשטנה לא למודי החול, שהם יעמולו להשתלם בהם ולא ה ת ע ר ב ו ת ם ע ם ה ב ר י ו ת ב נ י ע מ י ם ש ו נ י ם ו א מ ו נ ו ת א ח ר ו ת". דאָ האָבן מיר דאָס אָרט, ווו ס'רעדט זיך וועגן דעם, אז עטינגער איז געווען „אויסגעמישט מיט מענטשן", אָבער דאפקע — מיט ניט-יידן. דרינגען פון דעם זאץ, אז ער איז געווען א נאָענטער מענטש צו די פרומאקעס, אז ער האָט ניט געהאט קעגן זיי קיין אופקלערערישע פּאָזיציע, אָדער אז ער איז גאָר געווען אליין א שטיקל פרומאק — וואָלט געווען צו נאריש.

פינען, אויסצופורעמען, צו באַרעכטיקן און צו באַזיניקן איר אייגענעם סאָכריש־שטאָטישן לעבנס־סטיל. דאָס ייִדישע בירגערטום דאַרף ניט באַנומען ווערן ווי אַן אָפּגעגרענעצטע קלאַסן־איינס, וואָס אַנטוויקלט זיך בלויז אין אַ באַציִונג צו די ייִדישע נידעריקערע קלאַסן. ס'איז אַן אָרגאַנישער טייל פון אַלגעמיינעם ניט־ייִדישן בירגערטום. אייניגעם מיט אים באַטאָנט עס אין דער צײַט פון אופבלי (אין מיזרעך־אייראָפּע און ביפראט אין דער ייִדישער סוויווע שפּעטער ווי אין מײַרעוו־אייראָפּע) — קעגן דעם קלאַס, וואָס איז געווען העכער פון אים און האָט ביז איצט דעריקער געהערשט, קעגן דעם אדל, קעגן דעם פּאָרעץ, — דעם ווערט און דעם באַטײַט פון זײַן אייגענעם לעבנס־נוסעך, וואָס האָט ביז איצט ניט געהאַט קיין אָנזען. עפּעס פון דעמדאָזיקן שטרעבן פילט זיך אין עטינגערס „סטילפולער״ באַלעבאַטישקײַט און פיליסטערישקײַט: דאָס אָרגאַנישע און זיכערע שטרעבן פון אַן אופבליִענדיקן קלאַס. עס האָט זיך אָנגעהויבן די צײַט, ווען מע האָט שוין געקאָנט זײַן „אַף ייִדיש״ אַ ריכטיקער בורזשוא. עס איז שוין ניט אַבסאָלוט נייטיק געווען צו מאַכן דעם מיפולן איבעריקן וועג פון „נאַציאָנאַלער און רעליגיִעזער איבערעגיסטרירונג״ — קעדיי צו זײַן אַ בורזשוא מיט לײַטן גלײַך. דאָס איז דער סאָציִאַלער זינען פון עטינגערס נוסעך אין שרײַבן[1]) און לעבן: דאָס שטרעבן פון ייִדישן בירגער צו אַ זעלבסטבאַשטעטיקונג אויך אינעם לעבנס־שטייגער לויט די פּרינציפּן און רעגולירונגען פון דער האַסקאָלע. דאָס איז אויך אין טאָך דער סאָציִאַלער באַטײַט פון צעדערבוימס ווערטער, וועלכע מיר ברענגען אויבן (ז. 124, העאָרע).

גאָר אַן אַנדערע זאַך איז אָבער די פאַרקריפּלט־מאַנירירטע ייִדישיסטישע באַלעבעסלדיקײַט פון דער הײַנטיקער צײַט. דאָס סאָציִאַל־דעגענערירטע קליינבירגערטום, וואָס איז שוין לאַנג רײַף צום אונטערגאַנג, דראַפּעט זיך, אַ ביז גאָר פאַרשפּעטיקטס, אַף גלײַכע ווענט, קעדיי עקלעקטיש אַרויסצוסטיליזירן עפּעס אַ נוסעך. און ווי שטענדיק, ווען עס קלעקט ניט מער בא אַ קלאַס קיין שאַפערישן קויעך, כאַפּט מען זיך אָן (מיט פאַלשער ראָמאַנטיק) אָן היסטאָרישע דערמאָנונגען, פּרוווט מען זיך אויסצונוצן מאָמענטן אין דער אופבלי־צײַט פונעם קלאַס, קעדיי זיי ניט־שאַפעריש און פאַרקריפּלט צוצופּאַסן און איבערצומאַכן פאַר די אייגענע באַדערפעניש. דאָס איז טאַקע דער אייגנטלעכער באַטײַט פון דער זיסלעכער ייִדישלעך־נאַציִאָנאַליסטישער קאָנצעפּציִע, ניט בלויז וואָס שײַעך עטינגערן און זײַן שאַפן, נאָר ביכלאַל אין דער אידעאָלאָגיִע פון דער גאַנצער „ייִדישיסטישער וויסנשאַפט״.

3.

און איצט וועלן מיר אַריבערגיין צו דעטאַלן. נאָכגייענדיק נאָכן סיידער פון די צוויי בענדער, וועלן מיר זיך צוערשט אָפּפּאַרטיקן מיט צוויי ביִאָגראַפישע דאַטעס: וועגן עטינגערס געבוירן־יאָר און וועגן דעם יאָר ווען ער האָט כאַסענע געהאַט, ד. ה. ווען ער איז געקומען קיין זאַמאָשטש. ניט סטאַם פון ליבהאָבערײַ פאַר דאַטעס־גריבלעניש, נאָר קעדיי אַרויסצובאַקומען, ווו, אין וועלכער געזעלשאַפטלעכער סוויווע, אין וועלכן קולטור־קרײַז האָט עטינגער באַקומען זײַן מאַסקילישע דערציִונג און די באַשטימענדיקע האַשפּאָע אַף זײַן בילדונגס־גאַנג. עס איז אַ כילעק, צי האָט עטינגער איידער ער איז געפאָרן קיין לעמבערג געלעבט אין זאַמאָשטש אינעם קרײַז פון די דאָרטיקע מאַסקילים — און דער קרײַז איז געווען אַ באַדײַטנדיקער[2]) — סאַכאַקל קנאַפּע צוויי יאָר, ווי ווײַנרײַך וויל האָבן, אָדער ווי מיר וועלן פעסטשטעלן: מינדסטנס זיבן יאָר. דער זאַמאָשטשער יוגנט־פּעריאָד וועט דאַן באַקומען פאַר עטינגערס ביִאָגראַפיִע, פאַר דער געשיכטע פון זײַן בילדונגס-גאַנג און פאַר באַשטימטע שטריכן אין זײַן געזעלשאַפטלעכער פיזיִאָנאָמיִע אַ מער וואָגיקן באַטײַט איידער ווי עס באַקומט זיך פון ווײַנרײַכס דאַטעס.

---

1) עפּשער אויך אין אַ באַשטימטער מאָס פון זײַן ייִדיש־שרײַבן ביכלאַל.

2) זע ד״ר י. שאַצקיס רעצענזיע (פּנקס, ניו־יאָרק, 1928. העפט 3, ז. 281).

בענעגייע עטינגערס געבוירן־יאָר גיבן פארשידענע ביִאָגראַפן פארשידענע דאַטעס: 1799, 1800, 1801. ווײַנרײַך מיינט, אַז וואַרשײַנלעך 1803. זײַן האַשאָרע פאַרטראָגט אָבער נישט קיין קריטיק. אינעם עקסקורס וועגן דעם פראַט (II, 585) געפינען מיר נישט קיין איין ערנססע באַשטעטיקונג פאַר דערדאָזיקער דאַטע. די באַווײַזן זענען סאַכאַקל: — דער פאַקט, וואָס עטינגערס טאָכטער האָט אַף ווײַנרײַכס פראַגע, ווי אַלט איר פּאָטער איז געווען, ווען ער איז געשטאָרבן, צוערשט געזאָגט, אַז 56 יאָר, דערנאָך אָבער האָט זי זיך געכאַפּט און געזאָגט אַז 53 יאָר; און אַזוי ווי דאָס יאָר פון טויט איז פעסטגעשטעלט 1856, קומט אויס, אַז עטינגער איז געבוירן געוואָרן 1800 אָדער 1803. ווײַנרײַך האַלט, אַז גיכער פאַר אַלץ 1803. אַ סמאַך פאַר אָט־אָ דער מיינונג געפינט ווײַנרײַך אַכוץ דעם קווענקלניש פון עטינגערס טאָכטער נאָך אין אַן אַנדערן פאַקט: דאָס איינציקע ·בילד עטינגערס, געמאָלט 1829 „ווײַזט אים אין עלטער פון 25—26 יאָר". אינעמעסן איז דאָס אַ זייער סוביעקטיווע מיינונג. אַן אַנדערער קאָן האַלטן, און וועט נישט ווייניקער גערעכט זײַן, אַז דאָס בילד ווײַזט אַ מענטשן אין עלטער פון 29—30 יאָר. די קאָמבינאַציִע ווײַנרײַכס בענעגייע דער עפּיגראַמע, וואָס עטינגער האָט, לויט אַ יעדיִע פון גאָטלאָבערן, געשריבן אין אָדעס צוליב זײַן פופציקסטן געבורטסטאָג, העגנט דורכויס אין דער לופט. דאָס איז דאָך ווײַנרײַך אַליין מוידע. ערשטנס, דאַרף ווײַנרײַך צוליב דער קאָמבינאַציִע קאָריגירן דעם בעפיירישן טעקסט „פופציק יאָר" — אַף „דרײַ און פערציק יאָר", קעדיי עס זאָל זיך צופאַסן צו עטינגערס אָדעסער נעסיִע פון 1846 יאָר. צווייטנס, איז פון ערגעץ נישט געדרונגען, אַז מיר ווייסן פון אַלע נעסיִעס עטינגערס קיין אָדעס. זייער מעגלעך, אַז ער איז געווען צו פופציק יאָר אויך געווען אין אָדעס, און דאָרט איבערגעכאַזערט אין אַ וואַריִאַציִע די עפּיגראַמע „באַ מײַן געבורטסטאָג" (I, ז. 277), וואָס איז טאַקע אורשפּרינגלעך פאַרפאַסט געוואָרן צו זײַן 43 געבורטסטאָג און איז אַגעוו טאָפּלט אַזוי לאַנג און לאַכלוטן אַנדערש געבויט ווי די עפּיגראַמע, וועלכע גאָטלאָבער גיט איבער.

עטינגער פלעג מיט אַן אָנצוהערעניש אַף היינעס אַ ווערטל זאָגן, אַז נאָך היינען איז ער דער ערשטער מענטש פון יאָרהונדערט. היינע האָט מיט זײַן ווערטל געוואָלט זאָגן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן 1800 (נישט 1801, ווי עטלעכע ביִאָגראַפן עטינגערס מיינען!). און דאָס אייגענע האָט עטינגער געוואָלט זאָגן מיטן זעלבן ווערטל. ס׳איז נישט פאַראַן קיין שום באַזונדערע נייטיקײַט צו צווייפלען אין דער גאַנצער דאַטע, סײַדן בענעגייע דעם טאָג (דער ערשטער טאָג פונעם יאָר). דאָס פאַסט צו דער ערשטער ווערסיִע פון עטינגערס טאָכטער, אַז עטינגער איז געשטאָרבן צו 56 יאָר. ס׳איז פסיכאָלאָגיש נישט וואַרשײַנלעך, אַז עטינגער, אויב ער איז געבוירן געוואָרן 1803, האָט זיך געזאָלט צוליב אַ ווערטל עלטער מאַכן אַף דרײַ יאָר. היינע, וואָס איז אינעמעסן געבוירן געוואָרן 1797 האָט טאַקע צוליב אַ ווערטל, אָבער דעריקער, קעדיי זיך יִינגער צו מאַכן געזאָגט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן 1800 (פר. מערינג האַלט, אַז היינע איז געבוירן געוואָרן 1799).—פאַרוואָס זאָלן מיר עטינגערן גופע ווייניקער גלויבן ווי דעם אומזיכערן קווענקלניש פון זײַן נישט פּינקטלעך געדענקענדיקער טאָכטער?

דער דאָקומענט פון זאַמאָשטשער דיסטריקט פון יאָר 1835 (II, 586) באַווײַזט גיכער פאַר אַלץ — אייב ער באַווײַזט ביכלאַל עפּעס — די ריכטיקײַט פון אונדזער דאַטע. דאָרט ווערט געזאָגט וועגן עטינגערן lat dwadzieścia pięć liczący. קלאָר, אַז דאָס איז אַ טאָעס. אָבער וואָס פאַרא? פּאָשעט אַ לאַפּסוס, אַ פליטעס־האַקולמעס אַף קײַלעכיקע צען יאָר! אַפן אָרט פון trzydzieści pięć האָט זיך דער שרײַבער, ווי עס טרעפט זיך, טויע געווען און געשריבן dwadzieścia pięć. יעדער אַנדערער צופעליקער טאָעס, לעמאָשל, ווי ס׳קומט אויס לויט ווײַנרײַכן, אַף 7 יאָר, לייגט זיך אַסאַך ווייניקער אַפן סייכל. וואָרעם: וועגן עטינגערס ווײַב ווערט דאָרט געזאָגט, אַז זי איז אַלט lat trzydzieści trzy, ד. ה. אַז זי איז געבוירן געוואָרן 1802 — וואָלט זי, לויט ווײַנרײַכס האַשאָרע, עלטער געווען פון איר מאַן מיט איין יאָר, אַ זאַך, וואָס איז זייער ניט וואַרשײַנלעך, אויב מע נעמט אין אַכט, אַז עטינגער איז

געיוען פון א „ייִכעסדיקער מישפּאָכע און א מושלעם״. אויב אָבער מיר פאַריכטן dwadzieścia pięć אַף trzydzieści pięć, באַקומען מיר די געבוירן־דאַטע, וואָס עטינגער אַליין פלעג זיך געבן, אַזוי אַז ער איז עלטער געווען פון זײַן ווײַב מיט צוויי יאָר: די „נאָרמאַלע״ פּראָפּאָרץ אין עלטער פון מאַן און ווײַב אין יענע יאָרן און אין אַזעלכע קרײַזן.

דעריבער קענען מיר אָנעמען, אַז עטינגער איז געבוירן געוואָרן יעדנפאַלס נישט שפּעטער ווי סאָף 1800. —

*

עס איז נישט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס ווײַנרײַך וויל האָבן, אַז עטינגער האָט כאַסענע געהאַט און איז אָנגעקומען קיין זאַמאָשטש ערשט בערערך 1823, ד. ה. לויט ווײַנרײַכן צו 20, און לויט אונדזער געבוירן־דאַטע צו 23 יאָר און האָט אַזוי אַרום, לויט דעם כעשבן, אָפּגעלעבט דאָרט בלויז קנאַפּע 2 יאָר. אַזאַ עלטער — זאָל זײַן אַפילע פון 20 יאָר — איז פאַר א כאָסן א „מושלעם״ פון א „גוויריש־לאַמדאָנישער״ פאַרמעגלעכער מישפּאָכע אין יענער צײַט נישט מעגלעך געווען. די העכסטע עלטער פאַר אַזאַ כאָסן איז געווען 18 יאָר. שפּעטער האָט ער זיך שוין גערעכנט פאַר אַן „אַלטן באָכער״. דאָס אייגענע דאַרף מען זאָגן וועגן זײַן קאַלע, וואָס וואָלט אין 1823 אַלט געווען 21 יאָר, אַן אומעגלעכע זאַך בײַ א פאַרמעגלעכער מישפּאָכע אין יענער צײַט. עטינגער איז, אויב נישט ייִנגער, בעלי־סאָפעק נישט עלטער געווען ווי 18 יאָר צו דער כאַסענע[1]), ד. ה. לויט דער געבוירן־דאַטע 1800, אַז ער איז געקומען קיין זאַמאָשטש יעדנפאַלס נישט שפּעטער ווי אַנערעך 1818 און האָט דאָרט אָפּגעלעבט אַף קעסט, אין קלויז און אינעם קרײַז פון די אָרטיקע מאַסקילים מינדסטנס 7 יאָר (אויב נישט מער) איידער ער איז געפאָרן קיין אָדעס זוכן גליקן. עס וואָלט אויך נישט וואַרשײַנלעך געווען פאַר יענער צײַט און בײַ יענע אומשטענדן, אַז אַן איידעם אַן „אילוי, א מושלעם א. אַז. וו.״ זאָל נאָך צוויי יאָר קעסט בײַ א פאַרמעגלעכן שווער מוזן פאָרן „אין דער וועלט אַרײַן״ זוכן גליקן. אַגעוו, האָט דאָך אין דער קעסט־צײַט עטינגערס ווײַב געהאַט א קראָם פון גלאָזוואַרג. שוין־זשע האָט דאָס געקאָנט זײַן אין די ערשטע צוויי יאָר פון דער קעסט־צײַט, און שוין־זשע האָט זיי נאָך די ערשטע צוויי יאָר[2]) אַזוי די נויט געדריקט, אַז ער האָט געמוזט אַוועקפאָרן זוכן פאַרנאָסע? ווײַנרײַך אַליין שרײַבט: „לויט א. צעדערבוימס באַשרײַבונג קומט אויס (כאָטש ער זאָגט דאָס ניט בעפיירעש), אַז ווען עטינגער איז אַוועק קיין אָדעס איז שוין בײַ אים געווען ע ט ל ע כ ע יאָר נאָך דער כאַסענע״; הייסן „ע ט ל ע כ ע״ טאַקע סאַכאַקל העכסטנס צוויי?

און אַזוי דאַרפן מיר באַדײַטנדיק בײַטן די אומשטענדן פון עטינגערס יוגנט־ביאָגראַפיע. נישט שפּעטער ווי 1818 איז עטינגער געקומען קיין זאַמאָשטש און האָט דאָרט אין מעשעך פון מינדסטנס 7 יאָר באַקומען זײַן אַנטשיידנדיקע אַנטוויקלונג אינעם קרײַז פון די זאַמאָשטשער מאַסקילים.

*

אין די העאָרעס פון מאַקס ווײַנרײַך (באַנד II, ז. 597—601) ווערן פאַרצײַכנט, לויט עטינגערס אָנמערקונגען — נײַן מעשאָלים, און לויט ווײַנרײַכס אייגענער האַשאָרע — איין מאָשל: סאַכאַקל צען מעשאָלים ווי „נאָכגעמאַכטע״ אָדער איבערזעצונגען. אין זײַן אָפּהאַנדלונג וועגן עטינגערן („בילדער פון דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע״, ווילנע, 1928)

---

1) לויט י. שאַצקי (אין טעקאַ זאַמאָיסקאַ) האָט עטינגער כאַסענע געהאַט צו 15 יאָר (ציטירט נאָך ווײַנרײַך XIV) — און דאָס איז א וואַרשײַנלעכע דאַטע.

2) איך ווייס נישט פונוואַנען ווײַנרײַך נעמט, אַז אַוועקפאָרנדיק פון זאַמאָשטש האָט עטינגער איבערגעלאָזט די פרוי מיט א ״ן קינד. אין בריוו 1 בד. II 561, 10, 562, 6, 12 רעדט זיך וועגן קינדער אין מערצאָל. אין שורע 13 (562), ווו עטינגער רעדט וועגן דעם „קליינעם שיינעם אומשולדיקן קינד״ אין לאָשן־יאָכיד מיינט ער אַוודאי איינס פון זײַנע קינדער, וואָס איז נישט לאַנג געבוירן געוואָרן.

בּרענגט ווײַנרײַך אַ יעדיִע, לויט אַ נײַגעפונענעם צעטל עטינגערס, וועגן דעם מאָקער פון נאָך אַנדערע עלף מעשאָלים, קליינע מײַסעלעך און קאַטאָוועסלעך.

דערצו דאַרף מען אָבּער נאָך צוגעבּן פאָלגנדיקע מעשאָלים, וועגן וועלכע נישט עטינגער און נישט ווײַנרײַך דערמאָנען, אַז זיי זענען „נאָכגעמאַכטע״.

1) דאָס גרויסע שיינע און שאַרף־סאַטירישע מאָשל, ריכטיקער, מײַסעלע „וויטעלע״ (I, 238—246) איז איבּערגעזעצט אָדער „נאָכגעמאַכט״ געלערטס Die Betschwester[1]. פונעם נאָמען בּעטע אין געלערטס אָריגינאַל האָט עטינגער געמאַכט וויטע—וויטעלע. געלערטס מאָשל הייבּט זיך אַזוי אָן:

Die frömmste Frau in unsrer Stadt,
In Kleidern fromm und fromm in Mienen,
Die stets den Mund voll Andacht hat,
Wird diese nicht ein Lied verdienen?
Wie lehrreich ist ihr Lebenslauf!
Kaum steht die Fromme von ihrem Lager auf;
Kaum tönt der Klang vom achten Stundenschlage,
So sucht sie das Gebet zu dem vorhandenen Tage.
Und ob sie gleich den Schritt in Sechzig schon getan:
So ruft sie doch den Herren noch um Keuschheit an etc. etc.

פאַרגלײַכן מיר דאָס מיטן אָנהייבּ פון וויטעלע:

וויאַזוי קען איך הייסן דער גוטער שרײַבּער,
אַז איך וועל די פרומסטע פון די ווײַבּער,
וויטעלען די צנועה, נישט בּאַזינגען ?...
...אין דער פרי איז וויטעלע אויפגעשטאַנען,
זי האָט זיך פון שלאָף נאָך נישט רעכט דערמאַנט,
גיסט זי זיך שוין אָפּ דרײַ מאָל איטלעכע האַנט,
און טייקעף איז איר ערשטע מעלאָכע,
זי זאָגט זיך די גרויסע בּראָכע,
און כאָטש זי איז שוין אַלט זעכציק יאָר,
און האָט אָף איין אויג די שטאָר,
האָט זי זיך פאָרט פײַנט צו סטראָיען,
קעדיי זי זאָל כאָלילע נישט קומען לידיי ניסאָיען א. א. ו.

2) אין די הויסאָפּעס געפינען מיר אַ לענגער פראַגמענט, וואָס הייבּט זיך אָן מיט די ווערטער: „די ערשטע, וואָס האָט אַ שטערנטיכל אויסגעטראַכט״. דאָס איז נאָכגעמאַכט נאָך געלערטס פאַבּל (ריכטיקער: פאַראַבּאָלישע אַלעגאָריע): Die Geschichte vom Hut[2]). אין איר ווערט בּאַהאַנדלט די אויפקלערערישע טאָלעראַנץ־אַלעגאָריִע וועגן די דרײַ רינגען — דרײַ רעליגיִעס (לעסינג), וואָס שטאַמט פון זייער אַלטע אַראַבּישע קוואַלן און איז אין אייראָפּע שוין זײַט דעם 10 יאָרה. בּאַקאַנט געוועזן (בּאַזונדערס אין דער אויפגעקלערטער סוויווע פון פרידריך II) און אויך פון בּאָקאַטשיאָ אין איינער פון זײַנע נאָוועלן בּאַאַרבּעט געוואָרן. מיט דערדאָזיקער פאַבּל פלעגן אין עלטסטן מיטלאַלטער די שפּאַנישע ייִדן ווערטלדיק אָפּענטפערן אָף אומבּאַקוועמע רעליגיִעזע פראַגעס מיצאַד די מאַכט־האָבּער. פון דעם קוואַל אַפּאָנעם איז די פאַבּל „אַרײַנגעוואַנדערט״ אין די „געסטאַ ראָמאַ־נאָרום״, פונוואַנען בּאָקאַטשיאָ האָט זי איבּערגענומען. לעסינג האָט זי גענומען פונעם דעקאַמעראָנע. סוויפט האָט דידאָזיקע טעמע אַבּיסל איבּערגעאַנדערשט: לויט אַ פאָ־טערס צוואָע מוזן זײַנע דרײַ זין און יאָרשים טראָגן גלײַכע קליידער. אָבּער מיט דער צײַט בּײַט זיך פאַמעלעך בּאַ איטלעכן אַלץ מער די פאָרם פון די קליידער, בּיז מע קאָן

---

1) 1795, C. F. Gellerts sämtliche Fabeln und Erzählungen. זײַט 21. אין דערדאָזיקער פאַבּל אָדער מײַסעלע דערציילט געלערט אין פערזיפיצירטער פאָרם דעם אינהאַלט פון זײַן קאָמעדיִע, וואָס האָט דעם אייגענעם נאָמען (Die Betschwester, 1745). מיר האָבּן דאָ, הייסט עס, אַ סערקעלע־מאָטיוו אין מיניִאַטור.

2) C. F. Gellerts sämtliche Fabeln etc. זײַט 6.

שוין נישט מער דערקענען די אורשפּרינגלעכע פאָרם. נאָך דעם מאָטיוו סוויפטס גייט גע־לערטס מאָשל אין זײַן „געשיכטע פונעם הוט“, וואָס ווערט דאן בא עטינגערן איבערגע־ביטן אף א ווײַבערש שטערנטיכל (אזוי ארום מאכט עטינגער אײַנוועגס אויך כוויזעק פונעם שטערנטיכל, דעם ספּעציפישן טייל פונעם ייִדישלעכן אָנטון, פונקט ווי דאָס האָבן געטון אקסענפעלד און אנדערע מאסקילים). בא געלערטן הייבט זיך די פאבל אזוי אָן:

Der erste, der mit kluger Hand
Der Männer Schmuck, den Hut, erfand,
Trug seinen Hut unaufgeschlagen;
Die Krempen hingen flach herab;
Und dennoch wusst er ihn zu tragen,
Dass ihm der Hut ein Ansehn gab.
Er starb und liess bei seinem Sterben
Den runden Hut dem nächsten Erben.

Der Erbe weiss den runden Hut
Nicht recht gemächlich anzugreifen;
Er sinnt und wagt es kurz und gut,
Er wagts zwo Krempen aufzusteifen.
Drauf lässt er sich dem Volke sehn;
Das Volk bleibt vor Verwundrung stehn,
Und schreit: Nun lässt der Hut erst schön!
Er starb und liess bei seinem Sterben
Den aufgesteiften Hut seinen Erben etc.

און אזוי גייט עס ווײַטער: יעדער פון די יאָרשים בײַט א ביסל דעם הוט, ביז ער ווערט אינגאנצן אן אנדערער, כאָטש ער בלײַבט נאָך אלץ א הוט און כאָטש דער אוילעם זאָגט יעדעס מאָל, אז נאָר אזא הוט איז גוט. דער מוסער־האסקל איז באקאנט. בא עטינגערן הייבט זיך דער מאָשל אזוי אָן:

די ערשטע, וואָס האָט א שטערנטיכל אויסגעטראכט,
און פאר שיינע ווײַבער א שיין צירונג געמאכט,
האָט עס געהאָפטן פלאטשיק, לאנג און ברייט,
דימעטן און פערל זייער צעשפּרייט,
און איז דערינען אזוי געגאנגען,
אף ביידע באקן אָנגעהאנגען,
גאנץ פארצײַטיש,
אָבער לײַטיש.
באלד נאָך דעם טויט פון דער קלוגער אישע
האָט עס די טאָכטער געקריגן בירישע.

די טאָכטער האָט עס מער ארופגעצויגן,
עס זאָל נישט ליגן אזוי אין די אויגן,
און האָט אָנגענייט שטיק און שפּיצן,
עס זאָל מער גלאנצן און בליצן.
אוי, שרײַען די ווײַבער, דאָס איז שיין!
קוקט עך, אזוי דארף מען טאַקע צו גיין.
באַלד נאָך דעם טויט פון דער קלוגער אישע
האָט עס די טאָכטער געקריגן בירישע. א. א. וו.

3) „די צוויי הענער“ (ו, 231) איז א פאראפראזע פון געלערטס „Die beiden Wächter“ [1], ווו ס'ווערט דערציילט וועגן די צוויי נאכט־שאָמרים, וואָס שלאָגן זיך ביז אף בלוט צוליב זייערע כילוקע־דייעס וועגן דעם נוסעך, ווי מע דארף אויסרופן:

[1] דאָרט, זײַט 90.

Verwahrt das Feuer und das Licht

אָדער:

Bewahrt das Feuer und das Licht

די נאכט־שאָמרים פארוואנדלט עטינגער, ייִדישלעך (דער האָן ווי א נאכט־וועקער!), אף צוויי הענער, וואָס קעמפן צווישן זיך צוליב דעם ריכטיקן נוסעך פון קרייען: קיקערעקי אָדער קוקורעקו. דער מוסער־האסקל איז בא געלערטן:

Die Wächter, hör ich viele schrein,
Verfolgten sich um solche Kleinigkeiten?
Das mussten grosse Narren sein ...
Wüsst ihr den nichts von so vielen grossen Leuten,
Die in gelehrten Streitigkeiten
Um Silben, die gleich viel bedeuten,
Sich mit der grössten Wut entzweiten?

בא עטינגערן:

צווישן אונדזערע לאָמדים ראבאָנים
טרעפט מען אמאָל אויך אזעלכע נאראָנים,
וואָס רײַסן זיך שיר נישט בא די האָר
און קריגן זיך אויך לאנגע־יאָר
און זידלען זיך אויך לאנגע צײַטן
איבער אן אָס, וואָס קען עס באטײַטן ...

4) עטינגערס מאָשל „דאָס קאטשקעלע" (I, 150) איז עפּשער א פרײַע פּאראפראזע נאָך געלערטס מאָשל: Die junge Ente[1]).

Die Henne führt der Jungen Schaar
Worunter auch ein Entchen war,
Dass sie zugleich ausgebrütet ...

עטינגער:

א הין האָט ארומגעפירט אירע הינדעלעך,
אירע טעכטערלעך און אירע זינדעלעך,
איטלעכעס שיין גאָר ווי א טשאטשקעלע;
און דער צווישן איז געווען א קאטשקעלע ...

ווײַטער אָבער אנטוויקלט עטינגער די סיטואציִע אנדערש ווי בא געלערטן און דרינגט אויך ארויס אן אנדערן מוסער־האסקל. בא געלערטן: די נאטור גיט יעדן באשעפעניש דעם נייטיקן מוט צו די סאקאָנעס, וואָס זענען אים באשערט לויט זײַן טעווע; בא עטינגערן: מע טאָר נישט קיין קינד צווינגען און דערציִען צו א איניען, צו וועלכן עס האָט נישט קיין טאלאנט, וואָרעם אין אזעלכע פאלן גייט דאן דאָס קינד שפּעטער צו גרונט.

5) „דאָס זעקל" (I, 139) איז פונקט אזוי ווי דאָס מאָשל, וואָס קומט באלד דערנאָך („די קינדער" I, 141), א פאראפראזע פון קראשיצקיס קורצן מאָשל Worki[2]), וועלכעס עטינגער האָט, ווי שטענדיק, אף א זייער גערעטענעם אופן ברייט און שטייגעריש מאָלנדיק צעצויגן. בא קראשיצקין הייבט זיך דער מאָשל אזוי אָן:

Nie patrzajmy na wzorki:
Zeszły się raz dwa worki,
Pozłacany
I skórzany...

די טעמע איז אין ביידע מעשאָלים: דער קריג צווישן דעם טײַערן און וואָלוועלן זעקל (אוישער און אָרעמאן). דער מוסער־האסקל איז אין ביידע דערזעלבער: ייִכעס א. א. וו. איז נישט וויכטיק:

Nie ten dobry co błyszczy...

1) דאָרט, ז. 72.

2) זײַט 86, Dzieła poetyckie Ig. Krasickiego, tom II. Bajki i przypowieści 1804

און בא עטינגערן:

> הער מיך צו, ברודער! קוק ניִשט אף געלט;
> ייִכעס-אצמוי איז דאָס בעסטע אף דער וועלט.

*

אין א קומענדיקער אויסגאבע דארף בא יעדן מאָשל אפן אָרט אָנגעמערקט ווערן פון וואנען עס שטאמט. אין דער נײַער רעשימע נאָכגעמאכטע מעשאָלים, וואָס ווײַנרײַך ברענגט אין זײַן בוך „בילדער פון דער ייִדישער ליטעראַטור-געשיכטע" זענען בלויז פארצייכנט די אווטאָרן און ניִשט די ווערק גופע, וועלכע עטינגער האָט איבערגעזעצט אָדער פאראפּראַזירט. עטלעכע פון זיי קאָן איך גענויער באצייכענען:

„די שיידים" (ו, 256) איז נאָכגעמאכט געלערטס Das Gespenst[1]; „פילאקס" (ו, 20) נאָך געלערטס Der Hund[2]; „די בין מיט דער הון" (ו, 299) נאָך געלערטס Die Biene und die Henne[3]; „דער באַל-האלוואָע"—נאָך געלערטס Der Wucherer[4]; „דאָס פארזעעניש"—נאָך געלערטס Die Missgeburt[5]; „דער היישעריק"—נאָך לאפאָנטענס La cigale et lafourmi[6]; „די קינדער"—נאָך קראשיצקיס Dziecię i Ojciec[7]; „די פליג"—נאָך קראשיצקיס Furman i motyl[8].

דער מאָטיוו פונעם שיינעם סאָציאַל-סאטירישן מאָשל „די פרומע בערן", וואָס עטינגער האָט, לויט דער נײַער יעדיִע ווײַנרײַכס, איבערגעזעצט פון פלאָריאַן, שטאמט אורשפּרינגלעך פון מיטלאלטערלעכע לאטיינישע דראָשעס און איז דאָרט אויסן צו מוסערן די גלויביקע, אז זיי דערשאצן ניט די גרויסע זינד פון די גרויסע לײַט און שאצן איבער די קליינע זינד פון די קליינע לײַט. לאפאָנטען באנוצט דעמדאָזיקן מאָטיוו אין זײַן בארימטער פאבל: Les animaux malades de la peste[9] שוין ניט מער אין קירכלעכן זינען, נאָר ווי א שארפע סאטירע קעגן דער צוואקישער קלאסן-יוסטיק. וועגן לאפאָנטענס פאבל זאָגן די עלטערע קאָמענטאטאָרן קאָסט און שאמפאָר, אז זי איז „presque l'histoire de toute société humaine"[10]. פלאָריאַן האָט דעמדאָזיקן מאָשל איבערגענומען פון לאפאָנטען; פון לאפאָנטענס וועלף האָט ער געמאכט בערן (בא קרילאָוון אין א ענלעכן מאָשל איז עס א לייב), פונקט ווי לעסינג אין זײַן קורצער פאבל, וואָס הייבט זיך אָן מיט זייער שארפע און דײַטלעכע ווערטער:

> Den Bären glückt es nun schon seit geraumer Zeit,
> Mit Brummen, plumpen Ernst und stolzer Frömmigkeit
> Das Sittenrichteramt bei allen schwächeren Tieren,
> Aus angemasster Macht, gleich Wütrichen zu führen ...

לאפאָנטען פארענדיקט דעם מאָשל זייער דײַטלעך:

> Selon que vous serez puissant ou misérable
> Les jugements de cour vous rendront blanc ou noir.

---

1) זײַט 19 C. F. Gellerts sämtliche Fabeln etc.

2) דאָרט, ז. 25.

3) דאָרט, ז. 45.

4) דאָרט, ז. 106.

5) דאָרט, ז. 101.

6) ז. 3 Fables de La Fontaine, 1819 St. Petersbourg I.

7) ז. 30 Bajki etc.

8) דאָרט, ז. 30. שטאמט פון לאפאָנטענס מאָשל: Le coche et la mouche.

9) דאָרט, Notes et les remarques choisies de Coste et de Chamfort || בד., 71 זײַט. זע אויך לאפאָנטענס פאבלען-אויסגאבע פון L. Clement, Paris 1904, די העאָרעס זײַט 212.

10) דאָרט. אזוי אנערעך האָט אויך די קריטיק אופגענומען און פארשטאנען „די פרומע בערן". זע אויבן ז. 123, העאָרע.

לעסינג באהאלט אויס דעם מוסער־האסקל:

Ich kann mich diesmal bei der Moral nicht verweilen ...

אזוי ווי עטינגער:

דאָס מאָשל מיט די פרומע בערן,
באדארף מען אייַך נישט צו דערקלערן... 1).

*

ווי אלע קלאסישע מעשאָלים־שרייַבער האָט אויך עטינגער, ווי מיר זעען, א באדייַטנדיקן טייל פון זייַנע מעשאָלים — ביז איצט פעסטגעשטעלט: העכער א דריטל — נישט נייַ געשאפן, נאָר נאָכגעמאכט לויט עלטערע מוסטערן. דאָס ליגט אין דער טעווע פון מעשאָלים־שרייַבן, פונעם באהאלטן־רעמאָזימדיקן שטייגער, אז מע שטעלט אפן אָרט פון מענטשן — כייַעס, אָנשטאָט אינדיווידועלע געשעענישן דערציילט מען טיפיש־טראפארעטישע, קאנאָניזירטע, אָנשטאָט אויסצוטראכטן נייַע פאבל־טעמעס בויט מען איבער און מע פאראפראזירט אלטע. די קלאסישע צייַט פאר אָט־אָ דעם זשאנר, דער סאָציאלער באָדן און די געשיכטלעכע סיטואציִע, פון וועלכער דערדאָזיקער אביסל פיליסטערישער זשאנר וואקסט: די שאריִעדיקע, וויייניק אנטשלאָסענע אופקלער־באוועגונג, באדינגט דידאָזיקע אייגנארטיקייַטן. עטינגער איז אין זייַנע מעשאָלים שטייגערישער איידער לאפאָנטען, געלערט, לעסינג און אפילע ווי דער שטארק שטייגערישער האגעדאָרן (וועמעס מעשאָלים דיערזשאווין האָט צוליב דעם איבערגעזעצט). ער באארבעט זייַנע מאָטיוון פריי און געשמאקפול, צוגעפאסט צו דער שפראך און צו דער סוויווע פון זייַנע לייענער. פונדעסטוועגן איז אין זייַנע מעשאָלים פאראן אין אזא היפשער מאָס עלעמענטן פונעם אלגעמיין קאנאָניזירטן מאָשל־זשאנר, אז אָן א גענויער אויספאָרשונג בענעגייע די האשפאָעס, איבערזעצונגען און נאָכמאכונגען קען מען ניט ריכטיק אָפשאצן די שעפערישע אופטוערישקייַט אין זייַנע מעשאָלים, וואָס גע־

*

1) אגעוו: פון לאפאָנטען האָט עטינגער גאָר וויייניק איבערגעזעצט. איין אָדער העכסטנס צוויי מעשאָלים. א סוואָרע, אז ער האָט ביכלאל נישט איבערגעזעצט פון פראנצויזיש, אויך „די פרומע בערן“ נישט, נאָר פון א דייַטשער איבערזעצונג פון פלאָריאנס מעשאָלים; אנדערש וואָלט געווען א כידעש, פארוואָס אזוי וויייניק. אויך פון קראשיצקין האָט עטינגער איבערגעזעצט נאָר דרייַ קליינע מעשאָלים. הייסט עס דעריקער פון דייַטשע דיכטער. וואָרעם פון אלע כּרעמדע שפראכן איז אים די דייַטשע געווען אמבעסטן באקאנט און היימיש. פון קרילאָוון האָט עטינגער קיין איין אייַנציקן מאָשל נישט איבערגעזעצט. אינעם נאָכוואָרט צו דער אויסגאבע פון די מעשאָלים, ווארשע 1920 ז. 138 ווערט איבערגעכאזערט א טאָעס, אז „עטינגערס מעשאָלים זענען אויך אסאך כּאָל איבערזעצונגען פון קרילאָוון“. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. עסלעכע — זייער ווינציק — מאָטיוון זענען בא קרילאָוון און עטינגערן שוטפעסדיקע, ווי לעמאָשל: דער וואָלף און דאָס ציקעלע; Волк и ягненок — Лжец; דאָס פיקסל מיט דעם בער; Мешок — דאָס זעקל; Моръ зверей — די פרומע בערן. פון אָט־אָ דער ענלעכקייַט טאָר מען זיך אָבער ניט לאָזן פארפירן. פון „די פרומע בערן“ ווייסן מיר דאָך איצט באשטימט, אז זיי זענען נאָכגעמאכט דעם פראנצויזישן מעשאָלים־דיכטער פלאָריאן (זע ווייַנר. „בילדער פון דער ייִד. ליט. געש.“ ז. 285). און די איבעריקע מאָטיוון האָבן בא קרילאָוון א דורכויס אנדערן כאראקטער ווי בא עטינגערן. אין בעסטן פאל האָבן זיי בייִדע גענומען פון א שוטפעסדיקן קוואל, כאָטש דאָס איז אויך ניט זיכער. קלאָר איז, אז פון קרילאָוון האָט עטינגער ניט איבערגעזעצט. אגעוו: אין אייַזנבוימס הישטאדלעס פון 1843 (II, 588) ווערן דערמאָנט די פאָעטן קראשיצקי, לאפאָנטען, געלערט. שוין־זשע וואָלט אייַזנבוים ניט אָנגעוויזן אף אזא פאָזיטיוון פאקט (פאר דער צענזור אין יענער צייַט) ווי אף איבערזעצונגען פון קרילאָוון? עטינגער גופע וואָלט דאָס אוואדע אויך ניט פארשוויגן — און פאָרט געפינט זיך ניט קרילאָווס נאָמען ניט אין די קסאוו־יאדן, וואָס ווייַנרייַך האָט געזען, און ניט אין עטינגערס רעשימע, וואָס ווייַנרייַך ברענגט אין זייַן בוך „בילדער א. אז. וו.“ עס איז ביכלאל א סוואָרע, אז עטינגער האָט געהאט א קנאפע ידיִע אין דער רוסישער ליטעראטור און עפשער אפילע אין דער רוסישער שפראך. זייַן ביטע צום רוסישן מיניסטער (אפאָנעם צום בילדונג־מיניסטער) III 572, שרייַבט ער אין דייַטשער שפראך (אינעם יאָר 1847!). א. צעדערבוים רעכנט אויס די שפראכן, וואָס עטינגער האָט געקענט און דערמאָנט בלויז „עברית, אשכנזית, פולנית“. די מעשאָלים לויבט ער: בהם משלי מוסר מחיי עולם העשיה אשר לא נופלים הם בערכם ממשלי קרילוב ודמהו“; זאָל זיך פונדאנען נעמען דער טאָעס, אז עטינגער האָט איבערגעזעצט פון קרילאָוון? — ס'איז דאָך כאראקטעריסטיש פאר דער בילדונג־געשיכטע פון יענער צייַט: די מאסקילים, ביפראט נאָך פון גאליציִע, פוילן און ליטע, האָבן געצויגן גייַסטיקע כאיונע פון דער דייַטשער ליטעראטור, די רוסישע האָבן זיי ביכלאל נישט אָדער זעלטן און וויייניק געקענט.

הערן דאָך צו די וויכטיקסטע און כאראקטעריסטישסטע טיילן אין זײַן שאפן ביכלאל. און ס'איז נישט קיין כידעש: פאר געוויסע אָנהייב־פעריִאָדן (אָדער באנײַיונג־פעריִאָדן) אין דער ליטעראטור־געשיכטע איז דער מאָשל א כאראקטעריסטישע דערשײַנונג: אין אים ווערט אויסגעארבעט דער וועג פאר דער דראמע, פארן עפּאָס און פאר דער דערציילישער פּראָזע.

עס איז כאראקטעריסטיש פאר עטינגערס אָפּקלײַב־פּרינציפּ, אז פון די 143 פאבלען פונעם קלאסישן דײַטשן מעשאָלים־שרײַבער געלערט האָט עטינגער צום „נאָכמאכן" אויסגעקליבן אזעלכע 10 מעשאָלים, וואָס האָבן א סאָציִאַל־סאטירישן שטייגער־קריטישן אינהאלט, און קיין איינציקן נישט פון יענע, וואָס גיבן בלויז א באלעבאטישע געזונט־סייכלדיקע אייצע־טויווע. אויך נישט פון די מיטאָלאָגישע אָדער ראָקאָקאָ־בוקאָלישע פאבלען מיט פאסטעכער־ראָמאנטיק וועגן „דאמאָן, פילינע און דאָרינדע", וואָס געלערט האָט געשריבן אין א ייִנגע־רער צײַט. דאָס אייגענע קען מען אויך זאָגן וועגן דעם ראָוו נאָכגעמאכטע מעשאָלים עטינ־גערס פון אנדערע שפראכן.

*

פאר די „קליינע מײַסעלעך און קאטאָוועסלעך" גיט ווײַנרײַך א באזונדערע אָפּטיילונג. אייניקע זאכן פון דער אָפּטיילונג זענען אָבער, ווי מיר וויסן איצט, איבערזעצונגען פון געלערטס (לעמאָשל: „וויטעלע" און „די שיידים"). געלערט אליין (Fabeln und Erzählungen מאכט נישט קיין שום כילעק צווישן כײַע־פאבלען און מענטשן־מײַסעלעך,ביידע זענען אינעם בוך אויסגעמישט. לויטן מוסטער פון געלערטס בוך האָט עטינגער אליין מיסטאם געמיינט צונויפמישןביידע מינים אונטערן זעלבן בוך־טיטל ווי געלערטס. אגעוו, איז דאָך אויך אין דער אָפּטיילונג מעשאָלים פאראן פון יענעם מין „מענטשן־מײַסעלע", לעמאָשל (I, 135) „דאָס פארזעעניש" (נאָך געלערט), אָדער „די קינע" (I, 152). פארוואָס זאָל א טייל פון די מײַסעלעך גיין אין א באזונדערער אָפּטיילונג (זע ווײַנר. I, LIX)? אין א קומענ־דיקער אויסגאבע דארפן פאָלגנדיקע מעשאָלים ארײַן אין דער מעשאָלים־אָפּטיילונג: וויטעלע, די שיידים, דער הוילעך־ראָכיל, דער קארגער, דער כאָלעם. אכוצדעם אויך די מעשאָלים־פראגמענטן און גאנצע מײַסעלעך פון די „הויסאָפּעס": דער וואָלף לערנט לעשוי־נעס (II, 537), דער ראָשהאקאָהאָל (II, 538), דאָס שטערנטיכל (II, 543), די לאמפּערטעס (II, 545). די באזונדערע אָפּטיילונג דארף זיך ערשט אָנהייבן מיט די „קאטאָוועסלעך" (ריכטיקער: עפּיגראמעס און סענטענצן, וואָרעם, לעמאָשל: I, 282, א שטומער סוינע, I, 280, פרײַנט און סאָנים, זענען סענטענצן און נישט קאטאָוועסלעך), — פון „די פארקערטע וועלט" אָן (I, 259). אויב אזוי, באקומען מיר אינגאנצן 63 „מעשאָלים און קליינע מײַסע־לעך", אָדער אינאיינעם מיט די מעשאָלים פון די הויסאָפּעס — 67. פון אָט־אָ די זענען ביז איצט 18 אידענטיפיצירט געוואָרן ווי איבערזעצונגען, דארף מען נאָך צוגעבן 5, וועלכע מיר האָבן אויבן פארצייכנט, ד. ה. אינאיינעם דערווײַל 23,—העכער א דריטל. דערווײַל, וואָרעם בעליסאָפּעק וועלן נאָך ווײַטערדיקע מעשאָלים פריִער אָדער שפּעטער פעסטגעשטעלט ווערן ווי איבערזעצונגען [1].

[1] צום באדויערן האָב איך ניט געקאָנט נאָכקוקן די מעשאָלים פון פאָלגנדיקע אווטאָרן, וועלכע איך האָב נישט צו דער האנט: האגעדאָרן, ליכטווער, גליים, בלומויער און פון דעם פראנצויזישן שרײַבער פלאָריאן. אזוי, לעמאָשל, רעכן איך, אז „אסוסע" (I, 269) איז באשטימט א פאַראפראזע. וועגן „די אסיפע" (I, 185) זאָגט א. צעדערבוים, אז זי „איז איינע נאָכמאכונג פון איינער אלטן פאבל אים דײַטשן, נאָר הערלעך צוגעפּאסט צו ייִדישע פארהעלטניסע" (קול מבשר, 1869, נר. 3). אויך פון די „לירישע און עפּישע לידער" וועט זיך מיסטאם מיט דער צײַט נאָך א ווײַטערדיקער טייל ארויסווײַזן ווי איבער־זעצונגען אָדער פאראפראזעס. אזוי, לעמאָשל, איז „דאָס לויב פון דעם אצלעס (עצלות)" I, 53 איבערגעזעצט פון לעסינגס Lob der Faulheit וואָס הייבט זיך אָן:

Faulheit jetzo will ich dir

Auch ein kleines Loblied singen.«

אגעוו: דאָס ליד „נאמנה ווידוי" (I, 75), וואָס איז איבערגעזעצט נאָך אלאָיִס בלומויער, הייסט אינעם אָריגינאל Glaubensbekenntnis eines nach Wahrheit Ringenden. דערדאָזיקער הײַנט־פארגעסענער דיכטער, א סקעפּטיקער

*

עס וואָלט קעדײַ געווען, אז עטינגערס עטלעכע זיבעציק עפּיגראַמעס (און סענטענצן), די גרעסטע און שענסטע זאַמלונג פון דעמדאָזיקן קלאַסישן זשאַנר אין דער ייִדישער ליטעראַטור, זאָל געבראַכט ווערן אונטער א באַזונדערער קעפּל אין א באַזונדערער אָפּטיילונג. לעסינג האָט זײַנע 144 עפּיגראַמעס געגעבן אין א באַזונדער בוך און אָנגעשריבן אן אָפּהאַנדלונג פון 110 זײַטן וועגן דער עפּיגראַמע און עפּיגראַמאַטיקער. אזוי שטאַרק האָט לעסינג געהאַלטן פון דעם זשאַנר. עטינגערס עפּיגראַמעס זענען בעליסאָפּעק אנטשטאַנען אונטער לעסינגס השפּעה (עס וואָלט מעגלעך געווען נאָכצווײַזן, אז עטינגער האָט זיך אײַנגעלייענט אין לעסינגס טעאָרעטישער אָפּהאַנדלונג, נאָר נישט דאָ איז דער אָרט דערפון). — צו די עפּיגראַמעס [1]) אין בד. ו. דאַרפן צוקומען: די עפּיגראַמע פון די הויסאָפּעס „ר׳ שמערל“ (וו, 544); די עפּיגראַמע וואָס געפינט זיך אין „הצפירה“ 1888 נום. 19 „פּראַנק“ (זע ו, LXII); ווײַטער די עפּיגראַמע „גאָר קיין וווּנדער“, וואָס שטייט אין דער פּעטערבורגער מעשאָלים־אויסגאַבע ז. 244 און איז צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבעס נישט אַרײַן אין ווײַנרײַכס אויסגאַבע:

דעם אלטן צאַדיק איז א גרויס וווּנדער,
פאַרוואָס זײַן ייִנג ווײַב האָט נישט קיין קינדער!
איך האָב שוין דעריבער זייער געלאַכט,
ווער הייסט זי אים אלץ היטן טאָג און נאַכט? —

די פּעטערבורגער צענזור האָט דאָס ליד דורכגעלאָזן, שוין־זשע האָט עס ווײַנרײַכס צענזור נישט געקאָנט טון? אויב די אנטי־צאַדיקישע עפּיגראַמע געהער צו דער קאַטעגאָריִע, וואָס צוליב איר „גליטשיקן אינהאַלט“ פאַלט זי אַרונטער אונטער דער „געווויסער גרענעץ“ — מוז מען שוין טאַקע אויך באַדויערן, וואָס ווײַנרײַך ברענגט נישט די איבעריקע עפּיגראַמעס, וועלכע ער האָט אַרויסגעוואָרפן צוליב דערזעלבער סיבע. זיי פּאַסן אָפּאָנעם נישט צו דער ביִאָגראַפישער קאָנצעפּציִע וועגן עטינגערן ווי א ציכטיק־פרומלעכן באַלעבאָס. זײַט מאַרציִאַל, דעם אנטיקן קלאַסיקער פון עפּיגראַמע, איז דער זשאַנר פון שטענדיק אָן געווען אביסל פאַרשײַט; און קיינער וועט נישט קענען זאָגן, אז די ציטירטע אנטיכסידישע עפּיגראַמע גייט אַרויס פון די „אָנשטענדיקע גרענעצן“, וועגן וועלכע ווײַנרײַך גיט אן אָנצוהערעניש.

דערפאַר אָבער האָט ווײַנרײַך געהאַלטן פאַר נייטיק „אָפּצוהיטן“ עטלעכע אנדערע „דיכטערישע“ דאָקומענטן עטינגערס, וואָס ברענגען עטינגערן גאָר ווייניק קאָוועד. לעמאָשל, דאָס פּוסט־נאַרישע קייזער־ליד (וו, 536) Gott erhalte אין „דײַטשער“ שפּראַך, מיט זײַן אומגעלומפּערטן אינהאַלט און מיט די מעשונעדיקע גרײַזן, אָדער דאָס שלעכטע געלעגנהײַטס־ליד: Erlaube, dass ich Dir sage (וו, 535) א. אז. וו.

אגעוו: אכוץ „דאָן מיט די פּייעס“ איז אויך „דאָס כידעש“ (ו, 263) נאָכגעמאַכט דערזעלבער עפּיגראַמע לעסינגס Auf die Galathee. דאָס קאַטאָוועסל [1]) „קוירעכס מאַציייווע“ (ו, 266) איז נאָכגעמאַכט לעסינגס עפּיגראַמע Auf Lukrins Grab (Sinngedicht 27).

---

און אופקלערער מיט א נעטיִע צו שטייגערישע גראָטעסקן, איז צו יענער צײַט געווען פּאָפּולער און באַוווּסט אויך אין רוסלאַנד. דעם אוקראַיִנער קאָטליאַרעווסקיס „ענעידע“ איז פּאַראַפראַזירט נאָך בלומויערס א פּאָעמע. — די ערשטע סטראָפע פון „נאמנה ווידוי“ איז אין אָריגינאַל אזוי:

Zwo Kräfte sind es, die den Menschen lenken,
Sie leiten ihn bald süd—bald nordenwärts:
Natur gab ihm Verstand, um recht zu denken,
Um recht zu handeln gab sie ihm das Herz...

1) עטינגער איבערזעצט עפּיגראַמעס — „כתבות׳לעך“ — קאַטאָוועסלעך, מיט א זייער גראָטעסקעם אָנצוהערעניש אפן אורשפּרינגלעכן באַטײַט פונעם וואָרט עפּיגראַמע: קורצע אויפשריפט אף א דענקמאָל. אגעוו: די עפּיגראַמע „אף א גאַנעוו“ (ו, 279) איז אלפי טאָעס אַרויסגעפאַלן פון רעיִסטער.

.4

וויַינרייַך ברענגט דעם „סערקעלע“־טעקסט לויט א מאנוסקריפט פון עטינגערס אייגענער האנט (Ms. 3) און פארצייכנט וואריאנטן פון א צווייטן[1] מאנוסקריפט (Ms. 2). אין א קור־מענדיקער אופלאגע וועלן אומבאדינגט מוזן אויסגענוצט ווערן אויך די איבעריקע פאראנענע דרייַ מאנוסקריפטן, באזונדערס דער ניו־יאָרקער (Ms. 5), אין וועלכן „דער טעקסט איז אָפּטמאָל אנדערש, ווי אין אלע געדרוקטע אויסגאבן, אפילע שטארק אנדערש“ (I. ז. XLVI).

די געדרוקטע אויסגאבעס[2] האָט וויַינרייַך ניט גענומען אין אכט, „מאַכמעס זיי האָבן צו עטינגערס שאפן קיין שייַכעס ניט“. וויַינרייַך זאָגט אָבער אליין, אז ער האָט דעם יאָהאַניסבורגער דרוק קיינמאָל ניט געזען און אז ער ווייס פון אים בלויז לויט שטיינשנייַדערס נאָטיק אין Hebr. Bibliographie, 1862, ז. 85 און לויט דעם פּראָטאָקאָל פון ווארשעווער צענזור־קאָמיטעט[3] פון 18 יוני 1862 (עט. כתבים I, ז. LV—LVI). די היפּאָטעטישע לעמבערגער אויסגאבע האָט וויַינרייַך, פארשטייט זיך, אויך ניט געזען. פון דער ווארשעווער אויסגאבע אָבער קען מען יעדנפאלס בעשומויפן נישט אורטיילן וועגן דער יאָהאניסבורגער, כאָטש די ווארשעווער ווערט אָנגעגעבן ווי אן איבערדרוק פון דער יאָהאניסבורגער. אויב קאפעלס „ניט גאָר זיכערע ידיעות“ זענען ריכטיקע — און וויַינרייַך גיט זיי דאָך באשייַנפערלעך צו אסאך וואָג — איז „סערקעלע אָנגעקומען צו דעם ווארשעווער פארלעגער אלס געגאנוועטע סכוירע. דער קסאַוו־יאד פון „סערקעלע“, וואָס איז אומגעגאנגען פון האנט צו האנט, איז פּאָשעט איבערגעשריבן געוואָרן פון אן אמאָרעץ און פארקויפט געוואָרן דעם פארלעגער... דער פארלעגער האָט זי נאָך געגעבן איינעם „אויסבעסערן“, און אָט די פרעמדע און אומגעניטע האנט האָט אינגאנצן פארכוישעכט דעם אויסזען פון דער עמעסער סערקעלע“ (דער פנקס, תר"עב, ז. 43). דאָס וואָלט געהייסן, אז דער ווארשעווער דרוק קען קלאל ניט באטראכט ווערן ווי אן איבערדרוק פון דעם יאָהאניסבורגער און האָט צו אים א קנאפן שייַכעס. וועגן דער יאָהאניסבורגער אויסגאבע איז אָבער פאראן אן אנדערער איידעס, אן ערנסטערער, וואָס זאָגט, אז זי „איז ביגנייווע אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פרייַסן פון א שפּעקוליאנט, אָן ערלויבניס פון די יאָרשים, ניט פונעם רעכטן אָריגינאל, נאָר פון א פעלערהאפטער קאָפּיע און פול מיט גרייַזן, אז מען קען פיל זעצע ניט פארשטיין. מיר, וואָס האָבן דאָס אָריגינאל גוט געקענט, איז אונדז ניט מעגלעך געווען עס צו ערקענען“ (א. צעדערבוים, קול מבשר, 1869, נומ. 23). קען מען זיך טאקע אפילע אף דעמדאָזיקן אסאך ערנסטערן איידעס ניט־געזעענערהייט פארלאָזן און סומאריש זאָגן, אז אלע „דרייַ“ געדרוקטע אויסגאבעס „האָבן צו עטינגערס שאפן קיין שייַכעס ניט“? צי איז דאָס שוין טאקע אזוי קלאָר, וואָס צעדערבוים מיינט מיט די ווערטער „פונעם רעכטן אָריגינאל“ און „פעלערהאפטע קאָפּיע“? צעדערבוים גופע דערציילט אונדז, אז עטינגער פלעג געבן זייַן „סערקעלע“ און די לידער „לאנשים בטוחים להעתיקם, ויש אשר כבד הוא את מיודעיו בכתב ידו. וכה נתפרסם שמו וחבוריו ברוסיא ופולין בלי מחבש הדפוס...“ (המליץ, 1889, נומ. 110). עטינגער האָט זייַן „סערקעלע“ אָן א שיר מאָל איבערגעשריבן און קעסיידער געבעסערט און פאריכט. אויב צעדערבוימען האָט געארט צו זען, אז מע האָט אָפּגעדרוקט ניט דעם בעסטן וואריאנט, נאָר עפּשער א פריערן, ווייניקער אויסגעארבעטן — איז דאָס זייער פארשטענדלעך.

---

[1] עס ווערט ניט קלאָר, פארוואָס ווייַנר. רעדט (I, LVI) וועגן דרייַ פארגליכענע טעקסטן. כאָטש ער באַצייכנט עטלעכע שורעס פריער בלויז צוויי.

[2] וויַינרייַך רעדט פון דרייַ געדרוקטע אויסגאבעס, וועגן דער יאָהאניסבורגער פון 1861, דער ווארשעווער פון 1875 און וועגן א היפּאָטעטישער לעמבערגער אויסגאבע, וואָס ווערט אינערגעץ ניט דערמאָנט און וועלכע וו. רעגיסטרירט בלויז אפן סמאך פון א ווארשעווער בוכהענדלערס א ידיעה.

[3] און פון דער ווארשעווער אויסגאבע, ווו ס'איז דאָך אָנגעגעבן, אז זי איז איבערגעדרוקט פון דער יאָהאניסבורגער? (אפן טיטלבלאט שטייט בעפיירעש „Новое изданіе изъ Іоанисбуркскаго изданія 1861 г.“). אגעוו: אין דעמדאָזיקן צענזור־פּראָטאָקאָל, וועלכן וויַינרייַך דערמאָנט (זע II 590), ווערט מיט קיין וואָרט ניט געזאָגט, אז עטינגערס זין האָבן טייַנעס צום יאָהאניסבורגער טעקסט. זיי ריקן בלויז ארויס מאטעריעלע טייַנעס.

ער וויל, אז „סערקעלע“ זאָל געדרוקט ווערן „נאָך דער לעצטן פערבעסערטן בעאַרבײַטונג פונעם פערפאַסער, יעצט ווירד עס ערשט פוראָר מאכן“ (קול מבשר, 1869, נומ. 23) דערפון אָבער קען די קריטישע פאָרשונג, איידער זי איבערצײַגט זיך מיט אייגענע אויגן, ניט דרינגען, אז די יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע האָט קיין שום שײַכעס ניט צו עטינגערס שאַפן.

די יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע האָבן מיר איצט די מעגלעכקײַט צו דערלערנען, ווײַל די ביבליאָטעק פון אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער אקאַדעמיִע אין קיִעוו פאַרמאָגט אזא עקזעמפּליאַר (דאָס בוך האלט 110 זײַטן, פאָרמאַט 20 × 12). און הײַנט קען מען שוין טאקע מיט זיכערקײַט זאָגן, אז דידאָזיקע אויסגאַבע האָט דײַקע יאָ א זייער וויכטיקע שײַכעס צו עטינגערס שאַפן, און אז זי וועט דאַרפן גענומען ווערן אין אכט אף פאַרשידענע אויפאַנים בא א נײַער אופלאגע פון עטינגערס ווערק.

עמעס איז, אז דער טעקסט איז פאַרגרײַזט און קאָרומפּירט דורך מיספאַרשטייענישן און טאָעסן פונעם זעצער און עפשער אויך דורך באַוווסטזיניקע קליינע קירצונגען. אויב מען זאָל אָנעמען, אז דאָס זענען טאקע א פרעמדנס קירצונגען (דערווײַל בין איך דערין שטאַרק מעסופעק, עס איז זייער מעגלעך, אז אזוי און נישט אנדערש, אכוץ די גרײַזן, האָט אויסגעזען עטינגערס א פריִערדיקער וואַריאַנט פון „סערקעלען“), וועט מען דאַרפן זאָגן, אז געוויינלעך ווערן געקירצט איבערכאַזערנדיקע ווערטער, סינאָנימען, אדיעקטיוון, רעד־טנועס און צו אויספירלעכע זאצן, וואָס צעציִען און האלטן אוף דעם גאַנג פון זאכלעכן פאָרטראג. ס׳וועט דאַן אויסקומען, אז די דיאַלעקטישע ברייטלעכקײַט און צעצויגענע אויספירלעכקײַט פון עטינגערס פויליש־גאַליציִשן נוסעך איז דעם זעצער אָדער „רעדאַקטאָר“ ניט געווען צום הארצן. דער כאראקטער פון די גרײַזן ווײַזט קלאָר, אז דעם, וואָס האָט די גרײַזן געמאכט, איז דער דיאַלעקט עטינגערס געווען ניט נאָר פרעמדלעך, נאָר ערטערווײַז טאקע אומפאַרשטענדלעך. בעשומויפן באמערקט זיך ניט קיין קאַוואָנע עטינגערן צו פאַריכטן אָדער „אויסצובעסערן“. פאַרקערט, אין גאָר אסאך דיאַלעקטישע פראָטים איז די יאָאַג (ד. ה. די יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע) אויסגעהאַלטענער ווי ווײַנרײַכס אויסגאַבע [1]. א היפּשער ראָוו גרײַזן (אויב ניט קימאַט אלע) זענען, לויט מײַן מיינונג, פּאָשעט טאָעסן און מיספאַרשטייענישן — א געוויינלעכע דערשײַנונג אין דער ייִדישער דרוק־פּראָדוקציִע פון יענער צײַט (און נאָר פון יענער צײַט?). א טייל איבערגעהיפּטס (צו איין אָדער צו צוויי ווערטער) געהער דײַטלעך צו דער קאַטעגאָריִע פון לאַפּסוסן. זיי זענען ניט געמאכט געוואָרן מיט צו פלײַס. באַשטימטע וואָרט־איבערכאַזערונגען האָט עפשער דער אנדערש־דיאַלעקטישער זעצער באַטראַכט ווי אן אומבאַהאָלפנקײַט פון אויסדרוק, וועלכע מעגן אַרויספאַלן צוליב שפּאָרעוודיקײַט פון הויצאָעס. וואָרט־קירצונגען בא זאכלעך אינהאַלטפולע זאצן האָב איך ניט באמערקט. נאָך ווייניקער — צוגאָבן פון א פרעמדן כאראקטער, אָדער גאָר „גאַנצע דיאַלאָגן“, ווי קאַפּעל שטעלט פעסט בא דער וואַרשעווער אויסגאַבע.

עס איז אָבער פאַראַן אין דער יאָאַג (אויב מע זאָל זי פאַרגלײַכן מיט דעם קסאַוו־יאַד־טעקסט, וואָס ווײַנרײַך ברענגט) זייער אסאך אָפּווייכונגען אזעלכע, וואָס מע קען זיי בעשומויפן ניט צושרײַבן א פרעמדער האַנט. איך מיין יענע אָפּווייכונגען, וואָס שײַעך דעם וואָרט־סיידער, די איבערשטעלונגען אין דער סטיליסטישער און סינטאַקטישער אויספאָרמירונג פון זאץ, די אָפּטע ענדערונגען אין דער לעקסיק, און בעזונדערס, די איינצלנע צוגעגעבענע זאצן, וואָס פעלן אין ווײַנרײַכס קסאַוו־יאַד. לויט אלע סימאָנים און לויט דעם סטיל־ און דיאַלעקט־כאַראַקטער פון דידאָזיקע ענדערונגען און צו־

1) לעמאָשל, אפילע אין אזעלכע קלייניקײַטן ווי: עהם — אים, פאַרציילן — דערציילן, עך — איך, אויפּפאָרשטן — אויספאָרשן (זע בר. !! ז. 606) א. אז. וו.

גאָב־זאצן קען קיין ספּעק ניט זײַן, אז זיי שטאמען ניט פון קיין פרעמדער האנט, נאָר פון עטינגערס א קסאוו־יאד־וואריאנט. דאָס ווארפט זיך דײַטלעך אין די אויגן. לעמאָשל, אין יאָאג ז. 85 געפינען מיר אזא צוגאָב: נאָך די ווערטער „וויטאמי פּאניע דאָבראָדזעיו, יאַק שיע יאשניע וועלמאָזשני פּאן מא" — דעם זאץ: טשי זדראָוו פּאן?". דערדאָזיקער זאץ פעלט אין ווײַנרײַכס אויסגאבע (ז. 417). עס איז לעכערלעך צו מיינען, אז אזא זאץ האָט זיך דער פאריכטער אויסגעטראכט. עס קאָן קיין ספּעק ניט זײַן, אז ער שטאמט פון עטינגערס האנט, כאָטש ער האָט אים שפּעטער צוליב קינסטלערישע מאָטיוון אויסגעמעקט. אויב ס'איז פאראן גרײַזן און פארדרייונגען מאכמעס שלעכט פארשטאנענעם גרײַזיקן לייענען און זעצן, און עפּשער אויך א באוווסטזיניקע טענדענץ זעלטן אמאָל צו קירצן „איבעריקע" ווערטער — פילט זיך אָבער בעשומויפן ניט קיין טענדענץ צו פאריכטן דעם טעקסט, אים צו „פראווען" אָדער עפּעס צוצוגעבן. די איבערשטעלונגען אינעם זאץ, די לעקסישע דיפערענצן און דעריקער די זאצן, וואָס געפינען זיך אין יאָאג יאָ און אינעם קסאוו־יאד ניט—שטאמען אלע, לויט מײַן מיינונג, פון עטינגערס האנט. פאר מיר איז קיין ספּעק ניט, אז די יאָאג דארף באטראכט ווערן ווי א פארגרײַזטער און ניט זייער גוט דערהאלטענער אָבער פאָרט עכטער און זייער ווערטפולער וואריאנט פון עטינגערס „סערקעלע" אין א פריערדיקן, ניט ענדגילטיקן און נאָך א ביסל אומבאַהאָלפענעם צושטאנד.

עטלעכע בײַשפּילן:

| יאָאג | סערקעלע |
| --- | --- |
| יאָאג. ז. 21<br>אז איך בין נור עפּעס אומפּאס געווען. (אומפּאס זײַן—זיך פילן ניט אינגאנצן געזונט. גאל.-פויל. דיאלעקט. הויכדײַטש unpässlich). | סערקעלע, לויט ווײַנרײַכס אויסגאבע, ז. 315<br>אז איך בין נור עפּעס שלאף געווען. |
| יאָאג. ז. 33<br>קיין ייִדיש קלויסטער איז נישט דאָ, מיילע וועט איר דעך מוזן אמאָל כאסענע מאכן. פּשידזשע טען גלופּי, צאָ טען טאָוואר קופּי.<br>(Przyjdzie ten głupi, co ten towar kupi — ס'וועט שוין קומען דער שוטע, וואָס וועט די סחורה קויפן). | סערק. ווײַנר. ז. 333<br>קיין ייִדיש קלויסטער איז דאָך נישטאָ, מיילע וועט איר מוזן אמאָל כאסענע מאכן. |
| אָאג. ז. 99<br>לאָזט עם נאָך די הענט, ער וועט נישט אנטלויפן, פילנעוועץ עם גור. | סערק. ווײַנר. ז. 441<br>לאָזטס אים נאָך די הענט, ער וועט נישט אנטלויפן. |
| יאָאג. ז. 21<br>מיינסט עפּשער דיך? זאָג מיר, איך בעט דיך באשייד. (באשייד—פּתרון, די לייזונג פון א רעטעניש, לויטן פּויל.-גאל. דיאלעקט. הויכדײַטש—Bescheid). | סערק. ווײַנר. ז. 316<br>איך ווייס נישט — מיינסטו עפּשער דיך? |
| יאָאג. ז. 33<br>און טויג, אָסער, נישט, א הונט אויסן אויוון ארויסצוטרײַבן [1]). | סערק. ווײַנר. ז. 333<br>וואָס טויג, אָסער, נישט א הונט אויס דער גרוב ארויסצוטרײַבן. |
| יאָאג. ז. 64<br>וואָרין בא אזוי [און] אינטערעס איז דאָס בעסטע, פון איטלעכן הערן און דאָס זײַניקע טון. (א באקאנטע רעדנסארט). | סערק. ווײַנר. ז. 384<br>וואָרין בא אזוי און אינטערעס איז דאָס בעסטע, אז מען טוט נור נאָך זײַן אייגענעם סייכל. (דאָ ווערט געבראכט בלויז דער זין פון דער רעדנסארט). |

1) אין דער אנאָנימער „געגנארטער וועלט" (זע ווײַטער ז. 142) ווערט די רעדנסארט געבראכט אין אַזא פאָרם: „און טויג נישט אפילע א קאץ אויס דעם אויוון ארויסצוטרײַבן" (ז. י"ז).

יאָאג. ז. 65

עס האָט דאָך אײַך פאָרט נאָך עפּעס געמוזט איבערבלײַבן? און ווי איז מען דאָס אזוי נישט פאָר-זיכטיק צו זײַן?

סערק. ווײַנר. ז. 386

— עס האָט דאָך אײַך פאָרט נאָך עפּעס געמוזט בלײַבן!

אָאג. ז. 26

אוי ניין, ניטע, לאָזט געמאכט, איך בין גאנץ געזונט, עס פעלט מיר גאָרנישט (ער וויל זיך אויפ־שטעלן און קען נישט). נור יוי, שוין לאנג זענט איר בא מיר אין שטוב? אוי, איך ציטער ווי א פיש, ווי מיינט איר? איך בין מייגעך קראנק. גלייבט מיר, איך גיי קאַם ארום, אוי די דאיגעס, די דאיגעס לאָזן מיך נישט רוהען. איך קען משוגע ווערן פאר זאָרג.

סערק. ווײַנר. ז. 324

אוי! ניין, ניטע, ניטע, לאָזט געמאך, איך בין גאנץ געזונט, עס פעלט מיר גאָרנישט (ער וויל זיך אויפשטעלן און קען נישט). נור יאָ—זענט איר שוין לאנג דאָ בא מיר אין שטוב? אוי איך ציטער ווי א פיש, נישט וואָהר? איך בין קראנק, זייער קראנק; איך גיי קוים ארום. די דײַגעס, דײַגעס לאָזן מיך נישט רוען.

דער סטיל פון דער יאָאג איז רויער, פרימיטיווער פאָלקסטימלעכער און אָנגעזאָפּטער; אינעם קסאוו־יאד (Ms. 3) איז ער סטיליסטיש אויסגעשליפענער, מער קאָנצענטרירט. עס לאָזט זיך אויך באמערקן, אז די אומבאהאָלפענע רעמארקעס פון דער יאָאג ווערן אינעם קסאוו־יאד איבערגעארבעט און פּינקטלעכער צוגעפּאסט כּאר דער בינע. לעמאָשל:

יאָאג. ז. 100

ר' מוישע. (נאָך אונטער דער טיר) מײַן דאָוויד? א. אז. וו.

סערק. ווײַנר. 442

ר' מוישע. (מען הערט זײַן קאָל נאָך פון ווײַט) מײַן דאָוויד א. א. וו.

די סצענע קומט פאָר אױף דער גאס, לעבן שמעלקע טרויניקס גאסטהויז, דעריבער ווערט פאריכט אינעם קסאוו־יאד די ניט פאסיקע טראדיציאָנעלע רעמארקע „נאָך אונטער דער טיר". אָדער:

יאָאג. ז. 62.

... (ער בייגט זיך אוועק און מאכט פון [איר] כויזעק). ניט וואָהר, שיין?

סערק. ווײַנר. 381

...(ער בייגט זיך אוועק פון אלטעלען און מאכט כויזעק אויס איר זון לאכט).

(„ניט וואָהר שיין?" פעלט. דערפאר אָבער ווערט אין דער רעמארקע דערקלערט אף וואָסער אויפן ער מאכט פון איר כויזעק: „און לאכט". מײַן העאָרע—מ. וו.).

אָאג. ז. 44

ענדע 2-טע אקט.

צווישן דער 2-טע אונד 3-טע אקט איז 4 שאָ פארכאי (פארבײַ?). מע האָט גאוורילן געבעטן אויף מי-טאָג. אלע שלאָפן נאָך דעם עסן און ר' גאוריל אליין ליגט אף דער קאנאפע העלפט אויסגעטון.

3-טע אקט.

1-טע סצענע.

ר' גאווריל אליין.

ר' גאווריל. (ווי ער ליגט אף דער קאנאפע זאָגט ער) א מאשקן זאָל מען פארזעצן א. א. וו.

סערק. ווײַנר. 351—352

סאָף פון דעם ערשטן אופצי.

דריטער אופצי.

עס קומט פאָר די אייגענע שטוב ווי בא דעם ערשטן אופצי.

ערשטער ארײַנקום.

ר' גאווריל אליין.

(ער ליגט אויף דער קאנאפע האלב אויסגעטאָן)

א מאשקן זאָל מען פארזעצן א. א. וו.

אזעלכע דיפערענצן געפינען מיר אף יעדן זײַטל. שוין פון די פאָר בײַשפילן איז עפשער קלאָר געוואָרן, אז די אָפּווייכונגען שטאמען פון א פריערדיקן רויערן וואַ־ריאַנט עטינגערס. עטינגער האָט דאָך זײַן „סערקעלע" זייער אסאך מאָל איבערגעשריבן, און ווי מיר זעען אפילע בא די קסאוו־יאדן, נישט מעכאניש. ער האָט דאָס ווערק, לויט זײַן קינסטלערישער טעווע, שטענדיק איבערגעארבעט.

עטינגער איז אין דער יִדישער ליטעראטור פון 19 יאָרה. דער ערשטער קינסטלערישער סטיליסט ביז מענדעלען, און ווי אזעלכער, אף זײַן שטייגער, עפּשער נישט ק.ענער ווי מענדעלע. ווער דעריבער נייטיק און אינטערעסאנט זײַן צו דערלערנען דורך א פארגלײַך פון דעם וואריִאנט, וואָס מיר האָבן אין דער יאָאג, מיט די שפּעטערדיקע קסאוו־יאדן,— דעם אויפן און די פרינציפּן פון עטינגערס ארבעט איבער זײַן קינסטלערישן סטיל. עס ווערט אינ־טערעסאנט זײַן פאר דער געשיכטע פון דער יִדישער סטיליסטיק, גראמאטיק, דיִאלעקטאָ־לאָגיִע[1]) און לעקסיקאָלאָגיִע. אין א קומענדיקער אופלאגע פון עטינגערס ווערק ווערט מען, אכוץ די איבעריקע ניט באנוצטע קסאוו־יאדן (Mss. 1, 4. 5), אויך די יאָהאניסבורגער אויס־גאבע מוזן נעמען אין אכט[2]).

און איצט עטלעכע ווערטער וועגן דער ווארשעווער אויסגאבע פון „סערקעלע אָדער דיא פאלשע יאָהרצײַט קאָמעדיא אין פינף אקטען געשעהן אין לעמבערג“ וואַרשא תר״לו (80 זײַטן). א. קאפּעל קאָן „לויט די ניט גאָר זיכערע יעדיִעס“, וואָס ער האָט „צוזאמענגע־קליבן וועגן דער ווארשעווער אויסגאבע“ פונדעסטוועגן דאפקע „גאנץ זיכער זאָגן, אז סערקעלע איז אָנגעקומען צו דעם ווארשעווער פארלעגער אלס געגאנוועטע סכוירע“. ניט אזוי ווי עס שטייט בעפּיירעש אפן שארבלאט: Новое изданіе изъ Іоаннсбургскаго изданія 1861 г., נאָר ווי א קסאוו־יאַד, „וואָס איז אומגעגאנגען פון האנט צו האנט, איז פּאָשעט איבערגעשריבן געוואָרן פון אן אמאָרעץ און פארקויפט געוואָרן דעם פארלעגער“ מיט דערזעלבער זיכערקײַט ווייסט קאפעל, אז „דיערמיט האָבן זיך נאָך ניט געענדיקט די אינויִם פון סערקעלע. דער פארלעגער האָט זי נאָך געגעבן איינעם „אויסבעסערן“ און אָט די פרעמדע גראָבע און אומגעניטע האנט האָט איינגאנצן פארכוישעכט דעם אויסזען פון דער עמעסער סערקעלע“. דידאָזיקע „ניט גאָר זיכערע יעדיִעס“ קאָנען אָבער בעשום־אויפן ניט בארעכטיקן די דורכויס זיכערע אָפגעלאָזענע באציִונג ווײַנרײַכס, זאָל זײַן כאָטש צו דעמדאָזיקן איינעם געדרוקטן טעקסט פון „סערקעלע“, וועלכן ער האָט געהאט אָדער גע־קאָנט האָבן צו דער האנט. ער האָט זיך ניט גענומען די מי פעסטצושטעלן, צי איז טאקע עמעס, אז די ווארשעווער „סערקעלע“ איז „פארגרײַזט, פארפלאכט און וואנדאליסטיש צעקאַ־ליעטשעט“, „פארקריפּלט“, „ניט שלומע עטינגערס סערקעלע, נאָר א סערקעלע פון די אמע־ראצישע שמירערס פון יענער צײַט“ (א. קאפעל). ער וואָלט דאן עפשער ניט אזוי קאטע־גאָריש געזאָגט, אז „די געדרוקטע טעקסטן האָבן צו עטינגערס שאפן קיין שײַכעס ניט“.

1) אזוי, לעמאָשל, ווער ווײַנרײַכס טעזיס, אז „עטינגערס שפראך איז א טיפּיש דיִאלעקטישע“ דאן עפשער ווערן א ביסל אָפּגעפרעגט דורך דעם בוילעטן פאקט, וואָס עטינגער באמיט זיך צו פארגלעטן און אָפּצושלײַפן און אמאָל אויך אויסצומעקן צו שטארק לאָקאלע אויסדרוקן און טנועס. צי דארף מען ניט אין דעם זען א שטרעבן צו א מער אינטערדיִאלעקטישן (ליטעראַרישן) נוסעך? עס פארשטייט זיך, אז שרײַבער פון אזא שפראך־פעריִאָד קענען זיך באזירן נאָר אף זייער אייגענעם דיִאלעקט, אָבער דאָס שטרעבן צו אינטערדיִאלעקטישקײַט — מער קען אין אזא פעריִאָד ניט פאראנען זײַן—פארווערט מעמיילע, אז מע זאָל אזא שפראך כאראקטעריזירן ווי א טיפּיש דיִאלעקטישע. ווארעם ס׳איז נאָך זייער סאָפעקדיק, צי מע ווער אין מענדעלעס שפראך, לעמאָשל, געפינען מער ווי העכסטנס בלויז א באשטימט שטרעבן צו דער אינטערדיִאלעקטישקײַט פון א ליטעראַרישער שפראך.

2) א ביז גאָר אינטערעסאנטן וואריאנט געפינען מיר אין דער יאָאג צו דעם שמועס צווישן דעם פרעמדן און שמעלקען (I, 424). וועגן „מאסיגען צום אקערן, צום זייען און צום מלאָצען“ שטייט גאָרנישט, עטינגער האָט דאָס ערשט שפּעטער צוגעשריבן. אין דער יאָאג רעדט זיך פון אן אנדערער וויכטיקער ענדערונג. נאָך די ווערטער „א גרויסער בראָכע אין דער מעדינע“ זאָגט שמעלקע אין דער יאָאג: „עס איז זיך געווען גרויסע סערירעת (שערוריות?), גרויסע מילכאָמעס און דאס קאָרצעלע טווּע איז זעך געוועזן יאקרעס. האָט דער פּאָריץ געהאט א ביסל ווייץ און קאָרן, האָט מען עס עם מיט רויטע רענדלעך אָפּגעוויגן. דעמאָלט איז טאקע געווען א טײַנעג. דער פּאָריץ האָט זיך גאָרגיט געסטויסן, אז דער גוטער סמעלקע האָט עם אין די כעסבן צוויי מאָל טאָפּל צוגע־סריבן. אי דער פּאָריץ, אי דער גוטער סמעלקע האָט זעך עפּעס געהאט. אָבער א צינד איז זיך באוויגויסיינו הערבים טאקע א צאָ־ע, עס איז זעך סאָלעם אין דער מעדינע. טווּעס איז זעך דאָ ווי מיסט, און וואָס גאָר צום ערגסטן איז זעך? דער פּאָריץ קען זעך כ׳לעבן כעסבענען אויך (ז. 89)“. פון דעמדאָזיקן וואריאנט ווערט נאָך פאר־שטענדלעכער, פארוואָס עטינגער האָט אזויפיל מאָל פאריכט און געענדערט דעמדאָזיקן שמועס שמעלקעס (זע II, 606 דעם וואריאנט אין MS 2) און פארוואָס דערדאָזיקער גאנצער דיִאלאָג פעלט ביכלאל אין דער ווארשעווער אויסגאבע.

אינעמעסן אָבער איז די ווארשעווער אויסגאבע קימאט אידענטיש מיט דער יאַאג. דאָס הייסט, אז מיר האָבן דאָ, דאָס אייגענע ווי אין דער יאָאג, א פריִערדיקן וואריאנט פון „סערקעלע". קאפעלס מײַסע מיט די ארײַנגעשטעלטע גאנצע דיִאלאָגן, וואָס האָבן קיין כאם און קיין רייעך ניט, איז סײַ וואָס שײַעך דער יאָאג, סײַ וואָס שײַעך דער ווארשעווער אויסגאבע פּאָשעט אויסגעטראכט. דער וויכטיקסטער כילעק צווישן דער יאָאג און דער ווארשעווער אויסגאבע איז, — אז אין איין אָרט פעלט דאפקע א גאנצער דיִאלאָג (מיסטאם צוליב צענזור־סיבעס): דער היסטאָריש זייער אינטערעסאנטער „עקאָנאָמישער" שמועס צווישן דעם פרעמדן און שמעלקען (בד. וו, 423—424). פאלש איז אויך קאפעלס באהויפטונג, אז די ווארשעווער אויסגאבע „איז ענלעך צו א טכינע אַדער אנדערע רומל־ספאָרים; קיין קאָמע, קיין פונקט און קיין אָפּשטעל־צייכן". דער קאָרעקטער פון דער ווארש. אויסג. האָט דאָס בוך — וואָס זעט אויס ווי אלע אנדערע ייִדישע ביכער פון יענער צײַט — גראָד אין די פראָטים, וואָס קאפעל רעכנט אויס, טאקע פאריכט און ניט „פארכוישעכט". ער האָט ארײַנגעשטעלט אָפּשטעלצייכנס, מיט אופמערקזאמקײַט קאָריגירט א טייל דרוק־גרײַזן, אויסגעטיילט דורך קלאמערן די רעמארקעס, וואָס זײַנען אין דער יאָאג ניט אָפּגעטיילט פונעם טעקסט, ליטערארישער געמאכט דעם אויסלייג א. א. וו.

מיר זאָגן, אז די ווארשעווער אויסגאבע איז קימאט און ניט אבסאָלוט אידענטיש מיט דער יאָאג, ווײַל אכוץ דעם פעלנדיקן דיִאלאָג געפינען מיר אין איר ניט נאָר באַשטימטע נײַע דרוקגרײַזן, נאָר אויך קליינע, עפשער באוווסטזיניקע וואָרטענדערונגען לעגאבע דער פאָרלאגע (דער יאָאג). דאָרט ווו דער אנדערש־דיִאלעקטישער קאָרעקטאָר אָדער זעצער (עפשער א ליטוואק) האָט ניט פארשטאנען א דיִאלעקט־אייגנארטיקײַט פון עטינגערס א וואָרט און עס געהאלטן פאר א דרוק־גרײַז פון דער יאָאג לעמאָשל: יאָאג ז. 5 „אָ־ווא כלעבן א רייניש מינץ", ווארש. אויסג. „אזוי כ'לעבן א. א. וו."; יאָאג ז. 45 „און דאָ, נאָר אז בא איר זאָל ליגן דער סילעק אנגעלייגט" — אין דער ווארש. אויסג. פעלט דאָס וואָרט „דאָ" (א דיִאלעקטישער ניואנס, וואָס דארף פארשטארקן דעם אויסדרוק פון פארלעגנהײַט); יאָאג ז. 45 „ער שפעט איר נאָך ווי זי שמועסט", ווארש. אויסג. ז. 34 אנשטאָט „שפעט" — רעדט; זייער אָפּט פאריכט ווארש. אויסג. אנשטאָט נישט — ניט און ענלעכע קלייניקייטן. —

.5

לויטן באוווסטן באנאלן ביִאָגראפיש־געשיכטלעכן שטייגער באנוגנט זיך ווײַנרײַך דערמיט, וואָס ער דערציילט אויספירלעך עטינגערס ביִאָגראפיִע. ווי מיר האָבן שוין פעסטגעשטעלט, באַרירט ווײַנרײַך נישט דעם היסטאָריש־געזעלשאפטלעכן פאָן, די עקאָנאָמישע און סאָציִאלע באדינגונגען, דעם סאָציִאלן כאראקטער פון עטינגערס שאפן [1]). אכוץ די ביִאָגראפישע און ביבליִאָגראפישע יעדיִעס איז ווײַנרײַך יויצע דערמיט, וואָס ער ווײַזט אָן (אין „בילדער פון דער ייִדישער ליטעראטור־געשיכטע" ז. 287 און ווײַטער) אף באשטימטע ריין־ליטערארישע האשפּאָעס, וועלכע האָבן געווירקט אָדער געקענט ווירקן אף עטינגערן, אשטייגער אזעלכע סיוזשעטישע און אנדערע ענלעכע אנטלײַונגען וואָס וואָלטן געקענט קלעקן פאר דער וועזנטלעכער דערקלערונג פון א ליטערארישער דערשײַנונג.

אָבער אפילו דעמדאָזיקן, פאר זיך דורכויס אינטערעסאנטן דעטאלן־פּראָבלעם וועגן די סיוזשעטישע און טעכניש־ליטערארישע אנטלײַונגען עטינגערס, ד. ה. די פראגע וועגן די מוסטערן פאר עטינגערס שאפן, באהאנדלט ווײַנרײַך אף א זייער נישט גענוגנדיקן, „צופעליקן" און נישט־מעטאָדישן אויפן.

ווײַנרײַך שטעלט נישט מיט קיין איין וואָרט די פראגע וועגן דער פיעסע פונעם אנאָנימען מעכאבער „די גענארטע וועלט", וועלכע האָט לויט עטינגערס אייגענעם

---

[1]) דידאָזיקע טעמע וועל איך אויספירלעך באהאנדלען אין א באזונדערער ארבעט.

איידעס־זאָגן געשפּילט א באשטימטע ראָל אף זײַן שרײַבן ייִדיש ביכלאל און אף „סערקעלע" ביפראט. ווי באוווסט, דערמאנט אויך אקסענפעלד דידאָזיקע פּיעסע אין זײַן האקדאָמע־ליד צו זײַן אייגענער „די גענארטע וועלט" (ז. 6):

מיט דעם נאָמען „גענארטע וועלט", ווי מיר דאכט,
האָט שוין איינער אינעם קאָרדאָן א טעאטער געמאכט;
איך ווייס ניט, אויב יענץ איז בעעמעס א גענארטע וועלט,
דאָס דאָ איז אן עמעסע מײַסע גאָרניט פארשטעלט ...

ס'ווערט ניט קלאָר, צי האָט טאקע אקסענפעלד דידאָזיקע אנאָנימע „גענארטע וועלט" אליין געזעען און געלייענט, אָדער בלויז וועגן איר געוווּסט פון הערן־זאָגן, און עפשער גאָר טאקע פון יענעם פּראָספּעקט עטינגערס (זע עט. כתבים, I, XXVIII). זיכער איז אָבער, אז דאָסדאָזיקע בוך, וואָס איז דערשינען אין גאליציע („אינעם קאָרדאָן"[1]) האָט געהאט א וויכטיקע האשפּאָע אף עטינגערס שאפן. און אויב ווײַנרײַך שטעלט די פראגע וועגן פרעמד־ליטעראַרישע האשפּאָעס אף „סערקעלע" (אין זײַן בוך „בילדער א. א. וו." ז. 286) האָט ער קוידעמקאָל געדארפט באהאנדלען די פראגע וועגן דערדאָזיקער אנאָנימער „גענארטער וועלט" (פארקירצט: אגע"ווע). אינעם דערמאָנטן פּראָספּעקט צו זײַנע ווערק דערציילט עטינגער: „פאר עטלעכע יאָר האָב איך געקריגן צו לייענען אין לעמבערג (אומעטום מײַן קורסיוו— מ. וו.) צוויי ביכלעך: איינס האָט געהייסן „די גענארטע וועלט" און דאָס אנדערע „אל־טעלע". ביידע ביכלעך זענען איבערגעזעצט און גאָר איבערגעארבעט געוואָרן פון דײַטש אף ייִדיש. דאָס ערשטע הייסט אף דײַטש[2] „דער טארטיף" און דאָס אנדערע „ראָבינ־זאָן..." אויב די ביכלעך זענען יאָ אָדער נישט גוט געמאכט געוואָרן וויל איך מאכמעס קאמע־טײַמים נישט זאָגן. נור דאָס וועט איטלעכער אליין שוין אײַנזעען, אז ווייניקסטנס, האָט מיר דער פּלאן צו שרײַבן אין פּראָסטע ייִדישן לאָשן געמוזט געפעלן, וואָרין עך האָב מיך טייקעף געפּרוווּט, אויב עס איז אין מײַן קויעך אויך עפּעס אין דעם שטייגער און אין דעם לאָשן צו שרײַבן". מיר זעען, ווי וויכטיק עטינגער האָט געהאלטן די ווירקונג פון דידאָזיקע צוויי ביכער פאר זײַן שאפן, ניט בלויז וואָס שײַעך צו שרײַבן „אין דעם לאָשן", נור אויך וואָס שײַעך „דעם שטייגער". דעם ראָבינזאָן־מאָטיוו געפינען מיר נישט אין עטינגערס ווערק (סײַדן, אז דער פּראָזע־פראגמענט „די צוויי נעגידים" II, 553 זאָל זײַן דער אָנהייב פון אזא מין „גאָר איבערגעארבעטער" ראָבינזאָן־געשיכטע). דעם מאָליערישן טארטיף־מאָטיוו, כאָטש טאקע מיט אן אנדערער אינטריגע און מיט אנדערע פיגורן, געפינען מיר יאָ אין זײַן שאפן—אין „סערקעלע". ווײַנרײַך זוכט האשפּאָעס פון פּאָנוויזינען און רעדט גאָר נישט וועגן די דײַטלעכע האשפּאָעס פון וואָלפזאָנס „לײַכטזין אונד פרעממעלייא" (אכוץ דער אגעוודיקער באמערקונג אין „בילדער א. א. וו.", אז פּונקט ווי בא וואָלפזאָנען הייסט אויך בא עטינגערן די מאסקילישע אידעאל־פיגור—מארקוס). ווײַנרײַך דעקט נישט אוף דעם צו־זאמענהאנג צווישן עטינגערן און זײַנע פּאָרגייערס אין דער ייִדישער ליטעראטור. עס קומט קימאט אזוי אויס, אז עטינגער האָט אָנגעהויבן פונדאָסנײַ און אז ער האָט בלויז געהאט מוסטערן פון נישט־ייִדישע ליטעראטורן, כאָטש עטינגער גופע ווײַזט אליין אָן אף דעם רינגעלע אין דער קייט, וואָס צווישן זײַן שאפן און וואָלפזאָנס פּיעסע: אף דער אנאָנימער „גענארטער וועלט".

מיר קאָנען איצט מיט זיכערקײַט זאָגן, אז עטינגערס אָנווײַז אף דער אגע"ווע אלס א וויכטיקן מוסטער פאר זײַן שאפן איז דורכויס געוועזן בארעכטיקט און אז דאָס איז ניט א

[1] „אינעם קאָרראָן" — באטײַט ניט „אף יענער זײַט גרענעץ" סטאם, נאָר ס'איז א סינאָנים פאר עסטרײַכיש־גאליציע. זע דעם גלאָסאר אין י. פּערלס מגלה טמירין (אויסגאבע לעמבערג 1864, ז. ע"א); „קורדאָן — גאלי־ציען, קורדאָניר—אנשי גאליציען". זע אויך אין דער אנאָנימער „גענארטער וועלט" אין אסאך ערטער.

[2] א שטיקל סימען, אז עטינגער האָט געהאט קנאפּע ידיעס אין דער פראנצויזישער שפּראך און ליטעראטור און אז ער האָט זיך באקענט מיט פראנצויזישע ווערק נאָר דורך דײַטשע איבערזעצונגען. זע אויבן ז. 132 העאָרע.

דערעך־אַגעוודיקע סטאַם־העפלעכקייט בענעגייע א פריוּעריקן שרייבער. אַן עקזעמפּליאַר [1]) פון דערדאָזיקער אַנאָנימער „די גענאַרטע וועלט" געפינט זיך איצט אין דער ביבליאָטעק פון אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור באַ דער אוקראַינישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיִע אין קיִעוו. צוליב פאַרשידענע טעמים קען איך דאָ דערווייל בלויז ברענגען דעם טעקסט פונעם טיטלבלאַט, עטלעכע קליינע אויסצוגן און א ריי באַאָבאַכטונגען און פעסטשטעלונגען וועגן דעמדאָזיקן אינטערעסאַנטן דרוק.

## דיא גנארטי וועלט

א וויגדער שיין טעיאַטער שטוק עס אוז דר בעסטר שפיגל אונ דר וועלט אַז מען קוקט דרונין גוט אַריין זעהט מען זייער קלאר אונ ריין וואס עס טוט זוך אונ יענעמס האַרץ אונ מען לערנט דר פון אַז מען טאר זוך נושט תמיד פר לאזון אויף דעם פנים. ווארון אַמאל אוז דאס עפלו זייער שיין. אונ אונוויינוג זוצט א בייזר ווארום:

לעמבערג

הובא לבי"הד ע"י הנגיד מוהר"ר צבי הירש ציקר נ"י

Genarte Welt.

Lemberg 1863

Druck von B. Leib Necheles.

דאָס בוך האַלט 40 בלאַט (אין אָריגינאַל — ע"ט זייטן), פאָרמאַט 12 × 20.

פון דער האַקדאָמע:

„...אין ווער דאָס ביכל וועט לייענען וועט דערפון גרויס טייַנעג האָבן. עס קאָן מעגלעך זיין, אַז מאַנכע מענטשן וועלן זיך בייזערן ווען זיי וועלן דאָס ביכל לייענען. זיי וועל איך אָבער ענטפערן: ווער עס פילט זיך — דער מיינט זיך, ווען עמען עס בייַסט דער זאָל זיך קראַצן [2]), אַז מען עסט נישט קיין קנאָבל שטינקט מען נישט. עץ [פאַר]שטייט שוין וואָס איך מיין".

„די מענטשן, וואָס קומען פאָר אין דעם ביכל זענען:
א גרויסער סויכער אין רוסלאַנד.
זיין איינציקער זון פון דעם ערשטן ווייַב.
זיין אַנדער ווייַב, א גרויסע מעיוכעסעס.
זיין ברודערס טעכטערל, א יעסוימע.
זיין בוכהאַלטער פון עסטרייַך.
איין מעלאַמעד, וואָס קנעלט באַ אים אין הויז.
אורי, דער הויז־ייַנג.
איין סויפער, מעשאָרסים, שכיינים, געסט.

---

1) דאָס בוך איז איינגעבונדן אינאיינעם מיט דער יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע פון „כערקעלע". דידאָזיקע ביכער האָט די ביבליאָטעק צו פאַרדאַנקען דעם כ' שאַמעס פון זשיטאָמיר, וואָס האָט זיי געפונען באַ א געוועזענעם מויכער־ספאָרים.

2) פאַרגלייַך וואָלפזאָנס האַקדאָמע צו „לייַכטזין אונד פרעממעלייא" („פאָרערינגנערונג"): „דער קראַטצע זיך דעם עס ייקט, וויר אַלע האבען איינע ריינע הויט" (ז. רייזען: פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע ז. 31). זע אויך עטינגערס „א וואָרט פריער" צו „סערקעלע" (II ז. 291). — דאָס טיטל־בלאַט ברענגען מיר אין דער אָרטאָגראַפיִע פונעם אָריגינאַל, די איבעריקע טעקסטן — אין אונדזער אָרטאָגראַפיִע, אָבער אָפּהיטנדיק די אייגנאַרטיקייטן פון דער פאָנעטיק, אַזוי ווייַט זיי ווערן דײַטלעך אין דער אָריגינאַלער אָרטאָגראַפיִע.

די מײַסע האָט זיך געטראָפֿן באַ דעם סויכער אין הויז. זי הייבט זיך אָן עסטער־טאָנעס נאָך דער מעגילע און לאָזט זיך [אויס] אום פורים באַ דער סודע"[1].

מיר האָבן דאָ פאר זיך א פארגרײַזטן און עפשער אויך „איבערגעארבעטן" און גע־קירצטן[2] איבערדרוק פון א פריִעריקער אויסגאבע, וואָס איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין זשאָלקעוו אָנהייב צוואנציקער אָדער סאָף צענער יאָרן. בען־יאקאָב רעגיסטרירט אין „אוצר הספרים" די פריִעריקע אויסגאבע: „גינארטע וועלט. (דיא — ) ספור לפורים[3] בל"א יהודיות ע"ד ההוה (דראמא) חמו"ד (זאָלקווא 8°)". ד. ה. כאָטש עס פעלט אפן טיטלבלאט דער אָרט און דאָס יאָר פון דרוק (חמו"ד — חסר מקום ושנת דפוס) ווייסט ער פאָרט דעם דרוק־אָרט: זשאָלקעוו אין גאליציע. לויט פארשידענע וויכטיקע סימאָנים דארף מען זאָגן, אז דער אנאָנימער מעכאבער געהער צו דער פוילישער, גענויער, גאליצישער דיִאלעקט־געגנט. ער דארף זײַן איינער פון די אזויגערופענע „בראָדער מאסקילים", וואָס האָט עפשער געלעבט א שטיק צײַט אָדער שטענדיק, ווי אסאך ענלעכע אימי־גראנטן, ערגעץ אין אוקראיִנע. עס איז אויך מעגלעך, אז דער מעכאבער האָט געלעבט אין גאליצישן טארנאָפּאָל, וואָס האָט א שטיקל צײַט געהערט צו דער רוסישער אימפעריִע. די אקציִע קומט אפּאָנעם פאָר אין א גרעסערער שטאָט פון אוקראיִנע, אָדער עפשער אין טארנאָפּאָל. דער מאסקילישער רעזאָניאָר אין דער פיעסע איז דער „בוכהאלטער פון עסטרײַך", געמיינט איז עסטרײַכיש־גאליציִע. (אין דער פיעסע ווערט ער אָנגערופן סטאם — „שרײַבער"; פונקט אזוי פיגורירט אינעם טעקסט שטענדיק די פרויענפיגור, וואָס ווערט גע־בראכט אין דער רעשימע ווי דעם סויכערס „אנדער ווײַב, א גרויסע מעיוכעסעס" אונטערן רוף־צייכן „פײַנע בעריעטע"; אויך דעם סויכערס „איינציִקער זון פון דעם ערשטן ווײַב" הייסט אינעם טעקסט סטאם — „באָכערל").

דער אינהאלט פון דער פיעסע:

א רײַכער וועלטלעך־אופגעקלערטער סויכער אין „רוסלאנד" פארשרײַבט אין א צוואָע זײַן גערעכטענעם זון, וואָס כאווערט זיך מיטן אופגעקלערטן בוכהאלטער, זײַן גאנץ פארמעגן. דער זון איז פארליבט אין זײַן געשוועסטערקינד, א יעסוימע, וואָס איז דערצויגן געוואָרן באַ זײַן פאָטער אין שטוב און וואָס ווערט געפלאָגט און געמאטערט פון זײַן שטיפמוטער, דער „פײַנער בעריעטע", דעם פאָטערס צווייטן ווײַב. דער מעלאמעד פון דעם באָכערל, א כאָסיד א צהוואק, שארט זיך אף א גראָבן אופן צו דער „פײַנער בעריעטע" און פרוווט איר העלפן אויסצופירן א שידעך צווישן דעם באָכערל און דער „פײַנער בעריעטעס" טאָכטער פון ערשטן מאן, א מיִעסער אלמאָנע און א קליפּע (זי קומט אין דער פיעסע פערזענלעך ניט פאָר). דער מעלאמעד גופע שאדכנט זיך צו דער יעסוימע, וואָס איז פארליבט אינעם באָכערל. די יעסוימע וויל אנטלויפן, ניט וועלנדיק צוקוקן, ווי איר געליבטער וועט כאסענע האָבן מיט דער „פײַנער בעריעטעס" טאָכטער. פארשידענע שמועסן צווישן דעם „שרײַבער" און דעם מעלאמעד, צווישן דעם מעלאמעד און דעם „הויז-יונג" אורי, צווישן דעם מעלאמעד און דעם גרויסן סויכער א. א. וו. דער אופגעקלערטער סויכער מאכט אָן עק צו דער אינטריגע. זײַן זון האָט כאסענע מיט דער יעסוימע. דער מעלאמעד ווערט דעמאסקירט דורך א סצענע, ווו אורי,

---

1) די א. ג. „איינהייט פון צײַט" איז אויך אין סערקעלע לויט דעם מוסטער שטרענג דורכגעפירט (אלץ גע־שעט אין דעמזעלבן יאָרצײַט-טאָג).

2) עטלעכע וויכטיקע סיוזשעטישע דעטאלן זענען ניט גענוגנדיק אנטוויקלט (לעמאָשל א מאָטיוו מיט ביל־ער, וואָס דארף שפילן א ראָל אין דער אינטריגע ז. נ"ה). ערטערווײַז פילט מען קלאָר, אז דער טעקסט איז געקירצט.

3) בען-יאקעוו כאראקטעריזירט די „דראמע" — אינעמעסן איז עס א קאָמעדיע — ווי א „פורים-שפיל". אין דעם פראט גייט דער אנאָנימער מעכאבער נאָך דער טראדיציע פון וואָלפזאָן, וואָס האָט זײַן פיעסע קלאָמערשט געשריבן נאָר קעדיי צו פארבײַטן די האמעטנע פורים-שפילן. אף דעם צוועק פון דער פיעסע „די גענארטע וועלט" ווײַזט אָן די רעמארקע, אז די אקציִע הייבט זיך אָן עסטער-טאָנעס נאָך דער מעגילע און לאָזט זיך אויס פורים באַ דער סודע.

א פארשטעלטער פאר א מיידל, פרווווט פארפירן דעם מעלאמעד. דער מעלאמעד ווערט פארטריבן און ארויסגעשיקט מיטן עטאפ [1].

לויט דער דערמאָנטער באמערקונג עטינגערס דאַרף די אגע״ווע זײַן אן איבעראַרבעטונג פון טארטיף, די פיעסע וויַיזט אָבער אויך דײַטלעכע אנטלייַונגען פון וואָלפזאָנס „לײַכטזין אינד פרעממעלייא״, וואָס איז שטארק אפהענגיק, ווי מ. עריק האָט נאָכגעוויזן, פון אייכלס „ר׳ הענאָך א. א. וו.״ דער טרעגער פון דער טארטיף־פיגור איז ווי אין „ל. או. פר.״ אויך אין אגע״ווע—א כאָסיד, דער מעלאמעד. דער שמועס צווישן דעם מעלאמעד און דער יעסוימע אין אגע״ווע ז. כ״א־כ״ה דערמאָנט שטארק אין דעם שמועס צווישן ר׳ יויסעפכע און יעטטכען (רייזען—פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע. ז. 50—53). אין ביידע פיעסעס ווערט דער מעלאמעד באם סאָף דעמאסקירט ווי אן עראָטישער באל־אווייַרעניק. די האַשפּאָע איז אויך קענטלעך אין פארשידענע דעטאלן: אין ביידע פיעסעס גיט דער מעלאמעד פאר אן אוויירע־מאשקן א רעליגיעזן כייפעץ, אין „לײַכטזין״—זײַנע טפילן, אין אגע״ווע א סייפער; אין ביידע פיעסעס בראָקט דער כסידישער מעלאמעד ארײַן אין זײַנע רייד פרומלעכע העברעישע ציטאטעס; אין ביידע קומען פאָר ענלעכע מאָטיוו־דעטאלן, ווי לעמאָשל מיט דער קאווע (רייזען, ז. 41—43; אגע״ווע, ז. ט״ז—י״ז), אזעלכע ציטאטעס ווי „אסור לאדם לקדש [את ה]אשה עד שיראנה״ (רייזען ז. 46, אגע״ווע ז. מ״ג) א. א. וו.

באשטימטע סימאָנים ווײַזן עפשער אויך, אז דער אנאָנימוס פון אגע״ווע איז געווען באקענט מיט לעפינס קויהעלעס־איבערזעצונג [2].

עס איז קימאט זיכער, אז עטינגער איז אויך געווען באקענט מיט וואָלפזאָנס פיעסע, און אויב ער דערמאָנט זי נישט ווי א מוסטער פאר זײַן שרײַבן קען דאָס דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס וואָלפזאָנס פיעסע איז אפילע אין די יידישע טיילן געשריבן אין א דיאלעקט, וואָס איז עטינגערן פרעמד געווען. די אגע״ווע איז אָבער די ערשטע פיעסע, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן, און אינגאנצן, אין דער נײַער יידישער שפראך. פארשטענדלעך דעריבער, אז נאָר די פיעסע האָט אים געקענט געבן דעם שטויס אָנצושרײַבן עפעס „אין דעם לאָשן״. אָבער אויך סיוזשעטיש האָט עטינגער אסאך גענומען פון דער אגע״ווע, לעמאָשל: דער מאָטיוו וועגן דעם ייַכעס־אײַנרעדעניש בא דער פרויען־פיגור (אגע״ווע, ז. י״ט; „סערקעלע״, ז. 300 א. א. ערטער); די יעסוימע באם פעטער (א מאָטיוו, וואָס כאזערט זיך איבער ביז גאָלדפאַדענען) איז דער פראָטאָטיפ פון הינדען; דער „בוכהאלטער פון עסטרײַך״, דער „שרײַבער״ האָט א שײַכעס צו עטינגערס רעזאָניאָרישער פיגור מארקוס; „די פיַינע בעריעטע״, די גרויסע

1) דער סאָף פון דער פיעסע איז ניט אינגאנצן קלאָר. אין דער פיעסע גופע קומט ניט פאָר קיין פיגור פון א דינסט; צוליב דער דעמאסקירונג פארשטעלט זיך אורי פאַר א מיידל;—און פאָרט ענדיקט זיך די פיעסע אזוי: „אורי. לויפט ארויס און ברענגט ארײַן די דינסט (?). זי דערציילט די גילרענע מײַסים פון דעם פרומען מעלאמעד. דעם אנדערן טאָג שיקט מען דעם מעלאמעד מיט א שפּת (עטאפ—Schubpass) אויס דער שטאָט ארויס״. דערפון ווערט קלאָר, אז די פיעסע איז ניט בלויז געקירצט, נאָר אויך „איבערגעארבעט״ געוואָרן אין דערדאָזיקער אויסגאבע. אגעוו: אין אזא ראָל קומט דאָך א דינסט פאָר אויך אין די פיעסעס פון אייכל און וואָלפזאָן.

2) אונטערן טעקסט ווערן פארשידענע ארײַנגעבראָקטע פסוקים פארטײַטשט אף אזא אויפן: „הולך את חכמים יחכם ורוע כסילים ירוע״ — ווער עס האָט ליב כאכאָמים, דער איז אליין אויך א כאָכעם, און ווער עס פאשעט נאַראָנים ווערט מיט זיי פארשווארצט (ז. מ״ד); „ועל כל פשעים תכסה אהבה״—עס מעג זיך נאָך אזויפיל קלוסנעס געפינען דעקט אלץ די ליבשאפט צו; „אשת חיל עטרת בעלה וכרקב בעצמותיו מבישה״—א בעריע א יידענע א געטרײַע ווײַב איז א קרוין צום מאנס קאָפּ און א בייזע ברענט ווי א גאָשטשיק אין זײַנע גלידער (ז. מ״ד) א. א. וו.

אגעוו איז קעדײַ אָנצוווײַזן אף דער ענלעכקײַט אינעם טיטל פון לעווינזאָנס דיאלאָג צום טיטל פון אגע״ווע: די געגנאַרטע וועלט — די העפקער־וועלט. אין דער אגע״ווע קומט פאָר אזא זאץ: „שרײַבער (זיפצט) איז די פארקערטע וועלט״; אין לעווינזאָנס העפקער־וועלט: „אוירעך. גאָר עפעס א „פארקערטע וועלט״. אונטער דעם טיטל „די פארקערטע וועלט״ איז אויך פאראן אן עפיגראמע פון עטינגערן (I, 259). די רעדנסארט שטאמט פון העבר. (עולם הפוך ראיתי א. א. וו.) און איז אויך פאראן אין דער דײַטשער שפראך: „Wo denken Sie hin? Das wäre ja die verkehrte Welt". Kotzebue: Der Wirrwarr) רעקלאם־אויסגאבע זײַט 15, זע ווײַטער זײַט 157). אגעוו, האָט אויך גאָטלאָבער געשריבן א פאָעמע: „די פארקערטע וועלט״.

מעיוכעסעס איז א פּראָטאָטיפּ פון סערקעלען; אורי דער מעשאָרעס איז ענלעך צו די מעשאָרעס־פיגורן בא עטינגערן. אין „סערקעלע" איז דער שטיפּערישער, שייגעצוואטער אורי פארוואנדלט געוואָרן אין כאוועץ (צום טייל איז ער פאראן אין יעראכמילן). אינעם דראַ־מאַטישן פראגמענט „דער פעטער פון אמעריקע" דערקענען מיר אין מענאשעס פיגור זייער דײַטלעך אורי'ס שטריכן. ביכלאל איז די סצענע צווישן דעם טארטיף־מעלאמעד ר' זונדל און דעם מעשאָרעס מענאשע אין דעם דערמאָנטן פראגמענט עטינגערס (II, ז. 474—478) נאָכגעמאכט לויט ענלעכע סצענעס צווישן דעם מעלאמעד און אורי אין דער אגע"ווע.

באזונדערס וויכטיק איז די האשפּאָע אין פראט פון שפראך. זי דערגייט ביז צום איבערנעמען גאנצע זאצן. עס איז כאראקטעריסטיש, אז דעריקער נעמט עטינגער איבער פון דער אגע"ווע רעדנסארטן, ווערטלעך און שפּריכווערטער. די פאראלעליטעטן קומען צו אָפּט פאָר, אז מע זאָל זיי קענען דערקלערן מיט א בלויזן צופאל. אָט עטלעכע בײַשפּילן:

אגע"ווע ז. מ"ז
אונדזער הער גאָט באשערט אָבער טאָמיד דעם שפּינער זײַן פלאקס און דעם טרינקער זײַן ווײַן.

סערקעלע ז. 328
דער שענקער דארף זײַן ווײַן און דער שפּינער זײַן פלאקס.

אגע"ווע ז. י"ט
ווי זאָגט מען עפּעס: אז דער וואָגן פאלט זענען די רעדער צו שווער.

סערקעלע ז. 386
כ'לעבן טאקע עמעס, אז ווען דער וואָגן פאלט זענען די רעדער צו שווער.

אגע"ווע ז. כ"ב
זי מוז כאסענע האָבן, וואָרין עס איז נישט פאראן קיין יידיש קלויסטער.
(קלויסטער—מאָנאסטיר).

סערקעלע ז. 333
קיין יידיש קלויסטער איז דאָך נישטאָ, מיילע וועט איר דאָך איר מוזן אמאָל כאסענע מאכן אויך.

אגע"ווע ז. ל"ד
איך וועל דיר ווײַזן, ווער עלטער איז.

סערקעלע ז. 341
דיר וועל איך ווײַזן, ווער עלטער איז.
ז. 368
איך וועל ד'ר ווײַזן... ווער עלטער איז.

אגע"ווע ז. י"ז
גייט ארויס א געפּוצטע טאָק (ליאלקע—מ. וו.) און טויג נישט אפילע א קאץ אויס דעם אויוון ארויס־צוטרײַבן.

סערקעלע ז. 333
אָט ליגט איבער מיר א גרויסע מויד, וואָס טויג אָסער נישט א הונט אויס דער גרוב ארויסצוטרײַבן.

אגע"ווע ז. כ"ב
דו ווייסט, אז איך ווונש מיר נישט קיין דײַמענטן, קיין גאָלד, קיין פּערל אָדער קייטן און די־מענטן, נור דעם וואָס מײַן הארץ ליבט און באגערט.

סערקעלע ז. 367
מעגע זיך נון די גאנצע וועלט מיט פּערלען דיאַ־מאנטן אונד ווי דאס צײַג אלעס הייסן מאג בעריי־כערן... איך האבע דיך, מײַנע ליבע הינדעלע אונד האבע פּערלען דיאמאנטן אונד קלײנאָדיען גענוג.

א פאַרגלײַך פון די טעקסטן און די דערלערנונג, אף וויפל עטינגער איז געווען אָפּ־העגניק און באווירקט פון דער אגע"ווע, באווײַזט קלאָר די באדײַטנדיקע אָריגינאל־קייט און קינסטלערישקײַט פון עטינגערס טאלאנט. די אגע"ווע איז, אפילע ווען מען זאָל נעמען אין אכט קירצונגען, — זייער פּרימיטיוו אָנגעשריבן. איר שפראך איז רײַך און אָנגעזאפּט, אָבער רוי און האמעטנע. ק י נ ס ט ל ע ר י ש איז די אגע"ווע אין פאַרגלײַך מיט וואָלפזאָנס פּיעסע א שטארקער רעגרעס [1]. „סערקעלע" איז אָבער נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג איינע פון די בעסטע און קינסטלעריש פולקומסטע פּיעסעס אין דער יידישער ליטעראטור.

[1] כאָטש מע קען דאָס ניט זאָגן וואָס שײַעך דער ש פ ר א ך. ס'איז דאָך ד י ע ר ש ט ע י י ד י ש ע פּ י ע ס ע, אין וועלכער עס רעדן דורכויס אלע פּארשוינען, אויך יענע פּאָזיטיווע פיגורן, וואָס דריקן אויס דעם מעכאבערס האסקאָלע-גערעאנקען, אין א קרעפטיקן ריינעם יידיש. אין דעם פראט ברעכט דער א:אָנימוס די טראדיציע און ברענגט א נײַעס.

*

עטלעכע אויסצוגן פון דער אַנאָנימער „די געגנאַרטע וועלט״:

„אורי. (טרויריק,ווישט זיך אויס די אויגן) שוין, זענט איר פּאַרטיק? אײַער גילדן טעכטערל, זאָל לאַנג זײַן, גייט מיר אויך אָפּ צו מײַן ביטער און פינצטער געמיט. די בייזע יעזע, וואָס רײַסט ייִנג און אַלט די אויגן אויס, מע קען דאָך איר קיינמאָל נישט דאַגאַדזיען! זי האָט מיך פאַר גאָט נישט אַביסל געפּלוכט און געשאָלטן! (בלאָזט אָפּ אַף דעם מעלאַמעד מיט ביידע הענט) אַף פּושטשעס געזאָגט, אַף אַלע וויסטע וועלדער! אָקערשט מע זעט נישט העט זי מיך געוועזן געשלאָגן, אויך גאָר אַ מאַראָכע, זי איז געפאַלן איבער דעם פּאַרטוך, וואָס יערט פון איר טאָמיד אַראָפּ, דערווײַל האָב איך אָפּגעבויעט. ווי זאָגט מען עפּעס, אַז דער וואָגן פאַלט זענען די רעדער צו שווער. אויסגעקלערט האָב איך, אַז טאָמיד מוז איך אָבער דאָס באָד אויסגיסן. (צום מעלאַמעד) אײַך מוז איך גאָר צען איילן אין דער ערד אַרײַן באַגראָבן. וואַרט נאָר, רעבע, דאָס האָט קיין נאַר נישט אויסגעטראַכט: פּשידזיִע קאָזע דאָ וואָזע[1]) (לויפט אַרויס).

פײַנע בעריעטע. (זיפצט) איי, איי, איי, העט דער נאַר נישט מײַן געוועזן העט איך אויך אויס אים געלאַכט. מײַנע לייד העטן מיר גאָרנישט אַזוי באַנג געוועזן. פינצטער און ביטער, זויער און טיעמנע איז מײַן לעבן. דער בייזער יאַשטשערקע מוז אָבער איטלעכער אויס דעם וועג גיין. זי לאָזט טאַקע נישט אויס קיינעם מיט איר שפּיילעשן פּיסק. רעבע, איטלעכער מוז איר אָבער ווײַכן ווי אַ בייז איפּעש. זי מאַכט זיך און מיך מיט דער בלאָטע צוגלײַך. איר ערשטער מאַן [איז] דאָס געוועזן אײַנגעטונקט אין ייִכעס. דער מעכוטן האָט אַ ייִכעס־בריוו געהאַט ביז העט יאַש גאָר אַרויף. נאָר דורך איר שפּיילעשער פּוסטקאַטיקײַט (!) האָט זי נעבעך דעם ייִנגן מאַן דעם קאָניעץ געגעבן. רעבע, וואָס פאַר איין אייצע, וואָס פאַר איין ראַט טוט מען זיך מיט דער צאָרע?

מעלאַמעד. (מיט כוצפּע). איי, גייט שוין, אַלע מעיוכאָסים האָבן בייזע מײַלער, פונדעסטוועגן וועט אויס דעם שידעך ווערן״ (ז. י״ח—י״ט).

אַן אַנדער אויסצוג.

„שרײַבער. ווײַל עס איז דערצו געקומען, מוז איך אײַך ווײַזן, אַז איך האָב אַ פּרײַ מויל און זאָג איטלעכן דעם עמעס, קענט איר מיר לייקענען, אַז בא אונדז ייִדן איז מער נישט פּאַראַנען ווי נאָר צוויי שטייגערס פּאַרנאָסע: סאָכרים און עפּעס באַלמעלאָכעס?

מעלאַמעד. עמעס, (צו זיך) וואָס באַ אַפּיקאָרסים הייסט עמעס.

שרײַבער. הײַנט וועלן מיר זייערע פּאַרנאָסעס אײַנטיילן. די גרעסטע און עהרעכסטע (ערלעכסטע?) פּאַרנאָסע איז סאָכרעריי. נאָר האָט איר אַמאָל אַכטונג געגעבן ווי אונדזערע סאָכרים פירן [זיך]? אַז מען רײַסט דעם קוינע קימאַט די הויט אָפּ, איינער איז דעם אַנדערנס סכוירע מעוואַזע, טייל פאַרקויפן סכוירע אונטער דעם קערן, גאָר בעכינעם, דעם אַנדערן אַף לעהאַכעס, באַרעכענען זיך קיינמאָל נישט, צי ווערן זיי אָן, צי זענען מעיאַסער (מײַתר—מ. וו.). זיי רײַטן אַף לײַטנס מײַלער, קויפן פּערל, קייטן, דימענטן פאַר פרעמד געלט, לעבן ווי פּריצים, גיבן אויס קינדער ייִנגערהייט[2]). זיי זענען אַליין שולדיק אין זייער אומגליק. געשעט זיי ניסים? עמעס?

מעלאַמעד. עמעס. גלייבט מיר, איך פיל דעם טעם־מות אַז איר שמועסט דערפון.

שרײַבער. אַלע אונדזערע באַלמעלאָכעס ווילן נישט גרינטלעך לערנען זייערע מעלאָכעס, זיי זאָלן קאָנען וואַנדערוועןן און קונדשאַפטן זיך זוכן און צו לעבן בעהאַדראָגע. כאָלילע! ווי דען? אַזוי באַלד איינער קען נאָר אַ נאָדל אײַנצילן, אַזייגערל צענעמען, אַ כסימעלע שטעכן, אַ פּריב (?) אָפּברענען, איז ער שוין אַ מײַנסטער, אַ פײַנער ייִנג, קלויבט זיך אָפּ

1) Przyjdzie koza do woza — די ציג וועט זיך שוין דערקלײַבן צום וואָגן.

2) די טיפּישע טײַנע פון דער האַסקאָלע קעגן די ספּעציפיש־ייִדישע לוקסוס־קליידער (שטערנטיכל א. אַז. וו.) און קעגן די צו יונגע כאַסענעס.

א קאלע און האָט ייִנגערהייט כאסענע, האָט אין זין אַ כעוורעמאַן צו ווערן און פארלאָזט די מעלאָכעס. אלע זוכן קאָוועד. שנײַדערס ווילן דאפקע שאמאָסים זײַן, ספּאָדקע־מאכערס — פאכטערס, איינער גאבע, דער אנדערער וויל דאַפקע אן עלצטער זײַן. אפילע מענטשן, וואָס ארבעטן האָבן דעם דריטן טאָג נישט אף א שטיקל ברויט. ווי די מעלאָכע מאַכט דעם מענטש גליקלעך ווען ער פילעוועט זי, אזוי מאכט זי אומגליקלעך אז א מענטש[ס] הארץ [איז] אזוי פול (?), וואָס די מעלאָכע איז גאָר נישט אימשטאנד אים איַינצוברענגען. לויטער ניסים. עמעס.

מעלאמעד. (קראצט זיך). עמעס. טוירעס־עמעס.

שרײַבער. שוין זענט איר פארטיק? גלייבט מיר, אז די ערלעכסטע און גרעסטע קלאסן מענטשן מוזן אויך זוכן פון דער זײַט צו לעבן. טייל מוזן זיך דרויס א פּאר־נאָסע מאכן און מוזן פאר יעגערס און קלעגערס מוירע האָבן. נישט מער לאָמיר צוריק שמועסן, זיי האָבן דאָך קיין ברייררע נישט, וואָרין כ׳ווייס פיל, זיי מוזן דאָך אלע מאָל אסיפעס מאכן, און שטאָט־זאכן פארזאָרגן. נו, מיילע, דאָס מוז טאקע קאָסטן. דער איבעריקער אוילעם, מעלאמדים, כאשטעראָנים [1]), פאקטוירעס, מעקלערס און טאנדיקניקעס, די לעבן דאָך גאָר פון דעם ווינט, קיינער האָט נישט איין זייכער ברויט. לויטער ניסים! נישט וואָר?

מעלאמעד. ווי איך בין א ייִד, אז מען מעג אײַערע ווערטער דרוקן. אז נישט זאָל איך אײַנגעזונקען ווערן ווי קוירעך און זאָל ארויסשרײַען, אז איר זאָגט עמעס.

שרײַבער. ניין, איך וויל אײַך באווײַזן. דאָוויד־האמיילעך זאָגט: זײַ דיך מעפּארנעס פון דײַן אײגענער האנט־ארבעט וועט עס דיר זיס שמעקן אף דער וועלט און גוט זײַן אף יענער וועלט. זעען מיר, אז דורך ארבעטן קען מען קומען צום ערלעכן טאכלעס, מען זאָל נישט דארפן יענעם צו באטריגן. און ווידער קעגן מעלאָכעס זאָגט די געמאָרע: כל מי שאינו מלמד לבנו אומנות כאלו מלמדו ליסטות״.—(אונטערן טעקסט ווערט פארטײַטשט „וועל־כער פאָטער עס לערנט נישט זײַן קינד א מעלאָכע איז גלײַך אז ער האָט אים געלערנט זײַן א וואלד־גאזלען״. ז. ע״ד—ע״ו).

נאָך איין אויסצוג:

„סויכער. אך ווי האָט מען דאָס געהערט אין דער וועלט, אז מען זאָל בעריעס רופן אפיקאָרסים? איך געדענק אין מײַנע צײַטן, אז עס געוועזן איינער אין א שטאָט אָדער צוויי אונטער א גאנצער מישפּאָכע, וואָס האָבן עפּעס נאָר געקאָנט, האָט מען אים פאר א שטאדלען געמאכט. מען האָט זיי געשוינט, קימאט האָט מען זיי די פיס געוואשן און דאָס וואסער געטרונקען. מען האָט פאר זיי אָפּשײַ און דערעכערעך געהאט. הײַנט רופט מען די גרעסטע בעריעס — אפיקאָרסים, און ווער עס קען נישט צוויי ציילן איז א מייוון אף אפיקאָרסעס.

שרײַבער. ווי פאלט איר אויס דערפון צו שמועסן? ווייסט איר דען נישט, אז אין דער גאנצער זאך זענען נאָר שולדיק די פאלשע פרומע? אין זייער זכוס, זינט זיי האָבן זיך מיסראבע געוועזן איז קיין שאָלעם אין דער גאנצער וועלט.

סויכער. פארצײַטנס פלעגט מען דאָך אויך צו הערן פון גוטע־ייִדן, פון רעבעס. אָבער פון איינעם אין א גאנצער מעדינע, אמאָל אין א יאָר. הײַנט האָבן זיך דאָס פלאָדעס געיאוועט, געפּלאָדזשיעט, פארטשאדעט און פארפּלייצט די גאנצע וועלט. ווו א שטעטל — דאָרט רעבעס! איך מוז בעסער מײַן געשעפט אין זין האָבן (גייט אוועק).״ (ז. ס״ח—ס״ט [2]).

---

1) אין מײַרעוו-גאליציש דיאלעקט — געלט-מעקלערס.

2) די דרוקפעלער און קאָרופּציִעס אין דידאָזיקע ציטאטעס האָב איך קאָריגירט אזוי ווײַט עס איז מיר מעג-לעך געוועזן. די קאָרופּציִעס וועלכע איך האָב ניט געקענט דעריקלערן, ברענג איך אזוי ווי זיי זענען אינעם אָריגינאל.

.6

אויך וועגן דעם אנדערן פון די צוויי „ביכלעך", וועלכע עטינגער דערמאנט אין צו־זאמענהאנג מיט זײַן באשלוס, „צו שרײַבן אין פּראָסטע ייִדישן לאָשן", וועגן דער ראָבינ־זאָן־איבערזעצונג „אלטעלי", לוינט זיך אויספירלעכער צו רעדן. ניט בלויז צוליב דער פּאָ־פּוליאריטעט פון דעם בוך אין יענער צײַט („עך האָב צי געזעהן, אז דיא ביכלעך זענין זייער אסאך מענשין געפעללין"; אויך די פילע איבערדרוקן און אויסגאַבעס זאָגן וועגן דעם איידעס), נאָר דעריקער ווײַל עס איז אינטערעסאנט נאָכצושפּירן, אויב און מיט וואָס דאָסדאָזיקע בוך האָט טאקע — אכוץ דער פּאָפּוליאריטעט — געקאָנט ווירקן אף עטינגערס צוגאנג צום „פּראָסטן ייִדישן לאָשן". דידאָזיקע ביידע ביכלעך זענען דאָך אין א באשטימ־טער מאָס דער צײַט־געגעבענער ליטעראַרישער פאָן פון עטינגערס שאפן.

די אויסגאַבע, וואָס מיר האָבן פאר זיך [1]) איז אויך אין דעם פאל ניט די ערשטע, וועלכע עטינגער האָט געלייענט, נאָר א נאָכדרוק פון יאָר 1865 (עטינגער האָט דאָס בוך געלייענט נאָך „אין לעמבערג". ד. ה. אין דער אנדערער העלפט פון די צוואנציקער יאָרן) א באשרײַבונג פון דעם בוך, א פּאָר אויסצוגן, און עטלעכע באמערקונגען צו די פּראָטים, וואָס ווארפן א שײַן אף עטינגערס שאפן, וועלן עפשער נישט זײַן איבעריק.

דאָס שאר־בלאט:

ראָבינזאָן
דיא געשיכטע פון אלטער לעב
ערשטער טהייל
איינע וואהרע אונד וואָנדערבארע געשיכטע צום אונטערהאלט אונד צור באלעהרונג.
דיזע געשיכטע איזט איבערזעצט אין אלע שפּראכן פאָן דער וועלט דארום האט מאן זיא יעצט איבערזעצט אין יודישן.
Robensohn (!)
Verlag v. S. Striks & I. Rohatin.
Gedruckt bei M. F. Poremba in Lemberg 1865.

ווי מיר זעען, איז ווײַנרײַכס לייען־נוסעך „אלטעלי" א טאָעסדיקער. עס דארף געלייענט ווערן: אלטער־לעב.

דער צווייטער טייל האָט דאָסזעלבע טיטלבלאט מיט די צוגעגעבענע ווערטער „צווייטער טהייל". פארלאג, דרוק־אָרט און דרוק־יאָר פעלן אפן טיטלבלאט פון צווייטן טייל. דער ערשטער טייל האלט 23 בלאט, דער צווייטער טייל 39 בלאט (נישט פּאַגינירט).

דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט א „פּאָרעדע", פון וועלכער מיר וועלן דאָ ברענגען (אין אונדזער אָרטאָגראַפיִע) יענעם טייל, וואָס האָט געהאט א שײַכעס צו דער ווירקונג אף עטינגערן צו שרײַבן אין ייִדישער שפּראך.

„...ווער אָבער קען בעסער פארשטיין דעם ווארן וועג, וואָס פירט אונדז מענטשן צום גליקלעכן לעבן מער ווי דער, וואָס לערנט און לייענט ספאָרים, וואָס שארפן דעם סייכל און פארבעסערן דאָס האַרץ? עס איזט קיין פאָלק אין דער וועלט פארהאנדן, וואָס זיי זאָלן קענען באשטיין אָן א לאָשן. איטלעכע אומע האָט איר אייגן לאָשן און איטלעכעס פאָלק האָט זײַנע כאַכאָמים, וואָס שרײַבן אין זייערע לעשוינעס אזעלכע נוצלעכע און שיינע ביכער, אז אפילע גאָר דער געמיינער אוילעם פארשטייט און לערנט גוטע מידעס, שיינע מײַלעס, ווי מיט מענטשן צו לעבן און אף ביידע וועלטן גליקלעך צו זײַן. מיר אָבער זענען אָן א לאָשן געבליבן, אונדזער קרוין איזט אונדז אראָפּגעפאלן. דאָס הייליקע לאָשן, וואָס גאָט און זײַנע פרומע לײַט האָבן גערעדט פארשטיין מיר ניט אזוי ווי מע דארף. אונדזער

[1]) אף דעראָזיקער אויסגאַבע האָט מיך אופמערקזאם געמאכט דער כ׳ א. גורשטיין, וואָס האָט זי געפונען אין דער ייִדישער אקאדעמישער ביבליאָטעק אין אָדעס (נומ. 5431).

לאָשן, וואָס מיר שמועסן, איז צונויף געקומען פון אלערליי לעשוינעס, וואָס מיר האָבן גע־לערנט פון פעלקער, וואָס מיר זענען בא זיי פארטריבן געווען, און מיר רעדן אצינד גע־בראָכן דײַטש פארמישט מיט שפאנישע, איטאליעניִשע, אלטע און נײַע דײַטשע און פוילישע ווערטער.

איין גרויסער פילאָסאָף האָט געזאָגט: איידער מענטשן לײַטערן דאָס לאָשן מאכט דאָס לאָשן די מענטשן גיכער גליק; גוט, פרום, פארשטאנדיק אין אלעם. דורך דעם האָבן מיר אף אונדז גענומען, פון דעם געמיינעם אוילעם וועגן, ראָבינזאָן אף געבראָכן דײַטש צו איבערזעצן, און מיר האָפן צו זײַן ליבן נאָמען, אז אלע מענטשן וועלן אונדז פאר דער מיהע און ארבעט דאנקען.

קומט נאָר אהער מײַנע ליבע פרײַנט! צו אײַך, צום הײַנטיקן דאָר רעדן מיר. מיר האָבן געזען, אז די וועלט ווינשט זיך און וויל פארשטיין צו לייענען און שרײַבן. האָבן מיר פון אײַערט וועגן אזעלכע וואונדערבארע געשיכטע איבערזעצט און גיב אײַך איבער, אז עך וועט אליין מוידע זײַן, אז זי איז קינסטלעך און געלערנט".

וועגן דעם מעכאבער (מיטן נאָמען — אין ערגעץ נישט דערמאָנט) ווערט געזאָגט, אז „דער הער, וואָס האָט זי („די מײַסע" — מ. וו.) געמאכט האָט ערשט ניט לאנג געלעבט" (דעפאָ איז געשטאָרבן אין יאָר 1731).

נאָך א דערקלערונג פונעם מוסער, וואָס מע קאָן זיך פון דעם בוך אראָפּלערנען, ווענדט זיך דער איבערזעצער צו זײַנע לייענער מיט אזא מין באקאָשע:

„מיר געבן אײַך איבער דיביידע טיילן און בעטן, אז מען זאָל נישט דערפון אָפּ־רעכטן, שפּעטן און לאכן [ביז] מען וועט עס האָבן אינגאנצן געלייענט. [גלויבט] קיינעם נישט ביז אײַערע אויגן וועלן האָבן געזען און אײַערע אויערן וועלן [האָבן] געהערט. אזוי ווי די שטילע נידעריקע צוקער־רויז, וואָס וואקסט פריש [פרעגט נישט] נאָך דעם גרעסטן שטורעם־ווינט, פרעגט נישט נאָך דעם שטארקן דונער [ ] וואקסט ווײַטער, ווערט נאָך דערקוויקט און שמעקט נאָך זיסער און בעסער, [אזוי פרעגן] מיר נישט נאָך נארישע שפּע־טישע געלעכטערס, וואָס לייגן נאָר דעם נאר ארן [ ] צו לאָזן דאָס מויל. קורץ: אונדזער קאַ־וואָנע איז נאָר דעם געמיינעם אוילעם צו געפעלן, ווײַל זיי דארפן אזעלכע ריינע און גוטע געדאנקען ..." (ערטערווײַז איז דער ראנד באשעדיקט און ניט לייענבאר).

דער ארײַנפיר פונעם איבערזעצער צו דער דערציילונג גופע:

„איינמאָל איז געווען אין גאליציִען, נישט ווײַט פון דער הויפּשטאָט לעמבערג, איין ערלעכער אלטער קלוגער און פרומער סויכער. ער איז אין אלעם, וואָס ער האָט געטון א גרויסער מוצלעך געווען. פון אָוועס־אוווּיסעוו האָט אים גאָט געבענטשט מיט אלעם גוטן, מיט טויר״, מיט גדולע, מיט פרומע קינדער און קינדס־קינדער. אויך פלעגן זיך בא אים מערערע פרײַנט אין זײַן הויז [צונויפקומען ], קעדיי זיי זאָלן זיך פון אים אָפּלערנען, זיך און זייער [פאמיליִע] ווי אזוי צו דערציִען..." דערדאָזיקער סויכער „פלעגט זיי שיינע נוצ־לעכע און קינסטלעכע געשיכטן צו דערציילן, ווײַל פון דעם ווערט דער מענטש קלוגער, פארשטענדיקער, געניט און געוואָרנט..." „די געשיכטע ראָבינסזאָהן (!) איז אויך איינע פון זײַנע מײַסעס. הערט צו, ליבע פרײַנט, און נעמט אײַך די ראיע".

דערנאָך ערשט הייבט זיך אָן די אייגנטלעכע ראָבינזאָן־געשיכטע: „אין האמבורג איז אמאָל פארהאנדן געווען א פּאָר אלטע לײַט, זיי האָבן געהאט דרײַ זין, די צוויי עלטערע זענען ייִנגערהייט געשטאָרבן, און דער דריטער, דער ייִנגער איז בא זיי אליין איין און איינציק איבערגעבליבן..." ראָבינזאָן ווערט אין דער איבערזעצונג אָנגערופן פארייִדישט — „אלטער־לעב", לויטן ייִדישלעכן שטייגער, אָנצורופן מיט דעמדאָזיקן סגולע־נאָמען ציטע־ריקע קינדער, וואָס זענען איינציקע געבליבן לעבן.

דאָס בוך איז נישט קיין איבערזעצונג, נאָר א באארבעטונג פון דעפאָ'ס ראָבינזאָן, מיט אסאך צוגעגעבענע לידלעך, טפילעס, מוסערדיקע און „וויסנשאפטלעך"־אופקלערערישע קליי־ניקע עקסקורסיִעס. לעמאָשל וועגן „עבודת האדמה"; „בנין"; „מדידה"; באקליידונג; „חכמת

הרפואה״; „חכמת הטבע״; „די קונסט צו רעדן״; „די קונסט צו שרייַבן״ (טייל ו, ז. 22—24); וועגן „הלנת המתים״ (טייל וו, ז. 3); קעגן גוטע־יידן (טייל וו, ז. 13); וועגן דער נייטיקייַט צו לערנען א מלאָכע (טייל ו, ז. 41) א. אז. וו. אכוצדעם ברענגט דער איבערזעצער אגאָדעס פון טאלמוד (טייל ו, ז. 35 און אין אנדערע ערטער), אנעקדאָטן, געאָגראַפישע באמערקונגען און סטאם רעליגיעזע שמועסן (אלטער־לעב איז, פארשטייט זיך, א ייִד, און זייַנע רעליגיעזע באטראכטונגען זענען גענומען פון דער ייִדישער רעליגיע). דאָס בוך פארענדיקט זיך דערמיט, וואָס דער אלטער סויכער פון דער האקדאָמע דערציילט נאָכאמאָל גאנץ קורץ די געשיכטע „אף דייַטש״: „עס וואר איינמאָל איין טראָציגער, שטארזיניגער אונד שלעכטערצאָגענער קנאבע, ער הייסט (!) ראָבינזאָן אָדער אלטער־לעב. ני וואָלטע ער זייַנע עלטערן געהאָרכן, אייסערטע איינע פירכטערליכע בעגירדע נור די וועלט אויסצורייַזן א. אז. וו.״ דער צוועק פון דער קורצער רעקאפּיטולאציע אף צוויי און א האלב זייַטלעך אין „דייַטשער שפּראך״ האָט מיסטאם געדארפט זייַן, אז דער לייענער זאָל זיך צוגעוווינען לייענען דייַטש. זייַענדיק באקאנט מיט דעם סיפּער־האמייַסע, דארף דעם לייענער אָנקומען ניט שווער צו פארשטיין דעם קורצן דייַטשן טעקסט. דער ווילדער אינדיאַנער, וואָס הייסט אינעם גאנצן בוך „שאבעס״, הייסט אין דער רעקאפּיטולאציע „פרייַטאָג״, ווי אינעם אָריגינאל. דער טעקסט פון דער רעקאפּיטולאציע איז פארקריפּלט, פון דער מיט איז א גאנץ שטיק ארויסגעפאלן.

לויט פארשידענע סימאָנים איז קלאָר, אז דער אנאָנימער איבערזעצער איז געווען א גאליציאַנער. די פריערדיקע אויסגאבע, לויט וועלכער דידאָזיקע פון 1865 איז נאָכגעדרוקט געוואָרן, איז מיסטאם אויך דערשינען אין גאליציע (עטינגער האָט דאָס בוך „געקריגן צו לייענען אין לעמבערג״) סאָף צענער אָדער אָנהייב צוואנציקער יאָרן[1]). אין וואָסער באציִונג דערדאָזיקער ראָבינזאָן שטייט צו דער ווילנער אויסגאבע פון 1830 („קורץ געפאסטער ראָבינזאָן, איבערזעצט נאָך הערן קאמפע, בווילנא Сокращенный Робинзон, 1830 года. Wilno w drukarni A. I. Dworca״), פון וועלכן עס געפינט זיך אין לענינגראדער אזיאַטישן מוזיי אן עקזעמפּליאר, איז מיר ניט באקאנט, ווייַל איך האָב ניט געהאט די געלעגנהייַט די צוויי אויסגאבעס צו פארגלייַכן. דאָס אייגענע וואָס שייַעך א דריטן ראָבינזאָן (וואָס געפינט זיך דאָרט), פון וועלכן איך ווייס בלויז דעם טיטל: „קורץ געפאסטער ראָבינזאָן. איינע וואונדערבארע היסטאָריע, וואָס האָט זיך פאסירט מיט דעם יונגן ראָבינזאָן, וואָס מען האָט גערופן קרוזאָ...[2])״.

עס איז ניט קיין צופאל, וואָס גראָד דאָס בוך געהער צו די סאמע ערשטע בעלעטריסטישע איבערזעצונגען פון דער ייִדישער האסקאָלע־ליטעראטור אינעם נייַנצנטן יאָרה. און איז, ווי מיר זעען פון עטינגערס יעדיע און פון די אָפטע אויסגאבעס, אזוי שטארק פּאָפּולער געוואָרן. עס וואָלט געווען נאיִוו צו מיינען, אז דאָס איז א צופעליקע דערשייַנונג, אָפּהענגיק פון א איבערזעצערס פערזענלעכן געשמאק. פונקט ווי די טארטיף־טעמע (קעגן צוויעס און פּארוועניוישקייַט), וואָס האָט אזוי שטארק און לאנג באהערשט די ייִדישע ליטעראטור זייַט סאָף 18 אָנהייב 19 יאָרה. (זי איז אָנגעקומען פון איירָאָפּע אביסל א פארשפּעטיקטע אין העסקעם צו דער פארשפּעטיקטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אנטוויקלונג), דארף אויך די ראָבינזאָנאַדע ניט דערקלערט ווערן דורך א מאָדע־קאַפּריז פון אן איבערזעצער. אינעם יאָר 1719 איז דערשינען דאניעל דעפאָ׳ס בוך: „לעבן און וואונדערלעכער גורל פון ראָבינזאָן קרוזאָ פון יאָרק״, און א קורצע צייַט דערנאָך, און זייַט דעמאָלט ביז הייַנט, איז עס אָן א שיר מאָל איבערגעזעצט, איבערגעארבעט און נאָכגעמאכט געוואָרן אין אלע קולטור־שפּראכן. די סיבעס פון דער פּאָפּוליאריטעט זענען געווען די ראציאָנאליסטיש־אופּ־

---

[1]) אין יאָר 1898 זענען ביידע טיילן פון דעמדאָזיקן בוך איבערגעדרוקט געוואָרן דורך יאָסעף פישער אין קראָקע מיט צוגעגעבענע געמעלן (פארלאג פון יאנקעיו פאָגעלפאנג אין טאָרנע).

[2]) בען־יאַקאָב (אוצר הספרים) רעגיסטרירט א ייִדישן ראָבינזאָן, ווארשע 1840, און א העבּרעישן, ברעסלע 1824 („ראָבינזאָהן דער ייִנגערע, נעתק לעברית ע״י ה״ר דוד זאמושטש, ברעסלויא תקפ״ד). וו. צייטלין (קרית ספר) רעגיסטרירט אכוצדעם א העברעישע אויסגאבע, ווארשע 1849 פון ל. בלאָך.

קלערערישע טענדענצן אין דער מײַסע פונעם פארוואָגלטן יאָכיד, וואָס מוז זיך אף אן אינדזל, אינגאנצן א פארייִנזאמטער, מיט אייגענע קויכעס אליין העלפן. בא דער געלעגנהײַט איז באוויזן געוואָרן אין א בײַשפּיל די קולטור־אנטוויקלונג פון דער מענטשהײַט ביז צום געזעלשאפטלעכן אָרגאניזם, די היסטאָרישע פארווירקלעכונג פון ווירטשאפטלעכע און קול־טורעלע צילן, ד. ה. דער ווערט און באטײַט פונעם בירגערלעכן יאָכיד אין דער גע־זעלשאפט. אין דעמדאָזיקן בוך קומט צום אויסדרוק דער אינטערעס פונעם אופוואכנדיקן בירגערטום פאר דער פראגע: ווי אזוי איז אנטשטאנען די מענטשלעכע געזעלשאפט און איר מאטעריִעלע קולטור, ווער שאפט זי און צוליב וואָס. אין ערשטער ריי איז דאָס בא־נומען געוואָרן ווי א דערציִונג־פּראָבלעם, כאָטש אין טאָך איז עס געווען אסאך מער. דער העלד פון דעפאָס דערציילערישע ווערק איז געוויינלעך דער בירגער מיט זײַן וואקסנדיקן זעלבסטבאוווסטזײַן. ניט אומזיסט איז דעפאָ דער פאָרגייער פון בירגערלעכן רעאליסטישן פאמיליען־ראָמאן אין ענגלאנד (אויך אף דער דײַטשער ראָמאן־ליטעראטור האָט זײַן שאפן א שטיקל צײַט געווירקט אין דער ריכטונג). די בירגערלעך־אופקלערערישע טענדענץ פון דעם בוך האָט עס פאסיק געמאכט פאר די צוועקן פון דער פעדאגאָגיק אין דער אופקלער־צײַט (שוין רוסאָ האָט באזונדערס אונטערגעשטראָכן דעם פראקטישן דערציִונגס־ווערט פון דעמדאָזיקן בוך). דער דײַטש קאמפּע האָט דאָס בוך באארבעט אף א באלערנדיק־מוסער־דיקן שטייגער (1779). נאָך דערדאָזיקער פרומלעך־אופקלערערישער באארבעטונג קאמפעס (זי איז געבליבן ביז הײַנט די פּאָפּולערסטע אין דער דײַטשער יוגנט־ליטעראטור) איז איבערגעזעצט געוואָרן די ייִדישע ווילנער אויסגאבע פון 1830, און דאכט זיך, אויך אונדזער אויסגאבע, וועלכע מיר האָבן אויבן באשריבן.

אין דער שפראך פון אונדזער „ראָבינזאָן" פילט זיך א באשטימטע שטרעבונג צום פאָלקסטימלעכן רעד־נוסעך, סײַ אין דער לעקסיק און פראזעאָלאָגיִע און סײַ אין זאצבוי. עטלעכע בײַשפּילן: „געוויינט האָט ער... אז עס איז זיך א גרויל אָנגעגאנגען. ער האָט גע־שריגן: ווײ צו מיר, צו מײַנע ייִנגע יאָר", טייל וו, ז. 49; „ער איז ארומגעלאָפן ווי א פאר־סאמטע מויז", טייל ו, ז. 32; „עס איז אים די גרינע גאל איבערגעגאנגען", טייל וו, ז. 10; „כאפט ער די פיס אף די פלייצעס, האָסטו נישט, לויפסטו נישט, ער האָט זיך געיאָגט ווי דער פײַל פון בויגן", דאָרט; „אז עס קומט נאָר עפּעס דאָס מינדסטע, קריגן זיי טייקעף די נעכפּע", טייל וו, ז. 9; „...איז אים פינצטער געוואָרן פאר די אויגן, דער הימל איז שווארץ געוועזן, עס האָט געגאָסן מיט ציבער", טייל ו, ז. 33; „עס האָט געהוזעט ווי א העליש פײַער, עס האָט טשאקנדיק געברענט, אז עס זענען אלטער־לעבן די אויגן איבער־געגאנגען פאר גרויס סימכע", טייל וו, ז. 22; „ער האָט געמיינט, אז עס קומט שוין זײַן קאָניעץ", טייל ו, ז. 33; „אוי ווײ מיר געשעהן, איך זע ערשט...", טייל וו, ז. 12: „אוי ווײ מיר מײַנע יאָר, ביטער און פינסטער איז מײַן לעבן, וואָס פארא אומרעכט דאָס איז...", טייל וו, ז. 49; „וועט ער ניט לאָזן אלטער־לעבן... א האָר קרומען און נישט א נאָגל גע־שווירן", טייל וו, ז. 18.

דער דיִאלעקט־כאראקטער און דער שפראך־נוסעך פון אונדזער ראָבינזאָן איז אין אסאך פראָטים שטארק ענלעך צום דיִאלעקט און נוסעך פון עטינגערס שפראך (באזונדערס אין דער יאָאג פון „סערקעלע"). די לעקסיק און די פאָרמען פון זאצבוי זענען רײַך און אָפט גאָר אינטערעסאנט. זיי זענען אסאך אָפּגעהיטער „אײַנגעהאלטענער" און וויניקער „ווילד" ווי אין דער פרימיטיווער שפראך פון דער אגע"ווע (אזוי לעמאָשל געפינען מיר אין ראָ־בינזאָן אסאך וויניקער סלאוויזמען). עס פילט זיך אָבער אין דער שפראך פון דעם בוך, באזונדערס וואָס שײַעך דעם סינטאקסיס, א דײַטשלעכער הויך פונעם טראדיציִאָנעל־ליטע־ראַרישן עלטערן ייִדיש, וואָס גיט דעם פרישערן שפראך־שטראָם אן אייגנארטיק אײַנ־געהאלטענע און קולטורעלע באפארבונג. („ענטפעדער אף דעם אויפן, אָדער אף אנדערע אויפאנים", טייל וו, ז. 18; „די אונטערטוהנען", טייל וו, ז. 19; „צוגעצויגן דאָס שיפל צום באָרטן", טייל ו, ז. 27; „האָבן זיי מיט דעם ביטערן נויט־שוייס געארבעט", דאָרט; „דאָס

האָט אים אַזוי באַהאַרצט געמאַכט", טייל I, ז. 17; „צום בויען עפּעס אײַזן־וואַרג", טייל II, ז. 53 א. א. וו.) אַכוץ דעם הערט זיך דײַטלעך, באַזונדערס אין דעם סינטאַקסיס, אַן אָפּהילך פון דער אָריגינאַל־שפּראַך (פון דײַטש). גאָר אָפט ווײַזט אונדז דער סינטאַקסיס פּאָשעט די שווערינקײַטן, מיט וועלכע דער איבערזעצער האָט געהאַט צו קעמפן; און כאָטש ער היט זיך דערעך־קלאַל באַוווסטזיניק פאַר דײַטשמעריזמען, האָט זיך אים, באַזונדערס אין דעם סינטאַקסיס, ניט אײַנגעגעבן זיי אינגאַנצן אויסצומײַדן. אין דער לעקסיק אָבער האָט ער זיי באַגרענעצט אַף אַ מינימום. אין יענע פאַלן, ווו עס פעלט אים אויס אַ ייִדישער אַדעקוואַט, ברענגט ער קימאַט שטענדיק אַפן אָרט דעם ייִדישן טײַטש אין אַ באַשרײַבנדיקן אויפן.

*

אין דידאַקטישע ביכער, אין דער אגע"ווע און אַלטער־לעב, הערט זיך אַן אָפּקלאַנג און אַ ווירקונג פון דער היציקער דיסקוסיִע, וואָס איז געפירט געוואָרן אַרום דער ייִדישער משלי־איבערזעצונג פון מ. לעפין (1816). אין דער איבערטריבן אונטערגעשטראָכענער שפּראַך־פאָלקסטימלעכקײַט פון דער אגע"ווע דערקענען מיר כאַראַקטער־שטריכן פון לעפינס איבערזעץ־נוסעך; אין דער האַקדאָמע צום ראָבינזאָן כאַזערט זיך איבער די טעאָרעטישע רעכטפאַרטיקונג פון דער ייִדישער שפּראַך, ווי מיר געפינען זי בא לעפינס אָנהענגער. עטינגערן איז בעלי־סאָפעק די דידאַקטישע דיסקוסיִע גוט באַקאַנט געווען. עס איז אָבער פאַרשטענדלעך, אַז דער פּראַקטישער דערפאָלג פון דעררדאָזיקער דיסקוסיִע האָט אַף אים דײַטלעכער געווירקט איידער איר טעאָרעטישער אינהאַלט.

די סאָציִאַלע אָריִענטירונג, וואָס קומט צום אויסדרוק אין דידאָזיקע צוויי אינטערעסאַנטע ליטעראַטור־דאָקומענטן פון דער ייִדישער האַסקאָלע־ליטעראַטור אין גאַליציִע אָנהייב 19 יאָרה., באַוועגט זיך אַפן אופגעקלערטן, פילאַנטראָפּישן רײַכן סויכער, און נישט, ווי מע וואָלט געקאָנט מיינען, אַף יענעם סאָציִאַלן שיכט, צו וועלכן די לייענער פון דידאָזיקע ביכער האָבן געמוזט געהערן. אין אגע"ווע איז די פירנדיקע אידעאַל־פיגור דער רײַכער סויכער[1]; אויך אין „אַלטער־לעב" ווערט דער רײַכער סויכער, וואָס דערציילט די ראָבינזאָן־מײַסע אוועקגעשטעלט פאַר אַ דערציִונגס־אידעאַל. כאַראַקטעריסטיש איז אַן אָרט אין דעמדאָזיקן בוך, וואָס זאָגט אַרויס, אַגעוו אין אַ פאַרשטעלטער קריטיק אַף די גוטע־ייִדן, דעם סאָציִאַלן אידעאַל פונעם שרײַבער־איבערזעצער: „גאָט האָט אפילע דעם טאַלמיד־כאָכעם, דעם לאַמדן פאַרבאָטן זיך אויס דער טוירע אַ פּאַרנאָסע צו מאַכן, איז מיר נאָר קאָשע, פאַרוואָס מאַכט זיך דער פרומער אויס דער פרומקײַט אַ פּאַרנאָסע? איז דען נישט יעדער מענטש מעכוייעוו פרום צו זײַן, און הייסט דען דאָס גאָר פרום זײַן, אַ מענטש, וואָס קומט נישט אינערגיץ, וואָס הערט ניט און זעט נישט, וואָס אַף דער וועלט טוט זיך? לאָז ער האַנדלען אַ מאַסעמאַטן מיט נעמאָנעס (מײַן קורסיוו — מ. וו.), לאָז ער דעם אַנדערן שענקען, לײַען אָן פּראָצענט אָדער אַזוי העלפן, לאָז ער טויוועס טון, ווי איין פרומען מענטש אָנשטייט. ניין, דאָס ניט, און מאַכט זיך אויס דער פאַלשער פרומקײַט אַ פּאַרנאָסע און לעבט דערפון. איך אָבער ווייס ערשט אַצינד דעם זיסן טאַם פון עמעס־פרומקײַט און דערנער מיך פון מײַן האַנט־אַרבעט" (טייל II, ז. 13).

דער קוק אַף מעלאָכע איז — פּונקט אַזוי ווי אין דער אגע"ווע (זע אויבן, זײַט 147) און ביכלאַל אין דער עלטערער האַסקאָלע — אַ פילאַנטראָפּישער. מעלאָכע ווערט פּראָפּאַגירט צווישן די אָרעמערע שיכטן, ווי אַ הילף־מיטל קעגן דער אָרעמקײַט; וואָרעם נישט יעדערן דאָך גיט זיך אײַן אַ גליקלעכער מיסכער, דערצו דאַרף מען האָבן געזיכערטן קאַפּיטאַל און קענטעגישן! אָבער דער סאָציִאַלער אידעאַל בלײַבט פאָרט דער רײַכער אופגעקלערטער און פילאַנטראָפּישער סויכער. מיט אַנדערע ווערטער: וואָס שײַעך דעמדאָזיקן פּראַט קומט דאָ אין די ווערק צום אויסדרוק די פאַרינטערעסירטקײַט פון דער רײַכערער ייִדישער בורזשוּ־

[1] פּינקט ווי אין עטינגערס „סערקעלע" (דער פרעמדער), אַגעוו אויך אין אַקסענפעלדס פּיעסעס.

אזיע, אז די אומפראָדוקטיווע, קליינקרעמערישע פאכטער־מעקלערישע „אָרעמשאפט" זאָל זיך פארוואנדלען אין ארבעט־הענט. די כאריגטערעסירטקייט האָט אָפּגעשטאמט אי פון די־רעקטע סיבעס, אָבער נאָך אסאך מער פון אומדירעקטע און קאָמפּליצירטע געזעלשאפטלעכע פאקטאָרן; יעדנפאלס אָבער קאָנען די מאָטיוון פון דעמדאָזיקן אינטערעס נישט אידענטיפיצירט ווערן מיט די אינטערעסן פון די אָרעמערע שיכטן גופא, ווי ענלעך זיי זאָלן נישט זײַן. די אומבאוווסטזיניקע נויטווענדיקייטן פון דידאָזיקע מאסן ווערן אופגעכאפט און פאָרמולירט פונעם שטאנדפּונקט פון העכערן שיכט צוליב זײַנע אייגענע צוועקן. דער רײַכער איפּגעקלערטער סוחר איז דער סאָציאַלער אידעאל, אָבער פאר די נידעריקערע שיכטן ווערט געפּריידיקט און געלויבט דער ווערט פון ארבעט און מעלאָכע: „וואָס מער זיי האָבן געארבעט... מער זענען זיי געזונט געוואָרן. דאָס איז א באוויַז, אז זײַן ליבער נאָמען האָט אונדז נאָר באשאפן צום ארבעטן. ווײַל מיר זעען, וואָס דער מענטש רירט זיך און טוט עפּעס געשמאק, מער ווערט ער געזונט אין גוף און נעשאָמע און גליקלעכער אין גאנצן לעבן" (טייל וו, ז. 53). אָדער: „...איך שרײַ מיט אלע קויכעס: לערנט אײַערע קינדער פון יינגווייַז אויף מעלאָכעס און כאָכמעס, געוויינט אײַערע קינדער פון יינגווייַז אָן גוטע מידעס, שײַנע מײַלעס. געוואלט געשריגן! נעמט אײַך פון מיר די ראיע, מען קען נישט ווייסן, וואָס אף זיי קען קומען. ערשט אצינד פארשטיי איך און זאָג עס אײַך, אז דאָס גרויסע אָרימקײַט און עלנדקײַט, וואָס מען געפינט צווישן אונדזער אומע איז נאָר, ווײַל מיר זענען מעוואזע אלדינג, וואָס איז א כאָכמע אָדער מעלאָכע" (טייל ו, ז. 41. פארגלײַך דעם אנאַלאָגן אָרט אין אגע"ווע, אויבן, ז. 147). מעלאָכע—פאר די קינדער פון די אָרימערע שיכטן, און כאָכמע, בילדונג—פאר די רײַכע קינדער. וועגן דעם אלטן רײַכן סוחר, וואָס דערציילט די ראָבינזאָן־מײַסע און וואָס ווערט אין דער האקדאָמע אויסגעמאָלט ווי אן אידעאל־פיגור, ווערט דערציילט, אז ער האָט זײַנע קינדער געשיקט אין דער הויפּטשטאָט ארײַן (ד. ה. קיין לעמבערג) „זיי זאָלן דאָרט אין די דײַטשע לאטיינישע שולן שטודירן... יעדער אין זײַן שטייגער זענען אין די קענטניסע געוואקסן, די הערן פּראָפּעסאָרן און זייערע כאווײרים האָבן זיי זייער ליב געהאט און די גאנצע וועלט האָבן זיי פאר גוט און פרומקײַט געשעצט און געאכט" (טייל וו, ז. 76).

7.

סיוזשעטישע, מאָטיווישע אָדער סטיליסטישע אנטלײַונגען און פאראלעלן זענען פארן שאפן פון א רײַפן קינסטלער ניט קיין אנטשיידנדיקע מאָמענטן. זיי מערקן בלויז אָן דעם אויסגאנג־פּונקט אין דער ליטערארישער טראדיציִע, פון וועלכער עס בויען זיך דעם שרײַבערס טעכניק און זײַנע ליטערארישע מיטלען. וועגן דער סאָציאַלער און קינסטלערישער „סובסטאנץ" פון א ווערק, וועגן זײַן ווערט טוט אונדז די צוגעהעריקײַט פון זײַנע אויסנווייניקע פאָרמעס און רעקוויזיטן צו א באשטימטער ליטערארישער טראדיציִע גאָר ווייניק צו ווייסן. פעסטגעשטעלטע ליטערארישע האשפּאָעס, אנטלײַונגען און פאראלעלן גיבן אונדז בלויז אן אָנצוהערעניש — און אמאָל א פרוכטבאר אָנצוהערעניש — אף דער היסטאָריש־באגרינדעטער צוגעהעריקײַט פון א שרײַבער צו א באשטימטן קולטור־קרײַז, אָבער אויך אָט־אָ די צוגעהעריקײַט באקומט סאָפקאָלסאָף איר אויספורעמונג און געשטאלט דורך די געגעבענע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע אומשטאנדן.

אפן יעסאָד פון ליטערארישע האשפּאָעס און באזונדערס פון עטינגערס איבערזעצונגען קאָנציפּירט ווײַנרײַך (אין „בילדער פון דער ייד. ליטעראטור־געשיכטע", ז. 287 און ווײַטער) די פאָרשטעלונג וועגן עטינגערס שאפן ווי א מין „פענצטער קיין אייראָפּע". ענלעכס קען מען מער אָדער ווייניקער זאָגן פון אלע האסקאָלע־שרײַבער. אויב דידאָזיקע קאָנצעפּציִע זאָל אין דעם פאל באקומען עפּעס א דײַטלעכן זין — דארף די אייראָפּעיִשקײַט עטינגערס שארף אָפּגעגרענעצט ווערן אנטקעגן דער אייראָפּעיִשקײַט פון אנדערע האסקאָלע־שרײַבער. לעמאָשל, מיט דער אויסשליסלעכער טענדענץ עטינגערס צו דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער,

ריכטיקער — דײַטשער קולטור-טראַדיציע. דאָס װאָלט אויך פאַרן היסטאָרישן באַטײַט און אידעאָלאָגישן געזעלשאַפטלעכן אינהאַלט פון עטינגערס שאַפן געהאַט א באַשטימטן דער־קלער־װערט. איז אָבער װײַנרײַכס מעטאָדאָלאָגיע אין פראַט פון האַשפּאָעס ניט אויסגע־האַלטן, ניט קאָנסעקװענט. אויב װײַנרײַך שטעלט עטינגערן אַרײַן (מיט רעכט) אינעם „אײ־ראָפּעיִשן" (ד. ה. דײַטשן) קולטור־קרײַז — צו װאָס און װי אַזוי שטעלט ער אװעק א היפּאָטעזע (טאַקע דאָרט) װעגן דירעקטע ליטעראַרישע באַציִונגען צו פאָנװיזינס קאָמעדיִע „Недоросль" און צעשטערט אַזוי אַרום זײַן אײגענע קאָנצעפּציִע? אינעם פראַט פון קולטור־טראַדיציִעס איז דאָך גראָד דאָס כאַראַקטעריסטיש פאַר עטינגערן, אַז ער געהער נאָך צו יענעם דאָר שרײַבער, װאָס האָט זיך צוליב היסטאָריש־עקאָנאָמישע סיבעס נאָך נישט אָנגעהױבן צו באַהעפטן צו דער רוסישער קולטור־טראַדיציִע און װאָס באַזירט זיך נאָך אינגאַנצן אױף דער דײַטשער קולטור. װען עס האָבן זיך אָנגעהױבן צו באַװײַזן אין דער ייִדישער ליטעראַטור די האַשפּאָעס פון דער רוסישער ליטעראַטור זענען שױן אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, פון און פאַר װעלכער דידאַקטיש ליטעראַטור איז געשריבן געװאָרן, צוגלײַך אויסגעװאַקסן גאָר אַנדערש דיפערענצירטע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפט־לעכע פּראָבלעמעס. דער צוזאַמענהאַנג צװישן די קולטור־האַשפּאָעס, װאָס א ליטעראַטור נעמט אױף און אירע געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פּראָבלעמעס איז קײנמאָל ניט קײן צופעליקער. עטינגער געהער צו יענע ייִדישע שרײַבער פון ערשטער העלפט 19 י"ה., װאָס זענען צוליב געװיסע סיבעס נאָך אינגאַנצן און אויסשליסלעך פאַרבונדן מיט די מײַרעװ־אײראָפּעיִשע קולטור־טראַדיציִעס. אין דעם פראַט איז ער נישט אין „ערשטער", נאָר פאַר א גאַנצן פעריאָד אײנער פון די לעצטע. אין א געװיסער מאָס קען מען זאָגן, אַז ערשט פערעץ, אויך א פּױלישער און פון זאַמאָשטש, נעמט װידער אױף אין א ברײטער מאָס אײראָפּעיִשע (דײַט־שע) ליטעראַטור־האַשפּאָעס, און גראָד פון דעם פּונקט, װו עטינגער איז שטײן געבליבן, פון הײנען אָן און װײַטער[1]). ניט װײניקער אַנטשײדנדיק פאַר דער פראַגע פון ליטעראַ־רישער אָפּהענגיקײַט איז אויך דער פאַקט, אַז די סאָציִאַלע כּראָבלעמאַטיק און טענדענץ פון עטינגערס שאַפן זענען ביז גאָר און לאַכלוטן אַנדערע װי בא פאָנװיזינען. די פּראָבלעמ־אַטיק פאָנװיזינס באַװעגט זיך דעריקער אינעם קרײַז פון: מעלוכע — פּריצים — לײַבײגנטום. ער װאַקלט זיך צװישן פּריצישן און בירגערלעכן שטאַנדפּונקט און קומט צו פּשאָרעדיקע אויספירן. עטינגערן איז דערדאָזיקער פּראָבלעמעס־קרײַז װילד־פרעמד. זײַנע טענדענצן שטאַמען פון גאָר אַן אַנדערן קלאַסן־פּאָן. מיט זײַן קינסטלערישן שאַפן איז ער אױסן צו פּאַרפעסטיקן און צו אָרגאַניזירן דעם בירגערלעכן שטײגער. קײן שאַרף־אַקטועלע געזעל־שאַפטלעכע פּראָבלעמאַטיק, װי בא פאָנװיזינען, װעלן מיר אין זײַן „סערקעלע" ניט געפי־נען. ער טרעט בלױז אַרױס קעגן דעם פּסעװדאָ־בורזשואַ, דעם פּאַרװעניו[2]) (סערקעלע, איר

1) עטינגער איז באַקאַנט געװען מיט הײנעס װערק, געװיס ניט װײניקער װי מיט לעסינגס, איז טאַקע אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, אַז פון לעסינגן, געלערטן און שילערן האָט עטינגער געקאָנט איבערנעמען אַנטלײַונגען, כאָטש זײער שאַפן האָט געהערט צו אַ סאַך א פריִעריקן דאָר, אָבער פון הײנעשע האַשפּאָעס געפינען מיר נישט קײן שפּור אין עטינגערס װערק, כאָטש ער איז געװען זײַן צײַט-כאַװער און אַן אױטאָר, װעלכן ער האָט זײער ליב געהאַט. אין געלערטס „אומשולדיקע גראַמען האָט זיך געהערט אַן אָפּהילך פון ערשטן סאָציִאַלן געװיטער, פון בירגערלעכן זעלבסטבאַװוסטזײַן" (פר. מערינג. די לעסינג-לעגענדע). ער איז געװען דער ערשטער, װאָס האָט אַרײַנגעפירט אין דײַטשן טעאַטער דעם בירגערלעכן שטײגער; „זײַן מעשאָלים-בוך האָט צום ערשטן מאָל געזאַמלט די בירגערלעכע קלאַסן אַרום א ליטעראַרישער פאָן". לעסינג װידער איז דער קלאַסישער און קראַפטפולער פאָרקעמפער פון בירגערטום. צוליב די אײגענע סיבעס האָט עטינגער געקאָנט נעמען האַשפּאָעס פון שילערן. אין הײנעס װערק אָבער װײַזן זיך שױן דײַטלעך די סטירעס און די װאַקלענישן פון בירגערטום, בליצט שױן דורך אַן אָנזאָג פון נײַע קאַמפן פון א נײַעם קלאַס — פון פּראָלעטאַריאַט. עטינגער האָט זיך געקאָנט קױקן מיט הײנעס „װערטלעך", דער אינעװײניקסטער מעהוס פון הײנעס איראָניע האָט אים, דעם פאָרשטײער פון אַן אָנהױבנדיקער בירגערלעכער באַװעגונג, געמוזט בלײַבן פרעמד.

[2]) א מאָטיװישער אָפּקלאַנג און װאַריִאַציִע פון מאָליערס „בירגער אַלס אַדליגער", װאָס װאָלט געקאָנט װערן: „דער שװינדלערישער קאַפּצן אַלס גרױסבירגער".

טאָכטער, גאווריִעל הענדלער), קעגן סאָציִאַל אומגערעכטע פּרעטענזיִעס, וואָס באזירן זיך אף א סאָציִאַל ניט־גילטיקער פּרומקײַט (קעגן צוואקישקײַט — טארטיף־מאָטיוו!) און קעגן א באשטימטן טיפּ קליינבירגער (שמעלקע טרויניק, יויכענען שאדכן א. אז. וו.). ער אידעאַליזירט דעם רײַכן אויפגעקלערטן פילאנטראָפּישן סויכער און זײַן צוקונפטיקן „געהילף“, דעם אינטעליגענט, דעם סטודענט. ווי מיר זעען, איז ניט פאראן קיין נאָענטע באריר־פּונקטן אין דער סאָציִאַלער טענדענץ פון די ביידע שרײַבער.

אכוץ דעם געהער פאָנוויזין נאָך צו דער מאָליערישער שול, זײַן „Недоросль“ איז נאָך ניט קיין „בירגערלעכע קאָמעדיִע“; עטינגערס „סערקעלע“ (ער כאראקטעריזירט זי ווי א „פאַמיליען־געמעלדע“) ווײַזט אָבער גאָר דײַטלעכע סימאָנים פון דעם זשאנר.

*

אין פאָנוויזינס קאָמעדיִע זענען טאקע פאראן אסאך סיוזשעטישע מאָמענטן און פאַרשיידענע שטריכן, וועלכע מיר געפינען אויך אין „סערקעלע“. אָבער אפילע ווײַנרײַך גופע באציט זיך זייער פאָרזיכטיק צו זײַן היפּאָטעזע. די מאסקילים פון יענער צײַט האָבן גענומען האשפּאָעס פון דער דײַטשער, פראנצויזישער און אפילע פוילישער ליטעראטור; פון דער רוסישער נישט. עטינגער האָט ווי עס זעט אויס אָדער ביכלאל נישט אָדער זייער קנאפּ געקאָנט די רוסישע שפּראך. עמעס, ער האָט געקענט זעען די פּיעסע פאָנוויזינס אין אן אָדעסער טעאטער, אָבער עס איז שווער צו גלויבן, אז לעבנדיק אין לעמבערג, דעמאָלט א שטאָט מיט א היפשער טעאטער־קולטור אין דײַטשער און פוילישער שפּראך, האָט זיך אים דאפּקע פארגעדענקט פאָנוויזינס פּיעסע און ד'אפקע זי האָט באווירקט זײַן שרײַבן. ער האָט דאָך געהאט אסאך באקוועמערע און צוטריטלעכערע (דײַטשע) ליטעראטור־קוואלן פאר טעמע און סיוזשעט פון „סערקעלע“. מיר מוזן גאָרניט גיין ביז צו פאָנוויזינען, קעדיי צו געפינען ליטערארישע פּראָטאָטיפּן פאר עטינגערס פּיעסע. יענע ליטערארישע קוואלן, וואָס זענען געווען פּראָטאָטיפּיש פאר פאָנוויזינען, זענען אויך פאר עטינגערן געווען צוטריטלעך. פאָנוויזין, וועלכער האָט גוט געקענט די פראנצויזישע און דײַטשע ליטעראטור (ער איז דאָך אפילע געווען אין דײַטשלאנד), האָט געבויט זײַן ווערק לויט אן ענלעכער טעמאטישער סכעמע ווי, לעמאָשל, לעסינג זײַן קאָמעדיִע „דער אויצער“ (Der Schatz). לויט דערזעלבער סכעמע האָט אסאך שפּעטער קאָצעבו געשריבן א פּיעסע [1]), צו וועלכער עטינגערס „סערקעלע“ איז ניט ווייניקער ענלעך איידער צו פאָנוויזינס קאָמעדיִע. אין קאָצעבוס קאָמעדיִע זענען אפילע פאראן אזעלכע מאָמענטן, וועלכע מיר געפינען אין „סערקעלע“ יאָ און אין „Недоросль“ לאכלוטן נישט. לעמאָשל, די פיגור און ראָל פון באל־אכסאניע (אין „סערקעלע“—שמעלקע טרויניק). אנדערע מאָמענטן פון „סערקעלע“, לעמאָשל די פיגור און ראָל פון שאדכן און פון מעשאָרעס זענען פאראן אין לעסינגס קאָמעדיִע (אויך אין „לײַכטזין“ און אגע״הע) און פעלן בא פאָנוויזינען. אין „Недоросль“ איז די לייזנדיקע פיגור „פון דער פרעמד“, סטאראָדום, שוין פאראן אף דער סצענע קורץ נאָכן אָנהייב פון דער פּיעסע, דער לייענער אָדער צוקוקער ווייסט פון איר שוין דעמאָלט, כאָטש זי בלײַבט נאָך לאנג פארבאָרגן פאר די איבעריקע פיגורן אין דער קאָמעדיע. אין קאָצעבוס פּיעסע קומט די לייזנדיקע פיגור ערשט צום סאָף און בינדט ערשט דעמאָלט אוף די אינטריגע, פּונקט ווי אין „סערקעלע“.

מיר וועלן דאָ פּרוּוון קורץ צו סקיצירן און צו פארסאכאקלען די דײַטלעכסטע ליטערארישע אנטלײַונגען, וואָס לאָזן זיך דערקענען אין עטינגערס סערקעלע.

---

1) צום באדויערן האָב איך אונטער דער האנט בלויז א רוסישע איבערזעצונג פון דערדאָזיקער פּיעסע קאָצעבוס: „Родственники“ אין „Театр А. фон Коцебу“, מאָסקווע 1803. איך רעכן, אז דאָס איז די פּיעסע, וואָס הייסט אינעם אָריגינאל „Armut und Edelsinn“, געשריבן 1795.

קוידעמקאָל דאַרף מען נעמען אין אכט די ווירקונג פון וואָלפּזאָנס „לײַכטזין אונד פרעממעלייא“ [1]. וויכטיקער נאָך איז די אומיטלבאַרע ווירקונג פון דער אגע״ווע, אין וועלכער עטינגער האָט געפונען דעם ליטעראַרישן פּראָטאָטיפּ פאַר זײַן „סערקעלע“־פיגור (די פײַנע בעריעטע). לויט פּערעצעס איידעס־זאָגן ווייסן מיר, אַז עטינגער האָט אכוצדעם אויסגע־נוצט פאַר דערדאָזיקער פיגור א פּראָטאַטיפּ א גענומענעם פון לעבן (די „קאַלטע מומע“ פּערעצעס). פאַר א קינסטלער פון עטינגערס ראַנג איז דאָס זעלבסטפאַרשטענדלעך. די בלאַסע סכעמעס פון די פריִערדיקע ייִדישע פּיעסעס האָט עטינגער אָנגעפילט מיט לעבן און מיט קונסט.

וואָס שײַעך אנטלײַונגען פון פרעמדשפּראַכיקע ליטעראַטורן דאַרף מען ערשטנס רעכענען, אַז עטינגער איז געווען באַקאַנט מיט מאָליערס טאַרטיף־קאָמעדיִע (זאָל זײַן אין א דײַטשער איבערזעצונג), וואָס איז דעמאָלט געווען זייער פּאָפּולער אין די אופקלער־קרײַזן. די פיגור סער־קעלע איז אין א געוויסער מאָס א קאָמבינירטער סינטעז פון: דער אלטער „מאַדאַם פּערנעל“, „מאַדאַם עלמירא“ (אָרגאָנס מוטער און זײַן פרוי, אין מאָליערס טאַרטיף), —דער „פײַנער בעריעטע“ פון אגע״ווע און דעם פּראָטאָטיפּ, וואָס איז גענומען געוואָרן פון ווירקלעכן לעבן („די קאַלטע מומע“).

די פּאָפּולערע טעמע וועגן דער קלוימערשטער יעסוימע, וואָס לעבט בא א פעטער און מומע, און וועגן דעם פאָטער, וואָס איז אוועק אין ווײַטע לענדער צוליב זײַנע געשעפטן, און צוריקומענדיק, לייזט ער אלע פאַרוויקלונגען און אָנגעזאַמלטע אינטריגעס, קומט שוין פאָר אין לעסינגס א יוגנט־ווערק, אין דער קאָמעדיִע (1750) „Der Schatz“. אין קורצן איז דער אינהאַלט פון דערדאָזיקער פּיעסע אַזאַ [2]: א פאָטער לאָזט זיך אוועק אַף אַסאַך יאָרן אין ווײַטע לענדער, פאַרטרויט זון, טאָכטער און פאַרמעגן זײַן פרײַנט, פון וועלכן די גאַנצע שטאָט האַלט דער־נאָך, אַז ער האָט בא די קינדער, די יעסוימים צוגענומען זייער פאַרמעגן. דער זון איז א ניט געראָטענער הוליאַקע, די טאָכטער, די יעסוימע, האַלט די גאַנצע שטאָט פאַר אן אָרעמע. צוליב דעם קאָמפּליצירט זיך איר ליבעס־געשיכטע. אין וויכטיקסטן מאָמענט פון דער אינטריגע קומט פּלוצים, נאָך נײַן יאָר, דער פאָטער אהיים, צערעדט זיך אומדערקענטערהייט מיט א פרעמדן וועגן זײַנע קינדער און זײַן פרײַנט און צעבינדט לעסאָף די אָנגעזאַמלטע פאַר־וויקלונגען. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז די קינדער זענען רײַך, אלעס ענדיקט זיך צום גוטן. די יעסוימים האָבן כאַסענע מיט די וואָס זיי האָבן ליב, און די וואָס האָבן שלעכט גע־האַנדלט אקעגן די קינדער איז מען מויכל זייערע זינד.— אין דערדאָזיקער פּיעסע געפינען מיר שוין א ריי וויכטיקסטע שטריכן פונעם „סערקעלע“־סיוזשעט און אויך א ריי פיגורן פון דער „סערקעלע“־פּיעסע. (דער מאָטיוו פונעם פאַרשטעלטן פרעמדן כאַזערט זיך אויך איבער אין עטינגערס פראַגמענט „דער פעטער פון אמעריקע“). עטינגער, ווי אלע מאַסקילים, האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם מעכאַבער פון „נאָסן דער כאָכעם“, ער האָט דאָך אויך איבער־געזעצט עטלעכע זײַנע מעשאָלים און עפּיגראַמעס. עס איז זייער מעגלעך און קאָרעוו־לע־עמעס, אַז עטינגער איז געווען באַקאַנט מיט די קלאַסיציסטישע שוואַכע פּיעסעס פון לעסינגס ייִנגערן פּעריִאָד, צו וועלכע עס געהערן: Der Freigeist, Die Juden, Der Misogyn, Der Junge Gelehrte און אויך די פּיעסע וועגן וועלכער מיר רעדן: Der Schatz. פאַראַן שטריכן אין „סערקעלע“, וואָס קענען זײַן אן אָנצוהערעניש אַף ווירקונגען פון יענע פּיעסעס לעסינגס. לעמאָשל, די ראָל און דער כאַראַקטער פון די מעשאָרסים (כאַווע, כאַיִם, יעראַכמיל) זענען אין „סערקעלע“ ווי בא לעסינגן דיפערענצירט לויט דעם כאַראַקטער פון די באַלעבאַטים און פון די פאַרשוינען, מיט וועלכע זיי האַלטן. אין די הויפּט-אינטריגעס נעמען בא לעסינגן

[1] אגעוו ווערט שוין אין וואָלפזאָנס פּיעסע אָפּגעכוויזעקט פון די פּאַרוועניו-שטריכן אין דער ייִדישער ביר-גערלעכער סוויווע. דאָס איז דאָרט אפילע איינער פון די הויפּט-מאָטיוון.

[2] פונעם אינהאַלט גיב איך בלויז איבער יענע טעמאַטישע שטריכן, וואָס האָבן אן אינטערעס צום איניען ויעגן וועלכן מיר ריידן, און לאָז דורך אלע אנדערע מאָמענטן, וואָס האָבן ניט קיין שײַכעס צו אונדזער פראַגע. דאָס אייגענע באַם איבערדערציילן קאָצעבוס פּיעסע.

די מעשאָרסים א וויכטיקן אָנטייל און אכוץ דער הויפּט־ליניע אין דער סיוזשעט־אנטוויקלונג צווישן די הויפּט־פיגורן פירט זיך אויך געוויינלעך א נעבנליניע און אינטריגע צווישן די מעשאָרסים, וואָס ווערט געלייזט צום גוטן און ענדיקט זיך אויך מיט א כאסענע. די דרייסט־שטיפערישע מעשאָרסים פון מאָליער און באַמארשע דיפערענצירן זיך בא לעסינגן אין: איידל־סענטימענטאלע און אין כיטרע־האַמעטנע פארשוינען. עס ווענדט זיך, ווער זייער באלעבאָס איז. פאר דער קלוגער איידל-סענטימענטאלער כאווע האָט זיך געקענט געפינען א ליטעראַרישער פּראָטאָטיפּ אין דעם דינסטמיידל ליזעט, וואָס קומט פאָר אין עטלעכע קאָמעדיעס לעסינגס. דער נאָטאר און שאדכן סאָלביסט אין לעסינגס "Misogyn„, וואָס רעדט אזוי אייגנארטיק־נאריש און פאסט זיך שטענדיק צו צו דעם, מיט וועמען ער רעדט, האָט פון עטינגערן געקענט פארוואנדלט ווערן אין א יויכענען־שאדכן [1].

א כאראקטעריסטישער שטריך פון סערקעלען איז, וואָס זי, דער פארוועניו, בארימט זיך אָפט מיט איר פאלשן ייכעס. דערדאָזיקער שטריך קען אורשפּרינגלעך אָפּשטאמען פון מאָליערס „בירגער אלס אדליגער״ (פון די פראנצויזישע מאָליער־נאָכמאכערס איז דער מאָטיוו פון „Bourgeois-Gentilhomme״ שוין לאנג אויסגענוצט געוואָרן פאר פרויען־פיגורן). עטינגער האָט אָבער דעמדאָזיקן שטריך געקענט נעמען פון „לייַכטזין״ אָדער פון דער אגע״וע, ווו ער איז אויך דייַטלעך פאראן. פאר אלטעלעס קוידעריש־געבילדעטער שפראך האָט עטינגער געקענט נעמען א מוסטער פון שילערס „אינטריגע און ליבע״, ווו די נעגאטיווע פיגור פונעם שטאָט־מוזיקאנטס פרוי רעדט געניי אין אזא מעשונעדיקן קוידעריש. אגעוו, דערמאָנט די טעמע פון עטינגערס פראגמענט „דער פעטער פון אמעריקע״ זייער שטארק אין שילערס קאָמעדיע "Der Neffe als Onkel„.

עס איז אָבער אויך מעגלעך, אז עטינגער האָט לעסינגס פיעסע "Der Schatz„ ניט געקענט, נאָר בלויז די פיעסע, וואָס קאָצעבו [2] האָט נאָכגעמאכט לויט לעסינגן (קאָצעבו פלעג שטענדיק גאנווענען און אויבערפלעכלעך נאָכמאכן טעמעס פון לעסינג, געטע, שילער א. א.). די טעמע פון דערדאָזיקער פיעסע קאָצעבוס איז: א יעסוימע לעבט באם פעטער, איר פאָטער איז אוועק אין ווייַטע לענדער, די מומע — א מין פראָסטאקאָווא, מאטערט זי, איר פעטער איז א שוואכער כאראקטער. די יעסוימע איז פארליבט אין דעם פעטערס און דער מומעס זון, איר געשוועסטערקינד, וועלכן מע וויל צווינגען כאסענע האָבן מיט אן אנדער מיידל, א מיעסער אָבער א רייַכער. נאָך אן אינטריגע צווישן די קרויווים קומט דער יעסוימעס פאָטער צוריק א רייַכער, פרווט אויס אינקאָגניטאָ און האלב־אינקאָגניטאָ זייַנע אייגענע, און בינדט אוף אלע פארוויקלונגען. אינעם פארלויף פון דער אקציע דרינגט ארויס דער מוסער־האסקל: אז דער אָרעמערער טייל פון דערדאָזיקער מישפּאָכע איז זייער „איידל״, דער רייַכערער טייל, דער פארוועניוהאפטיקער, איז פאלש און ניט אופריכטיק. קאָצעבוס פיעסע (1795) האָט עטינגער געקאָנט לייענען און זען געשפילט אין דייַטשער שפראך אי אין אָדעס, אי אין לעמבערג [3]. אויך אין אגע״ווע זענען פאראן שטריכן, וואָס ווייַזן עפשער אף באקאנטשאפט

---

[1] דעם שאדכן-מאָטיוו האָט עטינגער געקענט ארויסשיילן פון די סצענעס אין „לייַכטזין״ און אגע״ווע, ווו דער מעלאמעד טרעט אוף ווי א שאדכן פאר זיך גופא און פאר אנדערע, און באווייַזן דעם מאָטיוו אין א זעלבשטענדיקער שטייגער-פיגור. — עס איז יעדנפאלס קעדייַ אָנצוווייַזן אף די ערשטע פּראָטאָטיפּן אין יענער ליטעראטור, פון וועלכער דידאָזיקע שרייַבער האָבן זיך געשפּייַזט. פאר דער פיגור פון א כיטרע-גיריקן און צו רייַכע געסט אונטערטעניקן באל-אכסאניע (אין „סערקעלע״: שמעלקע טרויגיקס) קען מען אויך געפינען פראָטאָטיפּן אין לעסינגס פיעסע, לעמאָשל אין „מינא פאָן בארנהעלם״.

[2] ווי באוווּסט האָט קאָצעבו אויך אף דער רוסישער דראמאטורגיע געהאט א באטײַטנדיקע השפּאָע. צו זייַנע איבערזעצערס געהער אפילע ,זשוקאָווסקי.

[3] כ׳ ב. עריק — איך דאנק איב פאר עטלעכע ווערטפולע אָנווייַזונגען — מאכט מיך אופמערקזאם אף אן אנדערער פיעסע קאָצעבוס "Wirwarr„, ווו טעמע און פיגורן זענען קימאט אידענטיש מיט טעמע און פיגורן פון „סערקעלע״ און פון דער אגע״ווע. דידאָזיקע פיעסע איז אָבער א פארס און אנטוויקלט זיך אין דער צווייטער העלפט לאכלויז אנדערש ווי אונדזערע פיעסעס; ניט רעאליסטיש נאָר בופאָניש, מיט אָן א שיר שפאסן און קאָמעדיאנטישע שטיק.

מיט קאַצעבוס פּיעסע, אַזוי לעמאָשל איז אין דערדאָזיקער פּיעסע פאַראַן די פיגור פון באַל־אכסאַניִע, גענוי אין דערזעלבער ראָל ווי שמעלקע טרויניק אין „סערקעלע״. בא פּאַנוויזינען פעלט זי אינגאַנצן.

מיר זעען, אַז ס׳איז דורכויס ניט נייטיק אָנצוקומען צו דער האַשאָרע וועגן אַ האַשפּאָע פון פּאַנוויזינען, וואָס לייגט זיך אַזוי וויי־ניק אַפן סייכל. אַסאַך באַקוועמער און וואַרשײַנלעכער זענען די האַשפּאָעס פון דער דײַטשער און דײַטש־איבערגעזעצטער ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן אָנגעמערקט: פון מאָליער, לעסינג, שילער און קאָצעבו. דער סאָציִאַלער זינען פון לעסינגס און קאָצעבוס פּיעסעס איז קימאַט דורכויס דערזעלבער ווי אין עטינגערס פּיעסע. דער אי־עאַל איז איןביידע: דער רײַכער קלוגער גוטער אופגעקלערטער סויכער, וואָס האָט געמאַכט זײַן פאַרמעגן דורך האַנדל אין ווײַטע לענדער. אין קאָצעבוס פּיעסע געפינען מיר דיזעלבע טענדענץ קעגן דעם פּאַרוועניו, קעגן דער צוואַקישקײַט און פאַלש־קײַט פונעם פּאַרוועניו, פונקט ווי אין „סערקעלע״, נאָר קליינבירגערלעכער לויטן כאַראַק־טער. — די וויכטיקסטע האַשפּאָע אין יידיש האָט עטינגער געצויגן פון דער אַנאָנימער „גענאַרטער וועלט״, דעם באַדײַטנדיקן רינגעלע אין דער ליטעראַטור-היסטאָרישער קייט, וואָס ציט זיך פון אייכל און וואָלפזאָן איבער עטינגערן, אַקסענפעלדן („גענאַרטע וועלט״, „מאַן און ווײַב״) און גאָטלאָבערן („דעקטוך״) ביז צו גאָלדפאַדענען („מומע סאָסיע״), שאָלעם־אַלייכעמען און ווײַטער. —

אין עטינגערס פּיעסע זענען נאָך פאַראַן באַשטימטע מאָמענטן פון דער מאָליערישער כאַ־ראַקטער־ און סיטואַציִע־קאָמעדיִע, כאָטש זי איז אַ „בירגערלעכ״ שוישפּיל פון יענער צײַט, לויטן נוסעך, וואָס לעסינג האָט אײַנגעפירט אין דײַטשלאַנד. זי איז סענטימענטאַל און זשאַנר־מאָליעריש. אַכוץ דעם אָבער געפינען מיר אין דער פּיעסע אַ ביז גאָר וויכטיק נײַעס, וואָס הייבט די סכעמאַטישע פיגורן אַרויס ביז צו עמעסער אָריגינאַלקייט: איך מיין דעם מאָמענט פון עכטן שאַרפן רעאַליסטישן שטייגער אינעם אויפן רעדן. דאָסדאָזיקע נײַעס באַווײַזט, ניט ווייניקער ווי די שטאַרק־קינסטלערישע דורכאַרבעטונג פון אופבוי, די מאַדרייגע פון עטינגערס קינסטלערישן מעהוס. דאָס אופנעמען רעאַליסטישן שטייגער איז דאָך אין יע־נער צײַט, און באַזונדערס פאַר די נײַ־אופקומענדיקע ליטעראַטורן, געווען די איינציקע מעגלעכקײַט זיך צו באַפרײַען פון דער קלאַסיציסטישער סכעמאַטישקײַט.

„סערקעלע״ איז נאָך הײַנט לייענבאַרער איידער לעסינגס יוגנט־קאָמעדיע „דער אויצער״. קינסטלעריש שטייט זי אַוואַדע ניט נידעריקער פון פּאַנוויזינס „Недорослъ״, און אַסאַך העכער פון קאָצעבוס פּוסטער נאָכמאַכערײַ. נישט געקוקט אַף אַלע זעלבסטפאַרשטענדלעכע ליטעראַרישע אַנטלײַונגען און האַשפּאָעס, איז „סערקעלע״ — היסטאָריש גענומען — אַ באַ־דײַטנדיק קינסטלעריש ווערק, אין וועלכן עס ווערן צום ערשטן מאָל פיקסירט אין דער יידישער ליטעראַטור אַ ריי ספּעציפיש־עטנאָגראַפישע „נאַציִאָנאַלע״ פיגורן, וואָס האָבן זיך דאַן אין דער ליטעראַטור, און זעלטן ווען בוילעטער און קינסטלעריש שאַרפער, אַסאַך מאָל איבערגעכאַזערט.

8.

די „הויסאָפּעס״, וואָס ווערן פון ווײַנרײַכן צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט, זענען ביכלאַל אַ זייער וועדטפולער צוגאָב צו דער אויסגאַבע. מיר געפינען אין זיי (בד. II, 517 און ווײַטער) פאַרשידענע אויסגעצייכנטע גאַנצע לידער, מעשאָלים, מײַסעלעך און אויך פראַגמענטן. זיי געהערן אָבער צו פאַרשידענע אָפּטיילונגען. אין אַ נײַער אויסגאַבע וואָלט קעדײַ געווען זיי פאַרטיילן איבערן גאַנצן בוך, יעדע זאַך צו דער פּאַסיקער אָפּטיילונג: אַ היפּשן טייל צו די לירישע און עפּישע לידער (זיי וועלן דאָרט נישט געהערן צו די שלעכטסטע!); אַן אַנדערן טייל („דער וואָלף לערנט לעשוינעס״, „דאָס שטערנטיכל״, „דער ראָשהאַקאָהאָל״ און עפּשער אויך „די לאַמפּערטעס״ ז. 545) — צו די מעשאָלים; „ר׳ שמערל״ — צו די עפּיגראַמעס א. א. וו.

וועגן דעם פּראָזאישן פראגמענט, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין י. 1833 (וו, 547), דארף געזאָגט ווערן, אז ס'איז מיסטאם א האקדאָמע צו א מין יידישער און אלגעמיינער מיטאָלאָגיע, וואָס דארף האָבן דעם צוועק צו בילדן די מאסן, אנטשפּרעכנדיק עטינגערס טייַנע אין בריוו נומ. 3 (וו, 567), אז די „נאציאָן" האָט נאָך נישט קיין „מיטהאָלאָגיע[1]), וועלט־און נאטורגעשיכטע". די ווייַטערדיקע פראגמענטן פון ז. 548—553 ווערן דורך ווייַנרייַכן בלויז צום טייל אידענטיפיצירט ווי איבערזעצונגען, אף די איבעריקע שטעלט ווייַנרייַך דאָס קעפל „פראגמענט" מסתם.

דערצו איז צו זאָגן: דער פראגמענט נאָך דעם איבערזעץ פון „מה טובו", וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „איך רוף צו דיר" (וו, 551) איז די איבערזעצונג פון א טפילע, וואָס הייבט זיך אָן אינעם אָריגינאל מיט די ווערטער „אני קראתיך כי תענני". דאָס איז נישט קיין באשטימט קאפּיטל פון טילים, נאָר א „מאָזאיק", צונויפגעשטעלט פון פארשידענע פסוקים פון טילים. די טפילע געפינט זיך געוויינלעך אין באשטימטע סידורים באלד אין די ערשטע בלעטלעך (לעמאָשל אין „סדר תפלת ישראל" פון יעקב ליסא, פראנקפורט באם מייַן תר"א). טייקעף נאָך אָט־אָ דער טפילע גייט געוויינלעך אין די דערמאנטע סידורים אן אנדערע ענלעכע, אויך צונויפגעשטעלטע פון פארשידענע פסוקים, וואָס הייבט זיך אָן אין אָריגינאל: שיר המעלות לדוד שמחתי באומרים בית אדני נלך. שש אנכי על אמרתך כמוצא שלל רב. הקשיבה א. א. וו. באלד נאָך דער אויבנדערמאנטער גייט טאקע אויך בא עטינגערן די איבערזעצונג פון דערדאָזיקער טפילע, דער פראגמענט: „א געזאנג, וואָס עס גייט אלע מאָל העכער" (וו, 552). אָט־אָ די טפילע איז פארענדיקט מיטן ערשטן אָפּזאץ פונעם פראגמענט ז, 552, מיט די ווערטער: „... אין דער פארזאמלונג" (רגלי עמדה במישור במקהלים אברך אדני"). מיטן צווייטן אָפּזאץ אינעם פראגמענט הייבט זיך אָן א „רשות" פון שלוימע בען געוויראָל: שחר אבקשך — „אינדערפרי זאָל איך צו דיר בעטן א. א. וו." דער פראגמ. וואָס קומט דערנאָך (וו, 553) איז אויך די איבערזעצונג פון א „רשות" מיטן ריטם פונעם אָריגינאל.

און איצט קאָנען מיר שוין גרינג דערקלערן דעם באטייַט פון אָט־אָ די אלע פראגמענטן. אין די דערמאָנטע סידורים גייען טאקע די טפילעס אין אזא סיידער: מה טבו, אני קראתיך, שיר המעלות, פונקט אזוי ווי מיר זעען דאָס אינעם סיידער פון די „פראגמענטן" (ז. 551—552) בא עטינגערן. דערנאָך גייט אין די סידורים „יגדל", וואָס איז אויך איבערגעזעצט פון עטינגערן (ז. 550), פארשידענע „רשיות", דאָס טילים־קאפּ. ס"ז, און פאר אלעם די לאנגע העברעיִשע טכינע „גאָט אונדזער האר" (וו 548).

פון דאנען ווערט אינגאנצן קלאָר, אז עטינגער האָט געפּרוווט קעסיידער איבערזעצן א גאנצן סידער לויטן טיפּ פון די עלטערע דייַטשע סידורים. ס'איז דאָך א כאראקטעריסטישער דיאַלעקטישער שטריך פון א באשטימטן פּעריאָד אין דער האסקאָלע, אז צוגלייַך מיט אופגעקלערטקייַט וויל זי דעם „פאָלק" ברענגען אף א „פּאָלקסטימלעכן" אויפן רעפאָרמירטע רעליגיִע, א ליניִע, וואָס ציט זיך פון מענדעלסאָן, אייכל, פרידלענדער, לעפין, (ביבל און געבעט־ביכער) ביז צו דיק, לינעצקי (סידער) און דעם יונגן מענדעלע (פּרק שירה).

---

1) לויט דער עלטערער טראדיציאָנעלער פון דער קלאסיק באוווּרקטער פּאָעטיק געהערן די בילדער און פיגורן פון דער מיטאָלאָגיִע צו די אומבאדינגט נויטווענדיקע באשטאנד-טיילן פון יעדער פּאָעזיע, אָן וועלכער זי קאָן נישט אויסקומען פּונקט אזוי ווי אָן אלגעמיינע מעטאפאָרן. ס'איז באקאנט, אז קלאָפּשטאָק, לעמאָשל, פּרוּווט אייַנפירן אין דער דייַטשער דיכטונג פיגורן פון דער סקאנדינאווישער מיטאָלאָגיע אָנשטאָט דער אנטיק-גריכישער. עטינגער האָט עפּשער געהאט דעמזעלבן נאַיוון מיין בענעגייע דער יידישער פּאָעזיִע: פעסטצושטעלן א קאנאָן פון דער יידישער מיטאָלאָגיִע קעדיי זי ארייַנצופירן אין דער ליטעראטור. וואָס טייַעך כפּעציפיש-יידישע לעבנסשטייגער-מאָמענטן האָט ער דאָס פּראקטיש שוין אליין אף א געראָטענעם אויפן געטון: זע, לעמאָשל, יענע ערטער, וווּ עטינגער פארבייַט, אין די איבערזעצונגען, נישט-יידישן שטייגער און נישט יידישע רעד-פיגורן — מיט אזעלכע, וואָס זענען הייכישער געווען דעם יידישן לייענער.

*

צו בריוו נומ. 4. (II, 568).—די זאצן: „אבל דבריך: „שלח ספרך וארבעים רובל לידי, ויהיה ספרך נדפס“ — בל אבינה. כי להדפיס את ספרי עם התקונים, אשר תקנו בו אנשי כנסת הצענזור חנם בל אחפוץ...“ איבערזעצט ווײַנרײַך (I, XXXV): „אָבער דײַנע ווערטער: „שיק מיר צו דײַן בוך מיט פערציק רובל, וועט דײַן בוך געדרוקט ווערן“ פאַרשטיי איך נישט; ווײַל אָפּדרוקן דאָס בוך אָן געלט מיט די אויסבעסערונגען, וואָס די צענזורלײַט האָבן אויסגעבעסערט, וויל איך נישט“. אזא איבערזעצונג איז נישט ריכטיק און פאַרדרייט דעם זין פון עטינגערס ווערטער, מאכט זיי זינלאָז. דאָס וואָלט באַטײַט, אז מע לייגט אים פאָר דרוקן זײַן בוך „אָן געלט“, בעיס מען פאַרלאנגט דאָך פון אים בעפיירעש 40 רובל („שלח ספרך וארבעים רובל“ און ווײַטער: „כמה יהיה מספר העקסעמפּלארע מחיר הארבעים רובל, אשר כתבת לשלוח לך“). ריכטיק דארף איבערגעזעצט ווערן: „...וואָרעם דרוקן מײַן בוך מיט די אויסבעסערונגען פון דער צענזור וואָלט איך אפילע אומזיסט נישט געוואָלט“. דאָס הייסט, נישט בלויז פאַר 40 רובל, ווי מע פאַרלאנגט, נאָר אפילע ווען מע זאָל עס טון אינגאנצן אָן געלט — אויך נישט.

*

די טעקסטקריטישע ארבעט ווײַנרײַכס האָבן מיר נישט די מעגלעכקײַט אָפּצושאַצן, ווײַל ווײַנרײַך האָט גענומען ווי א באַזע פאַר זײַן אויסגאַבע קסאווי־יאַדן עטינגערס, וועלכע זענען אונדז ניט צוטריטלעך. בלויז אין געציילטע פאַלן זענען טעקסטן געבראַכט געוואָרן לויט דער פּעטערבורגער אויסגאַבע פון די „משלים, לידעלעך, קליינע מעשהלעך און כתבותלעך“ 1889 (P1). אין דידאָזיקע געציילטע פאַלן קאָנען מיר פאַרגלײַכן די טעקסטן מיט דער פאָרלאַגע און אָפּשאַצן די טעקסטקריטישע אופטוען. עס ווײַזט זיך דאָ, אז נישט שטענדיק קאָן מען מאַסקים זײַן מיט ווײַנרײַכס פאַריכטן. אסאך פון זײַנע טיקונים זענען גראָטענע, אנדערע נישט. בא א טייל איז אומפאַרשטענדלעך צוליב וואָס זיי זענען געמאכט געוואָרן און ס׳ווערט בא זיי נישט קלאָר, צי זענען עס דרוקפעלער אָדער טיקונים. מיר וועלן ברענגען א ריי בײַשפּילן.

„דאָס ליכט“ (געבראכט לויט P, זע העאָרע: II, ז. 92). אין P ז. 149, ווו עס רעדט זיך וועגן „קינד“ הערשט א אומזיכערקײַט בענוצייע דעם גראמאַטישן מין. P 149, 1: „דאָס קינד“ אין מיטעלען מין, באַם פאַרבײַטנדיקן פּראָנאָמען P 149, שורע 2, 9. 10 א. א. וו. ווערט פאַרוואנדלט „דאָס קינד“ אף לאָשן־זאָכער: „ער“, אכוץ P 149, 5, ווו עס איז געבליבן דער ריכטיקער טעקסט עטינגערס: „איצט קומט עס אף דער וועלט ארויס“. ווײַנרײַך אָבער פאַריכט אָט־אָ דאָס איינציקע ריכטיקע אָרט אויך אף „ער“, אָנשטאָט אומעטום צו פאַריכטן אף „עס“, לויט עטינגערס שפּראַך.—P ז. 155¹, 3 „און באהעלפערס“, ווײַנרײַך (W) 11, 16 קאָריגירט „און באהעלפער“. פאַרוואָס? P ז. 188¹, 5 „איצט קענט איר אליין אײַך זײַן מעשאר“, W 250, 15 „איצט קענט עך אליין זײַן מעשאר“. די קאָרעקטור פון „איר“ אף „עך“ (לויט M 3) איז ריכטיק, אָבער „אײַך“ האָט אכוץ דעם אויך געדארפט בלײַבן (לויט P 188, 5). ריכטיק וואָלט געווען: איצט קענט עך אליין אײַך זײַן מעשאר“. אָפּטמאָל איז די ווערסיע פון P קינסטלעריש שענער איידער אין Mss. 1—3. לעמאָשל: P 3, 9 „איך קען אײַך הייליק שווערן“, אין W 113, 17 פאלט ארויס „הייליק“. P 7,8 „און ביידע זענען ווידער געוועזן אין צאָרן“ איז לאָגיש ריכטיקער ווי W 119, 3 „און ביידע זענען אזוי לאנג געוועזן אין צאָרן“, וואָרעם פײַער און וואַסער האָבן זיך שוין איבערגעבעטן, דארף מען דאָך קלאָר מאכן, אז זיי זענען „ווידער“ געוועזן אין צאָרן. „דער אינדיק“ איז געבראכט לויט P; P 21,9 „פאָלגט מיך און נעמטס אויך אלע צונאנד“ פאַריכט ריכטיק W 225, 3 אָנשטאָט „אויך“ — „אײַך“, פאַרוואָס אָבער פון „נעמטס“ — נעמטו)? עטלעכע שורעס ווײַטער פאַריכט W דאפקע „וואנדערט“ (P 25,9)

1) זע I, LV „מיר האָבן קאָנסידער איבערגעלאָזן זײַן (עטינגערס) עך, זײַן פּרעגטס, נעמטס, היטס...“

אף „וואנדערטס“ (W 7,225), בעייס ער לאָזט שטיין אפן זעלבן זײַטל שורע 4 „וואנדערט“. אין דעם פראט האָבן די טיקונים געדארפט זײַן אויסגעהאלטן און איינהײַטלעך. P 10, 17 „און פאָלגן ד ײַ נ ע ווערטער“ איז ריכטיק, און נישט ווי W פאריכט „זײַנע“ (3,226), ווײַל דער האָן ווענדט זיך דאָך שוין ווידער צוריק צום אינדיק. אומפארשטענדלעך, פארוואָס W פאריכט P 10, 21 „נאָר אז איר זענט י אָ צו אונדז געקומען“ אף „...דאָ צו אונדז גע־קומען“. נישט בארעכטיקט איז, לויט מײַן מיינונג, די קאָרעקטור פון עטינגערס „איצונד“ (P 10, 29) אף „אצינד“. אָט־אָ די אלטע פאָרם[1], וועלכע עטינגער האָט באנוצט, וואָלט דאָך קעדײַ געווען איבערצולאָזן. א גערעאָטענע קאָרעקטור איז W 17, 226 „ווײַל דו העטסט זייער גערן געוואָרן“ אָנשטאט P 10, 31 „ווײַל דו ביסט“.

אויך „דער באל־האלוואָע“ W 204 איז געבראכט געוואָרן לויט P, אָבער נישט מיט אלע קאָרעקטורן ווײַנרײַכס קאָן מען מאסקים זײַן. פון P 99, 15 „אז ער האָט א ביטאָכן גאָר שטארק ווי איין אײַזן“ — ווארפט W (204, 19) ארויס „איין“. דאָס איז נישט ריכטיק. „שטארק ווי א יי ן אײַזן“ איז אין עטינגערס דיאלעקט די פאָרם פון אָט־אָ דער רעדנסארט. נישט פארשטענדלעך איז אויך, פארוואָס W פאריכט P 99, 20 „שוין“ — אף „אזוי“.

„די פרומע בערן“ ווערן אויך געבראכט לויט P. נישט פארשטענדלעך איז, פארוואָס W 214, 8 ברענגט דעם זאץ פון P 12,27 „עס זאָל אף זיי א ז ו י א שטראָף קומען“ אָן דעם וואָרט „אזוי“. „אזוי א שטראָף“ דארף עפּעס אונטערשטרײַכן און עס שטימט אוואדע מיט עטינגערס דיאלעקט. דאָס איבערשטעלן די ווערטער פון P 5,28 „און האָב דעם מענש אליין צוביסן“ — אף „און האָב אליין דעם מענטש צעביסן“ (W 4,215) איז נישט באגרינדעט און ווילקירלעך. P 7,28 „זײַט מיר מויכל די זינד“ פאריכט W 215, 7 „זײַטס מיר מויכל מ ײַ נ ע זינד“; דאָס ארײַנגעשטעלטע וואָרט „מײַנע“ איז נישט באגרינדעט און דעריקער אויך לאָגיש נישט ריכטיק: דער לייב דערציילט דאָך בלויז וועגן א יי ן זינד. אינעם זאץ W 215, 22 „בין איך גאנצע דרײַ וואָכן“ איז ארויסגעפאלן דאָס וואָרט „איר“ פון דער פאָרלאַגע: P 23, 28 „בין איך א י ר גאנצע דרײַ וואָכן, ווי א שלאנג אלץ נאָכגעקראָכן“. P 29, 9 „בין שולדיק אָ ן דעם גערודער“ ווערט אין W 216, 13 פאריכט „א י ן דעם גערודער“. עטינגער האָט אָבער געוויס געשריבן „אָן“ אינעם באטײַט פון ...trage schuld an. „אָן“ אינעם באטײַט פון an קומט אָפט פאָר אין עטינגערס שפראך („איר העט געקענט אָן אים אסאך, אסאך געלט פארדינען II, 494, 1). נישט באגרינדעט איז די קאָרעקטור P 30, 11 „אוי דער אונטערגאנג איז נאָר דורך מיר“ אף „איז ד אָ ך נאָר דורך מיר“ (W 217, 21). P 30, 19 פאריכט W 218, 3—„זײַט“ אף „זינט“; דאָס הייסט ווידער נישט־נייטיקערהייט פאריכטן די שפראך.

מעגלעך, אז א טייל פון די דערמאנטע גרײַזן (פארשטייט זיך, אז איך האָב נישט געקענט אויסרעכענען אלע) זענען צופעליקע אָדער דרוקפעלער[2]. דאָס לאָזט זיך נישט גענוי באשטימען. אָבער בא א רעוויזיע צוליב א נײַער אויסגאבע דארף מען דאָס נעמען אין אכט. דער טיקן־טאָעס צום סאָף צווייטן באנד איז ווײַט נישט קיין פולקומער. לעמאָשל: I, 284 ווערט דאָס וואָרטשפיל אינעם עפיגראם „צאָרטל“ אינגאנצן קאליע און אומפאר־שטענדלעך צוליב דעם, וואָס עס פעלט אין דער לעצטער שורע דאָס וואָרט „מען“. עס דארף זײַן: „זי זאָגט, אז גאָט העלפט ווי מ ע ן נעמט זיך פיר“.—און ווידער: אויב ווײַנ־רייך זאָגט צו אין דער האקדאָמע (I, LV): „מיר האָבן קעסיידער איבערגעלאָזן זײַן „עך א. א. וו.“ זעען מיר אָבער, אז כאָטש עס שטייט אין דער פאקסימיליע (II, נאָך ז. 424) סייקעף אין דער ערשטער שורע „עס האָט א פאָנים, אז ע ט ך שטייט א. א. וו.“ ברענגט W II, 425, 17 „אז א י ר א. א. וו.“.

[1]) זע בוקסטאָרפס .etc Thesaurus 1663. זײַט 652 שורע 3: „דאש ער איצונד מער דען איין שנה א. א. וו.“

[2]) לעמאָשל, ווען עס ווערט ניט פאריכט אינעם פראָספעקט עטינגערס (I, ז. XXVIII) דאָס וואָרט „אנזעהן“— אף „איינזעהן“ מוז יעדער לייענען „אָנזען“, אין עמעסן אָבער דארף מען לייענען „איינזעהן“ און עט. האָט גע־שריבן אָדער געמיינט צו שרײַבן, לויט זײַן דיאלעקט: „אָנזעהן“ מיט א לאנגן „א“.

אין דער „ביבליאָגראַפיע“ (I, LX) דערקלערט וויַנרייַך פאַר „איבעריק צו ברענגען דאָ אַ רעשימע, ווען און ווו די איינציקע ווערק עטינגערס זענען געווען געדרוקט“. דאָס איז אָבער לאַכלוטן ניט ריכטיק. ווען וויַנרייַך וואָלט זיך גענומען די מי פעסטצושטעלן, ווו און ווען עס איז עפּעס פון עטינגערן פריִער געדרוקט געוואָרן אזוי וואָלט ער, לעמאָשל, עטלעכע שורעס פריִער ניט געזאָגט אזוי קאַטעגאָריש, אז „עטינגער האָט ניט געזען בא זייַן לעבן קיין איין שורע זייַנע א געדרוקטע“. אין גאָטלאָבערס ערשטן בוך „פּרחי האביב (יוזעפאָוו, 1837, ז. 14) איז אָפּגעדרוקט א העברעיִש ליד פון עטינגערן „שירת דודים מהדאָקטאָר המשכיל המפואר מה״רש עטינגער מזאמושץ“ דאטירט „יום א׳ כ״ב סיון פה זאמושץ“. וויכטיק איז דער פאקט דערפאר, ווייַל ער ווייַזט די נאָענטע באציִונג פון עטינגערן צום יונגן גאָטלאָבער און אויך — ווי שוואך עטינגער, וואָס האָט שוין דעמאָלט אָנגעשריבן „סערקעלע“, איז געווען אינעם העברעיִשן האסקאָלע־ליד. (אגעוו געפינט זיך אויך עטינגערס נאָמען צווישן די נעמען פון אנדערע זאמאָשטשער און שעבערשינער מאסקילים אינעם פרענומעראנטן־צעטל פון דעם בוך). —

אכוצדעם האָבן אין אן אקאדעמישער אויסגאבע אף א באשטימטן אויפן געדארפט צוגעצויגן און אויסגענוצט ווערן די נוסכאָעס פון עטינגערס לידער, וואָס זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „ווארשויער יודישער צייַטונג“ (1867). מיר געפינען דאָרט אין נום. 1 „דאָס שיפער־ליד“ (I, 103); אין נום. 12 „וויטעלע“ (דאָרט: „די פרומע וויטעלע אין קראָקאָ)“ I, 238; אין נום. 20 „דאָס קאטשקעלע“ (דאָרט: „די דרייַ קאטשקעלעך“) I, 150; אין נום. 24 „טעמערל“ (I, 119); אין נום. 27 „דער האָן“ (I, 11). „דאָס שיפער־ליד“ אנאָנים, די אנדערע — „פאָן ד״ר עטטינגער“. דורך א פארגלייַך מיט דידאָזיקע טעקסטן, וואָס זענען מיסטאם עלטערע נוסכאָעס איידער P און W, קענען מיר באקומען א דייַטלעכע פאָרשטעלונג פונעם אויפן, ווי עטינגער האָט איבערגעארבעט און איבערגעשליפן זייַנע לידער. אין יעדן ליד זענען פאראן זייער א סאך ענדערונגען סייַ פון א י ד ע אָ ל אָ ג י ש ן סייַ פון קינסטלערישן כאראקטער. די נוסכאָעס אין דער „ווארשויער יודישער צייַטונג“ זענען געוויינטלעך א סאך שארפער.

בענעגייע דעם ווערטער־זוכצעטל (גלאָסאר) וואָלט געווען געווונשן, ער זאָל זייַן אסאך רייַכער. בעלי־סאָפעק זענען נאָך געבליבן צענדליקער ווערטער, וואָס ווען פאר לייענער פון אנדערע דיִאלעקט־קאנטן זייַן ווייניק פארשטענדלעך. לעמאָשל: רעמעטל (472, רימענדל), חורש (485, שווייַג־געלט, כאבאר), ווערן (496, פארווערן), טונען גאָלד (467, Tonnen), שענדן (465, 503 הייפעך פון לויבן, נאָכזאָגן עמעצן ליגנייַ); רעדנסארטן ווי: „וואָס איז באשערט איז טאקע באווערט“ (467, באווערט bewährt) א. א. וו.

די ביבליאָגראַפיע I, ז. LX ביז LXIV איז ווייַט ניט קייַן אויסשעפּנדיקע. גענוג צו זאָגן, אז עס פעלט לעמאָשל אן אָנווייַז אף לעאָ ווינערס „The History of yiddish Literature in the nineteenth century“. 1899, ז. 100 — 101. —

*

אין דעם ארייַנפיר האָט זיך וויַנרייַך נישט געשטעלט קיין ברייטערע אויספאָרשונג־צילן, קאָן מען צו אים קיין טייַנעס נישט האָבן, וואָס באשטימטע דעטאלישע ליטעראטור־וויסנשאפטלעכע פּראָבלעמעס זענען דאָרט נישט באריִרט געוואָרן. אין איין פּראט אָבער האָט מען פון וויַנרייַכן, דעם פילאָלאָג [1]), יאָ געהאט דאָס רעכט צו דערווארטן אן אויספירלעכע און גע־

[1]) בענעגייע דעם כאראקטער פון עטינגערס שפּראך ביכלאל געפינען מיר בלויז דעם אלגעמיינעם זאך: „עטינגערס שפּראך איז א טיפּיש דיִאלעקטישע“. ס׳וואָלט אָבער גראָד אינטערעסאנט געווען נאָכצושפּירן נאָך דער באשטרעבונג פון עטינגערס שפּראך צו ווערן איבער־דיִאלעקטיש. אזא באשטרעבונג איז אין עטינגערס שפּראך אווַדע פאראן, כאָטש זי באזירט זיך, געוויינלעך, אף א דיִאלעקט. עטינגער, אליין א פּוילישער, האָט זיך דאָך באגעגנט אין אָדעס מיטן יידיש פון ליטווישע, אוקראַיִנישע און בעסאראבער יידן, אין לעמבערג — מיטן מיזרעך־גאליצישן דיִאלעקט. אז ער האָט זיך צו די דיִאלעקטן צוגעהערט, באווייַזט די שפּראך פון שמעלקע אין „סערקעלע“.

נויע באהאנדלונג, ווייל דאָס האָט נאָר געקאָנט געטון ווערן דורך אים אליין, וואָס האָט פאר זיך געהאט די מאנוסקריפּטן. איך מיין א גענויערע אָפּהאנדלונג וועגן עטינגערס אָר־טאָגראפיִע. אלגעמיינע באמערקונגען ברענגט ווײַנרײַך, אָבער נאָר אזוי ווײַט עס איז נעגייע די פּרינציפּן, לויט וועלכע ער האָט געביטן דעם אויסלייג, און נישט אויספירלעך וועגן עטינגערס אויסלייג גופא. און דאָס וואָלט דאָך צוליב אסאך סיבעס[1]) אינטערעסאנט געווען. און דעריקער: עס קאָן איצט שוין פון קיינעם נישט געמאכט ווערן, ווײַל דער פאָרשער באקומט דאָך די טעקסטן אין נײַעם אויסלייג. אוואדע זענען די סיבעס, צוליב וועלכע ווײַנרײַך האָט זיך אנטשלאָסן פאר א נײַעם אויסלייג דורכויס וויכטיקע, דער באשלוס אליין דאַרף אָנערקענט ווערן פאר ריכטיק. אָבער לעפּאָכעס דאָס האָט געדארפט געבראכט ווערן: א ג ע נ ו י ע כאראקטעריסטיק (נישט קיין אלגעמיינע) פון עטינגערס אויסלייג, קעדיי דער פאָרשער זאָל נישט דארפן אָנקומען צו די שווער צוטריטלעכע אָדער ביכלאל נישט צו־טריטלעכע מאנוסקריפּטן.

*

אָט־אָ די אלע ד ע ט א ל ע טײַנעס, אָנמערקונגען און פּראָבלעם־שטעלונגען, וואָס דארפן אופגענומען ווערן ווי פאָרשלאגן פאר א נײַער אויסגאבע, וואָלטן ניט אזוי שטארק געמי־נערט דעם ווערט פון ווײַנרײַכס עדיציִע, ווען זי וואָלט נישט געהאט די אנדערע צוויי ג ר ו נ ט־כ ע ס ר ו י נ ע ס, וועגן וועלכע איך האָב פריִער גערעדט: דעם באגרענעצט רעאק־ציִאָנערן צוגאנג אין דער היסטאָרישער באלײַכטונג און די אומוויסנשאפטלעכע „שיינשרײַבערײַ". „עטינגערס כתבים" זענען דער ערשטער פּרווו פון א טעקסטקריטישער אויסגאבע פון אן עלטערן ייִדישן שרײַבער. ד ע ט א ל ע כעסרוינעס און פעלער זענען אין אזא פאל פארשטענדלעך און קימאט ניט אויסצומײַדן. אָבער סאָפּקאָלסאָף האָבן דאָך די ווערק פון די שרײַבער אין יענעם פעריִאָד, און אויך פון עטינגערן, דעריקער און אין ערשטער ריי א ליטעראטור־היסטאָרישן און ביכלאל היסטאָרישן באטײַט. איז שוין דאפקע דעריבער ביז גאָר וויכטיק אף וואָסער אויפן, צוליב וואָסער אידעאָלאָגיִע און מיט וואָסערע אויספירן פאר דערדאָזיקער אידעאָלאָגיִע אן ארויסגעבער שטעלט ארום און באלײַכט היסטאָריש (אין ארײַנפירן, העאָרעס א. א. וו.) אזעלכע טעקסטן. פון א קרומער באלײַכטונג פאלט א פאלשע שײַן אויך אף די טעקסטן, וואָס ווערן דערפון געשעדיקט. עטינגערס טעקסטן זענען דעריקער ליטעראטור־ה י ס ט אָ־ר י ש ע דענקמעלער, כאָטש טאקע מיט א הויכן קינסטלערישן ווערט. א פאלשע רעאקציאָ־נערע קאָנצעפּציע קאָן, ווי אין דערדאָזיקער עטינגער־עדיציע, פארניכטן דעם ווערט פון א היסטאָרישן דאָקומענט.

קיִעוו, 1929.

[2]) נישט בלויז פאר דער געשיכטע פון אויסלייג, נאָר טאקע אויך פאר דער לעקסיקאָלאָגיִע, עטימאָלאָגיִע, פאָנעטיק א. א. וו.

נ. אויסלענדער

# וואַרשעווער מעכאַברים אין די 50-ער—60־ער יאָרן

(נאָטיצן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער בורזשואַזער ריכטונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור)

צווישן די אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַר דער סאָוועטישער ייִדישער ביבליאָגראַפיע, איז פאַראַן איינע, וואָס איז שוין לאַנג געוואָרן אַקטועל און פאָדערט פון אונדז די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. די אויפגאַבע איז: מאַכן אַ סאָף צו יענער טראַדיציע פון באַלעבאַטישער ליבהאָבעריי, וואָס האָט ביז איצט געהערשט אין די ביבליאָגראַפישע עקסקורסן פון די ייִדישיסטישע ליטעראַטור־פאָרשער אין אויסלאַנד. ס'איז שוין אַצינד ניט מער ווי אַ טרויִזם צו רעדן וועגן דער נישטיקייט פונעם אידעיִשן באַגאַזש, פּונקט אַזוי ווי וועגן דער אומדערלאָזבאַרער נאַכלעסיקייט פון דער אַרבעט־מעטאָדע, וואָס ווערט דורכגעפירט אין ז. רייזענס „לעקסיקאָן". מע דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דער „לעקסיקאָן" איז נאָר קוילעל אין זיך דאָס, וואָס מיר האָבן איבערהויפּט אויפן געביט פון דער ייִדישער ביבליאָגראַפיע אין אויסלאַנד. דער „לעקסיקאָן" דערשיינט אין מעשעך פון היפּשע עטלעכע יאָר. ער זאַפּט איין אין זיך אַלעס, וואָס ווערט פון יאָר צו יאָר אויפגעטון. דאָס, וואָס עס טרעט אַרויס אין „לעקסיקאָן" נאַקעט און בלויז, ליגט אין אַ ווייניקער אַנטבלויזטער, אָבער ניט ווייניקער שעדלעכער פאָרם פאַרשטעקט אין דער גאַנצער ייִדישיסטישער ביבליאָגראַפיע אין אויסלאַנד. דערביי מערקט זיך, אַז די באַלעבאַטישע ליבהאָבעריי אויפן געביט פון ביבליאָגראַפיע קען אין אַנדערש מאָל דינען ווי אַ מין דעקטוך פאַר גאַנץ אויסגעשפּראָכענע רעאַקציאָנערע טענדענצן. אויפן בעסטן אויפן האָט עס דערוויזן דער פאַל מיט מ. וויינרייכס באַשרייבונג פונעם ערשטן וואַריאַנט „ווינשפינגערל". אין פלוג אין „אומשולדיקע" אַרבעט, וואָס גייט קאַם־קאַם אַרויס פונעם געדער פון אַ ביבליאָגראַפישן עקסקורס, האָט מ. וויינרייכס באַשרייבונג דאָך געפעלשט דעם עמעסן אידעיִשן אינהאַלט פון מענדעלעס ליטעראַרישער אַנטוויקלונג און געקאָנט ווערן דער אויסגאַנג־פּונקט פון אַ גאַנצער צאָל ניט ריכטיקע פאָרשטעלונגען [1]. דאָ באַקומט די ייִדישיסטישע ביבליאָגראַפיע אַ גאַנץ היפּשע רעאַקציאָנער־אַפּאָלאָגעטישע „אָנלאָנדונג".

ס'איז פאַראַן נאָך איין שטריך, וואָס כאַראַקטעריזירט די ייִדישיסטישע ביבליאָגראַפיע. איבערדעם, וואָס דאָסדאָזיקע גאַנצע געביט איז געוואָרן אַ מין אַרענע פאַר ליבהאָבערישע איבונגען, האָט דאָ געקענט אויפבליִען די באַזונדערע „מעטאָדע" פון נ. פּרילוצקין, וואָס איז אויסן מער איבעראַשן דעם לייענער, איידער לאָזן טיפערע שפּורן אינעם לייענערס באַוווסטזיין. אין זיין בוך „געוועט" דערגייט עס מאַמעש צו קוריאָזן. באַ יעדער פּאַסיקער און אומפּאַסיקער געלעגנהייט וואַרפט נ. פּרילוצקי אַרויס אין דער לופט נעמען פון אומבאַקאַנטע מעכאַברים, אומבאַוווסטע ווערק — ער טוט אַ צופּ אַ וואָרט פון דאָ, אַ וואָרט פון דאָרטן, — האָבן האָט דאָס אַלץ צו טון קלוימערשט נאָר מיט לינגוויסטישע פּראָטים, אָבער מערקן מערקט זיך דאָך, אַז דאָ גייט אויך אַ שפּיל אין ביבליאָגראַפיע, אַ שפּיל מיט דאַטעס, מיט אומבאַקאַנטע נעמען...

מער ווי אַלץ האָט דאָ, פאַרשטייט זיך, געליטן די ביבליאָגראַפיע גופע, און באַזונדערס איין געביט, ווו נ. פּרילוצקיס סיסטעמלאָזע, צעזייט־און־צעשפּרייטע יעדיִעס פאַרדינען געוויס מע זאָל זיי אויסנוצן. דאָס איז דאָס געביט פון ביבליאָגראַפיע, וואָס איז נעגייע די

[1] זע וועגן דעם אין דער מינסקער „צייטשריפט", באַנד II—III ז. 896.

ווארשעווער ליטעראטור־אויסגאבעס פון דער ערשטער און אָנהייב צווייטער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט. נ. פרילוצקי האָט זיך נאָך גאָר פרי אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט די פויליש־ייִדישע אויסגאבעס („ווארשויער יודישע צייטונג"), ער האָט פארצייכנט א צאָל ווארשעווער מעכאברים, וואָס זײַנען פריִער געווען אומבאקאנט (געדאליע בעלוי, גוסטאוו מאקמאן).

אדאנק נ. פרילוצקיס „מעטאָדע" זײַנען אָבער דידאָזיקע יעדיִעס געבליבן הענגען אינדערלופטן, קיינער האָט זיך אף די ווארשעווער מעכאברים ניט ארומגעקוקט (ז. רייזען האָט זיי אפילע ניט ארײַנגענומען אין „לעקסיקאָן"). האָט זיך דורך דעם געשאפן א גאנץ מאָדנע סיטואציע אין דער פאָרשונג פון דער פויליש־ייִדישער צווײַג פון דער ייִדישער ליטעראטור. מיר האָבן געהאט גענויע יעדיִעס וועגן איינעם א פוילישן ייִדישן שריפטשטעלער, וואָס קומט נאָך גאָר אין אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט מיט א שטארק רײַפער ליטערארישער פאָרם, מיט אן אידעאָלאָגיש אויסגעשפראָכענעם שניט—דאָס איז ש. עטינגער. און דאן קומט א בלויז— עס גייט אוועק קארגע 50 יאָר, ביז עס באווײַזט זיך אין פוילן א צווייטער באדײַטנדיקער שריפטשטעלער, י. ל. פערעץ — קיין צווישנרינגען אין דער עוואָליוציע פון דער ייִדישער ליטעראטור אין פוילן זײַנען ביזאהער ניט געווען באוווסט. עס האָט געהאט אזא פאָנעם, אָט פונקט ווי די אנטוויקלונג פון דער ייִדישער בורזשואזיע אין פוילן, וואָס רוקט ארויס נאָך גאָר באם אָנהייב יאָרהונדערט אזא באדײַטנדיקן שרײַבער, ווי עטינגער, רײַסט זיך נאָכדעם איבער קימאט אף א האלבן יאָרהונדערס,—אלנפאלס, גייט אָט די אנטוויקלונג אוועק אָן א זײַט פון דער ייִדישער ליטעראטור. פאר דער ייִדישיסטישער ליטעראטור־פאָרשונג האָבן, פארשטייט זיך, אזעלכע פראָבלעמען קיינמאָל ניט עקזיסטירט, פאר אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור־פאָרשונג איז עס אָבער איינע פון די באדײַטנדיקע פראגעס, וואָס זײַנען נעגייע דער גאנצער היסטאָרישער קאָנצעפציע פון דער ייִדישער ליטעראטור אין 19־טן יאָרהונדערט. מיר ווילן דעריבער פרוון אפן סמאך פון אייניקע ווייניק באוווסטע ביבליאָגראפישע מאטעריאַלן צוגיין צו דערדאָזיקער פראָבלעם, גלויבנדיק, אז דערמיט וועלן מיר אויך העלפן אוועקצושטעלן די פראגע וועגן די אקטועלע אופגאבעס פון אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ביבליאָגראפיע.

I

## געדאליע בעלוי און זײַן בוך „דאָס שרעקליכע פײַער אין זאקראטשים"

דעם נאָמען געדאליע בעלוי [1] האָט מען געקענט באגעגענען בא נ. פרילוצקין נאָך צוריק מיט אייניקע יאָר אינעם בוך „קאָנסאנאנטיזם" (ווארשע, 1917). נ. פריליצקי ציטירט דאָרטן (ז. 217) די פאָרעדע צו געדאליע בעלויס בוך „פון שטערן אָדער קאָמעט" (ווארשע, 1857), ווו עס ווײַזט זיך ארויס א גאנץ באוווסטזיניקע באציִונג צו דער ייִדישער שפראך. מער אייגנטלעך דערוויסן מיר זיך דאָ וועגן געדאליע בעלוי קיין זאך ניט. ניט אין אנדערע פילאָלאָגישע ארבעטן, ווו נ. פרילוצקי באהאנדלט די „פויליש־ייִדישע מונדארט", ניט אין דעם ארטיקל „ווארשעווער אסימיליאטאָרן און ייִדיש מיט 50 יאָר צוריק" (אין בוך „בארג ארוף"—ווארשע, 1917), ווו נ. פרילוצקי וויל שוין געבן א ברייטערן איבערבליק איבער דער ווארשעווער סוויווע — אינערגעץ טרעפן מיר ניט בא נ. פרילוצקין קיין ווײַטערן פרווו צו דערגיין, ווער עס איז געווען געדאליע בעלוי, וואָס איז עפשער דער כאראקטעריס־טישסטער ווארשעווער מעכאבער פון דער דערמאָנטער עפּאָכע.

מעגלעך, מיר וואָלטן אזוי טאקע ניט געהערט מער וועגן געדאליע בעלוי, ווען אָט דער נאָמען זאָל לעצטנס ניט אופשווימען ווידער אין צוזאמענהאנג מיט דער געשיכטע פון ייִדישן טעאטער. ד״ר י. שאצקי, האָט דער ערשטער געשטעלט די פראגע, צי איז ג. בעלוי, דער מעכאבער, אידענטיש מיט בעלוי, דעם פירער פונעם ייִדישן טעאטער, וואָס

---

[1] דער מעכאבער אליין האָט געשריבן זײַן נאָמען: בעללאה.

האָט עקזיסטירט אין ווארשע סאָף 60־טע יאָרן [1]. ד״ר שאצקיס ארטיקל האָט ווידער ארויסגערופן א נאָטיץ, פון ז. זילבערצווײַג (ניו־יאָרקער „פנקס״, באנד II, 1929), ווו עס ווערט דערוויזן, אז דערזעלבער געדאליע בעלוי איז געווען פון די, וואָס האָבן באזאָרגט דעם רעפּערטואר פונעם ווארשעווער ייִדישן טעאטער. געדאליע בעלוי האָט, ווי מיר דער־וויסן זיך, איבערגעגעבן צום דרוק דאָס דראמאטישע ווערק „מאזעס״, וואָס איז פארפאסט געוואָרן דורך געדאליע בעלויס ברודער, שלוימע באדכען. געדרוקט איז אָבער דאָס ווערק מיט „צוגאָבן״ פון געדאליע בעלוי גופא.

מיר באקומען אזוי ארום א גאנצן סכום פאקטן, וואָס ווענדן אונדזער אויפמערקזאמ־קייט אף דעם ווארשעווער מעכאבער געדאליע בעלוי און שטעלן פאר אונדז די פראגע: פונ־וואנען איז ארויסגעוואָקסן אָט די אינטערעסאנטע פיגור, פון וועלכער געזעלשאפטלעכער אטמאָספער האָט ג. בעלוי מיטגעבראכט זײַן אייגנארטיקע באציִונג צו דער ייִדישער ליטע־ראטור־שפראך? וועגן דעם אלעמען געפינען מיר אָבער קיין וואָרט ניט בא ד״ר י. שאצקין אין זײַן ארטיקל, ווו ער שטעלט די פראגע וועגן בעלוי. י. שאצקי ציטירט נאָר דיזעלבע פאָרעדע, וואָס עס האָט מיט אייניקע יאָר צוריק ציטירט נ. פרילוצקי, מיט איין צוגאָב דערבײַ: ד״ר י. שאצקי שטעלט פעסט, אז געדאליע בעלויס ביכל „איז ייִדישיסטיש אין גײַסט און נוסעך״. אין די 50־ער יאָרן א ייִדישיסט... פאר גרויס היספּײַלעס פארגעסט ד״ר י. שאצקי אפילע א בלעטער טון ווײַטער אביסל פון דער האקדאָמע (האגאם דאָס וואָלט געהאט א שײַכעס צו שאצקיס טעמע אויך), ער פרווט ניט ארויסקריגן פונעם ביכל דאָס, וואָס עס לאָזט זיך פונדאנען נעמען פאר דער אלגעמיינער כאראקטעריסטיק פון א ווארשעווער מעכאבער צו יענער צײַט (באזונדערס איז אין דער הינזיכט אינטערעסאנט דאָס קאפיטל „וויע דיא וועלט האט איין עק״). און אזוי בלײַבט פאר אונדז ניט מער ווי א מײַסע וועגן א ייִדישיסט פון די 50־ער יאָרן, פונקט אזא גאָרניט־זאָגנדיקע עטיקעטקע, ווי אסאך אנדערע עטיקעטקעס, וואָס זײַנען געדיכט צעוואָרפן אפן וועג פון דער ייִדישיסטי־שער ליטעראטור־פאָרשונג.

---

1) בא דער געלעגנהײַט וויל איך, אגעוו, צוגעבן א פּאָר באמערקונגען, וואָס זײַנען נעגייע דער געשיכטע פון ייִדישן טעאטער אין ווארשע. י. שאצקי, וואָס האָט דער ערשטער גענומען זוכן די שפורן פונעם ווארשעווער ייִדישן טעאטער (זע: „ייִדיש טעאטער״, ווארשע 1927, בוך 3—4) אין פארשיידענע—אפילע ענגלישע—צײַטונגען און זשורנאלן, האט אָבער לאכלוטן ניט אויסגענוצט די „ווארשויער יודישע צייטונג״, וואָס איז דערשי־נען אין 1867 יאָר. י. שאצקי שרײַבט אין זײַן ארטיקל: „פון די פּאָר איינצעלהײַטן, וואָס דער שרײַבער פון „המליץ״ גיט איבער, איז צו זען, אז מיר האָבן דאָ צו טון מיט די בראָדער זינגערס אָדער מיט אן ענלעכער קאמפּאניע״. וואָלט אָבער י. שאצקי זיך געווענדט צו דער „ווארשויער יודישער צײַטונג״, וואָלט ער געזען, אז אין עטלעכע נומערן נאָכאנאנד דרוקט זיך דאָרטן פאָלגנדיקער אנאָנס:

„אין מיינער באווארייע מיט איינעם גאָרטען אויף דער נאלעווקעס אין הויזע דער הערן נאטאנזאָן № 2244a איזט אײַנגעריכטעט ווארדן איין זאָממער טהעאטער מיט אללע בעקוועמלעכקײַטן אין גארטען ווא דיא בעריהמטע בראָדער זינגער טעגליך אבענדס 81/2 אוהר פאָרשטעללונגען געבן (אויך שבתות צו נאכט). אין דער באווארייע איז צו בעקאָממען גוטעס ביירישעס ביר אויך אנדערע געטרענקע אונד פארשידענעם עססעניוואַרג מרדכי רײַנער״.

דער דאָזיקער אנאָנס ווערט געדרוקט אין די נומערן 23, 24, 25. שפּעטער מיט עטלעכע כאדאָשים בא־ווײַזט זיך ווידער אן ענלעכער אנאָנס, אָבער שוין מיט אייניקע קאָנקרעטע אָנווײַזונגען אף דעם באשטאנד פון דער טרופּע:

„צו דיזער געזעלשאפט (די בראָדער זינגער — נ. א.) געהערט אויך דער ערשטער ווינער קאָמיקער, קאפקע דוביענסקי, אונד דער זעלטענער הומאָריסטיק בעניאָמין דענציס, אויס זיטאָמירז, וועלכע זעהר אויסגע־צייכנטע זאכן פאָרשטעללען״.

אזא אנאָנס איז געדרוקט אינעם № 43 פון 23 נאָוועמבער און אינעם № 44 פונעם 30 נאָוועמבער 1867.

ס'איז, אגעוו, קעדײַ צו באמערקן, אז די האשאָרעס וועגן דער עקזיסטענץ פון א ווארשעווער ייִדישן טע־אטער, וואָס ווערן ביז איצט נאָך געבויט אפן סמאך פון צופעליקע צײַטונג־נאָטיצן, זײַנען שוין מיט קאַרגע 40 יאָר צוריק געווען אָפיציִעל באשטעטיקט דורך אזא קאָמפעטענטער אויסגאבע, ווי די רוסישע ענציקלאָפעדיע פון בראָקהויז־עפראָן. מיר לייענען דאָרטן אונטערן וואָרט „ווארשע״: „Еврейский (жаргонный) театр, выстроенный в 1866 г., просуществовал только два года". („Энц. слов." Брокгауз и Эфрон, С.-Петербург 1892, 556 .ז 10 .ב).

ווער־זשע איז אינדערעמעסן געווען געדאליע בעלוי? וועגן דעם קען מען זיך דער־ווייל דערוויסן נאָר פון די דרײַ ביכלעך זײַנע, וואָס געפינען זיך אין דער לענינגראַדער עפנטלעכער מעלוכע־ביבליאָטעק. די ביכלעך הייסן: 1—„פין שטערן אָדער קאמעט" (ווארשע, 1857), 2—„דאָס שרעקליכע פייער אין זאקראטשים" (ווארשע, 1858 צענזור־דערלויבעניש 1857), 3—„בעשרײַבונג פון מיסס יוליי פאסטראני פון דער מעקסיקאנישע וויסטע" (ווארשע, 1859). פון דידאַזיקע דרײַ ביכלעך צייכנט זיך אָן א געוויסער וועג פון ליטעראַרישער אנטוויקלונג, וואָס עס מאכט דורך געדאליע בעלוי. מיר האָבן אָבער ניט די מעגלעכקײַט דאָסמאָל געניוי אָפּ דעם זיך אָפּצושטעלן, וועלן מיר דעריבער אָנווײַזן נאָר פּאָלגנדיקס. פון די דרײַ אָנגערופענע ביכלעך האָט נאָר איינס אָפּ זיך אן אופצייכענונג:

Orygin. nap. przez Gedalie Bellau.

דאָס שטייט אָפּ דעם ביכל: „דאָס שרעקליכע פייער אין זאקראטשים". אָפּ דעם ביכל „פין שטערן אָדער קאמעט" שטייט בעפיירעש:

Przełozyl z polskiego Gdalia Bellau.

אָפּ דעם ביכל „בעשרײַבונג פון מיסס יוליי פאסטראני" לייענען מיר:

„Napis. Gdalia Bellau".

פון בוך גופע איז אָבער קלאָר, אז מיר האָבן דאָ א קאָמפּיליאציע פון די יעדיִעס, וואָס זײַנען וועגן דערזעלבער מיסס יוליי פאסטראני געווען פארעפנטלעכט אין די פּוילישע צײַטונגען. געדאליע בעלוי, זעט אויס, איז א מענטש, וואָס איז ניט פרעמד דער פּוילי־שער שפּראך און דער פּוילישער פרעסע באזונדערס. אים איז אויך ניט פרעמד די מאסקילישע אופקלערונג־טענדענץ, און דאָס איז אייגנטלעך די סיבע, פארוואָס ער האָט זיך גענומען איינמאָל פאר אן איבערזעצונג, דאָס אנדערע מאָל פאר א קאָמפּילאציע. אין דער האקדאָמע צו דער „בעשרייבונג פון מיסס יוליי פאסטראני" לייענען מיר:

„צום לעזער

ווען מאן הערט איינעם אײַן ליגן זאָגן
ווערט עס באלד פון פיל מענטשן צוטראָגן.

ווי מיסס יוליא פאסטראני האָט פאָרגעטראָטן דאָ אין ווארשע אין צירק פון שלעזאקן האָב איך פיל מענטשן געהערט שמועסן, אז דידאָזיקע יוליא פאסטראני האָט זאָלן פון מענש און אַפּפע ארויסקומען. דאָס האָט מיך זייער שטארק פארדראָסן . . . . . . . אין עבן דא דורך די מענשען צוריקצוהאלטן פון דער אומפארשטענדיקע מיינונג האָב איך די קליינע געשיכטע אופגעשריבן...

ווארשע דען 22 דעצעמבער 1858 גדלי' בעללאה".

כאראקטעריסטיש איז אין דער „בעשרײַבונג פון מיסס יוליי פאסטראני" ניט נאָר דער ציל, צוליב וואָס דאָס ביכל איז אָנגעשריבן, כאראקטעריסטיש איז דאָס, וואָס דער מעכא־בער וואקלט זיך דאָ צווישן דעם סטיל פון א צײַטונג־ארטיקל און א בעלעטריסטישן ווערק. דידאָזיקע וואקלעניש באמערקט זיך אויך אין זײַן ביכל „פין שטערן אָדער קאמעט". בלויז אינעם ביכל „דאָס שרעקליכע פײַער אין זאקראטשים" איז קלאָר ג. בעלויס אויסוואל. ער שטעלט זיך אָפּ אָפּ דעם אויסגעשפּראָכן־ליטעראַרישן סטיל, ער נעמט ארײַן אין זײַן ווערק אסאך קאָנקרעטע שילדערונג, מיר זעען פאר זיך דעם ווארשעווער קאָלאָריט, מיר זעען פארשוינען פון גזשיבאָוו, פון פראגע.

געדאליע בעלוי באשרײַבט דאָ אויסשליסלעך דאָס לעבן פון דער יִדישער נעגידישער סוויווע. ס'איז אָבער ווייניק צו זאָגן: ער באשרײַבט. בא געדאליע בעלוי באמערקט זיך א טענדענץ ניט נאָר באשרײַבן, נאָר אויך דערהויבן, באשיינען און באקרוינען דאָס נעגי־דישע הויז. מיט זײַנע באשיידענע האלב־קינסטלערישע מיטלען שטרענגט ער זיך אָן צו באווײַזן דאָס נעגידישע הויז אָפּ א פּאָן פון אלגעמיינער אידעאליזאציע. אָט האָבן מיר, לעמאָשל, א באשרײַבונג פון א רײַכן ליווראנט אין ווארשע.

„אין ווארשע איף דער גזשיבאָוו — דערציילט ג. בעלוי — אין איין שטיינהויז אף דעם ערשטן שטאָק האָט געוווינט ר' אוונער שענפאָטער, אונדזער נאָסנס פאָטער. ער איז געווען איין מאן אין דעם ערעך פון 46 ביז 48 יאָר, צווישן די האָר פון זײַן קאָפּ האָט מען שוין אויף טייל ערטער געזעען ענלעך צו ווײַסע. דער אפילע, וואָס האָט אים ניט געקענט און האָט קיינמאָל מיט אים ניט געהאנדלט, האָט באלד אין זײַן פּאָנעם אָנגעזעען, דאָס דיזער איז דער אייגענער ערלעכער מאן מיט דיזעלבע מײַלעס, ווי וויר האָבן אים אויבן בעשריבן. זײַן פרוי מיט עטלעכע יאָר ייִנגער פון אים, צי ווײַל זי איז געווען שוואך פון נאטור, צי פיר גוטיקײַט, האָט זיך קיינמאָל ניט ארײַנגעמישט אין איר מאנס אסאָקים, זי איז געווען איינע גרויסע צידקאָניעס, איין איישעס כאיִל און בארעמהערציק געגן אָרעמע לײַט, זי האָט געהאט אירע אייגענע געשעפטן: איר טיר האָט ניט געשטילט פון אנייִם וועעוויוינים, איר טיש איז ניט פעל געוועזן פון אָרכים און איר בײַטל איז ניט לער געוואָרן פון צו טון גמילוס כאסאָדים“...

די אידעאליזאציע באציט זיך אָבער ניט בלויז אף דער געשטאלט פון איינעם א גוויר. דאָסזעלבע זעען מיר אויך אין דער שילדערונג פונעם צווייטן גוויר, גוטמאן. ענלעך דערצו איז אויך די שילדערונג פונעם דריטן גוויר—גוטהער. ווען מע לייענט אלע אזעלכע שטעלן אין ג. בעלויס ביכל, זעט מען, אז דאָ האָבן מיר צו טון מיט אן איינהײַטלעך בילד, מיר האָבן פאר זיך אן אויסגעהאלטענעם קאָלאָריט, וואָס דארף פאָרשטעלן די נעגידישע סוויווע אין א מין פארהערלעכונג. דערבײַ פארבלײַבט אָבער ג. בעלוי בא א קאָנקרעטער סוויווע, ער האָט צו טון מיט אָרטיקע ווארשעווער געשטאלטן — און דאָס טײלט טאקע אויס ג. בעלויס ביכל צווישן אנדערע ענלעכע דערציילונגען, וואָס מע וואָלט עפשער געקאָנט געפינען אויך בא א. מ. דיקן.

בא א. מ. דיקן — לעכאָלאפּאָכעס, אין זײַנע דערציילונגען פון די 50-ער יאָרן — איז די אידעאליזאציע פונעם גווירישן שיכט געגעבן געוואָרן אין א באהאלטענער, האלב־פאר־מאסקירטער פאָרם. דאָס ראָוו ווערט גענומען פאר א אידעאל־פיגור די געשטאלט פון א גוויר ניט קיין היימישן. דער גוויר איז געוויינלעך אן אמסטערדאמער, א פראנקפורטער, אָדער גאָר פון דאמעסעק, און אויסער דעם, ווערט די געשיכטע גופע פארבונדן מיט אן עפּיזאָד, וואָס איז פּאָרגעקומען אין דער ווײַטער פארגאנגענהײַט און האָט אויסערלעך גאָר א קנאפּע שײַכעס צו דער קאָנקרעטערווירקלעכקײַט פון דיקס צײַטן. אזוי קומט עס פּאָר, לעמאָשל, אין א. מ. דיקס דערציילונג פון די 50־ער יאָרן „די אנטלאָפענע טאָכטער“ (דערשינען אין ווארשע, 1856, צענזור־דערלויבעניש 1855). מיר האָבן דאָ צו טון מיט א שפאנענדער ליבע־געשיכטע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין הויז פון א גרויסן גוויר, א פאבריקאנט 1), אָבער דיקס דערציילונג הייבט זיך אָן מיטן טראדיציאָנעלן זאץ: „פאר א יאָר הונדערט צוריק האָט געוווינט אין דער גרויסער שטאָט אמסטערדאם איין גרויסער גוויר“— דערמיט ווערט די אידעאליזאציע פונעם גווירישן שיכט אין א היפשער מאָס פארוואלירט און זי פארלירט איר אקטועלקײַט און מאמאָשעסדיקײַט. פארקערט אָבער, דאָרט, ווו א. מ. דיק האָט געפּרוווט צוגיין צו דער קאָנקרעטער נעגידישער סוויווע פון זײַן צײַט, האָט ער אין די 50־ער יאָרן נאָך ניט געקענט זיך אײַנהיטן פון א געוויסן סאטירישן טאָן, ווי, לעמאָשל, אין „כײַציקל אליין“ (דערשינען 1856, צענזור־דערלויבעניש 1855).

אף דעם פּראט וואָלט ניט קעדײַ געווען אזויפיל זיך אָפּשטעלן, ווען דאָ וואָלטן מיר ניט האָבן צו טון מיט א טראדיציע, וואָס האָט זיך אין דער ערשטער העלפט 19־טן יאָרהונדערט

1) דער סיוזשעט פונעם „שרעקליכן פײַער אין זאקראטשים“ וויקלט זיך אויך פאנאנדער ארום א ליבע־געשיכטע. מיר האָבן דאָ א פארוויקלטע אינטריגע, וואָס הייבט זיך אָן מיט א נאכט, ווען עס קומט פאָר א סרייפע אין זאקראטשים, ניט ווײַט פון ווארשע. בעיס דער סרייפע ווײַזט זיך ארויס מיט זײַן העלדישער טאט איינער א זון פון א ווארשעווער גוויר, שענפאטער. דער יונגער שענפאטער ראטעוועט ארויס פונעם פײַער אן אומבאקאנט מיידל, ער פארליבט זיך אין איר, און נאָכדעם זוכט ער זי אין משעך פון א לענגערער צײַט איבער פארשיידענע שטעט.

איַינגעבירגערט אין דער ליטעראַטור. א. מ. דיק האָט אין זיַינע ווערק אין די 50־ער יאָרן נאָר פאָרגעזעצט די טראַדיציע, וואָס האָט איר בוילעטסטן אויסדרוק געפונען אין גאָטלאָבערס „דעקטוך". „זעסטו, אין דיַיטשלאנד — זאָגט דער העלד פון גאָטלאָבערס „דעקטוך", יאָסעלע—זיַינען טאקע די עמעסע מעיוכאָסים—ראַפּאָפּאָרט, הורוויץ, לאַנדא און נאָך אזעלכע גליַיכן....... די היגע שקראַבעס אָבער זיַינען נאָר אומזיסט און אומנישט מעיוכאָסים".

דאָסזעלבע, וואָס בא גאָטלאָבערן, זעען מיר—האגאם אין אַן אנדער וואַריִאַציע—אויך בא אַקסענפעלדן. אקסענפעלד, וואָס אינטערעסירט זיך באַזונדערס שטארק מיטן פּראָצעס, ווי עס קומט אוף די ייִדישע גרויס־בורזשואַזיע און שילדערט עס אין עטלעכע ווערק, פּאַרהיט נאָך אין א היפּשער מאָס דיזעלבע באַציִונג. אין דער דראַמע „מאַן און וויַיב און שוועסטער און ברודער" פיגורירט בא אים א ייִדישער בורזשואַ, געקומען פון אויסלאַנד (ענגלענדער), און מע זעט, ווי צו דערדראָזיקער געשטאַלט ציִען זיך אקסענפעלדס סימפּאַטיעס און האָפענונגען. עמעס, אקסענפעלד זעט שוין אויך די ערשטע אַרויסטרעטונגען פון אַן אייגענעם היימישן טיפּ וועלטלעכן בורזשואַ (מיכל מאַצייווע, אָקסמאַן). אקסענפעלד באַטאָנט אָבער אין „שטערנטיכל" ווידער און ווידער, אַז אין דער אויספאָרעמונג פונעם נײַעם טיפּ האָט די גרעסטע ראָלע געשפּילט אויסלאַנד. אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט" בא אַקסענפעלדן זעען מיר נאָך איין כאַראַקטעריסטישע דערשיַינונג. קימאַט אפן זעלבן אויפן, ווי אויסלאַנד, פיגורירט דאָ אויך די שטאָט וואַרשע. מיר הערן, ווי עס ווערט געזאָגט וועגן דער צענטראַלער פיגור פונעם ווערק—אַרן קלוגער—דעם אופגעקלערטן ייִדישן בורזשואַ: „דאָס, וואָס דײַן טאַטע־מאַמע זיַינען אזוי פרי געשטאָרבן, איז געווען פאר דיר א גרויסע טיוווע, וואָרום זיי זאָלן ביידע געוועזן לעבן, וואָלסטו ניט מעגולגל געוואָרן קיין וואַרשע, וואָלסטו געבליבן א נעביוואַלער ייִדעלע"...

דאָסזעלבע ווערט באַטאָנט אויך אין אקסענפעלדס „קאַבצן־אוישער־שפּיל", ווו דער גוויר אַרן קלוגער דערציילט וועגן זיך, אַז ער איז אַלט געווען סאַכאַקל צוויי יאָר, ווען א פעטער האָט אים אוועקגעפירט קיין וואַרשע און דאָרטן אים געגעבן די נײַטיקע בילדונג און דעם וועלטלעכן קוק אף אַלעס, וואָס טוט זיך אַרום.

געדאַליע בעלויס ביכל איז דערמיט אינטערעסאַנט, וואָס דאָ קומט שוין צום וואָרט די וואַרשעווער ייִדישע בורזשואַזיע גופע. מיר זעען דעם מאָמענט, ווען די פּויליש־ייִדישע בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך פריִער געהאַט אַרופגעאַרבעט אף א מער פעסטער סאָציִאַל־עקאָנאָמישער פּאָזיציע, פּרעטענדירט שוין אף אויטאָריטעט, זי פאַרמאָגט שוין גלויבן אין זיך, אין איר מאָרגנדיקן טאָג. אָט דערדאָזיקער מאָמענט וועט, ווי מיר וועלן וויַיטער זען, באַשטימען דעם גאַנצן כאַראַקטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין פּוילן אין די 50־ער און 60־ער יאָרן. בא ג. בעלוי האָבן מיר דעם ערשטן סימפּטאָם פון אזא איבערבראָך, דערפון נעמט זיך דער אונטערגעשטראָכענער טאָן פון דער דורכויסיקער אידעאַליזאַציע. אין געדאַליע בעלויס „פּײַער אין זאַקראַטשים" האָבן מיר איין טאָן פון אידעאַליזאַציע אין דער שילדערונג פון ע ט ל ע כ ע נעגידישע הײַזער. פּונקט אזוי האָבן מיר דאָ איין און דעמזעלבן טאָן אין דער שילדערונג פון די נעגידישע קינדער, דער צוקונפט פון דער ייִדישער בורזשואַזיע. אָט איז די שילדערונג פון דעם גוויר שענפאַטערס זון:

„דער יונגער מענש, וואָס וויר האָבן אים דאָ געזעען בא דער סרייפע, איז געוועזן נאָסן דער זון פון ר׳ אוונער שענפאַטער, איין רײַכער ליוועראַנט אין וואַרשע.....

דער יונגער שענפאַטער, זײַן זון, איז געוועזן קלוג, געשיקט, באַרעמהערציק קעגן איין אָרעמען און ערלעך אין האנדל ווי זײַן פאָטער. ער האָט געענדיקט די קלאַסן פון די ראַבינער־שולע אין וואַרשע, האָט באַזיצט פון פיר ביז פינף שפּראַכן, האָט זייער שען געשריבן און האָט אויך געקאָנט שפּילן אף דער פידל גענוג גוט פיר זײַן געברויך, און וויַיל דער פאָטער, ר׳ אוונער, האָט אין נאָוואָגעאָרגעווסקי אויך געהאַט איינע פון זײַנע געשעפטן און האָט געוואָלט זײַן זון באַקאַנט מאַכן צווישן מענשן און געוווסט האָט ער,

דאָס עס איז זיך דאָ אויף װעמען צו פאַרלאָזן, האָט ער זײַן זון נאָסן אויף זײַנע שטעלע קיין נאָװאָגעאָרגעװסקי געשיקט..."

װען מע לייענט געדאַליע בּעלויס בּוך, זעט מען נאָך פון די ערשטע זײַטלעך, אַז דער מעכאַבּער װיל דעם יונגן שענפּאַטער פאַרװאַנדלען אין אַ ראָמאַנטיש־באַפאַרבּטע העלדישע פיגור. די ראָמאַנטיק האַלט זיך אָבער ניט אָף װעלכער עס איז געזעלשאַפטלעכער טאַט פונעם יונגן העלד, װאָס האָט געענדיקט די ראַבּינער־שול. אַבּסאָליוטער אינדיפערענטיזם צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט כאַראַקטעריזירט אָט דעם יונגן שענפּאַטער. דער העלד איז דאַסמאָל אויך ניט די פּאַרקערפּערונג פון „ייִדישקײַט" און פרומקײַט. ער איז אָבער דער העלד פון אַ שיינער ראָמאַנטישער ליבּע, און די ראָמאַנטיק פון אָט דער ליבּע דאַרף עס באַשיינען אויך אים, דעם העלד פונעם װאַרשעװער גזשיבּאָװ, דעם ציװיליזירטן זון פונעם רײַכן ליװעראַנט.

„אין דעם אַנדערן יאָר, אין איינע פון די שענע טאָגע, װאָס טרעפן זיך אין כוידעש עלול, װען טאָג און נאַכט זיינד גלײַך. די זאָנע האָט נאָך גוט געװאַרעמט. אירע שטראַלן האָבּן באַשײַנט די געגנט פון זאַקראָטשים און האָבּן געטריקנט די בּלעטער, װעלכע דער אַנגענעמער און װאַרעמער װינט האָט אַראָפּגעיאָגט פון טייל בּיימער. עס איז געװעזן איין שאָ פון זאָנע־אונטערגאַנג. אין דער שטאָט איז שוין געװען האַלבּטונקל דורך די שװאַרצע אָנגעבּרענטע הײַזער, װעלכע דאָרט זינד נאָך געבּליבּן נאָך דער שרעקלעכער סרייפע. דער הויכער בּאַרג אָבער, װעלכער דאָרט איז הינטער דער שטאָט, האָט אויסגעזען אינגאַנצן װי פון גאָלד, װײַל דאָרט האָט די זאָנע נאָך געשײַנט, װי אין מיטן טאָג. אויף דעם בּאַרג איז אומגעגאַנגען הין און הער אונזער בּאַקאַנטער נאָסן. ער האָט געקוקט פון װײַטן אויף די שענע װאַסערן פון דער װײַסל און פון דער נערעװ, װי בּיידע גייען בּײַזאַמען אין איין אָרט און מישן זיך איינס מיט דאָס אַנדערע ניט אויס. איינס זעט אויס װי קרישטאָל, און דאָס אַנדערע װי איין שפּיגל אין דער שאָטן. ער האָט געזעען שװימען אָף דאָס װאַסער טראַטװעס מיט מענשן פון קראָקע (מוז זײַן נאָך דאַנציק) און װי טייל זיצן הערום בּאַ איין פײַער, קאָכן זיך עסן און זינגען זיך דערבּײַ לוסטיקע לידער. ער האָט געקוקט, געזעען, און זײַנע געדאַנקען זינד דאָך געװעזן װײַט פון דער שענער געגנט. זײַנע זינען האָבּן אַרומגעשװעבּט קימאַט אין דער גאַנצער װעלט און האָבּן געזוכט די פרייד פון זײַן הערץ..."

װי װײַט איז דאָס אַלעס פון דעם, מיט װאָס עס איז אין די 50־ער יאָרן געװען בּאַשעפטיקט די ייִדישע ליטעראַטור. אַקעגן דעם טרוקענעם, ראַציאָנאַליסטישן טאָן פון אַ. מ. דיקס דערציילונגען װערט אַרויסגעשטעלט אַ נײַער סענטימענטאַל־ראָמאַנטישער נוסעך, װאָס בּאַציט זיך דאַסמאָל שוין ניט אָף עקזאָטישע אַמסטערדאַמער און דאַמעסעקער העלדן. געדאַליע בּעלויס אָפּטו בּאַשטייט גראַדע דערין, װאָס ער נעמט אַ געשטאַלט פון דער אַרומיקער נעגידישער סוויװע און װיל זי דערהייבּן דורך אַ ראָמאַנטישער ליבּע. װי פּרימיטיװ עס זאָלן נאָך דערבּײַ ניט זײַן זײַנע מיטלען, טרעט דאָך די טענדענץ אַרויס בּוילעט און קלאָר.

„קוים האָט די זאָנע אויפגעשײַנט, האָט ער זיך אויפגעריסן פון זײַנעם געלעגער, בּיז מיטאָג איז ער געװען פאַרטאָן אין זײַנעם פאַטערס געשעפטן, נאָך מיטאָג אָבּער איזט ער הערויס פון נאָװאָגעאָרגעװסקי צו פוס און איזט נעבּן דער װײַסל גלײַך נאָך זאַקראָטשים געגאַנגען. יעצט זעען װיר אים, װי ער שטייט אויף דעם הויכן בּערג, װי ער קוקט פון אַלע זײַטן. װעמען זוכט ער דאָס דאָ? צי ער האָט דאָ װאָס פאַרלוירן? ער זוכט דעם נעכטיקן טאָג, און עפּשער גאָר דעם טאָג, אין װעלכן ער האָט הערויסגערעטעט פון פײַער זײַנע געליבּטע און גאָר אומבּעקאַנטע. ניין. דיזע טאָגע זינד שוין פערבּײַ. דיזע טאָגע קאָמען שוין ניכט מער צוריק..."

מיט 30 יאָר שפּעטער, װען אין דער ליטעראַטור האָבּן זיך שוין געהאַט באַװיזן שאָלעם־אַלייכעמס, פּערעצעס װערק, װען מענדעלע האָט נאָר־װאָס געהאַט אָף אַ נײַעם

שטייגער־אויפן איבערגעארבעט דאָס ווערק, וואָס האָט דערציילט וועגן א ראָמאַנטישער ליבע — „פּישקע דעם קרומען“ — צו יענער צײַט האָבן שוין אזעלכע שורעס, ווי מיר האָבן נאָר וואָס ציטירט, גענומען גילטן, ווי דער אָפּפאַל פון א לאנג שוין דורכגעמאכטער ליטעראַרישער טקופע, ווי דאָס אזויגערופענע „שאָמערישע“ אין דער ליטעראַטור. אין די 50־ער יאָרן אָבער איז דער נוסעך, ווי בעלוי האָט געפּרווט שילדערן די ראָמאַנטישע ליבע פון זײַן ווארשעווער העלד, געווען פאר דער ליטעראַטור — אפילע פון ריין־פאָרמעלן שטאנדפּונקט — אן אומגעריכטער סיורפּריז. אין דער גרעסטער טייל דערציילונג איז דער סענטימענטאַל־ראָמאַנטישער נוסעך אויסגעהאלטן אף דורך און דורך. ג. בעלוי האלט די גאנצע צײַט דעם העלד זײַנעם אין אָנגעשטרענגטן צושטאנד, וואָס ווערט באזונדערס געשטארקט דורך די געהיימניספולע באגעגענישן מיט דער אומבאקאנטער (איינמאָל — אף דעם בײַסוילעם אין זאקראטשים, דאָס אנדערע מאָל — אינמיטן גאס אין שטאָט ווארשע, ווו די אומבאקאנטע באווײַזט זיך אף א רעגע און פארשווינדט). מיר האָבן דאָ דעם טיפּישן „ראָמאנטישן“ זשעסט — די לאנגע שפּאצירגענג, ווען דער העלד בלײַבט איינער אליין מיט דער נאטור. מיר זעען דאָ אויך א צווייטן — העכסט־„ראָמאַנטישן“ זשעסט: דאָס ארומטראָגן זיך מיט דער אומבאקאנטערס פּאָרטרעט, וואָס דער העלד האָט אליין לויט זײַן זיקאָרן געצייכנט.

געדאליע בעלוי וויל אפילע דערין פארבלײַבן געטרײַ דעם סענטימענטאַל־ראָמאַנטישן נוסעך פון זײַן דערציילונג, וואָס ער לאָזט זײַן העלד שארף ארויסטרעטן קעגן דעם מאָלכאמאָוועס פון יעטווידער „ראָמאַנטישער“ ליבע: קעגן דעם שאדכן.

„ווײַט אָבער זינד זײַנע געדאנקען געוועזן פון דעם, דאָס ער זאָל וועלן מיט איין אנדערעס פרויענצימער כאסענע האָבן, ווײַט געפּעלט האָבן זײַנע עלטערן, וואָס האָבן געמיינט דאָס. דעם יונגן שענפּאטער אירעם זון איז נאָך ביז איצט קיין שידעך אויף די געדאנקען געקומען. גאנץ אנדערשט איז עס געוועזן מיט אונזער נאָסן...“ [1])

שיר ניט די „ליידן פונעם יונגן ווערטער“ שפּילן זיך אָפּ דאָ אין געדאליע בעלויס „שרעקליכן פײַער אין זאקראטשים“. דאָ איז אלץ געהיימניספול, דאָ איז אלץ באשײַנט מיט דער הויכער ראָמאַנטישער ליבע, דער ערשטער ליבע, וואָס עס האָט געשפּילט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור די ייִדישלעך־אייראָפּעיִזירטע בורזשואזיע פון שטאָט ווארשע. צופיל אײַנגעפּונדעוועט זײַנען אָבער געווען אין אָט דער ייִדישער בורזשואזיע די באלעבאטיש־ייִדישלעכע טראַדיציעס, צו געמיין איז געווען דער אידעיִשער אינהאלט פון איר אָקאָרשט־איבערגענומענער „ציוויליזאציע“, צו קליין אירע האסאָגעס און פארלאנגען, אז עס זאָל אין אָט דער סוויווע אויסוואקסן עפּעס ענלעכס צו דער געשטאלט פון א יונגן ווערטער. און מיר זעען ווירקלעך, ווי אונטער דעם ראָמאַנטישן מאנטל פונעם ווארשעווער העלד אנטפּלעקט זיך אינגיכן א ווארשעווער באלעבעסל, די געהיימניספולע ליבע באַקומט א אומערטערגלעך־זיסן פינאל, און די דערציילונג זינקט מיטאמאָל אראָפּ צו יענעם טרוקן־באלעבאטישן שטייגער, וואָס מיר האָבן אין אסאך ענלעכע דערציילונגען בא א. מ. דיקן. דער מאָטיוו, וואָס איז פארקערפּערט אין דער ערשטער העלפט פון בעלויס דערציילונג, פארלירט אָבער דערפון ניט זײַן גרויסע סימפּטאָמאטישקײַט. מיר האָבן דאָ פאר זיך א פאל, וואָס באווײַזט, ווי די ייִדישע בורזשואזיע פון פוילן רוקט ארויס נאָך אין די 50־ער יאָרן איינעם א שרײַבער, וואָס וויל באם שײַן פון פארפרומטער אידע־

1) די אָפּטע איבערכאזערונגען („ווײַט אָבער זינד זײַנע געדאנקען געוועזן . . . , ווײַט געפּעלט האָבן זײַנע עלטערן“... אָדער: „דיזע טאגע זינד שוין פערבײַ. דיזע טאגע קומען שוין ניכט מער צוריק“... אָדער: „דאָך אָבער איז ער ניכט אומזאָנסט היר הער געקומען. דאָך אָבער האָט אים דאָס הערץ געצויגן ניט בעכינעם...), די ריטאָרישע פיגורן, ווי, לעמאָשל, פראגעס: „וועמען זוכט ער עס דאָ? צי ער האָט דאָ וואָס פארלוירן?“ אָדער פּאטעטישע רעפּליקעס פונעם מעכאבערס נאָמען: „יאָ! ער האָט זיך אײַנגעשטעלט זײַן לעבן, ווײַל ער האָט געהערט איין יעמערלעך געשריי...“ — דאָס אלעס זײַנען טראַדיציאָנעלע שפּראכלעכע שטריכן פון יענעם געהויבענעם סענטימענטאַל־ראָמאַנטישן נוסעך, וואָס ג. בעלוי פּרוווט ארײַנפירן אין זײַן דײַטשמערישער דערציילונג־מאניר.

אליזאציע שילדערן די קאָנקרעטע נעגידישע סוויווע, ער געפינט זיך זײַן העלד, ער ארבעט אויס זײַן ראָמאנטיש־באַפארבטן סטיל, וואָס דארף פארקערפערן אָט די טענדענץ צו אידעאַליזאציע. און אָט דער ערשטער פרווו, ווי באשיידן זײַן קינסטלערישער עפעקט זאָל ניט זײַן, פירט ער אונדז אפן בעסטן אויפן אריַין אין דער סוויווע פון די ווארשעווער מעכאבּרים אין 50־ער—60־ער יאָרן.

II

## א. ב. רוף און זײַן ארויסטריט קעגן אקסענפעלדס „שטערנטיכל"

קימאט איינצײַטיק מיט געדאליע בעלוי באווײַזט זיך אין דער ווארשעווער יידישער סוויווע אין די 50־ער יאָרן א צווייטער מעכאבער מיטן נאָמען אוויגדער־בראכיע רוף. דער־דאָזיקער מעכאבער איז ביז גאָר דער לעצטער צײַט אפילע ניט געווען פארצייכנט אין דער יידישער ביבליאָגראפיע. ערשט דאָ ניט לאנג, אין 1928 יאָר, האָט ש. ניגער אין זײַנעם אן ארטיקל וועגן א. מ. דיקן (ניו־יאָרקער „פנקס", 4 העפט) דערמאנט דעם נאָמען א. ב. רוף. אָט וואָס ש. ניגער שרײַבט דאָרטן:

„מיר איז באקאנט א יידיש מײַסע־ביכל פון דעם יאָר 1857, אלזאָ פון פאר די 60־ער יאָרן. דאָס איז די „היסטאָריע פאן אלגירדען איין פישערס זאהן מיט דעם ווינדערבּארען רינג... די געדאנקען געגאָממען פאָן פּאָלנישע אונד דײַטשע ביכער, געשריבען דורך אביגדור ברכ"י רוף אין יאָהר 1857" (אין צוויי טייל. דרוק־ארט ניט אָנגעגעבן). דערזעלבּי־קער פארפאסער האָט אין יאָר 1866 פארעפנטלעכט א ביכל „דער בין הזמנים אָדער בין רגל לרגל אָריגינאל געשריבען פון אביגדור ברכ"י רוף", ווארשע, 1866. אין דער ערשטער אויסגאבע פון „לעקסיקאָן" איז דער נאָמען רוף ניטאָ. אָבער ווען אפילע אוויגדער רוף וואָלט פארעפנטלעכט זײַן ביכל ניט ערשט 1857, נאָך דיקס דעביוט, נאָר פריִער, וואָלט מען אים אויך ניט געקענט רעכענען פארן אָנהייבער פון דער האסקאָלע־בעלעטריסטיק. זײַן „היסטאָריע" איז ניט אָריגינעל, זי איז „גענאָממען פאָן פּאָלנישע אונד דײַטשישע ביכער", און דער איקער איז, וואָס איר צוועק איז געווען פראָפּיט, ניט אויפקלערונג און ניט ליטעראטור ביכלאל. „זא באלד איך ווערדע זעהען—לאָזט ער אויס זײַן דײַטשמערישע פאָרעדע—דאס עס זיך מיט פראָפּיט אויספארקויפּס, ווערדע איך שענערע היסטאָריעס שרײַבען".

ווען מע לייענט דידאָזיקע שטעל אין ש. ניגערס ארטיקל, קומט מען צום באשלוס, אז די קאָלעקציע טיפּיזינקע ליטעראטור־היסטאָרישע כקירעס, וואָס מיר געפינען אין ז. רייזענס „לעקסיקאָן", איז נאָך ווײַט ניט אויסגעשעפּט. פון ש. ניגערס באמערקונג וואָלט מען גע־קענט מיינען, אז ער פארמאָגט בעעמעס דאָקומענטאלע באווײַזן דערוף, וויאזוי א. מ. דיק האָט זיך אין זײַן ליטערארישער טעטיקײַט אָפּגעהיט פון אוועלכער עס איז מאכשאָווע וועגן „פראָפּיט". און וואָס וועט זאָגן ש. ניגער, ווען ער וועט ווידער איבערלייענען מענ־דעלעס צושריפט צום פינפטן אקט פון דער „טאקסע", ווו עס ווערט אויך גערעדט וועגן „אָפּלייזן פאר דערדאָזיקער מײַסע", וועגן דעם מעקעך פון א „דיק" און א „דין" ביכל א. אז. וו...?

באזונדערס מאָדנע זעט אויס ש. ניגערס אָפּשאצונג, ווען מע נעמט אין אכט, אז ש. ניגער האָט געהאט אונטער די הענט אויך רופס בוך „בין הזמנים". א. ב. רופס „בין הזמנים" איז איינער פון די אינטערעסאנטסטע קינסטלערישע דאָקומענטן פון די 60־ער יאָרן, א דאָקומענט, וואָס איז באזונדערס מערקווירדיק דערפאר, ווײַל דאָ האָבן מיר (ווי עס ווײַזט אָן א. ב. רוף גופע) א מין ענטפער אף י. אקסענפעלדס „שטערנטיכל". מיר דערוויסן זיך פון א. ב. רופס „בין הזמנים", וויאזוי א גאנצער שיכט פון דער פויליש־יידישער סוויווע האָט אופגענומען י. אקסענפעלדס סאטירישע ווערק, וויאזוי אָט דער שיכט האָט געפרווט ארויסשטעלן קעגן אקסענפעלדס קינסטלערישער שילדערונג א צווייטן ארט

קינסטלערישע שילדערונג, וואָס זאָל רעאבּיליטירן דאָס כסידעס. איז אָט דאָס אלעס האָט עס געזאָלט באשטעטיקן ש. ניגערס באציִונג צו א. ב. רוף, דעם פיליסטעריש־אידעאליסטישן קוק אף דער ראָלע פון „פּראָפּיט" אין דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראטור ?..

ווער איז אָבער געווען אינדערעמעסן א. ב. רוף ?

אויסער די צוויי ביכלעך, וואָס עס דערמאָנט ש. ניגער, זײַנען אונדז באוווּסט נאָך אייניקע אנדערע, און אלע צוזאמען גיבּן זיי א מעגלעכקײַט אין גאנץ אלגעמיינע שטריכן אָנמערקן דעם וועג, וואָס עס מאכט דורך א. ב. רוף.

נאָכדעם, ווי די „היסטאָריִע פון אלגירדען"[1]) איז דערשינען, גייען אוועק גאנצע אכט יאָר איידער א. ב. רוף הייבּט אָן ווידער דרוקן זײַנע ביכלעך. און דאן דערשײַנען אין 1865 יאָר נאָכאנאנד דאָס ביכל „אדעליִע־ראָזע מיט דעם קליינעם גליק" און דער ערשטער טייל פון „רינאלדא רינאלדיני" [2]). אין דער פאָרעדע צו „אדעליע־ראָזע" שרײַבּט א. ב. רוף: „ליבּע לעזער, איך האָבּע אײַך פערשפּראָכן אין מײַנע היסטאָריִע אלגיִרד מיט די וווּנדערבּארע רינג, וועלכע איר שוין געוויס געלעזן האָט, זא בּאלד איך ווערדע פיר מײַנע מיע פאָן אײַך בּעלאנט ווערדן, בּין איך בּערייט אײַך מיט נאָך איינע צו דינען... זא האלט איך מײַן וואָרט אונד געבּבּע אײַך איינע נײַע היסטאָריע... איר ווירד אויך דרינען געפינען מאָראלישע ווערטער... איך בּין זיכער, דאָס איר ווירד דיזעס ווערקכען זאָ גוט שעצן ווי מײַנע ערשטע אויסגאבּע"...

א. ב. רוף טײַנעט זיך ביכלאל אויס גאנץ ברייטלעך מיטן לעזער. ער פירט ארײַן גאנץ בּאריידעוודיקע שמועסן וועגן דעם, ווי מע דארף געטרײַ דינען דעם קייסער אלעקסאנדער דעם צווייטן און זײַן רעגירונג, ער רעדט אויך וועגן דערציִונג פון קינדער,—מיט איינעם וואָרט, דער עלעמענט פון מוסער אף היימישע בּאקאנטע טעמעס הייבּט אָן דורכדרינגען די איבּערזעצונג פון דער פּרעמדארטיקער, אויסטערלישער געשיכטע. עס טרעפט זיך אָבער, אז אין דעם איבערגעזעצטן ווערק קומען אויף פרײַע וועלטלעכע מאָטיוון, דעמאָלט האלט א. ב. רוף פאר נייטיק זיך צו פארענטפערן פארן לייענער. אזוי שרײַבּט, לעמאָשל, א. ב. רוף אין „אדעליע־ראָזע":

„איך האבּע מיך בײַ דער היסטאָריִע פאָן אלגירדן, וועלכע איר האָט שוין געוויס געלעזן, אויך זאָ געפירט עטוואָס מאָראל ארײַנצושרײַבּן. דאָ בּין איך אָבּער געצוווּנגען מיך צו פארענטפערן. דיזע היסטאָריִע פינגט אָן עטוואָס ראָמאן צו שמועסן. דיזעס איזט בּעקאנט ווען איין זאָלכעס צו איינעם אָנקומט, וועלכער זאָגט ער איז פרום, דאָ איזט שוין בּא אים די היסטאָריִע פארניכטעט. זע ווי נאריש דאָס איז... אנדערע שפּראכן גיבּן פלייסיק זאלכע ווערקע הערויס אום די וועלט צו צייגן, איבּערהויפּט אונזערע יונגע מענשן זאָלן זיך איין בּײַשפּיל נעמען, וואָס פון ראָמאן ארויסקומען קען, מען זאָל זיך ויסן ווי אזוי צו היטן, און בּא אונז ייִדישע קינדער זאָגט מען שוין אף דעם פּארפּאסער (מחבּר) ער איז איין אפּיקוירעס"...

---

[1]) אן עקזעמפּליאר פון דעם בּוך געפינט זיך אין לענינגראדער עפנטלעכער מעלוכע־ביבּליאָטעק. דאָרט איז מיר, אגעוו, אויסגעקומען צו זען נאָך צוויי אנאָנימע אויסגאבּעס פונעם זעלביקן בּוך. איינע איז דערשינען אין אָדעס 1872, די אנדערע אין ווארשע 1873. אין בּיידע אויסגאבּעס איז קיין וועזנטלעכע שינויִם אין טעקסט ניט געמאכט געוואָרן. ס'איז נאָר ארויסגעוואָרפן די האקדאָמע פונעם מעכאבּער, און אנשטאָט דעם פריִעריקן אונטערקעפּל „דיא געדאנקען גענאממען פאן פאלנישע אונ דײַטשע ביכער" האָט מען איבערגעלאָזט: „דיא געדאנקען איז ארויסגענומען געוואָרן פון דײַטשע ביכער".

[2]) „אדעליע־ראָזע מיט דעם קליינם גליק, געשיכטע וויא איין געשטאהלען קינד איז געראטעטעט געוואָרען פאן איהרן פאלשע מיטטער אויף איינע ווינדערליכע ארט דורך אביגדור בּרכי' רופ". אן עקזעמפּליאר געפינט זיך אין לענינגראדער עפנטלעכער מעלוכע־בּיבּליאָטעק; „רינאלדא רינאלדיני, בּעשרײַבונג פאן דעם שרעקליכען איטאליענישען רייבּער ער וואר איין רייבער הויפּטמאן איבּערזעצט פאן פּאָלנישען דורך אביגדור בּרכי' רופ". אן עקזעמפּליאר געפינט זיך אין ייִדישן אָפּטייל פון דער אלוקראיִנישער פאָלקס־ביבליִאָטעק אין קיִעוו.

נאָך אין זעלבן יאָר 1865 נעמט זיך א. ב. רוף פאַר א גרעסערער ארבעט אף דעם געביט פון איבערזעצונגען. ער הייבט אָן איבערזעצן דאָס באַרימטע בוך „רינאַלדא רינאַלדיני". דער ערשטער טייל פונעם בוך (112 זײַטן) איז דערשינען 1865, דער צווייטער טייל (112 ז.), דער דריטער (ז. 96) און דער פערטער (108 ז.) זײַנען דערשינען 1866. א. ב. רוף שרײַבט אין דער פאָרעדע צו דעם ערשטן טייל „רינאַלדא רינאַלדיני": „אבוואל עס איזט שוין אין אנדערע שפראכן איינע אלטע אויסגאבע אָבער אין דער ייִדישער דײַטשער שפראכע איז עס דאָך דאָס ערשטע מאָל געשריבן. דערפון קען מען איין מאָראל (מוסר) אָפּנעמען מאג איינער איין העלד זײַן אונד דערבײַ ווילטעטיק, ווען ער אָבער מיט שלעכטע גזעלינשאַפֿטן פאַרוויקלט איצט, קען ער קיינע גוטע ענדע האָבן. מיינסט דו דען ליבער לעזער דאָס עס איזט נאָר בא רויבערײַ? עס איזט אין אלע הינזיכטן שעדלעך...

. . . . . . . . . . . . איבער דעם, איר יונגע מענשן, וועלכע ווייניק באשעפטיקט זינד מיט די לערע איבערהויפּט, וועלכע איבער זיך ווייניק אויפזעערס האָבן, נעמט אײַך בעסער צו לערנען ניכט צום ליידיק גיין, צו איין פּראָפעסיִע (מלאכה). די צײַט איזט שוין פערבײַ (פאַר) אומגעבילדעטע מענשן. אלע מוזן קענן ווי ווײַט מעגלעך איזט. ווערדן אײַך אײַערע אלטע יאָרן דאנק זאָגן. איבערזעצער".

ווי מיר זעען, איז א. ב. רוף ווידער זיך געבליבן טרײַ: ווו נאָר עס לאָזט זיך, פאַרפאַרבט ער די אַוואַנטיוריסטישע „היסטאָריִע" מיט אביסל מוסער. ער גיט אָבער אכטונג, אז דאָס זאָל ניט אָפּשרעקן דעם לייענער, און אין איין אָרט (אין „אדעליע ראָזע") שרײַבט ער אפילע: „איך בעט אײַך, ליבע לעזער, עס זאָל אײַך ניט פאַרדריסן, ווײַל איך שרײַבע אינדערמיט אנדערע ווערטער, וועלכע קיין שלאָס מיט די היסטאָריִע האָט". אין „רינאַלדא רינאַלדיני" האָבן די „אנדערע ווערטער" ווירקלעך פאַרנומען גאָר א באשיידן אָרט — זיי זײַנען קימאַט ווי פאַרשוווּנדן, און מיר האָבן דאָ א טיפּישע איבערזעצונג.

א. ב. רוף האָט אָבער געהאַלטן, אז זײַן באַרוף איז ניט נאָר צו זײַן אן איבערזעצער. טרעט ער אַרויס אין 1866 מיט זײַן בוך „בין הזמנים", ווו עס שטייט בעפיירעש אָנגעוויזן: „אָריגינאל געשריבן פון אביגדור ברכ"י רוף". דער „בין הזמנים" איז בעעמעס געווען אף דורך און דורך א. ב. רופס אָריגינעל ווערק. נאָך מער: דאָס בוך „בין הזמנים"" באַווײַזט, אז דער מעכאבער איז געווען א שרײַבער פון באַרוף. לויטן ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערט שטייט זײַן „בין הזמנים" ניט פיל נידעריקער פון אנדערע באַדײַטנדיקע ווערק אין אונדזער ליטעראַטור פון די 60־ער יאָרן, ווי, לעמאָשל, דער ערשטער וואַריִאַנט פון מענדעלעס „קליינעם מענשעלע" [1]). א באַזונדערן אינטערעס באַקומט עס אָבער, ווען מע שאַצט ריכטיק אָפּ דעם אידעאָלאָגישן ווערט פונעם בוך. מיר האָבן דאָ פאַר זיך א ווערק, ווו עס קומט צום אויסדרוק די רעאַקציאָנערע אידעאָלאָגיִע פון יענע בורזשואַזע־קלעריקאַלע קרײַזן, וואָס זײַנען אין דער ייִדישער ליטעראַטור קימאַט ניט געקומען צום וואָרט אין די 60־ער יאָרן.

אויב אין גערדאַליע בעלויס „שרעקליכן פײַער אין זאַקראַטשים" האָבן מיר געהאַט דעם ערשטן פרווו צו שילדערן אפן פאָן פון א פאַרפרומטער אידעאַליזאַציע קאָנקרעטע געשטאַלטן פון דער ייִדיש־פּוילישער בורזשואַזיע, אויב דאָרטן ווערן דידאַקטישע געשטאַלטן נאָך אַרומגעוועבט מיטן אָטעם פון אַבסטראַקטער סענטימענטאַל־ראָמאַנטישקײַט, טרעפן מיר דאָ, בא א. ב. רופן, א ווײַטערע סטאַדיע אין דער שילדערונג פון דער גרויססטאָטישער ייִדישער בורזשואַזיע. גערדאַליע בעלוי אידעאַליזירט נאָך בלויז די שיינע, איידעלע געפילן פון דעם וועלטלעכן ייִדישן בורזשואַ, א. ב. רוף שטעלט שוין אוועק אָט דעם נײַעם טיפּ בורזשואַ אין צענטער פון די אקטועלסטע לעבנס־פּראָצעסן, ער אַפּעלירט שוין צום באַוווּסטזײַן פון דעם נײַ־מאָדישן ייִדישן גוויר, ער זוכט מיט זײַנעם, דעם גווירס, אווטאָריטעט צו פאַר־

1) ניט דאָ איז דאָס אָרט, פאַרשטייט זיך, צו רעדן גענויער וועגן דעם ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערט פון דעם בוך. מיר ווילן דאָ נאָר באַמערקן, אז די שפּראַך אין „בין הזמנים" איז ניט אלעמאָל ענלעך צו יענעם דײַטשמעריש, וואָס מיר טרעפן אין רופס איבערזעצונגען. עס וואַרפט זיך אויך אין די אויגן א געוויסע האַשפּאָע פון אקסענפעלדן סײַ אין דער שפּראַך, סײַ אין דער אלגעמיינער מאַניר צו שרײַבן, וואָס מיר זעען אין „בין הזמנים".

ענטפערן וויכטיקע סאָציאַלע פּראָבלעמען. דערבײַ האלט זיך א. ב. רוף קימאט די גאנצע צײַט בּא איין גלײַכער אידעאָלאָגישער ליניע.

די היפּשע צאָל קינסטלערישע שילדערונגען, וואָס זײַנען פאראן אין דעם בוך, זײַנען דורכגעדרונגען מיט איין קאוואָנע,—און וואָס רופס קאוואָנע איז, דאָס זעט מען פונעם נאָכוואָרט צום „בין הזמנים", ווו עס רעדט קלוימערשט דאָס ביכל אליין:

„ליבער טײַערער לעזער! איך ביטע זייער מיך נישט צו פאראכטן אונד צו זען מײַנע ווערטער מיט ריינע געדאנקען גוט באטראכטן, וואָרום דער מענש, וואָס פּאָרשט אימער די ווארהײַט צו ויסן, וועט זעלבסט שוין פארשטיין מײַן פארפאסערס ערליכע אונד ריינע געוויסן, נישט אזוי ווי דער (מחבר), וואָס האָט דעם שטערין טיכל געמאכט אָדער שבת חנוכה אין מעזיבוז מיט פאלשע געדאנקען אויסגעטראכט, וועלכער האָט מיט זײַנע ווערטער אלע גוטע אידן אויסגעלאכט, אויך אנדערע אונד פארשיידענע הייליקע זאכן האָט ער זייער פאראכט. ניין! דאָס האָט מײַן פארפאסער נימאלד ניט געדענקט אונד געמיינט, דעם ווארן כאָסיד אונד פרומע אידן האָט ער נאָר בעשיינט, ווען דאָס יונגוועדק וועלין זיך צו דעם אָרדענטליכן אויפפירונג קוויילען, וועט זיך געוויס אלע געפערלעכע פעלער גאנץ געשווינד אויסהיילן, אלע וועלן מײַן פארפאסער זייער דאנקען אונד ליובן זײַנע זיטן אונד וועלן נישט שפּאָרן קיין געלד מיך אָפּצוגילטן, דען דאָס ווערק וועט זײַן געוויס בערימט צווישן חכמים ונבונים, אויך דערצו פּאסט מיר זייער דער טיטל בין הזמנים"[1].

ווען מע לייענט דאָסדאָזיקע נאָכוואָרט, קען מען טכילעס מיינען, אז דאָ האָבן מיר פאר זיך אן איראָנישע ווענדונג צום לעזער, איינע פון די ווענדונגען, וואָס זײַנען אין יענע צײַטן אזוי געווען פארשפרייט אין דער ליטעראטור. ס'איז אָבער גענוג אײַנצולייענען זיך אין די ערשטע זײַטלעך פונעם בוך, קעדיי צו זען, אז דער מעכאבער איז ניט אויסן צו איראָנעיזירן. דאָס נאָכוואָרט דריקט אויס די הויפּט־טענדענץ, וואָס ציט זיך דורך דעם גאנצן בוך. און נאָך איז קלאָר, אז מיט די ווערטער: „דער מעכאבער, וואָס האָט דעם שטערין טיכל געמאכט אָדער שבת חנוכה אין מעזיבוז מיט פאלשע געדאנקען אויסגעטראכט"—דאָ מיינט מען י. אקסענפעלדן. אף אקסענפעלדס „שטערנטיכל" איז 1866 נאָך נישט שפּעט גענוען צו רעאגירן. דאָס ווערק איז דערשינען 1861—סאכאקל מיט עטלעכע יאָר פארן „בין הזמנים", און ווײַל קיין נאָמען פונעם מעכאבער איז אפן „שטערנטיכל" ניט געווען אָנגעגעבן, האָט א. ב. רוף קיין אנדער בריירע ניט געהאט, ווי ארויסצוטרעטן קעגן דעם אנאָנים, דעם מעכאבער פונעם „שטערנטיכל".

די קאוואָנע רופס איז דערבײַ געווען א גאנץ פּאָשעטע. העיויס ווי אקסענפעלדס „שטערנטיכל" האָט שארף אויסגעלאכט די גוטע־אידן, האָבן געוויסע בורזשואז־קלעריקאלע קרײַזן, וועמען עס זײַנען געווען נאָענט די אינטערעסן פונעם „רעבינס הויף", געוואָלט לאָקאליזירן דאָס בייז פון אקסענפעלדס סאטירע. עמעצער אנדערש אף רופס אָרט וואָלט עפּשער געענטפערט אקסענפעלדן אף א סקארבאָוון מאגידישן אויפן פון יענער צײַט. א. ב. רוף האָט אָבער ניט פארגעסן, אפּאָנעם, אז די גאנצע קראפט פון אקסענפעלדס „שטערנטיכל" ליגט אין די שילדערונגען, וואָס זײַנען דאָרט געגעבן געוואָרן. האָט מען דעריבער געמוזט קעגן אקסענפעלדן קעמפן מיט זײַן, אקסענפעלדס, געווער. דערצו איז די קינסטלעריש־פּאָרפּוצטע „מאָראל" ביכלאל געווען מער ליב דעם מעכאבער פון „בין הזמנים". ניט אומזיסט האָט ער נאָך אין זײַן „אדעליע־ראָזע" געשריבן: „קען דען דער פארפאסער בלאס מאָראל (מוסר) שרײַבן? ווער ווירד עס וועלן אָנזען? דא דורך מוז עס אײַנגעוויקלט זײַן אין איינע היסטאָריע, אונד ווער פארשטאנד האָט, קאָן זיך דעם מאָראל אויסקלויבן".

די דערפארונג, וואָס איז אויסגעדריקט אין די שורעס, האָט אונטערגעזאָגט א. ב. רופן, אז ער זאָל ענטפערן אף אקסענפעלדס קינסטלעריש ווערק מיט א קינסטלעריש ווערק, מיט

[1] די ציטאטן ווערן דאָ געגעבן לויט דעם עקזעמפּליאר „בין הזמנים", וואָס געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון דער פרײַסישער אקאדעמיע אין בערלין.

א „היסטאָריע", ווו עס זאָל זײַן „אײַנגעוויקלט" די מאָראל: די רעאבילליטירונג פון כסידעס. און אָט אַף אזא אופן איז געשריבן געוואָרן דער „בין הזמנים". די „היסטאָריע", וואָס ליגט אין גרונט פון דעם בוך, איז א גאנץ איינפאכע. עס דערציילט זיך דאָ, ווי די ווארשעווער כסידים פאָרן עלול־צײַט צום רעבן. אין ווארשע פארבלײַבן דעמאָלט נאָר די מעלאמדים, וואָס מוזן אין דער ביינהאזמאנים־צײַט זיך צוזוכן א קנעלונג, און ווי אזוי אָט די מעלאמדים שלאָגן אָפּ די שוועל בא איינעם א ווארשעווער גוויר. מער ווערט, אייגנטלעך, אין „בין הזמנים" גאָרניט דערציילט.

רופס בוך איז אָבער דערפאר טאקע ניט ענלעך צו אסאך אנדערע מײַסע־ביכלעך, ווײַל דאָ, בא א. ב. רופן, ליגט דער שווערפונקט ניט אין דער פאבולע, נאָר אין די פיגורן, וואָס רוף צייכנט פאר אונדז, און ער צייכנט זיי, מוז מען זאָגן, מיט א גאנץ זיכערער האנט. שוין אין צווייטן קאפיטל הייבט ער אָן שילדערן, ווי די פוילישע כסידים פאָרן ארויס פון ווארשע צום רעבן.

„נעבן איינע גרויסע געוואלטיקע קאמעניצע איין מענגע וועגעלעך, אָמניבוסן, דראָשקעס שטיין, נעבן דעם אלעם האָבן זיך ארומגעפאָרעט מענשן, דער מיט א פעקל, דער מיט א טלומעק, דער ווידער מיט צוויי יונגלעך בא די האנט. אויף טייל וועגלעך זײַנען שוין געזעסן ביז 12—10 פארשוין, יעדער זייער פריילעך, טאקע ווי מע וואָלט געפאָרן קיין ירושלאיִם".

צווישן די אלע געשטאלטן באווײַזט זיך דער הויפּט־העלד, דער ווארשעווער גוויר (פונעם טעקסט איז צו זען, אז ער איז א רײַכער פאָדריאטשיק), וואָס געפינט זיך גראדע אף דער־זעלבער סטאנציִע, פונוואנען די כסידים פאָרן אָפּ צום רעבן. „א גאנץ אָרענטלעכער ייִד, קופיעצקע געקליידט, אונגעפער 45 יאָר אלט, איינע ברייטע באָרד, א לאנגן ראָק ביז צו פיס אראָפּ, מע האָט אים קוים די פּאנטעלאָן, וועלכע ווארן איבער די שטיוול, ארויסגעזען".

דער גוויר שטייט מיט זײַן באָכערל ארום דער „קאמעניצע" און באטראכט די אָפּ־פאָרנדיקע כסידים. דאָס באָכערל פרעגט זיך נאָך, ווי קומט דאָס, וואָס דאָ פאָרן איניינעם די אָרעמע מיט די רײַכע. דער גוויר ענטפערט:

„זעסט, מײַן קינד, ווי אכדעס, ווי איינהײַט בא זיי איז. זיי שעמען זיך ניט איינער מיט דעם אנדערן, דער לאמדן מיט דעם, וואָס איז ניט קיין לאמדן, דער רײַכער מיט דעם אָרעמען, זיי אלע זײַנען בא דעם רעבן איין ייִד, אזוי ווי מיר אלע — ייִדן בא גאָט"...

דער גוויר אליין איז ניט קיין כאָסיד, ער איז גיכער א מיסנאגעד און עפשער גאָר אן אופגעקלערטער, אָבער גאָר פון אן אנדער שניט.

„מײַן קינד — זאָגט ער אָן זײַן זון — פריִער קען לערנען, שרײַבן, לעזן, אנדערע געגנשטענדע און זײַ פרום צו גאָט און גוט צו אלע מענשן. און זאָג ניט, דאָס דער כאָסיד טויג ניט, ווי יענער זאָגט אף דעם מיסנאגיד . . . . . . . . דערנאָך, ווי דײַן פארשטאנד וועט דיך לייטן, אזוי זאָלסטו טון. ווּעסט מעגן זײַן א כאָסיד, נאָר א גאנצער ייִד. דערבײַ ניט פארנארט, נאָר צו וויסן, אז א כאָסיד, א מיסנאגיד, א דײַטש; דאָס אלץ צוזאמען הייסט בא גאָט איין וואָרט ייִד".

די טאָלעראנק פונעם גוויר גייט אזוי ווײַט, אז ער פארגלײַכט אפילע די דרײַערליי שולן, וואָס זײַנען פאראן בא מיסנאגדים, כסידים און דײַטשן. רוף שרײַבט וועגן דער כסידישער שול:

„ווי אָפטמאָל עס טרעפט אין קליינע שולעכלעך פאר דעם דאווענען, נאָך דעם דא־ווענען א געפּלוידערײַ, א געשריי, אָפטמאָל א קריג, די גרעסטע קאטאָוועסלעך. עס וואָלט אפילע אין קיין שענק אויך ניט געפאסט פאר אָרנטלעכע מענשן... דאָרט אָבער, אין די דײַטשישע שול, איז רויִק, יעדער אף זײַן אָרט, יעדער מיט גרויס דערעך ערעץ. זאָלסט וויסן, די אלע דרײַ קלאסן זײַנען אלע גאָטס קינדער... דערום, אז דו וועסט אמאָל זײַן א כאָסיד, זאָלסטו קיין קלאס פון די אלע ניט פארניכטן"[1].

1) דידאַקטיקע ־כקירע וועגן די דרײַערליי שולן איז, קאָנטיק, א דירעקטער ענטפער אף יענער שטעל אין אקסענפעלדס „שטערנטיכל" (קאפּ. 13), ווו אקסענפעלד רעדט מיט היספּײַלעס וועגן דער „דײַטשישער שול", וואָס ער האָט געזען אין ברעסלוי.

אין דידאַזיקע שורעס דריקט זיך אויס דער טאמציס פון רופס אידעאָלאָגיע. עס איז ניט קיין צופאל, וואָס די אפּאָלאָגיע פונעם „גאנצן ייד״ ווערט דאָ פארבונדן מיט דער געשטאלט פונעם ווארשעווער גוויר. דאָס שטימט מיט א. ב. רופס קוק אף א גוויר ביכלאל. „נאָר דער גראָבער יונג — זאָגט רוף — וואָס קאָן טאקיש ניט לערנען, דער זאָגט, אז א מיסנאגיד איז נישט. אָבער דער איידעלער מענש, דער געשעפטס־מענש, וועלכער איז אויסגעמישט מיט אלע קלאסן מענשן, — אזא איינער איז שוין גאָר עפּעס אנדערש, דער וועט אזוי ניט רעדן״.

ווי אלעמאָל אין „בין הזמנים״, צילט דאָ א. ב. רוף אין אקסענפעלדן. ווי באוווסט, האָט אקסענפעלד אין „שטערנטיכל״ אויסגעמאָלט א גאנצע גרופּע געשעפטסלייט, רייכע, „אופגעקלערטע״ פּאָדריאדטשיקעס, וואָס יעדער פון זיי דריקט אויס א טייל פון אקסענפעלדס פּאָזיטיוור פּראָגראם. דער הויפּט־העלד פון „שטערנטיכל״, מיכל מאציוווע, געהערט אויך צו אָט דעם טיפּ געשעפטסלייט, וואָס האָבן זיך ארומגעקוקט, אז אלדאָסבייז אין יידישן לעבן שטאמט פון די „גוטע־יידן״. מיכל מאציווע פירט אפילע א פארביטערטן קאמף מיטן רעבן. א. ב. רוף וויל אָפּווענדן דעם קלאפּ פון אקסענפעלדס סאטירע, ער וויל באווייזן, אז די אינטערעסן פונעם אופגעקלערטן גוויר גייען זיך קלאל ניט פאנאנדער מיט די אינטערעסן פונעם רעבנס כסידים. א. ב. רופס הויפּט־העלד, דער ווארשעווער גוויר, איז „אויסגעמישט מיט אלע קלאסן מענשן״, ער האָט א יעדיע אין דעם, וואָס עס טוט זיך אף דער ברייטער וועלט, ער איז אליין ניט אומגעבילדעט און זיין זון, וויל ער, זאָל אויך זיין געבילדעט—און דאָך קומט דער ווארשעווער גוויר צו פארטיידיקן דעם „גוטן־יידן״ ביפראט און דאָס כסידעס ביכלאל. מיט די אויגן פון דעם ביז גאָר טאָלעראנטן „געשעפטס־מענש״ קוקט א. ב. רוף אף דער גאנצער גאלעריי כסידישע געשטאלטן, וואָס גייען דורך אין „בין הזמנים״, און עס באקומט זיך דאָ גאָר וויניק פון יענער סאטירע, וואָס מיר זיינען געוווינט צו טרעפן אין ענלעכע שילדערונגען בא אנדערע שרייבער פון יענער עפּאָכע. די גאלעריי כסידישע געשטאלטן הייבט זיך אָן באווייזן אין דריטן קאפּיטל, ווו עס ווערט געגעבן א גאנץ ברייטע שילדערונג פון דער „גאָרקעך״. אָט איז איינע א דעטאל פון אָט דער שילדערונג. עס ווערן דאָ אויסגעמאָלט א פּאָר צימערן פון דער „גאָרקעך״.

„דאָרט זיצן שוין פארשידענע געסט ארום בא דעם טיש. יעדער בא אן אנדערע פּאָטראווע. דער בא א טעלער זופּ, יענער בא א טאָפּ געבראָטנס. דער דריטער בא פיש, דער פערטער גאָר ברוסט און בראָטן. די אלע זיינען אלץ פון די, וואָס רעכטן זיך זייגער איינס אָפּצורייזן. איטלעכער פארטיפט איבער זיין געקעכץ. טייל האָבן שוין אָפּגעגעסן און זיצן פארטראכט. וואָס? ווייסט מען ניט. באלד קומען ארייַן היטעלמאכערס, קאפּעלמאכערס, פאקענטרעגערס, ווידער גייערס מיט קעסטלעך. יעדער ווייַזט זיין סכוירע. א היטעלמאכער דערלאנגט א געוויסן כאָסיד א היטעלע און גיבט עם אויך באלד א קליין שפּיגעלע, ער זאָל זען, ווי עס פאסט עם ניט. פארוואָס? ווייַל דיזער האָט איין ברייטע באָרד, מיט לאנגע פּייעס, און ער דערלאנגט א שמאָל מאָדיש היטל, וואָס עס פאסט פאר א יאָלד. דער דער־לאנגט ווידער יענעם א לועך פון נייַעם יאָר. דער קויפער פרעגט מיט געלעכטער דעם יונגן פאקענטרעגער, אין וועלכן טאָג פון דער וואָך עס געפאלט שבת חנוכה, שבת חזון, שבת נחמו, שבת שירה, שבת תשובה, דער יונגער פאקענטרעגער בלייַבט שטיין און זאָגט, ער האָט זיך נאָך ניט צייַט געגומען דאָס נאָכצוזוכן . . . . . . . . . . . . .
לינקס ווידער ווו מיר זייַנען אריַינגעקומען איז דא א 4־טע סאליע, שוין צימלעך אויס־געמאָלט מיט גאז־בעלייַכטונג, וועלכע פעלט אין די פּאָריקע צימערן אויך ניט. דאָרט זיצן שוין ווידער רייַכערע געסט, וואָרום דער, וואָס איז ניט אזוי שיין געקליידט, מיינט ער, אז ער טאָר ניט ארייַנגיין. דאָרטן זיצן שוין אָפּגעגעסענע מענשן צעשפּרייט אף זייערע שטולן. ציגארן, פּאפּיראָסן אין די מייַלער, פאר איטלעכן באזונדער שטייט איין אנדער סויכער מיט זיין סכוירע און ווייַזט עס. יענער האָט אָבער ניט אינזינען דעם אָרעמען עפּעס צו געבן צו פארדינען, נאָר זיצט צעשפּרייט, דעם קאָפּ אריבערגעוואָרפן, די אויגן

צום הימל געבויגן גאנץ פארטראכט. וואָס טראכט ער? ווייסט מען נישט. עפשער טראכט ער הימל־זאכן! עפשער ווי דערלעבט ער שוין אהינצוקומען. עפשער ווי ער וועט אָפּשנײַדן בא דעם יום הדין. האקלאל, מע ווייסט ניט. נאָר מיט דעם עמעס באטראכט ער גאָר דעם רויך פון די ציגאר, וועלכע גייט, ווי די נאטור טראָגט עס, אין דער הויך"...

ווען מע לייענט דורך די שילדערונג ביזן סאָף, זעט מען, אז דער מעכאבער איז קלאל ניט אויסן אָפּצולאכן פון די כסידים. א. ב. רוף קאָן נאָר ווען־ניט־ווען לאָזן הערן אביסל הומאָר, ער קאָן דאָ און דאָרט א וווּנק טון אף עמעצנס א מענשלעכע שוואכקײַט, דאָס אלץ האָט אָבער ניט קיין שײַכעס מיט וועלכע עס איז גרינטלעכע כעסרוינעס פונעם כסידישן ארט לעבן. אזעלכע גרונט־כעסרוינעס זעט דאָ א. ב. רוף גאָרניט אײַן.

נאָך דער אלגעמיינער שילדערונג פון דער „גאָרקעך" הייבט א. ב. רוף אָן (אין פערטן קאפיטל) צו געבן איינצל־געשטאלטן פון כסידים, וואָס האָבן זיך פארזאמלט אין דער „גאָרקעך". מע זעט דערבײַ, אז זײַן אופמערקזאמקײַט ציט צו באזונדערס די „4־טע סאליע", דאָס אָרט, ווו עס זיצן די רײַכערע כסידים. נעבן „צוויי אָרנטלעכע כסידישע באלעבאטים", וואָס זיצן אין דער שיינער סאליע, דערזעט דער מעכאבער אויך איינעם: „איין פריש יונג כאָסידל, פון דער נאָדל אראָפּ". קעגניבער אים זיצן אויך „אונדזערע 2 באקאנטע, וועלכע מיר זוכן. דער טאטע מיט זײַן זונדעלע" (דער ווארשעווער גוויר). צווישן אָט די אלע, וואָס זיצן אין דער פערטער סאליע, פירט זיך א שמועס. דער יונגער כאָסידל האָט, לאָזט זיך אויס, א שווער א מיסנאגיד, וואָס לאָזט אים ניט פאָרן צום רעבן. האָט דאָס כאָסידל צוגעגאנוועט באם שווער דעם זייגער און בא דער ווײַב איר קייטעלע און האָט אזוי ארום זיך געשאפן אף הויצאָעס צום רעבן. אזוינס קען אָבער ניט פארלײַדן דער ווארשעווער גוויר. ער שיקט א צעטעלע, ווהין מע דארף, מע זאָל פארהאלטן דעם כאָסידלס „פּאשפּאָרט", ער שיקט אויך רופן דעם כאָסידלס שווער און זײַן טאטן. דעם כאָסידל פארהאלט מען, ער קען מער ניט פאָרן צום רעבן, און דאָ טרעט דער ווארשעווער גוויר ווידער ארויס מיט זײַן מוסער.

„מיינסטו, מײַן קינד — זאָגט דער גוויר צום יונגן כאָסידל — מע מוז דאפקע זײַן א כאָסיד א צאדיק ליב צו האָבן? דערצו ברויך מען קיין כאָסיד זײַן. אויב עס געפינט זיך אונטער מיסנאגדים, וועלכע רעדן אף א גוטן־ייִד, איז נאָר דורך זאָלכע מענשן, ווי דו ביסט..... הער אויס, מײַן קינד און איר אלע ליבע ברידער. מיר מוזן אָנעמען אלע גוטע־יִידן און אלע צאדיקים, מעג זײַן כסידישע, מיסנאגדישע, — אלע זײַנען בא גאָט כאָשעוו"...

ווי מיר זעען, איז עס נאָר א העמשעך פון יענעם שמועס, וואָס דער ווארשעווער גוויר האָט פריִער געפירט מיט זײַן זון. דאָ איז אָבער די „מאָראל", ווי אלעמאָל בא א. ב. רופן, אײַנגעוויקלט אין א „היסטאָריִע". די גאנצע כאָפּטע כסידים, וואָס דרייט זיך ארום דער „גאָרקעך", ווערט אופגעבראכט קעגן דעם יונגן כאָסידל, מע באשטראָפט אים, און נאָכדעם טרעט ווידער ארויס דער ווארשעווער גוויר. ער גיט איבער — כאָטש ער איז, ווי ער זאָגט, א מיסנאגעד — א היפּשע געלט־מאטאָנע פונעם רעבנס וועגן, און מיר באַקומען סאָפּקאָלסאָף די אויסגעשפּראָכנסטע אפּאָלאָגיִע פון כסידעס. די „מענשלעכע שוואכקײַט", וואָס האָט באוויגן דעם יונגן כאָסידל אף דער אומערלעכער טאט, איז באשטראָפט, דאָס כסידעס בלײַבט אָבער ריין, און דער מעכאבער קאָן שוין געבן באלד נאָכדעם אן אידילישן פינאל פון דער גאנצער סצענע מיט דער „גאָרקעך".

„ווי עס איז געקומען זייגער איינס האָט איין פּאָטשטאליאָן, וועלכער איז געזעסן אף איין אָמניבוס, געשפּאנט מיט צוויי פּאָר פערד נאשפּיק, אָנגעהויבן צו טרומייטערן, מע האָט אָנגעהויבן די הענט פון די וועגעלעך די ארומשטייענדע ארויסצוגעבן, זיך געזעגנט. דער גוי[1]... האָט געציטערט פון דעם געשריי: זײַטק געזונד! זײַטק געזונד! א כתיבה וחתימה

[1]) ווי עס איז צו זען פונעם קאָנטעקסט, רעדט זיך דאָ וועגן גזשיבאָוו — א ווארשעווער שטאָט-טייל, וועגן וועלכער עס דערציילט אויך ג. בעלוי.

טובה! די בײַטשן הויבן אָן צו קנאקן, די פערדלעך צו גײן, זײַנען דאָך די װעגעלעך אװאדע ניט געבליבן שטײן. נו, דער גזי... איז געבליבן לײדיק, די גאָרקעך פוסטע, נו, לאָזן זײ דאָרט האָבן א כתיבה טובה און מיר דאָ...״

װען דאָס פארטײדיקן די גוטע־ייִדן װאָלט געװען די אײנציקע קאװאָנע פון רופס „בין הזמנים״, װאָלט דער מעכאבער, מעגלעך, מיט דעם פערטן קאפיטל אָפּגעשלאָסן זײַן בוך. א. ב. רופן איז אָבער געגאנגען נאָך אין עפּעס. ער האָט געדארפט אָפּװענדן ניט נאָר אקסטענפעלדס אָנפאלן אױף די גוטע־ייִדן, נאָר אױך דאָס, װאָס עס װערט אין אקסענ־פעלדס „שטערנטיכל״ געשריבן קעגן די מעלאמדים [1]). עס איז פאראן אין „שטערנטיכל״ אזא קאפיטל (דאָס 15־טע), װו עס װערט איבערגעגעבן דער שמועס פון די רײַכע „גע־שעפטס־מענשן״ — די ייִדישע פּאָדריאדטשיקעס פון רוסלאנד, װאָס האָבן זיך אופגעזאמלט בא אָקסמאנען אין ברעסלױ. די פּאָדריאדטשיקעס קלאָגן זיך, אז זײערע קינדער „איז אפילע ניטאָ בא װעמען צו לאָזן לערנען. . . נאָר בא די מעלאמדים, די קאליקעס כסי־דים״. אקסענפעלד שטעלט זיך אָפּ דערױף גאנץ געננוי און לאָזט אױס זײַן צאָרן צו די מעלאמדים, װאָס פארדארבן די „גוטע קלוגע קעפּ״ פון ייִדישע קינדער. און אָט דידאָזיקע באשולדיקונג, װאָס פאלט אױף די מעלאמדים, װיל אױך אָפּװענדן א. ב. רוף אין זײַן „בין הזמנים״. ער װיקלט װידער אײַן זײַן קאװאָנע אין א „היסטאָריע״, װאָס הײבט זיך אָן דערצײלן אין פינפטן קאפיטל. ס׳איז די מײַסע װעגן דעם „ערנסטן מעלאמעד״ און זײַן באגעגעניש מיטן גװיר רעכטמאן. די נײַע „היסטאָריע״ הײבט זיך אָן מיט א ברײטער שיל־דערונג פון דעם מעלאמעדס װױנונג, װאָס געפינט זיך אין א טיפּיש־גרױסשטאָטישן הױז, װו עס װױנט די ייִדישע אָרעמשאפט, עפּעס ענלעכס צו פּערעצעס „קעלערשטוב״. אױף דעם פּאָן װערט געשילדערט דער „ערנסטער מעלאמעד״. די שילדערונג איז דורכגע־דרונגען מיט סימפּאטיע צום מעלאמעד, און באלד נאָכדעם הײבט אָן רוף באװײַזן אױך אנדערע מעלאמדים. ער טוט עס אפּן זעלבן אױפן, װי ער האָט עס געטון פריִער בענעגײע די כסידים. ער באװײַזט אײנעם־צװײ פון „דיזע קלאסן, פון װעלכע די באלעבאטים זײַנען אױך ניט צופרידן און ברױכן ניט צופרידן זײַן״ [2]), אָבער דאָ איז װידער שולדיק נאָר די מענטשלעכע שװאכקײַט, ניט די אינסטיטוציִע פון מעלאמדים. א. ב. רופס סימפּאטיִעס זײַנען דורכױס מיט דעם מעלאמעד, און ער באקלאָגט אפילע דעם מעלאמעדס ביטערע לאגע:

„װאָס זאָל נעביך דער מעלאמעד טאָן? — פרעגט א. ב. רוף — שלאָגן טאָר מען ניט, דאָס קינד איז באגלױבט, ביז אהער איז דאָס קינד געװעזן באם רעבן אין האנט, הײַנט איז אָבער פארקערט, װאָס דאָס קינד זאָגט, נעמען די עלטערן צו, איבערהױפּט די מוטער, זײ פארדארבן גאָר די קינדער״...

דידאָזיקע באציִונג צו מעלאמדים באמיט זיך רוף אונטערשטיצן מיט דעם אװטאָריטעט פונעם אופגעקלערטן גװיר רעכטמאן. דערצײלט ער טאקע, װי דער גװיר רעכטמאן האלט ניט פון די מעלאמדים, װאָס רעדן לאָשנאָרע (דאָס איז, לױט א. ב. רופן, דער אײנציקער כיסאָרן פון די מעלאמדים), אָבער װי נאָר עס קומט דער „ערנסטער מעלאמעד״, נעמט ער אױס בא דעם גװיר ביז גאָר.

אין גרונט גענומען איז דאָ א. ב. רוף פונקט אזױ אױסן צו פארטײדיקן די מעלאמ־דים, װי ער האָט פריִער פארטײדיקט די גוטע־ייִדן.

און אָט דערמיט שליסט זיך אָפּ דער געדאנקענגאנג פונעם „בין הזמנים״. פאר יעדן אײנעם, װער עס באקענט זיך מיט אָט דעם בוך, װערט קלאָר, אז אין דער געשטאלט פון א. ב. רופן האָבן מיר דעם פּאָרשטײער פון די בורזשואז־קלעריקאלע קרײַזן, װאָס האָבן שױן געמוזט מאכן א שריט װײַטער פון יענעם פונקט, װו עס איז געבליבן שטײן

[1]) א. ב. רוף גיט נאָך אין אָנהײב בוך אָנצוהערן, אז די מעלאמדים־פראגע אינטערעסירט אים בא־זונדערס. „װײַטער װירד שױן דיזע היסטאָריִע ברײט דאָ פאן׳ שפּרעכען״ — אזױ זאָגט צו א. ב. רוף נאָך אין ערשטן קאפיטל פון זײַן „בין הזמנים״.

[2]) װעגן אײנעם פון דידאָזיקע מעלאמדים זאָגט א. ב. רוף: „א שארכען נאָך א בעסערער, א בריס־גײער גאָר דער װױלער, אױף א באטלען מעג ער א פאטענט האָבן״...

די ווייניק־דיפערענצירטע בורזשואַזע סוויווע, וועלכע עס שילדערט געדאַליע בעלוי. פאַר־בלײַבן בא אזא אבסאָליוטן אינדיפערענטיזם צו דער געזעלשאַפטלעכער פּראָגראַם פון האסקאָלע, ווי מיר זעען דאָס בא געדאַליע בעלויס העלד פון די 50־ער יאָרן — דעם יונגן שענפּאַטער — האָט מען שוין אין די 60־ער יאָרן ניט געקענט. מיר זעען דעריבער, ווי א. ב. רופס העלד — דער אופגעקלערטער און אײַנצײַטיק פרומער „געשעפטס־מענטש״ — שטרענגט זיך אָן צו פאָרמולירן דאָס „נײַע״ באוווסטזײַן פון די בורזשואַז־קלעריקאַלע קרײַזן, וואָס ווילן אײַנפּאַסן דעם לאַזונג „בילדונג״ אין דער טאָגטעגלעכער פּראַקטיק פון דער ייִדישער רעאַקציע. פון דידאַזיקע קרײַזן איז געקומען א. ב. רוף, און ער האָט עס טאַקע פאָרמולירט דאָס וויכטיקסטע געבאָט פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער רעאַקציע: „זאָלסט ווּיסן, די אלע דרײַ קלאַסן (דער כאָסיד, דער מיסנאַגיד, דער דײַטש — נ. א.) זײַנען אלע גאָטס קינדער, זאָלסט קיין קלאַס פון די אלע ניט פאַרניכטן״.

## III

## גוסטאוו מאקמאן און זײַן פּאָעמע „די געהיימניסע פון יענער וועלט״

ווען מע באַקענט זיך נעענטער מיט דער ייִדישער ליטעראַטור פון די 60־ער יאָרן, זעט מען, אז א. ב. רופס אַרויסטריט קעגן אקסענפעלדן איז אין קיינשום פאַל ניט געווען קיין צופעליקער עפּיזאָד. עס איז לאַכלוטן פאַלש צו מיינען, אז די ייִדישע קינסטלערישע ליטע־ראַטור פון די 60־ער יאָרן איז געווען דורכויס אײַנהײַטלעך אין איר נעגאַטיווער באַציִונג צו דער כסידישער באַוועגונג [1]). עס זײַנען באַוווסט פאַקטן, וואָס באַווײַזן, אז די וואָקלונ־גען, וואָס עס האָט אין דער פראַגע אַרויסבאַוויזן דער „קול מבשר״, זײַנען ניט געווען צופעליק. באַזונדערס וואַרפט זיך אָבער אין די אויגן דער פאַקט, וואָס גראָדע אין דער סוויווע, פונוואַנען עס איז געקומען א. ב. רוף, באַווײַזט זיך אין די 60־ער יאָרן א ווערק, וואָס וויל רעווידירן ניט נאָר די מאַסקילישע באַציִונג צו „גוטע־ייִדן״, נאָר איבערהויפּט די מאַסקילישע ליטעראַטור־טראַדיציע. מיר מיינען דאָ דאָס ביזאַהער ווייניק באַוווסטע ווערק פון גוסטאוו מאקמאן „דיא געהײמניסע פון יענער וועלט אָדער דער תקיעת־כף״. (וואַרשע, 1865).

בא מאקמאנען, עמעס, שפּילט די געשטאַלט פונעם כסידישן רעבן נאָר א זײַטיקע ראָלע, עס איז נאָר איינע פון דער גרויסער צאָל געשטאַלטן, וואָס פיגורירן אין מאקמאנס ווערק, די פּראָבלעם פון כסידעס פאַרנעמט דאָ אויך ניט קיין באַזונדער אָנגעזעען אָרט, זי איז נאָר א טייל פון יענער אַלגעמיינער פּראָבלעם, וואָס ג. מאקמאן נעמט זיך אונטער צו פאַרענטפערן אין זײַן ווערק, אָבער גראָדע דערין באַשטייט דאָס אייגנאַרטיקע פון דער סוויווע, וועלכע האָט דערצויגן די צוויי אויסערלעך פאַרשיידענע מעכאַבערים—א. ב. רוף און גוסטאוו מאקמאן — וואָס זי האָט זיי ביידע געצוווּנגען גיין אין איין אידעאָלאָגישן שפּאַן, ביידע אָנגעטערויט צו זײַן די וואָרטזאָגער פון איין געזעלשאַפטלעכן שיכט. מאקמאנס פּאָעמע פאַרדינט דעריבער מע זאָל זיך אָפּשטעלן אף איר עטוואָס גענויער.

שוין פון די ערשטע קאַפּיטלען פון גוסטאוו מאקמאנס פּאָעמע הייבט אָן צוציִען אונדזער אופמערקזאַמקײַט דער אייגנאַרטיקער קאָלאָריט פון דעם ווערק. פּונקט ווי בא

[1]) עס איז נאָך ביזאַהער ניט געטון געוואָרן גאָרניט אף נאָכצושפּירן, וויאַזוי צווייפּעלס פּאָזיטיווע שטעלונג צו כסידעס, וואָס האָט זיך אַרויסבאַוויזן אין זײַן בוך „שלום על ישראל״ (1868) — טיילווײַז אויך אין זײַן ייִדישן „תוכחת חיים״ (1865) — האָט געווירקט אף דער ייִדישער ליטעראַטור פון די 60-ער יאָרן. אזוי, לעמאָשל, איז נאָך ביזאַהער ניט אָפּגעשאַצט געוואָרן דאָס אַנאָנימע ביכל „דער אקציזניק״ (זשיטאָמיר 1868), א מײַסע וועגן א דאָרפס־באַכער, וואָס איז געוואָרן אן אקציזניק, „נאָכדעם איז ער גאָר געוואָרן איין באַלטשוווע״. דער העלד פון דעם ביכל דערציילט אזוי וועגן זיך: „באַלד האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אז די כסידים מיט זייער גאַנג זײַנען ניט אזוי גראָב פאַרנאַריש, איך האָב אויך אָנגעהויבן טון דאָס נעמלעכע, וואָס זיי טוען ... (ז. ז. 56—56). ס'איז, אגעוו, אינטערעסאַנט אין דעם פּראַט אויך נ. שטיפס אָנווײַזונג אף די וואַקלונגען בא י. לינעצקין, וואַק־לונגען, וואָס זײַנען נאָך מער כאַראַקטעריסטיש דערמיט, ווײַל זיי באַמערקן זיך גראָדע אין דער צײַט, בעייס לינעצקיס דרוקט זײַן „פּוילישן יונגל״. זע וועגן דעם: נ. שטיף. „די עלטערע ייִדישע ליטעראַטור״ (ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע), קיעוו, 1929, ז. 231.

א. ב. רופן, האָבן מיר אויך בא גוסטאוו מאקמאנען א גרויסשטאָטישן, ריכטיקער, א עכט־וואר־שעווער קאָלאָריט. אָבער א. ב. רוף איז, פונקט ווי זײַן פאָרגייער געדאליע בעלוי, אָרגא־ניש פארבונדן נאָר מיט איין טייל ווארשע — מיטן גזשיבאָוו, ווו עס ווינען רופס פערסאָ־נאָזשן — די כסידים. גוסטאוו מאקמאן האָט א ווײַטערן קוק [1]. ער קאָן גוט אויסמאָלן דעם פארצײַטישן פורים" אף די ווארשעווער ייִדישע גאסן. אים ציט אָבער צו באשרײַבן אויך דאָס ניט־ספעציפישע, ווי, לעמאָשל, א סרייפע אף „נײַ־וועלט", א ווינטערדיקן טאָג אינ־מיטן שטאָט. מיט א מײַסטערישער האנט צייכנט ער די פארשיידנארטיקסטע געשטאלטן פון דער פויליש־ייִדישער סוויווע, ער קומט דערבײַ צו אייניקע טיפישע פיגורן, וואָס זײַנען שוין פאר דעם געווען אָנגעמערקט אין דער ייִדישער ליטעראטור, און דערבײַ זעט מען אלע מאָל, ווי ג. מאקמאן רײַסט אָפּ די געשטאלטן פון יענער קליינשטעטלדיקער סוויווע, וואָס מיר האָבן, לעמאָשל, בא אקסענפעלדן. ער ווארפט אף זײַנע געשטאלטן א נײַע גרויסשטאָטישע שײַן.

ווי פארשיידנארטיק די געשטאלטן אין מאקמאנס פּאָעמע זאָלן ניט זײַן, זײַנען זיי דאָך אײַגגעפאסט אין איין אידעאָלאָגישער קאָנצעפציע, וואָס ווערט אנטוויקלט אינעם גאנצן ווערק. אָט די קאָנצעפציע באשטייט דערין, וואָס דער מעכאבער שטעלט אוועק די פראגע:

ניא האָסט דיך שוין איבערצײַגט היא,
וואס דאס איז פילאזאפיא ?
היצט זאג : ווער איז א גרעסערער פילעסיף
אין ווער עס פארשטייט מער :
רש"י, רמב"ם, רי"ף,
אדער עפיקור אין וואָלטער !

און גוסטאוו מאקמאן ענטפערט דערוף:

געוויס די ערשטע דראי !
געב איך א הויכין געשראי.
זיי האבין געטראפין דעם וואהרין זין,
וואס האבין געזאָגט : יש דיין, ויש דין.
עס איז פארהאנען א שכר, אן עונש, אן עולם הבא —
אין ווייא דעם, וואָס זאָגט ס'איז נישט דאָ !

(ז. 120—121).

אָט ארום דערדאָזיקער קאָנצעפציע אנטוויקלט זיך די גאנצע האנדלונג פון מאקמאנס פּאָעמע. אויסערלעך איז די האנדלונג אין דער פּאָעמע גאנץ פרימיטיוו. צוויי שכיינים — איינער — שמערל, א פאָרשטייער פון דער רעליגיעז־ייִדישלעכער טראדיציע, דער אנדערער — הערמאן גוטוויל (אמאָל האָט מען אים גערופן צווי הירש בער' ביניאָמין) — א וועלטלע־כער פארשוין, אף וועמען עס ליגט שוין דער גלאנץ פון אייראָפעיִשער קולטור —

א גרויסער קענער און א גוטער זינגער,
מוזיק האָט ער געלערנט אין ווין,
שפּראכן אין בערלין

(5)

האָבן א צײַט לאנג געפירט א וויקועך וועגן „אוילעמהאזע" און „אוילעמהאבע" [2], זיי גיבן זיך טקיִעסקאף, אז ווער עס וועט פריִער שטארבן, זאָל נאָכדעם קומען צו זײַן פרײַנט דער

1) גוסטאוו מאקמאן זעט ביכלאל אויס צו זײַן געבילדעטער און מער „אייראָפעיִש" דערצויגן, ווי א. ב. רוף. ניט געקוקט דערוף, וואָס בא א. ב. רוף טרעפן מיר אויך א געוויסע באקאנטשאפט מיט „פּאָלנישע און דײַטשע פאבלביכער", בלײַבט ער ווײַט הינטערשטעליק לעגאבע גוסטאוו מאקמאנס דורכויס געשולטער און שטענ־דיק באוווסטזיניקער ליטעראַרישער מאניר. דאָס זעט זיך באזונדערס אינעם קאָמפּאָזיציאָנעלן בוי פון אזא בעערעך גרויסער פּאָעמע (140 זײַט), ווי מאקמאן האָט אָנגעשריבן (עמעס, מיט קענטלעכע שפּורן פון עטינגערס האשפּאָע).

2) אין דער הינזיכט האָט מאקמאנס פּאָעמע א געוויסע ענלעכקײַט צו דעם „טעיאטער פין כסידים". די ענלעכקײַט איז אָבער נאָר אן אויסערלעכע.

ציילן וועגן די „געהיימניסע פון יענער וועלט”. דער גוירל פאַלט אַף דעם אַפּיקוירעס הערמאַן גוטוויל. ער קומט אום בּעיִס אַ סרייפע, און אין אַ ציַיט אַרום, אין איינעם אַ פּורים אַפּדערנאַכט, באַוויַיזט ער זיך צו זיַין פריַינט שמערל און דערציי׳לט, וואָס ער האָט געזעען אין גהענעם און גאַניידן. דעם גרעסטן טייל בּוך פאַרנעמט דעריבּער די שילדערונג פון „יענער וועלט”. אָבֿער שוין פון די ערשטע בּילדער פון „יענער וועלט”, וואָס מיר בּאַקומען בּאַ מאַקמאַנען, זעט מען, אַז דאָ האָבּן מיר צו טון מיט שאַרף־געצייכנטע געשטאַלטן פון דער פּויליש־ייִדישער סוויווע. אָט איז די געשטאַלט פון איינעם, וואָס איז „פּריה ורביה עובר געווען”, עס איז אַ געשטאַלט פון דער אויבּערשטער שיכט ייִדישע בּורזשואַזיע [1]. זיַין וויַיבּ, דערציילט ער, פלעג אַלע זומער פאָרן אין די בּעדער, ווינטער „האָט זי טאָג און נאַכט מיט מעדיצינען צו טאָן”, זי איז „גאַנצע יאָרין נישט געוועהן אין דער היים”; אָט איז אַ צווייטע געשטאַלט, אויך גאַנץ אייגנאַרטיק געשילדערט — ס׳איז אַ פּילפּאַכיקער מע־שומעד, ער איז צוערשט געוואָרן אַ קאַטאָליקער, שפּעטער ווערט ער אַ פּראָטעסטאַנט, אַ מיסיאָנער, ער פאָרט קיין בּאַגדאַד און דאָרט נעמט ער ענדלעך אָן דעם מוסולמענישן גלויבּן. אַזאַ געשטאַלט איז צו יענער ציַיט געווען גאַנץ כאַראַקטעריסטיש פאַר געוויסע קריַיזן פון דער פּויליש־ייִדישער סוויווע [2]. נאָך דעם מעשומעד בּאַוויַיזט זיך די דריטע געשטאַלט.

געזינדיקט האָט ער דערמיט, וואָס ער האָט געהאַרגעט אַ וואָכערניק. נאָכדעם זעען מיר איינעם, וואָס האָט אויווער געווען דעם „לא תנאף”. ער איז אַ בּאַהעלפער, וואָס גייט אַרום „צו לערנען מיט קעכנס און מאַמזעלן” —

אוי, רופט זעך דער יונגער מענש אָפן
מיט אַ שטילל קול, גאַנץ שוואַך —
יעך בּין אַסיר ניט שולדיג: עס איז געוועהן אַ פּרנסה־זאַך...

דער מעכאַבּער איז בּיכלאַל ניט פריַי פון פּריוואָלישקיַיט, ער בּאַוויַיזט זיך דאָ און דאָרט מיט אַ לייַכטער און טיילמאָל שוין צו לייַכטער שפּיל, אָבּער דאָסראָוו זיַינען די געשטאַלט איַינגעפּאַסט אין רעאַלן שטייגער, און מיר בּאַקומען דאָ גאַנץ בּוילעטע פיגורן פון אַ ייִדן אַ פּאָדריאַדטשיק (72), אַ ייִד אַ גרויסשטאָטישער כאַלפן (74), עס ווערט בּאַוויזן דער זינ־דיקער פון „לא תחמד”, אַ פאַרשוין פון גרויסן ייִכעס —

קום אַרויס פון לויטער יחסנים
מיינע פעטערס זיַינען אַללע למדנים (78)

אַזוי דערציילט ער וועגן זיך און גיט איבּער, ווי מע האָט אים אומגליקלעך געמאַכט מיט אַ געצוווּנגענעם שידעך; מיר זעען אין גהענעם אויך אַ קאָלאָריטריַיכע געשטאַלט פון אַ „פאַרצויגן קינד”, אַ מין פּאַראַלעל געשטאַלט צו אַ. מ. דיקס „כּיַיציקל אַליין”, וואָס גייט דאָ אַוועק אָפּן וועג פון קרימינאַל און פאַלט אַריַין אין די הענט פון פּאָליציי. איינע נאָך דער אַנדערער פירט מאַקמאַן דורך אָט די געשטאַלטן, ער געפינט אַ שאַרף וואָרט פאַר דעם פאַרבּרעכן, וואָס די „זינדיקע” זיַינען בּאַם לעבּן בּאַגאַנגען. כאַראַקטעריסטיש איז אָבּער אָט וואָס. מאַקמאַן טיילט איַין די „זינדיקע” אַף צוויי קאַטעגאָריעס, איין טייל —

דאַס הייסט, די, וואָס האָבּין מ א ר א ל י ש ע [3] עבירות בּעגאַנגען
און זענען נאָך קיין מאָהל פאַר קיין משפּט געשטאַנען,
מע האָט זייא נאָך נישט געשטראָפט פאַר זייער שלעכט
און האָבּין זיך היצינד אויף זייער צרה געוועכט;

[1] מיטן שטייגער פון אָט דער שיכט ייִדישע בּורזשואַזיע איז מאַקמאַן, ווייַזט אויס, געווען גאַנץ גוט בּאַקאַנט. דאָס זעט זיך בּאַזונדערס אין דער גענויער בּאַשריַיבּונג פון דער פירונג אין דער שטוב פונעם ריַיכן ר׳ סענדיר, וואָס „מע ריפט אים אויף דאַטש היינריך בּריללע” (ז. 19—22).

[2] זע וועגן דעם בּאַ י. העסען. געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, II בּאַנד, ז. 131 (רוסיש).

[3] אונטערגעשטראָכן בּאַ מאַקמאַנען.

... דיא איבריגע, וואס האבין היא 1) שוין זייער עונש געליטין
דאס הייסט דער סאָנד, דאס קהל,
האָט זייא שוין א מאהל
אויף דער וועלט, באן לעבין,
וויראָקין געגעבין... (55—56).

און אָט באקומט זיך, אז די אלע, וואָס זײַנען באגאנגען ניט „מאָראלישע עברות", נאָר מאמאָשעסדיקע פארברעכנס, אף די קוקט זיך שטענדיק ארום „דער סאָנד, דער קהל", דאָס אויג פונעם „סאָנד" און „קהל" איז קיינמאָל ניט פארבלענדט, זייער מישפּט איז אלעמאָל דער גערעכטער — אָט דערין ליגט דער מוסער־האסקל פון מאקמאנס געהנעם־שילדערונג. ווען מע פארגלײַכט אין דעם פּראט מאקמאנס פּאָעמע מיט דער מאסקילישער דיכטונג פון די 60־ער יאָרן, זעט מען, ווי עס אונטערשיידט זיך פון דעם אלעמען גוסטאוו מאקמאן. ער איז קלאל ניט קיין קליינער מײַסטער פונעם געגראמטן וואָרט, ער ווײַזט ארויס טיילמאָל אזעלכע שילדערונג־פעיִקײַטן, וואָס אן אנדער אנערקענטער מאסקילישער דיכטער האָט עס ניט פארמאָגט. אָבער בא דעם אלעמען בלײַבט מאקמאן בא דער זײַט פון דער ליטעראטור־טראדיציע. ער בלײַבט באזײַט דערפאר, ווײַל זײַנע געשטאלטן ווערן ניט אײַנגעוועבט אין דער אלגעמיינער סאָציִאלער פּערספּעקטיוו, וואָס מיר געפינען אין דער האסקאָלע־ליטעראטור, די שילדערונג פון די רעאלע שטייגער־פיגורן ווערט ניט פארבונדן מיט א נעגאטיווער באציִונג צו דעם רעזשים, וואָס הערשט אין דער יִידישער סוויווע. אין גאנג פון מאקמאנס פּאָעמע איבערצײַגט זיך דער לעזער גאנץ גיך, אז ניט געקוקט דערויף, וואָס אינעם ארײַנפיר צו דער פּאָעמע הערט זיך א געוויסע קריטישע באציִונג צו דעם טראדיציאָנעלן יִידישן שטייגער, איז מאקמאנס פּאָעמע אינגאנצן גענומען אויסן גאָר עפּעס אנדערש. די טענדענץ פונעם ווערק באשטייט קלאל ניט אינעם באקעמפן דעם „קהל". דאָס קעמפערישע איז פרעמד דער נאטור פון אונדזער ווארשעווער מעכאבער, און פונקט אזוי ווי א. ב. רוף איז פון צײַט צו צײַט געגוויגט א שפּיל טון מיט דער מענטשלעכער שוואכקײַט פון דעם אָדער יענעם כאָסיד, ניט אָנרירנדיק דערבײַ דעם כסידישן שטייגער ביכלאל, אזוי איז גוסטאוו מאקמאן גרייט צוצוגיין הומאָריסטיש צו פארשיידענע געשטאלטן פון דער יִידישער סוויווע, אָפּהיטנדיק דערבײַ אָבער דעם פּרעסטיזש פון „קהל". און אז דאָס איז אזוי, זעט מען באזונדערס קלאָר פון דעם צווייטן טייל פּאָעמע, ווו עס ווערט געשילדערט דער גאנעידן.

מיר האָבן דאָ פאר זיך ווידער א סעריע רעאליסטיש־געצייכנטע געשטאלטן. דאָס מאָל זײַנען עס שוין ניט נאָר ווארשעווער פארשוינען, דער מעכאבער נעמט שוין ארײַן א גאנצע צאָל געשטאלטן פון דער שטעטלשער סוויווע. אָט גייט פאר אונדז דורך „דער בענדינער מורה הוראה", אָט קומט באלד נאָך אים דער „ראדזעמינער ראש הקהל", עס באווײַזט זיך דער „מלמד פון ווילאען", עס קומט צו דער „סופר פון בזיענין", מיר זעען דאָ אויך דעם כסידישן רעבן. דער מעכאבער לאָזט דעם רעבן ארויסטרעטן מיט א לאנגן מאָנאָלאָג, און וויפל ווײַטע רעמאָזים און אָנצוהערענישן אף דער געוויינלעכער פּראקטיק פון א כסידישן רעבן עס זאָלן זיך ניט הערן אין דעם מאָנאָלאָג, קלאָר איז דאָך אָבער, אז די קאוואָנע פונעם מעכאבער ליגט דאָ ניט אינעם באקעמפן דעם כסידישן רעבן, נאָר גראָדע אינעם שטרעבן ארויסצוזוכן די בארעכטיקונג פאר די „עמעסע־רעבײִים" און זייער ראָלע אינעם לעבן פון דער יִידישער באפעלקערונג. און פונקט אזוי ווערט דאָ געזוכט אויך די בארעכטיקונג פארן ראָש־האקאָהאָל, פאר דעם מוירע־הוירעאָ, פאר דעם מעלאמעד — דאָס הייסט, פאר די געשטאלטן, קעגן וועמען עס איז געווענדעט די סאַטירע פון דער גאנצער האסקאָלע־ליטעראטור. מע דארף אָבער ניט מיינען, אז דאָס ווערט געטון אין נאָמען פון ווילד־פאנאטישער פארפרומטקײַט, אין נאָמען פון דער יִידישער אָרטאָדאָקסיע, וואָס וויל ניט פארלײַדן קיין שפּורן פון מאָדערן־אייראָפּעיִשער וועלטלעכקײַט.

1) אונטערגעשטראָכן בא מאקמאנען.

ג. מאקמאן איז גאנץ ווײַט פון אזא אָרטאָדאָקסישקײַט. פונקט ווי א. ב. רוף, פארגרעסטער קיינמאָל ניט דאָס געבאָט: „זאָלסט ויסן, די אלע דרײַ קלאסן (די כסידים, מיסנאגדים און דײַטשן — נ. א.) זײַנען אלע גאָטס קינדער". דעריבער זעען מיר, ווי אין דעם גאניידן, ווו עס איז נאָר־וואָס דוכגעפירט געוואָרן דאָס גאנצע ייִדישע קלייקוידעש מטן כסידישן רעבן בעראָש, באווײַזן זיך פיר פארשוין „אין דײַטשע קליידער", —

... איינער זאָגט, ער איז אקושער און דאָקטער מעריצין,
ער האָט זייער פיל פאר קראנקע געטיהן.
... דער אנדערער אן אָפּיעקון פון א שול,
פאָרשטעהער פון יורישן שפיטאָל.
... דער דריטער איז א שריפטשטעלער און פילאָזאָף,
אָנגעזעהן אין קייזערלעכן האָף.
אז ס'פלעגט פאָרצוקומען פאלשע מסירות אָדער אנדערע פאלשע זאכין,
מע פלעגט זעך אויף יודין צו קלאָגין, בילבולים צו מאכין,
ארער ס'איז אזוי עמעץ אן עולה געשעהן,
איז ער באלד א מליץ געוועזן.
... דער פערדער, איינער פון דיא רייכסטע לאט,
זעהר א גרויסער באנקעהר...

(115—114)

ווי מיר זעען דאָ, האָט ג. מאקמאן געפּרוווט קאָנקרעטיזירן יענעם געבאָט פון אכדעס צווישן די געוויסע „דרײַ קלאסן", וועגן וועלכן מיר האָבן געהערט באַ א. ב. רופן. ג. מאקמאן וויל באווײַזן די איינהײַטלעכע קייט פון רעליגיעז־ייִדישלעכער טראדיציע, וואָס פארבינדט דעם „געשעפטס־מענש", דעם רײַכן באנקיר, מיט דעם אופגעקלערטן, דעם „דײַטש" — פון איין זײַט, און מיט די כסידישע רעבייִם, די קלייקוידעש און די שטעטלשע קאָהאָל־פירער — פון דער צווייטער זײַט. דאָס אלעס ווערט אין מאקמאנס פּאָעמע איבערגעגעבן אף אן אלעגאָרישן אויפן, אָבער די שילדערונג פון די „דרײַ קלאסן" ווערט געגעבן אפן פאָן פון אזא אלגעמיינער אידעאליזאציע, אז עס לאָזט זיך ניט צווייפלען אין דעם כאראקטער פון דער אידעאָלאָגישער קאָנצעפּציע, וואָס ווערט אנטוויקלט אינעם ווערק. ס'איז אן אויסגעשפּראָכן־רעאקציאָנערע אידעאָלאָגיע פון א געוויסער בורזשואז־קלעריקאלער שטרעמונג אין דער ייִדישער ליטעראטור. ווילן וויל אָט די שטרעמונג דורך דעם לאָזונג פון „אכדעס" זיך שטעלן קעגן די קאמף־לאָזונגען פון די האסקאָלע־שרײַבער, דערבײַ הערט אָבער ניט אוף אָט די שטרעמונג צו זאָרגן דערפאר, אז די העגעמאָניע אינעם בונד פון די געוויסע „דרײַ קלאסן" זאָל געהערן דעם פאָרשטייער פון דער רעליגיעז־ייִדישלעכער טראדיציע — דעם „גאנצן ייִד", און זי שטרעבט מיט אלע מיטלען דערהויבן אָט דעם „גאנצן ייִד" אין דער ליטעראטור.

דידאָזיקע פּראָגראם האָבן מיר פריִער געזעען בא א. ב. רופן אין זײַן „בין הזמנים", דאָסזעלבע זעען מיר אויך אין דער פּאָעמע בא ג. מאקמאנען. אויב א. ב. רוף האָט נאָך געוואקלט זיך אינעם באשטימען דעם „גאנצן ייִד" — טיילמאָל דאכט זיך, אז דער גאנצער ייִד" — דאָס איז דער „ערנסטער מעלאמעד", טיילמאָל, דער „רײַכער געשעפטסמאן" — האָט שוין ג. מאקמאן פאר זיך אָט די געשטאלט געפונען. דאָס איז שמערל, דער הויפּט־פאָרשטייער פון דער רעליגיעז־ייִדישלעכער טראדיציע אין מאקמאנס פּאָעמע. מאקמאן שטרענגט זיך אָן ביז גאָר, קעדיי צום סאָף פּאָעמע פארוואנדלען שמערלס פיגור אין א אידעאל־פיגור. ס'איז שוין ניטאָ דאָ קיין שפּור פון יענעם האלב־איראָנישן טאָן, וואָס מע האָט געקאָנט דרינגען פון אייניקע שורעס אינעם ארײַנפיר־קאפּיטל פון דער פּאָעמע[1]. דאָ אינעם

[1] די טענדענץ צו פארוואנדלען שמערלען אין א אידעאל-פיגור זעט זיך אויך דערינען, וואָס צום סאָף פּאָעמע פאלט אָפּ די ערשטע כאראקטעריסטיק פון שמערלען „א פּראָסטאק, א אמהאָרעץ" (ז. 4). שמערל ווערט שוין אָנגעגעבן, ווי דער מעכאבער פון דער גאנצער פּאָעמע, און מאקמאן אידענטיפיצירט זיך שוין דורכויס מיט זײַן העלד — שמערל.

עפּילאָג גיט שוין ג. מאקמאן אן אויסגעהאלטענע, דורכויס־אידעאליזירנדיקע שילדערונג פון דעם, ווי עס זעגנט זיך מיט דער וועלט שמערל, און דער לעזער דארף באקומען גאָר אן אנדער באציִונג צו דער שמערל־פיגור. נאטירלעך, גייט עס דאָ ניט נאָר אין שמערלען גופא.

שמערל, א מאן פון פינעף אין פערציג,
עהרליך, אָפּענהערציג,
האָט זיך געפיהרט אפין יודישין שטייגער...

(4)

מיט אָט די ווערטער פירט מאקמאן אריַין שמערלען אין דער פּאָעמע. עס איז דערי־בער קיין כידעש ניט, וואָס צום סאָף פּאָעמע ווערט מיט שמערלס געשטאלט פארבונדן דער טריִומף פונעם „ייִדישן שטייגער". דער מעכאבער שאפט ארום זיַין העלד א באזונדער אידעאל, און שמערל הייבט אָן גילטן ווי די געשטאלט פון א „גאנצן ייִד", — יענע אידעאל־פיגור, וואָס עס האָט זיך אופגעבויט די רעאקציאָנער־בורזשואזע שטרעמונג אין דער ייִדישער ליטעראטור פון די 60־ער יאָרן.

## IV

## די „ווארשויער יודישע צייַטונג"

פאר יעדן איינעם, ווער עס באקענט זיך מיט די ווערק פון די ווארשעווער מעכאברים, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט באהאנדלט, ווערט קלאָר, אז דאָ האָבן מיר פאר זיך ניט נאָר אָרטיקע, ספּעציפיש־ווארשעווער דערשיַינונגען. בא דעם איצטיקן צושטאנד פון אונדזער ביבליִאָגראפיע קאָן געמאָלט זיַין, אז פונקט ווי עס זיַינען ביז אהער ניט געווען ווי געהע־ריק באשריבן די ווארשעווער ביכלעך פון ג. בעלוי, א. ב. רוף און ג. מאקמאן, אזוי בלייַבן נאָך איצט אויך ניט פארצייכנט אייניקע ענלעכע אויסגאבעס, וואָס זיַינען דערשי־נען ערגעץ אנדערש, אויסער ווארשע.

ווי דאָס זאָל אָבער ניט זיַין, באקענען זיך מיט דער רעאקציאָנערער שטרעמונג אין דער ייִדישער ליטעראטור פון די 50־ער יאָרן קאָנען מיר דערוויַיל בלויז לויט די ווערק פון די ווארשעווער מעכאברים, וואָס טרעטן ארויס ווי א גאנצע גרופּע, פארייניקט דורך דער צייַט און דעם אָרט פון זייער טעטיקיַיט. און דאָס טראָגט געוויס אריַין א היפּשן קאָרעקטיוו אין אונדזערע פאָרשטעלונגען וועגן דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטע־ראטור אין 19־טן יאָרהונדערט. ביזאהער האָבן מיר געוווסט בלויז וועגן דער פּראָגרעסי־ווער שטרעמונג אין דער אנטוויקלונג פון דער בורזשואזער ייִדישער ליטעראטור, וועגן דער שטרעמונג, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין דער פרייִקער האסקאָלע (עטינגער, אקסענפעלד). דאָ, אין דעם פאל מיט די ווארשעווער מעכאברים, האָבן מיר א גאנצן סכום ליטעראטור־דערשיַינונגען, וואָס זאָגן איידעס וועגן אן אנדער געזעלשאפטלעכער אטמאָספער, וועלכע שאפט זיך אין ווארשע ארום די 60־ער יאָרן. מיר זעען דאָ א סוויווע, וואָס דיק־טירט די שריַיבער אן אויסגעשפּראָכן־רעאקציאָנערע פּראָגראם. ס׳איז דעריבער גאנץ נאטירלעך, וואָס בא אונדז וואקסט אויס א באזונדער אינטערעס צו דערדאָזיקער געזעלשאפטלעכער סוויווע, מיר ווילן וויסן איר אינערלעכע סטרוקטור, אירע סאָציִאל־עקאָנאָמישע פּארהעלטענישן. מיר איבערצייַגן זיך אָבער גאָר גיך, אז וועגן דעם אלעמען איז אין אונדזער היסטאָרישער ליטעראטור קימאט ווי גאָרנישט ניט געשריבן געוואָרן. די סוויווע פון דער ייִדישער בורזשואזיִע אין פּוילן, אָט די „יודישע געשעפטס־לייַט", אין וועמעס נאָמען עס האָט גערעדט א. ב. רוף, איז ביזאהער נאָך גאָרניט דערלערנט. עס איז געווען אָנצוּוויַיזן, אז בא י. העסענען, וואָס גיט אָפּ דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן (אין דעם געגעבענעם פּעריִאָד) א גאנץ היפּש אָרט, געפינען מיר קאם א האלב זיַיטל טעקסט, וואָס דארף באלויכטן די פארהעלטענישן אין דער סוויווע פון דער ייִדישער בור־

זשואַזיע אין פּוילן. דערבײַ קומט, געוויינלעך, י. העסען, ווי די איבעריקע ייִדישע בורזשואַזע היסטאָריקער, מיט דער טראַדיציאָנעלער פאָרמול, וואָס זאָגט, אַז „ניט געקוקט דערוף, וואָס די ייִדישע מאַסע האָט געלעבט אין דאַכקעס און נויט, האָט דאָך די ייִדישע בורזשואַזיע ;נגעהויבן צו דעראָבערן פאַר זיך אַן אָרט אין דעם האַנדלס־אינדוסטריעלן לעבן פון דעם לאַנד און האָט גענומען באַפעסטיקן איר מאַטעריעלן וווילשטאַנד״ — אַ פאָרמול, מיט וועלכער אונדזערע בורזשואַזע היסטאָריקער האָבן אַלעמאָל געוואָלט קויפן זיך דאָס רעכט ניט צו זאָגן אין טאָך גאָרניט וועגן דיווירקלעכע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אין דער סוויווע פון דער ייִדישער בורזשואַזיע. וועגן דידאָזיקע פאַרהעלטענישן קאָן מען, עמעס, טיילווײַז דערוויסן זיך פון אַנדערע אויספאָרשונגען, וואָס האָבן ניט צו טון מיט דער ספּעציעל ייִדישער סוויווע [1]. דאָרטן זײַנען אָבער די מאַטעריאַלן געבראַכט גאָר אין אַן אַנדער צוזאַמענהאַנג, זיי לאָזן איבער אָן אַן ענטפער אייניקע גרונט־פראַגן, וואָס אינטערעסירן אונדז דאָס מאָל, און קײַן אַלגעמיין בילד פון דער אַנטוויקלונג, וואָס עס מאַכט דורך אָנהייב צווייטע העלפט 19־טן יאָרהונדערטס די ייִדישע בורזשואַזיע אין פּוילן, קאָנען מיר אַף אַזאַ אויפן ניט באַקומען. בײַ אַזאַ מאַנגל אין מאַטעריאַל מוזן מיר מיט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקײַט צוגיין צו יעדער געלעגנהײַט, ווען עס לאָזט זיך — כאָטש אַף אַן אומדירעקטן אויפן — באַלויכטן די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אין דער פּויליש־ייִדישער סוויווע פון דער געגעבענער צײַט. אַזאַ געלעגנהײַט האָבן מיר, ווען מיר בלעטערן דורך די מאַטעריאַלן פון דער „וואַרשויער יודישער צייטונג״. אַף אייניקע פון זיי וועלן מיר זיך הײַנטיקס מאָל דאָ אָפּשטעלן.

דאָס ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען מע באַקענט זיך מיט דער ליטעראַטור וועגן דער „וואַרשויער יודישער צייטונג״, איז די אומבאַגרינדעטע גרינגשעצונג, וואָס העִרשט בענוגייע דערדאָזיקער צײַטונג. ניט געקוקט דערוף, וואָס דער ערשטער אַרטיקל וועגן דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג״ איז דערשינען נאָך 1905 (אין דער צײַטונג „דער וועג״), האָבן מיר נאָך ביז אַף הײַנטיקן טאָג ניט קײַן מער־ווייניקער אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג אַף דער טעמע. אַפּאָנעם, דער פאַקט, וואָס די „וואַרשויער יודישע צײַטונג״ האָט גענוצט אַ ווייניק געלײַטערטן ייִדיש, האָט גוירעם געווען דערצו, אַז די ייִדישיסטישע פאָרשער זאָלן וואַרפן אַף איר אַן אומכיין. ווי מע זאָל ניט וועלן אויסנוצן די פאַקטישע ידיעס, וואָס מיר האָבן בײַ י. צינבערגן, קיין פאָרשטעלונג וועגן דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג״ — אַפילו די עלעמענטאַרסטע — קען מען דאָ ניט באַקומען [2]. ווי אַלעמאָל, פּרוּווט ז. רייזין אויך דאָסמאָל ניט קאָנטראָלירן דאָס, וואָס אַנדערע שרײַבן אַף דער טעמע, און מיר לייענען אין לעקסיקאָן (באַנד ו, ז. 568), אַז „סײַ אין אינהאַלט, סײַ אין סטיל איז די „וו. יו. צ.״ געווען הינטערשטעליק לעגאַבע דעם „קול מבשר״.

„שטרעבנדיק ניט אײַנצורײַסן — שרײַבט ז. רייזין — ניט מיט די אַסימיליאַטאָרן און מאַסקילים און ניט מיט די כסידים, האָט זי אויסגעמיטן אַקטועלע טעמעס און געגעבן בלויז אַ אינפאָרמאַטיוון, בעלעטריסטישן און פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַל״.

מיר האָבן דאָ אַן אָפּשאַצונג, וואָס איז אַף דורך און דורך פאַלש. צי קאָן מען זאָגן, אַז די „וואַרשויער יודישע צייטונג״ האָט „אויסגעמיטן אַקטועלע טעמעס״? בעשום־אופן ניט. דאָס איינציקע, וואָס עס לאָזט זיך יאָ זאָגן, איז, אַז די צײַטונג איז ווירקלעך ניט אויסגעהאַלטן אין איין טאָן, אין איין אידעאָלאָגישן שניט. געקומען אין אַ צײַט, ווען דער „קול מבשר״ האָט שוין געהאַט מער־ווייניקער אָנגעטאַפּט זײַן וועג (אָפּווײַכונגען זײַנען אויך

---

1) לעמאָשל: Р. Люксембург. Промышленное развитие Польши (1899) און Воблый К. Г. Очерки по истории польской фабричной промышленности. (1909).

2) נ. פּרילוצקי האָט וועגן דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג״ געשריבן נאָר דערעך־אַגעוו — אין זײַן אַרטיקל „וואַרשעווער אַסימיליאַטאָרן און ייִדיש מיט 50 יאָר צוריק״. נ. פּרילוצקי איז דעמאָלט שטאַרק ניספּאָעל געוואָרן פונעם נאַציאָנאַליזם, וואָס דרינגט דורך די וואַרשעווער צײַטונג — לויט זײַן מיינונג, דאַרף מען דאָ זוכן דעם אויסגאַנג־פּונקט פונעם „מאָדערנעם ייִדישן נאַציאָנאַליזם״ — אָבער קיין אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דער צײַטונג ווערט בײַ נ. פּרילוצקין ניט געגעבן.

דאָ געווען אלעמאָל[1]), ווען די אָדעסער צײַטונג הייבט זיך שוין אָן אָריִענטירן אף די פּראָגרעסיווערע לאָזונגען פון דעם דעמאָקראטישן מאסקיליזם, קאָן די „ווארשויער יודישע צייטונג" א שטיק צײַט נאָכאנאנד ניט באשטימען איר אייגענעם וועג. זי וואקלט זיך נאָך אָפטלעך צווישן דעם בורזשואזן מאסקיליזם און דעמאָקראטישן[1]). זי וואקלט זיך צווישן דער אָריִענטאציע אף דעם קליינבירגערטום און דער אָריענטאציע אף דער ייִדישער בורזשואזיע און אפילע גרויס־בורזשואזיע. דערפון נעמט זיך, וואָס די פּראָגראם פון דער צײַטונג איז אָפטמאָל סויסער איר אייגענער פראקטיק. ווען דערדאָזיקער פראקטיק קאָן מען אָבער בעשומויפן ניט זאָגן, אז זי האָט ניט צו טון מיט „אקטועלע טעמעס" — עס ווענדט זיך נאָר אין דעם, פאר וועמען, פאר וועלכער געזעלשאפטלעכער שיכט פון די 60־ער יאָרן האָבן אָט די טעמעס געזאָלט זײַן אקטועל. דערפאר קאָן דאָ אויך בעשומויפן ניט זײַן די רייד וועגן „הינטער־שטעליקײַט" לעגאבע דעם „קול מבשר". די אייגנארטיקײַט פון דער „וו. יו. צ." באשטייט דערין, וואָס זי האָט גראָדע אָפטמאָל געשטעלט, ווי מיר וועלן ווײַטער זען, פּראָבלעמען פיל מער קאָמפּליצירטע, מער היסטאָריש־באדײַטנדיקע, ווי דער „קול מבשר". צו דידאָזיקע פּראָבלעמען איז מען אָבער אין דער „וו. יו. צ." צוגעגאנגען פונעם שטאנדפונקט פון אן אנדער סאָציאַלער שיכט — דער ייִדישער בורזשואזיע.

און אָט דערין באשטייט איצט אונדזער אופגאבע: באם שײַן פון די מאטעריאלן, וואָס כאראקטעריזירן אָט די שיכט, באלויכטן די סוויווע ארום די ווארשעווער מעכאברים אין 50—60־ער יאָרן[2]).

די אייגנארטיקײַט פון דער „ווארשויער יודישער צײַטונג" באשטייט קוידעמקאָל דע־רין, וואָס דאָס איז אן אויסגעשפּראָכן ווארשעווער צײַטונג. פארן „קול מבשר" איז זײַן אָדעסער אָפּשטאם געווען וויניק־וואָס כאראקטעריסטיש. זײַן יעניקע האָט דער „קול מבשר" מער ווי אלץ געצויגן פון דער פעריפעריִע, פון די קלענערע שטעט און שטעטלעך, וווהין עס ווענדט זיך אלעמאָל דידאָזיקע צײַטונג. דער הויפּט־אינטערעס פונעם „קול מבשר" ליגט אין זײַן שילדערן די פּראָווינץ, די שטעטלשע סוויווע. גאָר אנדערש איז אין דעם פּראָט די „ווארשויער יודישע צײַטונג". ניט אומזיסט, אפאָנעם, טרעפן מיר שוין דאָ אין צווייטן נומער אן ארטיקל פון איינעם א שטאָט־מיטארבעטער אין דער „ווארשויער יודישער צײַ־טונג", אן ארטיקל, ווו עס ווערט געשריבן: „דיזע קארעספּאנדענץ שרייבע איך אינען פון דער פראנציסקאנער גאס. מיינע געשעפטן האָבן מיך געטריבן נאָך ווארשע. אונד ווען איך זאָל זאָגן די ווארהייט, האָט עס מיך עפּעס אזוי ווי געצויגן נאָך ווארשע. עס זאָל בלייבן צווישן אונז בעסאָד, בין איך איין ווארשעווער, און אף דער פראנציסקאנער גאס בין איך געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן. און דער, וואָס איז געוואוינט אין איינער גרויסען שטאָט צו דעם געוודער און צו דעם גערויש, איז אים זייער פשיקרע אויף דער פּראָווינץ..."

ווען מע קוקט זיך צו צו דער „ווארשויער יודישער צײַטונג", זעט מען, אז דער „פרײַנד שאול" — דער מעכאבער פונעם נאָר־וואָס ציטירטן ארטיקל — האָט אויסגעדריקט די שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין דער גאנצער רעדאקציע פון דער צײַטונג. דאָ איז מען גאנץ ווײַט פון צעדערבוימס טענדענץ צו באדינען מיט דער צײַטונג קוידעמקאָל די פּראָווינץ, די ווײַט־פארלעגענע עקן פונעם לאנד, פונוואנען דער „קול מבשר" פלעג באקו־מען ניט נאָר זײַנע אבאָנענטן, נאָר אָפטמאָל אויך דעם סטימול צו דער אָדער יענער גע־זעלשאפטלעכער אקציע.

---

[1]) איך נוץ דאָ די באצייכענונג, וואָס עס האָט אָנגעווענדעט דער כ׳ נוסינאָוו אין זײַן ארבעט וועגן מענדעלעס עפּאָכע (די „רויטע וועלט", 1928, № 2—3).

[2]) מאכמעס דערדאָזיקער אופגאבע ריידן מיר ניט אין אונדזער ארבעט וועגן די מאטעריאלן פון דער „וו. יו. צ.", וואָס זײַנען מער־וויניקער טיפּיש פאר יעטווידער צײַטונג פון די 60־ער יאָרן, ווי דאָס לאָזט זיך זען לויטן „קול מבשר". אזעלכע מאטעריאלן טרעפן זיך אין דער ווארשעווער צײַטונג גאנץ אָפט, און אומזיסט מיינט י. צינבערג, אז דער „קול מבשר" האָט נאָר אין היגזיכט פון שפּראך געדינט אלס א מוסטער פאר דער „ווארשויער יודישער צייטונג". די האשפּאָע פון דעם „קול מבשר" איז דורכגעדרונגען אסאך טיפער. אָבער דאָס איז שוין א טעמע פאר זיך.

ניט דער „פריינד שאול״, ניט די רעדאקציע אינגאנצן געטומען האלטן, אפּאָנעם, ניט אז דער באַרוף פון דער צייטונג איז צו דינען די אינטערעסן פון דער פּראָווינץ. זעען מיר דעריבער טאקע, ווי דער „פרײַנד שאול״ שטעלט באלד נאָכן ערשטן פעליעטאָן זײַנעם אן אלגעמיינעם טיטל איבער זײַנע פעליעטאָנען, און דער טיטל איז:

„אנ דער עקע דער פראנציסקאנער שטראסע אונד נאלעווקע״

אונטער אזא קעפּל גיט אלע מאָל דער „פרײַנד שאול״ זײַנע פעליעטאָנען אין דער „ווארשויער ייִדישער צײַטונג״, און ס'איז קלאָל ניט קיין צופאל, וואָס ער האָט זיך אויס־געקליבן אזא אופשריפט.

„איין קאָרעספּאָנדענט איינער צײַטונג — שרײַבט דער „פרײַנד שאול״ — מוז זײַן איבעראל, אלעס זען אונד הערן. אונד דער ראָג פונ דער פראנציסקאנער גאס אונד נאלעווקע איזט דער בעסטער פלאץ דאצו. איך קאָן מיך גאָרניט אויסווונדערן פונוואנען עס קומט דאס ייִדן, וועלכע אין פארשידענע גאסן אין ווארשוי וווינען, גאנץ פארשיידן אויסזען. מע קאָן לײַכט באמערקן, דאס די יידן פון שולעץ זעען גאָר אנדערש אויס, ווי די יידן פון פראגע. די גזיבאָווער זיינען נישט ענלעך צו די פון פישמארק. די פאנסקי גאס ניט ענ־לעך צו מוראנאוו און די פראנצישקאנער גאס, וועלכע צוזאמען קומט מיט די נאלעווקעס, זײַנען צווישן זיך זאָ פערשידן, אזוי ווי טאָג צו נאכט... פארוואָס עס איזט אזוי, איזט פיל צו ריידן. גענוג עס איזט אזוי. און איך האָב מײַן קוואטיר אויף די סאמע גרעניץ. איך קוק מיט איין אויג אויף די פראנצישקאנער גאס און מיט איין אויג אויף די נאלעוו־קעס. דאָ האָב איך דאָס בעסטע געלעגנהייט מענשן קענען צו לערנען אונד אלס בײַשפּיל צו בעלערונג פיר די לעזער אירער ווערטער צייטונג פאָרצושטעלן...״

דער „פריינד שאול״ האלט זיך טאקע געטרײַ בא דער פּראָגראם, וואָס איז אָנגעמערקט אין די ערשט ציטירטע שורעס. ער פארצייכנט נאָכאנאנד פיגורן, וואָס קומען אף די ווארשעווער נאלעווקעס. דער ווארשעווער קאָלאָריט, וואָס מיר האָבן פריִער געזען בא ג. בעלוי, בא א. ב. רופן און בא ג. מאקמאנען, באקומט דאָ אין דער „ווארשויער יודישער צייטונג״ א פעסטן גרונד־טאָן — מיר דערזעען פאר זיך דאָס טאָגטעגלעכע לעבן זון די נאלעווקעס, מיר דערהערן, ווי דער „פרײַנד שאול״ נעמט רעדן אין נאָמען פון די נאלעווקער ,אינטע־רעסן, מיט דער נאלעווקער שפראך. אין דער הינזיכט איז דער „פרײַנד שאול״ דער עמע־סער פאטריִארך פון יענער היפשער מישפּאָכע נאלעווקער זשורנאליסטן, וואָס האָבן שפּעטער אויסגעבויט די בורזשואזע ייִדישע פרעסע אין פוילן. דער „פרײַנד שאול״ איז א פעליע־טאָניסט און ער פארשטייט גוט זײַן באַרוף. ער גרײַפט אפילע ווען־ניט־ווען אָן, ער לאכט אויס אייניקע נאלעווקער געשטאלטן, ער טוט דאָס אָבער אזוי, אז ער זאָל זיך ניט פא־נאנדערגיין מיט די אינטערעסן פונעם נאלעווקער טוישעוו, און נאָך גרינגער קומט דאָס אָן דעם „פרײַנד שאול״, ווען ער האָט צו טון אין זײַן פעליעטאָן מיט א פארשוין פון דער „פראָווינץ״. דעמאָלט קאָן דער פעליעטאָניסט פרײַ אויסלאכן דעם קליינשטעטלדיקן סוחר, ער לאכט אויס די ניט־סאָלידע גענג אינעם קליינשטעטלדיקן האנדל, דאָס פארלאָזן זיך אפן „פאָרעץ״... דאָ, אף די נאלעווקעס, ווו די באציִונגען מיטן „פאָרעץ״ זײַנען שוין א שטיק פארגאנגענהײַט, קאָן מען מיט א שמייכל צוזען די האווײַעס פונעם קליינשטעטלדיקן סוחר, וואָס פארלאָזט זיך אף ניסים, און דער „פרײַנד שאול״, וואָס איז פול מיט דער ווערדע פון דעם אופגעקומענעם נאלעווקער גוויר, שרײַבט אין זײַן פעליעטאָן:

„ווען איך האָב מיך געלייגט שלאָפן, האָב איך ווידער איין זיפץ געגעבן, דען איך האָב שוין פריער הערויסגעזען ר' יאקעווס סאָף. דען איין סוחר מיט איין זאלכע ווירטשאפט קען ניט לאנג אָנטרייבן: אין איין יאָר אדער צוויי ווירד ער גיין פלייטע.״

אימער לוסטיק, אנע זאָרגן,
ווען ניכטס האבע ווערדע באָרגן...

דער קוק אף דער „פּראָווינץ“ דריקט דאָ אויס די פסיכאָלאָגיע פון איין שיכט בורזשואזיע, וואָס האָט זיך העכער ארופגעארבעט, א שיכט א סאָלידערער, א רײַכערער, צו א צווייטן, סאָציאַל־נאָענטן שיכט, וואָס געפינט זיך נאָך מיט א טרעפּל נידעריקער... און אָט דערין ליגט דער זינען פון יענעם פילן זיך „זייער פשיקרע אף דער פּראָווינץ“, וואָס מיר טרעפן בא דעם „פרײַנד שאולן“. דאָ קומט צום אויסדרוק יענער געפיל פון אייגענער ווערדע, דער גלויבן אין דער אייגענער מאמאָשעסדיקײַט, וואָס עס פּאַרמאָגט שוין אין דער „ווארשויער יודישער צײַטונג“ דער פּאָרשטייער פון די ווארשעווער נאלעווקעס. פאראן אָבער, ווי געזאָגט, צווישן די פּעליעטאָנען פונעם „פרײַנד שאול“ אויך אזעלכע, וואָס פאלן אָן אף די טוישורים פון די נאלעווקעס גופא. אזא פאל האָבן מיר אינעם נום. 12, ווו עס ווערט אויסגעלאכט א פּראָצענטניק, איינער א פרומער ר׳ מיכעלע. די „וואָכערײַ“ איז די שטענדיקע ציל־ברעט, וווהין עס פאלן די פײַלן פון סאטירע אין דער „ווארשויער יודישער צײַטונג“. נאָך אינעם זעלבן נום. 12 ווערט געדרוקט די באַרימטע סאטירע פון ש. עטינגער „וויטעלע“, אין נום. 31 רעדט זיך וועגן „וואָכערײַ“ אין א ליד פון יק״ר, אין נום. 32 ווערט די „וואָכערײַ“ ווי א נעגאטיווע דערשײַנונג באהאנדלט אינעם ארטיקל „יודישע געשעפטן“, אין נום. 22 רעדט וועגן „באָרגן אף איין מאשקן מיט פּראָצענט“ אף א גאנץ קאטעגאָרישן אופן איינער א ווארשעווער קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג, — קורץ, מיר האָבן אין דער „ווארשויער יודישער צײַטונג“ א דויערנדיקע קאמפּאניע פון פארשארפטן קאמף מיט „וואָכערײַ“, וואָס ציט זיך איבער פיל נומערן פון דער צײַטונג[1]). דעם שטארקסטן עפעקט אין דערדאָזיקער קאמפּאניע האָט געוויס געמוזט געבן ש. עטינגערס „וויטעלע“, אָבער די פילצאָליקײַט פון די שטימען, וואָס הערן זיך אין דער קאמפּאניע — דאָס אליין באווײַזט אונדז, אז דאָ האָבן מיר צו טון מיט אן אקטועלער געזעלשאפטלעכער אקציע, וואָס עס האָט גענומען אויספירן די „ווארשויער יודישע צײַטונג“. כאראקטעריסטיש איז דערבײַ נאָך א דעטאל. אינעם לעצטן נומער „ווארשויער יודישע צײַטונג“ איז אָפּגעדרוקט א פּעליעטאָן „די אסיפע“. דער מעכאבער וויל דאָ באווײַזן, ווי אזוי פארשיידענע קרײַזן וועלן אופנעמען די ידיעה וועגן דעם, אז די צײַטונג איז אונטערגעגאנגען. דער פּעליעטאָניסט שילדערט אונדז די סאָנים פון דער „ווארשויער יודישער צײַטונג“, זייער פרייד צוליב דעם, וואָס זיי זײַנען „דעם גאזעטניקס פּאָטער געוואָרן“, — און דאָס ערשטע אָרט צווישן אָט די סאָנים פארנעמען ווידער די פּראָצענטניקעס — ר׳ מיכעלע און וויטעלע. עס באקומט זיך אזא אײַנדרוק, אז דער פּעליעטאָן איז אויסן צו באווײַזן, ווי אזוי די „ווארשויער יודישע צײַטונג“ איז געפאלן אינעם קאמף מיט „וואָכערײַ“ — דעם שטענדיקן אָביעקט פון דער צײַטונגס סארקאזם און שפּאָט.

ווי־זשע בינדט זיך דערדאָזיקער קאמף קעגן ר׳ מיכעלען — א נאלעווקער טוישעוו — מיט דער אלגעמיינער נאלעווקער „אײַנשטעלונג“ פון דער „ווארשויער יודישער צײַטונג“? אן ענטפער דערוף גיט אונדז איינער אן אומבאקאנטער מעכאבער פון א בריוו אין רעדאקציע, וואָס מיר לייענען אינעם נום. 22. אָט וואָס עס ווערט געשריבן אין דעם בריוו.

„בעסטער הער רעדאקטאָר! אײַער צײַטונג לעזע איך ערנסט. זי איז צוואר גוט, נור דאָך איזט איין שאדע, וואָס איר רעדעט ניכט פון זייער וויכטיקע זאכן: איר זאָלט עפנטליך שרײַבן עפטער, ווארום אונזערע נעגידים אונד גווירים זאָ בעגייען זיך מיט זייער געלט?

[1]) פארשטיין דעמדאָזיקן אקשאָנעסריקן קאמף קען מען נאָר דעמאָלט, ווען מע נעמט אין אכט, וואָס פאר אן אומגעהײַערע אנטוויקלונג די „וואָכערײַ“ האָט באקומען אין פוילן. וועגן דער ראָלע, וואָס די „וואָכערניקעס“ האָבן געשפּילט אין דער אויסבילדונג פונעם קלאס קאפּיטאליסטן אין פוילן אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט, דערציילט אין איר פריִער־ציטירטער בוך ר. לוקסעמבורג. בא ק. ג. וואָבלי ווערט געבראכט זייער פיל מאטעריאל, וואָס שילדערט די טעטיקײַט פון דער יידישער „וואָכערײַ“ — אין אלע אירע פארשיידענע פאָרמען — אין דער צײַט, ווען עס הייבט זיך אָן שאפן די פוילישע אינדוסטריע. די איבערצײַגנדיקײַט פון די דאָקומענטן, וואָס ווערן בא ק. ג. וואָבלי ציטירט, האָט געבראכט דערצו, אז אויך די בורזשואזע יידישע היסטאָריקער האָבן עס געמוזט אָנעמען ווי א פאקט.

ווארום זיי פערלעגן ניכט פערשיידענע פאבריקן, דאמיט מע זאָל קענען בעשעפטיקן ארבעטס־מענשן, עס זאָלן ניכט בעדארפן פיל יידן אין די גאסן פועל בטל ארומצוגיין. מע מוז דיזע גליקלעכע לײַטע ערינערן, דאָס זיי זאָלן אויך עטוואָס פיר די ארמע קלאסע זאָרגן, מיט דעם באָרגן אויף א מאשקן מיט פראָצענט איזט דער ארמע ניכט בעהאָלפן, מיט ארבעט אונד געשעפט אים צו בעשעפטיקן וואָלט געוועזן איינע ווארע הילפע. וויפיל מיליאָנען געלד שיקט מען ארויס נאָך אויסלאנד אײַנצוקויפן (ניכט קיין עסנווארג), נאָר פאבריקן־ארבעט, וועלכע אויך אין אונזער מעדינע האָבן געקענט פערפערטיקט ווערדן. די רויע ווארן זײַנען פון אונזער לאנד אונד מען פירט זיי ערשט נאָך אויסלאנד, אונד דאָרטן ווערדן זיי אופגעארבײַטעטי אונד צוריק געבראכט. קאָן מען דיזעס ניכט אין אונדזער מעדינע פערפערטיקן?"

מיר האָבן בעקיוון געבראכט אזא לענגערע ציטאטע, קעדיי צו באווײַזן, ווי עס פלעכטן זיך דאָ איבער פארשיידענע מאָטיוון. פונעם פראָטעסט קעגן די נעגידים, וואָס נעמען א „מאשקן מיט פראָצענט", גייט דער מעכאבער איבער צו דער לאגע פון דער „אָרעמער קלאסע", אָבער אָט־די זאָרג וועגן די אָרעמע קלאסן דינט נאָר ווי א געלעגנהײַט צו באווײַזן, ווי שלעכט די נעגידים „באגייען זיך מיט זייער געלט", א געלעגנהײַט צו רופן די נעגידים צו פארוועגנדן זייערע קאפיטאלן אף פאבריק־בויונג [1]. לעכאטכילע איז שווער צו זאָגן, וואָס וועגט דאָ איבער: די זאָרג וועגן דער „אָרעמער קלאסע" אָדער די זאָרג וועגן די נעגידים, וואָס פארזינקען אין דער פערספעקטיוולאָזער „וואָכערײַ". מערקווירדיק איז אָבער אָט וואָס: מיט ענלעכע ארגומענטן, ווי עס טרעט ארויס דער אנאָנימער מעכאבער פון דער יידישער צײַטונג, איז אין פוילן ארויסגעטראָטן מיט א היפשער צײַט פריִער איינער פון די אידעאָלאָגן פון דער פוילישער בורזשואזיע.

„אויב מיר אליין וועלן ניט אָנהייבן איבערארבעטן אונדזער וואָל, אונדזער לײַן, די פעל, דאָס אײַזן, דעם קופער א. אז. וו., אויב מיר וועלן ניט געבן א מעגלעכקײַט די־יעניקע קלאסן פון דער באפעלקערונג, וואָס וווינען אצינד אין די שטעטלעך און גייען אום פוסט און פאס, צו נעמען זיך פאר דער איבערארבעטונג פונעם רויווארג און העכערן דעם ניוואָ פון זײַן געברויך, אויב מיר וועלן ניט אופהערן ליפערן אין די אויסלענדישע פאבריקן און ווארשעווער די־יעניקע פראָדוקטן, וואָס מיר וואָלטן געדארפט איבערגעבן אין דער פאָטער־לענדישער אינדוסטריע — דעמאָלט וועלן מיר אויסשעפן ביזן גרונט די אָרעמע קוועלן פון אונדזער רײַכקײַט און מיר וועלן קיינמאָל ניט פאָטער ווערן פון יענעם שווערן אָפּצאָל, וואָס מיר צאָלן אײַן אצינד די מער אינדוסטריעל־אנטוויקלטע און מער רײַכע שכיינים אונדזערע" [2]...

אזוי האָט 1810 געשריבן דער באוווסטער פוילישער פראָטעקציאָניסט, סוראָוועצקי, וואָס האָט דער ערשטער געגומען ברייט אנטוויקלען פאר דער פוילישער בורזשואזיע די פראָגראם פון דער אינדוסטריִעלער איבערבויונג פון לאנד. ווי מיר זעען דאָ, האָט דער אידעאָלאָג פון דער פוילישער בורזשואזיע, רופנדיק צו אינטענסיפיצירן די קאפיטאליסטישע פארהעלטענישן אין לאנד, גערעדט דערבײַ וועגן ארבעט פאר די „קלאסן באפעלקערונג, וואָס וווינען אצינד אין די שטעטלעך און גייען ארום פוסט און פאס", פונקט אזוי ווי דער

[1] דערפון איז, פארשטייט זיך, ניט געדרונגען, אז אין אנדערע ארטיקלען פרווט ניט די ווארשעווער צײַטונג צו באהאנדלען דירעקט די לאגע פון די אָרעמערע שיכטן. אזא פאל האָבן מיר, לעמאָשל, אינעם נומ. 38, ווו די רעדאקציע דרוקט מיט איר אייגענער אונטערשריפט אן ארטיקל וועגן בעטלערײַ. עס ווערט אינעם ארטיקל גערעדט וועגן „טייזנטער מענטשן", וואָס פארנעמען זיך מיט בעטלערײַ אין ווארשע און דער פראָווינץ, „צווישן זיי פיל געזונטע מענטשן, וואָס מע וואָלט געקענט אויס זיי מאכן לײַט, דאָס הייסט מעשאָרסים, באלמעלאָכעס אונד דעסגלײַכן". ס'איז אָבער קלאל ניט קיין צופאל, וואָס דער גאנצער שמועס וועגן „בעטלערײַ" איז דאָ ניט מער ווי א געלעגנהײַט, אז די רעדאקציע זאָל צום סאָף ארטיקל זיך קענען אָפּשטעלן אף דער פראגע וועגן אכדעס צווישן די „דרײַ קלאסן", אפן זעלבן אויפן, ווי מיר טרעפן עס בא א. ב. רוף אין זײַן „בין הזמנים".

[2] ציטירט לויט דעם בוך פון К. Вобзый, ז. 365.

אנאָנימער מעכאבער פון דער „ווארשויער יודישער צײַטונג" רעדט וועגן דער „אָרעמער קלאסע". געהאנדלט האָט זיך אָבער אין ביידע פאלן קוידעמקאָל וועגן די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע, וואָס האָט געדארפט דורכמאכן א נײַע ווענדונג אף איר אנטוויקלונג־וועג[1]). און גראדע פאר אזא ווענדונג שטייט אין די 60־ער יאָרן די ייִדישע בורזשואזיע פון פוילן. מיר זעען דעריבער, ווי די רעדאקציע פון „וו. י. צ." שרײַבט אין איינעם פון אירע „אנטוואָרטן":

„הערן... אויסארבעטונגען איבער סאָציִאל־ייִדישע פראגן, ווי, צום בײַשפּיל, איבער מעלאָכעס, פאבריקאציִאָנען אונד דערגלייכן ווערדן וויר מיט דאנקבארקײַט אָנעמען".

כאראקטעריסטיש איז אין דעם „אנטוואָרט" ניט אזוי דער באגריף „סאָציִאל־ייִדישע פראגן", ווי דאָס, וואָס עס ווערט אונטער דעם פארשטאנען: „מעלאָכעס און פאבריקאציִאָנען" — די צוויי וויכטיקסטע באשטאנד־טיילן פון דער פּאָזיטיווער פּראָגראם, וואָס עס רוקן ארויס די בורזשואזע אידעאָלאָגן פון אינדוסטריִאליזאציע ניט נאָר אין פוילן, נאָר אויך אין פארשיידענע לענדער[2]). מע דארף דערבײַ ניט פארגעסן, אז די „וו. י. צ." האָט געהאט א געוויסן קאָנטאקט מיט יענער סוויווע, ווען זי האָט געוואָלט דינען, זי האָט ניט אף אלע „סאָציִאל־ייִדישע פראגן" געקוקט גלײַך. אזוי, לעמאָשל, זעען מיר, ווי די רעדאקציע ענטפערט איינעם פון אירע אבאָנענטן:

„הערן A. W., אין וואדזיסלא... געלד־קורסן אונד מארקט־פרײַזע ווערדן נור פון איינצעלנע פערזאָנען פערלאנגט, די געזאמטע צאָל אונזערע לעזער האָט קיין אינטערעסע דאראן" (175).

אויב נאָך דעם אלעמען האָט די „ווארשויער יודישע צײַטונג" דאָך געשטעלט אף אזא אָנגעזעען אָרט די פראגע וועגן „פאבריקאציִאָנען", איז עס א סימען, אז דערצו איז געווען א באשטימטער אינטערעס אין דער סוויווע ארום דער ווארשעווער צײַטונג. מיר זעען ווירקלעך, אז אין דער „ווארשויער יודישער צײַטונג" איז געווען אפילע איינער אזא מיט־ארבעטער, י. גראף[3]), וואָס האָט זיך געשאפן א באזונדער „זשאנר": שרײַבן וועגן ווארשעווער ייִדישע פאבריקאנטן, דערציילן וועגן זייער אופקום און, דעריקער, געניו באשרײַבן זייערע פאבריקן. ווען מע פארגלײַכט י. גראפס „זשאנר" מיט אזעלכע נאָטיצן, ווי לעמאָשל, „א נוצלעכע פאבריק" (געדרוקט אין „קול מבשר", 1868, ז. 223), זעט מען וואָס די „ווארשויער יודישע צײַטונג" איז אויסן. אין „קול מבשר" האָבן מיר ניט מער ווי א רעקלאם־נאָטיץ, די

[1]) אפן ערשטן בליק קען זיך אויסווײַזן, אז די אגיטאציע, וואָס איז געווען צוועקמעסיק 1810, דארף קלינגען ניט מער, ווי א אנאכראָניזם, שפּעטער מיט העכער 50 יאָר — 1867. אינדערעמעסן איז עס אָבער קיין אנאכראָניזם ניט געווען. אזוי לייענען מיר בא ראָזע לוקסעמבורג וועגן דער אנטוויקלונג פון דער פוילישער אינדוסטריע:

„די אנטוויקלונג איז געגאנגען פאָרויס מיט זייער א לאנגזאמען טעמפּ. אין דרײַסיק יאָר ארום נאָך דעם ווי עס איז אנטשטאנען די פוילישע אינדוסטריע (דידאָזיקע אנטשטייונג פאלט אויס אף דעם פעריאָד 1820—1830— נ. א.)... איז זי, ווי עס ווײַזט זיך ארויס, נאָך אלץ פארבליבן בא איר קארליקישער גרייס...

...אין צוזאמענהאנג דערמיט שפּילט די שטאָטישע אינדוסטריע אינעם סאָציִאלן לעבן פון פוילן נאָר א סובאָרדינירטע ראָלע ביז אין די 50־ער און אפילע ביז אין די 60־ער יאָרן. סײַ אין דער עקאָנאָמיק, סײַ אין דער פּאָליטיק האָבן דעם טאָן, ווי פריִער, נאָך געגעבן די ערדבאזיצער. נאָך מער: די מאסע מיטעלע ערדבאזיצער, וואָס האָט אין דער צײַט פאָרגעשטעלט די געזעלשאפטלעכע מיינונג, האָט אפילע געקוקט אף דער אנטוויקלונג פון דער שטאָטישער אינדוסטריע, און צוזאמען דערמיט אויך אף דער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט, ווי אף עפּעס א פרעמדלענדיש, גיפטיק געוויקס, ווי אף א דײַטשישן שווינדל, וואָס איז שולדיק אין דער אומגעהײַער־שווערער לאגע סײַ פונעם ערד־באזיצטום, סײַ פונעם גאנצן לאנד".

[2]) ווי עס ווײַזט אָן מ. טוגאן־באראנאָווסקי אין זײַן בוך „Русская фабрика", האָט דידאָזיקע צווייזײַטיקע פּראָגראם ארויסגערוקט אויך דער באדײַטנדיקער רוסישער פּראָטעקציִאָניסט פון אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט, מאָרדווינאָוו. אין זײַן בוך, וואָס איז דערשינען 1815, האָט מאָרדווינאָוו, פארופנדיק זיך אפן בײַשפּיל פון ענגלאנד, פון פּראָטעקציִאָניסטישן שטאנדפונקט געפריידיקט די ברייטסטע אנטוויקלונג פון „מעלאָכעס" און „פאבריקאציִאָנען". דאָסזעלבע האָט זיך געלאָזט מערקן אייך אין דער שפּעטערדיקער ליטעראטור וועגן דער פראגע, ביז ארוף אין די 60־ער יאָרן.

[3]) י. גראף איז, אפּאָנעם, געווען פונקט אזא שטאָט־מיטארבעטער פון דער „ווארשויער יודישער צײַטונג", ווי דער „פרײַנד שאול". גראפס נאָמען שטייט אונטערגעשריבן אונטער א גרויסער צאָל גרעסערע און קלענערע ארטיקלען אין פארשיידענע נומערן פון דער צײַטונג.

צײַטונג באַציט זיך געוויס פּאָזיטיוו צו דער „נוצלעכער פאבריק", אָבער זי פאַרבינדט ניט דערמיט איר אַלגעמיינעם קוק אױף דער „יידישער לאגע". אנדערש איז עס אין דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג". דאָ איז די פּראָבּלעם פון פאבריקאַציע אַ „סאָציאַל־יידישע פראגע", זי פאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט צווישן אַנדערע אַזעלכע פראַגעס, און מעג אַפילע אַ געוויסע רעקלאַם־טענדענץ זײַן בײַ י. גראף אין זײַנע פאבריק־באַשרײַבונגען, ליגט אָבער די קאָוואָנע פּוּנעם מעכאַבער ניט נאָר אין רעקלאַמע.

„עס פרייט אונדז זייער, דאָס פארמעגלעכע יידן אנשטאָט וואָכערײַ נעמען זיך ערנסט צו פאבריקן אונד אנדערע רעעלע געשעפטן" (265) — אָט דאָס איז דער לייטמאָטיוו פון י. גראפס פאבריק־באַשרײַבונגען. אָט הייבט י. גראף אָן אין נומ. 4 צו דערציילן וועגן דער אײַזנפאבריק פון דעם „הער צוקערוואר אין ווארשע". מיר לייענען דאָ:

„די פאבריק פון הערן צוקערוואר עקזיסטירט שוין זײַט 20 יארע — שרײַבט י. גראף — אים יארע 1848, אלס עס זײַנען ענטשטאנען פילע צוקער־פאבריקן אים לאנדע[1], איזט דיזע פאבריק פערגרעסערט ווארדן... די פאבריק בעשעפטיקט איבער 200 פערזוינען בלויז יידן אונד פערפערטיגט יערליך ווארע לעערך פאן 200,000 זילבער רובל".

אָבער זאָל מען ניט מיינען, אז אין י. גראפס ארטיקל איז פאראן ניט מער ווי אָט דער רעפּאָרטערישער טייל. וויכטיק זײַנען פאר י. גראף די אויספירן, וואָס ער מאכט בּאַ דער געלעגנהײַט.

„ווען מאן גייט אדורך פילע גאסן אין ווארשוי אונד מאן זיט מער נישט נאָר איין האנדל אן דען אנדערן דוכט צוזאמענגעדריקט אינד די קאָנקורענץ ווירד מיט יעדעם טאָג גרעסער. . ., מאכט עס איין גרויס פערגניגן איינע צײַט צו פארווײַלן אין דער פאבריק דעס הערן צוקערוואר אונד זיך צו איבערצײַגן דאס דער יודע איזט צו עטוואס מער פעיִק ווי צום האנדל"...

אָט אױף אזא אויפן באַנעמט י. גראף די אופגאבע פון זײַנע פאבריק־באַשרײַבונגען. ס'איז ניט סתּם אַ רעקלאַם־נאָטיץ, דאָ איז פאראן אויך אַ מין לירישער טאָן פון איינעם, וואָס רעדט אין נאָמען פון דער אופקומענדיקער יידישער אינדוסטריע־בורזשואזיע.

„די דאמפמאשינע רוישט אונד זעצט אלע אנדערע מאשינען אין בעוועגונג, די ארבעטער שטיין יעדער בּאַ זײַנער ארבעט אונד בּאַ זײַנער מאשינע, גלײַך ער זאָלט געוועזן איין טייל פון דער מאשינע. איין אונגעהויערעס העמערן אונד רוישן, דאָס די ערדע אויף דעם גאנצן הויף ציטערט, איין שרעקליכער לערם. אָבער דיזער לערם האָט אויף אונדז איינען וויִיט בעסערן איינדרוק געמאכט, ווי די שענסטע מוזיק, ווי אלע קאָנצערטן אין דער וועלט"...

מיט אַ צײַט שפּעטער קומט י. גראף באַשרײַבן די „טאבאק־פאבריק דער געברידער שאפירא אין ווארשע". מיר דערוויסן זיך, אז די טאבאק־פאבריק איז ניט פון די גאָר קליינע פאבריקן. זי עקזיסטירט קוים איין יאָר, און דאָך האָט זי שוין „פאר 150 טויזנט רובל פּראָדוקט בעארבייטעט. 120 יודן זינד דאָרט בעשעפטיקט". י. גראף אײַלט זיך דאָסמאָל צו מאכן די געהעריקע אויספירן. „דיזער פּאָרטשריט אים געשעפט אונד פאבריקאַציאָן פערדינט פערעפענטליכט צו ווערן אונד איזט לאָבענסווערט. אונד זאָל צום מוסטער דינען פיר אנדערע קאפיטאליסטן, די ליבער וואָכעריי בעטרייבן ווילן, אלס איין ערליכעס געשעפט צו פירן, פון וועלכעס ארמע יודן אנשטאט אױף דעם שאכער אָדער בעטלען צו גיין אונד דאדורך דעם קלאל־יישראל כארפּעס צו מאכן, זאלטן איר ברויט ערליך געקענט פערדינען".

מיר הערן שוין ווידער, ווי די פּראָבּלעם פון פאבריקאַציע ווערט פארבונדן מיט דער פראגע וועגן „וואָכערײַ". עס איז, ווי מיר האָבן פריִער געזאָגט, אַ שטענדיק־דויערנדיקער קאמף, וואָס עס פירט די „ווארשויער יודישע צײַטונג". אָבער י. גראף פּרוּווט זיך דערבײַ נאָך פאַרברייטערן דעם קאמף. ער קעמפט שוין ניט נאָר קעגן „וואָכערײַ", נאָר קעגן

[1] וועגן דעם, אז אין די 40־ער יאָרן האָט זיך ברייט אנטוויקלט אין פוילן די צוקער־אינדוסטריע, זע בּאַ ר. לוקסעמבורג, ז. 12.

האנדל אויך. דאָס זען מיר באזונדערס אין א דריטער פאבריק־באשרײַבונג, ווו י. גראף שילדערט די פאבריק־אונטערנעמונג פון יאקעוו פיק[1].

— „האנדל, האנדל—שרײַבט י. גראף — איזט ניט קיין טאכלעס. קען דען א יוד ניט זײַן איין מאשיניסט, איין אינזשינער, איין בוימײַסטער אָדער איין אָרדנטלעכער פאברי־קאנט? דער, וואָס גייט ניט מיט דער וועלט, דער בלײַבט צוריק פון הינטן. מיר האָבן דאָך טויזנטער בײַשפילן, דאָס מאן קען זײַן פרום אונד גוט אונד דערבײַ איין געבילדעטער מענש זײַן...״ (ז. 387).

ווי פרימיטיוו י. גראף זאָל ניט זײַן אין זײַן ארגומענטאציע, קען מען דאָך ניט לייקענען, אז פון זײַנע ארטיקלען פאלט גאָר אן אנדער שײַן אף דער אלגעמיינער פיזיאָנאָמיע פון דער „ווארשויער יודישער צײַטונג״. פאר יעדן איינעם, ווער עס לייענט איבער י. גראפס ארטיקלען, ווערט לאכלוטן אומעגלעך אײַנצושטימען מיט ז. רייזענען, וואָס שרײַבט, אז די „ווארשויער יודישע צײַטונג״ האָט אויסגעמיטן אקטועלע טעמעס.

אזא צוגאנג צו דער „ווארשויער יודישער צײַטונג״ איז דורכויס פאלש. די טעמעס, וואָס די „ווארשויער יודישע צײַטונג״ האָט באַרירט, אויב זיי זײַנען ניט געווען אקטועל פאר דער ברייטער ייִדישער מאסע, פאר יענער שטעטל־סוויווע, אף וועלכער עס האָט זיך אָריענטירט דער „קול מבשר״, זײַנען זיי אָבער געווען מער ווי אקטועל, זיי זײַנען מאמעש געווען פראגן פון לעבן און טויט פאר דער ווארשעווער ייִדישער בורזשואזיע, פאר דעם אויבערשטן שיכט פון די נאלעווקעס, אין וועמענס נאָמען עס האָט געוואָלט רעדן די „ווארשויער יודישע צײַטונג״.

זייער כאראקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט א. מ. דיקס מיטארבעט אין דער ווער־שעווער צײַטונג. דערזעלבער א. מ. דיק, וואָס האָט אין מעשעך פון צען יאָר עקזיסטענץ פון „קול מבשר״ ניט באוויזן זיך צו פארבינדן מיט אָט דעם אָדעסער אָרגאן, געפינט פאר זיך אן אָרט אין דער „ווארשויער יודישער צײַטונג״ באלד ווי זי ווערט נאָר געגרינדעט. א. מ. דיק שטויסט זיך זייער גוט אָן, וואָס עס הייסט אן אקטועלע טעמע אין דער ווער־שעווער צײַטונג, און ער שיקט ארײַן א דערציילונג „דער קליינשטעטלדיקער נאָגיד״, וואָס זעט אויס, ווי א קינסטלערישע אילוסטראציע צו דעם פעליעטאָן פונעם „פרײַנד שאול״ וועגן דעם סויכער פון דער פראָווינץ. אין וואָס ליגט דער מוסער־האסקל פון א. מ. דיקס דערציילונג?

„מע דארף האָבן פיל מער כאָכמע — שרײַבט א. מ. דיק אין דער דערציילונג — אום צו ויסן, ווי דאָס געלט צו בענוצן, אלס ווי עס צו פערדינען. רײַך קען מען ווערן דורך איין פראָסטן צופאל, לעמאָשל, דורך א געווינס, דורך יערושע, אָדער דורך א בלויזע ראמאָעס. אום צו בענוצן עס אָבער צום רעכטן נוצן, מוז מען שוין האָבן א גרויסן פער־שטאנד״. קעדיי אָט דעם געדאנק צו אילוסטרירן, שילדערט א. מ. דיק די יערידע פון א פארגרעבטן קליינשטעטלדיקן נאָגיד, „א רײַכן פראָסטאק״, און ער באמיט זיך צו דערווײַזן, אז „ער (דער רײַכער פראָסטאק — נ. א.) שטארבט אָפּ אלפיראָוו פון דער וועלט אם זײַנעם לעבן נאָך, אלס ער פערלירט זײַן פערמעגן, וואָס דאָס טרעפט אימער״[2].

עס האנדלט זיך, הייסט עס, וועגן א פראָבלעם, וואָס איז שטענדיק געווען נאָענט דער „ווארשויער יודישער צײַטונג״: וועגן דעם, ווי אזוי „אונדזערע נעגידים און גווירים בעגייען זיך מיט זייער געלד״[3]. א כאראקטעריסטישער פאקט: אין „קול מבשר״ האָט מען שוין

[1]) וועגן דער גרייס פון דער פאבריק ווערט אין דער נאָטיץ ניט גערעדט. מיר דערוויסן זיך נאָר, אז דער פאבריקאנט י. פיק „שיקט זײַנע ארבעטן נאך פעטערבורג אונד נאך גאנץ רוסלאנד״, עס ווערט אויך אָנגעוויזן, אז אין דער פאבריק „גרעסטענטיילס יודן ארבעטן״.

[2]) מיר ציטירן דאָ לויט א שפּעטעריקער אויסגאבע פון דער דערציילונג, ווילנע, 1872.

[3]) די פראגע וועגן דעם, ווי אזוי צו „בעגיין זיך מיט געלד״, האָט באקומען א באזונדער אקטועלקײַט פאר דער ייִדישער בורזשואזיע אין פוילן גראדע אין די 60־ער יאָרן. „דער סאָציאַלער קריזיס — שרײַבט ראָזע לוקסעמ־בורג — וואָס רוסלאנד האָט דורכגעמאכט אין די 60־ער יאָרן, רײַסט ארויס פוילן פון איר עקאָנאָמישער פארגלי־

צו יענער צײַט אַף פאַרשײדענע אופאַנים וואַרייִרט מענדעלעס „קליינע מענטשעלע״, וואָס איז מיט א פּאָר יאָר פאַר דעם פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג״ איז אָרגאַניש פרעמד מענדעלעס באַציִונג צו דעם יידישן גוויר, הערשט דאָ א. מ. דיקס צוגאַנג צו דעם „רײַכן פּראָסטאַק״. עמעס, די „וואַרשויער יודישע צײַטונג״ זאָגט זיך ניט אָפּ פון א געוויסער קריטישער באַציִונג צו דער אָדער יענער דערשײַנונג, וואָס באַמערקט זיך אין דער נעגידישער סוויווע¹), אָבער די בורזשואַזיע ווערט דאָ קריטיקירט פונעם שטאַנדפּונקט פון אירע אייגענע אינטערעסן, ווערט דאָ דעריבער בעדערעך־קלאַל פאַרשוויגן די עקספּלואַטאַטאָרישע ראָלע פון דעם „קליינעם מענשעלע״, די ראָלע, וואָס דער קליינ־שטעטלדיקער נאָגיד שפּילט בענעגייע דער אָרעמער שטעטלשער מאַסע. דאָס אַלעס בלײַבט אויסער דעם קרײַז טעמעס, וואָס פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג״.

דאָסזעלבע זעען מיר אויך אינעם צוגאַנג פון דער צײַטונג צו דער פּראָבלעם פון בילדונג. עס פאַרשטייט זיך, אז די „וואַרשויער יודישע צײַטונג״ איז פאַר בילדונג, וואָס דאַרף ווערן א וויכטיק געוועער אין די הענט פון דער בורזשואַזיע אַפּן וועג פון איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג. אָט האָט דאָך י. גראַף גאַנץ דײַטלעך פאָרמולירט דאָס געבאָט פון דער אויפקומענדיקער ייִדישער בורזשואַזיע צו יענער צײַט: „דער, וואָס גייט ניט מיט דער וועלט, דער בלײַבט צוריק פון הינטן״. ער ווייסט אויך, אז „גיין מיט דער וועלט״ הייסט איבעראָריענטירן זיך גאָר אַף א נײַעם אופן, הייסט פאַרשטיין, אז „וואָכערײַ״ און האַנדל זײַנען קיין טאַכלעס ניט, דער טאַכלעס פון דער בורזשואַזיע ליגט אין אינטענסי־ווערע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט־פאָרמען, אין „פאַבריקאַציע״, און דערצו איז דאָך נייטיק בילדונג. די „וואַרשויער יודישע צײַטונג״ נעמט דעריבער אָן דאָס געבאָט פון דער האַסקאָלע־בילדונג, אָבער פּונקט ווי צו אַנדערע געבאָטן פון איר צײַט, וויל די „וואַרשויער יודישע צײַטונג״ אויך צום געבאָט פון בילדונג צוגעבן עפּעס אירס. מיר האָבן שוין פריִער געהערט פון י. גראַף, אז עס זײַנען פאַראַן „טויזנטער בײַשפּילן, דאָס מען קען זײַן פרום אונד גוט אונד דערבײַ איין געבילדעטער מענש זײַן״. אינדערעמעסן איז עס דער אויסגאַנג־פּונקט פון דער גאַנצער בילדונג־פּראָגראַם אין דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג״. מיט דעם רוף צו בילדונג ווערט דאָ אַלעמאָל פאַרבונדן דער רוף צו „אכדעס״.

„דאס ערגסטע איזט — שרײַבט די רעדאַקציע אין נום. 38 — ווען בא אונז יידן איז קיין אכדעס ניטאָ. אונד דאס האט אונז אימער אונד אין אלע פערגאַנגענע צײַטן צו אלעם אומגליק געפירט. דער געוויינלעכער יוד האסט דען דײַטש, ווײַל ער איז נישט זאָ פרום, ווי ער, דער מיסנאַגיד האסט דען כאָסיד אונד דער כאָסיד האסט העז דעם מיסנאַגיד אונד העז דעם דײַטש, ווײַלביידע פאַסן אים ניט צו״...

ווי מיר זען, האָט די „וו. י. צ.״ דאָסמאָל נאָר איבערגעכאַזערט דעמזעלבן דעוויז פון אכדעס צווישן „דרײַ קלאַסן״, וועלכן מיר האָבן פריִער געהערט בא א. ב. רוף. דער לאַזונג „אכדעס״ ווערט אָבער אין דער צײַטונג ניט פאַרענטפערט בלויז מיט דער מאָראַ־לישער סענטענציע („אַלע גאָטס קינדער״ — הייסט עס בא א. ב. רוף), דאָ אין דער צײַטונג ווערט דערדאָזיקער לאָזונג פאַרבונדן מיט דער קאָנקרעטער טעטיקײַט פון דער

ווערטקײַט און ציט זי אַרײַן אינעם קעסלגרוב פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. מיט דער נײַער און דאַמאָלט ענערגישער דעראָבערונג פונעם רוסישן מאַרק באַקומט די פוילישע אינדוסטריע אַן אויסגעצייכנטן נערונג־באָדן און זי מאַכט געשווינד דורך דעם פּראָצעס פון פאַרוואַנדלען זיך אין א גרויס־אינדוסטריע. רוסלאַנדס גרענעץ־פּאָליטיק מאָנאָפּאָליזירט דעם אָפּזאַץ אַף אַזא ריזיקער טעריטאָריע אין די הענט פון די פוילישע און רוסישע קאַפּיטאַליסטן און פירט צו א פיבערדיקער קאַפּיטאַל־אָנזאַמלונג״...

¹) עס איז, אגעוו, קעדײַ צו באַמערקן, אז די „וו. י. צ.״ האָט אפילע געהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע קריטיק פאַר איר באַרוף. אַזוי לייענען מיר אין איינעם פון די „אַנטוואָרטן״: „העה׳ מ. מ. אסטרינס אין גראַד... ערציילונג פאַר דײַטשן איזט זייער אינטערעסאַנט, אַלע אַנדערע האָבן קיין אַלגעמיינעס אינטערעסע אונד דאַבײַ באַנגעלט עס איבען אַן קריטיק, זי דאָך די זעלע אונזערער צײַטשריפט איזט״ (ז. 175).

יידישער בורזשואזיע אין פוילן מיט אירע אקטועלע לעבנס־אינטערעסן. און נאָר פון דעם־דאָזיקן שטאנדפונקט לאָזט זיך דערקלערן די נייטראלע שטעלונג צו דער כסידישער באוועגונג, וואָס מיר זעען אין דער „ווארשויער יודישער צייַטונג".

ווי באוווסט, האָט אויך דער אָדעסער „קול מבשר" א געוויסע צייַט פארנומען א נייטראלע פּאָזיציע אין דער פראגע. דאָס איז געווען באלד נאָכדעם, ווי די צייַטונג האָט אָנגעהויבן דערשייַנען, ארום איר האָט זיך נאָך ניט געהאט געשאפן קיין געזעלשאפטלעכע אטמאָספער, און די פערזענלעכע אייגנשאפטן פונעם רעדאקטער — א. צעדערבוים — האָבן נאָך געקענט פירן די צייַטונג אף פארשיידענע גליטשיקע וועגן. אָבער שוין גאָר אינגיכן, נאָך דעם, ווי מענדעלע באוויַיזט זיך אין דער אָדעסער צייַטונג (1864), נעמט אָן דער „קול מבשר" אן אנדער שטעלונג. די אקטיווע פארבינדונג פון דער צייַטונג מיט דער פּראָווינץ, ווו דער קאמף מיט די צאדיקים איז געווען צו יענער צייַט אן אקטועלע געזעלשאפטלעכע אקציע; דער דרוק פון דער ברייטערער שטעטלשער לייענער־מאסע, ווען דער קאמף מיט די גוטע־יידן איז גאָר נאָענט אָנגעגאנגען; ענדלעך, די ענדגילטיקע אָריִענטאציע פון דער צייַטונג אף דעם דעמאָקראטישן טייל פון דעם מאסקילים־לאגער, — אָט דאָס אלעס האָט געבראכט דערצו, אז דער „קול מבשר" האָט אָנגעהויבן פירן א העפטיקן קאמף מיט די צאדיקים און גוטע־יידן. ווי אין פיל אנדערע פאלן, האָט אויך דאָסמאָל דער „קול מבשר" געמוזט דערבייַ קומען צו אייניקע אזעלכע אויספירן, צו וועלכע מע איז דאָ אין פלוג ניט געווען נאָך אידעאָלאָגיש צוגעגרייט. קעמפנדיק קעגן די „גוטע־יידן", האָט מען זיך אין „קול מבשר" אָנגעשטויסן אף דער פראגע, ווי אזוי עס באציט זיך צו די דאָזיקע גוטע־יידן די יידישע גרויס־בורזשואזיע. דער „קול מבשר" האָט מיטאמאָל זיך איבערצייַגט, אז אין קאמף קעגן פאנאטיזם, אין אָט דעם קאמף, וואָס דארף פארייניקן אלע „אופגעקלערטע יידן", וועט ער, דער „קול מבשר", ניט קענען זיך אָנשפארן גראדע אף דער שיכט, וואָס האָט לאנג שוין פארזוכט פון דער „ציוויליזאציע" — אף דער יידישער גרויס־בורזשואזיע. נאָך מער: דער „קול מבשר" האָט מיטאמאָל געגומען אנטפּלעקן די מאטעריעלע פארבינדונג, וואָס עקזיסטירט צווישן דעם אויבערשטן שיכט פון דער יידישער בורזשואזיע און די טרעגער פון פאנאטיזם — די „גוטע־יידן"[1]). מע האָט אין „קול מבשר", וואָס איז שטענדיק געווען אויסגעווייקט אין אירעס־האקאָוועד פאר דער יידישער גרויס־בורזשואזיע, געמוזט דאָסמאָל ריידן וועגן א „צווייזייַטיקער ראָלע", וואָס עס שפּילט די יידישע גרויס־בורזשואזיע, וועגן דעם, אז די „געשעפטן" לאָזן זי ניט „זיך אומאָפּהענגיקער שטעלן", באווייַזן זיך, ווי עס פּאסט פאר אופגעקלערטע גווירים, „און שמייכלען די צאדיקים מיט די כסידים". פאר דעם „קול מבשר" איז עס, ווי געזאָגט, געווען אן אנטפּלעקונג, צו וועלכער עס האָט די צייַטונג געבראכט די לאָגיק פונעם קאמף מיט די „גוטע־יידן". ווי אין פיל אנדערע פאלן, האָט זיך דאָ ארויסגעוויזן, אז אין „קול מבשר" זעען מיר די האסקאָלע, וואָס כאָטש זי איז נאָך פול מיט אירעס־האקאָוועד פאר דער יידישער גרויס־בורזשואזיע, אָריענטירט זי (די האסקאָלע) זיך דאָך אין איר קאָנקרעטער טעטיקייַט אף די

1) אזא פאל האָבן מיר אין „קול מבשר" פון 1868 (נומ. 8). איינער א מאָרדכע טייַטש, וואָס האָט באזוכט דאָס הויז פונעם געוויסן מיליאָנער ייִסראָעל בראָדסקי, דערציילט, ווי אזוי ער האָט געפּרוווט דערגיין בא דעם מיליאָנערס אופגעקלערטער טאָכטער, פארוואָס איר פאָטער שטיצט די „גוטע־יידן". „דערוף האָט זי מיר געענטפערט: איר זייַט אפילע אביסל גערעכט. נאָר מיינט ניט, אז מייַנע עלטערן גלויבן אין גוטע־יידן. די זאך איז גאנץ איינפאך. מייַן פאָטער איז פארבונדן מיט געשעפטן אין גאנץ פוילן און וווינט אין אזא קליין שטעטל, ווו אלע האלטן פון צאדיקים. מוז ער נאָכטאנצן אמאָל און זיי געלט שיקן". אינטערעסאנט איז דער אויספיר, וואָס דער קאָרעספּאָנדענט מאכט דערבייַ: „א טערעך איז עס א גוטער — שרייַבט מ. טייַטש — און עפּשער א גערעכטער... דאָך פּאסט עס ניט פאר אזא מאן, ווי ר׳ ייִסראָעל בראָדסקי, וואָס האָט אזא גרויסן נאָמען אף דער וועלט, האָט אזעלכע גרויסע שידוכים געטון און איז א גרויסער כאָשעוו בא נאטשאלסטווע און בא די גרעסטע פּריצים, אזא צווייזייַטיקע ראָלע צו שפּילן. ער וואָלט זיך שוין געקענט און געמעגט אומאָפּהענגיקער שטעלן און אנדערע צום מוסטער דינען, ווי אזוי איין עכט יידיש הויז דארף זיך פירן מיט לעבן און מיט צראָקע, אָן שמייכלען די צאדיקים מיט די כסידים"...

אינטערעסן פון דער מיטעלער בורזשואזיע און דער ברייטער קליינבירגערלעכער שטעטלמאסע.

אנדערש אָבער איז עס געווען אין דער „ווארשויער יודישער צייטונג". דאָ טרעפן מיר נאָך אפילע אויך ווען־ניט־ווען פאָרגעשטעלט די טענדענצן פון דעם דעמאָקראטישן מאסקיליזם, אָבער דאָס זייַנען נאָר איינציקע שטריכן, וואָס שאפן ניט דעם יעסאָד פון דער צייַטונג־פראָגראם. דער יעסאָד פון אָט דער פראָגראם איז דער אויסגעשפראָכענער בורזשואזער מאסקיליזם, וואָס זאָרגט פאר דער בורזשואזיעס מאָרגנדיקן טאָג, שטעלט פאר איר ארויס איר אייגענע, דער בורזשואזיעס, „אקטועלע טעמעס", קומט צו איר מיט איר אייגענער, דער בורזשואזיעס, „קריטיק", העלפט איר צו באקעמפן די אָפגעשטאנענקייַט אין אירע אייגענע רייען (די „וואָכערייַ", דעם קליינשטעטלדיקן סאָכרישן האנדל א. אז. וו.). די ווארשעווער צייַטונג האָט קיינמאָל ניט אופגעהערט האָבן אין זינען די „רעעלע געשעפטן" פון דער ייִדישער בורזשואזיע. זי האָט אזוי אויסגעפורעמט איר גאנצע פראָגראם, אז דאָס זאָל נאָר דינען די „רעעלע געשעפטן" פון יענעם אופגעקלערטן „געשעפטס־מאן", וואָס מיר האָבן געזען בא א. ב. רוף. און האָבי די „רעעלע געשעפטן" באפוילן, אז נאָר דורך אכדעס צווישן די „דרייַ קלאסן" — אין פלוג באשטאנד־טיילן פון איין קלאס — דער ייִדישער בורזשואזיע — וועלן די נאלעווקעס קענען דורכמאכן די נייַע ווענדונג אף איר אנטוויקלונג־וועג — דעם איבערגאנג צו אינטענסיווערע קאפיטאליסטישע פאָרמען — האָט די רעדאקציע פון דער „ווארשויער יודישער צייַטונג", פונקט ווי ייִסראָעל בראָדסקי, געפרווט פארשווייַגן איר עמעסע באציִונג צו די „צאדיקים מיט די כסידים".

געפרווט — און דאָך ניט געקענט עס אינגאנצן פארשווייַגן. האָט זיך דעריבער טאקע אין דעם לעצטן נומער פון „ווארשויער יודישער צייַטונג" דורכגעריסן א גאנץ־שארפע געזעגענונגס־נאָטיץ, ווו עס ווערט דערציילט וועגן די סיבעס, וואָס האָבן געבראכט די צייַטונג צום אונטערגאנג, און צווישן אָט די סיבעס ווערט אפן ערשטן אָרט אוועקגעשטעלט דער אבסקוראנטיזם, די נידערטרעכטיקייַט און צוואקישקייַט פון דער פרומאקישער סוויווע... מערקווירדיק איז אין דעמדאָזיקן לעצטן נומער, וואָס דאָ ווערט געגעבן אן אָנצוהערעניש, אז קעגן דערדאָזיקער סוויווע האָט זי. די צייַטונג, שטענדיק געוואָלט קעמפן, זי האָט קיינמאָל, הייסט עס, ניט פארמאכט די אויגן אף דער פארדאָרבנקייַט פון נאלעווקער פרומאקעס. זי האָט אָבער אין נאָמען פון אנדערע „סאָציאַל־יידישע פראגן" אליין פארמאכט זיך דאָס מויל, גלויבנדיק, אז די „רעעלע געשעפטן" פון דער ייִדישער בורזשואזיע בארעכטיקן אזא „צווייענדיקע ראָלע". דער סאָף איז געווען, אז די צייַטונג איז געפאלן א קאָרבן פון אירע אייגענע סטירעס און וואקלענישן.

---

ניט אין דידאָזיקע נאָטיצן, וואָס זייער צוועק איז נאָר שטעלן איינציקע פראגעס, לאָזט זיך גענוי פעסטשטעלן די שייַכעס צווישן דער ווארשעווער צייַטונג און דער געוויסער גרופע ווארשעווער מעכאברים. פאר אונדז ווערט שוין אָבער קלאָר, אז ניט צופעליק טרעפן מיר בא ג. מאקמאנען גאנץ קענטלעכע סימאָנים פון עפיס א סטירע צווישן דעם קריטיש־געשטימטן ארייַנפיר אין דער פאָעמע און דער פרום־אפּאָלאָגעטישן פינאל אירן. אפּאָנעם, מיר האָבן דאָ שפורן פון יענער „צווייענדיקער ראָלע", וואָס עס האָט געשפילט אייך די „ווארשויער יודישע צייַטונג". ענלעכע — אָבער שוין גאָר זעלטענע טענער רייַסן זיך דורך אמאָל אויך בא א. ב. רוף. אָבער פונקט ווי אין דער „ווארשויער יודישער צייַטונג", קומט עס דאָ, אין די בעלעטריסטישע ווערק, קיינמאָל ניט צו אן אָפענעם פראָטעסט, עס קומט ניט דערצו, אז די „קריטיק", וועגן וועלכער עס רעדט אזוי ברייטלעך די „וו. יו. צ.", זאָל זיך אָנשליסן אָן דער פראָגראם פון דעמאָקראטישן מאסקיליזם, וואָס באקומט צו יענער צייַט די העגעמאָניע אין דער ייִדישער ליטעראטור. די גרופע ווארשע־

ווער מעכאברים בעראָש מיט דער „ווארשויער יודישער צײַטונג״ גייען—ניט געקוקט אף אייניקע זיגזאגן — דאָך קעגן דער אלגעמיין־אָנגענומענער ליטעראטור־טראדיציע.

עס פארשטייט זיך, די דאָקומענטן און יעדיִעס, וואָס מיר האָבן אף דעם געביט, זײַנען נאָך ניט גענוג, אז מע זאָל שוין דאָ קאָנען קומען צו ענדגילטיקע אויספירן. עס דארף נאָך געזאמלט ווערן נײַער מאטעריִאל—און מאטעריִאל מוז נאָך זײַן גאנץ היפּש [1]— מע דארף אָבער געדענקען, אז דער וועג, וואָס פירט צו אָט די מאטעריִאלן, קאָן זײַן נאָר איינער: אָפּווארפן די טראדיציע פון באלעבאטישער ליבהאָבערײַ, באקעמפן יענע רעאקציִאָנער־אפּאָלאָגעטישע אידעאָלאָגיע, וואָס דערמיט איז דורכגעדרונגען די גאנצע ייִדישיסטישע ביבליִאָגראפיִע אין אויסלאנד.

---

1) מיר ווילן דאָ, אגעוו, פארצייכענען א בוך, וואָס פארהיט נאָך מיט היפּשע יאָרן שפּעטער דעם אינטערעס צו א עכט-ווארשעווער טעמע. דאָס איז א דראמאטיש ווערק פון א מעכאבער אונטערן נאָמען אבד״ם (אף רוסיש אָנגעגעבן: Сочинение Ефрема Маргулиса). דאָט ווערק, וואָט טראָגט דעם נאָמען „דיא געהיימניסע פאן דיא ווארשעווער אידישע רזשאנדצעס״, איז אינטערעסאנט דערמיט, וואָס דאָ ווערט שוין אָפּגעוואָרפן ג. מארקמאנס מאניר צו שילדערן די ווארשעווער סוויווע אף א פארשטעלטן אויפן — ווי „די געהיימניסע פון יענער וועלט״ — די ווארשעווער געשטאלטן ווערן דאָ שוין אָנגערופן באם נאָמען און טרעטן ארויס אָפן און דײַטלעך. דאָס ביכל איז דערשינען 1882, די צענזור־דערלויבעניש 1881. אן עקזעמפּלאר געפינט זיך אין דער מאָסקווער לענין-ביבליִאָטעק.

מאקס עריק

# א „בינטל בריוו“ וועגן דער עלטערער יידישער ליטעראטור

דר. מ. וויינרייך. בילדער פון דער יידישער ליטעראטור־געשיכטע פון די אנהייבן ביז מענדעלע מויכער־ספארים. ווילנע 1928. 370 זז.

.1

דאס זיינען טאקע „בילדער“, בילדלעך און נאך בעסער — א בינטל בריוו וועגן דער עלטערער יידישער ליטעראטור. זיי פלעגן זיך טאקע אפט דרוקן אין „פארווערטס“ אפן בעקאוועדיקסטן ארט — אף דער „בינטל־בריוו־פעידזש“. עמעס, ווײַנרײַך פארזיכערט, אז צו דער בוך־אויסגאבע האט ער זיי „איבערגעארבעט ניט נאר סטיליסטיש, נאר אויך אין טאך“. ס'איז ריכטיק: אין „פארווערטס“ האבן דידאזיקע „עטיודן“ אויסגעזעען נאך שענער. איין ארטיקל ווײַנרײַכס (וועגן קאטעלניער דיבעק) אין „פארווערטס“, 30 מײַ 1926, פארענדיקט זיך אזוי:

„און איצט נאך א גרוס פון פארצײַטנס, וואס איך האב צופעליק געפונען בלעטערנדיק דא אין א בוך. דאס בוך גופע איז ניט אזוי שטארק סענסאציאנעל. עס לערנט וועגן צו זאגן עמעס און ווי גרויס איז די מיצווע דערפון. אינטערעסאנטער איז דאס נאכווארט, געשריבן אין העברעיש, פון דארט ווערן מיר געוואר, אז דעם פארפאסערס פאמיליע איז אומגעקומען בעיים כמעלניצקיס גזיירעס אף אוקראינע. נאר דאס שענסטע, ווײַל דאס אומגעריכטעסטע, איז געווען פאר מיר א שטיקל ציבעלע, וואס האט זיך צוגעקלעפט צו איינעם פון די זײַטן פון בוך און איז שוין אזוי געבליבן דארטן הענגען.

„א לעבעדיק שטיקל יידיש ציבעלע קימאט פון כמעלניצקיס צײַטן, פון וואסער געריכט ביסטו אהער פארוואגלט געווארן? און ווי אזוי איז דאס געשעען? צי האט דיך א פרומער טאטע געלאזן דא ליגן, ווען ער האט צוגעביסן און דערבײַ ארײַנגעקוקט אין דעם סייפער? אדער די מאמע איז אין דעם שולדיק, וואס האט ארײַנגעקוקט אין דעם סייפערל, קעדיי צו וויסן ווי צו האדעווען איר קינד, און די שפורן פון איר קיכארבעט האבן נאך זיך געקלעפט אף אירע הענט? דורך וויפל לענדער האסטו געוואגלט, ביז וואנען דו האסט געפונען דײַן רו אין דער אקספארדער ביבליאטעק!“

(אונדזער קורסיוו—מ. ע.)

וויינרייך איז גערעכט. דאס ביכל גופע „איז ניט אזוי שטארק סענסאציאנעל“, און א סווארע, אז וויסנשאפט איז טאמיד ווײַט פון „בינטל־בריוו“־סענסאציע. אבער די ציבעלע איז בענעמאנעס א סענסאציע. אט האבן מיר צ. ב. ניט נאר זיך דערוווסט, אז יידן האבן געגעסן „לעבעדיקע שטיקלעך יידישע ציבעלע“, נאר אויך, אז דער פירער פון דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע איז ניט בלויז א פילאלאג, ליטעראטור־פארשער, היסטאריקער (זע דעם אומפארגלײַכלעכן „שטורעמווינט“), — נאר אויך א דיכטער, א טאלענטירטער טאלמיד פושקינס און לערמאנטאווס. די ציבעלע־פאעמע פארשטעקט אין ארבל לערמאנטאווס „Ветка Палестины“.

איצט באומרויקט אונדז בלויז דער גוירל פון דער ציבעלע. צי איז ניטא קיין שום מעגלעכקײַט זי אריבערפירן פון אקספארד אין מוזיי פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט

אין ווילנע? די ענגלענדער, די ענגלענדער! אלץ האָבן זיי פארכאפט. ניט אומזיסט קלאָגט וויינרייך (ז. 30) אפן „גאָישן מאזל פון דעם רייכן ענגלאנד".

.2

די ציבעלע־פּאָעמע איז אין דעם בוך ניט איבערגעדרוקט. זי איז פארשווונדן, א סוואָרע אָבער, אז איר רייעך איז געבליבן. די שכיינעס מיטן „בינטל בריוו" דריקט זיך אויס קוידעמקאָל אין א יענטעוואטן סטיל. א פּאָר ביישפּילן:

(1) „דאָס הייסט ניט, אז זי איז פון יעמאָלט אָן געשטאנען אף איין אָרט, — אז אָך און ווי וואָלט געווען צו איר!" (ז. 28).

(2) „דאָס איז דעם יידן נעבעך געווען גאנץ גוט באקאנט, און ווען מען פלעגט זינגען דיטריכס רייד וועגן דעם בייזן סאָינע וואָס לאָזט אים ניט אהיים, פלעגט מיסטאמע ניט אין יידישער צוהערער געשמאק אָפּזיפצן, דערמאָנענדיק זיך אין קאָל יסראָעלס צאָרעס און אין זיינע אייגענע" (ז. 61).

(3) „ווייל די באָבע האָט דאָך נעבעך אויך אזא שוואכקייט צו דערציילן מייסעס, וואָס די איינינקלעך גלויבן ניט..." (ז. 152).

יענטע פּאָדערט „פּיקאנטקייט", און וויינרייך טייטש ארייַן אין א טעקסט וועגן א באלמויפעס, וואָס פּאָרעט זיך מיט א מיידל, אין וועלכער ס'איז ארייַן א דיבעק, אזא מין דרוש:

„עפשער האָט נאָך די געשיכטע געהאט א ספּעציעלן פּאטאלאָגישן באזיס אויך, און עפשער שטעקט אין דעם דער סאָד, וואָס ר' באָרעכן האָט זיך איינגעגעבן ארויסצוטרייבן דעם רועך גראָד פריטיקצונאכטס, בעשאס קיינער איז ניט געווען דערבייַ" (ז. 260). עפשער און עפשער... צו וואָס אָבער אזא כריפעס באם אויסטייטשן א טעקסט, וואָס זאָגט גאָרניט וועגן דעם? ביכדיי שווארץ מאכן דעם פּאָנעם פון א באלמויפעס? אָבער וויינרייך איז דאָך ווייט פון אן אנטירעליגיעזן קעמפער. — צי רעדט דאָ ניט קאָנקורענץ מיט א צווייטן „פאָרווערטס"־ספּעציאליסט אף בעסדין־שטיבל־מייסעס, מיט י. י. זינגערן?

א ווייטערדיקע סימפּאטישע סטיל־קאטעגאָריע זיינען „בעדעקעריזמען". אדעראבע, זאָל דער ליינער ארייַנכאפּן סטאם טשיקאווע און נוצלעכע ידיעס. אף ז. 30 וועט ער זיך צ.ב. דערוויסן, אז אין אָקספאָרד איז היינטצוטאָג פאראן 5 שטענדיקע יידישע באלעבאטים. ס'קען טאקע ניט פארשאטן צו וויסן. פון ז. 48 וועט ער זיך מיט דערעכערעץ דערוויסן, אז וויינרייך לייענט פון צייט צו צייט מיט א שפּאקטיוו. דער ארטיקל „די אויצרעס פון פּארמע" הויבט זיך אָן אזוי:

„אין בעדעקער, וווהין יעדער איטאליע־פּאָרער מוז ארייַנקוקן, ווי א פרומער ייִד אין כאיע־אָדאָם, שטייט געשריבן, אז די שטאָט פּארמע טאָר מען בעשומויפן ניט פארבייַלאָזן. אין פּארמע, פארשטייט איר מיך, געפינען זיך די בעסטע בילדער פונעם גרויסן איטאליענישן מאָלער קאָרעדזשאָ" (ז. 112). ניט צו לייקענען, נאָך אזעלכע וויכטיקע מיטיילונגען וועט דעם לייענערס בילדונג וואקסן ווי אף הייוון.

היינט פּאָלקסטימלעכקייט! מיר מוזן זיך ליידער באגרענעצן בלויז מיט א פּאָר ביישפּילן:

„אָנגעהויבן דעם טאנץ האָט יאָהאן קריסטאָף וואָלף..." (ז. 68).

„דאָרט וועט אויסקומען צו שטעלן מיטן שטעקן אין דער ברייט די פראגע: צי האָט אין דער צווייטער העלפט פון 15־טן יאָרה. געקאָנט געמאָלט זיין אזא שפּראך"... (ז. 111).

און אָט איז עפּישער טאָן:

„איך וויל מאכן אופשטיין פאר דעם לעזערס אויג דאָס לעבן, שטרעבן און שרייבן פון דעם מאן, וואָס איז אמאָל געווען אזוי גרויס..." („דער מאן, וואָס איז געווען אזוי גרויס" איז... אייזיק מייער דיק. ז. 292).

פעדער־לייַכט גיט אויך וויינרייך צו פארשטיין די פארפלאָנטערסטע פראגעס פון דער וועלטגעשיכטע. אָט איז א כאראקטעריסטיק פון מיטלאלטער: „און אייסאָוו האָט טאקע געטון מיט די הענט. ווען מיר גיבן א קוק אף דער געשיכטע פון אייראָפּע אין גאנצן מיטלאלטער, זעען מיר איין לאנגע קייט פון באוואָפנטע אָנפאלן און קריגערישע צוזאמענשטויסן. די יאָרן פון רו, אויב זיי זייַנען ביכלאל געווען, זייַנען נאָר צוגרייטונגען צו נייַע מילכאָמעס. די פעלקער האָבן דערפון שרעקלעך געליטן. אָבער קריג איז דאָך ניט נאָר לייַדן: ס׳גיט אויך די פרייד פון פארכאפן, די געלעגנהייַט ארויסצובאווייַזן גוורע און איינפעליקייַט״ (ז. 56).

3.

„דאָס שאאר־בלאט גופע פון דעם בוך זאָגט איידעס — דערציילט וויינרייך אין דער האקדאָמע — אז איך פארמעסט זיך ניט דאָ אף קיין געבונדענער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור.״ א פּאָר שורעס ווייַטער דערוויסן מיר זיך אָבער, אז „דער לייענער וועט באקומען... אזוי פארהאָף איך, א פאָרשטעלונג וועגן דער אָרגאנישער אנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראטור״.

אלזאָ דער לייענער וועט אפן סמאך פון וויינרייכס „בילדער״ באקומען א פאָרשטעלונג וועגן דער אָרגאנישער אנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראטור אף א שעטעך פון 14־טן יאָרהונדערט ביז די 60־ער יאָרן פון 19־טן י״ה. איינשליסלעך. ווי אזוי? דאָס איז שוין וויינרייכס סאָד. די ערשטע 190 זייַטן נעמען ארום דעם פעריאָד ביזן אָנהייב 16־טער י״ה. דרייַ ווייַטערדיקע יאָרהונדערטער, דער 16־טער, 17־טער און 18־טער ווערן אָפּגעפּאטערט אף 90 זייַטלעך, און באהאנדלט ווערן דאָ צוויי קינעס, א ליד וועגן שאבסע־צווי, און צוויי נישטיקע מייַסעס, וועגן א דיבעק און וועגן א מאן, וואָס איז אנטלאָפן פון זייַן ווייַב. אפן סמאך פון אָט דעם מאטעריאל דארף עס דער לייענער באקומען א פאָרשטעלונג וועגן דער אָרגאנישער אנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראטור אין דרייַ יאָרהונדערטער. קיין איין אָפּהאנדלונג ניט וועגן וועלכן ס׳איז מוסער־סייפער, און ס׳איז דאָך דער וויכ־טיקסטער זשאנר פון דער טקופע. קיין זייַטל ניט וועגן דער צענע־רענע, וועגן די גרויסע טאנאך־איבערזעצונגען, וועגן דער רעליגיעזער ליריק פון דער עפּאָכע, וועגן מייַסע־בוך, וועגן דער מעשאָלים־ליטעראטור! פון די ווייַטערדיקע 70 זייַטלעך וועט דער לייענער זען די אָרגאנישע אנטוויקלונג פון דער האסקאָלע־ליטעראטור ביז מענדעלען איינשליסלעך — אפן יעסאָד פון א פּאָר זייַטלעך וועגן עטינגערן, פון וועלכע מיר גיבן באלד א שפרונג צו דיקן און מענדעלען. ווידער — קיין שום אָפּהאנדלונג ניט וועגן אייכלען, וואָלפזאָנען, די גאליציש מאסקילים, לעפינען, לעווינזאָנען, אקסענפעלדן, לינעצקין און אנדערע שרייַבער פון דער טקופע. די ריכטיקע „אָרגאנישע פאָרשטעלונג״ וועט עס באקומען דער לייענער: פון 1507 וועט ער באלד א שפרונג טון צו 1648, פון 1686 (ז. 266) גלייַך צו 1830 אנערעך (עטינגער).

קלאָר, מיר האָבן דאָ צו טון מיט אן אפשנעל צוזאמענגעשטופּעוועטן בוך פון פארשיידנ־ארטיקן, צופעליקן מאטעריאל. דאָס בוך הייסט „בילדער״, — און דאָ גייען ארייַן אזעלכע „בילדלעכע״ זאכן, ווי א קאטאלאָג פון קעמברידזשער ביבליאָטעקן (קאפיטל 7) אָדער א ביבליאָגראפישער עטיוד וועגן די פארמער קסאוויאדן. „דעריקער — זאָגט וויינרייך — איז מיר געגאנגען אין שילדערן, ניט אין ארויסדרינגען״. פאקטיש איז ניטאָ קיין שילדערונג אָן ארויסדרינגען. אין אין קעגנזאץ צו דער באשיידענער האקדאָמע גיט וויינרייך אין טעקסט א גאנצן קאפיטל, געווידמעט דער פעריאָדיזאציע און סינטעטישער כאראקטעריסטיק פון דער יידישער ליטעראטור־געשיכטע (קאפּ. 13).

4.

די ערשטע צוויי קאפיטלעך פון וויינרייכס בוך האָבן דעם כאראקטער פון א מין ארייַנפיר. דער ערשטער קאפיטל הייסט: „איבערבליק איבער דער געשיכטע פון דער

יִדישער שפּראַך". ס'איז אַ מוסטער פון באַלעבעסלדיק־צופרידענעם פאַרבײַגײן די ווּכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער יִדישער שפּראַכגעשיכטע, פון וואָסערדיקן אַרום־פּלאַפּלען אַ פּאָר באַקאַנטע פאַקטן און פאַלשן אויסטײַטשן זיי. וואָס איז די סיבע, וואָס יִדן פורעמען איבער די אַנטליִענע שפּראַכן אין אײגנאַרטיקע דיִאַלעקטן? וועגן דעם אַ פּאָר וואָסערדיקע באַמערקונגען. פאַרוואָס האָבן יִדן אין פּוילן ניט איבערגענומען די אַרומיקע שפּראַך, ווי דאָס איז פּאָרגעקומען אין אַנדערע לענדער? וועגן דעם קײן וואָרט ניט. ווען און ווי האָבן זיך אויסגעבילדעט די קלאַסישע יִדיש־דיִאַלעקטן, ליטוויש־יִדיש, אוקראַיִניש־יִדיש, פּויליש־יִדיש? וועגן דעם קײן וואָרט ניט. ווי קומט פּאָר די אַנטוויקלונג פון אַ שפּראַך? דערויף ענטפערט ווײַנרײַך (ז. 5): „די איבעראַנדערשוונגען אין אַ שפּראַך, דאַרף מען געדענקען, קומען פּאָר גאַנץ פּאַמעלעך". קומען זײ טאַקע פּאָר אַלעמאָל גאַנץ פּאַמעלעך? קומען דען ניט פּאָר אין באַשטימטע עפּאָכעס אויך ברויזנדיקע איבעראַנדערשונגען, עמעסע רעוואָליוציעס אין אַ שפּראַך, און זײַנען דען ניט געווען אַזעלכע ברויזנדיקע עפּאָכעס אויך אין דער יִדישער שפּראַך?

פאַרוואָס ענדערט זיך אַ שפּראַך, וועלכע סיבעס באַווירקט איר דינאַמיק? דערויף באַקומט איר אַ קלאָרע טשוווע אויף דערזעלבּיקער ז. 5. ערשטנס, ווײַל קינדער פּלאַפּלען: „ווען אַ קינד הײבט אָן רעדן איז בײַ אים רעכט צו זאָגן „דער טאַטע האָט געזיצט" אַנשטאָט „איז געזעסן". — אָט האָט איר אײַך סיבע נומער 1. און איצט סיבע נומער 2: „טײלמאָל טרעפט, אַז עס גײט אַרײַן אין דער מאָדע אַרויסצורעדן געוויסע ווערטער אויף דעם שטײגער פון אויסלענדער". אָט האָט איר שוין אַלע סיבעס, און ווײַנרײַך דערקלערט מיט טריִומף: „אָט אַזוי בײַט זיך צוביסלעך די שפּראַך". דער דינאַמישסטער און פאַר אונדז וויכטיקסטער, ווײַל דער נאָענטסטער יאָרהונדערט פון דער יִדישער שפּראַך, דער 19־טער, ווערט אָפּגעפּאַטערט אויף אָנדערהאַלבן זײַטלעך (28—29), וואָס אײן העלפט דער־פון פאַרנעמט אַן אָנזאָג צוצוקומען צו דער טעמע, און די צווײטע העלפט — אַ פּאָר מעליצעס, אַז כסידעס האָט געגעבן „אַ גרויסן שטופּ" דער יִדישער שפּראַך, און „פריִער די האַסקאָלע, דערנאָך די אַרבעטערבאַוועגונג האָבן אַרויסגעפירט די יִדישע שפּראַך פון שול־הויף און ביכלאַל פון געטאָ". ווי אַזוי געשטופּט, ווי אַזוי אַרויסגעפירט? וועגן דעם קײן וואָרט ניט, און גראַד איז עס דאָך אַ יאָרהונדערט פול מיט סטירעס. דרײַ מאָל צ. ב. בײַט זיך דער באַטײַט און די ראָליע פון דײַטשמעריזמען אין דער יִדישער שפּראַך אין 19־טן י"ה. דער דײַטשישער נוסעך פון מאַרקוס רעדליך בײַ עטינגערן איז דאָך עפּעס אַנדערש, ווי דיקס אָדער שאָמערס דײַטשמעריזמען אָדער דער נוסעך פון די ערשטע פּראָלעטאַרישע אויסגאַבעס. וועגן דעם — קײן וואָרט ניט בײַ ווײַנרײַכן, דערפאַר נאָך אַ מעליצע — וועגן דער יִדישער שפּראַך, וואָס „פּלײַסט זיך שוין הײַנט אויסצודריקן די שטראָמיקײַט פון דער שטאָט, דעם אימפּעט פון עם וואָלקנקראַצער און דאָס געוויג פון ווײַצנפעלדער אין דעם יִדישן דאָרף".

זײַנען מיר ניט געווען גערעכט? אַ פּאָעט, אַ „וואָרער דיכטער" איז ווײַנרײַך! אָבער נידערט מען אַראָפּ פון די הויכע פּאָעטישע ספערן צו דער ניכטערער פּראָזע פון וויסנ־שאַפט מוז מען קאָנסטאַטירן אַ היפּשע יערידע אַפילע אין פאַרגלײַך מיט באָראָכאָווס „אויפגאַבן פון דער יִדישער פילאָלאָגיע", וואָס איז געדרוקט 16 יאָר פאַר ווײַנרײַכס „בילדער", און ווו ס'זײַנען באַהאַנדלט אויך אַ טײל פראַגעס, וואָס ווײַנרײַך האָט אַזוי פּאָעטיש וואולגאַריזירט.

דער צווײטער קאַפּיטל „יִדישע ביכערזאַמלונגען און ביכער־באַשרײַבונגען" איז אָן אַ פאַרגלײַך בעסער. ס'איז אַ פּאָפּולערע קאָמפּיליאַציע, נאַציִאָנאַליסטיש באַווירצט. די טעמע האָבן שוין באַאַרבעט צונץ (1845) און ביפּראַט שטײנשנײַדער (1897), וואָס האָבן געגעבן אַ באַשרײַבונג פון די וויכטיקסטע ביבליִאָטעקן און זאַמלונגען פון העברעיִשע ביכער און זײער געשיכטע. ווײַנרײַך באַשרײַבט די זאַמלונגען פון שטאַנדפּונקט פון זײער יִדישן פאַרמעג, און גיט נאָך צו די גוטבאַקאַנטע ביִאָגראַפיעס פון דאָוויד אָפּנהײם און מ. שטײנ־

שניידער, אראפגעשריבן פון א פאר ענציקלאפעדיעס. ז.ז. 35—34 גיבן א פארקריפלטע פארשטעלונג וועגן דער באציונג פון לאמדן צו דער יידישער ליטעראטור (פרגל. אונדזער „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור״ ז.ז. 11—10 און 416). דעררדאזיקער קאפיטל וואלט נאך געוועז צו דערליידן, ווען ניט זיין נאציאנאליסטישע איינשטעלונג און דער אנטשפרעכנ־דיקער שעמענזאיס. ז. 35 ליינען מיר צ. ב.: „אט דערפאר איז אזוי גרויס אונדזער דאנק צו אים, אט דערפאר איז אונדז אזוי טייער די באדלעיאנע, וואס היט געטריי זיין ירושע״.

5.

ערשט מיט דעם דריטן קאפיטל „אונדזער עלטסטע ליטעראטור״ קומען מיר צו אייגנטלעכער ליטעראטור־געשיכטע. קימאט א העלפט פון דעם ארטיקל פארנעמט א ככירע וועגן דעם, וואס איז די עלטסטע דאטע אף א יידישן קסאוויאד. באראכאוו האט געהאלטן, אז ס׳איז אן אקספארדער קסאוויאד פון יאר 1393. באוויזט וויינרייך, אז ס׳איז ניט 1393, נאר שפעטער, ניט שפעטער אבער פון 1465, און אז דער קסאוויאד איז א העברעישער, ניט קיין יידישער; בלויז צוויי באשוערונגען, וואס פארנעמען 7 שורעס, זיינען צוגעשריבן אין יידיש.

די גאנצע ככירע האט ניט קיין באדייטונג. אויב די פראבלעם פון עלטסטן אופגע־היטן קסאוויאד האט נאך א געוויסן ווערט, ווי אן אריענטיר־מיטל פאר אנערעכדיקן פעסטשטעלן דעם אנהייב פון א ליטעראטור, גיט אבער גארניט דאס זוכעניש פון עלטסטן דאטירטן קסאוויאד. ס׳איז בלויז א שפילצייג פאר ביבליאגראפן. אויב ס׳געלינגט דורך פארשיידענע פילאלאגישע קאמבינאציעס גאנץ זיכער פעסטצושטעלן אן עלטערן ניט־דאטירטן קסאוויאד, פאלט דאך אפ שוין דער ייכעס פון דעם דאטירטן קסאוויאד.— דאס איז אן אלגעמיינע באמערקונג. — אין געגעבענעם פאל שטימט איין וויינרייך מיט שטיינשניידערס מיינונג, אז דער עלטסטער דאטירטער קסאוויאד איז דער בערלינער טילים פון 1490. צינבערג, אין „ביכערוועלט״, 1928, 6, 46, לייגט פאר די „אורפעהדע״ פון יאר 1392. די „אורפעהדע״ איז אבער בלויז א דייטשישער דאקומענט אין העברעישע אויסיעס, ניט א ליטעראטור־דענקמאל. זי האט א באדייטונג בלויז פאר דער געשיכטע פון יידישן אויסלייג. צינבערגן איז דעררדאזיקער דאקומענט באקאנט פון פריימאנס פובליקאציע אין דער „צייטשריפט פ. העבר. ביבל.״ 1907. ער איז אבער אסאך קארעקטער פארעפנטלעכט אין קראקויערס „אורקונדענבוך״, נומ. 409. כ׳ שטיף מאכט מיך אבער אופמערקזאם, אז דער עלטסטער יידישער ביז־איצט־באקאנטער דאטירטער קסאוויאד, צוויי פאליא־בלעטער מעדיצינישע סגולעס און האשבאעס, געפינט זיך אין קעלן, דאטירט 1364, אלזא נאך עלטער פון דער „אורפעהדע״. געשריבן וועגן דעם האט שוין דיונער, אין דערזעלביקער „צייטשר. פ. ה. ב.״, 1904, 7, ז. 114—113. די פאטאגראפיע פון איין בלאט געפינט זיך אין כ׳ שטיפס ארכיוו.

סומירנדיק—דער גאנצער איניען האט ניט קיין וויכטיקע באדייטונג. ס׳איז א מילכע־מעס האביבליאגראפן, און אויב שוין יא רעדן וועגן דעם עלטסטן דאטירטן יידישן קסאוויאד, איז עס ניט 1490, ווי וויינרייך וויל האבן, און ניט 1392, ווי צינבערג מיינט, נאר 1364, ווי דיונער האט שוין 1904 דאס באשריבן, און דער כאווער נ. שטיף עס קאנטראלירט און זיכערגעשטעלט.

דער צווייטער טייל פון דעמזעלביקן קאפיטל דערקלערט, פארוואס האבן זיך אופגעהיט וויניק דענקמעלער פון דער עלטסטער יידישער ליטעראטור. און דאס איז אלץ: אומזיסט זוכט איר אן אנווייז, ווו איז אופגעקומען די עלטסטע יידישע ליטעראטור, ווער זיינען געוועזן אירע טרעגער, וועמען איז זי געוועזן נייטיק, אין וואס פאר א צייט איז זי אופגע־קומען, וואס האט דידאזיקע צייט באטייט אין דעם געטא, ווו זיינען געוועזן אירע צענטרען. די יידישע ליטעראטור אנטוויקלט זיך בא וויינרייכן ערגעץ אינדערלופטן, אין מיסטעריעזע „יענע צייטן״. די גאנצע באדנלאזיקייט פון יידישן קליינבירגערטום, זיין שטרעבן זיך

אָפּצורײַסן פון דער קאָנקרעטערווירקלעכקײַט, איגנאָרירן פאַקטישע פאנאנדערשטעלונג פון סאָציִאַלע קויכעס און זייער קאמף שפּיגלט זיך אָפּ אין אָט דער זאָרגלאָזיקײַט, מיט וועלכער ווײַנרײַך גייט פארבײַ דידאָקטיקע גרונטפּראָבלעמעס פון דער יִדישער ליטעראטור. כאראקטעריסטיש איז דאפּקע דער פאקט, אז ווײַנרײַכן פאלט גאָר ניט איין די עצעם־עקזיסטענץ פון אזעלכע פּראָבלעמעס.

דערנאָך קומט א קאפּיטל „זינגער און פידלײַנער אמאָליקע צײַטן", ווו ווײַנרײַך קײַט איבער וווּלגאַר מײַנע אויספירן וועגן דער שפּילמאַן־ליטעראטור אינעם בוך „וועגן אלט־יִדישן ראָמאן און נאָוועלע", 1926. ווײַנרײַך גיט בלויז צו אַן איבערדערציילונג פון דעם אינהאַלט פון הילדעבראַנט־ליד און פונעם אָנהייב פון ארטוס־ראָמאַן. צום אנאליז פון דעם יִדישן ארטוס, דעם גרויסן דענקמאָל פון דער יִדישער שפּילמאנישער קונסט פון 14־טן י״ה. געפינען מיר קיין וואָרט ניט בא ווײַנרײַכן. עפּשער דערפאַר, וואָס ווײַנרײַך האָט ניט געהאַט וואָס מעכאַדעש צו זײַן? אָבער ס׳זײַנען פאראַן דאָך נאָך אָפּטיילונגען אין זײַן בוך, ווו ווײַנרײַך האָט אויך בלויז צעשמירט פּריִרדיקע אופטועָן און דערגרייכונגען (אשטייגער, באָוואָ־בוך, דער קאפּיטל וועגן די שפּיל־לײַט א. א.). פאראַן אגעוו איין ארטור־נוסעך, דער סטאַנסנראָמאַן, ווו גראַד א שפּראַכפאָרשער האָט געקענט געבן אַן אווטאָריטעטע מיינונג (פאראַן א האשאָרע, אז ער איז פארפאַסט פון עליאהו באָכער). גראַד דאָ האָט ווײַנרײַך געקענט ווײַזן כידושים. און ער האָט געוויזן: אף ז. 191 האָט ער דערדאָזיקער פראַגע געווידמעט... 4 שורעס: „אָבער, ווען מיר האָבן דעם פארגלײַך־מאַטעריאַל פון צוויי אַזוינע בוילעטע ווערק, פון „באָוואָ־בוך" און פון „פּאריז און וויענא", איז פאַר מײַן געפיל אבסאָליוט זיכער, אז דער איקס, וואָס האָט איבערגעפורעמט דעם ארטוס אין סטאַנסן, איז ניט אידענטיש מיט עליאהו באָכער". ווײַנרײַך שיקט אונדז אלזאָ אָפּ צו זײַן „געפיל". — עס איז זייער וואַרשײַנלעך, אז דער סטאַנסן־ארטוס איז ניט עליאהו באָכערס איבעראַרבעטונג; אָבער „געפיל" איז באַשטימט ניט קיין וויסנשאַפטלעכער ארגומענט [1]).

---

[1]) דאָ לוינט זיך אָפּצושטעלן אף א שפּאָגלנײַער טעאָריע פון ד״ר. שאַצקי וועגן דעם יִדישן ארטוס־ראָמאַן פאָרמולירט אין זײַן רעצענזיע אף מײַן בוך „וועגן אלט־יִדישן ראָמאַן", אין אמעריקאנער „פּנקס", 1, העפט 3 ז. 277. צוערשט מאַכט שאַצקי ערנסט אופמערקזאַם, אז „פאַר דער פארשפּרייטונג פון דעם ארטור־ראָמאַן בא די יִדן איז אויך קעדײַ צו וויסן, אז אין 1279 האָט מען דעם „מיילעך ארטוש" איבערגעזעצט אף העברעיִש „מלשון לעז" (מיכטאמע פון דער דײַטשער אויסגאַבע פון 13־טן י״ה.)".

אזא זאַך איז טאַקע קעדײַ צו וויסן, און מיר האָבן עס טאַקע געוווּסט און פארצייכנט נאָך פאַר שאַצקיס רעצענזיע, טאַקע אין דערמוזלביקן בוך ז. 15. און וואָלט שאַצקי אופמערקזאַם געלייענט די רעצענזירטע ביכער, וואָלט ער דאָרט טאַקע זיך דערוווּסט, אז דער העברעיִשער טעקסט איז אַן איבערזעצונג פון איטאַליעניש, ניט פון א „דײַטשער אויסגאַבע" (וואָס איז דאָס אגעוו פאַר אַן „אויסגאַבע" אין 13־טן י״ה? נאָך פאַרן דרוק?). נאָך שענער איז, אז אין זײַן רעצענזיע פארופט זיך שאַצקי אף דעם וויכטיקסטן ארטיקל וועגן אָט דער העברעיִשער אר־סור־ווערסיע, ד״ר. מ. שילערס אין „Archiv für das Studium der neueren Sprachen und Literaturen", 1909, ז. 63—51). אָבער שילערס ארטיקל האָט שאַצקי, ווײַזט אויס, ניט געלייענט — וואָרעם גראָד שילער דערקלערט קאַטעגאָריש, אז ס׳איז אַן איבערזעצונג פון אַן איטאַליענישער ווערסיע, מאַשמאָעס פון מיטל־איטאַליע, טאָסקאַנא.

און וואָלט שאַצקי טאַקע געלייענט די קוואַלן, אף וועלכע ער פארופט זיך, וואָלט ניט געקענט אנטשטיין זײַן טעאָריע, „אז אונדזערע עלטערע האַנטשריפטלעכע טעקסטן פון ארטור־ראָמאַן זײַנען איבערגעזעצט פון העברעיִש", און אז „שוין דער פאַקט אליין, אז ס׳איז פאראַן א העברעיִשע איבערזעצונג פון יאָר 1279, באַווײַזט אמבעסטן, אז מיר מוזן זוכן דעם מאָקער ניט גאָר אין דײַטשן טעקסט, נאָר אויך אין העברעיִשן".

דאָס איז א ביז גאָר וויכטיקע טעאָריע, וואָס קערט טאַקע איבער אלע אונדזערע ביז־איצטיקע פאָרשטעלונגען וועגן דער יִדישער שפּילמאַן־ליטעראטור. וואָס טוט מען אָבער מיטן כאָשעוון ד״ר. שאַצקי, וואָס לייענט ניט די מעקוירים, אף וועלכע ער פארופט זיך? דער וואַטיקאַנער העברעיִשער ארטור פון יאָר 1279 (קאָד. וואַטיק. אורבינאָ 48) באַשטייט פון: 1. דער האַקדאָמע פון מעכאַבער. 2. לאַנצעלאָטס יִכעס. 3. די געשעענישן פאַר דער געבורט פון ארטור, און ארטורס געבורט. 4. דער הויפּט־טייל — דער אונטערגאַנג פון ק ײַ ל ע כ ד י ק ן  ט י ש. — וואָס האָט עס צו טון מיטן יִדישן ארטור־ראָמאַן, וואָס איז גאָר א וויגאַלאָיס־ראָמאַן? די העברעיִשע ווערסיע איז א לאַנצעלאָט־ראָמאַן, און מ. שילער באַווײַזט איבערצײַגנדיק, אז אין דעם הויפּט־טייל איז עס דער דריטער טייל פון דעם פּראָזאַ־לאַנצעלאָט, דער אַזויגערופענער „Mort d'Artus". ווי אַזוי קען אלזאָ דער העברעיִשער

.6

דער פינפטער קאפיטל, וואָס באהאנדלט דעם „שמועל־בוך", געהערט צו די ווינציקע קאפיטלעך אין בוך, ווו ס'פילט זיך אן ערנסטערער צוגאנג. די ארבעט איז לעכאטכילע געווען געדרוקט אין „צוקונפט", מײַ 1927. און דאָך גיט דער קאפיטל, וואָס האלט 43 זײַטלעך, זייער ווייניק. צוערשט באהאנדלט ווײַנרײַך די ארבעטן פון פריִערדיקע פאָרשער, און באוויַיזט, וויפל גרײַזן און שטוסים האָבן זיך ארומגעפלאָכטן ארום דעם „שמועל־בוך". פונוואנען האָבן זיי זיך גענומען? און ווײַנרײַך דערקלערט ריכטיק: „דאָס האָט זיך גענומען פון דער פ א ל ש ע ר מ ע ט א ָ ד ע". אָבער אויך ווײַנרײַכס מעטאָדע איז ניט בעסער, און ס'איז ניט קיין וווּנדער, אז שוין א יאָר נאָכדעם, ווי די ארבעט איז געווען אָפּגעדרוקט אין „צוקונפט", האָט ווײַנרײַך געמוזט אָפּרופן אזא וויכטיקן מאָמענט פארן אנאליז פון דער פאָעמע, ווי איר דאטירונג. אנאליזירנדיק ווײַנרײַכס באציִונג צו די מעקוירים פון דער פאָעמע, באמערקט מיט רעכט נ. פרילוצקי: „שרײַבנדיק בילדער פון דער יידישער ל י ט ע ר א ט ו ר ־ ג ע ש י כ ט ע, שליסט ער זיך אויס פון צעך „ליטעראטור־היסטאָריקער", און ווייטער: „מיט אזא מעטאָד איז ניט שווער צו פארפאָרן אין עלעף האשישי ארײַן". („ייד. וועלט", 1928, 7, 104—103).

אין זײַנע אָנמערקונגען צו באסינס אנטאלאָגיע (1917, 1 באנד, IV) האָט באָראָכאָוו באמערקט, אז בענעגייע דעם „שמועל־בוך" איז ניט באקאנט ניט דער מעכאבער, ניט די צײַט, ניט דאָס אָרט פון זײַן פארפאסן. נאָך ווײַנרײַכס ארבעט זײַנען מיר אין די אלע פראגעס ניט קלוגער געוואָרן. וועגן מעכאבער ווייס שוין ווײַנרײַך, אז ער איז געווען א שפילמאן — דאָס האָט ער זיך דערוווּסט פון מײַן „וועגן אלט־יידישן ראָמאן", 1926. וועגן דער צײַט, ווען די פאָעמע איז פארפאסט געוואָרן, האָט ווײַנרײַך דערוויזן אין יאָר 1927 „לויט דער שפראך און די גראמען", אז „דאָס ווערק מוז געהערן צו 14־טן יאָרהונדערט", אין ער האָט אזוי פעסט דערוויזן דעמדאָזיקן „מוז", אז שוין א יאָר שפעטער פאסקנט ער אין די „בילדער", ז. 111: „געשריבן צווישן 1480—1300". ניט קיין שלעכטע און ביפראט זייער קלאָרע דאטירונג: א מעהאלעך סאכאקל פון צוויי יאָרהונדערטער. „בענעגייע דעם אָרט, ווו די פאָעמע איז פארפאסט געוואָרן, דערציילט ווײַנרײַך (ז. 86): „אופגעקומען איז עס ערגעץ־ווו אין די אלפּן־לענדער, אין בײַערן, עסטרײַך אָדער גאָר אין צאָפן־איטאליע". אויך זייער קלאָר אָנגעוויזן. ווײַנרײַך בלאָנדזשעט אלזאָ ארום אין דער צײַט, וואָגלט איבער דער קארטע, — און טרייסט אונדז, אז „אן ענדגילטיקן ענטפער קען געבן סײַדן דער בענויער שפראכיקער אנאליז פון דעם „שמועל־בוך"; איך פלייס זיך דורכצופירן אים אין דער קריטישער אויסגאבע, וואָס איך גרייט אצינד". קלאָר, דער שליסל צו די אלע פראגעס ליגט אין דעם שפראכאנאליז, און גראָד אים האָט מען געקענט דערוואַרטן פון ווײַנרײַכן דעם שפראכפאָרשער. עפשער וואָלט געווען א סוואָרע צוערשט דורכצופירן אָט דעם גרינטלעכן שפראכאנאליז, און ערשט שפעטער פארפאסן ארטיקלען, און ניט צוגעבן צו פריִערדיקע גרײַזן נײַע? אָבער ווײַנרײַך יאָגט זיך נאָך לײַכטע־לאָרבערן און מעמיילע „שליסט ער זיך אויס פון דעם צעך ליטעראטור־היסטאָריקער".

ל א נ צ ע ל א ט זײַן א מאָקער פון יידישן ו ו י ג א ל א ָ י ס? ניין, מיר וועלן, ווײַזט אויס, שוין בלײַבן בא אונדזער מיינונג פון יאָר 1926, אז דער העברעיִשער ארטוס „שײַנט צו זײַן א פארייגצלטע דערשײַנונג, א ליטעראַרישער קוריאָז".

דיזעלביקע רעצענזיע שאצקיס גיט נאָך א מעגלעכקײַט פעסטצושטעלן, אז שאצקי גיט זיך ניט די מי אופמערקזאם צו לייענען א בוך, וועלכן ער רעצענזירט. ז. 278 דערוויסן מיר זיך, אז „עריק ברענגט אסאך איבער־צײַגנדיקע ראַיעס, אז... דיזאָזיקע מײַסע (מײַסע בריִע ווּזיקרע — מ. ע.) האָט ער (רוויטלינגען — מ. ע.) ניט קאָפּירט, נאָר אליין פארפאסט". אינדערעמעסן האָב איך אין „וועגן אלט־יידישן ראָמאן", ז. 175—174, ארויסגערוקט ביידע מעגלעכקײַטן, געבראכט ראַיעס, אז רוויטלינגען קען זײַן דער פארפאסער, און קאָנטער־ראַיעס, אז ער איז בלויז א קאָפּיסט. אין מײַן שפעטערדיקער „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור", 1928, ז. 349—348, האָב איך, אָפּערירנדיק מיט אלע דערגאנגענע טעקסטן פון דער נאָוועלע, געקענט ענדגילטיק פעסטשטעלן, אז רוויטלינגען איז ניט דער מעכאבער פון דער נאָוועלע, און אופגעהויבן א צווייטע האשאָרע — אז די נאָוועלע איז איבערגעזעצט פון העברעיִש.

א פערטע וויכטיקע פראגע זייַנען די מעקורירים פון דעם „שמועל־בוך", וויבאלד מיר האָבן דאָ צו טון מיט א פּאָעמע, וואָס נעמט איר שטאָף הויפטזאכלעך פון טאנאך פליוס מעדרעש. אויך די פראגע פארענטפערט ווײַנרײַך גאנץ לײַכט: „פאר אונדז איז וויכטיק ניט אזוי דער מאָקער, ווי די שטימונג פון דעם דיכטער". (ז. 82). אף „שטימונגען", ווייסן מיר, איז ווײַנרײַך א בעריע. די מעקורירים־פראגע פארענטפערט אלזאָ ווײַנרײַך אויך ניט. נ. פּרילוצקי האָט אין צוזאמענהאנג מיט אָט דער פראגע אין דערמאָנטן ארטיקל ארויסגערוקט אן אינטערעסאנטע טעאָריע: אז ניט נאָר דער פשאט־טײַטש פון טאנאך איז פארגליוערט געוואָרן אין לויף פון יאָרהונדערטער אין א פעסטן קאנאָן, נאָר אויך די דרוש־אויסטײַטשונג. דערמיט דערקלערט פּרילוצקי די פאראלעליזמען צווישן דעם „שמועל־בוך" און א שטייגער דעם „האמאגיד" פון 17־טן יאָרהונדערט. מיר שײַנט אָבער, אז די דרוש־אויסטײַטשונג מוז מען פאנאנדערטיילן אף צוויי שטראָמען: א שמאָלן, אזא ווי מיר באגעגענען אים אין די טײַטש־כומאָשים, און א ברייטן, א נאָוועליסטישן. דער ערשטער גיט זיך איבער דערהויפּט מונדלעך, גיסט זיך צונויף מיט דעם קנעל־קאנאָן פון די מעלאמדים, דער צווייטער שטאמט דערהויפּט פון שריפטלעכע מעקורירים.

אין אזעלכע וויכטיקע פראגעס האָט אלזאָ ווײַנרײַך זיך ביכלאל ארויסגעדרייט פון אן ענטפער. דער ארטיקל איז זיך מעמיילע פאנאנדערגעפאלן אין א סיסטעמלאָזער קאָלעקציע פון פארשיידענע באמערקונגען, אָפט ריכטיקע, אָפט פאלשע. די טעקסטקריטישע פארהעל־טענישן האָט ווײַנרײַך, מיט רעכט, געלאָזן אָן א זײַט. אָבער ער דערמאָנט מיט קיין וואָרט ניט די האקדאָמע צום פּאריזער קסאוו־יאד, די איינציק אופגעהיטע, וואָס איז וויכטיק פאר דער כאראקטעריסטיק פון דעם מעכאבער. איר וויכטיקסטער טייל שטאמט פון דעם מעכאבער, דעם סאָף האָט צוגעשריבן א קאָפּיסט, ווי איך האָב עס באשריבן אין מײַן „געשיכטע", ז. 115. צום בעסטן איז ווײַנרײַך אין דעם ארטיקל, ווען ער קאָנסטאטירט, פארצייכנט פּאָשעטע פאקטן. קומט צום אויסטײַטשן, ווערט ער אומגעהייער בארעדעוודיק און נאציאָנאליסטיש־מעליצעדיק. (אשטייגער „כאנעס טפילע איז באם ייִדישן דיכטער ווייניקער רעליגיעז דערהויבן, איז זי אָבער דערפאר אסאך מער נאציאָנאל־קאָנקרעט, און אין צווייטן טייל, ווו זי דערמאָנט וועגן פּינען, איז זי מער מענטשלעך־הארציק אויך". ז. 82—83). ז. 100 וויל אונדז ווײַנרײַך איבערצײַגן, אז ייִדן האָבן אף די „ניבעלונגען" געוואָרפן אן אומכיין, ווײַל עס שלאָגט פון דער דײַטשישער פּאָעמע אן „אומבעראכמאָנעסדיקער נעקאָמע־דאָרשט", אָבער שוין א זײַטל שפּעטער דערציילט ער איבער דעם אינהאלט פון א בלוט־דורשטיקער נאָוועלע וועגן יויאָוון, וואָס איז ארײַנגעפלאָכטן געוואָרן אין „שמועל־בוך" — איז ווו בלײַבט די ייִדישע ווייכהארציקײַט?

דער 6 קאפיטל — „די אויצרעס פון פּארמע" האָט געמעגט פארבלײַבן אין „צוקונפט", וואָרעם ס'איז א ביבליאָגראפישע באשרײַבונג פון ייִדישע קסאוו־יאדן אין פּארמער ביבליאָטעק. לעכאָל־האפּאָכעס האָט מען אין א ליטעראטור־געשיכטלעכן בוך געדארפט איבערגרופירן דעם מאטעריאל, די שפּילמאנישע זאכן אריבערטראָגן אין קאפיטל 4 (די פּאָעמעס יעהוישוא, שויפטים, די עסטער־פּאָעמע), פארגלײַכן זיי מיט אנדערע דערגאנגענע נוסכאָעס און א. וו. קורץ—באהאנדלען דעם מאטעריאל אין א היסטאָרישן אספּעקט, ניט אין א ביבליאָגראפישן. א פארניכטנדיקע קריטיק פון אָט דעם קאפיטל האָט ניט לאנג אָפּגעדרוקט ש. ערדבערג אין אמעריקאנער „פּנקס", 1929, ז. 74—77. אף 5 זײַטן דערציילט נאָך אלץ ווײַנרײַך דעם פלאָנטער מיט די „פּוילישע" קסאוויאדן, כאָטש מען האָט עס געקענט אָפּפּאטערן אין 5 שורעס, וויבאלד דער וויקועך איז 1892 דורך נויבויערן אופגעקלערט געוואָרן, און 1917 געפינען מיר שוין פון די קסאוויאדן אויסצוגן אין באסינס אנטאָלאָגיע. אף ז. 125 דערציילט ווײַנרײַך מיט באגײַסטערונג וועגן די כידושים פון א קאָפּיסט באם טײַטשן פון טילים, און באמערקט ניט, אז ס'איז א בוכשטעבלעכע איבערזעצונג פון ראשעס פּיירעש. נאָך שענער באוואָרנט זיך ווײַנרײַכס זאך וועגן דער וויכטיקײַט ניט פון מאָקער, נאָר פון דער „שטימונג" פון דעם דיכטער בא דער „שירע פון איצכאָקן", ווו ווײַנרײַך אנטפּלעקט שיר ניט א נײַעם

קלאסיקער אין דער יידישער ליטעראטור, און ווייס ניט, אז די גאנצע „שירע״ איז גענומען בוכשטעבלעך פון מעדרעש טאנכומע (אגעוו, איז אויך דער מאָקער פון דעם שפּילמאנישן אקיידעס־ייִצכאָק הויפּטזאכלעך מעדרעש־טאנכומע. דערוף האָט נאָך אופמערקזאם געמאכט מ. גרינבוים).

איין זאך איז קלאָר: עס איז איצט נויטיק א נייע, גרינטלעכע מאָנאָגראפיע וועגן די פּארמער קסאוויאדן, פון דעם טיפּ, ווי שטיפס וועגן באָדלעיאנער קסאוויאד נומ. 1217. אָט־אָ די 4 קסאוויאדן זיינען טאקע עמעסע אויצרעס. זיי כאראקטעריזירן אויסגעצייכנט אמאָליקע יידישע קאָפּיסטן און שפּיל־לייט („מוישע הונט״ איז אן אמאָליקע באָהעמע־פיגור) און גיבן וויכטיקן ליטעראטור־היסטאָרישן מאטעריאל. די עסטער־פּאראפראזע האָט ווײַנרײַך געפּאטערט מיט א פּאָר פראזעס — זי וועט דארפן באהאנדלט ווערן אין ליכט פון א פארגלײַכנדיקן אנאליז מיט די איבעריקע 3 אופגעהיטע שפּילמאנישע עסטער־פּאָעמעס. פון דער יעהוישוא־פּאָעמע גיט ווײַנרײַך א קליינעם אויסצוג, און דאָס איז אלץ; נאָך פריער, 1917, האָט דעמזעלביקן אויסצוג געגעבן די באסין־אנטאָלאָגיע. ביידע פּאָעמעס (יעהוישוא און שויפטים) פארדינען אן אויספירלעכן פארגלײַך מיט די שפּעטערדיקע געדרוקטע טעקסטן פון 1564 און 1594. אזוי אויך מיט די פארשריבענע מײַסעס, מיט דער יוינע געשיכטע, מיט אקיידעס־ייִצכאָק, וואָס וועט דארפן פארגליכן ווערן מיט די געגראמטע טעקסטן. — קורץ, מע דארף איצט ערשט ריכטיק אויספאָרשן די פּארמער אויצרעס, וואָס ווײַנרײַך האָט זיי אזוי בעדעקעריש־אויבנופיק א גריבל געטון.

ניט קלאָר איז אויך, צו וואָס דרוקט איבער ווײַנרײַך זײַן ביבליאָגראפישע רעשימע פון יידישע אנטיקן אין קעמברידזש (קאפּ. 7), וואָס שטעלט דאָך פּאָר אן אינטערעס בלויז פארן ספּעציאַליסט, ניט פארן ברייטערן קרײַז לייענער. א „בילד״ פון דער יידישער ליטעראטור־געשיכטע איז אָט דער קאטאלאָג אוודע ניט. די דאנציקער מײַסע (ז. 143) איז ניט פּינקטלעך איבערגעגעבן. די וואָרמסער מײַסע האָט א לאנגן ייִכעס, קומט פּאָר שוין באם מאָנאך צעזאריוס פון הייסטערבאך אין זײַן „ניסים־דיאַלאָג״, 5 טייל, 4 קאָפּ., פאר־פאסט ארום 1222.

.7

צו וואָס איז אָבער נייטיק דער קאפּיטל וועגן באָוואָ־בוך און עליאָהו־באָכער? פון נײַס געפינען מיר דאָ בלויז די אינטערעסאנטע באמערקונג, אז עליאָהו־באָכער האָט ארײַנ־געבראכט אין דער יידישער ליטעראטור דעם סטאנס 100 יאָר פריער, ווי דער זשאנר באווײַזט זיך אין דער דײַטשישער ליטעראטור, און צום סאָף פון קאפּיטל א פעסטשטעלונג, אז דער איבערגאנג פון דעם באָוואָ־ראָמאן אין די שולהויפישע, פּראָזאישע באָבע־מײַסעס קומט פּאָר ארום 1770—1780. ביידע כידושים פארנעמען 2 זײַטן. האָט געלוינט צוליב זיי געבן א גרויסן קאפּיטל פון 23 זײַטן, ווו ס'ווערט אין „פאָרווערטס״־סטיל נאָכאמאָל געקײַט די גוט־באקאנטע ביאָגראפיע פון דעם דיכטער און דער אינהאלט פון באָוואָ־בוך? דער ראָמאן גופע ווערט אבסאָליוט ניט אנאליזירט. די ביאָגראפיע ווימלט דערצו מיט גרײַזן. באם קארדינאל איז עליאָהו־באָכער געזעסן 13 יאָר, ניט 15 (ז. 15?). זײַנע ראָמאנען האָט עליאָהו־באָכער געשריבן נאָך איידער ער איז געוואָרן א בארימטער געלערנטער, אין זײַנע שווערע באָהעמישע צײַטן. דער שרײַבער פון אָקספאָרדער קסאוויאד 1217 איז ניט „עפשער״, נאָר בעפּירעש געוועזן א פּראָפעסיאָנאל (ז. 154). שאצקי האָט שוין אמאָל (רעצענזירנדיק ווײַנרײַכס „שטאפּלען״) געבראכט רײַעס, אז עליאָהו־באָכער איז געבוירן געוואָרן פריער ווי 1469. „דער שוינן גלויק״ (ז. 150) באטײַט „פון דער שיינער גליק״, א נאָמען, ווי גליקל פון האמעלן, און ניט „דעם גליק פון דער שיינער מיידל״. אין מײַן „געשיכטע״ (ז. 328—329) ציטיר איך א מעלדונג פון א פארלעגער פון יאָר 1660, אז ער קלײַבט זיך ארויסגעבן „דאָס בוך דער שיין גליקן״. וועגן וואָס פאר א ראָמאן עס האנדלט זיך אין דעם פאל, איז מיר אד־האיעם ניט קלאָר. זײַט 170 האָט מען גענדארפט עפּעס דערציילן

וועגן די קסאוויאדן פון באָוואָ־בוך. ווײַנרײַך האָט זיי ווײַזט אויס ניט געזען, און ביידע גיבן גראָד דעם עלטסטן און בעסטן נוסעך פון ראָמאַן.

עטוואָס בעסער איז שוין דער 9 קאַפּיטל, וועגן „פּאַריז און וויענא“, אָבער אויך דאָ גייט ווײַנרײַך פאַרבײַ און פאַרזעט אַ ריי וויכטיקע פראַגעס. איך האָב דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט נאָך אין מײַן איבערזיכט אין דער קיִעווער „ייִדישער שפראַך“, 1927, נומ. 5—6, נאָכדעם ווי ווײַנרײַכס אַרבעט וועגן „פּאַריז און וויענא“ איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין די „וואַרשעווער שריפטן“. אין דער בוך־אויסגאַבע האָט ווײַנרײַך אָבער קימאַט גאָרניט געענדערט. דעם אינהאַלט פון דעם שיינעם ראָמאַן גיט איבער ווײַנרײַך גרײַזיק: דער צענטראַלער עפּיזאָד פון ראָמאַן — פּאַריזעס אַנטלויפן מיט וויענא, וואָס ענדיקט זיך מיט דער טראַגישער צעשיידונג פון די געליבטע — ווערט בײַ ווײַנרײַכן איבערגעגעבן אין דער פּאָלגנדיקער שורע: „ווען פּאַריז זעט, אַז זײַן האָפענונג איז אומזיסט, פאַרלאָזט ער דולפינס הויף“. ניט ער פאַרלאָזט, נאָר אַנטלויפט, און ניט אַליין, נאָר מיט דולפינס טאָכטער. ווײַטער קומען בײַ ווײַנרײַכן אויסצוגן, אײַליק אויסגעקליבן און ווייניק כאַראַקטעריסטיש פאַרן שיינעם, לעבעדיקן ראָמאַן. מע האָט געדאַרפט טאַקע געבן די דערמאָנטע דראַמאַטישע סצענע פון 6־טן טייל. די מעכאַבערשאַפט פון עליאָהו־באָכער איז ניט דערוויזן געוואָרן. זײַט 189 פאַסקנט ווײַנרײַך (קעגן שאַצקין און ל. לאַנדוי): „אין אַזאַ פאַל דאַרף מען מישפּעטן ניט לויט אויסנווייניקסטע סימאָנים, נאָר לויט זאַכלעכע, אינטאַכיקע“. דער „זאַכלעכער“ באַווײַז איז אַ מליצע וועגן אַ „בוילעטער, קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט“... אַן אַנדער זאַך איז, אַז „פּאַריז און וויענא“ איז טאַקע עליאָהו־באָכערס ראָמאַן, אָבער אַ בינטל שפּראַכלעך־סטיליסטישע באַווײַזן וואָלט ניט געשאַדט. קיין וואָרט ניט וועגן דעם, ווען איז דער ראָמאַן פאַרפאַסט געוואָרן. ווו איז ער פאַרפאַסט געוואָרן, וואָס איז זײַן מאָקער. קיין וואָרט ניט וועגן דעם, אַז אין ראָמאַן געפינען מיר שוין אַ בונט קעגן דעם אָפּגעלעבטן ריטער־ראָמאַן. אַזעלכע וויכטיקע פראַגעס אינטערעסירן ניט מאַשמאָעס ווײַנרײַכן. דאַקעגן אַנדעקט ער אַמעריקע אַף ז. 190: „אַלזאָ, דאָס באָוואָ־בוך האָט געהאַט אַ ניגן!“ (ווײַנרײַכס אויסרוף־צייכן). ס'איז טאַקע אַ סענסאַציִאַנעלע אַנטדעקונג. אַ שאָד בלויז, וואָס זי איז באַקאַנט אַזוי לאַנג, ווי ס'איז באַקאַנט דער באָוואָ־בוך, וואָרעם עליאָהו־באָכער האָט עס אַליין געמאָלדן אין זײַן צענדליקער מאָל ציטירטן און איבערגעדרוקטן פאָרוואָרט צום „באָוואָ־בוך“, ווו ער דערציילט, אַז ער זינגט זײַן ראָמאַן מיט אַן איטאַליענישן ניגן.

מע דאַרף האָפן, אַז „פּאַריז און וויענא“ וועט געפינען אַן ערנסטן וויסנשאַפטלעכן אַרויסגעבער, וואָס וועט צום טעקסט געבן אַ גוט־פונדירטע אויספאָרשונג. דערווײַל גילטן מײַנע באַווײַזן און האַשאָרעס (מעק האַשאָרעס ווי באַווײַזן): 1. אַז „פּאַריז און וויענא“ איז פאַרפאַסט אין ווענעציע, 2. אַז ס'איז געשריבן עפּשער נאָך פאַרן „באָוואָ־בוך“ און 3. אַז דער איטאַליענישער מאָקער איז וואַרשײַנלעך אַ סטאַנסן־ווערסיע, און ניט קיין פּראָזע־נוסעך (פּרגל. „צײַטשריפט“ פון מינסקער ייִדסעקטאָר, באַנד 2—3, ז. 564—571).

אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלעך קומען קינעס אַף כמעלניצקעס גזיירעס און אַ ביז־גאָר אינטערעסאַנט ייִדיש ליד וועגן שאַבסע־צווי מיט אַן אויסגעצייכנטן שפּראַכיקן אַפּאַראַט.

*

אין דעם 13־טן קאַפּיטל „פון אַלט צו נײַ“ פאַרמעסט זיך ווײַנרײַך אַפילע אַף אַ פּעריאָדיזאַציע פון דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע. די וויכטיקע „מוסער־טקופע“ פון 16—18 י״ה, ווען אויך די ייִדישע ליטעראַטור ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אינסטרומענט פון דער ראַבאָניש־גווירישער דיקטאַטור אין די פּוילישע קעהילעס און ווערט באַפּאַרבט קלעריקאַל, צעלייגט זיך ענדלעך און פוילט אין 18־טן י״ה גלײַכצײַטיק מיטן צעפאַל פון קאָהאָל, האָט ווײַנרײַך אַפילע ניט באַמערקט. קען מען שוין פאַרשטיין דעם ווערט פון ווײַנרײַכס סכעמע, וואָס ווע־ט אַפילע פאָרגעשטעלט אין אַ קאָנציקער דיִאַגראַמע. ווײַנרײַך שטעלט ווײַטער

ניט די פראַגע װעגן די צענטרען פון דער ייִדישער ליטעראַטור. זי אַנטװיקלט זיך בא אים ערגעץ אינדערלופטן, מעכוץ דער צײַט און רוים, מעמיילע איז ניטאָ בא װײַנרײַכן קיין שום פרוװ פון צונױפבינדן די געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור מיט יענע פראָצעסן, װאָס גייען אָן אין די ייִדישע צענטרען און װוּינערטער אין מיטל־און מיזרעך־אייראָפּע. ס'באַקומט זיך ליטעראַטור־געשיכטע אָן געשיכטע, די סכעמע באַשטייט אין א מעכאַנישן אופּציילן פון דעם װאָס איז צוגעקומען אָדער אָפּגעשטאָרבן, און דאָס אויך געמאַכט אײַליק און אויבנויפיק, צוגעװירצט מיט א פּאָר מעליצעס װעגן א קאָנסערװאַטיװן און װעלטלעכן עלעמענט אין דער ליטעראַטור.

אגעװ: מוישע װאַליך איז ניט אײַזיק װאַליכס אייניקל, װי װײַנרײַך װיל האָבן (ז. 270), װאַליכס „סייפער־מעשאָלים" איז דערשינען 1697, און ניט 1687.

8.

דער 14 קאַפּיטל איז געװידמעט שלוימע עטינגערן. װײַנרײַכן, דעם עטינגער־קאָמענטאַטאָר און עדיטאָר, האָט א גרויסע ארבעט געװידמעט כ' מ. װינער. דאָ װעל איך בלויז אופמערקזאַם מאַכן אף װײַנרײַכס ניטדערלאָזבאַרער באַציִונג צו די געדרוקטע עטינגער־טעקסטן. מיילע, די יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע פון „סערקעלע" האָט װײַנרײַך ניט געזען. ניט קלאָר איז אָבער אויך, צי האָט ער געזען די װאַרשעװער אויסגאַבע פון יאָר 1875. ער איגנאָרירט אויך לאַכלוטן די טעקסטן פון דער „װאַרשויער יודישער צײַטונג" (1867), װוּ ס'זײַנען געדרוקט עטלעכע זאַכן עטינגערס. אן אקאַדעמישע אויסגאַבע מוז זיך רעכענען מיט די מעגלעכקײַטן, אז די געדרוקטע טעקסטן קענען געבן עלטערע װאַריאַנטן, װי די קסאַװיאַדן. אזא פאַל האָבן מיר צ. ב. מיט עטינגערס מײַסעלעך און מעשאָלים, װאָס זײַנען געדרוקט אין דער „װאַרשויער „יודישער צײַטונג". אין יאָר 1867 זײַנען דאָ געדרוקט פּאָלגנדיקע זאַכן עטינגערס: „שיפער־ליד" (נומ. 1), „װיטעלע" (12), „דאָס קאַטשקעלע" (20), „טעמערל מיטן האָן" (24), „דער האָן" (27). די „שיפערליד" איז אָפּגעדרוקט אנאָנים, בא אלע אַנדערע זאַכן איז אָנגעגעבן דער מעכאַבער, ד"ר עטינגער. שוין דער אנאַליז פון „װיטעלע" באַװײַזט, אז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אן עלטערער רעצענזיע, װי די װײַנרײַכישע מאַנוסקריפּטן (דער טיטל: „די פרומע װיטעלע אין קראָקע"). דער רעדאַקטאָר פון „װאַרשויער יודישער צײַטונג", הילעל גלאַטשטערן, האָט עטװאָס פאַרדײַטשמערישט דעם „װיטעלע"־טעקסט, אין העסקעם מיט דער שפּראַכלעכער ליניע פון זײַן צײַטונג, צ. ב. „פאָן", אָנשטאָט „פין", „גיבט" אַנשטאָט „גיט", „אײַן" אַנשטאָט „א", „זאָ" אָנשטאָט „אזוי",— אין אלגעמיין אָבער זײַנען די דײַטשמערישע ענדערונגען מינימאַלע. דאָ פעלט אויך דער עפּילאָג (מ. ס. 245—246), און די ליד ענדיקט זיך: „זאָ פירט זי זיך זומער און װינטער". ענטװעדער דאָס האָט געפעלט אין דער עלטערער רעדאַקציע, אָדער די צײַטונג האָט שוין ניט געהאַט פלאַץ פארן סאָף. און אָט זײַנען א פּאָר כאַראַקטעריסטישע װאַריאַנטן:

| „װאַרש. יוד. צײַטונג" | שורע | װײַנרײַכס טעקסט |
|---|---|---|
| דער װוילער שרײַבער . . . . | 1 | װי אזוי קאָן איך הייסן דער גוטער שרײַבער |
| און פאַר מוירע, מעגט עך מיר גלויבן . . | 5—7 | נאָר פאַר מוירע, עך מעגט מיר גלויבן |
| װײַס איך גאַרנישט, פון װאַנען אָנצוהייבן | | װייס איך אזש ניט, װוּ אָנצוהויבן |
| איך װעל אַבער אָנהייבן פון דאַנען. | | איך װעל אָבער אָנהויבן פון דאַנען. |
| און איידער זי האָט זיך פון שלאָף רעכט דערמאָנט. . . . . . . . . . | 9 | זי האָט זיך פון שלאָף נאָך ניט רעכט דערמאָנט. |
| פעלט . . . . . . . . . . . . | 6—13 | |
| אירע אלטע ייִדישע קליידער . . . . . . | 18 | אירע אַלטפרענקישע קליידער |
| װאָרן װיטעלע מוז די ערשטע זײַן . . | 20 | װאָרן זי מוז דאָך די ערשטע אין שול זײַן |

| | | |
|---|---|---|
| דאָרט אף דעם שטענדער לייגט זי אנידער | 25 | זי לייגט אויף איר שטענדערל אנידער |
| אירע טכינעס, איר קאָרבנמינכע־סידער | 26 | אירע טכינעס און דעם קאָרבנמינכע־סידער |
| און הייבט אָן גאנץ ערנסט צו ליינען | 27 | און הויבט אָן זייער צו קלאָגן |
| און מיט גרויס קאוואָנע צו וויינען | 28 | און מיט גרויס קאוואָנע צו זאָגן |

(דאָ זײַנען אפילע געענדערט די גראמען — מ. ע.).

| | | |
|---|---|---|
| און האָט געגעבן איטלעכן שפרונג | 45 | און גיט דאָ איטלעכן שפרונג |
| אז דער לײַכטער האָט אזשע געגעבן א שפרונג | 46 | דער לײַכטער גיט אזש א קלונג |
| אדעראבע, איך ערלויב אײַך צו שטיין נעבן מיר | 64 | אײַך אָבער פּאָזוואָליע איך צו שטיין נעבן מיר |
| איך וואָלט אליין גערן | 65 | אדעראבע, איך וואָלט אויך זייער גערן... |
| און קושט ווידער די מעזוזע בא דער טיר | 82 | און קושט ווידער די טיר |
| קוים זי איז נאָר אהיימגעקומען | 87 | קוים איז שוין נעבעך אהיימגעקומען |
| און האָט זיך נעבעך אביסל קאווע גענומען | 88 | און האָט זיך נאָר א טרער קאווע גענומען |

(אין וויוד׳צ איז דער „נעבעך" אין דער צווייטער שורע פארבונדן מיטן ביסל קאווע, די עלטערע רעצענזיע גיט גראָד א שארפערן סאטירישן טאָן).

| | | |
|---|---|---|
| וואָרן פון וואשן און פון בענטשן | 139 | וואָרן פון וואשן און בענטשן |
| האלט זי מער ווי פון אלע מענטשן | 140 | האלט זי מער פון אלע מענטשן |
| וואָס איז דאָ אף דער וועלט | 141 | וואָס זײַנען נאָר אף דער וועלט |

די וויוד׳צ גיט א נײַע באדײַטונג, א שארפערע, ווײַנרײַכס טעקסט קען אויסגעטײַטשט ווערן — וויטעלע איז פרומער פון אלע מענטשן. וויוד׳צ — דער רעליגיעזער צערעמאָנאַל איז איר וויכטיקער פון מענטשן.

*

קלאָר, מיר האָבן דאָ צו טון מיט אן עלטערער רעצענזיע, און אן אקאדעמישע אויסגאבע האָט זי געדארפט ארײַנציִען, וואָרעם ס׳באקומט זיך אן אינטערעסאנטער אײַנבליק אין עטינגערס פּאָעטישער לאבאָראטאָריע. קימאט יעדע שורע ווײַזט ענדערונגען — מיר האָבן דאָ פארצייכנט בלויז עטלעכע כאראקטעריסטישע.

אזוי אויך אין די אנדערע לידער. אשטייגער „דער האָן":

| „ווארש. יוד. צײַטונג" | שורע | ווײַנרײַכס טעקסט |
|---|---|---|
| פאר מײַנעטוועגן לאָז ער שלאָפן ביז מאָרגן | 12 | לאָז ער שלאָפן כאָטש ביז איבער־מאָרגן |
| ער גיט זיך א כאפּ א צינד | 19 | און ער גיט זיך דאָ א כאפּ אף אצינד |
| און מאכט אוף די טיר געשווינט | 20 | און לויפט, און עפנט דאָ א לאָדן געשווינט |
| אז ניט ווירד מאן דיר טאָן | | אז ניט וועסטו אויך אזוי א סאָף האָבן |
| אזוי ווי דער ב״ב דעם האָן | עפּילאָג | ווי אונדזער האָן האָט זיך באגראָבן.1) |
| דער באלעבאָס האָט טאקע געהאלטן וואָרט | 29 | דער ב״ב האָט טאקע וואָרט געהאלטן |
| און האָט געלאָזן שעכטן דעם האָן אף אן אָרט | 30 | און שוין צו מיטאָג אף צוויי געשפּאָלטן |

1) עטינגער האָט שפּעטער געענדערט דעם סאָף, ווײַל ס׳וואָלט געווען אידענטיש מיט דעם סאָף פון דעם מאָשל „טעמערל מיטן האָן":

אז ניט וועט דיר גאָט זאָ טאָן
ווי טעמערל דעם האָן.

ד. ה. די גראמען זײַנען אויך אנדערע.

אינטערעסאנט איז אויך דער שטארקער רעזאָנאנס פון „וויטעלען" בא די לעזער פון דער צײַטונג. אין נום. 12 איז געדרוקט גלײַכצײַטיק מיט „וויטעלען" א פעליעטאָן פון דעם רעדאקציע־מיטארבעטער שאָול, וואָס שילדערט א פרומען וואָכערער ר׳ מיכעלע, א מענלעכן „פאנדאן" צו וויטעלען. אין נום. 30 באשרײַבט דערזעלביקער שאָול דעם כורבן, וואָס די כאָלערע האָט אָנגעמאכט (ז. 275): „דער פרומער ר׳ מיכעלע האָט זיך ניט געקענט אויסגלײַכן מיט דער כאָלערע און איז אויך געשטאָרבן, די פרומע וויטעלע קוקט שוין אין גאניידן אריַין"...

9.

דער לעצטער קאפיטל פון ווײַנרײַכס בוך הייסט „מענדעלעס אָנהייב". עס לוינט זיך אף אים אָפּשטעלן גענויער, ווײַל ער געהערט צו די געציילטע ערנסטע ארבעטן אין בוך, האָט צוגעצויגן די אופמערקזאמקײַט פון דער קריטיק און האָט אפילע בא אונדז, אין ראטנפארבאנד, געהאט א גוטע פרעסע (פרג. גורשטיין, „צײַטשריפט", מינסק, ב. 2—3, ז. 489, 494, 501). דער קאפיטל באשטייט פון צוויי עלעמענטן: ביִאָגראפישע מאטעריאלן צו דעם באַרדיטשעווער פעריאָד פון מענדעלעס שאפן, און א פאָרמאליסטישער אנאליז פון פארשיידענע וואריאנטן פון מענדעלעס ערשטלינג־ווערק אין ייִדיש.ביידע עלעמענטן זײַנען אָרגאניש ניט צונויפגעבונדן, „לעבן" און „שאפן" זײַנ׳ען צוויי אָפּגעזונדערטע סטיכיִעס. מענדעלעס „אָנהייב" איז פארן ייִדישיסטישן פאָרשער „דאָס קליינע מענטשעלע" (1864). מענדעלעס טעטיקײַט אין העברעיִש ביזן יאָר 1864 איגנאָרירט ווײַנרײַך אינגאנצן, און ס׳אנטשטייט בא אים אפילע ניט דער געדאנק צו קאָנפראָנטירן מענדעלעס ערשטע ייִדישע ווערק מיט זײַן העברעיִשער פריִערדיקער און גלײַכצײַטיקער פראָדוקציע. די ציִאָניסטן איגנאָרירן מענדעלעס ייִדיש, נעמען די ייִדישיסטן נעקאָמע אין מענדעלעס העברעיִש... קלאָר, ביידנס צוגאנג איז ווײַט פון די עלעמענטארסטע וויסנשאפטלעכע פאָדערונגען. און ביִפראט איז עס וויכטיק פאר דער טקופע, וואָס הייסט „מענדעלעס אָנהייב". ווען ס׳דערשײַנט „דאָס קליינע מענטשעלע", איז מענדעלע ניט נאָר א באקאנטער העברעיִשער קריטיקער און פאָפּולאריזאטאָר פון וויכן, נאָר אויך דער מעכאבער פון א ראָמאן אין העברעיִש („למדו היטב", 1862). דערדאָזיקער ראָמאן גיט וויכטיקע שפּורן פאר דער עוואָלוציע פון מענדעלעס אידעאָלאָגיע. מענדעלע גרענעצט זיך דאָ אָפּ שארף פון אלטן דאָר מאסקילישע שרײַבער (אין דער געשטאלט פון נאָכום האקימכי), אויך פון פסעוודאָ־מאסקילים, און שטעלט ארויס דעם לאָזונג פון רעאליסטישער קונסט, וואָס דארף גיין צום פאָלק. ניט קוקנדיק דערויף, שרײַבט נאָך אלץ מענדעלע העברעיִש און בויט דעם ראָמאן אף א פאנטאסטישער אינטריגע מיט אן אידעאלן רויבער־פירער (מינאסטאם אונטער שילערס האשפּאָע). מע זעט בעכוש, דער יונגער מענדעלע איז פארוויקלט אין סטירעס און קען זיך קײַן אייצע ניט געבן. קעמפנדיק קעגן דער אלטער מאסקילישער ליטעראטור, נוצט ער נאָך אלץ דעם טויטן, מעליצעדיק־טאנאכישן האסקאָלע־שאבלאָן; פון צײַט צו צײַט פרוווט ער זיך אָבער נעמען א פאָלקסטימלעכן טאָן, נעפּלדיק שוועבט פארבײַ א רעמעז פון סאַטירע — און דאן איבערזעצט ער בוכשטעבלעך פון ייִדיש, און שוין אין די ערשטע זײַטלעך שרײַבט ער: „חלב צפור" און איבערזעצט אן אָנמערקונג „פייגלמילך"; „קערת שמים" — „דאָס טעלערל פון הימל"; „נושאת הכובע ותוליכהו בחטמו" — „זי גייט אין ספּאָדעק און פירט אים בא דער נאָז". מענדעלעס ווײַטערדיקער וועג באשטייט אין אופלייזן, באפרײַען זיך פון דידאָזיקע סטירעס — קוידעמקאָל דורכן איבערגאנג אף ייִדיש, וואָס באפרײַט אים פון דעם פילבארסטן דרוק פון דעם טויטן מאסקילישן לאָשן און עפנט אים טאקע א וועג צו די מאסן; אין די שפּעטערדיקע יאָרן באפרײַט זיך מענדעלע פון דער סטירע צווישן בורזשואזער אידעאָלאָגיע און דער סאָציִאלער באשטעלונג פון קליינבירגערטום.

ווענן דעם אלעמען — קיין וואָרט ניט באַ ווייַנרייַכן. ווייַנרייַך פעלשט מענדעלעס אָנהייב אין העברעיִש, ענלעך ווי די ציאָניסטן שטרייַכן אויס דעם יידיש־פּעריאָד פון מענדעלעס שאַפן.

דאָס יאָר 1864 איז פאַרן יידישיסטישן ביאָגראַף בלויז די דאַטע פון מענדעלעס ערשט ווערק אין יידיש. מער זאָגט ניט דאָסדאָזיקע יאָר ווייַנרייַכן. אז דאָס זייַנען די שטורמישע 60־ער יאָרן; אז אָקאָרשט איז דורכגעפירט געוואָרן מיט פּייַער און מיט שווערד די „פּויערים־באַפרייַונג", 2000 פּויערים־אופשטאַנדן קייַקלען זיך אדורך איבער רוסלאַנד אין די יאָרן 1861—1862 און ס'וואַקסן צוליב דעם די רעוואָליוציאָנערע שטימונגען באַ דער סטודענטנשאַפט און דער ראַזנאָטשינישער אינטעליגענץ (טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, שעלגונאָוו, מיכייַלאָוו, פּיסאַרעוו א. א. וו.) — האָט דאָס אלץ א שייַכעס צו מענדעלעס ביאָגראַפיע אָדער צו מענדעלעס אידעאָלאָגישן וועג? מענדעלע זאָגט אליין וועגן דעם איידעס אין זייַן באַקאַנטן זאַץ: „מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער ארבעט אין דער יידישער ליטעראַטור אין דער וועסנע־צייַט"... אָבער מענדעלעס ביאָגראַף ווייס גאָרניט דערפון. די 60־ער יאָרן זייַנען פאַר ווייַנרייַכן מאַשמאָעס די עפּאָכע פון... „קול מבשר".

אָבער, אפילע אין די שמאָלע ראַמען פון יידישיסטישן ביאָגראַפיזם דאַרף מען באַוווּנדערן די נאַכלעסיקייַט און אויבנופיקייַט פון ווייַנרייַכס ארבעט. פון מענדע־לעס א קאָרעספּאָנדענץ דערוויסט זיך ווייַנרייַך, אז אין די 60־ער יאָרן האָט באַרדי־טשעוו איבערגעלעבט א שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, הונדערטער פּאַרמעגלעכע מענטשן זייַנען רויִנירט געוואָרן, און מענדעלע גרינדעט אין יאָר 1863 א כעוורע „משכיל אל דל" צו העלפן בעקאָוועדיקע יאָרדים. מיט דעם הייבט זיך אָן מענדעלעס געזעלשאַפטלעכע טעטיקייַט אין באַרדיטשעוו, א סעדרע קאַמפן, קאָמפּראָמיסן און מאַפּאָלעס, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט דער „טאַקסע" און מיט מענדעלעס געצוווּנגענעם פאַרלאָזן באַרדיטשעוו.

וואָס איז דאָס געווען פאַר א קריזיס? ווי גרויס איז געווען זייַן פאַרנעם, וואָס זייַנען געווען זייַנע סיבעס און וואָרצלען? ווייַנרייַכן איז געבליבן אומבאַקאַנט אפילע די ארבעט פון זייַן קאָלעגע אין ווילנער יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, יאַנקעוו לעשטשינסקי: „באַרדיטשעווער יידישע קעהילע פון 1889 ביז 1917" („בלעטער פאַר יידישע דעמאָגראַפיע", בערלין, 1923, 2) דאָרט געפינען מיר ציפערן פאַר אָט דער דערשייַנונג. אין דעם פּעריאָד 1847—1861 האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין באַרדיטשעוו פאַרדאָפּלט — פון 23.160 אף 46.683. דאָס איז דער פּעריאָד פון גרויסן אופבלי פון באַרדיטשעווער האַנדל. זייַט די זעכציקער יאָרן הייבט זיך אָן די קאַטאַסטראָפאַלע יעריִדע פון באַרדיטשעוו: אין יאָר 1897 ציילט די שטאָט בלויז 41.617 יידן, ד. ה. זי האָט פאַרלאָרן ניט נאָר איר גאַנצן נאַטירלעכן צוּוווּקס, וואָס האָט באַדאַרפט אויסמאַכן פאַר 36 יאָר קאָרעוו 50 טויזנט נעפאַשעס, נאָר אויך 5 טויזנט יידן פון קערן. די סיבע פון קריזיס: די קאָנקורענץ פון אָדעס און וואַרשע — פון וואַרשעווער אינדוסטריע און אָדעסער האַנדל. דער באַרדיטשעווער קריזיס שפּיגלט אלזאָ אָפּ די נייַע גרויסע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין רוסלאַנד — ניט צופעליק פאַלט צונויף די יערידע פון באַרדיטשעוו מיט דער פּויערן־רעפאָרם. גראָד אין דער צייַט פון פיבערדיקן וווּקס פון יידישן האַנדל און אינדוסטריע גייט אונטער באַרדיטשעוו. די האַנדלס־קאַפּיטאַליסטישע שטאָט, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צום פּריצישן רעזשים, פאַלט מיטן אָנקום פון ריין־קאַפּיטאַליסטישע, אינדוסטריעלע באַדינגונגען. צום יאָר 1849 בילדן אין באַרדיטשעוו די קליינע פאַבריקאַנטן, באַלמעלאָכעס, פאַבריק־ארבעטער, מעשאָרסים און דינסטן א. א. וו. — 41,9% פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג; אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס — 14,7%; טאָג־ארבעטער (דאָ גייען מינאַסטאַם אַרייַן אסאַך לופט־מענטשן) — 21,1%. באַרדיטשעוו אנטפלעקט זיך צו די 50־ער יאָרן, ווי די טיפּישע שטאָט פון יידישער אָרעמשאַפט — אָבער אויך פון יידישע האָרעפּאַשניקעס און באַלמעלאָכעס. דאָס האָט וואָס צו זאָגן באַ א שרייַבער, וואָס האָט געטייַנעט, אז זייַן מוזע איז פאַרבונדן ניט מיט אָדעס, נאָר מיט באַרדיטשעוו און זשיטאָמיר („מענדעלע־טורעם", 1928, 30).

זייט 332—334 און 351 שילדערט וויינרייך די כעוורע, וואָס מענדעלע האָט געגרינדעט א. נ. „משכיל אל דל". דער וויכטיקסטער דאָקומענט פאר מענדעלעס געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אין בארדיטשעוו איז דער באריכט פון דער דערמאָנטער כעוורע, א ביכעלע פון 16 זייטן א. נ. „באו חשבון", געדרוקט אין זשיטאָמיר 1866[1]. דאָס ביכעלע איז בא היינטיקן טאָג געבליבן ניט באקאנט מענדעלעס ביאָגראפן, כאָטש ס'איז פארצייכנט אין ווינערס קאטאלאָג „קהלת משה". איך האלט אלזאָ פאר צוועקמעסיק אויספירלעכער איבערגעבן זיין אינהאלט. אבראמאָוויטש איז געכאסמעט בלויז אפן קאסע־באריכט צום סאָף פון ביכל, ווי דער סעקרעטאר פון דער געזעלשאפט, אָבער ס'איז קלאָר, אז ער האָט פארפאסט די גאנצע בראָשור, ווייל דער אָנהייב שטימט קימאט ווערטלעך מיט זיין באקאנטער קאָרעספאָנדענץ אין „ק'מ", 1865. דאָס באשטעטיקט אויך צעדערבוים אין זיין ביכל „די געהיימניסע פון בערדיטשעוו", ז. 47. דאָס ביכעלע איז א קאמפס־בראָשור, וואָס שילדערט די געשיכטע פון דער כעוורע פאר די 2 יאָר פון איר עקזיסטענץ און די שטערונגען און אינטריגעס, וואָס זי האָט אָנגעטראָפן. מיר דערוויסן זיך, אז פאר דער צייט האָט די כעוורע אסאך אופגעטון ניט נאָר אף איר אייגנטלעכן געביט, נאָר אויך געבראכט צו דער גרינדונג פון: 1. א קלוב פאר יידן און ניט־יידן, 2. א ביבליאָטעק, 3. א קאָרשול, 4. א מאָדערנע שול פאר יידישע קינדער, געגרינדעט פייסעך 1866. אָטאָ די שול איז געבויט געוואָרן לויט אבראמאָוויטשעס פרינציפן, ארויסגעזאָגט אין זיין „עין משפט". די „אָנגעזעענסטע" מענטשן פין דער שטאָט האָבן אין א פייערלעכן אקט באשטימט פארן אופזעער אבראמאָוויטשן און זיין פריינט מוישע האלפערין.

זעענדיק די גרויסע אופטוען פון דער כעוורע „משכיל אל דל", האָט די פארוואלטונג באשלאָסן זי פאראייניקן מיט די כעוורעס „אלמאַנעס און יעסוימים", וואָס האָבן גרויסע האכנאָסעס, אָבער „זייערע אופטועןזיינען פארבאָרגן און פארדעקט פון אלעמענס אויגן". דידאָזיקע צוויי כעוורעס האָבן געהאט א גרויסע האכנאָסע, לויט איין ווערס'ע 9000 רובל א יאָר, לויט אן אנדער שאצונג — 15 טויזנט. שוין 3 עלול 1865 האָט דאָס פאָרגעלייגט אבראָמאָוויטש, און א צווייטן מאָל 4 ניסן 1866. ווייטער האָט אבראָמאָוויטש פאָרגעלייגט אזא פלאן: מאכן א רעשימע פון פעסטע נעגידים, באלעבאטים און באלמעלאָכעס, פון א 2 טויזנט מאן, וואָס זאָלן צאָלן פון 3 ביז 6 רובל א יאָר; דאָס וועט געבן א זיכערע האכנאָסע ביז 9 טויזנט רובל. די כעוורע וועט העלפן אף א לייטישן אויפן, וועט גרינדן מעל־קראָמען, דורך דעם וועלן בעקאָוועדיקע לייט געפינען פארנאָסע און אגעוו וועט מעל פארקויפט ווערן ביליק, זי וועט אויך גרינדן פאבריקלעך און ווארשטאטן („מיני בתי מלאכות שונות"). דעמדאָזיקן פלאן האָט אָנגענומען די אלגעמיינע פאר־זאמלונג פון דער געזעלשאפט „משכיל אל דל" פייסעך־צייט 1866 און אויסגעוויילט א קאָמיטעט פון 6 נעגידים, וואָס זיי זאָלן אונטערנעמען שריט צו פאראייניקן אלע כעוורעס פון בארדיטשעוו און זאָלן צוקאָאָפטירן צו זיך נאָך 15 מענטשן. א פאָר טעג שפעטער האָט זיך געביטן די שטימונג פון די נעגידים, און אבראמאָוויטש האָט צ'זאמענגערופן א נייע פארזאמלונג, ווו ער האָט זיך געבעטן בא די פארזאמלטע אין נאָמען פון די צעבראָכענע אָרעמעלייט און פארלאָזענע אלמאָנעס און יעסוימים, זיי זאָלן אָרדנונג מאכן אין די כעוורעס. צום הויז פון דער פארזאמלונג איז אָבער געקומען א גרויסער אוילעם, וואָס האָט געמאכט סקאנדאלן, ביפראט אָנגעפאלן אף אבראמאָוויטשן, אז ער וויל אומגליקלעך מאכן די שטאָט, אָפשאפן די טאלמוד־טוירע, וויל גרינדן א גימנאזיע און א. וו. צעבראָכן זיינען געוועסן די מיטגלידער פון „משכיל אל דל", און אין שטאָט האָט זיך צעפלאקערט א ריזיקע מאכלויקעס. מיטאמאָל האָט אבראמאָוויטשעס אָפאָזיציע, דער אָרטאָדאָקסישער לאגער, מאסקים געוועז צום פאָרשלאג וויילן א פארוואלטונג פון 20 מאן. זיי האָבן אָבער ארויסגעשטעלט אזעלכע באדינגונגען: 1. זיי האָבן צונויפגעשטעלט א ליסטע

[1]) א שיינעם דאנק דעם ביבליאָטעקער כ' רובינשטיין, וואָס האָט מיך אופמערקזאם געמאכט אף דעמדאָזיקן זעלטענעם ביכעלע.

פון זייערע קאנדידאטן, און אבראמאָוויטש באמערקט דערצו ביטער: „אייגנטלעך האָט מען געדארפט דערמאָנען די נעמען פון די אויסדערוויילטע און דערציילן זייערע ביאָגראפיעס, ווער זיי זיינען, וואָס האָבן זיי אופגעטון און וואָס זיינען זייערע אָנשויונגען, וואָס איז זייער לעבנסוועג, אָבער צוליב באקאנטע טעמים האָבן מיר זיך דאָסמאָל געקירצט" (א מאָנומענט האָט זיי שפעטער אבראמאָוויטש געשטעלט אין דער „טאקסע"). 2. זיי ווערן געוויילט אף 10 יאָר (אבראמאָוויטש: ??). 3. זיי וועלן זיין די פאָרשטייער פון דער גאנצער שטאָט אין אלע איניאָנים. 4. זיי וועלן פארוואלטן אויך מיט דער טאלמוד־טוירע און באַגאדעלניע. 5. זיי פארוואלטן פריי מיט דעם געזאמלטן געלט און דארפן ניט אָפּגעבן קיין דין־וועכעשבן (אבראמאָוויטש: „אין דערדאָזיקער באדינגונג שטעקט א גרויסער סאָד, וואָס ניט יעדערן קען מען אים אנטפלעקן"). צו דעם צוועק וועלן זיי: א. אראָפּנעמען פון דער טאקסע די סומע, וואָס ווערט באַשטימט פאר ווילטעטיקע צוועקן. ב. איבערנעמען די געלטער פון „פריקאז אָפּשט. פריזרעניא". ג. אויב די אלע געלטער וועלן זיין ווייניק, קענען זיי באשטייערן די מאסן־ארטיקלען, אכוץ שפייז־ארטיקלען. ווייטער וועלן זיי קאָנטראָלירן שאָכטים, כאזאָנים, אָנגעשטעלטע פון שטאָט, וועלן זיך מישטאדל זיין בא דער רעגירונג דערוויטערן פון שטאָט שלעכטע מענטשן, אף וועלכע עס פאלט א כשאד (אבראמאָוויטש: „שלעכטע און אונטער א כשאד לויט זייער איינזען, און ס'איז לייכט צו פארשטיין, וועמען וועלן זיי ארויסטרייבן פון שטאָט"). זיי וועלן שטרעבן גרינדן א סאָכרים־קלוב און פארשפרייטן יעדיעס נוצלעכע פארן האנדל. אויב עמעצער פון דעם קאָמיטעט וועט ניט טויגן, האָבן זיי דאָס רעכט אים אויסשליסן און צונעמען אף זיין אָרט אן אנדערן. קאָהאָל וועט ניט טאָרן פאָדערן פון זיי קיין שום געלט־כעשבן (אבראמאָוויטש: „דעמדאָזיקן טנאי האָבן זיי 2 מאָל איבערגעכאזערט, ווייל ס'איז בא זיי דער איקער ניט דארפן אָפּגעבן א כעשבן, און ס'שטעקט אין דעם, ווי געזאָגט, א טיפער סאָד"). דער באריכט פארענדיקט זיך מיט דער האָפענונג, אז די מאכט וועט ניט דערלאָזן, אז די „מוירדיי אויר" זאָלן אויספירן זייער פלאן. דערנאָך גייט דער קאסע־באריכט פון „משכיל אל דל" פאר 2 יאָר. די כעוורע האָט געציילט 133 מיטגלידער. 2 זיינען געשטאָרבן, 10 ארויסגעטראָטן, ווייל מען האָט זיי געצוואונגען, און 10 צוליב פארשיידענע סיבעס, בלייבט 111 מאן.

נאָך א וויכטיקער דאָקומענט, און שוין ווייט ניט קיין זעלטענער, איז געבליבן וויינרייכן ניט באקאנט. ס'איז א. צעדערבוימס בוך „די געהיימניסע פון בערדיטשעוו, איינע קאראקטער־שילדערונג דער אָרטיקער יודישער געמיינדע, אלס מוסטער דער יודישן זיטן", ווארשע, 1870, 88 זייטן. וויינרייך, דער ליבהאָבער פון בעדעקערס, האָט דורכגעלאָזן דעמדאָזיקן עמעסן וועגווייזער איבער מענדעלעס באַרדיטשעוו. אין יאָר 1869 האָט צעדערבוים באזוכט באַרדיטשעוו, און אראָפּגעקומען איז ער, ווייזט אויס, מייסע רעוויזאָר, און ניט אומזיסט הייסט ער אין מענדעלעס בריוו צו בינשטאָקן „כלעסטאקאָוו". א פּאכעד איז געפאלן אף באַרדיטשעוו, ביפראט אף אָט דער קנופיע, וואָס מיט איר האָט אויך מענדעלע געהאלטן מילכאָמע. פון צעדערבוימס א בריוו, וואָס איז ניט לאנג פובליקירט געוואָרן, („יעוור. סטארינא", 1930, ז. 140) דערוויסן מיר זיך, אז דער ראבינער פעסיס און א געוויסער ליבערזאָן האָבן צעדערבוימען דאן פאָרגעלייגט אין נאָמען פון באַרדיטשעווער כסידים צו 3 טויזנט רובל א יאָר, ער זאָל זיי לאָזן צורו. אין „ק'מ", נום. 36, האָט דאן צעדערבוים אָפּגעדרוקט בלויז א קורצן באריכט פון זיין נעסיע אין באַרדיטשעוו — ער האָט שוין געגרייט זיין בוך. דער בוך גיט א יאם אינטערעסאנטע פראָטים, און אגעוו דערוויסן מיר זיך, וואָס איז געוואָרן פון מענדעלעס גרינדונגען: די כעווערע „משכיל אל דל" איז אונטערגעגאנגען און האָט אין יאָר 1869 שוין ניט עקזיסטירט, אויך די שול פאר קינדער איז אונטערגעגאנגען. דער קלוב האָט שוין געגויסעסט, ווייל די קריסטן האָבן געפאָדערט א טרייפע קיך, די קאָרשול איז גראָד געבליבן. אף גאנצע 10 זייטן גיט צעדערבוים די רעזולטאטן פון זיין אויספאָרשונג איבערן טאקסע־סקאנדאל מיטן גאנצן ציפער־אפאראט. ער האָט אפילע אויסגעפאָרשט אלטער זאהיקעס פרוי און די מייסע מיטן

גאלאגאנער האָן (בא מענדעלען הייסט ער אײַזיק זאהיקע). ווי געוויינלעך, פארנייגט זיך צעדערבוים אף אלע זײַטן און גיט אלע צדאָדים געדרעכט.

אזוי האלט עס אלזאָ מיטן ביִאָגראפישן טייל פון ווײַנרײַכס ארטיקל. דער צווייטער טייל פון ארטיקל באשטייט, ווי געזאָגט, פון א פאָרמאליסטישן אנאליז פון פארשיידענע ווארִיאַנטן פון מענדעלעס יוגנט־ווערק. ווײַנרײַך האָט ניט פארשטאנען אפילע די מאטעריאלן, וואָס ער האָט געהאלטן אין האנט. ס'איז דערגאנגען אפילע צו אזא קוריאָז, אז ניט קענענדיק דעם ערשטן נוסעך פון „ווינטשפינגערל", האָט דאָך כ' נוסינאָוו, געפירט דורך א ריכטיקן מעטאָד, געגוי אים פאָרויסגעזאָגט אפן סמאך פון אנדערע ווערק מענדעלעס („צײַטשריפט", ב. 3—2 ז. 475), בעיים ווײַנרײַך האָט פאלש כאראקטעריזירט און איבערגעגעבן דעם אינהאלט פון דעם ווערק.

די פראָבלעמאטיק פון דער מענדעלע־ווארִיאַנטירונג איז בא ווײַנרײַכן אפילע ניט באריט. ווײַנרײַך באנוגנט זיך מיט דער באשרײַבונג פון פארשיידענע אויסערלעכע פראָטים, און פאראן פאלן, ווי באם „ווינטשפינגערל", ווו דיראָזיקע באשרײַבונג איז אויך ניט קיין פינקטלעכע. — נאָך נוסינאָווס אויספאָרשונג (אין „צײַטשריפט" ב. 3—2 און אין די קיִעווער „שריפטן" ב. 1) זײַנען גרויסע טיילן פון ווײַנרײַכס ארטיקל אינגאנצן ליקווידירט געוואָרן.

צו זײַט 335—336: די צווייטע אופלאגע פון „קליין מענטשעלע" האָט ווײַנרײַך ניט געזען, אניט וואָלט ער געשטעלט די דאטע: אָדעס, 1865. שאאר־בלאט: „דאָס קליינע מענטשעלע אָדער א לעבנסבאשרײַבונג פון ייִצכאָק אווראָם טאקיף. מעייס איש." אלזאָ, שוין די ערשטע בוך־אויסגאבע פון „קליין מענטשעלע" איז ניט געווען אנאָנים, אף וויפל איש — זײַנען אבראמאָוויטשעס איניציאַלן. (פרגל. ווײַנרײַך, ז. 344). די דריטע אופלאגע האָט ווײַנרײַך אויך ניט געזען: ס'איז ווילנע 1866, ניט 1865. די ווילנער אויסגאבע אונטערשיידט זיך מיט דער אָרטאָגראפיע — אָפּגעווישט דעם וואָלינער־דיאַלעקטישן אויסלייג.

*

מיר קענען איצט אונטערפירן אזא מין סאכאקל:

1. בלויז א פאָר קאפּיטלעך פון ווײַנרײַכס „בילדער" קענען גענומען ווערן ערנסט. דער גרעסטער טייל פון בוך איז געש־יבן אף דער באשטעלונג פון דער „פאָרוועטס"־יענטע, און שטעלט פאָר א היפשע יערידע אין פארגלײַך מיט ווײַנרײַכס פריִערדיקע פילאָלאָגישע ארבעטן, אשטייגער „שטאפּלען". ס'איז, שײַנט מיר, אפילע ערגער פון ווײַנרײַכס מײַסע־ביכל א. ט. „שטורעם־ווינט".

2. אָבער אויך די מער־ערנסטע קאפּיטלעך שטעלן ניט קיין פראָבלעמען, ווײַזן ניט אף זוכענישן, פארפלאכן און וווּלגאריזירן וויכטיקע פראגעס. דער מעטאָד פון בוך איז א פלאכע אויסגאבע פון דער דײַטשישער פילאָלאָגישער שערער־שול.

3. ווערטפול קען זײַן ווײַנרײַך אין דער ליטעראטור־געשיכטע בלויז דאן, ווען ער פירט אויס א טעכנישע ארבעט: פובליקירט טעקסטן, פארצייכנט ביבליאָגראפישע דאטעס. די לעצטע יאָרן ארבעט ער אָבער אײַליק, זוכט לײַכטע לאָרבערן, און ס'טרעפט אז אפילע בא טעכנישע ארבעטן קען מען זיך אף אים ניט פארלאָזן.

4. דער בוך איז פארפלייצט מיט נאציאָנאליסטישן שעמענזאיס, און ווײַנרײַך גייט דאָ אפילע ווײַטער, ווי ס'פאָדערט זײַן קלאסן־אינטערעס. ער האָט צ. ב. אסאך בעסער געדינט זײַן קלאס, אויסטײַטשנדיק נאציאָנאליסטיש אין די „שטאפּלען" די פאָרגעשיכטע פון דעם פראנקפורטער פּאָגראָם פון יאָר 1614 (ארײַנפיר צו „מעגילעס ווינץ"), אײַנגעהילט אין מיקלוימערשטער וויסנשאפטלעכער אָביעקטיוקײַט.

5. די „בילדער" זײַנען אלזאָ א דאָקומענט פאר דער דעגראדאציע און צעפוילטקײַט פון ייִדישן קליינבירגערטום און זײַן וויסנשאפט.

מינסק, מארט 1930.

# סימען דאלעס

**יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטי־טוט. ביבליאָגראַפישע צענטראַלע.** ביב־ליאָגראַפישע יאָרביכער פון יי״וואָ. באַנד I — 1926. צוגאָב: ביכער און ניי־געגרינדעטע פעריאָדישע אויסגאָבעס אין 1927. וואַרשע, פאַרלאַג „קולטור־ליגע״ 1928. XXIII + 446 + XII ז. (25 × 18). 1.000 עקז. געדרוקט אין צוויי שפאלטן.

ביבליאָגראַפישע ווערק פון א גרויסן פארנעם זיינען נאָך לעסאטע אין דער ייִדישער ליטעראַטור קימאַט ניט פאַראַנען. שוין עטלעכע יאָר פאַרזיכערט מען אונדז, אַז ד״ר י. שאַצקי קלייבט זיך געבן אַ פולקומע ביבליאָגראַפיע פון ייִדישע דרוק־ווערק פון 16־טן יאָרה. ביז 1850. אונדז איז נאָך אָבער דערווייל ניט באַקאַנט, צי עס ווערט עפּעס געטון אף צו געבן כאָטש אַ טיילווייזן רעפּערטואַר פון דער ייִדישער דרוק־פּראָדוקציע פאַר די שפּעטערדיקע יאָרן אויך. דעריבער האָבן מיר מיטן גרעסטן אינטערעס אַרויסגעקוקט אפן ערשטן באַנד יאָרביכער פון דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע באַם ייווו״א, וואָס האָט זיך אונטערגענומען שאַפן די פולע רעשימע פון ייִדישע אויסגאַבעס אף דער גאָרער וועלט פאַרן יאָר 1926, אַרומכאַפנדיק אויך די צייטשריפט־מאַטעריאַלן.

די אַרבעט אין אַזאַ מאַסשטאַב, ביפראַט נאָך די רעגיסטראַציע פון די אַרטיקלען אין דער פּעריאָדיקע, איז פאַר אונדז גאָר אַ נייס. דער סך־הכּל האָט אויסגעטראָגן, אַז דאָס ווערק, וואָס קומט פון אַן אַנשטאַלט, וועלכער רופט זיך אָן „וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט״, וועט זיין אַ מוסטער־ווערק אין דעם פאַך און וועט איינצייטיק ווייזן די מעטאָדאָלאָגיע, ווי אַזוי צו קאָנסטרויִרן אַזוינע מינים אַרבעטן, און דאָס וואָלט באַ אונדז געוועזן נאָך מער אָנגעלייגט.

מ. ווײַנרייך און ז. רייזען אין „אַ וואָרט פריער״ צום בוך דעקלאַרירן מיט אַ געוויסער פייערלעכקייט און זעלבסטצופרידנקייט, אַז „דאָס וואָס דער יי״וואָ האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל ביכלל: צונויפצונעמען און צו פאַראיינהייטלעכן די וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט אין דער ייִדישער שפּראַך איבער אַלע עקן וועלט, ווערט דאָ מקוים אף איין ספּעציִעלן פעלד: אפן פעלד פון ביבליאָגראַפיע״.

דער יי״וואָ, לויט זיין גאַנצן מעהוס און לויט דער פּראָגראַם, וואָס מאַקס ווײַנרייך שטעלט פאַר אים אויס, „מוז שטיין אויסער דעם פּאָליטישן קאַמף״ און זיין „אַ וויסנשאַפט־לעכער, ד. ה. אַן אָביעקטיווער פאַקט״, די „ביבליאָגראַפישע יאָרביכער״, אַלס פּראָדוקט פון יי״וואָ, ווילן אויך זיין אַזוי „וויסנשאַפטלעך״ — אָביעקטיוו... קוקט מען זיך אָבער נעענטער צו צום בוך, לאָזט זיך אויס, אַז עס איז ניט אַזוי שטאַרק וויסנשאַפטלעך און ניט ביז גאָר אָביעקטיוו.

* *
*

קוידעמקאָל וועגן דער טעכנישער אויסשטאַטונג פון בוך. אין פלוג, אפן ערשטן אָנבליק, מאַכט דאָס בוך אַן איינדרוק מיט זיין גרויס, מע קריגט עפּעס אָפשיי פאַרן אופטו אליין. אַ קלייניקייט! אַ בוך, וואָס האַלט קימאַט 500 גרויסע זייטן אָנגעפּאַקט מיט פּעטיט־זאַץ,

בא א 10.000 נומערן נאָר פאר איין יאָר — באשריבן א ל ץ, וואָס עס גייט ארויס אין יידיש אף דער גאָרער וועלט, ניט אויסגעמיטן אפילע די קלענסטע ארטיקעלעך אין א מינדסטער בלאט; און געמאכט איז עס, דארפט איר וויסן, ניט אזוי פראָסט, נאָר „לויט דער טעאָריע און פראקטיק פון פרעמדע...", לויט „די רעגיסטריר־קלאָלים פון די פריַיסישע מעלוכע־ביבליאָטעקן און דער דעצימאלער קלאסיפיציר־סיסטעם פון דעם בריסעלער אינטערנאציאָנאלן ביבליאָגראפישן אינסטיטוט".

מיר זיַינען ניט קיין גרויסע כסידים פון דער פריַיסישער אינסטרוקציע און קנאפע אָנהענגער פון דער דיוי־צענער־סיסטעם אין אלע אירע וואריאַנטן. באזונדערס האָבן מיר טיַינעס צו דער דעצימאלער סיסטעם אין דער פאָרם ווי זי ווערט אָנגעווענדעט אין דעמדאָזיקן בוך.

די דעצימאלע סיסטעם איז דורך און דורך א פראָדוקט פון דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע. שוין דאָס אליין, וואָס פ י ל אָ ס אָ פ י ע פארנעמט דעם אויבנאָן (קלאס 1), וואָס פאר ר ע ל י ג י ע איז אָפּגעגעבן געוואָרן אזא בעקאָוועדיק אָרט (דער גאנצער קלאס 2), וואָס ג ע ש י כ ט ע (קלאס 9) איז אינגאנצן אָפּגעריסן פון די ס אָ צ י אַ ל ע וויסנשאפטן, (קלאס 3), — באוויַיזט דעם אולטרא־אידעאליסטישן צוגאנג פון דער סיסטעם צו קלאסיפיצירן די וויסנשאפטן. דאָס איז צו מערקן ניט נאָר באם איַינטיילן די וויסנשאפטן צווישן די 10 הויפט־קלאסן, נאָר אויך באם צעטיילן די וויַיטערדיקע דיוויזיעס, סעקציעס א. אז. וו. וואָרעם וויבאלד, אז פילאָסאָפיע און רעליגיע האָט יעדערער פאר זיך א גאנצן קלאס און פארקערט, אזעלכע גרויסע קאָמפּלעקסן, ווי סאָציאָלאָגישע (אָדער טעכנאָלאָגישע) וויסנשאפטן זיַינען ארײַנגעשפארט אין איין קלאס, באקומט זיך, אז, לעמאָשל, „ביבל" האָט זייער א קורצן און פּאָשעטן אינדעקס — 22, אָבער „ל ע נ י נ י ז ם" איז 335.5 (ל.); אָדער: „ג אָ ט" איז 231, „ש ט ר ײַ ק ן" — 331.89; „אָ ק ו ל ט י ז ם" — 133, „ר א ד י אָ ־ א ו פ נ ע מ ע ר" — 621.384.66 (!) הייסט עס, אז זאכן, וואָס זיַינען אונדז פרעמדער, זיַינען באצייכנט מיט קורצע אינדעקסן און זיַינען איבערבליקלעכער, און די, וואָס האָבן פאר אונדז א גרעסערן אינטערעס, זיַינען אלץ מער פארוקט און פארפּלאָנטערט אין דעם דעצימאלן ציפערן־לאבירינט.

מע דארף זאָגן, אז אפילע בורזשואזע געלערנטע ביבליאָגראפן זיַינען אָפּט קעגנער פון דער דעצימאלער סיסטעם, פארשטייט זיך, ניט איבער אידעאָלאָגישע טיַיִמים, נאָר איבער ריין פראקטישע מאָטיוון. אינדערעמעסן, וויבאלד, אז מיר שטעלן אפּריִער אויס ארײַנצושפּארן אלע צוויַיגן פון דער וויסנשאפט דאפקע אין 10 קלאסן און יעדער קלאס מוז האָבן פונקט, ניט מער און ניט ווייניקער, ווי 10 דיוויזיעס א. אז. וו., הייסט מיט דעם אליין שאפן פאר זיך א סדאָם־בעטל: איינ׳קע ב א ז ו נ ד ע ר ע דיסציפּלינען מוז מען מיט גוואלד ארײַנשטופּן אין איין קלאס, און אין אנדערע פאלן בלײַבן אויסן פריַיע ניט קיין פארנומענע פלעצער, קומט דעריבער טאקע אויס, אז די זעלבסטשטענדיקע וויסנשאפט „מ ע ט ע אָ ר אָ ל אָ ג י ע" (551.1) איז פארשטעקט אלס סוב־סוב־אָפּטייל פון ג ע אָ ל אָ ג י ע, און אין קלאס 4 (פילאָלאָגיע), וואָס איז קינסטלעך אָפּגעריסן פון קלאס 8 (ליטעראטור), זיַינען פארבליבן ניט קיין פארנומענע ערטער. פון דעם, וואָס עס סטײַעט אמאָל ניט קיין פריַי אָרט פאר א געוויסער דיסציפּלין, נעמט זיך אויך דאָס, וואָס מעכאניש פּאָרט מען צונויף אף א קינסטלעכן אופן ווילד־פרעמדע זאכן אין איין קלאס: אין קלאס 6 (אָנגעווענדעטע וויסנשאפטן) האָט איר צוזאמען מיט „א נ א ט אָ מ י ע" (611) און „ע ל ע ק ט ר אָ ט ע כ נ י ק" (623.1), אויך „ש נ ײַ ד ע ר ײַ" (687), „וו ע ש ע ר ײַ" (648); אָדער, אין קלאס 3 (סאָציאַלע וויסנשאפטן) טרעפט איר צוזאמען ליטעראטור איבער „ק א וו א ל ע ר י ע" (355.7) און „ק י נ ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר" (372.21). אויסער דעם, איז ביכלאל אין א ציפער־סיסטעם, און נאָך אין אזא קאָמפּליצירטער דערצו, זייער גרינג צו מאכן א טאָעס און מיט איין ניט־ריכטיקער ציפער ווערט שוין פארגרײַזט דער גאנצער סימוואָל וואָס באקומט גאָר אן אנדער באטײַט. אגעוו, אפילע אין אמעריקע, פונוואנען די סיסטעם שטאמט, באנוצט מען די דעצימאלע סיסטעם וויַיט ניט אין

אלע וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן. די פּרייסישע ביבליאָטעקן זיינען מייסטנס אויך קעגן איר. אזוי איז געווען דאָס יאָר 1928, אף דער 24־טער פארזאמלונג פון די דייטשישע ביבליאָטעקערס אין געטינגען, שארפע ארויסטרעטונגען קעגן דערדאָזיקער סיסטעם[1]).

ווי מיר זעען, איז די דעצימאלע סיסטעם ניט לאָגיש געבויט, ניט גאָר אינטערנאציאָנאל, ווי עס מיינט י. יאשונסקי[2]), און ביכלאל ניט שטארק באקוועם. ווער שמועסט נאָך אזוי, ווי עס איז גענוצט אין „די יאָרביכער" — איז עס אוואדע און אוואדע אָפּגעפרעגט, ווייל דאָ זיינען דאָך די אינטערעסן פונעם לייענער אינגאנצן איגנאָרירט. וואָרעם ווען מע וואָלט אינזינען געהאט דעם לייענער אויך, וואָלט מען דאָך באדארפט די אריבער 10.000 ביבליאָגראפישע איינסן סיסטעמאטיזירן און אויסשטעלן אזוי, אז עס זאָל לייכט זיין צו אָריענטירן זיך אין זיי. דאָ באקומט זיך, אז איידער מע גייט צו צונוצן דעם בוך, מוז מען פריער גוט אויסכאזערן די גאנצע טאבעלע „אָפּטיילונגען פון דער דעצימאַלער סיסטעם אין יאָרבוך" (ז. XIX, XX); אניט, אויב איר ווייסט ניט, אז 31 איז „ס ט א ט י ס ט י ק" אָדער, אז 894.511 איז „א ו נ ג א ר י ש ע ל י ט ע ר א ט ו ר", וועט איר שוין דעמדאָזיקן מאטעריאל ניט אזוי גרינג אָפּזוכן אין בוך.

די ביבליאָגראפישע צענטראלע פון ייװא האָט שוין געמעגט וויסן די עלעמענטארסטע פאָדערונג פון דער ביבליאָגראפיע און טון דאָס, וואָס עס טוט א ליאדע דייטשיש אָדער ענגליש פּאָפּולער-וויסנשאפטלעך ביכל — שוין אָפּגערעדט פון א ביבליאָגראפישער ארבעט — און געבן אן אויספירלעכן ז א כ ר ע ג י ס ט ע ר צום בוך.

א ביבליאָגראפיש בוך איז ניט צום לייענען אָדער נאָר צום שטודירן, עס איז דאָך א הילפס־בוך, אן אָנווייזער פון ליטערארישן מאטעריאל, — איז אָן א גענויעם זאכרעגיסטער וועט דאָך אויסקומען איבערצובלעטערן א היפּשע צאָל זייטן ביז מע וועט געפינען דאָס וואָס מע זוכט, און דערצו דארף מען דאָך זיין א באלן און האָבן גענוג צייט און געדולד. עמעס, אין די „ביבליאָגראַפישע יאָרביכער" פון ייװא איז פאראן א „זוכצעטל פון נעמען", אָבער דעם לייענער אינטערעסירט דאָך גיכער זאכן, טעמעס, איידער „פּערזאָנען, אנאָנימען" און אפילע „פארלאגן און דרוקן". מע קאָן דאָך ניט פון פּראקטישע זאכן שאפן קאבאליסטישע „שמות", וואָס זאָלן זיין פארשטענדיק נאָר דעם צונויפשטעלער אליין, — האָט מען דאָך באדארפט, לעמאָשל, אויסטייטשן, אז מיט די ציפערן בא די נעמען אין זוכצעטל מיינט מען די זייט אין בוך. דאָ פארלאָזט מען זיך אפן לייענער, אז ער וועט אזוי לאנג טאפּן א וואנט ביז ער וועט זיך אליין אָנשטויסן, וואָרעם דער סייכל טראָגט דאָך אויס פארקערט, אז אין אזא בוך וואָלט גלייכער געווען אָנגעבן דעם לויפנדיקן נומער פון דער אויסגאבע, וואָלט מען פארשפּאָרט איבערקוקן דעם גאנצן זייט ביז מע וועט געפינען דאָס וואָס מע זוכט,—לעכאָל האַפּאָכעס דערקלערן עס וואָלט מען עס אוואדע געדארפט. זוכצעטלען, זאכרעגיכטערס מאכן זיך לויט געוויסע קלאָלים און ניט סתּם אין דער וועלט אריין, ווי איינעם וועט זיך פארגלוסטן. עס איז דאָך שוין דאָ א היפּשע ליטעראטור וועגן דעם אויך[3]). מיר האָבן זיך אביסל לענגער פארהאלטן אף דעם, מאכמעט סאָפקאָלסאָף האָט

1) זע: „Zentralblatt für Bibliothekswesen". Leipzig, 1928. S. 515 ff.

א גענויע אָפּהאנדלונג און א טרעפלעכע קריטיק איבער דער דעצימאלער סיסטעם זע:

Schneider, Georg—Handbuch der Bibliographie, II Auflage. Leipzig, Karl W. Hiersemann 1924. S. 144—165;

Niemann, Willy B.—Das Dewey-System... Charlottenburg, Robert Kiepert. 1927. 18 S.; „Библиографическия известия", M., 1926. №№ 1—4, стр. 55—92.

2) זע י. יאשונסקיס רעצענזיע איבער די „ביבליאָגראַפישע יאָרביכער" אין „ביכער-וועלט". ווארשע, 1929, № 3, ז. 38—46.

3) זע: Brown, George E.—Indexing. London, Grafton, 1921. 137 p.

Wheeler, Martha Thorne—Indexing: principles, rules and examples, 3rd ed. rewis. Albany, Uniwersity of the state of New York, 1923. 76 p.

Schneidcr, Georg—Handbuch der Bibliographie. 3-te Auf. Leipzig, Hiersemann, 1926. 544 S. S. 36 ff.: Register, als Gegensatz zum Hauptsverzeichnis.

דאָס דאָזיקע „זוכצעטל" געזאָלט זײַן דער אײנציקער װעגװײַזער אין דעם היפשן אָנגעװאָרפענעם מאטעריִאל, װאָס אין בוך, איז דעריבער פארװאָס דאָס איז ניט רעכט געמאכט.

נאָך א דעפעקט. אין די „יאָרביכער" איז אײַנגעפירט א זעקסערלײיִקע נומעראציע פאר: I „פעריאָדישע אויסגאַבעס", 1926; II „אײנטאָגבלעטער"; III „װיסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט אין 1926": IV „פעריאָדיק 1927"; V ביכער 1927; VI „פעריאָדישע אויסגעס אין אַנדערע שפּראַכן". און דו זײַ א בעריע, קלײַב זיך פאנאנדער.

װידער, דעם קלאס־באצײכענונג (אינדעקס) גיט מען נאָר אײנמאָל—אין אָנהײב פון דער אָפּטײלונג, און ניט אף יעדער זײַטל באזונדער. דאָס מאכט שװערער אָפּצוזוכן דעם אנטשפּרעכנדיקן מאטעריִאל.

מיר קערן זיך אום צו דער דעצימאלער קלאסיפיקאציע און װי אזוי זי איז דאָ אָנגעװענדט. ב. ס. באָדנארסקי, א שטארקער אָנהענגער פון דער דעצימאלער קלאסיפיקאציע, האָט מיט רעכט געװאָרנט אין זײַן פאָרטראג אפן ערשטן אלרוסלענדישן ביבליִאָגראפישן צונויפפאָר (3־טן דעק. 1926), אז די לעצטע צײַט באמערקט זיך, װי מע פארקריפּלט אין דער פּראקטיקע די דעצימאלע סיסטעם. און דאָס נעמט זיך דאָס ראָװ פון ניט באהאונטקײַט, פון ניט קענען דעם בוך באם אײַנשטעלן אין די קלאסן. יעדערער טוט זיך װי עס פאלט אים אײַן, אזוי אז עס װערט אינגאנצן צעשטערט די אײנהײַטלעכקײַט, די אידײע פון דער „אינטערנאציאָנאלישקײַט" אין דער סיסטעם [1].

די ביבליִאָגראפישע צענטראלע באם ײװו״א האָט זיך אויך איר אײגענעם גאנג באם קלאסיפיצירן, זי טרעט אָפּטלעך אָפּ סײַ פון דעם אמעריקאנער און סײַ פון דעם בריסעלער װאריִאנט פון דער דעצימאלער סיסטעם, און דאָס פארשװעריקט שוין ביז גאָר עפּעס אָפּצוזוכן אין בוך, װײַל דאָ איז װינציק קענען די סיסטעם, מע דארף נאָך דערצו זײַן באהאונט אין אלע „אײַנפאלן" פון דער ביבליִאָגראפישער צענטראלע באם ײװו״א.

אזוי איז טאקע ניט צו פארשטײן, פארװאָס עפּעס כרעסטאָמאטיִעס — לערנביכלעך אף שפּראך (№№ 1.813—1.817, 1.823 און אנד.) זײַנען ארײַנגעשטעלט אין 37 — „דערציאונג און בילדונג בײַ יידן", אָבער אנדערע לערנביכלעך אף שפּראך (גראמאטיקעס, אויסלײיג־ביכלעך) אָדער מאטעמאטיק און נאטורװיסנשאפט גיט מען אָן אין זײערע קלאסן (4, 5) (№№ 2.299, 2.310, 2.410, 2.411 און אנד.)?

דאָס אײגענע איז מיט שול־פּראָגראמעס: „קאַזדאַן, ח. ש. — פּראָגראַם פון יידיש־לימוד..." (№ 1.821), „די פּראָגראַם פאר פאָליטשולן" (№ 2.166) איז 37 („דערציאונג, בילדונג"), אָבער אונטער דער „פּראָגראַם פון יידיש און ליטעראַטור אין דער זיבניאָריקער שול..." (1927—№ 710) שטײט שוין 892.49 („יידישע ליטעראַטור"); „פּראָגראַם פון נאַטורלימוד" (דאָרט, № 711) איז פארינדעקסירט 58 („באָטאַניק"), אָבער „פּראָגראַמען פאַרן צװײטן קאָנצענטר..." (דאָרט, № 712) — װידעראמאָל 37. ערגער פון אלץ איז, אז מע פלאָנטערט. מאטעריִאל פון אײן און דעמזעלבן אינהאלט שטעלט מען אמאָל אין אײן אָרט און אמאָל אין א צװײטן. װיבאלד, אז מע האָט באזונדערע אָפּטײלן I („פעריאָדישע אויסגאַבעס") און II („אײנטאָגבלעטער"), איז פארװאָס האָט מען אהער ניט ארײַנגענומען די אלע קינדער־זשורנאלן (№ 1.779, 1.786, 1.796, 1.798 א. ד. גל.)? [2] אָדער, מיט װאָס איז „אויס אַמהאָראַצעס. אײנטאָגיקע צײטונג, געװידמעט דעם פּרויען־טאָג..." (№ 2.154) ערגער פון „א מלכה אויף פּסח. אילוסטרירט פּסח־בלאַט" (№ 42), „דער גרינער שגץ"... (№ 22) אָדער

1) זע:
Библиографические известия, журнал издававаемый библиограф. об-вом при Московском университете. M., 1927, № 1—4. стр. 55—59.

2) אין אויסנאם האָט מען געמאכט פאר „די גרינינקע בײמעלעך" (№ 146).

„פעטע קרעפליך" (№ 58), וואָס די שטייען יאָ צווישן אלע פּעריאָדישע אויסגאבעס? אָדער, אשטייגער, פאַרוואָס איז „בראָדער, ה. ד. דער קאָמף אַרום דער נשמה פון קינד" (№ 1.886) יאָ א דערציִונג־פּראגע (שטייט אין (924 =) 37), און „פעטערס, ק. ג. די נשמה פונם יתום. וועגן דער פּסיכאָלאָגישער אָפּשאַצונג און פעדאַגאָגישער באַהאַנדלונג פונם יתום" (№ 289) איז שוין א לויטער פּסיכאָלאָגישער איניען (פארשטעלט אין 136), נאָר דערפאַר, ווײַל ער איז, נעבעך, א יאָסעם?

זייער אביסל „ניט געניטשאפט", ווי עס דריקט זיך אויס ד״ר מ. ווײַנרײַך אין „א וואָרט פריער", דערגרייכט דערצו, אז מע נעמט איין און דעמזעלבן ארטיקל וועגן רודאָלף ראָקער און מע פארטראָגט עס איינמאָל אין 331 — „אַרבעט און אַרבעטער ביי יידן" (№ 1.385) און נאָכאמאָל וואָרט בא וואָרט אין 335 — „סאָציאַליזם. קאָמוניזם. אַנאַרכיזם" (№ 1.547). מע טוט בעסער: דעם בוך גיט מען אין איין אָפּטייל, און די רעצענזיע אף דעמזעלבן בוך שטעקט מען ארײַן אין א פריש אָרט. מאקס אייזנשטאדס בוך „דער אַרבעטער קלוב" מיט מאקא־גאָנס א רעצענזיִע בא דער זײַט (№ 2.155) איז ארײַנגעשטעלט אין 374—„אויסער־שול־בילדונג", ווידער אמאָל מאקאגאָנס רעצענזיע אף דעמזעלבן ביכל באזונדער (№ 1.267) איז שוין פאר־רוקט אין 331—„אַרבעט און אַרבעטער". מיט די רעצענזיִעס איז דאָ ביכלאל א היפשער פּלאָנטער. אין דער פאָרייד צום בוך פארזיכערט מען, אז „אָפּהאנדלונגען וועגן ביכער, וואָס זײַנען ארויס אין 1926, זײַנען פארצייכנט געוואָרן בא די ביכער גופע, אזוי אז דידאָזיקע ארטיקלען פיגורירן שוין ניט אין זייערע געהעריקע אָפּטיילונגען" (ז. XV, XVI) און טון טוט מען ווי אמאָל: 1) מע גיט די רעצענזיִעס באלד בא דעם רעצענזירטן אָביעקט, 2) מע גיט די רעצענזיע באזונדער, 3) מע גיט זי צוויי מאָל — אי באם בוך, אי באזונדער. אזא מיש־מאש האָט איר בא די נומערן 44, 85; 376, 8.692; 235, 259; 1.204, 1.215; 1.301, 1.313 און אנד. דאָס ווײַזט אף וויפל מען איז ניט שטאנדהאפטיק באם גרופּירן דעם מאטעריִאל, איז ווײַל מע קען בא זיך ניט פויעלן ווו וואָס עס גייט, שטעלט מען ארײַן ווו עס מאכט זיך און יעדער מאָל אנדערש.

נאָך א ריִע דערצו איז: № 272 — „נעמאָ — די טעג פון משיח זיינען נאהנט" — טע־אָסאָפישע שאלעמויזן געדרוקט אין „יידישן עקספרעס" זײַנען בא ייוו״א עכטע פילאָסאָפיע (13 — „גייסט און גוף"), אנשטאָט געבן עס, ווי יעדן „מאָשיִעך מאטעריִאל", פּראָסט אין 2— „רעליגיע".

דער סובאָפּטייל 92 — „ביִאָגראפיעס", פיגורירט אין 1927־טן יאָר יאָ, און אין יאָר 1926 איז ער לאכלוטן אָפּגעשאפט, און דאָס האָט טאקע געבראכט צו אָן א שיר קוריאָזן. אזוי איז, לעמאָשל, יובליי־מײַמאָריסטיק און ביִאָגראפישע ארטיקלען אין די צײַטונ־גען וועגן כאים זשיטלאָווסקי און יאקאָוו לעשטשינסקי געוואָרן א טייל פון די סאָציִאלע וויסנשאפטן (זע №№ 470, 473, 477 און אנד.); „ש. שווארצבאָרד׳ס אוטאביִאָגראפיע" (№ 553), „שוואַרצבאָרד אַלס איד און אַלס מענש" (№ 524) און אנד. זײַנען „פּ אָ ל י ט י ק"; „ליטווינאָוו דער זוהן פון אַ גערער חזיד" (№ 9.452) איז ארײַן אין „ג ע ש י כ ט ע". דאָס איי־גענע איז לויטער ג ע ש י כ ט ע „רבי לוי יצחק בערדיטשעווער און זיינע וויכוחים מיט׳ן ר״בשע" (№ 9.528) און נאָך און נאָך אזוינע „פּערל".

דאָס וואָס דער ייו״וא האָט צוליב איין ביכל און פיר ארטיקלען זיך פארגונען אויס־טיילן א באזונדער דיוויזיע 22 פאר „ביבל" — איז פארשטענדלעך (פאר „לעניניזם" אָדער „מארקסיזם" האָט קיין אָרט ניט געקלעקט), נאָר פּאַרוואָס־זשע האָט מען ניט ארײַנ־גענומען אהער אויך דעם „ספר צאינה וראינה ונחלת צבי מיט צווייא און פונפציג מעלות..." (№ 391), אָדער № 431 — „די צעהן אָפּיציעלע שירים אין דער ביבעל" און אנדערע פון 296 — רעליגיע? צי פאר וואָס עפעס איז „כהן, צבי — א נייע ווערק איבער׳ן תלמוד" (№ 1.644) פארוקט אזש ביז סאמע 34 — „רעכט, יוריספּרודענץ" און ניט פּראָסט רעליגיע?

א רעכטער פּלאָנטער איז אויך אין אלע אנדערע קלאסן. אין קלאס „0" גיט מען אָן מאטעריִאל וועגן דער פארלאג־ארבעט. פאר דעם, וואָס ווייס ניט די דעצימאלע סיסטעם,

איז דאָך די גאנצע מײַסע א סאָד; דער, וואָס ווייס שוין יאָ, וועט דאָך דאָס גאָר זוכן אין 655.4, וווהין די גאנצע וועלט שטעלט אריַין פארלאג־ארבעט, — בעמיילע וועלן די נומערן 8, 11, 24, 26, 28 און 29 אינגאנצן פארפאלן ווערן פארן באנוצער פון בוך. דאָסזעלבע איז מיטן קלאס 3 — („סאָציאַלע וויסנשאפטן"). אהער האָט מען געשפּארט וואָס נאָר מע האָט געקענט; דערדאָזיקער קלאס האָט שטארק געליטן פון די גרינדער און רעפאָרמאטאָרן פון דער דעצימאלער סיסטעם, האָבן נאָך די מיטארבעטער פון דער ביבליאָגראפישער צענטראלע עס אָנגעזעטיקט פון הערן און קלערן. איר האָט דאָ, לעמאָשל, צײַטונג־ארטיקלען „וועגן יעזוס פון דער קריסטלאַכער לעגענדע, די מאַמע גאָט" (№ 478—485), אָדער „פון וואַנען האָט זיך גענומען רעליגיע" (№ 491—495) אָדער אזוינע עכט־בעלעטריסטישע ביכלעך: „דמיטריעוואַ, וו. די שוואַרצע מייע" (№ 506), און „לייב־אייגענטום־קינדער" (№ 1.230), זײַנען פארעכנט אין דעם אָפּטייל פּ אָ ל י ט י ק, און נאָך אזעלכע שיינע זאכן.

אין קלאס 8 — „ליטעראטור" איז פול און פיל רעצענזיִעס וועגן די פעריִאָדישע אויסגאבעס (№№ 3.815—8.806, 8.849—8.832 און אנד). אָדער מעטאָדישע ביכלעך פאר דער ארבעט־שול, ווי: „צו דער טעמע וועגן שאָלעם־אַלייכעם" (№ 8.247), „דמשק, א. — ליטעראַרישע עקסקורסיעס [וועגן לימוד פון ליטעראַטור אין די יידישע שולן]" (№ 8.449—8.447). איר האָט דאָרטן אויך וויערניקס רעצענזיִעס אף „הלל ראָגאָף — די געשיכטע פון די פעראייניגטע שטאַאַטען", „ווערא פיגנער'ס מעמואַרן" און אנד. (№ 8.542—8.514), אָדער גאָר: „זארעצקי, א. פּראַגעס פון אידישן סטיל" (№ 8.552—8.551) — אריין פילאָלאָגישע ארבעט.

אין 892.49.09 — „געשיכטע און קריטיק פון דער יידישער ליטעראַטור" זײַנען ארײַנגעפאלן פלוצלים די העברעיִשע דיכטער ביאליק (№ 8.434), און אדם הכהן לעבענזאָן (№ 8.324), און אויך דער רעדאקטער פון „המליץ" — לעאָן ראַבינאָוויץ (№ 8.433—3.422).

ניט צו דערקלערן איז אויך דאָס: וויבאלד אז אין בוך איז דאָ ספּעציעל א סובאָפּטייל „פּ אַ ל ע ס ט י נ י ז ם" (ז. 65, 66) איז וואָס טוען די №№ 515, 525, 545 — „אונדזערע פּאָליטישע פּראָבלעמען אין ארץ ישראל", „פּאַלעסטינע און די אידישע אַגענטור" און אנד. אין סובאָפּטייל 32 — „פּ אָ ל י ט י ק"? דערפאר האָט דער ציִאָניזם זויכע געוועזן צו גאנצע צוויי סובאָפּטיילן מיט אמאָל — איינמאָל אין „נאציאָנאַלע פּראַגע ביי יידן" (סובאָפּטייל ג — „ציוניזם") (ז. 65—67), און א צווייט מאָל בא „פּאָליטישע פּאַרטייען ביי יידן", (סובאָפּטייל ה — „ציוניסטן") (ז. 79 — 82). הערצלס „יודענשטאַאַט" איז „ציוניזם" (№ 712) און ארטיקלען וועגן דעמזעלבן „יודענשטאַאַט" (№ 1.112, 1.114. 1.150) זײַנען „ציוניסטן". אָדער נעמט, אשטייגער, „פּאָליטישע פּארטייען ביי יידן" — האָט עס נאָך א קליין אָפּטיילעכל „ו"—„אנדערע". אז מע קוקט זיך צו צום מאטעריִאַל, וואָס מע ברענגט אהער, לאָזט זיך אויס, אז דאָס זײַנען דאָך די גוט באקאנטע ציִאָניסטן, בונדיסטן, פּאָלקיסטן, וואָס פריִער. (זע № 1.173, 1.177, 1.192 און אנד.) אויך איז אינגאנצן ניט קלאָר, פארוואָס עפּעס שפּארט מען אריַין אין די „אנדערע" „שוב, ד. דער „וועקער" און זיין ריכטונג" (№ 1.201). מע פארגעסט, אפּאָנעם, אז ס'איז דאָ אן אָפּטייל „פּאָליטישע פרעסע" (ז. 43—47). קורץ, מאטעריִאַלן פון איין און דעמזעלבן שניט איז צעוואָרפן אין 2 באזונדערע ערטער.

די קלאסיפיקאציע פון 1927 איז ניט קיין סאך בעסער (כאָטש מ. ווײַנרײַך האלט, אז מע האָט זיך שוין אויסגעלערנט בעסער ארבעטן), וואָרעם „לעשצינסקי, יעקב. דער באנקראָט פון ציוניזם" איז אינדעקסירט 323.1 („נאציאָנאלע פראגע"), קומט אויס, אז „ציוניזם" און „נאציאָנאלע פראגע" זײַנען סינאָנימען. אלטשולערס „האַגאָדע פאַר גלויבער און אַפּיקאָרסים" (№ 45), אן אויסגעשפּראָכענער רעליגיעזער פּאמפלעט, איז פארעכנט צוזאמען מיט אלע גוטע און פרומע „הגדות" אין... 296 („יידישע רעליגיע"), בעשאס „אנטירעליגיעזע ליטעראטור" האָט די דעצימאלע סיסטעם באוואָרנט מיט 215 (זע № 64). אָדער: „טאָם—טיט. וויסנשאַפטלעכע קונצן" (№ 363) איז פארעכנט אין „קינדער בעלעטריסטיק" (892.49—93). 'אבראָוווס „ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע" (№ 391) איז 892.49.09 — „ג ע ש י כ ט ע פ ו ן

דער ייִדישער ליטעראַטור און קריטיק", אָבער „יונגער ארבעטער. ליטעראַריש־געזעלשאפטלעכע כרעסטאָמאַטיע..." (№ 426) איז שוין 37 „בילדונג און דערציאונג", „רעקאָמענדיר־צעטלען פון ליטעראַטור" (№ 915)—א ביבליאָגראפישער אָנווייַזער איז אינדעקסירט „8"—„ליטעראַטור", און „אַ טייל זכרונות וועגן הרב הגאון הצדיק רבנו אליהו חיים מייזעל ז"צל..." (№ 376) איז (924=9)—„ייִדישע געשיכטע". מיר וואָלטן געקענט דאָס צעטל גרייַזן נאָך אף אסאך פארלענגערן, נאָר דאָס וואָלט אונדז צו ווייַט פארפירט.

ביכלאַל דארף מען זאָגן, אז בא די ווילנער ביבליאָגראפן, וואָס האלטן אין איין ריידן וועגן „אָביעקטיווקייַט", „אפּאָליטישקייַט", שטייַגט אריבער דער פאָרמאליזם איבער דער לאָגיק. דאָס איז צוזען אפילע אין דער קלאסיפיקאציע. אין סובאָפּטייל 91 האָבן מיר „רייַזעס". געוויינטלעך טיילט מען אויס „רייַזעס" ווי א דעטערמינאנט, וואָס באשטימט די פאָרם פון רייַזע־אָדער געאָגראפישע באשרייַבונגען, — דאָ אָבער גייען אריַין אזעלכע סאָציאָגראפישע ארטיקלען, ווי: „זינגער, י. י. בילדער פון דער אידישער נויט אין פוילען" №№ 10.300—10.308), „דאָס אידישע לעבען אין ווייסרוסלאנד" (№ 10.313) „חסידים און חסידות אין אמעריקאַ" (№ 10.320). „סכּות אין טשאָרטקאָווער „הויף" (№ 10.449) א. ד. גל. זיי רעכענען עס פאר „רייַזעס" נאָר דערפאר, ווייַזט אויס, וואָס די מעכאברים פון די ארטיקלען זייַנען זיך דורכגעפאָרן קיין טשאָרטקאָוו אָדער קיין ווייַסרוסלאנד? נאָך אין א גרעסערער מאָס שפּארט ארויס דער פאָרמאליזם באם ביבליאָגראפישן באשרייַבן. מע שרייַבט בלינד אָפּ פון דעם ביבליאָגראפישן אָביעקט — און פאָטער; דעריבער האָט זיך געמאכט, אז № 2.285 שטייט: „פון ז. כראַפּקאָווסקיס פאָלקלאָר־זאמלונג. זע 84", אין נומער 84 איז אָנגעשריבן: „ז. כראפּקאָווסקי, פאָלקלאָר־זאַמלונג", — צי ווייס מען דען אָבער ניט, אז קיינעם וועט ניט אייַנפאלן צו זוכן כראפּקאָווסקעס פאָלקלאָר־זאמלונג אפן שלאָגוואָרט... „פון"? עס נעמט זיך דערפון, וואָס איינמאָל האָט מען איבערגעשריבן פון אינהאלט־פארצייכעניש, און דעם צווייטן מאָל שוין לויטן נאָמען פון ארטיקל אין בוך גופע.

נאָך א בוילעטער באווייַז פון פאָרמאליזם איז דאָס באשרייַבן די פעריאָדישע אויסגאבעס. די פעריאָדישע פרעסע האָט אַ באזונדערן אינטערעס פאר ביבליאָגראפישער פאָרשונג. זי איז דאָך איינע פון די וויכטיקסטע פאקטאָרן פונעם געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן. די פעריאָדיקע איז א מעכטיק געווער צו באווירקן די מאסן, צו דערציִען און אָרגאניזירן זיי; „די צייַטונג איז ניט נאָר א קאָלעקטיווער פראָפּאגאנדיסט און א קאָלעקטיווער אגיטאטאָר, נאָר אויך א קאָלעקטיווער אָרגאניזאטאָר" (לענין — „איסקרא", 1904), דעריבער דארף די ביבליאָגראפישע באשרייַבונג פון דער פעריאָדיקע זייַן גענוי און אַלזייַטיק — דאָ אָבער גילט דער שאבלאָנער קוק פון דער ביבליאָגראפישער צענטראַלע, און עס לאָזט זיך דעריבער אויס צו פאָרמעלער סכעדאָגראפיע, צו פאָטאָגראפירן נאָר דאָס קעפּל. מע גיט זיך ניט אָפּ די טירכע רעדאגירן עס אפילע. פון דעם נעמט זיך, וואָס ניט אלע אויסגאבעס זייַנען אלציינס באשריבן, העון אין אויסשטעלן די ביבליאָגראפישע עלעמענטן און העון אין איבערגעבן דעם טאָך פון דער אויסגאבע, גראדע וויינִיקער וויכטיקע פראָווינציִע־אָרגאנען באקומען זיך מער דעפינירט, איידער גרעסערע און וויכטיקערע צייַטונגען, נאָר דערפאר, וואָס צופעליק איז אזוי אָנגעגעבן אף דער אויסגאבע (פארגלייַך די נומ. 155, 183 מיט 60 און 191). מע גיט אמאָל אָן די פינקטלעכסטע יעדיעס וועגן די מיטארבעטער, וועגן קלענסטן שינוי אין „קעפּל" און אין „קאָפּן־שורע" און מע ווייַזט ניט אָן וועגן דער ריכטונג פון דער אויסגאבע (אויב עס איז אף דער אויסגאבע גופע ניטאָ). מע פוילט זיך ניט באמערקן „[יאָרגאַנג ניט אָנגעוויזן]" אָדער, „אומבאוואוסט ווי אָפט", און מע האָט קיין אינטערעס ניט אויסצופאָרשן, דערוויסן זיך, דאָס וואָס עס איז ניט אָנגעוויזן בעפיירעש. דאָסזעלבע איז מיט ביכלעך און ארטיקלען. מע לאָזט אָפּטמאָל איבער ניט אויסגעטייַטשט זאכן, ווען דאָס קעפּל אליין זאָגט גאָרנישט. אשטייגער: „זשאבאָטינסקי, דער ענגלענדער (№ 285), „לאנדמאן, י. ע. איך בין" (№ 339), „ניגער, ש. חול המועדיגס" (№ 616) „זשאבאָטינסקי, וולאדימיר. אָאָ [וואָרשע]..." (1927—№ 342) און אנד.

איבער דעם, וואָס מע האָט צופיל גענומען שפּאָרן אָרט, האָט מען אף אסאך קאליע געמאכט די אויסגאבע. א רעצענזיע אף א בוך, וואָס איז געדרוקט אין א זשורנאל (אויב מע ברענגט עס באם רעצענזירטן בוך) ווייַזט מען ניט אָן אף וואָס פאר א זייַט די רעצענזיע איז געדרוקט. די קעפּלעך צו ייִדישע לידער האָט מען ארויסגעוואָרפן, אָבער פאר העברעיִשע און אנדערע שפּראכן זייַנען די קעפּלעך יאָ געבראכט. (זע: №№ 4.903—4.905, 4.494—4.496, 5.010—5.016 און אנד.). שלעכט איז אויך, וואָס מע ווייַזט ניט אָן, וואָסערע־זשע פּעריאָדישע אויסגאבעס האָט מען פּאָרט אויסגענוצט פאר דער ארבעט, און אין וואָס פאר א מאָס זייַנען זיי אנאליטיש באשריבן. דאָס איז דאָך שוין הייַנט אן אָנגענומענער קלאל צו געבן אין ביבליאָגראפישע ארבעטן די ליטעראטור, וואָס מע האָט גענוצט, קעדיי א צווייטער ביבליאָגראף זאָל זיך צו דעם ניט אומקערן.

פון „די פרעמדע אופטוען", וואָס די „ביבליאָגראפישע יאָרביכער" האָבן זיי איבערגענומען, זעט זיך דאָ ווינציק וואָס אָן. אפילע פון דער פּרייַסישער אינסטרוקציע, וואָס אף איר פארופט מען זיך דערהויפּט, איז דאָ קיין סאָריד אופּאָליד ניט געבליבן, אויב ניט רעכענען דעם צווייפּונקט (:), וואָס זיי שטעלן אים צו נאָכן באשרייַבן דעם דרוק־אָרט פון דער אויסגאבע, אנשטאָט דעם, וואָס דאָס ראָוו איז מען זיך נויהעג צו שטעלן א קאָמע, וואָרעם טאָך־זאכן פון דער אינסטרוקציע האָט מען טאקע ארויסגעלאָזט. אשטייגער: פּאָרטרעגער, מעכאבערים פון דיסערטאציִעס, בריוו, אנטאָלאָגיִעס, כרעסטאָמאטיִעס זייַנען בא זיי ניט אלעמאָל קיין מעכאבערים, אָדער, אויב דער מעכאבער איז אף דער אויסגאבע ניט אפן ערשטן אָרט, עקזיסטירט ער בא זיי ניט פאר קיין מעכאבער (№№ 338, 340, 808, 875, 1.690, 8.370—8.373 און אנד.). אין דער צייט ווען אין דער פּרייַסישער אינסטרוקציע ווערט בעפּירעש דערקלערט, אז מע דארף זיי אויסשטעלן לויטן צונויפשטעלער [1]. סעריִעס, אשטייגער, לערנט די אינסטרוקציע, שטעלט מען צום סאָף אין קייַלעכדיקע קלאמערן [2], שטעלן זיי דאָס דאפקע אין טיטל פון בוך און אָן קלאמערן (№№ 2.425, 2.427, 2.467 און אנד.). אפילע זייערע אייגענע „יסודות פון דער ביבליאָגראפישער רעגיסטראַציע" זייַנען ניט אָפּגעהיט. עס איז איבערגעהיפּערט קלאָלים פון דער טעכניק און איבערהויפּט פּונקט 34 וועגן דעם אויפן באשרייַבן רעצענזיעס, נעקראָלאָגן. מיר וואָלטן געקאָנט אָנווייַזן אף נאָך און נאָך אזעלכע דורכלאָזן, נאָר מיר מאכן עס בעקיצער, ווייַל דאָס גייט אונדז ווינציק וואָס אָן.

עס איז נאָך קעדיי דאָ צו פאריכטן אין בוך אייניקע אמעראצישע גרייַזן:

„טיטשינאַ, פּאַולאַ" [פּאוולאָ] איז אן אוקראַיִנישער דיכטער און ניט קיין רוסישער, און וואָס איז דאָס פאר א דערעך אופצושפּאַנען גוט באקאנטע שרייַבער אונטער א קעפּל „אומבאשטימטע". צי האָט מען ניט געקאָנט דערוויסן זיך, אשטייגער, אז א מ פּ, פּ י ע ר (№ 9.215—9.216) איז א פראנצויז, צ ע ד ע ר ב ע ר ג, ה י א ַ ל מ אַ ר (№ 9.238) איז א שוועד, ק ל ע ב ע ר, ק. (№ 9.239) איז א דייַטש. ס ק ר אָ ס [דארף זייַן: סקראם], אַ מ אַ ל י ע (№ 9.232) איז א נאָרוועגערן און אז. וו. און אז. וו.

* * *

מע קאַן פארשטייט זיך, פארענטפערן דאָס אלץ מיט א פּאָשעטן טערעץ: „ניט־געניטשאפט", ווי ד"ר ווייַנרייַך איז זיך אליין מוידע. ווען מע זאָל זיך אָבער ארייַנטראכטן אין אָט די אלע פעלערן און גרייַזן פון די „יאָרביכער", ווערט גלייַך קלאָר, אז דאָס שטאמט ניט בלויז פון „ניט־געניטשאפט", — נאָר, דעריקערשט, פון א באשטימטער און אויסגעשפּראָכענער אידעאָלאָגיע.

די כאָשעווע „פרייַנד" ד"ר ווייַנרייַך, ד"ר שאצקי און די אלע איבעריקע דאָקטוירים פון ייִוו"א וועלן דאָ מינאסטאם ציִען מיט די פּלייצעס און שמייכלען איראָניש: אהא, מע

[1] זע: Instruktionen für die Alphabetischen Kataloge der Preussischen Bibliotheken, II Ausgabe. Berlin, Manuldruck, 1923, §§ 68, 36.

[2] דאָרט § 8₅.

זוכט שוין אידעאָלאָגיע אין ביבליאָגראַפיע אויך! און וועלן ווידעראַמאָל פאַרזיכערן, אַז דער ווילנער אינסטיטוט איז „אויסער יעדען פּאָליטישן קאַמף" און, אַז ער איז „אַ וויסנשאַפט־לעכער ד. ה. אָביעקטיווער פאַקט". מיר אָבער דאַרפן אַרויסגיין פון דער מאַרקסיסטישער גרונט־האַנאָכע, אַז די קולטור ביכלאַל, און יעדער וויסנשאַפט ביפּראַט, איז אַן אָרגאַנישע פונקציע און אַן אָרגאַנישער באַשטאַנד־טייל פון דער אָדער יענער סאָציאַלער סיסטעם, און דעריבער איז ניטאָ אַזאַ וויסנשאַפטלעכער געביט, וואָס זאָל ניט אָפּשפּיגלען אין זיך די אָדער יענע קלאַסן־אינטערעסן; און אפילו אין אַזאַ „נייטראַלער" זאַך, ווי ביבליאָגראַפיע, איז גרינג אופצודעקן און אָפּצוזוכן דעם קלאַסן-אונטערשלאַק, וואָס ליגט הינטער איר באַהאַלטן. שוין דער צווייטער אַלפאַרבאַנדישער צוזאַמענפאָר פון ייִדישע קולטור־טוער האָט דעמאַס־קירט דעם קלייַנבירגערלעך־רעאַקציאָנערן פאַרצעף פון ווילנער „כאָכמאַס־ייִדיש" [1]. פון יע־נער צייַט אָן און ווייַטער האָט זיך דער ייוו"אָ נאָך מערער און שטאַרקער דערנעענטערט צו דער בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער „וויסנשאַפט דעס יודענטומס", און „אום הושענא־רבא שנת תר"ץ" — לויט ד"ר ווייַנרייַכס צייַטרעכנונג — איז אין ווילנע אױף דער קאָנפערענץ פון ייוו"אָ אייַנגעשטעלט געוואָרן אַ דירנדיקער, אייַנהייַטלעך־קלאַל־ייִסראָעלדיקער, אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער פּראָנט פון יערושאָלאַיִם ביז ווילנע, און פון בערלין ביז וואָלסטריט. און אָט דיזאָזיקע קלאַל־ייִסראָעלדיקע, נאַציאָנאַליסטיש־ייִדישיסטישע אידעאָלאָגיע שפּאַרט אַרויס אויך פון דער מיקלוימערשט אָביעקטיווער, „אויסערפּאַרטייִשער" ייוו"אָ־ביבליאָגראַפיע. דאָס פילט זיך סיי אין דער סיסטעמאַטיזירונג, סיי אין דער באַשרייַבונג, סיי אין אָפּקלייַב פון דעם גאַנצן מאַטעריאַל אין די „יאָרביכער".

בענעגייע דער סיסטעמאַטיזירונג האָבן מיר שוין אויבן געוויזן אױף וויפל די דעצי־מאַלע קלאַסיפיציר־סיסטעם האָט געליטן פון די ווילנער ביבליאָגראַפן. מיר ווילן אָבער דאָ פעסטשטעלן, אַז דאָס נעמט זיך ניט אַזוי פיל פון ניט וויסן אָדער ווייניק וויסן, ווי פון דער אָנשטרענגונג „צוצופּאַסן די פרעמדע אופטועך צו אונדזער קאָנקרעטן ייִדישן מאַטעריאַל" (ווייַנרייַך ז. VIII). און אָט אין דעם אויפן פון צופּאַסן האָט זיך אַנטפּלעקט אין זייַן גאַנצער פּראַכט דער ייִדישיסטיש־רעאַקציאָנערער כאַראַקטער פון דער ייוו"אָ־אידעאָלאָגיע. אַזוי האָט זיך באַקומען, אַז עפּעס אַ רעוואָלט באַטראַכטנדיקן „וועגן מענטשלעכן גייסט" (№ 243) איז קלאַסיפיצירט אין די „יאָרביכער" — „פילאָסאָפיע"; אַ „רעליגיעזער מאַניפעסט" וועגן מאַ־שיאַכיזם (№ 235) — „פילאָסאָפיע"; „פון וואַנען שטאַמט דער מנהג צו שלאָגן כפּרות" — „לעבנסשטייגער" (№ 2.216); „עפּיזאָדן און ווערטלעך פון גאון ר' מאיר שמחה זצ"ל (№ 2.298) — איז „פאָלקלאָר"; רעצענזיעס איבער „הרב טוביה הורוויץ: וואָס וועט זיין מיט דער כנסת ישראל" (№ 8.691—8.692) — „געשיכטע און קריטיק פון ייִדישער ליטעראַטור"; „ספר אור צדיקים... „איין ווינדערלעכי ערצעהלונג פון דעם יוד הקדוש..." (№ 6.612), „די געשיכטע נפלאות מה"רל מיט דעם גולם" (№ 6.571); ווילדע כסידישע מייַסעס וועגן דעם, „ווי אַזוי ר' לוי יצחק מבּרדיטשעוו האָט אויסגעפונען ביי אַ פּריץ אַ נואף די ניצוצות־הקדושה און זיי מעלה געווען צו זייער שורש" (№ 6.820 —6.844) א. ד. גל. זייַנען „ייִדישע ליטע־ראַטור"...

גאָר באַזונדערס בולעט איז די טענדענץ אָפּצוהיטן און ווייַטער צוציִען די „גיל־דענע קייט" פון ייִדישקייַט — אין דעם, ווי אַזוי און וואָס איז פאַרעכנט באַם ייוו"א, אַלס „געשיכטע". פאַר די כאַכמיי־ווילנע איז די געשיכטע פון ייִדן אין דעם אָדער יענעם לאַנד, ניט די געשיכטע פון אַ באַשטימטן טייל פון דער גאַנצער לאַנד־באַפעלקערונג, וואָס איז באַדינגט פונעם גאַנצן טעריטאָריאַל־עקאָנאָמישן קאָמפּלעקס פון דער גאַנצער לאַנד־געשיכטע: פאַר זיי איז דאָס אַ פּולקום אָפּגעזונדערטע, אָפּגעשלאָסענע געשיכטע פון דער אייַנהייַטלעכער ייִדישער נאַציע אױף גאָר דער וועלט, וואָס איר אַנטוויקלונג איז דעטערמע־

[1] זע: „רעזאָליוציעס פונעם צווייטן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע קולטור-טוער". כאַרקאָוו, „צענטרפאַרלאַג". 1928, ז. 45, 46.

נירט פון אינוויינינקסטע, „אימאנענטע", נאציאָנאלע פאקטאָרן. פארשטייט זיך, אז אנשטאָט אופדעקן קלאסן־ווידערשפרוכן און סאָציאַל־עקאָנאָמישע קאָנפליקטן אין דער ייִדישער געשיכטע, — שטעלט מען דעם טראָפּ אף דעם „אייביק ייִדישלעכן", אף לויטער נאציאָנאל־פערסאָנאלע מאָמענטן. מעמיילע, באמערקט זיך דערדאָזיקער גאנג אף שריט און טריט בא די ווילנער ביבליאָגראפן, ווען זיי קומען צו צום קלאס 9 פון דער דעצימאלער סיסטעם — צו „געשיכטע". שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס ס'איז ניט דיפערענצירט בא זיי — די אָפּטיילונגען „קולטור־געשיכטע", „ביאָגראפיע" און „מעמוארן"; וואָס אפילע אין דער אָפּטיילונג „אלגעמיינע געשיכטע" איז צונויפגעוואלגערט אין איין קופּע „לענין און די יוגנט" (№ 9.306), „די אַמאָליקע רוים" (№ 9.303), און „ווען האָבן מענטשן גענומען טראָגן הויזען" (№ 9.276). דעם אפּאָגיי פון קליינבירגערלעך־נאציאָנאליסטישן פעטישיזם אָבער האָבן מיר ניט דאָ, נאָר אין דער אָפּטיילונג „געשיכטע פון יידן". כוצדעם, וואָס דאָ זיינען צונויפגעקליבן קאָל האמיניי זיכרוינעס און זיכרוינעסלעך, לעבנבאשרייבונגען און גלאט פלוידערייען, ווי צ. בש. „זכרונות פון סלאָבאָדקער ישיבה" (№ 9.660), „ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן הגאון... ר' מאיר שמחה זצ"ל" (№ 9.661—9.663), „דאָס לעבן און קאַריערע פון באַראָן ר' יוסף יוזל גינזבורג" (№ 9.735), „דריי משומדים" (№ 9.958—9.961) א. אז. וו. אָן א שיר און אָן א צאָל, — אכוצדעם אלעמען זיינען פארעכנט אפן כעשבן פון „געשיכטע פון יידן" אזעלכע מאטעריאַלן פון דער קלאל־ייִסראָעלדיקער גנלער פרעסע: „קינדער יאָהרן פון משה רבינו" (№ 9.677), „דער רעטעניש פון אלישע בן אבויה" (№ 9.747—9.750), „שמחת תורה ביי ר' ישראל סלנטר ז"ל" (№ 9.725); „דער קלוגער שבת־גוי" (№ 9.919—9.921) „דער נביא זכריה וועגן דעם תענית תשעה באב" (№ 10.141—10.142), „מתן תורה אין מדרש" (№ 9.791—9.792) — מיט איין וואָרט, א געמישעכץ פון טעאָלאָגיע און פאָלקלאָר, ארכעאָלאָגיע און פוסטע מייסעס — אהער גייען אריין אויך אזעלכע שרייבעכצן, ווי ש. ראָזענפעלדס: „העלדן פון דער אידישער געשיכטע" (צ. בש.: דער אר"י, נחמן קראכמאל, דער ווילנער גאון) (№ 10.085—10.101) און האָראָדעצקיס אומצאָליקע מיימאָרים וועגן קאָלערליי גוטע ייִדן אין ייִדענעס („מיקאָלאיעווער בחור", „לודמירער בתולה" א.ד.ג.) (№ 9.687—9.708) ביכלאל אלץ וואָס רעדט וועגן קאבאָלע און כסידעס ווערט געקרוינט מיטן נאָמען „ייִדישע געשיכטע", — אין דער צייט וואָס אפילע די יערושאָלאיִמער העברעיִשע ביבליאָטעק פארעכנט די אלע מאטעריאַלן אין דער אָפּטיילונג 296 („ייִדישע רעליגיע")[1].

ניט ווייניקער אויסגעשפּראָכן איז דער נאציאָנאליזם פון די ייווו"א־ביבליאָגראפן אויך אין דעם ארט פון באשרייבן די ביכער. מע שפּאָרט אָרט און מע גיט ניט די קעפּלעך פון לידער, מע דרוקט אלע ארטיקלען פון איין מעכאבער הארט איינס לעבן צווייטן אין איין גוס; קומט מען אָבער צו א „מענה לשון" אָדער צו א „שבחי בעל שם טוב" א. ד. גל., — אזוי באשרייבט מען דאָס מיט סקרופּולעזער פּינקטלעכקייט און פולקייט, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס איז אבסאָליוט ניט נייטיק אף צו דערקלערן אָדער אופדעקן דעם אינהאלט פון בוך. אשטייגער: „ספר טהרת ישראל. בו יבואר גודל השכר לנשים הנוהגות ליזהר בעניני הטבילה... און בכדי אלע זאָלין פארשטיין דיא הייליגע און זיסע רייד וויא אָפּצו קערין זיך פון שלעכטען וועג און צו גיוויינען זיך צו גיין אין דעם אייבערשטינס וועג האָבען מיר דאָס מעתיק גיוועזן אויף עברי־טייטש. און אויך איז דאָ פאַראַן דיא נייטיגע דינים פון הלכות נדה וואָס מיא דאַרף זייא זייער וויסן..." (1927—№ 278) מע זעט בעכוש, אז די ביבליאָגראפן אונדזערע קוויקן זיך מאמעש מיטן לאָשן און סטיל פון דערדאָזיקער „ליטעראטור". אזעלכע ביישפּילן קען מען ברענגען אין די צענדליגער.

דערזעלבער ייִדישיסטישער פעטישיזם שפּירט זיך נאָך שטארקער און בוילעטער אין דעם עצעם אָפּקלייב פון מאטעריאַל אין די „יאָרביכער". אינדערעמעסן: האגאם ד"ר וויינרייך איז אונדז אָרעוו, אז באם ייווו"א איז „אביסל אן אנדער אָפּקלייב" ווי באם „קרית־ספר", — וואָלט זיך פונדעסטוועגן דער „קרית ספר" געמעגט ווינטשן האָבן נאָך אסאך

[1]) זע: סדר המקצועות במדעי היהדות. ביה"ס הלאומי והאוניברסיטאי. ירושלים. תרפ"ז ז. 29, 30.

אזעלכע קאָשערע און געטרײַע טאלמידים, ווי ד״ר ווײַנרײַך מיט זײַנע ביבליאָגראפן. וואָרעם פונקט אזויווי אין יערושאָלאַיִם, אזוי איז אויך אין יערושאָלאַיִם־דעליטע, — דאָס אייגענע צאצקען זיך מיטן „פינטעלע יודע", דאָס אייגענע קוירים־פאלן פאר יעדער שטויבעלע פונעם גרויסן יידישן אָוואר, אָנגעהויבן פון תרח׳ן (№ 10.344) און געענדיקט מיט זישע ברייטבאָרד (№ 6.638). אף דערויף איז אן איידעס די גרויסע צאָל בײַשפּילן, וואָס מיר האָבן געבראכט אויבן, און ווען ס׳איז ניט קיין אווירע אָרט און צײַט פונעם לייענער, וואָלט מען די צאָל אָך געקענט ציִען ad infinitum, וואָרעם — אָן א גוזמע — דרײַ פערטל פון די פארצייכנטע ארטיקלען אין די „יאָרביכער" זײַנען פון אָט דעם מין, און קיין כידעש ניט: שוין אין די קלאָלים, וואָס די ווילנער ביבליאָגראפישע צענטראלע האָט אויסגעארבעט פארן אופנעם פון פעריאָדישע מאטעריאלן — פילט זיך די ספעציפישע ייוו״א־אידעאָלאָגיע; אזוי לייענען מיר אין זייערע „יסודות פון דער ביבליאָגראפישער רעגיסטראַציע" (אין „די יאָרביכער" ז. VIII) אזעלכע פונקטן:

„די רעגיסטראציע נעמט ארום אָן אויסנאם אלע ארטיקלען און גרעסערע אינפאָרמאטיווע נאָטיצן וועגן וויסנשאפט, ליטעראטור און קונסט. פובליציסטישע ארטיקלען, ווי אויך די כראָניק, ווערן בעדערעך קלאָל ניט רעגיסטרירט. גרעסערע סעריִעס פון פּאָליטישע ארטיקלען, וועלכע האָבן א וויסנשאפטלעכן ווערט, ווערן יאָ ארײַנגענומען אין דער רעגיסטראציע אונטער די רובריקן פון געשיכטע, עקאָנאָמיק א. אז. וו. דאָס גלײַכן ווערן רעגיסטרירט אלגעמיינע איבערזיכטן פאר א גרעסערן פעריאָד, אווטענטישע באריכטן וועגן צוזאמענפאָרן און ענלעכע מאטעריאלן, אויף וויפל זיי זײַנען שײַעך ספעציעל צום יידישן לעבן".

אף אזא אויפן איז פון אָנהייב אָן אײַנגעשטעלט געוואָרן א שטרענגע פראָצענט־נאָרמע גראָד פאר די מאטעריאלן פון דער פרעסע, וואָס שפיגלען אָמקלאָרסטן אָפּ דאָס פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע לעבן, די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראָצעסן, די קלאסן־דינאמיק און קלאסן־פארהעלטענישן [1]). ד״ר ווײַנרײַך איז מאָוויִעך, אז מ׳האָט „געעפנט א טיר פאר יאָ ארײַנפירן וויכטיקערע ארבעטן אף פובליציסטישע טעמעס, און דערדאָזיקער העכשער איז געווען ברייט אויסגענוצט געוואָרן, ווי ס׳ווײַזט די אָפּטיילונג 32" (ז. VIII). ד״ר ווײַנרײַך איז אפּאָנעם, א שטיקל הומאָריסט: די אָפּטיילונג 32 (פּאָליטיק) פארמאָגט בעסאכאקל 52 נומערן; „רעליגיע" אָבער 130 נומערן; „פּאָליטישע פּאַרטייען" (שוין מיט די „פּאָליטישע פּאַרטייען בײַ יידן") ציילט 263 נומערן; דערפאר אָבער „טעאַטער" און „טעאַטער בײַ יידן" — 1.081 נומערן! „מיר יידן", הייסט עס, זײַנען — לויט ד״ר ווײַנרײַך — א פאָלק, וואָס הערט פאר א דרײַער פּאָליטיק, און אינטערעסירט זיך ראק מיט קונסט און טעאטער. נאָך א פּאָר ציפערן: אף וויפל מע קען ארויסדרינגען פון דער ניט־וויסנשאפטלעכער פעריאָדיקע־רעגיסטראציע אין די „יאָרביכער" — זײַנען אין 1926 דערשינען אף גאָר דער וועלט בא 100 ארבעטער־צײַטונגען און אויסגאבעס אין יידיש; אָבער פאר דער אָפּטיילונג „אַרבעט און אַרבעטער בײַ יידן" זײַנען אויסגענוצט נאָר עטלעכע און צוואנציק, ד. ה. קוים א פערטל. אזוי ארום, אז אלע די מאטעריאלן, וואָס וואָלטן געגעבן שטאָף אף צו שטודירן די געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, אף נאָכצושפּירן די מאָליעקוליארע פראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דעם יידישן פראָלעטאריאט אין יעדער לאנד, — בלײַבן אויסן. דערפאר אָבער באווײַזט זיך די גאנצע ברייטהארציקײַט פון די ייוו״א־ביבליאָגראפן, ווען סע קומט צו דער „נאַציאָנאַלער פראַגע בײַ יידן", „געשיכטע בײַ יידן", „מוזיק בײַ יידן" דאָ „עפנט מען די טיר" פאר אזעלכע „וויסנשאפטלעכע" ארטיקלען, ווי א שטייגער, ניגערס

---

1) י. יאשונסקי, איינער פון די אקטיווסטע מיטארבעטער אין דער ביבליאָגראפישער קאָמיסיע, דערקלערט עס „אלפי סייכל": „פּאָליטישע ארטיקלען, ווו פון דעם קעפל לאָזט זיך אזוי ווייניק דרינגען וועגן אינהאלט, לאָזן זיך פאָשעט ניט באארבעטן ביבליאָגראפיש, און דער ביבליאָגראפישער שפיגל וואָלט מער ווי זיכער זיך באקומען ווי א „קרומער שפיגל" („ביכער־וועלט", 1927, נומ. 3. ז. 38—46). יאשונסקין פאלט, אפּאָנעם, ניט אײַן, אז ביבליאָגראפיש באארבעטן, הייסט ניט באשרײַבן קעפלען, נאָר באארבעטן ווערק, — שטודירן דעם אינהאלט.

טיפּזיניקע געדאַנקען וועגן „אידישקייט און לייטישקייט" (№ 619), „רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אידישקייט" (№ 621); א ד"ר עטקענסאָנס „די ערשטע טראַגעדיע פון געמישטע חתונות אין עסטרייך" (№ 626); „דער ווילנער אתרוג" (№ 2.280); „מיין 35 יאָהר אויפ'ן כסא הרבנות" (№ 9.889); „דער חזנים־סעזאָן אַ גרויסער ערפאָלג" (№ 3.130—3.132); „מילה כשר, מצה טריף"? (№ 9.897) א. אז. וו. א. אז. וו. און דאָס איז קלאָל ניט קיין צופעליקע דערשיינונג, דאָס איז א „קלאָרער אומיסטן", ווייל דאָס נעמט זיך פון דער גאַנצער סאָציאַל־אידעאָלאָגישער אָריענטאַציע פון „ייוו"א: פונקט אזוי ווי מע שאפט טערמינאָלאָגיעס פאר מאצע־בעקער און פורים־גרייט, פונקט אזוי ווי מע זאמלט אנקעטעס וועגן לאגבוימער און וועגן טשאָלנט אף שאבעס, פונקט אזוי נעמט מען אוף אין דער ביבליאָגראפיע מאטעריאַלן וועגן „קלוגן שאבעס־גאָי" און וועגן דער געשיכטע פון קאפּאָרעס־שלאָגן, — סאמע אזעלכע „טעמעס און פּראָבלעמעס", וואָס ארום זיי קאָן זיך פארייניקן „די גאנצע יידישע נאציע" מיט די אמעריקאנישע און אייראָפּעישע יאהודים איינגעשלאָסן.

ד"ר ווײַנרײַך וואָלט וועלן מע זאָל אים גלויבן, אז אויב ס'איז פאראן א געוויסע סוביעקטיווקײַט און עפשער ניט־איינהײַטלעכקײַט אין דעם אויסוואל — איז דאָס נאָר אף וויפל די ארבעט איז געפירט געוואָרן פון פארשיידענע פערזאָנען. „אָבער — זאָגט ער — אפילע דאָס אויג פון שטרענגסטן באדקן וועט דאָ געוויס ניט אויסגעפינען, אז וועלכער עס איז צאד איז באַוואוסט געוואָרן" (ז. VIII). מיר וואָלטן געזאָגט פארקערט, אז אין די „יאָרביכער" פילט זיך דאפקע א פולקומע איינהײַטלעכקײַט, א באשטימטער און זעלטן אויסגעהאלטענער צוגאנג צום אָפּקלײַב פון די מאטעריאַלן, ווי גלײַך ניט קיין „פארשיידענע פערזאָנען", נאָר איין ד"ר ווײַנרײַך אָדער זאלמען רייזען ביכווידוי ועאצמוי וואָלט דורכגעפירט די גאנצע ארבעט. וואָס אנבאלאנגט דער באַרימערישער דערקלערונג, אז „קיין צאד איז ניט באַוואוסט געוואָרן" — האָבן מיר דאָך שוין געזען, ווי אזוי מע האָט דאָס מעקאיעם געווען אין אָפּטיילונג „אַרבעט און אַרבעטער". ווידער האָבן מיר געפּרוווט דורכפירן א קליינעם קאָנטראָל איבער דעם, ווי אזוי מע האָט געקליבן פון סאָוועטישער פּעריאָדיקע — אי דאָס נאָר איבער א טייל פון די וואָס זײַנען דאָך י אָ אויסגענוצט געוואָרן אין די „יאָרביכער" — האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מע האָט „פארמאכט די טיר" פאר א צאָל מאטעריאַלן, און צווישן זיי וויכטיקע ארטיקלען אף פובליציסטישע טעמעס, און אפילע ארטיקלען וועגן „וויסנשאפט, ליטעראטור און קונסט". אזוי האָט מען פון דער „רויטער וועלט" 1926 ניט פערצייכנט: „דאשקאָווסקי — סאכאקל פון דאאויעס פלאן" (№ 5—6, ז. 77—81); „נאָוואקאָווסקי — כ' פּרעאָבראזשענסקי אלס טעאָרעטיקער פון דער אָפּאָזיציע" (№ 5—7, ז. 88—97 און № 9, ז. 72—82); „שפּראך—אָפּן וועג צום זיג" (וואָס האָט באוויזן דער שטרײַק אין ענגלאנד), (№ 5—6, ז. 93—103); פונעם „שטערן" (מינסק) 1926: „צ. פרידלאנד — דער אוטאָפּישער און וויסנשאפטלעכער סאָציאַליזם" (№ 2—3, ז. 35—45); „ליובאָמירסקי — קינאָ אין ארבעטער־קלוב" (דאָרט, ז. 75—81); „טאמסינסקי — פויערים־אופשטאנדן" (דאָרט, ז. 52—56). דער אָפּטייל „6" אין די „יאָרביכער" איז גרויס ווי א גענעץ, און דאָך נוצט מען ניט אויס די סאָוועטישע ארטיקלען: „אינזש. כ. פ.—שטאָלענע אָדערן" (צום 100־יאָריקן יובילײַ פון אײַזנבאן). („רויטע וועלט", № 4, ז. 77—83) און נויעך לאָנדאָן — „דניעפּרבוי" (דאָרט, № 12, ז. 69—75). מע שליסט אײַן: „העכט ג. דער לימוד פון מאָראַלישקייט, אַלס לערנגעגנשטאַנד אין שול" (№ 1.720—1.723) און מע פארגעסט: „מ. פיסטראק — וועגן די אָרדענטלעכע אופגאבן אין דער פראגע פון קינדערשער זעלבסטאָרגאניזירונג אין שול" („אף די וועגן", № 1—2, ז. 5—21); מע גיט א. ליטוואקס פון „פאָרווערטס": „וואָס פאַר אַ זאָרט מענש איז געווען דזערזשינסקי" (№ 9.327) און מע ווייזט ניט אָן דעם כ' ק. מ.'ס ארטיקל „דזשערזשינסקי" אין דער „רויטער וועלט" (№ 7—8, ז. 84—87). מע פוילט זיך ניט זאָרגעוודיק אופצוקלײַבן יעדער ברעקל רעצענזיע וועגן אלערלײַ שונד־פאָרשטעלונגען ווי: „אַ ווייב אויף ראַטעס" (№ 4.202), „שטרויענער אלמן" (№ 4.251), קאַווקאַזער ליבע" (№ 4.266) א. ד. גל. אין די צענדליקער; מע מאכט זיך אָבער ניט ווויסנדיק פון א רײַ רעצענזיעס

איבער סאָוועטישע ביכער און סאָוועטישע זשורנאלן; אזוי זײַנען פון דער „רויטער וועלט״ אליין פארפעלט רעצענזיעס וועגן „איליטש׳ס קינדער יאָרן״ (№ 3, ז. 10—11), גילדין — „לענינ׳יאדע״ (№ 4, ז. 102—103); „לענין — דער פּראָלעטאריאַט בא דער מאכט״ (№ 3, ז. 98—99) און נאָך און נאָך. אָט אזוי איז די „אָביעקטיווקײַט״ פון די „אויסער־פאר־טייִשע״ ביבליאָגראפן צו דער רעוואָליוציאָנערער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור. „סאָפּ־קאָלכאָף באזיגט אויך אין דעם פראט די לאָגיק פון קלאסנקאמף... פאר זיי (פאר די ייִדי־שיסטן) איז דידאַקטיקע ליטעראטור א שמאָל סעקטאנטישע, א ריין־פארטייִשע, און אין זייערע ספּעציפיש־ייִדישיסטישע, פּאטריאָטיש־שפּראכלעכע באלאנסן, ווערט איר דעריבער אָפּ־געגעבן דאָס מינימאלסטע אָרט״ [1].

* * *

מיר רעזיומירן:

1) די „ביבליאָגראַפישע יאָרביכער פון ייוו״א״ האָבן זיך באנוצט באם קלאסיפיצירן דעם מאטעריאַל מיט א ניט־גענוג וויסנשאפטלעכער, צו קאָמפּליצירטער סיסטעם. די סיסטעם גופא איז אין א היפּשער מאָס פארגרײַזט.

2) דער אָנווײַזער צום בוך („זוכצעטל פון נעמען״) איז נישט ראציאָנעל צונויפגע־שטעלט; עס פעלט לעגאמרע א זאכרעגיסטער, וואָס אָן אים איז זיך שווער צו באגיין באם אָפּזוכן דעם מאטעריאַל.

3) די ביבליאָגראפישע באשרײַבונגען זײַנען ריין פאָרמעלע טיטולאָגראפיע, אין בעסטן פאל האָבן מיר דאָ הוילע פאָטאָגראפיעס פון טיטולן און ניט קיין באשרײַבונג פון ווערק. ניט אלץ איז אין איין מאָס באשריבן, באזונדערס שלעכט זײַנען באשריבן די פּע־ריאָדישע אויסגאבעס.

4) דער אָפּקלײַב פון מאטעריאַל טראָגט אף זיך דעם שטעמפּל פון דער ייִדישיסטיש־קליינבירגערלעכער, נאציאָנאליסטיש־רעאקציאָנערער אידעאָלאָגיע פון ייוו״א.

אָט צו אזעלכע טרויעריקע רעזולטאטן קומען מיר נאָך א גרונטלעכן אנאליז פון בוך. עס איז מאמעש א פארדראָס: מענטשן האָבן ארײַנגעלייגט אזויפיל מי און פלײַס, אזוי־פיל האסמאָדע, און באקומען האָט זיך א בארג מיט שיימעס, גאנצע הויפנס ברוכווארג, וואָס פארמיסטיקן נאָר דאָס ביסל ערנסטן און נייטיקן מאטעריאַל אין בוך.

מיר רעדן שוין ניט דערפון, אז הוילע רעגיסטרירנדיקע ביבליאָגראפיע קען שוין בא הײַנטיקן טאָג קיינעם ניט צופרידנשטעלן. ביבליאָגראפיע, וואָס קוקט ניט ארײַן ווײַטער פונעם טיטל־בלאט, וואָס זעט ניט אופצודעקן דעם עצעם אינהאלט און טאָך פון דעם דרוק־ווערק (כאָטשבי אין א באשיידענער פאָרם פון רובריצירן די ליטעראטור לויטן אינהאלט), האָט שוין פאר אונדז א קנאפּן ווערט. געאָרג שנײַדער אין זײַן „Handbuch der Bibliographie“ (ז. 82) פאָרמולירט אזוי:

„Nicht Umfang und Genauigkeit an sich, sondern Klarheit und erschöpfende Gedrängtheit, mit einem Wort, Zweckmässigkeit bestimmen den Wert einer Aufnahme Das blosse Sammeln der Titel macht noch nicht die Bibliographie“.

אפילו ווען מיר זאָלן שוין ניט מאָנען פון די „ביבליאָגראַפישע יאָרביכער״ קיין אנאָטירנ־דיקע אָדער רעפערירנדיקע ביבליאָגראפיע, זײַנען דאָך דאָ פארבויגן עלעמענטארע פאָדע־רונגען פון דער ביבליאָגראפישער צוועקמעסיקײַט אין דער רעגיסטראציע גופא. אינעם גאנצן בוך דאָמינירט דער נישטיקער מאטעריאַל פון דער געלער שונד־פרעסע, מיט דער קאוואָנע צו אנטפּלעקן די ייִדישע „אמהאסייפערישקײַט״. עס איז אָנגעשטאָפּט, ווי א מילגרוים מיט

[1] זע: כ׳ י. ליבערבערגס ארטיקל: „די ייִדישע וויסנשאפט אפן װ אלפארב. קולטור־צוזאמענפאָר. („רויטע־וועלט״, 1928. נומ. 5, ז. 109).

שאָוויניסטיש־קליינשטעטלדיקן פּאטאָס, מיט באלעבעסלדיקער זעלבסטצופרידנקייט פון דער „היפשער“ יידישער דרוק־פּראָדוקציע. און גראָד אָט דער מין „קאָלבוי־ליטעראטור“ ווערט ביבליאָגראפיש „פּאַרייביקט“ אין א יידישלעכער באריידעוודיקער פאָרם, און דאָס ווערט דאָך געטון אפן כעשבן פון דעם ביסל נייטיקן און וויכטיקן מאטעריאל אין בוך, וואָס אף אים שפּאָרט מען, מע שנײַדט זיך מאמעש די פינגער... פאר די ווילנער ביבליאָגראפן איז טאקע ווי אָנגעמאָסטן די זייער טרעפלעכע כאראקטעריסטיק פון כ׳ מ. ליטוואקאָוו, אז בא די יידישיסטן איז די יידישע ליטעראטור ניט קיין סאָציאלע פונקציע נאָר א נאציאָנאלע מיצווע... („אין אומרו“, ב. וו. (מ), 1926. ז. 12).

אנשטאָט ברענגען כאָטש עטוואָס באלערנדיקע אויספירן וועגן לייענער און זײַנע אינטערעסן, וועגן בוך און זײַן פארשפרייטונג, א שטיקל אָנבליקלעכע סטאטיסטישע טאבעלע וועגן דער דינאמיק פון בוך און וועגן זײַן געברויך (אגעוו, האָט עס אפילע יאשונסקי אָנגעוויזן אין זײַן רעצענזיע) האָט מען אויסגעבויט א מאכינע, אָן ערעווראוו פון פארשידענע מאטעריאלן, ווו מע האָט ארײַנגעלייגט דאָס גאנצע נאציאָנאליסטישע „דאָברע מאזל“ אזוי ווי סע שטייט און גייט און מע איז נאָך זיכער, אז „דער לייענער און שטודירער פון דעם יאָרבוך וועט געוויס זײַן דערפון צופרידן“, אין דער צײַט, וואָס אפילע אזא פּאָשעטע זאך, ווי די צאָל יידישע דרוק־פּראָדוקציע אין יאָר 1926, איז גאָר ניט אזוי גרינג ארויסצובאקומען פון אָט דער שיימעס־רעגיסטראציע. דאָס אלץ שטערט ניט דעמזעלביקן י. יאשונסקין צעגיסן זיך אין פאטעטיש־מעליצעדיקע וויב-געזאנגען, אז אינעם יאָרבוך האָבן מיר פאר זיך די ביבליאָגראפישע קארטע, דעם ביבליאָגראפישן שפּיגל פון דער גאנצער יידישער ליטעראטור פאר 1926. אינדערעמעסן אָבער, איז דער ערשטער באנד „ביבליאָגראפישע יאָרביכער פון „ייוואָ“ גיכער א שפּיגל פון ווילנער פאן־יידישיסטישער באטלאָנעס, פון פּראָווינציעל־נאציאָנאליסטישער באגרענעצטקייט און טעאָרעטיש־מעטאָדאָלאָגישער אָפּגעשטאנענקייט—מיט איין וואָרט: עס איז גיכער א סימען דאלעס איידער ביבליאָגראפישע קולטור.

**א. טערעבאָווער און י. קוזמינסקי**

# ביבליאָגראפישער טאנדעט[1]

**I. כ. נאַדעל** און **י. עליאָוויטש** — אָנווײַזער פון רעצענזיעס און קריטישע אַרטיקלען (1922—1928). כאַרקאָוו, כאַרקאָווער צענטראַלע מעלוכע-ביבליאָטעק א. נ. פון וו. ג. קאָראָלענקאָ. 1929, 72 ז. 1.55 רוב. 1.000 עקז. [אפן שארבלאט: „דאָס אידישע בוך"].

**II. כ. נאדעל** און **י. עליאָוויטש** — ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אַנטיסעמיטיזם און יידישער ערדאײַנאָרדנונג אין ראטנפארבאנד. ביבליאָגראַפישער אָנווייזער... כאַרקאָוו, אויסגאַבע פון אוקרגעזערד. 1930. 56 ז. 35 קאָפּ. 3.000 עקז.

בא הײַנטיקן טאָג פארמאָגן מיר נאָך ניט קיין אויסגעארבעטע מעטאָדאָלאָגיע פאר צונויפשטעלן ביבליאָגראפישע ליטעראטור־אָנווײַזערס. קיין ספּעציעלע ארבעטן אף דעם געביט איז נאָך קימאט ניט פאראן. דאָס האָט קאָנסטאטירט דער וו אלרוסלענדישער ביבליאָגראפישער צונויפפאָר (מאָסקווע, 1926). אף איינער פון זײַנע זיצונגען האָט דער באוווסטער רוסישער ביבליאָגראף, א. ג. פאָמין, געמאכט דעם ערשטן פרווו צו פאָרמולירן די גרונט־פרינציפן לויט וועלכע מע דארף צונויפשטעלן א ביבליאָגראפישן אָנווײַזער[2]. אין אלגעמיין שטעלט א. ג. פאָמין ארויס אזוינע פאָדערונגען:

I. יעדער ביבליאָגראפישער אָנווײַזער מוז האָבן א פאָרוואָרט, וואָס זאָל קלאָר און אויספירלעך דערקלערן:

a) די אופגאבעס פונעם אָנווײַזער און פאר וועמען ער איז צונויפגעשטעלט;
b) וואָס פאר א מאטעריאַלן איז אויסגענוצט געוואָרן און פאר וואָס פאר א פעריאָד;
c) לויט וואָס פאר א פרינציפּן איז אָפּגעקליבן דער מאטעריאַל;
d) ווי אזוי איז געבויט די סיסטעם פון דער ביבליאָגראפישער באשרײַבונג;
e) ווי אזוי איז די אלגעמיינע קאָנסטרוקציע פונעם אָנווײַזער.

II. אין יעדער אָנווײַזער מוז שטרענג אָפּגעהיט זײַן:

a) די אָנגעמערקטע כראָנאָלאָגישע גרענעצן;
b) די פרינציפּן פונעם מאטעריאַל־אָפּקלײַב;
c) די סיסטעם פון באשרײַבן די אויסגאבעס.

[1]) פון דער רעדאקציע — מיר דרוקן א גענויערע רעצענזיע איבער צוויי ארבעטן, וואָס לויט זייער קוואליפיקאציע פארדינען זיי א קנאפע אופמערקזאמקײַט. מיר טוען עס צוליב דעם, ווײַל דיראָזיקע ארבעטן זײַנען דאָך, צום גרויס באדויערן, קימאט די איינציקע ספּעציעל ביבליאָגראפישע יידישע אויסגאבעס, וואָס זײַנען דערשינען אין ראטנפארבאנד. מיר טוען עס אויך, קעדיי צו איליוסטרירן ווי פארנאכלעסיקט איז בא אונדז סײַ די ביבליאָגראפישע טעאָריע און סײַ די ביבליאָגראפישע פראַקטיק.

[2]) А. Г. Фомин.—Методы составления библиографического указателя. см. Труды П Всероссийского Библиографического Съезда. М., Гос. Центр. Книжн. Палата Р.С.Ф.С.Р. 1929, стр. 162—171.

III. דער פרינציפ איז: יעדער דרוק־זאך באשרײַבן de visu; דאָרטן ווו דאָס איז ניט מעגלעך, דארף זײַן באצייכנט און אָנגעוויזן פונוואנען זײַנען גענומען די ידיִעס וועגן דער אויסגאבע.

IV. די קאָנסטרוקציע פון א ביבליאָגראפישן אָנווײַזער און אויך די סיסטעמאטיק פון דעם מאטעריִאל דארף שטימען מיט די צילן און כאראקטער פונעם אָנווײַזער.

מע קען ניט זאָגן, אז מיט דעם זײַנען שוין פארענטפערט אלע מעטאָדאָלאָגישע פראגעס, אָבער דאָך איז דאָ געגעבן א געוויסער מינימום פאָדערונגען, וואָס מע קען זיי בעפייִרעש אָנעמען אלס א conditio sine qua non פאר יעדן אָנווײַזער.

די פראָבלעם פון מעטאָדאָלאָגיע פאר ביבליִאָגראפישע אָנווײַזערס איז ניט אזוי פון אבסטראקט־טעאָרעטישן, ווי פון א ריין־פראקטישן אינטערעס. אצינד, אז די ליטעראטור אף פארשידענע צווײַגן פון דער וויסנשאפט צעוואקסט זיך אלץ מער און מער, דער דראנג פון די מאסן צום בוך שטײַגט פון טאָג צו טאָג, איז קעדיי בעסער צו אָריענטירן זיך אין דער מאסע ביכער און בעסער אויסנוצן דעם בוך מיט דער גרעסטער עקאָנאָמיע פון צײַט און ענערגיע — דארף די ביבליִאָגראפיע זיך פארנעמען ניט בלויז מיט רעגיסטרירן דרוק־זאכן (דאָס איז א צוועק פאר זיך), נאָר סיסטעמאטיזירן די מאטעריִאלן אף אזא אופן, זיי זאָלן קענען דינען פאר דער ברייטער ארבעט איבערן בוך. דערפון ווערט קלאָר, ווי ווײַט די קאָמפּאָזיציע פון א ביבליִאָגראפישן אָנווײַזער איז פאר אונדז וויכטיק, ווײַל אויב דער אָנווײַזער איז שלעכט קאָנסטרויִרט, וועט ער אנשטאָט העלפן, בלויז דעזאָריִענטירן דעם לייענער.

מע דארף קאָנסטאטירן דעם פאקט, אז דאָס ראָוו ביבליִאָגראפישע אָנווײַזערס האָבן גענוג דעפעקטן אין פראט פון מעטאָדאָלאָגיע, און די טעכנישע אויסשטאטונג זייערע הינקט אויך שטארק אונטער. אָט אזוי ברענגט א. ג. פ אָ מ י ן אין דעם אויבנדערמאָנטן רעפעראט א היפשע צאָל מוסטערן פון די בעסערע רוסישע ביבליִאָגראפן און ווײַזט אָן, ווי ווינציק זיי גיבן אכטונג אף דער קאָמפּאָזיציע פון זייערע ארבעטן.

נאָך א גרעסערע אָפּגעשטאנענקײַט אין פראט פון ביבליִאָגראפיע איז צוזעען אין דער יִדישער ליטעראטור. אדײַעם באציט מען זיך נאָך בא אונדז מיט ביטל צו ביבליִאָגראפיע, ווי צו א זאך, וואָס פאָדערט ניט קיין שום צוגרייטונג — אזוי מיינען בא אונדז ניט נאָר סטאם לייענער, נאָר אפילע וויסנשאפטלער אויך. דעריבער נעמען זיך אָפּ פאר וויכטיקע ביבליִאָגראפישע ארבעטן מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין עלעמענטארע יעדיִעס אין ביבליִאָ־גראפישער איוורע. פון דעם נעמט זיך, אגעוו, די אומגעלומפּערט־צונויפגעשטעלטע רעשי־מעס, וואָס די מעכאבּרים טראָגן אונטער דעם לייענער צום סאָף פון ווערק און דער מאָד־נער אופן פון אָנווײַזן ליטעראַרישע קוואלן.

מיר קענען עס איליוסטרירן מיט א צאָל בײַשפילן: כ׳ י א כ י נ ס אָ ן אין זײַן „פראקטישער פעדאָלאָגיע“ (קיִעוו, „קולטור־ליגע“, 1929) גיט אף די ז. 435—437 א צעטל ליטעראטור, דערבײַ גילט בא אים שטענדיק א רעדאקטער פאר א מעכאַ־בער, וואָס לויט די ביבליִאָגראפישע קלאָלים איז דאָס א בעפייִרעשער נאָנ־סענס; אויסער דעם, איז ער זיך נויהעג אָנצוגעבן בלויז דעם נאָמען פון מעכאבער, א שטיקל טיטל פון בוך, און דערמיט איז ער יויצע; קיין דרוק־אָרט, פארלאג, יאָר, צאָל זײַטן איז ניטאָ. אָפּטמאָל באגעגענען מיר דאָרטן ציטאטן פון פארשידענע ווערק און עס ווערט ניט אָנגעוויזן אף וואָס פאר א זײַט די ציטאטע איז געדרוקט (זע באמערקונגען צו ז. 196, 199, 252, 296, און אנד.). מיט דעמזעלבן גאנג גייט אויך א. ז א ר ע צ ק י אין זײַן „קורס פון יִדישער שפראך“ (כארקאָוו, אלאוקראַיִנישער אונטעראויגיקער אינסטיטוט פון פאָלקס־בילדונג, [1930]. די ביבליִאָגראפיע, וואָס ער ברענגט צו יעדער טעמע צום סאָף פון די קאפּיטלעך גיט גאָר א קנאפּע פאָרשטעלונג פון די „ביבליִאָגראפיש“ באשריבענע ווערק, (זע ז. 14, 213 און אנד.) ער האלט אויך ניט אומעטום פון אָנווײַזן די זײַט פון ציטאטע אין ציטירטן בוך (זע זײַן „גרײַזן און ספייקעס“, קיִעוו,

„קולטור־ליגע", 1927, ז. 9, 15, 25 און אנד.). נאָך „פּאָשעטער" מאכט עס דער יונגער קריטיקער, א. האָלדעס אין זײַן ארטיקל „די יידישע ערדאײַנאָרדענונג אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור", („רויטע וועלט", 1930, נומ. 4, ז. 139—166) ער גיט זיך א זאָג: „בא גאָרדאָנען זײַנען נאָך פאראן דרײַ קלענערע דערציילונגען, — אָפּ. געדרוקטע אין „עמעס"... „מײַז"... „אין גוס רעגן"... „גאזולאָנים", אָדער: „פאראן בא בער־געלסאָנען נאָך א דערציילונג „דער צענרובלדיקער" און מיינט, אז דאָס זײַנען שוין גענוגנ־דיקע סימאָנים אף אָפּצוזוכן דידאָזיקע דערציילונגען. אזוי, אנערעך, פלעגט אויך די מאמע אין שאָלעם־אליי‌כעמס „גרינס אף שבועות" פירן איר גאנצע בוכהאלטעריע אין גראָבן סידור אפן לינקן טאָוול...

* * *

וואָס איז שײַעך טעמאטישע ביבליִאָגראפישע אָנווײַזערס זײַנען זיי בא אונדז ביז אהער קימאט אינגאנצן ניט פאראן און געוויס וואָלטן די כ"כ נאדעל און עליאָוויטש פאר־דינט פאר זייערע צוויי ביכלעך אן עמעסן יאשער־קויעך, ווען דידאָזיקע ארבעטן וואָלטן באפרידיקט די מינימאלסטע פּאָדערונגען. ליידער איז דאָס אָבער ניט אזוי.

דער ערשטער אָנווײַזער האָט שוין אפילע זויכע געוועזן צו גאנצע צוויי רעצענזיעס פון די כ"כ מ. ליבערמאן און א. ד. [1]), כ' א. ד. אין זײַן רעצענזיע געפינט אפילע, אז „די צונויפשטעלער האָבן ארויסגעוויזן אין דער ארבעט גענוג פלײַס אין ביבליִאָגראפישע באהאוונטקײַט". מ. ליבערמאן אָבער האלט, „אז די ארבעט איז אָפּגעטון געוואָרן מיט א גרויסער נאכלעסיקײַט".—א ווידעראנאנד פון צוויי רעצענזענטן וועגן איין און דעמ־זעלבן בוך, וואָס איז ניט קיין זעלטענע דערשײַנונג אין דער קריטיק.

אינעם ערשטן אָנווײַזער — „דאָס אידישע בוך" — האָבן מיר א „פּאָרוואָרט", ניט פון די מעכאברים נאָר פון כ' מאקאגאָן, וואָס שטעלט מיט זיך פּאָר גיכער א „האסקאָמע", אײדער א האקדאָמע צום ביכל. לויט כ' מאקאָגאָן איז דער אָנווײַזער „דער ערשטער פּרווו צו געבן אן אויספירלעכע רעשימע פון אלע קריטישע ארטיקלען" און ער „כאפּט ארום אלע רעצענזיעס איבער דער יידישער שיינער ליטעראטור, פּאָליטישע ביכער... פאר די יאָרן 1922—1928". וועגן די צילן און אופגאבן פונעם בוך ווערט געזאָגט בעדערעך קלאל, אז ער וועט „באשטימט מיטהעלפן דעם לייענער, ביבליִאָטעקער און קולטור-טוער ביכלאל צו שאפן זיך א נייטיקע פּאָרשטעלונג וועגן דעם בוך און שרײַבער" און זײַן אפילע „א נוצלעך הילפס־בוך פאר אלע אנדערע וויסנשאפטלעכע און קוואליפיצירטע קולטור־טוער, וואָס ווילן קריגן אויסשעפּנדיקן מאטעריִאל פון דעם גאנצן קריטיש־ביבליִאָגראפישן מאטעריִאל"... (דער קורסיוו און די טאווטאָלאָגיע געהערט דעם כ' מאקאָגאָן). די מעכאברים פון זייער זײַט גיבן צו די רעשימע פון „פּעריאָדישע אויסגאַבעס, וואָס זיינען אויסגענוצט געוואָרן..." און „אייניקע באַמערקונגען" מעקויעך א פּאָר טעכנישע איינ־צלהײַטן פונעם אָנווײַזער. ניט קוקנדיק אָבער אף דעם „פּאָרוואָרט" און די „באמערקונ־גען", בלײַבט דאָך א ריי וויכטיקע פונקטן ניט באלויכטן. ערשטנס, וואָס איז טאקע פּאָרט די „ציל־אָנשטעלונג" פונעם בוך? דאָס קעפּל און דער „פּאָרוואָרט" ווײַזן אָן, אז מע וויל דאָ געבן רעצענזיִעס און קריטישע ארטיקלען איבער דער יידישער לי־טעראטור, איז פארוואָס־זשע ברענגט מען רעצענזיעס אויך אף רוסישע און אוקראיִנישע ביכער? (זע №№ 16, 159, 261 און אנד.). אויב אָבער די קאוואָנע איז געוועזן צו פּאר־צייכענען גלאט אלע רעצענזיעס, וואָס זײַנען פובליקירט געוואָרן אין דער יידישער סאָוועטישער פּרעסע,— פרעגט זיך דעמאָלט, פארוואָס הייסט דער אָנווײַזער „דאָס אידישע

[1]) זע: מ. ליבערמאן—„אָקטיאבער", מינסק, 1929, № 229, ז. 3; א. ד. — „ראטנבילדונג", קיִעוו. 1929, № 12 ז. 68, 69.

בוך" און ניט „די ייִדישע רעצענזיע", און פאַרוואָס זײַנען פאַראַן אַזוי פיל בלויזן און דורכלאָזן ?— הײַנט וועגן די „אויסגעגנוצטע אויסגאַבעס". די צונויפשטעלער שרײַבן סטאַם, אַז זיי האָבן אויסגענוצט „אייניקע ביולעטענס" „אייניקע קריטישע זאַמלונגען" און באַמיִען זיך ניט אָנצוגעבן וואָסערע ביולעטענס און זאַמלונגען, און ווי אַזוי האָט מען זיי אויסגענוצט, און פאַרוואָס עפּעס נאָר אייניקע; ס'ווערט אויך ניט דערקלערט, פאַרוואָס זײַנען ניט אויסגענוצט געוואָרן די מאַטעריאַלן פאַר די ערשטע פינף יאָר רעוואָלוציע. ניט קלאָר בלײַבט אויך, וואָס פאַר א סיסטעם פון באַשרײַבונג איז דאָ אָנגענומען, וואָס פאַר א פּרינציפּן זײַנען אָנגעווענדעט בענעגייע דעם אָפּקלײַב, בענעגייע דער סיסטעמאַטיזירונג און באַאַרבעטונג פונעם מאַטעריאַל, און מע מוז דאָך מודיע זײַן, אַז גראַד אײנע פון די שוואַכסטע זײַטן אינעם אָנווײַזער איז טאַקע, דעליקאַט ריידנדיק, זײַן מאָדנע קאָנסטרוקציע.

אפילע שוין פון ריין „טעכניש־פּאָליגראַפישן" שטאַנדפּונקט איז דער מאַטעריאַל צונויפגעשטעלט אַזוי ניט געלונגען, אַז דער לייענער ווערט פון אָנהויב מעוּולבל און ווייסט ניט ווו עס ענדיקט זיך בערגעלסאָן און ווו הויבט זיך אָן ראַכל בראָכעס (ז. 11); ווײַל דער מאַטעריאַל וועגן די צוויי מעכאַברים איז צונויפגעגאָסן אין איין גוס, און דאָס אונטערקעפּל „וועגן בערגעלסאָנס שאַפן" איז אַזוי אָנזעעוודיק, אַז עס מאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ביז דעם צווייטן אונטערקעפּל „וועגן גאַדינערס שאַפן" (ז. 12), ציט זיך נאָך אַלץ „בערגעלסאָן"; די דאַרענקע נומערלעך באַ דער זײַט זײַנען צו שוואַך אָפּצוגרענעצן איין מעכאַבער פון צווייטן. ווײַטער איז פאַר א פּאָשעטן באָסאָר־ווּעדאָם שווער צו דערגיין א טאָלק, וואָס פאַר א מין אַלעפבייז־סיידער איז אָנגענומען באַ די כ"כ נאַדעל און עליאָוויטש, וואָרעם זיי קומען אין אָפּטע קאָנפליקטן סײַ מיטן גאָר אַלטן, סײַ מיטן שפּאָגל־נײַעם סיידער פון דער צענטראַלער אָרטאָגראַפישער קאָמיסיע. פון איין זײַט שטעלן זיי אויס אַזוי: „ניסטער—נײַערד", „לייוויק—ליטווינאָוו", „קושניראָוו—קוויטקאָ" (הייסט עס, זיי האַלטן פון דעם נײַסטן סיידער אַלעפבייז); נאָכדעם אָבער געפינט איר: „קוויטני—קאַזאַקעוויטש", „ליטוואַקאָוו—לייוויק"; „אָ" און „אַ" זײַנען פולקום אויסגעמישט און איבערגעפּלאָנטערט: „אָקטיאַבער—אַראָסעוו—אָרשאַנסקי", „ראַוויטש—ראָסין—ראַפּאַלסקי", און ניט זעלטן טרעפט מען גאָר אָן אַף אַזא מין אָרדענונג: „שריפטן—שקאַראָווסקי", „זאַרעצקי, מ.—זאַרעצקי, א.", „פּעדאַגאָג. ביולעטען—פּנקס",—אַזוי, אַז עס איז בעעמעס „א פּלאָנטער ווו מע פּלאָנטערט אָן א שיר".

די מעכאַברים האָבן באַ זיך אײַנגעפירט א באַזונדער מין דואַליזם: באַ אַרטיקלען וועגן שרײַבערס שאַפן שטייט דעם קריטיקערס נאָמען נאָרמאַל—אַפן ערשטן אָרט, קומט צו א רעצענזיע איבער א ביכל, איז שוין דער רעצענזענט פאַרוקט אַפן סאַמע סאָף. כאָטש געוויינטלעך, אינטערעסירט דעם לייענער פריער פון אַלץ צו וויסן ווער עס האָט אָנגעשריבן די רעצענזיע.

צו די אייגנטימלעכקײַטן פון דער טעכניק אינעם „אידישן בוך" געהערט אויך דאָס, וואָס די מעכאַברים זײַנען זיך נויהעג ניט אָנצוּווײַזן די זײַטלעך פונעם זשורנאַל, אָדער זאַמלבוך, אין וועלכע סע געפינט זיך די רעצענזיע אָדער דער אַרטיקל (אָן אויסנאַם איז געמאַכט גראָד פאַר די „שריפטן פון דער קאַטעדער פאַר ייִדישער קולטור" און נאָך פאַר א פּאָר ביכער). דער סייכל איז, אַפּאָנעם, א פּראָסטער סייכל: דער לייענער מעג זיך מאַטריאַך זײַן, אויב ער דאַרף, אַליין איבערבלעטערן דעם גאַנצן זשורנאַל און אָפּזוכן דאָרט דעם אַרטיקל. אין ביכל איז פאַראַן נאָך א היפּשע צאָל אומפּינקטלעכקײַטן און סטאַם גרײַזן אין די פאַרצייכענונגען. לעמאָשל, נום. 47 איז אָנגעוויזן, אַלס רעצענזענט כ. פּינקעל, אינדערעמעסן האָט עס גאָר געשריבן ב. ליומין, דערפאַר אין נום. 159 פיגורירט ליומין אַנשטאָט ב. סלוצקי. אין זוכצעטל „קריטיקער און רעצענזענטן" איז אומזיסט און אומגישט צוגעשריבן דעם כ' בראָנשטיין א נומער 33 (דער עמעסער רעצענזענט איז י. ז—ן) א. דגל.

א ריי דערווידערונגען רופן ארויס די אָפּטיילונגען, לויט וועלכע די רעצענזיִעס זײַנען סיסטעמאטיזירט. אזוי איז דער 2־טער אָפּטייל „פּאָליטישע" צו אלגעמיין און ברייט גענרמען; ס'וואָלט געווען גלײַכער און באַקוועמער צו גרופּירן די אלע ביכער, וואָס גייען דאָרט ארײַן, אין עטלעכע אָפּטיילן: אנטירעליגיִעזע באזונדער, קאָמוניזם און לעניניזם באזונדער א. אז. וו. די ביכער וועגן געשיכטע פון רעוואָליוציאָנערער באוועגונג וואָלט מען בּיכלאל געמעגט איבערטראָגן אין דער אָפּטיילונג „געשיכטע", וואָרעם ס'איז בּא אונדז אן אלגעמיין־באוווסטע זאך, אז די גאנצע געשיכטע — איז קלאסנקאמף־געשיכטע. גאָר א גרויסער מישמאש הערשט אין דער אָפּטיילונג „פּעדאגאָגיק און לערנביכער". אזעלכע ביכער ווי „געשיכטע פון ערעאָפּלאן", „ביבליאָטעק־ארבעט", „יורידישע טערמינאָלאָגיע" „פון יענער זײַט כינעזישער וואנט" און עדיסאָנס ביִאָגראפיע — אלץ הייסט דאָרט „פּעדאגאָגיק און לערנביכער". וועגן פלאָנטער אין דער אָפּטיילונג „קונסט, געשיכטע, קריטיק" האָט שוין באמ̈רקט דער כ׳ א. ד. אין „ראטנבילדונג" (זע אויבן). וואָס איז שײַעך דער „פּעריאָדיק און צייטשריפטן" — איז אָט דער אָפּטייל א באווײַז, אז די כ׳כ נאדעל און עליאָוויטש פארמאָגן אן אָריגינעלן באַגריף וועגן דעם, וואָס איז אזוינס „פּעריִאָדיק", דאָרטן וועט איר טרעפן אי דעם „לאנדוי־בוך", אי דעם זאמלבוך „בּאַ אונדז אידן", אי אפילע „ווײנגער, א. (sic!) קלייבט מאַטעריאלן פארן יידישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך" !...

אָט די אלע טעכנישע פעלערן (זייער צאָל איז ניט אויסצושעפּן אין א רעצענזיע) ווײַזן, אז די פּרינציפּן פון זאָרגעוודיקער פּינקטלעכקײַט, אויסגעהאלטנקײַט און צוועקמעסיקײַט אין דער קאָנסטרוקציע פון בוך זײַנען דאָ לאכלוטן איגנאָרירט; נאָך מער, זיי ווײַזן, אז די צונויפשטעלער האָבן אזעלכע פּרינציפּן גאָר ניט פארמאָגט. סע קאָן זיך עמעצן אויסווײַזן, אז דאָ האנדלט זיך בלויז וועגן קלייניקײַטן: א נאפּקעמינע — יאָ אָנגעוויזן זײַטלעך, אָדער ניט אָנגעוויזן; „אָ" פריִער, אָדער „אַ" פריִער! פאר יעדן איינעם אָבער, וואָס האָט יאָ א ריכטיקן באגריף וועגן וויסנשאפטלעכער ארבעט בּיכלאל און וועגן ביבליִאָגראפיע ביפראט, — איז קלאָר ווי דער טאָג, אז אָן טעכנישער שליימעס, אָן געוויסנהאפטיקער באארבעטונג פון מאטעריִאל, באקומט זיך מאקולאטור, און ניט קיין ביבליִאָגראפיע און א „נוצלעכער הילפס־בוך". ווער שמועסט, ווען אכוץ טעכנישער אומאָרדענונג איז פאראן נאָך גרעסערע אָרגאנישע דעפעקטן אויך.

אינדערעמעסן — די האווטאָכע צו געבן אלע (אָדער „קימאט אלע") קריטישע ארטיקלען און רעצענזיִעס, איז ניט אָפּגעהיט געוואָרן: פאראן, ווי געזאָגט, א גאנץ היפּשע צאָל בלויזן און וויכטיקע בלויזן, לעמאָשל, פון די רעצענזיִעס זײַנען דורכגעלאָזט: נ. אויסלענדערס וועגן א. ווארשאווסקי — „שמוגליארס" („רויטע וועלט", 1928, נום. 1, ז. 40, 41); א רעצענזיע אף „פּראָליט" נום. 1, 1928 אין מינסקער „שטערן" (1928, נום. 3—4, ז. 55—58). פון גרעסערע ארטיקלען זיינען ניטאָ: ב. אָרשאנסקי „בירגער־קריג אין דער ייִדישער ליטעראטור" (וועגן די זאמלביכער „אָקטיאבער" און „נײַערד"), („שטערן", 1925, נום. 1, ז. 59—62); נוסינאָוו — „פון באאָבאכטן צו אָנטיילנעמען" (וועגן דיזעלבע זאמלביכער אין דער „רויטער וועלט", (1925, נום. 12, ז. 58—68); י. בראָנשטיין.— „פון א קאסרילעווקער ווינקל" (וועגן א. קיפּניס.—„כאדאָשים און טעג") אין „שטערן" (1926, נום. 9—10, ז. 28—36,). ניט ווילנדיק גאנוועט זיך ארײַן א שטיקל כשאד, אז די צונויפשטעלער אונדזערע האָבן דעריקערשט געקוקט אף די קעפּלעך פון די ארטיקלען, ניט אין אינהאלט, איז דעריבער דאָרט, ווו סע שטייט ניט בעפיירעש קיין נאָמען פון א בוך אָדער א מעכאבער — איז ניט געווען זייער אייסעק. ווּעהאָרײַע: א. ר. צווײַגס ארטיקל „וועגן שאָלעם־אלייכעמס וועלט־אנשויונג און כ׳ ליטוואקאָווס „נייטראליזם" („שטערן", מינסק, 1927. נום. 7—8, ז. 67—69) איז יאָ פאראן אין אָנווײַזער (סע שטייט דאָך בעפיירעש „שאָלעם־אלייכעם"!), אָבער י. בראָנשטיינס ארטיקל „פראגן פון מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש" („שטערן", 1927, נום. 5—6, ז. 79—86),

וואָס האָט ארויסגערופן צוויַיגס פּאָלעמיק, ווי אויך דעמזעלביקן בראָנשטיינס קעגנענטפער צוויַיגן: „מארקסיזם אָדער אולטרא מארקסיזם" („שטערן", 1927, נומ. 9, ז. 42 — 49) — זיַינען ניטאָ, האגאם אין ביידע ארטיקלען איז שאָלעם־אלייכעם און ליטוואקאָוו דעקלינירט אף יעדער זאץ און זיַיט. נאָך איין ריַיע: נ. אויסלענדערס ברייטער ארטיקל וועגן ה. לייוויקן און זיַין שאפן אין דער „רויטער וועלט" (1927, נומ. 8—9, ז. 132—144) — איז פארשוויגן, אפּאָנעם, נאָר מאכמעס דעם, וואָס ער האָט א פארשלייערטן קעפל „אן ענטפער" — אין דער צייַט, וואָס מ. ווינערס ארטיקל וועגן דעמזעלבן לייוויקן, אין דערזעלבער „רויטער וועלט" און אין דעמזעלבן יאָר (1927, נומ. 7, ז. 78—94), — אף וועלכן אויסלענדערס „ענטפער" איז געצילט — איז דאפקע יאָ פאראנגען!

אגעוו, א כאראקטעריסטישע זאך: די מעכאברים טיילן אויס באזונדער די רעצענזיִעס איבער איינצלנע ווערק און אלגעמיינע ארטיקלען וועגן דעם אָדער יענעמס שאפן באַזונדער; זיַינען אָבער די פּרינציפּן, לויט וועלכע דידאָזיקע איַינטיילונג איז געמאכט, קלאל ניט קלאָר און ניט פעסט. אזויארום, איז זשוקאָווסקיס רעצענזיע אף פּערסאָווס „קאָרנברויט" געגעבן אונטערן קעפל „וועגן פּערסאָווס שאַפן", און דער שוין דערמאָנטער ארטיקל ווינערס „וועגן ה. לייוויקס לידער",—ווו סע רעדט, זיך גראָד וועגן לייוויקס שאפן — פארטושט צווישן די רעצענזיִעס אף „שניי אראָפּגעפאלענער". פאראן ווידער וועגן לייוויקס שאפן א נאָטיץ פון ד. איסאקאָוויטש („רויטע וועלט", 1925. נומ. 15, ז. 112, 113), י. דאָבּרושינס „קריטישע עטיודן" וועגן גלאָזמאנען (דאָרטן, 1924, נומ. 4, ז. 39—41) — און פון זיי איז אין אָנוויַיזער קיין שפּור ניטאָ.

ווי דער לייענער האָט שוין מינאסטאם באמערקט, זיַינען אָט די בלויזן (אַי דאָס ניט אויסשעפּנדיק) גענומען נאָר פון דער „רויטער וועלט" און פונעם „שטערן" — ד. ה. פון אונדזערע גרעסערע זשורנאלן, וואָס זיי זיַינען אומעטום דאָ אונטער דער האנט. ווען מע זאָל אָבער וועלן נאָכשפּירן אלע פּעריִאָדישע אויסגאבעס, וואָס זיַינען אויסגענוצט געוואָרן — וואָלט מען די רעשימע פון דורכלאָזן געוויס געקאָנט נאָך און נאָך פארלענגערן. א טייל פון זיי פארנאָטירט אין זיַין רעצענזיע כ' ליבערמאן. ער, ווי אויך כ' א. ד. אין „ראַטנבילדונג", וויַיזט מיט רעכט אָן אויך אף דעם פאקט, אז די מעכאברים האָבן בּיכלאל איגנאָרירט אלגעמיינע קריטישע ארטיקלען, ווו סע רעדט זיך וועגן אלגעמיינע ליטערארישע פראגעס אָדער וועגן גרופּעס פון שריַיבער. אזויארום זיַינען אינגאנצן דורכגעלאָזט נ. לוריע, אווראָם רייזען א. ד. ג. (זע, צ. ב. ש., מינסקער „שטערן", 1928, נאָיאבער־דעקאבער), אָדער אזא אָנגעזעענער דיכטער, ווי פּערעץ מארקיש איז מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרן אינעם גאנצן בוך.

די מעכאברים האָבן אויך ניט אנאליזירט די רעצענזיִעס איבער זאמלונגען און איינצלנע נומערן פון זשורנאלן, ווו סע ווערן באהאנדלט ניט סטאם דער אָדער יענער זשורנאל, נאָר די ווערק פון די מעכאברים, וואָס זיַינען געדרוקט אין געגעבענעם העפט אָדער זאמלבוך. אזוי, אשטייגער, איז אין זשוקאָווסקיס רעצענזיע וועגן דער „רויטער וועלט" נומ. 7—8, 1928 (אין „פּראָליט", 1928, נומ. 6) פאראן — זאָל זיַין אפילע קורצע—אָפּשאצונגען פון קוויטקאָס „ליאם און פעטריק", ברייטערס „זריִע" א. ד. גל. אין אזעלכע פאלן וואָלט געלוינט געבן אָפּשיקונגס־אָנוויַיזונגען בא די שלאָג־ווערטער „קוויטקא", „ברייטער", נעמענדיק אין אכט, אז בא אונדזער אָרעמקייַט אין געביט פון קריטיק, דארף יעדער רעצענזיע אויסגענוצט ווערן ווי וויַיט מעגלעך פולער.

מיר זעען אלזאָ, אז כ' מאקאָגאָנס מיינונג וועגן דעם אָנוויַיזער, אלס א „נוצלעך הילפסבוך פאר אלע... וואָס ווילן קריגן אויסשעפּנדיקן מאטעריִאל"... איז ניט בארעכטיקט. דאָס ביכל לייזט אויך ניט די פראגע „וועגן מעטאָדיש־אָנפירערישן מאטעריִאל פארן ייִדישן ביבליִאָטעק־וועזן"; וואָרעם גראָד דער מעטאָדיש־אָנפירערישער מאטעריִאל איז דאָ ניט געגעבן: ס'פעלן דאָ קימאט אלע ארטיקלען פון די כ"כ ליטוואקאָוו, בראָנשטיין און אנדערע צו דער מעטאָדאָלאָגיע פון מארקסיסטישע ליטעראטור־קריטיק. כ' מאקאָגאָן

אליין באמערקט גאנץ ריכטיק, אז „דערדאָזיקער בוך שטעלט מיט זיך פאָר נאָר א רעשימע פון רעצענזיעס און קריטישע ארטיקלען, און ניט די ארטיקלען גופא. דאָס שאפט פאר פיל פּראָווינציעלע ביבליאָטעקערס און קולטור־טוער גרויסע שוועריקייטן... ווייל זיי האָבן ניט... די נייטיקע צייטונגען און זשורנאלן" [1]. נאָר ניט דאָס גראדע איז די הויפּט־שוועריקייט: דעם ביבליאָטעקער און קולטור־טוער (ניט דאפקע דעם פּראָווינציעלן) אינטערעסירט ניט נאָר די פראגע, צי ס'איז דאָ א רעצענזיע אפן בוך; ער דארף דעריקערשט וויסן, וואָס פאר אן אָפּשאצונג איז געגעבן אין דער רעצענזיע, און וועלכע זאָל ער פריִער פאר אלעמען זוכן. אינדערעמעסן: אז מע ווייַזט אָן 3 רעצענזיעס וועגן „כאדאָשים און טעג" — איז דאָך נאָך ניט קלאָר, וועלכע איז אויספירלעכער, וועלכע גיט א פולן אנאליז פון בוך, וועלכע נאָר א שפּראכלעכן (ווי, אשטייגער, ל. רעזניקס); אז מע שטעלט דעם ביבליאָטעקער פאר צוויי רעצענזיעס איבער שקאראָווסקיס „קאיאָר", וואָס איינע איז סויסער די אנדערע, און מע ווייַזט דאָס ניט אָן, קאָן דאָך דער „פּראָווינציעלער" ביבליאָטעקער אָנטרעפן דאפקע אף דער ניט־געלונגענער רעצענזיע. דעריבער וואָלט מען באדארפט רעפערירן, קורץ אנאָטירן די וויכטיקערע רעצענזיעס, אופדעקן זייער אינהאלט פארן לייענער און ניט זיך באגרענעצן בלויז מיט פאָרמעלער באשרייַבונג.

ביז אהער האָבן מיר גערעדט אויסשליסלעך וועגן די מאטעריאַלן פון 1922—1928. דאָס ביכל האָט נאָך אָבער א צוגאָב: „ביילאַגע פון רעצענזיעס און קריטישע אַרטיקלען פאר יאַנוואר—אַפּריל 1929 י.", דאָס איז אינגאנצן א סיורפּריז פארן לייענער, וואָרעם ניט אף דער הילע און ניט אפן טיטל־בלאט ווערט וועגן דעם דערמאָנט. דידאָזיקע בייַלאגע איז, אַפּאָנעם, א פּראָדוקט פון גאָר גרויס איַילעניש, וואָרעם איר האָט שוין דאָ ניט קיין סיסטעם ניט קיין נומעראציע, דערצו איז דאָ די צאָל בלויזן נאָך גרעסער. (דעם „פּראָליט", אשטייגער, ציטירט מען בלויז איין מאָל א. ד. גל.). דאָ פּרווט מען זיך ווידעראמאָל אָפּשטיילן די רעצענזיעס פון ארטיקלען, אָדער ווי זיי רופן עס אָן: „קריטישע אָפּהאנדלונגען וועגן ביכער און שרייַבער", און דאָס באקומט זיך ווידעראמאָל שטארק אומגעלומפּערט. די גאנצע בייַלאגע מאכט דעם איַינדרוק, אז מע טוט דאָ נאָך דער אלטער מאסקילישער טראדיציע, ווען מע פלעגט פלוצים צום סאָף אריַינשטעלן א שיר אָדער א בריוו, וואָס האָט קיין שייַכעס ניט צום איניען, מיטן טערעץ „כדי שלא להיציא את הניר חלק" (עס זאָל ניט בלייַבן אומזיסט קיין ליידיק שטיקל פּאפּיר). די מעכאבערים אליין האלטן דעם טייל ווייַזט אויס, פאר ניט וויכטיק, וואָרעם אין די זוכצעטלען איז קיין זייכער דערפון ניטאָ.

* *
*

אסאך ערגער איז מיטן צווייטן ביכעלע „ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע..." פון דיזעלבע מעכאבערים. אויב „דאָס אידישע בוך" האָט נאָך א „האסקאָמע", וואָס באוואָרנט עטוואָס וועגן דעם, ווי אזוי, דאָס ביכל איז צונויפגעשטעלט — האָט דאָס צווייט ביכל דאָס אויך ניט. דער „אוקרגעזערד" האָט אונדז „מעזאקע" געווען מיט גאנצע צוויי אריַינפירלעך (ייִדיש—אוקראיִניש), וואָס פּטערן אָפּ נאָר מיט א צוזאָג, אז דאָס ביכל וועט צונוץ קומען... און מע זאָגט גאָרנישט וועגן דער עצעם ארבעט, מע האלט פאר איבעריק צוגעבן כאָטש א פּאָר ווערטער וועגן דעם געבראכטן מאטעריאַל, פאר וואָס פאר א צייַט איז ער געקליבן, און מיט וואָס האָט מען זיך גערעכנט באם אָפּקלייַב, שוין אָפּגערעדט, אז מע דערמאָנט אפילע ניט וועגן דער סיסטעם און מעטאָדע, ווי אזוי עס איז צונויפגעשטעלט און באארבעט דער מאטעריאַל. מע פארלאָזט זיך אינגאנצן אפן קויעך־האדימיען פונעם געזערד־אקטיוויסט (אף אים איז דאָס ביכל אויסגערעכנט), אז וואָס עס אינטערעסירט אים, וועט ער אליין אויסדרינגען.

און אויסדרינגען קומט דאָ אויס אף יעדן טריט. דער היפּשער טיטל פונעם ביכל, וואָס דעקט דאָך ניט אוף זייַן פולן אינהאלט, ווערט ערשט קלאָר, אז איר בלעטערט גוט, גוט דורך דאָס ביכל, דעמאָלט דערוויסט איר זיך, אז פון דער גאנצער „נאציאָנאלער פראגע" מיינט

[1]) פון כ׳ מאקאָגאָנס „פּאָרוואָרט".

מען איבערהויפּט „ייִדישע ערד־איַינאָרדענונג". דאָס ביכל הייסט אף ייִדיש: „ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אַנטיסעמיטיזם און יידישער ערד־איַינאָרדנונג אין ר א ט נ פ א ר ב א נ ד" — בא דער זיַיט שטייט דאָסזעלבע פריַי „איבערגעדיכטעט" אף אוק־ראַיִניש: „Література про національне питання, б о р о т ь б у з антисемітизмом та про земельне влаштування є в р е й с ь к о ї б і д н о т и".

דער מאַטעריִאַל אין ביכל גופע שטימט ניט מיטן ייִדישן און ניט מיט זיַין אוקראַיִנישן נאָמען. נאָך די טיטלען נאָך קומט אויס, אז די מעכאַברים האָבן געזאמלט מאטעריִאַל וועגן דער נאציִאָנאַלער פראגע א. ד. גל. אין ר א ט נ פ א ר ב א נ ד, און אינדערעמעסן, האָבן מיר גאנצע קאַפּיטלעך, וואָס ריידן וועגן פאקטן אויסערן ראטנפארבאנד, ווי די קאַפּיטלעך: „אַנטיסעמיטיזם אין מאַירעוו־אייראָפּע", „יידישע קאָלאָניזאַציע אין אויסלאַנד" א. ד. גל.

א גוואלדיקע אָפּגעלאָזנקיַיט פילט זיך אין דער ארבעט אף שריט און טריט. אפילע די קעפּלעך צו די אָפּטיילונגען, וואָס אף דער הילע, זיַינען ניט אלע מאָל גליַיך צו די קעפּלעך, וואָס אין ביכל גופע, אשטייגער: „13. שיינע ליטעראַטור" (אין אינהאלט־פארצייכעניש), האָט אין ביכל דאָס קעפּל: „XII. שיינע ליטעראַטור און רייזע־באַשרייבונגען וועגן דער אידישער איבערוואַנדערונג". הייַנט גיי ווייס, אז דער „13" איז גאָר קיין דריַיצן ניט, און עס קומט דאָך אויס, אז דער לייענער, וואָס זוכט נאָר „רייזע־באַשרייבונגען וועגן דער אידישער איבערוואַנדערונג", וועט זיך גאָר ניט ריכטן, אז די מעכאַברים זיַינען „מעזאַקע" מיט זאכן וואָס זיַינען אין „אינהאלט" ניטאָ?... מע גיט קעפּלעך, וואָס כאראקטעריזירן ניט אינגאַנצן דעם מאַטעריִאַל פון קאַפּיטל. לעמאָשל: „דאָס יידיש שטעטל" האָט דאָ פון קאָלטווו, א קאָנגלאָמעראט פון: סטאטיסטיק וועגן ייִדן, עקאָנאָמיק, בייַשטעטלדיקע קאָלעקטיווזאציע א. ד. גל. און אלץ איז דאָרט איבערגעפּלאָנטערט מיט זאכן, וואָס געהערן זיך לאַכלוטן מיטן שטעטל ניט אָן, אינדערעמעסן, ווער וועט עס אזוי קלוג זיַין, און גיין זיכן אין קאפּיטל „דאָס יידיש שטעטל": „Зингер, А. Возрастной состав еврейского населения СССР", אָדער: „סודארסקי, א. — וווהין גייט די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון די יידישע ארבעטנדיקע מאַסן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אין ראַטנפאַרבאַנד"? דערפאר האָט איר דאָ ניט קיין פּיצל מאַטעריִאַל וועגן שטעטל־און ייִשעוו־ראַטן און אנדערע פראגעס, וואָס זיַינען אָרגאַניש נעגייע דאָס שטעטל. דאָסזעלבע זאָגן גאָרנישט די קעפּלעך „אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס", „סאַכאַקלען און פּערספּעקטיוון"[1].

מע קען נאָך טיַינעס האָבן צו די מעכאַברים פאַרן ס ד ע ר פון די קאַפּיטלען אין ביכל. אשטייגער: „סאַכאַקלען און פּערספּעקטיוון" איז קאַפּיטל 6, וואָלט דאָך לאָגישער געוועזן געבן עס ערשט נאָכדעם, אז עס ענדיקן זיך אלע קאַפּיטלען וועגן דער ייִדישער ערד־איַינאָרדענונג (נאָכן קאַפּיטל 9); אָדער: „אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס" (מע מיינט פריַינטלעכע צו אונדז אָרגאַניזאציעס), וואָס איז דאָ קאַפּיטל 12, וואָלט דאָך געמעגט גיין גליַיך נאָך קאַפּיטל 9 („געזערד און זיינע אופגאַבעס").

אסאך ערגער איז מיטן איַינטיילן דעם מאטעריִאַל אין די קאַפּיטלען גופע. וויבאלד מיר האָבן א באזונדער קאַפּיטל „בירא־בידזשאַן". איז צו וואָס האָט דאָס געטויגט די באַשטימונגען וועגן פאַרפעסטיקן „בירא-בידזשאן" פאר ייִדישער איבערוואנדערונג (ז. 21—23) אריַינשטעלן אין VII „מאָסמיטלען פון דער ראַטנמאַכט"? געוויס, איז עס א מאָסמיטל פון דער ראַטנמאַכט, איז צי דען דער גאנצער „בירא־בידזשאן" ניט קיין אופטו פון דער ראַטנמאַכט? גליַיכער וואָלט געווען, און נאַטירלעכער אויך, געבן דעם פולן קאָמפּלעקס „בירא־בידזשאן", און ניט צעברעקלען דעם מאַטעריִאַל. אָדער: „Каменштейн, М. Еврейские земледельческие коллективы в Брянской губернии"

1) צום קאַפּיטל „סאכאקלען און פּערספּעלטיוון" איז דאָ א פּיירעש אין דעם אוקראַיִנישן אינהאלט-פארצייכעניש: „Підсумки та перспективи євр. колонізації в СРСР". אגעוו, דארף כען זאָגן, אז דאָס אוקראַיִנישלאָשן אין ביכל קומט אָפּט אין א שארפן קאָנפליקט סיַי מיטן ייִדישן טעקסט, סיַי מיט די אוקראַיִנישע שפּראַך־געזעצן.

(ז. 26) שטייט צווישן די „פּראָבלעמעס... פון דער יידישער ערד־איינאָרדענונג״, דארפן וואָלט עס געדארפט זײַן אין קאפּיטל VII „די ערטער פון דער איבערוואַנדערונג״, סובאָפּטייל: „3) אנדערע ראיאָנען״ (ז. 36). אָסטראָווסקיס „די פּערספּעקטיוון פון דער אידישער קאָלאָני־זיר־אַרבעט אין פ.ס.ר.ר. אפן 1926 יאָר״. (ז. 28) בעט זיך מאמעש אריבערטראָגן עס צום קאפּיטל VI „סאַכאַקלען און פּערספּעקטיוון פון דער אידישער ערד־איינאָרדנונג״.

מיר וואָלטן געקענט ברענגען נאָך און נאָך מוסטערן פון שלעכטער גרופּירונג, אָבער מאכמעס די מעכאבּרים האָבן ניט נומערירט זייער מאטעריִאַל, פּארשוועריקט עס ביז גאָר צו אָפּערירן מיט דעם, ווײַל עס קומט אויס יעדער מאָל אָנרופן דעם ארטיקל אָדער דאָס בוך באם נאָמען, און דאָס וואָלט אָפּגענומען צו פיל צײַט און אָרט.

דער פּלאָנטער איז אזוי גרויס, אז די מעכאבּרים אליין כאפּן זיך ניט ווי זיי שטעלן ארײַן איין און דעמזעלבן ביכל און עטלעכע אָפּטיילן מיטאמאָל, לעמאָשל:

„Каменштейн, М. Советская власть, еврейское земледелии и „Озет“

איז איינמאָל אין אָפּטייל VII „מאָסמיטלען פון דער ראַטנמאַכט...״ (ז. 22), א צווייט מאָל אין אָפּטייל V „פּראָבלעמעס״... (ז. 27), און א דריט מאָל: אין אָפּטייל XI „געזערד״ (ז. 42). אגעוו, איז צוויי מאָל אָנגעוויזן, אז דאָס ביכל האלט 56 ז. פאר 35 קאָפּ. און א דריט מאָל איז עס ביליקער — פאר דיזעלבע 35 קאָפּ. גיבן זיי קאמענשטיינס ביכל 86 ז. אָדער: „סודארסקי, א. ווהין גייט די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון די יידישע ארבעטנדיקע מאַסן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אין ראַטנפארבאַנד... 66 ז. 70 קאָפּ״. — אָפּטייל „דאָס יידיש שטעטל״ (ז. 19), א צווייט־מאָל — דאָסזעלבע ביכל אין אָפּטייל „מאָסמיטלען״... (ז. 24), אַבער שוין 76 ז. און 80 קאָפּ. (א מאָדנע ביבליאָ־גראפישע פארקריפּלטקײַט—וויבאלד א ביכל כאזערט זיך איבער, מוז דאָ זיין א גרײַז). אויב מיר זאָלן אָנעמען, אז די מעכאבּרים האָבן ניט געשפּאָרט קיין מי און אָרט און געגעבן איין און דעמזעלבן ביכל אפילע אין גאנצע דרײַ אָפּטיילן, וואָס דאָס ביכל איז צו זיי עטוואָס נעגייע, קעדיי דער לייענער זאָל זיי לײַכט קענען אָפּזוכן, איז פארוואָס־זשע האָבן זיי דאָסזעלבע ניט געטון מיט צענדליקער אנדערע מאטעריִאַלן, וואָס אין ביכל? פארוואָס האָבן זיי ניט צעוואָרפן אין צוויי אָפּטיילן „Биро-Биджан и задачи „Озет’а“ (ז. 37) (אין די אָפּטיילן: „בירא־בידזשאן״—„אזעט״). אָדער דעמזעלבן קאמענשטיינס ביכל אף יידיש „ראַטנמאַכט, יידישע ערד־איינאָרדענונג און „געזערד״ האָבן זיי געבראכט נאָר ז. 24 און ניט צעטיילט אויך אין די אָפּטיילן „געזערד״ אין „פּראָבלעמעס״, אזוי ווי זיי האָבן געטון מיטן זעלבן ביכל אף רוסיש? איז דאָס, הייסט עס, שוין בא זיי ניט קיין סיסטעם, נאָר פּאָשעטע סיסטעמלאָזיקײַט.

נאָך אין פּאָרוואָרט צום ביכל פארענטפערט זיך דער „אוקרגעזערד״, אז דאָס ביכל איז ניט אקאדעמיש פול. צי קען מען אָבער דורך אזא באוואָרעניש באפרײַען די מעכאבּרים פון געבן א רעכט און פארענדיקט שטיקל ארבעט? דער שטייגער איז, אויב מיר גיבן א פארקירצטע ביבליאָגראפיע אף א געוויסער טעמע, הייסט עס ניט, אז פּרינ־ציפּיִעל זײַנען מיר קעגן פולע ביבליאָגראפישע רעשימעס,—קיינער קען ניט זײַן קעגן א פולקומענער ארבעט,—נאָר איבער געוויסע מעניִעס: ווינציק אָרט, מע דארף נעמען אויס־גאבעס, וואָס עס איז זיי גרינג צו קריגן א. ד. גל., נעמען מיר אוף אין אזא פּראקטישער רעשימע ניט אלץ; און דאָס וואַרפט דאָך ארוף אפן מעכאבער נאָך א גרעסערע אכראיעס— די אכראיעס פון אויסוואַל. די מעכאבּרים פון אונדזער ביכל האָבן, זעט אויס, אף זיך גענומען די ראָליע געבן ניט ססאם אין דער וועלט ארײַן, נאָר דאָס פּאסיקסטע, דאָס כא־ראקטעריסטישסטע, א מין רעקאָמענדיר־צעטל אף דער טעמע „נאציִאָנאלע פראגע״, „יִידישע ערדאײַנאָרדענונג״ א. ד. גל. ווי אזוי־זשע זײַנען זיי אויסגעקומען מיט דערדאָזיקער טייל ארבעט? — ליידער, לעצט שלעכט! עס איז גענוג נאָר א בלעטער טון דאָס ביכל, קריגט מען באלד דעם אײַנדרוק, אז די מעכאבּרים זײַנען גראָד פארקערט, שוין צו פיל געווען „אקאדעמיש״, און אנשטאָט אָפּקלײַבן דאָס בעסערע, האָבן זיי פּאָשעט געגעבן אלץ, וואָס

עס האָט זיך זיי געמאכט אונטער דער האנט, אָן א קנאפער אכראַיעס פאר זייער ארבעט, אניט וועט זײַן שווער צו דערקלערן, וואָס האָט זיי געטויגט אין א פראקטישן אָנווייַזער ברענגען פראָווינציעלע אויסגאבעס, וואָס ס'איז זיי שוין שווער צו קריגן אפילע אין גרעסערע ביבליאָטעקעס, ווער רעדט שוין דער „געזערד"־טוער אין פראָווינץ, וואָס אים האָט מען עס מיטן ביכל דעריקערשט אינזינען, וועט זיי אוואדע און אוואדע אין די די אויגן ניט אָנזעען? דערצו איז עס דאָך ניט שטענדיק דאָס בעסטע אף דער טעמע.

וואָרעם אינדערעמעסן, איז עס טאקע אזא נויט געווען צו ברענגען א בראָשור וועגן אנטיסעמיטיזם פון דרייַצן זייַטן, ארויסגעגעבן אין... טולע? (זע. ז. 13), אָדער:

„Бурменко, Д.—Хто прагне ворожнечі до євреїв. Неплатні (?) додаток до газети „Червоноармієць", 16 стор." (דאָרט)—וואָס דאָס ביכעלע קען קריגן, נאָר דער וואָס שרייַבט אויס די בלאט „טשערוואָנאארמיִעץ"? הייַנט, גיי טרעף, ווען און ווו איז ארויס דאָס ביכעלע! דערפאר לאָזט מען דורך הויפּנסווייַז וויכטיקן און נייטיקן מאטעריִאל פון די אווטאָריטעטסטע מעכאברים; בא אן אויבנויפיקן איבערקוק ווארפט זיך אין די אויגן, אז עס פעלט ל ע נ י נ ס:

1) Избранные статьи по национальному вопросу. М.—П., 1924, 188 стр.

2) К национальному вопросу. Тезисы, письма наброски В. И. Ленина· 1913—1916—1919. Ленинский сборник III. стр. Л.—М., 1925, стр. 458—487.

3) О каррикатуре на марксизм и об „Империалистическом экономизме". Л., 1924, 91 стр.

4) Ленин о национальном вопросе М., 1924. 160 стр.

5) Ленин и Сталин.—Национальный вопрос. М., 1927, 108 стр.

6) О погромной травле евреев (речь) Соб. соч. т. XX ч. 2. М. — Л., Гиз. 1926, стр. 360.

עס פעלט אפילע לענינס א גאנצער באנד אין יידיש: „די נאציִאָנאלע און יִדישע פראגע ב. I", די מעכאברים ברענגען דעם צווייטן באנד (פון אָנהויב אימפעריאליסטישע מילכאָמע און ווייַזן אפילע ניט אָן, אז עס איז ב. II—דעם ערשטן לאָזט מען אינגאנצן דורך. פארוואָס? אנשטאָט לענינען גיט מען בעסער:

Добин, Е. Правда о евреях, (14 .ז).

Семашко, Н. Кто и почему травит евреев (15 .ז),

Качетков, Е. [Кочетков :דארף זייַן] Враги ли нам евреи? (14 .ז)

וואָס די סאָוועטישע קריטיק האָט זיי בעפיירעש ניט רעקאָמענדירט צום באנוץ, אלס שעדלעכע, לויט זייער מאטעריִאל, צוגאנג און אידעאָלאָגיע.[1] און דאָס טוט מען אין א בוך, וואָס מע לייגט אים פאָר פאר פּראָפּאגאנדיסטן, געזערד־אקטיוויסטן און ביבליאטעקן.

אין דעמדאָזיקן צווייטן ביכל באמערקט זיך ווידער דיזעלבע דערשייַנונג, וואָס אינעם ערשטן; די מעכאברים קוקן זיך ניט אום אף וויכטיקע ארבעטן, ווי זיי האָבן געטון מיט לענינס „О каррикатуре на марксизм", וואָס האָט בעפיירעש צו טון מיט דער נאציִאָנאלער פראגע (וועגן נאציאָנאלער זעלבסטבאשטימונג), זיי לאָזן עס דורך, נאָר דערפאר, וואָס דער טיטל פון בוך איז אביסל פארשטעלט,—הייסט עס, אז מע לייענט איבער די קעפּלעך און מען איז זיך ניט מאטריעך דורכצוקוקן, אָדער לעכאָלאפּאָכעס דורכבלעטערן די אויסגאבעס, דערפון נעמען זיך טאקע אויך די היפּשע בלויזן אין דער ארבעט.

עס איז מאמעש ניט צו פארשטיין, אויב מע גיט „צווייטער אלווייסרוסלענדישער צוזאמענפאָר פון יידישע פויערים, 1928" (ז. 33). איז מיט וואָס האָט פארזינדיקט דאָס בוך „1־טער אלווייַסרוסלענדישער צוזאמענפאָר פון יִדישע פויערים, 1924", וואָס מע גיט עס ניט? אָדער פארוואָס ניט ברענגען דאָס ביכל: „די נאציִאָנאלע פראגע אפן XII צוזאמענפאָר פון ר.ק.פ.(ב).

[1]) „В помощь библиотекарю". М., 1929. № 2, стр. 27.

„Книга и революция". М., 1929. № 6, стр. 19.

אפריל 1923... 43 ז.״? געשלאָגן איז אויך דאָס קאפיטל „שיינע ליטעראטור״. די שיינע ליטעראטור וועגן ייִדישער ערדאייַנאָרדענונג איז נאָך ניט רייַך בא אונדז, און מע וואָלט זיך געמעגט פארגינען געבן אויסשעפנדיקן מאטעריִאל אף דער טעמע. איז גיט מען: גאָרדאָן, ע,—1) „בוריאַן״, 2) „אין סטעפּ״, 3) ווילדגראָז״, וואָס די ערשטע צוויי זייַנען ניט מער ווי פראגמענטן פון „ווילדגראָז״ (אגעוו, ווייַזט מען עס ניט אָן), דערפאר לאָזט מען דורך: „גלאָזמאן — סטעפּ און ישוב. ווארשע, „קולטור־ליגע״. 230, 1928 ז.״; י. פעפערס „סנאָפּעס״ („געקליבענע ווערק. קיעוו, מעלוכע־פארלאג פון אוקראיִנע, 1929, ז. 259 — 272); ברייטער — „שטיוול־טריט״ („שטערן״, מינסק, 1927, 7—8, ז. 14 — 23); Ibidem — „זריע״ („רויטע וועלט״ (כ), 1928. נום. 7—8, ז. 49—61); וויינערמאנס היפשע צאָל דאָרפלידער און אנד.— פרעגט זיך: מיט וואָס זיינען דאָס איינציקע מאזלדיקער און זייַנען יאָ אריַין אין דער זאמלונג און אנדערע זייַנען אויסן געבליבן?

אכוצדעס, פעלן אינגאנצן געוויסע געביטן, וואָס האָבן אן עגגע שייַכעס צו דער גע געבענער טעמע. ניטאָ אפילע קייַן רעמעז וועגן ייִדישן באלעגוף אין דאָרף, וועגן באטראק עס איז דאָ נאָר איין ארטיקל וועגן דער אוקראיִניזאציע און די נאציִאָנאלע מינדערהייַט לאכלוטן ניטאָ וועגן קולטור־ארבעט אין ייִדישן דאָרף, אגראָבילדונג א. ד. גל. קייַן וואָרט ניט וועגן „איקאָר״. (פארוואָס האָט דאָס ייק״א מער אויסגענומען בא די מעכאברים, ווי „איקאָר״?) אָדער, מאָנעפשעך, ברענגט מען—„מערזאָן, י. די ארא‎בער און די יידישע קאָלאָ־ניזאַציע אין פאלעסטינע״.—„די וועלט״. ווארשע 254 ז.״ (ז. 46) (קייַן יאָר גיט מען ניט אָן), הייסט עס, אז מע פארנעמט זיך מיט דער געשיכטע פון דער ייִדישער קאָלאָניזאציע אין אויסלאנד פאר דער רעוואָליוציע אויך,—פארוואָס טאקע ניט געבן אויך:

Беркенгейм, А.—Аргентина и ея колоний С. .II Б. 1907.

אלפערסאָנס „דרייַסיק יאָר אין ארגענטינע״ און נאָך און נאָך מאטעריִאלן וועגן דער ייִדישער קאָלאָניזאציע אין אויסלאנד?

פון ביכל איז צו זעען, אז די מעכאברים האָבן זיך אוגטערגענומען אנאליטיש באַ־שרייַבן פעריִאָדישע אויסגאבעס אויך—א שווערע און פאראנטוואָרטלעכע אונטערנעמונג. און ארויס איז עס טאקע בא זיי ווידעראמאָל אָן א פלאן און אָן א סיסטעם באם אָפּקלייַב. וועגן אנטיסעמיטיזם האָט איר דאָ איין־און־איינציק ארטיקל אין „פראוודא״, נום. 41, 1929,— פרעגט זיך, פארוואָס האָט דאָס ארטיקל זויכע ליגדולע געוועזן מער ווי צענדליקער אנדערע ארטיקלען אף דער טעמע אין דערזעלביקער „פראוודא״? ווידער איז קאָשע, פארוואָס עפּעס נאָר „פראוודא״, מיר האָבן דאָך נאָך א היפשע צאָל גרויסע טאָג־בלעטער אין רוסיש, אוקראיִניש, וואָס באהאנדלען דידאָזיקע פראגעס? עס איז שווער צו ברענגען אלץ, וואָס עס פעלט, ווייַל דאָס וואָלט דאָך געהייסן איבעראנייַס איבערמאכן די ארבעט, עס איז אָבער דאָך ניט קלאָר, פארוואָס האָט ניט געקענט אריַין אהער די גאנצע פּאָלעמיק אין „עמעס״ וועגן אווטאָנאָמען איינס (ט ש ע מ ע ר י ס ק י — א. ד. מ.), וועגן רעכטן אָפּנויג אין דער ייִדישער ארבעט(מייַסע ביילין) און אנד.?

עס איז אויך שווער צו פארשטיין, פארוואָס נעמט מען ק י פ ע ר ס אָדער ק א נ ט א ר ס א ביכל און מע באשרייַבט עס קאפיטלעכווייַז — יעדער קאפיטל א באזונדער באשרייַבונג, איז פארוואָס זאָל מען ניט טון דאָסזעלבע, אשטייגער, מיט ל ע נ י נ ס א בוך?! דוכט זיך בא אזא „שפּאָרעוודיקייַט״, אז די מעכאברים לאָזן דורך אפילע וויכטיקע ביכער, וואָלט מען זיך געקענט באנוגענען מיטן גענויעם אינהאלט בא ביכער, און ניט אנאליטיש באשרייַבן די קאפיטלעך; האָט מען עס ניט געטון, דארף מען זייַן אויסגעהאלטן ביזן סאָף און א ל ע מעכאברים, אין יעדן פאל די וויכטיקערע פון זיי (אשטייגער, לענין!), אנאליטיש באשרייַבן.

דאָס ראָוו מאטעריאלן, וואָס ווערן געבראכט אין ביכל זייַנען: ייִדיש, רוסיש, אוקראיִניש; אן אויסנאם מאכט מען פאר איין ווייַסרוסיש ביכעלע „Аб антысэмітызме״ (ז. 13) און מע כאפּט ארויס דאָס קאפיטל „Сацыялны склад яурэйскага насельніцтва СССР і БССР״

(ז. 18) פון דעמזעלבן ביכל און מע באשרייבט עס באזונדער. עס ווילט זיך גלויבן, אז אף דערדאָזיקער טעמע איז אין ווײַסרוסיש דאָ מער. ניט שוין זשע איז דאָס ביכעלע דאָס בעסטע, וואָס עס איז פאראן אין ווײַסרוסיש? אָדער פלוצלינג כאפט מען ארויס א פּאָר ארטיקלען פון איין־און־איינציקן נומער „Вестник Маньчжурии“ (ז. 32), גלײַך ווי מער גייט אין ביכל גאָר ניט אַפּ.

איניקע ביכלעך, וואָס זײַנען געדרוקט אין ייִדיש, רוסיש, אוקראיניש, באשרײַבט מען זיי יעדער מאָל באזונדער — אף לענינס ווערק שפּאָרט מען און מע גיט ניט אלעמאָל דאָסזעלבע ביכל אף פארשידענע שפּראכן; קאלינינס באוווסטע רעדע אפן „אָזעט״־צונויפפאָר „Евреи земледельцы в союзе народов СССР“. פעלט אף ייִדיש; Диманштейн, С. „Прошлое и настоящее жизни народов СССР“ איז דאָ אויך אף אוקראיניש פאר דער גאנצער וועלט, נאָר ניט פּאר די מעכאַברים. בא אויסגאבעס, וואָס זײַנען ארויס אין עטלעכע שפּראכן, ווייזט זיך אויס, וואָלט מען אין אזא קלייניקן, פּראקטישן אָנווײַזער ביקלאל געקענט יויצע זײַן מיט א באמערקונג צו דער שפּראך פון אָריגינאל אין וואָס נאָך פאר א שפּראכן איז עס איבערגעזעצט. (מע טוט עס נאָר אין אן איינציקן פּאל, ז. 51),—האָט מען אזוי ניט געטון, האָט מען דאָך באדארפט פּינקטלעך און גענוי אלץ באשרײַבן און ניט צופעליק איניקע ארײַנעמען אין קאָן און די אלע אנדערע אויסמײַדן.

נאָך ערגער איז מיט דער סיסטעם פון ביבליִאָגראפישן באשרײַבן אויסגאבעס און דער טעכנישער אויסשטאטונג פונעם מאטעריִאל. עס ווערט ניט אָפּגעהיט אפילע אזא עלעמענטארע פּאָדערונג: די קעפּלעך צו די קאפּיטלעך, וואָס דארפן זײַן אָנזעעוודיק און אויסטיילן זיך פון גאנצן טעקסט. און וואָס אין גאנצן ביכל דארפן זיי זײַן געדרוקט מיט איין אין דעמזעלבן שריפט און אלציינס אויסגעשטעלט, — איז עס דאָ אינגאנצן איגנאָרירט. נאָך א זאך, מיר זײַנען זיך נויהעג, אז א קעפּל גיבן מיר מיט א גרעסערן שריפט, אן אונטערקעפּל מיט אביסל א קלענערן, דאָ האָט איר אזוי: קעפּל צו קאפּיטל I—ציצעראָ, צו קאפּיטל II שוין שווארצער קאָרפּוס, קעפּל III ווידעראמאָל ציצעראָ, IV ווײַטער שווארצער קאָרפּוס, און אָט אזוי גייט עס אן איבערפלעכט פון קאָלערליי שריפטן; דער שריפט אין סובאָפּטייל „אַנטיסעמיטיזם אין מאַירעוו־אייראָפּע״ איז גרעסער פון זײַן גרונט־קעפּל „אַנטיסעמיטיזם״: אגעוו, איז דערדאָזיקער סובאָפּטייל באצייכנט מיט א „ב״ כאָטש קײַן „א״ איז דאָ ניט צו מערקן. איניקע קעפּלעך גייען שפּאצירט, איניקע ניט, אן עמעסער מישמאש. טאָמער גיבן די מעכאַברים אָן פון זיך געציילטע 13 שורעס—דרײַצן קעפּלעך צו די קאפּיטלען, איז עס אויך אָנגעשפּיקעוועט מיט גרײַזן אפילע אין אויסלייג. אָט שרײַבט מען „ייִדיש״ (ז. 17), אן אנדערש מאָל „אידיש״ (ז. 21, 25 31) און ווידעראמאָל „ייִדיש״ (ז. 45), איז דאָס ניט קײַן אָפּגעלאָזנקײַט?

דאָסזעלבע קען מען זאָגן וועגן דער סיסטעם פון דער ביבליִאָגראפישער באשרײַבונג; עס איז שווער פעסטצושטעלן לויט וואָס פאר א סיסטעם זײַנען אָרגאניזירט די עלעמענטן פון דער באשרײַבונג, ווײַל יעדער אויסגאבע האָט זיך בא די מעכאַברים איר אייגענע סיסטעם. דאָס ערשטע ביכל (ז. 7) שרײַבט מען: אָרט, פארלאג, יאָר, דאָס פערט ביכל אפן זעלבן זײַטל האָט שוין אזא סיידער: פארלאג, יאָר, אָרט. באם זעקסטן ביכל (דאָרט) פעלט אינגאנצן דער דרוק־אָרט. אָט אזוי קען מען אָנציילן אף יעדער זײַטל אָן א שיר דעפעקטן און ניט פּינקטלעכקײַטן, אכוצדעם, זײַנען אלע עלעמענטן געדרוקט מיט איין שריפט און אין איין שורע. אנשטאָט דעם, די וויכטיקערע עלעמענטן זאָלן זיך אויסטיילן, ווארפן זיך מער אין אויג—איז עס דאָ אלץ צונויפגעגאָסן אין איין גוס, ניט אָפּגעטיילט אפילע איין ביבליִאָגראפישן אָביעקט פונעם צווייטן. מע גרענעצט אויך מיט גאָר ניט אָפּ באזונדערע אויסגאבעס פון איינצלנע ארטיקלען. מע פארגעסט, אפּאָנעם, אז אין ביבליִאָגראפיע איז יעדער פּונקט וויכטיק און אלץ האָט זײַן באשטימטן אָרט.

קורץ, די עלעמענטן פון דער ביבליִאָגראפישער באשרײַבונג, זײַנען אָנגעוואָרפן אין הויפּנס און ניט אָרגאניזירט. לאָמיר נעמען, ניט אויסקלײַבנדיק, אשטייגער, זײַטל 10 און

באטראכטן עס פון דער טעכנישער זײַט. דאָס זײַטל האָט 16 נומערן, פון זיי פעלט אינגאנצן דער דרוק־אָרט—פיר נומערן, פארגרעַזטער פארלאג, אנשטאָט "ГИУ„—„ГИЗ"—איין נומער; פעלט די צאָל זײַטלעך—דרײַ נומערן, פעלט די פרײַז—דרײַ נומערן. אלע ביבליָאגראפן שטעלן נאָכן דרוק־אָרט א קאָמע און נאָכדעם דעם פארלאג, אונדזערע מעכאברים שטעלן נאָכן אָרט א פונקט—איז דאָס זייער זאך, אף דעמדאָזיקן זײַטל שטעלט מען פונדעסטוועגן, אמאָל אויך א קאָמע. אף אנדערע זײַטלעך האָבן מיר באמערקט, אז א קאָמע נאָכן דרוק־אָרט שטעלט מען איבערהויפּט אין א ייִדישן טעקסט. אף אָנצווײַזן די זײַטן פון אן ארטיקל אין א זשורנאל (אָנהויב—סאָף) שטעלט מען צווישן די ציפרעס אמאָל א דעפּיס און אמאָל א טירע.

דאָס ראָוו איז דאָ אײַנגעשטעלט אזא סיידער: בא ביכער: אָרט, פארלאג, יאָר, זײַטן; בא זאמלביכער: זײַטן, אָרט, יאָר; בא זשורנאלן: יאָר, נומער, זײַטן. (די מעכאברים האָבן ביקלאל ליב פארשיידנארטיקײַט, האָט עס אָבער פײַנט יעדער סיסטעמאטישע ארבעט אין ביבליָאגראפיע איבערהויפּט), אָבער דאָס איז ניט אויסגעהאלטן ביזן סאָף און אונדז איז טאקע אָנגעקומען מיט גרויס מאטערניש אויסצודרינגען דידאָזיקע, אין פלוג אומגעלומפּערטע, סכעמע. נאָך בעסער, מע האלט, אז מען איז ניט מעכויעוו אָנצווײַזן אין די ציטירטע זשורנאלן דעם יאָר, נומער, זײַטל (ז. 43, 45, 50 א. ד. גל.),—און גיי זוך! און דאָס הייסט בא זיי: „דער ביבליָאגראפישער אָנווײַזער וועט אויך פארגרינגערן די ארבעט פון די פּראָפּאגאנדיסטן און פאָרטרעגער באם צונויפשטעלן זייערע לעקציעס, פאָרטראגן...” (פונעם ארײַנפיר).

וואָס איז שײַעך דעם סיידער פון אלעפבייז איז דאָ פאראן נאָך מער קוריאָזן, ווי אינעם ערשטן ביכל. בא די מעכאברים קומט אויס „וו”, „ט” פאר „ב” זײַטל (10, 11), אָדער: „פינקעל”, „קאנטאר”, „פינקעל”, „קאמענשטיין”, „קאז” און ווידעראמאָל „קאנטאר”, און דאָס אלץ אף איין זײַט! (ז. 29). ענלעכע פאלן קענט איר גרינג אָפּזוכן קימאט אף יעדער זײַטל. ווערק פון איין־און־דעמזעלבן מעכאבער ווערט אין ביכל ניט אויסגעשטעלט אין אלעפבייז־סיידער, נאָר וואָס עס קומט פריער צום האנט, לעמאָשל: 1) „קאנטאר, י. צו הילף...” 2) קאַנטאר, י. די אידישע ערד־איינאָרדענונג... (ז. 29 א. אנד.).

עס איז נאָך קעדײַ אָפּצושטעלן זיך אף דער סיסטעם פון די מעכאברים, וואָס ווילן נאָר קאָפּירן דעם טיטל־בלאט, און גיבן זיך אפילע ניט קיין מי רעדאגירן עס: דעריבער, איז ארזשאנאָווס און שטשעפּאניוסקעס (ז. 8, 9 און אנד.) כרעסטאָמאטיעס אויסגעשטעלט לויט די טיטלען און ניט נאָך די מעכאברים נאָך. אז מע ברענגט עמיצנס א פאָרטראג, איז בא זיי דער פאָרטרעגער ניט קיין מעכאבער. דאָס קאָלעקטיווע אוטאָרישקײַט, וואָס איז שוין אומעטום אָנגענומען, איז דאָ לאכלוטן איגנאָרירט. דערפאר אָבער איז בא די מעכאברים דאָס אָרדענונג־ווארט פאר זייער אלעפבייז־סיידער דער ארטיקל „דער” „די” „דאָס”...

די „מעכאברים־צעטלען” זײַנען אויך פול מיט גרײַזן. אין דעם ייִדישן טייל פעלט: מאָנין, 43, רוטבערג, 49. אין דעם רוסיש־אוקראיִנישן איז אָנגעוויזן: „Диманштейн, 6” אינדערעמעסן הויבט זיך די ביבליָאגראפיע ערשט אָן פון ז. 7, קאנטאָרן איז אומזיסט צוגעשריבן ז. 34 אנשטאט ז. 35, דערפאר פעלט בא לארינען ז. 14. מיטן אלעפבייז־סיידער איז דאָ אויך ניט אינגאנצן גלאט. אפילע אין די „באמערקטע פעלערן” קען מען פונדעסטוועגן באמערקן פרישע פעלערן... (פארגלײַך דעם פאריכטן טאָעס צו ז. 56). אָדער: מע פארטײַטשט די קירצונגען צום ייִדישן טעקסט, און מע האלט פאר איבעריק צו דערקלערן, וואָס מאכט דער "М„, "Сб„, "X„ אין רוסיש־אוקראיִנישן טעקסט. מע געפינט ניט פאר נויטיק, צו געבן די רעשימע ליטעראטור, וואָס זיי האָבן גענוצט צו דער ארבעט, אזוי, אז א צווייטער ביבליָאגראף זאָל פארשפּאָרן האָבן וואָס צו טון מיט דעמזעלביקן מאטעריִאל.

מע מוז דאָ באצייכענען, אז דער ארויסגעבער „אוקגעזערד” און דער מעלוכע־טרעסט „כארפּאָליגראף” האָבן אויך צוגעהאָלפן די מעכאברים, אז דאָס ביכעלע זאָל האָבן אזא

נעבעכדיקן אויסזען. אזא פרימיטיווע דרוק־טעכניק, אזא געשלאָגענע קאָרעקטור באם ארויס־געבן א ביבליאָגראפישע ארבעט, איז בעפיירעש א סימען פון ניט־קולטורעלקייט און העפקיירעס.

* * *

מיר קערן זיך אום צו די אויבנדערמאָנטע צוויי רעצענזענטן. עס איז קלאָר, אז נאָך דעם געגויעם אנאליז פון די צוויי ביכלעך, שטייען מיר אוואדע צו צו כ' מ. ליבערמאנס מיינונג. נאכלעסיקייט, גוואלדיקע ניט פאראנטוואָרטלעכקייט — כאראקטעריזירט דיביידע „אָנווייזערס" פון די כ"כ נאדעל און עליאָוויטש. אויב דאָס ערשטע ביכל („דאָס אידישע בוך") קען נאָך עפשער, באַ אלע זיינע פעלערן, זיין עטוואָס נוצלעך, איז דאָס צווייטע ביכעלע („ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע...") א ניט־באארבעטער טייל רויווארג פון א טעמע, וואָס ווארט נאָך אף איר ביבליאָגראף, דאָסדאָזיקע ביכל איז אזוי ארום פאָשעט ניט דרוק־פעיק. באַ אונדזער אָרעמקייט אין ביבליאָגראפישער ליטעראטור, אז מע פארגינט זיך אונטערטראָגן דעם יידישן לייענער אזעלכע געמיינע סוראָגאטן, אזא ביבליאָגראפישן טאנדעט — איז עס, קוידעמקאָל די שולד ניט פון די צונויפשטעלער, נאָר פון די ארויסגעבער און רעדאקטאָרן, וואָס פאר־טרויען וויכטיקע ביבליאָגראפישע ארבעטן אין ניט געניטע הענט.

---

י. מיטלמאַן

# וועגן יִדישן „קאַרטלעך־רעפּערטואַר“ אין דער אוקראַיִנישער ביכער־קאַמער

די יִדישע בוך־ און ביבליִאָטעק־וויסנשאַפט אין ראַטנפאַרבאַנד ליגט נאָך קימאַט אין די וויקעלעך. דאָס אייגענע קאָן מען זאָגן אויך וועגן דעם צושטאַנד פון דער יִדישער ביבליִאָגראַפיע. עמעס, דער צווייטער אַלפאַרבאַנדישער יִדישער קולטור־צוזאַמענפאָר אין כאַרקאָוו (9 — 18 אַפּרעל 1928) האָט צווישן אַנדערע אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן אָרגאַניזירן אַ ביבליִאָגראַפישע צענטראַלע בײַ דער קאַטעדרע (איצט—אינסטיטוט) פאַר יִדישער קולטור. אָבער דידאָזיקע צענטראַלע האָט זיך אָקאָרשט אָרגאַניזירט, און איר אַרבעט ווערט ערשט איצט פאַנאַנדערגעוויקלט. און דערפאַר מוז טאַקע דער יִדישער ביבליִאָטעקער און בוך-פאָרשער דערווײַלע זיך אַליין, ווי ווײַט מעגלעך, אַרויסהעלפן און — פאַרשטייט זיך — אַף אַ קוסטאַר־יעכידישן אויפן.

בײַ אַזעלכע אומשטאַנדן וואָלט געקומען אַ גרויסער יאָשער־קויעך דער אוקראַיִנישער ביכער־קאַמער אין כאַרקאָוו דערפאַר, וואָס זי פאַרנעמט זיך יאָ אין אַ גרעסערער מאָס מיט ביבליִאָגראַפיזירן דעם יִדישן בוך (עמעס, נאָר יענעם, וואָס גייט אַרויס אין אוקראַיִנע) און נאָכמער — פאַר דעם יִדישן קאַרטלעך־רעפּערטואַר, וואָס זי גיט אַרויס זינט 1928 יאָר.

וואָרעם—אַ ביבליִאָגראַפישער רעפּערטואַר פון די יִדישע דרוקן אין פאָרם פון קאַרטלעך האָט אין זיך אַסאַך מײַלעס: ערשטנס—איז אַזאַ רעפּערטואַר זייער באַוועגלעך און אָנשוילעך; צווייטנס — קאָן ער דינען אַלס אַ קאַטאַלאָג ניט נאָר פאַרן ביבליִאָגראַף אָדער ביבליִאָטעקער, נאָר אויך פאַרן לייענער; דריטנס — איז גוט דאָס, וואָס יעדער בוך ווערט זעלבשטענדיק באַשריבן אַלס ביבליִאָגראַפישער איינס; פערטנס — איז מיטן אײַנפירן די ביבליִאָטעק־שיפערן, רובריקעס פון זאַך־קאַטאַלאָג און אָנווײַזונגען וועגן צוטריטלעכקײַט און סאָציִאַלער באַשטימונג פונעם בוך ווערט אַסאַך פאַרגרינגערט און פאַרבעסערט די אַרבעט פאַרן ביבליִאָטעקער און פאַר יעדן, וואָס האָט צוטון מיטן בוך. הײַנט מיט דער הילף פון אַנאָטאַציעס — ד. ה. קורצן אינהאַלט-פאַרצייכעניש — באַקומט דאָס ביבליִאָגראַפישע קאַרטל נאָך מער ווערט העון פאַרן ביבליִאָטעקער, העון פאַרן לייענער, — וואָרעם עס ווערט אים קלאָר אַף דער שטעל פון וואָס רעדט זיך עס אין געגעבענעם בוך. און וויבאַלד די קאַרטלעך פון דער אוקראַיִנישער ביכער־קאַמער זײַנען מיט אָט דעם אַלעמען באַשטאַטן — אי מיט שיפערן, אי מיט רובריקעס, אי מיט אַנאָטאַציעס א. א. וו., — וואָלט דאָך געווען גוט ... איז אָבער פאַראַן דאָ זייער אַ זויערער „אָבער“, נעמלעך, די קאַרטלעך זײַנען אַזוי — לאָמיר זאָגן אָפן — אומגעלומפּערט, אַזוי אַמעראַציש צונויפגעשטעלט, אַז פון אַלדי גוטע מײַלעס ווערט האַרבע און פאַרדריסלעכע כעסרוינעס.

מיילע, דאָס וואָס ניט אַלע ביכער, וועלכע דערשײַנען אין אוקראַיִנע, ווערן אַרײַנגעטראָגן אין דעם קאַרטלעך־קאַטאַלאָג; דאָס וואָס די קאַרטלעך ווערן צוגעשיקט אַף די ערטער מיט אַ סיסטעמאַטישער פאַרשפּעטיקונג אַף 2—3 כאַדאָשים; דאָס וואָס ניט אַ ל ע קאַרטלעך ווערן צעשיקט — דאָס אַלץ איז טאַקע זייער אומבאַקוועם — נאָר מיילע! — אָבער וואָס טוט מען, אַז די קאַרטלעך אַליין זײַנען מייסטנטיילס לוי־יוצלעך?

שוין די סכעדאָגראַפישע זײַט אַליין איז פול מיט גרײַזן און אומפּינקטלעכקײַטן, וועלכע זײַנען אַבסאָליוט ניט דערלאָזבאַר באַ ביבליאָגראַפישע אַרבעטן. אַזוי, לעמאָשל, באַגעגענען מיר אָפט גרײַזן אין די נעמען פון די מעכאַבערים; אשטייגער, א. ספּיוואַק — דעם מעכאַבער פון „ייִדישער שפּראַך" — רופט די ביכער־קאַמער „ספּיוואַק, אַ."— פּאַסעך אַלעף! דאָס אייגענע ווערט אָפּאַטאָשו, — מעכאַבער פון „פערד־גאַנעוו" („קולטור־ליגע", 1928) — אַפּאַטאָשו! דעם דיכטער קוויטקאָ האָבן זיי זיך פאַראַקשנט צו רופן דאָפּקע „לעוו" קוויטקאָ, בעשאַס דער „לעוו" איז ניטאָ ניט אַף דער הילע, ניט אַפן טיטל־בלעטל; אַפן ביכעלע „דאָס שטיבעלע" איז ניט אָנגעוויזן גראָדע קיין שום נאָמען פון קיין מעכאַבער, און פונדעסטוועגן שרײַבט די ביכער־קאַמער אַפן קאַרטל ווידעראַמאָל „קוויטקאַ, לעוו" און גיט צו: „פאַראַן נאָמען פון בוך דער אווטאָר — ל. קוויטקאָ". אַזוי אויך שרײַבן זיי „ר ע ז אָ ל ו ציִ ע ס פון צווייטן אַלפאַרבאַנדישן ... פון קולטור ט י ע ר", בעשאַס אַפן ביכל שטייט ריכטיק: „רעזאָליוציעס" און „טוער". דעסגלײַכן דאַרף מען ניט טאָמיד געטרויען די צאָלן וועגן דעם פאָרמאַט פון בוך: מאַכט זיך, אַז ס'איז דאָ פאַרגרײַזט אַף 2 אָדער 3 צענטימעטער. דער קעטער־צייכן איז אַמאָל יאָ דאָ, אַמאָל ניט, אַמאָל איז דאָ נאָר דאָס ערשטע אָס פונעם נאָמען — און די ציפערן פעלן. די דעצימאַלע שיפערן זײַנען אַמאָל צו לאַנג, אַמאָל צו קורץ אָנגעגעבן, אַמאָל לויט אייגענער בויכסוואָרע, אַפּאָנעם. אַזוי איז אַף האָפּשטיין־שאַמעסעס ביכל „ליטעראַטור־קענטעניש", וו טייל, געגעבן אַ שיפר 809 — אין דער צײַט וואָס אַף ליטעראַטור־טעאָריע איז פאַראַן דער שיפר 801 און אַף פּאָעטיק ספּעציעל — 808; אַף ספּיוואַקס „ייִדישע שפּראַך" איז דער שיפר 8.924, ד. ה. — העברעיִשע ליטעראַטור. סיסטעמלאָזיקײַט און אומבאַהאָלפנקײַט פילט זיך אין דער רובריקאַציע פאַרן זאַך־קאַטאַלאָג, וואָס די ביכער־קאַמער־קאַרטלעך גיבן. אָט האָבן מיר צוויי לערנביכער פון אײַן און דעמזעלבן מין: גרינבערגס „אַרבעט און לעבן" און מײַדאַנסקי—פּרוסמאַנס „לעגינס רוף", — איז דעם ערשטן אָפּגעגעבן נאָר איין רובריקע: „אידישע שפּראַך—לערנביכער", דער צווייטער האָט זויכע געוועזן און באַקומען נאָך איין רובריקע — „ליקפּונקט־מאַטעריאַלן". מ. קאַנטאָרס ביכל וועגן אַ מילך־קו „צענטרפאַרלאַג", 1928) האָט די רובריקע סטאַם: „פיצוכט—איינצלנע"; באָראָוויטשס אָבער „קויפן אַ גוטן פערד" — האָט אַ ספּעציִעלע רובריקע: „פערד־צוכט" — מאַשמאָעס, אַז באַ דער ביכער־קאַמער איז אַ פערד כאָשעווער פון אַ קו. באַזונדערס „טיפזיניק" זײַנען רובריצירט די בעלעטריסטישע ביכער. אָפּאַטאָשוס „ראָמאַן פון אַ פערד־גאַנעוו" איז אונטער דער רובריקע: „ראָמאַנען, נ אָ וו ע ל ן און דערציילונגען"; שאָלעם־אַלייכעמס „בלאָנזנדע שטערן": „ראָמאַנען, ג ע ש י כ ט ע ס און דערציילונגען"; אָבער ל. קוויטקאָס „ריאַגראַנדער פעל" איז גלאַט אַזוי זיך — „שיינע ליטעראַטור, פּראָזע". דאָך דער גרעסטער באַר־מאַזל איז נאָר מ. שאַפּיראָ: זײַן „אין ערשטן יוגנטהויז" האָט זויכע געוועזן צו גאַנצע 3 רובריקעס: „1. פּאַרוואָרלאָזטע; 2. ראַטן־שול. 3 פּראָזע".

ניט ווייניקער אייגנאַרטיק זײַנען די צוטריטלעכקײַט־שטופן, וואָס ווערן אָנגעוויזן אַף די קאַרטלעך. אשטייגער: מ. קיפּערס „די וואַלן אין די ראַטן" — איז באַצייכנט מיט אַ II, ד. ה. — פאַרן מיטלמעסיקן לייענער; שאָלעם־אַלייכעמס „בלאָנזנדע שטערן" — מיט אַ III: פאַר גוט קוואַליפיצירטע לייענער; אָבער אָפּאַטאָשוס „ראָמאַן פון אַ פערד־גאַנעוו" — איז פון דער העכסטער IV שטופע; הײַנט, מע מוז האָבן קימאַט געענדיקט אַ הויכשול קעדיי עס צו פאַרשטיין!...

נאָר די גרעסטע מאַדרייגע פון לעפּישקײַט קאָן מען געפינען אין די אַ נ אָ ט אַ צ י ע ס פון די קאַרטלעך. אָט איז, לעמאָשל, די אַנאָטאַציע אַף די דערמאָנטע „בלאָנזנדע שטערן", ווו ס'ווערט געמאָלדן קעהײַ לישנע: „אַ ראָמאַן וועגן דער ייִדישער אָרעמקײַט, וועלכע זוכט פּאַרנאָסע, אָבער זי געפינט זי נאָר אין געדאַנק"... נאָך אַ בײַשפּיל — אַלעקסיי טאָלסטאָ'ס „יואַסילי סוטשקאָוו" („קולטור ליגע", 1928): „וועגן אַ לענינגראַדער אַרבעטער, וועלכער האָט שלעכט פאַרשטאַנען דעם נאָך־רעוואָליוציע־שטייגער און האַרגעט זײַן פרוי קעדיי צונויפצוגיין זיך מיט אַ צווייטער"... נאָך גלענצנדער איז די אַנאָטאַציע אַף

קאַציזבינסקיס „א געשענק צום געבורטס־טאָג": „איינדרוקן פון א אינגל פון א טליע דעם געשענק פון פאָטער פאָליציימאַן, בעשאס מע האָט אופגעאנגען (sic!—דאפקע אָן א הײ...) א מענטש"... דאָ האָט איר מאמעש א שעדעוור פון שפּראַך, סטיל און אָרטאָגראַפיע; מע קאָן גיין אין געוועט, אז ניט נאָר קיין פּאָשעטער לייענער, נאָר אפילע דער מעכאַבער גופע וואָלט ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין וועגן וואָס אייגנטלעך רעדט זיך עס אין דערדאָזיקער אנאָטאַציע. דער „קולמינאַציע־פּונקט", אזוי צו זאָגן, איז אָבער דערגרייכט אין אַן אנדער אָרט, אין דער אנאָטאַציע צו שאָלעם־אַלייכעמס „מאָשקעלע גאַנעוו": דאָס איז — זאָגט אונדז דאָס קארטל — „א ראָמאַן וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ די צושטערונג פון די אלטע טראַדיציעס און די געוויסן באָדן"... [1]). דאָ האָבן זיך, וויַיזס אויס, פאַרייניקט די קויכעס פונעם צונויפשטעלער מיטן האַבאָכער האַזעצער — און ס'האָט זיך באַקומען טאַקע א זעלטן מייַסטערשטיק, א „באַשעפעניש" ניט ערגער פון שאָלעם־אַלייכעמס...

פון דעם אלעמען איז קלאָר פאַר יעדן איינציקן, אז מיט אזעלכע קארטלעך קאָן ניט און טאָר זיך ניט באַנוצן ניט קיין ביבליאָטעקער און ניט קיין ביבליאָגראַף. דאָס וואָס אין 1929 יאָר האָט זיך די ביכער־קאַמער שוין אָפּגעזאָגט פון דער אנאָטירונג און לאָזט ארויס הוילע ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענישן — איז אויך א קנאַפּע טרייסט, וואָרעם אפילע אָן דער אנאָטאַציע גיבן די קארטלעך פאַר 1929 יאָר אויך גענוג שטאָף פאַר „הומאָר און סאַטירע": פאַראַן דאָרטן די אייגענע גרייַזן, אומפּינקטלעכקייַטן און אומגעלומפּערטקייַטן וואָס פריער. בייַשפּילן? — די דיכטערן כאַנע לעווין ווערט געקרוינט (אפן קארטל צום „צושטייַער" מיטן נאָמען „נאַנע לעווין"; דער אָפּטייל „סיזיף" אין פיניבערגס ביכל „אין פּרי פון יאָר" — איז פאַרצייכנט „סיאַף"; אָפּאַטאָשו ווערט אָנגערופן אָדער „יוסעף" („ארום גרענד־סטריט") אָדער גאָר „פּאָ רוסקאָמו" אף יידיש — „יאָסיפ" („אף יענער זייַט בריק"). דאָס לעצטע קארטל איז ביכלאַל ציקאַווע מיט זייַן מאָדנער אויסלייגעכץ: די „פּ" איז אומעטום א קורצע, די נון אפן סאָף — א לאַנגע; דאָס ביכל אליין איז, פאַרשטייט זיך, מיטן אלטן אויסלייג, און אף די טיטל־בלעטלעך איז קיין סימען ניטאָ ניט פון קיין „יוסעף" ניט פון „יאָסיפ". ווידעראַמאָל זייַנען אָן א סיסטעם די רובריקאַציעס: שאָלעם אלייכעמס „יידישע ראָמאַנען" זייַנען בלויז „שיינע ליטעראַטור. ו פּראָזע"; „פּישקע דער קרומער" מענדעלעס איז שוין דעטאַלער: „1. אידן אין פאַררעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד. ו פּראָזע;". „ארום גרענד סטריט" — איז נאָך מער דעטאַליזירט: „1. אידן אין אויסלאַנד. 2. אמעריקע ו. פּראָזע". דערפאַר איז „הערשל שאַמאַי" אבטשוקס — אָבער אמאָל ניט מער ווי — „פּראָזע". וועגן דער „טיפּזיניקייַט" און „פּילדרייַטיקייַט" וואָס ליגט אין אזעלכע רובריקעס פאַרשפּאָרן מיר שוין צו רעדן, נאָר דאָס איז דאָך קלאָר, אז דער צונויפשטעלער פון די קארטלעך האָט, אפּאָנעם, פאַרגעסן איין קלייניקייַט: אז נעמען זיך צו מאַכן א זאַך־קאַטאַלאָג קאָן מען נאָר דאַן, ווען מע האָט פריער באַשטימטע קלאָלים, פעסטע פּרינציפּן און אַן אויסגעהאַלטענע סיסטעם פון רובריצירן. אָן אלעם דעם טויג דאָך די גאַנצע ארבעט, פּראָסט־יידיש גערעדט, אף קאַפּאָרעס. ניט בעסער איז די זאַך מיט דער צעשיקונג פון די קארטלעך — זיי קומען אָן אין 1929 יאָר אויך מיט א פאַרשפּעטיקונג פון 8 ביז 10 וואָכן. וואָס איז שייַעך דעם צוזאָג פון דער ביכער־קאַמער ארויסצולאָזן א פּעריאָדישן בלאַק־קארטן־זשורנאַל אונטערן קעפּל „Треба прочитати" (אייגנטלעך — א רעקאָמענדיר־קאַטאַלאָג) פאַרן ברייטן אוילעם ביבליאָטעקערס און לייענער — איז ער אין פּראַט פונעם יידישן בוך נאָך ניט מעקויעם געוואָרן; און מיר האַלטן דאָך שוין באַם סאָף 1930־טן יאָר! [2]) מיט דער רעגיסטראַציע און ביבליאָגראַפישער באַארבעטונג פונעם יידישן בוך האַלט עס, ווי מיר זעען, ניט גלאַט.

---

[1]) די אָרטאָגראַפיע און די פּונקטואַציע זייַנען דעם מעכאַבערס.

[2]) די קארטלעך פאַרן 1930־טן יאָר באַווייַזן נאָר, אז די זאַך האָט זיך קלאַל ניט פאַרבעסערט. ווידער אמאָל דיזעלביקע זאָרגלאָזיקייט בענעגייע דער קאָרעקטור, אָרטאָגראַפיע, גראַמאַטיק, דיזעלביקע סיסטעמלאָזיקייט און ווייניק־איוורעדיקייט אין די רובריקאַציעס. אָט אזוי טרעפן מיר אף איין קארטל א מעשונע־מאָדנע אופשריפט:

ס'איז געקומען די צײַט ראדיקאל צו ענדערן דידאָזיקע לאגע. די ביבליאָגראפישע צענטראלע (און אויך די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע) באם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור דארף זיך ענדלעך פארנעמען מיט אָט דער פראגע און לייזן זי אף אזא אופן, אז די יידישע בוכטוער זאָלן סאָפּקאָלסאָף באקומען א פולע, צודערצײַטיקע, רעגולירע, פּינקט־לעכע און וויסנשאפטלעך־אויסגעהאלטענע ביבליאָגראפיע פון אלע יידישע דרוקן אין ראטנ־פארבאנד און ווי ווײַט מעגלעך אויך אויסערן ראטנפארבאנד; דאָס פאָדערט די גאנצע יידישע קולטור־ארבעט, וואָס צעוואקסט זיך אלץ ברייטער און טיפער פון טאָג צו טאָג.

דערבײַ מוז מען פעסטשטעלן איין פונקט: וואָסער ביבליאָגראפישע אינסטרוקציע ס'זאָל ניט אָנגענומען ווערן — אויסארבעטן וועט זי, פארשטייט זיך, דער אינסטיטוט אליין מיט דער הילף פון די געהעריקע אָרגאנען — דארף דאָך די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע זיך ניש שטעלן אפן שטאנדפונקט פון דער אוקראינישער ביכער־קאמער און אומבאדינגט אײַנפירן די אנאָטי־רונג פון יעדער דרוק־זאך אלס א מוז אין אירע ביבליאָגראפישע קארטלעך.[1]

וואָרעם אינדערעמעסן: אויב מיר האלטן, אז די ביבליאָגראפיע — ווי אלע אנדערע וויסנשאפטן — דארף זיך באזירן אף די יעסוידעס פונעם דיאלעקטישן מאטעריאליזם, אויב מיר ווילן, אז די ביבליאָגראפיע — ווי אלע וויסנשאפטן — זאָל מיטהעלפן דער סאָציאליס־טישער בויונג, דארף זי זיך דאָך ניט באגרענעצן מיט הוילן אויסרעכענען פארצייכענען פון דער ליטעראטור; זי מוז, פארקערט, שטעלן דעם טראָפּ אף דער אינערלעכער ליטעראטור־באלויכטונג; זי דארף זײַן ניט בלויז קיין רעגיסטרירנדיקער, נאָר אויך א שעפע־רישער אָרגאן, איר הויפּט־טענדענץ און צילוועגדונג דארף זײַן — אז זי זאָל גיכער אָנטאפּן דעם דויפעק פונעם לעבן, וואָס שפיגלט זיך אָפּ אין דער ליטעראטור, און העלפן זיך ריכ־טיקער אָריענטירן אין אירע דערשײַנונגען און פאָדערונגען. און דאָס אלץ איז מעגלעך נאָר דאן, ווען די ביבליאָגראפיע באנוגנט זיך ניט מיט טרוקענעם באשרײַבן, נײַערט זי נעמט אָן אויך דעם אנאליטיש־אנאָטירנדיקן מעטאָד[2].

די פראגע: ווי אזוי ארום אנאליזירן און וואָס פאר א מין אנאָטאציע אײַנצופירן אין די ביבליאָגראפישע קארטלעך — איז א פראגע פאר זיך, וואָס פאָדערט א ספּעציעלע אָפּהאנד־לונג. קלאָר אָבער, אז אונדזער ביבליאָגראפיע וועט ניט זײַן א כאָכמע לעשעם באָכמע, און וועט זיך אײַנשליסן אלס א לעבעדיקער טייל אין אונדזער וויסנשאפטלעך־פאָרשערישער ארבעט מיט איין און דערזעלביקער אויפגאבע — „באדינען, באגלייטן און מיטהעלפן אין דעם פּראָצעס פון איבערבויען די יידישע סוויווע אף סאָציאליסטישע יעסוידעס". (רעזאָליוציעס פון צווייטן אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די יידישע קולטור־טוער, ז. 46).

„לסטאינ" (דאָס זאָל הייסן—סטאלין, די אגראר-פאָליטיק פון פס"כר), אף א צווייטן: „שלאָגערס" (דאָס מיינט מען שלאָגלערס). אראָנסקיס ראָמאן „נינא און מאיאָרטשיק" באקומט נאָר איין רובריקע: „סטודענטשאפט־שטייגער" (רעמראָזיקן שטייגער איז געווידמעט בעסאכאקל איין פערטל פונעם בוך); אָבער מ. ברוקס ביכעלע: „אונ־דזערע דרײַצן" איז באשאנקען מיט גאנצע דרײַ רובריקעס: „1. קינדער פראָלעטאר.; 2. יידישע ערדארבעטער; 3. קרים." עפּשטיינס „אָשער שווארצמאן" איז „1. יידישע ליטעראטור פארר עוואָלוציאָנע און 2. ביאָ־גראפיעס". לעאָנטיעוו א.—„די גרונט־יעסוידעס פונעם 5־יאָריקן פלאן" איז רובריצירט: „פּאָלקווירטשאפט איי איקראינע" (אינדערעמעסן רעדט זיך אין דער בראָשור וועגן דעם אלפארבאנדישן פינפיאָריקן פלאן ביכלאל)..

1) וואָרעם אנאָטירן נאָר א רעקאָמענדיר־קאטאלאָג ווי, אשטייגער, דער „Треба прочитати„ און ניט די גאנצע ליטערארישע פּראָדוקציע — איז פאר וויסנשאפטלעכע צוועקן ווײַט ניט גענוג.

2) זע גענויער וועגן דעם אינעם ארטיקל פון כ׳ י. ליבערבערג „די אויפגאבן פון יידישער ביבליאָלאָגיע".

י. ליבערבערג

# די ביבליִאָטעק און דער פרעסע-ארכיוו פונעם אינסטיטוט פאר יִדישער קולטור

באלד נאָך דעם, ווי עס האָט זיך אין קיִעוו אָרגאניזירט די קאטעדרע פאר יִדישער קולטור האָט זיך פארן קאָלעקטיוו וויסנשאפטלעכע טוער, וואָס האָבן זיך ארום איר פארייניקט, אוועקגעשטעלט אין דער גאנצער ברייט די פראגע וועגן אן אקאדעמישער יִדישער ביבליִאָטעק. דידאָזיקע פראגע איז דער קאטעדרע אויסגעקומען צו לייזן אין ענגן צוזאמענהאנג מיט דער גרעסערער פראגע וועגן דער יִדישער הילפס־וויסנשאפטלעכער ארבעט ביכלאל. ווי באוווּסט, האָט די קאטעדרע בא איר אנטשטייונג געטראָפן אפן געביט פון דערדאָזיקער ארבעט מאמעש א פוסט אָרט. די וויכטיקסטע אלגעמיין־מעלוכישע הילפס־וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן האָבן קייַן שום יִדישע ארבעט ניט געפירט. די צענטראלע אקאדעמישע ביבליִאָטעק, לעמאָשל, די אזויגערופענע אלוקראיִנישע פאָלקס־ביבליִאָטעק בא דער אלוקראיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, וואָס האָט אין אלגעמיין דורכגעפירט א ריזיקע ארבעט און וואָס האָט פאר א קורצער צייַט צונויפגעזאמלט א פאָנד פון 2 מיליִאָן ביכער, — האָט קימאט אינגאנצן ארויסגעלאָזט פון אויג דאָס יִדישע בוך, די צענטראלע ביבליִאָגראפישע קאָמיסיע בא דער אלוקראיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, וואָס האָט אייגנטלעך די אופגאבע צו באארבעטן די ג א נ צ ע ביכער־פראָדוקציע פון או. ס. ר. ר., אָ ן א ו נ ט ע ר ש י י ד פ ו ן ש פ ר א ך, האָט אויך קיין שום אכט ניט געלייגט אף דער יִדישער דרוק־פראָדוקציע. ניט בעסער איז אויך געווען די לאגע אין אנדערע הילפס־וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי ארכיוון, מוזייען א. א. וו. קימאט קיין איינע פון דידאָזיקע אינסטיטוציעס האָט ניט געהאט אין זינען דורכצופירן די געהעריקע הילפס־ארבעט פאר דער יִדישער וויסנשאפט.

אין אָנהויב האָט די קאטעדרע גערעכנט צו לייזן די פראגע וועגן א צענטראלער אקאדעמישער יִדישער ביבליִאָטעק אין אוקראיִנע אף דעם זעלביקן אָרגאניזאציִאָנעלן אויפן, אף וועלכן זי האָט געשטרעבט צו לייזן ביכלאל די גאנצע פראָבלעם פון דער יִדישער הילפס־וויסנשאפטלעכער ארבעט, ד. ה. דורך דער אָרגאניזאציע פון ספעציִעלע יִדישע סעקציעס אָדער אָפטיילונגען בא די אלגעמיינע צענטראלע אנשטאלטן. אזוי איז, לעמאָשל, לויט דער איניציִאטיוו פון דער קאטעדרע, געשאפן געוואָרן באם צענטראלן היסטאָרישן ארכיוו אין קיִעוו א יִדישע סעקציע, וואָס האָט זיך פולקום בארעכטיקט און האָט באוויזן צו אנטוויקלען פאר א קורצער צייַט זייער א באדייַטנדיקע ארבעט.

בענגעייע צו דער אלוקראיִנישער פאָלקס־ביבליִאָטעק, דערדאָזיקער צענטראלער ביבליִאָטעק־אינסטיטוציע אין לאנד, האָט זיך אָבער דער אלגעמיינער פלאן פון דער קאטעדרע, אין פראט פון הילפס־וויסנשאפטלעכער בויונג, אָנגעשטויסן אף געוויסע שוועריקייַטן. דידאָזיקע שוועריקייַטן האָבן געשטאמט אויסשליסלעך דערפון, וואָס די דאמאָלסדיקע אָנפירונג מיט דער אוקראיִנישער אקאדעמישער ביבליִאָטעק, האָט, פונקט אזויווי דער גאנצער דאמאָלסדיקער פרעזידיום פון דער אוקראיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, ארויסגעוויזן זייער ווייניק פארשטאנד פאר דער סאָוועטיש־יִדישער וויסנשאפט־ארבעט. די קאטעדרע

האָט צוגעשטעלט דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק א פּראָיעקט פון א ייִדישער אָפּטיילונג. לויט דעמדאָזיקן פּראָיעקט, האָט די ייִדישע אָפּטיילונג געדאַרפט קוידעמקאָל אַרײַנעמען אין איר באַשטאַנד אַלע ייִדישע און העברעיִשע ביכער, ווי אויך די גאַנצע פאַרשיידנשפּראַכיקע יודאַיִקע, וואָס איז פאַראַן אין דער ביבליאָטעק גופא און וואָס איז צעוואָרפן אין אירע באַזונדערע אָפּטיילן. לויטן אַלפּיִרעכדיקן כעשבן וואָלט זיך אין ייִדישן אָפּטייל, נאָך אַזאַ מאָביליזאַציע פון די אינערלעכע ייִדישע ביכער־רעסורסן פון דער ביבליאָטעק, געקענט שאַפן א פאָנד פון 20—25 טויזנט ביכער, — א גאַנץ היפּשע באַזע פאַר דער קומענדיקער ייִדישער צענטראַלער ביבליאָטעק.

אַכוצדעם, האָט דער פּראָיעקט פון דער קאַטעדרע אַרויסגערוקט דעם געדאַנק, אַז שפּעטער, ווען די ייִדסעקציע פון דער אוקראַיִנישער ביבליאָטעק וועט זיך אָרגאַניזאַציאָנעל שטעלן אַף די פיס, זאָל מען איר איבערגעבן דעם גאַנצן ריין־וויסנשאַפטלעכן טייל פון דער קיִעווער ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק. דער פּראָיעקט האָט אויך אַרויסגעשטעלט אַלס איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וואָס די נײַ־געגרינדעטע ייִדסעקציע וועט דאַרפן לייזן — די מעג־לעכסט ברייטסטע קאָנצענטראַציע פון די ווערטפולע ייִדישע ביכער־פאָנדן, וואָס זײַנען צע־וואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד אין פאַרשידענע ביבליאָטעקן און בא פּריוואַטע פּערזאָנען.

די פאַרוואַלטונג פון דער אוקראַיִנישער ביבליאָטעק האָט פון סאַמע אָנהויב פּרינציפּיעל אָנגענומען דעם צוגעשטעלטן פּראָיעקט. אָבער אונטערן אויסרייד, אַז זי איז ניט מאַסקים מיט די אָדער אַנדערע דעטאַלן, האָט די פאַרוואַלטונג זייער לאַנג געצויגן מיט דער אַנטגיל־טיקער באַשטעטיקונג פונעם פּראָיעקט. סאָפּקאָלסאָף האָט די פאַרוואַלטונג געמוזט מודיע זײַן דער קאַטעדרע, אַז דעם פּראָיעקט האָט זי פּרינציפּיעל אָנגענומען. אָנעמענדיק דעם פּראָיעקט, האָט אָבער די פאַרוואַלטונג אים אַזוי מאָדיפיצירט, אַז מ׳האָט אים גאָרניט געקענט דערקענען. ערשטנס, האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו שאַפן ניט קיין ייִדישן אָפּטייל בא דער ביבליאָטעק, נאָר א סוב־אָפּטייל בא orientalia. צווייטנס, האָט מען די מאָביליזאַציע פון די אינערלעכע ייִדישע ביכער־פאָנדן באַגרענעצט בלויז מיט „ליטעראַטור, וואָס איז געדרוקט מיט העברעיִשע אויסיעס". דאָס הייסט, אַז פון דער מאָביליזאַציע האָט געזאָלט אויסגעשלאָסן ווערן דער איבערגרעסטער טייל פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס איז פאַראַן אין דער ביבליאָטעק. אַנ־שטאָט 20 טויזנט ביכער, האָט די ייִדישע אָפּטיילונג געזאָלט באַקומען נאָר א 3—4 טויזנט (די ייִדישע אָפּטיילונג, וואָס איז שפּעטער אָרגאַניזירט געוואָרן, האָט טאַקע פּונקט אַזאַ צאָל ביכער באַקומען).

ס׳איז קלאָר, אַז די קאַלטבלוטיקע באַציִונג מיצאַד דער אַלוקראַיִנישער אַקאַדעמ־שער ביבליאָטעק צו דער פראַגע וועגן דער געהעריקער באַדינונג פון דער ייִדישער וויסנשאַפט־אַרבעט, האָט גענויט די קאַטעדרע צו זוכן אַנדערע מיטלען וויאַזוי צו לייזן די פּראָבלעם פון א צענטראַלער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער ביבליאָטעק. דאָס הייסט ניט, אַז די קאַטעדרע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר ערשטן פּראָיעקט וועגן א ייִדישער סעקציע בא וו. ב. או. (אַזוי רופט זיך אין קורצן די אוקראַיִנישע פאָלקס־ביבליאָטעק). פאַרקערט, אָנשטויסנדיק זיך אַף א פאַרמאַסקירטן ווידערשטאַנד מיצאַד דער אַלטער פאַרוואַלטונג פון וו. ב. או., האָט די קאַטעדרע אַריבערגעטראָגן די גאַנצע פראַגע אין אַנטשפּרעכנדיקע אָרגאַנען, אין דער ערשטער ריי אין פאָלקאָמבילד, און דערשלאָגן זיך, אַז א ייִדישע סעקציע זאָל בא וו. ב. או., באַשאַפן ווערן. פאַר דער קאַטעדרע איז אָבער געוואָרן קלאָר, אַז פאַרטריִען דער פאַרוואַלטונג פון וו. ב. או. די בויונג פון א צענטראַלער ייִדישער אַקאַדעמישער ביבליאָ־טעק קען מען שוין אָבער ניט און דעריבער האָט די קאַטעדרע געמוזט דעם גאַנצן איניען איבערנעמען אין אירע אייגענע הענט [1].

[1]) איצט איז אין וו. ב. או. גאָר אַן אַנדער סיטואַציע. מיט א צײַט צוריק איז דאָרט דורכגעפירט געוואָרן א רייניקונג פון דעם גאַנצן שטאַט מיטאַרבעטער. א צאָל ביבליאָטעקערס האָט מען אַראָפּגענומען פון דער אַר־בעט. מ׳האָט אויך אַראָפּגענומען פון זייערע פּאָסטנס דעם פריִערדיקן דירעקטער פון דער ביבליאָטעק און זײַנע פאַרטרעטער. בערויש פונעם אַנשטאַלט האָט מען אוועקגעשטעלט נײַע מענטשן, צווישן זיי א צאָל קאָמוניסטן.

אגעוו, איז מיצאַד אייניקע טוער פון דער קאַטעדרע אַרויסגערוקט געוואָרן א פּראָיעקט, אַז מע זאָל די בויונג פון דער אַקאַדעמישער יידישער ביבליאָטעק פאַרבינדן מיט דער ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק. דידאָזיקע ביבליאָטעק, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין די רעוואָליוציע־יאָרן און וואָס האָט אין זיך קוילעל געווען גאַנץ באַדייַטנדיקע פאָנדן פון געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע ביבליאָטעקן, האָט לויטן פּראָיעקט געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין א אָנהויבס־באַזע פון דער קינפטיקער צענטראַלער אַקאַדעמישער ביבליאָטעק.

אָבער די ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק האָט, ניט געקוקט אף איר היפּשן פאָנד, ניט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין א ריין־הילפס־וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוציע, ווייל איר הויפּט־אויפגאַבע איז געווען פּאָליטופּקלער־אַרבעט און ניט די באַדינונג פון וויסנשאַפטלער. צונויפמישן ביידע פונקציעס אין איין ביבליאָטעק איז ניט אַזוי גרינג.

די סיטואַציע האָט אַזוי אַרום געבראַכט דערצו, אַז די קאַטעדרע האָט געמוזט אַליין צוטרעטן צו דער בויונג פון א יידישער וויסנשאַפטלעכער ביבליאָטעק. אייגנטלעך גערעדט, האָט די קאַטעדרע פון סאַמע אָנהויב פון איר עקזיסטענץ פאַרמאָגט אן אייגענע ביבליאָטעק. דידאָזיקע ביבליאָטעק איז געוואָקסן טיילווייַז אפן כעשבן פון אייַנקויפן און טיילווייַז אפן כעשבן פון פאַרשיידענע צושיקונגען פון פאַרלאַגן און פּריוואַטע פּערזאָנען. אַזויווי אָבער דער ביודזשעט פון דער קאַטעדרע איז געווען קליין, זייַנען די אייַנקויפן געווען זייער באַגרענעצט און האָבן ניט געטראָגן קיין סיסטעמאַטישן כאַראַקטער. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז די צושיקונגען האָבן אויך געטראָגן א צופעליקן כאַראַקטער און אַזוי אַרום איז דער טעמפּ מיט וועלכער די ביבליאָטעק איז געוואָקסן, געווען ביז גאָר א לאַנגזאַמער [1].

אָבער ס׳איז ניט קיין וווּנדער. די ביבליאָטעק פון דער קאַטעדרע איז פון לעכאַטכילע אָן באַשטימט געוואָרן אויסשליסלעך אַלס א אינערלעכע האַנט־ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט אויסצופילן זייער באַגרענעצטע און באַשיידענע פונקציעס. אויב נעמען דערבייַ אין אַכט דעם גאַנצן טעמפּ מיט וועלכן די קאַטעדרע איז ביכלאַל געוואָקסן אין דער ערשטער צייט, איז די ביבליאָטעק ניט אָפּגעשטאַנען.

גאָר אַנדערש אָבער איז געוואָרן ווען די קאַטעדרע האָט אָנגענומען א פעסטע אָריענטאַציע אף אן אייגענער גרויסער אַקאַדעמישער ביבליאָטעק. די קאָמפּלעקטירונג און די קאָנצענטראַציע פון די יידישע דרוק־אויסגאַבעס האָט דאַן באַקומען גאָר אן אַנדער מאַסשטאַב.

די ביבליאָטעק איז פריער פאַר אַלץ אויסגעטיילט געוואָרן, אייַנציַיטיק מיט אַנדערע הילפס־וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, וואָס די קאַטעדרע איז צוגעטראָטן זיי צו בויען — דער פּרעסע־אַרכיוו און די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע — אין א באַזונדער אַנשטאַלט. אָרגאַניזאַציאָנעל איז די ביבליאָטעק, וואָס בערויש פון איר איז אוועקגעשטעלט געוואָרן א ספּעציעלער פאַרוואַלטער, איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן דירעקט דעם פּרעזידיום פון דער קאַטעדרע און כאָטש קיין שריפטלעכן סטאַטוט און אַרבעט־פּלאַן האָט מען פאַר דער נייַער אינסטיטוציע ניט אויסגעאַרבעט, איז פון לעכאַטכילע אָנגענומען געוואָרן אן אָריענטאַציע אף א גרויסער צענטראַלער אַקאַדעמישער יידישער ביבליאָטעק, אין וועלכער עס זאָל אופגעזאַמלט ווערן צו איין עקזעמפּליאַר פון אַלע יידישע און יודאַיסטישע אויסגאַבעס, וואָס מע קען נאָר קריגן. דידאָזיקע אָריענטאַציע האָט זיך געקאָנט פון אָנהויב אַרויסווייַזן פאַר א צו ברייטער, אָבער דאָס לעבן און די ווייַטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק האָט זי פולקום באַרעכטיקט.

---

אַלס דירעקטער פון ביבליאָטעק איז אויך באַשטימט געוואָרן א פּאַרטיי־כאַווער. אין פּראָצעס פון דער רעאָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט איצט דורכגעפירט אין וו. ב. או., זייַנען אַלע פראַגן, וואָס זייַנען שייַעך דער יידאָפּטיילונג, אויך געלייזט געוואָרן. די נייַע פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן מיטצוהעלפן מיט אַלע קרעפטן דער יידאָפּטיילונג, האָט פאַרגרעסערט איר שטאַט און האָט אויך פאַראָרדנט איבערצוגעבן איר די גאַנצע יודאַיקע.

[1] ס׳איז געווען צו זאָגן, אַז פאַרן ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די ביבליאָטעק דערוועבט איינגאַנצן 327 ביכער. (זע נ. שטיף. „א יאָר אַרבעט פון דער קאַטעדער פאַר יידישער קולטור בא דער אוקראַאינישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע" („ראַטנבילדונג", 1928, נומ. 3 ז. 57—50).

די זאַמל־ און קאָמפּלעקטירונגס־אַרבעט האָט ניט מיטאַמאָל אָנגענומען יענעם גרויסן מאַסשטאַב, וועלכן זי האָט דערגרייכט שפּעטער. צו שוואַך איז נאָך דערצו געווען דער אַפּאַראַט פון דער קאַטעדרע און פון דער ביבליאָטעק. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז אין ביבליאָטעק האָט פאַקטיש געאַרבעט איין מענטש — דאָס איז געווען דער כ' קוויטני, וואָס האָט נאָך דערצו ניט געקענט אָפּגעבן דער אַרבעט די גאַנצע צייַט זיינע, ווייַל ער איז איינצייַטיק מיט דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטערײַ געווען אויך אַן אַספּיראַנט. אין דער קאַטעדרע גופא איז דער גאַנצער טעכנישער „אַפּאַראַט" באַשטאַנען פון איין סעקרעטאַר. קיין אַנדערע טעכנישע מיטאַרבעטער האָט די קאַטעדרע ניט געהאַט. ס'איז אַפילו ניט געווען קיין שטענדיקע מאַשיניסטקע, וועלכע וואָלט געקענט באַדינען די ברייטע קאָרעספּאָנדענץ־אַרבעט, וואָס דער ביבליאָטעק איז אויסגעקומען צו פירן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ביכער־זאַמלונג[1]. קעדיי אין דער זאַמל־אַרבעט פון דער ביבליאָטעק זאָל אַרייַנגעצויגן ווערן ווי ווייַט מעגלעך אַ ברייטערער אוילעם, באַזונדערס אין פּראָווינץ, האָט די קאַטעדרע אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אופרוף צו דער סאָוועטישער יידישער געזעלשאַפטלעכקייַט און קולטור־טוער. דערדאָזיקער אופרוף — געדרוקט אין „ביולעטען" פון אינסטיטוט און אין אַ באַזונדער אויסגאַבע — איז ברייט פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע. אכוצדעם, האָט זיך די קאַטעדרע, און שפּעטער דער אינסטיטוט, געווענדעט וועגן דער אַקציע פאַר דער ביבליאָטעק מיט אַ גאַנצער ריי בריוו צו פאַרשיידענע אַנשטאַלטן (יידסעקציעס פון פּאַרטיי־קאָמיטעטן, פון קאָמיוגנט־קאָמיטעטס, פון אויספירקאָמען, יידבילד־אינספּעקטורעס, „געזקולט"־פיליעס, קלובן, שולן, ביבליאָטעקן א. א. וו.), ס'איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ ריי אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן דעם ענין אין אונדזער פּרעסע און אין „ביולעטען" פון דער קאַטעדרע (אינסטיטוט).

אויסער די ווענדונגען פונעם אינסטיטוט זייַנען אויף די ערטער פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן אַ צאָל צירקוליאַר־בריוו וועגן דער זאַמל־אַרבעט פאַר דער ביבליאָטעק פון אַ ריי צענטראַלע אַנשטאַלטן, ווי די יידבילד־ביוראָ פון פאָלקאָמבילד א. אַנד.

דער פאָלקאָמבילד האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די אָרטיקע ביבליאָטעקן און מוזייען זאָלן איבערגעבן דער ביבליאָטעק פון אינסטיטוט באַשטימטע ביכער־פאָנדן. דער פאָלקאָמבילד האָט אויך געגעבן דעם אינסטיטוט דאָס רעכט צונעמען פון די באַטעמעדראָשים און סינאַגאָגעס יענע ליטעראַטור, וואָס האָט אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט. אָט איז דער טעקסט פון דערדאָזיקער פאַראָרדענונג:

„צו אַלע קרייַזבילד־אינספּעקטורעס און קולטור־אַנשטאַלטן. אַלס אַ צוגאָב צום צירקוליאַר פונעם פאָלקאָמבילד פונעם 29 IV 18 II 41 № 14077/ (ביולעטען פון פאָלקאָמבילד נומ. 17, § 262 („וועגן באַזאָרגן די קאַטעדרע פאַר יידישער קולטור מיט וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור") לייגט דער פאָלקאָמבילד פאָר:

1. אַלע קרייַז־מוזייען פון או. ס. ר. ר., זאָלן איבערגעבן בעמעשעך פון אַ כוידעש נאָכן פאַרעפנטלעכן דעמדאָזיקן צירקוליאַר דעם אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור די גאַנצע יידישע און העברעישע ליטעראַטור, ווי אויך די פאַרשיידנשפּראַכיקע יודאַיקע, וואָס זיי פאַרמאָגן.

2. אַלע ביבליאָטעקעס פון או. ס. ר. ר., אַכוץ דער אַלוקראַינישער פאָלקס־ביבליאָטעק און ספּעציעלע ביבליאָטעקעס פון וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, דאַרפן איבערגעבן בעמעשעך פון אַ כוידעש נאָכן פאַרעפנטלעכן דעמדאָזיקן צירקוליאַר דעם אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור די העברעישע ליטעראַטור, וואָס זיי פאַרמאָגן, אינגאַנצן, און יודאַיקע און יידישע ליטעראַטור נאָר יענע טייל, וואָס איז ניט נויטיק אָדער פאַרוועלט פאַרן מאַסן־לייענער. וואָס איז שייַך דער פּעריאָדיקע, איז די העברעישע אויסגאַבעס און יודאַיקע

1) ערשט שפּעטער איז ציגעקומען אַ טעכנישע מיטאַרבעטערן אין ביבליאָטעק, וועלכע האָט מיטגעהאָלפן צו אינווענטאַריזירן און פאַנאַנדערלייגן די ביכער. דידאָזיקע מיטאַרבעטערן האָט אָבער געאַרבעט ניט סיסטעמאַטיש און נאָר עטלעכע שאָ אין טאָג.

דאַרף מען איבערגעבן אינגאַנצן, און די ייִדישע אויסגאַבעס נאָר יענע, וואָס זײַנען דערשי־ נען ביז דער רעוואָליוציע.

3. דער פאָלקאָמבילד גיט דעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור דאָס רעכט, אפּן סמאַך פונעם באַשלוס פון פאָלקאָמבילד און פאָלקאָמאַינערן פון או. ס. ר. ר. אויסטײלן און צונעמען פון די שולן און ייִדישע רעליגיִעזע אַנשטאַלטן יענע ליטעראַטור, וואָס האָט אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט״.

אויך דער אוקרליט (הויפּט־פּאַרוואַלטונג מיט ליטעראַטור־ און פאַרלאַג־ענינים באַם אוקראַיִנישן פאָלקאָמבילד) האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציִעלע פאַראָרדענונג, אַז אַלע ביכער, וואָס ווערן אין סײדער פון פאָליט־קאָנטראָל פאַרווערט און אַרויסגענומען פון פאַרשײדענע ביב־ ליִאָטעקן, זאָלן איבערגעשיקט ווערן דעם אינסטיטוט. דער אוקרליט, אַף ווען מען סע ליגט אויך די אויפגאַבע צו קאָנטראָלירן דעם עקספּאָרט—אימפּאָרט פון דער דרוק־פּראָדוקציע, האָט אויך פאַראָרדנט, אַז אָן דער וויזע פונעם אינסטיטוט זאָל מען ניט דערלויבן, סײַ אַנ־ שטאַלטן און סײַ פּריוואַטע פּערזאָנען, אַרויספירן אָדער אַרויסשיקן קיין אויסלאַנד ייִדישע, העברעיִשע און פאַרשײדנשפּראַכיק־יודאַיִסטישע ביכער. „ס׳מערקט זיך די לעצטע צײַט— ווערט געזאָגט אין צירקוליאַר פון אוקרליט—אַז מע פירט אַרויס קיין אויסלאַנד ווערטפולע אויסגאַבעס אַף ייִדיש, העברעיִש, אויך פון יודאַיִקע. די קרײַזליטן זײַנען ניט שטענדיק באַקאַנט מיט דעם ווערט פון אַזוינע אויסגאַבעס און דערלויבן זיי אַרויספירן. דער פאָל־ קאָמבילד לייגט פאַר איבערצושיקן דעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור באַ דער אוקראַיִ־ נישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע אַלע צעטלען פון אַזוינע ביכער, וואָס אַנשטאַלטן און פּריוואַטע מענטשן ווילן זיי אַרויספירן קיין אויסלאַנד, די אָנווײַזונגען פונעם אינסטיטוט אין דעם פּראַט זײַנען אַ מוז״.

אַזוי ווי עס פלעגן זיך אָפט טרעפן, אַז וויכטיקע דרוק־מאַטעריִאַלן פלעגן פאַרלוירן גיין בעשאַס דער אוטיל־זאַמלונג, האָט זיך דער אינסטיטוט געווענדעט מיט אַ באַקאָשע צום פאָלקאָמהאַנדל, אַז מע זאָל אָן דעם קאָנטראָל פון דער ביבליִאָטעק ניט איבערגעבן אין די פּאַפּיר־פאַבריקן קיין איין פּעקל ייִדישע (און אויך העברעיִשע און יודאַיִסטישע) ליטעראַטור. דער פאָלקאָמהאַנדל האָט באַפרידיקט דידאָזיקע באַקאָשע פונעם אינסטיטוט און האָט אַרויסגעגעבן וועגן דעם אַן אַנטשפּרעכנדיקן צירקוליאַר.

זייער פיל ייִדישע און העברעיִשע ביכער פלעגן זיך בעשאַס דער ליקווידאַציע פון די אָדער אַנדערע אַנשטאַלטן צונויפזאַמלען אין די אָרטיקע אַרכיוון און אַרכיוו־פּאַרוואַלטונגען. דער אינסטיטוט האָט זיך אויך דאָ דערשלאָגן, אַז די צענטראַלע אַרכיוו־פּאַרוואַלטונג („צאַו״) זאָל אַרויסגעבן אַ ספּעציִעלע פאַראָרדענונג וועגן איבערגעבן דער ביבליִאָטעק פונעם אינסטיטוט די ייִדישע ליטעראַטור, וואָס די אַרכיוון האָבן אָנגעזאַמלט.

דער זאַמל־אַרבעט אין פּראָווינץ האָבן זייער שטאַרק מיטגעהאָלפן די קאָרעספּאָנדענטן פון דער ביבליִאָטעק, וואָס זייער צאָל איז די גאַנצע צײַט געוואָקסן. די קאָרעספּאָנדענטן האָבן, פון איין זײַט, מיטגעהאָלפן דורכצופירן אַף די ערטער די צירקוליאַרן פון די אויבנ־ דערמאָנטע צענטראַלע אַנשטאַלטן און, פון דער צווייטער זײַט, האָבן זיי געזאַמלט ליטעראַ־ טור באַ פּריוואַטע פּערזאָנען. ניט זעלטן פלעגט זיך פון די פּראָווינציִעלע קאָרעספּאָדענטן באַקומען פּעקלעך מיט העכסט וויכטיקע ביכער, אַפילו אינקונאַבולן אויך. אין אייניקע פונקטן האָבן די קאָרעספּאָנדענטן געשאַפן „גרופּעס פרײַנט פון אינסטיטוט״, וואָס פלעגן אַף זיך נעמען די אָנפירונג מיט דער זאַמל־אַרבעט אין אַ גאַנצן ראַיאָן.

אַף צו רעאַליזירן די פאַראָרדענונגען פון צענטער האָט דער אינסטיטוט אויסגענוצט, אַחוץ דער הילף פון די קאָרעספּאָנדענטן, נאָך אַ מיטל — קאָמאַנדירונגען פון ביבליִאָטעק־ טוער, אָדער ווי מ׳האָט עס אין אינסטיטוט גערופן „ביבליִאָטעק־רײַזעס״. אַזוינע רײַזעס, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט דער פאַרוואַלטער פון אינסטיטוט און אַ ריי מיטאַרבעטער (קוויטני, שאַפּירע און עליאַוויטש) זײַנען געמאַכט געוואָרן אין לענינגראַד, מאָסקווע, כאַרקאָוו, אָדעס, דניעפּראָפּעטראָווסק, באַרדיטשעוו, זשיטאָמיר, קרעמענטשוג,

ווינִיצע, פערם, שעפעטאָווקע, אלטקאָנסטאנטין, אומאן, זאסלאוו א. אנד. די ביבליאָטעק־טוער און אייניקע קאָרעספאָנדענטן (קעלמאן, מאנוסעוויטש, ליפמאן און אנד.) האָבן אויך באזוכט א גאנצע ריי שטעטלעך.

די ביבליאָטעק־רייַזעס האָבן געגעבן זייער גרויסע רעזולטאטן. קימאט שטענדיק פלעגן די קאָמאנדירטע כאוויירים ברענגען מיט זיך גרויסע פארטיעס ליטעראטור פון פיל טויזנטער בענדער. אזוי האָט מען, לעמאָשל, פון באַרדיטשעוו, וווהין מ'איז געפאָרן צוויי מאָל, געבראכט ביז 9 טויזנט ביכער, דעריקער העבראיִקע. דידאָזיקע ביכער זייַנען אופגעזאמלט געוואָרן ניט נאָר אין בארדיטשעוו גופע, נאָר אויך אין בארדיטשעווער קרייַז. די גרעסטע טייל ביכער האָט מען באקומען פונעם אָרטיקן מוזיי, וואָס האָט זיי געזאמלט שוין א לענגערע צייַט. א טייל ביכער האָט מען באקומען פון די פארמאכטע שולן.

א גרויסע ביבליאָטעק האָט מען דעם אינסטיטוט איבערגעגעבן אין זשיטאָמיר, וווהין מ'איז אויך געפאָרן צוויי מאָל. א טייל ביכער האָט מען אין זשיטאָמיר אויך באקומען פון מוזיי, בא וועלכן ס'עקזיסטירט א רייַכע ביבליאָטעק (בא 150 טויזנט בענדער) מיט זייער א גרויסער צאָל פאלעאָטיפן, דעריקער לאטיינישע און פוילישע. צווישן די ביכער, וואָס מע האָט באקומען פון מוזיי, געפינט זיך א טייל פון קולישערס ביבליאָטעק. די גרעסטע טייל פון דידאָזיקע מוזיי־ביכער געהערן צו דער עלטערער רוסישער יודאיִקע, אָנגעהויבן פון די 40־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. א פעקל זייער ווערטפולע העברעיִשע ליטעראטור (150 בענדער) האָט דעם אינסטיטוט אָפגעגעבן די יידאָפטיילונג פונעם זשיטאָמירער אינסטיטוט פאר פאָלקס־בילדונג—„אינאָ“. דאָסדאָזיקע פעקל ביכער איז צום אינאָ איבערגעגאנגען בירושע פון א פארשטאָרבענעם יידישן מאטעמאטיקער. זייער פיל ביכער האָבן אין זשיטאָמיר און אין די ארומיקע שטעטלעך צונויפגעזאמלט די יידטוער און סטודענטן. די אלגעמיינע צאָל ביכער, וואָס דער אינסטיטוט האָט באקומען פון זשיטאָמיר דערגרייכט ביז 5.000 בענדער[1].

אין כארקאָוו האָט דער אינסטיטוט באקומען צוויי ביכער־זאמלונגען, איינע פונעם יידבילד־ביוראָ באם פאָלקאָמבילד און די צווייטע פונעם יידישן ארבעטער־קלוב „III אינטערנאציאָנאל“. די ביכער פונעם פאָלקאָמבילד (אנערעך 1000 בענדער), וואָס זייַנען אופגעזאמלט געוואָרן פאר א לענגערער צייַט, שטעלן מיט זיך פאָר אן ערשטקלאסיקע קאָלעקציע פון דער אויסלענדישער—דעריקער אמעריקאנער און פוילישער—יידישער דרוק־פראָדוקציע פאר דער צייַט פון נאָך דער מילכאָמע. דער פאָנד פונעם קלוב „III אינטערנאציאָנאל“ (אנערעך 1500 בענדער) באשטייט פון פארשיידנארטיקער ליטעראטור אין יידיש, העברעיִש און רוסיש.

א באזונדערס גרויסע זאמלונג (בא 12.000 בענדער) האָט מען באקומען פון דניעפּראָפעטראָווסק. אין דערדאָזיקער זאמלונג זייַנען פאראן זייער זעלטענע יידישע ביכער אין פארשיידענע שפראכן. דער גרעסטער טייל ביכער געהער צו העבראיִקע. אגעוו, איז אין דער זאמלונג פאראן א היפשע קאָלעקציע פון לאטייַנישער יודאיִקע און קאראיִמישער ליטעראטור.

זייער א ווערטפולן פאָנד האָט דער אינסטיטוט באקומען פון אָדעס. באזונדערס וויכטיק איז די ביכער־קאָלעקציע אין יידיש, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער אָדעסער עפנטלעכער ביבליאָטעק (צוזאמען מיט דער ליטעראטור אין אנדערע שפראכן—ביז 2500 בענדער). דידאָזיקע ביבליאָטעק, וואָס איז איינע פון די עלטסטע ביבליאָטעקן אין אוקראיִנע און איז ביכלאל די ערשטע געזעלשאפטלעכע ביבליאָטעק אינעם אלטן רוסלאנד[2], פלעג באקומען א געוויסע צייַט א צענזור־עקזעמפליאר פון אלע יידישע אויסגאבעס. א גרויסער טייל פון דעמדאָזיקן צענזור־עקזעמפליאר־פאָנד איז איצט איבערגעגאנגען צום אינסטיטוט. אכוץ דער עפנטלעכער ביבליאָטעק האָט דער אינסטיטוט

[1] לאָמיר דאָ אויך דערמאָנען די רייַכע פריוואט־ביבליאָטעק פון פארשיידנשפראכיקער יודאיִק און פון העבראיִקע, וואָס א זשיטאָמירער בירגער אוגער האָט אָפגעשריבן דעם אינסטיטוט אין א ספעציעלער צאוואָע.

[2] זע ווייַטער דעם ארטיקל פון א. טיוניעווא.

באקומען 3500 ביכער (דעריקער העבראַיִקע און דײַטשישע יודאַיִקע) פון דער ייִדישער אקאדעמישער ביבליאָטעק. עטלעכע הונדערט בענדער (אין פארשידענע שפראכן) האָט דער אינסטיטוט נאָך באקומען פונעם מענדעלע־מוזיי און א פאָר הונדערט ביכער (איבער־הויפט רוסישע יודאַיִקע) — פון דער צענטראַלער ארבעטער־ביבליאָטעק.

א גרויסן פאָנד פון העכער 3.000 בענדער, קימאט אויסשליסלעך העבראַיִקע, האָט מען דעם אינסטיטוט איבערגעגעבן אין קרעמענטשוג. א זאמלונג פון העברעיִשע ביכער (ביז 700 בענדער) האָט דער אינסטיטוט באקומען אין שעפּעטאָווקער קרײַז. אויך אין אלטקאָנסטאַנטין האָט מען איבערגעגעבן ביז 1.000 ביכער, דעריקער העברעיִשע.

א אינטערעסאנטע קאָלעקציע ייִדישיסטיקע האָט דער אינסטיטוט באקומען פון בערלין; דידאָזיקע קאָלעקציע איז דאָרט אופגעזאמלט געוואָרן אין צײַט פון דער אויסלענדישער קאָ־מאנדירונג פון די וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער פון אינסטיטוט. אין דער קאָלעקציע גייען ארײַן זייער פיל אויסגאבעס פונעם פעריאָד פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע (איבער־געגעבן פון אן עמיגרירטן ייִדישן ארבעטער פּ. שטרייט). די קאָלעקציע אנטהאלט אויך א היפשע צאָל פעריאָדישע אויסגאבעס אין ייִדיש.

א באדײַטנדיקער ביכער־פאָנד פון פארשידנשפראכיקע ייִדישע ביכער איז אָנגעקומען פון פּערם, פון דער ייִדישער אָפּטיילונג פון דער דאָרטיקער שטאָטישער ביבליאָטעק. דער־דאָזיקער פאָנד האָט זיך געשאפן נאָך אין דער צײַט פון מילכאָמע, בעשאס פּערם איז פאר־פלייצט געוואָרן מיט ייִדישע „בעזשענצעס", וואָס האָבן דאָרט געשאפן א ייִדישע געזעל־שאפטלעכע ביבליאָטעק.

קלענערע פאָנדן האָבן געגעבן רײַזעס קיין מאָסקווע, ווו מ'האָט באקומען בא 200 בי־כער פון דער צענטראַלער ייִדישער ביבליאָטעק, קיין וויניצע, וואו מ'האָט באקומען בא 100 ביכער פון דער קרײַזישער ביבליאָטעק א. אז. וו.

פון אסאך שטעט האָט דער אינסטיטוט באקומען באדײַטנדיקע פאָנדן ליטעראטור אָן א קאָמאנדירונג פון אן אייגענעם טוער. אזוי האָט א היפשע ביכער־זאמלונג, וואָס באשטייט פון 2.000 ביכער, קימאט אויסשליסלעך העבראַיִקע, צוגעשיקט דער אומאנער „געזקולט" און די ייִדבילדביוראָ. א פאָנד פון א 1.000 בענדער (אויך העבראַיקע) איז אָנגעקומען פון ליובאר, א 300 ביכער (פארשידענע) האָט מען צוגעשיקט פון מעדזשיבעזש, 400—פון סקווירע (דערבײַ זײַנען צווישן זיי געווען זייער ווערטפולע העברעיִשע פאלעאָטיפּן) א. אז. וו.

מיר רעדן שוין ניט פון א גאנצער ריי שטעט און שטעטלעך, פון וועלכע די ביבליאָ־טעק האָט באקומען א מאסע ביכער אין פאָרם פון קליינע פעקלעך.

א גרויסן אָרט אין דער קאָמפּלעקטירונג פון דער ביבליאָטעק פארנעמט אויך קיִעוו. דאָ האָט די ביבליאָטעק באקומען זייער פיל העכסט־וויכטיקע פאָנדן. אין דער ערשטער ריי דארף דאָ פארצייכנט ווערן די ווינטשעווסקי—ביבליאָטעק, וואָס האָט איבערגעגעבן דעם אינסטיטוט ביז צוויי טויזנט ביכער (דובלעטן). איצט גיט איבער די ביבליאָטעק, לויטן באשלוס פון פאָלקאָמבילד, גאנצע צוויי אָפּטיילונגען אירע—די יודאַיִקע און העבראַיִקע—ביז 15 טויזנט ביכער. די ביכער־זאמלונג, וואָס גייט איצט אריבער צום אינסטיטוט פון ווינ־טשעווסקי־ביבליאָטעק, איז איינע פון די רײַכסטע אינעם גאנצן פארבאנד. אין איר גרונט־טייל באשטייט דידאָזיקע זאמלונג פון דער ביבליאָטעק פון דער אמאָליקער קיִעווער פיליע פון „אָפּע", וואָס האָט פארמאָגט, ווי באוואוסט, זייער א רײַכע ביבליאָטעק. ס'איז קלאָר, אז דידאָזיקע ביכער־זאמלונג אנטהאלט אין זיך זייער ווערטפולע קאָלעקציעס פון אלטע אויסגאבעס און ראריטעטן.

א גרויסן און דעריקער א צוגעקליבענעם ביכער־פאָנד (בא 1.000 בענדער) האָט דער אינ־סטיטוט באקומען פון דער ליקווידירטער העברעיִסטישער ארכעאָגראפישער קאָמיסיע בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע (די אזוי גערופענע גאלאנט־קאָמיסיע). צווישן דערדאָזיקער זאמלונג זײַנען פאראן פיל נײַסטע יודאַיִקע־אויסגאבעס אין דײַטש און אנדערע שפראכן.

פון דער 17־ער קיִעווער ארבעט־שול איז צום אינסטיטוט אריבערגעגאנגען א ביכער־זאמלונג פון אן ערעך 800 בענדער, הויפטזאכלעך העבראַיִקע און רוסישע יודאַיִקע. די דאָזיקע זאמלונג איז אין דער שול פארבליבן פון דער אמאָליקער קיִעווער טאלמוד־טוירע.

א 500 בענדער (אויסשליסלעך רוסישע יודאַיִקע) האָט דער אינסטיטוט באקומען פון דער קיִעווער עפנטלעכער ביבליִאָטעק אפן נאָמען פון אל. ק. פּ. (ב.). א אינטערעסאנטע ביבליִאָטעק פון פארשידנשפּראכיקער יודאַיִקע (ביז 150 בענדער) האָט איבערגעגעבן דער אינסטיטוט פאר פאָלקס־ווירטשאפט. אויך דער אינסטיטוט פאר פאָלקס־בילדונג האָט איבערגעגעבן א צאָל ביכער. די אויסטיילונג פון דער ליטעראטור, וואָס דארף איבערגעגעבן ווערן איז נאָך, אגעוו, אין דעם דאָזיקן אינסטיטוט ניט פארענדיקט. א זאמלונג פון 300 בענדער רוסישע יודאַיִקע איז איבערגעגעבן געוואָרן פונעם קאָמוניסטישן בילדונגס־הויז. א 500 בענדער האָט דעם אינסטיטוט איבערגעגעבן דער אמאָליקער יִדישער פּעדאגאָגישער טעכניקום. אויך א ריי פּראָפ־פאריייניִשע און אנדערע ביבליִאָטעקן האָבן איבערגעגעבן געוויסע פאָנדן. א ווערטפולע קאָלעקציע פון העבראַיִקע, מיט פיל פאלעאָטיפּן האָבן דעם אינסטיטוט איבערגעגעבן די ברידער ווייסבלאט.

א צאָל ביכער האָבן דער ביבליִאָטעק פון אינסטיטוט אויך צוגעשיקט א ריי פארלאגן און פארשידענע אָרגאניזאציעס. אזוי האָט דער פארלאג „קולטור־ליגע" איבערגעגעבן בא 300 בענדער, „שול און בוך" האָט איבערגעגעבן 400 ביכער, דער „צענטרפארלאג"—בא 150 און דער מעלוכע־פארלאג — בא 100 בענדער. אלע איבערגעגעבענע ביכער זייַנען אין יִדיש. א פאָנד פון 250 בענדער האָט דעם אינסטיטוט איבערגעגעבן די אוקראַיִנישע וויסנשאפטלעכע אקאדעמיע (דעריקער אירע אייגענע אויסגאבעס). די ווייַסרוסישע אקאדעמיע האָט צוגעשיקט איר דרוקפּראָדוקציע—בא 50 נעמען. אויך אנדערע אָרגאניזאציעס און וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס האָבן צוגעשיקט זייערע אויסגאבעס.

אָבער דעם גרעסטן ביכער־פאָנד, וואָס די ביבליִאָטעק האָט פון וועמען עס איז באקומען, א ביכער־פאָנד, וואָס מאכט איר איצט א שעם פון איינער פון די גרעסטע יִדישע וועלט־ביבליִאָטעקן—איז בעפיירעש יענע ריזיקע ליטעראטור־זאמלונג, וואָס איז אָנגעקומען פון לעני נגראד נאָך דער ליקווידאציע פון די צוויי בורזשואזע, כאָכמאס־האיאהאדוסדיקע כעוורעס— „אָפּע" און „די יִדישע היסטאָריש־עטנאָגראפישע געזעלשאפט"[1]. נאָך די קאטעדרע האָט געשטעלט די פראגע וועגן דער ליקווידאציע פון די דאָזיקע כעוורעס. אָבער ביז א געוויסער צייַט האָט זיך די „יאָרשים" פון דער אמאָליקער באראָן גינזבורגישער „אָפּע" און דובנאָוויטשישער „היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט" אייַנגעגעבן אייַנצוהאלטן די פּאָזיציעס, וואָס זייַנען אף אזא מעשונעדיק־אומפארשטענדלעכן אופן פארבליבן אין זייערע הענט די גאנצע צייַט פון דער רעוואָליוציע. ווען ס'האָט זיך אָבער אָנגעהויבן דער אָנגרייף פונעם ארבעטער־קלאס איבערן גאנצן לאנד אף די רעשטלעך פון קאפּיטאליזם, סייַ אין דער ווירטשאפט און סייַ אין אנדערע געביטן פון געזעלשאפטלעכן לעבן, האָבן „די לעצטע מאָהיקאנער" פון דער שווארצמייעדיקער כאָכמאס־האיאהאדוס געמוזט אָפּטרעטן זייער אָרט די פאָרשטייער פון דער נייַער, מארקסיסטישער יִדישער וויסנשאפט־ארבעט.

נאָך דער ליקווידאציע פון די געזעלשאפטן האָבן פיל פארשידענע אָרגאניזאציעס און ביבליִאָטעקן ארויסגערוקט זייערע פּרעטענזיעס אף דער לענינגראדער „יערושע". דער פאָלק־קאָמבילד פון ר. ס. פ. ר. ר. האָט אָבער באשלאָסן איבערצוגעבןביידע לענינגראדער ביבליִאָטעקן דעם גרעסטן יִדישן וויסנשאפטלעכן אנשטאלט אין פּ. ס. ר. ר.—דעם אינסטיטוט פאר יִדישער קולטור.

1) די לענינגראדער יִדישע ביבליִאָטעק־פאָנדן זייַנען אריבער צום אינסטיטוט שוין נאָכדעם, ווי ס'איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אונדזער ערשטער ארטיקל —„די אופגאבן פון יִדישער ביבליִאָלאָגיע"—און דערפאר ווערט דאָרט די פראגע וועגן איבערפארטיילן די ביכער־פאָנדן ע ר ש ט ג ע ש ט ע ל ט. אויך וועגן דער ביבליִאָטעק פונעם אינסטיטוט ווערן אינעם ערשטן ארטיקל אָנגעגעבן יעדיִעס, וואָס זייַנען איצט, אין סענטיאבער 1930—ווען מיר שרייַבן דעם צווייטן ארטיקל — שוין טיילווייַז פארעלטערט געוואָרן.

מיר קאָנען נאָך ניט געבן קיין גענויע כאראקטעריסטיק פון די לענינגראדער פאָנדן, ווייל זיי זיינען נאָך אין צושטאנד פון קאָנסערוואציע—די אָנגעקומענע קאסטנס זיינען נאָך ניט געעפנט, מיר ווייסן אפילע ניט וויפל ביכער אן ערעך האָט פון דאָרט די ביבליאָטעק פון אינסטיטוט באקומען. געוויסע יעדיעס וועגן די צוויי אָנגעקומענע ביבליאָטעקן זיינען דאָך פאראן. פאר דער מילכאָמע האָט די ביבליאָטעק פון לענינגראדער פיליע „אָפּע“, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין אונדזער ארטיקל „די אופגאבן פון יידישער ביבליאָלאָגיע“, פארמאָגט א פאָנד פון 20 טויזנט בענדער. צו דער צייט פון דער ליקווידאציע פון „אָפּע“ האָט דער פאָנד פון דער ביבליאָטעק דערגרייכט—לויט אייניקע כעשבוינעס—ביז 60 טויזנט בענדער. אין דערדאָזיקער צאָל גייט אויך אריין, אכוץ יידישע און העברעיִשע ביכער און אכוץ יודאיִקע, אויך די ליטעראטור איבער אלגעמיינע פראגן. ס'איז שווער צו זאָגן פינקטלעך פון וויפל בענדער איז דידאָזיקע אלגעמיינע ליטעראטור באשטאנען. אלנפאלס דארף מען זי שאצן ניט ווייניקער פון 10 טויזנט בענדער. און אזויווי צום אינסטיטוט זיינען אריבערגעגאנגען—אכוץ אייניקע וויכטיקערע פאָנדן—בלויז די יידישע טייל פון דער ביבליאָטעק, ד. ה. בלויז די ליטעראטור (אָן אונטערשיד פון דער שפראך), וואָס האָט א שייכעס צו יידן, איז קאָן מען רעכענען, אז די „ירושע“ פונעם לענינגראדער „אָפּע“ באשטייט אלפיערעך פון 50 טויזנט בענדער. דערצו דארף מען נאָך צוגעבן ביז 4.000 בענדער פון דער „היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט“.

די ביבליאָטעק פון „אָפּע“ איז באשטאנען דעריקער פון העברעיִשער און פארשידנשפראכיק־יודאיִסטישער ליטעראטור. ביכער אין יידיש זיינען דאָרט געווען אין דער מינימאלסטער צאָל. ס'איז גענוג צו זאָגן, אז אין דער ביבליאָטעק האָבן געפעלט אפילע יידישע קלאסיקער. די אלגעמיינע צאָל ביכער אין יידיש האָט, זעט אויס, ניט איבערגעשטיגן די ציפער פון 4.000, וואָס איז ווייניקער פון א פערטל פון דעם יידישן ביכער־פאָנד פון דער ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק. היפשלעך פאָרגעשטעלט איז יידיש בלויז אין דער פעריאָדיקע, וואָס איז ביכלאל זייער גוט קאָמפלעקטירט אין דער לענינגראדער ביבליאָטעק. די העברעיִשע און יודאיִסטישע ליטעראטור איז אינעם „אָפּע“־פאָנד צוגעקליבן זייער רייך. עס טרעפן זיך גאנצענע קאָלעקציעס זייער ווערטפולע און זעלטענע אויסגאבעס. ווי געזאָגט, איז מיט אן אויסשליסלעכער פולקייט צוגעקליבן די פארשידנשפראכיקע יודאיִסטישע פרעסע.

דער „אָפּע“־פאָנד שליסט איין אין זיך אויך א רייכע העברעיִשע און אראבישע מאנוסקריפטן־אָפּטיילונג (בא 1.000 עקזעמפליארן). צוזאמען מיט דער האנטשריפטן־זאמלונג פון דער „היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט“ (בא 200 עקזעמפליארן) האָט די ביבליאָטעק פון אינסטיטוט אזוי ארום באקומען בא 1.200 קסאוויאדן. דערביי זיינען פיל פון זיי זייער אלט, פאראן צווישן זיי אפילע אזוינע וואָס שטאמען פון XIII יאָרהונדערט. אגעוו, איז צוזאמען מיט דער מאנוסקריפטן־אָפּטיילונג פון דער „אָפּע“־ביבליאָטעק אריבערגעגאנגען צום אינסטיטוט דער גאנצער ארכיוו פון הארקאווי.

דער ביכער־פאָנד פון דער „היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט“ ציילט אָן, ווי ס'איז אָנגעוויזן, בלויז 4.000 בענדער. דער פאָנד איז אָבער פון דער ערשטקלאסיקער באדייטונג. די זאמלונג אנטהאלט זייער א רייכע קאָלעקציע פון עלטערער פאָלקס־ליטעראטור אין יידיש, וואָס איז צונויפגעקליבן געוואָרן פון אנ־סקין, און א היפשער קאָלעקציע פון העברעיִשע פאלעאָטיפן. אכוצדעם זיינען מיטן פאָנד אריבערגעגאנגען די אויבנדערמאָנטע 200 קסאוויאדן.

ס'איז זייער שווער אונטערצופירן א סטאטיסטישן סאכאקל פון דער זאמל־ארבעט, וואָס די ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט האָט דורכגעפירט ביזן היינטיקן טאָג (סענטיאבער 1930). (מיר מוזן ביכלאל אונטערשטרייכן, אז אלע ציפערן, וואָס מיר ברענגען, זיינען ניט זיכער). פונדעסטוועגן, רעכענען מיר, אז מיר וועלן ניט אף אסאך פעלשן, ווען מיר וועלן אָפּשאצן דעם גאנצן סכום פון דער צונויפגעזאמלטער ליטעראטור—נעמענדיק דערביי אין אכט נאָך אייניקע קאָמפלעקטירונגס־קוואלן, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן ניט גערעדט—אין

160—110 טויזנט ביכער (אײַנגעשלאָסן די דובלעטן). דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ גוואַלדיקער רעזולטאַט. אויב מיר וועלן אַפילו אַראָפּוואַרפן אַ מאַקסימאַל־מעגלעכן פּראָצענט פון דובלעטן וועט דאָך בלײַבן—פאַרהעלטניסמעסיק—אַ ריזיקע ביבליאָטעק, וואָס וועט צווישן אַנדערע ייִדישע וועלט־ביבליאָטעקן פאַרנעמען אויב ניט דעם ערשטן, איז לעכאָלאָפּאָכעס דעם צווייטן אָרט.

עמעס, ס'איז פאַראַן עטלעכע ייִדישע ביבליאָטעקן, וואָס פאַרמאָגן אַ גרעסערע צאָל ביכער, ווי די ביבליאָטעק פון אינסטיטוט. אָבער די צאָל ייִדישע ביכער—ד. ה. ביכער אין ייִדיש, העברעיִש און אין אַנדערע שפּראַכן וועגן ייִדן—איז אין דידאָזיקע ביבליאָטעקן בעפּיירעש אַ קלענערע, ווי אין אינסטיטוט, ווײַל אַלע פאַרמאָגן זיי אַ היפּשע אַלגעמיינע אָפּטיילונג, דאַן, ווען אין ביבליאָטעק פון אינסטיטוט איז די אַלגעמיינע אָפּטיילונג אַ נישטיקע. ס'איז פאַראַן נאָר איין ביבליאָטעק, וואָס פאַרמאָגט, זעט אויס, אַ גרעסערע צאָל ייִדישע ביכער, דאָס איז די יערושאָלאַיִמער ביבליאָטעק, כאָטש מיט זיכערקײַט קאָן מען דאָס אויך ניט זאָגן, ווײַל די אַלגעמיינע אָפּטיילונג איז אין דער יערושאָלאַיִמער ביבליאָטעק זייער אַ גרויסע[1]. מע דאַרף דערבײַ נעמען אין אַכט, אַז די זאַמל־אַרבעט האָט זיך אין אינסטיטוט נאָך ניט פאַרענדיקט. פאַרקערט, ערשט איצט וועט זי אַוועקגיין מיטן געהעריקן טעמפּ.

פאַר דער ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט שטייען נאָך אַפן געביט פון קאָמפּלעקטירונג זייער גרויסע אויפגאַבן. ערשטנס, מוז פאַרענדיקט ווערן די אויפזאַמלונג פון די פאָנדן, וואָס עס דאַרפן אויסטיילן די פאַרשידענע ביבליאָטעקן (קרײַזישע, שטאָטישע א. אז. וו.). דידאָזיקע אויסטיילונג קומט פאָר די גאַנצע צײַט און דער ביבליאָטעק ווערן צוגעשיקט אָן אַן אויפהער אַלץ נײַע און נײַע פאָנדן. ווײַטער דאַרף די ביבליאָטעק איבערנעמען נאָך אַ היפּשע ליטעראַטור פון די אַרכיוון, מוזייען, הויכשולן און אַנדערע אַנשטאַלטן. די ביבליאָטעק דאַרף, זיך אויך דערשלאָגן, אַז זי זאָל באַקומען דאָס רעכט אויסטיילן אין צונעמען פון אַלע ביבליאָטעקן פון אוקראַיִנע יעדעס ביכל, וואָס פעלט איר. עס דאַרף אײַנגעשטעלט ווערן אַ קלאַל (לעכאָלאָפּאָכעס פאַר אוקראַיִנע), אַז דער ערשטער עקזעמפּליאַר פון ייִדישער דרוק־פּראָדוקציע (דאָ האָבן מיר אינזינען ניט נאָר ביכער אין ייִדיש, נאָר אויך אין העברעיִש און אַנדערע שפּראַכן, ד. ה. יודאַיִקע), ווו ער זאָל ניט זײַן, אַפילו אין דער גרעסטער ביבליאָטעק, דאַרף אַריבערגיין צום אינסטיטוט. נאָר אַף אַזאַ מין אויפן קאָן געשאַפן ווערן אַן עמעס צענטראַלע און אַן עמעס אַקאַדעמישע ייִדישע ביבליאָטעק. עס דאַרף אויך אַוועקגעשטעלט ווערן פאַר די אַנטשפּרעכנדיקע אָרגאַנען פון ר.ס.פ.ר.ר. די פראַגע וועגן ווײַטערדיקע מאָסמיטלען פון איבערפאַרטיילן די ייִדישע ביכער־פאָנדן פון לענינגראַד און מאָסקווע. די גרויסע ייִדישע ביכער־זאַמלונגען פון דידאָזיקע ביידע שטעט (אַזיִאַטישער מוזיי, עפנטלעכע ביבליאָטעק, לענין־ביבליאָטעק און אַנד.) דאַרפן איבערגעבן כאָטשבי פון זייערע דובלעטן יענע ביכער, וואָס זײַנען ניט פאַראַן אין ביבליאָטעק פון אינסטיטוט.

אַ באַדײַטנדיקן פאָנד דאַרף די ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט אויך באַקומען אין רעזולטאַט פון אַ ברייטערן אויסטויש מיט פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, סײַ פאַרבאַנדישע און סײַ אויסלענדישע. דער אויסטויש, באַזונדערס מיט די דובלעטן, וואָס איז ביז איצט געווען אַזוי שוואַך אַוועקגעשטעלט אין דער ביבליאָטעק פון אינסטיטוט, מוז אָננעמען אַ מעגלעכסט ברייטערן מאַסשטאַב און ווערן איינע פון די וויכטיקסטע קוואַלן פאַר דער ווײַטערדיקער קאָמפּלעקטירונג.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט וועט מען אויך דאַרפן אָפּגעבן דעם רעגוליערן און

[1] ס'איז קלאָר, אַז בעשאַס מיר רעדן וועגן דעם ערשטן אָדער צווייטן אָרט פאַר דער ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט, צווישן די גרעסטע ייִדישע ביבליאָטעקן האָבן מיר אין זינען בלויז דעם קאַמעסדיקן און ניט דעם אײכעסדיקן פאַרגלײַך־אינדעקס.

סיסטעמאטישן אײַנקויפן נײַע און אנטיקווארע ליטעראטור. ביז איצט האָט די ביבליאָטעק אויסגעגעבן אף דערווערבן נײַע ביכער מאמעש גראָשנס. אף ווײַטער דארף די קאָמפּלעקטירונג דורך אײַנקויפן (באזונדערס אין אויסלאנד) פארנעמען א באדײַטנדיקן אָרט. ענדלעך—מוז זיך די ביבליאָטעק דערשלאָגן ניט נאָר צו אן אלוקראַיִנישן, נאָר אויך צו אן אלפארבאנדישן פליכט־עקזעמפּליאר פון דער יידישער דרוק־פּראָדוקציע [1]).

ביז דער לעצטער צײַט פלעג די זאמל־ארבעט אײַנשלינגען די גאנצע ענערגיע און אופמערקזאמקײַט פון דער ביבליאָטעק. עמעס, שוין פונעם ערשטן טאָג פון זינט די ביבליאָטעק האָט אָנגעהויבן עקזיסטירן, האָט זי אָנגעהויבן צו באארבעטן די באקומענע ביכער און צוגרייטן זיי צום באנוץ. א לענגערע צײַט איז שוין די ביבליאָטעק אפילע געווען אָפן פאר די מיטארבעטער פון אינסטיטוט. מיטן אריבערפאָרן אָבער פונעם אינסטיטוט אין דער אייגענער געבײַדע (ליבקנעכט־גאס, 10) און מיטן אָנקומען פון די ערשטע גרויסע פארטיעס צונויפגעזאמלטע ביכער פון פראָווינץ האָט מען די ביבליאָטעק געמוזט פארמאכן. די אָנקומענדיקע ביכער האָבן אלץ מער פארפלייצט די ביבליאָטעק און בא דעם נישטיק־קליינעם שטאט אירן, האָט זי בעשומויפן ניט געקאָנט באוויַזן זיי צו באארבעטן. אכוצדעם האָט זיך מיטן וווקס פון די פאָנדן געשאפן נאָך א שוועריקײַט—עס האָט געפעלט פלאץ פאר די ביכער. די גרויסע דרײַשטאָקיקע געבײַדע פון אינסטיטוט איז אכוץ עטלעכע צימערן געווען אין א האלב־רויִנירטן צושטאנד. די גאנצע צײַט איז געגאנגען א רעמאָנט. ערשט פון אווגוסט 1930, ווען אין דער געבײַדע איז דורכגעפירט געוואָרן א טיילווײַזער רעמאָנט און ווען עס זײַנען אויסגעבויט געוואָרן פאָליצעס, האָבן זיך געשאפן מאטעריעלע פאָרהאנאָכעס פאר דער מער־ווייניק נאָרמאלער ארבעט פון דער ביבליאָטעק. אין צוזאמענהאנג מיט דער פארגרעסערונג פונעם ביכער־פאָנד האָט דער פאָלקאָמבילד באשטעטיקט פאר דער ביבליאָטעק א נײַעם שטאט פון 8 מיטארבעטער. אזויווי אף דער ארבעט־בירזשע זײַנען ניט געווען קיין פאסיקע קאנדידאטן פאר דער ארבעט אין ביבליאָטעק, האָט דער אינסטיטוט אָרגאניזירט ספעציעלע קורצטערמיניקע קורסן פאר ביבליאָטעקערס, אף וועלכע עס האָבן זיך געלערנט ביז 20 פערזאָן. פון זיי האָט די ביבליאָטעק אָפּגעקליבן די מיטארבעטער אירע.

ווי געזאָגט, האָט זיך די נאָרמאלע ארבעט אין ביבליאָטעק אָנגעהויבן פונעם ערשטן אווגוסט 1930. קעדיי צו פארגיכערן די באארבעטונג פון די ביכער האָט מען צײַטווײַליק אריבערגעפירט אין ביבליאָטעק אויך די מיטארבעטער פון דער ביבליאָגראפישער צענטראלע. צום אָנהויב ארבעט איז קיין קיִעוו געקומען דער נײַער פארוואלטער פון דער ביבליאָטעק כ' רובינשטיין. עס איז באשלאָסן געוואָרן אײַנצושטעלן אין דער באארבעטונג פון די ביכער א קאָנווייער־סיסטעם מיט א מעגלעך ברייטערער פאנאנדערטיילונג פון דער ארבעט. די באארבעטונג פון די ביכער האָט אדאנק דערדאָזיקער סיסטעם געקאָנט מיטאמאָל אוועקגעשטעלט ווערן אזוי, אז אלע אָפּעראציעס איבערן בוך, אָנגעהויבן פון דער אינווענטאריזאציע און געענדיקט מיט אוועקשטעלן דאָס בוך אפן געהעריקן אָרט, זאָלן זיך פארענדיקן בעמעשעך פון דער קורצעסטער צײַט. ביז אין דער מיט סענטיאבר זײַנען אף אזא אויפן באארבעט געוואָרן העכער 6.000 ביכער, דערבײַ איז א העלפט פון זיי אין יידיש, די צווייטע העלפט אין העברעיִש און אין פארשידענע אנדערע שפראכן. (די ביבליאָטעק איז צעטיילט אף פיר אָפּטיילונגען—יידישיסטיקע, העבראַיִקע, יודאַיִקע און אלגעמיינע ליטעראטור). אין דער ערשטער ריי ווערט באארבעט די ליטעראטור אין יידיש. ראבאָנישע און אלגעמיינע ליטעראטור ווערט נאָך דערווײַלע ניט באארבעט. אין דעם ביבליאָטעק־פאָנד ווערט אײַנגעשלאָסן נאָר צו איין עקזעמפּליאר פון די ביכער. דובלעטן ווערן שטרענג אויסגעטיילט אין א באזונדער פאָנד. עס ווערן מיטאמאָל צוזאמענגעשטעלט צוויי קאטאלאָגן—קארטאָטעקעס, איינע א געשריבענע און די צווייטע א געדרוקטע אף א שרײַב־מאשין.

[1]) לויטן אָפּמאך, וואָס דער אינסטיטוט האָט מיט א קורצער צײַט צוריק געשלאָסן מיט דער אוקראַיִנישער מעלוכישער ביכער־קאמער (זע ווײַטער אין אָפּטייל Varia) וועט דער אינסטיטוט באקומען דעם פליכט־עקזעמפּליאר פון דער יידישע דרוק־פּראָדוקציע אין אוקראַיִנע.

ניט געקוקט אף דעם, וואָס די בּאארבּעטונג פון די ביכער האָט זיך אין ביבליאָטעק ערשט ניט לאנג אָנגעהויבן, האָט זי דאָך—עמעס, אין א באגרענעצטן מאסשטאב—אָנגעהויבן צו באדינען די מיטארבעטער פונעם אינסטיטוט. לויטן אָפּמאך וועגן סאָציאַליסטישן געוועט, וואָס איז געשלאָסן צווישן דעם אינסטיטוט און דעם ייִדסעקטאָר בּא דער וויַסרוסלענדישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע האָט די ביבליאָטעק גענומען אף זיך די היסכּייַוועס צוצוגרייטן צום ערשטן יאנואר 1931 א פאָנד פארינווענטאריזירטע ביכער ניט ווייניקער פון 15 טויזנט און פארקאטאלאָגיזירטע — ניט ווייניקער פון 10 טויזנט. צו דער זעלביקער צייַט דארף די ביבליאָטעק אָנהויבן נאָרמאל פונקציאָנירן. די ביבליאָטעק האָט זיך איצט געשטעלט די אופגאבע צו פארווירקלעכן דידאָזיקע היסכּייַוועס שוין אין נאָיאבער. בּלויז דער לייען־זאל, וואָס ווערט איצט רעמאָנטירט, וועט פארשפעטיקן און וועט קאָנען אָנהויבן פונקציאָנירן מינאסטאָמע ניט פריִער פון מיט דעקאבער. אכוץ אירע אייגענע ביכער שטרעבט די ביב־ליאָטעק פון אינסטיטוט שטעלן צום דינסט פון די וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער און אספּי־ראנטן אויך די ביכער פון אנדערע ביבליאָטעקן. צוליב דעם שטעלט פאר זיך די ביבליאָטעק אן אופגאבע צו אָרגאניזירן די געהעריקע אבאָנעמענט־פארבינדונג מיט די גרעסטע ביבליאָ־טעקן—ייִדישע און אַלגעמיינע—אינעם גאנצן לאנד.

פונעם נייַעם ביודזשעט־יאָר וועט די ארבעט אין ביבליאָטעק אוועקגיין נאָך אין א פיל ברייטערן מאסשטאב. עס זעען זיך פאָרויס באדייַטנדיקע אסיגנירונגען אף דער אינערלעך־מאטעריעלער אייַנאָרדענונג פון דער ביבליאָטעק, ווי אויך אף אייַנצוקויפן נייַע פאָנדן. די זאמל־ארבעט וועט אויך פארשטארקט ווערן. דער שטאט דארף פארגרעסערט ווערן לויטן ביודזשעט־פּראָיעקט ביז 17 מענטשן. דאָס אַלץ וועט געבן די מעגלעכקייַט צו פארענדיקן די אייַנאָרדענונג פון דער ביבליאָטעק ניט אין דרייַ יאָר, ווי מ'האָט גערעכנט פון אָנהויב, נאָר בעמעשעך פון א יאָר־אנדערהאלבן.

II

דער געדאנק וועגן א צענטראלן ייִדישן פרעסע־ארכיוו איז אנטשטאנען אין דער קא־טעדרע פאר ייִדישער קולטור נאָך אין סאָף 1927 יאָר. ס'איז ניט נויטיק זיך אָפּצושטעלן גענוי אף די מאָטיוון, וואָס האָבן באוויגן די קאטעדרע אָנצונעמען א באשלוס צו אָרגאני־זירן דעם ארכיוו. אין דער גאנצער נעץ הילפס־וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן, וואָס די קא־טעדרע האָט געשטרעבט צו שאפן, האָט דער פרעסע־ארכיוו געזאָלט פארנעמען א בעקאָ־וועדיקן אָרט. איבּ נעמען אין באטראכט, אז אָפּטמאָל איז איבער דער אָדער אנדערער פראגע די ייִדישע פרעסע קימאט דער אייַנציקער פּאָרשונגס־קוואל, איז קלאָר ווי גרויס א״ז די באדייַטונג פון א אינסטיטוציע, וואָס שטעלט זיך דעם ציל צו זאמלען, היטן און ביבליאָ־גראפיש באארבעטן דעם גאנצן סכום פארשידנשפראכיקע ייִדישע פעריאָדיקע.

אויב בענעגייע דער אקאדעמישער ביבליאָטעק איז בא דער קאטעדרע פון אָנהויב גע־וועזן אן אָרגאניזאציאָנעלע אָריענטאציע אף אן אלגעמיינער אינסטיטוציע (לעמאָשל, וו. ב. או.), בא וועלכער ס'האָט געזאָלט אָרגאניזירט ווערן א ייִדישע אָפּטיילונג, איז בענעגייע דעם פרעסע־ארכיוו פון לעכאטכילע אָן פעסט באשטימט געוואָרן, אז דער אנשטאלט דארף בלייבן בא דער קאטעדרע גופע: ס'איז פּאָשעט ניט געוועזן (און ס'איז אויך איצט ניטאָ) אזא אָרגאניזאציע אָדער אינסטיטוציע, בא וועלכער מ'וואָלט געקענט אָרגאניזירן אזא אנשטאלט אין פאָרם פון א ייִדסעקציע.

פון סאמע אָנהויב איז דער פרעסע־ארכיוו געוועזן אויסגעטיילט אין א באזונדער הילפס־אינסטיטוציע, ניט געקוקט דערויף, וואָס קיין ספּעציעלע שטאטן זייַנען דערצו ניט געוועזן. דידאָזיקע אויסטיילונג איז דורכגעפירט געוואָרן דערפאר, ווייַל אויב דער פרעסע־ארכיוו וואָלט געוועזן, לאָמיר זאָגן, אן אָפּטיילונג פון דער ביבליאָטעק, וואָלט די ארבעט איבער דער פרעסע, ווי געוויינלעך, פארוקט געוואָרן אין א זייַט. ווי ס'איז שוין אויבנדערמאָנט, איז דער פרעסע־ארכיוו אין דער קאטעדרע גופע געוועזן דירעקט אונטערגעוואָרפן דעם פרע־

זידיום. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו פירן א ברייטערע און א זעלבשטענדי־קערע ארבעט.

דעד ציל, וואָס דער פרעסע־ארכיוו האָט פאר זיך געשטעלט, איז געווען אופזאמלען ווי ווייט מעגלעך פולער די גאנצע יידישע פרעסע פון דער גאָרער וועלט (סיי אין יידיש און סיי אין אנדערע שפראכן) פאר דער גאנצער צייט פון איר עקזיסטענץ, איינגעשלאָסן די איצט־דערשיינענדיקע פרעסע. שטעלנדיק פאר זיך דידאָזיקע ריזיקע אופגאבע, האָט דער פרעסע־ארכיוו, פארשטייט זיך, גוט געוווסט, אז לייזן זי אינגאנצן איז ער ניט אים־שטאנד, ווייל אויב ס'איז בא א געוויסער אָנשטרענגונג מעגלעך באקומען די גרעסטע מער־הייט איצט־דערשיינענדיקע פעריאָדישע אויסגאבעס, איז אבסאָליוט אויסגעשלאָסן אופצו־זאמלען מיט א געהעריקער פולקייט די אמאָליקע יידישע צייטשריפטן. ס'איז באוווסט, אז אפילע א מער־וויניקער אויסשעפנדיקע ביבליאָגראפישע רעשימע פון אלע פעריאָדישע יידישע אויסגאבעס (אין יידיש און אנדערע שפראכן) איז שווער צוזאמענצושטעלן. און דאָך, ווייסנדיק די אלע שוועריקייטן, האָט דער פרעסע־ארכיוו גענומען אף זיך די אופגאבע אופ־זאמלען דעם הויפט־אינווענטאר פון דער יידישער פעריאָדיקע. דאָס איז געווען געוואגט, אָבער פונקט אזוי ווי בענעגייע דער ביבליאָטעק האָט דאָס לעבן אויך דאָ פולקום בארעכ־טיקט דעם אָנגענומענעם מאסשטאב פון ארבעט.

צווישן א גאנצער ריי וויכטיקע פאָרהאנאָכעס, וואָס זיינען געווען נויטיק, קעדיי די אר־בעט פונעם פרעסע־ארכיוו זאָל זיך קאָנען אנטוויקלען מיט דערפאָלג, איז אָבער געווען איין אָר־גאניזאציאָנעלער מאָמענט, וואָס אָן אים איז דער גאנצער פראָיעקט פונעם פרעסע־ארכיוו געווען פון לעכאטכילע פארורטיילט אף א דורכפאל. דאָס איז—די שטארקסטע שטיצע פון אלע יידישע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן פון פ.ס.ר.ר., ד. ה. ניט נאָר פון אוקראינע, נאָר אויך פון ווייסרוסלאנד און ר.ס.פ.ר.ר. נאָר בא דערדאָזיקער שטיצע, ד. ה. נאָר בא א פארייניק־טער אָנשטרענגונג פון קיעוו, מינסק און מאָסקווע האָט מען זיך געקאָנט ריכטן אז דער פרעסע־ארכיוו וועט סאָפקאָלסאָף אויסגעבויט ווערן. דער פרעסע־ארכיוו (ווי אויך, לעמאָשל, אזא אינסטיטוציע, ווי די ביבליאָגראפישע צענטראלע) האָט, אנדערש גערעדט, געקאָנט עק־זיסטירן בלויז ווי אן אָפיציעל אנערקענטע און דערבײַ די איינציקע אלפארבאנ־דישע אינסטיטוציע. ווייל אויב אקאדעמישע יידישע ביבליאָטעקן קאָנען מיר פאר־מאָגן עטלעכע, לעמאָשל, צו איינע אין יעדער רעפובליק, אין או.ס.ר.ר., ב.ס.ר.ר. און ר.ס.פ.ר.ר.—איז עטלעכע יידישע פרעסע־ארכיוון פאָשעט א נאָנסענס.

ארויסגייענדיק דערפון האָט די קאטעדרע נאָך אפן ערשטן פלענום פון צענטראל־ביוראָ פון יידישע וויסנשאפטלעכע אָרגאניזאציעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע זומער 1928 יאָר, אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן אנערקענען דעם פרעסע־ארכיוו פאר א צענ־טראלער אלפארבאנדישער אינסטיטוציע. דער פלענום האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם פאָרשלאג פון דער קאטעדרע און פון דעמאָלט אָן הייסט דער ארכיוו: „צענטראלער אלפארבאנדישער יידישער פרעסע־ארכיוו באם אינסטיטוט פאר יידי־שער קולטור".

דאָסזעלביקע, ווי די ביבליאָטעק, האָט אויך דער פרעסע־ארכיוו די גאנצע אופמערקזאמ־קייט זיינע געמוזט די ערשטע צייט אָפגעבן דער זאמל־ארבעט. פריער פאר אלץ זיינען פארן ארכיוו אויסגעטיילט געוואָרן אלע יענע פעריאָדישע אויסגאבעס, וואָס זיינען שוין געווען אין אינסטיטוט צווישן די אופגעזאמלטע ביכער־פאָנדן. די קאָמפעטענץ פוןביידע אנשטאלטן איז פאנאנדערגעגרענעצט געוואָרן אזוי, אז פון דער ביבליאָטעק איז אינגאנצן אויסגעשלאָסן געוואָרן די פעריאָדיקע, אָנגעהויבן פון א צייטונג און געענדיקט מיט א וויסנשאפטלעכן זשורנאל. אלס דעמארקאציע־ליניע צווישן ביידע אנשטאלטן זיינען אנערקענט געוואָרן אזוינע אויסגאבעס, ווי זאמלביכער, וואָס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין ביבליאָטעק.

בענעגייע די אלטע פעריאָדישע אויסגאבעס האָט דער פרעסע־ארכיוו געפירט די זאמל־ארבעט צוזאמען מיט דער ביבליאָטעק. אלע פאראָרדענונגען, צירקוליארן, ווענדונגען א. אז. וו.,

וואָס פלעגן צעשיקט ווערן פון פארשידענע אנשטאלטן און פונעם אינסטיטוט וועגן דער ביכער־זאמלונג האָבן אײנצײַטיק דערמאָנט וועגן דער זאמלונג פון פעריאָדישע אויסגאבעס. קימאט שטענדיק פלעגן צוזאמען מיט גרויסע פארטיעס ביכער אָנקומען אויך געוויסע פאָנדן פון פעריאָדיקע. א באזונדערס רײַכן פאָנד פעריאָדישע אויסגאבעס אין יידיש, העברעיש און אויך אין אנדערע שפראכן האָט דער אינסטיטוט באקומען פון לענינגראד, פון די ליקווידירטע אָרגאניזאציעס „אָפע“ און דער „היסטאָריש־עטנאָגראפישער געזעלשאפט“. דערדאָזיקער פאָנד איז נאָך ניט פאנאנדערגעקליבן, אָבער ס'איז קלאָר אז ער וועט ווערן דער גרונט־קערן פונעם גאנצן פרעסע־ארכיוו. היפשע צײַטשריפטן־זאמלונגען האָט דער אינסטיטוט אויך באקומען פון אנדערע שטעט.

בענעגייע די נײַע אויסגאבעס איז דעם פרעסע־ארכיוו אויסגעקומען אָנצונעמען א ריי ספעציעלע מיטלען. ערשטנס, האָט זיך דער ארכיוו געווענדעט מיט אן אָפענעם אופרוף צו אַלע פארשידנשפּראכיקע יידישע פארלאגן און צײַטשריפטן־רעדאקציעס. צווייטנס, האָט דער ארכיוו צעשיקט ספעציעלע בריוו אין פארשידענע שפראכן אין די רעדאקציעס פון די צײַטשריפטן מיט א באקאָשע צו שיקן זייערע אויסגאבעס. א באזונדערע ראָליע אין דער ארבעט פון פרעסע־ארכיוו האָט אָפגעשפילט די נעסיע פון וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער פונעם אינסטיטוט קיין דײַטשלאנד (אין דעקאבער 1928 יאָר). דער אווטאָר פון דידאָזיקע שורעס, וועלכער איז אויך געווען צווישן דידאָזיקע מיטארבעטער און וועלכער האָט זיך ספעציעל פארנומען מיט די איניאָנים פונעם פרעסע־ארכיוו, האָט צוזאמענגעשטעלט אין בערלין א גרויסע רעשימע פון די איצט־דערשײַנענדיקע יידישע צײַטשריפטן. דידאָזיקע רעשימעהאָט געגעבן די מעגלעכקײַט שטארק פארגרעסערן די צאָל נײַע אויסגאבעס, וואָס קומען אָן אין פרעסע־ארכיוו. אכוצדעם, איז אין בערלין צונויפגעזאמלט געוואָרן א געוויסע צאָל אלטע קאָמפלעקטן פון פארשיידענע פעריאַדישע אויסגאבעס, צווישן זיי אייניקע זייער ווערטפולע, ווי די צײַטשריפטן אין יידיש, וואָס זײַנען דערשינען נאָך דער מילכאָמע אין בעלגיע, דײַטשלאנד, פראנקרײַך און אנדערע לענדער. אין בערלין, איז אגעוו, אָרגאניזירט געוואָרן א ספעציעלע פאָרשטייערשאפט פון פרעסע־ארכיוו פאר אויסלאנד. די אופגאבע פון דערדאָזיקער פאָרשטייערשאפט איז געווען זאמלען און אריבערשיקן קיין קיעוו יענע פעריאָדישע יידישע אויסגאבעס, וואָס אין ראטנפארבאנד קאָן מען זיי ניט דערהאלטן מאכמעס דער אָפּוועזנהײַט פון א דירעקטן פאָסט־פארקער מיט יענע לענדער (לעמאָשל, באָלגאריע, אונגארן, רומעניע), ווו דידאָזיקע צײַטשריפטן דערשײַנען. (ליידער, האָט אָבער די פאָרשטייערשאפט געארבעט בלויז עטלעכע כאדאָשים).

אדאנק די אָנגענומענע מאָסמיטלען און—אין דער ערשטער ריי—אדאנק דער ברייטער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס דער פרעסע־ארכיוו האָט געפירט, האָט די צאָל צײַטשריפטן, וואָס דער אינסטיטוט האָט רעגוליער באקומען, געהאלטן די גאנצע צײַט אין איין וואקסן. שוין אין דעקאבער 1928 יאָר האָט דער פרעסע־ארכיוו באקומען 164 פעריאָדישע אויסגאבעס, פון זיי—22 פון ראטנפארבאנד, 57—פון פוילן, 24—פון פארייניקטע שטאטן, 26—פון דײַטשלאנד, 4—פון לעטלאנד, 5—פון קאנאדע, 4—פון ארגענטינע, 4—פון ליטע, 4—פון פראנקרײַך, 6—פון פאלעסטינע, 3—פון ענגלאנד, 2—פון שווייץ און צו איין צײַטשריפט פון בראזיליע, טשעכאָסלאָוואקיע און יוגאָסלאוויע. לויט דער שפראך האָבן זיך די צײַטשריפטן אײַנגעטיילט אזוי: יידיש—115, דײַטש—24, העברעיש—8, פויליש—3, רוסיש—2, ענגליש—8, פראנצויזיש—3 און יוגאָסלאוויש (סערביש)—1. אין אָנהויב יאנוואר איז שוין די אלגעמיינע צאָל אויסגאבעס, וואָס דער ארכיוו האָט דערהאלטן, דערגאנגען ביז 230. איצט באקומט דער ארכיוו 328 צײַטשריפטן (אָדער, אויב רעכענען אויך די וואנט־צײַטונגען, בא 350 אויסגאבעס). אן אלגעמיינע פאָרשטעלונג וועגן דידאָזיקע צײַטשריפטן גיט די פאָלגנדיקע טאבעלע[1]:

[1] צײַטשריפטן, וואָס דערשײַנען צוויי מאָל א וואָך האָבן מיר, קעדיי אויסצומײַדן א צו גענויע רובריקאציע, ארײַנגערעכנט אין דער טאבעלע צווישן וועכנטלעכע אויסגאבעס. דאָס זעלביקע האָבן מיר פארעכנט אין דער

| שפראך / לענדער | יידישע: טעגלעכע | יידישע: וועכנטלעכע | יידישע: זעלטענערע | רוסישע, אוקר. און ווייסרוסישע: טעגלעכע | רוסישע, אוקר. און ווייסרוסישע: וועכנטלעכע | רוסישע, אוקר. און ווייסרוסישע: זעלטענערע | דייטשישע: טעגלעכע | דייטשישע: וועכנטלעכע | דייטשישע: זעלטענערע | ענגלישע: טעגלעכע | ענגלישע: וועכנטלעכע | ענגלישע: זעלטענערע | העברעישע: טעגלעכע | העברעישע: וועכנטלעכע | העברעישע: זעלטענערע | פראנצויזישע: טעגלעכע | פראנצויזישע: וועכנטלעכע | פראנצויזישע: זעלטענערע | פוילישע: טעגלעכע | פוילישע: וועכנטלעכע | פוילישע: זעלטענערע | אין אנדערע שפראכן: טעגלעכע | אין אנדערע שפראכן: וועכנטלעכע | אין אנדערע שפראכן: זעלטענערע | געמישט־שפראכיקע: טעגלעכע | געמישט־שפראכיקע: וועכנטלעכע | געמישט־שפראכיקע: זעלטענערע | סאכאקל: טעגלעכע | סאכאקל: וועכנטלעכע | סאכאקל: זעלטענערע | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ראטנפארבאנד . . . | 3 | 8 | 10 | — | 28 | 6 | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 6 | 3 | 36 | 23 | 62 |
| פוילן . . . . | 12 | 22 | 23 | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | 2 | 1 | — | — | — | 1 | 2 | 1 | — | — | — | — | — | — | 13 | 27 | 25 | 65 |
| אמעריקע . . . | 5 | 4 | 15 | — | — | — | — | — | — | — | 13 | 12 | — | — | 3 | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | 5 | 18 | 30 | 53 |
| קאנאדע . . . . | 3 | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 3 | 2 | — | 5 |
| ארגענטינע . . . | 2 | 2 | 3 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 4 | — | — | — | — | 2 | 6 | 3 | 11 |
| דייטשלאנד . . . | — | — | 3 | — | — | — | — | 6 | 36 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 6 | 39 | 45 |
| פראנקרייך . . . . | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 6 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 6 | 7 |
| לעטלאנד . . . . | 1 | — | 1 | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 1 | 3 |
| ליטע . . . . | — | — | 3 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 3 | 3 |
| בראזיל . . . . | — | 4 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 4 | — | 4 |
| פאלעסטינע . . . . | — | 2 | 3 | — | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | 2 | 4 | 15 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 7 | 19 | 28 |
| רומעניע-בעסאראביע | — | — | 1 | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | 2 | 1 | 3 |
| אונגארן-עסטרייך . . | — | — | — | — | — | — | — | — | 3 | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | 3 | 2 | — | — | — | — | 3 | 6 | 9 |
| ענגלאנד . . . . . | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 5 | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 5 | 7 |
| אנדערע לענדער . . | — | 4 | — | — | — | — | — | 3 | — | — | 2 | 3 | — | — | — | — | 1 | 1 | — | — | — | — | 9 | — | — | — | — | — | 19 | 4 | 23 |
| סאכאקל . . . | 27 | 48 | 62 | — | 28 | 6 | — | 13 | 40 | — | 16 | 21 | 2 | 7 | 20 | — | 1 | 7 | 1 | 2 | 1 | — | 18 | 2 | — | — | 6 | 30 | 133 | 165 | — |
| סאכאקל . . . | 137 | | | 34 | | | 53 | | | 37 | | | 29 | | | 8 | | | 4 | | | 20 | | | 6 | | | 328 | | | |

אגעוו, אויב אין יאנואר 1929 האָט דער ארכיוו באקומען צײַטשריפטן אף 9 שפראכן, באקומט ער איצט צײַטשריפטן אף 21 שפראכן. אכוץ די אויבנדערמאָנטע שפראכן דערהאלט דער ארכיוו אויסגאבעס נאָך אין אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש, שוועדיש, אונגאריש, פלאמאנדיש, שפאַניאָליש, באָלגאריש, רומעניש, פּאָרטוגעזיש, שפּאניש, איטאליעניש, בארג־יידיש און אראביש.

דער וווקס פון צײַטשריפטן פאר דער לעצטער צײַט האָט זיך אביסל אָפּגעשטעלט. די וויכטיקסטע סיבע דערפון איז דאָס, וואָס אין צוזאמענהאנג מיטן קאפּיטאלן רעמאָנט פון דער אינסטיטוט־געבײַדע איז דער פרעסע־ארכיוו געווען קימאט אינגאנצן אין צושטאנד פון קאָנסערוואציע. די ארבעט איז אין אים קימאט אינגאנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן און די קאָרעספּאָנדענץ מיט פארשידענע רעדאקציעס און פארלאגן איז דערפירט געוואָרן ביז צו א מינימום. אויב די אלגעמיינע צאָל פון צײַטשריפטן האָט דאָך, ניט געקוקט אף דעם, געוואקסן איז דאָס אדאנק דעם, וואָס דער פרעסע־ארכיוו האָט אָנגעהויבן באקומען אכוץ יידישע צײַטשריפטן אויך א גאנצע ריי ניט־יידישע. דאָס זײַנען איינס פון די ביידע, אָדער אויסגאבעס, וואָס האָבן אן אלגעמיין וויסנשאפטלעכן אינטערעס איז וואָס זײַנען נויטיק פאר די וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער פון אינסטיטוט אָדער אזוינע אלגעמיינע (דעריקער רוסישע, אוקראַיִנישע און ווײַסרוסישע) אויסגאבעס, וואָס דרוקן אָפּט מאטעריאלן וועגן יידן.

אכוצדעם איז דער וווקס פון אויסגאבעס געגאנגען אפן כעשבן פון וואנט־צײַטונגען. דידאָזיקע צײַטונגען האָבן ביכלאל אָנגעהויבן אָנקומען אין פרעסע־ארכיוו מיט א קורצער צײַט צוריק, ווען דער אינסטיטוט האָט אָנגענומען א באשלוס, צו שאפן אין ארכיוו א באזונדער אָפּטייל פאר די וואנט־צײַטונגען און פּילטיראזשקעס. דערווײַל קומען נאָך ניט אָן אלע וואנט־צײַטונגען. דאָס, וואָס דער ארכיוו באקומט שטעלט מיט זיך פאָר מינאסטאמע ניט מער ווי א העלפט פון דידאָזיקע צײַטשריפטן. מער־ווייניקער נאָרמאל איז מיט די געדרוקטע פּילטיראזשקעס. מיט וואנט־צײַטונגען, וואָס האָבן א טיראזש בלויז פון עטלעכע עקזעמפּליארן איז פארשטענדלעך פיל ערגער. דאָך שטעלט פאר זיך דער פרעסע־ארכיוו די אופגאבע צו פארברייטערן אום יעדן פרייַז די אָפּטיילונג פון די וואנט־צײַטונגען, ווײַל דידאָזיקע אויסגאבעס האָבן פארן אינסטיטוט און פאר זײַן גאנצער פאָרשערישער ארבעט א באזונדערס וויכטיקע באדײַטונג. אגעוו, האָט דער אינסטיטוט באקומען זייער א אינטערעסאנטע קאָלעקציע יידישע און געמישט־שפראכיקע וואנט־צײַטונגען, וואָס איז עקספּאָנירט געוואָרן אף דער באוווסטער אלפארבאנדישער אויסשטעלונג פון דידאָזיקע אויסגאבעס, אָרגאניזירט פון דער רעדאקציע „עמעס". די צײַטונגען האָט דער ארכיוו באקומען פון „עמעס" נאָכן פארמאכן די אויסשטעלונג.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דער שטאט פונעם פרעסע־ארכיוו איז געווען ביז צו דער לעצטער צײַט זייער א קליינער, דאָך האָט זיך דעם ארכיוו אײַנגעגעבן די גאנצע צײַט פירן באגלײַך מיט דער זאמל־ארבעט אויך אן ארבעט אף צו ברענגען די אופגעזאמלטע פאָנדן אין א נויטיקער אָרדענונג. א באזונדערע אופמערקזאמקײַט פלעג אין דערדאָזיקער סיסטעמאטיזירונגס־ארבעט אָפּגעגעבן ווערן די איצט־דערשײַנענדיקע צײַטשריפטן. דער גאנצער פאָנד פון דידאָזיקע צײַטשריפטן איז פארינווענטאריזירט און פארקאטאלאָגיזירט געוואָרן. ס'איז שוין אפילע געמאכט געוואָרן א פרווו פון דער ביבליאָגראפישער באארבעטונג פון דידאָזיקע צײַטשריפטן. לײַדער אָבער האָט די ביבליאָגראפישע ארבעט געמוזט אף א צײַט איבערגעריסן ווערן אין צוזאמענהאנג מיטן רעמאָנט. איצט, ווען דער ארכיוו האָט באקומען א באזונדערן גרויסן לאָקאל מיט א ספּעציעלן לייען־זאל און ווען די מאטעריאלן ווערן אפּסנײַ געבראכט איז אָרדענונג, וועט מינאסטאָמע אויך ווידער אופגעשטעלט ווערן די ביבליאָגראפישע ארבעט איבער די צײַטשריפטן. איינצײַטיק דערמיט וועט פארענדיקט ווערן די אינווענטאריזאציע און קאטאלאָגיזאציע פון די אלטע קאָמפּלעקטן, וואָס ביז איצט זײַנען זיי נאָך קימאט ווי

גרויפּע וועכנטלעכע אויסגאבעס אלע פּילטיראזשקעס. די טאבעלע איז צוזאמענגעשטעלט אפן סמאך פון כ׳ כאבענסקיס „רעשימע פעריאָדישע אויסגאבעס, וואָס עס באקומט דער צענטראלער אלפארבאנדישער יידישער פרעסע־ארכיוו באם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור" (זע ווײַטער).

ניט געריִרט. דער פרעסע־ארכיוו וועט אויך אף אסאך פארשטארקן די זאמל־און קאָרעספּאָנדענץ־ארבעט, קעדיי צו פארגרעסערן די צאָל אָנקומענדיקע צײַטשריפטן, סײַ יידישע און סײַ ניט־יידישע. די אלגעמיינע צאָל צײַטשריפטן דארף אין פרעסע־ארכיוו דערפירט ווערן—לויטן אופטראג פונעם אינסטיטוט—מינימום ביז 750 אויסגאבעס, ד. ה. די צאָל אָנקומענדיקע צײַטשריפטן דאַרף מער ווי פארדאָפּלט ווערן.

עס דארף אויך געעפנט ווערן באם ארכיוו א שטענדיקער מוזיי פאר יידישער פרעסע, וואָס עקספּאָנאטן פאר אים ווערן שוין געזאמלט א לענגערע צײַט [1].

---

[1]) לאָמיר בא דער געלעגנהײַט דערמאָנען א ווערטפולע קאָלעקציע אלטע יידישע צײַטשריפטן און פּאָטאָגראפיעס פון צײַטונגס־קעפלעך, וואָס דער ארכיוו האָט באקומען פארן מוזיי פונעם כ׳ א. קירזשניץ.

י. מיטלמאַן

# דער ייִדישער אָפּטייל אין דער אַלוקראַיִנישער פאָלקס־ביבליאָטעק

דער ייִדישער אָפּטייל פון דער אַלוקראַיִנישער פאָלקס־ביבליאָטעק בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע (Всенародня Бібліотека України при ВУАН), וואָס לעבט אַצינד נאָך איבער זײַן אָרגאַניזיר־פעריאָד, האָט הינטער זיך א שטיקל „פאָרגעשיכטע״. אין סאמע אָנהויב, בעשאַסן שאַפן די אַלוקראַיִנישע אַקאַדעמישע ביבליאָטעק, איז פאר אירע גרינדער די פראַגע וועגן א ייִדישן אָפּטייל גאָרניט געשטאַנען. ס'האָט זיך נאָר גערעדט בעדערעך־קלאַל וועגן דעם, אז עס איז ווונטשנסווערט צו עפענען אן אָריִענטאַלישן אָפּטייל, „נעמענדיק אין אכט די גרויסע ראָליע, וואָס דער מיזרעך האָט געשפּילט אין דער געשיכטע און אינעם עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פונעם אוקראַיִנישן פאָלק״ [1]. ערשט אין 1919 יאָר האָבן „איינזיקע ייִדישע קרײַזן״ (דיזעלביקע „קרײַזן״ פון וועלכע ס'האָט זיך שפּעטער ארויסגעשיילט די „העברעיִסטישע״ קאָמיסיע בא דער אַקאַדעמיע — „כאָכמאַס־ייִסראָעל״־פאָרשטייער, „געלערטע יידן״ און זייער גלײַכן) אוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן גרינדן אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק (אַזוי האָט זי דעמאָלט געהייסן) א ייִדישע אָפּטיילונג. אין נאָמען פון אָט די „קרײַזן״, אַפּאָנעם, איז ארויסגעטראָטן דער קיִעווער אָריִענטאַליסט־העברעיִסט י. איזראַעל־סאָן אין אָפיציעלן אָרגאַן פונעם צײַטווײַליקן קאָמיטעט פון דער ביבליאָטעק, אין „קניזשני וויסטניק״ [2]) מיט אן אַרטיקל: „די באַדײַטונג פון דער ייִדישער אָפּטיילונג אין דער אוקראַיִנישער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק״. דערדאָזיקער אַרטיקל, וואָס איז אָנגעשריבן אינעם טיפּישן אַפּאָלאָגעטיש־היסנאַצלעסדיקן און כאָכמאַס־ייִסראָעלדיקן נוסעך, הויבט זיך אָן דערפון, וואָס „די אַלוקראַיִנישע נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק... דאַרף ווערן א ביבליאָטעק פון אַל־וועלטלעכן טיפּ, וואָס דאַרף אָנזאַמלען אין אירע ווענט אַלע ליטעראַטור־אויצרעס פון אַלע לענדער, פעלקער און שפּראַכן״ און אַזוי ארום אויך די ייִדישע ליטעראַטור; און „העיויס קעפּי די ברייטע קרײַזן זײַנען גאָר ווינציק באַקאַנט מיט דער ייִדישער (Єврейській — דאָ ווערט געמיינט אומעטום די העברעיִשע) ליטעראַטור און האָבן וועגן איר ניט קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג״, — איז דער מעכאַבער טאַקע אויסן, — ווי מע פלעג אַמאָל זיך אויסדריקן — „צו אַנטפּלעקן פאר די אויגן פון די פעלקער און די האַרן״ דאָס גרויסקײַט פון דער ליטעראַטור, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט געשאַפן פון די אוראַלטסטע צײַטן ביז איצטער. פאַרשטייט זיך, אז די „אַנטפּלעקונג״ הויבט זיך אָן פונעם טאַנאַך, זײַן שיינקײַט, הייליקײַט פאר אַלע נאַציעס און גלויבנס א. אז. וו., גייט איבער ווי א מיליץ־יוישער צום טאַלמוד און פון דאָרטן גלײַך צום „מאַימאָנידעס״, איבן גאַביראָל, יעהודע האַלייווי א. ד. גל. — אַלץ לויטן באַקאַנטן, סקאַרבאָוון, שטאַדלאָניש־געלערטן סטיל. צום סאָף דריקט אויס דער מעכאַבער זײַן האָפענונג, אז דער ייִדישער אָפּטייל בא דער ביבליאָטעק וועט דערוועקן דעם אינטערעס און דעם כיישעק צו פאַרנעמען זיך מיט דער „ייִדישער וויסנשאַפט״, וואָס איז בא אונדז אין א נידעריקן צושטאַנד, אין דער צײַט, וואָס אין אייראָפּע בליט זי, און פאַרענדיקט מיט אן אופרוף צו די ברייטע שיכטן פונעם ייִדישן פאָלק, אז

1) זע: С. Постернак. Всенар. бібл. Укр. Київ, 1923, стр. 28.

2) זע: „Книжний Вістник" 1919, № 2, стр. 66—58.

זיי זאָלן נעמען א בײַשפּיל פון אזעלכע ביכער־ליבהאָבער און ביכער־נאַדוואָנים ווי פרידלאַנד, ראָזענטאַל א. ד. גל. און זאָלן אויך זאַמלען, שענקען און שיקן ביכער פאַרן ייִדישן אָפּטייל בא דער אַלוקראַיִנישער נאַציִאָנאַלער ביבליִאָטעק.

דידאַקטיקע אקציע האָט געבראַכט דערצו, אז דער צײַטווײַליקער קאָמיטעט פון דער ביבליִאָטעק (וואָס איז אנטשטאַנען נאָך אין אווגוסט 1918 — בימיי האהעטמאַן) האָט ענדלעך באַטראַכט די פראַגע וועגן ייִדישן אָפּטייל און אָנגענומען אזא באַשלוס: „פּרינציפּיעל איז דער קאָמיטעט אײַנשטימיק, אָבער אזויווי בא דער נאַציִאָנאַלער ביבליִאָטעק איז ביז אהער נאָך ניט פאַראַן קיין אָריִענטאַלישער אָפּטייל, קאָן קיין רייד ניט זײַן וועגן גרינדן א ספּעציִעלן ייִדישן אָפּטייל. דער לעצטער דאַרף איבערהויפּט ניט זײַן קיין באַזונדערער אָפּטייל, — נײַערט איינער פון די סובאָפּטיילן אין Orientalia. ווען די נאַציִאָנאַלע ביבליִאָטעק וועט קריגן אזא צאָל ביכער, אז ס׳וועט ווערן נויטיק צו שאַפן אָפּטיילן ביכלאַל, ווי אויך די Orientalia, — דעמאָלט וועט מען שמועסן וועגן אײַנטיילן די אָפּטיילן אין סובאָפּטיילן און אויך וועגן א ייִדישן סובאָפּטייל אין Orientalia. ביז דאַן געפינט אָבער דער קאָמיטעט פאַר נויטיק צו דערגאַנצן דעם באַשטאַנד פון די קאַטאַלאָגיזאַטערס אין דער נאַציִאָנאַלער ביבליִאָטעק מיט א פּערזאָן, וועלכע זאָל, ניט אָפּזאָגנדיק זיך אין אַלגעמיין פון דער געוויינלעכער קאַטאַלאָגיזיר־אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון די עלטערע ביבליִאָטעקערס, — זײַן אימשטאַנד, קענענדיק די העברעיִשע (староєврейську) שפּראַך, קאַטאַלאָגיזירן די ביכער, וואָס זײַנען מיט ייִדישע אויסיעס געשריבן. באַם ווײַלן אזא פּערזאָן, האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן נעמען אין אכט די יעדיִעס, וואָס וועלן אָנגעבן וועגן איר די באַוווּסטע ייִדישע טוער״... [1]

אף דעם סמאַך איז אין אָנהויב 1920 אײַנגעלאַדן געוואָרן י. איזראַעלסאָן אף צו באַרענגען אין אָרדענונג די יודאַיִקע־ און העבראַיִקע־ליטעראַטור אין דער נאַציִאָנאַלער ביבליִאָטעק. אין העסקעם מיטן אויבנציטירטן באַשלוס, איז אין דערזעלביקער צײַט אויך געגרינדעט געוואָרן דער אָפּטייל Orientalia (אונטער דער פאַרוואַלטונג פונעם קיִעווער סעמיטאַלאָג, פּראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגישן אינסטיטוט — וו. פּ. איוואַניצקי — אויך א מיטגליד און א מיטאַרבעטער פון דער „העברעיִסטישער״ קאָמיסיע), וואָס אין זײַן רעשוס האָט געדאַרפט זיך געפינען דער אידישער סובאָפּטייל, אָבער קאָלערליי אומגינסטיקע אומשטאַנדן און סיבעס האָבן די גאַנצע צײַט געשטערט דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פונעם אָפּטייל. די קאַטאַלאָגיזאַציע האָט זיך געפירט גאַנץ שלאַבעריק, וועגן דער עקזיסטענץ פון א ייִדישן סובאָפּטייל האָט געוווּסט נאָר א גאָר ענגער קרײַז פון „געוועזענע״ טוער און „געלערטע״. אין א צײַט אַרום איז י. איזראַעלסאָן אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע, עמיגרירט פונעם ראַטנפאַרבאַנד און באַלד דערנאָך געשטאָרבן; נאָכדעם איז אין אונטערגעגאַנגען די „שטאַטן־פאַרקירצונג״ אין דער נאַציִאָנאַלער ביבליִאָטעק, וואָס האָט זיך טייקעף אָפּגערופן אפן אָפּטייל Orientalia, און אָנהויב 1922 איז די אַרבעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן — אף גאַנצע 7 יאָר.

פאַר דער צײַט איז די אוקראַיִנישע אקאַדעמישע ביבליִאָטעק אומופהערלעך און מיט א בעעמעס וווּנדערבאַרן טעמפּ געוואַקסן. הונדערטער טויזנטער ביכער, וואָס די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אָפּגענומען בא די רײַכע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, זײַנען פון גאַנץ אוקראַיִנע צונויפגעזאַמלט און אָנגעקליבן געוואָרן אין די קאַמערן פון דער ביבליִאָטעק. די ייִדישע ביכער־פאָנדן, וואָס זײַנען צעוואָרפן געווען אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס זײַנען בעשאַסן בירגער־קריג פון די יאָרן 1918 — 1922 געשטאַנען אין א סאַקאָנע לאַכלוטן פאַרשוווּנדן צו ווערן, — זײַנען גראַדע געבליבן אויסער דער זאַמל־אַרבעט. די נאַציִאָנאַלע ביבליִאָטעק האָט, ווײַזט אויס, אַרויסגעלאָזט פון אויג דעם ייִדישן בוך און קיין שום ענערגיע ניט אָנגעווענדעט עס אָנצוקלײַבן און אײַנהיטן. נאָר דער אָבליגאַטאָרישער עקזעמפּליאַר

1) זע: „Книжний Вістник", 1919, № 2, стр. 17.

פון אלע דרוקן אין פסר"ר, וואָס איז לויטן געזעצדי לעצטע יאָרן אָנגעקומען אין דער אלוקראַיִנישער אקאדעמישער ביבליאָטעק, און אייניקע זײַטיקע, גאַנץ קנאַפּע און סיסטעמלאָזע ביכער־ארײַנפאלן, — האָבן ביסלעכווײַז און, אזוי צו זאָגן, פון זיך אליין, געשאפן א שטיקל קערן פון א ייִדישער ביכער־זאמלונג. דידאָזיקע זאמלונג איז אָבער געלעגן בוכשטעבלעך אָנגעוואלגערט אין אלע זיבן עקן און ווינקעלעך פון דער ביבליאָטעק, ווי פארוואָרלאָזטע.

עמעס, די פראגע וועגן א ייִדאָפּטייל איז נאָכאמאָל דערוועקט געוואָרן אין אָנהויב 1926 יאָר דורכן פּראָפעסאָר איוואניצקי, וועלכער האָט דערלאנגט א מאָטיווירטן אויספירלעכן מעמאָראנדום וועגן דעם אין ראט פון דער ביבליאָטעק. ווידעראמאָל ארויסגייענדיק פונעם שטאנדפונקט, אז די געשיכטע פונעם מיזרעך און זײַן קולטור איז ענג פארבונדן מיט דער אוקראַיִנישער געשיכטע־ און קולטור־פאָרשונג, — האָט פּראָפ. איוואניצקי אָנגעוויזן אף דער וויכטיקײַט פונעם „אָריענטאליא"־אָפּטייל אין דער אלוקראַיִנישער אקאדעמישער ביבליאָטעק ביכלאל, און אקצענטירט, אז „פריִער פאר אלעמען דארף מען אוועקשטעלן די ארבעט אין ייִדישן טייל פון Orientalia; דערעך־אגעוו האָט ער אָנגעמערקט דידאָזיקע צוויי ארבעטן פארן ייִדאָפּטייל: 1) די ביבליאָגראפיע פון די ייִדישע דרוקן אין אוקראַיִנע און 2) די ביבליאָגראפיע פון „ייִדנקענטעניש" (евреезнавство) אין געוועזענעם רוסלאנד און פסר"ר — אלס א העמשעך פונעם „Систематический указатель литературы о евреях", וואָס די „מעפיצע־האסקאָלע" האָט ארויסגעגעבן אין 1893 יאָר. — אף דער זיצונג פונעם 19/I, 1926 יאָר האָט דער ראט אָנגענומען א באשלוס: „זיך פארבינדן מיט די ייִדישע אָרגאניזאציעס, דערהויפּט אין די אינטערעסן פון ביבליאָגראפישער ארבעט אפן געביט פון „אָריִענטאליא" — און דערבײַ איז דאָס געבליבן.

ערשט אין ווינטער 1928—1929 יאָר איז, לויט דער דירעקטער איניציִאטיוו פון דער קאטעדרע פאר ייִדישער קולטור, ווידער אופגעשווומען די פראגע וועגן ייִדאָפּטייל אין ביבליאָטעק, און ווידעראמאָל האָט זיך אין ראט פון ביבליאָטעק גערעדט וועגן א סובאָפּטייל בא דער Orientalia — נאָר אדאנק דער ענערגישער אקציע טאקע פון דער קאטעדרע גופע — איז סאָפּקאָלסאָף באשלאָסן געוואָרן צו עפענען ניט קיין סובאָפּטייל, נאָר א זעלבשטענדיקן ייִדישן אָפּטייל. פאר דעם איז אָפּגעגעבן געוואָרן א היפּשער צימער אפן 3־טן שטאָק (צײַטווײַליק) אין דער אלטער געבײַדע פון דער אלוקראַיִנישער אקאדעמיע־ביבליאָטעק (שעווטשענקאָ־בולוואר, 14) און מע האָט אײַנגעלאדן א ספּעציאליסט אף צו אָרגאניזירן דעם נײַעם אָפּטייל. צום אלעמערשטן האָט מען גענדארפט צונויפזאמלען די ביכער פון אלע ערטער ווו זיי זײַנען צעשפּרייט געווען, ברענגען זיי אין אָרדענונג און קאטאלאָגיזירן. די ארבעט האָט זיך אָנגעהויבן אין מײַ 1929 און ביז אָקטיאבער זײַנען די ביכער אויסגעסאָרטירט געוואָרן אין 3 אָפּטיילונגען—1) ייִדישע ליטעראטור, 2) העברעיִשע און 3) פעריִאָדישע אויסגאבעס—און מייסטנטיילס פארקאטאלאָגיזירט.

וואָס־זשע שטעלט מיט זיך פאָר בא הײַנטיקן טאָג דער ייִדישער אָפּטייל?

קוידעמקאָל דארף מען באמערקן, אז דאָס איז לעפּיִערעך א גאנץ קליינער אָפּטייל, וועלכער פארמאָגט לעסאטע קאם 4 טויזנט ביכער (כוץ צײַטונגען). 3/4 פון דעמדאָזיקן פאָנד באשטייען פון דעם פליכט־עקזעמפּליאר, וואָס די אלוקראַיִנישע אקאדעמישע ביבליאָטעק באקומט פון אלע דרוקן אין ראטנפארבאנד. דאָס איבעריקע איז אָנגעקליבן געוואָרן, ווי געזאָגט, גאנץ צופעליק אָדער דורך געשאנקען פון פּריוואטע פּערזאָנען (אזוי, לעמאָשל, האָבן דער ביבליאָטעק געשענקט ביכער איזראעלסאָן, מ. קאמיִאָנסקי, יעהאלעל, אוורעאָם קאהאנע א. אנ.), אָדער דורך בײַטן זיך מיט אנדערע ביבליאָטעקן און אנשטאלטן (ווי אשטייגער די אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין יערושאָלאיִם), אָדער דורך דער „העברעיִסטישער" קאָמיסיע, וואָס האָט עקזיסטירט בא דער אלוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע. דער גרעסטער טייל פונעם פאָנד איז אין ייִדיש: די ראטן־אויסגאבעס זײַנען פון 1922 און ווײַטער (ביז 1922 איז דער פליכט־עקזעמפּליאר ניט רעגוליער צוגעשיקט געוואָרן און ניט דירעקט דער ביבליאָטעק — נאָר דעם אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן אין קיִעוו); דאָס

איבעריקע איז — העברעיִשע, דעריקערשט ראבאָנישע ליטעראטור; די מאָדערנע העברעיִשע ליטעראטור איז שוואך פאָרגעשטעלט. דידאָזיקע קליינע זאמלונג פארמאָגט פונדעסטוועגן א געוויסע צאָל ווערטפולע און אפילע זעלטענע זאכן. פון די ייִדישע איז קעדײַ צו דער־מאנען דאָ: איגנאץ בערנשטיינס „ייִדישע שפּריכווערטער erotica et rustica (א יעקאר האמציִעס), אן עקזעמפּליאר „ייִדישע פאָלקסביבליאָטעק" מיט שאָלעם־אליכעמס אייגנ־האנטיקער אופשריפט; „רינאלדאָ רינאלדיני" אין א ייִדישער איבערזעצונג פון טוביה ברכי רוף פונעם 1865 יאָר. — פון די אלטע דרוקן קען מען פארצייכענען: ייִדישע — 1) א „נחלת צבי" און א „שבט מוסר" (אוסטרהא תקע"ה); 2) א „יוסיפון" מיטן „שארית ישראל" — פולנאָער דרוק פונעם סאָף 18־טן י"ה בעערעך; 3) מעשה ה' — שײַנט צו זײַן אויך פון דערזעלביקער צײַט. אסאך רײַכער איז די צאָל העברעיִשע פאלעאָטיפּן, צווישן זיי איז פאראן: 1) א „פּאָסעק" ישעיה מיטן רד"ק — סאנצינער דרוק (רמ"ו?), מיט גלאָסן אף ייִדיש־שפּאניש פונעם יאָר 1609, מיט ערטער אויסגעשטרייכטע דורך דער צענזור (אין רד"ק)[1]; 2) „בחינת העולם" לר' ידעיה הפניני (פיראַרה שי"ב — 1552); 3) „חשן המשפט" (סביוניטה, שי"ט — 1559); 4) יורה דעה (ווינעציאה, שכ"ד — 1564); 5) ר' בחיי על התורה (ווינעציאה, שכ"ו — 1566); 6) „ספר הישר" לרבינו תם (קראקא, שמ"ו — 1586); 7) יאָהאן בוקסטאָרפס Concordantiae (Basiliae, 1632); 8) ספר מלאכת מחשבת לר' אליהו מפינטשוב (בערלין, 1755); 9) סדר תפלות הקראים (קלעה, 1752), אין וועלכן ס'איז פאראן א צאָל בלעטלעך צוגעשריבענע פון דער האנט מיט טפילעס אפן קאראימיש־קרימישן דיאַ־לעקט. — פאראן אויך א 25 קסאוויאדן און פון זיי זאָלן דאָ דערמאנט ווערן: 1) „מורה נבוכים" להרמ"בם, געשריבן אף פארמעט אין זעלטן שיינעם ראבאָנישן קסאוו, מיט פּראכ־טיקע באפּוצונגען אין אָנהויב פון יעדער טייל און קאפּיטל (אין צוויי פארבן — רויט און בלאָ); צום באדויערן איז אפּאָנעם דער בוך געווען אין די הענט פון וואנדאלן, וואָרעם דער ערשטער און צווייטער טייל זײַנען שטארק צעשעדיקט; די דאטע (אָבער נאָר די דאטע) איז אָנגעוויזן אין ווירטואָז באצירטן קאָלאפאָן (אויך רויט און בלאָ געמאָלט) „בשנת התשעים וששה ליצירה" — ד. ה. — אין 1336 יאָר. ניט ווייניקער אינטערעסאנט איז: 2) א „מחזור לראש השנה ויום הכיפורים" — אויך אף פארמעט — פונעם יאָר קל"ו (1376) דער מחזור שײַנט צו זײַן „נוסח אשכנז", נאָר מיט זייער אייגנארטיקע נוסכאָעס און וואריאנטן אין די טפילעס, מיט שטעלן אויסגעקראצטע דורך דער צענזור, מיט גלאָסן — אף ייִדיש — פונעם 16 י"ה בעערעך. פון די איבעריקע מעג מען נאָך אָנרופן 3) „ספר הנשמות והגילגולים" להאר"י — געשריבן אין יאָר תקכ"ז (1767), אפּאָנעם, אין איטא־ליע; 4) „כנפי יונה" (מנחם עזריה מפאנו?), 1767; 5) תבנית המשכן" לר' משה חפץ Gentili (געשריבן אין מאנטוא, ווײַזט אויס אין 18־טן י"ה; 6) א מין „תפילות לנשים" מיט ספּעציפישע טכינעס אָנגעשריבן ספּעציִעל פאר דער סיניאָרע „שמחה ברכה (סמיראַלדאַ) לאווידא" — מיט איטאליעניִשע גלאָסן; 7) קיצור ומראה מקום של פינקס וועדי בה"ב [בעלי הבתים] ק"ק ריגיו (Riggio) מתחלת שנת השס"ה עד תקל"ה (1605 — 1775); אהער קאָן מען צורעכענען אויך א טילימל אין א מיניאַטור־פאָרם, געשריבן אין א שיינעם ציכטיקן סייפערטוירע־קסאוו אף ווײַסן פארמעט אין אן אלט־פרענקישער לעדער־בונד. — פון די 2 — 3 ייִדישע קסאוויאדן איז עפּשער קעדײַ דאָ צו דערמאנענען די מעמוארן פון אײַזיק ליפּאָוועצקי (געשט. 1923), וואָס איז געווען איינער פון די אומאנער האסקאָלע־עפּי־גאָנען, מ. ספּעקטאָרס א קאָרעוו און א. ש. פרידבערגס א יעדיד, וועלכער איז געווען א שטיק צײַט אין לאָנדאָן, געפּרוּווט דאָרט ארויסגעבן א ייִדישן זשורנאל „די ייִדישע גלאָקקע" און דערנאָך — „די ייִדישע פאָלקסשטיממע" און געשריבן אין דער „צוקונפט", וואָס ס'האָט דעמאָלט ארויסגעגעבן אווראָם וואָלף ראבינאָוויטש (או"ר).

1) לויט די יעדיִעס, וואָס זײַנען פאראן אין דער ביבליאָטעק, זאָל דאָס זײַן אן אינקונאבול פון אנ־סקיס זאמלונגען. דער עקזעמפּליאר איז א דעפעקטער. די דאטע איז דאָ אָנגעגעבן אלפּי האשאָרע, לויט דער Jew. Enc. VI ז. 575 א. א. וו.

די אלוקראַינישע אקאדעמישע ביבליִאָטעק פארמאָגט כוצדעם אויך זייער א גרויסן צאָל ביכער אפן געביט פון יודאִיקע (ליטעראַטור אין רוסיש, אוקראַיִניש, פּויליש, דײַטש, פראנצויזיש, ענגליש א. אנד.). באזונדערס אינטערעסאנט איז די יודאִיקע־זאמלונג, וואָס געפינט זיך אין „פּאָראָלער" אָפּטייל פון דער אלוקראַיִנישער אקאדעמישער ביבליִאָטעק (באשטייט דעריקער פון דער ביבליִאָטעק פון דער געוועזענער „קיִעווער אקאדעמיע פאר גײַסטלעכע"); דאָרטן זײַנען פאַראַן היפּשע און דערבײַ זייער ווערטפולע פאָנדן — וואָס די „גײַסטלעכע" אקאדעמיע האָט געיארשנט פון אירע פּראָפעסאָרן — העברעיִסטן, ווי צ. ב. ש.: די ביבליִאָטעק פונעם אלט־גריכיש־און העברעיִש־קענער וואַ־לאאם לאשטשעווסקי (געלעבט נאָך אין יעליזאוועטעס צײַטן), דעם פּראָפעסער קריזשאנאָווסקיס (אין 18 י"ה — א „מעשומעד"), דעם פּאלעסטינע־פּאָרשער, ארכעאָלאָג אָלעסניצקיס (בעערך 7000 ביכער). דער גרעסטער טייל פון אָט די זאמלונגען באשטייט פון רעליגיִעזער ליטעראטור, ביבל־געשיכטע, ביבל־ליטעראטור א. ד. גל. ס'איז דאָ אויך פאראן א געוויסע צאָל ווערטפולע אלט־דרוקן, ווי אשטייגער: די פּאָליגלאָטן־ביבל Waltoni און דער Lexicon polyglott קאָסטעליס (1669 — 1655 לאָנדאָן, 8 בענדער); סורענהוזיוס' „Mischna" (אמשטערדאם, 1703 — 1698); אמסטערדאמער געמאָרעס פון אָנהויב 17 י"ה א. ד. גל. פאראן די קאפּיטאלע ארבעטן פון אזעלכע פאָרשער ווי: געזעניוס, עוואלד, קיטטעל, וועלהויזען, קעניג, גייגער, צונץ, יאָסט, שירער, קאָרניל, בענצינגער, לעוויזאן א. ד. גל. ניט אָרעמער — אויב ניט רײַכער — איז, אזוי צו זאָגן, די „אנטי־יודאִיקע", ד. ה. די אנטיסעמיטישע ליטעראטור: איר האָט דאָ א זאמלונג פון פּאמפלעטן, פּאסקווילן און קאָלערליי העצע־כיבורים, אָנהויבנדיק פון אפּיאָן, פּפעפערקאָרן, א. אנד. ביז אײַזענמענגער, טשעמבערלען, וו. נאכלאס (אלעקסעיעוו), בראפמאן, ליוטאָסטאנסקי און פראנײַטיס... אסאך ווערטפולע ביכער איז פאראן אויך אין פעטשערער פיליע פון דער ביבליִאָטעק (אין דער אמאָליקער לאווורע), באזונדערס אין דער אזוי גערופענער „פּלאוויִאנע" (די ביבליִאָטעק פונעם קיִעווער מיטראָפּאָליט פּלאוויִאן, וואָס געפינט זיך אויך אין דער לאווורע). ווען מע זאָל די אלע ביכער, וואָס האָבן א שײַכעס צו יודאִיקע, איבערגעבן אין יִדישן אָפּטייל, וואָלט זיך געשאפן א פאָנד פון צוואנציק־דרײַסיק טויזנט ביכער. די אדמיניסטראציע אָבער און דער ראט פון דער אלוקראַינישער אקאדעמישער ביבליִאָטעק האָבן זיך פונעם אָנהויב אָן געשטעלט אפן **שפּראַכלעכן** שטאנדפּונקט: נעמיִעך, אז דער יִדאָפּטייל דארף זאמלען און האלטן בא זיך נאָר די דרוק־זאכן, וועלכע זײַנען „געשריבן מיט יִדישע אויסיעס". וואָס איז שײַעך דער יודאִיקע, זאָל זי טאָפּאָגראַפיש בלײַבן דאָרט, ווו זי געפינט זיך, ד. ה. צעזייט און צעשפּרייט אין אלע פיליִעס פון דער ביבליִאָטעק. איצט אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס עס האָט זיך געביטן די פארוואלטונג מיט דער ביבליִאָטעק, האָט זיך די סיטואציע ראדיקאל געענדערט: די גאנצע יודאִיקע וועט מינאסטאם אין דער נאָענסטער צײַט אריבער אין יִדאפּטייל. צוליב דעם מוז דער יִדאָפּטייל צונויפשטעלן פריִער פאר אלץ א **סיסטעמאַטישן** קאטאלאָג פון דער גאנצער יודאִיסטישער ליטעראטור אין דער נאציִאָנאלער ביבליִאָטעק.

צו דערדאָזיקער לאנגדויערנדיקער און פאראנטוואָרטלעכער ארבעט וועט דער יִדאָפּטייל צוטרעטן באלד נאָכדעם ווי ס'וועט פארענדיקט ווערן די אָרגאניזאציע און קאטאלאָגיזאציע פונעם פאראנענעם פאָנד. ס'איז אָבער קלאָר, אז מיט איין־און־איינציקן מיטארבעטער קען מען אזא ארבעט ניט דורכפירן; דער פּערסאָנאל און אויך די מאטעריִעלע מיטלען פונעם יִדאָפּטייל מוזן אומבאדינגט פארגרעסערט ווערן. ביכלאל, קעדיי די ארבעט זאָל זיך קענען צעוויקלען נאָרמאל, מוז ארײַנגעטראָגן ווערן מער קלאָרקײַט אין דער **לאגע** פונעם אָפּטייל. בא הײַנטיקן טאָג, ווען אין קיִעוו זײַנען פאראן נאָך גאנצע **צוויי** יִדישע וויסנשאפטלעכע ביבליִאָטעקן: די צענטראלע מעלוכישע אפן נאָמען פון ווינטשעווסקי און די ביבליִאָטעק פונעם אינסטיטוט פאר יִדישער קולטור, וואָס אנטוויקלט זיך מיט א ריזיקן טעמפּ און שטרעבט, ניקער, צו ווערן די צענטראלע יִדישע וויסנשאפטלעכע ביבליִאָטעק אין **אוקראַיִנע**, און עפּשער טאקע אין גאנצן ראטנפארבאנד. קלאָר, אז

קעדיי אויסצומייַדן א שעדלעכן פאראלעליזם און אומראציִאָנעלע קויכעס־צעשפליטערונג, מוז אייַנגעשטעלט ווערן עפּעס א מין סיסטעם פון צווישן־באציִונגען און פארהעלטענישן, א פאנאנדערגרענעצונג אין דער טעטיקייַט, א קאָאָרדינירונג אין דער ארבעט. פון אָט די אלע פאָרבאדינגונגען הענגט אָפּ אין א שטארקער מאָס די ווייַטערדיקע אנטוויקלונג פונעם ייִדישן אָפּטייל אין דער אלוקראיִנישער אקאדעמישער ביבליִאָטעק.

---

ל. בראָווארניק

# די קיִעווער צענטראלע ייִדישע מעלוכע-ביבליִאָטעק אפן נאָמען פון מ. ווינטשעווסקי

אלס מעלוכע־ביבליִאָטעק פונקציִאָנירט די צענטראלע ייִדישע ביבליִאָטעק אפן נאָמען פון מ. ווינטשעווסקי פון 1924 יאָר. פריִער האָט זי עקזיסטירט אלס ביבליִאָטעק פון „קולטור-ליגע" (געגרינדעט אין 1919 יאָר). שפּעטער זייַנען צו איר צוגעקומען די ביכער־פאָנדן פון „אָפע"־ביבליִאָטעק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1906 יאָר, און פון אייניקע קלענערע ביבליִאָטעקן, ווי די ביבליִאָטעק פון קיִעווער קאָרשול, כ. י. גורליאנדס ביבליִאָטעק, ד"ר. י. איזראעלסאָנס, די ביבליִאָטעק פון „טארבוס", פון דער סטודענטישער גאָרקיך און אנדערע.

א לאנגע צייַט האָט זיך די ביבליִאָטעק געפונען אין אן ענגער געבייַדע. דער מערסטער טייל ביכער איז געלעגן צונויפגעוואלגערט אין צוויי קליינע צימערן, און באארבעטן די ביכער־אויצרעס און צונויפשטעלן א פולן אינווענטאר פונעם פארמעגן איז געווען אומעגלעך. ערשט צום סאָף 1926 באקומט די ביבליִאָטעק א געהעריקע געבייַדע, די ביכער ווערן אויסגעשטעלט אין קאָרפּוסן און מע טרעט צו דורכצופירן דעם נויטיקן דיסקאָנט.

צום ערשטן אָקטיאבער 1929 יאָר פארמאָגט די ביבליִאָטעק די פאָלגנדיקע צאָל פאריִנוועטאריזירטע ביכער:

| | |
|---|---|
| ייִדישע | 17.710 |
| רוסישע און אוקראיִנישע | 14.454 |
| העברעיִשע | 11.445 |
| יודאיִקע אף פארשיידענע שפראכן | 4.007 |
| סאכאקל | 47.616 |

ניט פאריִנוועטאריזירט איז געבליבן א קליינע צאָל ביכער אף אראביש, אסיריש א. אנד. מיזרעך־שפראכן.

צווישן די קנאפּע 48 טויזנט ביכער געפינט זיך א לעפּיִערעך נישקאָשעדיקער פארמעגן זעלטנהייַטן און עלטערע אויסגאבעס, און אויך א היפּשער פאָנד פארשידנשפראכיקע ייִדישע פעריִאָדיקע (דידאָזיקע פעריִאָדיקע איז קאָנצענטרירט אין א ספּעציִעלן פּרעסע־ארכיוו).

די ביבליִאָטעק באַקומט אן אָבליגאטאָרישן עקזעמפּליאר פון אלע ייִדישע אויסגאבעס אין אוקראיִנע. אלע איבעריקע אויסגאבעס קויפט זי פאר מעזומען. די אסיגנירונגען, וואָס די ביבליִאָטעק באקומט פונעם פאָלקאָמבילד אף אייַנקויפן ביכער, גיבן איר א מעגלעכקייַט אייַנצוקויפן קימאט אלע ייִדישע אויסגאבעס ווי אין פ. ס. ר. ר. אזוי אויך אין אויסלאנד, אף וואָס די ביבליִאָטעק באקומט ספּעציִעלע ליצענזיִעס.

דעם ביכער־צופלוס פאר די לעצטע יאָרן קאָן מען רעכענען פאר א גאנץ באפרידקנ־דיקן. אזוי איז צוגעקומען אין ביבליאָטעק [1]:

| | | |
|---|---|---|
| פארן 1926/27 בידזשעט־יאָר . . . . | 2655 | ביכער |
| „ 1927/28 „ „ . . . . . | 2565 | „ |
| און פארן לעצטן 1928/29 יאָר . . . . | 4498 | „ |

לויטן שפראך־סימען ווערן די ניי־צוגעקומענע ביכער איינגעטיילט אפן פאָלגנדיקן אויפן:

### אין ביבליאָטעק פאר דערוואקסענע

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1926/27: | יידישע . . . . . | 1895 | |
| | רוסישע און אוקראינישע . | 103 | 5,1% |
| אין 1927/28: | יידישע . . . . . . | 1868 | |
| | רוסישע און אוקראינישע . | 118 | 5,9% |
| | העברעישע . . . . . | 20 | |
| אין 1928/29: | יידישע . . . . . | 2255 | |
| | רוסישע און אוקראינישע . | 175 | 5,7% |
| | העברעישע . . . . . | 646 | |

### אין קינדער־אָפטיילונג

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1926/27: | יידישע . . . . . . | 500 | |
| | רוסישע און אוקראינישע . | 157 | 24% |
| אין 1927/28: | יידישע . . . . . . | 454 | |
| | רוסישע און אוקראינישע . | 87 | 16% |
| אין 1928/29: | יידישע . . . . . . . . | 631 | |
| | רוסישע און אוקראינישע . | 165 | 20,6% |

מיר האָבן בעקיוון צעגלידערט די צאָל ניי־צוגעקומענע ביכער באזונדער לויט דער שפראך און לויט די אָפטיילונגען צוליב די אויספירן, וואָס די ציפערן צווינגען אונדז צו מאכן.

איינע פון די הויפט־אופגאבן, וואָס שטייען פאר דער ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק, איז זיין א זאמל־פונקט פאר די ביכער־אויצרעס אף דער יידישער שפראך, ווו עס דארף זיך קאָנצענטרירן אלק, וואָס ווערט געשאפן אין יידיש. דערום ווערן אלע אסיגני־רונגען אויסגעגעבן הויפטזאכלעך אף איינקויפן ביכער אף דער יידישער שפראך. אף אנדערע שפראכן ווערן איינגעקויפט נאָר הילפס-ביכער ווי ענציקלאָפעדיעס אָדער מארק־סיסטיש־לעניניסטישע ליטעראטור. זייער ספעציפישע וואָג אין די ניי־דערוואָרבענע ביכער וואקלט זיך אין אבאָנעמענט־אָפטיילונג פאר אלע יאָרן אין די ראמען פון 5% ביז 6%. גאנץ אנדערש איז די לאגע אין דער קינדער־אָפטיילונג, ווו דער מאנגל אין ליטעראטור איז זייער גרויס, און ווו אף אייניקע געביטן, וואָס די קינדער גייען דורך אין שול, פעלט זי קימאט אינ־גאנצן אויס. די ביבליאָטעק איז געצווונגען דעמדאָזיקן כיסאָרן מעמאלע זיין דורך ביכער אף דער אוקראינישער אָדער רוסישער שפראך, און דערום דערגרייכט דאָ דער ספעציפי־שער געוויכט אין דורכשניט 20% פון דער אלגעמיינער צאָל איינגעקויפטע ביכער. די צי־פערן סיגנאליזירן אונדזערע פארלעגער, ווהין עס דארף אין דער נאָענטער צייט געווענדעט ווערן זייער אופמערקזאמקייט.

1) מיר האלטן, אז דידאָזיקע אָפשאצונג פונעם צופלוס („גאנץ באפרידיקנדיקער") איז א צו אָפטימיסטישע. פאר א צענטראלער ביבליאָטעק, וואָס פילט דערביי אויס אויך הילפס-וויסנשאפטלעכע פונקציעס, איז אזא צופלוס ניט קיין גענוגנדיקער. אגעוו, שרייבט דער אוטאָר ווייטער אליין וועגן דעם, אז די ביבליאָטעק קויפט איין - מיט קליינע אויסנאמען — בלויז יידישע ביכער (ד. ה. ביכער אין יידיש). דאָס ווייזט אויך גאנץ בוילעט די צופלוס-סטאטיסטיק, וואָס ווערט ווייטער געבראכט. פרגל. דעם ארטיקל פון י. ליבערבערג „די אופגאבן פון יידישער ביבליאָלאָגיע". — רעדאקציע.

ניט געקוקט אף דער לעפּירערך באפרידיקנדיקער צאָל יידישע ביכער אין ביבליאָטעק, איז דאָך די צאָל גאַנגבאַרע ביכער (ד. ה. ביכער וואָס ווערן ארויסגעגעבן דעם מאסן־לייענער אהיים) ניט קיין גרויסע. די גאַנצע מאסן־ליטעראַטור פון דער ביבליאָטעק באַשטייט (לויט דער דעצימאַלער סיסטעם) פון אזוינע פאָנדן:

| | |
|---|---|
| 0. אלגעמיינער אָפּטייל | 466 |
| 1. פילאָסאָפיע | 34 |
| 2. רעליגיע | 108 |
| 3. סאָציאַלע וויסנשאַפטן | 1614 |
| 4. פילאָלאָגיע | 321 |
| 5. פּינקטלעכע וויסנשאַפטן | 303 |
| 6. פּראַקטישע וויסנשאַפטן | 200 |
| 7. קונסט | 97 |
| 8. שיינע ליטעראַטור | 3938 |
| 9. געשיכטע און געאָגראַפיע | 451 |
| צוזאַמען | 7532 |

שטאַרק אָפּגעשטאַנען זיינען בא אונדז די אָפּטיילן פילאָסאָפיע און קונסט.

די פּאָליטופקלער־אַרבעט אין ביבליאָטעק אנטוויקלט זיך פון יאָר צו יאָר מיט אלץ א שנעלערן טעמפּ. דאָס איז צו זעען פון פאָלגנדיקע טאַבעלעס:

טאַבעלע № 1

| | צאָל אבאָנענטן | |
|---|---|---|
| | צום 30/IX 1928 י. | צום 30 IX 1929 י. |
| ביבליאָטעק (אבאָנעמ.־אָפּטייל.) | 962 | 16 2 |
| לייענזאַל | 620 | 848 |
| קינדער־אָפּטיילונג | 989 | 1266 |
| צוזאַמען | 2571 | 3756 |

לויטן סאָציאַלן באַשטאַנד טיילן זיך די דערוואַקסענע לייענער (ד. ה. לייענער פון דער אבאָנעמענט־אָפּטיילונג און פונעם לייענזאַל) אף פאָלגנדיקע גרופּעס:

טאַבעלע № 2

| | סאָציאַלער באַשטאַנד פון לייענער | | | |
|---|---|---|---|---|
| | צום 30/IX 1928 | | צום 30/IX 1929 | |
| | אבסאָליוטע צאָל | % פּאַרהעלטנ. | אבסאָליוטע צאָל | % פּאַרהעלטנ. |
| אַרבעטער | 360 | 19 | 627 | 25,2 |
| קוסטאַרן | 100 | 6,3 | 164 | 6,9 |
| אָנגעשטעלטע | 238 | 15 | 344 | 13,7 |
| קולטור־טוער | 277 | 17,5 | 344 | 13,7 |
| לערניונגט | 653 | 41,3 | 988 | 39,5 |
| אנדערע | 14 | 0,9 | 25 | 1 |
| צוזאַמען | 1642 | 100% | 2492 | 100% |

אין איינקלאנג מיטן ווּוקס פון די אבאָנענטן וואקסט די צאָל באזוכונגען אין אלע אָפּטיילונגען און באזונדער אין אבאָנעמענט־אָפּטיילונג פאר דערוואקסענע, ווי ס'איז צו זעען פון פאָלגנדיקער טאבעלע:

טאבעלע № 3

| | צאָל באזוכונגען | | |
|---|---|---|---|
| | 1926/27 | 1927/28 | 1928/29 |
| אבאָנעמענט־אָפּטיילונג . | 15379 | 16784 | 21380 |
| לייענזאל . . . . . . | 18338 | 18850 | 22677 |
| קינדער־אָפּטיילונג . . . | 6063 | 10806 | 11351 |
| צוזאמען . . . | 39780 | 46440 | 55408 |

די ציפערן פון די דריַי טאבעלעס באווייַזן, אז מיר האָבן א באשטענדיקן ווּוקס פונעם ייִדישן לייענער. דערביי איז וויכטיק אונטערצושטרייַכן, אז די טענדענץ גופא פונעם ווּוקס פארשטארקט זיך פון יאָר צו יאָר. אויב מיר זאָלן יעדן פאָריקן יאָר אָנעמען פאר 100% לעגאבע דעם צוקונפטיקן, וועט זיך באקומען, אז די צאָל באזוכונגען זייַנען אין 1927—28 יאָר אויסגעוואָקסן לעגאבע דעם פאָריקן יאָר ביז 116,7 פּראָצענט און אין 1928—29 יאָר זייַנען זיי אויסגעוואָקסן לעגאבע דעם פאָריקן יאָר ביז 121,4 פּראָצענט. צווישן די לייענער פון דער ביבליאָטעק פארנעמט א גאנץ באדייַטנדיקן—כאָטש ווייַט ניט קיין גענוגנ־דיקן—אָרט די ארבעטערשאפט. פארן לעצטן יאָר האָט זיך דער ספּעציפישער געוויכט פונעם ארבעטער־לייענער שטארק פארגרעסערט: פון 19% האָט ער זיך אופגעהויבן ביז 25,2% [1].

פארן ווּוקס פון א ביבליאָטעק זייַנען כאראקטעריסטיש ניט נאָר די צאָל באזוכונגען, נאָר, אין א פיל גרעסערער מאָס, די צאָל ארויסגעבונגען. באם באטראכטן אָבער די צאָל ארויסגעבונגען וועט אונדז אויסקומען דורכלאָזן די צאָל ארויסגעגעבענע ביכער אף קאָלעקטיווע אבאָנענטן און באוועגלעכע ביבליאָטעקלעך, וואָס די ביבליאָטעק האָט פאר־שפּרייט פאר דער צייַט, עמעס, ניט אין א באזונדערס גרויסער מאָס.

די סטאטיסטיק פון די באוועגלעכע ביבליאָטעקלעך האָט זיך דער ביבליאָטעק ניט אייַנגעגעבן צו באקומען, ווייַל די אָנפירער מיט זיי — ארבעטער אף די אונטערנעמונגען און אָוונט־שולן — האָבן אָדער גאָרניט, אָדער שלעכט דיסקאָנטירט זייערע ארויסגעבונגען.

מיר וועלן זיך מוזן דעריבער באנוגענען נאָר מיט דער סטאטיסטיק פון דער ביבליאָ־טעק גופא.

טאבעלע № 4

| | צאָל ארויסגעבונגען | |
|---|---|---|
| | ביכער | פּרעסע |
| 1926—27 יאָר . . . . | 32.364 | 15.052 |
| 1927—28 „ . . . . | 39.910 | 16.057 |
| 1928—29 „ . . . . | 47.835 | 19.571 |

די צאָל ביכער־ארויסגעבונגען וואקסן אלזאָ פון יאָר צו יאָר אף 20—23 פּראָצענט.

[1]) דערבייַ ווערן דאָ ניט גענומען אין באטראכט די קאָלעקטיווע אבאָנענטן פון דער ביבליאָטעק אף פאר־שיידענע אונטערנעמונגען.

די ווינטשעווסקי־ביבליִאָטעק איז א פילשפּראַכיקע און עס ווערן פון איר ארויסגעגעבן ביכער אף אלע שפּראַכן וואָס זי פאַרמאָגט. אויך העברעיִשע ביכער האָט מען אָנגעהויבן ארויסגעבן צום סאָף 1926—27 יאָר. ס'איז דעריבער זייער אינטערעסאַנט א קוק צו טון ווי ווערן פאַנאַנדערגעטיילט די ארויסגעבונגען צווישן די דריַי שפּראַכן: יידיש, העברעיִש און רוסיש און פעסטצושטעלן די אנטוויקלונגס־טענדענץ פון דער פאָדערונג אף יעדער פון די דאָזיקע דריַי שפּראַכן באזונדער.

צאָל ביכער־ארויסגעבונגען לויט די שפּראַכן:

טאַבעלע 5 №

אין אבאָנעמענט־אָפּטיילונג

| | 1926/27 | | 1927/28 | | 1928/29 | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבס. צאָל | % | אבס. צאָל | % | אבס. צאָל | % |
| יידישע . . . . . . | 12937 | 86,3 | 14965 | 87,7 | 20856 | 91 |
| רוסישע . . . . . . | 1630 | 10,9 | 809 | 4,8 | 922 | 4 |
| העברעיִשע . . . . . | 125 | 0,7 | 1063 | 6,2 | 812 | 3,5 |
| יודאיִקע אף פאַרש. שפּר. | 301 | 2,1 | 234 | 1,3 | 317 | 1,5 |
| סאַכאַקל . . | 14993 | 100 | 17071 | 100 | 22907 | 100 |

טאַבעלע 6 №

אין לייענזאַל

| | 1926/27 | | 1927/28 | | 1928/29 | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבס. צאָל | % | אבס. צאָל | % | אבס. צאָל | % |
| יידישע . . . . . . | 9334 | 77,7 | 9856 | 76 | 12362 | 83,5 |
| רוסישע . . . . . . | 2481 | 20,7 | 2002 | 15,4 | 1691 | 11,5 |
| העברעיִשע . . . . . | — | — | 795 | 6,1 | 516 | 3,6 |
| יודאיִקע אף פאַרש. שפּר. | 194 | 1,6 | 322 | 2,5 | 237 | 1,4 |
| סאַכאַקל . . | 12009 | 100 | 12975 | 100 | 14806 | 100 |

טאַבעלע 7 №

אין קינדער־אָפּטיילונג

| | 1926/27 | | 1927/28 | | 1928/29 | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבס. צאָל | % | אבס. צאָל | % | אבס. צאָל | % |
| יידישע . . . . . . | 4386 | 81,8 | 6585 | 66,8 | 7096 | 70 |
| רוסישע . . . . . . | 976 | 18,2 | 3121 | 31,6 | 2729 | 27 |
| אוקראַיִנישע . . . . | — | — | 157 | 1,6 | 298 | 3 |
| סאַכאַקל . . . . | 5362 | 100 | 9863 | 100 | 10123 | 100 |

אלע 3 טאבעלעס, נומערן 5, 6 און 7, ווײַזן א ראשיקן וווקס פון דער פאָדערונג אפן ייִדשין בוך. מיר געפינען פאר נויטיק דידאָזיקע דערשײַנונג באזונדערס אונטערשטרײַכן, ביכדיי איינמאָל פאר אלעמאָל מאכן א סאָף צו דעם סקעפּטיציזם, וואָס הערשט נאָך אין אייניקע ביבליִאָטעקן בענעגייע דעם ייִדישן בוך.

דער ראשיקער וווקס פון דער פאָדערונג אפן ייִדישן בוך איז אָבער ניט גלײַכמעסיק אין די פארשיידענע אָפּטיילונגען. אין אבאָנעמענט־אָפּטייל וואקסט די פאָדערונג אי אבסאָלוט, אי רעלאטיוו. אגעוו, האָט דער צוגעקומענער לייענער פונעם העברעיִשן בוך (העברעיִשע ביכער האָט מען אָנגעהויבן ארויסגעבן צום סאָף 1926/27 יאָר) קיין שום ווירקונג ניט געהאט אפן רעלאטיוון וווקס פון דער פאָדערונג אפן ייִדישן בוך, ווײַל דער העברעיִש־לייענער האָט קוים קאָמפּענסירט דעם אָנווער פונעם רוסיש־לייענער [1]. דאָס ראשיקע פאלן פון דער פאָדערונג אפן רוסישן בוך אין דער ווינטשעווסקי־ביבליִאָטעק איז גאנץ נאטירלעך, נעמענדיק אין אכט, אז פאר די לעצטע יאָרן האָט מען פון דער רוסישער ליטעראטור אײַנגעקויפט הילפס־ביכער, וואָס ווערן לאכלוטן פון ביבליִאָטעק ניט ארויסגעגעבן, אָדער ערנסטע מארקסיסטיש־לעניניסטישע ליטעראטור, וואָס ווערט געפאָדערט נאָר פון דעם מער צוגעגרייטן לייענער. פארקערט, אף ייִדיש איז דער אויסוואל פון א פרישן בוך געוואקסן.

אביסל אנדערש איז די לאגע אין לייענזאל. אויך דאָ וואקסט פון יאָר צו יאָר די פאָדערונג אפן ייִדישן בוך. אָבער, אדאנק דעם פרישן רוסישן אָדער אוקראַיִנישן פּאָליטישן צי ליטעראַרישן זשורנאל, וואָס ווערט אין לייענזאל גאנץ אָפּט געלייענט, און אדאנק די פאָדערונגען אף די הילפס־ביכער האָבן מיר דאָ ניט אזא ראשיקן פאלן פון דער פאָדערונג אפן רוסישן בוך. גאנץ אנדערש איז אויך די לאגע אין דער קינדער־אָפּטיילונג, ווו איבערן מאנגל אין קינדער־ליטעראטור און אין פּאָפּולער־וויסנשאפטלעכער ליטערטור וואקסט די פאָדערונג אפן רוסישן און אוקראַיִנישן בוך. דערבײַ מוז דאָ פארצייכנט ווערן, אז אין דער צײַט, וואָס די פאָדערונג אפן רוסישן בוך איז פארן לעצטן יאָר עטוואָס געפאלן, איז די פאָדערונג אפן אוקראַיִנישן בוך אויסגעוואקסן אי אבסאָלוט, אי רעלאטיוו. דאָס ווײַזט אף אן איבערבראָך אין דער באציִונג פונעם ייִדישן שילער צו דער אוקראַיִנישער שפראך.

טאבעלע № 8

צאָל ביכער־ארויסגעבונגען לויט די אָפּטיילן

אין אבאָנעמענט־אָפּטיילונג

| | 1926/27 | | 1927/28 | | 1928/29 | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | ייִדישע | רוסישע | ייִדישע | רוסישע | ייִדישע | רוסישע |
| 0—אלגעמיינע . . . . . | 546 | 229 | 603 | 135 | 873 | 178 |
| 1—פי. אָסאָפיע . . . . . | 51 | 15 | 49 | 1 | 97 | 8 |
| 2—רעליגיע . . . . . . | 23 | 3 | 49 | 10 | 152 | 7 |
| 3—סאָציִאלע וויסנשאפטן . | 1106 | 506 | 1276 | 238 | 1472 | 268 |
| 4—פילאָלאָגיע . . . . . | 241 | 2 | 301 | 2 | 399 | 2 |
| 5—פּינקטלעכע וויסנשאפטן | 361 | 12 | 363 | 2 | 304 | 2 |
| 6—פּראקטישע וויסנשאפטן | 46 | 7 | 90 | 2 | 211 | 2 |
| 7—קונסט . . . . . . | 64 | 27 | 75 | 17 | 167 | 5 |
| 8—שיינע ליטעראטור . . | 10126 | 700 | 11485 | 364 | 16425 | 438 |
| 9—געשיכטע . . . . . . | 373 | 129 | 664 | 38 | 815 | 62 |
| | 12937 | 1630 | 14955 | 809 | 20915 | 972 |

[1]) די לייענער פון העברעיִשע ביכער באשטייען קימאט אויסשליסלעך פון עלטערע פּערזאָנען (פון 55 ביז 72 יאָר אלט) אָדער פון וויסנשאפטלעכע טוער.

קאָנסטאַטירנדיק אַ וווּקס אין דער פֿאָדערונג אַפן ייִדישן בוך, האַלטן מיר פֿאַר ניט איבעריק צו אַנאַליזירן אויך דעם כאַראַקטער פונעם נאָכפרעג, אַנדערש געזעגט — אויספאָרשן וואָס פאַר אַ ביכער לויט די אָפּטיילן ווערן געפאָדערט, און דורכפירן אַ פּאַראַלעל צווישן דער פאָדערונג אף דער ייִדישער און רוסישער שפּראַך.

טאַבעלע № 9

צאָל ביכער־אַרויסגעבונגען לויט די אָפּטיילן
אין לייענזאַל

| | 1926/27 | | 1927/28 | | 1928/29 | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | ייִדישע | רוסישע און אוקראַיִנ. | ייִדישע | רוסישע און אוקראַיִנ. | ייִדישע | רוסישע און אוקראַיִנ. |
| 0—אַלגעמיינע . . . . | 3396 | 1191 | 3496 | 1330 | 3759 | 1065 |
| 1—פילאָסאָפיע . . . . | 33 | 7 | 7 | 3 | 28 | 9 |
| 2—רעליגיע . . . . . | 52 | 18 | 51 | 6 | 162 | 10 |
| 3—סאָציאַלע וויסנשאַפטן | 818 | 716 | 901 | 594 | 910 | 490 |
| 4—פילאָלאָגיע . . . | 444 | 9 | 489 | — | 435 | 1 |
| 5—פינקטלעכע וויסנשאַפטן . | 284 | 14 | 246 | — | 166 | 2 |
| 6—פּראַקטישע וויסנשאַפטן . | 53 | 6 | 30 | 1 | 73 | 26 |
| 7—קונסט . . . . . . | 119 | 7 | 311 | 3 | 602 | 16 |
| 8—שיינע ליטעראַטור . | 3840 | 436 | 3723 | 45 | 5539 | 44 |
| 9—געשיכטע . . . . . | 295 | 67 | 602 | 20 | 588 | 28 |

אַ גענויע באַקאַנטשאַפט מיט די טאַבעלעס נומער 8 און 9 גיט אונדז אַ גאַנץ באַלערנדיקן מאַטעריאַל. ערשטנס, זעען מיר, ווי פאַרשיידנאַרטיק עס וואַריִירט זיך דער נאָכפרעג אף פאַרשיידענע אָפּטיילן אין אַבאָנעמענט־אָפּטיילונג און אין לייענזאַל. אין דער צײַט, ווען אין אַבאָנעמענט־אָפּטיילונג פאַרנעמט דעם אויבנאָן דער אָפּטייל 8 — שיינע ליטעראַטור — איז אין לייענזאַל קאָנקורירט מיט אים דער אָפּטייל 0 — אַלגעמיינע, אין וועלכן עס גייען אַרײַן די זשורנאַלן. ווײַטער, ווען פון שיינער ליטעראַטור ווערט אין לייענזאַל פאַר די לעצטע צוויי יאָר קימאַט לאַכלוטן ניט געפאָדערט קיין ביכער אף רוסיש און אוקראַיִניש, איז פונעם אָפּטייל 0 די פאָדערונג אַפן רוסישן און אוקראַיִנישן בוך אַ גאַנץ היפּשע—באַ 23—25 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל. אַ הויכע צאָל פאָדערונגען אַפן רוסישן און אוקראַיִנישן בוך — עמעס מיט אַ טענדענץ צו פאַרקלענערן זיך — האָבן מיר אויך אין לייענזאַל אַפן סאָציאַל־פּאָליטישן בוך. דאָס ווײַזט, אַז סײַ אין זשורנאַלן, סײַ אין פּאָליטישע ביכער קען נאָך די ייִדישע ליטעראַטור ניט פאַרבײַטן די פאָדערונג אף ביכער אין אַנדערע שפּראַכן. צווייטנס, זעען מיר דאָ, אַז אין אַלגעמיין זײַנען שטאַרק די פאָדערונגען אף די אָפּטיילן 8, 3, 0 און 9, און אַז עס גייט אַ באַשטענדיקער וווּקס אף די אָפּטיילן 2,

6 און 7. דער וווּקס אָבער אין אָפּטייל 6 איז א גאנץ שוואכער און בּיכלאל איז זייער שוואך צווישן די יִדיש־לייענער דער נאָכפרעג אף וויסנשאפטלעכער ליטעראטור. בּיכלאל גערעדט דערקלערט זיך עס מיטן שוואכן בּיכער־אויסוואל אף די געבּיטן, אָבער ניט שטענ־דיק איז דער שוואכער אויסוואל אליין די איינציקע סיבּע. דער אָפּטייל 7—קונסט, איז שוואכער פון אלע אנדערע קאָמפּלעקטירט און דאָך וואקסט אף אים דער נאָכפרעג, באזונ־דער אין לייענזאל, גאנץ שטארק.

אין אלגעמיין זײַנען די פאָדערונגען אף בּיכער פון פארשיידענע אָפּטיילן אין ווינ־טשעווסקי־בּיבּליִאָטעק גאנץ ענלעך צו די פאָדערונגען אין די ניט־יִדישע בּיבּליִאָטעקן. באם צעגלידערן אָבער די פאָדערונגען לויט פארשיידענע סאָציִאלע גרופּן באקומט זיך א בּיסל אן אנדער בּילד.

אין 1926/27 יאָר איז אין די קיִעווער פּאָליטופּקלער־בּיבּליִאָטעקן דורכגעפירט געוואָרן א בּרייטע אויספאָרשונג פונעם לייענער און זײַנע פאָדערונגען. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די הויפּט־פאָדערונגען זײַנען געווען אף די אָפּטיילן 8, 3, 6 און 9. דאָס זעט מען פון די רעזולטאטן פון דער אויספאָרשונג. [1]

טאבּעלע № 10

די לייענער פאָדערן:

| לייענער־גרופּע / אָפּטייל | ארבּעטער מ. | ארבּעטער פ. | אָנגעשטעלטע מ. | אָנגעשטעלטע פ. | לעריוגנט מ. | לעריוגנט פ. | אנדערע זמ. | אנדערע פ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| בּעלעטריסטיק . . | 84,08 | 85,71 | 84,00 | 87,45 | 76,80 | 79,84 | 84,29 | 93,44 |
| 3־טער אָפּטייל . . | 7,13 | 7,14 | 5,64 | 5,88 | 7,74 | 8,13 | 6,74 | 3,32 |
| 6־טער „ . . | 2,89 | 1,70 | 0,94 | 0— | 2,02 | 0,73 | 2,03 | 0,70 |
| 9־טער „ . . | 2,98 | 2,34 | 4,23 | 3,13 | 5,06 | 3,10 | 1,67 | 1,00 |
| די איבעריקע אָפּט. . . | 2,92 | 3,11 | 5,19 | 3,54 | 8,38 | 8,20 | 5,27 | 1,54 |
| סאכאקל . . | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 |

אין דער צענטראלער יִדישער מעלוכע־בּיבּליִאָטעק איז פון מײַ כוידעש 1929 יאָר אין אבּאָנעמענט־אָפּטיילונג איַינגעפירט געוואָרן א נײַע דיסקאָנט־פאָרם, וואָס טיילט אויס די פאָדערונג פון פארשיידענע גרופּעס באזונדער און ס׳האָט זיך באקומען לויט סאָציִאלע גרו־פּירונגען פאָלגנדיקע טאבּעלע :

[1]) זע :

Н. Фридьева. „Читатель киевских полит-просветских библиотек". „Красный библиотекарь", 1928, № 2, стр. 56.

## טאבעלע № 11 [1]

### צאָל ארויסגעבונגען

| לייענער־גרופע / אָפטייל | ארבעטער אבס. צ. | ארבעטער % | קוסטארן אבס. צ. | קוסטארן % | אָנגעשט. אבס. צ. | אָנגעשט. % | קולטור־טוער אבס. צ. | קולטור־טוער % | לערניוגנט אבס. צ. | לערניוגנט % | אנדערע אבס. צ. | אנדערע % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 0—אלגעמיינע | 65 | 3 | 23 | — | 45 | 2,5 | 93 | — | 72 | 3,5 | 6 | — |
| 1—פילאָסאָפיע | 8 | 0,4 | 4 | — | 4 | 0,2 | 12 | — | 6 | 0,3 | — | -- |
| 2—רעליגיע . | 33 | 1,5 | 3 | — | 17 | 1,0 | 9 | — | 12 | 0,5 | 4 | — |
| 3—סאָציִאלע . | 216 | 9,8 | 21 | — | 59 | 3,3 | 70 | — | 195 | 9,6 | 1 | — |
| 4—פילאָלאָגיע | 14 | 0,6 | 7 | — | 12 | 0,7 | 42 | — | 64 | 3,1 | — | — |
| 5—פינקט. וויסנ. | 37 | 1,6 | — | — | 16 | 0,9 | 23 | — | 59 | 2,9 | 3 | — |
| 6—פראַק. וויסנ. | 30 | 1,4 | 6 | — | 22 | 1,2 | 10 | — | 35 | 1,7 | 2 | — |
| 7—קונסט . . | 9 | — | — | — | 14 | 0,8 | 11 | — | 49 | 2,8 | 1 | — |
| 8—שיינע ליטער. | 1712 | 78,5 | 414 | — | 1505 | 84,1 | 699 | — | 1466 | 72,5 | 74 | — |
| 9—געשיכטע . | 72 | 3,2 | 10 | — | 95 | 5,3 | 44 | — | 64 | 3,1 | 11 | — |
| סאַכאַקל | 2196 | 100 | — | — | 1789 | 100 | — | — | 2022 | 100 | — | — |

פארגלייַכן מיר די ציפערן פון דיזעלבע סאָציִאלע גרופעס: ארבעטער, אָנגעשטעלטע און לערניוגנט אין דער ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק און אין די איבעריקע קיִעווער פאָליטופ־קלער־ביבליאָטעקן, וועלן מיר נאָר בא דער גרופע אָנגעשטעלטע טרעפן קימאַט דיזעלבע פראָצענט־פארהעלטעניש צווישן די פארשיידענע אָפטיילן. בא די ארבעטער און לערניוגנט איז די פראָפאָרץ אַן אנדערע: עס פאלט די פאָדערונג אף בעלעטעריסטיק און עס וואקסט די פאָדערונג אף סאָציִאל־פאָליטישער ליטעראטור; באם ארבעטער־לייענער וואקסט אויך די פאָדערונג אף אנטירעליגיִעזער ליטעראטור (2־ער אָפטייל) און אויב מיר וועלן זי צוגעבן צום אָפטייל סאָציִאל־פאָליטישע וועט די פאָדערונג אויסוואקסן ביז העכער 11 פראָצענט. די־דאָזיקע דערשייַנונג קען דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס אין ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק קומט שוין אָן דער מער אנטוויקלטער ארבעטער־לייענער, וואָס זייַן פאבקאָמישע אָדער פארטיי־נישע ביבליאָטעק קען שוין אים ניט באפרידיקן און דערום ווייַזט ער ארויס א מער קוואליפיצירטע פאָדערונג. בא דער לערניוגנט וואקסט שטארקער די פאָדערונג אף פאָפולער־וויסנשאפטלעכע ליטעראטור [2].

1) מיר האָבן בא די איבעריקע גרופעס (קוסטארן, קולטור־טוער און אנדערע) ניט אויסגערעכנט די פראָצענט־פארהעלטעניש, ווייַל אין אונדזער פארגלייַך שפילן זיי קיין שום ראָליע ניט.

2) מיר דארפן דאָ ארייַנטראָגן א מעטאָדאָלאָגישן קאָרעקטיוו צום פארגלייַך, וואָס דער כ׳ בראָוואַרניק מאכט צווישן די יִידישע און ניט־יִידישע לייענער. דער כ׳ בראָוואַרניק פארגלייַכט די צאָל ארויסגעבונגען אין איין פאל (בענוגע די יִידישע לייענער) מיט דער צאָל פאָדערונגען אינעם צווייטן פאל (בענוגע די ניט־יִידישע לייענער). דאָס איז ניט אינגאנצן ריכטיק, ווייַל דער סטאטיסטישער קרייַז פאָדערונגען דעקט ניט דעם סטאטיסטישן קרייַז ארויסגעבונגען און פארקערט. די אויספירן פונעם כ׳ בראָוואַרניק טראָגן אזוי ארום בלויז אַן אלפיערעכדיקן כאראקטער. — רעדאקציע.

נ. רובינשטיין

# דער יידישער אָפּטייל בא דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק

די ווײַסרוסלענדישע מעלוכע־ביבליאָטעק איז לעכאטכילע אָרגאניזירט געוואָרן אלס פונדאמענטאלע ביבליאָטעק פונעם ווײַסרוסלענדישן מעלוכע־אוניווערסיטעט אין יאָר 1921. איר ביכער־פאָנד איז דעמאָלט באשטאנען סאכאקל פון ארום 30.000 בענדער.

שוין אין די ערשטע באשלוסן און אָפיציעלע דאָקומענטן וועגן דער ביבליאָטעק ווערט גערעדט וועגן אָרגאניזירן א יידישן אָפּטייל בא דער ביבליאָטעק.

אין 1922 האָט די ביבליאָטעק אָנגעהויבן באקומען פון די ביכער־קאמערן פון ראטנ־רעפובליקן א פליכט־עקזעמפלאר פון אלע דרוקזאכן. דעמדאָזיקן יאָר דארף מען רעכענען אויך פאר דעם אָנהויב אין פאקטישן אָרגאניזירן דעם יידישן אָפּטייל בא דער ביבליאָטעק.

אויב אין דער געשיכטע פון דער ביבליאָטעק ביכלאל איז דאָס יאָר 1922, ווען די ביבליאָטעק האָט אָנגעהויבן באקומען א פליכט־עקזעמפליאר, עפשער די וויכטיקסטע דאטע — קען מען אָבער דאָסזעלביקע בענגייע דעם יידישן אָפּטייל ניט זאָגן; די ביכער־פראָדוקציע אין יידיש איז אין יענע ערשטע יאָרן פון דער ביבליאָטעק־בויונג געווען אזא נישטיק־קליינע, אז עס האָט בעשומויפן נישט געקענט זײַן קיין רייד וועגן וווקס פונעם יידאָפּטייל אויסשליסלעך אפן כעשבן פונעם פליכט־עקזעמפליאר. קיין גרויסע מאטעריעלע מיטלען אף אײַנקויפן ביכער (און אײַנקויפן האָט מען געקענט דעריקער אויסלענדישע יידישע אויס־גאבעס) זײַנען נישט געווען. פאר א מעלוכע־ביבליאָטעק, וואָס שטעלט זיך פאר א ציל צו באדינען די וויסנשאפטלעכע ארבעט, איז, פארשטייט זיך, אויך נישט מעגלעך געווען צו באגיין זיך אינגאנצן אָן יידישע אויסגאבעס פון פאר דער רעוואָליוציע און אָן דער העברע־ישער ייטעראטור — הויפטזאכלעך וויסנשאפטלעכער און מאסקילישער — און אויך אָן יודאיקע אין רוסיש און אין אנדערע אייראָפעישע שפראכן.

מינסק האָט קיינמאָל נישט פארמאָגט קיין אָנגעזעענע יידיש־העברעישע ביבליאָטעק (ווי אשטייגער ווילנע), פון וועלכער ס'זאָל זײַן צו נעמען „ירושע". די אזוי גערופענע „רוסיש־יידישע ביבליאָטעק" (נויפעכס) — שפעטער „פערעץ־ביבליאָטעק" — האָט, ערשטנס, געטראָגן א מאסן־כאראקטער: זי האָט פארמאָגט בלויז אזוינס, וואָס האָט געקענט אויס־גענוצט ווערן פארן מאסן־לייענער (אין עטלעכע עקזעמפליארן) און גאָר ווינציק וויסנ־שאפטלעכע ליטעראטור (עמעס, דער מין איז ביכלאל ווינציק געווען אין דער יידישער פאר־רעוואָליוציע־ליטעראטור, אָבער דאָ גייט די רייד אויך וועגן העבראיקע). צווייטנס, איז די פערעץ־ביבליאָטעק צו יענער צײַט (1922—1923) געווען שוין קימאט אינגאנצן כאָרעוו אין רעזולטאט פון די יאָרן מילכאָמע און אָקופאציע, ווען זי איז קימאט נישט קאָמפלעקטירט געוואָרן און ווען ס'איז נישט געווען ווער ס'זאָל אכטונג געבן אף דעם, אז דאָס ביסל ווערטפולער מאטעריאל, וואָס איז געווען אין דער ביבליאָטעק זאָל נישט פארניכ־טעט ווערן. ס'איז נאָך געווען בא דער אלגעמיינע מינסקער שטאָטישער פושקין־ביבליאָטעק אן אָרעמער יידישער אָפּטייל, וואָס האָט שוואך, אָדער קימאט אינגאנצן נישט, געארבעט.

קעדיי אָנזאמלען מאטעריאַל פאר א געהעריקן יידישן אָפּטייל, האָט די ווײַסרוסלענ־דישע מעלוכע־ביבליאָטעק געמוזט, ערשטנס, זוכן ווו צו נעמען כאָטש אביסל... „יערושע“, (האגאם ס'איז אין יענע יאָרן שוין זייער שפּעט געווען דערצו, דער פעריאָד פונעם שטארקן וווקס — אפּן כע־בן פון „יערושע“ — פון די מאָסקווער און לענינגראדער מעלוכע־ביבליאָטעקן איז שוין געווען פארבײַ, דאָס זײַנען געווען דעריקער די יאָרן 1917—1919), צווייטנס, — אָנעמען מיטלען צו קאָמפּלעקטירן דעם אָפּטייל מיט נײַע אויסגאבעס.

דאָס ערשטע איז דערגרייכט געוואָרן אָט אף וועלכן אויפן: סאָף 1923 איז ליקווידירט געוואָרן די יידישע (ריכטיקער: העברעיִשע) ביבליאָטעק בא דער מאָסקווער קאָרשול. די־דאָזיקע ביבליאָטעק איז, אדאנק דער ענערגישער ארבעט פונעם דירעקטאָר פון דער ווײַס־רוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק — כ. סימאנאָווסקי, איבערגעגעבן געוואָרן דער ווײַס־רוסלענדישער ביבליאָטעק. א קליינער טייל פון דער ביכער־זאמלונג — ארום 500 בענדער — איז איבערגעגעבן געוואָרן דער מאָסקווער לענין־ביבליאָטעק (דעמאָלט „רומיאנצעווער“).

צום באדויערן, איז די ביבליאָטעק איבערגענומען געוואָרן — אזוי צו זאָגן — אין א שלאָג־אָרדענונג, אף גיך, און דעריבער זײַנען בעשאס־מײַסע נישט אָנגענומען געוואָרן קיין מיטלען איבערצונעמען אויך די דאָקומענטן און מאטעריאלן, וואָס האָבן געהאט א שײַכעס צו דער געשיכטע פון דער ביבליאָטעק. דערצו דארף מען צוגעבן, אז דער יידישער אָפּטייל בא דער וו. מ. ב. (ווײַסרוסלענדישע מעלוכע־ביבליאָטעק) האָט אין יענע יאָרן נאָך נישט געהאט קיין ספּעציִעלן טוער. א מיטארבעטער פון דער אלגעמיינער ביבליאָטעק פלעגט נאָר פון צײַט צו צײַט רעגיסטרירן און ווי ס'ניט איז באארבעטן די ביכער, וואָס פלעגן אָנקומען פארן יידאָפּטייל (א ספּעציִעלער פארוואלטער פאר דעם אָפּטייל — דער שרײַבער פון די שורעס — איז באשטימט געוואָרן ערשט פון אָקטיאבער 1928). צוליב דידאָזיקע סיבעס איז שווער דעריבער איצט צו געבן, וועלכע עס איז גענויערע יעדיִעס וועגן ביכער־זאמלונג פון דער קאָרשול.

דידאָזיקע ביכער־זאמלונג איז באשטאנען פון ארום 7500 ביכער, הויפּטזאכלעך ראַ־באָנישע ליטעראטור: רעספּאָנסן (שײַלעס אוטשוועס), האמילעטיק (דרוש), עקזעגעטיק (קאָמענטאריעס, פיירושים) און האסקאָלע־ליטעראטור, אָנגעהויבן מיט אויסגאבעס פון אָנהויב זעכצנטן יאָרהונדערט — עמעס, ווייניק — און געענדיקט מיט די לעצטע פאר־מילכאָמעדיקע אויסגאבעס. יידיש איז דאָרט געווען גאָר א נישטיקער טייל: ערשט פון סאָף נײַנצנטן און אָנהויב צוואנציקסטן יאָרהונדערט ביז אנערעך 1905 יאָר. נאָך ווינציקער איז דאָרט געווען אלט־יידיש — אויסגאבעס ביזן נײַנצנטן יאָרהונדערט און יודאיקע אין רוסיש און אייראָפּעיִשע שפּראכן.

ווי עס איז קענטיק פון די אופשריפטן אף די ביכער, פון די קאטאלאָג־קארטלעך, שטעמפּלען און אנדערע סימאָנים, איז דאָס לעכאטכילע געווען גאוראָנסקיס ביבליאָטעק פון מאָסקווע (זע וועגן דער ביכער־זאמלונג אין „יעווריעיסקאיא ענציקלאָפּעדיא“, באנד IV, שפּאלט 489. דאָרט ווערט געזאָגט, אז די זאמלונג באשטייט פון 6000 ביכער — הויפּט־זאכלעך שײַלעס אוטשוועס, עלטערע טעאָלאָגישע ווערק, קאבאָלע א. ד. גל. — און אז א קאטאלאָג פון איר איז צוגעגרייט צום דרוק). פון דער גרויסער צאָל אויטאָגראפן אף די ביכער געשיקטע צו וויסאָצקין (דעם בארימטן טיי־פאבריקאנט), איז קענטיק אז אויך זײַן פריוואטע ביבליאָטעק איז אהערצו ארײַן. אויך טיילן פון די פריוואטע ביבליאָטעקן גאָצס, פערסיצס און — דעריקער — יעכיעל יוסף לעוואָנטינס.

די ביבליאָטעק איז איבערגענומען געוואָרן צוזאמען מיט איר קארטן־קאטאלאָג. א קליינער טייל פון די ביכער, וואָס זײַנען אין קאטאלאָג געווען באשריבן, איז נישט בא־קומען געוואָרן. אין דעם טייל זײַנען געווען א ריי ווערטספולע אויסגאבעס, צ. ב. ש. בליצס יידישע ביבל־איבערזעצונג, די ערשטע אויסגאבע פון וויצנהויזנס יידישער ביבל־איבער־זעצונג (די צווייטע אויסגאבע פון דערדאָזיקער איבערזעצונג און אויך בליצס איבערזעצונג

האָט די ביבליאָטעק באקומען ערשט אין 30—1929 יאָר) און אנדערע זעלטענע ווערק.צום באַ־דויערן זיַינען אין דער צײַט—איבער דעם, וואָס ס'איז נישט געווען קיין ספּעציעלער טוער פאר דעם יידישן אָפּטייל—נישט אָנגענומען געוואָרן קיין מיטלען קלאָר צו מאכן, ווו זיַינען די ביכער אהינגעקומען און אופמאָנען זיי. די קארטלעך פון די נישט־באקומענע ביכער זיַינען פאנאדערגעקליבן געוואָרן ערשט אין 1929־טן יאָר, ווען ס'איז שוין געווען צו שפּעט צו טון עפּעס וועגן דעם. מעגלעך אָבער, אז די נישט באקומענע ביכער זיַינען איבערגעגעבן געוואָרן, ווי ס'איז שוין פריער דערמאָנט געווען, דער לענין־ביבליאָטעק.

עטוואָס פריער, אין מיטן 1923, איז דער וויַיסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק איבערגעגעבן געוואָרן א העברעיִשע ביכער־זאמלונג, אויסשליסלעך ראבאָנישע ליטערעטור און שפּעטערע לערן־אויסגאבעס, וואָס האָבן אין גרעסטן טייל א נישטיקן וויסנשאפטלעכן ווערט.

מיט די צוויי זאמלונגען האָט די וויַיסרוסלענדישע מעלוכע־ביבליאָטעק באקומען א געוויסן צושטיַיער אף אופבויען א געהעריקן יידישן אָפּטייל, וואָס זאָל קענען, כאָטשבי אין א באשיידענעם מאסשטאב, דינען צו וויסנשאַפטלעכע ארבעטן.

דער יידישער אָפּטייל האָט אָבער באקומען א ספּעציפישן כאראקטער: ס'איז אייגנטלעך געוואָרן א העברעיִשער אָפּטייל, דערצו נאָך אזא, ווו דער טייל רעליגיעזע, ראבאָנישע ליטעראטור האָט איבערגעוויגן די העברעיִשע וועלטלעכע ליטעראטור מיט דער יידישער ליטעראטור און יודאיקע צוזאמענגענומען.

ס'איז געשטאנען דעמאָלט די אופגאבע: ערשטנס, קאָמפּלעקטירן די ביבליאָטעק מיט ליטעראטור אין יידיש און אנדערע אייראָפּעיִשע שפראכן (יודאיקע); צווייטנס, באארבעטן וויסנשאפטלעך די באקומענע ביכער־זאמלונגען, קעדיי קענען זיי ווי געהעריק אויסנוצן.

צוליב די פריער־דערמאָנטע סיבעס איז דאָס נישט געטון געוואָרן. די ביבליאָטעק האָט זיך דעמאָלט דערנערט קימאט אויסשליסלעך מיט די פליכט־עקזעמפּליארן, וואָס זי פלעגט באקומען, און מיט צופעליקע איינצלנע ביכער, וואָס פלעגן זיך מאכן אונטער דער האנט צו קויפן. דער שטארקער וווקס, דער „פּעריאָד פון ערשטער אָנזאמלונג" האָט זיך אָפּגעשטעלט.

וואָס איז שיַיעך באארבעטונג — האָט זיך די ביבליאָטעק דערמיט נישט פארנומען. זי האָט זיך באנוגנט בלויז מיט דעם קאטאלאָג, וואָס זי האָט באקומען צוזאמען מיט די ביכער פון מאָסקווע.

דערדאָזיקער קאטאלאָג האָט אָבער נישט געהאט קיין שום וויסנשאפטלעכן און פּראקטישן ווערט. ער איז געווען אזוי אמעראציש צונויפגעשטעלט, אז מע האָט זיך בעשומויפן נישט געקענט פאנאנדערקליַיבן אין אים.

איבער דעם, וואָס ס'האָט געפעלט א ספּעציעלער טוער פארן יידאָפּטייל און ס'איז ניט געווען קיין געהעריקער קאטאלאָג — פלעגט די ביבליאָטעק זייער שוואך אויסגענוצט ווערן. די צאָל לייענער איז געווען זייער א קליינע.

אין אזא לאגע האָט זיך דער יידאָפּטייל געפונען קימאט 4 יאָר—ביזן סאָף 1928.

* * *

אין רעזולטאט פון דער וויסנשאפטלעכער און פעדאגאָגישער ארבעט, וואָס איז אויס־געוואָקסן און האָט זיך אנטוויקלט אין יידישן סעקטאָר בא דער וויַיסרוסלענדישער וויסנ־שאפטלעכער אקאדעמיע (צוערשט — יידאָפּטייל בא דעם אינסטיטוט פאר וויַיסרוסלענדישער קולטור) און אין דעם יידאָפּטייל באם פעדאגאָגישן פאקולטעט פון וויַיסרוסלענדישן מעלוכע־אוניווערסיטעט, איז אויסגעוואָקסן די נויטיקיַיט אין א געהעריקער יידישער וויסנשאפטלעכער ביבליאָטעק.

דער יידסעקטאָר בא דער וויַיסרוסלענדישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע האָט אָנ־געהויבן זאמלען ביכער פאר א ביבליאָטעק. ער האָט אויך אָנגעזאמלט א ריי ווערטפולע

פאָנדן, אָבער דער מאנגל אין מיטלען און — דעריקער — אין א ספּעציעלן טוער פאר דעם יידאָפּטייל בא דער אקאדעמיע־ביבליאָטעק, האָט געשטערט אין דעם, עס זאָל דאָרטן אופגעבויט ווערן אן ערנסטע ביכער־זאמלונג. ביזן הײַנטיקן טאָג — יאנוואר, 1930 — איז דער יידאָפּטייל בא דער אקאדעמישער ביבליאָטעק געבליבן א מאגאזין פון זייער ווערטפולע מאטעריאלן, אין וועלכע ס'איז אָבער נישט מעגלעך צו פּאנאנדערקלײַבן זיך און וועלכע ווערן, צום באדויערן, קימאט אינגאנצן נישט אויסגענוצט. עס איז שוין דעריבער קימאט געלייזט די פראגע וועגן איבערגעבן די ביכער־זאמלונג דעם יידאָפּטייל בא דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק.

זומער 1926 איז די מעלוכע־ביבליאָטעק אָפּגעטיילט געוואָרן פונעם ווײַסרוסלענדישן אוניווערסיטעט און פארוואנדלט געוואָרן אין א צענטראלער ביבליאָטעק און ביבליאָגראפישער אינסטיטוציע באם פאָלקאָמבילד פון וו. ס. ר. ר., וואָס, זאָל אײנצײַטיק דינען אלס פונדאמענטאלע ביבליאָטעק פון דער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע (דעמאָלט נאָך „אינבווײַסקולט") און מעלוכע־אוניווערסיטעט. אין סטאטוס, וואָס איז באשטעטיקט געוואָרן פונעם ווײַסרוסלענדישן ראטפאָלקאָם דעם 14־טן מײַ 1926, ווו עס רעדט זיך וועגן די ביכער־אָפּטיילן (פונקט 5), ווערט ספּעציעל דערמאנט א יידישער אָפּטייל אלס א באשטאנד־טייל פון דער ביבליאָטעק.

אין אָקטיאבער 1928 האָט די ביבליאָטעק גענומען א ספּעציעלן טוער פארן יידאָפּטייל, דידאָזיקע צײַט קען מען רעכנען פאר דעם אָנהויב פון דער פּלאנמעסיקער ארבעט איבער דעם אָפּטייל.

איבער דעם, וואָס דער אָפּטייל האָט נאָך נישט קיין לייענזאל מיט קיין ספּעציעלע מיטארבעטער פאר אים (דאָס וועט ערשט זײַן אין דער נײַער געבײַדע, וואָס דארף פארטיק ווערן צו אָקטיאבער 1930), באשטייט די ארבעט ארום אים דעריקער אין צוגרייטן א קאטאלאָגיזירטע ביכער־זאמלונג צו דער צײַט ווען עס וועט זײַן א לייענזאל און טוער צו אים און מע וועט קענען אנטוויקלען א ברייטערע ארבעט.

נישט געקוקט דערויף וואָס דער יידאָפּטייל בא דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק איז אין ווײַסרוסלאנד די אײנציקע ביכער־זאמלונג, וואָס דארף באפרידיקן אלע מינים יידישע וויסנשאפטלעכע ארבעטן, שטייט נישט פונדעסטוועגן די אָנפירונג פונעם יידאָפּטייל אף דעם שטאנדפּונקט, אז זי דארף זאמלען אלץ וואָס האָט נאָר א שײַכעס צו יידן אין אלע צײַטן און אין אלע לענדער.

אכוצדעם, וואָס אזא זאמלערישער פארנעם איז ניט אָנגעמאָסטן פאר די איצטיקע פינאנציעלע מעגלעכקײַטן פון דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק, איז דאָ נאָך א סיבע, פארוואָס דער יידאָפּטייל פון דער מעלוכע־ביבליאָטעק איז קעגן אזא מין אוניווערסאלער קאָמפּלעקטירונג. דידאָזיקע סיבע באשטייט אין דעם, וואָס אין דער איצטיקער עפּאָכע פון סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע מוז די ביבליאָטעק, ווי אלע איבעריקע וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס, קאָנצענטרירן איר אופמערקזאמקײַט אפן סאמע נויטיקסטן, זי דארף זיך פארנעמען מיט דעם מער נאָענטן, מיט דעם, וואָס קען אין דער מאקסימאלסטער מאָס, אין דער איצטיקער און נאָענטסטער צײַט, געבן די עפעקטפולסטע רעזולטאטן.

די ביבליאָטעק זאמלט דעריבער דערווײַל נישט:

1. קיין מאטעריאלן וועגן יידן אין אלטערטום און מיטלאלטער אין מײַרעוו־אײראָפּע און אין נישט־אײראָפּעיִשע לענדער. דערמיט האָט די ביבליאָטעק אויסגעשלאָסן פון איר קאָמפּלעקטירונג־ארבעט עפּשער דעם גרעסטן טייל יודאיקע אין אײראָפּעיִשע שפּראכן.

2. קיין מאָדערנע העברעיִשע קינסטלערישע ליטעראטור (וואָס דארף איצט אימפּאָרטירט ווערן פון אויסלאנד).

3. קיין מאָדערנע איבערזעצונגען אין יידיש פון אנדערע שפּראכן (דערמיט האָט די ביבליאָטעק אויסגעשלאָסן פון איר קאָמפּלעקטירונג־ארבעט שיר ניט דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער דרוק־פּראָדוקציע אין אויסלאנד). אין אלגעמיין גיט

אָפּ די ביבליאָטעק מער אופמערקזאמקייט דער יודאיקע אין אייראָפּעישע שפּראכן ווי דער העבראיקע צוליב דידאָזיקע צוויי טעמים:

ערשטנס, איז ביז איצט נישט געווען אף דער טעריטאָריע פונעם געוועזענעם צארישן רוסלאנד קיין ביבליאָטעק, ווו עס זאָל געהעריק געזאמלט און באארבעט ווערן דער מין ליטעראטור (כוץ עפשער באראָן גינצבורגס ביבליאָטעק). גענוג צו זאָגן, אז די אזויפיל גערימטע ווילנער סטראשון־ביבליאָטעק פארמאָגט נישט קיין געהעריקן אָפּטייל פון יודאיקע.

צווייטנס, דערפאר ווייל צו וויסנשאפטלעכע צילן קען, נישט אין פארגלייך, אסאך מער אויסגענוצט ווערן די יודאיקע ווי די העברעישע ליטעראטור צוליב דעם, ווייל די אווטאָרן, וואָס האָבן געשריבן אין דייטש, רוסיש, ענגליש, פראנצויזיש און אנדערע שפּראכן זיינען ס׳ראָוו געווען מענטשן, וואָס זיינען געשטאנען אף דער הויך פון דער וויסנשאפט אין זייער צייט און סוויווע, וואָס מע קען ווען דער מערהייט העברעישע מעכאברים נישט זאָגן.

אין קורצן איז דער פּלאן פון קאָמפּלעקטירן דעם יידאָפּטייל בא דער וו. מ. ב. אזא:

1. יידיש: דאָס מער וויכטיקע און אָריגינעלע, וואָס גייט ארויס פון דרוק אין דער גאָרער וועלט (כוץ אלע אויסגאבעס פונעם ראטנפארבאנד, וואָס די ביבליאָטעק באקומט ווי פליכט־עקזעמפּליארן).

2. יודאיקע: א. אפן געביט פון געשיכטע, עקאָנאָמיק, דעמאָגראפיע א. ד. גל. — זאמלען מאטעריאלן וועגן יידן אין מיטל־און דעריקער אין מיזרעך־אייראָפּע (אריינגערעכנט די יישווים, וואָס האָבן זיך געבילדעט אין אנדערע לענדער אין רעזולטאט פון דער עמיגראציע פון מיזרעך־אייראָפּע) און דער נייער און נייסטער צייט (פון 1500 און ווייטער).

ב. נעמענדיק אין אכט די נויטיקייט פון וויסנשאפטלעכע אנטירעליגיעזע ארבעטן — באמיען זיך צו באקומען די סאמע נויטיקסטע און וויכטיקסטע מאטעריאלן איבער דער אלטער יידישער געשיכטע און ביבלקריטיק.

ג. אפן געביט פון שפּראך, ליטעראטור, פאָלקלאָר א. ד. גל. — באגרענעצן זיך בלויז מיט די אויסגאבעס, וואָס האָבן א שייכעס צו יידיש.

3. דערזעלביקער צוגאנג וואָס צו יודאיקע, איז אויך צו דער העברעישער ליטעראטור (פארשטייט זיך, אז דאָ רעדט זיך וועגן דעם מאטעריאל, וואָס אף באקומען אים זיינען נויטיק ספּעציעלע געלט־מיטלען, ארויסשיקן וואליוטע א. ד. גל. דאָס אלץ איז אָבער נישט שייעך די ביכער, וואָס די ביבליאָטעק באקומט אָן געלט).

4. צוליב דעם, וואָס די ביבליאָטעק שליסט אויס פון איר קאָמפּלעקטירונג־ארבעט גוואלטיק-גרויסע געביטן פון דער יידישער וויסנשאפטלעכער ליטעראטור אין אייראָפּעישע שפּראכן און העברעיש, וואקסט אָבער אויס א געפאר, די ביבליאָטעק זאָל נישט באמערקן א ריי וויכטיקע און נויטיקע מאטעריאלן, וואָס קענען צונויץ קומען דער ביבליאָטעק פאר די צוועקן, וואָס זיינען איר שוין איצט נאָענט. מיר האָבן אין זינען יענע מאטעריאלן, וואָס זיינען צופעליק צעוואָרפן איבער די פארשיידענע געדרוקטע אויסגאבעס, וועלכע די ביבליאָטעק האָט געשטעלט אין איר קאָמפּלעקטירונג־ארבעט אפן צווייטן פּלאן. קעדיי דאָ אויסצומיידן גרויסע בלויזן, גיט אָפּ די ביבליאָטעק א ספּעציעלע אופמערקזאמקייט דעם זאמלען קאָלעריי אינפאָרמאציע־ליטעראטור: ביבליאָגראפישע האנטביכער, וויסנשאפטלעכע קאטאלאָגן, ספּעציעלע ביבליאָגראפיעס, ענציקלאָפּעדיעס, לעקסיקאָנען, פּעריאָדישע ליטעראטור א. ד. גל.

די מעטאָדן פונעם קאָמפּלעקטירן זיינען פארשיידענע—פּאר מעזומען און אלס אויסטויש אף ביכער פונעם ספּעציעלן אויסטויש־פאָנד בא דער ביבליאָטעק.

דער אויסטויש־פאָנד בא דער ביבליאָטעק ווערט קאָמפּלעקטירט מיט דובלעטן פון עלטערע אויסגאבעס, וואָס קומען אריין אין ביבליאָטעק אף פארשיידענע אויפאנים, און פון נייע אויסגאבעס, וואָס גייען ארויס אף דער טעריטאָריע פון ווייסרוסלאנד. אפן סמאך פון א באשלוס פון די העכערע רעגירונג־אינסטאנצן, האָט די ביבליאָטעק דאָס רעכט צו

פאָדערן פון יעדן פארלאג אין וו. ס. ר. ר. א באשטימטע צאָל (פון 10 ביז 25) עקזעמ־פּליארן פון יעדער אויסגאבע פאר איר אויסטויש־פאָנד.

אין משך פון 1־טן אָקטיאבער 1928 ביזן 1־טן אָקטיאבער 1929, זײַנען אינעם אינווענטאר פונעם ייִדישן אָפּטייל אײַנגעשלאָסן געוואָרן 3575 ביכער (ייִדיש, העבראיִקע און יודאיִקע). אין דער צאָל גייט אויך ארײַן דער העברעיִשער טייל פון דער מינסקער פּערעץ־ביבליאָטעק (געוועזענע „רוסיש־ייִדישע“), וואָס איז ענדלעך איבערגעגעבן געוואָרן דעם ייִדאָפּטייל בא דער וו. מ. ב.; בלויז א קלענער טייל אָבער איז אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין גרונט־פאָנד פונעם ייִדאָפּטייל; דער גרעסטער טייל איז אוועק אין דובלעטן־פאָנד.

צום ערשטן יאנוואר 1930 האָט די ביבליאָטעק געציילט ארום 13.500 פארעגיסטרירטע ביכער. פון דער צאָל: ארום 3700 ביכער אין ייִדיש און 1700 יודאיִקע אין רוסיש, דײַטש, ענגליש א. ד. גל. זשורנאלן גייען אין דער צאָל נישט ארײַן.

די הויפּט־אויפמערקזאמקײַט איז, פארשטייט זיך, געווענדעט געוואָרן אף קאָמפּלעקטירן דעם ייִדישן טייל, אף אײַנשאפן ייִדישע קלאסיקער און אָריגינעלע מאָדערנע ליטעראטור אין ייִדיש סײַ קינסטלערישע, סײַ וויסנשאפטלעכע.

דער ייִדאָפּטייל שטייט אין פארבינדונג מיט די אָנגעזעענסטע ייִדישע און דײַטשיש־ייִדישע פארלאגן און בוכהאנדלונגען, פון וועלכע ער באקומט אלדאָס נויטיקע און וויכטיקע, טייקעף ווי עס גייט ארויס פון דרוק.

מע קען דרייסט, אָן שום גוזמע, זאָגן, אז אפן געביט פון קאָמפּלעקטירן מיט נײַסטע ייִדישע אויסגאבעס און יודאיקע פארנעמט איצט, אָנהויב 1930, דער ייִדאָפּטייל בא דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק, דאָס ערשטע אָרט אין ראטנפארבאנד, סײַ אין פארגלײַך מיט זעלבשטענדיקע ייִדישע וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן, סײַ אין פארגלײַך מיט ייִדישע אָפּטיילן בא אלגעמיינע וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן.

שוין איצט באקומט דער ייִדאָפּטייל פון פארשיידענע שטעט ביטעס פון וויסנשאפט־לעכע טוער אויסצולײַען אף א באשטימטן טערמין דעם אָדער יענעם בוך. אזעלכע ביטעס קומען אָן אפילע פון אזא שטאָט ווי לענינגראד, וואָס פארמאָגט אלטע וועלטבארימטע ייִדישע ביכער־זאמלונגען.

פון די אויבן־געבראכטע ציפערן איז, פארשטייט זיך, קלאָר, אז נאָך אלעמען פארמאָגט די ביבליאָטעק דערווײַל א טייל (מעגלעך נישט קיין קליינעם) פון דעם, וואָס זי וואָלט געדארפט האָבן (דעריקער פון עלטערע אויסגאבעס). מע דארף אָבער נעמען אין אכט:

1. די באגרענעצטע מאטעריִעלע מיטלען פון דער ביבליאָטעק;

2. דאָס וואָס ס'איז שווער דורך קאָרעספּאָנדענץ צו באקומען עלטערע אויסגאבעס, אפילע פון די לעצטע יאָרן פון פאר דער רעוואָליוציע; מע דארף אליין ארומפאָרן זוכן, וואָס ס'איז דערווײַל נישט מעגלעך איבער מאטעריִעלע סיבעס;

3. די באגרענעצטע צילן, וואָס די ביבליאָטעק האָט זיך דערווײַל געשטעלט, צילן, וואָס זאָל אנטשפּרעכן די איצטיקע מעגלעכקײַטן, וואָס זײַנען אָבער נישט קיין דאָגמע אף אייביק, ווײַל זיי וועלן ווערן פארברייטערט דעמאָלט, ווען די מאטעריִעלע מעגלעכקײַטן וועלן ווערן גרעסערע.

ווי א ספּעציִעלער נעגאטיווער מאָמענט אין דער איצטיקער קאָמפּלעקטירונג, דארף דאָ דערמאָנט ווערן דאָס, וואָס די ביבליאָטעק זאמלט דערווײַל נישט קיין שום אויסלענדישע ייִדישע צײַטונגען. לויט אונדזער מיינונג, האָט די ביבליאָטעק, ווי א ביכער־זאמלונג פון א רעפּובליקאנישן פארנעם, געדארפט זאמלען לעכאָלאפּאָכעס די וויכטיקערע ייִדישע פּרעסע־אָרגאנען פון אייראָפּע און אמעריקע (טעגלעכע, וועכנטלעכע א. ד. גל.).

* * *

ביז אָקטיאבער 1928 האָט דער ייִדאָפּטייל פארמאָגט: 1. א סיסטעמאטישן אלפאבעטיז־קאטא־לאָג און א קאטאלאָג פון מאָדערנע ייִדישע אויסגאבעס און פון רוסישער יודאיִקע; 2. אן

אלעפבייז־קאטאלאָג פון יורואיקע אין די איבעריקע אייראָפּייִשע שפראכן (כוץ רוסיש);
3. אן אלעפבייז־קאטאלאָג פון העבראיקע.

אלע קאטאלאָגן אינעם ייִדאָפּטייל פונקט ווי אין דער ביבליאָטעק ביכלאל, זײַנען גע־שריבן אף קארטלעך.

אויב מע האָט נאָך געקענט אויסנוצן ווי עס איז און כאָטש טיילווײַז זיך אָריִענטירן אין די קאטאלאָגן פון מאָדערנעם ייִדיש און יודאיקע, קען מען דאָס אָבער נישט זאָגן בענוגייע דעם קאטאלאָג פון העבראיקע און פונעם ביסל אלט־ייִדיש.

ווי עס איז שוין פריִער דערמאָנט געוואָרן, איז דער קאטאלאָג פון העבראיקע אריבער צום ייִדאָפּטייל צוזאמען מיט דער ביבליאָטעק פון מאָסקווער קאָרשול. דערדאָזיקער קא־טאלאָג האָט נישט געהאט אבסאָליוט קיין שום וויסנשאפטלעכן און פראקטישן ווערט. ער האָט געדארפט אינגאנצן פארביטן ווערן. ס׳איז געווען אויסגעשלאָסן, מע זאָל זיך מיט אים קענען באנוצן, ווײַל מ׳האָט לויט אים זעלטן געקענט געפינען א בוך.

ווען דער ייִדאָפּטייל איז צוגעטראָטן אין אָקטיאבער 1928 צו נאָרמאלער ארבעט, זײַנען דעריבער, אפן געביט פון באארבעטונג, געשטאנען דידאָזיקע אופגאבעס:

1. פארפולקומען די קאטאלאָגן פון ייִדיש און יודאיקע.

2. אופבויען פון דאָסנײַ א פולשטענדיקן קאטאלאָג פון דעם העברעיִשן און אלט־ייִדישן טייל.

וואָס שײַעך ייִדיש און יודאיקע, זײַנען דאָ געבליבן גילטיק—ווי פאר דער ליטעראטור אין אייראָפּעיִשע שפראכן — די דעצימאלע קלאסיפיקאציע־סיסטעם, די קאטאלאָגיזאציע־און קאטאלאָגראפיע־מעטאָדן פון דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק ביכלאל.

וואָס שײַעך העבראיקע, וואָס איז קוואנטיטאטיוו דערווײַל דער איבערוועגנדיקסטער טייל אין ייִדאָפּטייל, האָט דאָ געמוזט אויסגעארבעט ווערן פון פאָרויס א געוויסע סיסטעם אין דער קאטאלאָגיזיר־ארבעט.

קעדיי ס׳זאָלן אין רעזולטאט פון א קאטאלאָגיזאציע, וואָס איז פון פאָרויס נישט גרונטלעך און אלזײַטיק דורכגעארבעט, נישט אויסוואקסן קיין פארשיידענע שוועריקײַטן אין באנוצן זיך מיטן ביכער־מאטעריאל; קעדיי דער העברעיִשער טייל ליטעראטור זאָל איין מאָל פאר אלע מאָל באארבעט און אוועקגעשטעלט ווערן, עס זאָל נישט אויסקומען זיך מער אומצוקערן צו דער ארבעט ,וואָס דארף צונעמען א גוואלטיקן סכום ענערגיע און מי — האָט דאָ גע־מוזט אויסגעארבעט ווערן א געוויסע סיסטעם אין דער ארבעט, א קאטאלאָגיזיר־סיסטעם, וואָס זאָל אפן מאקסימאלסטן אויפן אופדעקן און פאָרשטעלן פארן פאָרשער דעם ביכער־מאטעריאל.

ס׳איז דעריבער, ערשטנס, לאכלוטן אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער שטארק פארשפּריי־טער מעטאָד אין דער העברעיִשער ביבליאָגראפיע (בעניאקאָוו, פרידבערג א. אנד.) צו באשרײַבן א בוך „מיט אייגענע ווערטער״. אנשטאָט דעם איז אָנגענומען געוואָרן באשרײַבן א בוך מיט דעם טעקסט, וואָס עס גיט דער טיטלבלאט (פארשטייט זיך, קירצנדיק און צוגעבנדיק וואָס נויטיק איז). דאָס אנטשפּרעכט מער דער מאָדערנער וויסנ־שאפטלעכער ביבליאָגראפיע.

צווייטנס, איז ווי באקאנט, באשטייט די ספּעציפישקײַט פון דער העברעיִשער טראדיציאָ־נעלער ביבליאָגראפיע אין דעם, וואָס די ביבליאָגראפישע באשרײַבונגען ווערן אויסגע־שטעלט נישט לויטן אלעפבייז פון די פאמיליע־נעמען פון די מעכאברים, נאָר לויט דעם אלעפבייז פון די ביכער־טיטלען. אפילע אין דער מאָדערנער, וועלטלעכער העברעיִשער ליטעראטור ווערט נאָך דידאָזיקע טראדיציע צומטייל אָפּגעהיט. דער העברעיִשער ביבליִ־אָגראפישער זשורנאל „קרית ספר״ גיט, לעמאָשל, יעדן יאָר אן אינדעקס פון טיטלען (כוץ אן אינדעקס פון די נעמען פון מעכאברים) פון די ביכער, וואָס זײַנען אין מעשעך פונעם יאָר באשריבן געוואָרן אין אים.

אין איינקלאַנג מיט דערדאָזיקער טראַדיציע וועט געבּויט זײַן די נײַע אויסגאַבּע פון בּעניאַקאָווס „אוצר הספרים“ [1]) וואָס ווערט איצט געגרייט צום דרוק [2]). אַף דעמזעלבּיקן שטייגער איז אויך צוזאַמענגעשטעלט כ. ד. פרידבּערגס בּיבּליאָגראַפישער לעקסיקאָן „בּית עקד ספרים“ (אַנטווערפּן 1928—1929. אַרויס דערווײַל בּיז סאָף נון).

אויבּ דידאָזיקע טראַדיציאָנעלע סיסטעם איז עפּשער בּאַרעכטיקט בּענעגייע דער אַלטער (און צומטייל אפילע מאָדערנער) ר ע ל י ג י ע ז ע ר ליטעראַטור, האַלטן מיר אָבּער, אַז בּעשר־מויפן קענען מיר זיך מיט איר נישט רעכענען בּעייסן בּאַשרײַבּן די מאָדערנע און וועלטלעכע העבּרעישע ליטעראַטור סײַ קינסטלערישע און סײַ וויסנשאַפטלעכע. דידאָזיקע טראַדיציע דאַרף מען בּרעכן. אַלע ווערק פון אַ וועלטלעכן העבּרעישן אַווטאָר, ווי פון אַן אַווטאָר אין אַן אַנדער שפּראַך, דאַרפן אין אַלעפבּייז־קאַטאַלאָג קאָנצענטרירט ווערן אין איין אָרט און נישט אין פאַרשיידענע ערטער לויט דעם אַלעפבּייז פון די בּיכער־טיטלען. און אַף אַזאַ אויפן איז געבּויט געוואָרן דער קאַטאַלאָג פונעם העבּרעישן טייל, וואָס געפינט זיך אין ייִדאָפּטייל בּאַ דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־בּיבּליאָטעק.

דערדאָזיקער קאַטאַלאָג איז אין מעשעך פון אָקטיאַבּער 1928 בּיז אָקטיאַבּער 1929 אינגאַנצן אופגעבּויט געוואָרן. די אַרבּעט איז געוואָרן דורכגעפירט אַזוי שנעל, ערשטנס, ווײַל זי איז געשטעלט געוואָרן ווי אַ שלאָג־אופגאַבּע. קלאָר, אַז ס׳איז אומעגלעך געווען צו קאָמפּלעקטירן און אויסנוצן אין דער מינדסטער מאָס דעם העבּרעישן טייל אָן אַ קאַטאַלאָג. צווייטנס, דערפאַר ווײַל די אַרבּעט איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון קאָלער־ליי בּיבּליאָגראַפישע האַנטבּיכער און קאַטאַלאָגן. ס׳איז נישט אויסגעקומען דורכצואַרבּעטן פונ־דאַסנײַ און גרונטלעך אַליין יעדן בּוך.

דער שטייגער פון בּאַשרײַבּן איז אין אַלגעמיינע שטריכן דערזעלבּיקער, וואָס אין ש. ווינערס „קהלת משה“, קאַטאַלאָג פון דער „בּיבּליאָטעקאַ פרידליאַנדיאַנאַ“ אין אַזיאַטישן מוזיי בּאַ דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע פון פ. ס. ר. ר. אין לענינגראַד. דערדאָזיקער אויס־געצייכנטער קאַטאַלאָג, וואָס שטייט נאָך אַדהײַנט אַף דער הויך פון דער מאָדערנער וויסנשאַפטלעכער בּיבּליאָגראַפיע, איז שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן אין דער קאַטאַלאָגיזיר־אַרבּעט פונעם ייִדאָפּטייל.

די מער וויכטיקע ענדערונגען לעגאַבּ ווינערס קאַטאַלאָג זײַנען אַזוינע: 1. בּאַ די בּיכער, וואָס ווערן בּאַשריבּן און צעשטעלט לויט זייערע טיטלען ווערט פון מעכאַבּערס נאָמען אָדער פאַמיליע־נאָמען שטענדיק געגעבּן אַן אָפּשיקונגס־קאַרטל צום בּוך־טיטל. 2. בּיכער פון מאָ־דערנע וועלטלעכע אַווטאָרן (דער גרעסטער טייל האַסקאָלע־ליטעראַטור) ווערן בּאַשריבּן און צעטיילט נאָך די פאַמיליע־נעמען פון די אַווטאָרן. 3. בּאַ דעם בּוך, וואָס ווערט בּאַשריבּן נאָך דעם פאַמיליע־נאָמען פון מעכאַבּער, נאָר ס׳איז פאַראַן אַ סאָפעק, אַז דאָס בּוך קען עפּשער מיט דעמזעלבּיקן רעכט בּאַשריבּן ווערן לויט דעם בּוך־טיטל, ווערט געגעבּן אַן אָפּשיקונגס־קאַרטל פונעם בּוך־טיטל צום פאַמיליע־נאָמען פונעם מעכאַבּער. 4. עס זײַנען נישט אָנגעווענדעט געוואָרן אַזעלכע גענעאַלאָגישע און בּיאָ־בּיבּליאָגראַפישע אָפּווײַכונגען, וואָס זײַנען פאַראַן אַזוי פיל בּאַ ש. ווינערן. עס זײַנען אויך אַרויסגעלאָזן געוואָרן די רעשימע פון די, וואָס האָבּן געגעבּן די אַפּראָבּאַציעס (האַסקאָמעס).

אין פאַרגלײַך מיט ווינערס קאַטאַלאָג, וואָס האָט אַ בּיאָ־בּיבּליאָגראַפישן אָפּ־נויג, האָט דער קאַטאַלאָג פונעם ייִדאָפּטייל אַ ריין־בּיבּליאָטעקאַרישן אָפּנויג. די בּאַ־שרײַבּונג פון יעדן בּוך איז געגעבּן קימאַט אַזוי ווי אין זיבּעטן (לעצטן) העפט (אָס כ) פון ווינערס קאַטאַלאָג, וואָס איז אַרויס אין 1918. די בּיבּליאָגראַפישע בּאַשרײַבּונג פון יעדן בּוך אין דעם העפט איז שטאַרק געקירצט לעגאַבּע די ערשטע העפטן. דער אַלגע־מיינער שטייגער בּאַשרײַבּן (נעמען אַלס גרונט די בּאַשרײַבּונג פון טיטלבּלאַט און קאָמ־בּינירן זי אַף פאַרשיידענע אויפאַנים) איז אָבּער געבּליבּן דערזעלבּיקער.

1) זע פּראָפ. שאָרס אַרטיקל אין „Soncino-Blätter“ בּאַנד II. בּערלין 1927. זײַט 39.

2) זע: —„Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums“ 1928, S. 640.

אף יעדן קארטל פונעם קאטאלאָג אין ייִדאָפּטייל, זײַנען, כוץ דער ביבליאָטעק־סיגנאטור, אויך געגעבן געוואָרן די נומערן, וואָס דער באשריבענער בוך האָט בא בעניאקאָוון, ווינערן, פרידבערגן און אנדערע ביבליאָגראפישע האנטביכער, וואָס האָבן געגעבן וועגן דעם באשריבענעם בוך גענויערע אינפאָרמאציע, ווי דער געגעבענער קארטל פונעם ייִדאָפּטייל בא דער וו. מ. ב. דאָס איז געטון געוואָרן, קעדיי געבן א מעגלעכקייט דעם לייענער צו געפינען וואָס גיכער גענויערע אינפאָרמאציע וועגן דעם בוך.

אינעם פּלאן פון דער ווײַטערדיקער ארבעט איבער די קאטאלאָגן איז אויך אָנגע־מערקט אײַנצושאפן ספּעציִעלע עקזעמפּליארן פון די מערוויכטיקע ביבליאָגראפישע האנט־ביכער און צושרײַבן בא יעדער ביבליאָגראפישער באשרײַבונג די סיגנאטור, וואָס דער באשריבענער בוך האָט אינעם ייִדאָפּטייל, קעדיי יעדער לייענער זאָל לײַכט קענען זיך אויסקלײַבן א בוך נישט נאָר לויטן געשריבענעם ביבליאָטעק־קאטאלאָג פונעם ייִדאָפּטייל, נאָך אויך לויט פארשיידענע געדרוקטע ביבליאָגראפישע האנטביכער.

דער קאטאלאָג פונעם העברעיִשן טייל שטעלט פאָר מיט זיך, אזוי ארום, אן איינ־הײַטלעכן אלעפבייז־קאטאלאָג פון ביכער־טיטלען, און פאמיליע־נעמען פון מעכאבערים.

וואָס שײַעך דער זייער קאָמפּליצירטער פראגע פון א סיסטעמאטישן קאטאלאָג פונעם העברעיִשן טייל, איז זי געלייזט געוואָרן דערווײַל אף אזא אויפן: עס' ווערן אויסגענוצט חידראמאָל געדרוקטע קאטאלאָגן פון פארשיידענע געביטן פון וויסן,—לעמאָשל, דער קא־טאלאָג פון דער נײַער קינסטלערישער און ליטעראריש־קריטישער ליטעראטור אין העב־רעיִש, וואָס ס'האָט ארויסגעלאָזט די יערושאָלאיִמער ביבליאָטעק; וו. צייטלינס ביבליאָגרא־פישער האנטבוך („ביבליאָטעקא העבראיִקא פּאָסט־מענדעלסאָניאנא״) פון דער האסקאָלע־ליטעראטור; י. לינס „די העברעיִשע פרעסע״ (דײַטש; בערלין 1928); ג. שאָלעמס „ביב־ליאָגראפיא קאבאליסטיקא״ א. ד. גל. אגעוו, זאָגט צו פרידבערג, אינעם פריִערדערמאָנטן ביבליאָגראפישן לעקסיקאָן, צו געבן, נאָכדעם ווי ס'וועט זיך ענדיקן דרוקן דער אלעגמײַ־נער טייל — אויך רעשימעס פון די ביכער לויט די פארשיידענע געביטן.

די פראגע פון א סיסטעמאטיק פון דער העברעיִשער עלטערער ליטעראטור איז זייער קאָמפּליצירט, דערפאר ווײַל דאָ קען מען קימאט נישט אָנווענדן די דעצימאלע קלאסי־פיקאציע (פונקט ווי אין אנדער מאָדערנע קלאסיפיקאציע), וואָס איז אָנגענומען אין דער וו. מ. ב. ביכלאל. ס'איז אָבער קלאָר, אז וויבאלד מיר האָבן דאָ צו טון מיט א מין ליטעראטור, וואָס קען ווערן אויסגענוצט (אין א קליינער מאָס) אויסשליסלעך פאר וויסנ־שאפטלעכע צוועקן, איז די פראגע פון א סיסטעמאטיק נישט אזוי ברענענדיק. א סיסטע־מאטיק איז אומבאדינגט נויטיק דאָרט, ווו מע האָט צו טון מיט א מאסן־לייענער, וועמען מע דארף רעקאָמענדירן ליטעראטור. אָבער דער וויסנשאפט־טוער, וואָס דארף עפּעס פון דעם מין ליטעראטור, ווייס אין גרעסטן טייל פון פאָרויס וואָס, וועלכן בוך ער דארף, און דערצו קען אויסגעצייכנט דינען דער אלעפבייז־קאטאלאָג.

* * *

וועגן דער ארבעט מיט די לייענער אין דער ביבליאָטעק קען דאָ גאָר ווינציק גע־זאָגט ווערן איבער דעם, וואָס — ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוועזן — האָט דער ייִדישער אָפּטייל נאָך דערווײַל נישט קײַן לייענזאל. געוויינטלעכע לייענער און צוהערער פון העכערע לערן־אנשטאלטן באקומען ייִדישע, פונקט ווי אלגעמיינע, ביכער בלויז צו לייענען אפן אָרט, אין אלגעמיינעם לייענזאל, ווו ס'איז, צום באדויערן, נישט שטענדיק פאראן א מיט־ארבעטער, וואָס זאָל קענען ייִדיש. פאר די לייענער שטייען אין לייענזאל צום באנוצן די סיסטעמאטישע קאטאלאָגן פון ייִדישע און רוסישע (יודאיִקע) ביכער. ביכער אף נעמען מיט זיך ווערן ארויסגעגעבן (אפילו אין א גרעסערער צאָל) די וויסנשאפטלעכע טוער, מיטארבע־טער פון ייִדסעקטאָר בא דער ווײַסרוסלענדישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, מיטארבעטער פונעם ייִדאָפּטייל באם פעדאגאָגישן פאקולטעט פון ווײַסרוסלענדישן מעלוכע־אוניווערסיטעט, די פאראנטוואָרטלעכע פּאָליטישע און ווירטשאפטלעכע טוער א. ד. גל.

* * *

פון אנדערע ארבעטן, וואָס דער ייִדאָפּטייל פירט דורך, איז קעדײַ צו דערמאָנען דאָס צוגרייטן צום דרוק דעם ייִדישן טייל פון דעם כוידעשדיקן ביבליאָגראפישן ביולעטען „Летапіс беларускага друку", וואָס עס לאָזט ארויס די ווײַסרוסלענדישע ביכער־קאמער און די ביבליאָגראפישע ביוראָ בא דער ביבליאָטעק. אין דעם ביולעטען ווערט רעגיסטרירט אלץ, וואָס עס גייט ארויס פון דרוק אף דער טעריטאָריע פון וו. ס. ר. ר. באזונדער דארף דאָ דערמאָנט ווערן דאָס רעדאַקטירן און ארויסגעבן אין 1928 — 1929 א. קירזשניצעס ביבליאָגראפישע ארבעטן: „די ייִדישע פרעסע אין ראטנפארבאנד" (72 זײַטן) און „די ייִדישע פרעסע אין ווײַסרוסלאנד" (26 זײַטן). אין דער פערספעקטיוו איז אָנגע־מערקט אָפּצודרוקן אן ארבעט „די ייִדישע ביכער־פּראָדוקציע אין וו. ס. ר. אין די יאָרן 1917—1924", ד. ה. ביז דער צײַט ווען ס'האָט אָנגעהויבן רעגולער ארויסגיין די „Летапіс беларускага друку".

לויט דעם באשלוס פון דער דריטער אלפארבאנדישער באראטונג פון די דירעקטאָרן פון די ביכער־קאמערן (כארקאָוו, 14—17 מארט, 1927) איז אף דער ווײַסרוסלענדישער ביכער־קאמער ארופגעלייגט געוואָרן די ארבעט פון ארויסגעבן דעם ייִדישן, ווײַסרוסישן און פוילישן טייל פון דער אלגעמיינער סעריע „ביבליאָגראפיע פון די פעלקער פון פ.ס.ר.ר." דער ייִדאָפּטייל גרייט דעריבער איצט דעם ערשטן ביבליאָגראפישן יאַרבוך, וואָס וועט האלטן א פולשטענדיקע רעשימע פון דער דרוק־פּראָדוקציע (אויך זשורנאל־ארטיקלען) אין ראטנפארבאנד פאר די יאָרן 1928 און 1929. (זע וועגן דעם, אין זאמלבוך: Библиография в СССР и книжные палаты. Сборник статей. כארקאָוו, 1928, זײַטן 191—192).

וועגן די פערספעקטיוון פון דער ווײַטערדיקער ארבעט אינעם ייִדישן אָפּטייל בא דער וו. מ. ב., קען דאָ גאָר קורץ געזאָגט ווערן אָט וואָס:

מיטן אריבערגיין (הארבסט־ווינטער 1930—31) אין דער נײַער, ספּעציעל־אויסגעבויטער געבײַדע און — וואָס ס'איז דערמיט פארבונדן מיט דער באדײַטנדיקער פארגרעסערונג פון דער צאָל ביבליאָטעק־מיטארבעטער און ביודזשעט, וועט זיך גאָר אף אַ־אַך ענדערן, סײַ די אינערלעכע, סײַ די אויסערלעכע ארבעט אין דער ביבליאָטעק ביכלאל און אין דעם ייִדישן אָפּטייל ביפראט.

די ביבליאָטעק ביכלאל, וואָס ציילט איצט ארום 750,000 בענדער, וועט דעמאָלט ארויף אפן ברייטן וועג פון ערנסטער וויסנשאפטלעכער און געזעלשאפטלעך־מאסאָווער ארבעט; זי וועט דעמאָלט פארנעמען נאָך א גרעסערן און וויכטיקערן אָרט אין דער אָנצאָליקער ריי וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס זענען ארויסגעבויט געוואָרן אדאנק דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

א. טיוניעיעווא

# די מעלוכישע עפנטלעכע ביבליאָטעק אין אָדעס

היינטיקס יאָר ווערט הונדערט יאָר זינט ס׳האָט זיך געגרינדעט די אָדעסער עפנטלעכע ביבליאָטעק. דידאָזיקע ערשטע אין רוסלאנד געזעלשאפטלעכע ביבליאָטעק [1]—ביז דער רעוואָליוציע האָט זי זיך גערופן אָדעסער שטאָטישע עפנטלעכע ביבליאָטעק—האָט פון די ערשטע יאָרן געשטעלט פאר זיך אן אופגאבע צו ווערן א וויסנשאפטלעכע ביכער־קאמער פארן גאנצן ניי־רוסישן קאנט, וועלכער איז דאן אריינגעטראָטן אינעם פעריאָד פון זיין קולטור־אופבלי. די ביבליאָטעק איז געווען די ערשטע אין רוסלאנד, וואָס האָט אָנגעהויבן באקומען פון 1834 יאָר אן אָרטיקן אָבליגאטאָרישן עקזעמפליאר [2]. פון 1847 יאָר ווערט דאָסדאָזיקע רעכט פארשפרייט אף אלע אויסגאבעס, וואָס דערשיינען אף קאווקאז. א גאנצע ריי אנשטאלטן און געזעלשאפטן, רוסישע און אויסלענדישע, שיקן איר צו ביכער. די ביבליאָטעק קאָלעקציאָנירט דערצו ברייט אלץ, וואָס האָט א שייכעס צו אָדעס און צום גאנצן קאנט, און באקומט פונעם צענזור־קאָמיטעט א צענזור־עקזעמפליאר.

גאָר גיך פארנעמט די ביבליאָטעק איינעם פון די ערשטע ערטער צווישן די אָדעסער בילדונג־אנשטאלטן. דער ביכער־אויצער ווערט בארייכערט מיט א ריי געשענקטע ביכער־פאָנדן: פּ. א. בוראטשקאָווס ביכער־זאמלונג איבער געשיכטע און ארכעאָלאָגיע פון דאָרעם־רוסלאנד (3.176 בענדער), ביבליאָטעק פון אָדעסער סלאווישער וווילטעטיקער געזעלשאפט (3.647 בענדער), א. א. בארזענקאָס ביכער־זאמלונג איבער יוריספרודענץ, עקאָנאָמיק און געשיכטע (1.500 בענדער), וו. אי. טימאָנאָווס ספּעציעלע ביכער־זאמלונג איבער טעכניק (1.242 בענדער), ג. ג. מאראזליס אויסגאבעס איבער קונסט, געשיכטע און ליטעראטור (ביז 7.000 בענדער) און אסאך אנדערע. פון 1917 יאָר ווערט די ביבליאָטעק אף א סטיכייִשן אופן בארייכערט מיט א ריי ביכער־קאָלעקציעס. די אלגעמיינע צאָל ביכער, וואָס זיינען אריינגעקומען אין ביבליאָטעק אין פעריאָד 1917—1927 טרעפט אָן בא 300.000 בענדער. פאר די באדייטנדסטע לויט זייער ווערט דארף מען רעכענען א. ס. סטורדזעס ביבליאָטעק פון אויסלענדישע ביכער פאר XVI—XVIII י. ה. (ביז 3.000 בענדער), די קאָלעקציע פון זעלטענע קינסטלערישע אויסגאבעס, וואָס מ. מ. טאָלסטאָי האָט געשענקט אין 1919 יאָר (ביז 2.500 בענדער) און די ביבליאָטעק פון דער אָכראנקע, וואָס דער געזעלשאפטלעכער קאָמיטעט האָט זי איבערגעגעבן אין 1919 יאָר. דידאָזיקע ביבליאָטעק האָט זייער א גרויסן היסטאָריש־רעוואָלוציאָנערן באטייט.

איצט פארמאָגט די ביבליאָטעק 800.000 ביכער, בראָשורן און צייטונג־קאָמפּלעקטן. דערפון פארקאטאלאָגיזירטע ביכער — 295.793, ניט פארקאטאלאָגיזירטע ביכער, וואָס זיינען אָבער צוטריטלעך פארן לייענער — 166.747, ניט קיין פאנאנדערקליבענע פאָנדן — בא 250.000 בענדער, דובלעטן־פאָנד — 15.000 בענדער.

---

1) ביז איר זיינען אין רוסלאנד געווען בלויז רעגירונג־ביבליאָטעקן.

2) דער איניציאַטאָר און גרינדער פון ביבליאָטעק, א. אי. לעוושין, וואָס איז אין די יאָרן 1831—1837 געווען גראדאָנאטשאלניק פון אָדעס, האָט ארויסגעגעבן א פאראָרדענונג וועגן צושטעלן אין ביבליאָטעק צוויי פליכט־עקזעמפליארן פון יעדן ווערק, וואָס ווערט געדרוקט אין דער שטאָטישער דרוקעריי, דעמאָלט די איינציקע אין אָדעס.

לויט אירע פאָנדן, וואָס זײַנען גוט צוגעקליבן אין וויסנשאפטלעכן זין, לויט דער גרויסער דעו־פארונג אין פראט פון באדינען דעם לייענער, ווי אויך לויט דער ספּעציִעלער טעכניש גוט־אויסגעשטאטער געבײַדע (מיט א שטעטך פון 1.620 קוו. מעטער), וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין 1907־טן יאָר,— איז די אָדעסער ביבליאָטעק, באזונדערס נאָך די דערווערבונגען בעשאס דער רעוואָליוציִע, געוואָרן איינע פון די גרעסטע וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן אינעם גאנצן ראטנפארבאנד, און דערפאר איז זי ארײַנגערעכנט געוואָרן צווישן די מעלוכישע ביבליאָטעקן אף אוקראַינע, באקומענדיק פונעם ערשטן נאָיאבער 1922 דעם נאָמען „אָדעסער מעלוכישע עפנטלעכע ביבליאָטעק״.

דער ביודזשעט פון ביבליאָטעק איז אין פארגלײַך מיטן פארמילכאָמעדיקן ביודזשעט אויסגעוואָקסן מער ווי אין 4 מאָל. בא הײַנטיקן טאָג טרעפט אָן בלויז דער געלט־טייל העכער 60.000 רובל (דערצו דארף מען נאָך צוגעבן אָבליגאטאָרישע ביכער, וואָס טרעפן אויך אָן ניט ווייניקער פון 25.000 רובל יערלעך).

א ריי יאָרן האָט די ביבליאָטעק זיך געפונען אין רעשוס פון „הויפט־פּאָליטופּקלער״. פון אפרעל 1928 איז זי אריבער אין רעשוס פון דער פארוואלטונג מיט וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציִעס —„אוקרוויסנשאפט״.

די פּראקטישע טעטיקײַט פון די אָפּטיילן בא דער ביבליאָטעק און איר וויסנשאפטלעך־אויספאָרשערישע ארבעט גיבן איר די פילע מעגלעכקײַט נאָך ברייטער, ווי ביז איצט, פאנאנדערוויקלען איר ארבעט אפן קולטופּקלער־פראָנט און אויסנוצן אירע רײַכע וויסנשאפטלעכע ביכער־פאָנדן.

אין ביבליאָטעק ארבעטן 48 מאן, דערין 12 וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער. די אָפּעראציע־ארבעט ווערט פארטיילט צווישן דעם אָפּטייל פאר קאָמפּלעקטירן די ביבליאָטעק מיט ביכער און קאטאלאָגיזירן זיי, דעם אָפּטייל פאר ביכער־באנוץ און ביכער־אָפּהיטונג, אינפאָרמאציע־ביוראָ, קאבינעט פאר מארקסיזם און לעניניזם, דעם אָפּטייל פון אָדעסער קאנט און דעם אָפּטייל פון זעלטענע אויסגאבעס.

דער אָפּטייל פאר קאָמפּלעקטירן די ביבליאָטעק און פאר קאטאלאָגיזאציע באקומט ביז 80.000 עקזעמפּליארן א יאָר. דער גרונט־קוואל פאר דער קאָמפּלעקטירונג פון דער ביבליאָטעק איז דער אלפארבאנדישער אָבליגאטאָרישער עקזעמפּליאר, וואָס ברענגט ארײַן יערלעך (פון 1922־טן יאָר אָן) אין דורכשניט בא 45.000 בענדער.

קעדיי צו פארשנעלערן די ארבעט איבערן בוך, האָט מען בענעגייע צום אָבליגאטאָרישן עקזעמפּליאר פון 1927־טן יאָר אָן פארביטן דעם געשריבענעם אינווענטאר מיט וועכנטלעכע אויסגאבעס פון „Літопис Українського Друку״ און פון „Книжная Летопись״, וואָס די רוסישע און אוקראַינישע ביכער־קאמערן גיבן ארויס. באם קאטאלאָגיזירן ווערן איצט אָנגעווענדעט געדרוקטע קארטלעך (אנשטאָט די פריִערדיקע געשריבענע), און דאָס האָט פארלײַכטערט די ארבעט פונעם אָפּטייל קימאט אין צוויי מאָל.

די פאָלגנדיקע ציפערן באווײַזן, אף וויפל ס'וואקסט די קאטאלאָגיזאטאָרישע און ביבליאָגראפישע ארבעט פונעם אָפּטייל (זע ווײַטער טאבעלע I).

באנוצן זיך מיט די ביכער קען מען אויסשליסלעך אין דער געבײַדע פון ביבליאָטעק. דאָס רעכט צו נוצן זיך מיט ביכער האָט יעדער בירגער פון 18 יאָר און עלטער. פאר די לייענער איז אײַנגעאָרדנט א גרויסער זאל, אין וועלכן ס'קענען ארבעטן 300 מאן מיטאמאָל. פאר וויסנשאפטלעכע טוער איז דאָ א ספּעציִעלער קאבינעט. די ביבליאָטעק איז אָפן 6 טעג אין וואָך, פון 12 באטאָג ביז 10 אזייגער אָוונט אָן איבערײַס.

דאָס שוואכסטע אָרט אין דער ארבעט פונעם אָפּטייל פאר ביכער־באנוץ איז דאָס, וואָס ס'פעלן אויס געדרוקטע קאטאלאָגן אף די ביכער, וואָס זײַנען ארײַן אין ביבליאָטעק פון נאָכן יאָר 1910. קעדיי צו העלפן די לייענער, אז זיי זאָלן קענען באקומען יעדיִעס וועגן די נײַע ביכער, וואָס קומען אָן, איז אין 1922־טן יאָר אָרגאניזירט געוואָרן א ביבליאָגראפישע אינפאָרמאציע־ביוראָ, וואָס פירט מיט דערפאָלג איר ארבעט. די ביוראָ האָט צונויפגע־

שטעלט א זאכלעכן קארטלעך־קאטאלאָג, וואָס ווערט קעסיידער דערפילט און פארברייטערט און וואָס מיט אים נוצט זיך דער לייענער אומיטלבאר. די צאָל טעמעס (רובריקעס) דערגרייכט אינעם קאטאלאָג ביז 2.300. אין 1927 יאָר זײַנען מיט דער הילף פון קאטאלאָג

טאבעלע I

אָנגעקומען

| יאָרן | ביכער און בראָשורן: אלס אָבליגאַטאָרישער עקזעמפּליאַר | ביכער און בראָשורן: א״ אן אנרער אויפן | בלעטלעך, צייטונגען א. ד. ג. | פארשריבן אין קאטאלאָג |
|---|---|---|---|---|
| 1922 | 10.900 | 20.000 | 8.500 | — |
| 1923 | 20.000 | 5.952 | 5.000 | — |
| 1924 | 38.743 | 367 | 7.944 | — |
| 1925 | 35.691 | 3.172 | 11.404 | — |
| 1926 | 54.938 | 2.616 | 28.895 | |
| 1927 | 50.485 | 6.215 | 35.892 | פארן י. 1928 24.728 נעמען |
| 1928 | 66.891 | 7 820 | 43.122 | 34.768 בענדער |

ארויסגעגעבן געוואָרן 82.000 בלויז מונדלעכע אַנווײַזונגען. די ביוראָ גיט אָנווײַזונגען אין מעשעך פונעם גאנצן ארבעט־טאָג העז פריוואטע פערזאָנען און העז אנשטאלטן. פאָלגנדיקע טאבעלע באווײַזט דעם וווקס פון לייענער, באזוכונגען, ארויסגעגעבענע ביכער און אָנווײַזונגען.

טאבעלע II

| | 1922 | 1923 | 1924 | 1925 | 1926 | 1927 | 1928 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאָל לייענער . . . . | 2917 | 4566 | 6590 | 8800 | 9047 | 11289 | 10634 |
| צאָל באזוכונגען . . . . | 19999 | 40846 | 91154 | 104000 | 130427 | 137231 | 148717 |
| צאָל ארויסגעגעבענע ביכער . . . | 41107 | 89771 | 170302 | 170000 | 209847 | 336409 | 295405 |
| צאָל אָנווײַזונגען וועגן באזונדערע ביכער . | 3786 | 8000 | 17638 | 44168 | 55645 | 37899 | 27004 |
| צאָל ביבליאָגראפישע קאָנסולטאציעס . . . . | | 1000 | 1862 | 2109 | 2557 | 2236 | 2100 |

דער סאָציאַלער באשטאנד פון די לייענער, לויט די אָנגאבן פאר די לעצטע 5 יאָר: שטודירנדיקע 56—66% (דערין דער גרעסטער טייל ארבפאקאָווצעס און סטודענטן פון די ארבעטער־טעכניקומס), אינטעלעקטועלע ארבעטער — 30—35%, פיזישע ארבעטער — 5%, מיליטער־לײַט און מאטראָסן — 1—2%.

צו די ארבעטן, וואָס זײַנען אזוי אָדער אנדערש פארבונדן מיט ביבליאָגראפישער קאָנסולטאציע, קען מען צורעכענען אויך אויסשטעלונגען. אין נאָיאבער 1922 איז אין פארבינדונג מיטן פינפיאָריקן יובילײ פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אײַנגעאָרדנט געוואָרן אן אויסשטעלונג, אין 1924־טן יאָר — אן אויסשטעלונג צום אָנדענק פון וו. אי לענין. דערנאָך איז די ביבליאָטעק אריבער צו ניט קיין גרויסע און דערפאר אָפטע אויסשטעלונגען איבער טאָג-טעמעס און נײַע ביכער. יעדע אזא אויסשטעלונג באשטייט פון 150 ביז 200 ביכער. אין 1927־טן יאָר איז געווען 142 און אין 1928־טן יאָר — 226 אויסשטעלונגען.

אף צו באדינען די לייענער איבער פראגן פון מארקסיזם און לענציניזם איז דאָ (פון 1925־טן יאָר אָן) א קאבינעט פאר מארקסיזם און לע.יניזם.

די גרונט־אופגאבע פון קאבינעט איז — צונויפשטעלן א זאכלעכן קאטאלאָג ניט בלויז פון דער מאָנאָגראפישער און פעריאָדישער ליטעראטור, וואָס איז דאָ אין ביבליאָטעק איבער דידאָזיקע פראגן, נאָר אויך פון זשורנאל־ארטיקלען. די קארטאָטעקע פונעם קאבינעט ציילט שוין איצט בא 300 רובריקעס און 16.000 קארטלעך.

די ארבעט איבער קאנטפאָרשונג, וועלכע האָט זיך אין די פריערדיקע יאָרן אויסגעדריקט דערין, וואָס די אָדעסער שטאָטישע געזעלשאפטלעכע פארוואלטונג האָט לויט די מאטעריאלן און בא דער נאָענטסטער מיטארבעט פון דער עפנטלעכער ביבליאָטעק ארויסגעגעבן־דעם „נײַרוסישן קאלענדאר” אפן יאָר 1891, האָט אָנגענומען באשטימטע פאָרמען בלויז פון 1924־טן יאָר, ווען ס'האָט זיך אויסגעבילדעט דער ספּעציעלער אָפּטייל פון אָדעסער קאנט. זײַן אופגאבע איז געווען—אָנווײַזן און ביבליאָגראפיש באארבעטן די מאָנאָגראפישע און פעריאָדישע ליטעראטור, וואָס איז פאראן אין ביבליאָטעק און וואָס האָט א שײַכעס צו דער סטעפּ־אוקראינע, אָדעס און מאָלדאוויע. כוצדעם איז איבער די פראגן פון אוקראינע־קענטעניש אויסגעארבעט געוואָרן א ספּעציעלע קארטאָטעקע, וואָס האָט צום סאָף 1928־טן יאָר שוין פארמאָגט ביז 50.000 קארטלעך.

פון 1927־טן יאָר אָן איז מען צוגעטראָטן צו באארבעטן די ביכער־פאָנדן אף יידיש. מ'האָט צוליב דעם אײַנגעלאדן א ספּעציעלן טוער. אויסער די אָבליגאטאָרישע עקזעמפּליארן פון די אויסגאבעס אף יידיש, זײַנען אין דידאָזיקע פאָנדן דאָ אויך זייער ווערטפולע אויסגאבעס פון די 50 און 60־קער יאָרן, צווישן זיי אזעלכע, וואָס האָבן זיך אײַנגעהיט בלויז אין איין עקזעמפּליאר און וועלכע זײַנען בעשײַטע איבערגעגעבן געוואָרן דער ביבליאָטעק פונעם צענזור־קאָמיטעט. ביז 900 ביכער אין יידיש זײַנען שוין ביבליאָגראפיש באארבעט און פארשריבן אין די קאטאלאָגן.[1]

דער אָפּטייל פון זעלטענע אויסגאבעס, וואָס איז די לעצטע צײַט אָרגאניזירט געוואָרן בא דער ביבליאָטעק, איז ניט קיין צופעליקער פאקט, נאָר א נאטירלעכער ענטפער אף די פאָדערונגען, וואָס אונדזער צײַט שטעלט ארויס פאר די גרעסטע ביבליאָטעקן פונעם פארבאנד. פאר דער גאנצער צײַט פון איר עקזיסטענץ, און באזונדערס פאר די לעצטע רעוואָליוציע־יאָרן, האָט די ביבליאָטעק באקומען ניט ווייניק ווערטפולע קאָלעקציעס. אָבער די זעלטענע אויסגאבעס, וואָס זײַנען געווען אין דידאָזיקע קאָלעקציעס, פלעגן זיך אויסמישן מיט דער אלגעמיינער ביכער־מאסע און האָבן דעריבער ניט געקענט אויסגענוצט ווערן אפן געהעריקן אויפן. אין 1923־טן יאָר האָט די ביבליאָטעק אָנגעהויבן אויסטיילן ביכער העו פון דעם פונדאמענטאלן פאָנד און העו פונעם ניט קאטאלאָגיזירטן פאָנד. די ארבעט איז נאָך ווײַט ניט פארענדיקט. בא הײַנטיקן טאָג זײַנען שוין דאָ אין אָפּטייל 3.038 נעמען (4.494 בענדער) אינקאָרפּאָרירטע ביכער און בא 1.000 בענדער פונעם ניט קאטאלאָגיזירטן פאָנד. אהער גייען ארײַן: אויסגאבעס פון די ערשטע דרוקערײַען און פון אלע אלטע דרוקערײַען ביכלאל, אויסגאבעס פון בארימטע דרוקערײַען אין XVI און XVII י. ה., זעלטענע ביבליאָגראפישע אויסגאבעס פון די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטן, וואָס זײַנען אָפּ־

[1] דער גרעסטער טייל פונעם יידישן ביכער-פאָנד איז מיט א קורצער צײַט צוריק איבערגעגעבן געוואָרן דער ביבליאָטעק פונעם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור.—רעדאקציע.

געדרוקט געוואָרן אין א אומבאדייַטנדיקער צאָל עקזעמפּליאַרן אָדער וואָס זייַנען פאַרניכטעט געוואָרן צוליב צענזור־טײַמים און, בכלל, קאָלעקציי זעלטנקייַט: ביכער, איליוסטרירטע מיט אָריגינעלע געמעלעכצן פון קינסטלער, ביכער מיט עקסליבריסן און אויטאָגראַפן פון באַרימטע ביכער־קאָלעקציאָנערן, ביכער פון א מיניאַטיור־פאָרמאַט, „Enfer“ א. א. וו. כוץ די ביכער־פאָנדן גייען אין אָפּטייל אַרײַן קסאוויאדן, אלטע און נײַע, עפּיסטאָליאַר־מאטעריאַלן און אויטאָגראַפן, ווי אויך בלעטלעך (הויפּטזאכלעך, פּאָליטישע — 3.443 און גראַפישע פּלאקאטן (דערין 1.172 רעוואָליוציאָנערע פּלאקאטן). די אַרבעט פונעם אָפּטייל באַשטייט פון פאָלגנדיקע עלעמענטן: אין פאנאנדערקלײַבן און צונויפשטעלן קאטאלאָגן לויטן אלעפבייז, לויטן אינהאלט און טאָפּאָגראַפיע, אין האלטן א קאָרעספּאָנדענץ־פארבינדונג מיט אנדערע ביבליאָטעקן און וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אנשטאלטן און א. וו.

דערצו וויקלט פאנאנדער דער אָפּטייל אָן אָרגאניזאציאָנעלע אַרבעט אין פּראט פון אויסשטעלן א ביכער־מוזיי. דער פּלאן פונעם מוזיי איז א טעמאטיש־כראָנאָלאָגישער. די מאטעריאַלן זייַנען פאנאנדערגעטיילט לויט די לענדער, עפּאָכעס און געגנטן, כאראקטעריסטישע אין זין פון דרוק־קונסט.

די גרונט־גרופּעס פון מוזיי זייַנען: קסאוויאד־ביכער; געשיכטע פון דרוק־וועזן אין אייראָפּע, אוקראַינע, רוסלאנד; דאָס נײַע בוך אף אויסלענדישע שפּראכן, אף אוקראַיניש, יידיש און רוסיש; דאָס מיזרעך־בוך; געשיכטע פון אײַנבונד; טעכניק פון בוך־פּראָדוקציע. צווישן די ביכער און קסאוויאדן אף פארשיידענע מיזרעך־שפּראכן איז באַזונדערס אויסגעטיילט א קאָלעקציע פון זעלטענע אויסגאַבעס אף העברעיש. ס'זייַנען אויך פאראן זעלטענע אויסגאַבעס אין יידיש.

א באַזונדער אָרט אין דער קולטור־אויפקלערונג־אַרבעט פונעם אָפּטייל פארנעמען עקסקורסיעס. מ'דאַרף אונטערשטרײַכן, אז ביז גאָר דער לעצטער צײַט האָבן די ברייטע מאסן אין געוועזענעם רוסלאנד ניט געהאט קײַן שום מעגלעכקײַט צו באַקאַנען זיך אף אן אָנשוילעכן אויפן מיט דער געשיכטע פון בוך.

אף וויפל ס'איז אָבער גרויס דער אינטערעס בא די מאסן זיך צו באַקאַנען מיט דער געשיכטע און וועזן פון בוך, קאָן מען זען פון פאָלגנדיקע ציפערן. פון 1922־טן ביז 1926־טן יאָר האָבן די ביבליאָטעק באַזוכט 1.954 עקסקורסאַנטן; אין 1927־טן יאָר — 950, אין 1928־טן 916. מיט יעדער עקסקורסיע ווערן געפירט געשפּרעכן איבער דער געשיכטע פון בוך, זײַן באַטײַט און אויספאָרמירונג.

כוץ דער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער און אָרגאניזאציאָנעלער אַרבעט פירט דער אָפּטייל א שטענדיקע אַרבעט אף צו באַדינען דעם לייענער מיט ארויסגעבן אינפאָרמאַציעס און אנווײַזונגען. די פאָנדן פונעם אָפּטייל זייַנען טאָפּאָגראַפיש אויסגעטיילט.

די וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַרבעט ווערט דורכגעפירט אין העסקעם מיטן קולטור־אויפקלערישן און הילפס־וויסנשאַפטלעכן כאראקטער פון דער ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק געפינט זיך אין א פארבינדונג מיט די גרעסטע ביבליאָטעקן און ביבליאָגראַפישע אינסטיטוציעס אין אוקראַינע, רוסלאנד און אויסלאנד. זי נוצט שטענדיק אויס זייער דערפאַרונג באַם לייזן די אָדער אנדערע ביבליאָטעקארישע און ביבליאָגראַפישע פּראָגעס. זי באַקומט פון זיי, אין סיידער פון אויסטויש, אלע מאטעריאַלן איבער ביבליאָטעק־קענטעניש, ביכער־וועזן און אלץ, וואָס דידאָזיקע ביבליאָטעקן פארעפנטלעכן.

די ביבליאָטעק נעמט א לעבעדיקן אנטייל אין ביבליאָטעק־צוזאמענפאָרן און קאָנפערענצן. כוצדעם באַטייליקט זי זיך אין דער ספּעציעלער ביבליאָטעקארישער און אלגעמײַן־אויפקלערישער פּרעסע. אזוי ארום געפינט זיך די ביבליאָטעק אין אן ענגער פארבינדונג מיט דער אָרטיקער פּרעסע און טיילווײַז אויך מיט דער פּרעסע אין אנדערע שטעט. די ביבליאָטעק פארעפנטלעכט איבערזיכטן פון דער ליטעראַטור אף פארשיידענע טעמעס, ווי אויך ביבליאָגראַפישע און מעטאָדאָלאָגישע אַרטיקלען. דידאָזיקע אַרטיקלען און איבערזיכטן ווערן צונויפגעשטעלט דורך די פארשיידענע אָפּטיילן פון ביבליאָטעק אָדער דורך

אירע איינצלנע מיטארבעטער. צוליבן מאנגל אין געלט־מיטלען האָט די ביבליאָטעק, צום באדויערן, ניט געהאט קיין מעגלעכקײַט ארויסצולאָזן אירע ארבעטן אין באזונדערע זאמלביכער.

א רײ איינצלנע ארבעטן זײַנען ביז איצט דאָך ארויסגעגאנגען אלס באזונדערע אויס־גאבעס. אזוי זײַנען אין די יאָרן 1926—1928 ארויס פאָלגנדיקע ארבעטן:

И. Вугман. 95 лет жизни и деятельности Одесской Государственной Публичной Библиотеки (1830—1925). Ленинград, 1926.

A. Tüneewa. Miniaturausgaben und die Kollektion solcher in der Öffentlichen Staatsbibliothek in Odessa. Leipzig, 1926.

А. Тюнеєва. Музей Книги Одеської Публічної Бібліотеки. Київ. 1927.

М. Алексеев и Я. Берман. Бетховен. Материалы для библиографического указателя русской литературы о нем. Вып I—II. Одесса, 1927.

Материалы к библиографии революционного движения в Одессе. Одесса, 1927.

M. Alexeyeff. Voltaire et Schuvaloff. Fragments inédits d'une correspondance francorusse au XVII siècle. Odessa, 1928.

І. Вугман. Книга та бібліотека в старому та новому Китаї. Київ, 1928.

С. Шестериков. Бібліографічний їжак. Київ, 1928.

A. Tunéèwa. La Bibliotheque publique d'Etat à Odessa. La Musée du Livre. Paris, 1928.

Я. Берман. До столітніх роковин заснування газети „Одесскій Вѣстникъ" (1827—1927). Київ, 1928.

כ. נאדעל

# די יידישע אָפּטיילונג פון דער כאַרקאָווער מעלוכע־ביבליאָטעק אפן נאָמען פון וו. קאָראָלענקאָ

די יידישע אָפּטיילונג בא דער כאַרקאָווער ביבליאָטעק איז געשאַפן געוואָרן נאָך אין 1904 יאָר. דאָס איז געווען די איינציקע יידישע אָפּטיילונג בא אן אלגעמיינער געזעל־שאַפטלעכער ביבליאָטעק אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד (די כאַרקאָווער ביבליאָטעק איז ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געווען ניט קיין מעלוכישע, נאָר א געזעלשאַפטלעכע). די אָפּטיי־לונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון א גרופּע בורזשואַזע יידישע קלאַל־טוער, וואָס האָט פון זיך אויסגעטיילט א שטענדיקע קאָמיסיע מיטן צוועק מיטצוהעלפן דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק. וועגן דעם, ווי „פּראָדוקטיוו” און מיט וואָס פאר א „טעמפּ” עס האָט געאַרבעט דידאָזיקע קאָמיסיע, זאָגט איידעס דער פאַקט, אז ביזן 1911 יאָר, ד. ה. פאר גאַנצע 7 יאָר צײַט, האָט זיך אין יידישן אָפּטייל אָנגעקליבן א פאָנד בעסאַכאַקל פון 500—600 בענדער. נאָכן 1911 יאָר, איז די קאָמיסיע אינגאַנצן צעפאַלן געוואָרן און די אַרבעט אין דער ביבליאָטעק איז אוועקגעגאַנגען גאָר שלעכט. אייגנטלעך גערעדט, האָט זי אופגעהערט צו עקזיסטירן. א געוויסע אופלעבונג איז פאָרגעקומען (אי דאָס נאָר אף א קורצער צײַט) ערשט אין 1916 יאָר, בעת עס זײַנען אָנגעפאָרן קיין כאַרקאָוו יידישע „בע־זשענצעס” פון פוילן און ליטע. ווען אָבער די כוואַליע פון די „בעזשענצעס” האָט זיך א לאָז געטון צוריק, איז די יידישע אָפּטיילונג ווידער געוואָרן ווי אָפּגעשטאָרבן. אפילע נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט זיך די ערשטע צײַט די לאַגע ניט געביטן. ביזן סאַמע 1925 יאָר האָט זיך אין דער אָפּטיילונג קיין שום אַרבעט ניט געפירט. ס'איז גענוג צו זאָגן, אז אין דעמדאָזיקן יאָר האָט די אָפּטיילונג פאַרמאָגט גאַנצע... דרײַ לייענער.

מיטן צושטאַנד פון דער ביבליאָטעק, האָט זיך אָבער ענדלעך פאַראינטערעסירט די צענטראַלע יידישע בילדונגס־ביוראָ. לויט איר איניציאַטיוו, איז די אָפּטיילונג רעאָרגאַניזירט געוואָרן. ס'איז באַשטעטיקט געוואָרן פאר איר א ספּעציעלער טוער, ס'זײַנען אַסיגנירט געוואָרן מיטלען אף אײַנצוקויפן נײַע ביכער [1]) און ס'זײַנען אָנגענומען געוואָרן א ריי מיטלען אף צוצוציען לייענער.

אין רעזולטאַט פון דידאָזיקע באַמיִונגען, האָט זיך די לאַגע אין דער יידישער אָפּטיי־לונג ראַדיקאַל געענדערט. פריער פאר אלץ, איז שטאַרק אויסגעוואָקסן דער ביכער־פאָנד. אויב אין אָנהויב פון דער אַרבעט, ד. ה. צו 1925 יאָר, איז דער ביכער־פאָנד באַשטאַנען אנערעך פון $4\frac{1}{2}$ טויזנט בענדער, איז ער צו 1929 יאָר מער ווי פאַרדאָפּלט געוואָרן און האָט דערגרייכט קימאַט ביז 10 טויזנט בענדער.

לויט די יאָרן איז דער וווּקס פון די ביכער געווען אזא:

עס זײַנען צוגעקומען אין 1925 יאָר — 1827 ביכער

„ 1926 „ — 502 „

„ 1927 „ — 557 „

„ 1928 „ — 746 „

„ 1929 „ — 964 „

[1]) אייגנטלעך גערעדט, קומט אויס אײַנקויפן ניט קיין סאַך ביכער, ווײַל די קאָראָלענקאָ־ביבליאָטעק באַקומט אן אלפאַרבאַנדישן פליכט־עקזעמפּליאַר פון דער גאַנצער דרוק־פּראָדוקציע.

באַזונדערס שטאַרק איז אויסגעוואַקסן דער ביכער־פאָנד אין ייִדיש. אויב אין 1925 יאָר איז אַרום־און־אַרום געווען 1.827 ביכער אין ייִדיש (דער העברעיִשער פאָנד האָט אַנגעציילט 800 ביכער און די פאַרשיידנשפּראַכיקע יודאַיִקע—באַ 2.000), איז צום ערשטן אָקטיאַבער 1929 די צאָל ייִדישע ביכער געווען 4.596, ד. ה. זי האָט זיך פאַרגרעסערט אין צוויי מיט א האַלבן מאָל. אַנדערש גערעדט, די צאָל ייִדישע ביכער פאַר די לעצטע 4 יאָר אַרבעט פון דער אָפּטיילונג איז אויסגעוואַקסן שטאַרקער, ווי פאַר אַלע פריִערדיקע 21 יאָר.

אויך די צאָל לייענער האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט: אין 1925 יאָר זײַנען געווען, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, 3 שטענדיקע לייענער (אַבאָנענטן) און צו אָקטיאַבער 1929 יאָר — 400 (דערבײַ דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז אין דער ייִדישער אָפּטיילונג, ווי ביכלאַל אין דער גאַנצער ביבליאָטעק, איז דאָס לייענען פאַר געצאָלטס, מיט אָרעמס־ און קוידעש־געלט).

דער וווּקס פון די לייענער איז, לויט די יאָרן געווען אַזאַ:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1925 יאָר זײַנען געווען | 36 | לייענער |
| „ 1926 „ „ „ | 150 | „ |
| „ 1927 „ „ „ | 185 | „ |
| „ 1928 „ „ „ | 280 | „ |
| „ 1929 „ „ „ | 400 | „ |

דער סאָציִאַלער באַשטאַנד פון די לייענער ווערט כאַראַקטעריזירט מיט פאָלגנדיקע ציפערן:

| | |
|---|---|
| לערן־יוגנט | — 160 |
| אָנגעשטעלטע | — 45 |
| אַרבעטער | — 60 |
| פרײַע פּראָפעסיעס | — 35 |
| קוסטאַרן | — 71 |
| הויז־ווירטנס | — 29 |

די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער (אַף אַהיים) איז פאַרן 1929 יאָר אַזאַ:

| | |
|---|---|
| אָריגינעלע ייִדישע בעלעטריסטיק | — 1806 |
| איבערגעזעצטע | — 390 |
| געשיכטע, מעמואַרן, קריטיק | — 222 |
| פּאָליטישע | — 506 |
| פּינקטלעכע וויסנשאַפטן | — 204 |
| שפּראַך און פאָלקלאָר | — 140 |
| אַנטירעליגיִעזע | — 66 |
| זשורנאַלן און זאַמלביכער | — 210 |
| סאַכאַקל | 3544 ביכער |

אַכוץ די ביכער, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן אַהיים, דאַרף מען נאָך נעמען אין אַכט יענע ביכער (און צײַטשריפטן), וואָס ווערן אַרויסגעגעבן אין דעם אַלגעמיינעם לייענזאַל פון דער ביבליאָטעק[1] (קיין סטאַטיסטישע ידיעות פאַר דעם יאָר זײַנען נאָך ליידער ניטאָ) און אין דער אָפּטיילונג גופע (דאָס זײַנען ביכער אָן אײַנבונדן, נײַע, פונעם אַרכיוו א. א. וו.).

ניט געקוקט דערויף, וואָס לויט איר כאַראַקטער און דירעקטער ציל־אָנווענדונג, איז די קאָראָלענקאָ־ביבליאָטעק א וויסנשאַפטלעכע, באַגרענעצט זיך דאָך ניט די ייִדישע אָפּטיילונג בלויז מיט דער באַדינונג פון וויסנשאַפטלעכע טוער. א גרויסן אַכט לייגט זי אויך אַף דער באַדינונג פונעם מאַסן־לייענער, אַרבעטער, קוסטאַרן, לערן־יוגנט, קינדער א. א. וו. (כאָטש

[1] די אָפּטיילונג באַקומט אַבסאָליוט אַלע ייִדישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס פונעם ראַטנפאַרבאַנד, ווי אויך א ריי אויסלענדישע אויסגאַבעס („מאָרגן־פרײַהייט", „רויטער שטערן", „דער האַמער", „נײַ־וועלט" און אַנד.).

י. קוויטני

# די ייִדישע ביכער־פּראָדוקציע אין פ.ס.ר.ר. פאר די יאָרן 1917 — 1921 [1]

(סטאַטיסטיש־ביבליאָגראפישער עטיוּד [2])

דער מעלוכע־אָרגאן, וואָס רעגיסטרירט די לויפנדיקע דרוק-פּראָדוקציע אין לאנד — די ביכער־קאמער, האָט די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן און די יאָרן פון בירגער־קריג געגעבן ניט גאָר קיין פולע רעגיסטראציע. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דער פליכט־עקזעמפּליאר, וואָס איז נאָך דערווײַל דער איינציקסטער פולסטער קוואל פאר דער רעגיסטראציע, איז דאמאָלסט, איבער דער אלגעמיינער פּאָליטישער לאגע און איבער דעם שלעכטן באַן־און פּאָסט־פארקער אין לאנד, אָנגעקומען צו דער ביכער־קאמער מיט גרויס פארשפּעטיקונג און ביז גאָר ניט רעגוליער. אגעוו, איז נאָך קיין קאָנטראָל איבער די פּראָווינציעלע דרוקער־רײַען ניט געווען, און זיי פלעגן דעריבער זייער שלעכט באזאָרגן די ביכער־קאמער מיט זייערע אויסגאבעס. און לאנג נאָך איז אויסגעקומען דער ביכער־קאמער אויסצושטיין ביז זי האָט זיך דערשלאָגן צו פולקומע קאָמפּלעקטן פון אלץ, וואָס עס גייט ארויס אין לאנד.

נאָך א שטער אף צו קריגן אלע זאכן איז געווען דאָס, וואָס די ביכער־קאמער אין ר.ס.פ.ר.ר. האָט דאמאָלסט געזאָלט רעגיסטרירן די אויסגאבעס פונעם גאנצן איצטיקן פארבאנד [3]. ר.ס.פ.ר.ר. אָבער איז א שטיק צײַט אינגאנצן געווען אָפּגעריסן פון אוקראַינע און אנדערע ראטן־רעפּובליקן, אזוי אז די אויסגאבעס פון דידאָזיקע רעפּובליקן זײַנען אהינצו ניט דערגאנגען און האָבן ניט געקענט ארײַן אין דער רעגיסטראציע.

ווי גרויס עס זײַנען די בלויזן אין דער רעגיסטראציע פון די ייִדישע ביכער אין דער אָפיציעלער אויסגאבע פון דער ביכער־קאמער, אין דער „קניזשנאיא לעטאָפּיס״, איז צו זעען פון דערדאָזיקער טאבעלע: די ביכער־קאמער האָט פארעגיסטרירט [4])

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| דאָס יאָר | 1917 | — | 26 | ייִדישע אויסגאבעס |
| „ „ | 1918 | — | 11 | „ „ |
| „ „ | 1919 | — | 9 | „ „ |
| „ „ | 1920 | — | 4 | „ „ |
| „ „ | 1921 | — | 0 | „ „ |

1) איבער דער אינערלעכער פארבינדונג, וואָס איז פאראן צווישן דעם ארטיקל פונעם כ׳ קוויטני און דער ווײַטער־דיקער רעשימע, דרוקן מיר דעמדאָזיקן ארטיקל דאָ און ניט אינעם אָפּטייל „ביבליאָגראפישע עטיודן און רעצענזיעס״.
רעדאקציע.

2) די ארבעט איז געבויט אף די מאטעריאלן פון דער רעשימע, וואָס מיר ברענגען ווײַטער. זי דערקלערט אויך דעם אויפן וויאזוי דידאָזיקע רעשימע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן. צום סאָף פון דער ארבעט גיבן מיר די טעכנישע אָנווײַזונגען צו דער רעשימע.

3) באזונדערע זעלבשטענדיקע ביכער-קאמערן האָט מען ערשט אָרגאניזירט: אין אוקראַינע—דאָס יאָר 1922, אין ווײַסרוסלאנד — דאָס י. 1925. זע: Библиография в СССР и книжн. палаты. Х., 1928, стр. 99, 140, 201.

4) Книжная летопись главного управления по делам печати, под редакцией А. Д. Торопова, 1917; Книжная летопись, издание книжной палаты, 1918, 1919, 1920, 1921 г. г.

אונדז איז אויך ניט באקאנט קיין אנדערע ביבליאָגראפישע רעשימעס פון די ייִדישע ביכער פאר די ערשטע פינף יאָר רעוואָליוציע. די איינציקע רעשימע, וואָס ווערט געבראכט אינעם אמעריקאנער זשורנאל „אופבוי“ (ניו־יאָרק, אווגוסט, 1922), איז ניט פול און עס פעלן דאָרטן די נויטיקע יעדיעס וועגן די אויסגאבעס. די רעשימע אין „אופבוי“ גיט אָן פאר זעקס יאָר (1917 — 1922) 515 נומערן [1]. פון דעם גייט אראָפּ 13 נומערן פּעריאָדישע אויסגאבעס, וואָס מיר באטראכטן גאָרניט אין אונדזער ארבעט, בלייבט איבער נאָר 502 אויסגאבעס; אויב מע זאָל רעכענען, אז דאָס יאָר 1922 האָט געגעבן, לאָמיר זאָגן, בא 75 נומערן, וועט בלייבן פאר די ערשטע פינף יאָר בלויז 427 נומערן, ד. ה. 50% פון דער רעשימע, וואָס מיר ברענגען. אכוצדעם, מוז מען צוגעבן, אז אונדז קען דאָרטן לאכלוטן ניט צופרידנשטעלן ניט די רובריקאציע און ניט די סיסטעם פון דער ביבליאָגראפישער באשרייבונג. אגעוו, זיינען די יעדיעס, וואָס דער „אופבוי“ ברענגט, ערטערוויִיז גרייזיק אויך. אשטייגער, פאר № 123 — „ארנשטיין, דאָס אייביקע ליעד“ (№ 248) [2], № 158 — „ד'אמיטשעס, דער קליינער פלאָרענטישער איבערשרייבער“ (№ 309) א. אנד. ווערט אין דער רעשימע פון „אופבוי“ אָנגעגעבן דאָס יאָר 1919, און ארויס זיינען זיי דאָס יאָר 1918, — מיר ברענגען אפילע רעצענזיעס אף דידאָזיקע ביכער, געשריבן דאָס יאָר 1918. אזוינע און ענלעכע גרייזן ווארפן זיך דאָרטן דורך גאנץ אָפט.

דאָס אלץ האָט אונדז געצוווּנגען איינמאָל פאר אלעמאָל געבן דעם רעפּערטואר פון דער ייִדישער ביכער־פּראָדוקציע פאר יענע יאָרן: לענגער ווארטן האָט מען שוין ניט געקענט. און אז עס איז וויכטיק אופצושטעלן דעם ערעוו און אָנהויב סאָוועטישער ליטעראטור, ביבליאָגראפיש באשרייבן זי, פארשפאָרן מיר צו זאָגן, ווייל וואָס א יאָר גייט דער מאטעריאל אלץ מער אונטער און מע דארף זעען וואָס פריער פארכאפּן און פארצייכענען, רעסטאווּרירן און באשרייבן אלץ, וואָס עס לאָזט זיך נאָך פון דער דרוק־פּראָדוקציע פאר די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן.

אין פראנקרייך און אין דייטשלאנד האָבן די ביבליאָטעק־טוער אופגעהויבן א געוואלד קעגן דער סאקאָנע, וואָס עס שטעקט אין דרוקן ביכער אף שלעכט פּאפּיר. דאָס וואָס די לעצטע צייט יאָגן זיך אזוי די ארויסגעבער נאָכן זאָל און מע שפּאָרט איין אין די מאסן־אויסגאבע אפן פּאפּיר און פארב, רופט זיך עס נאָכדעם אָפּ אף דער דויערקייט, וואָס עס קען אויסהאלטן דאָס בוך. אף דעם אלוועלטלעכן קאָנגרעס פון די עפנטלעכע ביבליאָטעקעס (דאָס יאָר 1900) האָט דאָז אין זיין פּאָרטראג: „ווי לאנג האלט אויס דאָס פּאפּיר פון ביכער] אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק“ קלאָר און איבערצייגנדיק פאָרמולירט: „עס זיינען דאָ אויסגאבעס פון גאָרניט לאנג, וואָס זיינען בא היינטיקן טאָג מער ביבליאָגראפישע זעלטנקייטן, איידער אינקונאבולן“ [3].

אף אזא מין אופן קומט אויס, אז מע נוצט א ביכל, וואָס איז געדרוקט אף שלעכט פּאפּיר, איז גאָר אין א קורצער צייט בלייבט פון דעם קיין זייכער ניט. היינט, אויב מיר זאָלן זיך נאָר דערמאנען, אף וואָס פאר א שלעכט פּאפּיר (צוקער־פּאפּיר, פּאק־פּאפּיר, אקציז־באנדעראָלן א. אז. וו.) מע האָט געדרוקט ביכער די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן און וואָס פאר א פארב מע האָט דערצו דאמאָלט גענוצט, וועט קלאָר ווערן, ווי נויטיק עס איז וואָס פריער פעסטצושטעלן דעם גענויעם אינווענטאר פון דער ייִדישער דרוק־פּראָדוקציע

[1]) אין פאָרוואָרט צו דער רעשימע אין „אופבוי“ ווערט געזאָגט, אז די רעשימע איז נאָר פאר פינף יאָר אין פון ביכער, „וואָס זיינען דערשינען אין רוסלאנד און אוקראינע“. אינדערעמעסן איז דאָ אויך ביכער פארן יאָר 1922 (די №№ 17, 18 און אנד.) און אויסגאבעס פון ווייסרוסלאנד: אויך (די №№ 38, 293, 344 און דגל.)

[2]) די ערשטע נומערן ווייזן דעם נומער אין דער רעשימע פון „אופבוי“, די נומערן אין די קלאמערן ווייזן דעם נומער אין אונדזער רעשימע.

[3]) זע:

Dause — La question de conservation du papier dans la Bibliothéque Publique. Congrés international B. P., p. 227; „Книга о книге“. II.—Л., 1929, стр. 158.

פאר יענע יאָרן. אויסערדעם, איז דאָך א געוויסע צאָל אויסגאבעס פאר דער צײַט פון בירגער־קריג ביכלאל אונטערגעגאנגען, איבערהויפּט איז דאָס געדעדט וועגן פּראָווינציע־אויסגאבעס, וואָס זײַנען אָפּטמאָל אומגעקומען נאָך איידער זיי זײַנען דערשינען. ווידער דארף מען געדענקען, אז דאמאָלסט האָט מען די נײַ־דערשינענע ליטעראטור ביכלאל, און די יידישע ביפּראט, סיסטעמאטיש ניט געזאמלט און ניט אָפּגעהיט. דאָס אלץ דארף מען אינזינען האָבן, אז מע גייט צונויפשטעלן א רעשימע פון דידאָזיקע אויסגאבעס.

מיר האָבן זיך, פארשטענדלעך, געפלײַסט און געלייגט פיל מי, אונדזער רעשימע וואָס פולער צו מאכן. געוויס אָבער האָבן מיר עפּעס דורכגעלאָזט, ווײַל קיין שום ביבליאָגראפישע ארבעט איבער דער אָדער יענער טעמע קען ניט אָרעוו זײַן פאר אבסאָליוטע פולקײַט, ווער רעדט נאָך א ביבליאָגראפישע רעשימע פאר אזא צײַט. מיר האָבן געשטרעבט, ווי ווײַט מעגלעך, באשרײַבן די דערשינענע אויסגאבעס de visu. אָבער איבער גאנץ פארשטענדלעכע סיבעס, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין אויבן גערעדט, האָט זיך דאָס אונדז ניט אלעמאָל אײַנגעגעבן. דאָרט, ווו מיר האָבן ניט געקענט אָפּזוכן דעם עקזעמפּליאר פון דער אויסגאבע, האָבן מיר געזעען דערפילן אונדזער רעשימע מיט דער הילף פון ביכער־קאטאלאָגן, פּראָספּעקטן, פּעריאָדישע אויסגאבעס [1] א. אז. וו. אויך האָבן מיר גענוצט די קאטאלאָגן פונעם אוקראאינישן אינסטיטוט פאר ביכער־וועזן, וואָס האָט ארופגעטראָגן אף קארטלעך א געוויסע צאָל יידישע אויסגאבעס פאר די יאָרן 1917, 1919, מיר האָבן איבערגעקוקט די אויסגאבע פון דער רוסלענדישער ביכער־קאמער, די „קניזשנאיא לעטאָפּיס" פאר די יאָרן א.א.וו.

---

פאר דידאָזיקע פינף יאָר, וואָס מיר באטראכטן, איז ארום און ארום אין ראטנפארבאנד ארויס 849 יידישע אויסגאבעס (זע טאבעלע I). דערבײַ דארף מען ניט פארגעסן, אז דאָס זײַנען אלץ יאָרן פון בירגער־קריג, ווען מ'איז געווען ארײַנגעטון אין דירעקטן קאמף אף די פארשיידענע פראָנטן; די גאנצע אופמערקזאמקײַט פון די אָנפירנדיקע אָרגאנען איז אין יענער צײַט קאָנצענטרירט אף דעם, ווי צו פארווירקלעכן אין רעאלן לעבן די קאמפלאָזונגען פון לויפנדיקן מאָמענט. די דרוק־אפּאראטן זײַנען דאָס ראָוו פארנומען מיט טאָגפראגעס, מע נוצט זיי גיכער פאר פּעריאָדישע אויסגאבעס, פלוג־בלעטלעך, עקסטרע־ביולעטענס א. אז. וו., איידער אף דרוקן ביכער. אזוי אז אף א גרויסער פילצאָליקער ביכער־פּראָדוקציע איז אין אזא צײַט נאָך ניטאָ וואָס צו ווארטן. דאָך, ווען מיר זאָלן וועלן פארגלײַכן די פינף רעוואָליוציע־יאָר מיט פינף יאָר, וואָס פאר דער רעוואָליוציע, וועט זיך באלד אָנזען דער גרויסער כילעק צווישן די צוויי פּעריאָדן, און ווי שטארק עס איז אופגעקומען די יידישע דרוק־פּראָדוקציע נאָך אָקטיאבער.

## טאבעלע I

### די צאָל יידישע אויסגאבעס פאר די יאָרן 1917 — 1921

| יאָר | צאָל אויסגאבעס | % % | צאָל דרוקבויגנס | % % | דורכשניט־לעכע גרייס פון בוך |
|---|---|---|---|---|---|
| 1917 | 150 | 17,6 | 168 | 9,5 | 1,1 |
| 1918 | 236 | 27,8 | 496 | 28,0 | 2,1 |
| 1919 | 274 | 32,3 | 657 | 37,1 | 2,4 |
| 1920 | 104 | 12,3 | 264 | 14,9 | 2,5 |
| 1921 | 85 | 10,0 | 186 | 10,5 | 2,2 |
| סאכאקל | 849 | 100 % | 1.771 | 100 % | 2,1 |

[1]) זע רעשימע ליטעראטור, וואָס ווערט געבראכט צום סאָף. די ביכער, וואָס מיר האָבן ארויסגענומען פון די פּעריאָדישע אויסגאבעס האָבן מיר אײַנגעשלאָסן אין אונדזער רעשימע נאָר יענע, וואָס מע האָט וועגן זיי אנאָנסירט, אז זיי זײַנען שוין דערשינען.

לאָמיר פארגלייַכן אונדזערע פינף יאָר מיט די פריערדיקע פינף יאָר 1911 — 1915. בעקיוון יוארפן מיר אָפּ דאָס יאָר 1916, ווען יידיש איז אינגאנצן געווען פארבאָטן אין לאנד. עמעס,די ווילדע גזיירע אף יידיש הויבט זיך אָן אין רוסלאנד נאָך דאָס יאָר 1915; דאמאָלסט פארמאכט אָבער די רוסישע מיליטערישע מאכט בלויז די יידישע פ ע ר י א ָד י ש ע אויסגאבעס, ערשט דאָס יאָר 1916 ווערט פארווערט דאָס געדרוקטע יידישע וואָרט אין אלע זייַנע געשטאלטן און עס דערגייט דערצו, אז די „Еврейская старина" פון 1916 גייט ארויס מיט בלויזן — דאָס פעלן די ציטאטעס, וואָס עס ברענגען די מעכאברים אין זייערע ארטיקלען אין דער יידישער טראנסקריפציע; די צענזור מעקט זיי אויס אפּן סמאך, וואָס ס'איז פארווערט צו דרוקן וואָס עס גיט איז אף יידיש. מיר ווען אונדזער פארגלייַך דעריבער פירן מיט א פינפיאָר ב י ז ן יאָר 1916.

לויט די ציפערן, וואָס עס גיט אָן די אָפיציעלע סטאטיסטיק [1], איז אף דער טעריטאָריע פון געוועזענעם רוסלאנד ארויס יידישע ביכער:

דאָס יאָר 1911 — 579 אויסגאבעס
" " 1912 — 542 " [2]
" " 1913 — 601 "
" " 1914 — 531 "
" " 1915 — 82 "

פון די אלע יידישע אויסגאבעס פאר די פינף יאָר 1911 — 1915 פאלט אויס:

| טעריטאָריע / יאָר | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | סאַכאַקל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| אף דער טעריטאָריע פון הייַנטיקן פ.ס.ר.ר. | 131 | 88 | 75 | 81 | 24 | 399 |
| אנדערע טיילן פון געוועזענעם רוסלאנד | 448 | 454 | 526 | 450 | 58 | 1.936 |

ווי עס איז צו זען איז אין צארישן רוסלאנד גראָד אף דער טעריטאָריע פון הייַנטיקן פ. ס. ר. ר. אויסגעפאלן דער קלענערער טייל ארויסגעגעבענע יידישע ביכער — אינגאנצן 399 אויסגאבעס. ווען מע זאָל עס פארגלייַכן מיט אונדזערע 849 אויסגאבעס פאר די פינף יאָר נאָך דער רעוואָליוציע, וועט עס אויסמאכן ניט מער ווי „ 47⁰ — א קארגע העלפט. אגעוו, איז קעדייַ צו דערמאנען, אז דידאָזיקע פינף יאָר פון פאר דער רעוואָליוציע, וואָס מיר פארמעסטן זיך מיט זיי, זייַנען עס גראָד די סאמע פראָדוקטיווסטע אין דער רוסישער דרוק־פראָדוקציע — אין דעם כעשבן גייט דאָך ארייַן דאָס יאָר 1912, וואָס האָט איבערגעשטייַגט מיט זייַן דרוק־פראָדוקציע אלע אנדערע פאר־מילכאָמע יאָרן (דאָס יאָר איז אין אלגעמיין געווען געדרוקט 34.630 רוסישע אויסגאבעס). [3]

1) Статистика произведений печати, вышедших в России в 1911. С. П. Б., 1912, 123 стр.; I b i d e m. С. П. Б., 1913. 102 стр.; I b i d e m . С. П. Б., 1914, 113 стр.; I b i d e m, П. Т. Г., 1915, 113 стр.: I b i d e m. П. Т. Г., 1916. 99 стр.

2) מ. ש א ל י ט אין זייַן ארטיקל: „א רשימה פון אלע יודישע ווערק, וואס זיינען געדרוקט אין רוסלאנד אין יאר 1912" (דער „פנקס", רעדאגירט פון ש. ניגער, ווילנע, 1913. זז. 277 — 300), גיט אָן פארן יאָר 1912 יאר 407 נומערן. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס ב. שאליט רעכנט, אשטייגער, 35 מזח'ס ביכעלעך אונטער איין נומער 30. פאר ביכער, וואָס זייַנען געדרוקט אין עטלעכע בענדער גיט ער מער ניט ווי איין נומער (№ № 134, 251, 282 א. דגל.; אייסערדעם, כאָטש די „קניזשנאיא לעטאָפּיס", אף וואָס די סטאטיסטיק איז געבויט, האָט אייַנגעפירט באזונדערע רובריקעס פאר העברעיש און יידיש, האָט דאָך געקענט געמאָלט זייַן עס זאָל ארייַנפאלן אין איר כעשבן א העברעיש בוך אנשטאָט דעם געהעריקן יידישן, און דעריבער איז דידאָזיקע צאָל אביסל גרעסער פון דער פאקטישער.

3) Янпцкий Н.—Книжная продукция Р.С.Ф.С.Р. в 1925 году. Статистические материалы. Л., 1927, стр. 4, 5.

ווי מיר זעען אָבער, איז עס בענעגייע דער יידישער דרוק־פּראָדוקציע ניט אָנגעמאָסטן. די צאָל 399 אויסגאבעס פאר די פינף יאָר, אנטקעגנגעשטעלט די 849 אויסגאבעס פאר די פינף יאָר נאָך אָקטיאבער אף דערזעלביקער טעריטאָריע, ווייַזט ווי נידעריק און שפּאָט־קליין עס איז געווען די יידישע דרוק־פּראָדוקציע פארן צארישן רעזשים און ווי שטארק און אימפּעטיק זי איז געוואָקסן אין די יאָרן פון רעוואָליוציע.

ווען מיר זאָלן אָבער וועלן פארגלייַכן די דאָזיקע ערשטע פינף רעוואָליוציע־יאָרן מיט די אויסגאבעס פון די ווייַטערדיקע פינף יאָר, 1923 — 1927 [1]), וועט זיך באקומען גאָר א פאר־קערט בילד, און די אלע 849 אויסגאבעס וועלן היגטערשטעליק בלייַבן אנטקעגן דער אופ־וואקסנדיקער און שעפערישער פארלאג־ארבעט פון די ווייַטערדיקע פינף יאָר. און ניט געקוקט, וואָס די „באלע האקולטור־ליגע", אין איר ערשטער יידישיסטישער פאָרמאציע, האלטן אין איין קלאפן אין די טאצן, אז דאָס, וואָס זיי האָבן אופגעטון לעטויוועס דעם יידישן בוך, האָט גאָר קיין שאַך ניט, און אדייַעם האלטן זיי אין איין ריידן וועגן זייער „האָניק־כוידעש" אפן געביט פון יידישן דרוק־וועזן, — ווייַזן אונדז פאקטן, אז עס איז ניט אזוי די מייַסע. שטייט אזוי די יידישע קלאָג־מוטער און פארנעס־כוידעש, נ א כ מ ע ן מ י י ז ע ל, און גיסט פאלגע־מייַים: „נאָך די ר ו מ פ ו ל ע י אָ ר ן פון יידישן קולטור־אופבלי און יידישן בוך אין 1918, 1919 און 1920 גייט רוסלאנד (און אוקראינע) אלץ בארג־אראָפּ. די צאָל דערשי־נענע ביכער פאלט און פאלט. פון 29 אין 1921, 37 אין 1922, איז אין 1923 דערשינען אינגאנצן 20 (?) ביכער ... די יידישע קולטור־ און שול־טוער פון רוסלאנד זאָלן זיך ערנסט אף דעם פארטראכטן און ווידער אָנהויבן ארייַנפירן דעם י י ד י ש ן ב ו ך (און אויך דאָס יידישע וואָרט) א י ן ר ו ס ל א נ ד". (קורסיוו אונדזערער; „ביכער־וועלט". ווארשע, 1923, ז. 511).

נאכמען מייַזעלס ציפערן און פאקטן זייַנען אָבער אבסאָליוט פאלש און נעמען זיך פאָ־שעט פון זייַן פייַנטלעכער באציִונג צום ראטנפארבאנד.

פאר די ערשטע פינף יאָר, ווי עס ווייַזט אונדז די טאבעלע I, האָבן מיר די דורכשניט־לעכע גרייס פון יידישן בוך 2,1 דרוקבויגן (דאפקע דאָס יאָר 1920, אז מע ווערט פּאָטער פון די מייַזעלס און די אנדערע יידישע קולטור־פארזאָרגערס, גיט עטוואָס א שטייַ־גערונג: 2,5 דרוקבויגן אין דורכשניט). לויט די ציפערן, וואָס עס גיבן אָן מ א ק ס א י י ז נ־ש ט א ט און ז. ר א ט נ ע ר [2]) באקומט זיך (נאָכדעם, אז מיר רעכענען אראָפּ די פעריאָ־דישע אויסגאבעס, וואָס זייַנען דאָ אין זייערע רעשימעס), אז פאר די יאָרן 1923 — 1927 איז אין ראטנפארבאנד דערשינען 665 יידישע ביכער אין 3.695 דרוקבויגן.

אז מיר פארגלייַכן די טאבעלע (זע ווייַטער) מיט אונדזער טאבעלע I, הויבן טאקע אָן, ווי עס דריקט זיך אויס נ. מ י י ז ע ל, „צ י פ ע ר ן ריידן קלאָרער און איבערצייַגנדיקער ווי ו ו ע ר ט ע ר". מיר זעען, אז ווייַטער פון א בראָשור־אויסגאבע, וואָס באהאנדלט א טאָג־פראגע, איז עס די ערשטע פינף יאָר ניט געגאנגען. די דורכשניטלעכע גרייס פון א בוך פאר

[1]) מיר לאָזן ארויס דאָס יאָר 1922, מאכמעס מיר האָבן לעסאטע ניט געקענט קריגן אפילע קיין בעערעכדיקע סטאטיסטיק פון דער יידישער דרוק־פּראָדוקציע פארן דאָזיקן יאָר. די ציפער, וואָס עס ברענגט נ א כ מ ע ן מ י י ז ע ל (אין „ביכער וועלט", ווארשע, 1923, ז. 511), איז אזוי פאלש, אז מיר איגנאָרירן עס אינגאנצן. ביכלאל פלאָנ־טערט מייַזעל: איינמאָל שרייַבט ער („ביכער־וועלט", 1922, ז. 562), אז אין פ.ס.ר.ר. איז אין 1922־טן יאָר ארויס 25 ביכלעך, א צווייט מאָל (דאָרט, 1923, ז. 511) ווערט שוין בא אים פאר דעמזעלבן יאָר 37 ביכלעך. ער ווייַזט נאָך שענערע בקיִעס: אנשטאָט אונדזערע 85 אויסגאבעס פארן 1921 יאָר גיט ער אָן נאָר 29 (זע: „ביכער־וועלט", 1923, ז. 511). אזוי, אז ווי עס ווייַזט אויס, איז ער א קנאפּער אווטאָריטעט אין די זאכן און מיר קענען זיך אף אים ניט פארלאָזן.

[2]) זע: 1) „רעשימע פון יידישע ביכער, וואס זייַנען דערשינען אין ראטן־פארבאנד פאר די יאָרן 1923, 1924". צוזאמענגעשטעלט פון מ א ק ס א י י ז נ ש ט א ט. („אף די וועגן צו דער נייַער שול", פער. זש. (מ) 1924. № 8, ז. 105 — 111); 2) „רעשימע ... פאר 1925 יאָר". (דאָרט, 1925. 5 — 6, ז. 98 — 107); 3) „רעשימע ... פאר 1926 יאָר". (דאָרט, 1927. № 1—2. ז, 98—108); 4) „רעשימע פון יידישע ביכער אין זשורנאלן, וואָס זייַנען דער־שינען אין ראטנפארבאנד פאר 1927־טן יאָר". צונויפגעשטעלט פון ז. ר א ט נ ע ר. (דאָרט, 1928. № 1, ז. 84—96).

יענע יאָרן באַטרעפט אינגאַנצן 2,1 דרוקבויגן, דערפאַר אָבער אין די צווייטע פינף יאָר (1923 — 1927) וואַקסט דאָס ייִדישע בוך, עס ווערט אַלץ סאָלידער — עס שטײַגט פון יאָר צו יאָר סײַ די צאָל אויסגאַבעס, סײַ די גרייס פונעם בוך. עס איז גענוג אנטקעגנצושטעלן דאָס יאָר 1927, וואָס האָט אַליין קימאַט געגעבן אַזויפיל דרוקבויגנס ווי די ערשטע פינף יאָר אַרום־און־אַרום. מיר זעען ווי די בראָשור־אויסגאַבע, וואָס פאַרנעמט אַזאַ בעקאָוועד־

| יאָר | צאָל אויסגאַבעס | צאָל דרוקבויגנס | דורכשניט־לעכע גרייס פון בוך |
|---|---|---|---|
| 1923 | 40 | 194 | 4,8 |
| 1924 | 76 | 412 | 5,4 |
| 1925 | 168 | 856 | 5,1 |
| 1926 | 164 | 904 | 5,5 |
| 1927 | 217 | 1.329 | 6,1 |
| סאַכאַקל | 665 | 3.695 | 5,6 |

דיקן אָרט די אַלע פריִערדיקע פינף יאָר, ווערט איצט אַרויסגעשטויסן, איר אָרט פאַרנעמט דאָס ערנסטע בוך־פון 5,6 דרוקבויגן אין דורכשניט. דאָס יאָר 1927 דערגרייכט דאָס ייִדישע בוך צו אַ דורכשניט פון 6,1 דרוק־בויגן; דאָס שטעלט שוין אַוועק דאָס ייִדישע בוך אין ראַטנפאַרבאַנד אין איין שורע מיטן ניט־ייִדישן בוך אין לאַנד; נאָך בעסער, עס שטײַגט שוין אַפילו אַריבער די דורכשניטלעכע גרייס פונעם ניט־ייִדישן בוך, וואָס פאַר דער רעוואָליוציע.

די דורכשניטלעכע גרייס פון אַ בוך אינעם געוועזענעם רוסלאַנד האָט זיך ביז דער רעוואָליוציע גערעכנט 4,5 דרוקבויגן, נאָך דער רעוואָליוציע איז די דורכשניטלעכע גרייס היפּש געשטיגן:

דאָס יאָר 1923 איז דער דורכשניט פון בוך 6,8 דרוקבויגן
„ „ 1924 „ „ „ „ 6,7 „
„ „ 1925 „ „ „ „ 5,8 „
„ „ 1926 „ „ „ „ 5,0 „

דאָס וואָס פאַר די יאָרן 1924 — 1926 פאַלט די גרייס פון בוך, דערקלערט זיך דערמיט, וואָס פאַר די יאָרן איז שטאַרק אויפגעקומען בא אונדז די ליטעראַטור פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס באַשטייט דאָס רוב פון קלענערע אויסגאַבעס און דאָס האָט געווירקט אויפן אַלגעמיינעם דורכשניט פון בוך אין לאַנד. דאָס ייִדישע בוך, ווי מיר זעען, איז אַזוי ווײַט אַוועק, אַז ניט נאָר עס איז ניט קלענער, נאָר עס שטײַגט אַפילו אַריבער דעם דורכשניטלעכן בוך פון דער אַלפאַרבאַנדישער ביכער־פּראָדוקציע. אַזוי אַרום איז ניטאָ וואָס איבערצונעמען זיך מיטן יאָר 1919 און ליאַרעמען וועגן אַן „אויפשטײַג“, ווען די גאַנצע דרוק־פּראָדוקציע באַשטייט דעריקערשט פון מאָגערע בראָשורעס און אַנדערע קלענערע אויסגאַבעס.

מיר האָבן אונדזער פאַרגלײַך געפירט בלויז לויט אויסערלעכע סימאָנים, דאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי מינדערווערדיק און נישטיק עס זײַנען די ביכעלעך פון דעם, מ'שטיינס געזאָגט, „רומפּולן“ ייִדישיסטישן פּעריאָד. וואָלטן מיר אַנאַליזירט די דרוק־פּעריאָדן אין טאָך, באַטראַכטן לויטן אינהאַלט, וואָלט קלאָר געוואָרן, אַז דער אויפבלי, און דער

אופשטייג פון דער יידישער קולטור פאלט ווידעראמאָל אויס אפן צווייטן (אפן אָקטיאַבערישן) פעריאָד, ווען דאָס יידישע וואָרט האָט באקומען די ברייטסטע עקספאנסיע און ווען „עס זייַנען אראָפּגענומען געוואָרן די פענטעס פונעם יידישן פראָלעטאריאַט, פון די יידישע פאָלק־מאסן און — מעמיילע אויך פון זייער שפראך, פון יידיש״ 1).

אפילע די ערשטע פינף יאָר גופע זייַנען אויך ניט פון איין שניט. מע דארף אויסטיילן די ערשטע 3 יאָר, ווען עס באלעבאטעווען נאָך די מ ײַ ז ע ל ס מיט די מ ע ל א מ ע ד ס, ווען דער יידישער ביכער־מארק ליגט נאָך אין די הענט פון דער קליינבירגערלעך־יידישיסטישער רעאקציע, און די אנדערע 2 יאָר, ווען די אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי אין דער קולטור־ארבעט ווערט אלץ קענטיקער און הויבט אָן ארויסצושטויסן די קליינבירגערלעך־„נייטראלע״ און די קלאל־יִסראָעלדיקע ליטעראטור. כ׳ מ. ליטוואקאָוו כאראקטעריזירט מיט רעכט יענע צייט: „ס׳איז געשאפן אן אייגנארטיקע, אין דער געשיכטע אן אומגעהערטע סיטואציע, ווען רעוואָליוציע און קאָנטרעוואָליוציע עקזיסטירן צוזאמען, האנט בא האנט, אָבער בא באדינגונגען, ווען די רעוואָליוציע האלט די קאָנטרעוואָליוציע אין אייַזערנע רייפן פון איר דיקטאטור״ („אין אומרו״, וו. (מ), 1926. ז. 86). בישכיינעס מיטן פארלאג פון יידישן קאָמיסאריאט, וואָס לאָזט ארויס לענינס ווערק, אָדער אן אנדער גויטיק אָקטיאבער־ביכל, דרוקט דער „קיעווער פארלאג״, „אחדות ישראל״ און אנדערע אזוינע פארלאגן ביכלעך פון ראבאָנים, לעמאָשל, „די אָרגאניזירונגס־קראפט און די יודין״, אָדער „גוט־יידישע״ „ערד־גייַסטן״, טאלמידע־כאכאָמישע סטיליזאציע און אנדערע אינטעליגענטיש־רעמאָזימדיקע קוועטשעניש. סאָפקאָלסאָף אָבער ווערט ליקווידירט אָט דער ניט־נאָרמאלער צושטאנד, וואָס בא דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט זייַנען נאָך פארבליבן פון דער אלטער צייַט רעאקציאָנערע קולטור־אָרגאניזאציעס; בורזשואזע פארלאגן ווערן פארמאכט און די גאנצע פארלעגערישע ארבעט ווערט קאָנצענטרירט אין די הענט פון דער מעלוכע אָדער סאָוועטישע קאָאָפּעראטיוון.

א האסכאָלע דערצו איז דאָס יאָר 1920. עס ווערט ארייַנגעטראָגן א סיידער אין דעם ביז איצט כאאָטישן דרוק־וועזן, מע טרעט צו „אָרגאניזירן לויט א באשטימטן פלאן די קינסטלערישע אינטויציע״ (ליטוואקאָוו) און דרוקן זאכן, וואָס זאָלן מיטהעלפן אין רעוואָליוציאָנערן קאמף.

—

די טאבעלע וו (זע ווייַטער), וואָס כאראקטעריזירט די איינטיילונג פון די ביכער לויטן אינהאלט און גיט, עמעס אן אויבנופיקע פאָרשטעלונג וועגן טאָך פון בוך, ווייַזט אונדז דאָך דעם שפרונג פאָרויס, וואָס מיר האָבן געמאכט נאָך אָקטיאבער, איבערהויפט פאר די יאָרן 1920, 1921, ווען עס ווערט שטארק סאָוועטיזירט דאָס יידישע בוך.

פאר דער רעוואָליוציע האָט אין דער רוסישער דרוק־פּראָדוקציע, דאָסזעלבע אויך אין דער יידישער, פארנומען א גאנץ שיינעם אָרט די רעליגיעזע און שונד־ליטעראטור (אין 1910 זייַנען ארויס 2.232 רעליגיעזע ביכער אף דער אלגעמיינער צאָל ביכער 20.857, פארן יאָר — 11,1%) 2). אין 1912 3) איז ארויסגעגעבן געוואָרן העכער 100 יידישע שונד־ביכלעך, ספעקוליאטיווע קאָפּיקע־אויסגאבעס, מאקולאטור, א היפשע צאָל טכינעס און רעליגיעזע ספאָרימלעך - אונדזער טאבעלע גיט אָן אינגאנצן 5 ביכער פון רובריקע ו. רעליגיע (געדרוקט ביזן 1920), וואָס עטלעכע פון זיי זייַנען אנטירעליגיעזע און די גאנצע רובריקע מאכט אויס נאָר 0,6%.

אין דער צאָל ביכער פאר 1912 גייען ארייַן 58 נומערן לוכעס, טכינעס, רעטענישן, ליבע־בריוו, צענאָורענעס, „פראקטישע עצות ווי מע מאכט ווייַנען...״ „זייף־פאבריקאציאָן״

1) זע: מ. ל י ט ו ו א ק אָ ו.—אין אומרו. צווייטער באנד. מאָסקווע, „שול און בוך״, 1926. ז. 13.

2) זע: Печать С.С.С.Р. к IV-му партс'езду. Л. и М., 1928, стр. 266, 267.

3) מיר שטעלן זיך לענגער אָפּ אפן יאָר 1912, ווייַל מיר האָבן וועגן אים גענויערע יעדיִעס, די אנדערע יאָרן באם צארישן רעזשים זייַנען אָבער אויך ניט בעסער.

# טאַבעלע II

## אײַנטײלונג פון די אויסגאַבעס פאַר די יאָרן 1921—1917 לויטן אינהאַלט

| ר ו ב ר י ק ע / יאָר | 1917 צאָל אויסגאַבעס | 1917 % % | 1918 צאָל אויסגאַבעס | 1918 % % | 1919 צאָל אויסגאַבעס | 1919 % % | 1920 צאָל אויסגאַבעס | 1920 % % | 1921 צאָל אויסגאַבעס | 1921 % % | סאַכאַקל 1917-1921 צאָל אויסגאַבעס | סאַכאַקל 1917-1921 % % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I. רעליגיע | 3 | 2,0 | 1 | 0,4 | 1 | 0,4 | — | — | — | — | 5 | 0,6 |
| II. געזעלשאַפטסקענטעניש, סאָ-ציאָלאָגיע, פּאָליטווירטש | 1 | 0,7 | 11 | 4,7 | 6 | 2,2 | — | — | — | — | 18 | 2,0 |
| III. פּאָליטיק, פּאַרטיי-ליטעראַטור, ראַטנבוונג | 45 | 30,0 | 30 | 12,7 | 28 | 10,3 | 24 | 23,1 | 15 | 17,7 | 142 | 16,7 |
| IV. נאַציאָנאַלע פראַגע בא ייִדן | 12 | 8,0 | 13 | 5,5 | — | — | — | — | — | — | 25 | 3,0 |
| V. וואָל-רעכט, מעלוכע-אָרדענונג | 11 | 7,4 | — | — | — | — | — | — | — | — | 11 | 1,3 |
| VI. עקאָנאָמיק | — | — | 1 | 0,4 | 2 | 0,7 | — | — | 2 | 2,4 | 5 | 0,6 |
| VII. ארבעט און ארבעטער | — | — | 4 | 1,7 | 1 | 0,4 | 2 | 1,9 | 4 | 4,7 | 11 | 1,3 |
| VIII. קאָאָפּעראַציע | — | — | 2 | 0,8 | 6 | 2,2 | 3 | 2,9 | — | — | 11 | 1,3 |
| IX. קולטור און בילדונג | 3 | 2,0 | 9 | 3,9 | 8 | 2,9 | 7 | 6,7 | 1 | 1,2 | 28 | 3,3 |
| X. לערנביכער | — | — | 11 | 4,7 | 14 | 5,1 | 7 | 6,7 | 9 | 10,6 | 41 | 4,9 |
| XI. שפּראַכוויסנשאַפט | — | — | — | — | — | — | 1 | 1,0 | — | — | 1 | 0,1 |
| XII. נאַטורוויסנשאַפט | 5 | 3,3 | — | — | 13 | 4,8 | 1 | 1,0 | -- | — | 19 | 2,2 |
| XIII. מעדיצין | — | — | 2 | 0,8 | 3 | 1,1 | 6 | 5,8 | 3 | 3,5 | 14 | 1,7 |
| XIV. לאַנדווירטשאַפט | — | — | 1 | 0,4 | 1 | 0,4 | 2 | 1,9 | — | — | 4 | 0,5 |
| XV. קונסט | 5 | 3,3 | 1 | 0,4 | 2 | 0,7 | 2 | 1,9 | 5 | 5,9 | 15 | 1,8 |
| XVI ליטעראַטור: 1. פּאָעזיע | 6 | 4,0 | 11 | 4,7 | 21 | 7,7 | 5 | 4,8 | 16 | 18,7 | 59 | 7,0 |
| 2. דראַמאַטישע ווערק | 1 | 0,7 | 14 | 6,0 | 10 | 3,6 | 8 | 7,7 | 1 | 1,2 | 34 | 4,0 |
| 3. פּראָזע | 21 | 14,0 | 44 | 18,7 | 46 | 16,7 | 4 | 3,8 | 2 | 2,4 | 117 | 13,8 |
| 4. קינדער-ליטעראַטור | 27 | 18,0 | 60 | 25,4 | 75 | 27,4 | 21 | 20,2 | 20 | 23,4 | 203 | 23,9 |
| 5. קריטיק | 2 | 1,3 | 2 | 0,8 | 5 | 1,8 | 3 | 2,9 | 4 | 4,7 | 16 | 1,9 |
| 6. זאַמלביכער | 3 | 2,0 | 2 | 0,8 | 3 | 1,1 | 1 | 1,0 | 1 | 1,2 | 10 | 1,1 |
| XVII. ביאָגראַפיש מאַטעריאַל | 2 | 1,3 | 11 | 4,7 | 7 | 2,6 | 2 | 1,9 | 2 | 2,4 | 24 | 2,8 |
| XVIII. געשיכטע | 2 | 1,3 | 6 | 2,5 | 18 | 6,5 | 5 | 4,8 | — | — | 31 | 3,6 |
| XIX. קאַנטקענטעניש | — | — | — | — | 2 | 0,7 | — | — | — | — | 2 | 0,2 |
| XX פֿאָלקלאָר (רעליגיעזער) | 1 | 0,7 | — | — | 2 | 0,7 | — | — | — | — | 3 | 0,4 |
| סאַכאַקל פאַרן יאָר | 150 | 100% | 236 | 100% | 274 | 100% | 104 | 100% | 85 | 100% | 849 | 100% |

און אנדערע מאקולאטור; אין דער רובריקע „פובליציסטיק, קריטיק, ווּיסנשאפט" (מ. שאליטס „וויסנשאפטלעכע" אײַנטיילונג אין „פנקס", ווילנע, 1913, ז. 277—300) איז דאָ אזוינע פערל, ווי „תשעה־באב, באדייטונג פון תענית", „ווער איז אן אמת'ר יוד" א.דגל.; די „לער־ביכער" באשטייען אויסשליסלעך פון איבערגעדרוקטע בריוונשטעלער און הויז־לערער; די „בעלעטריסטיק", וואָס פארנעמט דאָס גרעסטע אָרט אין דער דרוק־פּראָדוקציע פארן יאָר, האָט א היפשע צאָל שונד־ליטעראטור, באָבע־מייַסעס, ווי אלע פונקס אויסגאבעס, וואָס פארנעמען א גאנץ פייַנעם אָרט אין דער רעשימע. אָדער אזעלכע ווי „דברי קדושים (מעשהלאך וועגן אלטע רבנים)", „איין גראף מיט דריי זאהנע", „די כּלה לאכט אונטער דעקטוך" א. דגל. עס פעלט לעגאמ־רע די נויטיקע איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראטור, קיין סימען ניט פון א קינדער־ליטעראטור (אינגאנצן 4—5 ביכלעך). נאָך אָקטיאבער, ווי עס איז צו זעען פון דער טאבעלע II, באווײַזן זיך גאָר אנדערע רובריקעס און אנדערע ביכער, דאָס געזעלשאפטלעך־ייִדיש לעבן ווערט פארצווײַגטער, די קולטור־פּאָדערונגען קאָמפּליצירטער און בעמיילע דער אינהאלט פון געדרוקטן וואָרט — רייַכער און באנייַטער.

אָבער מע מוז דאָ זאָגן, אז די ערשטע דרײַ יאָר (1917 — 1919) איז מען נאָך גאָר ווײַט ניט אוועק; אז מיר גיבן זיך א קער צום בעסטן טייל פון יענער צײַט — צו דער קינדער־ליטעראטור, דערזעען מיר ווי ווײַט זיי זײַנען ווילד־פרעמד די באגריפן פון אונדזער סאָ־וועטישן קינד, פון אונדזער פּיאָנער און אָקטיאבערל. די קינדער־ליטעראטור, דאָס איז געווען דער שײַנדל אין דער מישפּאָכע, וואָס מע האָט זיך געהאלטן אין איין בארימען דערמיט, וואָס־זשע אזוינס איז דאָרטן פאראן? — מײַסעס מיט גראפן, מײַסעס פון רוכעס, שיידים, לי־ליפּוטן און שרעטעלעך, איבערהויפּט שרעטעלעך, א קאָלעקציע ראָזענטאלס מײַסעלעך „אונטער אליהו'ס בוים" א. אנד., נ. לוריעס ביכעלע „משה רבנו", וואָס די דאמאָלסטיקע קריטיק קען זיך פון דעם גאָרניט אָפּלויבן, א „מעשה פון דעם פרומען רבי חנינא", אָן א שיר איבערזעצונגען פון שעדלעכע, אנטיפּעדאגאָגישע קינדער־ליטעראטור, א צאָל ניט דרוק־פּעיִקע קינדער־ביכלעך פון הערץ אקצינס איבערזעצונגען און „באארבעטונגען" א. א. וו. ניט בעסער איז די פּראָזע און די פּאָעזיע פון יענער צײַט, וואָס האָבן ארויסגעגעבן די פארשידענע גראפאָמאנען, ווי, אשטייגער, די נומ. 87, 90, 105, 112, 113, 248, 279 און אנד. שוין אָפּגערעדט פון דער „פובליציסטיק", וואָס איז פאַרגעשטעלט מיט דער וואל־ליטעראטור צו די גרינדונג־פארזאמלונגען, אין דער קהלה, פראגעס פון מעלוכע־אָרדענונג, ווי אקצינס „דאָס מוז וויסן יעדער פרײַער בירגער. די מלוכה־אָרדענונג אין פראנקרײַך ...", שיפּמאנס „בנין הקהלה" און אנדערע ציִאָניסטישע און פּויאלײ־ציִאָניסטישע שונד־בראָשורעס, וואָס פארנעמען דעם אויבנאָן אין דער פובליציסטיק פאר יענע יאָרן.

אפילע יאנקעוו לעשצינסקי, דער פארביסנסטער סוינע פון ראטנמאכט, מוז מודע זײַן, אז „דער ייִדישער קאָמוניזם האָט ניט ווייניק נוצן געבראכט דער ייִדישער פובליציסטיק. ער האָט געשאפן אן איבערגעזעצטע ליטעראטור, צוגעקליבן פון די בעסטע און ערנסטע אָנפּי־רער פון סאָציִאליזם און קאָמוניזם. דידאָזיקע איבערגעזעצטע ליטעראטור האָט באפרוכפּערט אונדזער פובליציסטיק מיט נײַע געדאנקען און אידייען און באריײַכערט אונדזער שפּראך מיט נײַע באגריפן און ווערטער" [1]. ער פארזעט בעקיוון, פארשטייט זיך, די מײַלעס פון דער ייִדישער אָריגינעלער קאָמוניסטישער פובליציסטיק, אָבער ניט ווילנדיק מוז ער דאָך כאָטש אין טייל זאָגן א גוט־וואָרט וועגן דער קאָמוניסטישער איבערגעזעצטער פובליציסטיק, דאָס וואָס ער האָט ניט וואָס צו זאָגן וועגן די קליינבירגערלעך־נאציִאָנאליס־טישע אויסגאבעס.

באגלײַך מיט דעם וואקסט דאָך אין ראטנפארבאנד פון יאָר צו יאָר די צאָל ייִדישע לערנביכער, קינדער־ און פּיאָנערן־ליטעראטור, פּאָפּולער־וויסנשאפטלעכע ביכער און דאָס וויסנשאפטלעכע בוך, וואָס איז אויפגעקומען אין דער לעצטער צײַט און וואָס האָט אונדז

1) זע: „ביכער־וועלט", זש. וואַרשע, 1922, נומ. 1, ז. 19.

לאכלוטן געפעלט ביז איצט, דאָס אלץ באווייזט, אז סײַ די קוואנטיטעט און איבערהויפּט די קוואליטעט פון סאָוועטישן בוך איז ניט צו פארגלײַכן מיט די אויסגאבעס פון די רע־אקציע־יאָרן, ווען ס׳הערשט די פולע כאאָטישקײַט אפן ביכער־מארק און ווען אין דער לי־טעראטור הערשן גראפאָמאנען און סע ווילדעוועט די העפקיירעס. „אין ראטנפארבאנד באקומט איבערהויפּט דער פלאן־פּרינציפּ אלץ מער שליטע אין אלע געביטן פון לעבן״, און אויך „די ליטעראטור בויט זיך לויט א באוווסטזיניקן פלאן, א דערשײַנונג, וואָס וויסט ניט איר גלײַכן אין דער געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראטור״. (מ. ליטוואקאָוו — „אין אומרו״ ב. II, 1926 ז. 16).

די טאבעלעס III, IV (זע ווײַטער) גיבן אונדז אן אינטערעסאנטן מאטעריאַל, וואָס ווײַזט, וויאזוי די דערשינענע אויסגאבעס ווערן פארטיילט לויטן דרוק־אָרט צווישן די רעפּובליקן און גרעסערע שטעט פון פארבאנד. דעם ערשטן אָרט פארנעמט או.ס.ר.ר. מיט אירע גאנצע 577 אויסגאבעס, וואָס מאכט אויס 68% פון די אלע אויסגאבעס פון פ.ס.ר.ר. פאר די יאָרן 1917 — 1921 און קימאט דערזעלביקער פּראָצ. (67,7%) דרוקבויגנס. בעהאדראָגע וואקסט צוביסעלעך אויך די דורכשניטלעכע גרייס פון בוך (פון 1,25 ביז 2,2 דרוקבויגן). די צאָל אויסגאבעס וואקסן אין או.ס.ר.ר. פון יאָר צו יאָר. אפן צווייטן אָרט שטייט ר.ס.פ.ר.ר., וואָס הויבט אָן מיט 73 (1917) און ענדיקט מיט 8 אויסגאבעס (1921); ווו.ס.ר.ר. שטייט אפן לעצטן אָרט, דאָך פארגרעסערט זיך פון יאָר צו יאָר די צאָל אויסגאבעס אירע סײַ אבסאָליוט, סײַ רעאלעטיוו (פון 2% ביז 17,6%). עס איז ווידער דאָ צו מערקן, אז די אלע רעפּוב־ליקן לאָזן ארויס ביכער קימאט פון איין גרייס, און דערפאר איז דער פּראָצענט פון די אויכגאבעס אן ערעך גלײַך צו דעם פּראָצענט פון די דרוקבויגנס.

וואָס איז שײַעך באזונדערע שטעט, האָט אלע איבעריקע שטעט איבערגעשטיגן ק י ע וו. קיעוו אליין לאָזט ארויס 339 אויסגאבעס, דאָס איז 39,9% פון אלץ, וואָס עס איז ארויס, אָדער 788 דרוקבויגן, ד. ה. 44,5% פון דער גאנצער ביכער־פּראָדוקציע אין דרוקבויגנס. נאָכ־דעם גייט אָדעס, לענינגראַד, מאָסקווע און אנד.

וואָס לערנט אונדז די טאבעלע IV? מיר זעען, ווי עס קומען אוף נײַע דרוק־צענטרען. דער צארישער רעזשים האָט געקוקט אף די גרויס־רוסן און אף דער הערשנדיקער נאציע אין לאנד. די רעזידענץ־שטעט מאָסקווע און „סאנקט־פּעטערבורג״ האָבן געהאלטן אין איין פארגרעסערן זייערע קולטור־אנשטאלטן, דאן ווען אינעם גאנצן לאנד פון דער געוועזענער פּאָליציייִשער רוסלאנד מיט אירע קימאט הונדערט פארשידענע פעלקער האָט געהערשט די טיפסטע אמעראצעס. מע האָט געהאלטן אין איין בויען די עטלעכע גרעסערע שטעט און פארלאָזט, אינגאנצן ניט אומגעקוקט זיך אפן ברייטן און גרויסן הארעפּאשנעם לאנד. די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט באפרײַט די אונטערגעדריקטע נאציעס און אף צענדליקער שפּראכן האָט מען גענומען בויען פּראָלעטארישע קולטור. אָנשטאָט די איינציקע צווי גרעסערע קולטור־צענטרען האָט זיך באוויזן א צאָל אנדערע קולטור־ווירקנדיקע צענטרען, און די קולטור־ארבעט האָט זיך גענומען פארשפּרייטן איבערן גאנצן לאנד—פון יאקוטיע ביז ווײַסרוסלאנד און פון קא־רעליע ביז אזערביידזשאן—אנטשפּרעכנדיק די אופגעוואכטע קולטור־אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע מאסן.

וואָס איז שײַעך דעם ייִדישן בוך, דארף מען זאָגן, אז אף דער טעריטאָריע פונעם הײַנטיקן פ.ס.ר.ר. איז קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסע ייִדישע דרוק־צענ־טרען. די גרעסטע ייִדישע דרוקערײַען און פארלאגן זײַנען געווען אין פּוילן,—אין ווארשע און אין ווילנע. אף דער טעריטאָריע פונעם איצטיקן ראטנפארבאנד זײַנען די ייִדישע דרוקערײַען (איבערהויפּט פאר וועלטלעכע ביכער) געווען זייער שוואך אויסגעשטאט. זייערע טעכנישע מעגלעכקײַטן זײַנען געווען ביז גאָר באגרענעצט. אפילע, קיעוו האָט פאר די פינף יאָר 1911—1915 ארויסגעלאָזט אינגאנצן 47 ייִדישע ביכלעך (דאָס באטרעפט בלויז 14% פון די קיעווער ייִדישע אויסגאבעס פאר די פינף רעוואָליוציע־יאָר, וואָס מיר באהאנדלען).

# טאבעלע III

## אײַנטיילונג פון די אויסגאבעס לויט די רעפובליקן יאָרנווײַז

| יאָר | 1917 | | | | | 1918 | | | | | 1919 | | | | | 1920 | | | | | 1921 | | | | | ארום און ארום פאר די יאָרן 1917 — 1921 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| רעפובליק | צאָל אויסגאבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאבעס | % | צאָל דרוק-בויגן | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך |
| א. ס. ר. ר. | 71 | 47,3 | 89 | 53,0 | 1,25 | 161 | 68,2 | 313,5 | 63,1 | 2,0 | 207 | 75,5 | 490 | 74,60 | 2,36 | 77 | 74,0 | 174 | 65,9 | 2,3 | 61 | 71,8 | 132 | 71,0 | 2,2 | 577 | 68,0 | 1.198,5 | 67,7 | 2,1 |
| ר. ס. פ. ר. ר. | 73 | 48,7 | 73,5 | 43,7 | 1,00 | 70 | 29,8 | 174,5 | 35,2 | 2,5 | 61 | 22,3 | 162 | 24,65 | 2,65 | 20 | 19,2 | 82 | 31,1 | 4,1 | 8 | 9,4 | 20 | 10,8 | 2,5 | 232 | 27,2 | 512,0 | 28,9 | 2,2 |
| ו. ס. ר. ר. | 3 | 2,0 | 2,5 | 1,5 | 0,80 | 3 | 1,2 | 7,0 | 1,5 | 2,3 | 5 | 1,8 | 4 | 0,60 | 0,80 | 5 | 4,9 | 6 | 2,2 | 1,2 | 15 | 17,6 | 33 | 17,7 | 2,2 | 31 | 3,7 | 52,5 | 3,0 | 1,7 |
| S. L. | 3 | 2,0 | 3 | 1,8 | 1,00 | 2 | 0,8 | 1,0 | 0,2 | 0,5 | 1 | 0,4 | 1 | 0,15 | 1,60 | 2 | 1,9 | 2 | 0,8 | 1,0 | 1 | 1,2 | 1 | 0,5 | 1,0 | 9 | 1,1 | 8,0 | 0,4 | 0,9 |
| ארום און ארום אין פ. ס. ר. ר. | 150 | 100% | 168 | 100% | 1,10 | 236 | 100% | 496 | 100% | 2,1 | 274 | 100% | 657 | 100% | 2,40 | 104 | 100% | 264 | 100% | 2,5 | 85 | 100% | 186 | 100% | 2,2 | 849 | 100% | 1.771,0 | 100% | 2,1 |

# טאבעלע IV

## אײַנטיילונג פון די אויסגאַבעס לויט די שטעט יאָרנווײַז

| יאָר | 1917 | | | | | 1918 | | | | | 1919 | | | | | 1920 | | | | | 1921 | | | | | אַרום און אַרום פאַר די יאָר 1917 — 1921 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| שטאָט | צאָל אויסגאַבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאַבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאַבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאַבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאַבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל אויסגאַבעס | % | צאָל דרוקבויגנס | % | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך |
| קיעוו | 45 | 30,0 | 46 | 27,4 | 1,00 | 78 | 33,1 | 169 | 33,9 | 2,2 | 110 | 40,1 | 315 | 47,90 | 3,00 | 68 | 65,3 | 157 | 59,5 | 2,3 | 38 | 44,8 | 101 | 54,4 | 2,70 | 339 | 39,9 | 788 | 44,5 | 2,3 |
| אָדעס | 14 | 9,3 | 32 | 19,0 | 2,30 | 45 | 19,0 | 65 | 13,2 | 1,4 | 51 | 18,6 | 85 | 12,90 | 1,70 | 7 | 6,7 | 13 | 4,9 | 1,9 | 13 | 15,3 | 10 | 5,2 | 0,80 | 130 | 15,3 | 205 | 11,6 | 1,6 |
| לענינגראַד | 36 | 24,0 | 40 | 23,7 | 1,10 | 37 | 15,8 | 96 | 19,4 | 2,6 | 31 | 11,3 | 77 | 11,70 | 2,50 | 8 | 7,7 | 15 | 5,8 | 1,8 | 3 | 3,5 | 6 | 3,2 | 2,00 | 115 | 13,5 | 234 | 13,2 | 2,0 |
| מאָסקווע | 36 | 24,0 | 33 | 19,7 | 0,90 | 32 | 13,6 | 78 | 15,7 | 2,4 | 28 | 10,2 | 78 | 11,90 | 2,80 | 11 | 10,6 | 64 | 24,3 | 5,8 | 3 | 3,5 | 9 | 5,0 | 3,00 | 110 | 13,0 | 262 | 14,8 | 2,4 |
| דנעפּראָ-פּעטראָווסק | 4 | 2,7 | 3 | 1,8 | 0,75 | 16 | 6,7 | 48 | 9,7 | 3,0 | 28 | 10,2 | 65 | 9,90 | 2,40 | 1 | 1,0 | 2 | 0,7 | 2,0 | 4 | 4,7 | 13 | 7,0 | 3,25 | 53 | 6,3 | 131 | 7,5 | 2,5 |
| כאַרקאָוו | 4 | 2,7 | 5 | 3,0 | 1,25 | 20 | 8,5 | 30 | 6,0 | 1,5 | 16 | 5,8 | 23 | 3,50 | 1,40 | 1 | 1.0 | 2 | 0,7 | 2,0 | 3 | 3,5 | 6 | 3,2 | 2,00 | 44 | 5,2 | 66 | 3,7 | 1,5 |
| מינסק | 2 | 1,3 | 2 | 1,2 | 1,00 | 2 | 0,8 | 6 | 1,3 | 3,0 | 4 | 1,5 | 3 | 0,50 | 0,75 | 1 | 1,0 | 1 | 0,4 | 1,0 | 5 | 5,9 | 14 | 7,5 | 2,80 | 14 | 1,6 | 26 | 1,5 | 1,8 |
| וויטעבסק | -- | — | — | — | — | 1 | 0,4 | 1 | 0,2 | 1,0 | 1 | 0,4 | 1 | 0,15 | 1,00 | 3 | 2,9 | 4 | 1,5 | 1,3 | 6 | 7,0 | 7 | 3,8 | 1,20 | 11 | 1,3 | 13 | 0,7 | 1,2 |
| פאַרשידענע | 6 | 4,0 | 4 | 2,4 | 0,66 | 3 | 1,3 | 2 | 0,4 | 0,7 | 4 | 1,5 | 9 | 1,40 | 2,25 | 2 | 1,9 | 4 | 1,5 | 2,0 | 9 | 10,6 | 19 | 10,2 | 2,10 | 24 | 2,8 | 38 | 2,1 | 1,6 |
| S. L. | 3 | 2,0 | 3 | 1,8 | 1,00 | 2 | 0,8 | 1 | 0,2 | 0,5 | 1 | 0,4 | 1 | 0,15 | 1,00 | 2 | 1,9 | 2 | 0,7 | 1,0 | 1 | 1,2 | 1 | 0,5 | 1,00 | 9 | 1,1 | 8 | 0,4 | 0,9 |
| סאַכאַקל אין פ.ס.ר.ר. | 150 | 100 % | 168 | 100 % | 1,10 | 236 | 100 % | 496 | 100 % | 2,1 | 274 | 100 | 657 | 100 % | 2,40 | 104 | 100 % | 264 | 100 % | 2,5 | 85 | 100 % | 186 | 100 % | 2,20 | 849 | 100 % | 1.771 | 100 % | 2,1 |

ווי מיר זעען, ווערן נאָכן אָקטיאבער אָפּגעשאַפט אַלע אויסגעטראַכטע טכומען, — קולטור־צענטרען שאַפן זיך נײַע, נאָרמאַלע, אָנשטאָט די אַלטע געקינסטלטע, — דאָרטן ווו די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן זײַנען, אַהין ווערן אַריבערגעטראָגן די שאַפנדיקע צענטרען פון ייִדישער קולטור־אַרבעט. עס ווערן באַקעמפט די טעכנישע מעניעס. די ערשטע צײַט ווערט דאָס דרוקן ייִדישע ביכער קאָנצענטרירט בא די דרוקערײַען פון די ייִדישע צײַטונגען; וואָס ווײַטער ווערט די ייִדישע דרוק־אַרבעט דיפערענצירט און עס קומען אויף ספּעציעלע דרוקערײַען פאַר אַרויסגעבן ייִדישע ביכער.

אָפּן צווייטן אָרט נאָך קיִעוו שטייט אָדעס. אין אָדעס איז פאַרשינען פאַר די פינף יאָר 130 ייִדישע אויסגאַבעס [1]). מיר באַמערקן נאָך אַ פאַקט. לענינגראַד, וואָס איז פאַר דער רעוואָליוציע פאַר־העלטניסמעסיק געווען פאָרטראָטן אין דער ייִדישער דרוק־פּראָדוקציע מער ווי אַנדערע שטעט, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין אונדזער טאַבעלע, דרוקט פון יאָר צו יאָר נאָך דער רעוואָליוציע אַלץ ווייניקער. אויב דאָס יאָר 1917 פאַלט נאָך אויס אף לענינגראַד 24% פון דער גאַנ־צער ייִדישער דרוק־פּראָדוקציע, קומט שוין אויס דאָס יאָר 1921 נאָר 3,5%. דאָס ווײַזט, ווי לענינגראַד ווערט אָן זײַן קלוימערשטיקע קולטור־העגעמאָניע; לענינגראַד טרעט אָפּ זײַן אָרט קיִעוו, אָדעס א. אנד.

כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צײַט איז אויך די רובריקע „פאַרשידענע“ אין דער טאַ־בעלע IV; אז מיר דעשיפרירן דידאָזיקע גרופּע, לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז קימאַט 20 קלענערע פונקטן, וואָס האָבן געדרוקט ייִדישע ביכלעך. אהער גייט אַרײַן: אָסטער (טשער־ניגאָװ. גוב.), באַקו, בעלאָצערקווע, האָמעל, טאַשקענט, טיפליס, סלוצק, פּאָגרעבישטשע, קרעמענטשוק א. ד. גל. פונקטן, וואָס לאָזן אַרויס צו איין ביכל, העכסטנס צוויי. אין פאַר־שידענע גרעסערע און קלענערע ייִשובים, ווו נאָר עס האָט זיך געפונען אַ שטיקל נאַציאָ־נאַליזירטער דרוק־אַפּאַראַט, האָט מען שוין געקראָגן וואַסער ניט איז פּאַפּיר, פאַרב און געדרוקט אַ בראָשור, אַן אינסטרוקציע, אַ פּראָגראַם א. ד. גל.

דעם אָרט דרוקן דידאָזיקע פּראָווינציעלע ליטעראַטור מיט דער דאַמאָלסטיקער טעכני־שער אויסשטאַטונג באַווײַזט אונדז די גאָר־זעלטענע בראָשור (נומ. 421 אין אונדזער רע־שימע), אַרויסגעגעבן פון פעטליורעס מיניסטאָרן־ראַט, געדרוקט אין „קאַמענעץ אויף פּאָדאָליע“. דאָס איז אַ בראָשור פון 15 זײַטלעך — האַלב ייִדיש, האַלב אוקראַיִניש און אף די מאָגערע 7 זײַטלעך, וואָס עס קומט אויס אָפּן „ייִדישן“ כיילעק האָט ניט געקלעקט אין קאַסע קיין שריפט; הויבן הויבט זיך עס אָן מיט אומגעלומפּערטן גרויסן סידער־שריפט, פון דעם זײַטל 11 גייט עס גלײַך אַריבער אף אַ שטאַרק פאַרקלענערטן שריפט. וועגן סטיל, אויסלייג, קאָ־רעקטור איז שוין אָפּגערעדט. קורץ, די טעכנישע אויסשטאַטונג איז ווי אָנגעמאָסטן צום אינהאַלט פון דערדאָזיקער אויסגאַבע.

[1]) בא דער געלעגנהײַט וועלן מיר פאַריכטן די סטאַטיסטיק פון די ייִדישע אויסגאַבעס, אין אָדעס, וואָס עס גיט אָן ש. באָראָוואָי אין זײַן אַרטיקל. „Книга в Одесі в 1917—1921 р.р.“ זע: Праці Одеської центральної наукової бібліотеки. Одеса, 1927, стр. 172—176.

ש. באָראָוואָי ברענגט די סטאַטיסטיק פון די אָדעסער אויסגאַבעס, ער האַלט, אַז פאַר ד׳ יאָרן 1917—1919 גיט ער אָן ניט מער ווי 30% פון דער פאַקטישער צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער. איבערהויפּט, זאָגט ער, איז שלעכט אײַנגעהיט און רעגיסטרירט געוואָרן די פאַרשידענע רעליגיִעזע אויסגאַבעס, וואָס אָדעס האָט אַ היפּש ביסל געדרוקט די יאָרן 1917—1919, אָבער פאַר די יאָרן 1920, 1921, גיט ער אָן, לויט זײַן מיינונג אַלץ, וואָס עס איז פאַקטיש אַרויס אין אָדעס, — לאָזט זיך אָבער אויס, אַז אפילע פאַר די יאָרן 1920, 1921 גיט ער קיין העלפט ניט אָן וויפל עס איז אַרויס אינדערעמעסן. ש. באָראָוואָי גיט אָן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| פאַרן יאָר | 1917 — 5 | ייִדישע | אויסגאַבעס |
| „ „ | 1918 — 32 | „ | „ |
| „ „ | 1919 — 23 | „ | „ |
| „ „ | 1920 — 0 | „ | „ |
| „ „ | 1921 — 9 | „ | „ |

מיר ברענגען 20 אויסגאַבעס פאַר די 2 יאָר 1920 און 1921 אָנשטאָט זײַנע 9.

## טאבע

### אײַנטײלונג פון די אויסגאבעס פאר די

| יאָרן | 1917 | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פארלאגן | צאָל־אויסגאבעס: איבערדרוקס | אָריגינעלע | איבערזעצונגען | סאכאקל פארן יאָר | %% | צאָל דרוק־בויגנס | %% | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך |
| פארטײיִשע | 5 | 55 | 5 | 60 | 40,0 | 55 | 32,7 | 0,9 |
| מעלוכישע | — | — | — | — | — | — | — | — |
| קאָאָפּעראַ־טיווע און געזעל־שאפטלעכע | 1 | 5 | — | 5 | 3,3 | 4 | 2,4 | 0,8 |
| פּריוואטע | 8 | 34 | 24 | 58 | 38,7 | 85 | 50,6 | 1,5 |
| געמישטע | — | 10 | — | 10 | 6,7 | 14 | 8,3 | 1,4 |
| פארשידענע | — | 11 | — | 11 | 7,3 | 5 | 3,0 | 0,5 |
| דער פארלאג ניט אָנגעוויזן | — | 6 | — | 6 | 4,0 | 5 | 3,0 | 0,8 |
| ארום און ארום | 14 | 121 | 29 | 150 | 100% | 168 | 100% | 1,1 |

| יאָרן | 1918 | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פארלאגן | צאָל־אויסגאבעס: איבערדרוקס | אָריגינעלע | איבערזעצונגען | סאכאקל פארן יאָר | %% | צאָל דרוק־בויגנס | %% | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך |
| פארטײיִשע | 3 | 15 | 28 | 43 | 18,2 | 88 | 17,7 | 2,0 |
| מעלוכישע | 4 | 9 | 21 | 30 | 12,7 | 61 | 12,3 | 2,0 |
| קאָאָפּעראַ־טיווע און געזעל־שאפטלעכע | — | 13 | 2 | 15 | 6,4 | 42 | 8,5 | 2,8 |
| פּריוואטע | 47 | 78 | 25 | 103 | 43,7 | 207 | 41,7 | 2,0 |
| געמישטע | 3 | 12 | 11 | 23 | 9,8 | 46 | 9,3 | 2,0 |
| פארשידענע | — | 12 | — | 12 | 5,0 | 25 | 5,0 | 2,1 |
| דער פארלאג ניט אָנגעוויזן | — | 8 | 2 | 10 | 4,2 | 27 | 5,5 | 2,7 |
| ארום און ארום | 57 | 147 | 89 | 236 | 100% | 496 | 100% | 2,1 |

| יאָרן | 1919 | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פארלאגן | צאָל־אויסגאבעס: איבערדרוקס | אָריגינעלע | איבערזעצונגען | סאכאקל פארן יאָר | %% | צאָל דרוק־בויגנס | %% | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך |
| פארטײיִשע | — | 17 | 3 | 20 | 7,3 | 36 | 5,45 | 1,8 |
| מעלוכישע | 2 | 15 | 19 | 34 | 12,4 | 78 | 11,80 | 2,3 |
| קאָאָפּעראַ־טיווע און געזעל־שאפטלעכע | 18 | 58 | 20 | 78 | 28,4 | 227 | 34,60 | 2,9 |
| פּריוואטע | 34 | 53 | 12 | 65 | 23,7 | 142 | 21,60 | 2,2 |
| געמישטע | 6 | 35 | 33 | 68 | 24,8 | 157 | 24,00 | 2,3 |
| פארשידענע | 1 | 6 | 2 | 8 | 3,0 | 16 | 2,40 | 2,0 |
| דער פארלאג ניט אָנגעוויזן | — | 1 | — | 1 | 0,4 | 1 | 0,15 | 1,0 |
| ארום און ארום | 61 | 185 | 89 | 274 | 100% | 657 | 100% | 2,4 |

## יאָרן 1917—1921 לויט די פאַרלאַגן יאָרנווייז

| 1920 | | | | | | | | 1921 | | | | | | | | אַרום און אַרום פאַר די יאָרן 1917—1921 | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאָל-אויסגאַבעס | | | | | צאָל דרוק-בויגנס | %% | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל-אויסגאַבעס | | | | | צאָל דרוק-בויגנס | %% | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך | צאָל-אויסגאַבעס | | | | | צאָל דרוק-בויגנס | %% | דורכשניטלעכע גרייס פון בוך |
| איבערגעדרוקטע | אָריגינעלע | איבערזעצונגען | סאַכאַקל פאַרן יאָר | %% | | | | איבערגעדרוקטע | אָריגינעלע | איבערזעצונגען | סאַכאַקל פאַרן יאָר | %% | | | | איבערגעדרוקטע | אָריגינעלע | איבערזעצונגען | סאַכאַקל פאַר פינף יאָר | %% | | | |
| 1 | 7 | 9 | 16 | 15,4 | 16 | 6,0 | 1,0 | — | 3 | 3 | 6 | 7,1 | 9,0 | 4,9 | 1,5 | 9 | 97 | 48 | 145 | 17,1 | 204,0 | 11,2 | 1,4 |
| -- | 6 | 15 | 21 | 20,2 | 72 | 27,3 | 3,5 | 9 | 48 | 15 | 63 | 74,1 | 136 | 73,1 | 2,2 | 15 | 78 | 70 | 148 | 17,4 | 347,0 | 19,6 | 2,3 |
| 9 | 39 | 14 | 53 | 50,9 | 149 | 56,4 | 2,8 | 5 | 10 | 2 | 12 | 14,1 | 29,5 | 15,8 | 2,4 | 33 | 125 | 38 | 163 | 19,2 | 451,5 | 25,5 | 2,7 |
| — | 4 | — | 4 | 3,8 | 9 | 3,4 | 2,25 | — | — | — | — | — | — | — | — | 89 | 169 | 61 | 230 | 27,1 | 443,0 | 25,1 | 1,9 |
| 1 | 7 | 1 | 8 | 7,7 | 15 | 5,7 | 1,9 | — | 3 | — | 3 | 3,5 | 9,0 | 4,9 | 3,0 | 10 | 67 | 45 | 112 | 13,2 | 241,0 | 13,7 | 2,1 |
| — | 1 | — | 1 | 1,0 | 1 | 0,4 | 1,0 | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 30 | 2 | 32 | 3,8 | 47,0 | 2,7 | 1,5 |
| — | 1 | — | 1 | 1,0 | | 0, | 2,0 | — | 1 | — | 1 | 1,2 | 2,5 | 1,3 | 2,5 | — | 17 | 2 | 19 | 2,2 | 37,5 | 2,2 | 2,0 |
| 11 | 65 | 39 | 104 | 100% | 264 | 100% | 2,5 | 14 | 65 | 20 | 85 | 100% | 186 | 100% | 2,2 | 157 | 583 | 266 | 849 | 100% | 1.771 | 100% | 2,1 |

ווער זײַנען די פראָדוצענטן פון די 849 אויסגאַבעס פאַר די ערשטע פינף יאָר?

אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע גיט אונדז די טאַבעלע V. אויך דאָ זעען מיר די־זעלביקע דערשײַנונג, וואָס בענעגייע דעם אינהאַלט פון די ביכער, — עס עקזיסטירט בישכיינעס רעאַקציע און רעוואָליוציע. איינצײַטיק מיטן פאַרלאַג „חיים", „התחיה" און „פאָלקס־פאַרלאַג" אַרבעטן די פאַרלאַגן פון קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים, „דער קאָמוניסט" און אנד.

אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער דרוק־פראָדוקציע אין פ.ס.ר.ר. לויטן כאַראַקטער פון די אויסגאַבעס און זייער אינהאַלט, איז צו מערקן עטלעכע עטאַפּן. דער ערשטער עטאַפּ איז אַן ערעך דאָס יאָר 1917. דערדאָזיקער עטאַפּ צייכנט זיך אויס מיט דער היפּשער צאָל נאַציאָנאַליסטיש־קליינבירגערלעכע פּאַרטייִשע פאַרלאַגן (40%) און פּריוואַטע פאַרלאַגן (38,7%). צווישן די „פּאַרטייִשע" (שוין אָפּגערעדט פון די „פּריוואַטע") איז ניטאָ קיין איין קאָמוניסטישע אויסגאַבע.

דער צווייטער עטאַפּ פאַלט אויס אויף די יאָרן 1918—1919, ווען די קאָאָפּעראַטיווע און געזעלשאַפטלעכע פאַרלאַגן הויבן אָן פאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט אין דער דרוק־פּראָדוקציע און ווען די מעלוכע־פאַרלאַגן הויבן זיך שוין אָן צו באַווײַזן (אין ר.ס.פ.ס.ר.), כאָטש זיי האָבן נאָך ניט די אויבערהאַנט איבער די אַלע אַנדערע פאַרלאַגן. די פּריוואַטע פאַרלאַגן האַלטן זיך נאָך גענוג שטײַף (אין 1918 האָבן זיי נאָך גאַנצע 43,7% פון דער דרוק־פראָדוקציע, די „געמישטע פאַרלאַגן" („קיעווער־פאַרלאַג" און אנד.), וואָס זײַנען אויך האַלב פּריוואַטע, דערגרייכן דאָס יאָר 1919 ביז 24,8%. עס קומט פאָר אַ מין „פאַרמעסטונג" צווישן די פּריוואַטע און האַלב פּריוואַטע מיט די געזעלשאַפטלעכע פאַרלאַגן.

דער דריטער עטאַפּ איז—די יאָרן 1920—1921, ווען די פּריוואַטע פאַרלאַגן הויבן אָן צו פאַרשווינדן (דאָס יאָר 1921 זעט מען זיי שוין אינגאַנצן ניט אָן). עס פאַרשווינדן אין דערזעלביקער צײַט אויך אַלע קליינבירגערלעכע פּאַרטייִשע פאַרלאַגן, ווײַל די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך, וואָס האָבן, אַזוי געשוויבלט און גע־גריבלט אין דעם ערשטן פעריאָד, ווערן איצט אָן די מינדסטע געזעלשאַפטלעכע ווירקונג. אין 1921 גייען שוין אַרײַן אין דער רובריקע פּאַרטייִשע פאַרלאַגן אויסשליסלעך פאַרלאַגן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין דעמזעלביקן 1921 יאָר פאַרנעמען שוין דעם ערשטן אָרט די מעלוכע־פאַרלאַגן (גאַנצע 74,1%).

דאָס ערשטע וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן אין דער טאַבעלע V, איז דאָס, וואָס „איבערגעדרוקטע" פאַלט אויס אויף די פּאַרטייִשע פאַרלאַגן אין אַנערעך ווייניקער ווי אויף די איבעריקע פאַרלאַגן, — אויף 145 אויסגאַבעס נאָר 9 איבערגעדרוקטע (6,2%). אַסאַך אַ גרעסערן אָרט פאַרנעמט די איבערגעדרוקטע ליטעראַטור בא די פּריוואַטע פאַרלאַגן—אויף 230 אויסגאַבעס 89 איבערגעדרוקטע (38,7%). דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער פּריוואַטער פאַרלעגער סטאַרעט זיך איבערדרוקן פון מאַטריצן, קעדיי די „סכוירע" זאָל אים אויסמאַכן ביליקער. אַמאָל שטעלט מען נאָר צו אַ נײַע הילע צו אַלטע ביכלעך און מע פאַרקויפט עס פאַר נײַע אויסגאַבעס (אשטייגער, די №№ 282—304 און אנד.). פאַרקערט די קאָלערליי קליינבירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס פון יענער צײַט האָבן זיך פאַרנומען וואָס מער מיט נײַע אויסגאַבעס. זיי האָבן „מעזאַקע" געוועזן די וועלט מיט אָן אַ שיר נײַע „פּלאַטפאָר־מעס", פּראָגראַמעס און סטאַטוטן, אנעוו, איז נאָך צו מערקן, אז בענעגייע דער גרייס פון די אויסגאַבעס איז אפילע צווישן די דעמאָלסטיקע דינינקע גראָשן־ביכלעך פאַרנעמען די פּאַרטייִשע דאָס לעצטע אָרט. די דורכשניטלעכע גרייס זייערע איז אינגאַנצן 1,4 דרוקבויגן, ווײַל, ווי גע־זאָגט, די פּאַרטייען לאָזן דעמאָלסט אַרויס אויסשליסלעך קלענערע אַגיטאַציע־בראָשורקעס. נאָכ־דעם גייען די פּריוואַטע פאַרלאַגן מיט אַ דורכשניט פון ניט מער ווי 1,9 דרוקבויגן, —ווי אַ מיס־כער־זאַך האָט, ווײַזט אויס, נאָך דערווײַל ניט געלוינט, און טאַקע געוועזן אָן אײַנשטעלעניש אויך, אַרויסלאָזן צו יענער צײַט אַ יידיש ביכל פון אַ גרעסערן פאַרנעם.

אויך אין דער ריינקײַט און דער טעכנישער אויסשטאַטונג פון בוך שיידן זיך פאַנאַנדער

די פארלאגן צווישן זיך. פאר די ערשטע יאָרן, ווען עס באלעבאטעווען די פריוואטע און די אזויגערופענע „געזעלשאפטלעכע“ פארלאגן[1]) ווייַזט מען ניט אָן אפן דערשינענעם בוך דאָס יאָר, דרוק-אָרט א. אז. וו. אזוי טוט דער „פאָלקס-פארלאג“, „קיעווער פארלאג“, „בלימעלעך“ און אנד. פארן „פאָלקס-פארלאג“ און נאָך אזוינע פארלאגן איז כאראקטעריסטיש, אז זיי מאכן זייערע אויסגאבעס „ייִדישלעכער“, און אויב זיי שטעלן שוין יאָ דעם יאָר, גיבן זיי עס אָן אין דעם העברעיִש־רעליגיִעזן פראט, און מאכמעס דער העברעיִשער פראט פאלט זיך ניט צונויף מיט דער אייראָפּעיִשער ציילונג אין די לעצטע כאדאָשים פון יאָר, פירט עס דעריבער צו א טאָעס באם באשטימען די דאטע, ווי עס איז צו זעען פון די נומערן— 127, 178, 241, 246, 280, 347 און אנד. נאָך קונציקער טוען די ציִאָניסטן מיט זייערע אויסגאבעס— זיי פירן זייער „כעשבן“ זינט פון גאָלעס, און מען איז קיינמאָל ניט זיכער ווי ווייַט עס איז ריכטיק דער יאָר פון דער אויסגאבע, אשטייגער, די נומערן 59, 60 און אנד., ווי ווייַט עס איז אונדז גערעָמן פעסטצושטעלן פון אנדערע קוואלן, גלייַכט זיך עס טאקע ניט מיטן רעליגיִעז־העברעיִשן פראט, וואָס איז אָנגעוויזן אף דער אויסגאבע גופע.

א מער־ווייניקער קאָרעקט ביכל מיט פולערע קאָליאציע־יעדיעס באווייַזט זיך ערשט אין פארלאג „קולטור־ליגע“, און נאָך בעסער איז עס מיט די אויסגאבעס פון די מעלוכע־פארלאגן, וואָס גיבן שוין אָן אפילע דעם טיראזש פון בוך. צו אזא קולטורעלער שטופע האָבן דערגרייכט גאָר ווייניק פארלאגן פון יענער צייַט. און דעריבער טאקע האָבן מיר ניט געקענט אויסרעכענען דעם טיראזש פון די אויסגאבעס. דער טיראזש אף די אויסגאבעס פלעגט ניט אָנגעגעבן ווערן מיט א קיוון צו פארהוילן און צו פארדעקן פונעם לייענער די געשיכטע פון דער אויסגאבע, און קעדיי דאָס בוך זאָל קיינמאָל ניט אויסקומען ווי א פארלעגערטע „סכוירע“, אָבער מער פון אלץ איז עס געטון געוואָרן פון אָפּגעלאָזנקייַט, און מאכמעס ווינציק אינטערעס צום בוך ווי צו א קולטור־פאקטאָר.

די קליינבירגערלעכע פארטייִשע פארלאגן האָבן געקוקט אף זייערע אויסגאבעס ווי אף דערוווילעדיקע דערשייַנונגען, זיי האָבן געשריבן פון זאכן, וואָס האָבן נאָר א טאָג־אינטערעס, די פריוואטע פארלאגן האָבן עס געהאלטן נאָר פאר א פארנאָסע־זאך און געטון וואָס עס לוינט בעסער.

די פרעסע פון יענער צייַט האָט טאקע ריכטיק אָפּגעשאצט די דאמאָלסטיקע פארלאגן. „עס איז א צייַט פון ווילדער ספעקוליאציע... איז קיין וווּנדער ניט וואָס די מאראָדערייַ האָט זיך ארייַנגעכאפּט אויך אין דער פארלעגערייַ און ביכער־מארק. עס איז קיין וווּנדער ניט—דער סויכער האָט א שטארקן כוש־האָרייעך און ער האָט דערשמעקט, אז אויך אפן ביכער־מארק קען מען מאכן א קערבל“[2]) דאָס רעדט זיך וועגן זינגמאנס פארלאג „ייִדיש“ אין כארקאָוו, וואָס שטעלט אומגעהויערע פרייַזן אף זייַנע אויסגאבעס. ער שטעלט די פרייַז פון א מיטעלן דרוקבויגן פון 3ֿ8 קאָפּ. ביז 2 רובל, וואָס האָט דאמאָלסט געקאָסט פון 30—ביז 33 קאָפּ. א דרוקבויגן.

ש. ניגער אין זייַן ארטיקל „געדאנקען פון א לעזער. ליבהאָבערס“ זאָגט ווען די דאמאָלסטיקע פארלאגן, אז זיי האָבן ניט געשאפן קיין איין גרעסערע „ריין ליטעראַרישע אויסגאבע און עס איז ניט באשאפן געוואָרן קיין איין ערנסטער ביכער־פארלאג“[3]). ער פאלט דערהויפּט אָן אף די פריוואטע פארלאגן „ייִדיש“ אין כארקאָוו און אקצינס פארלאג „חבר“ אין מאָסקווע, וואָס דרוקן צום אלעם ערשטן זייערע אייגענע שלעכטע שאפונגען, די גאנצע פארלעגערייַ איז בא זיי ניט מער, ווי א ליבהאָבערייַ.

[1]) באם אייַנטיילן די אויסגאבעס לויט די גרופּעס-פארלאגן האָבן מיר זיך גערעכנט מיטן ריין פאָרמעלן סימען, אשטייגער, צווישן די „געזעלשאפטלעכע קאָאָפּעראטיווע“ איז פארעכנט אויך דער „פאָלקס-פארלאג“, וואָס איז פאקטיש געווען פון דער „פאָלקס-פארטיי“, אָבער ער האָט זיך פראָקלאמירט פאר א קאָאָפּעראטיוו-געזעלשאפטלעכן. אגבֿ, האָט דער „פאָלקס-פארלאג“ ווייניקער פאר אלץ געדרוקט זייַן ריין פארטייִשע ליטעראטור.

[2]) זע: א. פאכמאן.—ביכער-מאראָדערן. „נייע צייט“, כצ. (ק) 1918, נומ. 115 (233), ז. 2.

[3]) דאָרט, נומ. 148 (236), ז. 2.

צווישן די פּריוואַטע פאַרלעגער האָבן מיר א בינטל בוך־הענדלער, וואָס פאַרנעמען זיך גלײַכצײַטיק מיט פאַרלעגערײַ אויך, אשטייגער, מ. גאָלדפײַן, קיִעוו. מע קען דאָ אויך באַגעגענען דעם אלטן, גוט־באַקאַנטן מויכערספאָרעמניק און ארויסגעבער פון רומל־ספאָרים שעפּטעל פון באַר־דיטשעוו, וואָס פּעקלט זיך אריבער קיין קיִעוו, פאַרבט זיך איבער אף מאָדערנעם ציִאָניסטישן נאָמען: „דרוק התחיה" און איז „מעזאַקע" דער וועלט מיט ציִאָניסטישע בראָשורעס.

עס איז נאָך קעדײַ אָפּצושטעלן זיך אף דער רובריקע „געזעלשאַפטלעכע". אהער גייט ארײַן איינער פון די באַדײַטנדיקע פאַרלאַגן פאַר יענער צײַט, דער „פאָלקס־פאַרלאַג". דער „פאָלקס־פאַרלאַג" איז געווען ניט סטאַם א געשעפט, דאָס איז געווען א שטיקל „אידייִשע" אונטערנעמונג פון ייִדישיסטישע טאַלמידע־כאַכאָמים מיט מענאַכעם־מענדלש־איבערגעטריבענע פּרעטענזיעס.

אָט, לעמאָשל, וואָס דער „פאָלקס־פאַרלאַג" אליין זאָגט וועגן זיך: „דער ייִדישער פאָלקס־פאַרלאַג וויל זײַן א היים פאַר דעם ייִדישן בוך... דער אָס־האַסייפער איז שיר ניט געבליבן אָן א סייפער... און א גרויסע צאָל נאַציאָנאַלע אינסטיטוטן זײַנען פאַרבליבן ווי א קאַנקאַן אָן א יעש: עס פעלט זיי דאָס בוך, דער קליײזײַען פון דער נאַציאָנאַלער קולטור... דאָס קינד, דער שילער, דער לערער, דער סטודענט, דער מאַסמיד און דער פרײַער צוהערער. פון פאָלק דאַרפן באַקומען זייער בוך..." (פּראָספּעקט נומ. 1. קיִעוו, אדר תר"עט).

ווי מע זעט האָט זיך דער „פאָלקס־פאַרלאַג" פאַרמאָסטן ניט אף קאַטאָוועס. דער „פאָלקס־פאַרלאַג" האָט אלעמען אינזינען „פון א ווערעמל ביז א וויזל־טיר", אלעמען נעמט ער זיך אונטער באַזאָרגן מיטן נויטיקן בוך. עס איז א פאַרלאַג אָן א פּלאַן, מיט אָן ערעוועראַוו־פּראָדוקציע, א פאַרלאַג, וואָס וויל פאַרכאַפּן אלע צווײַגן פון דער וויסנשאַפט; באַ אזא סיסטעמלאָזיקייט און צופאַלאָסנקייט. האָט ער זיך טאַקע, דער „פאָלקס־פאַרלאַג" אלץ געקײַקלט באַרג־אַראָפּ ביז זײַן צווייטן גילגל, דעם בערלינער „כלל־פאַרלאַג" און אויך דאָרטן האָט ער זיך לאַנג ניט געהאַלטן און איז אויסגעגאַנגען בינשיקע...

פון די גרעסערע פאַרלאַגן אין דער גרופּע „געמישטע" איז נאָך צו דערמאָנען דעם „קיִעווער פאַרלאַג", וואָס איז אייגנטלעך א האַלב פּריוואַטע אונטערנעמונג, (דער עמעסער באַלעבאָס זײַנער איז נאַכמען מײַזעל) און וואָס האָט אויך פּרעטענזיעס אף א ליטעראַרישן פאַרלאַג.

מיר זעען פון דער טאַבעלע V ווי די פאַרשידענע גרופּעס פאַרלאַגן קעמפן צווישן זיך, יעדער פון זיי סטאַרעט זיך ארויסצושטויסן די צווייטע. צום דריטן פּעריאָד, איבערהויפּט 1921, שטאַרקן זיך די מעלוכישע און פּאַרטייִש־קאָמוניסטישע פאַרלאַגן. עמעס, אין דעמדאָזיקן יאָר פאַלט, איבער צײַטווײַליקע עקאָנאָמישע סיבעס, די אבסאָליוטע צאָל אויסגאַבעס, אָבער דערפאַר איז עס דורך און דורך סאָוועטישע ליטעראַטור מיט א פעסטן דרוק־פּלאַן, שוין אָפּגערעדט, אז איר אינהאַלט איז אין דער פולסטער מאָס צוגעפּאַסט צו די באַדערפע־נישן פון די ברייטסטע ייִדישע האָרעפאַשנע מאַסן.

פון דעם אלעם איז צו זעען:

נאָך אָקטיאַבער קומט שטאַרק אויף אין פ. ס. ר. ר. דאָס ייִדישע בוך, די צאָל ייִדישע אויסגאַבעס ווערט היפּש פאַרגרעסערט דאָס יאָר 1919, אָבער דאָס זײַנען דאָס ראָוו מינ־דערווערדיקע בראָשורע־אויסגאַבעס פון קאָלערליי בורזשואַזע און קלײנבירגערלעכע פאַר־טייען, א היפּשע צאָל „שאַפונגען" פון גראַפאָמאַנען אָדער אַנדערע ייִדישיסטישע קווי־קענישן. די יאָרן 1920, 1921 ווערט די ייִדישע ביכער־פּראָדוקציע אלץ מער סאָוועטיזירט, עס פאַלן אָפּ די פאַרשידענע פאַרזאָרגער פון דעם ייִדישן ביכער־מאַרק, און עס ווערט אויס מיט דער אכרײַעסלאָזיקייט און העפקיירעס אין דרוקן ייִדישע ביכער. **דער עמעסער אויפשטײַג** אָבער פון **דעם ייִדישן ביכער־וועזן**, ווען עס וואַקסט אויס דאָס ערנסטע און נוצלעכע בוך אף צו באַזאָרגן די מאַסן־קולטור — **קומט ערשט אין די צווייטע פינף יאָר אָקטיאַבער**.

**א פאָר באמערקונגען צו דער סיסטעם וויאזוי די ביבליאָגראפישע רעשימע איז צונויפגעשטעלט.**

די רובריקאציע אין דערדאָזיקער ארבעט איז אינגאנצן גענומען פון די ביבליאָגראפישע רעשימעס, וואָס עס לאָזט ארויס די לעצטע צײַט די ביכער־קאמער אין ר. ס. פ. ס. ר. דער אופן באשרײַבן ביבליאָגראפיש איז, אכוץ קליינע אויסנאמען, געמאכט לויט ש א מ ו ר י נ ס אינסטרוקציע (Шамурин, Е. И.—Каталография, (Л), 1925.) יעדער אויסגאבע האָבן מיר באשריבן פון טיטל־בלאט, אלע יעדיעס, וואָס זײַנען ניט פון טיטל־בלאט זײַנען ארײַנגענומען אין עקיקע קלאמערן [ ], דערבײַ זײַנען אָפּגעצייכנט מיט אן „1" פארן קלאמער ([1) אזוינע יעדיעס, וואָס זײַנען גענומען פון דער הילע אָדער סאָף בוך, מיט א „2" ([2), אויב די יעדיעס וואָס עס ווערן געבראכט, זײַנען גענומען פונעם טעקסט גופע, און מיט א „3" ([3), אויב די יעדיעס זײַנען גענומען פון א זײַטיקן קוואל אויסער דעם באשריבענעם בוך. מיר האָבן זיך געסטארעט געניי איבערגעבן די יעדיעס פון טיטל־בלאט. ערטערווײַז האָבן מיר אָבער געמוזט דעם טיטל־בלאט איבערערדאגירן קעדיי די עלעמענטן פון דער ביבליאָגראפישער באשרײַבונג זאָלן זײַן אומעטום אויסגעהאלטן אין איין סיסטעם. די אָרטאָגראפיע איז געניי אָנגעגעבן לויטן אָריגינאל. איבער טעכנישע מעניעס נאָר האָבן מיר ניט געקענט איבערגעבן די נעקודעס, וואָס איז דאָ בא די נומערן 34, 40, 200, 205, 221, 236, 305, 470, 522, 525 526, 528, 530—532, 619, 659 660 און 829; איבער דערדאָזיקער סיבע איז בא אונדז אויך ניט גאָר אויסגעהאלטן די „א" און „אָ", וואָס אין די אָריגינאלן.

דאָרטן ווו דאָס יאָר איז אָנגעוויזן אף דער אויסגאבע האָבן מיר אנשטאָט דעם יאָר געשטעלט א דרײַפּונקט (...), אויב דאָס יאָר איז געגעבן אין העברעיִשן פראט, האָבן מיר עס איבערגעזעצט אין דער אייראָפּייִשער ציילונג און געבראכט אין עקיקע קלאמערן. די ערשטע יאָרן איז נישט אלעמאָל געווען אָנגעוויזן די דאטע אף דער אויסגאבע, און באם גרופירן די אויסגאבעס לויט די יאָרן איז אונדז זייער שווער אָנגעקומען פעסטצושטעלן דעם יאָר פון דער אויסגאבע. צו דעם צוועק האָבן מיר געניי געשטודירט יעדער אזא מין אויסגאבע, וואָס האָט אף זיך ניט די דאטע, ווען עס איז ארויס.

אסאך מאָל האָט אונדז געהאָלפן דער אינהאלט פון דער אויסגאבע, איבערהויפּט איז עס געוועט געוואָרן בא פּאָליטישע בראָשורעס, וואָס לויט די געשעענישן, וואָס עס ווערן דאָרטן באהאנדלט, קען מען אמאָל אָנשטויסן זיך אויך ווען עס איז געדרוקט, לעמאָשל, רעזאָליוציעס פון צונויפפאָרן, וואל־ליטעראטור א. דגל. מיר האָבן נאָך געפאָרשט די דרוק־דאטעס פון די אויסגאבעס לויט די אנאָנסן אין דער פעריאָדיקע און אין די קאטאלאָגן פאר יענער צײַט.

אָפּטמאָל קען מען די דאטע אויסדרינגען אף אזא מין אופן, לעמאָשל: נום. 337 „פושקין. — דער פישער און דאָס גאָלדענע פישעלע", „קיעווער פארלאג" איז געדרוקט דאָס יאָר 1918, — די אויסגאבעס פון דעמזעלבן פארלאג, וואָס זײַנען אנאָנסירט אף דער הילע פון דעמדאָזיקן ביכל, אשטייגער, נום. 341, „פאר קליינע קינדער — זאמלונג", האָט מעמיילע ניט געקענט געדרוקט ווערן שפּעטער ווי דאָס יאָר 1918. אז אין 1917 איז די זאמלונג ניט ארויס דערוויסן מיר זיך פון דעם, וואָס דאָס ביכל, „פאר קליינע קינדער" האָט געקאָסט 1 רוב. 25 קאָפּ.: א קליין ביכעלע פאר אזא הויכער פרײַז האָט נאָך ניט געקאָנט געמאָלט זײַן דאָס יאָר 1917, און מיר האָבן עס מיט זיכערקײַט אָנגענומען, אז עס איז געדרוקט דאָס יאָר 1918. אונדזערע האשאָרעס וועגן די דאטעס פון די ביכער זײַנען זיך שטענדיק צונויפגעפאלן מיט די דאטעס, וואָס מיר האָבן אויסגעלייענט אין די רעצענזיִעס אף דיזעלבע ביכער און מיט די דאטעס גענומען פון אנדערע קוואלן. אמאָל איז אונדז געווען פאר א שליסל צו טרעפן די דאטעס פאר די אויסגאבעס אפילע אזא מין דעטאל — אף אייניקע ביכלעך איז אנאָנסירט: „עס דרוקט זיך דער אָפּרײַס־קאלענדאר „היום" אפן יאָר „תר"עט". פון דעם איז געדרונגען, אז דאָס ביכל וואָס אנאָנסירט א קאלענדאר אפן יאָר 1919 איז געדרוקט דאָס יאָר 1918. מיר האָבן זיך, פארשטייט זיך, קיינמאָל ניט פארלאָזט אף איין סימן, ערשט אויב

עטלעכע סימאָנים זײַנען זיך צונויפגעפאַלן, האָבן מיר געהאַלטן אונדזער האַשאָרע פאַר ריכטיק. באַם איבערזעצן די דאַטע פון העברעיִשן פראַט אין דער אייראָפּייִשער ציילונג האָבן מיר אינזינען געהאַט, וואָס דאָס העברעיִשע יאָר הויבט זיך אָן אַף 3 כאָדאָשים פריִער ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער, און דעריבער האָבן טאַקע די נומערן 59, 60 מיט דער באַצייכענונג, „תשרי אתת״מח לגלותנו״ אין „מר חשון אתת״מח לגלותנו״, רעגי־סטרירט צווישן די ביכער פון יאָר 1917. אַזוי אין יעדער פאַל באַזונדער האָבן מיר אַף פאַרשיידענע אויפאַנים פעסטגעשטעלט די דאַטע פון דער דערשינענער אויסגאַבע.

מיר האָבן זיך געסטאַרעט, ווי ווײַט מעגלעך, אופצודעקן די פאַמיליעס פון די אַנאָנימע מעכאַברים. אַגעוו, באַ שרײַבער, וואָס דער פסעוודאָנים זייערער איז מער באַקאַנט, ווי זייער עמעסע פאַמיליע, א שטייגער, „שאָלעם־אַלייכעם״, „מענדעלע מויכער־ספאָרים״, האָבן מיר אויסגעשטעלטן לויטן פסעוודאָנים און ניט לויט דער פאַמיליע.

מיר האָבן אײַנגעפירט אין אונדזער אַרבעט דאָס קאָלעקטיווע אווטאָרישקײַט. אשטייגער, אַן אַנאָנימע אויסגאַבע, וואָס עס האָט אַרויסגעלאָזט א געוויסער אַנשטאַלט, א גיזעל־שאַפט, א פאַרטיי האָבן מיר עס געשטעלט אַף זייער נאָמען אין אַלעפבייז־סיידער. [1]

באַ איבערגעדרוקטע ביכער, האָבן מיר זיך געמיט אָנגעבן, ווי ווײַט מעגלעך, ווען עס איז אַרויס די ערשטע אופלאַגע. דידאָזיקע יעדיִעס האָבן מיר געבראַכט אין עקיקע קלאַ־מערן גלײַך אַפּן אָרט, וווּ עס רעדט זיך וועגן דער אופלאַגע.

באַם מעסטן דעם פאָרמאַט פון די באַשריבענע אויסגאַבעס אין סאַנטימעטער, זײַנען מיר אַביסל אָפּגעטראָטן פון דער אָנגענומענער אינסטרוקציע צו מעסטן דעם אײַנבונד אָדער

[1]) דאָס באַשרײַבן ביכער לויט דער קאָלעקטיווער אווטאָרישקײַט איז איבערגענומען פון די ענגליש־סאַקסאָנישע ביבליִאָטעקאַרן און ביבליִאָגראַפן.

אין דער רוסישער ביבליִאָגראַפיע איז עס ניט קיין נײַס, אין א צאָל ביבליִאָגראַפישע אַרבעטן איז עס געווען אָנגעווענדעט, אָבער עס איז אַסאַך ווייניקער געניצט געוואָרן איידער באַ די ענגליש־סאַקסאָנישע ביבליִאָגראַפן. די רוסישע ביבליִאָגראַפן האָבן אָנגענומען די קאָלעקטיווע אווטאָרישקײַט, נאָר פאַר אָפיציִעלע אַנשטאַלטן, ווי די זעמ־סטוועס און אַנד., וואָס פלעגן אַרויסלאָזן זייערע ביכער סעריִעסווײַז אונטער קאָלעקטיוו נעמען. פאַרשידענע יאָר־ביכער. דיגוועכעשבנס, פּאָפּולערע בראָשורעס א. דגל. ווען מע זאָל געווען דעמדאָזיקן היפשן מאַטעריִאַל אָנגע־מען פאַר אַנאָנימע אויסגאַבעס און צושטעלן זיי לויטן טיטל פון בוך אין אַלעפבייז־סיידער, וואָלט זיך פאַרלאָרן די גאַנצקײַט און איינהייַטלעכקײַט פון דער סעריע. באַם נוצן די קאָלעקטיווע אווטאָרישקײַט אָבער פאַרייניקט זיך דער מאַטעריִאַל אונטער איין קעפּל — אונטערן נאָמען פון דער געזעלשאַפט, וואָס גיט עס אַרויס.

ביז דער רעוואָליוציע איז באַ אונדז געווען אָנגענומען די דײַטשישע סיסטעם — אַרויסצורוקן אין אַנאָנימע אויסגאַבעס א „שלאָג־וואָרט״. דאָס ראָוו נוצט מען דערצו דעם ערשטן סובסטאַנטיוו אין נאָמענאַטיוו זע: Instruktionen für die alphabetischen Kataloge der Preussischen Bibliotheken. Berlin, 1915, 180 S.

די ענגליש־אַמעריקאַנישע פּראַקטיק האָט דערוויזן, אַז אַזאַ אויפן אויסטיידערן די ביכער טראָגט אַרײַן א פלאָנטער איבער דער צופעליקע סוביעקטיווער פרײַיקײַט באַם אויסוואַלן דעם שלאָג־וואָרט; אַגעוו, איז ניט יעדער מאָל דאָ א פּאַסיקער שלאָג־וואָרט, וואָס דער לייענער וועט עס גרינג פאַרגערעכנקען און לויט דעם זוכן דאָס בוך אין קאַטאַלאָג. דעריבער ברויכט מען אין די ענגליש־אַמעריקאַנע ביבליִאָטעקן בעסער די קאָלעקטיווע אווטאָרישקײַט.

סאָף פאָריקן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען ביבליִאָטעק־צונויפפאָרן אין גול און בירמינגאַם. דאָרטן איז אָנגע־נומען געוואָרן די סיסטעם פון די ענגלישע ביבליִאָטעקעס, וואָס פּראַקטיקירן שוין פון די זעכציקער יאָרן פון פאָ־ריקן יאָרה. די קאָלעקטיווע אווטאָרישקײַט. דאָס יאָר 1908 איז אַרויס וועגן דעם אַן אינסטרוקציע. באַ אונדז איז די קאָלעקטיווע אווטאָרישקײַט אָנגענומען אין די אָפיציִעלע ביבליִאָגראַפישע, אויסגאַבעס אין די „Книжная летопись״.

י. ע. א ר. ש א מ ו ר י ן אין זײַן ביכל „Каталография״ לייגט אויך פאָר אײַנפירן דעם קאָלעקטיוון אווטאָר אײַנגאַנצן לויט דער ענגליש־אַמעריקאַנישער אינסטרוקציע פון 1908. דידאָזיקע סיסטעמע האָט פּראַקטישע צוועקן און אויך א טעאָרעטישן גרונט.

אויב מיר זאָלן גיין אַפּן וועג פון די אַמעריקאַנער, וואָס טײַטשן אויס, אַז דער מעכאַבער איז נאָר דער, וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס בוך — „the writer of a book״, וואָלט דאָך זײַן אָפּגעפרעגט אויך דאָס, וואָס מיר רעכענען שוין פונלאַנג פאַרן מעכאַבער דעם צונויפשטעלער פון א כרעסטאָמאַטיע, דעקלאַמאַטאָר א. דגל. הייסט עס, אַז מיר נעמען אַביסל ברייטער דעם באַגריף ביבליִאָגראַפישן אווטער: פאַרן אווטער האַלטן מיר יענעם, וואָס האָט גוירעם געווען דאָס בוך זאָל אַרויס, דער הויפּט־אירעאָלאָגישער מיסחירקער, אַז די אויסגאַבע זאָל דערשינען. דעריבער איז אַן אויסגאַבע וואָס עס לאָזט אַרויס א פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אָדער א געזעלשאַפט, אַזאַ אויסגאַבע דאַרף מען רעכענען, אַז דער אווטער איז דאָ דידאָזיקע פאַרטיי אָדער געזעלשאַפט, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די אויסגאַבע זאָל אַרויס.

פאפקע פון בוך -מיר האָבן געמאָסטן בלויז דעם זאצשפיגל און געלאָזט אינגאנצן פאלן די ראנדן — דאָס לײדיקע פאפיר ניט אריַינגענומען אין כעשבן. עס נעמט זיך דערפון, וואָס מיר האָבן זיך ניט געקענט גליַיכן צו דער ביכער־קאמער, אשטייגער, וואָס קריגט די דרוק־פראָדוקציע אָקאָרשט פון דרוק און האָט די נאטירלעכע גרייס פון יעדער אויסגאבע. די אויסגאבעס, וואָס מיר האָבן פארמאָגט זיַינען דאָס ראָוו געווען שטארק ארומגעשניט; „ביזן פלייש״, איז דעריבער צוליב דער אייניהיַיטלעכקיַיט פון דער סיסטעם, האָבן מיר געמאָסטן דעם זאצ־שפיגל אין אלע אונדזערע עקזעמפליארן. באם אויסציילן די דרוקבויגנס פאר דעם פעריִאָד האָבן מיר זיך געהאלטן בא דער אינסטרוקציע, וואָס איז אָנגענומען אף דער דריטער אלפארבאנ־דישער בארטונג פון די דירעקטערס פון די ביכער־קאמערן. מיר זיַינען נאָר אָפּגעטראָטן פון דער אינסטרוקציע אין דעם פונקט, וואָס זאָגט, אז ניט קיין פולן בויגן רעכענען פאר א גאנצן בויגן. איבער דער ספעציפישקיַיט פון אונדזערע אויסגאבעס, וואָס האלטן דאָס ראָוו ניט מער ווי א דרוקבויגן, ווען מיר וואָלטן מעוואטער געווען צו א האלבן בויגן אף אן אויסגאבע, וואָלט אויסגעקומען, אז דער טאָעס וואָלט דעגרייכט קימאט צו 50 פראָצ. און אונדזערע צאָל דרוק־בויגנס וואָלט זיך אף א העלפט פארגרעסערט אין פארגליַיך מיט דער פאקטישער צאָל. בא די נומערן 35, 42, 50, 93, 95, 173, 204, 513, 514, וואָס זיַינען באשריבן אונטער די אויגן, האָבן מיר ניט געקאָנט דערגיין זייער פאָרמאט אָדער די צאָל זיַיטן און זיַינען דעריבער ניט אריַין אין כעשבן פון די דרוקבויגנס [1].

ביִאָגראפיעס האָבן מיר געשטעלט ניט אפן נאָמען פון מעכאבער, נאָר אפן נאָמען פון דער פערזאָן, וואָס ווערט באשריבן.

בא לידער האָבן מיר אָנגעגעבן די ערשטע שורע, קעדיי דער לייענער זאָל האָבן וואָס עס ניט איז פאר א באגריף וועגן ריטם פון באשריבענעם ליד.

די דעוויזן, לאָזונגען, וואָס זיַינען געווען אף די אויסגאבעס, האָבן מיר געבראכט אין גענזן־פיסלעך און אין קיַילעכדיקע קלאמערן, דערביַי האָבן מיר פון קורצקיַיט וועגן פארקירצט די גוט־באקאנטע לאָזונגען, אשטייגער, נאָר: („פראָלעטאריער ...״), וואָס דאָס מיינט: „פראָ־לעטאריער פון אלע לענדער, פארייניקט זיך!״

אונדזער כויוו איז נאָך דאָ בא דער געלעגנהיַיט צו באדאנקען דער פארוואלטונג און די מיטארבעטער פון דער יִידישער צענטראלער ביבליִאָטעק אף מאָריס ווינטשעווסקיס נאָמען אין קיעוו פאר באדינען אונדז צו דערדאָזיקער ארבעט מיט זייער ריַיכער און ווערטפולער קאָלעקציע ביכער און פעריִאָדישע אויסגאבעס.

## אונדזערע קירצונגען:

אגר.—אנראָנאָם.
(א.פּ.)—אָן פריַיז, די פריַיז גיט אָנגעוויזן.
ד״ר.—דאָקטער.
ווב.—וואָכנבלאט.
זש.—זשורנאל.
טצ.—טאָגציַיטונג.
(כ)—כארקאָוו.
(מ)—מאָסקווע.
(מינ.)—מינסק.
פטב.—פעטערבורג.
פטרג.—פעטראָגראד.
פראָפ.—פראָפעסער.
(ק)—קיעוו.

[1]) אין כעשבן זיַינען אויך ניט אריַין די לעצטע 3 נומערן (850—852).

ז. ראטנער און י. קוויטני[1]

# דאָס ייִדישע בוך אין פ. ס. ר. ר. פאר די יאָרן 1917—1921

# 1917

## I. אנטירעליגיִעזע ליטעראטור. רעליגיע

1. **זאסלאוסקי, ד.**
**... פארשוועכטע רייניקייטן. אנ׳ענטפער די רבנים.** [א פאמפלעט קעגן די ראבאָנים].
פעטערבורג, פערלאַג פון „בונד״, „די וועלט״. (7 №). (18 × 9). 8 ז. [3]פרײַז 6 קאָפּ.].

2. **זעלדאוו (נעמאנסקי).**
[3]1917]. — **די רעליגיע א פריוואט־זאך.**
פעטערבורג, פעראלג פון „בונד״, „די וועלט״. (1 №). (14 × 9). 15 ז. פרייז 15 קאפּ.

3. **מטוסוב, י. ח., הרב.**
**... איין ענטפער אויף איין ענטפער. בלייבט דאך ווידער די אלטע קשיא.**
(פון איין בעקאנטער ליעד). [3]אן ענטפער אף „זאסלאוסקי — פערשוועכטע רייניקייטן״, זע № 1].
אסטער, טשערניגאוו גוב. פערלאג פון מחבר, דרוק מ. בריסקער און טשערניאק. (16×11). 15 ז. [א. פּ.].

## II. פּאָליטישע פארטייען

1. „בונד״
2. „פֿאָלקס־פּארטיי״
3. „פאראייניקטע״ („ס״ ס״ און „י״ ס״)
4. „פּויאלײ־ציִען״
5. ציִאָניסטישע פארטיי
6. פארשידענע

### 1. „בונד״

4. [ר. ס-ד. א. פ. אלגעמיינער אידישער ארבעטער „בונד״].
**... אונזער וואַהל־פּלאטפאָרם.**
[S. L.], פּערלאַג פון „בונד״, „די וועלט״. (5 №). (19 × 12). 8 ז. [א. פּ.]. („פּראלעטאריער...״). געדרוקט אין 2 שפּאלטן.

---

[1]) ז. ראטנער (מאָסקווע) האָט צוגעשיקט א רעשימע ייִדישע אויסגאבעס אין פ. ס. ר. ר. פאר די יאָרן 1917—1927, אויסגעשטעלט נאָכן אלעפבייז. י. קוויטני האָט קאָנטראָלירט, דערגאנצט און סיסטעמאטיזירט דעם מאטעריִאל, אויסגעשטאט לויט די רובריקעס און די יאָרן.

י. קוויטני האָט נאָך פעסטגעשטעלט לויט אנדערע מעקוירים דעם יאָר, דרוק־אָרט א. ד. גל. דאָרט ווי דאָס פעלט אף דער אויסגאבע גופע, ער האָט געבראכט די רעצענזיעס און די ידיעות וועגן דער ערשטער אופלאגע, אייב דאָס בוך איז געדרוקט אין א צווייטער אופלאגע, אופגעדעקט פארשטעלטע טיטולן, פסעוודאָנימען, געמאכט די זוכצעטלען. און האָט אויך אָנגעשריבן דעם ארײַנפיר צו דער ארבעט. די אלגעמיינע רעדאקציע געהערט דעם ח׳ י. ליבערבערג.
רעדאקציע.

5. [ר. ס. ד. א.־פּ. אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“].
... דער אידישער צוזאמענפאר און די אינטערעסן פון די אידישע מאסן.
מינסק, צ. ק. פון „בונד“, דרוקעריי פון „בונד“. (14×18). 15 ז. פרייז 20 קאפּ.

6. [ר. ס. ד. א.־פּ. אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“].
... די וואהל־פּלאטפאָרם פון מאסקווער קאמיטעט פון „בונד“ צו די וואהלען אין דער אידישער קהלה פערוואלטונג.
נ.-נאווגאראד, דרוקעריי „פּראגרעס“. (20 × 14). 6 ז. [א. פּ.].

7. [ר. ס.־ד. א. פּ. אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“].
[1917][1] — די ערשטע פרייע קאנפערענץ פון „בונד“ אין וואלין.
קיעוו, אויסגאבע פון וואלינער גובערניאל-קאמיטעט פון „בונד“, דרוק. פון „בונד“. (18×11). 8 ז. פרייז 25 קאפּ. („פּראלעטאריער...“).

8. [ר. ס.־ד. א. פּ. אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“].
[1917][3]. — די פּלאטפאָרם פון „בונד“ צו דער אוקראינער גרינדונגס־פערזאמלונג.
קיעוו, אויכגאבע פון געגענד־קאמיטעט פון „בונד“ פאר דרום-רוסלאנד. דרוק. פון „בונד“. (27 × 17). 4 ז. („פּראלעטאריער...“).

9. [ר. ס.־ד. א. פּ. אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“ אין ליטע, פּולען [פּוילן] און רוסלאנד].
... די פּראגראם פון „בונד“. די פּראָגראַם פון דער רוסלענדער סאָציאל־דעמאָקראטישער ארבייטער־פּאַרטיי. די פּראָגראַם פון „בונד“ אין דער נאציאָנאַלער פראַגע.
[S. L.], ארויסגעגעבן פון צענטראַל-קאָמיטעט פון „בונד“. (21 × 13). 8 ז. פרייז 12 קאפּ. („פּראלעטאריער...“).

10. [ר. ס.־ד. א. פּ. אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“].
[1917][3] — די רעזאלוציעס פון דער X־טער קאנפערענץ פון „בונד“.
פּעטראגראד, דרוק. אבעלסאן. (20×13). 8 ז. פרייז 12 קאפּ.

11. [ר. ס.־ד. א. פּ. אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“].
... רעזאלוציעס פון X קאנפערענץ פון „בונד“ (№ 2).
פּעטראגראד, דרוק אבעלסאן. (22 × 15). 8 ז. פרייז 15 קאפּ.

12. ברײנער, ס.
[1917][1]. — די שטאט־פערוואלטונג און די ארבייטער.
[S. L.], פערלאַג פון „בונד“, „די וועלט“. (№ 3). (19 × 10). 8 ז. פרייז 10 קאפּ. („פּראלעטאריער...“).
אינהאלט: „אונזער מוניציפּאלע פּראגראם“.

13. מערעזשין, א.
... „בונד“ און ציוניזם“.
אדעס. אַרויסגעגעבן פון אָדעסער קאָמיטעט פון „בונד“ דרוק פון אָדעסער ראַט פון ארבייטער דעפּוטאטן. (18 × 13). 47 ז. פרייז 30 קאפּ. („פּראלעטאריער...“; „רוסלענדער סאצ.-דעמאקראטישער ארבייטער-פּארטיי — אלגעמיינער אידישער ארבייטער „בונד“).

## 2. „פאָלקס־פּארטיי“

14. טשערניכאָוו, י.
... וואס וויל די אידישע פאָלקס פּאַרטיי?
כאַרקאָוו, כאַרקאָווער קאָמיטעט פון דער „אידישער פאָלקספּאַרטיי“, דרוקעריי „התחיה“. (12 × 8). 13 ז. פרייז 15 קאפּ.
[איבערגעדרוקט פון דער צייטונג „דאָס פאָלק“].

15. [איד. פאלקס־פּארטיי“].
... די פּלאטפאָרם פון דער „אידישער פאלקס־פּארטיי“ [געוועזענע „אידישע דעמאקראטישע

פאראײניגונג״], אָנגענומען אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ אין מאָסקווע, 30 יוני — 3 יולי 1917.

פעטראגראד, ארויסגעגעבן פונ׳ם אָרגאַניזאציאָנס-קאָמיטעט פון דער „אידישער פאָלקס-פארטײ״. (14 × 9). 12 ז. פרייז 15 קאָפ.

16. [„איד. פאלקס־פארטײ״].

... רעזאלוציעס, וואס זײַנען אָנגענומען געוואָרען אויף דער ערשטער קאנפערענץ פון דער „אידישער פאלקס־פארטײ״ (געוועזענע „אידישע דעמאָקראטישע פאראײניגונג״) אין מאָסקווע 30־טען יוני — 3 יולי 1917.

פעטראָגראד, אַרויסגעגעבן פונ׳ם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט פון דער „אידישער פאלקס-פארטײ״, געדרוקט בײ גלאובערמאן, קיעוו. (13 × 8). 19 + [2] ז. „קאטאלאג״. פרייז 25 קאפ.

### 3. „פארײניקטע״ („ס. ס.״ און „י. ס.״)

17. לעשצינסקי, יעקב.

[3][1917]. — אונזערע נאציאנאלע פאדערונגען.

קיעוו, אויסגאַב פון צ. ק. פון דער פאראײניגטער אידישער סאָציאליסטישער אַרבײטער-פאַרטײ ס. ס. און י. ס., דרוק. „נײע צײט״. (13 × 9). 38 ז. פרייז 20 קאפ.

18. [„ס. ס.״].

[1][1917] — רעזאלוציעס און בעשלוסען פון דער 6־טער פארטײ־קאנפערענץ אין מאסקווע, דעם 2—6־טען אפריל 1917.

אדעס, ארויסגעגעבען דורכ׳ן צענטראל-קאמיטעט פון דער פארטײ [„ס. ס.״], דרוק פון מ. קאָזמאַן. (14×9). 20 ז. פרייז 15 קאָפ. („פראלעטאריער...״; „אידישע סאציאליסטיש-טעריטאריאליסטישע ארבײ-טער-פארטײ״ („ס. ס.״).

19. [„ס. ס״.].

... רעזאלוציעס און בעשלוסען פון דער 6־טער פארטײ־קאנפערענץ אין מאסקווע, 2—6 אפרעל 1917.

מאסקווע. ארויסגעגעבען דורכ׳ן צענטראל-קאמיטעט פון דער פארטײ („ס. ס.״), דרוק שלום באק-שטײן. (18×9). 15 ז. פרייז 20 קאפ. („אידישע סאציאליסטישע ארבײטער-פארטײ („ס. ס״)״; „פראלע-טאריער...״).

### 4. „פּויאלײ־ציִען״

20. באָראָכאָוו, ב.

[3][1917]. מיטן פנים צו דערווירקליכקייט.

[מאָסקווע, פארלאג „דער האמער״], דרוקערײ פון דער א. ס.-ד. א. פּ. („פועלי-ציון״). (13×8). 11 ז. פרייז 8 קאפ.

21. דאנין [3][ב. באָראָכאָוו].

... וואס ווילען די פועלי־ציון. פירטע אויסגאבע. [3][ערשטע אײסגאבע: ווילנע, פארלאג „האמער״, 1906].

קיעוו [און] מאסקווע, פערלאג „דער האמער״, זעצערײ פון דער א. ס.-ד. א. פּ. („פועלי-ציון״), געדרוקט בײ ה. גלאובערמאן. (12×9). 16 ז. פרייז 25 קאפ.

22. [א. ס.־ד. א. פּ. („פועלי־ציון״)].

... אונזער וואַל־פּלאַטפאָרם צו דער אוקראינישער גרינדונגס-פארזאמלונג.

קיעוו, אויסגאבע און זעצערײ פון צ. ק. פון דער א. ס.-ד. א. פּ. („פועלי-ציון״). (16×11). 8 ז. פרייז 10 קאפ. („פראלעטאריער פון אלע נאציעס, פאראײניגט זיך״).

23. [א. ס.־ד. א. פּ. („פועלי־ציון״)].

... אונזער וואַל־פּלאַטפאָרם צום אלרוסלענדישן אידישן צוזאמענפאר (צעטל № 7).

קיעוו, אויסגאבע און זעצערײ פון צ. ק. פון דער א. ס.-ד. א. פּ, (פועלי-ציון״). (16×12). 8 ז. פרייז 10 קאפ. („פראלעטאריער פון אלע נאציעס...״).

24. [א. ס.-ד. א. פ. (פועלי־ציון")].
... דער אידישער פראלעטאריאט און דער אינטערנאציאנאל (דער מעמאראנדום פון דער פועלי־ציוניסטישער דעלעגאציע ביים אינטערנאציאנאל).

קיעוו, פארבאנדס-ביורא, זעצעריי פון דער א. ס.-ד. א. פ. (פועלי-ציון"). (9×14). 31 ז. [א. פ.]. („פראלעטאריער פון אלע נאציעס..."; „אידישע פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניגט זיך אונטער דער פאָן פון „פועלי-ציון!").

25. א. ס.־ד. א. פ. (פועלי־ציון")].
... די וואַל־פלאטפאָרם צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג.

קיעוו, אויסגאבע פון צ. ק. פון דער א. ס.-ד. א. פ. („פועלי-ציון"), דרוקעריי פון די יורשים י. שענפעלד. (10×15). 12 ז. [א.פ]. („פראלעטאריער פון אלע נאציעס..."; אידישע פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניגט זיך אונטער דער פאהן פון „פועלי-ציון").

26. [א. ס.־ד. א. פ. („פועלי-ציון")].
... די וואַל־פלאטפאָרם צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג פון דער אידישער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי („פועלי־ציון").

קיעוו. אויסגאבע און זעצעריי פון א. ס.-ד. א. פ. („פועלי-ציון"). (11×16). 15 ז. פרייז 12 קאפ. („פראלעטאריער פון אלע נאציעס..."; „אידישע פראלעטאריער פון אלע לענדער...").

27. [א. ס.־ד. א. פ. (פועלי־ציון")].
[1917][3]. — וואס פערלאנגט די אידישע סאציאל־דעמאקראטישע ארבייטער־פארטיי („פועלי-ציון") פון די נייע שטאדט־פערוואלטונגען (מוניציפאַלע וואהל־פלאטפאָרם).

קיעוו, פארלאג דרום־מערבדיגער קאמיטעט „פועלי־ציון", דרוק. בריסקער און טשערניאק. (9×14). 8 ז. פרייז 5 קאפ.

28. [א. ס.־ד. א. פ. („פועלי־ציון")].
.. די פראָגראַם פון דער אידישער סאָציאל־דעמאָקראטישער ארבעטער־פארטיי („פועלי־ציון").

קיעוו, אויסגאבע און זעצעריי פון דער א. ס.-ד. א. פ. („פועלי-ציון"), געדרוקט בא גלאזבערמאן. (9×13). 16 ז. פרייז 25 קאפ. („פראלעטאריער פון אלע נאציעס...", אידישע ארבעטער פון אלע לענדער, פאראייניגט זיך אונטער דער פאהן פון „פועלי-ציון!").

29. [א. ס.־ד. א. פ. („פועלי־ציון")].
... רעזאליוציעס פון דריטען אלרוסישען צוזאמענפאהר פון דער אידישער סאציאל־דעמאקראטישער ארבייטער פארטיי („פועלי־ציון") אין רוסלאנד.

קיעוו, פערלאג „דער האמער", זעצעריי פון דער א. ס.-ד. א. פ. („פועלי-ציון"). (10×15). 16 ז. [א. פ.].

30. א. ס.־ד. א. פ. („פועלי־ציון")].
... די רעזאלוציעס פון דער קאנפערענץ פון דער אידישער סאציאל־דעמאקראטישער ארבייטער־פארטיי („פועלי־ציון") אין מאסקווע 4—10־טען אפריל.

קיעוו, אויסגאבע פון קיעווער קאמיטעט [„פויאלי-ציון"], דרוק פון די יורשים י. שענפעלד. (8×13). 16 ז. פרייז 10 קאפ. („פראלעטאריער פון אלע נאציאנען...").

31. [. . . .].
... פאלעסטינא. זאמלהעפט № 1.

מאסקווע און קיעוו, פערלאג „דער האמער", тип. Акц. общ. „Печатное искусство". (11×18). 38 ז. [פרייז 1 רוב. 80 קאפ.].

ארטיקלען: י. בן-צבי, ז. ברכות, אבנר, ב. באָראָכאָוו, י. בן-גוריון.

32. שלם, ח.
[1917][3]. — א ענטפער די ציוניסטען. ערשטע אויסגאבע.

[קרעמענטשוג, פערלאג „דער פראלעטארישער געראנק", אויסגאבע פון דער קרעמענטשוגער ארגאניזאציע פון דער איד. סאצ. דעמ. ארבייטער פארטיי („פועלי-ציון"). (12×18). 8 ז. פרייז 5 קאפ.

## 5. ציאָניסטישע פארטיי

33. אביר־לב.

... משמרת חדשה. איבערגעזעצט אין יודישען דורך ל. גלאנץ.

קיעוו, פערלאַג „משמרת חדשה", ארויסגעגעבען דורך קיעווער ארגאניזאציע „צעירי־ציון". (5 №), דרוקעריי פון מ. בריסקער און א. טשערניאק. (13×8). פרייז 30 קאפ.

34. ווייסבערג, אהרן י.

... אַ פּאָר ווערטער צו אידען אין די ערשטע טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

פאגרעביששטשע, דרוק פון ישראל מיילמאן. (13×9). 12 ז. פרייז 20 קאפ. („אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני:"). „דער איינקונפט פון דיזער בראשורע ווערט געשיינקט דעם נאציאנאל־פאנד".

35. [3][טאפאראווסקי, א.

... באזעלער פראגראם.

יעקאטערינאסלאוו, אויסגאבע פון דעם יעקאטערינאסלאוון ראיאנעם קאמיטעט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, דרוק מ. טארגמאן. פרייז 70 קאפ.].

36. [ציוניסטישע יוגענד־ארגאניזאציע „עת־לבנות"].

[1917]. — עת לבנות. צום פאלק.

קיעוו, פערלאַג פון דער אָרגאניזאציע פון ציוניסטישער יוגענד „עת לבנות", דרוקעריי מ. בריסקער און א. טשערניאק. (13×8). 8 ז. [א. פ.].

אין אָריגינאל: „ניסן, שנת א׳תת״מז לגלותנו".

37. [„צעירי־ציון"].

... נתיבה חדשה.

קיעוו, ארויסגעגעבען דורך הסתדרות „צעירי־ציון", דרוק פון די יורשים י. שענפעלד. (13×7). 31 ז. פרייז 30 קאפ.

38. [„צעירי־ציון"].

... צו דער קהלה־פראגע. (אונזער פלאטפארם און טאקטיקע).

פעטראגראד, ארויסגעבער: דער צענטראל־קאמיטעט פון דער ציוניסטישער פאלקס־פראקציע „צעירי־ציון", דרוקעריי „טאָגבלאט". (14×9). 16 ז. פרייז 20 קאפ. [3][10.000 עקז.].

39. [„צעירי־ציון"].

[2][1917]. — די רעזאלוציעס און החלטות פון צווייטען צוזאמענפאהר פון דער ציוני־סטישער פאלקס־פראקציע „צעירי־ציון" אין פעטראגראד (18—24 מאי 1917 י.).

מאסקווע, ארויסגעגעבען דורך דעם צ. ק. פון „צעירי־ציון", די ערשטע יודישע דרוק אין מאסקווע פון שלום באקשטיין. (19×11). VII+14 ז. פרייז 50 קאפ.

40. קליינמאן משה.

... דער יודישער נאציאנאל־פאנד. זיינע פרינציפען און טעטיגקייט.

פעטראגראד, אויסגאבע פינ׳ם הויפט־ביורא פארן יודישען נאציאנאל־פאָנד אין רוסלאנד, דרוקעריי „טאָגבלאַט". (17×10). 48 ז. פרייז 75 קאפ.

41. קנאי, י.

... אתחלתא דגאולה. זאַמלונג פון אַרטיקלען אַרום דער ענגלישער דעקלאַראציע וועגן ארץ ישראל פון י. קנאי.

פעטראגראד, פערלאג „גאולה", דרוקעריי „טאָגבלאַט". (16×9). 32 ז. פרייז 50 קאפ.

42. [3][שאליט, מ.

... די בילוצעס.

יעקאטערינאסלאוו, אויסגאבע פון דעם יעקאטערינאסלאוון ראיאנעם קאמיטעט פון דער ציוני־סטישער ארגאניזאציע, דרוק ע. טארגמאן. פרייז 45 קאפ.].

43. שיפמאן, פנחס.

... די איינגלישע דעקלאראציע (איבערזעצט [פון העברעיש] דורך י. ריטוב).

יעקאטערינאסלאוו, אויסגאבע פון דעם יעקאטערינאָסלאווער ראיאָנעם קאָמיטעט פון ציוניסטי־שער אָרגאניזאציע, דרוק פון טארגמאן. (16×11). 70 ז. פרייז 50 קאפ.

## 6 פארשידענע

.44 [. . . . .

... די אידישע דעמאָקראַטיע און וואָס זי וויל.

פעטראָגראַד, אַרויסגעגעבען פונ׳ם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט פון דער יודישער דעמאָקראַטישער פאַראייניגונג, דרוקעריי י. לוריא און קאָמפּ. (10×19). 16 ז. פרייז 20 קאָפּ.

אינהאלט: 1. די פלאַטפאָרם פון דער אידישער דעמאָקראַטישער פאַראייניגונג. פראָיעקט; 2. ביי־לאַגע: צוויי רעדעס וועגן דער דעמאָקראַטיע און אירע ציל ען.

.45 [3]נאליעניסט, דר.

... טאָג־פראַגע.

פעטראגראד, ארויסגאבע פון זשורנאל „פעטראגראדער קאָפּעראַטאָר“, דרוק „טאָגבלאַט“. (16×24) 16 ז. פרייז 20 קאפּ. 13.000 עקז.].

.46 ברענער, ח. (גארטל).

1817 (?) [1917]. — Анархист-коммунист. דער אנארכיסט, עס איז א פארברעכן צו שווייגן.

מאסקווע, ערשטע אידישע דרוקעריי פון שלום באקשטיין. (13×21). 16 ז.

.47 [. . . . .

[1917][3]. — ווער זיינען עס באלשעוויקעס און מענשעוויקעס. (פאלקס אוניווערסאל־ביבליאטעק. פאליטישע אבטיילונג). רעדאגירט פון ה. אקצין.

מאסקווע, אויסגאבע און זעצעריי „חבר“, тип. „Наше слово“. (9×14). 29 ז. Цѣна 30 коп.

[3] רעצ: [ . . . ; ביבליאגראפיע. „די פרייע שטימע“, זש. פטב. 1918. נומ. 1—2, ז. 19].

.48 [3]. . . . .

... רוסישע פרייהייט.

קיעוו, דרוק פון די יורשים י. שענפעלד. (12×16). 32 ז. 3.000 עקז.].

## III. נאציאנאלע פראגע בא יידן

.49 [. . . . .

... די אידישע געגענד־באראטונג אין קיעוו, דעם 9, 10 און 11 מאי 1917־טען יאהר. רעזאלוציעס.

קיעוו, דרוקעריי פון מ. בריסקער און א. טשערניאק. (13×19). 10 ז. [א. פ.].

.50 [3]אידעלסאן, א. ד.

... מארקסיזם און די יודישע פראגע.

יעקאטערינאסלאוו, אויסגאבע פון יעקאטערינאסלאווער ראיאנעם קאמיטעט פון דער ציוני־סטישער ארגאניזאציע, דרוק פון ע. טארגמאן. פרייז 25 קאפ.].

.51 באָראָכאָוו, ב.

... די קלאסען אינטערעסען און די נאציאנאלע פראגע. צווייטע אויפלאגע. [ערשטע אופלאגע: ווילנע, פארלאג „האמער“, 1906].

קיעוו, ביכער-פערלאַג „דער האמער“, יודישע דרוקעריי ([illegible]) פון די יורשים י. שענ־פעלד. (11×18). 38 ז. פרייז 40 קאפ.

.52 בן־אדיר (א. ראזין).

... קהלה־פראגען (די קהלה אַלס אָרגאַן פון נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע).

קיעוו, אויסגאַבע פון צענטראַל-קאָמיטעט פון פ. ס. א. פ., דרוקעריי אקציאָן־געזעלשאפט „נייע־צייט“. (9×14). 47 ז. פרייז 50 קאפ.

.53 בערלינרויט, ל. (ארסקי).

[1917][3]. — די מלחמה און דער יודישער ארבייטער אין פאלעסטינא.

קיעוו, פערלאג „דער האמער“, דרוקעריי פון די יורשים י. שענפעלד. (11×15). 8 ז. פרייז 10 קאפ.

.54 [. . . . .

... סאציאליסטישע טוער וועגן דער אידן־פראגע (מיינונגען פון קאמיל הויס־מאנס, נ. י. טרולסטרא, פאוועל אקסעלראד, י. גאלדבערג, גוס־טאוו מעללער, ט. א. האנסאן און מ. זאריאן).

קיעוו [און] מאסקווע, פערלאג „דער האמער", זעצעריי פון דער א. ס.-ד. א. פ. („פועלי-ציון"). (10×14). 22 ז. פרייז 50 קאפ.

.55 סימן [3][נ. מ. סירקין].

[3][1917]. — דאס נייע לעבען און די אלטע קנעכט.

קיעוו, דרוקעריי „התחיה". (9×16). ז. 9—16. פרייז 20 קאָפ.

[3][איבערגעדרוקט פון: „דער טעלעגראף", טצ. (ק). 1917. „פראָספעקט-נומער" ז. 3; געדרוקט צוזאמען מיט „סירקין, מ. נ.—צי זיינען מיר אידן הפקר ?" זע: נומ. 57].

.56 סירקין, מ. נ.

... אין דער פרייער אוקראינא. באמערקונגען, פאקטן און מאטעריאלן.

קיעוו, פערלאג „פאר'ן פאלק", דפוס „התחיה". (10×19). 16 ז. [א. פ.].

.57 סירקין, מ. נ.

[3][1917]. — צי זיינען מיר אידן הפקר ?

קיעוו, דרוקעריי „התחיה". (9×16). 9 ז. פרייז 90 קאָפ.

[3] [איבערגעדרוקט פון: „דער טעלעגראף", טצ. (ק). 1917, פראָספעקט-נומער" ז. 2, 3].

.58 שנייפאַל, ש. ק.

... וועגען יודישען צוזאַמענפאָר פון ש. ק. שנייפאַל.

פעטראגראד, ארויסגעגעבען פון „קאָמיטעט צו אָרגאַניזירען דעם אַלרוסלענדישען יודישען צוזאַמענפאָר", דרוקעריי „טאגבלאט". (9×14). 8 ז. [א. פ.].

.59 תמידי.

[1917]. — אונזער נאציאנאלע זעלבסטפערוואלטונג. א. איהרע פארמען און כאראק־טער. (פאלקס־ביבליאָטעק, № 7).

קיעוו, פערלאג פון דער קיעווער ארגאניזאציע פון ציוניסטישער יוגענד „עת לבנות", тип. М. Брискера и А. Черняка (12×16). 24 ז. פרייז 20 קאפ. („דער ציוניזם שטרעבט...").

אין אָריגינאל: „תשרי אתת־מח לגלותנו".

.60 תמידי.

[1917]. — אונזער נאציאנאלע זעלבסטפערוואלטונג. ב. די פאליטיק פון דער קהלה. פאלקס־ביבליאטעק, № 8).

קיעוו, פערלאג פון דער קיעווער ארגאניזאציע פון ציוניסטישער יוגענד „עת לבנות", тип. М. Брискера и А. Черняка. (12×16) Цѣна 45 коп. 35 ז. („דער ציוניזם שטרעבט...").

אין אָריגינאל: „מר-חשון א.תת״מח לגלותינו".

## IV. וואל־רעכט. מעלוכע־אָרדענונג

.61 אקצין, הערץ.

[3][1917] — דאס מוז וויסן יעדער פרייער בירגער. די מלוכה־ארדענונג אין פראנקרייך, ענגלאנד, אמעריקא און שווייץ, באארבעט פון הערץ אקצין. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. פאליטישע אבטיילונג) רעדאגירט פון ה. אקצין.

מאסקווע, אויסגאבע „חבר", печаталось въ „Русской печатнѣ" (9×13). 20 ז. Цѣна 30 коп.

[3] [רעצ. ע. קארמאן—אהן א בוך. „נייע צייט", טצ. (ק). 1917 X/31, נומ. 31. ז. 2].

.62 בן־חיים. [3][י. יאשונסקי].

... ווי אַזוי וועלען צוגעהן די וואַלען צום יודישען צוזאמענפאר פון בן־חיים.

פעטראגראד, [אויסגאבע פון] קאמיטעט צו אָרגאניזירען דעם אלרוסל. יודישען צוזאמענפאר, דרוק. „טאָגבלאָט". (9×17). 20 ז. [א. פ.].

63. [. . . . .

... ווער און ווי אזוי קלייבט אויס גלאסנע אין די שטאדט דומעס. דער נייַער געזעץ וועגען די וואהלען אין די שטאָדטישע זעלבסטפערוואלטונגען.

קיעוו, פערלאג פון „בונד", „די וועלט", דרוק פון ג. גלאובערמאן. (17×11). 13 ז. פרייז 15 קאפ.

64. טיאָמקין, וו.

[3][1917]. — אַלגעמיינע, גלײַכע, געהיימע און דירעקטע וואַהל־רעכט.

פעטראגראד, פערלאג „די וועלט", דרוק „פאלקסבלאט". (18×10). 12 ז. פרייז 12 קאפ. („רוס־לענדער סאציאל־דעמאקראטישע ארבייטער פארטיי. דער אידישער אלגעמיינער ארבייטער „בונד").

65. [. . . . .

... די כללים פון די וואהלען צו דער גרינדונגס־פערזאמלונג.

פעטראגראד, די אלרוסלענדישע קאמיסיע וועגען די וואהלען צו דער גרינדונגס־פערזאמלונג, דרוקעריי „טאָגבלאַט". (18×9). 16 ז. פרייז 15 קאפ. [3][3.000 עקז.].

66. [. . . . .

... די כללים פון די וואהלען צום אלרוסלענדישן יודישען צוזאמענפאר.

פעטראגראד, דער קאמיטעט צו ארגאניזירען דעם אלרוסל. יודישען צוזאמענפאר, דרוקעריי „טאָגבלאַט". (19×15). 19+[4] ז. „רשימה פון די וואהל־קרייזען..." [א. פ.]. [3][10.000 עקז.].

67. [. . . . .

... די כללים פון די וואהלען צום אלרוסלענדישען יודישען צוזאמענפאר. צווייטע פערבעסערטע אויפלאגע.

פעטראגראד, דער קאמיטעט צו ארגאניזירען דעם אלרוסל. יודישען צוזאמענפאר, דרוקעריי „טאָגבלאַט". (15×9). 12+[4] ז. „רשימה פון די וואהל־קרייזען". [א. פ.]. [3][10.000 עקז.].

68. ל"וו.

... דער סדר פון דער מלוכה אין ענגלאנד פון ל"וו.

מאסקווע, פארלאג „חבר", יודישע דרוקעריי פון פארלאג „חבר", געדר. קאאפ. געזעלשאפט „מאביוס". (17×13). 30 ז. [א. פ.].

[אנאסטאטישער איבערדרוק].

69. [. . . . .

... דער פאליטישער סדר אין די קאנסטיטוציאנעלע לענדער (לויט דארעס, מייער, גראדאָווסקי א. ד. גל.). איבערזעצט פון וועליכאוו׳ס אויסגאבע, דורך י. זאהן.

קיעוו, אויסגאבע „פארן פאלק", דרוק מ. בריסקער און א. טשערניאק. טאבעלע (64×55). שארבלאט (17×10). 51 ז. פרייז 30 קאָפ. [צענויפגעלייגטע טאבעלע]:

70. [. . . . .

... די פארזאמלונג פון פאלקס־פארטרעטער.

מאסקווע, פערלאג „קולטור", יודישע דרוקעריי [פון] פערלאג „חבר" דרוק. קאאפ. געז. „מאביוס". (17×13). 32 ז. [א. פ.].

71. קירזשניק, א.

... ווען דארף מען קלייבן אין די שטאט־דומעס.

מינסק, אויסגאַבע פונ׳ם קאמיטעט פון „בונד" פאר צפון־מערב־געגענד, דרוקעריי פון ליווש־באַרשטיַ. (14×9). 18 ז. פרייז 20 קאָפ.

## V. קולטור און בילדונג

72. אסתר [3][מ. פרומקינא].

... וואָס פאר פאָלקסשולן דארפען מיר האָבען. די שול־פראגע אויף דער סאָג־אָרדע־נונג. (שול־פראַגען, נום. 1).

פעטראגראד, ארויסגעגעבן פון דער שול־קאמיסיע ביים צ. ק. פון „בונד", פערלאַג פון „בונד", „די וועלט". (20×12). 15 ז. („פראלעטאריער..."; „רוסלענדער סאציאל־דעמאקראטישע...").

73. אסתר ³[מ. פרומקינא].
³[1917]. — צו דער פראגע וועגן דער אידישער פאלקס־שול. דריטע אויפלאגע.
³[ערשטע אופלאגע: ווילנע, פארלאג „די וועלט“, 1910].
פעטערבורג, פערלאג פון „בונד“, „די וועלט“. (11 א), דרוק „פאלקס־בלאט“. (10×17). 76 ז. פרייז 1 רובל 20 קאפ.
³[רעצ.: י. לעשצינסקי — די יידישע פובליציסטיק אין אוקראינע און רוסלאנד. „ביכער־וועלט“, זש. װארשע, 1922. נומ. 2, ז. 135].

74. לעווינסאָן, ב., דר. (ב. ב—סקי).
³[1917]. — וועגן בילדונג בכלל, אידישער פאָלקס שפראך און אידישער פאָלקס ביל־דונג בפרט (שול פראגן, 2).
פעטראגראד, ארויסגעגעבן פון דער שול־קאמיסיע ביים צ.ק. פון „בונד“, פערלאַג פון „בונד“, „די וועלט“. (10×17). 16 ז. פרייז 15 קאפ.

## VI. פרויענפראגע

75. בעבעל, א.
... נאך ערגער פון קנעכטשאפט, אדער קאפיטאליזם און פראסטיטוציע (פאלקס־אוני־ווערסאל ביבליאטעק). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אידישע זעצערײ פון פארלאג „חבר“. (12×17). 26 ז. [א. פ.].

## VII. נאטור־וויסנשאפט

76. וואגנער, א., פראפ.
³[1917]. — מעשיות וועגן לופט פון פראפ. א. וואגנער. איבערגעזעצט פון רוסיש.
פעטראגראד, ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין, דרוקערײ י. לוריע. (9×15). 67 ז. אין דעם [1] ז. „ווערטער־פארצייכעניש“. פרייז 40 קאפ. ³[3.000 עקז.].
מיט 25 געמעלן אין טעקסט.

77. וואגנער א. פראפ.
... מעשיות וועגן ערד פון פראפ. א. וואגנער. איבערגעזעצט פון רוסיש.
פעטראגראד, ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין, דרוקערײ י. לוריע. (9×15). 74 ז. פרייז 20 קאפ. ³[3.000 עקז.].
מיט 22 געמעלן אין טעקסט.

78. וואגנער, א., פראפ.
... מעשיות וועגן פייער און ליכטיגקייט פון פראפ. א. וואגנער. איבערגעזעצט פון רוסיש.
מאסקווע, ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין, тип. „Бокштейнъ“ (9×15). 72 ז. אין דעם [1] ז. „ווערטער־פארצייכעניש“. פרייז 35 קאפ. ³[3.000 עקז.].
מיט 38 געמעלן אין טעקסט.

79. וואַגנער, יו., פראָפ.
... ערצעהלונגען וועגן דעם ווי אזוי געוויקסען זיינען געבויט און ווי זיי לעבען פון פראָפ. יו. וואַגנער. איבערגעזעצט פון רוסיש.
מאסקווע, ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, דרוק „באקשטיין“. (9×15). 87 ז. אין דעם [2] ז. „ווערטער־פארצייכעניש. פרייז 35 קאפ. ³[3.000 עקז.].
מיט 38 געמעלן אין טעקסט.

80. נעטשאיעוו, א. פ.
... וואונדער פון דער ערד פון א. פ. נעטשאיעוו. איבערגעזעצט פון ה. פאר־בער.
פעטראגראד, ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין, דרוקערײ י. לוריע. (9×15). 127 ז. פרייז 75 קאפ.
מיט 96 געמעלן אין טעקסט.

# VIII. קונסט

## מוזיק

81. העלמאנד, א.

[1917][3]. — מצות. [לידער מיט נאָטן] ליעד פון א. העלמאנד.

מאסקווע, פערלאג „לעבען". (4 №). (18×27). [4] ז. פרייז 20 קאפ. [1.000[3] עקז.].

[3]רעצ.: א. דזימיטראווסקי — קינדער-לידער (נאטן). „ביכער-וועלט", זש. (ק). 1919, נומ. 3—4. שפ. 99—101].

82. העלמאנד, א.

[1917][3]. — פעטער שנייער. [לידער מיט נאָטן]. א ליעד פון א. העלמאנד.

מאסקווע, פערלאג „לעבען". (3 №). (14×22). [4] ז. פרייז 20 קאפ. [1.000[3] עקז.].

[3]רעצ.: א. דזימיטראווסקי. — קינדער-לידער (נאטן). „ביכער-וועלט", זש. (ק). 1919, נומ. 3—4, שפ. 99—101].

83. העלמאנד, א.

[1917][3]. — שנייעלאך. [לידער מיט נאָטן]. א ליעד פון א. העלמאנד.

מאסקווע, פערלאג „לעבען". (2 №). (14×22). [4] ז. פרייז 20 קאפ. [1.000[3] עקז.].

[3]רעצ.: א. דזימיטראווסקי — קינדער-לידער (נאטן). „ביכער-וועלט", זש. (ק). 1919. נומ. 3—4. שפ. 99—101].

84. מענדעליס, א.

[1917][3]. — קינדער קומט אין ראד. [לידער מיט נאָטן]. א ליעד פון א. מענדעליס.

מאסקווע, פערלאג „לעבען". (1 №), דרוק גראססע. (17×25). [4] ז. [1.000[3] עקז.]

[3]רעצ.: א. דזימיטראווסקי. — קינדער-לידער (נאטן). „ביכער-וועלט", זש. (ק). 1919. נומ. 3—4. שפ. 99—101].

85. [רובין, ישראל].

... פארן קינדער היים. לידעלאך און מעשהלאך געזאמלט און איבערגעזעצט פון ישראל רובין. ערשטע סעריע.

אדעס, פערלאג געברידער בלעטניצקי, דרוקעריי „מוריה". (11×17). 36+10 ז. „נאָטן". [א. פ.].

# IX. ליטעראטור

1. פאָעזיע
2. דראמאטישע ווערק
3. פראָזע
4. קינדער ליטעראטור
5. קריטיק
6. זאמלביכער

## 1. פאָעזיע

86. אויסלענדער, נ.

[1917][1]. — לידער.

„קלארע, זייד־געהילטע ווערטער..."

קיעוו, „קיעווער פארלאג", דרוקעריי פון די יורשים י. שענפעלד. (5×7). 46 ז. [א. פ.].

אינהאלט: פרעלידען. מיין שד. צו גאסט. פאר דיין שוועל. לידער פון א דור. שטאט־מאטיוון. אומרוה.

87. אזרחי, הימן. [3]ניערוכעמזאָן].

[1917].—גרינס. צייט־מאטיוון. געווידמעט דעם בעפרייטען יודישען פאלק פון הימן אזרחי.

„קומט, קומט ליעבענקע..."

בעלאיא-צערקאוו, דרוק זאב נאסקין. (8×15). 16 ז. פרייז 30 קאפ.

„די גאנצע הכנסה פון דעם ביכעל איז בעשטימט צום גינסטען פונ'ם ב-צערקווער קינדער־פריוט".

אין אָריגינאל: „תרע״ז".

88. [ר. ס. ד. א. פ. „בונד“]
... אידישע ארבייטער־לידער.
אדעס, אויסגאבע פון אדעסער קאמיטעט פון „בונד“, דרוק פון אדעסער ראט פון ארבייטער דעפו־טאטן. (11×18). 8 ז. פרייז 12 קאפ. („פראלעטאריער...“; „רוסלענדער סאָצ....“).

89. דאברושין, י.
[1][1917]. — פארנאכטען. (1914—1911).
„אייגען האסטו טיעפע ווייכע...“
קיעוו, „קיעווער פארלאג“, דרוקעריי פון די יורשים י. שענפעלד. (6×7). 60 ז. פרייז 1 ר. 25 קאפ.
[3][רעצ.: צ. אווערבוך.—צווישען ביכלאך. „דאס נייע לעבען“, טצ. (ק). 1918, V/17. נומ. 87. ז. 2, 3].

90. זינגמאן, ק.
... ביי די ברעגעס פון ניעמאן. א לידער־זאמלונג. ערשטעס ביכל.
„צי האט מען קיין ברויט ניט, צי האָט מען קיין תבואה...“
חארקאוו, פערלאג „אידיש“, דרוקעריי מ. לעכטמאן. (8×15). 32 ז. פרייז 75 קאפ.
[3][רעצ.: ש. ניגער,— געדאנקען פון א לעזער. ליבהאבערס. „נייע צייט“, טצ. (ק). 1918, VIII/20. נומ. 148 (236), ז. 2].

91. [.....]
... פרייהייטס־ליעדער (ליעדער צו זינגען).
„שטעהט אויף איר אלע, ווער ווי שקלאפען...“
[אדעס], פערלאג „פרייהייט“, דרוק פון ג. גאלפערין. (14×17). 15 ז. [א. פ.].

## 2. דראמאטישע ווערק

92. זינגמאן, ק.
דער חלום פון א „געוועזענעם“ (הינטער די קוליסען פון בייליסעס פראצעס). איינאקטער.
כארקאוו, פערלאג „אידיש“, דרוקעריי ראבינאוויטש, פאלטאווע. (11×16). 16 ז. פרייז 75 קאפ.

## 3. פראָזע

93. [3][אמפיטיאטראָוו, א.
... דער קיסר אהן אַ קאָפּ (א מעשהלע).
אדעס, פערלאג „פרייהייט“. פרייז 15 קאָפּ.].

94. בעלאמי, ע.
[3][1917]. — דער וואסער־אוצר. א מעשהלע. איבערזעצט פון מ. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. פאליטישע אבטיילונג). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע און זעצעריי פון פארלאג „חבר“. (9×13). 14 ז. [א. פ.].

95. [3][.......
... דאס געזינדל ראמאנאָוו און ראספוטין.
אדעס, פערלאג „פרייהייט“. פרייז 15 קאפ.]

96. טאלסטאי, ל. נ.
[3][1917]. — די געשיכטע פונם בינשטאק מיט דעם דעק פון קאָרע. איבערגעזעצט פון מ. מ. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. פאליטישע אבטיילונג). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע און זעצעריי „חבר“, тип. кн-ва „Кушнида“ (9×13). 14 ז. פרייז 20 קאפ.

97. טאלסטאי, ל. נ.
[3][1917]. — דער יונגער קעניג. איבערגעזעצט פון מ. מ. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. פאליטישע אבטיילונג, № 11). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע און זעצעריי „חבר“. (9×13). 16 ז. פרייז 25 קאפ.

.98 [3]טאלסטאי, ל. נ.
... ערציילונגען: 1) צו טייער. 2) דריי זין. איבערזעצט פון מ. מ. (פאלק־אוניווער־סאל־ביבליאטעק. בעלעטריסטישע אבטיילונג, № 10). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע „חבר", אירישע זעצעריי פון פארלאג „חבר". (18×13). 31 ז.].

.99 טאלסטאי, ל. נ.
[1917][3]. — פראנסואזא (שוועסטער). א ערציילונג. איבערגעזעצט פון מ. מ. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע „חבר", тип. „Кушница" (14×9). 14 ז. פרייז 20 קאפ.

.100 טאלסטאי, ל. נ.
[1917][3]. — די קאפע־הויז אין סוראט (גאט איז איינער בא אלעמען) — נאך בערנארדען דע־סען־פיער. איבערגעזעצט פון מ. מ. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. בע־לעטריסטישע אבטיילונג, № 8). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע „חבר". (14×9). 14 ז. פרייז 25 קאפ.

.101 טאלסטאי, ל. נ.
... 1) קארמא. 2) דאס ביזט — דו. איבערגעזעצט פון מ. מ. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. בעלעטריסטישע אבטיילונג, № 10). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע און זעצעריי „חבר". (14×9). 31 ז. פרייז 45 קאפ.

.102 טונקעלער, דער. [3]י. טונקעל].
[1917][3]. — די רויטע הגדה פון דעם טונקעלן.
ארעסא, דרוקעריי פון נ. האלפערין. (19×14). 15 ז. [א. פ.].

.103 דע'מאָפאַסאַן, ג.
[1917][3]. — די מוטער. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. בעלעטריסטישע אבטיילונג, № 16). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, פארלאג „חבר". (15×10). 16 ז. פרייז 30 קאפ.

.104 סעגאלאָוויטש, ז.
... גאלדענע פאוועס (פאעמע). (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק, בעלעטריסטישע אב־טיילונג, № 14).
מאסקווע, אויסגאבע און דרוקעריי „חבר". (14×9). 32 ז. פרייז 50 קאפ.
[אפן שאר: „פרייז 75 קאפ."].

.105 [3]צירלעס, ברוך.
... הגדה פאר היימלאזע צו זינגען און צו זאגען אלע טאג פון אַ גאנץ יאהר.
סלוצק, (11×17) 16 ז. [א. פ.].

.106 קופרין, א.
[1917][3]. — ערציילונגען: 1) אַלאיסא, 2) די קליאטשע. איבערגעזעצט פון מ. מ. (פאלקס־אוניווערסאל־ביבליאטעק. בעלעטריסטישע אבטיילונג). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע „חבר". (14×9). 16 ז. פרייז 25 קאפ.

.107 קופרין, א.
... דער תלין. איבערגעזעצט פון מ. ש. (אוניווערסאל־ביבליאטעק, בעלעטריסטישע אבטיילונג, № 12). רעדאגירט פון ה. אקצין.
מאסקווע, אויסגאבע „חבר", типо-лито быв. Рихтера (14×9). 15 ז. פרייז 25 קאפ.

.108 [3] . . . . . .
... די רויטע גווארדיע. א טאָג־בוך פון אַנ'אפיצער.
„אדעס, פערלאג „פרייהייט". דרוק. פון גאלפערין. (14×9). 15 ז. פרייז 30 קאפ.]

.109 שלום־עליכם [3]ש. ראבינאָוויטש].
[1917][2]. — האדעל.

אדעס, פערלאג „פאמיליען-ביבליאטעק״, דרוק „מוריה״. (10×17) 24 ז. פרייז 20 קאפ.
הילע: יוסף שקליאווער.

110. שלום־עליכם [3][ש. ראבינאוויטש].
[2][1917].— מיר איז גוט איך בין אַ יתום.
אדעס, פערלאג „פאמיליען ביבליאטעק״, דרוק „מוריה״. (10×16). 9 ז. פרייז 12 קאפ.
הילע: יוסף שקליאוועֶר.

111. [3][שניידער.
... ארבע כוסות.
קיעוו, דרוק פון די יורשים י. שענפעלד. (12×12) 16 ז. 3.000 עקז.].

112. ש״ר אלף, א. [2][א. מ. האלבמיליאַן].
... בישיבה של מטה ובישיבה של מעלה. (פון אונטען און פון אויבען). חלק א) אַ קאכעניש אין דער שאול תחתיה, חלק ב) אויפ'ן הימעל א יריד, חלק ג) דער אשמדאי ארבעט מעשים.
קיעוו, דרוקעריי „התחיה״. (9×12). 58 ז. פון זיי [3] ז. „א בריף פונם מחבר צום ווייזען רב מענדעלע״. [3]פרייז 1 רוב. 50 קאָפ].

113. ש״ר אלף, א. [3][א. מ. האלבמיליאַן].
... א פרישע פעקל נייע בריעפלאך פון מנחם־מענדלען צו שיינה־שיינדלען און פון שיינה־שיינדלען צו מנחם־מענדלען. חלק א.
קיעוו, דוקעריי „התחיה״ (9×12). 87 ז. [א. פ.].

### 4. קינדער־ליטעראטור

114. איינהארן, ד.
[1917](?).— א מאמעס טרערן.
[פעטראגראד], ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין, דרוקעריי י. לוריע און קאמפ. (9×14).
21 ז. פרייז 8 קאפ.

115. איינהארן, ד.
[1917](?).— א מעשה פון זיבן שטומע פויגעלאך.
פעטראגראד, ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין, тип. І. Лурье и Ко. (9×14). 20 ז. פרייז 10 קאפ.

איינהארן, ד.
116. [3][1917].— קארן שוועסטערלאך [לידער].
קיעוו, „קיעווער פארלאג״, דרוקעריי פון די יורשים י. שענפעלד. (5×13). 7 ז. [א. פ.].
[3]רעצ.: נ. לוריע.—פאַר יידישע קינדער. „שול און לעבן״, זש. (ק). 1918. נומ. 1. ז. 63].

117. בערגעלסאָן, ד.
[3][1917] — דאס גאלדענע קייקעלע. (פאר קליינע קינדער, 4 №).
קיעוו, „קיעווער פארלאג״. (11×14). 7 ז. [פ]רייז 10 קאפ.
[3]רעצ.: נ. לוריע.—פאר יידישע קינדער. „שול און לעבן״, זש. (ק). 1918, נומ. 1. ז. 63].

118. בראָדערזאָן, משה.
שיחת חולין. איינע פון די געשיכטען, דערצעהלט משה בראָדערזאָן.
מאסקווע, פערלאג „לעבען״, тип. „Наше слово״ (30×23). [18] ז.
געצייכנט: אליעזער ליסיצקי. [געדרוקט מיט סאָפרישן קסאוו].

119. בראָדערזאָן, משה.
[3][1917].— תמר'ל (אַ באָבע־מעשה'לע). דערציילט — משה בראָדערזאָן. (קינדער־ביבליאטעק, 4 №).
מאסקווע, פאַרלאג „חבר״, (10×24). [9] ז. in recto. פרייז 1 רוב.: [3]150 עקז.].
געצייכנט: יוסף טשייקאָוו.
רעצ.: 1) ש. ניגער.—קינדער ליטעראטור. „קולטור און בילדונג״ (זש). (מ). 1918, נומ. 3—4. ז. 15, 16; 2) נ. לוריע.—פאר יידישע קינדער. „שול און לעבן״, (זש). (ק). 1918. נומ. 1. ז. 66].

## ג) איינצלנע זײַטן פון פּערעצעס ליטעראַרישע פּערזענלעכקײַט

צו נומ. 78. באַל-מאַכשאָווועסעס אַרטיקל, „דרײַ שטעדטלעך, (פּרץ, אש, ווייסענבערג)״ איז לעקאַטכילע געווען געדרוקט אין „פרײַנד״, 1911 (וועגן פּ׳ן אין די נומערן 114 און 120).

0106a. דוד פינסקי, דאָס אידישע דראַמאַ, ניו־יאָרק, 1909.

אינעם „קאַפּיטעל 7. די אַנדערע״, ז. 51 פלג., רעדט זיך וועגן פּערעצעס דראַמאַטישע ווערק.

0106в. יעקב פיכמאַן, די יודישע ליריק: די יודישע מוזע, זאַמלונג פון די בעסטע יודישע ליעדער, וואַרשא, תרע״א (1911).

אינעם פערטן קאַפּיטל, ז. 14 פ״ג., רעדט זיך וועגן פּערעצעס דיכטונג.

## ד) קריטישע אָפּהאַנדלונגען איבער פּערעצעס איינצלנע ווערק

צו נומ. 81—82. ב. האָט ניט געזעען ד. פרישמאַנס פּאַמפלעטן־פּאַראָדיעס אף פּ׳ן. מיר גיבן דעריבער זייער באַשרײַבונג:

א) אברהם גאָלדבערג, לאָקשען, אבלעטעל צור אונטערהאַלטונג הערויסגעגעבען דורך א. י., וואַרשא, תרנ״ד (1894), 8°, ז׳ [2]+26 שפּאַלטן.

ב) אברהם גאָלדבערג, א פלוי פאָן תשעה־באב, א שוואַרץ, שפּרינגענדיג, לעבעדיג, בייסענדיג בלאַטטעל, הערויסגעגעבען דורך א. יאלאָוו, וואַרשא, תרנ״ד (1894), 8°, ז׳ [2]+30 שפּאַלטן.

צו נומ. 89. וועגן וולאַדעקס אַרטיקל, געווידמעט פּ׳ס „גאָלדענער קייט״, געפינען מיר א שאַרף־נעגאַטיוון אָפּרוף בא מ. ש[אַליט]ן, ביבליאָגראַפישע איבער־זיכט: דאָס יודישע פאָלק, 1908, № 13, זע ז. 12.

0107. י. ח. ראבניצקי, היש צורך בספרות הזשארגאָנית?: המליץ, 1889, № 97, ע׳ 2.

עטלעכע שורעס וועגן פּ׳ס „מאָניש״, וואָס איז געווען געדרוקט אין שאָלעם-אַליכעמס „יוד. פאָלקס-ביבל.״, I.

0108. [י. דינעזאָהן], איינִיגע ווארטער פונ׳ם הערויסגעבער: פאָרוואָרט צו פּ׳ס „בעקענטע בילדער״ (זע נומ. 01), 1890, ז. ז. 3—4 פון דער ערשטער פּאַגינאַציע.

איבערגעדרוקט אין דער 2-טער און 3־טער אויפלאַגע (זע אונדזער אויסבעסערונג צו נומ. 8 און דעם נומ. 01a), ווי אויך אין דער באַזונדערער אויסגאַבע פון פּ׳ס „מעשולעך״ (זע אויבן נומ. 09).

0109. עזרא גאָלדין, שיחה בעולם הספרות: הצפירה, 1890, № 211, ע׳ 872.

א רעצענזיע וועגן פּ׳ס „בעקענטע בילדער״, זע אויבן נומ. 01. אן אַנדער רעצענזיע—נומ. 0192.

0110. קריטיקוס דער צווייטער [שאָלעם־אַליכעם], אַ פירוש אויף פּאָעזיע: קול מבשר צו דער יודישער פאָלקסביבליאָטהעק, אָדעססאַ, 1892, 31—34.

א רעצענזיע וועגן פּ׳ס „פּאָעזיע״, זע אויבן אינעם ערשטן אָפּטייל אונדזער אויסבעסערונג צו נומ. 16 עס האַנדלט זיך אין דער רעצענזיע וועגן דעם ערשטן העפט.

0111. אמת [מ. ספּעקטאָר], [רעצענזיע אף פּ׳ס בראָשור וועגן כאָלערע, זע אויבן אינעם ערשטן אָפּטייל אונדזער אויסבעסערונג צו נומ. 5]: דער הויז־פריינד, III, 1894, ז. 257.

0112. ש״ב שווארצבערג איש ליפנא, מאת המו״ל: פאָרוואָרט צו פּ׳ס „העגב״ (זע ב. נומ. 2), 1894, זײַטן I—III.

0113. בשוק הספרים והסופרים: הצפירה, 1894, № 94, ע׳ 413.

עטלעכע שורעס וועגן פּ׳ס יאָנטעוובלעטל „לכבוד פסח״.

0114. נתבעין לעגל — ונותנין: המליץ, 1894, נומערן 156 און 159.

א לייט-אַרטיקל, געווענדעט קעגן פּ׳ס אויסגאַבן: „החק״, „ליטעראַטור און לעבען״. זע אויבן נומ. 016 און נידעריקער נומ. 0127.

0115. אברהם זינגער, מסכת בקורים: המליץ, 1894, נומערן 179 און 182.

א שאַרפער אַרטיקל קעגן פּ׳ן, קעגן זײַן „החק״, „העגב״ און אַנד. זע אויבן נומ. 016.

0116. [רעצענזיע וועגן די „יום־טוב בלאַטטלעך״ (צווייטע סעריע 1895—6)]: דער הויז־פריינד, V, 1896, ז. ז. 233—234.

זע אויבן אונדזער אויסבעסערונג צו נומ. 24.

0117. יוסף קלוזנר, ספרותנו היפה בשנת תר״ס: ספר השנה, שנה שניה, תרס״א. 1901, 237—240.

וועגן פ׳ס „כתבים״ אויסגאבע „תושיה״.

0118. ד״ר מ. י. בערדיטשעווסקי, קרית ספר, ו, דברי־זמר: דאָרט, שנה שלישית, תרס״ב 1902, 264—267.

וועגן פ׳ס „כתבים״, חלק רביעי, ספר עשירי, חסידות. זע נידעריקער נום. 0198.

0119. ר. בריינין, מכתב גלוי להמשורר י. ל. פרץ: הצפה, 1903, № 49, ע׳ 201.

אין פארבינדונג מיט פ׳ס פעליעטאָנען, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „הצפה״ אונטערן אלגעמיינעם קעפל: „היחיד ברשות הרבים״. ר. בריינין טרעט ארויס קעגן דער אומפארשטענדלעכקייט פון פ׳ס פעליע-טאָנען און האלט, אז א שרייבער דארף רעדן קלאָר און אָפן, יעדערער זאָל וויסן, וועגן וואָס עס האנדלט זיך, און ניט שאפן פארן לייענער „א נייעם זוהער און א נייע קאבאָלע״.

0120. ג—ן, [רעצענזיע וועגן „באַנציע שווייג״, פ׳ „קולטור״, מינסק]: די פאָלקסשטימע, ווילנא, 1906, № 2, שפאלט 77.

0121. ש. ניגער, דאָס זאמעלבוך: „יודיש״: דער פריינד, 1910, № 96.

עס רעדט זיך דאָ וועגן פ׳ס ארטיקל „דער דיכטער, דאָס בוך און דער לעזער״ (זע ב. נומ. 104).

0122. ש. ניגער, דער הויכער פונקט: דאָרט, נומערן 99, 101, 102 און 105.

אן ענטפער אף פ׳ס ארטיקל „וואָס פעהלט אונזער ליטעראטור״ (זע אויבן נומ. 086). זע אויך ני-דעריקער נום. 0200.

0123. ד״ר א. מוקדוני, א ניי ווערק פון י. ל. פרץ: דער פריינד, 1911, № 251, ז. ז. 2—3.

וועגן א נייעם ווארִיאנט פון פ׳ס „בּאנאכט אפן אלטן מארק״.

0124. י. בליכער, י. ל. פרץ אין פראנצויזישער איבערזעצונג: דאָס לעבען, ווארשוי, 1914, № 93, ז. 2.

זע נידעריקער די נומערן 0202 און 0209.

## 3. ביאָגראפישע מאטעריאלן וועגן י. ל. פערעץ

צו נום. 101. ב. וויַיזט אָן ניט ריכטיק די דאטעס פאר ה. ד. נאָמבערגס ארטיקל „א נייע יִדישע טרופע״ אין ווארשעווער „ראָמאנ-צייטונג״. עס דארף זיין: 1907, № 7, 219—222.

0125. [שאָלעם־אליכעם], צו אייניגע יודישע מחברים אונ ארויסגעבער: קול מבשר צו דער יודישער פאָלקסביבליאָטעהק, אָדעססא, 1892, 40.

א פאמפלעטישע ווענדונג צו יִדישע מעכאברים און ארויסגעבער, בעפייערש געמיינט פערעצן מיט זיינע אויסגאבעס. כאראקטעריסטיש פאר די פריִיקע באציִונגען צווישן די ביידע שרייבער.

0126. [אן אנאָנס וועגן פערעצעס „העגב״]: הצפירה, 1894, № 119—120, ע׳ 518.

דער אנאָנס גייט אין נאָמען פונעם ארויסגעבער שווארצבערג. עס ווערט דאָ געזאָגט וועגן פ׳ס לירער: „השירים הנפלאים האלה, אשר מימות היינע לא נשמעו עוד שירים כאלה״...

0127. י. ל. פרץ, הכחשה: המליץ, 1894, № 169, ע׳ 1.

אין פארבינדונג מיטן ארטיקל „נתבעין לעגל—ונותנין״, געדרוקט אין „המליץ״ (זע אויבן נום. 0114). פ׳ ווארפט אָפּ אין זיין הֶאקכאָשע די אויסטראכטענישן פונעם ארטיקל וועגן עמיצנס געלט-טמיכע פאר זיינע אויסגאבעס און שרייבט: „ומטרת כל ספרי אך ורק חפצת השכלה ברורה בין העם״.

0128.* בן־ציון אייזענשטאדט: דור רבניו וסופריו, חלק א׳, ווארשע, 1895 [זלמן רייזען, פרצס 75-יאריקער געבורטס-טאָג, צו דער ביאָגראפיע פון י. ל. פרץ: „ליטעראַרישע בלעטער״, 1926, № 103, 257—258].

די ערשטע ביאָגראפישע נאָטיץ וועגן פערעצן.

0129. שלום אש, א מתנה אונזער דיכטער י. ל. פרץ אין דעם טאָג פון זיין געבוירען: דער יוד, 1901, № 19, 13—15.

א באגריסונג צו פ׳ס יובילײ אין א בעלעטריסטישער פאָרם. דאָסזעלבע אין העברעיִש:

0130. שלום אש, מתנה למשורר י. ל. פרץ ליום חג יובלו, (חזיון): הצפירה, 1901, № 91, ע׳ 366.

0131. נ״ס [נ. סאָקאָלאָוו], ציונים: דאָרט, ע׳ 365.

0132. מי״ף, מיום ליום, פגישתי הראשונה עם הר׳ י. ל. פרץ: דאָרט, ע׳ 366.

0133. חג יובל המשורר י. ל. פרץ: דאָרט, № 92, ע׳ 371.

0134. ז.., חג יובל המשורר י. ל. פרץ: דאָרט, № 94, ע׳ 379.

0135. י. ל. פרץ, תודה וברכה: דאָרט, № 103, ע׳ 414.

פּ״ס א דאנק־בריוו צו די אלע, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער פייערונג פון זיין יובילײ.

0136. א. בן־דוב, מאגדות הזמן, ו. חולשת המשורר, (אגדה סינית): המליץ, 1901, נומערן 120 און 121.

א פּאמפלעטישער ארויסטריט אין פארבינדונג מיט פּ״ס יובילײ. זע וועגן דעם דעם ארטיקל פון .Z, פארצייכנט נידעריקער אונטערן נומ. 0205.

0136a. דר. ז. ביחאָווסקי, איין אָפּענער בריעף צו דער „ביהן": דער יוד, 1902, № 44, 11—12.

אין פארבינדונג מיט פּערעצעס „יודישע שטעדט אין שטעדטליך", זע בא אונדז נומ. 0751. אין פּוסנאָטן צום „אָפּענעם בריוו" זיינען געגעבן פּערעצעס 18 ענטפער־באמערקונגען (אין נאָמען פון דער „ביהן").

0137. פּראָטעסט: דאָס יודישע פאָלק, 1907, № 1, ז. 16.

א פּראָטעסט־בריוו אין פארבינדונג מיט אן ארטיקל אין „וועג", געווענדעט קעגן שאָלעם אש; דעם פּראָטעסט האָבן געחתמעט: י. ל. פּרץ, י. דינעזאָהן, דוד פרישמאַן, ם. ספּעקטאָר.

0138. אין דער ליטערארישער וועלט: ראָמאַן־צייטונג, 1907, № 3, שפּאלט 93.

א מיטיילונג וועגן פּ״ס „ביינאכט אין (sic) אלטען מארק".

0139. מ. אָסיפּאָוו, צו קאמינסקי׳ס יובילעאום: דאָרט, № 12, 372—374.

עס ווערט איבערגעגעבן דער אינהאלט פון פּ״ס אן ארויסטרעטונג.

0140. ליטעראריש־קינסטלערישע כראָניק: ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען, 1908, I, 153.

א מיטיילונג וועגן דעם, אז פּ. האָט געלייענט אין ביאליסטאָק „די גאָלדענע קייט".

0141. ליטעראריש־קינסטלערישע כראָניק: דאָרט, III, 98.

א מיטיילונג וועגן פּ״ס פיר פאָרלעזונגען אף דער טעמע „דראמע".

0142. ה. ד. נאָמבערג, די יודישע שפּראך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ: אונזער לעבען, 1908, נומערן 195, 197, 198, 200 און 202.

וועגן פּ״ס ארויסטרעטונגען passim. זע אויך די פאָלגנדיקע צוויי נומערן.

0143. ב.., די ערעפענונג פון דער זשארגאָן־קאָנפערענץ: דאָרט, № 196, ז. 1.

עס ווערט געבראכט דער קורצער אינהאלט פון פּ״ס רעדע. זע אויך די נומערן 0142 און 0144.

0144. א־ר [אסתר], די ערשטע אידישע שפּראכקאָנפערענץ: די נייע צייט, באנד 4, ווילנא, 1908, ז. ז. 89—104.

וועגן פּ״ס ארויסטרעטונגען אף דער קאָנפערענץ. זע די פריקע צוויי נומערן.

0145. כראָניק: טעאטער־וועלט, 1908, № 9, ז. 10.

א מיטיילונג וועגן דעם, אז פּ. האָט פארענדיקט „אין פּאליש אף דער קייט" און געלייענט „עס אין א געזעלשאפט פון שריפטשטעלער און בעקאנטע".

0146. כראָניק: דאָרט, 1909, № 8—9 (21—22), ז. 13.

א מיטיילונג וועגן פּ״ס א פאָרלעזונג פון „דער גאָלדענער קייט".

0147. כראָניק: דאָרט, № 10—11, ז. ז. 11—12.

א מיטיילונג אין פארבינדונג מיט די קלאנגען וועגן פּ״ס פאָרן קיין אמעריקע.

0148. א גרויסע פערזאמלונג וועגען יודישען טעאטער: דער פריינד, 1910, № 8, ז. 1.

עס ווערט דאָ געבראכט פּ״ס א רעדע.

0149. ל., י. ל. פּרץ אין קיעוו: דער פריינד, 1910, № 100, ז. 3.

עס ווערט דאָ געבראכט פּ״ס א רעדע. זע אויך נידעריקער נומ. 0206.

0150. ל., פּרץ אויפ׳ן שטראנד: די יודישע שטימע, ריגא, 1910, № 1, ז. 3.

0151. י. ל. פּרץ, נאציאָנאליזם און ציוניזם: אייראָפּעאישע ליטעראטור, 1910, 29־טע העפט, 42—44.

צום ארטיקל גייט אן אָנמערקונג: די דאָזיגע מיינונגען זענען איבערגעגעבען געוואָרען אין א גע-שפרעך דעם אמעריקאַנער קאָרעספאָנדענט ה. שנעפאל, וועלכער האָט עס אונז איבערגעגעבען.

0152. י. ל. פרץ, וועגען אמעריקאנישען יודענטהום, וועגען טעאטער: דאָרט, 30-עס העפט, ז. 48.

0153. [א באגריסונג־טעלעגראם, געכאסמעט פערעץ און דינעזאָן, צו מענדעלעס יובילייִ]: גוט מאָרגען, אָדעססא, 1910, №. 271, ז. 3 (אין דער נאָטיץ: „צום יובילעאום פון מענדעלע מוכר־ספרים״).

0154. מ. ספעקטאָר, י. ל. פרץ: מ. ספעקטאָר, מאָמענט-פאָטאָגראפיעס, (ווי אזוי שרייבען יודישע שריפטשטעלער?), ווארשא, .s. a, ז. ז. 53—55.

0155. צו י. ל. פרץ'ס יובילעאום: דער פריינד, 1911, №. 101, ז. 1
א באגריסונג צום יובילייִ.

0156. צום 60־טען געבורטס־טאָג פון י. ל. פרץ: דאָרט, נומערן 102, 105, 106, 108—111 און 118.
באגריסונגען צו פ'ס יובילייִ.

0157. אנ'אָוואציע י. ל. פרץ: דאָרט, 110 №., ז. 3. (אינעם אָפטייל: ווארשויער חראָניק).

0158. קארשאווקא וויטעב. גוב.: דאָרט, №. 116, ז. 1.
א באגריסונג צו פ'ס יובילייִ.

0159. ב. גאָרין, יצחק ליבוש פרץ, (א מתנה), לכבוד זיין זעכציג־יעהריגען געבורטסטאָג: די צוקונפט, 1911, №. 7, 389—395.

0160. י. ל. פרץ אין ווילנא: ווילנער וואָכענבלאט, 1912, №. 8, ז. 2.
זע די צוויי ווייטערדיקע נומערן, ווי אויך נידעריקער נום. 0207.

0161. די יודישע ליטעראטור, (פאָרטראג פון י. ל. פרץ), (סטענאָגראפיש): דאָרט, נומערן 8 און 9.
זע דעם פאָריקן נומער.

0162. א ווילנער, י. ל. פרץ אין ווילנא, (א בריעף פון ווילנא): דער פריינד, 1912, №. 48, ז. 3.
זע די פאָריקע צוויי נומערן, ווי אויך נידעריקער נום. 0207.

0163. י. ל. פרץ'ס רעדע אויף דער אידישער פאָרוואהל־פערזאמלונג: היינט, 1912, №. 224, ז. 3.
דיזאָזיקע רעדע האָט פ. געהאלטן אף א פאָרוואל-פארזאמלונג צו די וואלן אין דער גאָסוד. דומע.

0164. [א פאָרוואל־אנאָנס מיט דער ליסטע פון ייִדישע וואל־מענער צו דער גאָס. דומע]: דאָרט, №. 225, ז. 4.
אין דער ליסטע איז דאָ אויך איינגעשלאָסן: Perec Icek-lejbuś s. Judki, literat.

0165. קאליף [א. מוקדוני], ווען זי וואָלט געוווסט!..., י. ל. פרץ און די ווארשויער גמינע, (פעליעטאָן): דער פריינד, 1912, №. 265, ז. ז. 2—3.

0166. [א קורצע ביאָגראפישע נאָטיץ, אלס א פאָרוואָרט צו]: י. ל. פרץ, דער קונצען-מאכער, 1912, זע בא אונדז נום. 014.

0167. א פאָרלעזונג וועגען דער אידישער ליטעראטור: היינט, 1913, №. 6, ז. ז. 4—5.
וועגן פ'ס אן ארויסטרעטונג אלס אָפאָנענט אף באל-מאכשאָוועסעס א פאָרטראג.

0168. ז. ט., די שמר־בעוועגונג ביי אידען, (רעפעראט פון י. ל. פרץ): דאָרט, №. 89.

0169. רבקה פרץ ז"ל: די יודישע וועלט, 1914, №. 1, 155.
א נאָטיץ וועגן דעם טויט פון פ'ס מוטער.

0170. י. ל. פרץ'ס פאָרלעזונג: דאָס לעבען, 1914, №. 22, ז. 4.
א כראָניק־מיטיילונג. וועגן דערזעלבער פאָרלעזונג רע־ט זיך אויך אין דעם פאָלגנדיקן נומער:

0171. די ערעפנונג פון „הזמיר״: היינט, 1914, №. 23, ז. 5.
זע דעם פאָריקן, ווי אויך די צוויי פאָלגנדיקע נומערן.

0172. ג—ן, די פאָרלעזונג פון י. ל. פרץ: דאָרט, №. 30, ז. ז. 4—5.
וועגן פ'ס צווייטער פאָרלעזונג וועגן דער „נאציאָנאלער פערזענלעכקייט". זע די צוויי פאָריקע, ווי אויך דעם פאָלגנדיקן נומער.

0173. ד״ר א. גורלאנד, די „נאציאָנאלע פּערזענליכקייט“: דאָס לעבען, 1914, № 39, ז. 4. וועגן פּ״ס א פאָרלעזונג אין „הזמיר“ אף אן אנטשפּרעכיקער טעמע. זע די פאָריקע דריי נומערן.

0174. „צוויי רעדעס צו ד. פרישמאנס יובילעאום“, י. ל. פּרץ: דאָרט, № 93, ז. 2.
דאָ איז געבראכט פּ״ס רעדע אף דער פייערונג פון פרישמאנס יובילײ. די רעדע איז זייער כאראק־טעריסטיש פאר דער געשיכטע פון די קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן די ביידע שרייבער. זע אויך די פאָלגנדיקע צוויי נומערן.

0175. נשף יובלו של פרישמאן ב„הזמיר“: הצפירה, 1914, № 91, ז. 4.
עס ווערט דאָ אין קורצן געבראכט דיזעלבע פּ״ס רעדע, וואָס אין פאָריקן נומער. זע אויך דעם פאָלגנדיקן נומער.

0176. ג—ן, דער פרישמאן־אָוונד אין „הזמיר“: היינט, 1914, № 94, ז. 3.
עס ווערט דאָ געבראכט פּ״ס רעדע. זע די פאָריקע צוויי נומערן.

## 4.—אווטאָביאָגראפישע מאטעריאלן

צו נום. 106. באָראָכאָוו רופט אָן בלויז דעם ערשטן באנד פּ״ס „מיינע זכרונות“, וואָס האָט זיך לעכאטכילע געדרוקט אין „דער יודישער וועלט“. פּונקט ווי די איבעריקע פאָרשער, ווייסט באָראָכאָוו ניט וועגן די צוויי קאפּיטלעך פונעם צווייטן באנד, וואָס פּ. האָט באוויזן אָפּצודרוקן אין ווארשעווער „דאָס לעבען“, 1914, נומערן 51, 63 און 69. די קאפּיטלעך הייסן: „איך האָב חתונה געהאט“ און „געפּיפּען“.

עס איז אונדז פארבליבן א היפּשע צאָל פּ״ס רעדעס, פארצייכנט מיט א גרעסערער אָדער קלענערער גענויקייט. ניט האָבנדיק די מעגלעכקייט פעסטצושטעלן אין יעדן פאל די מאָס פון דערדאָזיקער גענויקייט, האָבן מיר די אלע אנטשפּרעכיקע מאטעריאלן פארנאָטירט אין דעם אָפּטייל „ביאָגראפישע מאטעריאלן וועגן פּערעץ“, ניט ארייננעמענדיק זיי אין די „אווטאָביאָגראפישע מאטעריאלן“.

צו פּ״ס בילדער (פאָרטרעטן), וואָס זיינען פארצייכנט בא באָראָכאָוון, קאָנען מיר צוגעבן פּ״ס אן אינ־טערעסאנט בילד, רעפּראָדוצירט אין: „Еврейскій Ежегодникъ“, на 5662—תרס״ב (1901—1902) годъ“, изд. І. Лурье, Спб., 1901. צווישן די זייטן 192 און 193 (דעזעלבער פאָרטרעט פּ״ס איז אויך גע־בראכט אף דער הילע פון דער אויסגאבע: [1902] І. Перецъ, Картинки еврейской жизни. Спб.).
א ניט־טראדיציאָנעל בילד פּערעצעס געפינען מיר אויך אין „ראָמאַן־צייטונג“, 1907, № 23, שפּאלט 710.

## 5.—פּערעץ וועגן אנדערע

0177. יצחק לייביש פּרץ, מיכל גאָרדאָן: דיא יודישע ביבליאָטעק, ג, הרנ״א (1891), ז. ז. 329—333.

0178. י. ל. פּרץ, מענדעלי: מענדעלי מוכר ספרים, צו זיין 75־יעהריגען יובילעאום, רעדאגירט ש. ראָזענפעלד, אויסגאבע „דער פריינד“, ווארשוי, 1910, 7—8. זע אויך:

0179. י. ל. פּרץ, „מנדלי“: העולם, 1910, № 50, ע׳ 3.
מע דארף דאָ אויך דערמאָנען פּ״ס רעדע וועגן שאָלעם־אליינכעמען (1913). מיר איז ניט באקאנט, ווו איז דידאָזיקע רעדע געווען צום ערשטן מאָל פארעפנטלעכט. אין ב. קלעצקינס לעצטער אויסגאבע פון פּ״ס „אלע ווערק“ גייט זי אריין אין דעם XVIטן באנד („ליטעראטור און לעבן“), ז. ז. 71—75. צו דעם־דאָזיקן אָפּטייל געהערט אויך פּ״ס רעדע וועגן דאָוויר פרישמאנען (זע אויבן נום. 0174). פּ״ס מיינונגען וועגן באזונדערע שרייבער און ווערק ווערט דער לייענער געפינען אין פּ״ס קריטישע ארטיקלען און רעצענזיעס, וואָס פּ׳ האָט מערסטנטייל געדרוקט אין זיינע אייגענע אויסגאבעס.

## 6. וואָס איז געשריבן וועגן י. ל. פּערעץ אין אנדערע שפּראכן

ad 2 א:

0180. Л. Перецъ: Еврейскій Ежегодникъ на 5662—תרס״ב (1901—1902) годъ, изд. І. Лурье. Спб., 1901, стр. 404—405.

0181. М. Я. Пинесъ: Исторія еврейской литературы (на еврейско-нѣмецком діалектѣ), ...переводъ. С. С. Вермель. Москва, MCMXIII, Глава X: Исаакъ-Лейбъ Перецъ, какъ поэтъ (стр. 203—222) и Глава XVI: Исаакъ-Лейбъ Перецъ, какъ прозаикъ (323—356).

צום לעצטן קאפיטל זײַנען אין דער רוסישער אויסגאבע געגעבן הויסאָפּעס, צוזאמענגעשטעלט
ס. ס. ווערמעל.

0182. Dr. M. Pines: Die Geschichte der jüdischdeutschen Literatur,... bearbeitet von Georg Hecht, Leipzig, 1913. SS. 214—234 (Die Gegenwart der jüdischdeutschen Literatur :אינעם קאפיטל)

ad 2 ב:

0183. I. Клауснеръ: Ново-Еврейская Литература XIX-го вѣка (1785—1899). Варшава, 1900. стр. 84—85; с дополнениями во 2-м издании: Д-ръ I. Л. Клауснеръ, Ново-еврейская литература (1785—1910), Одесса, 1912, 99—90.

וועגן פּ׳ן אלס העברעיִשן שרײַבער.

0184. Ю. П[инус], Отъ переводчика: предисловіе къ „Полн. собр. соч." Переца (у Борохова № 163), т. I, 1911, стр. I—IV.

0185. С. Цинбергъ, Новый историкъ жаргонной литературы, III: Разсвѣтъ. 1912, № 9, стлб. 7—9.

וועגן דער יִדישער אויסגאבע פון פינעסעס ליטעראטור-געשיכטע. י. צינבערג באהאנדלט דאָ די קאפּיטלעך בא פינעסן וועגן פּ׳ן.

0186. Juljan Oberski [Oberman]. Literatura ghetta, (Próba charakterystyki): Prawda' Warszawa, 1912, №№ 15, 18, 26, 36.

אין די ערשטע דרײַ פון די פארצייכנטע נומערן „פּראווראַ״ האנדלט זיך וועגן פּ׳ן.

0187. Mathias Acher, Über die ostjüdische Literatur: Sozialistische Monatshefte, 1913, 2. Band, 16. u. 17. Heft.

*0188. Pierre Mille, Preface: I. L. Peretz, Bontche le Silencieux etc., Paris, 1914 [I. Нагакъ, Новыя книги: „Разсвѣтъ", 1914, № 27, стлб. 44—45].

זע די נומערן 0124 און 0202.

ad 2 ג:

0189. Х. Ш. Казданъ, Произведенія И. Л. Переца для дѣтскаго чтенія: Вѣстникъ Еврейскаго Просвѣщенія, 1915, № 31 (январь), 38—57.

ad 2 ד:

0190. Критикусъ [С. Дубнов], Новости жаргонной литературы: Восходъ, 1889, VII, стр. 29—30 (2-ой пагинации).

וועגן פּ׳ס „מאָנישן״, וואָס איז געווען געדרוקט אין שאָלעם-אלייכעמס „יור. פאָלקס-ביבל״, I.

0191. С. Ф[руг], [большое подстрочное примечание к его переводу перецевской новеллы „Хельмский меламед"]: Недѣльная Хроника Восхода, 1890, № 20, стлб. 517.

זייער א הויכע אָפּשאצונג פון פּ׳ס נאָוועלן, וואָס זײַנען געווען געדרוקט אין צווייטן באנד שאָלעם-אלייכעמס „יור. פאָלקס-ביבליאָטהעק״. זע נידעריקער נום. 0214.

0192. С. Г., Въ новомъ жанрѣ: Восходъ, 1890, XII, 25—29 (2-ой пагинации).

זייער א גינסטיקע רעצענזיע וועגן פּ׳ס „בעקענטע בילדער״ (זע נום. 01), דער מעכאבער פירט דורך א פאראלעל מיט טשעכאָוון. אן אנדער רעצענזיע—נום. 0109.

0193. F.. [рецензия о перецевской „דיא יודישע ביבליאָטעק", т. т. I и II]: там же. 1893, II—III, 53—6 (2-ой пагинации).

דער מעכאבער שטעלט זיך אָפּ בענוי אף פּ׳ס ווערק, וואָס זײַנען געדרוקט אין ערשטן און צווייטן באנד „יודישע ביבליאָטעק״.

0194. Критикусъ [С. Дубнов], Литературная лѣтопись. Взаимодѣйствіе идейныхъ направленій: там же, 1894, X, см. стр, 30—31 (2-ой пагинации).

א שארף-נעגאטיווע מיינונג וועגן פּ׳ס „ליל זועה״, וואָס איז געווען געדרוקט אין „האסיף״, שנה ששית, 1893 (זע אויבן נום. 021).

0195. С. Г—ъ, Литературная лѣтопись, Литературныя письма г. Фришмана: там же, 1897, IV, 165—178.

אף די זײַטן 175—177 וועגן פרישמאנס אָפּשאצונג פון פּ׳ס „העגב״.

0196. С. Г—ъ. Литературная лѣтопись. Литература нашихъ сборниковъ: там же, 1898. XI. стр. 16—25 (2-ой пагинации).

אף דער זײַט 19—וועגן י. קלויזנערס ארטיקל אין „האשכול״, כרך ראשון, געווידמעט פּ״ס „העגב״ (זע ב. נום 87).

0197. С. Цинбергъ. [рецензия на "אחיאסף, לוח... לשנת תרס״א"]: Книжки Восхода. 1901. VI

אף דער זײַט 143 רעדט דאָ צינבערג וועגן פּ״ס א דערציילונג, וואָס איז געווען געדרוקט אין „לוח אחיאסף״ אף דעם פארצייכנטן יאָר.

0198. Як. Каценельсонъ, Ежегодникъ Н. Соколова: там же. 1902. VII.

וועגן נ. סאָקאָלאָווס „ספר השנה״, שנה שלישית. אף די זײַטן 131—132 הערט דאָ געערדט וועגן י. קלויזנערס און מ. י. בערדיטשעווסקיס ארטיקלען וועגן פּ״ן, וואָס זײַנען געדרוקט אין דעם דערמאָנטן באנד „ספר השנה״. זע ב. נום. 50 און בא אונדז נום. 0118.

0199. С. Цинбергъ, [рецензия на "אחיאסף, שנה עשירית"]: там же, 1903. VI.

אף דער זײַט 150—עטלעכע שורעס וועגן פּ״ס סצענעס, וואָס זײַנען געווען געדרוקט אין דעם אָנגע-רופענעם „אחיאסף״. זע אויבן נום. 023a.

0200. Z., Обзоръ еврейской печати, О художественной литературѣ: Еврейское обозрѣніе, 1910. № 1, стлб. 27—32.

אין פארבינדונג מיט פּ״ס ארטיקלען אין „פריינד״ „וואָס פעהלט אונזער ליטעראטור״. זע אויבן די נומערן 086 און 0122.

0201. А. Эфросъ, [рецензия на „Собр. соч." Л. Переца. т. I. изд. „Соврем. Проблемы"]: Утро Россiи, 1911, № 237, стр. 5.

0202. I. Нагакъ, Новыя книги: Разсвѣтъ, 1914, № 27, стлб. 44—45.

וועגן א פראנצויזישער איבערזעצונג פון פּ״ס ווערק (זע נידעריקער נום. 0209). זע אויך נום. 0124.

ad 3 א:

0203. Д-ръ Н. Эльяшевъ. По поводу юбилея Л. Переца: Восходъ. 1901. № 28. 5 7.

0204. Петербургская лѣтопись: там же, № 31, стлб. 10.

וועגן דער פייערונג פון פּ״ס יובילײ אין ווארשע.

0205. Z., Обзоръ еврейской печати: там же, № 61, 10—13.

וועגן די אָפּקלאנגען אף פּ״ס יובילײ אין דער העברעישער פרעסע. זע אויבן נום. 0136.

0206. Wladeldo. Кіевъ. 1. О творчествѣ Переца. 2. „Еврейская литература и театръ": Еврейское Обозрѣніе, 1910. № 1, 35—38.

וועגן פּ״ס זײַן אין קיעוו, עס ווערט דאָ געבראכט פּ״ס א רעדע. זע אויך אויבן נום 0149.

0207. М. Залменсонъ [М. Шалит]. I [?]. Л. Перецъ въ Вильнѣ: Разсвѣтъ, 1912. № 12—13. стлб. 46 49.

עס ווערט געבראכט דער איגהאלט פון פּ״ס פאָרלעזונג וועגן דער יידישער ליטעראטור, ווי אויך פון זײַן רעדע אף א באנקעט. זע אויך אויבן די נומערן 0160—0162.

מיר וועלן דאָ בא דער געלעגנהײַט באמערקן, אז אין די רוסיש-יידישע אויסגאבעס פלעגט מען גאנץ אָפט באצייכענען פּ״ס נאָמען מיטן רוסישן אָס „Л״, אסאָציירנדיק זײַן נאָמען מיט דער פארשפרייטער באהעפטונג „יעהודע-לייב״ (און ניט „יצחאָק-לייב״). אין דער טרויער-מוידאָע, וואָס עס האָט אָפּגעדרוקט וועגן פּ״ס טויט די פארוואלטונג פון דער געזעלשאפט פאַר יידישער פאָלקס-מוזיק זע די רוסישע צײַטונג „רעטש״, 1915, נום. 80, ז. 1) הייסט פּערעץ מיטן פולן נאָמען „יעהודע-לייב״...

## 7. איבערזעצונגען פון פּערעצן אין אנדערע שפּראכן

### א) אין דײַטש

*0208. Was ist die Seele?: Allgemeine Zeitung des Judenthums. 1890 [„הצפירה״ 1890 נום. 256 ז. 1056]

ווי דאָס איז צו זעען פונעם קאָנטעקסט אין „הצפירה״, פונוואנען מיר נעמען די ידיעה, איז עס ניט די ערשטע איבערזעצונג פון פּערעצן אין דײַטש.

## ב) אין פראנצויזיש

*0209. I. L. Peretz. Bontche le Silencieux et autres contes juifs, traduits par Charles Bolz avec une preface de Mr. Pierre Mille, Mercure de France, Paris. 1914. [I. Нагакъ, Новыя книги: „Разсвѣтъ", 1914, № 27, 44—45].

אין דערזעלבער נאגאקס נאָטיץ, פוניואנען מיר נעמען די ידיעה וועגן דער איבערזעצונג, ווערט דערציילט, אז די יידיש־פראנצויזישע צייטונג „L'Aurore" (קאָנסטאנטינאָפּאָל) האָט אין צווי נומערן איבערגעדרוקט פונעם ביכל „Bontche le Silencieux", און ווייטער האָט זי איבערגעדרוקט אויך די אנדערע דערציילונגען, וואָס זיינען אריין אינעם ביכל. זע אויבן די נומערן 0124 און 0202.

## ג) אין רוסיש

צו נומ. 176—178. דיזעלבע דערציילונגען זיינען אויך אריין אין דער צווייטער אויסגאבע פונעם ערשטן באנד „אלמאנאכן", 1911.

0210. Л. Перецъ. Картинки еврейской жизни. 1. Штраймель. 2. Каббалисты, 3. Гнѣвъ еврейки, 4. Смерть музык., Спб., [1902], 8°, 28 стр.

0211. Леонъ Перецъ. Хасидскіе разсказы и друг. („Еврейская Семейная Библіотека" подъ редакціей М. Д. Рывкина, Вып. VIII), изд. Ш. Бусселя, Спб., 1902, 8°, 140 стр.

0212. И. Л. Перецъ, Разсказы и картинки. изданіе книжнаго магазина Шермана. Одесса, s. a., 31+[1] стр.

0213. Л. Перецъ, Венера и Суламита, [пер.] С. Ф[руг]: Недѣльная Хроника Восхода, 1890, № 15. 395—398.

0214. Л. Перецъ, Хельмскій меламедъ, Народная сказка, [пер.] С. Ф[руг]: там же, № 20, 517—520.

זע אויבן נומער 0191.

0215. Л. Перецъ, Ужасная ночь, (Психологическій этюдъ). Перев. Як. Каценельсонъ: Восходъ, 1897, IX, 112—134.

0216. „Сорвался со струнъ моей лиры"..., стих., пер. Л. Б. Яффе: І. Клаузнеръ. Ново-еврейская литература XIX-го вѣка, Варшава, 1900, стр. 84; перепечатано во 2-м изд. книги Клаузнера, Одесса, 1912, стр. 88—89.

0217. Л. Перецъ. Четыре поколѣнія—четыре смерти. (Съ древне-еврейскаго): Восходъ, 1901, № 2, 21—24.

0218. Л. Перецъ, Видѣніе матери, (Съ древне-еврейскаго): там же, № 9, 24—26.

0219. Л. Перецъ, Раввинъ и цадикъ: там же, № 16, 23—25. № 17, 21—25.

0220. Л. Перецъ. Гнѣвъ еврейки. (Переводъ съ рукописи), [перев.] Э. Э.: там же № 29, 21—24.

0221. Л. Перецъ, О пожарахъ, Перев. Ю. Б.: там же, № 32, 21—26.

0222. Л. Перецъ. Еврейское нахальство, Перев. Б.: там № же. 36, 35—40

0223. Л. Перецъ, Семейное счастье, Перев. М.: там же, № 40, 32—35.

0224. Л. Перецъ, Еврейскіе типы. 1. Домашній миръ. Разсказъ, 2. Смерть клезмера, Перев. Н. П.: Еврейскій Ежегодникъ на 5662—תרס"ב (1901—1902) годъ, изд. І. Лурье, Спб., 1901, 193—204.

0225. Л. Перецъ, Что выше?. (Из хасидскихъ разсказовъ). Перев. Б.: Восходъ 1901. № 49, 37—39.

0226. Л. Перецъ, Радости ищите только у Него, (Изъ хасидскихъ разсказовъ). Перевелъ А. Е.: там же, № 66, 23—25.

0227. Л. Перецъ. I. „Рѣка гордилась чуднымъ"... II. „Какъ прахъ земли, угрюмо небо"..., III. „То правда иль сонъ на яву?"..., IV. „Не знаю, какой это лучъ". V. „Отчего мои надежды"..., стих., пер. Л. Яффе: Л. Яффе. Грядущее, Стихотворенія, Гродна, 1902, стр. 101—103.

די לידער I און II זײַנען איבערגעדרוקט אין דער 2-טער אויסגאבע פון י. קלויזנערס ציטירטן (זע אויבן נומ. 0216) בוך. „Ново-еврейская литература", אָדעס, 1912, ז. 89.

0228. И. Л. Перецъ, Рави Шлойме и его исторіи: Научно-литературный сборникъ „Будущности", Т. III, Спб., 1902, стр. 295—306.

0229. Л. Перецъ. Связка писемъ. Перевелъ А. Марковъ: Еврейская жизнь въ изображеніи лучшихъ еврейскихъ бытописателей, Приложеніе къ „Книжкамъ Восхода", 1902, IV, 1—32.

0230. Л. Перецъ. Скитанія одной пѣсни. Перевелъ А. Марковъ: Книжки Восхода, 1903, VI, 35—54.

0231. I. Перецъ. Благочестивый котъ, Сказка, перев. С. Ан—скій: Новыя вѣянія, Первый еврейскій сборникъ, изд. С. Скирмунта, М., 1907, 395—399.

0232. I. Л. Перецъ, Семь хорошихъ лѣтъ, (Перев. съ жарг. Е. Дымшицъ): Разсвѣтъ, 1910 № 18, 41—43.

0233. I. Л. Перецъ. Жертва, Изъ „народныхъ разсказовъ". (Перев. съ жарг. Л. С.): тамже, 1912, № 23, 30—32.

0234. И. Л. Перецъ, Тяжба съ вѣтромъ, Легенда, перев. съ евр. Бен-Эліогу: Колосья, 1914, IV, 34—40.

0235. Л. Я[ффе]. Изъ I. Л. Перецa, „Черезъ ночь и мракъ"..., стих.: Разсвѣтъ, 1915, № 1, 44

מ. ע.

# ליטעראַרישע מיסצעלן

## I. די צייַט און דער פאַרפאַסער פון דער אַנאָנימער „די גענאַרטע וועלט“

אין זייַן אויסגעצייכנטער אַרבעט „די אויסגאַבע פון עטינגערס שריפטן“ גיט כ׳ מ. ווינער צום ערשטן מאָל אַן אינפאָרמאַציע וועגן דער אַזויגערופענער אַנאָנימער „גענאַרטער וועלט“, ער דערווייַזט, אַז די פּיעסע איז געווען דער דירעקטער מוסטער פון עטינגערס „סער־קעלע“ און פאַרמולירט וויכטיקע אָנמערקונגען צום גענעזיס פון דער דראַמע.

דאָ וויל איך צוגעבן די פאָלגנדיקע באַמערקונגען:

1) די אַנאָנימע „גענאַרטע וועלט“ איז פאַרפאַסט געוואָרן און דערשינען פאַר 1830, וויבאַלד עטינגער האָט זי געלייענט נאָך בעת זייַן שטודיום אין לעמבערג.

2) מע קען אָבער נאָך פּינקטלעכער באַשטימען איר צייַט: זי רעאַגירט אויף אַ כיירעם, וואָס איז אויסגערופן געוואָרן קעגן גאַליצישע מאַסקילים. אַזוי לייענען מיר אין ערשטן אַקט:

„ש ר ייַ ב ע ר: באַ אונדז האָבן זיך די יונגע לייַט מעיאַשעוו געווען „טוב תורה עם דרך ארץ“, און האָבן טאַקע אָנגעהויבן צו לערנען קעסיידער לאָשנקוידעש מיט דער גרויסער כאָכמע — דיקדעק, טייל האָבן שוין געלערנט לעשוינעס און כאָכמעס, טייל הויבן אָן מעלאָכעס אויך צו לערנען.

ס ו י כ ע ר: נו, וואָס איז דאָס פאַר אַ כעט קומט פאַר דעם?

ש ר ייַ ב ע ר: ניין, די לאָמדים האָבן מיט פלייַס מיט די פרומע כעוורוסע שאָלעם געמאַכט און האָבן זיך גענומען אויף די לייַט, און פּלוצלונג איז אַ קאָל אַרויסגעקומען, אַז מע ווערט אַפּיקאָרסים, און...

ס ו י כ ע ר: איך שטויס מיך שוין.

ב אָ כ ע ר ל: ליבער פאָטער, עס איז שוין אַזוי אין דער מאָדע אַרייַנגעקומען, אַז פאַר דער מינדעסט קלייניקייַט רופט מען איינעם אַפּיקוירעס און לייגט אים אין דער כעס אַרייַן (אין כיירעם—מ. ע.).“

אויף ז. 71 דערוויסן מיר זיך, אַז פון כיירעם איז גאָרניט געוואָרן, „מע האָט פּובליטשנע געמוזט די כעס פאַר נישט מאַכן“ צוליב דער אַרייַנמישונג פון דער מאַכט (די אָרטאָדאָקסן האָבן עפנטלעך געמוזט אָפּרופן דעם כיירעם).

דער שרייַבער איז פון עסטרייַך, „באַ אונדז“ באַטייַט, אַלזאָ, אַ געשיכטע, וואָס איז פאָרגעקומען אין גאַליציע.

קלאָר, דאָ ווערט געמיינט דער כיירעם, וואָס איז אויסגערופן געוואָרן דורכן לעמבערגער ראָוו אָרנשטיין אויף ראַפּאָפּאָרטן, ערטערן, נאָטקעסן און פּאַסטאָרן אין יאָר 1815. ווי־באַלאַבאַן שרייַבט („Dzieje Żydów w Galicji“ 1914. p.99), האָט מען דעם כיירעם, אויף דער פאָדערונג פון דער פּאָליציי, געמוזט ל ע פ אָ נ ע ם אָפּרופן. דאָך האָט געווילדעוועט דער טעראָר פון דער אָרטאָדאָקסיע, אַנערעך 50 מאַסקילישע איידעמלעך האָט מען איבערגעוואַלט אָפּגעגעט, און ערטער האָט געמוזט אַנטלויפן אין בראָד. אַלס ענטפער זייַנען אָבער

די מאסקילים דאן אריבער אין א קעגנאָנגריף: ראפּאָפּאָרט ענטפערט אפן כיירעם מיט זײַן שריפט „נחלת יהודה“ (1815), פערל פארפאסט אין דערזעלבער צײַט זײַן „מגלה טמירין“, וואָס איז צוליב צענזור־מעניעס אָפּגעדרוקט געוואָרן ערשט 1819 אין ווין. אין דער־זעלביקער צײַט, אלזאָ, 1815—1816, איז מינאסטאם פארפאסט געוואָרן די אנאָנימע „געגנארטע וועלט“.

3) דעם מעכאבער פון דער אנאָנימער „געגנארטער וועלט“ דארף מען אלזאָ זוכן אין דעם דעמאָלטיקן קרײַז גאליצישע מאסקילים, צו וועלכן ס'האָבן אָבער דאן אויך אָנגעהערט לעפין און לעווינזאָן.

4) דער קיעווער עקזעמפּליאר איז אן איבערדרוק פון 1863, אלזאָ קנאפּע 50 יאָר שפּע־טער; ניט קיין וואונדער, אז ער איז אומבעראכמאָנעסדיק פארגרײַזט, געקירצט און צע־מאזיקט. ביפראט האָט געליטן דער דריטער אקט, אין וועלכן ס'הערשט דער גרעססטער פלאָנטער. אגעוו, האלט דער ערשטער אקט 39 זײַטן, דער צווייטער — 26, דער דריטער — קוים 12. קלאָר, דאָ האָט מען אממייסטן געקירצט.

5) דער מעלאמעד האָט אלזאָ גוט געקענט סײַ אייכלס, סײַ וואָלפסאָנס קאָמעדיעס. פאראן דערוף נאָך אסאך רײַעס (די דינסט בא וואָלפסאָנען און אין דער אגע"ווע, וואָלפ־סאָנס האקדאָמע און די האקדאָמע צו אגע"ווע מיטן זאץ „וועמען עס בײַסט דער זאָל זיך קראצן“, די געשטאלט פון דעם מעלאמעד, א. א.).

6) די אקציע קומט פאָר אין רוסלאנד, אין פּאָדאָליע—וואָלין, נאָענט צו בארדיטשעוו, וווּ ס'וויל אוועקפאָרן די יעסוימע. דער מעלאמעד שטאמט פון קרעמענעץ (79). כאָטש די פּיעסע איז געשריבן אין גאליציע, ווערט די אקציע צוליב טאקטישע טײַמים אריבערגע־טראָגן אין פּאָדאָליע (עס זאָל שווערער זײַן אויסצוגעפינען דעם מעכאבער).

7) די פּיעסע איז פארטראכט אופגעפירט צו ווערן פּורים־צײַט, דערפאר קומט פאָר די אקציע פון עסטערטאָנעס נאָך דער מעגילע ביז פּורים צו דער סודע. ענלעך איז אויך פאר־טראכט געוואָרן וואָלפסאָנס קאָמעדיע.

8) די לאָזונגען פון דער אגע"ווע זײַנען: קעגן דעם כיירעם און דער פארפאָלגונג פון מאסקילים, קעגן כסידים, צאדיקים און צוואקעס, קעגן פריִיקע שידוכים און אָן דעם ווילן פון די קינדער, פאר ערלעכן, סאָלידן האנדל, פאר מעלאָכע און בילדונג, פאר טוירע מיט דערעכערעץ. דאָס זײַנען די לאָזונגען פון דער גאליצישער בורזשואזער האסקאָלע, וואָס שפּעטער פּראָפּאגאנדירט זיי אין רוסלאנד לעווינזאָן.

9) דער מעכאבער איז ניט לעווינזאָן, כאָטש ער געפינט זיך יענע צײַט אין גאליציע, ס'איז ניט וואָלינער ייִדיש, ס'איז אויך ניט פּערלס ייִדיש. דער מעכאבער ניצט א גאלי־צישן ייִדיש, מיט א ריזיקער צאָל פּאָלאָניזמען און רוסיציזמען און גאָר ווייניק אוקראַיִ־ניזמען. עפּשער איז דער מעכאבער מענדל לעפין גופע? דערוף קען ענט־פערן דער פארגלײַך מיט „משלי“, וואָס איז דערשינען 1813. לעפינס „קהלת“ טויג ניט צום פארגלײַך, ס'איז פארפאסט נאָך אין בערלין, אין די 80־ער יאָרן פון 18־טן יאָר־הונדערט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן וווינט לעפין א לאנגע צײַט אין פּוילן, זײַט 1808 וווינט לעפין אָן איבערײַס אין גאליציע (בראָד, טארנאָפּאָל—ביז 1826). מעמיילע האָט אין זײַן דיאלעקט געקענט ארײַנדרינגען א גרעסערע צאָל פּאָלאָניזמען. ליידער האָב איך ניט „משלי“ צום פארגלײַך. „קהלת“ אליין ווײַכט אָפּ פון דער שפּראך פון דער אגע"ווע.

10) פאר לעפינס מעכאבערשאפט קענען רעדן אזעלכע ארגומענטן: א) לעפין איז די לעבעדיקע בריק צווישן דער בערלינער, גאליצישער און רוסישער האסקאָלע (די וויכטיק־סטע עטאפּן פון זײַן פארביקן לעבן זײַנען: סאטאנאָוו, בערלין, ווארשע, אוסטיע, פּעטער־בורג, בראָד, טארנאָפּאָל—געשטאָרבן 1826). אָבער אזא מין ליטעראַרישע בריק צווישן אלע דרײַ האסקאָלעס איז אויך די „געגנארטע וועלט“. ב) די פארטײַטשונגען פון ארײַנגעבראָקטע פּסוקים, אף וועלכע ס'מאכט אופמערקזאם כ' ווינער. ג) נאָך אין יאָר 1819 (און ניט 1811,

ווי ווײַנלעז שרײַבס, „היסטאָרישע שריפטן״, 813), שוין א בען־שיווים, איז ער פריש און בא דער ארבעט: „בין גאָטלאָב נאָך פריש, בא גוטער לוינע אונד ארבײַטע נאָך אימער פאָרט״.
ד) לעפין האָט פארפאסט א רייי ווערק אין יידיש: איבערזעצונגען פון טאנאך (משלי, קהלת, איוב, תהלים א. א.), אָבער אויך אָריגינעלע ווערק, אזוי צ. ב. א ווערק וועגן בעש״ט א. ט. „דער ערשטער כאָסיד״, וועגן וואָס ס׳דערציילט גאָטלאָבער. ער האָט אויך פארפאסט א „דײַטשן אויפזאץ פאָן דער וויכטיקײַט דער פאָלקסשריפטן אין יידישער שפראכע צור קולטור אונד אופקלערונג יידישער אײַנוווינער אין פוילן״.

דעצידירן וועט נאטירלעך דער שפראך־אנאליז פון „משלי״ און אגע״ווע. אזוי צי אזוי, די פיעסע איז ארויס פון דעם קרײַז מאסקילים פון לעפין, ראפאָפּאָרט, ערטער, ביק, לע־ווינזאָן, קראָכמאל. זי פארדינט בעליסאָפעק אסאך אופמערקזאמקייט, און קוידעמקאָל א גוטע, וויסנשאפטלעכע אויסגאבע. און לאָמיר האָפן, אז כ׳ ווינער, וואָס האָט די דראמע ארויסגעפונען און דער ערשטער באשריבן, וועט אונדז אויך דידאָזיקע אויסגאבע געבן.

## II. וועגן אקסענפעלדס „ЗА ДВУМЯ ЗАЙЦАМИ“

אין צעדערבוימס אָרגאן „Вестник русских евреев״ 1872, נומ 21 — 17 איז אָפּגע־דרוקט אקסענפעלדס א דערציילונג „За двумя зайцами״ (געכאסמעט „אקסענפעלד״ — אָן איניציאַלן). דער סטיל באווײַזט, אז ס׳איז אן איבערזעצונג פון יידיש. אקסענפעלד האָט געשריבן א שלעכט רוסיש; קלאָר, די איבערזעצונג שטאמט פון אן אנדער פערזאָן. ניט פון אים גופע. אין „רייסטער״ פון אקסענפעלדס אלע קסאָווים איז אזא דערציילונג ניט דערמאָנט. צעדערבוים האָט אָבער געקאָנט ענדערן דעם טיטל. העיויס ס׳איז אָבער ניט קיין גרויסע זאך, קאָן עס זײַן אין דעם פאל בלויז נומ. 24 „זאכן און אינטערעסן״. — די דערציילונג איז פארפאסט געוואָרן ניט פריער פון 1848 (דאָרט ז. 592), מינאסטאם אויך ניט פיל שפעטער, אף וויפל ס׳רעדט זיך וועגן פלעביסציטן, וואָס זײַנען איצט אקטועל אין פראנקרײַך (ז. 594), אמווארשײַנלעכסטן—1851.

די דערציילונג געהערט צום לעצטן פעריאָד פון אקסענפעלדס שאפן. צווישן איר און די ווערק, וואָס זײַנען אנטשטאנען אין די 30־ער און אָנהויב 40־ער יאָרן, ליגט א פעריאָד פון צען יאָר—א צײַט זייער א פרוכטבארע אין אקסענפעלדס שאפן. גראָד פון אָט דעם פעריאָד איז אָבער צו אונדז גאָרניט דערגאנגען. די בריק צו דער רוסישער דערציילונג פעלט אלזאָ, און אקסענפעלדס ווײַטערדיקע עוואָליוציע איז ניט קלאָר.

די דערציילונג שילדערט אָדעסער פארהעלטענישן (די פאסירונגען קומען פאָר אין אָדעס און כערסאָן) אין קעגנזאץ צו אקסענפעלדס אנאליזירטע ווערק, וואָס זייער טעמע איז דאָס פּאָ־דאָליש־וואָלינער שטעטל. אנדערש געזאָגט: די דערציילונג שילדערט ריין־בורזשואזע פאר־העלטנישן, אפן פאָן פון טומלדיקן יידישן האנדל אין א רוסישער גרויסשטאָט. דער יידי־שער שטייגער איז שוין האלב־מאָדערניזירט, עס שאפט זיך שוין די קליינבירגערלעכע קאָמבינאציע פון שאָלעם־אלייכעמדיקער „קורצע פייע און לענגלעכע קאפאָטע״. מערקט זיך טאקע אן איבערברוך פון אקסענפעלדס איצטיקער קריטיק פון יידישן לעבן: ס׳איז נאָך אלץ א קריטיק פון קליינבירגערטום, אָבער איצט שוין א האלב־מאָדערניזירטן, קריטיק פון קליינע סאָכרים, וואָס האָבן שוין א מאָדערנע קאנטאָר און האלטן א בוכהאלטער, אָדער פון אופגעקומענע קנאפ־געבילדעטע גווירים. מע קאָן דעם דאָזיקן איבערברוך אויך אזוי פאָרמולירן: אויב אין די פריערדיקע יידישע ווערק איז אקסענפעלד מענדעלעס א פאָרגייער, איז ער אין דער רוסישער דערציילונג דירעקט אן אָנזאָג אף שאָלעם־אלייכעמען (אגעוו, פיגורירט שוין אין דער דערציילונג „ריאבטשיק״, א „יידישער״ הונט).—דער אינהאלט פון דער דערציילונג וועט עס קלאָר מאכן: דער העלד איז שלוימע סאָרקין, א קליינער בוכהאלטער בא צוויי קליינע טווע־סאָכרים. ער פארדינט 50 רובל א כוידעש, באשווינדלט אָבער איין שותף לע־טויוועס דעם צווייטן דורך פאלשע קוויטלען, און פארדינט אף אזא מין אופן מינאצאד. זײַן

טאַטע איז געווען אַן אָרעמער שנײַדער, וואָס האָט געקרעכצעט אונטערן יאָך פון א ווײַב אַן ארורע. שלומיעס סאָרקין, איז האַלב־געבילדעט, קען אָבער זיך צוגעבן אַן אויסערן גלאַנץ. ס'איז אַן עגאָיִסט, וואָס טרײַבט ארויס די אָרעמע מאַמע בעשאַס זי קומט בעטן געלט אף כאַסענע מאַכן די טאָכטער.—זײַנע שווינדלען אין דער קאָנטאָר ווערן סאָפקאָלסאָף אַנט־דעקט, און סאָרקין זעט אַן אויסוועג פון דער געשאַפּענער לאַגע: רײַך כאַסענע האָבן. א שאַדכן שלאָגט אים פאָר צוויי שידוכים אין כערסאָן: באַ אַן אופגעקומענעם גוויר, אַן אופגעקלערטן, און באַ א פרומאַק. סאָרקין דרייט זיך אַרײַן אי דאָ, אי דאָרטן: באַם אופ־געקלערטן גוויר רעדט ער וועגן שילער, געטע און די פּלעביסציטן אין פראַנקרײַך, באַם פרומען — וועגן די מאָפּסים פון צאַדיקים. דערעכאַגעוו ווערן גאַנץ געלונגען פאַרצייכנט די פּאָרטרעטן פון ביידע קאַלעס; באַם אופגעקלערטן גוויר: א פּוסטע, נאַרישע מיידל, ניט אַסאַך מער געבילדעט, ווי סאָרקין; באַם פרומען — א דינע, שלאַנקע מיידל, וואָס עסט אָבער מיט אַן אומגעהייערן אַפּעטיט. סאָרקין יאָגט צוויי האָזן, און כאַפּט נאַטירלעך קיינעם ניט— ער ווערט דעמאַסקירט און מיט כאַרפּע ארויסגעטריבן.

מיר שטייען שוין באַם סאָף פון דער „ניקאָלאַיעווטשטשינע". עס הערט זיך שוין אַן אָנזאָג פון די זעכציקער יאָרן.

אַקסענפעלד זעט זיך שוין יעצט געצוווּנגען צו קעמפן קעגן דער פאַלשער אופקלערונג, וואָס איז ביז איצט געוואָרן די מאָדע אפילע פון קליינבירגער־טום. ניטאָ שוין איצט וואָס ניספּאָעל ווערן פון קענען לעשוינעס, מאָסקאָוויטעריש און ציפער... דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אין רוסלאַ:ד ווידער היפּש א רוק געטאָן פאָרויס, און דײַטלעכער זעט זיך עס אָן אין אזא שטאָט, ווי אָדעס. אַקסענפעלד קען שוין איצט דיסקאָנטירן יענע גליקן, וואָס ער האָט געבראַכט א:יך אין דער יידישער סוויווע. און ס'איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש, אז ס'איז קימאַט ניטאָ קיין פּאָזיטיווע געשטאַלטן אין דער דערציילונג—אַכוץ דעם אָרעמען שנײַדער, סאָרקינס פּאָטער, וועט ווערט געשילדערט מיט אַסאַך סימפּאַטיע.

## III. צו דער ביבליאָגראַפיע פון אייכלס שריפטן ביז 1795

איך האָב שוין אין דער „יידישער שפּראַך", 1929, נומ. 4–5 דערמאָנט דעם לעקסיקאָן „נויעסטעס געלערטעס בערלין", וואָס איז דערשינען אין בערלין 1795 און ווו ס'איז פאַראַן א פּאָר ביאָגראַפישע דאַטעס איבער אייכלען און אַן אויספירלעכע רעשימע פון זײַנע ווערק, און כ'קאָמענטיר דאָרט: „אייכל האָט דאַן געלעבט אין בערלין, און די פולשטענ־דיקײַט פון דער ביבליאָגראַפישע רעשימע לאָזט קיין שום סאָפעק ניט, אז אלע אינפאָר־מאַציעס האָט ער אליין צוגעשטעלט די רעדאַקטערס פון דעם לעקסיקאָן". עס לוינט אַלזאָ איבערדרוקן (געקירצט די קאָמענטאַרן) דיזאָזיקע רעשימע:

1. שפת אמת. העברעיש. קיניגסבערג 1782. אַן אופאָדערונג צו די קיניגסבערגער יידן צו עפענען א מאָדערנע דערציִונגס־אַנשטאַלט.
2. דאָס צוועלפטע קאַפּיטל דעם פּרעדיגערס זאַלאָמאָ:יס מיט קריטישע אָנמערקונגען. דײַטש. קיניגסבערג, 1782.
3. נחל הבשור. דער פּראָספּעקט צום „המאסף". בערלין, 1783.
4. געבעטע דער האָכדויטשען אונד פּאָלנישען יודן, אוס דעם העברעיִשן אינס דויטשע איבערזעצט. דייטש. קיניגסבערג, 1786.
5. פּרקי דבי אליהו—פון אליהו הנ"י, מיט אָמערקונגען. בערלין, 1788.
6. תולדות רבנו משה בן מנחם. העברעיש. בערלין, 1789.
7. משלי. איבערזעצט אין דײַטש, אין יידישע אויסיִעס, מיט א קאָמענטאַר. בערלין, 1790.
8. העברעיִשע איבערזעצונג פון מארקוס הערצוס בראָשור וועגן דער פריצײַטיקער קווו־רע באַ יידן. בערלין, 1789.

9. העברעִישע קאנטאטע, לויט טילים 45, לעקאָוועד דעם אײַנצוג פון קרוינפרינץ לודוויק פון פרײַסן. בערלין, 1795.

10. איבער ווארע פירסטענגרעסע. א טרויערערדע צום טויט פון פרידריך II. קיניג־סבערג, 1786.

ווײַטער לייענען מיר: אייכל איז דער ארויסגעבער פון 6 יאָרגענג „המאסף", ווו ער האָט געדרוקט אסאך העברעִישע און דײַטשישע ארטיקלען, צ. ב.: דאָס לעבן פון ייִצכאָק אבארבאנעל, פון ראמבאם, פון מענדעלסאָן; בריוו פון א רײַזע אין קאָפּענהאגן; אלע ארטיקלען וועגן דער פריציײַטיקער קווורע; בריוו פון א רײַזנדיקן מיזורעך־מענטש; די גרויסע האקדאָמע צום יאָרגאנג 1788; דאָס הולדיגונגס-געדיכט פארן איצטיקן פרײַסישן קיניג; די טפילע פון א דאָקטער (איבערגעזעצט פון דײַטשישן אָריגינאל, פארפאסט פון מ. הערץ); די טפילע פון א שויפעט; א ריי רעצענזיעס, לידער און דערציילונגען, צום טייל אָריגינעלע, צום טייל איבערזעצונגען. אין די דײַטשישע בײַלאגעס צום „המאסף" געהערט אים די „אנקינדיגונג" פון ווייזעלס קריטיש־פילאָזאָפישן ווערטערבוך.

## IV. וועגן א צווייטן זיסקינד פון טרימבערג

פאר א מין צווייטן זיסקינד פון טרימבערג ווערט געהאלטן וועלפליין פון לאָכאמען, וואָרום אף זײַן לידערבוך איז פאראן א ווידמונג אין ייִדישע אויסיִעס (פארגלײַך מײַן „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור", ז. 75). שוין נאָכדעם ווי מײַן „געשיכטע" איז פארפאסט געוואָרן, האָב איך זיך באקענט מיט דער פאקסימילע־אויסגאבע פון קאָנראד אמעלן: Locheimer Liederbuch. Wölbing-Verlag. Berlin, 1925. צום סאָף קומט א גרונטיקע אָפּהאנדלונג, פון וועלכער כ׳וויל דאָ בלויז פּאָלגנדיקס ציטירן:

דער קסאוויאד אין א לידער־זאמלהאנטשריפט מיט נאָטן, געשריבן אין מעשעך פון מינדעסטנס 5 יאָר, שטאמט פון שטאָטישן פארטיציִער־קרײַז פון סאָף 15 י״ה. געשריבן ס׳ראָוו אין נירנבערג, א טייל לידער אין דאָרף אגדאָרף (אגענדאָרף). אף ז. 37 פון דער האנטשריפט געפינט זיך אן אופשריפט: Wolflein von Lochamer ist das gesenk puch לויטן כינט און נאָך אנדערע סימאָנים איז אָבער קלאָר, אז וואָלף פון לאָכאם איז בלויז דער אייגנטימער פון דער האנטשריפט, ניט דער מעכאבער. די פאמיליע לאָכאם־לאָכיים לאָזט זיך נאָך ווײַזן אין נירנבערג זינט 1387, און א וואָלף ווערט טאקע דערמאָנט אין יאָר 1512.

די אופשריפט אין העברעִישע אויסיִעס געפינט זיך אף ז. 15 פון דעם קסאוויאד, און שטאמט זיכער פון דעם שרײַבער פון דעם קסאוויאד, ניט פון שפעטערדיקע באזיצער. זי לייענט זיך אזוי:

דער אללערליעבזטענן בארבארא מעינעם טרעווען ליעבזטען געמאקוםם.

לויט דער אָרטאָגראפיע פון דער ווידמונג וואָלט איך געזאָגט, אז דאָס האָט געשריבן ניט קיין ייִד און ניט קיין מעשומעד, נאָר א קריסט, וואָס האָט געקענט דעם ייִדישן אלעפבייז. אזעלכע זײַנען אין דייטשלאנד סאָף 15 יאָרהונדערט געווען לאָרויווו.

איז אלזאָ, דעם „צווייטן זיסקינד פון טרימבערג" קען מען רויִק אויסשטרײַכן פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור. און שוין אוודע און אוודע דעם נאָמען „וואלפליין פון לאָכאמען", וויבאלד ס׳איז בלויז אן אייגנטימער פון דעם קסאוויאד.

די וויכטיקסטע ליטעראטור צום קסאוויאד אכוץ דער שוין דערמאנטער אויסגאבע:

Friedrich Wilhelm Arnold: Das Locheimer Liederbuch. Jahrbücher für Musikalische Wissenchaft. II. Leipzig, 1867.

Otto Ursprung: Vier Studien zur Geschichte des deutschen Liedes. III. Wolfin von Lochamer's Liederbuch, ein Denkmal Nürnberger Musikkultur um 1450. Archiv für Musikwissenschaft. V. 1923.

## V. דער מעכאבער פון „טעיאטאָר פון חסידים“

אין די „היסטאָרישע שריפטן“ פונעם ווילנער ייִדישן וויסנש. אינסטיטוט, װאַרשע 1929, שפּ. 694—623, איז אָפּגעדרוקט אן אינטערעסאנטער מאסקילישער פּאמפלעט פון די יאָרן 1843—1839 א. ט. „טעיאטאָר פון חסידים“. ווי קומט דער פּאמפלעט אין „היסטאָרישע שריפטן“ — דאָס איז שוין דער סאָד פון דער רעדאקציע. ס'איז א ריין ליטעראַרישער דענקמאָל, אגעוו זייער אן אינטערעסאנטער. זײַן פּלאץ איז אין א ליטעראריש־פילאָלאָגישער זאמלונג (אזוי אויך גאָטלאָבערס „דער ייִד אין קיִעוו“).

ניט דאָס זײַנען מיר אויסן. צום טעקסט גופא האָט די רעדאקציע געגעבן צוויי ארײַנפירן — טשעריקאָווערס און באָראָדיאנסקיס, וואָס כאזערן זיך קעסיידער איבער. טשעריקאָווערס קורצער ארײַנפיר ווערט סײַווי איבערגעכאזערט אין באָראָדיאנסקיס קינסטלעך אופגעשוואָלענער „שטודיע“. אָבער נאָך אלע טיפזיניקע כקירעס האָבן ביידע געלערנטע ניט באמערקט, אז דאָס ליד נאָכן טעקסט פארמאָגט אן אקראָסטיך, וואָס גיט אויס דײַטלעך דעם נאָמען און פאמיליע פונעם מעכאבער: „א פ ר י ם פ י ש ע ל ז אָ ה ן“ (פגל שפּ. 694—693). דער מעכאבער פון דעם פאמפלעט האָט אלזאָ געהייסן עפרײַים פישלזאָן[1]).

עס איז ניט ריכטיק, וואָס די רעדאקציע פון די „היסטאָרישע שריפטן“ (שפּ. 524) שטעלט פעסט, אז „ווי מיר זעען האָט דער מעכאבער (פון „טעיאטאָר פון חסידים“) געשטאמט פון לובלין“, כאָטש זי פארופט זיך אף י. שפּיראָס א באמערקונג („אחד מחכמי לובלין“). אין „המליץ“ פון 1860, נומ. 5, ז. 78 געפינען מיר א קאָרעספּאָנדענץ פון קראַשניעוויץ (?), וואָס איז געכאסמעט מיט: „אפרים פישל פישלאָזן א י ש ז א מ ו ש ט ק“. ד. ה. אז פישלזאָן, וואָס האָט עפשער צו א באשטימטער צײַט געלעבט אין לובלין איז געווען א זאמאָשצער פונקט ווי זײַן „איש בריתו“, א. צעדערבוים. דערדאָזיקער פאקט דערקלערט אסאך בעסער ווי דער רעדאקציעס כקירעס (שפּ. 624) די אָנסאָפּעקדיקע באציִונג פון „טעיאטאָר פון חסידים“ צו עטינגערס ווערק ב י כ כ א ל (און ניט בלויז צו „סערקעלע“ ווי ד״ר כ. באָראָדיאנסקי מיינט).

אגעוו איז אויך די רעדאקציע איגגאנצן אומגערעכט, אויב זי האלט, אז „עס איז א גוזמע מיצאד דעם דערמאנטן יאנקעוו שפּיראָ, ווען ער שרײַבט, אז דאָס איז א מאנוסקריפּט אשר לא נראה עוד על פני הארץ (שפּ. 626). דאָס איז לאבלוטן ניט קיין גוזמע, נאָר דורכויס ריכטיק. מע דארף בלויז קאָנען די ווערטער ריכטיק איבערזעצן, און ניט אזוי ווי די רעדאקציע טוט דאָס. דער גאנצער זאץ באטײַט: „און ביכלאל איז עס א גוט און הערלעך בוך, אן אָריגינאל־מאנוסקריפּט פון דעם מעכאבערס האנט, א בוך, וואָס איז נאָך ניט דערשינען אין דרוק“ (זע שפּ. 623—624), און ניט ווי די רעדאקציע מיינט אפּאָנים: „א בוך פון אזא מין גוטסקײַט ווי ס'איז נאָך ניט געזעען געוואָרן אף דער וועלט“.

די העברעיִשע האקדאָמע האָט די ייִדישיסטישע רעדאקציע ניט איבערגעדרוקט, כאָטש זי שײַנט צו זײַן ביז גאָר אינטערעסאנט.

באָראָדיאנסקיס באמערקונג נומ. 5 איז כאראקטעריסטיש פאר דער שרײַבמאניר פון אָט־דעם פאָרשער. באָראָדיאנסקי פּאָלעמיזירט מיט ז. רייזענען: „ס'איז שווער מאסקים צו זײַן מיט ז. רייזענס מיינונג, אז („לײַכטזין און פרעממעלייא“. מ. ע.) האָט געזאָלט פאר־

[1]) די אנטשטייונגס-ראטע 1839 (און ניט 1843 אָדער 1838 — זע שפּ. 625) ווערט באשטעטיקט דורך דער לעצטער שורע פונעם טעקסט (שפּ. 694). „נ״אנדיל איג״טער אייב״ער בלכ״ה מל״ך טא״עז״ איז א „לפ״ק“ פון די קאָרטן: נײַנטל=9+אינטער=2+אייבער=3+מאלקע=10+מיילעך=4+טויז=11 צוזאמען 39, ד. ה. 1839.

בײַטן „די זינלאָזע און אומגעלומפּערטע פורים־שפּיק פון יענער צײַט און דינען אלס איבערגאנג פון די פורים־שפּילן צו דער מאָדערנער דראמע.״ דאָס איז אָבער ניט „ז. רייזענס מיינונג״. וואָלפסאָן אליין שרײַבט, אז זײַן קאָמעדיע „צור בעלוסטיגונג אן אונזערם פורים פעסטע אן דער שטעלע דער זאָנסט געוויינליכן זינלאָזן און צוועקווידריגן הארלעקינאדן דינען זאָל.״ א גאנצע ריי אנדערע באמערקונגען און שטעלן אין דעם אריינפיר האָבן קיין שום שײַכעס ניט צו דער טעמע און זײַנען קינסטלעך צוגעטשעפּעט און אריַינגעפלאָכטן.

נ. א.

# איציק אייכל און די שפּראַכנפראַגע

בּאַ דעם שטאַרק אויסגעוואַקסענעם אינטערעס צום מעכאַבּער פון דער „ערשטער ייִדישער קאָמעדיע" איציק אייכל און זײַן שאַפן—לוינט אויפמערקזאַם צו מאַכן אַף זײַן ווינציק באַקאַנטער בּראָשור „איזט נאָך דעם ייִדישן געזעטצע דאָס איבּערנאַכטן דער טעדטן ווירקליך פערבּאָטן?" (בּרעסלע, 1797). ס'איז א „שרײַבּן אַן דען הערן פּראָפעסאָר לעווע אין בּרעסלוי", ד. ה. צו זײַן כאַווער און דעם מיטרעדאַקטער פון „המאסף" יאָיעל בּריל (געשט. אין בּרעסלע אין יאָר 1802), וואָס האָט נאָך פריִער (1794) פּובּליקירט אין בּערלין אַן ענלעכע בּראָשור („שרײַבּן אַן די ווירדיגן מיטגלידער זעמטליכער לעבּליכן אונד וואָלטעטיגן כעוורעס גמילעס כאַסאָדים א. א. וו."). אייכל הויבּט אַן מיט א לויבּ פון בּרילס אײַנפאַל צו פּובּליקירן די בּראָשור אין ייִדיש־דייטש, און ארגומענטירט אזוי: וואָלט בּריל, ווי א ייִדישער געלערנטער, „דאס זאָגענאַנטע ווייבּער־דייטש פיר צו געמיין געהאַלטן זיך זײַנער צו בּעדינען", און וואָלט זײַן שריפט פאַרפאַסט אין העבּרעיִש, וואָלטן די, וואָס פאַרשטייען העבּרעיִש זי ניט געלייענט, און די ווידער, ווען די שריפט וואָלט געווען צום הארצן, וואָלטן זי גראָד ניט פאַרשטאַנען. וואָלט ער ווידער, ווי א דײַטש־שער שריפטשטעלער, זי פּובּליקירט אין דער דײַטשישער שפּראַך און שריפט, וואָלט ער געהאַט שוין א צו גרויסן לייענער־אוילעם; די שריפט וואָלט ניט פאַרבּליבּן אין דער ייִדישער גאַס (אייכל נוצט דעם אויסדרוק „ניכט אין דער יעהודים־שולע געבּליבּן") און וואָלט גיכער פאַר אַלץ געגעבּן נײַעם שטאָף די אנטיסעמיטן פאַר שפּאָט און פאַראַכטונג. און אייכל דערציילט ווײַטער פאַרבּיטערט: די לאַגע איז גאָר אנדערש, ווי מיט 14 יאָר צוריק, ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער „המאסף" אין העבּרעיִש: „דאַמאַלס קאָנטן וויר נאָך אויף לעזער רעכנען, ווײַל צו יענער צײַט נאָך יעדער אַנגעהענדע ייִדישע ליטעראַטוס זיך איין פערדינסט דאַרויס מאַכטע העבּרעיִש צו פערשטיין". ס'האָט אויך געווירקט מענדעלסאָנס אווטאָריטעט. איצט לעבּט שוין ניט מענדעלסאָן, און „דער גײַסט דער נאַציאָן" האָט אָנגענומען א „מיסליכע געשטאַלט, בּייזער ווילע איזט אַן די שטעלע דער עהעמאַליגען אונוויסענהײַט געטרעטן".

אייכל האַלט, אז פונדעסטוועגן דאַרף מען זיך ניט מעיאַעש זײַן, און שלאָגט פאָר בּאַנײַען דעם „המאסף" אין דײַטש מיט ייִדישע אויסיעס, לויטן מוסטער פון בּרילס דערמאַנטער בּראָשור און אייכלס איצטיקער שריפט.

אייכלס שריפט איז געשריבּן אין א ייִדישלעכן דײַטש, אין ייִדישע אויסיעס מיט פאַרשיידענע ייִדישע ווערטלעך און פראַזעאָלאָגישע ווענדונגען. עס לוינט צו פאַרצייכענען (ז. 20), אז אַף די מאַסקילישע טײַנעס, אז ייִדן בּאַגראָבּן צו פרי זייערע מייסים, פלעגן די אָרטאָדאָקסן ענטפערן מיט א וויץ: „וואָס? מע בּאַגראָבּט זיי צו פרי? איך זאָג, מע בּאַגראָבּט זיי צו שפּעט".

און אָט איז א טשיקאַווער ציטאַט, וואָס בּאַווײַזט אונדז איינעם פון די קוואַלן פון אייכלס ייִדיש:

„אונדזער פּאָלנישער מעלאַמעד, דיזער לערטע אונדז אין אונדזער יוגנט: לא ניס, תלין דו זאָלסט איבּערנעכטיקן, נבלתו זיין שעלמפּלייש, על אויף, העץ דעם גאַלגן, כי נײַערט, קבר בּאַגראָבּן, תקברנו דו זאָלסט בּאַגראָבּן אים" (ז. 26).

י. רימיניק

# נאָטיצן

## I. ווען האָט פערעץ אָנגעהויבן שרײַבן יידיש?

ווי ס׳איז באַקאַנט, איז פערעצעס דעביוט אין דער יידישער ליטעראַטור געווען זײַן פּאָעמע „מאָניש“, פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינם ערשטן באַנד פון שאָלעם־אַלייכעם „פאָלקס־ביבליאָטעק“ (1888). און כאָטש ס׳איז אויך באַוווּסט דער פאַקט, אַז פערעץ האָט גע־שריבן יידיש אויך פריִער, בלײַבט דאָך די פראַגע וועגן פערעצעס פריִיקן שרײַבן פאַרנעפּלט ביזן הײַנטיקן טאָג.

די ערשטע גרויסן וועגן דעם, אַז פערעץ זאָל האָבן נאָך אין דער יוגנט געשריבן יידיש באַגעגענען מיר אין דעם באַקאַנטן און פיל ציטירטן אַרטיקל פון י. כ. זאַגאָראָדסקי, („לוח אחיאסף“, 1901) ער ברענגט אַפילו עטלעכע שורעס פון אַ פּאָפּולערער ליד, וואָס איז געווען געווידמעט קעגן די קאַצאָווים [1], אָבער געגני׳ ווען דאָס האָט געזאָלט פאָרקומען לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן.

אין זײַן אַרטיקל „פון מײַנע זכרונות“ („ליטעראַרישע בלעטער“, נום. 49-50 פאַרן 1925 יאָר) האָט ש. ל. ציטראָן, דערווײַזנדיק פערעצעס ערשטן אַרײַנטריט אין דער יידישער ליטעראַטור, פאַרצייכנט אַזוי: „לויט ווי זאַמאָשצער טוישווים גיבן איבער, האָט פערעץ נאָך זײַענדיק אַן איידעם אַף קעסט (אַלזאָ נאָכדעם ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון וואַרשע און זיך ווידער באַזעצט אין זאַמאָשץ — י. ר.) פאַרפאַסט עטלעכע יידישע פאָלקס־לידלעך“. ער ברענגט אויך אַ שטעלע פון פערעצעס צווייט ליד „דאָס שנײַדערל““.

מיט ש. ל. ציטראָנס מיטיילונג שטימט אויך די יעדיִע פון שמועל אשקענאַזי — פערעצעס יוגנט־פרײַנט, לויט וועלכער פערעץ האָט נאָך אין זײַן אַדוואָקאַטור־פּעריאָד אין זאַמאָשץ זיך פאַרנומען מיט איבערזעצן „יחזקאל“ אין יידיש (זע נ. מײַזלס אַרטיקל אין „ליט. בלעטער“ נום. 49—50 פאַרן 1925 יאָר).

זאַלמען רייזען ווײַזט אָן, אַז „אין... דעם מיטן פון די 70־ער יאָרן האָט ער (פערעץ) נאָך דערהויפּט געשריבן אין העברעיִש. בלויז געלעגנהײַטס־לידער, וועלכע ער האָט אַליין ערנסט ניט גענומען — פאַרפאַסט אין יידיש“ (זע ז. רייזען, לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַ־טור און פרעסע, צווייטער באַנד, שפּ. 981).

ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן — האָבן מיר ניט קיין אָנצוהערעניש, אַז פערעץ זאָל געווען אָנהויבן שרײַבן אין יידיש נאָך אינעם אָנהויב זיבעציקער יאָרן, וועגן שמועסט נאָך ווען מיר רעדן ניט פון מונדלעכן לאָקאַלן שאַפן, נאָר פון זאַכן, וואָס זײַנען געווען באַשטימט פאַרן דרוק. אַף וויפל נאָך פערעץ אַליין האָט אין זײַן בריוו צו צינבערגן אָנגעוויזן, אַז ער האָט לעכאַטכילע געשריבן פויליש, דערנאָך העברעיִש און ערשט דאַן איבערגעגאַן אַף

1) ס׳איז קעדײַ צו ווענדן די אויפמערקזאַמקײַט אַף דעם, אַז מיר געפינען בײַ פערעצן אין זײַנע „זכרונות“ ז׳ 85 — 86 עטלעכע שורעס, וואָס זײַנען גאַנץ ענלעך צו די וואָס עס ברענגט י. כ. זאַגאָראָדסקי אין „לוח אחיאסף“.

בײַ זאַגאָראָדסקין:

„אָרעמע לײַט שטאַרבען פון הונגער,
רײַסען און בײַסען, נאַגען די פינגער,
פערציג גראָשן פלייש אַ פונט
און דאָס פלייש — אוי אַ קלאָג!
שטיינער און ביינער. אַ פאַלשע וואָג“.

בײַ פערעצן:

„אַכט און צוואַנציג גראָשן פלייש אַ פונט...
אַרויסצוּוואַרפן פאַר די הינט...
און אַ פונד, אוי אַ גרויסע קלאָג!
שטיינער און ביינער און אַ פאַלשע וואָג“...

ייִדיש (איך ברענג עס לויט ז. רייזען — י. ר.), האָבן מיר ניט וואָס צו זוכן דעם אָנהויב פון פערעצעס ליטעראַרישער טעטיקייט אויף ייִדיש פאַרן 1875 יאָר, ד. ה., איידער ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דרוקן אין העברעיִש.

לויט א דאָקומענט, וואָס געפינט זיך אין אָדעסער „מענדעלע־מוזיי", לאָזט זיך איצט פעסטשטעלן, אז פערעץ האָט נאָך אין דעמזעלביקן יאָר (ד. ה. 1875) שוין געשריבן אין ייִדיש. דאָס איז א בריוו פון רוּוון אָשער ברוידעס צו לינעצקין, דאַטירט דובנאָ, 15/27 יאַנואַר 1876 יאָר.

אָט וואָס מיר לייענען אינעם פּאָסט־סקריפּטום פון דעמדאָזיקן בריוו, „עקר שכחתי: בהיותי בוואַרשע דברתי על לב ה׳ פרץ (הוא אחד מהעלמים הנפלאים, משורר נעים וגם לב רגש לו והוא מידידי) לכתב דבר למ״ע „ישראליק״ ושמתי אידעע בפיו. והוא כתבה באורח שיר בשם „א בריעף פון פוילישע נקבות״ והבטיחני לשלח אליך. השלח? היהיה נדפס?״

אין ייִדיש וועט דאָס הייסן:

„עיקר שאָכאַכטי. ווען איך בין געווען אין וואַרשע, האָב איך אופגעמונטערט ה׳ פערעצן (ער איז א וווּנדערבאַרער יונגערמאַן, אן אייַנגענעמענער דיכטער מיט א פילנדיק האַרץ און איז פון מייַנע פרייַנט), ער זאָל אָנשרייַבן א זאַך פאַר דער צייַטשריפט „ישראליק״. איך האָב אים אופגעגעבן א אידעע, און ער האָט זי אָנגעשריבן אין דער פאָרם פון ליד מיט דעם נאָמען „א בריעף פון פוילישע נקבות״ און האָט מיר צוגעזאָגט זי דיר שיקן. צי האָט ער זי געשיקט? צי וועט זי געדרוקט ווערן?

צי האָט פערעץ געשיקט די ליד לינעצקין איז ניט קלאָר. פאַרעפנטלעכט איז זי געוויס ניט געוואָרן. מיר האָבן שוין דערמאָנט, אז דער בריוו איז דאַטירט 15/27 יאַנואַר, 1876 יאָר, ד. ה. צוויי וואָכן איידער דער „ישראליק" האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָבער דער פאַקט אליין, אז פערעץ האָט אין 1875 יאָר שוין געשריבן אין ייִדיש, בלייַבט פאַר אונדז אינ־טערעסאַנט, ווי א וויכטיקע דאַטע אין פערעצעס ליטעראַרישער טעטיקייט, וואָס איז ביז איצט ניט געווען באַקאַנט.

אגעוו, וועגן ברוידעסעס פּאָזיטיווער באַציִונג צו פערעצן האָט שוין אויך געשריבן ש. ל. ציטראָן (זע זייַנע מעמוארן וועגן פערעצן אין ערשטן באַנד פון „דרייַ ליטעראַרישע דורות").

סע לאָזט זיך אויך אַרייַנטראָגן א קליינעם קאָרעקטיוו אין ז. רייַזענס ביִאָגראַפישער נאָטיץ וועגן פערעצן. ער ווייַזט אָן, אז פערעץ האָט פאַרבראַכט אין וואַרשע די יאָרן 1876—1877. קלאָר, אז פערעץ איז געווען אין וואַרשע נאָך אין 1875 יאָר.

## II. צו דער אופירונג פון עטינגערס „סערקעלע"

ס׳איז באַקאַנט, אז פון ליבהאָבער איז עטינגערס „סערקעלע" אופגעפירט געוואָרן נאָך אין 1862 יאָר. ווי א. י. פּאַפּערנע דערציילט אין זייַנע „זכרונות" („פנקס", 1913) זאָל אין דעם ספּעקטאַקל האָבן זיך באַטייליקט אווראָם גאָלדפאַדען. אויף דער בינע האָט „סערקעלע" דער ערשטער אויסגעפירט לערנער. ס׳איז ניט געווען קיין צופאַל, וואָס „סערקעלע", די ערשטע ייִדישע קלאַסישע דראַמע, וואָס האָט געלאָזט שפּורן פון גרויסער ווירקונג קימאַט אויף דער גאַנצער ייִדישער דראַמאַטורגיע פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז אופגעפירט געוואָרן דאַפקע אין לערנערס טעאַטער — דעם ערשטן פּרווו פון א פאַרפייַנערטער ייִדי־שער בינע.

פון א רעצענזיע, וואָס מיר געפינען אין „אָדעסקי וועסטניק" פון 13 אויגוסט 1888, איז צו דרינגען, אז דער ספּעקטאַקל איז צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן מאָנטיק דעם 11־טן אויגוסט. די קירצע עטלעכע שורעס מעלדן אונדז, אז „די פּיעסע איז א גאַנץ ערנסטע, האָט ניט קיין שאַרזש און אז דאָס פּובליקום האָט זיך מיט וואַרעמקייט באַצויגן צו דער

נײַער קאָמעדיע, וואָס האָט געוואונען פון דער שפּיל פונעם טאלאנטפולן ארטיסט טײַך, זילבערמאן, גאָלדשטיין און אנדערע".

קעדיי צו האָבן א גענויערע פאָרשטעלונג וועגן דער אופירונג פון „סערקעלע", וועט קעדיי זײַן צו ברענגען דאָ א רעצענזיע, אף דעמזעלבן ספּעקטאקל פון שפּעטער מיט פיר כאדאָשים (אָנהויב דעקאבער), וואָס גיט איינציקע זייער אינטערעסאנטע פּראָטים. דאָ ווערט שוין אויך געבראכט ווער א וועלכע ראָל האָט געשפּילט. אפּוויפל ס'איז צו זען פון די פאראנענע מאטעריאלן, אז פאר דער צײַט האָט זיך ניט געביטן דער אקטיאָרן־באשטאנד פון דער טרופּע, קען מען מיט זיכערקײַט זאָגן, אז דיזעלבע פּארטיילונג פון די ראָלן איז אויך געווען בא דער פּרעמיערע. צוליב דער באזונדערער כשיוועס, וואָס סע שטעלט פאָר מיט זיך די אופירונג פון „סערקעלע" ברענגען מיר די רעצענזיע גאנצערהייט.

„די פּיעסע „סערקעלע", וועלכע לערנער האָט איבערגעמאכט פונעם באוווסטן ייִדישן ראָמאן (?) פונעם דאָקטער עטינגער איז אָפּגעגאן מער ווי גוט. דער איינפאכער, ניט־שפּיצי־קער סיוזשעט, דאָס ניט פארקריכן אין א זײַט, וואָס שאדט אָפטמאָל דער גאנצקײַט פון דער שפּיל — דאָס אלץ מאכט די פּיעסע אינטערעסאנט, גרינג. דער צושויער קוקט צו מיט פארגעניגן, ניט אײַנמידנדיק זיך און אָן וועלכער ניט איז געשפּאנטקײַט.

די בכוירע קומט אָפּגעבן טײַכן, וואָס איז דאָס מאָל ארויסגעטראָטן אין זײַן בעסטער כאראקטער־ראָל פון שאדכן. דאָס איז זײַן אמפּלואַ. מאהולעסקא האָט אויך געמאכט שטארק לאכנדיק דעם אוילעם. די ראָל פון זאהיקע גיט זיך אים שטענדיק אײַן, א שאָד נאָר וואָס צײַטנווײַס כאפּט ער איבער די מאָס. זילבערמאן האָט די ראָליע פון גאווריעל הענדלער גוט אָפּגעשפּילט. די קלענערע אין פארגלײַך מיט אנדערע ראָל פון לערער האָט שיינגאָלד אָפּגעשפּילט ווארעם און הארציק, וואָס איז דער שטענדיקער כאראקטעריסטישער שטריך פון זײַן שפּילן. די פרויען־ראָלן האָבן זיך באקומען בלאסער. ביכלאל הינקט צו דער פרויען־פּערסאָנאל אין דער ייִדישער טרופּע. מע דארף נאָך דערמאָנען גאָלדשטיינען, וואָס האָט אָפּגעשפּילט די ראָל פון סערקעלען אזוי נאטירלעך און טיפּיש, אז צײַטנווײַז האָט ער געצוואונגען דאָס פּובליקום פארגעסן, אז דאָס שפּילט א מאנסבל".

ש. באַראוואָי

# אן אומבאקאנטע איבערזעצונג פון לינעצקיס „פוילישן ייִנגל"

מיט דערדאָזיקער מיטיילונג וויל איך אופמערקזאם מאכן אף א בוך, וואָס איז דאכט זיך געבליבן אומבאקאנט דער ייִדישער ליטעראטור־פאָרשונג.

אין 1872 יאָר האָט איינער א דײַטשישער גײַסטלעכער ד"ר פערדינאנד וועבער געמאכט א רײַזע איבער רוסלאנד. אין רעזולטאט פון דערדאָזיקער רײַזע איז אין א יאָר ארום דערשינען א בוך: „Reiseerinnerungen aus Russland". (Leipzig. 1873. VI+26) אינעם בוך ווערט א היפּש אָרט אָפּגעגעבן דער באשרײַבונג פונעם ייִדישן לעבן. אכוץ צעוואָרפּענע איבערן גאנצן בוך פארשידענע באמערקונגען איז וועגן די רוסיש־פוילישע ייִדן פאראן בא וועבערן א ספּעציעלער קאפּיטל אונטערן קעפּל „Russisches Judentum". די „ייִדישע" אײַנדריקן פונעם ד"ר וועבער זײַנען ניט אָריגינעל און האָבן זייער א קנאַפּן אינטערעס. א געוויסע באַדײַטונג האָבן בלויז זײַנע באמערקונגען וועגן ייִדיש און ייִדישער ליטעראטור.

שטרעבנדיק זיך געניער באקענען מיטן לעבן פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין רוסלאנד און פוילן, קעדיי קלאָר מאכן די מעגלעכקײַטן פון א ליוטעראניש־מיסיאָנערישער פּראָפּאגאנדע צווישן איר, האָט וועבער זיך ספּעציעל פארנומען מיטן שטודיום פון ייִדיש און איז אזוי ארום באקאנט געוואָרן מיט דער דאמאָלטיקער ייִדישער ליטעראטור. ס'איז איבעריק צו רעדן וועגן דעם, אז דער צוגאנג פונעם ליוטעראנישן פּאסטאָר צו דער ייִדישער ליטעראטור איז א ספּעציפישער. ד"ר וועבערן אינטערעסירט דעריקער, וואָס פאר א ראָליע האָט די מאָדערנע ייִדישע ליטעראטור געשפּילט אינעם רעליגיעזן לעבן פונעם ייִדנטום און באזונדערס אינעם קאמף קעגן דעם רעליגיעזן פאנאטיזם פון די ייִדישע מאסן.

„די הומאָריסטישע ליטעראטור אף ייִדיש־דײַטשישן זשארגאָן—שרײַבט ער—וואָס מאכט כוויזעק אין פאָרם פון נאָוועלן פון אלט־ייִדישער בילדונג און אלט־ייִדישע מינהאָגים, ארבעט לעטיוועס דער פּאָלשטענדיק נעגאטיווער און רוּיִנירנדיקער אופקלערונג" (ז. 51). אלס א בײַשפּיל צו דערדאָזיקער „נעגאטיווער און אלק־רוּיִנירנדיקער" ליטעראטור שטעלט וועבער ארויס דאָס „פוילישע ייִנגל" פון לינעצקען.

„So machte zu der Zeit, als ich in Südrussland war, ein Buch besondern Rumor unter den altgläubigen Juden, welches den Titel führt: das polnische Jüngel. Es ist mit soviel Witz geschrieben, dass es namentlich von den jüngeren Leuten begierig gesucht und gelesen wird. Aber es ist süsses Gift. Der Verfasser lebt in Odessa und namentlich die Chasidim haben sich viel bemüht das Buch zu unterdrücken und den Verfasser von weiteren Veröffentlichungen der Art abzubringen" (51).

כאָטש ס'איז אין אלגעמיין באקאנט, ווי פּאָפּוליער איז געוואָרן ליענעצקיס „פוילישער ייִנגל" איז ביז גאָר אינטערעסאנט די גוויעסיידעס פון גאָר א זײַטיקן צושויער. ס'ווײַזט קלאָר, אז אלע יעדיעס וועגן דער פארשפּרייטקײַט פון דעמדאָזיקן ווערק זײַנען ניט איבערגעטריבן.

וועבערס שטעלונג צו דער אידעאָלאָגיע פון „פוילישן ייִנגל" איז געווען, ווי מיר האָבן געזאָגט, א נעגאטיווע, דאָך האלט ער אליין, אז דאָס ווערק האָט א גרויסן אינטערעס. אזוי שרײַבט ער לעמאָשל: Es enthüllt manche Nachtseite des polnisch-russischen Judentums, namentlich was die religiöse Erziehung der Juden anlangt".

ון ער גיט אן איבערזעצונג פון א גאנץ קאפיטל (זײַטלעך 10—27 פון דער ערשטער יידישער אויסגאבע — בא װעבערן. ז.ז. 53—78) בא דער איבערזעצונג איז אים באהילפיק איינער ש. פיין (S. Fayn).

זאָל דאָס זײַן ניט די ערשטע איבערזעצונג פון מאָדערנעם יידיש אף אן אייראָפעיִשע שפראך?

דאָסזעלבע קאפיטל פון „פוילישן יינגל" גיט ער אויך אין אָריגינאל (אין סאָף פון זײַן ביכל, ז. 235—264), נאָר טראסקריבירט מיט לאטײנישע אויסיעס „פאר די וועלכע דער יידישער־פוילישער זשארגאָן אינטערעסירט, ווי א שפראך". אָט איז א בײַשפּיל פון זײַן טראנסקריפציע־סיסטעם:

„Mele woss mit mir hot sich passirt bis ich alt geworn vier johr, is a ssach zu derzaelen. Al ken well ich euch beschreiben vin mein dardki-cheder——O! ich hob gor vergessen, noch mit a johr zurück vor dem cheder hot mich schon der tate ongehoben mechanech sein mit mizwes".

וועבער גיט אייניקע באמערקונגען צו דעם טעקסט און פארטײַטש אין העאָרעס די ניט פארשטענדלעכע ווערטער, אָנווײַזנדיק זייער לעקסישע אָפּשטאמונג (העברעיִש, כאלדעיִש, רוסיש און פויליש). נאָר אין אייניקע פאלן דערקלערט ער די ניט-פארשטענד־לעכע ווערטער פאָשעט פאר „זשארגאָנישע" (לעמאָשל: מיילע, טאטע, אשטייגער, א פײַג, איימיצער, פליסק, פלוצים, נאָרוואָס, מעכאיע געוועזן, קארג א.א.).

אין דעם בוך געפינען מיר, אגעוו, אויך די שפורן פון וועבער'ס באַקאַנטשאפט מיט אק־סנפעלדס ווערק. אף ז. 22 פון זײַן בוך ציטירט ער, בא א געוויסער געלעגנהײַט די „שטערנטיכל". אָט איז די שטעלע: „Der Jude liebt das Beth-hamidrasch mehr als die Schül, d.h. die Synagoge, weil er sichs hier nicht so bequem machen darf, wie denn ein Witzwort im „Sterntichel" sagt: „Wer geht immer in die Schül? Antwort: der Regen, der durch das schlechte Dach hereindringt, aber nicht der Olam, d.h. das Publicum".

דערפון אין קלאָר, אז וועבערן זײַנען באקאנט געוועזן די ווערק פון לעכאָל־האפאָכעס צוויי יידישע שרײַבער—לינעצקי און אקסנפעלד.

**נ. רובינשטיין**

# ביאָ-ביבליאָגראַפישע באמערקונגען

אין „פינקעס“ (באנד וו, ניו־יאָרק, 1929 זייטן 1—9) רעדט ניגער וועגן „די ערשטע ווערק פון א. מ. דיק“. אף זייט 9 ברענגט ער א ביכל (נומ. 3) „מרדכי ואסתר“, וואָס איז ארויס אין 1856—7 און איז אין קיין שום קאטאלאָג פון דיקס ווערק נישטאָ. ער איז זיכער אז דאָס ביכל איז פון דיקס ערשטע ווערק, האגאם לויט דער שפּראך און נוסעך איז דאָס נישט כאראקטעריסטיש פאר דיקן.

דאָס ביכל איז אָבער ארויס אויך אסאך פריער: אין 1835 (אויך אין ווילנע), צענזור־דערלויבעניש פון 27־טן אָקטיאבער 1832 [1]), דאָס הייסט, אז נאָך מיט 25 יאָר פריער איז דאָס ביכל פארטיק געווען צום דרוק (אויב דאָס איז די ערשטע אויסגאבע).

ס׳איז דערוויַיל נאָך אָבער נישט פעסטגעשטעלט, אז דיק האָט שוין אין אָנהויב פון די דרייַסיקער יאָרן (ער איז לויט פינכעס קאָן—אין פילאָלאָגישע שריפטן פון ווילנער יוו״א ב. וו און ווו—אלט געווען דעמלט א יאָר 18—19) געשריבן ביקלאל און אין יידיש ביפראט. גיכער נישט.

מע דארף דעריבער אָנעמען אז ניגערס סוואָרע—וועגן דעם אז דאָס ביכל „מרדכי ואסתר“ איז דיקס — איז נישט מער ווי א סוואָרע, וואָס האָט קיין שום גרונט נישט.

---

אין דער נאָרוואָס דערמאָנטער ארבעט, רעדט ניגער וועגן א ביכל (נומ. 4) „גדולת משה“ וואָס זאָל זייַן דיקס. ניגער שרייַבט, אז דאָס ביכל איז „נישטאָ אין קיין שום קאטאלאָג פון דיקס ווערק“. דאָס ביכל איז אָבער פאראן בא בעניאקאָוון (נומער 67, זייט 95) עמעס, נישט די אויסגאבע וואָס ניגער ברענגט. בעניאקאָוו גיט אָבער צו, אז כוץ די אויסגאבעס, וואָס ער רעכנט אויס, איז דאָס ביכל געדרוקט געוואָרן אסאך מאָל), אין ווינערס „קהלת משה“ (נומערן "1876—"1890 בא 15 אויסגאבעס!), אין פרידבערגס ביבליאָגראפישן לעקסיקאָן („בית עקד ספרים“ העפט 2. אנטווערפן, 1928, זייט 110, נומ. 81). עמעס, אין די אלע קאטאלאָגן פעלט גראד די אויסגאבע, וואָס ניגער ברענגט.

ניגער שרייַבט וועגן דעם ביכל, אז עס איז „אינהאלטלעך דורכויס אלטפרענקיש, אזוי עס וואָלט געשריבן געווען פון א פרום־פארצייַטיקן מעכאבער“.

דער כוש האָט ניגערן נישט אָפּגענארט: ס׳איז בעעמ״ס אלטפרענקיש. ס׳איז געשריבן אָנהויב אכצנטן יאָרהונדערט אף העברעיש און געדרוקט צוערשט אין סאלאָניקי אין יאָר 1727. [2]) צוזאמען מיט א יידישער איבערזעצונג איז דאָס געדרוקט צוערשט אין ווילנע אין יאָר 1807.

פרידבערג רעכנט אויס 18 אויסגאבעס (מיט ביידע טעקסטן: יידיש און העברעיש) פון מיזרעך־אייראָפּע און 3 פון פראנקפורט באם אָדער. ער באמערקט דערביַי אז אין 1864

1) אָט איז די באשרייַבונג פונעם ביכל:

מרדכי אונ אסתר. איין שין װאונדרליכע היסטאָריע פון איין חתן מיט איין כלה. פון דיזר מעשה וועט איר גרויש נחת האָבן: איר ווערט דערינן זעהען וואָש עס איין מאָל פר איין וואונדר גישעהן: און וואָש פון איין חלום איז גיוואָרן: וויא אויך דאָש איין מענטש דארף זיין (בטחון) קיין מאָל פר לירן: אונ מען מוז נאָר צו גאטש גינאָד װארטן: אזא וויא עש מיט דען (רב) איז גישעהן.

Мордухъ и Естеръ. Романъ. Вильно и Гродно. Въ типографіи Манеса и Зымеля

15 בלאט, פאָרמאט 1,55 x 9,5 סמ. 1835.

2) די ביבליאָטעק פון אינסטיטוט פאר יידישער קולטור פארמאָגט, אגעוו, אן עקזעמפליאר „גדולת משה“, שאלוני״ ה ת״צט, וואָס איז אין קיין שום קאטאלאָג ניט דערמאנט. רעדאקציע

זיינען ארויס אין ווילנע 2 פאראלעלע פארשיידענע אויסגאבעס. האָט עפשער דיק געמאכט דעמאָלט א נייַע איבערזעצונג?

אין דעם יידישן אָפּטייל בא דער ווייַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק געפינט זיך אן אנאָנים ביכל מיט אזא טיטל:

Przyjaciel dzieci

מודע לבני בינה אָדער קינדר פריינד אונד לעהרער איין לייכטיש לעהר אונד לעזע בוך פיר דיא יידישע קינדער וואש ווינשן זיך אין דער פוילישע שפראכע גוט לעזן, און די פר שטיין, אונד שרייַבן אָן איין לעהרער, אין איין קורצע צייט זעלבשט זיך אויש צי לערנן: ווילנא והוראדנא. שנת תקפ״ו לפ״ק. Wilno, w Drukarni Lyniela Nochimowicza i Komp. 1826. (4) + 76 זייַטן. דאָס ביכל לייענט זיך פון לינקס צו רעכטס.

דאָס ווערקל איז פאראן אויך בא בעניאקאָוון (זייַט 306 נום. 712), אָבער ס׳איז בא אים נישט דערמאָנט, אז דאָס איז געשריבן אינגאנצן אף יידיש. בא פרידבערגן (וואָס האָט ביקלאל ברייט „אויסגענוצט״ בעניאקאָוון) אין „בית־עקד ספרים״ זייַט 346. נום. 488, איז אויך פונקט אזוי פארשריבן.

דאָס ביכל האָט 7 אָפּטיילונגען און כוץ דעם צום סאָף א ווערטערביכל אף 5 זייַטן פויליש־יידיש: „נייטיגי פוילישי ווערטער פר טייטשט״, און „עניגע פוילישע שפריך ווערטער״. פון דער האקדאָמע איז קענטיק, אז דער מעכאבער קען אויך פראנצויזיש.

איז דער מעכאבער, נישט אמאָל דער באקאנטער אברהם לעווין ליאָן דאָר?

דאָס ביכל האָט בליסאָפעק א פילאָלאָגישן און קולטור־היסטאָרישן אינטערעס.

א) אין „פינקעס״ באנד ו (ניו־יאָרק 1928) זייַט 394 בייזערט זיך י. שאצקי אף א. פינקעלן און שרייַבט; „פינקעל רעדט וועגן די ערשטע פיעסן פון גאָלדפאדן—און פון טעקסט איז צו זען אז ער קען זיי לאכלוטן נישט. ער שרייַבט אומעטום „קאפריזנע טאָכטער״ אָנשטאָט „קאפריזנע קאלע״.

און אונטער דעם טיטל גייט די מעלאָדראמע אויך אין שאצקיס גאָלדפאדן־ביבליאָגראפיע אין גאָלדפאדן־בוך (ניו־יאָרק 1926) זייַט 80 נום. 6. דאָרט גיט שאצקי צו א באמערקונג: „בא גאָרין דער נאָמען נישט ריכטיק אָנגעגעבן״ (בא גאָרינען איז אויך „קאפריזנע טעכטער״).

אינדערעמעסן האָט גאָר די מעלאָדראמע (ערשטע אויסגאבע פון 1887) דעם טיטל „די קאפריזנע קאלע־מויד״, דער רוסישער טיטל איז „Капризная дочь״. ס׳איז דערפון צו זען אז ס׳איז נישט ריכטיק סייַ בא שאצקין, סייַ בא גאָרינען, סייַ בא פינקעלן. אינהאלטלעך, לויטן זין פון דעם טיטל, זייַנען אָבער סייַ גאָרין, סייַ פינקעל נענטער צום עמעס ווי י. שאצקי.

ב) פון דער מעלאָדראמע „די באבע מיטן אייניקל״ איז פאראן אן אויסגאבע אויך פון 1902 (פעלט אין שאצקיס גאָלדפאדן־ביבליאָגראפיע זייַט 80 נום. 4).

ג) אין „המגיד״ נום. 17 פאר 3 מייַ 1876 (זייַט 145) ווערט, אין עליעזער־ייִצכאָק שאַפיראס (א ביכערהענדלער און העברעיִשער שרייַבער[1]) א קאָרעספּאָנדענץ פון ווארשע דערציילט, אז די טעג איז געקומען אהערצו א. גאָלדפאדן מיט נייַע יידישע לידער (מיט נאָטן), און ער קלייַבט זיך פאָרן קיין פעטערבורג אָפדרוקן זייַנע לידער אונטערן נאָמען „דאָס פידעלע״ (בעעמעס דערשינען ערשט אין 1883, אין אָדעס). דאָס איז געווען די צייַט נישט לאנג נאָכדעם ווי עס האָט זיך פארמאכט די צייַטונג „ישראליק״, וואָס גאָלדפאדן צוזאמען מיט לינעצקין האָבן ארויסגעגעבן.

1) זע סאָקאָלאָווס „ספר זכרון״ זייט 115.

סײַ אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע, סײַ אין די ביאָגראַפישע ביכער און מאַטעריאַלן וועגן גאָלדפאַדענען, איז נישט דערמאָנט, אַז ער איז אין יענעם יאָר (דאָס יאָר ווען ער האָט געגרינדעט דעם טעאַטער) געווען אין וואַרשע.

שאַפּיראָ דערציילט אויך, אַז גאָלדפאַדענס ביכלעך לידער „דאָס ייִדעלע" און „די ייִדענע" צעגייען זיך אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן צווישן אַלע שיכטן פון פאָלק, ווײַל די לידער זײַנען עמעסע בילדער פונעם פאָלקס־לעבן און נעמען שטאַרק אויס.

מ. ווײַנרײַך, אויסרעכענענדיק אין „צײַטשריפט" (מינסק) ב. וו־ווו שפּ. 692 באַמ. 3 אַלע אויסגאַבעס פון בוקסטאָרפס „טעזוירעס", גיט צו צו דער פּערטער אויסגאַבע 1629 אין קלאַמערן די דאַטע 1640 מיט אַ פרעג־צייכן. ער איז, הייסט דאָס, נישט זיכער ווען די פערטע אויסגאַבע איז אַרויס.

דער ייִד. אָפּטייל בא דער ווײַסרוסלענדישער מעלוכע־ביבליאָטעק פאַרמאָגט גראָד די פערטע אויסגאַבע און זי איז דאַטירט 1629.

---

ז. רייזען ברענגט אין „צײַטשריפט" ב. וו־ווו שפּ. 779—780 פּערעצעס „געבורט־שײַן" אין וועלכן ס'איז געשריבן אַז פּערעץ איז געבוירן דעם 18־טן מײַ 1852, און ער גיט צו „אַז די דאַטע לאַגבוימער אַלס געבורטסטאָג פון י. ל. פּערעץ איז ווייניקער מוטל בעסאָ־פעק ווי די דאַטע פון יאָר. ליידער קען איך בא דעם מאָמענט נישט פעסטשטעלן, ווען לאַג־בוימער איז אויסגעפאַלן דעם 18־טן מאַי, צי אין יאָר 1851 אָדער מיט אַ יאָר שפּעטער".

לאַגבוימער איז אויסגעפאַלן דעם 18־ v (נײַער סטיל) אין 1843 און אין 1862. צווישן די צוויי דאַטעס—קיינמאָל נישט. אין 1857 איז דאָס געווען 20־v און אין 1852 7־v. מע דאַרף דעריבער האַלטן אַז די פינקטלעכע דאַטע פון פּערעצעס געבורטס־טאָג איז נ י ש ט פעסטגעשטעלט.

אַגעוו דערציילט א. רייזען אין זײַנע „עפּיזאָדן פון מײַן לעבן" ב. ו (ווילנע, 1929 זײַט 286), אַז פּערעצעס 50־יאָריקער יובילײ איז געפּײַערט געוואָרן זומער 1900. הייסט דאָס, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1850.

זאָלן דאָ פאַרצייכנט ווערן כאָטש עטלעכע קוריאָזן פון דעם ווי מע דערלאַנגט ייִדישע ליטעראַטור (רעדאַקטער י. ש י פּ ע ר) און ביבליאָגראַפיע אין דער אַזויפיל געריטמטער „ענ־„ציקלאָפּעדיע יודאַיִקאַ", וואָס דאַרף געבן „דאָס יודנטום אין געשיכטע און קעגנוואַרט":

א) באַנד וו שפּ. 770 (אַרטיקל „ביבליאָטעקן" פון י. זאָנע) איז געדרוקט: „ארחת צדיקים" („סייפער מידעס" — נ. ר.). פּראָג 1540. דאָס איז אַ טאָעס. דער מעכאַבער האָט, ווײַזט אויס געוואָלט ציטירן די ערשטע העברעיִשע אויסגאַבע פון „סייפער מידעס", וואָס איז טאַקע אַרויס אין פּראָג, אָבער ערשט אין 1580—81 (שמ"א). די ייִדישע אויסגאַבע איז אַרויס אין 1542 אָבער אין איזנאַ.

ב) ב. וו שפּ. 802 אין דער ביבליאָגראַפיע פון פּראָזאַיִקער בימקאָ, גיט שיפּער אָן אַזאַ ביבליאָגראַפישן מאָקער: „ביכער־וועלט" וואַרשע 1919, נישט־וויסנדיק אַז אין 1919 איז אין וואַרשע קיין זשורנאַל, „ביכער־וועלט" נישט געווען, נאָר אין קיִעוו.

ג) ב. וו שפּ. 9 ווערט אָנגעגעבן אין דער ביבליאָגראַפיע צום אַרטיקל ביילים־פּראָצעס „סטענאָגראַפישער באַריכט פון ביילים־פּראָצעס" (רוסיש) ו און וו 1914 קיִעוו. עס דאַרף זײַן ו, וו און ווו 1913.

אבע לעוו

# וועגן די פּראָספּעקטן פון א. ליבערמאנס „האמת"

אין דער ליטעראטור וועגן א. ליבערמאנס „האמת" ווערט באהאנדלט און ציטירט א פּראָספּעקט, וואָס ליבערמאן האָט ספּעציעל ארויסגעלאָזט וועגן די צילן און דער פּראָגראם פון „האמת". נאָר קיינער פון די פאָרשער האָט ביזאהער ניט פארצייכנט, אז מיר האָבן אייגנטלעך צו טון ניט מיט איין פּראָספּעקט, נאָר מיט גאנצע צוויי פּראָספּעקטן, וואָס זיינען דערשינען ניט אין איין צייט. דער ערשטער פּראָספּעקט איז ארויס אין ניסן ה׳תרל״ז פארן דערשיינען פונעם ערשטן נומער „האמת", דער צווייטער איז דערשינען כ״ג סיון ה׳תרל״ז שוין נאָכדעם, ווי עס איז ארויס דער ערשטער נומער „האמת". אויף דעמדאָזיקן פּראָספּעקט שטייט אויבן באצייכנט:

Prospectus

(Zweite veränderte Auflage)

א פולע פאקסימילע פון דעמדאָזיקן צווייטן פּראָספּעקט איז ניט-לאנג געבראכט געוואָרן אינעם ערשטן בוך „רויטע בלעטער", ארויסגעגעבן פון דער ווייסרוסישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, מינסק, 1929, אינעם אָפּטייל „מאטעריאלן און דאָקומענטן", ז. 29. קעדיי צו געבן א פאָרשטעלונג וועגן די ענדערונגען, וואָס עס זיינען ארייננעטראָגן געוואָרן אין דער נייער אופלאגע פונעם פּראָספּעקט, וועלן מיר ברענגען דאָ עטלעכע פאראלעלן:

| ערשטער פּראָספּעקט: | צווייטער פּראָספּעקט: |
| --- | --- |
| 1. ... ואת האמת המחלטת נציג לפני הקורא ערומה... כי—אין אמת זולתי הנמצא והנעשה. [1] | 1. ... ואת האמת המחלטת נציג לפני הקורא ערומה... כי—אין אמת גדול מן אמתית הנמצא והנעשה. |
| 2. השקר אשר ישים כעת את־משטרו בארץ הוא אבי כל-פרעות עולם... הוא חצה את בני־האדם לשתי מערכות, לעושקים ועשוקים... | 2. החשך, אשר ימש עוד כיום במוח מרבית האנשים, הוא אבי כל פרעות עולם... הוא נתן לשקר מהלכים בתבל... |
| 3. ... בעת אשר כל פה יקרא: „לחם ועבודה!"... | 3. ... בעת אשר כל פה יקרא בקול מדאיב-לב: „לחם ועבודה!"... |

פעסטצושטעלן דעם כאראקטער פון די ענדערונגען און דערוויזן זייערע סיבעס גייט נישט אריין אין אונדזער איצטיקער אופגאבע. מיר האָבן בלויז געוואָלט קאָנסטאטירן דעם פאקט גופא, אז מיר האָבן צוויי פּראָספּעקטן פונעם „האמת", און אז דידאָזיקע פּראָספּעקטן אונטערשיידן זיך איינער פונעם אנדערן.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן פריער, איז דערדאָזיקער פאקט ניט געוועזן נאָך פאר־צייכנט אין דער ליבערמאן־ליטעראטור, און דאָס האָט געבראכט צו געוויסע פלאָנטערנישן. אזוינע פאָרשער פון ליבערמאנס טקופע, ווי ווינטשעווסקי, ציטראָן, צינבערג און מ. בער־קאָוויטש דערמאָנען לאכלוטן נישט דעם צווייטן פּראָספּעקט. בעשאס מאָריס ווינטשעווסקי

[1] מיר שטרייכן דאָ אונטער די שטעלן, וואָס אונטערשיידן זיך אין די ביידע פּראָספּעקטן. א. ל.

איז געווען אין מאָסקווע, האָב איך אים געוויזן די פאָטאָגראפיע פונעם צווייטן פראָספעקט, איז ער געווען שטארק פארוואונדערט, ווי דאָס האָט זיך געקענט טרעפן, ער זאָל ניט וויסן וועגן דעם דאָקומענט.

ב. באָראָכאָוו אין זײַן ארטיקל „דאָס וויגעלע פונעם יידישן סאָציאַליזם" ציטירט (אין יידיש) דאפקע דעם טעקסט פונעם צווייטן פראָספעקט („החשך, אשר ימש" א. אז. וו.), אָבער ער ווייסט אויך ניט, אז עס זײַנען דאָ צוויי פראָספעקטן. באזונדערס איז צו באוווּנדערן רוּון ברײַנינען, וואָס ברענגט אין זײַנעם אן ארטיקל אין „התורן" גאנצע 33 שורעס (א פערטלטיילעך פונעם גאנצן טעקסט) פונעם צווייטן פראָספעקט און ער רעדט דערבײַ, אז דער פראָספעקט איז דערשינען פארן ערשטן נומער „האמת", כאָטש אינעם טעקסט גופא פונעם פראָספעקט ווערט בעפיירעש געזאָגט „הנומר הראשון לחדש סיון כבר יצא" (דער ערשטער נומער פארן כוידעש סיוון איז שוין ארויס).

ווי דאָס איז צו זען, איז אין דער פראגע פון די „האמת"־פראָספעקטן בא אונדזערע פאָרשער קיין קלאָרקײַט ניט פאראן. האָב איך דעריבער געהאלטן פאר נויטיק אופמערקזאם צו מאכן אפן צווייטן פראָספעקט, ווי אף א דאָקומענט, וואָס קאָן געוויס ארײַנברענגען נײַע איינצלהײַטן אין דער כאראקטעריסטיק פון ליבערמאנס טעטיקײַט.

---

י. מ.

# די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע און די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע באַם אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור

די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע איז געגרינדעט געוואָרן באַם אינסטיטוט דאָס יאָר 1929 אין באַשטאַנד פון די כ״כ: י. ליבערבערג (פאָרזיצער), י. קוויטני (סעקרעטאַר), י. מיטלמאַן, ל. בראָווארניק, כ. לייבאָוויטש, י. עליאָוויטש, ל. אויסלענדער און מ. יאַסנאָגאָראָדסקי.

דער צוועק פון דער קאָמיסיע איז צו דינען אַלס טעאָרעטיש־וויסנשאַפטלעכער צענטער פאַר ייִדישער בוכפאָרשונג אין ראַטנפאַרבאַנד.

אירע הויפּט-אויפגאַבן זײַנען: 1) פירן אויפן גרונט פון דער מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַרבעט אויפן געביט פון בוכקענטעניש; 2) צוגרייטן די אַנטשפּרעכנדיקע וויסנשאַפטלעכע קאַדרען פאַר דערדאָזיקער פאָרשונגס־אַרבעט און 3) אָנפירן מיט די דרײַ הילפס־וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן: ביבליאָטעק, ביבליאָגראַפישע צענטראַלע און פּרעסע-אַרכיוו, וואָס עקזיסטירן באַם אינסטיטוט.

דידאָזיקע אויפגאַבן האָבן באַשטימט די ערשטע שריט פון דער ביבליאָלאָגישער קאָמיסיע אין איר קאָנקרעטער אַרבעט. די גרעסטע אַכט האָט מען געדאַרפט אָפּגעבן דער צונויפשטעלונג פון דעם „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך”. איבער אומאָפּהענגיקע סיבעס און טעכנישע מעניעס האָט זיך דער 1־טער באַנד פאַרהאַלטן אויף אַ לענגערער צײַט אין דרוק, דערפאַר אָבער איז ער אַזוי אויסגעוואָקסן, אַז אַנשטאָט די פּראָיעקטירטע 20 דרוקבויגן, האָט זיך באַקומען אַ קאָמפּאַקטער בוך פון אַריבער 45 בויגן (לויט דרוק־צייכנס).

די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע האָט זיך אויך ניט ווייניק באַשעפטיקט מיט דער פראַגע פון קאַדרען־צוגרייטונג: עס זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן קורצטערמיניקע קורסן פאַר ביבליאָטעקערס; דאָרט האָבן זיך געלערנט בא אַ 20 צוהערער און אַ טייל פון זיי זײַנען דערנאָך אָנגעקומען אויף אַרבעט אין דער ביבליאָטעק פון אינסטיטוט. אַכוצדעם איז סאָף 1930 יאָר אָרגאַניזירט געוואָרן פאַר די מיטאַרבעטער פון ביבליאָטעק—מיטן צוועק צו העכערן זייער קוואַליפיקאַציע—אַ ספּעציעלער סעמינאַר פאַר אַלגעמיינער און ייִדישער בוכקענטעניש.

די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע האָט אויך אָפּגעגעבן פיל אויפמערקזאַמקייט דער אַרבעט פון די הילפס־וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן באַם אינסטיטוט. אויף די זיצונגען פון דער קאָמיסיע האָט מען גענוי באַטראַכט די אַרבעט־פּלענער פון דער ביבליאָטעק און ביבליאָגראַפישער צענטראַלע און דערבײַ זײַנען געלייזט געוואָרן אַ ריי פּרינציפּיעלע פראַגן. אַזוי האָט די קאָמיסיע געהאָלפן דער ביבליאָטעק פון אינסטיטוט אויסצואַרבעטן אַ צײַטווײַליקע קאַטאַלאָגיזיר־אינסטרוקציע און אײַנשטעלן די פאַרטיילונג פון די אַרבעט־פּראָצעסן.

אויף ווײַטער האָט די ביבליאָלאָגישע קאָמיסיע אָנגעמערקט אַזוינע אַרבעטן:

I. צוגרייטן צום דרוק דעם צווייטן באַנד „ביבליאָלאָגישער זאַמלבוך”. (אין דעמדאָזיקן באַנד וועלן אַרײַן צווישן אַנדערע אַזוינע אַרטיקלען און מאָנאָגראַפיעס: 1) י. ליבערבערג—צו דער געשיכטע פון ייִדישן ביבליאָטעק־וועזן אין רוסלאַנד און פס״רר; 2) י. מיטלמאַן—פּראָבלעמען פון ייִדישער לייענער־פאָרשונג; 3) י. עליאָוויטש—10 יאָר סאָוועטישע ייִדישע ביבליאָגראַפיע; 4) י. קוויטני—ייִדישע ביכער־פּראָדוקציע אין ראַטנפאַרבאַנד (1922—1930).

II. דורכפירן (אין 1931 יאָר) די אלפארבאנדישע ייִדישע לייענער־ציילונג, וואָס דארף פעסשטעלן די סטאטיק און דינאמיק פון די ייִדישע לייענערישע מאסן, זייער סאָציאַלן, קולטורעלן א. א. וו. באשטאנד, זייערע ליטערארישע אינטערעסן און פאָדערונגען א. ד. גל.

די ציילונג, וואָס וועט האָבן די גרעסטע באדײַטונג פאר דער ייִדישער לייענער־פאָרשונג, וועט דורכגעפירט ווערן לויט א דעטאל־אויסגעארבעטער לייענער־אנקעטע, די דאָזיקע אנקעטע וועט פאנאנדערגעשיקט ווערן אין אלע ייִדישע ביבליאָטעקן אין פס״רר. צו דעם צוועק דארף געשאפן ווערן א היפשע נעץ פון ביבקאָרן, וואָס זאָלן דורכפירן די ארבעט אף די ערטער לויט די אינסטרוקציעס פון דער קאָמיסיע. א פראָיעקט פון אן אנקעטע דארף אויסארבעטן די ביבליאָטעק פון אינסטיטוט אינײנעם מיט דער ביבליאָגראפישער צענטראלע.

---

די ביבליאָגראפישע צענטראלע (פריִער ביבליאָגראפישער קאבינעט) עקזיסטירט שוין בא 2 יאָר. ניט געקוקט דערויף, וואָס קיין ספעציעלער שטאט איז ניט געווען איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן אזא אינטערעסאנטע ארבעט, ווי די אויסשטעלונג פון דער ייִדישער דרוק־פראָדוקציע אין פס״רר פאר די יאָרן 1917—1921. אָבער קיין רעגלמעסיקע ביבליאָגראפישע ארבעט איז אין קאבינעט ניט געפירט געוואָרן. ערשט דאן, ווען אנשטאָט דעם קאבינעט איז אָרגאניזירט געוואָרן די ביבליאָגראפישע צענטראלע איז געשאפן געוואָרן די מעגלעכקייט פאר א רעגולירער, ברייט פונאנדערגעוויקלטער ארבעט, לויט א באַשטימטן פלאן.

די ביבליאָגראפישע צענטראלע שטעלט איצט צונויף א גענויעם דרײַיאָריקן פלאן פון איר ארבעט. דער דאָזיקער פלאן וועט אינגיכן פארעפנטלעכט ווערן אין „ביולעטען פון אינסטיטוט“. דאָ וועלן מיר אָנווײַזן נאָר אף די וויכטיקסטע ארבעטן, וואָס ווערן פאָרויסגעזען אין דער נאָענטסטער צײַט. אין צוזאמענהאנג מיט דער גרויסער פארברייטערונג פון אירע שטאטן וועט די צענטראלע קענען שטארק פארגרעסערן סײַ די אלגעמיינע אין סײַ די טעמאטישע ביבליאָגראפישע ארבעט.

אין דער ערשטער ריי וועט די ביבליאָגראפישע צענטראלע אָנהויבן פון יאנוואר 1931 א סיסטעמאטישע רעגיסטראציע פון דער גאנצער ייִדישער ביכער־פראָדוקציע אין פ.ס.ר.ר. לויטן אָפמאך, וואָס דער אינסטיטוט האָט געשלאָסן מיט דער אוקראיִנישער ביכער־קאמער וועט די צענטראלע דארפן צוגרייטן פאר דער אָפיציעלער ביבליאָגראפיש־רעגעסטרירנדיקער אויסגאבע פון דער ביכער־קאמער „Літопис українського друку“ די רעשימעס פון דער לויפנדיקער ייִדישער דרוק־פראָדוקציע אין אוקראיִנע. די ביכער־קאמער פון איר זײַט האָט זיך מיסכײַעוו געווען צושיקן אין ביבליאָטעק פון אינסטיטוט א פליכט-עקזעמפליאר פון אלע ייִדישע אויסגאבעס אין או.ס.ר.ר.

די צווייטע קאפיטאלע ארבעט, וואָס די צענטראלע האָט בעדייע אָנהויבן אין 1931 יאָר איז די צוגרייטונג פון ביבליאָגראפישע מאטעריאַלן פאר א פולן אינוועטאר פון דער ייִדישער דרוק-פראָדוקציע פון 1850 יאָר אָן. איינצײַטיק דערמיט, וועט די צענטראלע ארבעטן (צוזאמען מיט דער ביבליאָטעק פון אינסטיטוט) איבערן פארייניקטן קאטאלאָג פון די ייִדישע וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן אין פ.ס.ר.ר. די צענטראלע וועט זיך אויך פארנעמען מיט דער ביבליאָגראפיזאציע פון די מאטעריאַלן, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין דעם פרעסע־ארכיוו באם אינסטיטוט. עגדלעך, וועט זייער א גרויסן אָרט אין דער ארבעט פון דער צענטראלע פארנעמען די טעמאטישע ביבליאָגראפיע, וואָס וועט האָבן דעם צוועק צו באדינען די לויפנדיקע באדערפענישן פונעם אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור און פון אנדערע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן אין פ.ס.ר.ר.

יוּ. מעזשענקאָ

# דער אוקראַיִנישער אינסטיטוט פאר ביכער-וועזן אין קיִעוו

דאָס בוך, אלס אן אנטפלעקער און, אין א געוויסער מאָס, אָרגאניזאטאָר פונעם קולטור־פראָצעס, באזונדערס אין א צייַט פון רעוואָליוציע, האָט צוגעצויגן צו זיך די אופמערקזאמקייַט בא א גרויסער צאָל אויספאָרשער פון פארשיידענע פאכן. איבער דער פראָבלעם פון בוך ארבעט דער געדאנק ניט נאָר בא די ביכער־קענער אליין, נאָר אויך בא די שרייַבער און קינסטלער, פאָליגראפיסטן, עקאָנאָמיסטן און סאָציִאָלאָגן.

ס׳גאנץ נאטירלעך, וואָס דער אינטערעס צום אוקראַיִנישן בוך האָט זיך פאר דער לעצטער צייַט שטארק פארגרעסערט. די ראָליע, וואָס דאָס בוך דארף שפילן אינעם פראָצעס פון דער אוקראַיִניזאציע, אין דער קולטור־רעוואָליוציע פאָדערט קאָנצענטרירן ארום דעם בוך וואָס מער פאָרשערישע קויכעס, פאָדערט, ס׳זאָל קאָנצענטרירט ווערן ארום אים ניט נאָר די וויסנשאפטלעכע ארבעט, נאָר אויך די ברייטע געזעלשאפטלעכע מיינונג, וואָס זאָל מיטהעלפן דער אנטוויקלונג פונעם נייַעם אוקראַיִנישן בוך.

אזעלכע ברייטע אופגאבעס האָט ארויסגערוקט דאָס לעבן, און קעדיי זיי אָרגאניזירט צו לייזן, האָט דער פאָלקאָמבילד געשאפן דעם א ו ק ר א יִ נ י ש ן  א י נ ס ט י ט ו ט  פ א ר  ב ו כ ק ע נ ט ע נ י ש.

די ערשטע יאָרן רעוואָליוציע האָט מען ניט גלייַך געפונען די אנטשפרעכנדיקע אָרגאַניזאציאָנעלע פאָרם פארן אינסטיטוט. די יאָרן 1919—1923 זייַנען אדורכגעגאנגען מער אין אָרגאניזאציאָנעלע איידער אין מעטאָדאָלאָגישע זוכענישן. פון א ביבליִאָגראפישן אינסטיטוט מיט צעשוומענע, אלץ ארומכאפנדיקע פלענער זייַנען מיר אין יאָר 1923 געקומען צו א וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט מיט קלאָרע און דייַטלעכע אופגאבעס. איצט, נאָך א פינפיאָריקער עקזיסטענץ, קאָנען מיר שוין אונטערציִען געוויסע סאכאקלען.

דער וויסנשאפטלעך־פאָרשערישער אינסטיטוט פאר בוכקענטעניש האָט אָנגעהויבן ארבעטן אין מארט 1919 יאָר, ווען די ראטן־רעגירונג האָט באשטעטיקט דעם אוקראַיִנישן ביבליִאָגראפישן אינסטיטוט בא דער הויפט־ביכער־קאמער אין קיִעוו. אָבער שפּעטער, ווען אין כארקאָוו איז געשאפן געוואָרן אן אוקראַיִנישע ביכער־קאמער, וואָס האָט איבערגענומען די ספּעציפישע קאמער־פונקציִעס אף זיך, איז אין קיִעוו פארבליבן בלויז א וויסנשאפטלעך־פאָרשעריש קעמערל באם אוקראַיִנישן ביבליִאָגראפישן אינסטיטוט. דער הויפּט-וויסנשאפט־קאָמיטעט באם פאָלקאָמבילד האָט דאָס יאָר 1922 באשלאָסן רעאָרגאניזירן דאָסדאָזיקע קעמערל אין א אינסטיטוט פאר בוכקענטעניש און האָט אים באופטראָגט צו שטודירן און פּאָפּוליאריזירן דאָס בוכקענטעניש.

אין יאָר 1923 האָט דער אוקראַיִנישער וויסנשאפט־אינסטיטוט פאר בוכקענטעניש אָנגעהויבן ארויסצוגעבן זייַן פעריִאָדישן אָרגאן „ביבליִאָלאָגישע יעדיִעס” („Бібліологічні Вісті“).

פונעם זעלביקן 1923־טן יאָר האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופורעמען אויך דער אינעווייניקסטער בוי פונעם אינסטיטוט. די ארבעט איז איַינגעטיילט געוואָרן צווישן די סעקציִעס. קעדיי צוציִען צו דער ארבעט ברייטע קרייַזן בוכקענער, זייַנען געשאפן געוואָרן קאָמיסיִעס,

וואָס אירע מיטגלידער זײַנען געווען ניט קיין באַצאָלטע מיטאַרבעטער פונעם אינסטיטוט, נאָר אַזעלכע וויסנשאַפטלעכע טוער, וואָס זײַנען מסכים געווען אַרבעטן אונטער דער אָנפירונג און לויטן פּלאַן פון דער אַנטשפּרעכנדיקער סעקציע. בײַ יעדער סעקציע איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע, וואָס מיט איר אַרבעט האָט אָנגעפירט די סעקציע. עס זײַנען אָבער אויך געווען קאָמיסיִעס, וואָס האָבן געאַרבעט זעלבשטענדיק. קעדיי צו קאָנטאַקטירן די פּלענער און די אַרבעט פון די זעלבשטענדיקע קאָמיסיִעס מיט די פּלענער און אַרבעט פון די סעקציעס, האָט מען די פּאַרזיצערס פון דיזאָזיקע קאָמיסיִעס אַרײַנגענומען אין דעם וויסנשאַפטלעכן ראַט פונעם אינסטיטוט — אַלס מיטגלידער מיט באַראַטונג־רעכט. אָט דאָס איז דער סכעמאַטישער וועג פון דער אַדמיניסטראַטיווער אַנטוויקלונג, וואָס דער אינסטיטוט האָט דורכגעמאַכט אין זײַן אַרבעט.

אינעם אינסטיטוט זײַנען איצט פאַראַן דרײַ סעקציעס: 1) אַ סעקציע פאַר אויספאָרשן די סאָציִאָלאָגיע פון בוך; בײַ איר אַרבעט אַ קאַבינעט פאַר דערלערנען דאָס בוך און דעם לייענער; ב) אַ סעקציע אַף צו דערלערנען די געשיכטע פון בוך און 3) אַ סעקציע אַף צו דערלערנען די קונסט און די טעכניק פון בוך.

קאָמיסיִעס אַרבעטן בײַם אינסטיטוט פיר: אַ לייענער־קאָמיסיע (16 מיטגלידער), אַ קאָמיסיע פאַר דערלערנען די קונסט און די טעכניק פון בוך (13 מיטגלידער) און אַ ביבליִאָגראַפישע קאָמיסיע (17 מיטגלידער).

די ספּעציעלע ביבליִאָלאָגישע ביבליִאָטעק, וואָס געפינט זיך בײַם אינסטיטוט, באַקומט איצט רעגולער 72 פאַך־זשורנאַלן פון פאַרשיידענע צווײַגן בוכקענטעניש, ס'איז קעדיי צו פאַרגלײַכן, אַז לויטן פאַרייניקטן קאַטאַלאָג פאַר פעריאָדיקע באַקומען אַלע וויסנשאַפטלעכע ביבליִאָטעקן פון כאַרקאָוו ניט מער, ווי 30 ביבליִאָלאָגישע זשורנאַלן.

דער אוקראַיִנישער אינסטיטוט פאַר בוכקענטעניש האָט גלײַך פון אָנהייב אָן גענומען אײַנצושטעלן וויסנשאַפטלעכע פאַרבינדונגען מיט די וויכטיקסטע אַנשטאַלטן פאַר בוכקענטעניש אין פ. ס. ר. ר. און אין אויסלאַנד. דיזאָזיקע פאַרבינדונגען זײַנען געווען צווייערליי: איינע אַ מעכאַנישע — אַן אויסטויש מיט די אויסגאַבעס, און אַ צווייטע אַן אָרגאַניש־וויסנשאַפטלעכע — קאָרעספּאָנדענץ, קעגנזײַטיקע אינפאָרמאַציע א. א. וו.

בײַ הײַנטיקן טאָג האָבן מיר פאַרבינדונגען פון דער ערשטער פאָרם מיט 141 אַנשטאַלטן אין פ. ס. ר. ר., אַמעריקע, דײַטשלאַנד, טשעכאָ־סלאָוואַקיע, פּוילן, פראַנקרײַך, עסטרײַך, ליטע, שפּאַניע, ענגלאַנד, אַוסטראַליע; פאַרבינדונגען פון דער צווייטער פאָרם האָבן מיר מיט 120 אַנשטאַלטן אין פ. ס. ר. ר., דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, פּוילן און טשעכאָ־סלאָוואַקיע.

פאַר די פינף יאָר אַרבעט האָט דער אינסטיטוט פאַר בוכקענטעניש אַרויסגעגעבן 9 נעמען פון וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור איבער בוכקענטעניש, אין אַלגעמיין — 242 דרוקבויגן אין 14 800 עקזעמפּליאַרן.

אַף דער אַלפאַרבאַנדישער אויסשטעלונג אין יאָר 1927 אין לענינגראַד האָט דער אינסטיטוט באַקומען אַ דיפּלאָם. מיט אַ באַזונדערן אינטערעס באַציִען זיך צו אונדזער אַרבעט די אויסלענדישע בוכקענער.

לויטן אויפטראַג פון דער ביבליִאָגראַפישער קאָמיסיע בײַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע באַאַרבעט איצט דער אינסטיטוט די מעטאָדאָלאָגיע פונעם צונויפשטעלן אַן אַלוקראַיִנישן ביבליִאָגראַפישן רעפּערטואַר.

דער אינסטיטוט האָט צונויפגעקליבן פאַר זײַנע אויספאָרשונגען אַ גרויסע קאָלעקציע אוקראַיִנישע דרוק־זאַכן, וואָס באַשטייט פון 12.000 ביכלעך, העכער 200.000 פעריאָדיקע אויסגאַבעס און אַ 10 — 12 טויזנט פלוג־בלעטלעך. דיזאָזיקע קאָלעקציע שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרונט־פאָנד פון קומענדיקן מוזיי פון דעם אוקראַיִנישן דרוק־וועזן, וואָס אָרגאַניזירן אים ווערט דערווײַל אָפּגעלייגט איבער געלט־מאַנגל.

דער זשורנאַל „ביבליִאָלאָגישע ידיעות" ([illegible]) איז דער איינציקער אינעם גאַנצן ראַט־באַנד פעריאָדישער אָרגאַן פאַר אוקראַיִנישן בוכקענטעניש. דער זשורנאַל

גרופירט ארום זיך א היפשן קרײַז ביבליאָלאָגן. בא הײַנטיקן טאָג האָט ער 232 אקטיווע מיטארבעטער.

קעדיי צו באקענען זיך מיטן ביבליאָטעק־צושטאנד אין אוקראַינע האָט דער אינסטיטוט דורכגעמאכט דאָס לעצטע יאָר אן אלוקראַינישע אויספאָרשונג פון ביבליאָטעקן (11 טויזנט ביבליאָטעקן). דידאָזיקע אויספאָרשונג, די ערשטע אינעם פארבאנד, האָט געגעבן א גרויסן מאטעריאַל. דער קאבינעט פאר דערלערנען דאָס בוך און דעם לייענער האָט דעם מאטע־ריאַל שוין באארבעט און האָט איבערגעגעבן צום דרוק א באנד פון זײַנע ארבעטן.

בא דעמדאָזיקן קאבינעט איז אָרגאניזירט געוואָרן א נעץ פון 187 וויסנשאפטלעכע קאָרעספאָנדענטן, וואָס זאמלען לויט זײַנע אָנווײַזונגען מאטעריאַלן וועגן די לייענער פונעם אוקראַינישן בוך. דידאָזיקע מאטעריאַלן — אריבער צען טויזנט קארטלעך — ווערן איצט בא־ארבעט און צוגעגרייט צום דרוק.

באם אינסטיטוט ארבעט א טערמינאָלאָגישע קאָמיסיע, וואָס איר אופגאבע איז צו בא־ארבעטן די אוקראַינישע טערמינאָלאָגיע פאר בוכקענטעניש. דידאָזיקע קאָמיסיע איז ענג פאר־בונדן מיטן אינסטיטוט פאר אוקראַינישער וויסנשאפטלעכער שפראך.

פאר די לעצטע פינף יאָר האָט דער אינסטיטוט אײַנגעאָרדנט אזעלכע אויסשטעלונגען:

1. אלוקראַינישע דרוק־אויסשטעלונג.
2. אויסשטעלונג געווידמעט דעם 350 יאָרטאָג פונעם אוקראַינישן בוך.
3. גאָגאָל־אויסשטעלונג.
4. אויסשטעלונג פונעם רעוואָליוציאָנערן פלאקאט.

אכוץ דעם האָט זיך דער אינסטיטוט באטייליקט אין צוויי אלפארבאנדישע אויסשטע־לונגען. איצט ווערט צוגעגרייט אן אויסשטעלונג פון דער אוקראַינישער הײַע פאר די יאָרן 1917—1928 און אן אויסשטעלונג פון עקסליבריסן.

א ריי קליינע ביבליאָגראפישע און אנדערע לויפנדיקע אויספאָרשונגען פון בוכקענטע־ניש, וואָס זײַנען פארבונדן מיט פארשיידענע פראגן און וואָס מיט זיי ווענדן זיך צום אינסטיטוט סײַ אנשטאלטן, סײַ איינצלנע פערזאָנען, דערלויבן ניט דעם אינסטיטוט צו קאָנ־צענטרירן זיך אויסשליסלעך אף איין פאך.

פאר אונדז זײַנען וויכטיק באגלײַך אלע פראָבלעמעס פון בוכקענטעניש, און בלויז פארשיידענע טעכנישע סיבעס נויטן אונדז פון צײַט צו צײַט שטעלן דעם טראָפּ אף א באשטימטער פראגע.

די בוכקענטעניש ביכלאל און די אוקראַינישע ביפראט איז נאָך זייער יונג און זי האָט נאָך צו לייזן א גאנצע ריי פראָבלעמעס, וואָס האָבן א שײַכעס צום עצעם בוכקענ־טעניש גופע.

קעדיי צו שאפן פאר זיך א פעסטע טעאָרעטישע באזע, איז דער אינסטיטוט איצט באשעפטיקט מיט ארויסגעבן א זאמלבוך, געווידמעט טעאָרעטישע פראגן פון בוכקענטע־ניש. אין דעמדאָזיקן זאמלבוך וועלן זיך באטייליקן אלע בוכקענער פון פ. ס. ר. ר. דאָס וועט זײַן דער ערשטער פרווו מיט א מארקסיסטישן מעטאָד אונטערצופירן א סאכאקל פון דער בוכקענטעניש, אלס א באזונדערע וויסנשאפט, און אָנצומערקן פאר איר די וועגן פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג.

**מאקס אײַזנשטאט**

# די ביבליאָגראפישע סעקציע פון דער מאָסקווער ייִדישער וויסנשאפטלעכער געזעלשאפט

די ביבליאָגראפישע סעקציע פון דער מאָסקווער געזעלשאפט האָט אָנגעמערקט צו ארבעטן לויט פאָלגנדיקע ריכטונגען: 1) אָרגאניזירן דעם אקטיוו מיטארבעטער אפן ביבליאָגראפישן געביט אין מאָסקווע און אין ר. ס. פ. ר. ר., געזעלשאפטלעך און וויסנשאפטלעך קאָנטראָלירן זייער ארבעט און מיטהעלפן זיי צו פארווירקלעכן פארשיידענע אָנהויבונגען; 2) באדינען די איבעריקע סעקציעס פון דער געזעלשאפט און איינצלנע וויסנשאפטלעכע טוער מיט דעם נויטיקן ביבליאָגראפישן רעפּערטואר; 3) פירן א זעלבשטשטענדיקע קאָלעקטיווע פראקטישע ביבליאָגראפישע ארבעט און 4) באהאנדלען פארשיידענע טעאָרעטישע און מעטאָדאָלאָגישע פראגן פון דער ייִדישער ביבליאָגראפיע און ביבליאָטעק־קענטעניש.

דידאָזיקע ארבעט־פראָגראם וועט, פארשטייט זיך, דורכגעפירט ווערן אין אן ענגן קאָנטאקט מיט די איבעריקע ייִדישע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן און אָרגאניזאציעס פון ראטנפארבאנד (אוקראינע און ווײַסרוסלאנד), קעדיי אויסמײַדן א פאראלעליזם און אומזיסטע קויכעס־פארשווענדונג.

די ערשטע פראקטישע ארבעט איז אויסגעקומען דער ביבליאָגראפישער סעקציע דורכצומאכן באם דורכפירן די אויסשטעלונג פון דער ייִדישער קאָמוניסטישער פרעסע פאר די 11 יאָר ראטנמאכט, וועלכע איז דורכגעגאנגען מיט גרויס דערפאָלג און האָט באקומען א ברייטן אָפּקלאנג אין דער גאנצער ייִדישער מאָסקווער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט [1].

אף די זיצונגען פון דער סעקציע זײַנען באהאנדלט געוואָרן פארשיידענע אָרגאניזאציאָנעלע פראגן, עס איז פאנאנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די מיטגלידער פון דער סעקציע ארבעטן אף פארשיידענע געביטן און ס'איז אויסגעהערט געוואָרן א ריי וויסנשאפטלעכע פּאָרטראגן: פונעם כ' קירזשניץ „צו דער מעטאָדאָלאָגיע פון באשרײַבן ייִדישע פעריאָדישע אויסגאבעס", פונעם כ. ראטנער — „דער סאכאקל פון דער ביכער־פראָדוקציע אין ראטנפארבאנד פארן 1928", פונעם כ. ז. גרינבערג — „דער צושטאנד און פערספעקטיוון פון דער ייִדסעקציע בא דער לענינישער עפנטלעכער ביבליאָטעק אין מאָסקווע", פונעם כ' י. ליבערבערג, — „די אופגאבן פון דער ייִדישער ביבליאָלאָגיע".

קימאט אלע כאוויירים, וואָס גרופּירן זיך ארום דער סעקציע, זײַנען פראקטיש פארנומען מיט די אָדער יענע געביטן פון ביבליאָגראפיע, און דעריבער האָט די סעקציע באטראכט אף אירע זיצונגען די פריוואטע ארבעט־פּלענער פון אלע אירע מיטגלידער. צווישן אנדערע איז קעדײַ אָנצורופן די ארבעט פון כ' קירזשניץ איבער דער אנטשטייונג און אנטוויקלונג פון דער ייִדישער פרעסע. (זײַן גרעסערע ארבעט „100 יאָר ייִדישע פרעסע אין רוסלאנד" איז פאָרגעלייגט געוואָרן דער פארוואלטונג פון דער געזעלשאפט אף צו דרוקן), כ' ז. ראטנער — „די לויפנדיקע רעגיסטראציע פון דער ביכער־פראָדוקציע אין פארבאנד", „5 יאָר צענטרפארלאג" א. א., דער כ' ציפקין — „צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ביבליאָגראפיע", כ' קאצינע „ביבליאָגראפיע פון דער ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג אין צארישן רוסלאנד", ז. ראטנער און מ. אײַזנשטאט „ביבליאָגראפיע פון ייִדישער עטנאָגראפיע און פאָלקלאָר", מ. אײַזנשטאט — „יודאיקע אין די אלגעמיינע וויסנשאפטלעכע זשורנאלן"

1) וועגן דער אויסשטעלונג זע גענויער אין דער נאָטיץ פון א. ק.

(רוסיש, אוקראיניש און ווייסרוסיש) א. א. וו. ס׳איז אויך אנטשטאנען דער געדאנק או ס׳זיינען שוין געמאכט די ערשטע נויטיקע שריט אף פארבינדן זיך מיט די געהעריקע אינסטיטוציעס און פערזאָנען וועגן פאָרזעצן דעם "Систематический указатель о евреях„.

ס׳איז אויך אנטשטאנען א פלאן צו שאפן די ביבליאָגראפיע פון דער יידישער פעריאָדישער פרעסע פאר דער צייט פון דער ראטנמאכט. וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פון דער־דאָזיקער ארבעט איז איבעריק צו ריידן. ס׳איז אויך ניט נויטיק צו ריידן וועגן דעם, אז דורכפירן די ביבליאָגראפיע פון יידישער סאָוועטישער פרעסע איז מעגלעך בלויז מיט אלגעמיינע קויכעס פון אלע יידישע ביבליאָגראפישע אָרגאניזאציעס.

צו דער קאטעגאָריע וויכטיקע ארבעטן, וואָס האָבן א באזונדערן באטייט און פאָדערן א געמיינזאמע קאָלעקטיווע ארבעט, געהערן אויך די פראגן פון ביבליאָטעקקענטעניש, וועלכע זיינען ארויסגערוקט געוואָרן אין דער סעקציע: אָנמערקן די רובריקעס פאר א יידישן טעמאטישן קאטאלאָג, צופאסן די דעצימאלע סיסטעם צום קרייז יידישע וויסנשאפטן, איינפירן אן איינהייטלעכע קלאסיפיקאציע אין די פארשיידענע יידישע וויסנשאפטלעכע ביבליאָטעקן א. אז. וו. דיזאָזיקע פראגן, ליידער, האָט נאָך די סעקציע ביז איצט ניט אָפגעגעבן די געהעריקע אויפמערקזאמקייט.

א. ק.

# פרעסע-אויסשטעלונגען

## I. די אויסשטעלונג פון דער יידישער קאָמוניסטישער פרעסע אין מאָסקווע

צום 11-טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט די ביבליאָגראפישע סעקציע פון דער „געזעלשאפט צו שטודירן די יידישע שפראך, ליטעראטור און געשיכטע" אָרגאני־זירט אן אויסשטעלונג „11 יאָר יידישע קאָמוניסטישע פרעסע", וועלכע איז געווען אָפן פון 8־טן ביזן 18־טן נאָיאבער 1928.

פון די בערעך 350 פעריאָדישע און איינמאָליקע אויסגאבעס אין יידיש, וואָס זיינען דערשינען אין ראטנפארבאנד פאר די יאָרן 1917 — 1928, זיינען אף די וויטרינעס געווען ארויסגעשטעלט 295, ד. ה. בא 85 פראָצ. מיצאד דער פולקייט קאָן די אויסשטעלונג, אף אזא אויפן, אנערקענט ווערן פאר א גאנץ באפרידיקנדיקער. געפעלט אף דער אויסשטעלונג האָבן הויפטזאכלעך די אָרטיקע אויסגאבעס פון די בורזשואזע און קליינבירגערלעכע פאר־טייען, און אויך א ריי אָרטיקע קאָמוניסטישע און קאָמיוגישע צייטשריפטן, דעריקער — פאר די יאָרן 1920 — 1921. קעדיי די באזוכער פון דער אויסשטעלונג זאָלן דיסקאָנטירן אויך דידאָזיקע אויסגאבעס, האָט מען אף די אנטשפרעכנדיקע ערטער ארויסגעשטעלט אויספיר־לעכע באשרייבונגען פון זיי.

אין איינקלאנג מיט דער הויפט־אופגאבע פון דער אויסשטעלונג — באוויזן דעם 11־יאָריקן אנטוויקלונג־וועג פון דער יידישער קאָמפרעסע און די ראָליע, וואָס זי האָט געשפילט אינעם קאמף און אין דער בויונג־ארבעט פון די יידישע ארבעטנדיקע מאסן אין פארשיידענע פעריאָדן פון דער רעוואָליוציע איז אין יעסאָד פון איר סטרוקטור אוועקגעלייגט געוואָרן דער כראָנאָלאָגישער פרינציפ.

דעם צענטער פון דער אויסשטעלונג האָבן פארנומען 5 וויטרינעס: 1) דער אָנהויב פון דער יידישער קאָמוניסטישער פרעסע (1918 — 1919); 2) אינעם פייער פונעם בירגער־קריג (1920 — אָנהויב 1921); 3) די ערשטע יאָרן פון „נעפ" (1921 — 1924); 4) אונטערן צייכן פון סאָציאַליסטישער בויונג (1925—1928) און 5) די יידישע קאָמפרעסע אפן שוועל פון 12־טן אָקטיאבער־יאָר.

קעדיי בוילעטער צו אנטפלעקן די באדינגונגען, אין וועלכע די יידישע קאָמפרעסע איז אנטשטאנען און האָט זיך אנטוויקלט אין די ערשטע יאָרן, און אויך קעדיי קלאָר מאכן די הויפט־עטאפן און די רעזולטאטן פון איר קאמף פאר דער קאָמוניסטישער ווירקונג און אָנפירונג אין דער יידישער סוויווע, זיינען צו די ערשטע צוויי פעריאָדן צוגעגעבן געוואָרן 5 וויטרינעס מיט דער פרעסע פון די יידישע בורזשואזע און קליינבירגערלעך־סאָציאַליסטישע פארטייען. דערביי זיינען דידאָזיקע וויטרינעס געווען געבויט אזוי, אז זיי האָבן באוויזן קלאָר און אָנשוילעך דעם פראָצעס פון דער בעהאדראָגעדיקער צעפאלונג פון אָט די פארטייען.

אף דער אויסשטעלונג זיינען אויך געווען אייניקע טעמאטישע וויטרינעס: 1) די קאָמ־יוגישע און פיאָנערישע פרעסע; 2) פראָפעסיאָנעלע; 3) אנטירעליגיעזע; 4) ליטעראריש־קינסטלערישע און 5) פעדאגאָגישע פרעסע.

א באזונדער ווינקל (3 וויטרינעס) איז געווען געווידמעט דעם רעזאָנאנס, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געפונען אין דער יידישער פראָלעטארישער סוויווע אויסער

די גרענעצן פון ראטנפארבאנד — דער אויסלענדישער קאָמינטערנישער און פראָפינטערנישער פרעסע אין יידיש. דידאָזיקע וויטרינעס האָבן, נאטירלעך, ניט פרעטענדירט אף אזא פולקייַט, ווי די סאָוועטישע, אָבער א געוויסע פאָרשטעלונג וועגן וווּקס פון דער קאָמוניסטישער ווירקונג אף די יידישע ארבעטער־מאסן אין פארשיידענע קאפיטאליסטישע לענדער, און אויך וועגן די באדינגונגען, אין וועלכע דעם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאריאט קומט דאָרט אויס צו לעבן און קעמפן, האָט דאָס אויסלענדיש ווינקל אָן סאָפעק געגעבן.

פון אָט די דריַי וויטרינעס האָט די ערשטע עקספּאָנירט די אמעריקאנישע לענדער (פאראייניקטע שטאטן, מעקסיקע, קאנאדע און ארגענטינע), די צווייטע—די לימיטראָפן און צענטראל־אייראָפּעישע מעלוכעס (פוילן, ליטע, לעטלאנד, עסטרייַך, פראנקרייַך, בעלגיע) און די דריטע—פאלעסטינע.

גאנץ רייַך זייַנען געווען צונויפגעשטעלט די 4 וויטרינעס פון „געזערד״־ווינקל. זיי האָבן גאנץ בולעט באוויזן די קאָלאָסאלע ראָליע פון דער יידישע קאָמפּרעסע — אינעם ראטנפארבאנד און אויסער זייַנע גרענעצן — אין דער גראנדיעזער בויונג־ארבעט, וואָס די ראטנמאכט פירט דורך, קעדיי צוציִען די דעקלאסירטע יידישע מאסן צו פראָדוקטיווער ארבעט.

קעדיי צו פארגרינגערן די אינדיווידועלע באזוכער אָריענטירן זיך אינעם ארויסגעשטעלטן מאטעריאל, איז צוגעגרייט געוואָרן א ספּעציעלער קארטן־קאטאלאָג מיט אן אויספירלעכער באשרייַבונג פון אלע צייַטשריפטן און עטלעכע עקזעמפּליארן פונעם היסטאָריש־ביבליאָגראפישן עטיוד „10 יאָר יידישע קאָמפּרעסע״, וועלכער איז געווען געדרוקט אין „עמעס״ צום צענטן יאָרטאָג פון דער „וואָרהייַט״.

אן אַנשוילעכע סטאטיסטישע באלייַכטונג פון אלע וויכטיקערע עטאפּן און פּראָצעסן, וואָס די יידישע קאָמפּרעסע האָט דורכגעמאכט פאר די 11 אָקטיאבער־יאָרן, האָבן געגעבן די 5 דיאגראמעס. זיי האָבן באוויזן (לויט די יאָרן): די אלגעמיינע באוועגונג פון דער פרעסע־נעץ, די פארטיי־דיפערענצירונג אין די יאָרן 1917 — 1921, די אנטוויקלונג פון דער פרעסע אין פארשיידענע ראטן־רעפּובליקן, לויט דער פעריאָדישקייַט און פארשיידענע געביטן.

די אויסשטעלונג האָט ארויסגערופן א באדייַטנדיקן אינטערעס מיצאד די מאָסקווער יידישע ארבעטער און פּראָלעטארישער סטודענטשאפט. פאר די 10 טעג, וואָס זי איז געווען אָפן, האָבן זי באזוכט העכער 900 מענטשן, אין דעם—עקסקורסיעס פונעם יידסעקטאָר פון מייַרעוו־אוניווערסיטעט, יידאָפּטייל פונעם 2־טן מעלוכע־אוניווערסיטעט, ביבליאָטעק־לייענער, פּיאָנערן־הויז א. א.

די פרעסע־אויסשטעלונג איז געווען דער ערשטער פרווו פון דער ביבליאָגראפישער סעקציע ארויסצוטראָגן די רעזולטאטן פון איר זאמלערישער און פאָרשערישער ארבעט אין די ברייטע מאסן. און דער פרווו האָט זיך פולקום אייַנגעגעבן.

## II. די אלפארבאנדישע אויכשטעלונג פון די יידישע וואנט־צייַטונגען

צום לעצטן פרעסע־טאָג (מייַ, 1929) האָט די רעדאקציע פונעם „עמעס״ אָרגאניזירט אין מאָסקווע אן אלפארבאנדישע אויסשטעלונג פון די יידישע וואנט־צייַטונגען.

בעסאכאקל זייַנען געווען ארויסגעשטעלט 163 נומערן פון 140 פארשיידענע וואנט־צייַטונגען, צווישן זיי: פאבריק־זאוואָדישע און פראָפּפארייניש — 36, פון ארבעטער־קלובן—7, פראָפּטעכנישע און פאבזאוושולן — 10, קוסטארישע — 25, פויערשע — 10, שטעטלדיקע — 17, פון ארבעט־שולן און אנדערע לערן־אנשטאלטן — 28 און פארשיידענע (געזערדישע, אנטירעליגיעזע א. א.) — 7.

באזונדערע פארבאנדישע רעפּובליקן זייַנען אף דער אויסשטעלונג געווען פארטראָטן אזוי: אוסר״ר — 95 וואנט־צייַטונגען פון 17 קרייַזן, ווסר״ר — 28 צייַטונגען פון 7 קרייַזן, רספר״ר — 14 צייַטונגען פון 6 קרייַזן, אנדערע — 3.

דאָס גרעסטע און אָנגעזעענסטע אָרט האָבן אף דער אויסשטעלונג פארנומען די פ א ב ר י ק־ז א ו ו אָ ד י ש ע וואנט־צייַטונגען. אזעלכע, ווי געזאָגט, זייַנען געווען ארויסגעשטעלט 36, פון זיי 10 געדרוקטע און 26 געשריבענע.

געדרוקטע וואנט־צײַטונגען האָבן אַרויסגעשטעלט: אוקראַיִנע 6 (כאַרקאָוער נײַ־פאבריק א. נ. פון טיניאקאָוו און שוך־פאבריק א. נ. פון קאהאנאָוויטש; קיִעווער שוך־פאבריק א. נ. פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, צושנײַד־וואלקערײַ־פאבריק פון לעדער־טרעסט און די שנײַדער־פאבריק; קרעמענטשוגער 1־טע מעלוכישע מאכאָרקע־פאבריק) און ווײַסרוסלאנד 4 (מינסקער נײַ־פאבריק „מינשוויי", וויטעבסקער נײַ־פאבריק „פּראָפינטערן" און זאָקן־פאבריק א. נ. פון קלארע צעטקין און מאָזירער קאָמבינאט).

קימאט אלע געדרוקטע צײַטונגען זײַנען אויסגעוואָקסן פון געשריבענע און א היפּשער טייל פון זיי דערשײַנט שוין דאָס דריטע און אפילע פערטע יאָר. דאָס ראָוו געדרוקטע צײַטונגען דערשײַנען אף די גרעסערע פאבריקן און זאוואָדן, ווו עס ארבעטן ייִדישע און ניט־ייִדישע ארבעטער. דידאָזיקע צײַטונגען זײַנען דעריבער געמישטע לויט זייער שפּראך: ייִדיש־רוסיש (5), ייִדיש־רוסיש־אוקראַיִניש (3), ייִדיש־רוסיש־ווײַסרוסיש (1). דידאָזיקע צײַטונגען ווערן, ווי באוווּסט, ניט אויסגעהאנגען אין דער אונטערנעמונג, נאָר זיי ווערן פארשפּרייט צווישן די ארבעטער פון דער געגעבענער אונטערנעמונג, ווי די אלגעמיינע צײַטונגען. די געדרוקטע פאבריק־זאוואָדישע צײַטונגען האָבן דעריבער פארהעלטנישמעסיק גאנץ גרויסע טיראַזשן: צו 6—8 הונדערט עקז. 5, צו 1000 עקז. — 2 פון 1200 ביז 2000 עקז. — 3.

געשריבענע פאבריק־זאוואָדישע צײַטונגען זײַנען אף דער אויסשטעלונג פאראן 26: 7 בארדיטשעווער, 5 אָדעסער, 4 קיִעווער, 2 מאָסקווער און צו 1 פון וויניצע, זשיטאָמיר, טשערקאס, טולטשין, באָברויסק, האָמעל, ניקאָלײַעוו און 1 ניט פעסטגעשטעלט די שטאָט. פון אָט די וואנט־צײַטונגען ווערן ארויסגעגעבן: אין נײַ־פאבריקן 9, שוך און לעדער־פאבריקן 7, צוקער־זאוואָדן 2, פאבריקן פאר האָלץ־באארבעטונג 2, בערשטער, טריקאָטאזש און פּאָליגראפישע אונטערנעמונגען 3 און דורך אָנגעשטעלטע 3. אויך צווישן די געשריבענע פאבריק־זאוואָדישע צײַטונגען איז די מערהײַט געמישט־שפּראכיקע: 19 גיבן דעם מאטעריאַל אין ייִדיש און רוסיש, 3 אין ייִדיש און אוקראַיִניש, 1 אין ייִדיש, רוסיש און אוקראַיִניש, און 4 בלויז אין ייִדיש.

וואנט־צײַטונגען פון פאבזאווּ־און פּראָפשולן זײַנען אף דער אויסשטעלונג פאראן: אָדעסער — 3, בארדיטשעווער — 2 און צו א־ײנער פון כערסאָן, טשערקאס, דניעפּראָפּעטראָווסק און בעלאָצערקווע. דרײַ פון דידאָזיקע צײַטונגען באדינען קינפטיקע ארבעטער פון דער מעטאלורגישער אינדוסטריע, 1—גארבער, 1 האָלץ־באארבעטער און די איבעריקע פון פארשיידענע אנדערע פאכן. אין אָט די אלע לערן־אנשטאלטן לערנען זיך נאָר ייִדישע יוגנטלעכע און זייערע וואנט־צײַטונגען גיבן דעריבער דעם גאנצן מאטעריאַל אין ייִדיש.

פון די צענטראַלע ארבעטער־קלובן, וואָס באדינען די ייִדישע ארבעטער פון דער גאנצער שטאָט אָדער פאך, האָבן ארויסגעשטעלט זייערע וואנט־צײַטונגען: אָדעסער שפּײַזער־קלוב, באָריסאָווער און מינסקער לענין־קלובן, מאָסקווער און קלינצער קלובן „קאָמוניסט", סמאָלענסקער קולטור־הויז א. א.

די צווייטע באדײַטנדיקע גרופּע עקספּאָנאטן זײַנען די וואנט־צײַטונגען פון די קוסטאַרישע אָרגאניזאציעס. פון 25 אזעלכע צײַטונגען זײַנען קימאט א העלפט (12) פון די קאָאָפּערירטע קוסטארן: קוסטגעווערב־פארבאנדן און גרעסערע איינצלנע ארטעלן; פון די איבעריקע 13 צײַטונגען דערשײַנען 5 בא קוסטארן־קלובן, 2 בא קוסטארן־געזעלשאפטן, 5 בא קוסטאר־געווערב־שולן און 1 (קאָנאָטאָפּער) באדינט אלע קוסטארן פון שטאָט. באזונדער גוט זײַנען אף דער אויסשטעלונג פארטראָטן די קאָאָפּערירטע קוסטארן פון באָברויסק און וויטעבסק (צו 5 צײַטונגען), אָדעס (3) און וויניצע (2).

די קאָאָפּערירטע קוסטארן, איבערהויפּט אין די גרעסערע שטעט, קומט איצט אויס אָפט צו ארבעטן אין ארטעלן מיט א געמישטן נאציאָנאלן באשטאנד, און דעריבער איז גאנץ נאטירלעך, וואָס בלויז 5 קוסטארישע וואנט־צײַטונגען (הויפּטזאכלעך פון די קלובן און שולן) גייען ארויס אין ייִדיש, 18 — אין ייִדיש און רוסיש, 1 — אין ייִדיש און אוקראַיִניש

